נ. פרוכטער

# די געשיכטע פון ארגענטינע

ב. איירעס
1944

ערשטער
באנד

מ. שווארץ

# פאָרוואָרט



געשיכטע איז דאָס טאָגבוך פון אַ פאָלק, אין איר ווערט אָפּגעשפּיגלט די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פונעם זעלבן. אָן געשיכטע איז נישטאָ קיין פאָלק.

די געשיכטע פון אַרגענטינע, פּונקט ווי די פון אַלע קולטור־פעלקער, איז רייך אין עפּיזאָדן, אָנהויבנדיק פון דער צייט פון דער אַנטדעקונג פונעם לאַנד דורך די נאַוועגאַנטן, ביז דער צייט פון דער פאָרמירונג פון אַ זעלבסטשטענדיקער נאַציע. און נישט ווייניקער גרויס און וויכטיק זיינען געווען די שפּעטערדיקע געשעענישן זייט דער מאַי רעוואָלוציע ביז איצט. די אַלע דורכגעמאַכטע עטאַפּן, די קאַמפן און דערגרייכונגען ווערן דאָ איבערגעגעבן כראָנאָלאָגיש, און דער לייענער האָט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די געשעענישן, ווי אויך מיט די אומשטענדן און פּערזאָנען וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צו דער גרינדונג פון דער רעפּובליק, און צו דער שאַפונג פונעם גרויסן אַרגענטינער פאָלק.

כ׳וויל פאַר קיין פאַל נישט זאָגן, אַז מיט דער געשיכטע ווי זי ווערט דאָ איבערגעגעבן, זיינען אויסגעשעפּט שוין אַלע דאַטן און פאַרצייכנונגען. איך האָב מיך אָבער באַמיט די וויכטיקסטע איבערצוגעבן, באַנוצנדיק זיך דערצו מיט די געשיכטעס פון באַרטאָלאָמע מיטרע, וויסענטע פידעל לאָפּעז, באַאַקין דע וועדיאַ, ווי אויך מיט דער געשיכטע וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די נאַציאָנאַלע אַקאַדעמיע פאַר געשיכטע, און מיט מאַנועל מאָרענאָס ביאָגראַפיע פון זיין ברודער מאַריאַנאָ מאָרענאָ. עס פעלן אָפּשאַצונגען און באַלויכטונגען איבער די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע

באַדינגונגען וואָס האָבן געבראַכט צו דער אָדער יענער באַוועגונג. ס'זייַנען הויפּטזעכלעך פאַרצייכנט די פּאָליטישע געשעענישן, אָבער נישט געקוקט דאַרויף האָט מען פאַר זיך אַ גענוג קלאָר בילד פונעם צושטאַנד פון לאַנד אין לויף פון די פאַרשידענע עפּאָכעס.

עס ווערן דאָ געשילדערט אַלע פּאַסירונגען פון זייט דער צייט פון די ערשטע אַנטדעקונגס־רייזעס; באַפעלקערונגס און קאָלאָניזאַציע־עפּאָכע, די פרייהייטס־באַוועגונג, די רעוואָלוציע, די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט, די שפּעטערדיקע אינערלעכע קאַמפן און צוזאַמענשטויסן, די בילדונג פון די פּאַרטייען, די דיקטאַטור פון ראָסאַס און דער זיג איבער אים, ווי אויך אַלע שפּעטערדיקע געשעענישן ביז דער לעצטער צייט. עס ווערן איבערגעגעבן די אַקטואַציעס פון די פּראָסערס, די שאַפונג פונעם נאַציאָנאַלן הימן און פון דער פאָן, און עס ווערן אויך איבערגעגעבן אויסצוגן פון דער קאָנסטיטוציע. אויסערדעם זייַנען פאַראַנען כאַראַקטעריסטיקן פון די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן, ווי בעלגראַנאָ, מאָרענאָ, ריוואַדאַוויאַ, כאַרמיענטאָ, סאַן מאַרטין, אורקיסאַ און אַנדערע, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסן ראָל אין פאַרשידענע מאָמענטן אין לויף פון דער געשיכטע פון אונדזער רעפּובליק.

דאָס אַלעס ווערט באַגלייט פון בילדער, מאַפּעס און צייכנונגען.

די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע איך האַלט אַלס נוצלעכע און וויכטיקע, זאָל זיין מיין אויסדרוק פון דאַנק דעם לאַנד, וועלכעס האָט געהאַלטן פריי און אָפן די טויערן באַ מיין קומען אַהער צוריק מיט דרייסיק יאָר, און מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך דאָ צו באַזעצן. און איך וויל האָפן, אַז דער לייענער וועט דורכן דאָזיקן בוך האָבן די מעגלעכקייט זיך געהעריק צו באַקענען מיט די געשעענישן און פערזענלעכקייטן פון דעם לאַנד וואָס איז אונדזער נייע היים און דאָס געבורטס־לאַנד פון אונדזערע קינדער.

בוענאָס איירעס, מאַי 1944.

נ. פרוכטער.

# די האַנדלס וועגן צו אַזיע

די אַנטדעקונג פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז ניט געווען קיין פּלוצלינגע זאַך. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון יאָרן, ריכטיקער יאָרהונדערטער, אומאויפהערלעכע פאַרשונגס־רייזעס פון די אַלטע קולטורפעלקער. מיר ווייסן אַז שוין די פעניציער (צידונים) האָבן געמאַכט ווייטע רייזעס אַרום די ברעגן פון מיטללענדישן און רויטן ים און געגרייכט מיט זייערע שיפן ביז צום לאַנד אויפיר פון וואַנען שלמה המלך האָט מיט קנאַפע דריי טויזנט יאָר צוריק (אַרום טויזנט יאָר פאַר אונזער צייט־רעכנונג) באַצויגן גאָלד און העלפאַנטביין פאַרן בית־המקדש. די פעניציער האָבן געגרייכט קודם ביז קאַרטאַגאָ און דערנאָך ביז גאַדעס (קאַדיס אין שפּאַניע) און צולעצט אויך ביז ענגלאַנד. צוערשט זיינען די רייזעס געמאַכט געוואָרן אַף בלינד, זיך לאָזנדיק סתם איבער די ימים מיטן ציל צו געפינען אָפּזאַץ־פּלעצער פאַר פאַרשידענע פּראָדוקטן און איינהאַנדלען אַנדערע אַרטיקלען; מיט דער צייט אָבער זיינען די רייזעס פאַרצייכנט געוואָרן און מען האָט אָנגעהויבן שאַפן לאַנד־קאַרטעס.

דער קאַרטאַגאַר נאַוויגאַנט האַנאָן זאָל אַרום 500 (אָדער 1000) יאָר פאַר קריסטוס האָבן געמאַכט אַ רייזע מיט אַן עקספּעדיציע פון זעכציק שיפן און 30.000 מאַן אַרום מערב־אַפריקע. ער איז אַרויסגעפאָרן פון מיטללענדישן ים דורכן גיבראַלטאַר דורכגוס צום אַטלאַנטיק און האָט באַרייזט דעם מערב־ברעג פון אַפריקע און אויך אין פאַרשידענע ערטער אויפגעשטעלט ישובים און אויסגעבויט טעמפּלען. זיין רייזע האָט ער באַשריבן דערנאָך אין דער פונישער שפּראַך, וועלכע איז שפּעטער באַוואוסט געוואָרן דער וועלט דורך דער גריכישער איבערזעצונג.

דער יאָנישער פילאָזאָף אַנאַקסימאַנדראָ, געבוירן אין מילעטאַ, גריכנלאַנד, אין 610 פאַר אונדזער צייט־רעכנונג) האָט געמאַכט די ערשטע לאַנדקאַרטע מיט 2.400 יאָר צוריק. דער גריכישער געשיכטס־שרייבער און געאָגראַף העקאַטעוס האָט מיט פופציק יאָר שפּעטער פאַרפאַסט אַ באַשרייבונג פון דער ערד, אַזויפיל זי איז ביז דעמאָלט באַקאַנט געווען. דערנאָך האָט דער גריכישער געשיכטסשרייבער העראָדאָט, באַקאַנט אַלס




דורך דריי פאַרשידענע וועגן זיינען געפירט געוואָרן די פּראָדוקטן פון ווייטן מזרח ביז די מיטללענדישע לענדער: איינער איז געווען אַ יבשה־וועג דורך אַזיע און דרום־איירא̈פּע; אַ צווייטער א יבשה און ים־וועג; און דער דריטער בלויז אַ ים־וועג.

דער „פאָטער פון געשיכטע" געמאַכט ווייטע פאָרשונגס־רייזעס באַם שוואַרצן ים גרייכנדיק ביז טאַנאַיס (דאָן) און באַזוכט די קאַווקאַזער בערג, באַבילאָניע, עגיפּטן און אויך ארומגערייזט די מיטללענדישע ברעגן און געמאַכט גענויע פאַרצייכנונגען. דער מאַרש פון אַלעקסאַנדער מוקדון איבער די לענדער פון מיטלען אָריענט ביז אינדיע, האָט באַקאַנט געמאַכט פאַר דער וועלט דאָס גרויסע וואונדערלאַנד, רייך אין געווירצן, צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן דערנאָך עקספּעדיציעס פון גאַנץ מערב־איירא̈פּע. דער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם פּיטהעאַס, אַ געבוירענער אין מאַרסעל אין פערטן יאָרהונדערט פאַר דער איצטיקער צייטרעכנונג, האָט באַרייזט איבעריע, גאַליע און אַלביאָן (שפּאַניע, פראַנקרייך און ענגלאַנד) און אויך געקומען ביז אין באַלטישן ים און געפונען דאָרט בערנשטיין (עלעקטראָן), און ער האָט געמאַכט אַ גענויע באַשרייבונג וועגן זיין רייזע און באַצייכנט גענוי די אַלע ערטער וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אַף זיינע ריי־

זעס. שפּעטער איז צוגעקומען אַ נייע אויסבעסערונג פון דער געאָגראַפיע דורך דעם באַרימטן פילאָזאָף עראַטאָסטע הענס פון דער אַלעקסאַנדריער שול, געבוירן אין סירענע 276 פאַר אונדזער צייטרעכנונג. ער האָט געמאַכט אַ גרויסע און ווערטפולע געאָגראַפיע, וועלכע איז דערנאָך אויסגעבעסערט געוואָרן דורך דעם אַסטראָנאָם היפּאַרך.

אין דער רוימישער צייט האָבן גרויסע פאַרדינסטן אין דער פאָרשונג פון געאָגראַפיע די גריכן סטראַבאָ און קלאַודיוס פּטאָלאָמעוס, אין ערשטן און צווייטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייטרעכנונג. פּטאָלאָמעוס האָט אַרויסגעגעבן אין אַלעקסאַנדריע אַ פולשטענדיקע באַשרייבונג פון דער ערד, לויט לענג און ברייט גראַדן מיט 27 לאַנדקאַרטן, אָנהויבנדיק דעם מערידיאַן־אָנהויב בײַ די גליקלעכע (קאַנאַרישע) אינדזלען.

דער איד יאַהודאַ קרעסקעס (אָדער כאַפּודאַ קרעסקעס) האָט אין 1375 אַרויסגעגעבן אַן אַטלאַס מיט מאַפּעס פון גרויס באַדייטונג און אומגעהויער וויכטיקן ווערט פאַר די נאַוועגאַנטן. דער דאָזיקער אַטלאַס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאַטאַלאַנער אַטלאַס” כאָטשע קרעסקעס איז געווען אַ מאַליאָרקינער. די קאַטאַלאַנער האָבן געמאַכט אינמיטן פון פערצטן יאָרהונדערט גרויסע אַנטדעקונגס־רייזעס אַרום מערב־אַפריקע און געקומען ביז סענעגאַל. אינעם קאַטאַלאַנער אַטלאַס ווערט גענוי באַשריבן דער האַנדלס־וועג דורך אַפריקע און דעם מיטלען אָריענט ביז צום ווייטן מזרח, ריכטיקער אינדיע, וואָס איז צו יענער צייט באַטראַכט געוואָרן אַלס עק וועלט. עס ווערן דאָרט באַצייכנט פאַרשידענע שטעט פון מערב־אַפריקע, און דער האַנדלס־וועג וואָס האָט געפירט דורך דער סאַהאַראַ־מדבר און עגיפּטן, וואָס איז באַקאַנט געווען אַלס אַפריקע. דער נאָמען מיט וועלכן ס'איז באַצייכנט געווען דעמאָלט דאָס נילוס־לאַנד איז שפּעטער אויסגעשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן קאָנטינענט. אין יענעם אַטלאַס זיינען פאַרצייכנט די שטעט מעקאַ, מעדינאַ און אדען, און דאָרט ווערט אינדיע געשילדערט אַלס לאַנד פון די געווירצן, רייך אין אַלערליי שמעקנדיקע קרייטער און געווירצן, מושקאַטן ניס, צימרינג, קאַמפאַר און אַזוי ווייטער. ס'זיינען אויך פאַראַן דאָרט באַשרייבונגען פון די אינדזלען צעילאָן, סומאַטראַ, די גאָבי־מדבר און די וויכטיקסטע שטעט פון אינדיע און כינע. צעילאָן ווערט דאָרט אָנגערופן אילאַכאַנאַ און סומאַטראַ ווערט באַצייכנט אַלס טראַפּאַבאַנאַ.

## די רייזעס פון מאַרקאָ פּאָלאָ

אַביסל פריער איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געאָגראַפיע פון דעם ווענעציאַנער ים און לאַנד־רייזנדער מאַרקאָ פּאָלאָ וועגן די לענדער פונעם נאָענטן און ווייטן מזרח. אין דיעדאָזיקער געאָגראַפיע און אין זיינע רייזע־

באַשרייבונגען האָט מאַרקאָ פּאָלאָ אויפגעדעקט פאַר דער מערב-וועלט די גרויסע נאַטור-אוצרות פונעם מזרח, און דערמיט געגעבן אַ גרויסן שטויס פאָרויס די עקספּעדיציעס פון די קאָנקיסטאַדאָרן.

די ברידער ניקאָלאָ און מאַטעאָ פּאָלאָ, די זין פון אַנדרעס פּאָלאָ זיינען געווען ווענעציאַנער סוחרים, וואָס האָבן געהאַט זייער הויפּט-געשעפט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו זיי האָבן געוואוינט זייט 1250. זוכנדיק צו פירן מסחר אין גרויסן פאַרנעם האָבן זיי אונטערגענומען אָפט ווייטע רייזעס איבער די לענדער אין מיטל'ען אָריענט. אין 1254 האָבן די צוויי ווענעציאַנער סוחרים אונטערגענומען אַ רייזע צו קרים און פון דאָרט זיך געלאָזט צו מאָנגאָליע. ניקאָלאָ האָט איבערגעלאָזט דעמאָלט זיין פרוי אין צושטאַנד פון שוואַנגערשאַפט. אָנגייענדיק מיט זייער מסחר פון צירונג און שמוק-זאַכן זיינען זיי געקומען ביז קאַטהאַי (נאָרד-כינע) און אויפגענומען געוואָרן ווארעם פונעם טאַטאַרישן אימפּעראַטאָר, דער גראַן כאַן קאובילייי. דער דאָזיקער מאָנאַרך האָט געשטאַמט פון טשינגיס כאַן, און איז געווען אַ ליבעראַלער מלוכה-מאַן. ער האָט געשטיצט די וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע און קירכע, און זיך באַמיט צו קומען אין באַרירונג מיט די פעלקער פון דער מערב-וועלט, און דעריבער האָט ער פריינטלעך אויפגענומען די צוויי לאַטיינישע סוחרים און זיך אינטערעסירט מיטן לעבן, ציוויליזאַציע און קירכע פון די מערב-פעלקער.

צו יענער צייט האָט קאובילייי כאַן זיך געגרייט צו מלחמה מיט דער מלוכה פון די סונגס. זיינע אורעלטערן האָבן געהאַט דעראָבערט נאָרד-כינע ביזן געלן טייך, און ער האָט געוואָלט אויסברייטערן זיין מאַכט אויך איבערן זידלעכן טייל פון כינע, באַקאַנט דעמאָלט אַלס מאַנגו לאַנד. אין 1276 איז געפאַלן די הויפּטשטאָט פון זיד-כינע און דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן די סונג הערשאַפט. זיד-כינע, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון פיר טויזנט יאָר און עס האָבן רעגירט ניינצן דינאַסטיעס איז דעמאָלט צום ערשטן מאָל אַרונטערגעפאַלן אַ פרעמדער מאַכט, די טאַטאַרן-מאָנגאָלן. נאָך פאַר דעם דאָזיקן זיג האָט דער אימפּעראַטאָר קאובילייי געבעטן די צוויי ווענעציאַנער סוחרים זיך אומצוקערן אַהיים מיט אַ ספּעציעלער מיסיע צום פּויפּסט. ער האָט מיטגעשיקט צום פּויפּסט אַ בריוו, בעטנדיק צו שיקן הונדערט קאַטוילישע מיסיאָנערן, זיי זאָלן פּרעדיקן די קריסטלעכע רעליגיע צווישן זיין פאָלק. ער האָט אויך מיטגעגעבן די ברידער פּאָלאָ פאַרשידענע מתנות פאַר זיי און פאַרן פּויפּסט.

ווען די ברידער פּאָלאָ זיינען צוריקגעקומען קיין אייראָפּע אין אַפּריל 1269 און זיינען געקומען קיין סאַן זשאַן דע אַקרע זיינען זיי געוואָר-געוואָרן, אַז ס'איז פריי דער פּלאַץ פון פּויפּסט און מען דאַרף ערשט איינעם אויסקלויבן, אַזוי אַז זיי האָבן נישט געקאָנט אויספירן זייער שליחות פונעם

גרויסן כאַן. זיי זיינען דעריבער געפאָרן דערוויילֹ אהיים קיין ווענעציאַ און דאָ איז ניקאָלאָ געוואָר־געוואָרן אַז זיין פרוי, וועלכע ער האָט איבער־געלאָזט מיט פופצן יאָר צוריק איז געשטאָרבן בשעתן גיין צו קינד און זי האָט געבוירן אַ אינגל, וועלכן מען האָט גערופן מאַרקאָ. ער האָט אָט אַזוי אַרום געטראָפן זיין זון מאַרקאָ שוין אין עלטער פון 15 יאָר, אַ גוט דערצויגענעם. אַזויווי עס האָט געדויערט צו לאַנג דאָס קלויבן אַ נייעם פויפסט, האָבן די צוויי ברידער ניקאָלאָ און מאַטעאָ, צוזאַמען מיט ני־קאָלאָס זון מאַרקאָ, זיך געלאָזט אין וועג ווידעראַמאָל צום וויטן מזרח. אונטערוועגס זיינען זיי געוואָר־געוואָרן אַז מען האָט ענדלעך אויסגעקליבן אַלס פויפסט דעם מאָנסעניאָר טעדאַלדאָ, אונטערן נאָמען גרעגאָריאָ דער 10־טער, און זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין סען זשאַן דע אַקרע, מיטצו־נעמען אַן ענטפער און די ברכה פון נייעם פויפסט. דער לעצטער האָט אויך מיטגעגעבן מתנות און מיטגעשיקט צוויי גייסטלעכע, אָבער די צוויי גלחים האָבן פון מיטן וועג זיך אומגעקערט.

די רייזע פון אייראָפע קיין כינע האָט בײַ דער פאַמיליע פּאָלאָ גע־דויערט פיר יאָר (פון 1271 ביז 1275) און ווען זיי זיינען געקומען קיין כאַן־באַליג (די הויפּטשטאָט פונעם כאַן) זיינען זיי אויפגענומען געוואָרן ווי דיפּלאָמאַטישע שליחים פונעם פויפסט, און אַלס אַנגעזעענע געסט פון קע־ניגלעכן הויף. באַזונדערס באַליבט געוואָרן איז שפּעטער דער יונגער מאַרקאָ פּאָלאָ. ער האָט באַלד געכאַפּט די שפּראַך, האָט זיך אינטערעסירט און באַ־קענט מיטן לעבן און געוואוינהייטן פונעם פאָלק און פונעם אימפּעראַ־טאָרס הויף און ער איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַאַמטער באַם כאַן. אין נאָמען פונעם כאַן און אין אייגענעם אינטערעס האָט מאַרקאָ פּאָלאָ באַ־רייזט גאַנץ אַזיע, זיך באַקאַנט מיט די פעלקער, לענדער און מדבריות פון מיטלען, נאָענטן און וויטן אָריענט, און געגרייכט ביז צו די סטעפּעס פון מאָנגאָליע. ער האָט געמאַכט פאַרצייכנונגען פון אַלעם וואָס ער האָט גע־זען, האָט פאַרצייכנט די טייכן, בערג און טאָלן, שטעט און פּראָווינצן. דורך זיינע פאַרצייכנונגען און לאַנדקאַרטעס האָט ער באַקענט אייראָפּע מיט די פעלקער פון גאַנץ אַזיע: כינע, אינדיע און אינדאָכינע; סיאַם. טי־בעט, בירמאַניע, בענגאַליע און אויך ציפּאַנגאָ (יאַפּאַן). און נישט בלויז די לענדער און פעלקער, נאָר אויך די נאַטור־אוצרות האָט ער באַשריבן. ער האָט באַרייזט צעילאַן, סומאַטראַ און אַלע אַרומיקע אינדזלען אין יע־נער זאָנע, און זיינע באַשרייבונגען און מאַפּעס זיינען געווען אַ וועגווייזער פאַר די נאַוועגאַנטן און פאַרשער אַ פאַר יאָרהונדערט. ער האָט זיך אומ־געקערט קיין אייראָפּע אין 1298.

## די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אַנטדעקונגס-רייזעס

שפּאַניע האָט זייט אָנהויב פון זיבעטן יאָרהונדערט זיך געפונען צום גרעסטן טייל אונטער אַראַבישער (ריכטיקער מאַרישער) הערשאַפט, און יענער טייל וואָס איז געווען זעלבסטשטענדיק איז געווען צעטיילט אויף קליינע מלוכות: קאַסטיליע, לעאָן און אַראַגאָן. אין יאָר 1230 האָט קאַסטיליע אַנעקסירט דאָס קעניגרייך לעאָן און אין 1469 איז דורך דער חתונה פון איזאַבעל פון קאַסטיליע מיט פערנאַנדאָ דער 5-טער פון אַראַגאָן, געקומען צו אַ פאַראייניקונג פון די אַלע דריי לענדער.

פּאָרטוגאַל האָט געהאָלפן די שפּאַניער אינעם קאַמף קעגן די אַראַבער, און ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט (דעם 2-טן יאַנואַר 1492) דורכן פאַלן פון גראַנאַדע, דער לעצטער באַלוואַרט פון די מאַרן, האָבן ביידע מלוכות אָנגעהויבן אַרויסשיקן עקספּעדיציעס צו די מערב-ברעגן פון אייראָפּע, צו זוכן אַ נייעם וועג קיין אינדיע, אַ וועג וואָס זאָל נישט פירן דורך עגיפּטן, וואָס איז געווען אונטער טערקישער מאַכט, און אַזוי אַרום זיך באַפרייען פונעם ווענעציאַנער מאָנאָפּאָל אינעם מסחר מיט די געווירצן און אַנדערע פּראָדוקטן פון אינדיע. בײַ די דאָזיקע רייזעס האָבן די פּאָרטוגעזער אַנטדעקט די אינדזלען מאַדעירא, אַזאָרן און קאַפּ ווערדע. דער פּאָרטוגעזישער נאַווגאַנט באַרטאָלאָמע דיאַז איז מיט זיינער אַן עקספּעדיציע געקומען אין 1486 ביזן וויטסטן עק פון אַפריקאַנישן מערב-ברעג און דערגרייכט דעם קאַפּ פון גוטער האָפענונג (קאַבאָ דע בוענאַ עספּעראַנסאַ).

זייט די טערקן האָבן דעראָבערט קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1453 איז דער יבשה-וועג צו אינדיע געווען גענצלעך געשלאָסן פאַר די אייראָפּעער, ווייל ס'איז געווען פאַרבאָטן פאַר אייראָפּעער דורך טערקיי צו קומען קיין קליין-אַזיע, און דעריבער האָט זיך אָנגעהויבן די פיבערהאַפטע רייזע איבערן זיד-אַטלאַנטיק אַרום אַפריקע און אַזיע.

דער פּאָרטוגעזישער אינפאַנט פרינץ הענריק, גרויס-מייסטער פונעם קריסטוס אָרדן, באַקאַנט אַלס דער ים רייזנדער, האָט אין אָנהויב פון 15-טן יאָרהונדערט געגרינדעט נאַוועגאַציע שולן, און זיך באַנוצנדיק מיט מאַרקאָ פּאָלאָס רייזע-באַשרייבונגען געשיקט עקספּעדיציעס אין דער ריכטונג צו מזרח-אינדיע און אָנגעהויבן דורכפירן דעראָבערונגען, גרינדנדיק די ערשטע פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע אין 1434 אויף די אַזאָרן אינדזלען.

### די שטרעבונגען פון קאָלומבוס

קריסטאָפער קאָלומבוס (אָדער קריסטאָפאָראָ קאָלאָמבאָ) געבוירן 1451 אין דער פאָרטשטאָט גענוא, האָט פון זיין אינגסטער יוגנט געהאָט שטרעבונגען צו לאָזן זיך מיט אַ שיף איבער די ימים. דער שפּאַנישער

שריפטשטעלער סאלוואדאָר דע מאַדאַריאַגאַ באַהויפּטעט אין זיין בוך „קאָ־לומבוס" אַז דער אַנטדעקער פונעם וועלט־טייל איז געווען אַ מאַראַן (גע־טויפטער איד), אָבער דאָס איז נאָך ביז איצט נישט פעסטגעשטעלט געווי. דאָס איינציקע וואָס מען ווייסט נאָר איז, אַז אין זיין עקספּעדיציע צו דער נייער וועלט, האָט ער ניט מיטגענומען קיין גלחים.

דאָס געבורטסיאָר פון קאָלומבוס ווערט אָנגעגעבן פאַרשידן. לויט אייניקע איז ער געבוירן אין 1446 און לויט אַנדערע אין 1451. ער איז גע־ווען אַ זון פון אַ וואָל־רייניקער, וועלכער האָט שווער געאַרבעט, אָבער נישט געקוקט דערויף האָט ער געגעבן אַ גוטע דערציאונג זיין זון. דער נאָרד־אַמעריקאַנער שריפטשטעלער הענריק האַריס און דער פּראָפעסאָר זשאָן באַוטיסטאַ ספּאָרטאָנאָ, פונעם אוניווערזיטעט פון גענואַ, גיבן אָן אַז די עלטערן פון קאָלומבוס האָבן געהייסן דאָמינגאָ קאָלאָמבאָ און סו־סאַנאַ פאָנטאַנאַ ראָסאַ. קריסטאָפער איז געווען דער עלטסטער זון פון דער פאַמיליע. דערנאָך זיינען געבוירן זיינע ברידערס באַרטאָלאָמע און דיעגאָ און צולעצט זיין שוועסטער בלאַנקאַ. דער פאָטער האָט נישט גע־מאַכט קיין גרויסע גליקן באַ זיין אַרבעט און ער האָט געפּרואווט דערנאָך פירן מסחר, געהאַנדלט אַ געשעפט פון קעז און אַנדערע אַרטיקלען.

דער עלטסטער זון פון דער פאַמיליע, קריסטאָפאָר אָדער קריסטאָבאַל איז געווען זייער אַ געראָטענער, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס אינטערעס צום שטודיום. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינע האַנטשריפט און וואָלט געקאָנט פאַרדינען מיט דעם געלט, אָבער אים האָט געצויגן צום ים. עס הייסט אַז ער האָט געקאָנט גוט צייכנען און מאָלן, האָט געלערנט אין או־ניווערזיטעט פון פּאַוויאַ לאַטיין און גראַמאַטיק. אַמערסטן אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן צום שטודיום פון געאָגראַפיע, אַסטראָנאָמיע (דעמאָלט אַסטראָלאָגיע) און נאַוויגאַציע קענטניש.

האָבנדיק די געלעגנהייט צו זען זיך אָפּט מיט מאַטראָסן, אין פּאָרט פון זיין געבורטסשטאָט, האָט קאָלומבוס (אָדער קאָלאָן) זיך אינטערע־סירט מיטן שטודיום פון די פאַרשידענע מאַפּעס. ער האָט זיך אויך געלאָזט מיט פאַרשידענע האַנדלס־שיפן אַף רייזעס איבערן מיטללענדישן ים און צום אַטלאַנטיק. און אין עלטער פון 21 יאָר האָט ער זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין, אָפּפאָרנדיק מיט אַ שיף קיין ליסאַבאָן, וואו ער האָט געהאַט זיין ברודער באַרטאָלאָמעאָ, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט אַלערליי נאַ־וויגאַציע־אינסטרומענטן און אויך מאַפּעס. ליסאַבאָן איז געווען צו יענער צייט דער גרעסטער פּאָרט פון מערב־אייראָפּע, און טרעפנדיק זיך אָפּט מיט קאַפּיטאַנען און מאַטראָסן וואָס האָבן דורכגעמאַכט ווייטע רייזעס צו אינדיע, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין וואונטש און שטרעבונג צו מאַכן גרויסע אַנטדעקונגס רייזעס.




די מאַפּע פונעם פלאָרענציער פיזיק פּאַבלאָ טאָסקאַנעלי, דורך וועלכער עס ווערט אָנגעוויזן די מעגלעכקייט צו קומען דורכן מערב צו אינדיע.

דורך אַ צופאַל האָט דער יונגער קריסטאָפאָר זיך באַקענט מיט דער יונגער און שיינער טאָכטער פון איטאַליענישן ים־רייזנדער באַרטאָלאָמעאָ פּערעסטרעלאַ, וועמען דער פּאָרטוגעזישער פרינץ הענריק האָט באַשטימט אַלס גובערנאַטאָר פונעם אינדזל מאַדעיראַ, אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע אויפן אַטלאַנטיק. איר נאָמען איז געווען פעליפּאַ מאָניז פּערעסטרעלאַ. דאָס מיידל האָט געהאַט דורכגעמאַכט מערערע ים־רייזעס צוזאַמען מיט איר פאָטער און אויך באַקאַנט געווען מיט פאַרשידענע סודות פון דער נאַוועגאַציע. אַזוי אַרום האָט זייער באַקאַנטשאַפט מיט דער צייט זיך פאַרשטאַרקט און ס'איז אויך אַנטשטאַנען צווישן זיי אַ הייסע ליבע און זיי האָבן חתונה געהאַט אין 1479. קורץ נאָך דער חתונה איז פעליפּאַס פאָטער געשטאָרבן און קריסטאָפאָר קאָלומבוס האָט זיך באַזעצט אין דער רעזידענץ פון זיין שווער אין מאַדעריאַ. דאָרט האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו שטודירן די אַרכיוון פון זיין שווער און זיך באַקענט דורך די ים־מאַפּעס און לאַנדקאַרטן מיט די געמאַכטע אַנטדעקונגען און דעראָבערונגען אין אַלע וועלט־טיילן. באַלד האָט פעליפּאַ דאָרט געבוירן אַ אינגל, וועלכן די עלטערן האָבן אַ נאָמען געגעבן דיעגאָ.

אין יענער צייט האָט מען נאָך געהאַלטן אַז די ערד איז נישט קיילעכדיק, און עס האָט געהערשט די מיינונג אַז די ערד ענדיקט זיך פון איין זייט אין מזרח אין געגנט פון כינע און יאַפּאַן און פון דער אַנדערער זייט אין מערב בײַ די ברעגן פון ענגלאַנד און אירלאַנד, נאָך וועלכן עס קומט

דער גרויסער ים פון פינצטערניש. ווען אבער קאלומבוס מיט זיין פרוי האבן דורכשטודירט די מאפעס און רייזע-באשרייבונגען פון בארטאלאמע פערעסטרעלא, זיינען זיי געקומען צום געדאנק אז די ערד דארף זיין קיילעכדיק און אז מען קאן קומען קיין אינדיע אויך ווען מען לאזט זיך מיטן ים דורך דער מערב-ריכטונג.

מען פארשטייט אז קאלומבוס איז בא זיך געווען זיכער, נאך זיין באקענען זיך מיט פארשידענע שריפטן, אז די וועלט איז קיילעכדיק. פי א מארגאל דערקלערט אז נאך דעם ווי די פילאזאפן פון אלטערטום, אנהייבנדיק פון פארמענידעס און טאלעס דע מילעטא, זיינען געווען אלע איינשטימיק אז די ערד איז קיילעכדיק, האט קאלומבוס דער אסטראנאם און נאוועגאנט נישט געקאנט אנדערש דענקען, און כאטשע ער האט מיט קיינעם נישט דיסקוטירט וועגן דעם איז ער געווען זיכער, אז ווען מען נעמט אונטער א רייזע צו מערב מוז מען צוריקקומען דורך מזרח. ס'איז בלויז געווען די פראגע פון ווייטקייט. לויט אייניקע האט דער וועג פון שפאניע און פארטוגאל צו אינדיע דורך מערב געדארפט זיין ווייטער און לויט אנדערע נענטער, ווי דער וועג דורך מזרח. די נאוועגאנטן פון יענער צייט האבן אבער די טעאריעס וועגן דער קיילעכדיקייט פון דער ערד נישט געוואלט אננעמען און דעריבער נישט געוואגט אונטערצונעמען אזא ריזיקאלישע רייזע.

קאלומבוסעס פרוי, אלס טאכטער פון א געוועזענעם גובערנאטאר, האט זיך געלאזט אפן וועג קיין ליסאבאן, וואו זי האט געהאט גרויס באקאנטשאפט, און זיך באמיט אין קעניגלעכן הויף פאר אן עקספעדיציע פאר איר מאן אפן וועג צו אינדיע דורך מערב. קיינער האט זי אבער נישט גענומען אין אכט, האלטנדיק אזא זאך פאר א משוגעת. א פאר יאר שפעטער איז פעליפא געשטארבן און קריסטאפאר האט דאס קינד געוואלט איבערגעבן צו פעליפאס שוועסטער מוליאר, אין הועלווא, שפאניע. דיעגא איז דעמאלט אלט געווען 8 יאר.

דער פלאן פון קאלומבוס צו קומען קיין הועלווא איז געשטערט געווארן אינמיטן וועג, ווייל ער איז געבליבן אן געלט, און א הונגעריקער און מידער איז ער אפן וועג אריינגעגאנגען אין א מאנאסטיר פון ראבידא, נישט ווייט פון הועלווא. אינעם מאנאסטיר האבן די מאנאכן אויפגענומען בארמהערציק דעם פרעמדן מיט זיין קינד און זיי געגעבן עסן, און נאך דעם ווי קאלומבוס האט דערציילט זיינע איבערלעבונגען און זיין דורכפאל אין פארטוגאל מיטן פלאן צו מאכן א רייזע קיין אינדיע דורך מערב, האט איינער פון די גלחים, דער פריאר כואן פערעז אים פארגעשלאגן צו בלייבן א שטיקל צייט אין מאנאסטיר, ביז ער וועט געפינען פאסיקע פערזאנען אים צו העלפן דורכפירן זיין פלאן. צולעצט האט אן אנדערער גייסט-

לעבער פֿון זעלבן מאָנאַסטיר אַנטאָניאָ דע מאַרטשענאַ געגעבן קאָלומבוסן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום בייכטער פֿון דער קעניגן איזאַבעל, הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערע, אַז ער זאָל עפּעס טון פֿאַרן יונגן נאַוועגאַנט. דאָס איז געווען אַרום 1485.

קאָלומבוס האָט געלאָזט זיין קינד אין מאָנאַסטיר און איז אַליין אַוועק קיין סעווילע. נאָך אַ קורצער צייט איז אים געלונגען אויפֿגענומען צו ווערן פֿון דער קעניגן. די קעניגן איזאַבעלאַ — וועלכע האָט צוזאַמען מיט איר מאַן פֿערנאַנדאָ צוגעגרייט און דורכגעפֿירט דעם גירוש פֿון די אידן פֿון שפּאַניע — האָט אויפֿגענומען מיט גרויס אינטערעס די דערקלערונג פֿון קאָלומבוס און פֿאַרשפּראָכן צוצוגרייטן אים אַ עקספּעדיציע. עס האָט זיך געהאַנדלט בלויז אין באַקומען דאָס נויטיקע געלט פֿאַר דעם צוועק. דערווייל איז דער פּלאַן צוגעשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ ראַט פֿון וויסנשאַפֿטמענער אין קאָרדאָבאַ און אין סאַלאַמאַנקאַ, און דער ראַט האָט געהאַלטן אַז דער פּראָיעקט איז נישט דורכפֿירבאַר. דער דאָזיקער אורטייל איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן סוף 1490, צו די פֿינף יאָר זייט דעם קאָלומבוס איז געקומען קיין שפּאַניע. דאָס לעבן פֿון קאָלומבוס אין לויף פֿון די פֿינף יאָר איז ווייניק באַקאַנט. מען ווייסט נאָר, אַז קעניג יאָהאַן 2טער פֿון פּאָרטוגאַל, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפֿן אַנטשידן קאָלומבוסעס פּלאַן האָט אָרגאַניזירט אַליין אַ ריין פּאָרטוגעזישע עקספּעדיציע, אָן קאָלומבוסעס וויסן, נאָר דער דאָזיקער פּרואוו צו באַגנבענען דעם איינפֿאַל פֿון אַן אָריגינעלן פֿאָרשער איז דורכגעפֿאַלן. די מאַנשאַפֿט פֿון דער פּאָרטוגעזישער עקספּעדיציע האָט זיך צעבונטעוועט נאָך אַ לאַנגער רייזע, און דער קאַפּיטאַן האָט זיך אומגעקערט קיין פּאָרטוגאַל 1483. קאָלומבוס ווידער האָט אין שפּאַניע אין לויף פֿון דער צייט זיך באַקענט מיט פֿאַרשידענע נאַוועגאַנטן, געהאַט מיט זיי שמועסן וועגן זיין פּלאַן, אָבער אָן וועלכן רעזולטאַט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין ראַבידאַ, מיטן ציל אָפּצונעמען זיין זון דיעגאָ און דאָרט נאָכאַמאָל איבערגערעדט מיט די גלחים און אַלע האָבן אים פֿאַרשפּראָכן הילף. קאָלומבוס האָט אויך געהאַט שמועסן מיט צוויי גרויסע נאַוועגאַנטן, אַ מאַטראָז פֿון פּאַלאָס, וואַסקעז דע לאַ פֿראָנטערע, וועלכער האָט געמאַכט ים־רייזעס מיט אַ פּאָרטוגעזישן פּרינץ, און מיט מאַרטין אַלאָנסאָ פּינסאָן. דער לעצטער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פֿון רוים און ער האָט דערקלערט אַז ער האָט געזען אין דער ביבליאָטעק פֿון וואַטיקאַן מאַפּעס, פֿון וועלכע מען קען פֿאַרשטיין, אַז עס איז פֿאַראַן נאָך אַ סך ניט אַנטדעקטע ערד. פּינסאָן האָט מיט זיך אויך געהאַט אַ קאָפּיע פֿון יענע מאַפּעס, און ער האָט דערקלערט אַז ער וואָלט וועלן מיטמאַכן אַ רייזע קיין ציפּאַנגאָ, וואו עס דאַרף זיין אַ סך גאָלד. קאָלומבוס האָט פֿאַרגעשלאָגן פּינסאָנען אַ העלפֿט פֿון דעם וואָס קען אַרויסקומען פֿון

אַזאַ רייזע, אויב ער וועט קאָנען פועלן באַם קעניג צוצוגרייטן אַן עקס־פּעדיציע. און פון יענעם טאָג אָן האָט קאָלומבוס זיך שוין ניט געשיידט פון זיין וואָרטפולן חבר און מיטבאַטייליקער אין דער פאָרשונגס־רייזע.

אין דער צייט האָט קאָלומבוס זיך פאַרליבט אין דער שיינער יונגער פרוי בעאַטריז ענריקע דע אַראַנאַ, און זי האָט אים באַשאָנקען דעם 15טן אויגוסט 1488 מיט אַ אינגל, וועלכן זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן פערנאַנדאָ, און דער לעצטער איז געוואָרן דער ערשטער ביאָגראַף פון זיין פאָטער.

מיט דער צייט האָט קאָלומבוס זיך אַנטוישט און אָנגעהויבן ביסלעכ־ווייז פאַרלירן די האָפענונג דורכצופירן זיין גרויסן פּלאַן און האָט שוין גערעכנט צו פאַרלאָזן שפּאַניע און אָפּפאָרן קיין פראַנקרייך.

דער שפּאַנישער קעניג האָט דעמאָלט געפירט מלחמה מיט די אַראַ־בער, און עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַרויסשטויסן די מאַכמעדאַנער פון גראַנאַדע. פערנאַנדאָ האָט דעריבער זיך ניט געוואָלט אָפּגעבן מיט אַנדערע זאַכן. אָבער די קעניגין איזאַבעלאַ האָט ניט גערוט און געוואָלט ווי ווייט מעגלעך דאָך העלפן קאָלומבוסן. זי האָט איבערגעגעבן די זאַך צו אַ קאָ־מיסיע וויהעראַמאַל צו שטודירן דעם פּלאַן פון קאָלומבוסן, און די קאָמיסיע האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, דערקלערנדיק אַז עס וואָלט געווען אַן אומזין צו אָרגאַניזירן אַן עקספּעדיציע צו אַזאַ אונטערנעמונג.

דעם 2טן יאַנואַר 1492, נאָכדעם ווי די שפּאַניער זיינען אַריין קיין גראַנאַדע און דער קאַטאָליציזם האָט געפייערט דעם זיג איבערן איסלאַם, האָט קאָלומבוס פאַרלאָזט דעם קעניגלעכן הויף מיט אַ וויטיקלעכער פאַר־לוירנקייט. דער קעניג פערנאַנדאָ האָט אים פולשטענדיק אָפּגעזאָגט.

אין יענעם מאָמענט זיינען אונטערגעקומען דריי איינפלוסרייכע מאַ־ראַנען (געטויפטע אידן) און געראַטעוועט די לאַגע. דער קעניגלעכער שרייבער לואיס סאַנטאַנכעל, דער פינאַנץ מיניסטער גאַבריעל סאַנטשעז און דער קאָמערדינער כואַן קאַברערא האָבן פאַרשטאַנען אַז מיטן אָפּ־וואַרפן קאָלומבוסעס פּלאַן גייט פאַרלוירן אַ גוטע געלעגנהייט אויסצו־ברייטערן די הערשאָפט און די מאַכט פונעם קעניג. חוץ דעם האָבן זיי גע־האַט טאַקע אויך די האָפענונג אַז ס'זאָל געפונען ווערן ערגעץ וואו אַ ניי לאַנד, וואו עס זאָלן קאָנען זיך באַזעצן די פאַרפאָלגטע מאַראַנען און אידן. סאַנטאַנכעל איז געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פונעם קעניג פון שפּאַניע. זיי האָבן איבערגערעדט וועגן דעם מיט פערנאַנדאָן און אים באַאיינ־פלוסט צו ענדערן זיין מיינונג. סאַנטאַנכעל, וועלכער האָט געהאַט אַ באַ־זונדער גרויסן איינפלוס אין חויף האָט אויך געהאַט אַ שמועס מיט דער קעניגין איזאַבעלאַ, און ער האָט פאַרשפּראָכן צו באַזאָרגן דאָס נויטיקע געלט פאַר אַזאַ עקספּעדיציע. לואיס סאַנטאַנכעל האָט אָנגעבאָטן און אויך באַלד געבראַכט די סומע פון אַ מיליאָן מאַראַוועדיסן, וואָס קאָלומבוס האָט געפאָדערט צו זיין רייזע.

ס'זיינען פאראן וועגן דעם פארשידענע מיינונגען. איינע אז די קעניגין איזאבעלא האט פארזעצט איר צירונג, אבער דאס ווערט אנטשידן אפגעוויזן פון די נייסטע היסטאריקער; א צווייטע, אז די מאראנען האבן געגעבן דאס נויטיקע געלט, און א דריטע, אז דער קעניג האט געגעבן א טייל און קאלומבוס האט מיטגעשטייערט א טייל פונעם געלט. ס'איז איין זאך יא פעסטגעשטעלט, אז דער קעניג האט ארויפגעלייגט א שטראף אף דער פארט־שטאט פאלאס אז זי מוז צושטעלן צוויי שיפן פאר דער עקספעדיציע, האבנדיק אן אויסרייד אז די שטאט האט זיך מיט עפעס פארזינדיקט קעגן קעניג.

פערנאנדא האט זיך געלאזט איבערויידן און ארויסגעשיקט א ריטער אנצויאגן קאלומבוסן, וועלכער איז געווען אונטערוועגס קיין קארדאבא, און אים צוריקברענגען.

דעם 17טן אפריל 1492 איז אונטערגעשריבן געווארן דער אפמאך, לויט וועלכן קאלומבוס האט באקומען דעם טיטל אדמיראל, ווי אויך וויצע קעניג פון די דעראבערטע לענדער. דער טיטל בלייבט אף אייביק, איבערגייענדיק בירושה צו די קינדער. עס ווערט אים אויך געגעבן א צענטל פון אלע דעראבערטע ווערטזאכן, נאכן אראפרעכענען אלע הוצאות.

דעם 30טן אפריל 1492 איז אויסגעשטעלט געווארן פונעם קעניג פערנאנדא א צווייטער דאקומענט וועגן צושטעלן קאלומבוסן די נויטיקע שיפן און וואפן.

עס האבן זיך באלד אנגעהויבן די צוגרייטונגען, און דעם 20טן מאי 1492 האט דער קעניג פארארדנט צו באפרייען פיר ארעסטאנטן, צו באטייליקן זיך אין דער עקספעדיציע. די באפרייונג פון די זעלבע פון טורמע איז געווען אף דער גאנצער צייט פון דער רייזע און צוויי חדשים שפעטער.

די ארעסטאנטן זיינען צוגעגעבן געווארן דער עקספעדיציע, ווייל עס האבן זיך נישט געפונען גענוג בעלנים אף מיטצומאכן די געפערלעכע אונטערנעמונג. אבער אויך דער רעשט טריפולאנטן איז באשטאנען מייסטנס פון מענטשן פון דער אונטערוועלט.

האבנדיק די נויטיקע דאקומענטן איז קאלומבוס אוועק קיין פאלאס צו ארגאניזירן די עקספעדיציע. די צוויי זעגלשיפן „פינטא" און „ניניא" האט ער באקומען צוגעשטעלט פון דער שטאט פאלאס, ווי געזאגט, אלס שטראף וואס דער קעניג האט ארויפגעלייגט אף דער באפעלקערונג. די פינטא איז געווען פון ארום 150 טאנען און ניניא פון ארום 140 טאנען. דערצו איז געדונגען געווארן די שיף „סאנטא מאריא", פון ארום 225 טאנען, וואס האט געהערט צו איינעם כואן דע לא קאסא. די שיף איז שפעטער צעשמעטערט געווארן און מען האט דעם אייגנטימער באצאלט דעם שאדן.

קאַפּיטאַן פון דער סאַנטאַ מאַריאַ איז געווען קאָלומבוס; קאַפּיטאַן פון דער פּינטאַ איז געווען קאָלומבוסעס פריינט מאַרטין אַלאַנטאָ פּינסאָן, און קאַפּיטאַן פון דער ניניאַ איז געווען וויסענטע יאַניעז פּינסאָן, אַ ברודער פון מאַרטין אַלאָנסאָ. די גאַנצע מאַנשאַפט איז באַשטאַנען פון אַרום 120 מאַן. לויט איניקע איז זי באַשטאַנען בלויז פון 90 און לויט אַנדערע פון 76, אָדער 68, אָדער 47 און לויט איינעם פון נאָך ווייניקער. צווישן די טריפּולאַנטן האָבן זיך געפונען קיכערס, אַ שרייבער פון פּראָטאָקאָלן, אַ



אויבן רעכטס: קאָלומבוס; אונטן: קאָלומבוס מיט זיין זון דיעגאָ באַם מאָנאַסטיר אין ראַבאַדאָ; לינקס: די שיף סאַנטאַ מאַריאַ מיט וועלכער קאָלומבוס איז געפאָרן אף זיין ערשטער רייזע.

כירורג, אַן אַפּטייקער, און כאָטשע קאָלומבוס איז געווען זייער אַ גלויביקער האָט ער קיין גלח ניט מיטגענומען. ער האָט נאָר נאָך מיטגענומען איינעם אַ דאָלמעטשער, לואיס דע טאָרעז, וואָס האָט געקאָנט די שפּראַכן אַראַביש, כאַלדעיש און העברעיש.

דעם 3טן אויגוסט 1492 האָט זיך די עקספּעדיציע גערירט, אַרויספאָרנדיק פון דעם פּאָרט פּאַלאָס. קאָלומבוס איז געפאָרן מיט דער שיף סאַנטאַ מאַריאַ. די שיפן האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו די קאַנאַרישן אינדזלען. די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטעטל האָט זיך דעמאָלט פאַר־

זאַמלט אין פאָרט צו פאַראַפּשידן די זעלטענע עקספּעדיציע, כאָטשע די שיף איז אָפּגעגאַנגען זייער פרי, אַ האַלבע שעה פאַר זון אויפגאַנג..

אין זעלבן יאָר 1492 ווען פערנאַנדאָ און איזאַבעל האָבן זיך אונטערגע־געבן דער פאָדערונג פונם גרויסן אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ און אונטער־געצייכנט אַ דעקרעט, אַרויסצוטרייבן די אידן פון שפּאַניע; אין זעלבן יאָר ווען עס זיינען זעקס הונדערט טויזנט אידן באַרויבט און אַרויסגעשטויסן געוואָרן פונעם לאַנד, וואו זיי האָבן מיטגעהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון איר האַנדל און קולטור; אין זעלבן יאָר ווען דאָס אומגליקלעכע אידישע פאָלק האָט זיך געמוזט לאָזן איבער אַלע וועגן זוכן אַ נייע היים אין אַנ־דערע לענדער, אין זעלבן יאָר האָט קאָלומבוס באַקומען די שטיצע פון שפּאַניע צו לאָזן זיך זוכן אַ נייע וועלט.

## די ערשטע אַנטדעקונג פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט

די אַנטדעקונג פון איסלאַנד און גרענלאַנד. — די ערשטע באַזעצונג פון די צוויי אינדזלען. — צופעליק אַנטדעקט קאַנאַדע און דעם ברעג פון די פאַרייניקטע שטאַטן

ס'איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז אַנטדעקט געוואָרן מיט יאָרהונדערטער פריער פאַר די עקספּעדיציעס פון קאָלומבוס, אָבער יענע אַנטדעקונג איז געבליבן אומבאַקאַנט און אָפּ־געווישט פאַר די שפּעטערדיקע פאָרשער. אין די אַרכיוון פון וואַטיקאַן איז דאָס אַנטדעקטע לאַנד געווען פאַרצייכנט, נאָר קאָלומבוס האָט דערפון נישט געוואוסט.

שוין אין יאָר 861 האָט אַ נאָרוועגישער פּיראַט אַנטדעקט דורך אַ צופאַל דעם גרויסן אינדזל איסלאַנד. דער פּיראַט נאַדאָד, אַן אַנטלאָפענער פון נאָרוועגן, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן בא די פעראָאָ אינדזלען איז דורך אַ שטורעמווינט פאַרוואָרפן געוואָרן מיט זיין שיף צום ברעג פון איסלאַנד, און ער האָט אים אָנגערופן סנאָולאַנד (שניילאַנד).

דריי יאָר שפּעטער האָט אַ שטורעם פאַרוואָרפן צום ברעג פון איס־לאַנד דעם שוועד גאַדאַר און ער האָט באַרייזט דעם ברעג פון גאַנצן אינדזל, און דערנאָך איבערגעווינטערט אין אַן אָרט וואָס הייסט נאָך היינט הוסאַ־וויק (בוכטע פונעם הויז). אין פרילינג האָבן צוויי פון זיינע שקלאַפן, אַ מאַן און אַ פרוי אים פאַרלאָזט און זיך איינגעאָרדנט אַף אַ פּלאַץ וואָס הייסט היינט נאַטטאַפאַראַוויק.

גאַרדער האָט זיך אומגעקערט שפּעטער קיין נאָרוועגן, וואו ער האָט געהאַט זיין היים, און האָט דערציילט וועגן דעם אַנטדעקטן לאַנד, וואו ער און נאַדאָר האָבן זיך אויפגעהאַלטן. איינער פון דער קעניגלעכער אָפּשטאַ־

מונג, פלאָקי, האָט אויסגעשטאַט אַ שיף און זיך געלאָזט מיט אַן עקספּע־דיציע צום לאַנד. ער האָט אַרומגערייזט די ברעגן און פאַרבראַכט צוויי טרויעריקע ווינטערס אַפן אינדזל, און אים אַ נאָמען געגעבן איסלאַנד (אייז־לאַנד). צולעצט האָט ער זיך אומגעקערט קיין נאָרוועגן. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די אימיגראַציע פון נאָרוועגער קיין איסלאַנד, אָבער מייסטנס זיינען עס געווען אַוואַנטוריסטן. די איינוואַנדערונג פון נאָרוועגן קיין איסלאַנד איז געוואָרן אַזוי אָפט אַז דער נאָרוועגישער קעניג האָט אין סוף פון ניינטן יאָרהונדערט באַשלאָסן אַרויפלייגן אַ שטייער און אַפילו קאָנפיסקירן די פאַרמעגנס בײַ די וואָס וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אין אָנהויב צענטן יאָרהונדערט האָבן איינגעוואַנדערט קיין איסלאַנד אויך גלחים און זיך באַמיט צו טויפן די באַפעלקערונג און זיי דערנעענטערן צו דער קאַטוילישער קירכע.

צום סוף פון ניינטן יאָרהונדערט האָט אַן איסלענדער קאָלאָניסט, אָדער נאַווּעגאַנט, מיטן נאָמען **גומביאָרן**, זיך געלאָזט מיט אַ זעגלשיף איבערן נאָרד־אַטלאַנטיק אין דער ריכטונג צו מערב, און דער ווינט האָט זיין שיף פאַרטראָגן ביז צום מזרח־ברעג פון אַ פרעמד לאַנד מיט אַ באַרגיקן ברעג. דאָס איז געווען אין יאָר 877. גומבעריאָן האָט געלאַנדעט און געזען אַז דאָס לאַנד ציט זיך זייער ווייט. יענץ לאַנד איז מיט איבער הונדערט יאָר שפּע־טער קאָלאָניזירט געוואָרן אין 983 דורך איינעם אַן אַוואַנטוריסט **עריק דער רויטער**, וועלכער איז געהאַט אַנטלאָפן מיט זיין פאַמיליע פון נאָר־וועגן בכדי אויסצומיידן די שטראָף פאַר אַ באַגאַנגענעם מאָרד.

עריק דער רויטער איז אַנטלאָפן פון נאָרוועגן קיין איסלאַנד, און דאָרט איז ער באַגאַנגען נאָכאַמאָל אַ מאָרד און ער איז אַרויסגעשיקט גע־וואָרן פון איסלאַנד. דעמאָלט האָט ער זיך געלאָזט מיט אַ שיף צו מערב און אַרומגעזוכט דאָס לאַנד וואָס גומבעריאָן האָט געהאַט אַנטדעקט. ער איז געקומען צום מזרח־ברעג און דערנאָך אַרומגערייזט דעם דרום, ביז ער איז געקומען צו אַ פלאַץ, וואו ס'איז היינט דער קאַפּ פאַרעוועל. ער האָט איבערגעווינטערט אויף אַן אינדזל, וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן עריק, און צו די דריי יאָר האָט ער זיך אומגעקערט קיין איסלאַנד, וואו ער האָט דערציילט וועגן זיין אַנטדעקטן לאַנד, וועלכעס ער האָט אָנגערופן גרענלאַנד (גרין לאַנד) ווייל דער באָדן דאָרט איז געווען באַדעקט מיט גראָז.

אויפן צווייטן יאָר האָט עריק צוזאַמענגענומען מערערע פאַמיליעס פון איסלאַנד און האָט זיך מיט זיי געלאָזט קיין גרענלאַנד. דאָ האָבן זיי גע־גרינדעט קאָלאָניעס אין דער זאָנע צווישן קאַפּ פאַרעוועל און קאַפּ דע־סאָלאַציע.

אין יאָר 999 האָט עריק געשיקט זיין זון לייף קיין נאָרוועגן, אַז ער זאָל זיך דאָרט לאָזן טויפן און איבערגיין צום קריסטנטום און צו גלייכער

צייט איבערגעגעבן דעם נאָרוועגישן קעניג אָלאַף וועגן דעם נייעם לאַנד ווייט אין מערב פון איסלאַנד. אַף זיין ריקרייזע האָט לעיף שוין מיטגענומען אייניקע נאָרוועגישע פאַמיליעס און אויך מיסיאָנערן, צו טויפן אַלע קאָלאָניסטן פון נייעם לאַנד. ס'זיינען אויסגעבויט געוואָרן נייע, גרויסע קאָלאָניעס און צווישן זיי זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן קאָנווענטן און ס'איז שפעטער אַפילו אויך געשאַפן געוואָרן אַ בישאָפטום.

פון דעמאָלט אָן זיינען קיין גרענלאַנד געקומען צייטנווייז שיפן מיט אימיגראַנטן פון איסלאַנד און נאָרוועגן און ס'זיינען געקומען אויך צופעליקע אימיגראַנטן פון אַנדערע סקאַנדינאַווישע לענדער.

אַן איסלענדער מיטן נאָמען **בעיאַרנע** וועלנדיק זיך פאַרייניקן מיט זיין פאָטער, אַ פריינט פון עריק דעם רויטן, וואָס האָט זיך געפונען אַף גרענלאַנד, האָט זיך געלאָזט אין וועג מיט אַ שיף פון איסלאַנד אין דער ריכטונג צו מערב, צו גרענלאַנד, אָבער אַ שטורעמווינט האָט פאַרטראָגן די שיף און זי פאַרוואָרפן צו זיד-וועסט, און דאָרט האָט בעיאַרנע געטראָפן אַ פרוכטבאַר לאַנד. ער איז אַריינגעפאָרן מיט דער שיף אין דער בוכטע פונעם טייך סאַן לאָרענצאָ (קאַנאַדע), אָבער אַזוי ווי זיין ציל איז געווען זיך צוזאַמענטרעפן מיטן פאָטער האָט בעיאַרנע זיך געלאָזט באַלד אַפן וועג צוריק. קומענדיק קיין גרענלאַנד האָט ער איבערגעגעבן עריק דעם רויטן וועגן זיין געמאַכטער אַנטדעקונג.

עריק האָט באַלד אויסגעשטאַט אַ שיף מיט 35 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון זיין זון לעיף און יענע עקספעדיציע האָט אַנטדעקט ניי פונדלאַנד (טעראַנאָוואַ), און דערנאָך זיך געלאָזט צו זיד און אָנגעטראָפן אַף אַ שטאַרקער וואַלדיקער געגנט (ניו סקאָטלאַנד), וואָס די עקספעדיציע האָט אָנגערופן מערילאַנד.

אַ שטאַרקער שטורעמווינט האָט דערנאָך פאַרטראָגן די שיף מיט דער עקספעדיציע צו אַ רייך באַוואַקסענעם געגנט מיט אַ מילדן קלימאַט אין דרום-מזרח פון קאַנאַדע און די עקספעדיציע האָט באַשלאָסן דאָרט איבערצווינטערן. איינער פון דער מאַנשאַפט, אַ דייטש, האָט אונטערגענומען אַן אויסשפירונג אין אינערן, און געטראָפן אַ סך ביימער מיט ווילדע וויינטרויבן, און ער האָט דעם געגנט באַצייכנט מיטן נאָמען ווינלאַנד. דאָס איז געווען די זאָנע פון ניו ענגלאַנד (קאַנאַדע).

ווען לעיף עריקסאָן (דער זון פונעם רויטן) האָט זיך אומגעקערט אין יאָר 1007 קיין גרענלאַנד, האָט זיין פאָטער, דער גובערנאַטאָר עריק, געשיקט אַ צווייטע עקספעדיציע מיט אַ גרויסער מאַנשאַפט צו ווינלאַנד, און ס'איז געגרינדעט געוואָרן דאָרט אַ קאָלאָניע. די נייע קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן פירן מסחר מיט די עסקימאָסן, קויפנדיק בא זיי פעלצוואַרג אין אויסטויש פון אַלערליי זאַכן. שפעטער אָבער האָבן די געבירטיקע געמאַכט

אַן איבערפאַל אַף די געקומענע גרענלענדער און די מייסטע, פון זיי אויס־געהרגעט. דער רעשט האָט זיך געראַטעוועט, אַנטלויפנדיק צו דרום און זיך באַהאַלטן אין דער זאָנע פון די היינטיקע אַמעריקאַנער שטאַטן מאַ־סאַטשוסעטס און רהאָדע איילאַנד.

עריק האָט דערנאָך געשיקט נייע עקספּעדיציעס פון גרענלאַנד און זיי האָבן באַזוכט די געגנטן פון די היינטיקע שטאַטן ניו יאָרק און ניו דזשער סיי, און ס׳זיינען יאָרהונדערטער שפּעטער געפונען געוואָרן חורבות און אַנטיקן פון יענע ערשטע סקאַנדינאַווישע (אָדער נאָרמאַנדישע) אימי־גראַנטן.

די עקספּעדיציע פון עריק דעם רויטנס איידעם, **טהאָרפינען**, האָט מיטגעפירט צום ערשטן מאָל פי פאַר דער קאָלאָניזאַציע אין די ניי־אַנט־דעקטע לענדערייען און די באַפעלקערונג האָט געהאַלטן אין וואַקסן און פאַרנומען אַלץ וויטערדיקע ערד שטרעקעס.

אין די יאָרן 1059, 1121 און 1126 זיינען פון גרענלאַנד און איסלאַנד אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע גלחים פון פאַרשידענע ראַנגען און אויך בי־שאָפן און ס׳זיינען אויסגעבויט געוואָרן מערערע קירכעס. ס׳איז אָבער נישטאָ קיין באַשרייבונג מער וועגן יענעם דור קאָלאָניסטן. עס הייסט אַז אין 13טן און שפּעטער אין 14טן יאָרהונדערט זאָלן האָבן אַנגעיאָגט שווע־רע פּעסט־עפּידעמיעס איבער ווינלאַנד און גרענלאַנד און די מייסטע איינ־וואוינער פון די צוויי לענדער זיינען אומגעקומען, און די עסקימאָסן האָבן דערנאָך געמאַכט אַ סוף צום רעשט פון דער איינגעוואַנדערטער באַפעל־קערונג. בלויז אַ גאַנץ קליינעם טייל איז עס געלונגען זיך צו ראַטעווען, אַנטלויפנדיק קיין איסלאַנד און נאָרוועגן.

ווען דער פּויפּסט ניקאָלאַס דעם 5טער האָט אין 1348 באַשטימט דעם לעצטן בישאָף פאַר גרענלאַנד, איז שוין נישט געבליבן קיין שפּור פון עריק דעם רויטנס עקספּעדיציע־מענטשן און זייערע אָפּשטאַמער, און ס׳איז אויך געבליבן אומבאַוואוסט פאַר דער דעמאָלטדיקער וועלט די אַנטדע־קונג פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט דורך יענע צופעליקע סקאַנדינאַ־ווישע נאַוועגאַנטן.

עס שיינט אַז אויך קאָלומבוס האָט פון יענע אַנטדעקונגען נישט גע־וואוסט און זיין ציל אַף דער רייזע איז געווען דורך מערב צו דערגרייכן אינדיע און נישט אַ נייעם קאָנטינענט. די עקספּעדיציע פון קאָלומבוס האָט זיך געלאָזט אין וועג דעם 3טן אויגוסט 1492 און נאָך אַ רייזע פון 14 וואָכן, געקומען צום ערשטן ברעג פון אַן אַמעריקאַנער אינדזל, דעם 12טן אָק־טאָבער, 2 אַזייגער פאַרטאָג, צום איצטיקן וואטינג אינדזל פונעם באַהאַ־מאַס־אַרכיפּעלאַג, וועלכן די אינדיער האָבן גערופן גואַנאַהאַני און די עקס־פּעדיציע פון קאָלומבוס האָט אים געגעבן דעם נאָמען סאַן סאַלוואַדאָר.

קאָלומבוס איז ביזן טאָג פון זיין טויט געבליבן בא דער מיינונג אַז ער איז געקומען צו אינדיע און נישט געוואוסט אַז ער האָט דערגרייכט אַ נייעם קאָנטינענט.

דאָס גרענלאַנד וואָס מיר קאָנען היינט איז אַנטדעקט געוואָרן ערשט סוף פון 16טן יאָרהונדערט, דורך אַ דענישער עקספּעדיציע וואָס עס האָט אָנגעפירט דער פאָרשער דאַווים.

## קאָלומבוס אַנטדעקט ניי לאַנד

יענע אַנטדעקונגס־רייזעס פון די סקאַנדינאַוויער, ווי געזאָגט, זיינען געבליבן אומבאַוואוסט פאַר דער וועלט און אויך קאָלומבוס האָט פון זיי נישט געוואוסט. זיין ציל איז דעריבער געווען צו דערגרייכן אינדיע בא זיין אונטערגענומענער רייזע.

זיין עקספּעדיציע האָט זיך געלאָזט אין וועג דעם 3טן אויגוסט 1492 און זיך פאַרהאַלטן בא די קאַנאַרישע אינדזלען פיר וואָכן צייט, ווייל מען האָט באַדאַרפט פאַרריכטן די שיף פּינטאַ. שוין דער ערשטער אַרויספאַר האָט אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן. באַלד נאָכן אַרויספאָרן פון פּאַלאָס זיי־נען די שיפן אַריין אין די בלאָטעס אַרום אינדזל סאַלטעס, נעבן הועלוואַ, און דאָרט פאַרזוימט אַ פּאָר שעה. ערשט אַכט אַזייגער זיינען זיי באַפרייט געוואָרן פון די בלאָטעס און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו די קאַנאַרי־שע אינדזלען און געקומען אַהין דעם 8טן אויגוסט. ס'זיינען דאָ רעווידירט געוואָרן אַלע שיפן און מען האָט פאַרריכט די פּינטאַ, און דעם 8טן סעפּ־טעמבער זיך גערירט אין ווייטערדיקן וועג.

קאָלומבוס האָט פאַרשטאַנען אַז ער וועט האָבן צרות פון די טריפּו־לאַנטן אויב עס וועט נישט געלונגען דער עקספּעדיציע אַזוי גיך צו דער־גרייכן לאַנד, און ער האָט דעריבער אָפּגעטון אַ שפּיצל און געמאַכט צווייערליי פאַרצייכנונגען וועגן די אָפּגעפאָרענע שטרעקעס, איינע אַ ריכ־טיקע פאַר זיך, צו וויסן וויפל לעגוועס די שיפן זיינען שוין אָפּגעפאָרן און איינע אַ געפעלשטע מיט קלענערע ציפערן, בכדי נישט צו אַלאַרמירן די מאַנשאַפט. ער האָט געהאַט אָנגעגעבן די מאַנשאַפטן אַז ער רעכנט, אַז נאָכן אָפּפאָרן אַזאַ און אַזאַ שטרעקע וועט מען זיכער אָנקומען צו לאַנד, און בכדי צו האַלטן רואיק די טריפּולאַנטן האָט ער פאַרצייכנט פאַר זיי אַ קלענערע צאָל דורכגעמאַכטע לעגוועס.

דעם 13טן סעפּטעמבער האָבן אייניקע מאַטראָזן באַמערקט אַן אָפּ־נויג באַם קאָמפּאַס און דאָס האָט זיי איבעראַשט און דערשראָקן. קאָלומ־בוס האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. די רייזע האָט אָבער מיט דער צייט זיך צו לאַנג פאַרצויגן און ס'זיינען פאָרגעקומען

צערודערונגען אַף די שיפן. די מאַנשאַפטן האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען און געפאָדערט אַז די שיפן זאָלן זיך באַלד אומקערן. ס'זיינען דערנאָך אינ־מיטן וועג אַף די שיפן פאַרגעקומען מערערע מאָל בונטן פון די טריפולאַנ־טן און קאָלומבוס האָט מיט גרויסער מי און אויך אונטער דראָונגען קוים־קוים אויפגעהאַלטן די רו אַפן באָרד פון די דריי שיפן. מיטאַמאָל איז די עקספּעדיציע אַריין אין אַ רואיקן וואַסער וואָס איז געווען גלאַט ווי אַ שפּיגל און דערנאָך האָבן זיך באַוויזן מחנות פייגל. דאָס האָט באַוויזן אַז עס מוז זיין שוין נאָענט ערד. דעם 11טן אָקטאָבער האָט מען געטראָפן צווייגן מיט פּרוכט, אַ האָלצערנע לאָפּעטע און אַנדערע סימנים פון אַ מענטשלעכן ישוב. אין דער נאַכט פון 11טן אַפן 12טן האָט קאָלומבוס באַ־מערקט אַ ליכט, און 2 אַזייגער פאַרטאָג פון 12טן אָקטאָבער האָט אַ טרי־פולאַנט פון דער פּינטאַ אַ געשריי געטון „ערד, ערד!” באַלד האָבן עס אויך אַנדערע באַמערקט און ס'איז אָפּגעפייערט געוואָרן אַ קאַנאָנען שאָס פון דער פּינטאַ, מעלדנדיק דערמיט די נייעס פאַר די אַנדערע שיפן.

דאָס איז געווען נאָך אַ רייזע פון פערצן וואָכן.

ווען ס'איז אויפגעגאַנגען די זון האָט מען שוין קלאָר געקאָנט זען פון וועיט די ערד, ביימער און צולעצט אויך אָרטיקע אייגנוואוינער, אינדיאַ־נער, וואָס האָבן זיך געפונען באַם ברעג.

דער אַנטדעקטער אינדזל איז דער איצטיקער וואַטינג־אינדזל פונעם באַהאַמאַס אַרכיפּעלאַג. די אינדיער האָבן אים גערופן גואַנאַהאַני און די עקספּעדיציע פון קאָלומבוס האָט אים אָנגערופן סאַן סאַלוואַדאָר. די אָר־




די פיר רייזעס פון קאָלומבוס — זוכנדיק אַ וועג צו אינדיע האָט ער אַנטדעקט די אינדזלען און די וואַסערן פון איצטיקער אַמעריקע.

טיקע איינוואוינער האָבן אויפגענומען פריינטלעך די פרעמדע און די שפּאַניער האָבן געשאָנקען די אינדיער אַלערליי מתנות.

די עקספּעדיציע פון קאָלומבוס האָט דערנאָך באַרייזט דעם געגנט און אַנטדעקט אַנדערע אינדזלען, וועלכע קאָלומבוס האָט אָנגערופן פער־נאַנדינאַ און איזאַבעלאַ. דערנאָך האָט די עקספּעדיציע אַנטדעקט די אינדזלען קובאַ און האַיטי. בײַ האַיטי (וואָס די עקספּעדיציע האָט גערופן עספּאַניאָלאַ) איז אונטערגעגאַנגען די שיף סאַנטאַ מאַריאַ. דורך די שטור־רעמס אויפן ים איז זי בײַ די פעלזנס צעקלאַפּט געוואָרן און אונטערגע־גאַנגען. אויפן זעלבן אָרט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ פעסטונג, טויפנדיק זי מיטן נאָמען „נאַווידאַד" (ווײַנאַכטן).

ווען קאָלומבוס האָט אין יאַנואַר 1493 זיך געגרייט צו דער ריקרייזע האָט קאָלומבוסעס חבר מאַרטין אַלאָנסאָ פּינסאָן, דער אָנפירער פון דער שיף פּינטאַ, זיך אָפּגעריסן פון דער עקספּעדיציע און אַוועק אייליק אַליין אויפן וועג קיין שפּאַניע. ער האָט געהאָפט אַז די דריטע שיף, די איינ־ציקע וואָס איז נאָך געבליבן פאַר קאָלומבוס, די ניניאַ, וועט נישט אויס־האַלטן און וועט אויך אונטערגיין, וועט ער קענען אָפּנעמען דעם גאַנצן כבוד און גרויסן לוין פאַר דער געמאַכטער אַנטדעקונג. ער איז אָבער דורכ־געפאַלן ווייל זיין שיף האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן בײַם אַרויספאָרן און דעריבער האָט די פּינטאַ זיך צוזאַמענגעטראָפן ווידעראַמאָל מיט דער ניניאַ. פּינסאָן האָט געבעטן אַנטשולדיקונג בײַ קאָלומבוס און ביידע שיפן האָבן זיך געלאָזט צוזאַמען אויפן ריקוועג צו שפּאַניע. בײַ די אַזאָרן האָט פּינסאָן זיך ווידעראַמאָל אָפּגעזונדערט און גערעכנט צו קומען פריער פון קאָלומבוס. ער איז מיט דער פּינטאַ צוגעקומען צו אַ שפּאַנישן פּאָרט און באַלד אָפּגעשיקט אַ בריוו צום קעניג מעלדנדיק אַז ער איז צוריקגעקומען פונעם אַנטדעקטן לאַנד. שפּעטער אָבער ווען די פּינטאַ איז געקומען קיין פּאַלאָס האָט פּינסאָן געטראָפן שוין דאָרט שטיין געאַנקערט די ניניאַ מיט וועלכער קאָלומבוס איז געקומען פריער מיט אַ פּאָר שעה. פאַר בושה איז פּינסאָן אַראָפּ פון שיף אומבאַמערקטערהייט און זיך באַהאַלטן אין זיין וואוינונג און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער געשטאָרבן.

קאָלומבוס האָט פאַר זיין פאַרלאָזן די אַנדעקטע אינדזלען איבערגע־לאָזט אין דער פעסטונג 39 מאַן אונטערן באַפעל פון אונטעראָפיצירן און נאָך צוויי חדשים רייזע זיך אומגעקערט דעם 15טן מערץ 1493 קיין פּאַ־לאָס. ער האָט זיך אומגעקערט צו די 7 חדשים מיט 12 טעג אין פּאָרט פון וואַנען ער איז אַרויסגעפאָרן און איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד. ער האָט מיטגעבראַכט אייניקע אינדיער און אויך פאַרשידענע פּראָדוקטן און מתנות פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

דערנאָך האָט קאָלומבוס געמאַכט אַ צווייטע רייזע, און אַ דריטע און

פּערטע, אָבער ער האָט אַלײן נישט געװאוסט אַז ער האָט באַרײזט די ברעגן פון אַ נײעם װעלטטײל, נאָר געהאַלטן אַז ער איז געקומען צו מזרח ס׳זײנען שפּעטער געמאַכט געװאָרן נײע אַנטדעקונגס־רײזעס ביז עס איז קלאָר געװאָרן אַז עס האַנדלט זיך אין אַ גרױסן קאָנטינענט, אָבער די



די מאַפּע פון אַמעריקע, געצײכנט דורכן קאַרטאָגראַף מערקאַטאָר אין 16טן יאָרהונדערט.

ערשטע אַנטדעקונג פון דעם װײטן װעלטטײל אינעם פאַרטאָג פון 12טן אָקטאָבער 1492 בלײבט אַלץ די װיכטיקסטע. יענער אױסרוף „ערד, ערד!״ צריק מיט 452 יאָר האָט געגעבן צו װיסן צום ערשטן מאָל דער מענטש־הײט אַז ס׳איז פאַראַנען אַ נײער און גרױסער װעלטטײל, אַף װעלכן מי־ליאָנען פאַרפאָלגטע מענטשן האָבן שפּעטער געפונען אַ רואיקע און גליקלעכע הײם.

# נייע פאַרשונגס - רייזעס

דער הונגער נאָך לאַנד, הערשאַפט, אויסשפּרייטונג און רום דורך דע־ראָבערונג, פּונקט ווי מיר זעען עס איצט אין די צייטן פון היטלער, האָט געהערשט אייביקע יאָרן בײַ די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, אַזוי אין ווייטן אַלטערטום, אַזוי אין מיטלאַלטער און אַזוי אין דער מאָדערנער צייט. דער מאָטיוו איז שטענדיק דערזעלבער, נאָר די מיטלען און דער אופן פון די דעראָבערונגס־קאַמפן, זיינען אָפט פאַרשידענע. דער מאָטיוו איז שטענ־דיק געווען און איז אויך איצט דער, צו באַקומען נייע קוואַלן פון רוי־מאַטעריאַלן, נייע אָפּזאַץ־מערק פאַר די אינדוסטריען און נייע הכנסות פון די שטייערן און אָפּצאָלן וואָס ווערן איינגעפירט אין די דעראָבערטע לענדער. אין אַלטערטום און מיטלאַלטער איז געווען נאָך איין מאָטיוו מער, צו באַקומען אויך שקלאַפן.

די אַנטדעקונג פון דער נייער וועלט, אַמעריקע, איז אַ קאָנסעקווענץ פון יענעם גרויסן הונגער נאָך לאַנד, הערשאַפט און רום, אַ זאַך צו וועלכן עס האָבן געשטרעבט אַזוי די מלוכות ווי די האַנדלסלייט און אויך די נאַ־ווענאַנטן פון יענער צייט. און גראָד איז אויסגעפאַלן דער גורל אז פּונקט דאָס קאַטוילישע קעניגס־פּאָר פערדינאַנד און איזאַבעל, וואָס האָט איינ־געפירט אין זייער מלוכה די אינקוויזיציע און באַרויבט און אַרויסגעטריבן די אידן פון זייער לאַנד, אַז גראָד זיי זאָלן עס זיין די וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט קאָלומבוסן דורכצופירן זיין היסטאָרישע עקספּעדיציע „קיין אינ־דיע" אין 1492, בײַ וועלכער דער גרויסער קאַפּיטאַן האָט אַנטדעקט דעם נייעם וועלטטייל.

די אַנטדעקונג פון ניי לאַנד דורך קאָלומבוס בײַ זיין ערשטער עקס־פּעדיציע קיין אינדיע, ווי ער האָט געמיינט, האָט ענטוזיאַזמירט די מלו־כות פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל צו שיקן באַלד נייע עקספּעדיציעס אין פאַרשידענע ריכטונגען, צו געפינען און דעראָבערן נייע לענדערייען.

שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן צו יענער צייט געשפּילט אַן אַנגעזעענע ראָל אין דער האַנדלס־וועלט און זיי האָבן אויך געהאַט אַ גרויסע צאָל האַנדלס־ און קריגס־שיפן. די אַנטדעקונג פון ניי לאַנד האָט דעריבער דער־וועקט בײַ ביידע מלוכות דעם חשק פון נייע דעראָבערונגען אין דער וועלט.

ביידע האָבן געוואָלט וואָס פריער און וואָס מער אויסשפּרייטן זייער מאַכט און עס האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ קאָנפליקט צווישן די צוויי מלוכות אַף די רעכטן פון די נייע דעראָבערונגען. אַדאַנק דער פאַרמיטלונג פונעם פויפּסט אַלעקסאַנדער 6טן איז עס אָבער געקומען באַלד צו אַ פאַרשטענ־דיקונג און אָפּמאַך צווישן שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, לויט וועלכן יעדע מלוכה האָט באַקומען גענוג גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער נייער אויסשפּריי־טונג פון זייער מאַכט. דער אָפּמאַך פון טאָרדעסיליאַס 1494 האָט באַ־שטימט אַז דער ערדקויל ווערט איינגעטיילט אין צוויי העלפטן, אַ מזרח־דיקן און מערבדיקן טייל, מיט אַ ליניע וואָס זאָל זיך געפינען 730 לעגוועס צו מערב פון די אַזאָרן אינדזלען, און פּאָרטוגאַל זאָל האָבן די רעכטן אין דער מזרח־זייט פון אָט דער ליניע און שפּאַניע באַקומט אַלע רעכטן אַף דער מערב־זייט פון דער ליניע.




די רייזעס פון די פּאָרטוגעזישע נאַוועגאַנטן באַרטאָלאָמעָ דיאַז, וואַסקאָ דע גאַמאַ און קאַבאַל.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט דער פויפּסט, ניט עמיץ אַנדערש, האָט געהאַט דעמאָלט אַן אַנונג אַז די ליניע וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן אינעם אָפּמאַך נעמט אַריין אַ ריזיקן שטח לאַנד פון דעם וואָס איז איצט בראַזיל.

אין סעפּטעמבער 1493 האָט קאָלומבוס אונטערגענומען זיין צווייטע

רייזע איבערן אַטלאַנטיק צו זוכן נייע לענדערייען און אין מאַי 1498 האָט ער אונטערגענומען זיין דריטע רייזע, זיך לאַזנדיק אין אַנקלאַנג מיטן דערמאָנטן אָפּמאַך אין דער ריכטונג צו מערב, זוכניק אַליץ צו דערגרייכן אינדיע. אין דערזעלבער צייט האָט אַ פּאָרטוגעזישער באַרימטער פאָר־שער וואַסקאָ דע גאַמאַ זיך געלאָזט אויך קיין אינדיע, אָבער דורכן מזרח וועג, אַרומרייזנדיק אַפריע. ער האָט אַזוי אַרום דערגרייכט פאַרשידענע וויכטיקע פּאָרטן באַם מזרח ברעג פון אַפריקע, צווישן זיי מעלינדא, און באַ אַ ווייטערדיקער פאַרזעצונג פון ז'ער רייזע דערגרייכט אויך אַזיע און קאַלקוט אין אינדאָסטאַן.

צו יענער צייט איז אַנטשטאַנען אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג פאַר ווייטערדיקע זוכענישן פון לאַנד צו קאָנען אויסשפּרייטן דעם מסחר. דער אַט־לאַנטישער אָקעאַן איז געוואָרן אַ שטאַרקער פאַרקער־וועג פאַר שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע עקספּעדיציעס און האַנדלס־שיפן. ס'איז אויך באַלד אונ־טערגעקומען פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע אייראָפּעאישע מלוכות אי־נעם געיעג נאָך דעראָבערונגען פון נייע לענדער.

די שיפן וואָס זיינען געקומען פון דער ניי אַנטדעקטער וועלט, האָבן גע־געבראַכט פאַרשידענע רוימאַטעריאַלן און דערמיט אויך געבראַכט צו אַ גרויסער נייגעריקייט און אינטערעס פאַר נייע אַנטדעקונגען. די פרישע דעראָבערונגען האָבן געשאַפן אַ נייע אויפלעבונג אין אייראָפּע, דאַקעגן אונטערדריקונג און שקלאַפעריי פאַר די פעלקער אין די דעראָבערטע לענדער.

די אינדיאַנער, ריכטיקער, די פאַרשידענע פעלקערשאַפטן און שבטים וואָס האָבן באַוואוינט די ניי אַנטדעקטע לענדער, זיינען צוערשט דורכן אָנגעקומענעם פרעמדן סאָלדאַט, דערנאָך דורכן גלח און סוחר וואָס האָבן אַריינגעדרונגען אין נייעם לאַנד, געצוואונגען געוואָרן צו זיין שקלאַפן פאַר די דעראָבערער. זיי זיינען אָפן ברוטאַלסטן אופן געשלאָגן און געפייניקט געוואָרן און שפּעטער אין פאַל פון אויפשטאַנדס־פּרואוו אויך אומרחמנות־דיק געמאָרדעט געוואָרן.

## ערשטע אַנטדעקונג פון זיד אַמעריקאַנער לאַנד

די אַנטדעקונג פון זיד־אַמעריקע הויבט זיך אָן מיט דער עקספּעדיציע וואָס עס האָט אונטערגענומען אָנהויב 1500 דער פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן אַלוואַרעז קאַבראַל. ער האָט זיך געפּרואווט לאָזן אָפן וועג קיין אינדיע מיט דער זעלבער ליניע וואָס וואַסקאָ דע גאַמאַ, אַרום אַפריקע. אַ שטורעם האָט זיין שיף אָבער פאַרוואָרפן צום אַמעריקאַנער ברעג. ער האָט דאָרט געלאַנדעט און פּראָקלאַמירט דאָס לאַנד (בראַזיל) אַלס אונטערגעוואָרפן דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל.

אַ פּאָר טאָג שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג צו אינדיע.

אין יאָר 1503, דאָס הייסט עלף יאָר נאָך דעם ווי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט ניי לאַנד (סאַן סאַלוואַדאָר) האָט דער איטאַליענישער סוחר אַמעריקאָ וועספּוסיאָ, וואָס האָט געוואוינט אין שפּאַניע, זיך געשטעלט אין דינסט פון פּאָרטוגאַל צו מאַכן אַ נייע עקספּעדיציע צו דער נייער וועלט, צו דעם טייל וועלט וואָס טראָגט איצט זיין נאָמען, אַמעריקע.

דער ריכטיקער נאָמען זיינער ווערט אָנגעגעבן אַלס וועספּוטשיאָ אַמעריגאָ. אַ זון פון אַן אָנגעזעענער פאַמיליע פון פלאָרענץ, האָט שפּעטער זיך



אַלוואַרעז קאַבראַל



אַמעריקאָ וועספּוסיאָ

באַזעצט אין שפּאַניע וואו ער האָט געפירט מסחר. דורך זיין נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט קאָלומבוס האָט ער אויך זיך ענטוזיאַזמירט פאַר פאָרשונגס-רייזעס און ער האָט מיטגעמאַכט די ערשטע עקספּעדיציע מיט אָכעדאַ אין 1499 און די צווייטע מיט לעפּע, אין דינסט פון שפּאַניע. שפּעטער האָט ער מיטגעמאַכט אַן עקספּעדיציע שוין אין דינסט פון פּאָרטוגאַל מיט גאָנזאַלאָ קעליאָ אין 1501 און צולעצט אונטערגענומען 1503 אַליין די עקספּעדיציע, דאָסמאָל אויך אין דינסט פון פּאָרטוגאַל, און בײַ דער דאָזיקער עקספּעדיציע אַנטדעקט די זיד אַמעריקאַנער לענדער.

אַמעריקאָ וועספּוסיאָ האָט זיך אויסגעצייכנט מער פון אַנדערע פאָרשער מיט דעם, וואָס ער האָט נאָכן אומקערן זיך פון וועלכער עקספּעדיציע געמאַכט גענויע באַשרייבונגען און די זעלבע באַגלייט מיט מאַפּעס און געאָגראַפישע באַמערקונגען פון די אַנטדעקטע ערטער.

די ערשטע וועלט מאַפּע מיט דער באַצייכנונג אַמעריקע. — די דאָזיקע מאַפּע מיט דער באַצייכנונג אַמעריקע אַפן אַנטדעקטן קאָנטינענט פון דער נייער וועלט איז געדרוקט געוואָרן אין פּראַנצויזיש. זי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין סען דיע, פראַנקרייך, אין 1507, דורך מאַרטין וואַלדזעעמילער אין זיין ווערק „קאָסמאָגראַפיע אינטראָדוקציע", אין וועלכער ער שילדערט די פיר רייזעס פון אַמעריקאָ וועספּוסיאָ און די אַנטדעקונג פון נייעם וועלט טייל. דאָס דערמאָנטע ווערק איז היינט אַ זעלטנהייט. אַן עקזעמפּליאַר דערפון געפינט זיך אין מוניציפּאַלן מוזיי פון סען דיע. וואַלדזעעמילער איז אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון וועספּוסיאָס רייזע באַשרייבונגען, אַז ער האָט אויסגעאַרבעט די דערמאָנטע מאַפּע מיט דער באַצייכנונג אַמעריקע, נישט וועלנדיק נעמען אין אַכט די אַנטדעקונגס רייזעס פונעם ערשטן און פאַרדינסטפולן פאָרשער און אַנטדעקער קריסטאָף קאָלומבוס.

אַף זיין פערטער עקספּעדיציע, אונטער זיין אייגענער אָנפירונג, האָט וועספּוסיאָ זיך געלאָזט צו דער ריכטונג פונעם זיד־אַטלאַנטיק, אַהין צו יענעם לאַנד וואָס קאַבראַל האָט דורך אַ צופאַל אַנטדעקט. ער האָט באַרייזט דעם גאַנצן מזרח־ברעג פון בראַזיל און לויט אייניקע זאָל ער אויך האָבן באַרייזט דעם אורוגווייער ברעג באַם לאַ פּלאַטאַ און דערגרייכט אַפילו שפּעטער די מאַלווינער אינדזלען. זיינע בריוו וועגן די נייע אַנטדעקונגען זיינען געלייענט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס און פון זיי איז געוואָרן צו זען אַז אַמעריקאַ וועספּוסיאָ האָט אַנטדעקט אַ גאַנצן קאָנטינענט. די מאַפּעס און די געאָגראַפיע וואָס זיינען אין 1507 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין לאַטיין, האָבן באַוויזן, אַז דער ריכטיקער אַנטדעקער פון אַ נייעם קאָנטינענט איז וועספּוסיאָ, דאַן ווען קאָלומבוס האָט אַנטדעקט בלויז אינדזלען, און דער אויטאָר פון יענער געאָגראַפיע האָט אָנגעמערקט אַז ער זעט ניט איין קיין שום מאָטיוו פאַרוואָס דער נייער וועלט־טייל זאָל ניט אָנגערופן ווערן אַמעריקאַ אָדער אַמעריקאָ. אָט אַזוי איז אין אייניקע גלאָבוסן און מאַפּעס וואָס זיינען שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן שוין באַצייכנט געווען דער נייער וועלט־טייל מיטן נאָמען אַמעריקאַ און זייט 1516 איז עס שוין אין דער גאַנצער וועלט אַזוי אָנגענומען געוואָרן. און כאָטשע וועספּוסיאָ איז ניט שולדיק געווען אין דעם אומרעכט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם ערשטן אַנטדעקער, קאָלומבוס, דערמיט וואָס זיין נאָמען איז אינגאַנצן באַזייטיקט געוואָרן, האָט ער אָבער דאָך עס אָנגענומען מיט שטילשווייגן.

## די אַנטדעקונג פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט

אייפערזיכטיק איבער דער אַנטדעקונג וואָס אַמעריקאָ וועספּוסיאָ האָט געמאַכט אַף זיין רייזע אין דינסט פון פּאָרטוגאַל, האָט די שפּאַנישע רעגירונג אויסגעשטאַט 1515 אַ נייע עקספּעדיציע, אָנגעפירט פונעם פּילאָט כואַן דיאַז דע סאָליס, צו באַרייזן די ווייטערדיקע ברעגן פונעם אַנטדעקטן קאָנטינענט.

סאָליס האָט אַרומגערייזט די גאַנצע לענג פון בראַזיל און די איצטיקע רעפּובליק אורוגווייִ און דערנאָך זיך געלאָזט מיטן לאַ פּלאַטאַ טייך ביז אַ קליינער בוכטע, וואָס ער האָט אָנגערופן „פּוערטאָ דע נועסטראַ סעניאָראַ דע לאַ קאָנצעלאַריאַ" (איצט: מאַלדאָנאַדאָ). דאָרט האָט סאָליס מיט זיין מאַנשאַפט געלאַנדעט און אויסגעשטעלט אַן אַקט וועגן נעמען דעם געגנט אין באַזיץ אין נאָמען פון קעניג. די צערעמאָניע פון אַזאַ אַקט איז באַשטאַנען געוויינלעך פון מעלדן דורך אויסרופער און פּייקלער דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אַז דאָס אַנטדעקטע לאַנד גייט אַרונטער אונטערן באַ־

פעל און שוץ פונעם קעניג און עס ווערט פאַרזיכערט דער באַפעלקערונג געדעכטיקייט.

פון דאָרט האָט סאָליס זיך געלאָזט ווייטער מיטן לאַ פּלאַטאַ טייך ביזן אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ. דער לאַ פּלאַטאַ טייך דורך זיין גוואַלדיקער ברייטקייט האָט אויסגעוויזן סאָליסן ווי אַ ים, און באַמערקנדיק אַז די וואַסערן דאָרט זיינען ניט קיין געזאַלצענע, האָט ער אָנגערופן דעם טייך „מאַר דולסע” (זיסער ים). שפּעטער איז דער זיסער ים אָנגערופן געוואָרן



גאַבאָטאָ



כואַן דיאַז דע סאָליס

אָפן נאָמען פון זיין אַנטדעקער, מאַר סאָליס (דער סאָליס ים) און צולעצט האָט ער באַקומען דעם איצטיקן נאָמען ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ (טייך פון זילבער).

סאָליס איז מיט דער קלענסטער זעגלשיף צוגעשוואומען דערנאָך צום אורוגווייער ברעג, נערדלעך פונעם אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ און געלאַנדעט אָפן פּלאַץ אין דער הויך פונעם טייך לאַס וואַקאַס. דאָרט האָט סאָליס צוזאַמען מיט אַ טייל פון דער מאַנשאַפט געלאַנדעט און זיך געלאָזט אָף אַן אויספאָרשונגס-מאַרש צו באַטראַכטן דעם געגנט. אַ מחנה אינדיאַנער וואָס האָט זיי באַמערקט האָט געמאַכט אַ פּלוצלונגען איבערפאַל אָף די עקספּעדיציאָנערן און מיט זייערע פיילן דערהרגעט די גאַנצע גרופּע צוזאַמען מיט סאָליסן. בלויז איינעם פון די עקספּעדיציאָנערן, פראַנציסקאָ דעל פּוערטאָ, איז עס געלונגען זיך צו ראַטעווען, אָבער ער איז געבליבן געפאַנגען בא די אינדיאַנער. די גרופּע וואָס האָט דערהרגעט סאָליסן מיט

זיינע באַגלייטער, האָט געהערט צו די גוואַראַניעס.

עס הייסט אַז פון דער שיף זאָל מען האָבן באַמערקט דעם איבערפאַל און ס'איז פון דאָרט אָפּגעפיירט געוואָרן איייניקע זאַלפן מיט די קאַנאָנען איבערצושרעקן די אינדיאַנער, אָבער אָן דערפאָלג.

דאָס איז געשען אָנהויב 1516.

דער געבליבענער מאַטראָז פראַנציסקאָ דעל פּוערטאָ האָט לעבנדיק צווישן די אינדיאַנער זיך אויסגעלערנט זייער שפּראַך און ווען ער איז שפּעטער געפונען געוואָרן פון דער עקספּעדיציע פון גאַבאָטאָ האָט ער געדינט אַלס דאָלמעטשער צווישן די אינדיאַנער און די שפּאַניער.

דער צווייטער שעף פון דער עקספּעדיציע, פראַנציסקאָ טאָררעס, זעענדיק דעם אומגליקלעכן סוף פון זיינע חברים, האָט באַשלאָסן ניט פאָרצוזעצן די אויספאָרשונג פון די ברעגן צו געפינען אַ ווייטערדיקן אַרויסגאַנג, נאָר זיך אומגעקערט באַלד קיין שפּאַניע.

ניט דערמיט האָט זיך אָבער נאָך געענדיקט די אומגליקלעכע עקספּעדיציע. ווען די שיפן זיינען געקומען צום אינדזל סאַנטאַ קאַטאַלינאַ איז איינע פון די דריי שיפן אונטערגעגאַנגען און די מאַנשאַפט, אין באַשטאַנד פון 11 מאַן האָט זיך געראַטעוועט אויפן בראַזיליענער ברעג. זיי האָבן אָבער ניט געקענט זיך אומקערן קיין שפּאַניע, ווייל די אַנדערע צוויי שיפן פון דער עקספּעדיציע זיינען שוין געווען גאַנץ ווייט. די שיפן האָבן אין דער בוכטע פון סאַנטאָס אויפגעלאָדן האָלץ און זיך אומגעקערט דערמיט קיין שפּאַניע, און די מיטגלידער פון דער אונטערגעגאַנגענער שיף זיינען געבליבן צווישן די אינדיאַנער ביז ס'איז געקומען גאַבאָטאָ אין 1526 און זיי אויסגעלייזט.

די עקספּעדיציע האָט אויסער דעם שעף (סאָליס) מיט זיינע באַגלייטער און די עלף שיפסברוכיקע פון סאַנטאַ קאַטאַלינאַ, איבערגעלאָזט אין אַמעריקע אויך מאַרטין גאַרסיאַ, וועלכער איז געשטאָרבן אויפן באָרט פון אַ שיף און באַגראָבן געוואָרן אויפן אינדזל וואָס טראָגט זיין נאָמען, און פראַנציסקאָ דעל פּוערטאָ וואָס איז געבליבן בא די אינדיאַנער ביז גאַבאָטאָ האָט געמאַכט זיינע רייזעס איבערן פּאַראַנאַ.

## שפּאַניע בלייבט באַם רעכט אויפן לאַ פּלאַטאַ געביט

וועגן רעכט אויפן לאַ פּלאַטאַ געביט האָט זיך דעמאָלט אויפגעהויבן אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע צווישן די געאָגראַפן, געשיכטע־שרייבער און אויך אַ דיפּלאָמאַטישער קאָנפליקט צווישן פּאָרטוגאַל און שפּאַניע. יעדע פון זיי האָט זיך צוגעשריבן דעם רום און רעכט פון דער אַנטדעקונג פונעם גרויסן טייך פון זיסן וואַסער. פּאָרטוגאַל האָט געהאַלטן אַז אַמעריקאָ וועספּוסיאָ האָט שוין אין 1503, דאָס הייסט פאַר סאָליסן, אַנטדעקט יענעם געביט

און אזוי ארום געהערט עס צו איר הערשאפט. די שפאנישע רעגירונג אבער האט געהאלטן אז ס'איז אין קיין שום דאקומענט ניט באשטעטיקט די דאזיקע באהויפטונג. דאקעגן האט די עקספעדיציע פון סאליס ניט נאר באוויזן, נאר אויך גענומען אין באזיץ שוין איניקע ערטער בא די לא פלאטא ברעגן.

אין דער דאזיקער טענה איז שפאניע געבליבן די זיגערן, און דער זי־סער ים (מאר דולסע) אדער שפעטער ריא דע סאליס און צולעצט ריא דע לא פלאטא, איז געבליבן אונטער שפאנישער הערשאפט.

## די רייזע פון מאגאלאשאנעס

ס'זיינען אוועק פיר יאר זייט דער עקספעדיציע פון סאליס, ביז עס איז אונטערגענומען געווארן א נייע פארשונגס־רייזע צו זוכן א דורכ־גאנג פונעם אטלאנטישן אקעאן צו אן אנדערן, מיט וועלכן מען זאל קאנען דערגרייכן אינדיע אדער מעגלעך אויך אנדערע קאנטינענטן. איבערהויפט איז געווען א שטרעבונג צוצוקומען צו די אזוי גערופענע מאלוקן אינדזלען וואס זיינען באטראכט געווארן אלס רייכע אין קאלאניאלע פראדוקטן און גאלד אדער זילבער.

איינער פון די גרעסטע פארטוגעזישע נאוועגאנטן, הערנאנדא דע מאגאליאנעס (אדער מאגאלאשאנעס), אומצופרידן מיטן פארטוגעזישן קע־ניג, האט אין דינסט פון שפאניע אונטערגענומען דעם 20טן סעפטעמבער 1519 א נייע עקספעדיציע צום מאר דולסע, וואס סאליס האט געהאט אנטדעקט. ער האט באוויזן בראזיל און מיט זיין עסקאדרע אין באשטאנד פון פינף שיפן אנגעקומען אין יאנואר 1520 צום טייך פון סאליס (אדער מאר דולסע). אפן וועג האבן זיי באם איצטיקן פונטא דעל עסטע (מאלדא־נאדא) באמערקט „א בארג ענלעך צו א הוט" און האבן אים א נאמען גע־געבן מאנטע ווידי. שפעטער איז ער אנגערופן געווארן מאנטע סאנטא אווידיא, פון וועלכן ס'איז צולעצט געווארן מאנטעווידעא. דאס איז געווען דער איצטיקער בארג פון דער מאנטעווידעער בוכטע.

מאגאלאשאנעס האט זיך אפגעשטעלט מיט זיינע שיפן אין דער הויך פונעם טייך ראזאריא און דארט צעטיילט די סקוואדרע. ער האט א טייל מאנשאפט גענומען מיט זיך און דעם אנדערן טייל געלאזט פאר אנדערע אפ אנצופירן לאנד־פארשונגען. מאגאלאשאנעס האט זיך פארהאלטן מיט א שיף אין פארט וואס ער האט אנגערופן סאן כוליא און דארט האט ער איבערגעווארט דעם ווינטער, אפ צו קאנען אין פרילינג פארזעצן די רייזע. איין שיף פון דער עקספעדיציע איז אוועק מיטן טייך אורוגוויי ביז אין דער הויך פונעם אריינגוס פונעם ריא נעגרא, און דעמאלט איז קלאר גע־

ווארן, אז דער „זיסער ים" איז ניט קיין ים, נאָר אַ טייך און מען האָט אים אָנגערופן „ריאָ סאָליס", אַפֿן נאָמען פֿונעם ערשטן אַנטדעקער.

אַ טייל פון דער מאַנשאַפֿט, אומצופרידן צו בלייבן חדשים לאַנג אין אַזאַ פוסטן און אומבאַפעלקערטן געגנט, האָט זיך געבונטעוועט און גע־פאָדערט בײַ מאַגאַזשאַנעסן זיך אומצוקערן קיין שפאַניע. די אומצופרידע־נע האָבן אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד און פארכאַפט דריי שיפן פון דער עקספעדיציע. אָבער מאַגאַזשאַנעס האָט פארפירט קעגן זיי אַן ענערגישן קאַמף און זיי באַזיגט. נאָכדעם ווי מערערע אויפשטענדלער זיינען דער־הרגעט געוואָרן, האָבן זיך די איבעריקע אונטערגעגעבן.

די עקספעדיציע איז געבליבן אין סאַן כוליאַן אַ צייט פון פינף חדשים, פארנעמענדיק זיך מיטן פאַרריכטן און אויסבעסערן די שיפן און אויס־שפירן דאָס לאַנד. זיי האָבן דאָרט געטראָפן אייניקע געבירטיקע פון הויכן וואוקס, וואָס זיינען פון די עקספעדיציאָנערן באַטיטלט געוואָרן אַלס פּאַ־טאַגאָנעזער, ווייזט אוים איבער די גרויסע שפורן וואָס זיי האָבן געלאָזט דורך זייער גאַנג אינעם שניי, גייענדיק אָנגעטון אַ מין שטיוול פון פעלץ.

נאָכן ענדיקן פון דער ווינטער־צייט, האָט מאַגאַזשאַנעס אונטערגע־נומען די ווייטערדיקע רייזע. געמיינט האָט מאַגאַזשאַנעס צו געפונען דורכן לאַ פּלאַטאַ טייך אַ דורכגום צו אַ צווייטן ים. אַזוויווי אָבער ער האָט געזען אַז די וואַסערן ווערן וואָס אַמאָל שמעלער און פירן בלויז טיפער צום אי־נערן פון לאַנד, האָט ער זיך פאַרנומען מיט זיין עקספּעדיציע צו זיך.

דאָרט, אַף דער פּאַטאַגאָנישער ערד, ווי ער האָט אָנגערופן דעם או־גווייער ברעג, האָט ער איבערגעלאָזט זיין לייטענאַנט כואַן דע קארטאַ־כענאַ און הײַם גלח סאַנטשעז דע רעינאַ, וועלכע האָבן זיך געהאַט באַ־טייליקט אינעם אויפשטאַנד, און ער מיט דער טריי געבליבענער מאַנ־שאַפט, האָט זיך געלאָזט צו זיד דעם 1טן נאָוועמבער 1520. געפאָרן איז ער מיט פיר שיפן, ווייל איינע איז אונטערגעגאַנגען בשעתן קאַמף מיט די אויפשטענדלער. נאָך אַ רייזע פון איבער אנדערהאַלבן חדשים, האָט ער דעם 21טן אָקטאָבער 1520 דערגרייכט דעם דורכגאַנג, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט און וועלכער טראָגט איצט זיין נאָמען (עסטרעטשאָ דע מאַ־גאַזשאַנעס). דעם דאָזיקן דורכגאַנג פונעם אַטלאַנטיק צום פּאַסיפיק, האָט מאַגאַזשאַנעס (ריכטיקער מאַגאַליאַנעס) באַצייכנט מיטן נאָמען טאָדאָס לאָס סאַנטאָס.

דאָס שווימען צווישן די אַלערליי אינדזלען אינעם דורכגום האָט גע־דויערט אַ פּאָר טעג ביז מאַגאַזשאַנעס מיט זיינע שיפן זיינען ענדלעך אַרויס־געקומען אינעם פרייעם וואַסער פונעם פּאַסיפישן אָקעאַן. ער האָט זיך פאַרנומען דערנאָך איבערן פּאַסיפיק ביז די פיליפינען אינדזלען און דאָרט האָט ער פאַרלוירן דאָס לעבן אינעם קאַמף מיט די אָרטיקע אינדיאַנער.

ווען אַפילו דאָס קומענדיקע האָט נישט קיין דירעקטן שייכות מער מיט דער אַנטדעקונג און דעראָבערונג פון אַרגענטינע וועט דאָך, גלויב איך, זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן אין קורצן נאָך אַ פּאָר עפּיזאָדן פון מאַגאַזשאַנעס רייזע אינעם אָקעאַנישן דורכגוס און זיין רייזע בײַ די פּיליפּינען, וואָס דינט אַלס אילוסטראַציע פון דער גרויסער ענערגיע און פאָרשונגס-ווילן פונעם באַרימטן נאַוועגאַנט.

מאַגאַזשאַנעס, ווי געזאָגט, איז געווען אַ פּאָרטוגעזער, אין דינסט פון שפּאַניע, און צוליב דעם האָט ער נישט געהאַט קיין באַזונדערס גרויסן צוטרוי בײַ די מאַנשאַפטן און האָט אָפט געדאַרפט האַנדלען זייער שטרענג מיט זיי. שוין דאָס אונטערנעמען די ווייטערדיקע רייזע פונעם לאַ פּלאַטאַ, דעמאָלט סאָליס טייך, האָבן די קאַפּיטאַנען און אונטעראָפיצירן זיך געקווענקלט און נישט גערן געוואָלט זיך לאָזן ווייטער צו זיד. אָבער מאַגאַזשאַנעס מיט זיין עקשנות האָט זיי געצוואונגען מיטצומאַכן די ווייטערדיקע רייזע אונטערן פאַרשפּרעכן אויב מען וועט ביזן 75טן גראַד זיד-ברייט נישט טרעפן קיין דורכגאַנג וועט ער זיך אומקערן קיין שפּאַניע. צום גליק אָבער איז דאָס נישט נויטיק געווען. דעם 21טן אָקטאָבער 1520 זיך געפינענדיק עפּעס ווייטער פונעם 52טן גראַד האָבן די עקספּעדיציאָנערן באַמערקט אַ מין גאָלף און מאַגאַזשאַנעס האָט פאַראָרדנט שנעל צו זעגלען צו מערב, און כאָטשע קיינער האָט נישט געגלויבט אַז דאָרט זאָל זיך געפינען טאַקע אַ דורכגאַנג איז דער באַפעל אויסגעפירט געוואָרן. נאָך דריי טעג אומוואַנדערן מיט די שיפן צווישן די פאַרשידענע אינדזלען און קאַנאַלן איז ענדלעך דערגרייכט געוואָרן דער גרויסער ציל: די שיפן זיינען אַריין אין צווייטן אָקעאַן, דעם פּאַסיפיק. מאַגאַזשאַנעס האָט דעמאָלט פאַררופן אַ באַראַטונג פון די קאַפּיטאַנען און סוב-אָפיצירן וועגן זיין פּלאַן פאָרצוזעצן די רייזע איבערן נייעם אָקעאַן, און כאָטשע אַ גרויסער טייל איז געווען קעגן דעם און דער פּאָרטוגעזישער פּילאָט עסטעבאַן גאָמעז האָט פאָרגעשלאָגן זיך אומצוקערן קיין שפּאַניע און מעלדן דאָס נייעס, און איבערלאָזן די ווייטערדיקע אַנטדעקונגס-רייזע פאַר אַ נייער עקספּעדיציע, אַ בעסער צוגעגרייטע, מיט מער פּראָוויאַנט, האָט מאַגאַזשאַנעס צום סוף דערקלערט אַז ער איז אַנטשלאָסן פאָרצוזעצן די רייזע, אַפילו ווען ס'זאָל אויסקומען שפּעטער צו עסן לעדער. אויסער דעם האָט ער געלאָזט אויסרופן אַף אַלע פיר שיפן אַז עס וועט באַשטראָפט ווערן מיט טויט יעדער וואָס וועט ריידן פון שוועריקייטן פון דער רייזע.

די עקספּעדיציע האָט בײַ אַזאַ שטימונג אונטערגענומען די צוגרייטונג צו דער ווייטערדיקער רייזע. אַף די אַרומיקע אינדזלען האָט די מאַנשאַפט אָנגעקליבן האָלץ און מען האָט געכאַפּט אַ סך פיש אַלס שפּייז פאַרן ווייטערדיקן וועג. איין שיף אָבער מיטן נאָמען סאַן אַנטאָניאָ וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אַביסל ווייטלעך פון די איבעריקע האָט אין אַן אומבאַ-

מערקטן מאָמענט זיך געטאָן אַ דריי אויס און זיך געלאָזט שנעל צום אַט־לאַנטיק אָפּן וועג צוריק קיין שפּאַניע. אָפּ דערדאָזיקער שיף איז געווען דער גרעסטער טייל פּראָוויאַנט פון דער עקספּעדיציע. מאַגאַזשאַנעס האָט שפּעטער די שיף אַרומגעזוכט אַ פּאָר טעג און ענדלעך, נישט זעענדיק קיין שום שפּור פון איר האָט ער זיך געלאָזט מיט די אַנדערע דריי שיפן אין וועג אַריין.

דעם 27טן נאָוועמבער איז די עקספּעדיציע אַריין אין גרויסן אָקעאַן און באַלד זיך פאַרקירעוועט צו נאָרד. זיין אַמביציע איז געווען צו דער־גרייכן מיטן דאָזיקן אָקעאַן אינדיע. די וואַסערן זיינען געווען שטיל און דער ווינט אַ גינסטיקער, האָט די עקספּעדיציע נאָך צוואַנציק טעג רייזע געקאָנט דערגרייכן די הויך פון דער טראָפּיקאַלישער זאָנע. איבער דער רואיקייט פונעם וואַסער האָט מאַגאַזשאַנעס באַצייכנט דעם אָקעאַן מיטן נאָמען פּאַסיפיק.

די שיפן האָבן הערנאָך אויסגעדרייט צו מערב, זיך לאָזנדיק אין דער ריכטונג וואו מאַגאַזשאַנעס האָט דערוואַרט צו טרעפן דאָס רייכע אינדיע מיט די אינדזלען פון עספּעסעריאַ (געווירצן). מאַגאַזשאַנעס האָט געהאָפט די אינדזלען צו דערגרייכן אין אַ פּאָר וואָכן, אָבער עס זיינען אַוועק איבער דריי חדשים מיטן אַרומבלאָנקען איבערן גרויסן אָקעאַן. די מאַנשאַפט האָט געדאַרפט עסן גאַליעטן פול מיט ווערעמלעך און געליטן פון אַ שרעקלעכן געשטאַנק פונעם אורין פון די שטשורעס. אָפּ נישט צו שטאַרבן פון הונ־גער האָבן זיי געגעסן שטיקער לעדער וואָס האָבן געדינט אַלס שטריק באַם מאַסטבוים און אַ סך האָבן געגעסן זעגעכץ פון ברעטער. שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן הרגענען די שטשורעס און זיי געגעסן. דאָס וואַסער וואָס זיי האָבן געטרונקען איז געווען אומריין און געשטונקען. אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען קראַנק און געשוואָלן געוואָרן. באַ אייניקע זיינען די יאַסלעס אַזוי געשוואָלן געוואָרן אַז זיי האָבן פאַרדעקט די ציין. ביסלעכ־ווייז האָבן אייניקע קראַנקע אָנגעהויבן פאַלן פון די פיס און זיינען גע־שטאָרבן. אַזעלכע זיינען געווען אַרום 25 און אַנדערע איז עס געלונגען זיך צו ראַטעווען.

אין די הונדערט טעג פון כסדרדיקער רייזע איבערן פּאַסיפיק האָט די עקספּעדיציע אָנגעטראָפן אָפּ בלויז צוויי אינדזלען, אָבער גאַנץ הוילע און פּוסטע, און דעריבער זיי אָנגערופן דעסווענטוראַדאַס (אומגליקלעכע).

ענדלעך דעם 6טן מערץ 1521 זיינען די שיפן אָנגעקומען צו די אינדז־לען וואָס זיי האָבן אָנגערופן לאַדראָנעס (גנבים) און דאָרט ערשט האָבן אויפגעהערט די גרויסע הונגער ליידן. שפּעטער מיט צען טעג האָבן זיי אַנטדעקט די פיליפּינען אינדזלען. די מאַנשאַפט זיינען אַרויף אָפּ אַ קליי־נעם אינדזל (מאַזאַגוואַ) וואו זיי זיינען פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן

פון די דאָרטיקע איינוואוינער. שפּעטער איז די עקספּעדיציע אַריבער אַפן אינדזל סעבו, דאָרט אויפגעבויט אַ קירכע און באַקערט דעם קעניג, די קעניגן און אַ סך געבירטיקע צום קריסטנטום. זיי האָבן דאָרט אויך אויפגעשטעלט אַ האַנדלס־אָפּטיילונג פאַרן מסחר מיט שפּאַניע.

מאַגאַזשאַנעס מיט זיין מאַנשאַפט האָט דאָרט אויך אונטערגענומען אַ פּרואוו צו אונטערוואַרפן אַנדערע קעניגן פון אומגעגנט דער הערשאַפט פונעם קענג פון סעבו, אָבער ער האָט אָנגעטראָפן אַף אַ גוואַלדיקן ווידערשטאַנד. דער קעניג פון מאַקאַן אָדער מאַקטאַן האָט צוזאַמענגערופן אַן אַרמיי פון אַרום 6.000 קריגסלייט און אַרויס אין קאַמף קעגן די איי־



מאַגאַזשאַנעס



על קאַנאָ

ראָפּעער. מאַגאַזשאַנעס מיט 65 מאַן האָט געפּרואווט פאַרפירן אַ קאַמף מיט די אינדיאַנער, אָבער דורך דער גרויסער איבערצאָל פון די לעצטע זיינען געפאַלן מערערע עקספּעדיציאָנערן. מאַגאַזשאַנעס מיטן רעשט האָט שנעל אָפּגעצויגן און זיך געלאָזט איילִיק צו זייערע שיפן, און אין דער מינוט ווען מאַגאַזשאַנעס האָט שוין געזאָלט אַרויף אַף אַ שיף האָט אַן אינדיאַנער מיט זיין געשפּאַנטן בויגן אַריינגעיאָגט דעם גרויסן נאַוועגאַנט אַ שטיין און אים דערהרגעט.

נאָכן טויט פון מאַגאַזשאַנעס האָט סעבאַסטיאַן על קאַנאָ איבערגענומען די אָנפירונג פון דער עקספּעדיציע און זיך אומגעקערט דורכן אַטלאַנטיק קיין שפּאַניע מיט בלויז איין שיף, נאָך דריי יאָר נע־ונד זיין אַף די

ימים. פון די 237 מאַן וואָס די עקספּעדיציע האָט געציילט באַם אַרויס־פאָרן, האָבן זיך אומגעקערט בלויז 18. זיי זיינען געווען די ערשטע מענ־טשן וואָס האָבן געמאַכט די ערשטע רייזע אַרום דער וועלט און זיך אי־בערצייגט אַז דער ערדקויל איז קיילעכדיק.

סעבאַסטיאַן על קאַנאָ האָט באַקומען אַלס מתנה אַ געוב (שילד) מיט דער אויפשריפט: „דו ביזט געווען דער ערשטער וואָס האָסט מיך אַרומ־גערינגלט".

## די עקספּעדיציע פון גאַבאָטאָ

אין אַפּריל 1526 האָט דער איטאַליענישער נאַוועגאַנט סעבאַסטיאַן גאַבאָטאָ (אָדער קאַבאָטאָ), וועלכער האָט שוין געהאַט מיטגעמאַכט איי־ניקע עקספּעדיציעס אַרום די ברעגן פון נאָרד־אַמעריקע, אונטערגענומען אין דינסט פון שפּאַניע אַן עקספּעדיציע צו די ברעגן וואָס סאָליס האָט גע־האַט אַנטדעקט. גאַבאָטאָ האָט באַקומען די פּאַראָרדענונג צו קומען ביז די מאָלוקן אינדזלען, דורכפאָרנדיק דעם ים־דורכגום וואָס מאַגאַזשאַנעס האָט אַנטדעקט.

צו דער זעלבער צייט איז פון אַ שפּאַנישער האַנדלס־געזעלשאַפט אויסגעשטאַט געוואָרן אַ צווייטע עקספּעדיציע, דירעקט צו די ברעגן וואָס סאָליס האָט אַנטדעקט אַף אויסצופאָרשן יענע לאַנד. די דאָזיקע צווייטע עקספּעדיציע איז אַנפאַרטרויט געוואָרן דער אָנפירונג פון דיעגאָ גאַרסיאַ, אַ מאַטראָז וואָס האָט מיטגעמאַכט שוין די רייזע צום לאַ פּלאַטאַ (דע־מאָלט באַקאַנט אַלס ריאָ סאָליס) קודם מיט דער עקספּעדיציע פון סאָליס און דערנאָך מיט דער עקספּעדיציע פון מאַגאַזשאַנעס. דיעגאָ גאַרסיאַ איז אַרויסגעפאָרן מיט זיין עקספּעדיציע פון שפּאַניע אַ קורצע צייט פריער פון גאַבאָטאָ, אָבער דורך די שטורעמס איז ער אָנגעקומען שפּעטער פון אים צום טייך פון סאָליס.

ווי געזאָגט, האָט גאַבאָטאָ, וואָס איז מיט פיר שיפן און 600 מאַן גע־פאָרן אין שליחות פונעם קעניג קאַרל 1טן, באַדאַרפט בלויז אַרומרייזן דעם ברעג פון דעם לאַנד וואָס איז איצט אַרגענטינע, אָבער ניט עס אויספאָר־שן, נאָר פאָרזעצן די רייזע דורכן ים־אויסגום צום פּאַסיפיק. גאַרסיאַ ווי־דער האָט געהאַט פאַר זיך אַלס ציל אויסצופאָרשן דאָס לאַנד. אָבער גאַ־באָטאָ האָט אַנדערש געהאַנדלט.

נאָך אַ רייזע פון זעקס חדשים האָט גאַבאָטאָ זיך אָפּגעשטעלט אין אָקטאָבער 1526 באַ די ברעגן פונעם אינדזל סאַנטאַ קאַטאַלינאַ, נעבן וועלכן ער האָט פאַרלוירן די וויכטיקסטע שיף פון זיין עקספּעדיציע מיט דער לאַ־דונג. דאָרט האָט גאַבאָטאָ מיט זיין מאַנשאַפט געלאַנדעט און געטראָפן צוויי פון די שיפסברוכיקע פון דער עקספּעדיציע פון סאָליס, וועמענס שיף

איז געהאַט אונטערגעגאַנגען באַם אומקערן זיך (אונטער דער אָנפירונג פון פראַנציסקאָ מאַרעס) קיין שפּאַניע אין 1516. די דאָזיקע שיפסברו־כיקע האָבן זיך פאַרייניקט מיט דער עקספּעדיציע פון גאַבאָטאָ און אי־בערגעגעבן דאַטן וועגן רייכע גאָלד, זילבער און אַנדערע מעטאַל מינען פונעם „ווייסן קעניג" ווי זיי האָבן באַטיטלט דעם הערשער פונעם לאַנד (היינט פּערו).

האָבנדיק פאַר זיך אַזעלכע וויכטיקע דאַטן האָט גאַבאָטאָ סיי דורך אייגענער נייגעריקייט און סיי דורך דער פאָדערונג פון דער מאַנשאַפט, וואָס האָט געדראָעט מיט אַן אויפשטאַנד, באַשלאָסן אויפצוגעבן דעם פּראָ־יעקט דורכצופאָרן דעם דורכגוס פון מאַגאַזשאַנעס און קומען צו די מאָלוקן אינדזלען, ווי ס׳איז אים פאַראָרדנט געוואָרן, נאָר בעסער אויספאָרשן דאָס לאַנד וואו ער געפינט זיך (בראַזיל) מיט דער האָפנונג צו געפינען די אָנגעגעבענע גאָלד־אוצרות. ער האָט זיך שפּעטער געלאָזט מיט די שיפן אי־בער די טייכן און אָנגעקומען פעברואַר 1527 אינעם טייך סאָלים. דאָרט האָט ער געטראָפן אַן אינדזל וועלכן ער האָט גערופן סאַן גאַבריעל, און דערנאָך איז ער אַריין ביזן אַריינגוס פונעם טייך אורוגוויי. ער האָט מיט דער מאַנשאַפט געלאַנדעט אַפן ברעג אין אַ געגנט וואָס ער האָט אָנגערופן סאַן לאַזאַראָ. דאָס איז געווען דעם 6טן אַפּריל.

גאַבאָטאָ האָט דאָרט געפונען דעם איינציק לעבן געבליבענעם פון דער סאָלים־עקספּעדיציע פראַנציסקאָ דעל פּוערטאָ, וועלכער איז געהאַט גע־פאַנגען געוואָרן פון די אינדיאַנער. פראַנציסקאָ האָט דערקלערט גאַבאָ־טאָן, אַז אויב ער וויל געפינען מינען פון גאָלד און זילבער צווישן די בערג, דאַרף ער איבערקרייצן אַ טייך מיטן נאָמען קאַרקאַראַניאַ און דורכמאַכן אַ היפּשע שטרעקע.

דאָס צו דערגרייכן האָט גאַבאָטאָ איבערגעלאָזט אין סאַן לאַזאַראָ אַן אָפּטיילונג פון 12 מאַן און אַליין אַוועק מיט די איבעריקע צו זוכן דעם טייך קאַרקאַרינאַ. ער האָט זיך געלאָזט מיטן טייך פּאַראַנאַ, ביז ער האָט נישט אָן גרויסע שוועריקייטן, דערגרייכט דעם געזוכטן קאַרקאַראַניאַ, אַ טייך וואָס פאַלט אַריין אינעם פּאַראַנאַ. דאָרט האָט גאַבאָטאָ געהייסן אויפשטעלן אַ קליינע פעסטונג (מאַי 1527), וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבן **סאַנקטי ספּיריטוס**. ווען דאָס איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער גע־שיקט זוכן די מאַנשאַפט וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין סאַן לאַזאַראָ און וועלכע האָט געהאַלטן באַם אויסגיין פון הונגער.

ס׳איז צונויפגענומען געוואָרן די גאַנצע מאַנשאַפט און די שיפן אין סאַנקטי ספּיריטוס און נאָך אַ געהעריקער צוגרייטונג האָט גאַבאָטאָ מיט דער מאַנשאַפט אונטערגענומען די ווייטערדיקע רייזע מיטן פּאַראַנאַ דעם 23טן דעצעמבער, איבערלאָזנדיק אין דער פעסטונג אַן אָפּטיילונג פון

30 מאָן. די שיפן האָבן זיך געלאָזט דערנאָך מיטן טייך פּאַראַגוויי און שפּעטער זיך אומגעקערט און זיך געלאָזט מיטן טייך בערמעכאָ, זוכנדיק אַלץ די בערג מיט זילבער און גאָלד פון דער מלוכה פון ווייסן קעניג (אינקאַס).

די אינדיאַנער פון יענעם געגנט, די אַגאַסעס אָדער קיטשואַס, האָבן פאַרפירט קאַמפן מיט די ווייסע אַריינדרינגער, בּאַ וועלכן ס'זיינען גע־פאַלן אַ סך עקספּעדיציאָנערן. צווישן די אומגעקומענע האָט זיך געפונען דער לעבנגעבליבענער פון דער סאָליס־עקספּעדיציע פראַנציסקאָ דעל פּוערטאָ.

דערווייל האָט גאַבאָטאָ באַקומען אַ ידיעה אַז אָפן פּאַראַנאַ געפינען זיך פרישע שיפן און ווען ער האָט מיט זיין עקספּעדיציע זיך אומגעקערט צו סאַנקטי ספּיריטוס, האָט ער געטראָפן דאָרט די עקספּעדיציע פון דיעגאָ גאַרסיאַ. דער לעצטער אויפגעבראַכט אָף גאַבאָטאָ, פאַר וואָס ער האָט אויסגעכאַפּט בּאַ אים די פאַרשונג אינעם סאָליס־טייך, האָט געהאַט אַ שאַרפע דיסקוסיע מיט אים, אָבער נאָכדעם ווי גאַבאָטאָ האָט אים גע־וויזן שטיקער זילבער, וואָס ער האָט באַקומען פון די אינדיער, סיי אַלס אויסטויש פאַר שפּילזאַכן און סיי אָפּגענומען מיט גוואַלד, ווייל גאַבאָטאָ האָט זיך מיט זיי ווינציק צערעמאָניעט, האָט גאַרסיאַ איינגעוויליקט זיך אָנצושליסן צו גאַבאָטאָן און אונטערגענומען צוזאַמען אַן עקספּעדיציע איבערן פּאַראַנאַ.

ס'זיינען פאַראייניקט געוואָרן ביידע עקספּעדיציעס און נאָכן איבער־לאָזן 80 מאַן אין דער פעסטונג סאַנקטי ספּיריטוס האָבן גאַבאָטאָ און גאַר־סיאַ אונטערגענומען אַ רייזע צום פּאָרט סאַן סאַלוואַדאָר, אין נאָרדן פון סאַן לאַזאַראָ.

אָפן וועג האָבן זיי אויסגעפאָרשט די ברעגן פונעם פּאַראַנאַ, בערמע־כאָ און פּאַראַגוויי, זיינען געפאָרן ווייטער נאָך פון דעם געגנט וואָס איז היינט אַסונסיאָן און פאַרפירט קאַמפן מיט די אינדיאַנער אַגאַסעס. שפּע־טער האָבן זיי געטראָפן אויך שבטים אָנגעטון מיט פייגל־פעדערן און באַ־פוצט מיט שטיקער זילבער און גאָלד, און די עקספּעדיציאָנערן האָבן עס אויסגענאַרט בּאַ זיי. אָבער אין דער צייט פון דער אָפּוועזנהייט פון דעם הויפּט־טייל פון דער עקספּעדיציע זיינען די אינדיאַנער אין אַ גרויסער צאָל איבערגעפאַלן די פעסטונג און האָבן אויסגעהרגעט אַ העלפט פון די געבליבענע 80 מאַן און צעשמעטערט און אונטערגעצונדן די פעסטונג. די לעבנסגעבליבענע האָבן זיך געראַטעוועט אָף דער שיף סאַן סאַלוואַדאָר און זיי זיינען שנעל אַוועק אָנזאָגן די טרויעריקע בשורה זייערע אָנפירער. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1529.

גאַבאָטאָ און גאַרסיאַ האָבן זיך אומגעקערט קיין סאַנקטי ספּיריטוס

מיט דער האָפענונג נאָך עפּעס צו ראַטעווען, אָבער ווען זיי זיינען אָהין געקומען האָבן זיי געטראָפן בלויז די טויטע קערפּערס פון די אומגע־בראַכטע עקספּעדיציאָנערן און די געביידעס גענצליך אָפּגעברענט.

נישט האָבנדיק קיין מיטלען ווידעראַמאָל אויפצובויען די פעסטונג און נעמענדיק אין אַכט די פיינטלעכע שטעלונג פון די אינדיאַנער האָבן גאַבאָטאָ און גאַרסיאַ זיך אומגעקערט קיין סאַן סאַלוואַדאָר, און נישט באַקומענדיק קיין הילף פון שפּאַניע האָבן זיי באַשלאָסן זיך אומצוקערן. דער פלאָט פון גאַבאָטאָ וואָס איז אַרויסגעפאָרן פון שפּאַניע דעם 3טן אַפּריל 1526 און געקומען אין פעברואַר 1527 אין טייך סאָליס, האָט זיך אומגעקערט קיין שפּאַניע אין אויגוסט 1530, און די שיפן פון גאַרסיאַ וואָס זיינען אַרויסגעפאָרן אין יאַנואַר 1526 און געקומען אין טייך סאָליס סוף 1527, האָבן זיך אומגעקערט אין אויגוסט 1529. מיט די לעצטע האָבן זיך אומגעקערט אייניקע לעבנגעבליבענע שיפסברוכיקע וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אַפן בראַזיליאַנער ברעג, ווי אויך אייניקע אויפשטענדישע אונטעראָפיצירן פון גאַבאָטאָס עקספּעדיציע.

גאַרסיאַ איז אָפּגעפאָרן פריער פון זיין עקספּעדיציע פלאַץ און פאַר־פירט אַ קלאַגע קעגן גאַבאָטאָ אין שפּאַניע, און גאַבאָטאָ באַקומענדיק אַן אויפפאָדערונג זיך צו שטעלן צום משפט האָט זיך אומגעקערט באַלד קיין שפּאַניע, איבערלאָזנדיק אין סאַנקטי ספּיריטוס 170 מאַן. גאַבאָטאָ איז פאַרמשפּט געוואָרן פאַר נישט אויספאָלגן די קעניגלעכע פאַראָרדענונג צו אַ געלט־שטראָף און פאַרשיקונג, אָבער דער קעניג האָט אים באַגנעדיקט, אַראָפּגענומען פון אים די שטראָף און אים געלאָזט בא זיין ראַנג.

גאַבאָטאָס פאַרדינסט פאַר דער ציוויליזאַציע אין אַרגענטינע איז דער וואָס ער האָט געלאָזט אויפבויען דעם ערשטן זיץ אַף איצטיקער אַרגענטי־נער ערד, אין סאַנקטי ספּיריטוס, און זיין מאַנשאַפט האָט געזייעט דאָרט דעם ערשטן ווייץ אינעם נייעם לאַנד.

דורך די שטיקער זילבער וואָס גאַבאָטאָ האָט מיטגעבראַכט פון זיין עקספּעדיציע אין פון דעמאָלט אָן דער טייך סאָליס אָנגערופן געוואָרן ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און דאָס לאַנד אַרגענטינע (זילבער לאַנד).

## פּעדראָ מענדאָזאַ וויל אונטערנעמען אַן עקספּעדיציע צום נייעם לאַנד

נאָך דער אַנטדעקונגס און פאָרשונגס־רייזע פון גאַבאָטאָ און גאַרסיאַ אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט און נאָך זייער אומקערן זיך קיין שפּאַניע מיט שטיקער זילבער און אַנדערע ווערטזאַכן איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז דאָס נייע לאַנד איז רייך אין אוצרות.

ס׳איז געווען פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, וואָס איז געקומען פון די אינדיאַנער, אַז טיף אין אינערן געפינט זיך אַ לאַנד וואו עס הערשט אַ ווייסער קעניג, דאָס הייסט מיט אַ ווייסער (און נישט פאַרביקער) הויט און דער דאָזיקער אימפּעראַטאָר האָט אַ פּאַלאַץ פול מיט אוצרות גאָלד און זילבער, און די באַפעלקערונג דאָרט באַזיצט אַ סך זילבער און גאָלד, און שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און די נאַוועגאַנטן האָבן געהאַט האָפענונגען צוצוקומען צו יענעם פאַנטאַסטישן לאַנד און עס דעראָבערן. די דאָזיקע לעגענדע האָט אין זיך געהאַט אַ געוויסע מאָס אמת. דער אימפּעראַטאָר פון די אינקאַס אין פּערו איז נישט געווען קיין ווייסער, אָבער ער האָט געהאַט ווירקלעך אַ פּאַלאַץ מיט גרויסע אוצרות גאָלד און זילבער, און ער איז שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן (אין יאָר 1533) דורכן שפּאַנישן קאָנקיסטאַדאָר פראַנציסקאָ פּיסאַראָ. קודם האָט פּיסאַראָ אויסגענאַרט באַם אינקאַ אימפּעראַטאָר אַטאַהואַלפּאַ די אוצרות און דערנאָך האָט פּיסאַראָ געלאָזט אים און אויך 2.000 מאַן פון דער אינקאַישער אַרמיי הינריכטן.

צו יענער צייט האָט דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאָרטוגאַל, לאָפּע הורטאַדאָ דע מענדאָסאַ געמאָלדן זיין רעגירונג, ריכטיקער דעם קעניג, דעמאָלט קאַרלאָס דעם 5טער, אַז פּאָרטוגאַל וויל דעראָבערן דאָס נייע לאַנד. די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט אויך צו דער זעלבער צייט באַוויזן איר גרויסן חשק צו פאַרנעמען דאָס ניי אַנטדעקטע לאַנד דורכן שיקן אַהין אַן עקספּעדיציע אונטער דער אָנפירונג פון מאַרטין אַלפאָנסאָ דע סאָוזאַ, אָבער די שיפן פון דער עקספּעדיציע זיינען באַם אַריינפאָרן אינעם לאַ פּלאַטאַ טייך איבעראַשט געוואָרן פון אַ שטורם און צעשמעטערט געוואָרן. בלויז איין איינציקער שיף איז עס געלונגען זיך צו ראַטעווען נעבן אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ און זי האָט דערנאָך זיך אומגעקערט קיין פּאָרטוגאַל.

די פּאָרטוגעזישע שטרעבונג צו באַזיצן דעם לאַ פּלאַטאַ געביט איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאָרן פון ליסאַבאָן אַהיים און אויפפאָדערן דעם קעניג דרינגענד צו לאָזן באַזעצן דאָס נייע לאַנד.

קעניג קאַרל 5טער איז אָבער געווען פאַרנומען מיט מלחמות אין אייראָפּע, און די מלוכה-קאַסע איז געווען אויסגעליידיקט, אַזוי, אַז ס׳איז אים נישט מעגלעך געווען דורכצופירן דעם פאַרגעשלאָגענעם פּלאַן.

באַ אָט דעם צושטאַנד איז אונטערגעקומען גאַנץ אומדערוואַרטערהייט הילף פאַרן קעניג. דער שפּאַניער פּעדראָ דע מענדאָסאַ, וועלכער איז צוריקגעקומען פון איטאַליע מיט אַ גרויס פאַרמעגן וואָס ער האָט באַקומען דורכן איבערפּאַל אָף רוים, האָט אָנגעבאָטן דעם קעניג זיין פאַרמעגן אויסצושטאַטן די נויטיקע עקספּעדיציע, צו דעראָבערן, באַזעצן און באַפעלקערן דאָס נייע לאַנד. ער האָט זיך צו גלייכער צייט אָנגעבאָטן די עקספּעדיציע אָנצופירן.

# די רייזעס פון באַלבאָאַ

אין אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט איז די אַנטדעקונגס און דעראָבערונגס־אַקציע געווען שוין אין פולסטן שוואונג, ווייל נישט בלויז האָט שפּאַניע און פּאָרטוגאַל זיך אָפּגעגעבן מיט די עקספּעדיציעס צו זיד־אַמעריקע דורכן אַטלאַנטיק, נאָר אויך אָנגעגאַנגען מיט דער דעראָבערונג פונעם נייעם וועלט־טייל דורך דער יבשה, אָנהויבנדיק פון צענטראַל־אַמעריקע. דעריבער, איידער עס ווערט איבערגעגעבן די רייזע פון מענדאָסאַ און זיין דעראָבערונג און באַזעצונג פון אַרגענטינע, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אַף אַ מאָמענט און זיך באַקענען מיט די אַנטדעקונגס און דעראָבערונגס־עקספּעדיציעס פון יענע אַנדערע קאָנקיסטאַדאָרן, וועלכע האָבן דערנאָך געשפּילט אַ גרויסן ראָל אויך פאַר די עקספּעדיציעס פון די דעראָבערער פון אַרגענטינע.

אָנגעהויבן די אייגנטלעכע עקספּעדיציע פאַר דער פּאַקטישער דעראָבערונג פון אַמעריקע האָט וואַסקאָ נוניעז דע באַלבאָאַ. ער האָט מיט זיינע שיפן דערגרייכט צענטראַל־אַמעריקע, בײַ פּאַנאַמאַ, אין 1513. דאָרט האָט ער געטראָפן אַן אינדיאַנער שבט מיט וועלכן ער האָט געשלאָסן פריינטשאַפט און דורך דעם האָט ער געהאַט די געלעגנהייט דורכצומאַרשירן רויק דעם שמאָלן לאַנדפּאַס פון פּאַנאַמאַ און אַנטדעקט דעם פּאַסיפישן אָקעאַן. דורך דער פריינטשאַפט מיטן קאַציק פונעם שבט מיטן נאָמען קאַרעטאַ, האָט אַ זון פונעם קאַציק געשאָנקען די שפּאַניער אַ סך צירונג פון גאָלד און ווען ער האָט געזען ווי די פרעמדע רייסן זיך אַזוי איבער דעם האָט ער זיי געזאָגט אַז אַפּן וועג צו זיד, אַריבערגייענדיק אייניקע בערג איז פאַראַנען אַ לאַנד וואו ס'איז דאָ זייער אַ סך פון דעם מעטאַל און אַז דער דאָרטיקער קעניג עסט פון אַ שיסל פון גאָלד, מיינענדיק, ווי עס שיינט, פּערו. צו גלייכער צייט האָט ער אָבער געוואָרנט, אַז דער וועג אַהין איז אַ שווערער און געפערלעכער, ווייל עס וואוינען אַף יענער טעריטאָריע געפערלעך קריגערישע שבטים.

באַלבאָאַ האָט זיך נישט איבערגעשראָקן און אונטערגענומען דעם מאַרש אין יענער ריכטונג. דער וועג איז געווען ווירקלעך אַ שווערער: געפערלעך געדיכטע וועלדער, בערג און זומפּן, די גראָזן הויכע, שטייפע און פון אַלע זייטן ווילדע חיות. די אינדיאַנער וואָס האָבן דאָרט געוואוינט זיינען געווען אַצטעקן (אין מעקסיקע), קיטשואַס (אין צענטראַל־אַמעריקע און פּאַנאַמאַ). קיטשעס, מוסיקאַס און מאַיאַס (אין איצטיקן געגנט פון קאָלאָמביאַ, ווענעסועלאַ און די גוויאַנען), די גוואַראַניעס (אין בראַזיל, פּאַראַגוויי און נאָרד־אַרגענטינע), די אינקאַס (אין פּערו און טשילע) און אַנדערע. אַף דער אַרגענטינער טעריטאָריע האָבן זיך געפונען די אַגיטאַס

אין נאָרד-וועסט (אנדן פּראָווינצן), קאָמענטשינגאָנעס און סאַנאַווראָנאָס (אין די צענטראַל-פּראָווינצן), פּועלטשאָס (אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס און פּאַמפּאַ) און פּאַטאַגאָנעס (אין די זיד-טעריטאָריעס). די אַלע שבטים



פּאַראייביקט פּיסאַראָן ווי אַ הייליקן


פראַנציסקאָ פּיסאַראָ
(קאָנקיסטאַדאָר פון פּערו)

האָבן געהאַט אין שכנהשאַפט נאָך פאַרשידענע אַנדערע קלענערע שבטים מיט וועלכע זיי פלעגן שטיין אין קאָנטאַקט און קומען איינער דעם אַנדערן אַפט צו הילף.

באַלבאָאַ איז, ווי געזאָגט, געווען דער אַנטדעקער פונעם פּאַסיפישן אָקעאַן, וועלכן ער האָט באַצייכנט אַלס זיד-ים. ער איז אַ קורצע צייט אַנגעגנאַגען נאָך מיט דער פאַרשונגס-אַקציע און געהאַט דעם זעלבן טרויריקן סוף ווי די מייסטע אַנטדעקער און פאַרשער, זיך געפינענדיק אויפן וועג צו פּערו איז ער דורך אַ פאַראָרדענונג פון דעם גובערנאַטאָר פּעדראַריאַס געקעפּט געוואָרן אין 1517. פּעדראַריאַס האָט דורך אַ בריוו איינגעלאַדן באַלבאָאַ צו זיך אין אַ פריינטלעכן טאָן און ווען ער איז געקומען האָט דער גובערנאַטאָר אים געלאָזט אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

פאַרגעזעצט מיט די ווייטערדיקע עקספּעדיציעס פון פּאַנאַמאַ צו פּערו האָבן פראַנציסקאָ פּיסאַראָ און דיעגאָ דע אַלמאַגראָ. זיך לאָזנדיק אין דער לענג פון פּאַסיפישן ברעג האָט פּיסאַראָ דורכגעמאַכט מיט אַ קליינער אַרמיי דעם וועג ביז פּערו און אַלמאַגראָ ביז טשילע און פון דאָרט געקומען קיין פּערו. פּיסאַראָ האָט דורכגעמאַכט מערערע קאַמפן מיט די אינדיאַ-

נער וואס האבן אים געשטעלט א ווידערשטאנד, אבער ער האט אויך אנגעטראפן אף רויקע שבטים. אזוי למשל האט דער אינקא אימפעראטאר איבערגעגעבן פיסאראן א מעכטיקן אוצר גאלד פונעם טעמפל, וואס איז געשאצט געווארן אין פינף מיליאן דוקאטן און דער דאזיקער אוצר האט געקאסט דאס לעבן פון זעלבן קעניג, ווייל פיסארא האט טראץ זיין כלומרשטע פריינטשאפט צו אים, געלאזט דעם קעניג אנטאהואלפא אויפהענגען (דעם 24טן יוני 1533). שפעטער האט דער זעלבער פיסארא אויך געלאזט קעפן זיין געוועזענעם חבר, דעם דעראבערער פון טשילע דיעגא דע אלמאגרא (אין 1538), דערפאר ווייל ער האט אויך געפאדערט א טייל פונעם אוצר.

אינטערעסאנט איז וואס דער דאזיקער פראנציסקא פיסארא, וואס איז געווען אזוי צו זאגן א „ממזר" דאס הייסט א נישט געזעצלעך קינד און האט זיך אזוי ארויסגעהויבן דורך זיינע קריגערישע און קאנקיסטאטארישע אוואנטורעס, האט געקאנט קוים לייענען אבער גיט שרייבן, און אפילו זיך נישט געקאנט אונטערצייכנען.

דער סוף פון פיסארא איז געווען דער וואס ס'האט זיך אויפגעהויבן א פארשווערונג קעגן אים פון די אלמאגריסטן און ס'איז אויך געשיקט געווארן קעגן אים אן עקספעדיציע פון שפאנישן קעניג אונטער דער אנפירונג פון וואקא דע קאסטרא. פיסארא האט זיך רעבעלירט קעגן קעניג קארל 5טן און זיך דערקלערט אלס הערשער פון פערו, נישט וועלנדיק נאכקומען די פאדערונג פון וואקא דע קאסטרא צו קומען צו אים. קעגן די אלמאגריסטן אבער האט פיסארא זיך נישט געקאנט פארטיידיקן. א גרופע אפיצירן און אנדערע אלמאגריסטן, 19 אין צאל זיינען אריין דעם 26טן יוני 1541 צו אים אין הויז און איינער פון די פארשווערער מארטין דע בילבאא האט אים אריינגעזעצט א שווערד אין ברוסט. פיסארא האט בלויז נאך ארויסגעזאגט דאס ווארט „יעזוס" און מיט א פינגער איינגעטונקען אין אייגענעם בלוט געמאכט א צלם אפן באדן און אים געקושט. דאן האט א צווייטער פון די פארשווערער אים געטון א זעץ אין קאפ און פיסארא איז געבליבן טויט.

פראנציסקא פיסארא איז געווען דער גרינדער פון לימא און געהאט א מעכטיקע ארמיי מיט זיך און אף זיין הילף און אף דער הילף פון אלמאגרא האט פריער געהאט ארויסגעקוקט פעדרא מענדאסא בא דער דעראבערונג פון ארגענטינע.

## די עקספעדיציע פון מענדאסא

פעדרא מענדאסא האט באם אונטערנעמען זיין עקספעדיציע צום לא פלאטא טייך געהאט פאר זיך אלס ציל נישט נאר אויסצופארשן, נאר

איינגעמען און באַפעלקערן דאָס נייע לאַנד. צו דעם צוועק האָט ער אויס־געשטאַט 14 שיפן מיט לעבנסמיטל, וואָפן און מוניציע און אַלערליי בוי־מאַטעריאַלן. ער האָט אויך מיטגענומען אַרום צוויי טויזנט מאַן. צווישן זיי סאָלדאַטן, באַאַמטע, קאָלאָניסטן און אַפילו אַ ציַיטונגס־מאַן, דעם דייטש אולריך שמידל, וועלכער האָט שפּעטער געשריבן די ערשטע גע־שיכטע פון אַרגענטינע. צווישן די פּערזאָנען וואָס מענדאָסאַ האָט געהאַט אויסגעקליבן פאַר זיך האָבן זיך געפונען כואַן דע איאָלאַס (אַזשאָלאַס) און דאָמינגאָ מאַרטינעז דע איראַלאַ, וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסן ראָל אין די אַנטדעקונגס־מאַרשרוטן. ס'איז אויך מיטגעפאָרן כואַן דע אָסאָריאָ, אַ גענעראַל וואָס האָט מיטגעמאַכט די מלחמה אין נעאַפּל און וועמען מענדאָסאַ האָט שפּעטער געלאָזט היגריכטן. ווייטער האָבן זיך גע־פינען אין דער עקספּעדיציע פעליפּע און כואַן דע קאַסערעס, די קאַפּיטאַ־נען סאַלאַסאַר דע עספּינאָזאַ, דיעגאָ דע אברעו, לואיס פּערעז דע סעפּעדאַ דע אַהומאַדאַ. ס'זיינען אויך מיטגענומען געוואָרן אַ סך פרויען, צווישן זיי די ווייבער, טעכטער און שוועסטערס פון די עקספּעדיציאַנערן און אויך 92 פערד.

דאָס איז געווען די ערשטע פולקאָמסטע עקספּעדיציע־אויסשטאַטונג פאַר דער באַזעצונג פון די נייע לענדער.

שעף פונעם פלאָט איז געווען דיעגאָ דע מענדאָסאַ, אַ ברודער פונעם שעף פון דער עקספּעדיציע.

פאַר זיין אַרויספאָרן מיט דער עקספּעדיציע וועמענס צוגרייטונג עס האָט אים געקאָסט אַ סך טויזנטער דוקאַטן, האָט פּעדראָ מענדאָסאַ זיך באַוואָרנט מיט גרויסע פולמאַכטן פונעם קעניג קאַרל 5טן און באַקומען דעם טיטל פון „אַדעלאַנטאַדאָ". אַזאַ טיטל איז אין יענער צייט געגעבן געוואָרן נאָר געהויבענע פּערזענלעכקייטן און הויפּטזעכלעך קאָנקיסטאַ־דאָרן ספּעציעל באַשטימטע פונעם קעניג. מענדאָסאַ איז אַזוי אַרום געווען דער ערשטער אַדעלאַנטאַדאָ און אין דעם קאָנטראַקט וואָס דער קעניג האָט געמאַכט מיט פּעדראָ דע מענדאָסאַ האָט זיך געזאָגט מער וויניקער די אויפגאַבן וואָס דער אַדעלאַנטאַדאָ האָט אויסצופירן:

„ערשטנס: עפענען געגנט און וועגן ביז פּערו, צו די גרעניצן און אַנטדעקונגען פון פּיסאַראָ און אַלמאַגראָ, בכדי צו קומען דורכן מזרח ביזן בליק צום מערב ים (פּאַסיפיק).

„צווייטנס: מיטנעמען פערד און קי פאַר פּיצוכט און אויך מיט־נעמען אַכט גלחים פונעם פראַנציסקאַנער אָרדן.

„דריטנס: באַטראַכטן די געבירטיקע אַלס וואַסאַלן (אונטער־וואָרפענע) דער קרוין, גלייך מיט אַלע שפּאַניער.

„פערטנס: מיטנעמען איינעם אָדער מער מעדיקער, כירורגן און אַפּטייקער מיט אַלעמען וואָס איז נויטיק פאַר זייער פאַך.

„פינפטנס: אויסהאַלטן אַלע הוצאות און לוינען, נישט פאָדערנ־דיק קיין שום ביישטייערונג פון דער קרוין, ווייל דערפאַר ווערט ער באַשטימט אַלס אַדעלאַנטאַדאָ, דאָס הייסט האַר איבער די לענדער וואָס ווערן דעראָבערט אויף דער גרויסער טעריטאָריע, מיטן רעכט זיי אייביק צו באַזיצן און איבערצולאָזן עס אַלס ירושה די קינדער, נאָכפאָלגער און די פאַר וועמען זיי וועלן באַשטימט ווערן, אין פאַל ער וועט זיך וועלן צוריקציען און לעבן אין קעניגלעכן הויף.

„זעקסטנס: עס דאַרפן אויסגעבויט ווערן מינדעסטנס דריי שטעט און דריי דאָרפישע געמיינדעס, אויפן וועג צווישן אַנהויב פונעם לאַ פּלאַטאַ טייך ביז אַהין וואו עס וועט זיך ציען זיין קאָנצעסיע, מיט די געהעריקע שטעטישע און דאָרפישע ראַטן און אַלקאַלדעס.

„זיבעטנס: פון די אוצרות וואָס וועלן געפונען ווערן, אַזוי מע־טאַלן, טייערע שטיינער, אַנדערע ווערטזאַכן און צירונג, דאַרף אָפּ־געטיילט ווערן אַ „פינפטל" פאַר דער קרוין, אַ „זעקסטל" פאַר דער קעניגלעכער קאַמער (הוצאות פון הויף) און דאָס איבעריקע פאַרן אַדעלאַנטאַדאָ און זיינע הוצאות.

„אַכטנס: אין פאַל פון דער דעראָבערונג פון וועלכער רייכער אימפּעריע, וועט די העלפט פון דעם וואָס וועט צוגענומען ווערן באַ די באַזיגטע אַריבערגיין אין דער קעניגלעכער קאַסע און די אַנדערע העלפט זאָל צעטיילט ווערן צווישן די זיגער".

אַרויסגעפאָרן איז דער גרויסער עקספּעדיציע־פלאָט פון סאַן לוקאַר דע באַררעמעדאַ, פון וואַנען מאַגאַלאַשאַנעס און גאַבאָטאָ זיינען אַרויסגע־פאָרן, דעם 24טן אויגוסט 1535. אויפן וועג האָבן זיך די שיפן אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צייט באַ די קאַנאַרישע אינדזלען און פון דאָרט זיך פאַרנו־מען אין דער ריכטונג צו בראַזיל. אינמיטן האָט אַ מעכטיקער שטורם צע־שעדיקט צוויי שיפן און די איבעריקע האָבן שנעל צוגעיאָגט קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ און דאָרט זיך באַהאַלטן. צו גלייכער צייט האָט מענדאָסאַ גע־וואָלט דאָרט איבערוואַרטן אַביסל ווייל ער איז געווען קראַנק און געהאַט שטאַרקע ווייטיקן. ער האָט דאַריבער פאַראָרדנט זיין ברודער דיעגאָ פאָרצוזעצן מיט אַ פאָר שיפן די רייזע און מאַכן פאָרבאַרייטונגען צום אָנ־קומען פון איבריקן טייל פון דער עקספּעדיציע. דיעגאָ מענדאָסאַ האָט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל פון זיין ברודער דעם „אַדעלאַנטאַדאָ" און אָפּ־געפאָרן צום לאַ פּלאַטאַ טייך, און דערווייל האָט פעדראָ מענדאָסאַ, אַ ברוטאַלער פון דער נאַטור, דורכגעפירט אַ מערדערישן אַקט, פאַראָרדענ־דיק צו דערהרגענען דעם גלענצנדיקן מיליטערמאַן כואַן דע אָסאָריאָ, אויף



דער פּלאַץ פון דער היינטיקער אַרגענטינע אַף דער וועלט־מאַפּע, וואוהין עס האָט
זיך געלאָזט די עקספּעדיציע פון מענדאָזאַ.

ווען ער האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז ער גרייט צו אַ פאַרשווערונג קעגן אים.

באַלד דערנאָך האָט פעדראָ מענדאָסאַ פאַראָרדנט צו שפּאַנען די זעג־לען און זיך לאָזן ווייטער אין וועג. די שיפן האָבן געיאָגט מיט גרוים שנעל־קייט באַ אַ גוטן ווינט און אָנגעיאָגט די שיפן פון דיעגאָ נאָר פריער ווי זיי האָבן דערוואַרט, באַם אינדזל סאַן גאַבריעל.

לויט דער אָנווייזונג פונעם אַדמיראַל (דיעגאָ מענדאָסאַ) און פונעם אַדעלאַנטאַדאָ האָבן די שיפן געאַנקערט באַם מערב־ברעג פונעם טייך, נעבן אַריינגוס פונעם ריאַטשועלאָ. דאָרט האָבן אַלע געלאַנדעט און ס׳איז אונטערגענומען געוואָרן אַפן זעלבן אָרט (אין געגנט פון באָקאָ) דער בוי פון דער שטאָט, וועלכע איז באַטיטלט געוואָרן מיטן נאָמען „נועסטרא סעניאָראַ דע בוען איירע” וואָס איז מיט דער צייט געענדערט געוואָרן אַף בוענאָס איירעס.

אַזוי אַרום האָט פעדראָ מענדאָסאַ אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1536 דורכן שאַלן פון די טראָמפּייטן איבערגענומען מיט אַ געהעריקער צערעמאָניע דעם באַזיץ פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט אין נאָמען פון שפּאַנישן קעניג קאַרל 5טן.

פיר לעגוועס אין זידוועסט פונעם פּלאַץ וואו פעדראָ מענדאָסאַ האָט געלאָזט אויפשטעלן די נייע שטאָט האָבן זיך געפונען די געצעלטן פון די אינדיאַנער. דאָס זיינען געווען, לויט דער געשיכטע פון שמידל, די קעראַנ־דיעס. אַזוי ווי די לעבנסמיטל וואָס מענדאָסאַ האָט מיטגעבראַכט האָבן זיך באַלד געענדיקט, נעמענדיק אין אַכט די גרויסע צאָל פערזאָנען וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, האָבן די שפּאַניער געפּרואווט קומען אין פריינט־לעכע באַציאונגען מיט די אינדיאַנער און באַקומען באַ זיי לעבנסמיטל. בייסלעכווייז זיינען די אינדיאַנער דערנענטערט געוואָרן צו רעאַל, ווי דער פּלאַץ פון די שפּאַניער (בוענאָס איירעס) איז דעמאָלט אָנגערופן געוואָרן. אָבער דאָס האָט נישט געדויערט לאַנג. פעדראָ מענדאָסאַ האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט וואָס די אינדיאַנער שטעלן צו לעבנסמיטל דער שטאָט פאַר געלט, נאָר האָט געוואָלט אינגאַנצן הערשן איבער זיי. ער האָט דע־ריבער דעם 15טן יוני 1536 אַרויסגעשיקט זיין ברודער דיעגאָ מיט 300 מאַן פון זיי 30 אַף פערד צו פּרואוון אונטערוואַרפן די אינדיאַנער אונטער זיין הערשאַפט. די אינדיאַנער זיינען אָבער געווען צוגעגרייט דערצו און געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. אינעם קאַמף איז געפאַלן טויט דיעגאָ מענדאָסאַ, דער ברודער פונעם אַדעלאַנטאַדאָ, פיר אָפיצירן, פּלימעניקעס פון זעלבן און אַנדערע רייטער. די אינדיאַנער האָבן אויך דערהרגעט אַ היפּשע צאָל אינפאַנטעריע, נאָר צולעצט זיך צוריקגעצויגן. דאַן האָבן די שפּאַניער פאַרכאַפּט די געצעלטן און צוגענומען דאָס פעלצוואַרג און אַ סך

פיש וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. דאָס אַלעס איז פאַרשלעפּט געוואָרן קיין רעאַל (בוענאָס איירעס), איבערלאָזנדיק אַפן אָרט פונעם אינדיאַנער לאַגער אַן אָפּטיילונג פון אַרום הונדערט סאָלדאַטן. מען רעכנט, אַז דער דאָזיקער פּלאַץ וואו דער קאַמף איז פאָרגעקומען זאָל האָבן געווען דאָרט



פאַרשידענע אינדיאַנער טיפּן אין צייט פון די דעראָבערונגען פון די אַמעריקאַנער לענדער.

וואו ס'איז היינט טיגרע. אין דער דאָזיקער שלאַכט איז געפאַלן אויך דער קאַפּיטאַן פּעדראָ לוכאַן און אַף זיין נאָמען זאָל מען דאָס האָבן אָנגערופן דעם היינטיקן טייך לוכאַן.

צו דער זעלבער צייט וואָס די שפּאַניער האָבן געהאַלטן אין אויס־בויען און באַפעסטיקן בוענאָס איירעס, האָט מענדאָסאַ געשיקט דעם קאַ־פּיטאַן כואַן דע איאָלאַס (אָדער אַזשאָלאַס) צו באַרייזן דעם טייך פּאַראַנאַ און פּרואוון דאָרט באַקומען לעבנסמיטל פאַר דער באַפעלקערונג פון רעאַל און אויך זוכן בעסער לאַנד פאַר קאָלאָניזאַציע.

ער האָט אויך מיטן זעלבן ציל אָפּגעשיקט אַ צווייטע עקספּעדיציע אונטער דער אָנפירונג פון גאָנסאַלאָ דע מענדאָסאַ קיין בראַזיל.

אַזשאָלאָס מיט אַן אָפּטיילונג פון אַרום 200 מאַן איז אַוועק ביז נעבן קאַרקאַראַניאַ און דערנאָך ווייטער צו נאָרדן ביזן אַריינגוס פונעם טייך קאַראַנדאַ און דאָרט געגרינדעט אַ זיץ מיטן נאָמען קאָרפּוס קריסטי, ווייל ס'איז געווען דער טאָג פון דאָזיקן יום־טוב טאָג (15טן יוני 1596) אין זעלבן טאָג וואָס דיעגאָ מענדאָסאַ האָט פאַרלוירן דאָס לעבן אינעם קאַמף מיט די אינדיער. ענדלעך נאָך פופציק טעג זייט זיין אַוועקפאָרן האָט אַזשאָלאָס זיך אומגעקערט מיט אַ לאַדונג לעבנסמיטל, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס אויפגעמונטערט די באַפעלקערונג פון רעאַל. די דאָזיקע לעבנסמיטל האָט אַזשאָלאָס באַקומען בײַ די טימבועס איז שכנות פון קאַרקאַראַניאַ טייך, אַדאַנק דער פאַרמיטלונג פון די פאָר שפּאַניער וואָס זיינען דאָרט געבליבן פון גאַבאָטאָס עקספּעדיציע.

דערווייל האָבן די קעראַנדיעס, וואָס זיינען אַזוי ברוטאַל געשלאָגן גע־וואָרן פון די שפּאַניער, זיך צוזאַמענגערעדט מיט די שבטים פון ווייטער־דיקע געגנטן, די טשאַרואַס און טעהועלטשעס, און זיי האָבן אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל אַף די אויסלענדישע אַריינדרינגער. די אינדיאַנער, וועמענס צאָל שמידל שאַצט אין צוואַנציק טויזנט האָבן קודם באַלאַגערט דעם פּלאַץ פון די שפּאַניער און נישט געגעבן זיי קיין מעגלעכקייט זיך אַרויסצולאָזן זוכן לעבנסמיטל. פּעדראָ מענדאָסאַ האָט געלאָזט אַראָפּנעמען די קאַנאָנען פון די שיפן און זיי געשטעלט אַף הויכע פּלעצער (היינט פּאַרקע לעסאַמאַ), אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. קיין אָנגריף אַף די אינדיאַנער איז דאָס מאָל ניט מעגלעך געווען איבער דער מעכטיקער איבערצאָל און דער הונ־גער האָט זיך געלאָזט פילן וואָס שטאַרקער. צולעצט נאָך אַ באַלאַגערונג פון אַ חודש צייט האָבן די אינדיאַנער אונטערגענומען אַ גענעראַל אַטאַ־קע, האָבן מיט פלאַמיקע שפּיזן באַוואָרפן די שטאָט און די שטרויענע דע־כער פון דער דעמאָלטיקער בוענאָס איירעס האָבן זיך באַלד אונטער־געצונדן.

## די געבירטיקע באַפעלקערונג

צו יענער צייט האָבן די געבירטיקע אינדיאַנער וואָס האָבן באַוואוינט די איצטיקע אַרגענטינער טעריטאָריע געהערט צו פאָלגענדע דריי הויפּט־

ראַסן: קיטשואַ, גואַראַני און אַראוקאַנער אָדער פּאַטאַגאָנער, און די ראַסן האָבן זיך געטיילט אַף פאַרשידענע באַזונדערע גרופּעס.

די קיטשואַס האָבן געוואוינט אין געגנט פון די איצטיקע פּראָווינצן

די פאַרשידענע אינדיאַנער ראַסן וואָס האָבן באַוואוינט די טעריטאָריע פון די זיד־אַמעריקאַנער לענדער אין צייט פון די דעראָבערונג־עקספּעדיציעס.

סאַלטאַ, כוכוי, טוקומאַן און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ. זיי זיינען אַ שטיק צייט געווען אַ טייל פון דער פּערואַנישער אָדער אינקאַ־אימפּעריע, געווען פאַרהעלטניסמעסיק ציוויליזירט, האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשידענע

מלאכות און האָבן פאַרמאָגט אַ צייל־סיסטעם. זייער שפּראַך ווערט נאָך היינט גערעדט אין טייל נאָרדלעכע געגנטן.

די גואראַניער, וואָס האָבן באַוואוינט די זאָנע פון די איצטיקע פּראָווינצן עטרע ריאָס, קאָריענטעס און טעריטאָריע מיסיאָנעס און ווייטער איבער בראַזיל, פּאַראַגוויי און אורוגוויי, זיינען באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל שבטים, וואָס האָבן כסדר געפירט מלחמה צווישן זיך און האָבן געדינט צו דער זון און צו דער לבנה און צו געוויסע אַטמאָספערישע דערשיינונגען, ווי צום בליץ און צום דונער. געהאַט האָבן זיי ווילדע זיטן און האָבן זיך ניט אָפּגעהאַלטן, ווען עס איז געווען אַ געלעגנהייט, אַליין צו פאַרקויפן אָדער אַפילו טויטן זייערע קינדער. געלעבט האָבן זיי פון יאַגד, פישפאַנג און פון ערדאַרבעט, איבערהויפּט פון פאַרזייען מאַיס.

די אַראַוקאַנער האָבן באַוואוינט דעם זידלעכן טייל פונעם לאַנד, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען פּאַטאַגאָניע. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אומאָפּהענגיקייטס גייסט, מיט זייער אויסערגעוויינלעכן מוט, קראַפט און פיזישער שיינקייט. אָפּגעגעבן זיך האָבן זיי מיט מלחמה, מיט יאַגד און פישפאַנג, נאָר נישט מיט ערדאַרבעט.

כמעט אַלע אינדיאַנער האָבן ליב געהאַט טענץ און מוזיק. זיי האָבן געבילדעט קליינע גרופּעס אָדער שבטים, רעגירט פון קאַציקן און די פּיל־ווייבעריי איז געווען צווישן זיי שטאַרק פאַרשפּרייט.

די דערמאָנטע ראַסן האָבן זיך געטיילט אַף פאַרשידענע אַזוי צו זאָגן שבטים, וואָס האָבן געהאַט באַזונדערע לעבנסשטייגערס. אַזוי די פּעלומישאַס, די קאָרעטשינגאַנעס, הואַרפּעס, מאַטאַקאָס, קעראַנדיער, טשאַרואַס, טעהועלטשעס און אַנדערע. די לעצטע זיינען געווען די וואָס האָבן די ערשטע געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער אַריינדרינגונג פון מענדאָסאַס עקספּעדיציע.

די שפּאַניער האָבן געהאַט דעמאָלט בלויז איין רעטונגס מעגלעכקייט, אָפּצוציען וואָס גיכער מיט די שיפן. זיי זיינען אַלע צוזאַמען מיט פּעדראָ מענדאָסאַ אַרויף אַף די שיפן און זיך געלאָזט אייליק מיטן פּאַראַנאַ טייך אַרויף אַהין וואו אַזשאָלאַ האָט געהאַט געגרינדעט די שטאָט קאָרפּוס קריסטי. דאָרט האָבן זיי געלאַנדעט און מענדאָסאַ האָט שפּעטער געלאָזט גרינדן אַביסל ווייטער פון דאָרט אַ נייע רעאַל שטאָט, וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבן „פּוערטאָ דע נועסטראַ סעניאָראַ דע לאַ בוענאַ עספּעראַנסאַ” (שפּעטער באַקאַנט אַלס „בוענאַ עספּעראַנסאַ”).

באַלד האָט מענדאָסאַ צום צווייטן מאָל אָפּגעשיקט אַן עקספּעדיציע צום לאַנד פון גאָלד און זילבער (פּערו) אונטער דער אָנפירונג פון זיין געטרייעם קאַפּיטאַן און מיט־פאַרשווערער אינעם מאָרד פון גענעראַל אָסאָריאָ, קאַפּיטאַן כואַן דע אַזשאָלאַס, באַגלייט פון דאָמינגאָ מאַרטינעז דע

איראלא. דאס איז געווען אין אקטאבער 1536. מענדאסא האט אויך פראָ־קלאמירט אזשאלאסן אלס זיין נאכפאלגער אין פאל ער וועט שטארבן אדער זיך אומקערן קיין שפאניע.

מענדאסא גופא האט זיך געפּרואווט נאכאמאל אומקערן קיין בוענאס איירעס און פונקט איז דעמאלט אנגעקומען א שיף מיט לעבנסמיטל פון




בוענאס איירעס אין דער צייט פון איר גרינדונג דורך מענדאסא.

בראזיל, וואוהין ער האט געשיקט מיט זיבן חדשים צוריק גאנסאלעז דע מענדאסא.

עס האט מער לאנג נישט געדויערט האט מענדאסא זיך געפילט זייער שלעכט און געזען, אז עס קומט זיין סוף. ער האט דעריבער באשלאסן זיך אומצוקערן וואס גיכער קיין שפאניע איבערלאזנדיק אלעס אונטער דער אויפזיכט פון פראנציסקא רואיז גאלאן, ביז אזשאלאס וועט זיך אומקערן. צו גלייכער צייט האט ער אפגעשיקט כואן דע סאלאזאר און גאנסאלא דע מענדאסא צו געפינען אזשאלאסן.

פאר אזשאלאסן און זיין עקספּעדיציע האט פּעדרא מענדאסא איבער־געלאזט אזא אנזאג: „אויב איר וועט געפינען דארט די צוויי קאנקיסטא־דארן פון פערו, פראנציסקא פיסארא אדער דיעגא דע אלמאגרא, זאלט איר בעטן זייער פריינטשאפט, און אויב איר וועט האבן גענוג קרעפטן זאלט איר נישט איינוויליקן, אז ווער פון זיי זאל מיסברויכן און ארוים־טרעטן קעגן מיין יוריסדיקציע וואס איז דורך אן ארדן פונעם קעניג מיר צוגעשריבן געווארן".

אזשאלאס האט בא זיין ארויספארן אויך געהאט באקומען די פאר־ארדנונג זיך אומצוקערן מיט גוטע אדער שלעכטע ידיעות נישט שפעטער פון פיר חדשים און גרינדן אפן וועג, אפן רעכטן אדער לינקן ברעג, א

פעסטונג, וואָס זאָל דינען אַלס שטיצפונקט פאַר ווייטערדיקע קאָמוני־קאַציעס.

אין אַפּריל (אָדער מאַי) 1537 איז פּעדראָ מענדאָסאַ אַ שווער קראַנ־קער מיט צוויי שיפן אָפּגעפאָרן פון בוענאָס איירעסער ברעג, מיטן ציל צו קאָנען אָפּגעבן דעם קעניג אַ באַריכט וועגן זיינע דעראָבערונגען. אינ־מיטן וועג האָט ער באַקומען אַ שווערן אָנפאַל פון הידראָפאָביאַ און גע־שטאָרבן. זיין טויטער קערפּער איז דאַן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין ים.

## איראַלאַס דעספּאָטישער רעזשים

ווען אַזשאָלאַס האָט זיך געלאָזט אין וועג צו ווייטערדיקע אַנטדע־קונגען, מיט דער האָפנונג צו דערגרייכן פּערו, וואו עס געפינען זיך פּי־סאַראָ און אַלמאַגראָ, האָט ער דערגרייכט מיטן פּאַראַנאַ ביז די ברעגן



דיעגאָ אַלמאַגראָ



וואַסקאָ דע גאַמאַ (זייט 35)

פון פּאַראַגוויי באַם געגנט וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן פּוערטאָ דע לאַ קאַנדעלאַריאַ. דאָרט האָט ער איבערגעלאָזט איראַלאַ מיט אַ גרויסער מאַנשאַפט, צו וואַרטן אויף אים ביז זיין ריקקער און אַליין איז אַזשאָלאַס מיט 200 מאַן אַוועק צופוס צו נאָרדן.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז אָנגעקומען קיין קאַנדעלאַריאַ סאַלאַזאַר, אין שליחות פון מענדאָסאַ און געפרעגט באַ איראַלאַן אויף אַזשאָלאַס, אָבער איראַלאַ האָט אים נישט געקאָנט געבן קיין שום ידיעה וועגן אים. סאַלאַ־

זאר און איראלא האָבן זיך דאַן צוזאַמען געלאָזט אָפּן וועג צו בוענאָ עס־פּעראַנסאַ, מיטן געדאַנק זיך באַלד אומצוקערן. אַזשאָלאַס ווידער האָט אין דער דאָזיקער צייט געגרינדעט אַ קאָלאָניע אין אַסונסיאָן (די היינטיקע הויפּטשטאָט פון פּאַראַגוויי) און זיך אומגעקערט קיין קאַנדעלאַריאַ צו איראַלאַן. ער האָט אָבער דאָרט איראַלאַן נישט געטראָפן. אַ גרופּע אינ־דיאַנער פּאַיאַגוואַס וואָס האָבן זיך געפונען דאָרט אין שכנות האָט אַרומ־גערינגלט אַזשאָלאַסן מיט זיינע באַגלייטער און זיי אַלע אויסגעהרגעט.

סאַלאַזאַר ווידער האָט אין צייט פון זיין ריקרייזע קיין בוענאָס איירעס געגרינדעט אינמיטן וועג באַם אַריינגוס פונעם טייך פּילקאָמאַיאַ די קאָ־לאָניע לאַמבאַרע (אויגוסט 1537), און ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס האָט ער שוין מענדאָסאַן נישט געטראָפן.

איראַלאַ, נישט וויסנדיק וועגן טויט פון אַזשאָלאַס האָט זיך געלאָזט מיט הונדערט מאַן אין דער ריכטונג צו אַסונסיאָן. ער האָט זיך דאָרט באַ־זעצט און איבערגענומען די מאַכט איבער יענער קאָלאָניע, זיך אויסגעבנ־דיק אַלס באַפולמעכטיקטער פון אַזשאָלאַס. ער האָט איינגעפירט אַ דעס־פּאָטישן רעזשים און מיט גרויס ענערגיע אָנגעגאַנגען מיטן אויסבוי פון אַסונסיאָן און מיט דער גרינדונג פון אַנדערע קאָלאָניעס, אַריינציענדיק דערצו אויך אַ טייל פון די שכנישע אינדיאַנער. פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן די פּאַקטישע בילדונג פון פּאַראַגוויי אַלס מלוכה.

סוף 1538 איז געקומען פון שפּאַניע קיין בוענאָס איירעס אַ נייער שליח פונעם קעניג, אַלפּאָנסאָ דע קאַברערא, מיט אַ דאָקומענט אין וועלכן ס׳האָט זיך געזאָגט, אַז אויב דער אַדעלאַנטאַדאָ פּעדראָ מענדאָסאַ האָט נים באַשטימט קיין נאָכפאָלגער, זאָל אַזעלכער אויסגעקליבן ווערן דורך אַ פּאָלקס אָפּשטימונג. קאַברערא האָט דעמאָלט געטראָפן אַלס רעגירער איבער בוענאָס איירעס און בוענאָ עספּעראַנסאַ רואיז גאַלאַן. ביידע, קאַ־ברערא און גאַלאַן, זיינען אַוועק קיין אַסונסיאָן, און ווען איראַלא האָט זיי געוויזן אַ דאָקומענט, אַז אַזשאָלאַס האָט אים געהאַט באַשטימט אַלס ערשטן געהילף, איז ער אנערקענט געוואָרן אין זיין רעכט צו בלייבן רע־גירן (יוני 1539), פאַרשטייענדיק, אַז ס׳איז נישט גלייך אונטערצונעמען עפּעס קעגן דיקטאַטאָר. קאַברערא האָט זיך אונטערגעוואָרפן און זיך גע־שטעלט אין דינסט פונעם אוזורפּאַטאָר און גאַלאַן איז אַוועק קיין בראַזיל. איראַלא האָט דאַס אויסגענוצט באַלד פאַר זיך, האָט תיכף אָרגאַניזירט די קאָלאָניע און געבילדעט אַ קאַבילדאָ (פאָלקס־ראַט). ער האָט זיך אומגע־קערט קיין קאַנדעלאַריאַ צו זוכן אַזשאָלאַס און דאָרט געוואויר געוואָרן, אַז די אינדיאַנער האָבן אים דערהרגעט. איראַלא האָט איינגעפירט דעם סיסטעם פון ענקאָמיענדאַס (איינטיילונג פון דער ערד און די אינדיאַנער צווישן די שפּאַניער) און געלאָזט דורכפירן אַ צענז פון די אינדיאַנער.

אזוי ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז די אינדיאַנער פון פּאַראַגוויי זיינען צו שוואַך צו געוויסע אַרבעטן און מאַסן פון זיי זיינען געשטאָרבן אונטער דער שווערער לאַסט אָדער דורך אַלערליי קראַנקייטן, האָט ער געלאָזט ברענגען קיין אַסונסיאָן אינדיאַנער פון בוענאָס איירעס מיטן גאַנצן אַרבעטס געצייג, וואָפן און געצעלטן. דאָס דורכצופירן איז איראַלאַ אַליין געפאָרן קיין בוענאָס איירעס אין מאַי 1541. און בכדי צו צווינגען אַלע אַנדערע וועלכע האָבן נישט געוואָלט מיטפאָרן האָט איראַלאַ געלאָזט פאַרברענען אַ שיף וואָס האָט געדינט פאַר די שפּאַניער אַלס פעסטונג, און געלאָזט פאַרברענען דאָס קלויסטער און די אַרומיקע ביימער. אַזוי אַרום איז בוענאָס איירעס געבליבן אַ פוסטער, ליידיקער פּלאַץ. וואָס איראַלאַ האָט איבערגעלאָזט איז בלויז אַ פּאָר צענדליק פערד. וואָס איז דערנאָך געוועזן דער אָנהויב פון רייכטום, וואָס עס האָבן געטראָפן מיט פערציק יאָר שפּעטער די גרינדער פון דער צווייטער בוענאָס איירעס.

פון יענער צייט אָן ליידט די געשיכטע פון אַרגענטינע אָן איבערייס. איראַלאַ, דער אַמביציעזער הערשער פון פּאַראַגוויי האָט נישט געוואָלט דולדן, אַז זיין מלוכה גלאַנץ זאָל פאַרטונקלט ווערן דורך דער עקזיסטענץ פון אַ שטאָט באַם אָנהויב פונעם לאַ פּלאַטאַ טייך און ער האָט זי פאַרניכטעט, צוזאַמען מיט דער מעגלעכקייט פון אַ באַלדיקן ווידעראויפבוי דורך אייגענע כוחות פון די שפּאַניער אויף דער אַרגענטינער ערד.

## די שקלאַפעריי פון די אינדיאַנער

ווי געזאָגט האָט דער דיקטאַטאָרישער קאָנקיסטאַדאָר איראַלאַ איינגעפירט דער ערשטער דעם סיסטעם פון **ענקאָמיענדאַס**, וואָס האָט געמיינט די איינטיילונג פון דער ערד, מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אויף איר.

די צאָל שפּאַניער איז דעמאָלט נאָך געוועזן קליין אינעם נייעם וועלט טייל און וועלנדיק וואָס גיכער „ציוויליזירן" דאָס דעראָבערטע לאַנד האָבן זיי גענומען דורך גוואַלד אין זייער האַנט די געבירטיקע באַפעלקערונג, די אינדיאַנער, געמאַכט זיי פאַר שקלאַפן און געצוואונגען זיי דורכצופירן די שווערסטע אַרבעטן, בכדי צו שאַפן פאַר די דעראָבערער אַ באַקוועם לעבן.

האָבנדיק דעם ביקס אין האַנט, האָבן די שפּאַניער געצוואונגען די פרידלעכע אינדיאַנער צו זיין זייערע קנעכט און דינסטן, בויען הייזער, באַאַרבעטן די פעלדער, אויספירן מינען אַרבעט און ניאַנטשען זייערע קינדער. יעדער שפּאַניער האָט גענומען פאַר זיך אַ גרויסן שטח לאַנד און אַ היפּשע צאָל אינדיאַנער מיט זייערע ווייבער און קינדער בא זיי צו אַרבעטן. דער דאָזיקער סיסטעם פון פאַרכאַפּן ערד און אינדיאַנער האָט גע

הייסן ענקאָמיענדאָס און די באַלעבאַטים דערפון, די אַזוי גערופענע „אַרבעטסגעבער” האָבן זיך באַטיטלט אַלס **ענקאָמענדעראָס**.

ס'זיינען כלומרשט איינגעפירט געוואָרן געזעצן וואָס האָבן רעגלאַמענטירט די אַרבעט און די באַהאַנדלונג וואָס דאַרף געגעבן ווערן די אינדיאַנער, גאַנץ הומאַניטאַרע. אָבער קיינער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די רעגלאַמענטן און געזעצן, נאָר אַף אַ שרעקלעכן אופן עקספּלואַטירט און געפּייניקט די פאַרשקלאַפטע געבירטיקע באַפעלקערונג. אין די קאָלאָניעס פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט זיינען די באַדינגונגען נאָך נישט געווען אַזעלכע שרעקלעכע ווי די אין אַנדערע געגנטן, למשל אין פּערו.

די אינדיאַנער וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן דורך גוואַלד אין דינסט פון די שפּאַניער זיינען געווען פאָלגענדע אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט:

1) ***מיטאַיער***, וועלכע האָבן זיך פרידלעך אונטערגעוואָרפן די שפּאַניער. זיי האָבן געבויט שאָסייען און שטעט, טורנעוויז, צו צוויי חדשים אין יאָר, פאַר זייערע ענקאָמענדעראָס. און אַרבעטן האָבן געדאַרפט אַלע מענער און פרויען אינעם עלטער פון 18 ביז 50 יאָר.

2) ***יאַנאַקאָנער***, אַזעלכע וואָס זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען נאָך אַ פאַרלוירענעם קאַמף מיט די שפּאַניער. זיי האָבן באַקומען עסן און קליידונג און געמוזט אייביק דינען די נייע באַלעבאַטים. מען האָט זיי נישט געטאָרט פאַרקויפן און נישט אָפּזאָגן צוליב אַלטקייט. די יאַנאַקאָנער זיינען געווען אמתע שקלאַפן. די באַלעבאַטים האָבן זיך ווייניק געזאָרגט, אַז זיי זאָלן האָבן גענוג ברויט, אָדער זיך אינטערעסירט מיט זיי אין פאַל פון קראַנקייט. זיי זיינען ברוטאַל געשלאָגן געוואָרן און באַטראַכט געוואָרן ווי בהמות.

די ענקאָמענדעראָס פלעגן אויך פאַרדינגען זייערע שקלאַפן צו אַנדערע צו שווערער אַרבעט און גענומען דערפאַר געלט, נישט געבנדיק דערפון גאָרנישט די אינדיאַנער.

אין פּערו זיינען די אינדיאַנער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מינען אַרבעט און אַזוי ווי זיי זיינען נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ אַרבעט זיינען מאַסן פון זיי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקימערט וועגן דעם, ווייסנדיק אַז מען קאָן לייכט באַקומען אַנדערע.

די אינדיאַנער זיינען באַנוצט געוואָרן צום פישפאַנג, צו פעלד-אַרבעט, צו דער פיצוכט און אויך צו היטן און אויסהאָדעווען די קינדער פון די שפּאַניער, אָבער טראָץ זייער נוצלעכן דינסט זיינען זיי אַף אַן אוממענטשלעכן אופן געפּייניקט געוואָרן. די לאַגע זייערע איז געוואָרן אַזאַ שרעקלעכע, אַז ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָטעסט און אויפשטאַנדס באַוועגונג מצד די פאַרשקלאַפטע און נאָך לאַנגע, יאָרנלאַנגע ליידן איז אין 1780 געמאַכט געוואָרן דער גרויסער אויפשטאַנדס פּרואוו אָנגעפירט פון

איינעם גאַבריעל קאָנדאָרקאַני, אַן אָפּשטאַמער פון די אינקאַס, וועלכער האָט זיך גערופן מיטן נאָמען טופּאַק אַמאַרו. די אינדיאַנער האָבן טופּאַק אַמאַרו געהאַלטן פאַר זייער גואל און ס׳איז פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד פון 60.000 אינדיאַנער אין פּערו, דאָס איז געווען שוין אין די צייטן פון די וויצע קעניגס, און דעמאָלט האָט אין אַרגענטינע געהערשט דער וויצע־קע־ניג ווערטיז.

נאָך לאַנגע און בלוטיקע שלאַכטן, בײַ וועלכע ס׳זיינען געפאַלן מאַסן קרבנות פון ביידע צדדים, איז עס די שפּאַניער געלונגען צו בײַזיגן ווי־דעראַמאָל די אינדיאַנער און זיי נאָך מיט מער אכזריות צו פאַרשקלאַפן. דער אָנפירער פונעם אויפשטאַנד, טופּאַק אַמאַרו, איז גענומען געוואָרן געפאַנגען צוזאַמען מיט זיין פרוי. די שפּאַניער האָבן אים אויסגעשניטן די צונג און דערנאָך געפּרוּווט אים צעפּערטלען, דורכן צובינדן זיינע הענט און פיס צו פיר פערד, נאָר ווען דאָס איז זיי נישט געלונגען האָבן זיי אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ.

אַלס שטראָף פאַרן הויבן די וואָפן קעגן שפּאַניע איז אַף אַזאַ אַכזריעשן אופן אומגעבראַכט געוואָרן דעם 18טן מאַי 1781 דער גרויסער פּאַטריאָט און אָנפירער פון די געבירטיקע, כאָסע גאַבריעל טופּאַק אַמאַרו, און דעם 19טן יולי 1783 זיינען אין קוזקאָ אומגעבראַכט געוואָרן די מוטער זיינע מאַרסעלאַ קאַסטראָ און זיין ברודער דיעגאָ קריסטאָבאַל טופּאַק אַמאַרו.

## די אַקטוּאַציע פון די גלחים

אין דער דעראָבערונג און באַהערשונג פונעם נייעם לאַנד האָט נישט קיין קליינעם חלק אויך די קאַטוילישע קירכע. אין דער צייט וואָס דער ביקס און קאַנאָן פון די קאָנקיסטאַדאָרן האָבן אונטערוואָרפן און אונטער־טעניק געמאַכט די געבירטיקע, איז אונטערגעקומען דער גלח און מיסיאָ־נער פון די פראַנציסקאַנער און דאָמיניקאַנער אָרדנס, ווי אויך די יעזואיטן מיט גאָטס טרייסט־וואָרט, איינרעדנדיק די פאַרשקלאַפטע און אונטער־דריקטע זיך נישט צו בונטעווען, נאָר אָנצונעמען אַלעס פאַר ליב, ווייל זייער לעבנס גורל איז שוין אַלס אַזעלכער פאַרצייכנט אויבן אין הימל. די גלחים און מיסיאָנערן פלעגן באַרואיקן די צערייצטע אָדער דערשלאָגענע אינדיאַנער און זיי אָפּגעהאַלטן פון נקמה אָדער אויפשטאַנד. און בכדי צו ווייזן זיך אַלס אמתע פריינט פונעם אומגליקלעכן אינדיאַנער האָבן די קאַטוילישע גייסטלעכע גענומען אַף זיך די אַרבעט פון לערנען די אינ־דיאַנער שרייבן און לייענען, און זיי געלערנט רעליגיע, באַקערנדיק וואָס אמאָל מער אינדיאַנער צום קאַטוילישן גלויבן.

אָט אַזוי איינוויגנדיק די אינדיאַנער אינעם גלויבן פון דער קירכע

האָבן זיך די געבירטיקע ביסלעכווייז אונטערוואַרפן זייער נייעם גורל און ווייטער געדינט אונטערטעניק די שפּאַניער, געבויט קאָלאָניעס, שטעט,



אַ ראַנטשע פון אַן אינדיאַנער משפּחה.

פאַרקערס-וועגן, פאַרוואַנדלענדיק דאָס לאַנד אין גרויסע ברויט-קאַמערן און נאַטור אוצרות.

מיט דער צייט האָבן די שפּאַניער זיך געמוזט רעכענען מיט דער געבירטיקער באַפעלקערונג און זיי געבן אויך רעכט צו באַטייליקן זיך אין די מוניציפּאַלע ראַטן און אין די קאַבילדאָס (שטאָטס-ראַטן), נעמענדיק אַ וואָרט אין דער מלוכה-אַרבעט.

## די מלוכה - אָרדנונג

ווען די נייע אַנטדעקטע לענדער זיינען שוין געווען מער ווייניקער באַ-פעלקערט, זיינען זיי אונטערוואָרפן געוואָרן פאָלגענדער מלוכה-פאָרם: אין שפּאַניע איז געווען אַ „ראַט פון אינדיעס" (אַ מין קאָלאָניען-מיניסטע-ריום) וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלע פראַגן וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט די ניי-אַנטדעקטע לענדער און אַ „קאַסאַ דע קאָנטראַטאַסיאָן" וואָס האָט קאָנטראָלירט דעם מסחר מיט די נייע לענדער. אין די אַמעריקאַנער לענדער זיינען געווען אין יעדן גרויסן געביט אַ וויצע-קעניג, אַ גענעראַל קאַפּיטאַן, גובערנאַטאָרן, אוידיענצן און קאַבילדאָס (שטאָטישע ראַטן).

דער זיץ פון דעם „ראַט פון אינדיעס" (קאָנסעכאָ דע אינדיאַס) איז געווען אין סעוויליאַ. אַלע געזעצן, אָרדענאַנצן, דעקרעטן און רעגלאַמענטן פונעם קעניג בנוגע די נייע לענדער האָבן באַדאַרפט שטודירט און גוט-

געהייסט ווערן פון דאָזיקן ראַט. אויך די באַשטימונג פון די וויצע-קעניגם האָט דערזעלבער ראַט באַדאַרפט גוטהייסן.

דער צווייטער דעפּאַרטאַמענט וועגן די אינדיעס, וואָס האָט זיך גע־רופן „קאַסאַ דע קאָנטראַטאַסיאָן" האָט אויך געהאַט דעם זיץ אין סעווילי‍אַ און באַדאַרפט קאָנטראָלירן, אַז צו די פּאָרטן פון די נייע לענדער זאָלן נישט קומען קיין שום אַנדערע שיפן, חוץ שפּאַנישע, אָן אַ געהעריקער דערלויבעניש. דאָס דעפּאַרטאַמענט האָט אויך געדאַרפט אַנטשיידן אַלע אַנדערע פראַגן וואָס האָבן באַריִרט דעם מסחר מיט אַמעריקע.



אונטער דער אָנפירונג פון גלח גייען די אינדיאַנער צו דער אַרבעט.

אין די דעראָבערטע לענדער ווידער האָט געהאַט די הויפּט-מאַכט דער וויצע-קעניג (ווירעי), וועלכער האָט רעגירט אינעם נאָמען פונעם קעניג פון שפּאַניע. ער האָט געהאַט דאָס וואָרט אַזוי אין מיליטערישע ווי אין ציווילע ענינים און געהאַט דאָס רעכט צו באַשטימען די פּערזאָנען אַף אַלע נויטיקע פּאָסטנס. דער וויצע-קעניג האָט נישט געטאָרט חתונה האָבן, נישט פירן קיין מסחר, נישט בייזיין אַף חתונות אָדער לויות און נישט זיין קיין קוואַטער. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז אָנגענומען געוואָרן בכדי ער זאָל דורך דעם נישט זיין פאַרפּליכטעט צו עמיצן און דורך דעם נישט זיין בײַ געוויסע אָנגעלעגנהייטן פּאַרטייאיש. נאָכן ענדיקן זיין דינסט-צייט האָט ער זיך באַדאַרפט שטעלן צום משפט פאַר אַן אַזוי גערופענעם „רע־זידענץ"-טריבונאַל, וואָס האָט געדאַרפט משפטן זיינע האַנדלונגען.

חוץ דעם וויצע-קעניג איז געווען איינגעפירט אַלס מלוכה-טייל אַ „קאַ-פיטאַניאַ כענעראַל" מיט אַ גענעראַל קאַפּיטאַן אין געוויסע לאַנד-טיילן, וועלכע האָבן געהאַט כמעט די זעלבע רעכטן וואָס דער וויצע-קעניג. אַזוי למשל, האָט טשילע מיט זיך פאָרגעשטעלט אַזאַ „קאַפּיטאַניאַ גענעראַל" און נישט געווען אונטערוואָרפן אַ וויצע-קעניג.

די פּראָווינצן פון יעדן נייעם לאַנד האָבן געהאַט באַזונדערע מלוכה-אָרגאַנען, מיט אַ גענעראַל גובערנאַטאָר אין דער שפּיץ. די גובערנאַטאָרס זיינען געווען אונטערוואָרפן דעם וויצע-קעניג אָדער גענעראַל קאַפּיטאַן. אַזעלכע גובערנאַטאָרס זיינען געווען אין בוענאָס איירעס, פּאַראַגוויי, טוקומאַן.

דאַן קומען די „אַודיענצן". דאָס זיינען געווען די העכסטע געריכטס טריבונאַלן. געהייסן האָבן זיי „אַודיענסיאַס רעאַלעס" (קעניגלעכע אַודיענצן) און זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן יוסטיץ-וועזן אין די נייע לענדער. זייערע אורטיילן האָבן געקאָנט אַפּעלירט ווערן בלויז צום „ראַט פון די אינדיעס" אין סעווילייאַ. די אורטיילן ווידער פון די קלענערע געריכטן האָבן געקאָנט אַפּעלירט ווערן צו די „אַודיענצן".

די שטעטישע ענינים ווידער האָבן זיך געפונען אין דער האַנט פון די קאַבילדאָס (היינטיקע שטאָט-ראַטן). זיי האָבן געזאָרגט פאַר דעם אויפהאַלטן די אָרדנונג און פאַר דעם פּראָגרעס פון דער שטאָט. אין די קאַביל-



אָפיציעלע באַקאַנטמאַכונג דעם פאָלק וועגן אַ מלוכה-באַשלוס אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע.

דאָס זיינען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן שוין איינציקע געבירטיקע (אינדיאַנער) און די קריאָזשאָס (אָדער קריאָליאָס), געבוירענע פון געמישטע חתונות פון שפּאַניער מיט אינדיאַנער פרויען אָדער אינדיאַנער מענער מיט שפּאַנישע פרויען. דער ערשטער קאַבילדאָ אין בוענאָס איירעס איז געבילדעט געוואָרן אינעם יאָר 1580.

אין פאַל פון געפאַר אָדער פון באַזונדער גרויסער וויכטיקייט איז דאָס פאָלק פאַרופן געוואָרן צו אַן אָפענעם ראַט (קאַבילדאָ אַביערטאָ) וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַ גרעסערער צאָל פון די נאָטאַבלע שכנים.

די קאַבילדאָס אָדער שטאָט־ראַטן פלעגן אויסקלויבן פון זייער מיט איינעם אַלם אַלקאַלדע, וואָס איז געווען אָנפירער פון דער יוסטיץ פון ערשטער אינסטאַנץ. די מיטגלידער פון קאַבילדאָ האָבן געטראָגן דעם נאָמען פון רעכידאָר (ראַטמאַן). אַף צו זיין אַ רעכידאָר האָט מען באַדאַרפט זיין אַ שכן פון דער זעלבער שטאָט. דער פּאָסטן איז נישט באַצאָלט געוואָרן. די צאָל רעכידאָרן פון אַ קאַבילדאָ איז געווען פאַרשידן, מער ווייניקער צווישן 6 און 12 לויט דער וויכטיקייט פונעם אָרט. די רעכידאָרן זיינען נישט באַשטימט געוואָרן פונעם גובערנאַטאָר, קאַפּיטאַן אָדער ווי־צע־קעניג און אויך נישט אויסגעקליבן געוואָרן פון פאָלק, נאָר יעדער קאַבילדאָ האָט באַדאַרפט אויסקלויבן די רעכידאָרעס פונעם אַנדערן, נייעם קאַבילדאָ. די וואַלן זיינען געווען געהיימע. יעדעס יאָר דעם 1טן יאַנואַר האָבן די אָפּגייענדיקע רעכידאָרעס באַדאַרפט אָפּגעבן אין פאַרמאַכטע קאָנווערטן זייער שטימע פאַר די קומענדיקע רעכידאָרן.

ס׳זיינען שפּעטער אויך איינגעפירט געוואָרן האַנדלס־קאָנסולאַטן, אַזעלכע טריבונאַלן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט קאָמערציעלע ענינים און געבראַכט פאָרשלאַגן וועגן דער אויסבעסערונג פונעם מסחר. אין בוענאָס איירעס איז איינגעפירט געוואָרן אַזאַ קאָנסולאַט אין 1794 און דער ערשטער סעקרעטאַר פון זעלבן איז געווען מאַנועל בעלגראַנאָ, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון שפּאַניע מיטן טיטל פון אַדוואָקאַט.

די מעלדונגען פאַרן פאָלק פון געוויסע באַשלוסן און געזעצן זיינען צו יענער צייט געמאַכט געוואָרן דורך „פּרעגאָנעראָס" (אויסרופער), וועלכע פלעגן געוויינלעך זיך שטעלן אַף די הויפּט־פּלעצער, צונויפרופנדיק דאָס פאָלק דורך טרומייטן אָדער פּויקן.

## וויטערדיקע אַדעלאַנטאַדאָס

פּעדראָ מענדאָסאַ, ווי געזאָגט, האָט געשיקט אַזשאָלאַס אַף אַ נייער עקספּעדיציע צו פּערו און אַליין האָט ער אַ קראַנקער זיך אין 1537 אומגעקערט קיין שפּאַניע און אַפן וועג געשטאָרבן. אין שפּאַניע האָט מען גע־

ווארט ביז 1540 אָף ידיעות פון אַזשאַלאַסן, אָבער אומזיסט. ביזן סוף פון זעלבן יאָר האָט מען נישט געוואוסט וואָס ס'איז געשען מיט יענעם קאָנקיסטאַדאָר.

פאַרשטייענדיק. אַז די לאַגע אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט דאַרף זיין אַ קריטישע האָט דער קעניג אַרויסגעשיקט אַהין אַלס צווייטן אַדעלאַנטאַדאָ אַלוואַר נוניעז קאַבעסאַ דע וואַקאַ. דער נייער אַדעלאַנטאַדאָ איז אָפּגעפאָרן פון שפּאַניע מיט 400 מאַן אין דעצעמבער 1540 און זיך אָפּגעשטעלט באַם אינדזל סאַנטאַ קאַטאַלינאַ, בראַזיל. פון דאָרט האָט ער געשיקט פעליפּע דע קאַסערעס צום לאַ פּלאַטאַ, אָף צו פאָרן מיטן פּאַראַנאַ ביז אַסונסיאָן. קאַסערעס האָט אָבער פון מיטן וועג זיך געמוזט אומקערן דורך די שטאַרקע שטורמווינטן.

ענדלעך אין אָקטאָבער 1541 האָט אַלוואַר נוניעז מיט אַ טייל פון דער מאַנשאַפט זיך געלאָזט אין וועג, אָבער נישט מיט די שיפן נאָר צו פוס איבער בראַזיל און פּאַראַגוויי. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער אָבער די אינדיאַנער וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן האָבן אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן דער עקספּעדיציע, געבנדיק זיי לעבנסמיטל און אויך געדינט אַלס וועגווייזערס. זיי האָבן אָנגעטראָפן שפּעטער די באַרימטע וואַסערפאַלן פון איגוואַסו און אַלוואַר נוניעז האָט פון דאָרט מיט לאָדקעס געשיקט 30 קראַנקע און 50 סאָלדאַטן טייך אַראָפּ מיטן פּאַראַנאַ ביז זיי האָבן דערגרייכט אַסונסיאָן. די איבעריקע מאַנשאַפט ווידער איז מיט די שיפן אָפּגעפאָרן פון סאַנטאַ קאַטאַלינאַ ביזן לאַ פּלאַטאַ און פון דאַנען מיטן פּאַראַנאַ און פּאַראַגוויי ביז אַסונסיאָן.

אין מערץ 1542 איז אַלוואַר נוניעז געקומען אין באַגלייטונג פון אַ היפשער מאַנשאַפט צופוס קיין אַסונסיאָן.

איראַלאַ וואָס האָט שוין געהערשט אַ פּאָר יאָר האָט נישט געהאַט קיין חשק איבערצוגעבן די מאַכט דעם נייעם אַדעלאַנטאַדאָ, אָבער אויס מורא פאַר אַ קאַמף האָט ער זיך אונטערגעגעבן. אַלוואַר נוניעז האָט איבערגענומען די מלוכה און געמאַכט איראַלאַן אַלס זיין וויצע. שפּעטער האָט ער אויך געשיקט איראַלאַן אָף אַ נייער עקספּעדיציע צו פּערו.

דער נייער אַדעלאַנטאַדאָ האָט באַלד געמילדערט די לאַגע פון די אינדיאַנער און געפּלאַנט דורכצופירן אַ גרויסע רעפאָרם צו גונסטן דער פאַרשקלאַפטער באַפעלקערונג. צוליב דעם האָבן זיך דאַן געשאַפן צוויי פּאַרטייען: איין צד וואָס האָט געהאַלטן מיט איראַלאַ און אַ צווייטער וואָס איז געווען אָף דער זייט פון אַלוואַר נוניעז.

אַן אומצופרידענער מיט דעם נייעם שליחות האָט איראַלאַ אויפגעגעבן די עקספּעדיציע קיין פּערו, נאָר זיך געלאָזט איבער די טשאַקאָ וועלדער. אויך אַלוואַר נוניעז האָט אונטערגענומען אַן עקספּעדיציע איבער

טשאַקאָ, נאָר זיך באַלד אומגעקערט קיין אַסונסיאָן. ווי נאָר ער איז צוריק־געקומען האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד פון איראַלאַס אַנהענגער קעגן נייעם אַדעלאַנטאַדאָ. ער איז דעם 25טן אַפּריל 1544 אַרעסטירט און גע־בונדן געוואָרן און אַ געקייטעטער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין שפּאַניע מיט אַ שווערער אָנקלאַגע קעגן אים. דער „ראַט פון אינדיעס" האָט פאַרמשפּט אַלוואַר נוניעזן צו פאַרשיקונג קיין אַפריקע, נאָר עס האָט זיך שפּעטער



אַ שפּאַנישער סאָלדאַט אין דער קאָלאָניאַלער צייט




דעראָבערונגס מאַרשרוט פון אַזשאַלאַס ביז קאַנדעלאַריאַ.

אַרויסגעשטעלט זיין אומשולד און ער איז באַפרייט און באַלוינט געוואָרן.

דורכן דאָזיקן געשעעניש זיינען געבליבן שוין אין אַסונסיאָן צוויי פּאַר־טייען: די לאַיאַלע, וועלכע זיינען געווען אַנהענגער פון אַלוואַר נוניעז, און די טומלער, וואָס האָבן אים אַרויסגעשיקט און צוריק אַרויפגעזעצט איראַ־לאַן. די לאַיאַלע זיינען דורך איראַלאַ שרעקלעך פאַרפאָלגט געוואָרן און אַ סך האָבן באַקומען די שטראָף פון גאַראָטע (איינפּרעסן דעם האַלדז צו אַ סלופּ).

אין דער זעלבער צייט איז איראַלאַ געוואויר געוואָרן אַז אין פּערו האָט זיך געשאַפן אַ קאָנפליקט צווישן גאָנסאַלאָ פּיסאַראָ מיטן וויצע־קעניג

פון פּערו בלאַסקאָ נוניעז וועלאַ און ער האָט גערעכנט צו ציען דערפון וועלכן נוצן. מיט אַ דאָקומענט, אַז ער איז שטעלפאַרטרעטער פון מענדאָסאַ און אַזשאָלאַס האָט איראַלאַ זיך געלאָזט מיט אַן אַרמיי צו לימאַ, אָבער ווען ער איז שוין געווען נאָענט פון זיין ציל האָט זיך דער קאַמף אין לימאַ געהאַט געענדיקט דורכן טויט פון פּיסאַראָ אַף דער תליה און זיינע אָנהענגער אונטערדריקט. געהערשט האָט שוין דעמאָלט אין לימאַ דער מיניסטער פון דער אינקוויזיציע לאַ גאַסקאַ, און דער לעצטער האָט געלאָזט וויסן איראַלאַן, אַז אויב דאָס לעבן איז אים ליב זאָל ער באַלד אָפּציען. לאַ גאַסקאַ האָט אַפילו געוואָלט אַראָפּזעצן איראַלאַן און געשיקט אַ שליח צו דער אוידיענץ פון טשאַרקאַס וואָס האָט פונקציאָנירט אין טשוקיסאַקאַ, אָבער דער שליח איז אינמיטן וועג פון איראַלאַס אַן אונטערגעקויפטן שליח דערהרגעט געוואָרן און איראַלאַ איז געבליבן ווייטער הערשן מיט אַן אייזערנער האַנט אין פּאַראַגוויי.

איראַלאַ האָט דערנאָך אונטערגענומען נייע עקספּעדיציעס און געלאָזט בויען נייע קאָלאָניעס און שטעט. זיינער אַ שליח נופריא דע טשאַוועס האָט געבראַכט אַ פּאָר שטיקלעך פּי פון פּערו קיין אַסונסיאָן, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון פּיצוכט אין פּאַראַגוויי. איראַלאַ איז געשטאָרבן אין יאָר 1556 אין עלטער פון 70 יאָר. באַם שטאַרבן האָט ער באַשטימט זיין איידעם גאָנזאַלאָ דע מענדאָסאַ אַלס נאָכפאָלגער, אָבער דער לעצטער איז געשטאָרבן באַם סוף פון זעלבן יאָר. אַף זיין אָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס נייער גובערנאַטאָר איראַלאַס צווייטער איידעם פראַנציסקאָ אָרטיז דע ווערגאַראַ (יולי 1558). דאָס זיינען געווען די ערשטע לעגאַלע וואַלן פונעם פאָלק אין דער שפּאַנישער דאָמיניע פון לאַ פּלאַטאַ געביט.

פון שפּאַניע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ נייער אַדעלאַנטאַדאָ צום לאַ פּלאַטאַ געביט דיעגאָ דע סאַנאַבריאַ, אָבער אַ שטורעמווינט האָט צעשמעטערט זיין שיף.

פראַנציסקאָ אָרטיז דע ווערגאַראַ, איראַלאַס איידעם, האָט געהערשט פון 1558 ביז 1565 און אין לויף פון דער דאָזיקער צייט איז אַזוי אַף אַרגענטינער ערד ווי אין פּאַראַגוויי, פּערו און טשילע אָנגעגאַנגען אַ גרויסע קאָלאָניזאַציע טעטיקייט און מינען עקספּלואַטאַציע, אַריינציענדיק אין דער אַרבעט צענדליקער טויזנטער אינדיאַנער. ס'זיינען אויסגעבויט געוואָרן שולן און קלויסטערס און ביסלעכוויז זיינען די אינדיאַנער דערנענטערט געוואָרן צו די דעראָבערער.

אַזוי ווי עס האָט געהערשט אַ מאַנגל אין שפּאַנישע פרויען האָבן די שפּאַנישע יונגעלייט חתונה געהאַט מיט מיידלעך פון די פריינטלעכע אינדיאַנער שבטים און אַזוי אַרום האָט זיך די באַפעלקערונג אין די שטעט און קאָלאָניעס אין לויף פון אַ פּאָר צענדליק יאָר שטאַרק פאַרגרעסערט.

די קינדער פון די אָרטיקע חתונות זיינען אָנגערופן געוואָרן קריאָזשאָס אָדער מעסטיסאָס (געמישטע) און אָט די קריאָזשאָס זיינען עס געווען די וואָס האָבן באַפרייט שפּעטער זייערע געבורטס־לענדער פון דער שפּאַנישער הערשאַפט.

דער דריטער אַדעלאַנטאַדאָ אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט איז געווען כואַן אָרטיז דע סאַראַטע, וואָס האָט געהערשט זייער אַ קורצע צייט בלויז (1565-1566). ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַדעלאַנטאַדאָ דורך דער „אוידיענץ" אין לימאַ, מיטן באַדינג, אַז ער זאָל באַקומען די גוטהייסונג פונעם קעניג. סאַראַטע האָט איבערגעלאָזט אַלס שטעלפאַרטרעטער פּע־




אַנטדעקונגס און דעראָבערונגס־רייזעס פון מענדאָסאַ,
אַזשאָלאַס און איראַלאַ.

ליפּע דע קאַסערעס און אָפּגעפאָרן דורכן פּאַנאַמאַ וועג קיין שפּאַניע, אָבער ער האָט זיך שוין נישט אומגעקערט פון שפּאַניע און קאַסערעס איז געבליבן הערשן פון 1566 ביז 1569. לויט אַנדערע קוועלן זאָל פעליפּע דע קאַסערעס האָבן געהערשט ביז 1572. עס האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים אַ פאַרשווערונג און ער איז (ווי עס הייסט אין יולי 1572) אַרעסטירט געוואָרן אין אַ קירכע און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין שפּאַניע.

צו פאַרנעמען פּראָוויזאָריש די רעגירונגס מאַכט איז באַשטימט גע־וואָרן מאַרטין סואַרעז דע טאָלעדאָ. אין זיין צייט האָט כואַן דע גאַראַי געגרינדעט די שטאָט סאַנטאַ פע (1573).

## כואַן דע גאַראַי

כואַן דע גאַראַי איז געבוירן אין שפּאַניע אין 1527 אָדער 1529 און איז געבראַכט געוואָרן קיין פּערו ווען ער איז אַלט געווען 15 יאָר דורך זיין פעטער פּעדראָ דע סאַראַטע. ווען קאַסטרעס האָט איבערגענומען די מאַכט האָט ער באַשטימט גאַראַי אַלס אַלגואַסיל מאַיאָר (אַ מין פּאָליציי שעף). גאַראַי איז נישט געווען קיין גרויס געבילדעטער, אָבער ער איז באַזעסן אַן איינגעבוירענע אינטעליגענץ, מיט גרויסן אונטערנעמונגס גייסט און געווען אַ פּעאיקער אָרגאַניזאַטאָר.

געשטיצט פונעם גובערנאַטאָר מאַרטין סואַרעז דע טאָלעדאָ האָט גאַ־




די אַנטדעקונגס־רייזעס און דעראָבערונגס־מאַרשרוטן אין דער צייט פון די אַדעלאַנטאַדאָס.

ראַי אָרגאַניזירט אַן עקספּעדיציע פון 84 מאַן, פון זיי 9 שפּאַניער און 75 יונגע קריאָזשעס, מיט 55 פערד, 65 אַרקאַבוסעס (ביקסן) און איין ווערסאַ (קאַנאָן) מיט פּולווער און שטיינערנע קוילן, זיך לאָזנדיק פון אַסונסיאָן מיטן טייך פּאַראַגוויי און פּאַראַנאַ, טייך אַראָפּ און זיך אָפּגעשטעלט אינ־

מיטן וועג אױף דעם ברעג, וואו עס געפינט זיך איצט סאַנטאַ פע און דאָרט אונטערגענומען די גרינדונג פון אַ נייער שטאָט. די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן דעם 15טן נאָוועמבער 1573.

נאָך סוארעז דע טאָלעדאָ איז געבליבן הערשן כואַן אָרטיז דע סאַראַטע 1573-1575. דער דאָזיקער גובערנאַטאָר האָט דערהויבן גאַראַי צום



כואַן דע גאַראַי



איראַלאַ

אַלבאַסעאַ (מין ריכטער איבער ירושה-ענינים) און גאַראַי איז אין שליחות פון סאַראַטע אָפּגעפאָרן פון סאַנטאַ פע קיין פּערו.

שפּעטער איז געוואָרן גובערנאַטאָר דיעגאָ דע מענדיעטאַ 1575-1576 און נאָך אים איז באַשטימט געווען אַלס פערטער אַדעלאַנטאַדאָ כואַן טאָררעס דע וועראַ אי אַראַגאָן, וועלכער האָט געהערשט פון 1576 ביז 1591. אין זיין צייט האָט גאַראַי, אַלס ספּעציעל באַשטימטער פונעם אַדעלאַנטאַדאָ געגרינדעט בוענאָס איירעס אינעם יאָר 1580. אינעם דאָקומענט וואָס גאַראַי האָט באַקומען וועגן דעם האָט זיך געזאָגט, אַז ער איז באַויפטראָגט צו גרינדען אינעם פּאָרט פון בוענאָס איירעס אַ שטאָט און איר אַ נאָמען געבן ווי ער וועט פאַרשטיין. ער האָט אויך געהאַט דאָס רעכט צו באַנוצן די פערד וואָס געפינען זיך דאָרט (איבערגעלאָזט פון מענדאָסאַ צוריק מיט 44 יאָר).

גאַראַי האָט בײַ דער דאָזיקער עקספּעדיציע מיטגענומען 60 מאַן, צום גרעסטן טייל יונגע קריאָזשאָס מיט זייערע אייגענע פערד, וואָפן, וועררקצייג און אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען נויטיק פאַרן בוי פון אַ שטאָט. אױפן וועג האָט די עקספּעדיציע זיך אָפּגעשטעלט אין סאַנטאַ פע און פון

דאָרט מיטגענומען נאָך מער מענטשן און בהמות. אין יוני איז די עקס־פּעדיציע אָנגעקומען צום ברעג פונעם לאַ פּלאַטאַ, וואָס מענדאָסאַ האָט געהאַט אויסגעקליבן.

## גרינדונג פון בוענאָס איירעס צום צווייטן מאָל

אָנגייענדיק מיט דער טראַדיציע האָט גאַראַי געלאָזט אַף אַ פּלאַץ אַריינשטעלן אַ סלופּ אַלס צייכן פון אַ עפנטלעכן פּלאַץ (פּלאַסאַ) און ס'איז




די קאָנקיסטאַדאָרן־וועגן זיינען געווען דורך דריי ריכטונגען מיטאַמאָל.

דעם 11טן יוני 1580 דורכגעפירט געוואָרן די גרינדונגס־צערעמאָניע, וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּשניידן מיטן שווערד אַביסל גראָז און דערנאָך וואַרפן מיט מעסערס.

די נייע שטאָט האָט באַקומען דעם נאָמען סיודאַד דע לאַ טרינידאַד, פוערטאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ דע בוענאָס איירעס. דאָס איז די הײַנטיקע הויפּטשטאָט פֿון דער רעפּובליק.

גאַראַי האָט געלאָזט אויסמעסטן אַ גרעסערן שטח, האָט עס צעטיילט אין קוואַדרעס (16 אויף 9 קוואַדרעס), געלאָזט אויסבויען טראַנשייען און אַ פֿעסטונג, צו זיכערן די שטאָט קעגן אַ נייעם מעגלעכן איבערפֿאַל און דערנאָך אָנגעהויבן בויען הײַזער מיט ציגל געטריקנטע אויף דער זון. גאַראַי האָט אין דער נייער שטאָט געטיילט גרויסע שטיקער די נייע באַוווינער, געגעבן יעדן אַ קוואַדראַט פֿערטל פֿון אַ מאַנסאַנאַ (בלאָק אָדער קוואַדראַ). ער האָט אויך אײַנגעפֿירט אַ קאַבילדאָ, אַלקאַלדעס, רעכידאָרן און אַלע אַנדערע אויטאָריטעטן.





אויבן: דער צוגאַנג צו דער פֿעסטונג; אונטן: די פֿעסטונג געזען פֿונעם פּאָרט אויס.

ס'איז באַשטימט געוואָרן די פּלאַסאַ מאַיאָר (הויפּט־פּלאַץ) אויפֿן אָרט וואו עס געפֿינט זיך איצט די פּלאַסאַ מאַזשאָ און דאָ, פֿאַר דער פּלאַסאַ, וואו עס געפֿינט זיך איצט דאָס רעגירונגס הויז איז אויסגעבויט געוואָרן די פֿעסטונג אַרומגענומען מיט אַ טראַנשיי. צוצוקומען צו דער

פעסטונג האָט מען געדאַרפט אַראָפּלאָזן אַ בריק. די פּלאַסאַ מאַיאָר איז געווען דער פּלאַץ וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די וויכטיקסטע היס־טאָרישע געשעענישן.

דער סוף פון גאַראַי איז געווען זייער אַ טרויעריקער. ווען ער האָט זיך געפונען אין וועג פון בוענאָס איירעס קיין סאַנטאַ פע צו באַגריסן דעם טשילענער גובערנאַטאָר אַלאָנסאָ דע סאַנטאַ מאַיאָר, איז ער, בײַנאַכט, ווען ער איז געשלאָפן, איבערגעפאַלן געוואָרן פון אינדיאַנער (מערץ 1583), און זיי האָבן דערהרגעט אים און כמעט זיינע אַלע באַגלייטער.

דער טויט פון גאַראַי האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין גאַנצן פּלאַטאַ געביט.

## ערשטע קאָנפליקטן צווישן קריאָזשאָס און שפּאַניער

באַלד נאָך דער גרינדונג פון סאַנטאַ פע האָט זיך אויף ארגענטינער ערד געשאַפן דער ערשטער שאַרפער קאָנפליקט צווישן די קריאָזשאָס און שפּאַ־ניער. נאָך דעם ווי גאַראַי האָט באַזוכט סאַנטאַ פע אויפן וועג צו בוענאָס איירעס, און מיטגענומען פון דאָרט אַ פּאָר קריאָזשאָס האָט זיך געשאַפן אין דער יונגער שטאָט אַ פאַרשווערונג פון די קריאָזשאָס קעגן די שפּאַ־ניער. עס האָט זיך געבילדעט אַ גרופּע פון „זיבן שעפן", אָנגעפירט פון לאַזאַראָ דע ווענעאַלבאַ, איינער פון די גרינדער פון דער שטאָט, וואָס איז אינעם גרינדונגס־אַקט באַשטימט געוואָרן אַלס רעכידאָר, און די פאַר־שווערער האָבן אַרעסטירט דעם גובערנאַטאָרס טעניענטע און פאַררופן די שכנים אויסצוקלייבן די נייע אויטאָריטעט.

ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך די פאַרזאַמלטע דער אָנגעזעענער שכן קריסטאָבאַל דע אַרעוואַלאָ אַלס גובערנאַטאָר און לאַסאַראָ דע ווע־ניאַלבאַ אַלס מיליטער־שעף.

דער נייער ראַט האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַנדאָ (דעקרעט) לויט וועלכן ס'איז געגעבן געוואָרן אַלע שפּאַניער פון סאַנטאַ פע אַ באַשטימטע צייט צו פאַרלאָזן די שטאָט. איבערן דאָזיקן באַנדאָ און אויך איבער פערזענ־לעכע מאָטיוון, האָט זיך געשאַפן אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט און קעגנער־שאַפט צווישן אַרעוואַלאָ און ווענעאַלבאַ, וואָס האָט געבראַכט צום סוף פון דער קריאָזשאָ־הערשאַפט דאָרט.

אַרעוואַלאָ צוזאַמען מיט די שפּאַניער און אַנדערע האָבן באַשלאָסן צוריקצושטעלן אַלעס אויפן פריערדיקן אופן. ס'זיינען פינף פון די „זיבן" באַלד דערמאָרדעט געוואָרן און די אַנדערע צוויי זיינען אַנטלאָפן: זיי זיי־נען אָבער דורכן גובערנאַטאָר פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, הערנאַנדאָ דע לערמאַ, געכאַפּט און אויפגעהאַנגען געוואָרן.

אין סאַנטאַ פע איז באַלד צוריקגעשטעלט געוואָרן די פריערדיקע אױ־טאָריטעט מיטן טעניענטע פונעם גובערנאַטאָר אין דער שפּיץ.

אַ צווייטער אינצידענט צווישן קריאָזשאָס און שפּאַניער האָט זיך געשאַפן אין בוענאָס איירעס נאָכן טויט פון גאַראַי. די שפּאַניער האָבן געוואָלט אַז גאַראַיס פּלאַץ זאָל פאַרנעמען אַ שפּאַנישער פאָרשטייער, און די קינדער פונעם לאַנד, די קריאָזשאָס, האָבן געוואָלט אַז זייערער אַ פאָר־שטייער זאָל בלייבן אָנפירער און רעגירער פון בוענאָס איירעס. עס האָט שוין געהאַלטן באַם אויסברוך פון אַ באַוואָפנטן קאָנפליקט. אָבער ס'איז אין לעצטן מאָמענט אויסגעמיטן געוואָרן אַ בלוט־פאַרגיסונג דורך דער באַשטימונג פון ראָדריגאָ אָרטיז דע סאַראַטע אַלס אַלקאַלדע פון שטאָט. דער נייער אַלקאַלדע האָט געהאַט דעם צוטרוי פון ביידע צדדים.

ראָדריגאָ דע סאַראַטע האָט געהערשט בלויז אַ יאָר און נאָך אים האָט רעגירט כואַן דע טאָררעס נאַוואַרעטע, אַ פּלימעניק פונעם אַדעלאַנטאַדאָ טאָררעס דע לאַ ווערא. נאַוואַרעטע האָט געמאַכט שוועריקייטן דער באַ־פעלקערונג אין דער יאַגד אויף פערד. וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אומגעגנט פון בוענאָס איירעס, און וועמענס צאָל איז געשאַצט געוואָרן אין 80.000 שטיק.

נאָך נאַוואַרעטאַן האָט רעגירט אין די יאָרן 1591-1588 אַלאָנסאָ דע ווערא.

## דער אויסבוי פון שטעט

אין לויף פון דער צייט וואָס די נייע באַפעלקערונג אין לאַ פּלאַטאַ געביט איז אָנגעגאַנגען מיט דער קאָלאָניזירונג פון די ערטער וואו זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט און גענאָסן פון די נאַטור־אוצרות, לאַנדווירט־שאַפט און פישערײַ, זיינען די קאָנקיסטאַדאָרן, אַזוי די אַדעלאַנטאַדאָס ווי די גובערנאַטאָרס אָנגעגאַנגען מיט נייע עקספּעדיציעס און געבויט נייע שטעט אויף פּאַסיקע לענדערייען.

די הויפּטזיצן דעמאָלט זיינען געווען: אַסונסיאָן, לימאַ און סאַנטיאַגאָ (טשילע). פון דאָרט האָבן געשטראָמט די עקספּעדיציעס אין אַלע ריכטונ־גען, צו נאָרד און זיד, מזרח און מערב.

די וויכטיקסטע שטעט פון אַרגענטינע זיינען אויסגעבויט געוואָרן אין פאָלגנדע דאַטומס, ניט רעכענענדיק בוענאָס איירעס און סאַנטאַ פע, וועל־כע זיינען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן:

קאָריענטעס, דורך אַלאָנסאָ דע ווערא, אין יאָר 1588, האָבנדיק באַ־קומען דעם ערשטן נאָמען סיעטע קאָריענטעס (זיבן שטראָמען).

ראַזאַריאָ, דורך פראַנציסקאָ גאַדאַי, אין 1588.




דאטומס פון דעם אויסבוי פון די וויכטיקסטע שטעט אין לאנד.

סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, דורך פראַנציסקאָ דע אַגירע (דעצעמבער 1553 אָדער יאַנואַר 1554), אונטערן ערשטן נאָמען על באַרקאָ.

טוקומאַן, אין 1565, דורך דיעגאָ דע וויליאַרעאַל, אַ פּלימעניק פון פראַנציסקאָ דע אַגירע.

קאָרדאָבאַ, דורך כּעראָנימאָ לואיס דע קאַברעראַ, דעם 6טן יולי 1573.

סאַלטאַ, דורכן גובערנאַטאָר הערנאַנדאָ דע לערמאַ, אין יאָר 1582.

לאַ ריאָכאַ דורך ראַמירעז דע וועלאַסקאָ דעם 20טן מאַי 1591, אונטערן נאָמען טאָדאָס לאָס סאַנטאָס דע לאַ נועוואַ ריאָכאַ.

קאַטאַמאַרקאַ, דורך פערנאַנדאָ דע מענדאָזאַ מאַטע דע לונאַ, דעם 5טן יולי 1683.

מענדאָסאַ איז געגרינדעט געוואָרן דעם 28טן מערץ 1562, דורך פּעדראָ דעל קאַסטיזשאָ, אונטערן נאָמען סיודאַד דע לאַ רעסורעקסיאָן פּראָווינסיאַ דע לאָס גוואַרקאַס, וואָס איז באַלד געביטן געוואָרן אָף סיודאַד דע מענדאָסאַ.

סאַן כואַן, דעם 13טן יוני 1562, דורך קאַפּיטאַן כואַן כופּרע, אונטערן נאָמען סאַן כואַן דע לאַ פראָנטעראַ.

סאַן לואיס, 1596, דורך מאַרטין גאַרסיאַ אָניעז דע לאָזשאָלאַ, אונטערן נאָמען סאַן לואיס דע לאַ פּונטאַ.

כוכוי, דורך ראַמירעז דע וועלאַסקאָ, אין 1593.

פּאַראַנאַ, דורך דער באַפעלקערונג פון סאַנטאַ פּע, אין 1730.

מאָנטעווידעאָ איז אויסגעבויט געוואָרן דורך ברונאָ מאַוריסיאָ סאַוואַלאַ אין 1726, געבניק אַ נאָמען דער שטאָט סאַן פעליפּע. דערנאָך האָט מען גערופן די שטאָט סאַנטיאַגאָ דע מאָנטעווידעאָ.

עס ווערט געשאַצט אַז אין 1774, זאָל האָבן בוענאָס איירעס געציילט אַ באַפעלקערונג פון 10.200 און דער אומגעגנט 6.033 איינוואוינער. אין 1778 זאָל בוענאָס איירעס שוין האָבן געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 24.754 און די אַרומיקע שטעטלעך 15.425 איינוואוינער.

## די שפּאַנישע קולטור אין אַמעריקע

דער הויפּטציל פון די שפּאַניער אין דער דעראָבערונג פון די אַמעריקאַנער לענדער איז נאָך אַלץ געבליבן די עקספּלאָטאַציע פון די גאָלד און זילבער מינען, די באַרייכערונג פון שפּאַניע מיט פרישע קאָלאָניאַלע געביטן פון וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט פאַרשידענע רוימאַטעריאַלן, פרוכטן און אַלערליי לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. די שפּאַניער האָבן דאַריבער געהאַט פאַר אַמעריקע און אירע פעלקער דעם בלויזן אינטערעס פון עקספּלאָטאַציע און נישט געוואָלט דערלאָזן וועלכע אינטעלעקטועלע קולטור פאַר די אינדיאַנער. די מיסיאָנערן זיינען געווען די ערשטע וואָס

האָבן זיך אָפּגעגעבן דאָ און דאָרט מיט דער ערשטער בילדונג, אָבער דאָס איז געווען הויפּטזעכלעך פון רעליגיעזן כאַראַקטער.

שפּעטער, אינמיטן פון 16טן יאָרהונדערט האָבן די יעזואיטן, פראַנציסקאַנער און קאַפּוטשינער געעפנט די ערשטע שולן און אויך אָנגעהויבן גרינדן אוניווערזיטעטן. אַט אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן דער אוניווערזיטעט אין לימאַ אין 1551, אין מעקסיקע 1553 און שפּעטער מיט אַ יאָרהונדערט די אוניווערזיטעטן פון טשאַרקאַס, קאָרדאָבאַ דעל טוקומאַן (1662), סאַנטאַ פע דעל באָגאָטאַ, סאַנטיאַגאָ דע טשילע און אַנדערע.

אין די „געזעצן פון אינדיעס” איז געווען אַ פאַראָרדענונג צו געבן אַן עלעמענטאַרע בילדונג פאַר די קינדער פון די קאַציקן (עלצטע פון די שבטים), אָבער נישט פאַרן אַלגעמיינעם פאָלק.

אַזוי ווי די גלחים זיינען געווען די ערשטע דערציער איז זייער בילדונגס־אַרבעט באַשטאַנען פון אויסלערנען לייענען, שרייבן און דאַווענען. דער עיקר איז געווען דאָס דאַווענען, און מיט תפילות האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט יעדע שעה פון די לעקציעס...

אין די אוניווערזיטעטן און הויכשולן זיינען געגאַנגען כמעט אויסשליסלעך די קינדער פון די שפּאַנישע אַדעליקע, מיליטער שעפן און רייכע ענקאָמענדאַדאָרעס. דאָרט איז געלערנט געוואָרן לאַטיין, גריכיש, מאַלעריי, טעאָלאָגיע, יוריספּרודענץ, און מען פלעגט דאָרט באַקומען טיטלען אַף באַטשיזשער (מאַטורע) און דאָקטאָר.

אַנדערע וויסנשאַפטן, ווי פיזיק, כעמיע, מאַטעמאַטיק האָבן נישט עקזיסטירט אין די פּראָגראַמען. ערשט סוף פון אַכצטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעהויבן לעקציעס פון נאַטור־געשיכטע, כעמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן און ס׳זיינען געעפנט געוואָרן הויכשולן פאַר מעדיצין, כירורגיע, מינען און נאַוועגאַציע און ס׳זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן פאָלקסשולן פאַר צייכנונג, געאָמעטריע און אַנדערע, וואָס זיינען גוט באַזוכט געוואָרן פון די קריאָזשע קינדער.

שטענדיק אָבער האָבן געהאַט די פּריווילעגיע צו די הויכשולן און אוניווערזיטעטן די „ריין בלוטיקע שפּאַניער”.

אַזוי ווי די מערהייט פונעם פאָלק איז געווען אַנאַלפאַבעטיש האָט אויך נישט געקאָנט זיך אַנטוויקלען דאָס צייטונגס־וועזן אין אַמעריקע אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט. די ערשטע דרוקעריי אין אַמעריקע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין מעקסיקע אין 1535, און אין פּערו 1568. ערשט סוף פונעם 17טן יאָרהונדערט האָבן די יעזואיטן איינגעאָרדנט אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט, אין זייערע מיסיאָנעס פון פּאַראַגוויי אַ דרוקעריי. די ערשטע אַרבעטן פון די דרוקערייען זיינען געווען רעליגיעזע בראָשורן, פלוגשריפטן און ביכער. שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן אויך דרוקן לערנמאַטעריאַלן פאַר די אינדיאַנער.

די ערשטע צייטונג אין אַמעריקע איז דערשינען אין באָסטאָן 1704 און שפּעטער מיט 24 יאָר איז דערשינען די ערשטע צייטונג אין מעקסיקע. אין זיד־אַמעריקע האָבן די צייטונגען אָנגעהויבן זיך באַווייזן גאַנץ שפּעט, ערשט סוף פונעם 18טן יאָרהונדערט. אין לימאַ איז די ערשטע צייטונג „דיאַריאָ ערודיטאָ אי קאָמערציאַל" דערשינען אין 1790, אין בוענאָס איי־רעס די צייטונג „טעלעגראַפאָ מערקאַנטיל, רוראַל, פּאָליטיקאָ ע היסטאָ־ריאָגראַפאָ דעל ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ" 1801. אין יענער צייטונג האָבן מיט־געאַרבעט אַראַוכאָ, קאַסטעלי, אַזקועגאַגאַ, כוליאַן דע לעיוואַ און אַנדערע. ס'איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס וואָכנבלאַט „סעמאַנאַריאָ דע אַגרי־קולטורא, אינדוסטריאַ אי קאָמערסיאָ" אין 1802. אין מאָנטעווידעאָ „לאַ עסטרעזשאַ דעל סוד" אין 1807. אין טשילע „לאַ אַוראָראַ דע טשילע" אין 1812 און אַזוי ווייטער.

די צייטונגען האָבן געבראַכט ידיעות וועגן האַנדל, אינדוסטריע און אַגריקולטור און שפּעטער אויך געבראַכט אויפקלערונג און געשאַפן אַ גינס־טיקן באָדן פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון די לענדער.

## אָפּזונדערונג פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט

סוף פון 16טן יאָרהונדערט האָט זיך געענדיקט דער פּעריאָד פון אַדע־לאַנטאַדאָס אַלס הערשער איבער דעם לאַ פּלאַטאַ געביט און ס'איז אי־בערגעגעבן געוואָרן דער מלוכה־רודער גובערנאַטאָרס, נאָך וועלכע ס'איז געקומען דער רעזשים פון וויצע־קעניגס. איינער פון די דאָזיקע גובערנאַ־טאָרס איז געווען הערנאַנדאָ אַריאַס דע סאַאַוועדראַ, גערופן פאַרקירצט הערנאַנדאַריאַס. ער איז געבוירן געוואָרן אין אַסונסיאָן אַלס זון פון גאַראַיס טאָכטער. קודם איז ער געווען געהילף באַם גובערנאַטאָר אַלאָנסאָ דע ווערא און מיט אים מיטגעמאַכט אייניקע עקספּעדיציעס און אויך מיטגע־האָלפן בא דער גרינדונג פון דער שטאָט ווערא. שפּעטער איז ער געווען טעניענטע פונעם גובערנאַטאָר און אין 1597 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר. הערנאַנדאַריאַס איז געווען דער ערשטער קריאָזשאָ וואָס האָט פאַרנומען אַזאַ הויכן אַמט. אין זיין צייט איז געגרינדעט גע־וואָרן אין אַרגענטינע אַ יעזואיטן אָרדן, אונטער דער אָנפירונג פונעם הוי־כן גייסטלעכן סאַן פראַנציסקאָ סאָלאַנאָ. וועגן סאָלאַנאָ ווערט דערציילט, אַז ער פלעגט דורך זיינע ווייכע רייד און איבערהויפּט דורכן שפּילן טרויע־ריקע מאָטיוון מיט זיין וויאָלין באַצויבערן די אינדיער און דעריבער זיך ערוואָרבן זייער פריינשאַפט און דערמיט אויך געווירקט אַף זיי אַז זיי זאָלן זיך באַקערן צום קריסטנטום און בלייבן טרייע דינער דער נייער מאַכט.

הערנאַנדאַריאַס האָט רעגירט ביז 1599 און נאָך אים איז געקומען אַלס גובערנאַטאָר דיעגאָ וואַלדעס דע לאַ באַנדאַ (1599-1602). דערנאָך האָט ווידער דאָס פאָלק אויסגעקליבן הערנאַנדאַריאַס און ער האָט אינעם צווייטן פעריאָד שוין רעגירט זיבן יאָר נאָכאַנאַנד, פון 1602 ביז 1609. ער האָט אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט די אינדיער בײַ זײַן דעראָבערונגס־מאַרש איבער אַרגענטינע, און אין איינעם אַזאַ קאַמף, ניט ווייט פונעם מאַגאַזשאַנעס-דורכגאַנג, איז ער געוואָרן געפאַנגען פון די אינדיער. ס'איז אים אָבער געלונגען צו אַנטלויפן און ער האָט באַנייט דעם קאַמף קעגן די אינדיער ביז ער האָט זיי באַזיגט.

ווידעראַמאָל האָט הערנאַנדאַריאַס איבערגעגעבן די אינדיער אין די הענט פון די מיסיאָנערן זיי אונטערטעניק צו מאַכן דורך גוטע רייד און מיט דער פאַרשפּרייטונג פון בעסערע צײַטן. די בעסערע צײַטן זײַנען אָבער ניט געקומען, ווײַל די ענקאָמענדעדאָס (די באַלעבאַטים) האָבן געהאַלטן די אינדיער אונטער אַ שרעקלעכער צוואַנג און זיי באַהאַנדלט ערגער ווי חיות. די ברוטאַליטעט פון די ענקאָמענדעראָס איז געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז עס האָט אַזש געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין שפּאַניע און דער קעניג האָט פאַראָרדנט צו שיקן אַ וויזיטאַדאָר (אַן אינספּעקטאָר) צו אונטערזוכן די לאַגע.

נאָכן צווייטן רעגירונגס-פעריאָד פון הערנאַנדאַריאַס, האָט פאַרנומען דעם רעגירונגס-רודער דיעגאָ מאַרטין נעגראָן (1609-1613) און אין זײַן צײַט איז געקומען דער וויזיטאַדאָר, אַלפאַראָ, קיין אַסונסיאָן. זיך איבערצײַיגנדיק אין דער ריכטיקייט פון די קלאָגעס מצד די אינדיער, האָט אַלפאַראָ אַרויסגעגעבן אַ שטרענגע פאַראָרדענונג אָפּצושאַפן דעם סיסטעם פון ענקאָמיענדאָס (שקלאַפן-הערשאַפט), שטרענג פאַרבאָטן צו כאַפּן אינדיער, נאָר אין קעגנטייל לאָזן זיי בילדן אייגענע קאָלאָניעס מיט אייגענע אויטאָריטעטן. אַלפאַראָ האָט אויך איינגעפירט אַ מין אַרבעטס-לוין פאַר די אינדיער.

די דאָזיקע אָרדענאַנץ איז אָפּגעהיט געוואָרן אַזוי פון נעגראָן, ווי פון זײַן נאָכפאָלגער פראַנציסקאָ גאָנסאַלעז דע סאַנטאַ קרוז (1613-1615) און צולעצט אויך פון הערנאַנדאַריאַס, וועלכער איז געוואָרן צום דריטן מאָל גובערנאַטאָר אין 1615 און געהערשט ביז 1621.

אין זײַן לעצטן רעגירונגס-פעריאָד האָט הערנאַנדאַריאַס, אַ געבוירענער פון פּאַראַגוויי, דורכגעפירט די צעטיילונג פון דער פּאַראַגווייער פּראָווינץ אין צוויי, אַף אַ פּאַראַגווייער אָדער גואירא און אַף דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס אָדער ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. די צעטיילונג איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אַן אַקט דעם 16טן דעצעמבער 1617. אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז באַשטימט געוואָרן דיעגאָ דע

גאַנגאָראַ און אַלס גובערנאַטאָר פון פּאַראַגוויי מאַנועל דע פריאַס. הער־נאַנדאַריאַס האָט איבערגעגעבן דעם נייעם גובערנאַטאָר פון בוענאָס איי־רעס די מלוכה 1620 און שפּעטער איינגאַנצן זיך צוריקגעצויגן פון פּאָלי־טישן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין 1634 אינעם עלטער פון 73 יאָר.

## די גובערנאַטאָרן - עפּאָכע

דורך דער אָפּזונדערונג פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט אַלס באַזונדערע פּראָווינץ אין 1617 דורך הערנאַנדאַריאַס, הויבט זיך אָן דער פּעריאָד פון




די פיר גובערניעס זיינען געווען:
פּאַראַגוויי, טוקומאַן, קוזשאָ און בוענאָס איירעס.

דערווירקלעכער קאָלאָניזאַציע פון אונדזער רעפּובליק. פון יענעם יאָר ביז 1776, ווען ס׳איז איינגעפירט געוואָרן דער רעזשים פון וויצע־קעניגטום

(ווירדעינאַטאָ), האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַר־בעט און דער מסחר מיט אויסלאַנד, הויפּטזעכלעך מיט שפּאַניע.

אין לויף פון די ווייטערדיקע 158 יאָר זיינען געווען פאָלגנדע פיר גובערניעס:

1) פאַראַגוויי אָדער גוואַירא, אין וועלכן ס'איז אַריין דאָס היינטיקע פאַראַגוויי און אַ שטיק פון היינטיקער בראַזיל; 2) טוקומאַנער גובערנאַ־סיאָן, אין וועלכער ס'זיינען אַריין מער וויניקער די פּראָווינצן סאַנטיאַגאָ דעל עסטערא, טוקומאַן, כוכוי, סאַלטאַ, קאַטאַמאַרקאַ, אַ טייל פון ריאָכאַ און אַ שטיק פון נאָרד־קאָרדאָבאַ; 3) גובערנאַסיאָן קוזשאָ, אין וועלכער ס'זיינען אַריין די היינטיקע פּראָווינצן מענדאָזאַ, סאַן כואַן און סאַן לואיס, געהערנדיק אַלעס ביז 1776 צו טשילע, און 4) בוענאָס איירעס אָדער ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, וואָס האָט אַריינגענומען די אַזוי גערופענע ליטאָראַלע פּראָ־ווינצן: סאַנטאַ פע, ענטרע ריאָס, קאָריענטעס, בוענאָס איירעס און די טעריטאָריע פון מיסיאָנעס, אַ טייל פון טשאַקאָ ביז דער איצטיקער בראַ־זיליענער פּראָווינץ ריאָ גראַנדע און גאַנץ פּאַטאַגאָניע.

דאָס לאַנד איז שנעל אַנטוויקלט געוואָרן דורכן אויפבוי פון נייע שטעט און קאָלאָניעס און זיך אויך גוט באַפעלקערט. די שפּאַנישע הער־שער האָבן, ווי עס זעט אויס, מורא געהאַט שוין צו יענער צייט, אַז עס קאָ־נען זיך אַריינכאַפּן אַהער געפערלעכע אידייען דורך גרויסע אימיגראַציע־שטראָמען און דורך אַ דעקרעט פאַרבאָטן אַריינצולאָזן אין לאַנד נייע אי־מיגראַנטן אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פונעם קעניג. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געוואָרן אַ שטערונג פאַר דער שנעלער אויפלעבונג פון לאַנד.

די גובערנאַטאָרס וואָס האָבן געהערשט אין דער גובערניע פון בוענאָס איירעס זיינען געווען פאָלגנדע:

דיעגאָ דע גאָנגאָראַ, 1620־1623;
אַלאָנסאָ פּערעז דע סאַלאַסאַר, 1623־1624;
פראַנציסקאָ דע סעספּעדעס, 1624־1632;
פּעדראָ עסטעבאַן דע אַווילאַ, 1632־1638;
מענדאָ דע לאַ קוּעוואַ, 1638־1640;
ווענטוראַ מאָכיקאַ, 1640־1640;
פּעדראָ דע ראָקסאַס, 1640־1641;
אַנדרעס דע סאַנדאָוואַל, 1641־1641;
כעראָנימאָ לואיס דע קאַברערא, 1641־1646;
כאַסינטאָ דע לאַ ריס, 1646־1653;
פּעדראָ ריס באַיגאָררי, 1653־1660;
אַלאָנסאָ דע מאַרקאָדאָ אי ווילּיאַקאָרטאַ, 1660־1662;
כאָסע מאַרטינעז דע סאַלאַסאַר, 1662־1674;

אנדרעס דע ראַבלעס, 1674-1678;
כאַסע דע גאַררא, 1678-1682;
כאַסע דע ה. הערערא, 1682-1691;
אַגוסטין דע ראַבלע, 1691-1700;
מאַנועל דע פּראַדאַ מאַלדאַנאַדאַ, 1700-1703;
אַלאַנסאַ כואַן דע וואַלדעס אינקלאַן, 1703-1708;
מאַנועל דע וועלאַסקאַ, — 1708-1712;
אַלאַנסאַ דע גאַרסיאַ אי סאַריאַ, 1712-1712;
באַלטאַזאַר גאַרסיאַ ראָס, 1712-1717;
ברונאַ דע סאַוואַלאַ, 1717-1734;
מיגעל דע סאַלסעדאַ, 1734-1742;
דאָמינגאַ אָרטיז דע ראָסאַס, 1742-1745;
כאַסע דע אַנדאַנאַעגי, 1745-1756;
פּעדראַ דע סעוואַליאַס, 1756-1766;
פראַנציסקאַ דע פּאַולאַ בוקאַרעלי, 1766-1770;
כואַן כאַסע דע ווערטיז, 1770-1776.

די וואָס האָבן אַמייסטן זיך אויסגעצייכנט זיינען געווען: כאַסע דע גאַררא, ברונאַ מאַוריסיאַ דע סאַוואַלאַ, פּעדראַ דע סעוואַליאַס, פראַנציסקאַ בוקאַרעלי און כואַן כאַסע דע ווערטיז.

כאַסע דע גאַררא האָט אינעם אינטערעס פון דער שפּאַנישער מלוכה געפירט אַ מלחמה מיט די פּאָרטוגעזער פון בראַזיל אַרום באַזיץ פון קאָלאָניאַ, אַפן אורוגווייער ברעג, און צעקלאַפּט די פּאָרטוגעזער (1680), אָפּנעמענדיק באַ זיי די שטאָט. שפּעטער מיט אַ יאָר איז דורך אַן אָפּמאַך צווישן די רעגירונגען פון שפּאַניע מיט פּאָרטוגאַל, איבערגעגעבן געוואָרן קאָלאָניאַ די פּאָרטוגעזער, אָבער נאָך אַ צייט פון 22 יאָר האָבן די שפּאַניער אונטערגענומען אַ נייעם קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון קאָלאָניאַ. אויף אַ פאַראָרדענונג פונעם וויצע-קעניג פון לימאַ האָט דער גובערנאַטאָר וואַלדעז דע אינקלאַן, מיט אַן אַרמיי פון שפּאַניער און אַרום 4.000 אינדיער, אונטערגענומען אַ קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון קאָלאָניאַ. זעקס חדשים האָט געדויערט דער קאַמף און זיך געענדיקט מיט דעם וואָס די פּאָרטוגעזער האָבן אונטערגעצונדן די הייזער און דערנאָך אָפּגעצויגן.

אין 1715 איז קאָלאָניאַ ווידעראַמאָל אומגעקערט געוואָרן די פּאָרטוגעזער מיטן באַדינג אַז זיי זאָלן ניט אויסשפּרייטן דעם גרעניץ ווייטער פון אַ קאַנאָנען שאָס פון קאָלאָניאַ. די פּאָרטוגעזער האָבן אַ פּאָר יאָר אָפּגעהיט דעם אָפּמאַך, אָבער אין 1723 האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער צו מזרח אין דער ריכטונג וואו ס'איז היינט מאָנטעווידעאָ.

דעמאָלט איז אונטערגעקומען דער גובערנאַטאָר סאַוואַלאַ מיט אַן

אַרמיי און פּלאַט און פאַרטריבן די פּאָרטוגעזער און נאָכדעם געגרינדעט די שטעט סאַן פעליפּע און סאַנטיאַגאָ דע מאָנטעווידעאָ (24טן דעצעמבער 1726). די ערשטע באַפעלקערונג פון מאָנטעווידעאָ איז באַשטאַנען פון 33 פּערזאָן, געוועזענע איינוואוינער פון בוענאָס איירעס. דערנאָך זיינען גע־בראַכט געוואָרן פערציק פאַמיליעס פון די קאַנארישע אינדזלען און פון גאַליסיאַ.

נאָך אַ פּאָר יאָר רו, ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אַנגעפירט פון קעניג קאַרלאָס 3טן, האָט דער שפּאַנישער גענעראַל פּעדראָ דע סעוואַזשעס, שפּעטערדיקער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס, אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן די פּאָרטוגעזער אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט און אַפּגענומען בּאַ זיי קאָלאָניאַ (1762) און אַוואַנסירט ביז ריאָ גראַנדע, אַפּנעמענדיק בּאַ די פּאָרטוגעזער מערערע באַפעסטיקטע פּלעצער אין היינטיקן בראַזיל.

די לעצטע גובערנאַטאָרס, בוקאַרעלי און ווערטיז, האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיטן אַרויסשטויסן די יעזואיטן און בויען שולן אין לאַנד.

## די מאַלווינען אינדזלען

דער גובערנאַטאָר בוקאַרעלי איז געווען דער וואָס האָט באַרייכערט דעם שפּאַנישן באַזיץ אין זיד־אַמעריקע מיט אַ נייער גרויסער אינדזל טע־ריטאָריע, דאָס זיינען די מאַלווינען אינדזלען, וועלכע זיינען אָבער שפּע־טער, ווען אַרגענטינע איז שוין געווען אומאָפּהענגיק, פאַרנומען געוואָרן פון די ענגלענדער.

אין די צייטן פון דער גרויסער אַנטדעקונגס־עפּאָכע האָט אַ האָלענ־דישער נאַוועגאַנט סעבאַלד וואַן וועערט בּאַ זיינער אַ רייזע איבערן זיד־אַטלאַנטיק דערגרייכט די צוויי גרויסע אינדזלען, באַקאַנט היינט אַלס מאַל־ווינען אָדער פאַלקלאַנד. ער האָט די אינדזלען אָבער בלויז פאַרצייכנט (יאַ־נואַר 1600) און נישט גענומען זיי אין באַזיץ פאַר קיין שום מלוכה.

ערשט אין פעברואַר 1764 האָבן פראַנצויזישע מאַטראָזן וואָס האָבן געשטאַמט פונעם פּאָרט סען מאַלאָ, באַקאַנט אַלס מאַלוענער, באַזעצט די אינדזלען אין נאָמען פון פראַנקרייך. זיי האָבן באַלד אין אַ ווינקל פו נעם מזרחדיקן אינדזל אויסגעבויעט אַ פּאָרט און אים אָנגערופן פּאָרט לואיס. אַ פּאָר חדשים שפּעטער, אין יאַנואַר 1765 זיינען געקומען ענג־לענדער און פאַרנומען דעם מערבדיקן טייל פון די מאַלווינען און דאָרט אויסגעבויעט אַ פּאָרט מיטן נאָמען פּאָרט עגמאָנט.

אין יאָר 1767 האָט שפּאַניע געפּאָדערט בּאַ פראַנקרייך אָפּצוגעבן איר די אינדזלען און פראַנקרייך, אָנערקענענדיק דאָס רעכט פון שפּאַניע אי־בער די קאָלאָניעס אין זיד־אַמעריקע, האָט אָפּגעטרעטן פאַר שפּאַניע דעם

אינדזל מיטן פּאָרט לואיס פאַר אַ געהעריקער געלט-באַלוינונג און דער פּאָרט האָט באַקומען דעם נאָמען סאָלעדאַד.

דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס, בוקאַרעלי, האָט געשיקט אַ סקוואַדריליע צו באַזעצן דעם דערמאָנטן פּאָרט און אויך אָפּנעמען בײַ די ענגלענדער דעם מערבדיקן טייל. נאָך צוויי טעג פאַרהאַנדלונגען האָבן די ענגלענדער איבערגעגעבן (10טן יוני 1770) דעם פּאָרט עגמאָנט דער מאַנשאַפט וואָס בוקאַרעלי האָט אַרויסגעשיקט. עס האָט זיך דורך דעם געשאַפן אַ געפערלעכער קאָנפליקט צווישן ענגלאַנד און שפּאַניע און געדראָט מיטן אויסברוך פון אַ מלחמה, אָבער דער קריג איז אויסגעמיטן

די גרופּע מאַלווינען אָדער פאַלקלאַנד אינדזלען.

געוואָרן דורך דעם, וואָס דער פּאָרט עגמאָנט איז אומגעקערט געוואָרן די ענגלענדער, אָן דעם אַז ס'זאָל צוגענומען ווערן בײַ שפּאַניע דאָס רעכט אויף די מאַלווינען אינדזלען. דורך אַן אָפּמאַך פונעם 16טן סעפּטעמבער 1771 איז געבליבן באַשטעטיקט דער פּאָרט עגמאָנט פאַר די ענגלענדער און סאָלעדאַד פאַר די שפּאַניער.

גאַנץ פּלוצים אָבער האָבן די ענגלענדער (1773) דורך אַ פאַראָרדענונג פון זייער רעגירונג אָפּגעצויגן פון פּאָרט עגמאָנט, מיטנעמענדיק אַלעס פון דאָרט, איינשליסלעך די הילצערנע געביידעס. געבליבן זײַנען בלויז די ווענט און פאַרענטשעס פון דער פעסטונג. די אורזאַך פונעם אָפּציען איז נישט באַוואוסט געווען, נאָר עס האָט געהייסן אַז אין אַ געהיימען אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין 1771 האָט ענגלאַנד זיך פאַרפּליכטעט צו פאַרלאָזן דעם אינדזל. אַזוי אַרום איז אויף די מאַלווינען אינדזלען זייט 1774 געבליבן אַ שפּאַנישער גאַרניזאָן און שפּעטער אַן אַרגענטינער, אָן דעם אַז ענגלאַנד זאָל מאָנען דעם אינדזל אַרכיפּעלאַג פאַר זיך.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן קנאַפּע זעכציק יאָר, ריכטיקער ביז 1833.

אין יאָר 1824 האָט די אַרגענטינער רעגירונג איבערגעגעבן לואיס ווערנעט איינעם פון די אינדזלען פונעם מאַלווינען אַרכיפּעלאַג, דאָרט צו גרינדן אַ קאָלאָניע. ווערנעט האָט געבראַכט אַהין אַ גרויסע צאָל קאָלאָניסטן, בוימאַטעריאַלן און בהמות און געשאַפן די פּראָיעקטירטע קאָלאָניע.

די אַרגענטינער רעגירונג האָט שוין אַ יאָר פריער, איידער נאָך ווערנעט האָט זיך באַזעצט, פאַרבאָטן די אויסלענדישע פישער־שיפן זיך אָפּצוגעבן מיט פיש־פאַנג אַרום די אינדזלען, און ווען ווערנעט האָט זיך באַזעצט האָט ער געלאָזט פאַרהאַלטן אייניקע נאָרד־אַמעריקאַנער פישער־שיפן וואָס האָבן נישט אויסגעפאָלגט די פאַראָרדענונג. דער נאָרד־אַמעריקאַנער קאָנסול האָט דאַרויף צוגעשטעלט דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס אַ פּראָטעסט, און נאָך איידער דער ענין איז געלייזט געוואָרן האָט אין יאַנואַר 1833 זיך באַוויזן אַן ענגלישע קריגס־שיף אין פּאָרט לואיס אָדער סאָלעדאַד און ס'איז אַרויסגעזעצט געוואָרן מיליטער און ס'זיינען איבערגענומען געוואָרן מיט גוואַלד די מאַלווינער אינדזלען אונטער ענגלישער הערשאַפט. דער אַרגענטינער גאַרניזאָן איז געווען געצוואונגען זיך צוריקצוציען.

די רעגירונג פון בוענאָס איירעס איז נאָך אַלץ געווען פאַרנומען מיט אינערלעכער נישט זיכערהייט און אין צושטאַנד פון אָרגאַניזירן דאָס לאַנד און דאריבער נישט געקאָנט אונטערנעמען קיין מיליטערישע אַקציע אַף צוריק צו דעראָבערן דעם אינדזל אַרכיפּעלאַג. ס'איז בלויז צוגעשטעלט געוואָרן אַ פּראָטעסט דער ענגלישער רעגירונג, אָבער אָן דערפאָלג. די ענגלענדער זיינען געבליבן זייט 1833 די באַלעבאַטים פון די מאַלווינען אָדער ווי זיי האָבן אָנגערופן פאַלקלאַנד אינדזלען, אָבער די אַרגענטינער רעפּובליק האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זיך פון דער פאָדערונג פון אירע רעכטן אַף יענעם אַרכיפּעלאַג. געבוירענע אַף די מאַלווינען אינדזלען ווערן נאָך היינט באַטראַכט ווי בירגער פון אַרגענטינע ווען זיי קומען זיך באַזעצן אין לאַנד.

## די אַקטוּאַציע פון די יעזואיטן

די יעזואיטן האָבן פאַרנומען אין די צייטן פון די גובערנאַטאָרס, זייט דער גרינדונג פונעם יעזואיטן־אָרדן, אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער דעראָבערונג פונעם לאַנד. זיי האָבן זיך געלאָזט אין דער וואַנדערונג איבער די ווילדע וועלדער און פּוסטע פעלדער און זיך איינגעאָרדנט צווישן די אָרטיקע אינדיער, אָנגייענדיק מיט דער פּרעדיקט פון גאָטס וואָרט. דורך פאַרשפּרעיכונגען פון אַ גוטער צוקונפט און דורך דער שטענדיקער הילפסגרייטקייט און דורכן אָפּגעבן זיך מיט לערנען די קינדער שרייבן און לייענען, איז עס

געלונגען די מיסיאָנערן צו דערוועלבן זיך די פריינטשאַפט פון די אינדיער. אָבער צו גלייכער צייט ווען זיי זיינען אַנגעגאַנגען מיט דער מילדקייט און מיטן ווייכן וואָרט, האָבן די יעזואיטן אויך אָנגעהויבן אויסאיבן זייער אויטאָריטעט איבער די אינדיאַנער און ביסלעכווייז זיי געמאַכט אונטער־טעניק. די מיסיאָנערן האָבן אויסגעבויט שטעט מיט קלויסטערס און שולן, עקספּלאָטירנדיק דערביי די אָרטיקע באַפעלקערונג און מיט דער צייט זיי־נען זיי, די יעזואיטן, געוואָרן אמתע הערשער.

די געגנטן וואו די יעזואיטן האָבן געהערשט זיינען אָנגערופן געוואָרן מיסיאָנעס און אויך רעדוקסיאָנעס. אין יעדן אָרט פון אַזאַ „מיסיאָן" האָט איין יעזואיט אָנגעפירט די שטאָט־פאַרוואַלטונג און אַן אַנדערער די רע־ליגיעזע ענינים. אין יעדער מיסיאָן אָדער רעדוקסיאָן, זיינען געווען צוויי שולן: איינע פאַר שול־בילדונג און די אַנדערע צו לערנען זינגען, טאַנצן




דער אויסזען מער־ווייניקער פון אַ רעדוקסיאָן אונטער יעזואיטישער פירונג.

און מוזיק. די אַרבעט יעדן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן מיטן קלינגען פון די קירכן־גלעקער און די אינדיאַנער אַרבעטער זיינען געגאַנגען צו זייער באַשעפטיקונג אין אַ פּראָצעסיע, טראָגנדיק הייליקע בילדער.

די ערד איז געווען צעטיילט אין פּאַרצעלן און יעדע פאַמיליע האָט באַ־קומען אַ פּאַרצעלע צום באַאַרבעטן, און פון די גערעטענישן און פון דער

פּיצוכט פלעגט אָפּגעגעבן ווערן דער בעסטער טייל פאַר דער קירכע. די יעזואיטן האָבן אַזוי אַרום זיך געשאַפן גרויסע פאַרמעגנס.

מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די אינדיאַנער, וואָס האָבן געוואוינט אין די ערטער וואָס זיינען רעגירט געוואָרן פון די יעזואיטן, האָבן זיך געפילט באַדייטנד בעסער ווי די וואָס זיינען געווען אין שקלאַפעריי בא די שפּאַ־נישע ענקאָמענדעראָס. קיין חידוש דעריבער ניט וואָס אַ סך אינדיאַ־נער זיינען אַנטלאָפן פון די ענקאָמענדעראָס און זיך באַזעצט אין די מי־סיאָנעס.

די יעזואיטן האָבן זיך פאַרינטערעסירט צו קענען גרינטלעך די גוואַ־ראַני שפּראַך און אין דערזעלבער שפּראַך געהאַלטן זייערע פּרעדיקטן און געלערנט די קינדער אַלע מאַטעריעס אַף זייער מוטערשפּראַך. זיי פלעגן אויך אָפט אָרגאַניזירן פאָלקס יום־טובים און דערמיט פון צייט צו צייט אויפגעלעבט די אינדיאַנער.

יעדעס שטעטל וואָס די יעזואיטן האָבן אויסגעבויט איז באַשטאַנען פון אַ פּלאַסאַ, אַרום וועלכער עס האָבן זיך געפונען די קירכע, די שול, וואוינהייזער, דער בית־עולם און אַרום שטעטל גערטנער און פעלדער.

מען מוז צוגעבן אַז די יעזואיטן האָבן אין די דרייסיק מיסיאָנעס אָדער רעדוקסיאָנעס (שטעטלעך) וואָס זיי האָבן געגרינדעט, אויסגעבויט און פאַרוואַלטעט אינעם געגנט פון היינטיקער טעריטאָריע מיסיאָנעס און אַ שטיק פּאַראַגוויי, אָנגעפירט אַ מוסטערהאַפטע אַדמיניסטראַציע. עס האָט געהערשט דאָרט אַ מין „קריסטלעכער קאָמוניזם" לויט דער אָפּשאַצונג פון לואיס וועגאַ רעי אין זיין בוך „שוואַרצע פּונקטן פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע". עס האָט זיך נישט געפילט דאָרט קיין האַס און אונטער־דריקונג קעגן די אינדיער, און עס האָט נישט געהערשט קיין שקלאַפעריי. אין די מיסיאָנעס זיינען אויך געווען די בעסטע שולן פון יענער צייט. אין יענע שולן זיינען געלערנט געוואָרן די אינדיאַנער קינדער נישט בלויז שרייבן און לייענען נאָך אויך נאַטור געשיכטע, געאָגראַפיע און פעלקער געשיכטע, באַקאַנענדיק די קינדער מיט דער גרויסער וועלט און מיט די פעלקער פון דער אַלטער וועלט. אָט אַזוי האָבן די יעזואיטן דערגרייכט זייער ציל מיטן באַקערן ביסלעכווייז די אינדיאַנער צום קאַטוילישן גלויבן, אָבער צו גלייכער צייט געדינט דעם נייעם דור מיט בילדונג און אויפ־קלערונג.

אין די מיסיאָנעס איז דעריבער קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין אויפשטאַנד און קיין אומרוען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין יענע ערטער וואו עס האָבן געהערשט דער סאָלדאַט און דער ענקאָמענדאַדאָר, האַלטנדיק די אינדיאַנער אַלס שקלאַפן.

באַזונדערס גוט האָבן זיך געפילט אין די מיסיאָנעס די אינדיאַנער פרויען.

צו יענער צייט האָט די פרוי פונעם אינדיאַנער געטראָגן אַף זיך דעם גאַנצן פאַמיליע־לאַסט. פון גאַנץ פרי ביז שפעט אין אָוונט איז זי געווען פאַרנומען מיט דער הויזווירטשאַפט און באַ דער פעלד־אַרבעט. זי האָט באַדאַרפט היטן די קינדער, וועבן און נייען פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, קולטיווירן דעם מאַיס און יוקאַ אָדער „מאַנכאַק" פון וועלכן מען פלעגט מאָלן מעל אַף ברויט. יעדן טאָג האָט זי באַדאַרפט מאָלן די קערנער און מאַכן מאכלים און געבעקסן וואָס פלעגט געקאָכט און געבאַקן ווערן אַף הייסע שטיינער. דאָס מעל איז געמאָלן געוואָרן מיט מילשטיינער געדרייט מיט דער האַנט, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע און שווערע אַרבעט. זי האָט אויך באַדאַרפט העלפן צונויפזאַמלען די תבואה אַפן פעלד און מאַכן שאַרפע געטראַנקען פאַר דער פאַמיליע, וואָס פלעגט באַקומען ווערן פון געיווירענעם מאַיס אויסגעוואַרעמט אין ליימענע כלים דורך דער זון, ווי עס ווערט היינט געמאַכט למשל ווישניק אָדער היימישער וויין. די פרויען האָבן אויך מיטגעהאָלפן אין דער טאַבאַק־פלאַנטאַציע, האָבן געדאַרפט אויסבויען און פאַריכטן נעצן פאַרן פיש־פאַנג און אַ סך אַנדערע אַרבעטן, ווי למשל באַזאָרגן שטרוי פאַרן געלעגער און געבן דעם מאַן אַלערליי באַקוועמלעכקייטן. דערפאַר פלעג זי באַקומען אַלס לוין קללות און באַליידי־קונגען פונעם מאַן און גאַנץ אָפט אויך קלעפ, ווען ער איז געווען שיכור.

דער מאַן דאַקעגן פלעגט צו יענער צייט זיך אָפגעבן מיט אָפטע באַזוכן צווישן די שכנים, אַרומריידן די היימישע פאָליטיק, זיך אָפגעבן מיטן פישפאַנג, יאַגד אַף חיות, מלחמה, אָבער קיינמאָל נישט געזאָרגט פאַר דער פאַמיליע אָדער די היים.

דורך די אָפטע שטראָפרייד פון די מיסיאָנערן האָט זיך שטאַרק געבעסערט די לאַגע פון דער פרוי. עס האָט זיך פולשטענדיק געענדערט די מאָראַל פונעם אינדיאַנער.

אין יאָר 1750 האָט שפאַניע דורך אַן אָפמאַך מיט פאָרטוגאַל אָפגעגעבן דער צווייטער די גאַנצע טעריטאָריע פון ריאָ גראַנדע (בראַזיל) און אייניקע שטעט פון די מיסיאָנעס. דורך דעם זיינען געצוואונגען געוואָרן די אינדיאַנער צו פאַרלאָזן זייערע שטעט און איבערוואַנדערן אין פרישע נישט־באַוואוינטע ערטער, וואָס האָט געמיינט אָנהויבן אפסניי זוכן אַ פלאַץ פאַר זיך ערגעץ אין די וויסטעניישן.

פאַרלאָזן די היים האָבן געדאַרפט די אינדיאַנער פון זיבן מיסיאָנעס, ווייל זייערע שטעט האָבן לויטן אָפמאַך פון דער שפאַנישער רעגירונג באַדאַרפט אַריבער צו די פאָרטוגעזער, דאָס הייסט אונטער יענער מאַכט קעגן וועלכער זיי האָבן ביטער געקעמפט. דורכגענומען מיטן קריסטלעכן

גלויבן און פאַרשטייענדיק זייער דינסטלייסטונג דער שפּאַנישער קרוין, האָבן די אינדיאַנער און די יעזואיטן זיך געקלאָגט פאַרן שפּאַנישן קעניג און געהאָפט צו פועלן אַז מען זאָל זיי ניט אויסליפערן דעם שונא און אויך ניט צווינגען זיי אויסצוואַנדערן. זייער ווענדונג איז אָבער ניט גענומען געוואָרן אין אַכט, ניט פונעם קעניג און ניט פונעם ראַט פון אינדיע. דאַן האָבן די אינדיאַנער באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מיט וואָפן אין די הענט האָבן זיי געפּרואווט פאַרטיידיקן זייערע הייזער און פאַרמעגנס. דער דאָזיקער אויפשטאַנד איז באַקאַנט אַלס די גוואַראַניעשע מלחמה. די אָרימע קריסטלעכע אינדיאַנער וואָס האָבן אַזויפיל געהאָלפן דער שפּאַנישער מאַכט צו בלייבן געזיכערט קעגן די פּאָרטוגעזער באַם לאַ פּלאַטאַ, זיינען אַטאַקירט געוואָרן פון די פאַרייניקטע וואָפן פון די שפּאַניער און פּאָרטוגעזער און צעשמעטערט געוואָרן. די אַנטשיידענע שלאַכט, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום רואיקן לעבן פון די אינדיאַנער אין די מיסיאָנעס, איז פאָרגעקומען דעם 10טן פעברואַר 1756 אין קאַיבאַטע.

דער שפּאַנישער קעניג קאַרלאָס 3טער וואָס האָט געהאַט גענוג צו טון מיט דער גאַלאָכישער הערשאַפט באַ זיך אין לאַנד, געוואַר ווערנדיק פון דער מאַכט-אויסשפּרייטונג פון די מיסיאָנערן אין נייעם לאַנד, האָט באַשלאָסן זיי צו פאַרטרייבן. ער האָט געשיקט אַ געהיימע פאַראָרדענונג דעם גובערנאַטאָר פּאַולאָ בוקאַרעלי, צו מאַכן אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די יעזואיטן. בוקאַרעלי האָט די פאַראָרדענונג אויך געהאַלטן געהיים, בכדי ניט אָנצוטרעפן אַף אַ ווידערשטאַנד. ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ פּלוצלינגער איבערפאַל אין יענע ערטער וואו די יעזואיטן האָבן רעגירט און זיי זיינען פאַרנומען געוואָרן אַלע און אָפּגעשיקט געוואָרן (1767) פון בוענאָס איירעס קיין שפּאַניע. מען שאַצט די צאָל ארויסגעשיקטע יעזואיטן אין 400, מער ווייניקער. אַזוי ווי אָבער קאַרלאָס דריטער האָט זיי ניט געוואָלט האָבן אויך באַ זיך אין לאַנד, האָט ער זיי איבערגעשיקט אין די פּויפּסטלעכע שטאַטן. די קאָנפיסקירטע פאַרמעגנס זיינען פאַרטון געוואָרן שפּעטער פאַרן בוי פון נייע רעגירונגס-הייזער.

## בוענאָס איירעס פון אַמאָל

אין סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָט בוענאָס איירעס זיך אָנגעהויבן שנעל צו אַנטוויקלען אַלס גרויסע שטאָט, אָבער זי איז עס נאָך נישט געווען אפילו אָנהויב פון נייעצטן יאָרהונדערט. צווישן די שטעט פון שפּאַניש אַמעריקע האָט זי פאַרנומען דעם פערטן פּלאַץ און לימאַ דעם ערשטן. אַרום 1770 האָט בוענאָס איירעס ערשט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 40 טויזנט איינוואוינער, אָבער די צאָל האָט אָנגעהויבן שטאַרק שטייגן פון יאָר צו יאָר. דער געדיכטסטע באַפעלקערטער געגנט איז סוף 18טן יאָר-

הונדערט געווען דער, צווישן די היינטיקע גאַסן קאָריענטעס און טשילע ביז דער הויך פון קאַרלאָס פּעלעגריני. דאָרט האָט געוואוינט די אָרים־טאָקראַטיע און דאָרט זיינען געווען די בעסטע געשעפטס־הייזער. די גע־ביידעס זיינען געווען נידעריקע, געמויערט פון ציגל מיט בלאָטע אנשטאָט צעמענט און געקאַלכט אין דרויסן. די פּאָלן אין די הייזער זיינען געווען פון ציגל. די פּאַרמעגלעכע האָבן אינעווייניק באַהאַנגען די ווענט מיט זיידענע טיכער (אַ מין דיוואַנען). די גאַסן זיינען געווען שמאָלע און נישט ברוקירט. בלויז די טראָטוארן זיינען געווען ברוקירט, מיט ציגל, און ווען עס האָט געגאָסן אַ רעגן זיינען די גאַסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טייכן און די וואַסערן זיינען געלאָפן ביז אין גרויסן טייך אריין.

די ערשטע גאַס וואָס איז ברוקירט געוואָרן אין בוענאָס איירעס איז געווען די איצטיקע גאַס באָליוואַר צווישן וויקטאָריאַ און אַלסינאַ אין 1783. דאָס הייסט איין איינציקע קוואַדרע. זי איז געפּלאַסטערט געוואָרן מיט גרויסע שטיינער. דערנאָך זיינען פון צייט צו צייט ברוקירט געוואָרן אויך אַנדערע גאַסן, אָבער ערשט בשעת דער רעגירונג פון מאַרטין ראָד־ריגעז, אין וועלכער ריוואַדאַוויאַ האָט פאַרנומען אַ מיניסטער אַמט (1822-1824) זיינען געפּלאַסטערט געוואָרן אַ סך גאַסן.

באַנאַכט האָט מען געמוזט טראָגן אַ לאַמטערנדל מיט זיך, ווייל דאָס ליכט פון די לאַמפּן אין וועלכע עס האָבן געברענט כיילעוונע ליכט, איז געווען צו שוואַך.

די וועשנס האָבן געוואַשן די וועש אין די וואַסער־גריבער וואו ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט רעגנוואַסער, ווייל דאָס וואַסער פון די ברונעם האָט נישט געטויגט פאַר דער זייף.



אַ גאַס אין בוענאָס איירעס אין דער קאָלאָניאַלער צייט.

היגיענע האָט געפּעלט פולשטענדיק. דאָס מיסט פלעגט יעדער אַרויס־וואַרפן אין גאַס און ס'איז דערנאָך זיך צעפלויגן אָדער דער רעגן האָט עס באַנעצט. די גאַסן זיינען געווען אומזיכער באַנאַכט איבער דער גרויסער צאָל איבערפאַלער, רויבער און מערדער, וועמען די טונקלקייט האָט געשיצט. באַ אַלע פענצטער זיינען געווען גראַטעס (באַ אייניקע איז עס נאָך געבליבן ביז היינט) אַלס זיכערקייט קעגן גנבים און אויך אַלס שוץ פאַר די פרויען און די הייזער.

מען פלעגט באַצייכענען בוענאָס איירעס פון יענער צייט אַלס „גרויס דאָרף" און נישט מיט אומרעכט.

אין 1800 איז בוענאָס איירעס שוין געווען אַ באַדייטנדע שטאָט, האָט שוין געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 70.000 איינוואוינער. ס'זיינען שוין געווען מערערע שיינע הייזער, באַזונדערס גרויסע קירכעס. פונעם ברעג לאַ פּלאַטאַ טייך קוקנדיק האָט מען געזען די הויכע קירכן־טורעמס, די פעסטונג מיט אירע קאַנאָנען אָפּצושלאָגן אַטאַקעס פון פּיראַטן. קיין פּאָרט איז נאָך נישט געווען דעמאָלט, אַזוי אַז די שיפן האָבן געמוזט בלייבן אין די דרויסנדיקע וואַסערן און די פּאַסאַזשירן זיינען צוגעשיפט געוואָרן מיט



די פּאַסאַזשירן זיינען נאָענט פון ברעג אריבער פון די שיפלעך אַף וועגענער.

קליינע שיפלעך ביז נאָענט פונעם ברעג און דערנאָך אריבער אַף פורן, וואָס זיינען אריינגעפאָרן אין וואַסער.

אין אַלגעמיין גענומען האָט בוענאָס איירעס דעמאָלט נאָך פאַר קיין פאַל נישט אויסגעזען אַלס גרויסע שטאָט אין פאַרגלייך מיט די גרויסע שטעט פון אַמעריקע צו יענער צייט.

באַם ברעג טייך האָבן פישערס זיך אָפּגעגעבן געמיטלעך מיטן פיש־פאַנג. אַזויווי די גאַסן זיינען געווען שלעכט אָדער גאָרנישט ברוקירט, האָבן די ברויט־צעפירער צעטראָגן דאָס ברויט רייטנדיק אַף פערד אָדער מויל־אייזלען און געהאַלטן דאָס ברויט אין צוויי גרויסע קוישן פון פעל. דער מילכמאַן האָט צעפירט די מילך אויך רייטנדיק אַף פערד, און אַףביידע זייטן זאָטל האָבן געהאָנגען די קאַנען מיט מילך. דאָס פלייש איז צעפירט געוואָרן אַף וועגענער מיט צוויי גרויסע רעדער. וואַסער האָט מען אויך צעפירט מיט וועגענער. געבעקס, פיש און אַלערליי אַנדערע לעבנסמיטלען זיינען צעפירט געוואָרן אַף וועגענער, געשלעפּט פון פערד, מוילאייזלען אָדער אָקסן.

די הויפּט פאַרוויילונג איז געווען דער אָקסן־קאַמף. דאָס פלעגט זייער אָפט דורכגעפירט ווערן אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָר (היינט פּלאַסאַ מאַזשאַ). דער פּלאַץ איז אַרומגעהאָנגען געוואָרן מיט פענדלעך שאַפנדיק אַ יום־טובדיק אויסזען און באַלד האָבן זיך באַוויזן פון אַלע זייטן עולם צוצוקוקן זיך צום ספּעקטאַקל. דער וויצע־קעניג פלעגט זיך צוקוקן צום אָקסן־קאַמף, שטייענדיק אַפן באַלקאָן פון קאַבילדאָ. די געביידע פון קאַבילדאָ און די פעסטונג, דאָס זיינען געווען די וויכטיקסטע געביידעס. אין 1801 איז אַף דער איצטיקער פּלאַסאַ סאַן מאַרטין אויסגעבויט געוואָרן אַ געביידע פון ציגל און קאַלך, אַף דורכצופירן אָקסן־קאַמפן, און עס האָבן דאָרט געהאַט פּלאַץ אַרום צען טויזנט פערזאָנען. אין 1819 איז די געביידע איינגעוואָרפן געוואָרן און מען האָט אויפגעשטעלט דאָרט אַ גאַרניזאָן.

די ערשטע טעאַטער געביידע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער צייט פון וויצע־קעניג ווערטיז, אַף דער סקינע פון אַלסינאַ און פּערו, נעבן דער פּלאַסאַ, און זי איז גערופן געוואָרן „קאַסאַ דע קאָמעדיאַס". דאָס איז געווען אַ הילצערנע געביידע מיט אַ שטרויענעם דאַך און באַלויכטן מיט ליכט אין הענגלייכטער. איבער דער בינע איז געווען די אויפשריפט „די קאָמעדיע איז דער שפּיגל פונעם לעבן". די בענקלעך זיינען געווען איינ־פאַכע. אין דער ערשטער און צווייטער רייע זיינען געווען בענקלעך מיט אַן אָנשפּאַר און אַלע אַנדערע רייעס זיינען געווען פאַן אַזעלכן. אין די ער־שטע צוויי רייען פלעגט זיצן געוויינלעך די אַריסטאָקראַטיע.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן דעמאָלט האָט זיך געדרייט הויפּטזעכ־לעך אַרום דער קירכע אָדער פּריוואַטע פאַמיליע פאַרזאַמלונגען. אָבער אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן די ענגלישע אינוואַזיעס און די פרייהייטס באַוועגונג געגעבן אַ דריי דעם קורס און עס האָט אָנגעהויבן ברויזן אַ גאַנץ אַנדערע געזעלשאַפטלעכקייט, אַן אייניקונג פאַר דער באַפרייאונג פון דעם לאַנד.

# די היימישע אינדוסטריע און מסחר

ווי אין אַלע צייטן באַ די פּרימיטיווע פעלקער, האָבן די אינדיאַנער פון אַרגענטינע און שפּעטער אויך די שפּאַניער באַנוצט די פּרימיטיווסטע מיטלען צו שאַפן זיך לויט מעגלעכקייט אַ באַקוועם לעבן. ביסלעכווייז איז פאַרגרעסערט געוואָרן די אימיגראַציע און דערמיט אויך די פאַבריקאַציע און מסחר פון פאַרשידענע אַרטיקלען.

די ערשטע אינדוסטריע פון די נייע איינוואוינער פון אַרגענטינע, די שפּאַניער און דערנאָך אויך פון די קריאָזשעס, איז געווען די אויסאַרבעטונג פון די פערד-פעלן אַף לעדער. פון די פּאָר צענדליק פערד וואָס מענדאָזאַ האָט איבערגעלאָזט אין דער אומגעגנט פון בוענאָס איירעס, האָבן זיך געפלאָדיעט צענדליקער טויזנטער פערד און די באַפעלקערונג פון דער נייער בוענאָס איירעס און שפּעטער אויך פון אַנדערע שטעט האָט באַנוצט די פערד סיי צו דער אַרבעט און סיי פאַר דער אויסאַרבעטונג פון אַלערליי זאַכן פון די פערד-פעלן. די פעלן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן און מען האָט זיי באַנוצט אַף צו מאַכן געצעלטן און צו דעקן די ראַנטשאָס (הייזקעס): ס׳איז געמאַכט געוואָרן פון די פערד-פעלן קוישלעך, לאָגלען אַף וואַסער און וויין, זעק אַף זשערבע, רענצלעך, רימענס וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן אָנשטאָט שטריק. אַ טייל באַפעלקערונג האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פּיצוכט און עקספּאָרטירט געזאַלצן פלייש, קיילעוו, ביינער, פעלן און אַנדערע פּראָדוקטן.

אַ טייל באַפעלקערונג האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפט און אַנדערע אַרבעט ווי וויין-פּראָדוקציע און בראָנפן-ברייערײַ.

די פאַרשידענע פּראָווינצן האָבן צוגעשטעלט פאַרשידענע זאַכן: אַזוי האָבן מענדאָזאַ און סאַן כואַן געליפערט וויין און בראָנפן; טוקומאַן טאַבאַק, האָלץ און זוילן; ריאָכאַ און קאַטאַמאַרקאַ, וואַט און פאַרשידענע וועַבעריי אַרבעטן; בוענאָס איירעס תבואה און פי און אַזוי ווייטער.

דורכדעם וואָס די שפּאַנישע רעגירונג האָט ניט געוואָלט שטערן דער היימישער אייגענער אינדוסטריע, איז ניט מעגלעך געווען קיין עקספּאָרט פאַר שפּאַניע און דעריבער אויך איז ניט מעגלעך געווען קיין גרויסע אַנטוויקלונג פון דעם אַרגענטינער האַנדל און אינדוסטריע.

## דער געשטערטער האַנדלסטויש

אַז ווי ווייט ס׳איז געשטערט געווען דער אַרגענטינער האַנדל אין יענער צייט, און ווי שווער ס׳איז געווען די שפּאַנישע לאַסט פון שטייערן קאָן מען זיך פאַרשטעלן פון פאָלגנדע דאַטן: ס׳איז אייגעפירט געווען אַ מאָנאָפּאָל סיסטעם, אַזוי אַז דער האַנדל פונעם לאַנד האָט געמוזט זיין נאָר מיט שפּאַניע, אַזוי דער אימפּאָרט ווי עקספּאָרט. די אַמעריקאַנער לענדער

אונטער שפּאַנישער הערשאַפט האָבן נישט געקאָנט פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן צו קיין שום אַנדער לאַנד חוץ שפּאַניע, און קויפן אויך נאָר אין שפּאַניע, און די פּרייזן זיינען געווען אַזעלכע ווי עס האָבן זיי געשטעלט די שפּאַניער, אַפן העכסטן אופן עקספּלאָטאַטאָריש.

דער מסחר איז געגאַנגען הויפּטזעכלעך דורך קאַדיז און סעווילִיאַ. יעדע זעקס חדשים פלעגן אָפּפאָרן מערערע שיפן צו די אַמעריקאַנער לענדער פירנדיק סחורות הין און צוריק. די שיפן זיינען געפאָרן אין קאָנוואָיען, באַגלייט פון קריגס־שיפן, ווייל ס'איז געווען אַ געפאַר איבערגעפאַלן צו ווערן פון פּיראַטן. די דאָזיקע קאָנוואָיען זיינען געגאַנגען קודם ביז סאַנטאַ דאָמינגאָ און פון דאָרט האָבן זיי זיך צעטיילט. איין טייל איז געגאַנגען צו נײַ שפּאַניע (מעקסיקע) און איין טייל צו זיד־אַמעריקע. ווען ס'זיינען געקומען די שיפן צו אַן אַמעריקאַנער פּאָרט האָט מען געעפנט אַ יאַריד אַף אַ צייט פון פערציק טעג.

די שפּאַנישע סחורות זיינען געווען אין אַלגעמיין טייער, אָבער חוץ דעם האָט מען נאָך אַרויפגעלייגט אַ שטייער (אַדואַנאַ־אַפּצאַל) אַפן אימפּאָרט. ס'זיינען געווען אין אייניקע שטעט אַזויגערופענע „אַדואַנאַס סעקאַס", ווי למשל אין קאָרדאָבאַ, און בײַ יענע אָפּצאַל־אַמטן האָט מען געפאָדערט אַ שטייער נישט מער און נישט ווייניקער נאָר גאַנצע 50 פּראָצענט פונעם באַטרעף פון דער סחורה. די סחורות קיין קאָרדאָבאַ פלעגן קומען פון פּאָטאָסי, געבראַכט מיט מויל־אייזלען.

די אָפּצאָלן און אַלגעמיינע שטייערן זיינען געווען גוואַלדיק הויכע. צווישן די פאַרשידענע שטייערן וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט צו צאָלן שפּאַניע זיינען געווען פאָלגענדע: פאַר „אַוועריאַ" וואָס איז געגאַנגען, ווי עס האָט געהייסן, אַף אויסצוהאַלטן די הוצאות פון די קריגסשיפן וועלכע האָבן באַגלייט די האַנדלס־שיפן; פאַר געוויינלעכן אַדואַנאַ אָפּצאַל, אונטערן נאָמען „אַלמאָכאַריפאַזגאָ"; פאַר „טאָנעלאַזש" צו באַצאָלן די שיפן לויט דעם טאָנאַזש פון יעדער, און אַ שטייער פון 20 פּראָצענט, אונטערן נאָמען „אַלקאַבאַלאַ" פאַרן רעכט צו פאַרקויפן די אימפּאָרטירטע אַרטיקלען. פאַר מינעראַלן האָט מען חוץ דעם געדאַרפט צאָלן אַ „קינטאָ", אַ פיפטל פונעם ווערט פון דיזעלבע. דער פאַרקויף פון טאַבאַק און פעפער איז געבליבן אַלס מאָנאָפּאָל, אויסשליסלעך פאַר די שפּאַנישע באַהערדן אין לאַנד.

בײַ אַזאַ מין צושטאַנד איז פאַרשטייט זיך געוואַקסן דער קאָנטראַבאַנד, און דער קאָנטראַבאַנד, אָנגעפירט הויפּטזעכלעך פון די ענגלענדער, האָט געבראַכט נישט בלויז סחורות, נאָר אויך אויפקלערונג פאַרן פאָלק. די קאָנטראַבאַנד־סחורות זיינען פאַרקויפט געוואָרן זייער ביליק און דאָס פאָלק האָט דערזען ווי שרעקלעך עס ווערט עקספּלאָטירט.

די שפאַנישע באַהערדן האָבן זיך באַמיט צו אונטערדריקן דעם קאָנ־טראַבאַנד און ס'איז געמאָלדן געוואָרן דעם פאָלק, אַז ווער עס וועט דע־נונצירן אַ קאָנטראַבאַנד און די סחורה וועט קאָנפיסקירט ווערן, באַקומט ער אַ דריטל פונעם ווערט פון דערזועלבער. אַ צווייט דריטל באַקומט דער ריכטער און איין דריטל דער שטאַט.

דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס, ברונאַ מאַוריסיאָ דע סאַוואַלאַ, וועלכער האָט שטאַרק באַקעמפט דעם קאָנטראַבאַנד און האָט פאַרכאַפּט אַ סך סחורות, האָט איינמאָל קאָנפיסקירט 200.000 פעלן. אָבער דערזעל־בער מלוכה־מאַן האָט שפּעטער דערקלערט אַז סאיז אוממעגלעך צו באַ־קעמפן דעם קאָנטראַבאַנד און דער בעסטער מיטל וואָלט געווען צו עפענען די פאָרטן פאַרן פרייעם האַנדל.

דער מאָנאָפּאָל פונעם ממחר האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פונעם האַנדל און אינדוסטריע, אָבער די שפּאַנישע מלוכה האָט עס נישט גענו־מען אין אכט. ערשט מיט דער צייט האָט מען באַקומען ספּעציעלע דער־לויבענישן אַריינצוברענגען פאַרשידענע זאַכן פון אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער, און צו לעצט אין דער צייט פונעם לעצטן וויצע־קעניג (סיסנע־ראָס) האָט מען געפּועלט אַ פרייעם האַנדל מיט די ענגלענדער.

## די וויצע - קעניגטומס

דורך אַ קעניגלעכן דעקרעט געזעצן פונעם 8טן אויגוסט 1776, איז גע־שאַפן געוואָרן דאָס וויצע־קעניגטום פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט מיט בוענאָס איירעס אַלס הויפּטשטאָט. די טעריטאָריע וואָס דאָס וויצע־קעניגטום האָט אַריינגענומען איז באַשטאַנען פון דער איצטיקער טעריטאָריע פון אַר־גענטינע, די פון פּאַראַגוויי, פון אורוגוויי און פון באָליוויע, דעמאָלט באַ־קאַנט אַלס אַלטאָ פּערו.

דאָס וויצע־קעניגטום פון לאַ פּלאַטאַ האָט זיך געטיילט אין אַכט אינטענדענסיאַס און פיר מיליטערישע גובערנאַסיאָנעס. די אינטענדענסיאַס זיינען געווען: לאַ פּאַז, פּאָטאָסי, קאָטשאַבאַמבאַ,טשאַרקאַס אָדער טשו־קיסאַקאַ, פּאַראַגוויי, סאַלטאַ, קאָרדאָבאַ און בוענאָס איירעס. די מיליטע־רישע גובערנאַסיאָנעס זיינען געווען: מאָכאָס, טשיקיטאָס, מיסיאָנעס און מאָנטעווידעאָ.

אַלס ערשטער וויצע־קעניג איז באַשטימט געוואָרן פּעדראָ דע סע־וואַזשאָס, מיליטערישער גובערנאַטאָר פון מאַדריד. דער קעניג קאַרלאָס 3טער, זיך געפינענדיק אין מלחמה מיט פּאָרטוגאַל האָט געוואָלט אָפּנע־מען בא די פּאָרטוגעזער זייער באַזיץ אין בראַזיל און צו דער צוועק באַ־שטימט דעם געניטן מיליטערמאַן און אויך אַ גרויסן קריגספּלאַן. אַזוי איז סעוואַזשאָס געקומען פון שפּאַניע מיט אַן אַרמיי פון 9.000 מאַן, פאַר־

שיפטע אַף אַ פלאָט פון הונדערט זעכצן שיפן. ער איז געקומען אין פע־
ברואַר 1777 צום אינדזל סאַנטאַ קאַטאַלינאַ און אים אַפּגענומען בּאַ די
פּאָרטוגעזער אָן איין שאָס. ער איז געקומען דערנאָך קיין מאָנטעווידעאָ
און אונטערגענומען אַ מאַרש אַף קאָלאָניאַ און אָפּגענומען די שטאָט אָן
שום ווידערשטאַנד. קאָלאָניאַ איז דעמאָלט געווען שוין אַ היפשע שטאָט
מיט 2.000 איינוואוינער. די הייזער זיינען געווען שיינע, געמויערטע, מיט
באַלקאָנען, די מייסטע פון אַ שטאָק הויך. דער וויצע־קעניג האָט אָבער




דאָס וויצע־קעניגטום פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, ווי ס׳איז צו זען פון דער מאַפּע,
איז געווען דאָס גרעסטע אין זיד־אַמעריקע.

פאַראָרדנט אַלעם איינצוואַרפן, אויסצומיידן אַ נייעם אָנגריף פון די פּאָר־
טוגעזער. אַזוי אַרום איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ שטאָט וואָס איז אַלט
געווען שוין אַרום הונדערט יאָר.

סעוואַזשאָס האָט אויך געוואָלט זיך לאָזן אַף ריאָ גראַנדע, נאָר ער
האָט באַקומען אַ מעלדונג פון שפּאַניע אַז ס׳איז געשלאָסן געוואָרן שלום
מיט פּאָרטוגאַל. דורך יענעם שלום־טראַקטאַט האָט שפּאַניע אַף שטענדיק
פאַרלוירן די טעריטאָריעס פון ריאָ גראַנדע און סאַנטאַ קאַטאַלינאַ, נאָר

קאָלאָניאַ איז געבליבן דעפיניטיוו פאַר די שפּאַניער. דער דאָזיקער שלום־טראַקטאַט איז געווען אייגנטלעך אַ מין אויסגלייך צווישן קאַרלאָס 3טן, קעניג פון שפּאַניע, מיט זיין שוועסטער מאַריאַ ערשטע, וועלכע איז גע־וואָרן קעניגן פון פּאָרטוגאַל. אין יענעם אָפּמאַך פון סאַן אידעפאָנסאָ איז באַשטימט געוואָרן אַז שפּאַניע בלייבט הערשן אינעם לאַ פּלאַטאַ געביט און טייל פונעם איצטיקן שטאַט ריאָ נעגראָ, און פּאָרטוגאַל בלייבט הערשן איבער סאַנטאַ קאַטאַלינאַ.

יענער אָפּמאַך האָט שטאַרק געשעדיקט דעם ענגלישן און פּאָרטו־געזישן מסחר מיט אַרגענטינע, ווייל דורך דעם וואָס קאָלאָניאַ (אורוגווייער ברעג) איז אַריבער אונטער שפּאַנישער הערשאַפט איז אוממעגלעך גע־וואָרן דער קאָנטראַבאַנד פון ענגלישע און פּאָרטוגעזישע סחורות וואָס פלעגט געפירט ווערן איבערן לאַ פּלאַטאַ, צווישן קאָלאָניאַ און בוענאָס איירעס.

סעוואַזשאָס האָט מעגלעך פאַר זיך געהאַט אַ גרויס רעגירונגס־פּראָ־גראַם, אָבער ער איז פּלוצים אָפּגערופן געוואָרן אין 1778 און פאַר זיין אָפּפאָרן האָט ער איבערגעלאָזט אַלס נאָכפאָלגער דעם געוועזענעם גובער־נאַטאָר פון בוענאָס איירעס כואַן כאָסע דע ווערטיז. סעוואַזשאָס האָט אויך געעפנט דעם בוענאָס איירעסער פּאָרט פאַר מסחר מיט אַלע שפּאַני־שע האַפנס.

כואַן כאָסע דע ווערטיז האָט איבערגענומען די מאַכט דעם 12טן יוני 1778 און רעגירט ביז 1784. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשטאַרקן די מאַכט, אויסבעסערנדיק די לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע און אויך גע־לאָזט דורכפירן אַ צענז. דעמאָלט האָט בוענאָס איירעס געציילט 24.750 איינוווינער.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער באַרימטער אויפשטאַנד פון די אינדיאַנער, אָנגעפירט פון טופּאַק אַמאַרו, וועגן וועלכן ס׳איז פריער שוין דערמאָנט געווען. דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן אין אַלטאָ פּערו און עס זאָלן זיך האָבן באַטייליקט אינעם אויפשטאַנד אַרום 60 טויזנט אינ־דיאַנער. דער אויפשטאַנד איז בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן. אַף אַ מער־דערישן אופן זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן מאַסן אינדיאַנער, צווישן זיי דער אָנפירער טופּאַק אַמאַרו.

ווערטיזן ווערט צוגעשריבן אַלס פאַרדינסט דער בוי פון שפּיטעלער, די איינריכטונג פון באַלייכטונג אין די גאַסן, די שאַפונג פון פּאָליציי־דינסט און די ברוקירונג פון די גאַסן. ער האָט געלאָזט ברענגען פון קאָרדאָבאַ די דרוקעריי מאַשין פון די יעזואיטן. ער האָט האָט אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט די גלחים, און בכדי זיי צו פּאַטערן האָט ער זיי פאַרשיקט טיף אין אינערן פון לאַנד קיין טוקומאַן.

אין די צייטן פון ווערטיז האָט שפּאַניע געפירט מלחמה מיט ענגלאַנד און עס האָט געדראָעט אַן אַנגריף פון ענגלישן פלאָט אַף דעם לאַ פּלאַטאַ לאַנד. ווערטיז האָט געלאָזט באַפעסטיקן מאָנטעווידעאָ און מאַלדאָנאַדאָ, צוגרייטנדיק זיך צו פערטיידיקונג, אָבער די ענגלענדער האָבן זיך געהיט פון אַן אַנגריף.

נאָך זעקס יאָר פרוכטבאַרער רעגירונגס־טעטיקייט האָט ווערטיז איבערגעגעבן די מלוכה דעם נייעם וויצע־קעניג וואָס קאַרלאָס דריטער האָט געשיקט אַהער, ניקאָלאַס פראַנציסקאָ קריסטאָבאַל דעל קאַמפּאָ.

דער נייער וויצע־קעניג, וואָס איז געווען דער דריטער, איז געקומען קיין בוענאָס איירעס אין מערץ 1784. זיין נאָמען און טיטל איז געווען ניקאָלאַס פראַנציסקאָ קריסטאָבאַל דעל קאַמפּאָ, מאַעסטרע קועסטאַ דע סאַאַוועדראַ ראָדריגעז דע לאַס ווארילאַס דע סאַלאַמאַנקאַ אי סאַליס גאַרסיאַ דע אָלאַליאַ אי סאַנטשעז דעל סאַלוואַדאָר, מארקיז דע לאָרעטאָ. פאַרקירצט איז ער באַקאַנט אַלס ניקאָלאַס דעל קאַמפּאָ אָדער אויך אַלס מאַרקיז דע לאָרעטאָ. ער האָט רעגירט פינף יאָר, בלויז אַ פּאָר חדשים וויניקער ווי ווערטיז. לאָרעטאָ פונקט ווי ווערטיז איז געווען אַ גרויסער קעגנער פון די גלחים, אָבער צו גלייכער צייט איז ער געווען אַ גרויסער רעאַקציאָנער און קעגנער פון דער פאָלקס בילדונג, אוים מורא, אַז ס'זאָלן ניט אַריינדרינגען די נייע אידייען מיט וועלכע איראָפּע און באַזונדערס פראַנקרייך זיינען געווען דורכגעדרונגען.

נאָך לאָרעטאָ איז געווען וויצע־קעניג ניקאָלאַס דע אַררעדאָנדאָ (1789-1795). ער האָט געשאַפן דעם אַמט פון „קאָנסולאַדאָ" (2טן יוני 1794) מיט דעם יונגן אַדוואָקאַט מאַנועל בעלגראַנאָ אַלס געריכטס סעקרעטאַר. דער אַמט פון קאָנסולאַט האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלערליי האַנדלס־ענינים.

די ווייטערדיקע וויצע־קעניגס זיינען געווען: פּעדראָ מעלאָ דע פּאָרטוגאַל אי וויליענאַ (1795-1797) און נאָך אים צייטווייליק אַנטאָניאָ אָלאַגער פעליו (1797-1799). נאָך זיי: גאַבריעל אַווילעס אי דעל פיעררראָ, באַקאַנט אַלס מארקיז דע אַווילעס (1799-1801); כואַן דעל פּינאָ אי ראָסאַס (1801-1804); ראַפאַעל דע סאָברעמאָנטע (1804-1806); סאַנטיאַגאָ דע ליניערס (1807-1809) און דער לעצטער באַלטאַסאַר הידאַלגאָ דע סיסנעראָס (1809-1810), וועלכער איז דורך דער מאַי רעוואָלוציע אַראָפּגעזעצט געוואָרן.

אין דער צייט פונעם וויצע־קעניג דעל פּינאָ האָט זיך געגרינדעט די ערשטע צייטונג אין בוענאָס איירעס „על טעלעגראַפאָ", דורכן קאָראָנעל קאַבעליאָ (1801) און דאָרט איז אָפּגעגעבן געוואָרן פלאַץ פאַר אַלע פראַגן (לאַנדווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געשיכטלעכע) פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט. אין 1802 איז די צייטונג אונטערדריקט געוואָרן דורכן

וויצע־קעניג, און היפּאָליטאָ וויעיטעס, אַ געבוירענער אין בוענאָס איירעס, האָט געגרינדעט דאָס וואָכנבלאַט „סעמאַנאַריאָ דע אַגריקולטוראַ אי קאָמערסיאָ". חוץ לאַנדווירטשאַפטלעכע און האַנדלס־ענינים האָט די אויסגאַבע געבראַכט אויך אויפקלערונגס־אַרטיקלען און ביסלעכווייז געזייט די אידייע פון באַפרייונג.

פּינאָ איז געשטאָרבן אין 1804 און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען סאָברעמאָנטע, אין וועמענס צייט די ענגלענדער האָבן געמאַכט די ערשטע אינוואַזיע אין בוענאָס איירעס.

## ערשטע אינוואַזיע פון די ענגלענדער

דער שפּאַנישער קעניג קאַרלאָס פערטער האָט געהאַט געשלאָסן געהיימע פריינטשאַפט מיט נאַפּאָלעאָנען, אין צייט וואָס פראַנקרייך איז געווען אין מלחמה קעגן ענגלאַנד און דעריבער זיינען פיר שפּאַנישע זעגלשיפן, וואָס זיינען געקומען פון בוענאָס איירעס מיט גרויסע פאַרמעגנס איבערגעפאַלן געוואָרן פון ענגלישע קריגסשיפן. איין שפּאַנישע שיף איז אויפגעריסן געוואָרן און אונטערגעגאַנגען מיט דער מאַנשאַפט און די אַנדערע האָבן זיך אונטערגעגעבן. דאָס איז געווען דעם 5טן אָקטאָבער 1804, נעבן קאַדיז.

אַלס ענטפער אויפן דאָזיקן אָנגריף האָט שפּאַניע דערקלערט (1805) קריג ענגלאַנד און זיך געשטעלט אָפן אויף דער זייט פון פראַנקרייך.

דער קאַמף צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט זיך שטאַרק צעפלאַקערט און די לאָנדאָנער רעגירונג האָט פאַראָרדנט דעם קאַפּיטאַן האָם פּאָפּאָם זיך צו לאָזן צו קאַפּ קאָלאָניאַ, אַ האָלענדישע טעריטאָריע, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט פאַרכאַפּט, אָפּצונעמען יענעם געביט. פּאָפּאָם האָט צוגעגרייט אַ מעכטיקן פלאָט און געשטורעמט די האָלענדישע קאָלאָניע אין זיד־אַפריקע, איבערנעמענדיק זי אונטער דער גרויסבריטישער מאַכט.

ווען די ענגלענדער האָבן פאַרנומען דעם זיד־אַפריקאַנער קאַפּ פון גוטער האָפענונג, האָט מען אין מאַדריד פאַרשטאַנען, אַז עס דראָעט אויך אַ געפאַר דעם שפּאַנישן באַזיץ אין לאַ פּלאַטאַ געביט, און ס'איז באַלד געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג דעם וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע צו באַפעסטיקן בוענאָס איירעס און זי צוגרייטן צו אַ ווידערשטאַנד. די מורא אין מאַדריד איז אויך געווען ניט אומבאַרעכטיקט. דער קאַפּיטאַן האָם פּאָפּאָם, נאָכן זיג איבער די האָלענדער אין זיד־אַפריקע, האָט אָפּגעטיילט אַ עסקאַדרע און זי אָפּגעשיקט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ווילִיאַם קאַר בערעספאָרד צו די לאַ פּלאַטאַ וואַסערן.

אין מיטן יוני 1806 האָט זיך אין בוענאָס איירעס פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז ס'זיינען געזען געוואָרן אייניקע ניט שפּאַנישע קריגסשיפן. ס'איז אָפּ־

געשיקט געוואָרן באַלד אַן אויסשפּיר שיפל אָפן וועג קיין מאָנטעווידעאָ און ס'איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ מעלדונג פון ענסענאַדאַ דע באַרראַגאַן אַז ס'זיינען געזען געוואָרן, דעם 22טן, מערערע קריגסשיפן ניט ווייט פון דאָרט.

סאָברעמאָנטע האָט נאָך אַלץ ניט געגלויבט אַז די ענגלענדער וועלן וואַגן אַרויסצוזעצן מיליטער און ער האָט דעם 24טן געפּראַוועט אַ יום-טוב לכבוד דעם געבורטס-טאָג פון זיין צוקונפטיקן איידעם. אין אָוונט איז ער נאָך געגאַנגען צו אַ טעאַטער פאָרשטעלונג און זיצנדיק אין לאָזשע האָט ער באַקומען אַ באַריכט אַז די ענגלענדער גרייטן זיך אַרויסצוזעצן מי-ליטער אין קילמעס. דעם 25טן האָבן די ענגלענדער געלאַנדעט און אַראָפּ-גענומען פון די שיפן די קאַנאָנען און די אַנדערע וואָפן. דעם אַנדערן טאָג האָט אַן ענגלישע אַרמיי פון טויזנט מאַן אונטערגענומען דעם מאַרש אַף בוענאָס איירעס.

דער וויצע-קעניג סאָברעמאָנטע האָט פּראָקלאַמירט שנעל די מאָבי-ליזאַציע פון אַ פאָלקס מיליץ און געפּרואווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אָבער באַם ערשטן צוזאַמענשטויס זיינען די מיליציאַנטן זיך צעלאָפן. סאָ-ברעמאָנטע איז דאַן אַנטלאָפן קיין מאָנטע קאַסעראָס און געלאָזט אַריבער-פירן די רעגירונגס-אוצרות קיין לוכאַן, מיט דער האָפנונג צו ברענגען עס קיין קאָרדאָבאַ.

דעם 27טן יוני דריי אַזייגער נאָכמיטיק זיינען די ענגלענדער אַריין קיין בוענאָס איירעס און מיט דער היינטיקער גאַס דעפענסאַ מאַרשירט ביז פּלאַסאַ מאַזשאָר (היינט פּלאַסאַ מאַזשאָ). דער בריגאַדיער קינטאַנאַ האָט איבערגעגעבן דעם ענגלישן קאָמאַנדאַנט דעם שליסל פון דער פעס-טונג, וואָס האָט געמיינט אַ קאַפּיטולאַציע.

די אַלטע פעסטונג פון בוענאָס איירעס, וואָס גאַראַי האָט געלאָזט אויפשטעלן באַ דער גרינדונג פון דער שטאָט האָט זיך געפונען, ווי שוין דערמאָנט אָפן אָרט וואו עס שטייט איצט דאָס רעגירונגס-הויז, הינטער פּלאַסאַ מאַזשאָ. די פעסטונג איז געווען אַרומגענומען מיט אַ גרוב און אַפן פראָנט, צו דער פּלאַסאַ צו האָט די פעסטונג זיך פאַרבונדן מיט דער פּלאַ-סאַ דורך אַ באַוועגלעכן בריק. דאָרט אין דער פעסטונג איז געווען דער זיץ פון דער קאָלאָניאַלער רעגירונג, גובערנאַטאָרן, וויצע-קעניגן און דער-נאָך, נאָך דער מאַי רעוואָלוציע, אויך פון די אַרגענטינער רעגירונגען. עס איז דאָרט געווען אַלערליי ביוראָס און אַ גרויסער אַקטן-סאַלאָן. די פעס-טונג איז איינגעוואָרפן געוואָרן אין 1853.

די ענגלענדער זיינען באַלד, נאָכן באַקומען דעם שליסל, אַריין אין דער פעסטונג און ס'איז אַרויפגעצויגן געוואָרן די ענגלישע פאָן.

קיין ווידערשטאַנד איז דעמאָלט שוין פון קיינעם נישט אונטערגע-

נומען געוואָרן. די מיטגלידער פון שטאָטראַט (קאַבילדאָ) האָבן געשוואוירן טרייהייט דער ענגלישער מלוכה און געבליבן אָף זייערע פּאָסטנס.

דעם 28טן יוני האָט ברעספּאָרד אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע אין וועל־כער ער האָט פאַרשפּראָכן דעם פאָלק אַלערליי גאַראַנטיעס, פרייהייט פון גלויבן, פרייהייט פון וואָרט און שריפט, רעספּעקטירן דאָס אייגנטום און הויבן דעם האַנדל.

## אַרויסגעשטויסן די ענגלענדער

ווען אַפילו אויבנויפיק האָט זיך געדאַכט אַז די באַפעלקערונג האָט רואיק זיך אונטערגעוואָרפן דער נייער מאַכט, האָט אָבער אין דער שטיל באַ דער גרויסער מערהייט געהערשט אַן אומרו און ס׳איז קאָנספּיראַטיוו צוגעגרייט געוואָרן אַ קריגס־אַקציע קעגן די ענגלענדער. כאָטשע דאָס פאָלק, הויפּטזעכלעך די קריאָזשעס, האָט נישט געהאַט קיין גרויס סימ־פּאַטיע פאַר די שפּאַניער און דער שפּאַנישער הערשאַפט, האָט מען אָבער נאָך ווייניקער געוואָלט בלייבן אונטערוואָרפן אַ נייער מאַכט פון אַ פרעמ־דער שפּראַך און אַנדערער רעליגיע.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן געהיימע זיצונגען און באַראַטונגען אין שטאָט און צוגרייטונגען אין דרויסן, אָף אַרויסצושטויסן די אינוואַדירער. צוויי בוענאָס איירעסער שכנים דער אינזשעניער פעליפּע סענטענאַטש און כע־ראַרדאָ עסטעבע אי ליאַק האָבן פאַרגעשלאָגן אויסצוגראָבן טונעלן וואָס זאָלן זיך ציען ביז אונטער דער פעסטונג און דער ראַנטשעריע (אַ מין קאַ־זאַרמע) וואָס האָט זיך געפונען דאָרט וואו ס׳איז היינט די סקינע אַלסינאַ און טשאַקאַבוקאָ און מיט דינאַמיט אויפרייסן בײדע, צוזאַמען מיט די ענגלענדער. די אַרבעט איז באַלד אונטערגענומען געוואָרן מיט גרויס אימ־פּעט, אָבער שפּעטער איז דאָס גראָבן אָפּגעשטעלט געוואָרן. אָנשטאָט דעם איז צוגעגרייט געוואָרן אַ מיליטערישער פּלאַן.

סאַנטיאַגאָ ליניערס, אַ געבוירענער אין פראַנקרייך, וואָס האָט מיט איבערגעבנקייט געדינט די שפּאַניער אינעם נייעם לאַנד און געווען מילי־טער שעף אין ענסענאַדאַ (נעבן קילמעס) אין דער צייט ווען די ענגלענדער זיינען אַריין קיין בוענאָס איירעס, האָט געבעטן און אויך באַקומען דער־לויבעניש אַריינצוקומען קיין בוענאָס איירעס, מיטן אויסרייד צו זען זיך מיט זיין פאַמיליע. אין אמתן האָט ער געמיינט זיך צוזאַמענרעדן מיט געוויסע פּערזענלעכקייטן און זען ווי עס האַלט מיט דער שטימונג פון דער באַפעלקערונג. אַלע האָבן דערקלערט ליניערסן זייער גרייטקייט אים צו העלפן, אָבער ליניערס האָט געהאַלטן פאַר בעסער צוצוגרייטן די פאַר־שווערונג אין דרויסן און דערנאָך ערשט אויסנוצן די אינערלעכע הילף. ער איז אַוועק קיין קאָלאָניאַ (אורוגוויי) און פון דאָרט קיין מאָנטעווי־

דעאָ, אַף איבערצורעדן מיטן גובערנאַטאָר רואיז הוידאַבראָ וועגן אַן אי־בערפֿאַל אַף בוענאָס איירעס. באַלד איז אויך אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ אַ צווייטער אַרגענטינער מיליטער שעף כואַן מאַרטין דע פּועירעדאָן.

די באַראַטונג אין מאָנטעווידעאָ האָט באַשלאָסן אַז פּועירעדאָן זאָל זיך אומקערן קיין בוענאָס איירעס און צונויפנעמען אַלע פרייוויליקע מי־ליטערישע כוחות וואָס האָבן זיך געשאַפן אַרום לוכאַן, מאָראָן, פּילאַר און



מאַרטין דע פּועירעדאָן



סאַנטיאַגאָ ליניערס

אַנדערע ערטער, און ליניערס זאָל זאַמלען מיליטערישע כוחות אַפן אורו־גווייער ברעג און דאַן זאָל אונטערגענומען ווערן אַ געמיינזאַמער אַנגריף אַף בוענאָס איירעס.

פּועירעדאָן האָט זיך אומגעקערט, האָט צונויפגענומען אַרום 600 מאַן קאַוואַלעריע און אונטערגענומען, נישט וואַרטנדיק אַף ליענערס מיט זיין אַרמיי, אַ מאַרש אַף בוענאָס איירעס, אַרויספאָדערנדיק די ענגלענדער צום קאַמף.

בערעספאָרד האָט די גאַנצע צייט זיך אויסגעהאַלטן מיט זיין אַרמיי אין בוענאָס איירעס, וואַרטנדיק וואַרשיינלעך אַף פאַרשטאַרקונג פונעם פלאָט מיטן וועלכן פּאָפּאַם האָט זיך געפונען אַפן אַטלאַנטיק. ווען ער האָט אָבער באַקומען ידיעות אַז עס געפינט זיך אַן אַרמיי אין מאַרש, האָט ער אַרויס־געשיקט אַרום 500 מאַן די אַרמיי אָנצוגרייפן.

דער קאַמף איז פאָרגעקומען אין דער קינטע פון פּעדריעל דעם 1טן אויגוסט. די קאַוואַלעריע פון פּועירעדאָן שלעכט באַוואָפנט און נישט גוט צוגעגרייט האָט באַלד באַם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער ענגלישער אַרמיי זיך צוריקגעצויגן אין אומאָרדנונג. דאָך אָבער האָט בערעספּאָרד, טראָץ דעם אָפּגעהאַלטענעם זיג פון פּעדריעל, זיך נישט געפילט מער זי־כער און געשטעלט זיין אַרמיי אין קריגס צושטאַנד פאַרן פאַל פון נייע אַטאַקעס.

נאָך דער ערשטער נידערלאַגע פון זיין פרייוויליקער אַרמיי איז פּועי־רעדאָן אַריבער קיין קלאַאַניאַ און דאָרט געטראָפן ליניערסן שוין באַם גרייטן זיך צום אַריבערפאָרן מיט זיין אַרמיי צום בוענאָס איירעסער ברעג. די אַרמיי פון ליניערס איז באַשטאַנען פון 1.300 מאַן. זיי זיינען אויסגע־האַלטן געוואָרן פונעם פאָנד וואָס די פּאַטריאָטן האָבן געשאַפן, פון וועלכן ס'איז געווען קאַסיר דער בוכהענדלער וואַלענסיאַ. דער לוין איז געווען פיר רעאַלן אַ מאַן טעגלעך.

דאָס מיליטער פון ליניערס האָט זיך פאַרשיפט אין קאָלאָניאַ אַף אי־בער צוואַנציק פאַרשידענע זעגל־שיפלעך דעם 3טן אויגוסט און אַריבער־געפאָרן באַנאַכט צום בוענאָס איירעסער ברעג. דעם 4טן אויגוסט פּאַרטאָג האָט דאָס מיליטער געלאַנדעט אין האַפן פון לאַס קאָנטשאַס (אַרום סאַן פערנאַנדאָ), נישט באַמערקט ווערנדיק פונעם פיינט. פּועירעדאָן איז אַוועק באַלד צו זיינע אַרמיי רעשטלעך און זיי אויפגעפאָדערט צו קומען מיט די פערד און לעבנסמיטל צום פּלאַץ וואו עס האָבן געלויכטן דריי פייערס.

די פאַראייניקטע אַרמיי פון פּועירעדאָן און ליניערס האָט דעמאָלט גע־ציילט אַרום צוויי טויזנט מאַן. ס'איז אונטערגענומען געוואָרן דאַן דער מאַרש איבער סאַן פערנאַנדאָ, סאַן איסידראָ און אַנדערע ערטער, ביז דעם פאַרשטאָטישן געגנט טשאַקאַריטאַ. דאָרט האָט די אַרמיי זיך אָפּגעשטעלט דעם 9טן אויגוסט. אַהין זיינען באַלד אָנגעקומען נאָך אַנדערע פרייוויליקע און צוזאַמען געבילדעט אַ מאַכט פון 4.000 מאַן.

דעם 10טן אויגוסט איז אונטערגענומען געוואָרן דער ווייטערדיקער מאַרש ביז די קאָראַלאָנען פון מיסערערע (היינט פּלאַסאַ אָנסע). פון דאָרט האָט ליניערס געשיקט זיין אַדיוטאַנט הילאַריאָ דע לאַ קינטאַנאַ איבערצו־געבן בערעספאָרדן אין דער פעסטונג אַן אויפפאָדערונג זיך אונטערצוגעבן. דער ענגלישער מיליטער שעף האָט דאַרויף אָבער געענטפערט אַז „ער וועט זיך פאַרטיידיקן ביז דער פאַל וועט אים לערנען אַנדערש צו האַנדלען".

דעם ענטפער האָט ליניערס באַקומען האַלבע נאַכט אין מיסערערע.

נעמענדיק אונטער זיין קאָמאַנדע די אינפאַנטעריע און אַרטילעריע און אונטער פּועירעדאָנס קאָמאַנדע די קאַוואַלעריע, איז אין דערזעלבער נאַכט פאַראָרדנט געוואָרן דער מאַרש צו רעטירא. יענער פּלאַץ איז לייכט פאַרנומען געוואָרן, אַרויסשטויסנדיק די 200 ענגלענדער וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען (דעם 11טן אויגוסט). ברעספאָרד האָט אַרויסגעשיקט דאַן נאָך 500 מאַן, אָבער אויך זיי האָט ליניערס געצוואונגען זיך צוריקצוציען צו דער פּלאַסאַ מאַזשאָר.

די אַרמיי פון ליניערס און פּועירעדאָן האָט איבערגענעכטיקט אין רעטירא און דעם 12טן אויגוסט פאַרמיטיק אונטערגענומען די גענעראַל אַטאַקע, אַריינמאַרשירנדיק אין שטאָט איבער די גאַסן רעקאָנקיסטאַ, סאַן




דער מאַרשרוט פון דער ענגלישער אינוואַזיע און דער מאַרשרוט פון ליניערס.

מאַרטין און אַנדערע, פאַרפאָלגנדיק די ענגלענדער מיט דער אַרטילעריע. אָף דער פּלאַסאַ מאַזשאָר איז פאָרגעקומען דער לעצטער און אַנטשידענער קאַמף און די ענגלענדער האָבן נאָך גרויסע פאַרלוסטן זיך געמוזט צוריק־ציען אין דער פעסטונג.

די באַפעלקערונג פון הויפּטשטאָט האָט דאַן שנעל זיך געשטעלט אונ־טער דער פאָן פון די פּאַטריאָטן אָף צו העלפן שטורמען די פעסטונג און פאַרנעמען די ענגלענדער.

גענעראַל ברעספאָרד, זעענדיק זיין אַרמיי צעשלאָגן און אָן אויסזיכט אָף הילף פון פאָפאַם, האָט דורך אַ בריוו צו פּועירעדאָן פאָרגעשלאָגן פאַר־

האַנדלונגען, אָבער ליניערס האָט געפאָדערט אַ פולשטענדיק אונטערגעבן זיך, אונטער דער דראָונג צו באָמבאַרדירן די פעסטונג, ארום וועלכער ס׳זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן 26 קאַנאָנען.

ארום מיטיקצייט איז ארויפגעצויגן געוואָרן אַף דער פעסטונג אַ ווייסע פאָן און דער פאַרזאַמלטער עולם אַף דער פּלאַסאַ מאַיאָר, וועלכער מען האָט דערנאָך אַ נאָמען געגעבן פּלאַסאַ וויקטאָריאַ אין אָנדענק פון יענעם זיג, האָט אויסגעבראָכן אין אַן ענטוזיאַסטישן „וויוואַ עספּאַניאַ״ (זאָל לעבן שפּאַניע).

דער אַדיוטאַנט פון ליניערס, הילאַריאָן דע לאַ קינטאַנאַ, איז ווידער־אַמאָל געשיקט געוואָרן אין פעסטונג, צו פאַרהאַנדלען וועגן דער קאַפּי־טולאַציע פון די ענגלענדער און אַביסל שפּעטער איז ארויסגעקומען פון פעסטונג דער קאַפּיטאַן כואַן גוטיערעז דע לאַ קאָנטשאַ אין באַגלייטונג פון קינטאַנאַ און אויסגעשריגן: „מיט טויט וועט באַשטראָפט ווערן יעדער וואָס וועט באַליידיקן דאָס ענגלישע מיליטער״. דער קאַפּיטאַן האָט אויך באַלד ארויסגעפירט פון פעסטונג גענעראַל בערעספאָרד און אים באַגלייט צו ליניערסן. דער לעצטער האָט אומאַרמט דעם באַזיגטן מיליטערמאַן און אים אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד פאַר זיין פאַרטיידיקונגס קאַמף.

די ענגלענדער האָבן געהאַט צווישן טויטע און פאַרוואונדעטע 300 און די פּאַטריאָטן ארום 200 מאַן. די איבעריקע ענגלענדער, 1.200 אין צאָל, האָבן אָפּגעגעבן זייערע וואָפן, פאָנען און סטאַנדאַרטן אונטערן קלאַנג פון מוזיק.

דער אַנטלאָפענער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע האָט געהאַט זיך גע־גרייט אין אינערן לאַנד אונטערצונעמען אַ מאַרש קעגן די ענגלענדער און צו דעם צוועק צונויפגענומען אין קאָרדאָבאַ אַ גרויסע אַרמיי. אָבער דער־ווייל האָט זיך די לאַגע איינגאַנצן געביטן.

דאָס פאָלק פון בוענאָס איירעס, ענטוזיאַזמירט פונעם אָפּגעהאַלטענעם זיג, האָט געפאָדערט צו פאַרופן באַלד אַ פאָלקס פאַרזאַמלונג צו דער־קלערן אַלס באַזייטיקט דעם פחדנישן וויצע־קעניג און פּראָקלאַמירן אַלס נייעם וויצע־קעניג דעם העלדישן זיגער, סאַנטיאַגאָ ליניערס. דעם 14טן אויגוסט איז פאָרגעקומען די דאָזיקע פאַרזאַמלונג (קאַבילדאָ אַביערטאָ) און ליניערס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס ארמיי שעף אָבער נישט אַלס וויצע־קעניג. ס׳זיינען געווען אַ סך שפּאַניער אין דער פאָלקס פאַרזאַמלונג וואָס זיינען געווען קעגן דעם אַז ליניערס, דער פראַנצויז, זאָל פאַרנעמען דעם אַמט פון וויצע־קעניג און געפאָדערט צו לאָזן וויי‌טער סאָברעמאָנטע אַף זיין פּאָסטן. דאָס פאָלק אין דרויסן, ארום פיר טויזנט מאַן, וואָס האָט געוואוסט דערפון האָט באַלד אָנגענומען אַ דראָענדיקע שטעלונג, האָט גע־שטורעמט און געקלאַפּט אין די טירן, פאָדערנדיק תיכף צו פּראָקלאַמירן

ליניערסן אַלס וויצע־קעניג און אַרמיי שעף. דער קאַבילדאָ האָט אָבער נאָכגעגעבן בלויז דעם צווייטן טייל.

ווען סאָברעמאָנטע האָט געהאַלטן אין דערנענטערן זיך צו בוענאָס איירעס און געקומען קיין פאָנטעזועלאַס איז ער געוואָר געוואָרן פונעם באַשלוס פון דעם קאַבילדאָ. ער האָט גערעכנט אייגנטלעך אַריינצומאַרשירן קיין בוענאָס איירעס און אונטערנעמען אַ קאַמף קעגן ליניערס, אָבער ער איז אָפּגעראָטן געוואָרן דערפון. מען האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז דאָס גאַנצע פאָלק פון בוענאָס איירעס איז קעגן אים און ער האָט ווינציק אויסזיכטן אַף דער שטיצע פונעם מיליטער.

סאָברעמאָנטע האָט איינגעזען אַז ער האָט פאַרשפּילט און זיך אונטערגעגעבן, אָנערקענענדיק ליניערסן אַלס מיליטער שעף. ליניערס האָט דאַן פאַראָרדנט סאָברעמאָנטען צו פאָרן מיט זיין אַרמיי קיין מאָנטעווידעאָ און צוגרייטן דאָרט די פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט, ווייל ער איז געווען זיכער אַז פּאָפּאַם וועט אָנקומען מיט זיין פלאָט צו די לאַ פּלאַטאַ ברעגן.

## די צווייטע אינוואַזיע פון די ענגלענדער

די מיליטערישע רעגירונג פון ליניערס האָט אין בוענאָס איירעס אײַבערגענומען פאַקטיש אַלע מלוכה־ענינים.

צו זיכערן די ענגלענדער זייער בלייבן אין לאַנד האָט ליניערס געגעבן גענעראַל בערעספאָרד אַ נאָטע, אין וועלכער עס ווערט אים פאַרזיכערט נישט באַלעסטיקט צו ווערן אַזוי לאַנג ער מיט זיינע לייט וועלן בלייבן אין אַרגענטינע, אָנערקענענדיק אין דערזעלבער נאָטע די גרויסע מיליטערישע קענטעניש פונעם ענגלישן גענעראַל. די דאָזיקע פאַר ווערטער זיינען געווען אייגנטלעך בלויז אַן אויסערלעכע צופרידנשטעלונג פאַר גענעראַל בערעספאָרד, וואָס האָט אים געדאַרפט דינען אַלס דאָקומענט פאַר זיין רעגירונג, אָבער דורך דער דאָזיקער נאָטע האָט ליניערס געהאַט שפּעטער גרויסע אומאַננעמלעכקייטן. בערעספאָרד האָט די נאָטע פאַרעפנטלעכט, און דאָס האָט געגעבן אַ מאָטיוו די אָנהענגער פון סאָברעמאָנטע, ריכטיקער די שפּאַניער, צו באַשולדיקן ליניערסן אַז ער האָט זיך געשטעלט צו דינסט די ענגלענדער. ליניערס האָט די באַהויפּטונג אָפּגעלייקנט, האָט דערקלערן דעם אמתן זין פון די ווערטער און געשיקט בערעספאָרד מיט זיינע סאָלדאַטן און אָפיצירן קיין לוכאַן, נעמענדיק פריער באַם ענגלישן מיליטער שעף דאָס ערנוואָרט אַז ער וועט נישט קעמפן מער קעגן בוענאָס איירעס.

אוים מורא פאַר אַ נייעם אָנגריף האָט ליניערס צוגעגרייט אַ גרויסע אַרמיי אין בוענאָס איירעס, צוזאַמענגעשטעלט אַף פאָלגענדן אופן: אַ רע־

גימענט פּאַטריציער (ווייסע געבוירענע אין הויפּטשטאָט); אַ רעגימענט אַרריבעניאָס (ווייסע געבוירענע אין די אינערלעכע פּראָווינצן); אַ רעגי־מענט בריינע (מולאַטן און נעגערס); צוויי קאָרפּוסן אַרטילעריע, זעקס סקוואַדראָנען קאַוואַלעריע און פינף לעגיאָנען שפּאַניער געבוירענע אין שפּאַניע (גאַליעגאָס, קאַטאַלאַנער, קאַנטאַבער, אַנדאַלוסן און אַנדערע). אַלס שעף פונעם פּאַטריציער רעגימענט איז באַשטימט געוואָרן קאָרנע־ליאָ סאַאַוועדראַ.

אין מאָנטעווידעאָ ווידער, ווי געזאָגט, האָט זיך געפונען דער האַלב באַזייטיקטער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע, וואָס האָט באַדאַרפט אָנגיין מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער באַוואָפנטער מאַכט דאָרט.

נאָך דער מפּלה פון די ענגלענדער בײַ דער ערשטער אינוואַזיע האָט דער קאָמאַנדאַנט פון ענגלישן פלאָט אינעם אַטלאַנטיק האָם פּאָפּאַם צו־



טיפּן פון די סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן די ענגלישע אינוואַזיעס און שפּעטער געשטיצט די רעוואָלוציע. פון רעכטס צו לינקס: קאָ־רענטינער, יעגער, פּועירעדאָנס הוזאַרן, אַריבעניער און פּאַטריציער.

געגרייט אַ נייע אַטאַקע אויף לאַ פּלאַטאַ געביט, דאָס מאָל שוין אַ פיל מעכטיקערע.

צוערשט האָט אַן אַרמיי פון 1.400 מאַן אָנגעפירט פון גענעראַל באַירד פאַרנומען דעם האַפן פון מאַלדאָנאַדאָ און אָפּגעשלאָגן דעם פּרוּוו פון אַ קאָנטראַטאַקע מצד דעם מיליטער וואָס איז געקומען פון מאָנטעווידעאָ (דעם 14טן נאָוועמבער). דערנאָך איז אונטערגעקומען די סקוואַדרע פון מורראַי און די אַרמיי פון קראַופאָרד און זיך אָנגעשלאָסן צו יענעם מי־ליטער. די דאָזיקע אַרמיי, צוזאַמען מיט די פריערדיקע האָט שוין אויס־געמאַכט אַרום 8.000 מאַן. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען אַ דיוויזיע אונטער

דער אָנפירונג פון גענעראַל דזשאָן וווהייטלאָק, וועלכער האָט איבערגע־נומען די הויפּטקאָמאַנדע איבער אַלע מיליטערישע כוחות פון אַלע דריי וואָפן, האָבנדיק אַלס צווייטן שעף דעם גענעראַל לעוויסאָן גאָווער. אינ־גאַנצן זיינען עס געווען אַרום 12.000 ענגלישע סאָלדאַטן און אָפיצירן און 25 שיפן.

פּאָפּאַם האָט פאַראָרדנט דאָס ערשטע איינצונעמען מאָנטעווידעאָ און דערנאָך אונטערנעמען דעם אָנגריף אויף בוענאָס איירעס. אַן אַרמיי פון זעקס טויזנט מאַן, אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע און אַרטילעריע, אָנגעפירט פון גענעראַל אויטשמוטי, האָט זיך געלאָזט אין מאַרש און אויך מיט שיפן אויפן וועג צו מאָנטעווידעאָ, אָבער דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווי־דערשטאַנד. דער מאָנטעווידעער גאַרניזאָן אונטער דער אָנפירונג פונעם גובערנאַטאָר רואיז הוידאבראַ האָט העלדיש געקעמפט קעגן די אינוואַ־דירער. דאַקעגן דער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע איז באַלד נאָכן ערשטן שאָס אַנטלאָפן, פּונקט ווי ער האָט עס געטון מיט אַכט חדשים צוריק אין בוענאָס איירעס.

די ענגלענדער האָבן באַלאַגערט מאָנטעווידעאָ 17 טעג און זיך צו־געגרייט צו אַ שטורעם אָנגריף. אויפן אַכצטן טאָג איז דער אָנגריף געמאַכט געוואָרן און מאָנטעווידעאָ איז (דעם 3טן פעברואַר 1807) געפאַלן.

די ידיעה פונעם פאַלן פון מאָנטעווידעאָ האָט ליניערס באַקומען ווען ער האָט זיך געפונען אין קאָלאָניאַ מיט 1.500 מאַן, האָבנדיק געקומען צו הילף מאָנטעווידעאָ. געוואָר ווערנדיק די טרויעריקע נייעס האָט ער פאַר־שטאַנען אַז איצט איז נויטיק זיך שנעל אומצוקערן קיין בוענאָס איירעס און דאָרט צוגרייטן די פאַרטיידיקונג.

אין בוענאָס איירעס האָט די ידיעה וועגן פאַלן פון מאָנטעווידעאָ גע־מאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק און עס האָט געהערשט אַ גוואַלדיקע אויפּ־רעגונג קעגן סאָברעמאָנטע. דאָס פאָלק האָט געשטורעמט דעם קאַבילדאָ און געפאָדערט אָנצונעמען תיכף אַ באַשלוס אַראָפּצוזעצן דעם וויצע־קע־ניג און אים אַרעסטירן. עס האָט דעמאָלט אויפגעהערט יעדע רייבונג צווישן די קריאָזשאָס און די שפּאַניער, און אַלע זיינע געווען איניק אין דער קעגנערשאַפט צום פּחדנישן וויצע־קעניג. דעם 10טן פעברואַר האָט דער קאַבילדאָ דעקרעטירט די באַזייטיקונג פון סאָברעמאָנטע, אָפּנעמען בא אים יעדע פּאָליטישע און מיליטערישע מאַכט, פאַרנעמען זיינע פּאַ־פּירן, אַנולירן זיינע טיטלען און אים שיקן אַלס אַרעסטירטן קיין שפּאַניע.

„דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס — זאָגט מיטרע — אַז אַ לעגאַלער פאָרשטייער פונעם קעניג זאָל אַראָפּגע־זעצט און אַרעסטירט ווערן. ס'איז אָבער געווען אין מאָמענט ווען די שפּאַנישע קאָלאָניאַלע מאַכט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן און די רעוואָלוציע איז געגאַנגען איר וועג".

ס'זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן צוויי קאָמפּאַניעס אינפאַנטעריע און איינע קאַוואַלעריע קיין אורוגוויי צו פאַרפאָלגן דעם אַנטלאָפענעם וויצע־קעניג. סאָבּרעמאָנטע איז געכאַפּט און אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט אים געבראַכט קיין בוענאָס איירעס און פון דאַנען אים אָפּגעשיקט שפּעטער קיין שפּאַניע.

די ענגלענדער זיינען נאָכן זיג איבער מאָנטעווידעאָ און קאָלאָניאַ גע־קומען מיט איבער הונדערט שיפן ברענגנדיק 12.000 מאַן צום אַרגענטי־נער ברעג. פון מאָנטעווידעאָ זיינען זיי אַרויסגעפאָרן דעם 26טן יוני 1807 און אין די טעג פונעם 28טן און 29טן איז אַרויסגעזעצט געוואָרן דאָס מיליטער אַפן זעלבן אָרט וואו בערעספאָרד האָט געהאַט אַרויסגעזעצט זיין מיליטער בשעת דער ערשטער אינוואַזיע, נעבן ענסענאַדאַ, אין געגנט פון קילמעס. דעם 30טן האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש אַף בוענאָס איירעס.

ווען די ידיעה וועגן דער לאַנדונג פונעם ענגלישן מיליטער איז גע־קומען קיין בוענאָס איירעס איז געשלאָגן געוואָרן באַלד אַליאַרם. פון דער פעסטונג זיינען אָפּגעפייערט געוואָרן דריי קאַנאָנען זאַלפּ און דער גלאָק פון קאַבּילדאָ האָט געקלונגען, רופנדיק דאָס פאָלק צו די וואָפן.

ליניערס מיט אַן אַרמיי פון 6.860 מאַן און 53 קאַנאָנען איז אַקעגנ־געגאַנגען די אינוואַזאָרן. ער איז צוגעקומען ביזן ריאַטשועלאָ, איז אַרי־בער דעם גאַלוועז בריק און געוואָלט אונטערנעמען אַ קאַמף. גענעראַל ווהייטלאָק אָבער האָט געוואָלט אויסמיידן די שלאַכט און דורך אַ סטראַ־טעגישן צוג געפּרוואווט פאַרפירן ליניערסן און אים שטעלן אין געפאַר אין פאַל פון אַ ריקצוג.

די ענגלענדער האָבן כלומרשט געפּרוואווט יאָ פאַרפירן אַ קאַמף און זיך באַלד צוריקגעצויגן, וועלנדיק אַריינגאַרן די אַרמיי פון ליניערס אַליין טיפער אין דער פּראָווינץ, בכדי נישט צו אַנטדעקן דעם סטראַטעגישן פּלאַן וואָס ווהייטלאָק האָט געהאַט אויסגעאַרבעט פאַר דער אַטאַקע אַף דער שטאָט.

אין דער צייט וואָס אַ טייל ענגליש מיליטער האָט כלומרשט באַלד אַטאַקירט און באַלד זיך צוריקגעצויגן, האָט די הויפּט־אַרמיי פון גענעראַל ווהייטלאָק מאַרשירט אין דער ריכטונג נאָרדוועסט פון בוענאָס איירעס, איז אַריבער דעם ריאַטשועלאָ דורך פּאַסאָ טשיקאָ, ווייטלעך פונעם גאַל־וועז בריק און איינגעאָרדנט דעם לאַגער אַפן פּלאַץ פון די קאָראַלן פון מי־סערערע (אָנסע), דאָרט וואו ליניערס און פועיררעדאָן האָבן געהאַט זיך געגרייט צום קאַמף קעגן די ענגלענדער בשעת דער ערשטער אינוואַזיע. פון דאָרט האָט ווהייטלאָק צוגעשיקט אַן אויפפאָדערונג דער שטאָט זיך אונטערצוגעבן, און באַקומענדיק אַ שאַרפן ענטפער פון מאַרטין דע אַל־סאַגאַ האָט ווהייטלאָק פאַראָרדנט דעם אָנגריף אַף דער שטאָט. ער האָט

צעטיילט די אַרמיי אין דרייען און געלאָזט איין טייל מיליטער אונטערנע־מען דעם שטורם־אָנגריף פון נאָרדן, אַ צווייטער טייל פון זידן, און אַ טייל פון 1.500 מאַן זאָל בלייבן אַלס רעזערוו אין מיסערערע, צו באַשיצן אַ מעגלעכן ריקצוג קיין קילמעס.

אין צייט פון דער דאָזיקער צוגרייטונג פון די ענגלענדער האָט לי־ניערס פאַרלאָזט זיין פּאָזיציע, איז מיט אַן אָפּטיילונג פון 1.500 מאַן צוריק אַריבער דעם ריאַטשועלאָ און זיך געלאָזט אין מאַרש צום מיסערערע פּלאַץ. ער האָט פאַרפירט דאָרט אַ קאַמף וואָס האָט געדויערט קוים אַ האַלבע שעה און זיך געענדיקט מיט אַ שטאַרקער נידערלאַגע פון דער פאַרטיידיקונגס אַרמיי און מיטן פאַרלוסט פון דרייצן קאַנאָנען און אַ סך טויטע, פּאַרוואונדעטע און געפאַנגענע. ליניערס איז געבליבן אַזוי נידערשלאָגן אַז ער האָט געהאַלטן די זאַך אַלס פאַרלוירן, און נישט געדענקט



קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ



מאַנועל בעלגראַנאָ

אַפילו מער צונויפזאַמלען די רעשטלעך, צו פּרואוון שטעלן אַ ווייטערדיקן ווידערשטאַנד די אינוואַזאָרן. ער האָט זיך אַפילו נישט געשטעלט אין קאָ־מוניקאַציע מיט דער שטאָט, נאָר זיך באַהאַלטן אין אַ הויז, וואו ער האָט, לויט זיין אייגענער דערקלערונג, איבערגעלעבט די „ביטערסטע נאַכט אין זיין לעבן".

וואָלט דער שעף פון דער ענגלישער אַרמיי אין יענעם מאָמענט אונ־טערגענומען דעם אָנגריף אויף דער שטאָט וואָלט ער אָנגעטראָפן אויף זייער אַ שוואַכן ווידערשטאַנד. די נידערלאַגע פון ליניערס (2טן יולי) האָט גע־מאַכט אַ שווערן איינדרוק אין שטאָט און דאָס אָנקומען פון אייניקע צע־

שלאָגענע פון מיסערערע האָט נאָך פאַרגרעסערט די אַלגעמיינע דעמאָראַ־ליזאַציע. באַלד אָבער האָט זיך אַלעס געענדערט.

דער דעמאָלטיקער אַלקאַלדע מאַרטין דע אַלסאַגאַ צוזאַמען מיטן קאַבילדאָ האָבן באַשלאָסן אָנצעווענדן די גרעסטע ענערגיע צום ווידער־שטאַנד. ס'איז אויך גראָד אין יענעם מאָמענט צוריקגעקומען דער קאָ־ראָנעל באַלביאַני מיט זיין דיוויזיע פון 2.000 מאַן פון באַראַקאַס און מיטגעהאָלפן צו דער דערמונטערונג פון די אָנפירער.

סאיז באַשלאָסן געוואָרן צו באַוואָפענען דאָס גאַנצע פאָלק און אריינ־ציען אויך די פרויען און קינדער אין קאַמף. אַף די דעכער פון די הייזער זיינען אַנידערגעשטעלט געוואָרן וואַכפּאָסטנס. ס'איז באַלד געמאַכט געוואָרן אייליק אַ טראַנשיי ליניע וואָס האָט אַרומגערינגלט מערערע קוואַדרעס אַרום דער פּלאַסאַ מאַזשאַר. אַף די גאַסן עקן וואָס האָט גע־פירט צו דער פּלאַסאַ זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן שווערע קאַנאָנען און




די אַטאַקע אַף דער קירכע סאַנטאָ דאָמינגאָ בשעת דער ערשטער אינוואַזיע אין מאָמענט פון דער „רעקאָנקיסטאַ" (צוריקדעראָבערונג) פון דער שטאָט מצד די אַרגענטינער.

די פרויען און קינדער האָבן באַדאַרפט העלפן באַפאַלן דעם שונא מיט קאָכעדיק וואַסער און שטיינער. דער ענטוזיאַזם באַם פאָלק איז געווען גרויס און יעדער איז געווען גרייט צום קאַמף. געפעלט האָט נאָר אַן אַרמיי שעף, דאָס איז געווען ליניערס, און ער איז אויך באַלד געקומען.

ליניערס איז געקומען פון טשאַקאַריטאַ מיט אַן אַרמיי פון טויזנט מאַן און דרייצן קאַנאָנען, פון דעם צעשלאָגענעם מיליטער אין מיסערערע. ער איז אַריינגעקומען קיין בוענאָס איירעס דורך רעטיראָ (דעם 3טן יולי) און אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם פונעם פאָלק. ער האָט באַלד געהאַט אַ באַראַטונג מיט אַלסאַגאַ און די מיליטער שעפן און זיך אויסגעדריקט צופרידן מיטן פאַרטיידיקונגס פּלאַן.

אַפן אַנדערן טאָג (דעם 4-טן יולי) האָבן די ענגלענדער אָנגעהויבן מאַרשירן אַף דער שטאָט. ס'זיינען פאַרגעקומען די ערשטע צוזאַמענשטויסן און ווהייטלאָק האָט אַריינגעשיקט נאָך אַמאָל אַן אויפפאָדערונג דער שטאָט זיך אונטערצוגעבן. ליניערס האָט דאַרויף געענטפערט אַז „אַזוי לאַנג די שטאָט וועט האָבן מוניציע, וועט זי זיך נישט אונטערגעבן".

אין דער נאַכט פונעם 4טן אַפן 5טן האָבן די ענגלענדער זיך צוגעגרייט און דעם 5טן יולי גאַנץ פרי האָבן זיי דערעפנט דעם קאַמף מיט אַ שרעקלעך קאַנאָנען פייער.

דער קאַמף האָט געדויערט צוויי טעג און געווען זייער אַ בלוטיקער און פיל טראַגישער ווי דער פון אויגוסט פון פאַרגאַנגענעם יאָר. די ענגלענדער האָבן אין ערשטן מאָמענט אָפּגעהאַלטן אַ געוויסן זיג צעקלאַפנדיק אַ טייל פון לינקן פליגל פון דער לאָקאַלער אַרמיי, אָבער באַלד האָבן אַלסאַגאַ און ליניערס אַרויסגעוויזן גרויסע סטראַטעגישע קענטניש און בלוטיק אָפּגעשלאָגן דעם פיינט. די ענגלענדער זיינען געווען איבעראַשט צו האָבן געטראָפן אַזאַ מעכטיקן ווידערשטאַנד. אָבער מען מוז צוגעבן אַז חוץ דעם מיליטער האָט אויך דאָס גאַנצע פאָלק מיטגעהאָלפן אין דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט. יונג און אַלט, מענער און פרויען האָבן אַטאַקירט די ענגלענדער שיסנדיק אַף זיי פון די דעכער, פון די פענצטער. מען האָט קעגן די אינוואַדירער געקעמפט מיט זודיק הייסן וואַסער, מיט קאָכעדיקן בוימל, מיט שטיינער און מיט אַלע אַנדערע מעגלעכקייטן.

דערזעענדיק פאַר זיך אַזאַ אומדערוואַרטעטע און אומרחמנותדיקע פאַרטיידיקונג מצד דער אַרמיי און פאָלק האָט אַ גאַנצע ענגלישע קאָלומנע זיך אונטערגעגעבן די פאַטריציער אין דער סקינע פון פערו און בעלגראַנאָ ווען זי איז שוין געווען נאָענט צום צענטער, און אַ צווייטע האָט זיך אונטערגעגעבן אינעם געגנט פון אַרטעס און פיעדאַד. אין זעלבן טאָג האָט דאָס ענגלישע מיליטער שוין געהאַט אַרויפגעצויגן די ענגלישע פאָן אַף די קירכעס פיעדאַד, סאַנטאַ קאַטאַלינאַ און סאַנטאָ דאָמינגאָ

אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר שעה. ביזן אָוונט זיינען זיי גע־וואָרן צעשמעטערט.

דער קאַמף אין די טעג פון 5טן און 6טן יולי 1807 ווערט געשילדערט נישט ווי אַ רעגולערע מלחמה, נאָר ווי אַן אויסשעכטונג. יעדעס הויז איז געווען אַ פעסטונג, יעדעס פענצטער אַ מויל פייער און לאַווע.

דעם 6טן יולי נאָכמיטיק האַלב פיר אַזייגער איז דער קאַמף געווען געענדיקט. די ענגלענדער האָבן געהאַט פאַרלוירן אין דאָזיקן קאַמף 18 שעפן, 162 אָפיצירן און 2.902 סאָלדאַטן צווישן טויטע, פאַרוואונדעטע און געפאַנגענע און די פאַרטיידיקער האָבן פאַרלוירן 302 טויטע און 514 פאַרוואונדעטע, צווישן זיי 73 אָפיצירן.

ליניערס האָט פאָרגעשלאָגן ווהייטלאָקן פרידן מיטן באַדינג אַז ער זאָל אָפציען מיט דער גאַנצער מאַנשאַפט און אויך עוואַקוּאירן מאָנטעווי־דעאָ, אָבער דער ענגלישער מיליטער שעף האָט נישט געוואָלט אָננעמען און פאָרגעשלאָגן בלויז וואַפנשטילשטאַנד אַף צונויפצונעמען די פאַר־וואונדעטע, האָפנדיק, ווי עס שיינט, צו באַקומען נאָך הילף. צולעצט אָבער האָט ער אָפגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט די מיליטער שעפן און אָנ־גענומען דעם פאָרשלאַג פון ליניערס. ער האָט דעם 7טן יולי אונטער־צייכנט דעם קאַפּיטולאַציע־אָפּמאַך וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע פונקטן:

1) די ענגלענדער ציען זיך צוריק פון בוענאָס איירעס און פון מאָנ־טעווידעאָ אין אַ צייט פון צוויי חדשים.

2) די געפאַנגענע ווערן אומגעקערט.

דער דעפיניטיווער זיג איז געמאָלדן געוואָרן דורך טרומייטן־שאַל, דורך גלעקער־קלאַנג און אַרטילעריע־זאַלפן און ער איז געפייערט געוואָרן נישט נאָר אין בוענאָס איירעס נאָר אין גאַנצן לאַנד און אין די אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַלערליי פעסטלעכ־קייטן, אָנדענקס אַקטן נאָך די געפאַלענע, ס'זיינען באַפרייט געוואָרן 70 שקלאַפן פאַר זייער באַטייליקונג אינעם פאַרטיידיקונגס קאַמף און ס'איז באַשטימט געוואָרן פענסיעס פאַר די אַלמנות.

אויך אין שפּאַניע האָט דער זיג אין בוענאָס איירעס אַרויסגערופן גרויס פרייד און ליניערס איז באַשטימט געוואָרן דורך אַן אַקט דעם 18טן מאַי 1808 אַלס וויצע־קעניג פונעם לאַ פּלאַטאַ געביט.

## עס שאַפט זיך אַן אַרגענטינער פאָלק

די ערשטע און צווייטע אינוואַזיע פון די ענגלענדער האָט אין אַר־גענטינע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, און אויב די ענגלענדער זיינען גע־בראָכן געוואָרן מיליטעריש, האָבן זיי אָבער דאָך דערגרייכט אין אַ

גרויסער מאָס דעם ציל, צו ברעכן די שפּאַנישע מאַכט אין די אַמעריקאַ־נער קאָלאָניעס. די ענגלענדער האָבן באַלד נאָכן פאַרנעמען מאָנטעווי־דעאָ געעפנט דעם פּאָרט פאַר אַ פרייעם האַנדל מיט דער וועלט. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן דאָרט אַ צייטונג „דהי סוטערן סטאַר” (דער שטערן פון זידן) אין ענגליש און שפּאַניש, אין וועלכן ס׳איז אויפגעקלערט גע־וואָרן דעם לאַ פּלאַטאַ פאָלק דער שאָדן פון וועלכן זיי ליידן דורכן באַ־שרענקטן האַנדל און דורך דער שטערונג אין דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט. אויך די ענגלענדער וואָס זיינען געבליבן אין אַרגענטינע און געקומען אין באַרירונג מיט די קריאָזשע פאַמיליעס האָבן אָנגעפירט אַ מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער שפּאַ־נישער הערשאַפט, אָנווייזנדיק אַז שפּאַניע האָט נישט קיין שום אינטע־רעס אין דער אַנטוויקלונג און פאָרגרעס פונעם לאַנד און איז אויך נישט אימשטאַנד עס צו פאַרטיידיקן אין פאַל פון אַן אָנגריף, ווי דאָס האָט באַוויזן דער פאַל בײַ די אינוואַזיעס.

די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט ביסלעכווייז געווירקט און געוועקט דעם באַוואוסטזיין פון די דעמאָלטיקע פאָלקס־מאַסן, זיך צו באַפרייען פון שפּאַניע און ווערן זעלבסטשטענדיק.

די באַפעלקערונג פון אַרגענטינע איז געווען אַ שטאַרק געמישטע, ווייט צעשפּרייט איבערן לאַנד. אין די גרויסע אומבאַפעלקערטע ערטער זיינען געווען פאַנאַנדערגעשפּרייט נאָך אַלערליי גרופּעס אינדיער וואָס האָבן גערעדט אין פאַרשידענע דיאַלעקטן, אַזוי איז אין סאַנטיאַגאָ דעל עסטערא גערעדט געוואָרן דער קיטשואַ דיאַלעקט, אין קאָריענטעס די גואַראַני־שפּראַך און אין אַנדערע טעריטאָריעס אַף אַנדערע דיאַלעקטן. צווישן די דאָזיקע אינדיער דאָ און דאָרט זיינען געווען גאַוטשן־קאָלאָ־ניעס, אַ מין פויער טיפּ וואָס האָט געלעבט פריי ווי דער פויגל, זיך אַרומ־יאָגנדיק איבער די געגנטן רייטנדיק אַפן פערד מיטן מעסער אין דער זייט און לאַסאָ (שטריק) אין האַנט, און געכאַפּט די בהמות און פערד וואָס האָבן זיך געפונען צעזייט איבערן לאַנד. אין די שטעט האָבן גע־וואוינט די שפּאַניער, דער דעמאָלטיקער אַדל, וואָס האָט געהערשט און באַלעבאַטעוועט איבערן לאַנד. צוזאַמען מיט זיי האָבן געוואוינט אין די שטעט די געבוירענע אין לאַנד, די קריאָזשעס. אין די שטעטלעך און דער־פער זיינען געווען הויפּט־איינוואוינער די מולאַטן (מישלינגע פון ווייסע און שוואַרצע) און אויך נעגערס, געבראַכטע שקלאַפן פון אַפריקע.

אין צייט פון דער אינוואַזיע פון די ענגלענדער איז דער דאָזיקער פעלקער־געמיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין פאָלק, אַ פאָלק מיט ענ־טוזיאַזם צום פאַרטיידיקונגס קאַמף. אַזוי למשל האָט אַ גאַוטש מיטן נאָמען מאַרקעז געראַטעוועט פּועירדעדאָנען אין 1806 ווען ער איז שיר געפאַלן אין ענגלישער האַנט בשעתן קאַמף אין פּערדריעל, און אין אַנער־

# שעפן וואָס האָבן געקעמפט קעגן די ענגלישע אינוואַזיעס


Manuel Belgrano


Feliciano Chiclana


Cornelio Saavedra


Tomás Guido


Hipólito Vieytes


Juan José Viamonte


Martín Rodríguez

פאָלגענדע מיליטער שעפן האָבן געקעמפט קעגן די אינוואַזיעס פון די ענגלענדער און דערנאָך פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד: מאַנועל בעלגראַנאָ, אָנפירער פון דער אורבאַנער מיליץ; קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ, שעף פון די פּאַטריציער; כואַן כאָסע וויאַמאָנטע, געהילף בײַ ליניערס; פעליפּע טשיקלאַנאַ, קאַפּיטאַן בײַ די פּאַטריציער; טאָמאַס גידאָ, אינעם באַטאַליאָן פון מיסיאָנעס; היפּאָליטאָ וויעיטעס, קאַפּיטאַן פון דער מיליץ; מאַרטין ראָדריגעז, שעף פון דער קאַוואַלעריע.

קענונג פאַר זיין טאַט ווערט אָנגערופן אויפן נאָמען פון יענעם גאַוטש אַ בריק (דער מאַרקעז בריק) איבערן טייך פון לאַס קאָנטשאַס.

די אינדיער, גאַוטשן, מולאַטן און קריאָזשאַס האָבן געאַרבעט יעדער אויף זיין אופן פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, אייניקע בּאַ ווּעבעריי, אַנדערע בּאַ פיצוכט, דריטע בּאַ לאַנדווירטשאַפט און האַנטווערק. דער מסחר און אינדוסטריע, פּלאַנטאַציעס און פישפאַנג האָט זיך אַנטוויקלט



אינדיאַנער טיפּן.

בּיסלעכווייז אין דער ספּעציעלער הילף פון שפּאַניע, און דעריבער איז די פּראָפּאַגאַנדע פון די ענגלענדער געפאַלן אויף זייער אַ גינסטיקן באָדן. עס האָט בלויז געפעלט דער ריכטיקער מאָמענט און דער ריכטיקער מאַן דורכצופירן די באַפרייאונג פונעם לאַנד, און ווי די געשיכטע באַווייזט איז דאָס געקומען גאָר גיך. די שפּאַניער גופא האָבן עס געבראַכט דערצו.

## דאָס איבערקערעניש אין שפּאַניע

דער פראַנצויזישער אימפּעראַטאָר אין יענער צייט, נאַפּאָלעאָן בּאָ־נאַפּאַרט, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך אַלס ציל איינצונעמען און באַהערשן די גאַנצע וועלט, האָט געזוכט אַ בונד מיט ענגלאַנד צו זיינע דעראָבערונ־גען, אָבער די ענגלענדער האָבן נישט געוואָלט איינגיין דאַרויף, נאָר פאַרקערט אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן אים. נאַפּאָלעאָן האָט דאַן זיך געווענדט מיט אַן ענלעכן פאָרשלאָג צו פּאָרטוגאַל און אויך דאָרט איז אים אָפּגעזאָגט געוואָרן. דערפאַר אָבער האָט ער געפועלט די פריינט־שאַפט פון שפּאַניע און באַקומען פון קעניג קאַרלאָס פערטן די דערלויבע־ניש דורכצומאַרשירן מיט אַ פראַנצויזישער אַרמיי קעגן פּאָרטוגאַל, און דערמיט אַריינגעצויגן שפּאַניע אין מלחמה קעגן פּאָרטוגאַל. דער פּאָר־טוגעזישער קעניג איז דעמאָלט אַנטלאָפן (נאָוועמבער 1807) קיין בראַזיל און נאַפּאָלעאָן האָט אָפּגעגעבן פאַר שפּאַניע אַ געוויסן טייל פון פּאָרטו־גאַל אַלס באַלוינונג.

דער אמתער ציל פון נאַפּאָלעאָנען איז אָבער געווען צו בלייבן הערשן אין שפּאַניע. ער האָט דעריבער געזען שאַפן אַ הויף־אינטריגע, אַ קאַמף

צווישן קעניג קאַרלאָס 4טן מיט זיין זון פערנאַנדאָ, אַף אַזוי ווייט אַז דער קרוינפּרינץ איז פּראָצעסירט און פאַרמשפּט געוואָרן. דעמאָלט האָט נאַ־פּאָלעאָן געלאָזט קומען דעם שפּאַנישן קעניג קאַרלאָס און זיין זון פערנאַנדאָ קיין באַיאָנאַ און געצוואונגען דורך גוואַלד פערנאַנדאָן צו אַב־דיקירן צו גונסטן דעם פאָטער און צולעצט געפאָדערט אַן אַבדיקאַציע פון קאַרלאָס צו גונסטן נאַפּאָלעאָנס ברודער זשאָזעף באָנאַפּאַרטע (1808). אַזוי אַרום איז דער פראַנצויזישער אימפּעראַטאָר געוואָרן אומדירעקטער הערשער איבער שפּאַניע.

ווען מען איז דערפון געוואויר געוואָרן אין שפּאַניע, האָט האָט זיך באַלד געבילדעט אַ העכסטער רעגירונגס ראַט וואָס האָט איבערגענומען די מלוכה אין צייט פון אָפּוועזנהייט פונעם קעניג, און איינער פון די ערשטע באַ־שלוסן פונעם ראַט איז געווען, צו זיכערן די קאָלאָניעס פון שפּאַניע אין אַמעריקע דורכן לאָזן אָפּגעבן דאָרט די טרייהייטס־שבועה פערנאַנדאָ זיבעטן (דעם זון פון קעניג קאַרלאָס).

אין פאַראַכטונג צו נאַפּאָלעאָן פאַר זיין מיאוסן שפּיל קעגן קעניג קאַרלאָס און פּרינץ פערנאַנדאָ האָט זיך אויפגעהויבן באַלד אַ באַוועגונג אין שפּאַניע, אַ קאַמף פאַר דער שפּאַנישער אומאָפּהענגיקייט, וואָס האָט געדויערט זעקס יאָר.

## פאַרשווערונג פון די שפּאַניער קעגן ליניערס

אין לאַ פּלאַטאַ געביט איז אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1808 גע־קומען די ידיעה וועגן דער אַבדיקאַציע פון קעניג קאַרלאָס 4טן צו גונסטן זיין זון, וואָס האָט געמיינט, אַז עס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן די שבועה דעם קעניג פערנאַנדאָ 7טן.

דער וויצע־קעניג ליניערס האָט באַשטימט דורכצופירן דעם אַקט פון אָפּגעבן די שבועה דעם נייעם קעניג אַפן 12טן אויגוסט און עס האָבן גע־זאָלט דורכגעפירט ווערן פעסטלעכקייטן דעמאָלט אַ פּאָר טעג. דערוויילע אָבער איז אָנגעקומען אַ צווייטע ידיעה וועגן די אַבדיקאַציעס אין באַיאָנאַ, דורך וועלכע ס׳איז באַשטימט געוואָרן זשאָזעף באָנאַפּאַרטע אַלס קעניג, און ליניערס האָט באַשטימט אָפּצולייגן דעם אַקט אַפן 31טן פון זעלבן חודש.

אין מאָנטעווידעאָ האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם גובערנאַטאָר־אַמט פראַנציסקאָ כאַוויער דע עליאָ, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַף דעם פּאָס־טן דורך ליניערס, און ווען עליאָ איז געוואויר געוואָרן, אַז ליניערס האָט אָפּגעלייגט די צערעמאָניע פון אָפּגעבן די שבועה פערנאַנדאָ 7טן, האָט ער נישט געוואָלט אויספאָלגן ליניערסן און באַשטימט דורכצופירן אין מאָנטעווידעאָ דעם שבועה־אַקט דעם 12טן. פון יענעם מאָמענט אָן האָט

זיך געשאַפן אַ געשפּאַנטקייט צווישן עליאָ און ליניערס, ריכטיקער צווישן מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס. מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז אין מאָנטעווידעאָ איז די באַפעלקערונג באַשטאַנען מער פון שפּאַניער ווי פון קריאָזשאָס און דעריבער איז די געשפּאַנטקייט קעגן בוענאָס איירעס געווען אַ שאַרפע.

די לאַגע האָט זיך דערנאָך מער פאַרערגערט דורכן אָנקומען פון צוויי פּלוצלינגע שליחים פון אייראָפּע: מאַרקיז דע סאַסענאַי און קאָראָנעל מאַנועל כאָסע גאָיענעטשע. דער ערשטער איז געווען אַ שליח פון נאַפּאָלעאָן, אַז ער זאָל אָנערקענט ווערן אַלס הערשער, און האָט מיטגעבראַכט דאָקומענטן פון די אַבדיקאַציעס פונעם קעניג קאַרלאָס און זיין זון פערנאַנדאָ צו גונסטן נאַפּאָלעאָן; דער אַנדערער ווידער, גאָיענעטשע, איז געווען אַ שליח פונעם רעגירונגס-ראַט פון שפּאַניע, באַקאַנט צו מאַכן דעם וויצע-קעניג און די אַנדערע באַהערדן פון לאַ פּלאַטאַ די פאָרגעקומענע געשעענישן אין שפּאַניע און באַזונדערס וואָרנען קעגן די מאַנעוורעס פון נאַפּאָלעאָן און זיין שליח. גאָיענעטשע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מאָנטעווידעאָ און מאַרקיז סאַסענאַי איז געקומען דירעקט קיין בוענאָס איירעס (דעם 13טן אויגוסט).

ליניערס, אַלס וויצע-קעניג, האָבנדיק אויסגעהערט נאַפּאָלעאָנס שליח, האָט ער פאַררופן תיכף אַפן 14טן אַ זיצונג פונעם קאַבילדאָ און פון דער אוידיענץ (געריכט) און ס'זיינען פאַר דער פאַרזאַמלונג פאָרגעלייענט געוואָרן די דאָקומענטן וואָס סאַסענאַי האָט געבראַכט.

די לאַגע איז באַטראַכט געוואָרן פאַר געפערלעך און די פאַרזאַמלונג האָט נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע באַשלאָסן: 1) נאַפּאָלעאָנס שליח דאַרף אָפּפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ און פון דאָרט באַלד קיין באַיאָנאַ, און 2) עס דאַרף דורכגעפירט ווערן פאַרן 31טן דער אַקט פון אָפּגעבן די שבועה דעם קעניג פערנאַנדאָ.

בכדי נישט צו ציען אויף זיך דעם חשד, אַז ער אַלס פראַנצויז איז פאַרן אונטערוואַרפן זיך נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט, האָט ליניערס פאַרעפנטלעכט דעם 15טן אַ פּראָקלאַמע אין וועלכער ער דערקלערט זיך טריי צו שפּאַניע, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. די שפּאַניער האָבן פון אים דעם חשד פון אומטרייהייט נישט אָראָפּגענומען.

דעם 21טן אויגוסט 1808 איז אין בוענאָס איירעס דורכגעפירט געוואָרן פון ליניערס דער אַקט פון אָפּגעבן די טרייהייטס שבועה און ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לכבוד דעם גרויסע פעסטלעכקייטן.

אויפן דריטן טאָג פון די פעסטלעכקייטן איז געקומען פון מאָנטעווידעאָ קיין בוענאָס איירעס דער שפּאַנישער שליח קאָראָנעל גאָיענעטשע. געקומען איז ער אַן אויפגעהעצטער פון עליאָ און געהאַט אַן ערנסטן שמועס

מיטן וויצע־קעניג, בשעת וועלכן ליניערס האָט געהאַט די געלעגנהייט אויפצוקלערן די פאַלשקייט פון דעם חשד קעגן אים דורך זיין פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג. ליניערס האָט אויך פאַרגעלייגט גאַיענעטשען צו באַשטימען אַלס נייעם גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ דעם קאַפּיטאַן כואַן אַנכעל מיטשעלענאַ, אַפּן אָרט פון עליאָ. גאַיענעטשע איז נאָכגעקומען דעם וואונטש פון ליניערס, אָבער עליאָ, געשטיצט פון דער אַנטי־קריאַזשאָ מערהייט אין מאָנטעווידעאָ האָט נישט געוואָלט אונטערוואַרפן זיך מעו׳ די באַפעלן פון בוענאָס איירעס און נישט געוואָלט איבערגעבן די מאַכט מיטשעלענאַן, אַזוי, אַז דער לעצטער האָט זיך געמוזט תיכף אומקערן קיין בוענאָס איירעס.

עליאָ האָט פאַרופן דאַן אין מאָנטעווידעאָ אַ פאָלקס־פאַרטרעטונג (קאַבילדאָ אַביערטאָ), וועלכער האָט געבילדעט אַ רעגירונגס ראַט מיט עליאָ



וויצע־קעניג כואַן כאָסע ווערטיז



מאַרטין אַלסאַגאַ

אַלס פרעזידענט, און ער האָט נישט בלויז זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען די אויטאָריטעט פון ליניערס אַלס וויצע־קעניג, נאָר אים אויך דענונצירט אין שפּאַניע אַלס פאַרעטער (21טן סעפּטעמבער 1808).

די באַציאונג צווישן מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס איז געוואָרן זייער אַ געשפּאַנטע און געבראַכט אויך צו אַ געהיימער באַוועגונג פון די שפּאַניער אין בוענאָס איירעס קעגן ליניערס. אָנפירער פון דער פאַרשווע־

רונג איז געווען דער בירגעמייסטער פון בוענאָס איירעס, דער אַלקאַלדע און פּרעזידענט פון קאַבילדאָ מאַרטין דע אַלסאַגאַ, דערזעלבער וואָס האָט צוזאַמען מיט ליניערסן אָנגעפירט די גלענצענדע פּאַרטיידיקונג פון בוענאָס איירעס קעגן די ענגלענדער בשעת דער צווייטער אינוואַזיע.

אין דער צייט אָבער וואָס די שפּאַניער מיט אַלסאַגאַ האָבן אָנגעפירט די פאַרשווערונג איז ליניערס געשיצט געוואָרן פונעם פּאַטריציער קאָרפּוס אָנגעפירט פון קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ.

דעם 1טן יאַנואַר 1809 האָבן, ווי יעדעס יאָר אין דעם דאַטום געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין בוענאָס איירעס די וואַלן פאַר דער באַנייאונג פונעם קאַבילדאָ (שטאָט־ראַט). אַפן זעלבן טאָג איז פון **אַלסאַגאַ** מיט די **אַנטי־קריאָזשאָס** באַשטימט געוואָרן דורכצופירן דעם שטאַטסקלאַפּ אין בוענאָס איירעס. אַ נעגער מיטן נאָמען ווענטוראַ, אַ שקלאַף, וואָס האָט געוואוינט אין אַן אָרעמער ראַנטשאָ, האָט געזאָלט אַריינגעצויגן ווערן אין דער פאַרשווערונג, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון. דאַקעגן האָט דער דאָזיקער נעגער געמאָלדן וועגן דער פאַרשווערונג דעם וויצע־קעניג, אַזוי אַז ליניערס און זיינע אָנהענגער האָבן אָנגענומען די נויטיקע מיטלען.

ס'איז געקומען דער באַשטימטער טאָג און דאָס פאָלק האָט זיך גע־גרייט צו די וואַלן, און מיטאַמאָל האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם שפּאַניער אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָר און אויפגעהויבן אַ געשריי „אַ רעגירונגס־ראַט ווי אין שפּאַניע" און „נידער מיטן פראַנצויז ליניערס".

דעם דאָזיקן געשריי האָבן אויפגעהויבן די שפּאַניער, געוועזענע סאָל־דאַטן, באַאַמטע, אַלע באַוואָפנט, אָננעמענדיק אַ דראָענדיקע שטעלונג.

דער דאָזיקער עולם האָט אויך אַריינגעשיקט אַ דעלעגאַציע אין דער פעסטונג, צו פאָדערן די דימיסיע פון ליניערס. דער וויצע־קעניג זעענדיק פאַר זיך די געפאַר האָט געענטפערט דער דעלעגאַציע, אַז ער וויל קודם האָבן אַ באַראַטונג. ער האָט אַריינגערופן צו זיך אין ביוראָ איניקע אדלי־קע, הויפּטזעכלעך שפּאַניער אַף וועלכע די פאַרשווערער האָבן זיך פאַר־לאָזט, צווישן זיי אַלסאַגאַ, דער בישאָף לוע און אַנדערע, מיטן ציל צו געווינען צייט, און ווען די באַראַטונג האָט באַשלאָסן, אַז ער דאַרף רע־נונסירן האָט ליניערס זיך געזעצט שרייבן די רענונסיע, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך באַוויזן דער פּאַטריציער קאָרפּוס אַף דער פּלאַסאַ און סאַאַוועדראַ און אַנדערע מיליטער לייט זיינען אַריינגעלאָפן אייליק אין פעסטונג און אַריין אין צימער וואו עס האָט זיך געפונען די גרופּע פאַר־שווערער.

באַלד האָט זיך געביטן דאָס בילד.

זיך ווענדענדיק צו ליניערסן האָט סאַאַוועדראַ געפרעגט:

— ווער האָט אייער עקסעלענץ געגעבן דאָס רעכט צו דימיטירן פון אַ מאַנדאַט וואָס איר האָט לעגאַל באַקומען?

דער בישאָף לועֶ האָט דאַרויף געענטפערט סאַאַוועדראַן, אַז די ליבע צום פאָלק האָט דעם וויצע־קעניג געבראַכט דערצו.

— זאָל דער וויצע־קעניג ליניערס גיין מיט אונדז: זאָל ער זיך שטעלן פאַרן פאָלק — האָט סאַאַוועדראַ געזאָגט — און אויב דאָס פאָלק וועט



Antonio Luis Berutt



Domingo French.



Martin Rodriguez.



Antonio Feliciano Chiclana.



Juan José Viamonte.



Nicolas Rodriguez Peña.

מיליטער שעפן וואָס האָבן אָנגעפירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. אויבן די קאָמאַנדאַנטן מאַרטין ראָדריגעז, דאָמינגאָ פרענטש, אַנטאָניאָ לואיס בערוטי; אונטן ניקאָלאַס ראָדריגעז פעניאַ, כואַן כאָסע וויאַמאָנטע און אַנטאָניאָ פעליסיאַנאָ טשיקלאַנאַ.

אים אָפּוואַרפן און זאָגן, אַז עס וויל נישט מער אַז ער זאָל בלייבן אין זיין אַמט, וועל איך און מיינע חברים אונטערשרייבן דעם אַקט פון זיין אַראָפּ־זעצן.

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט סאַאַוועדראַ און מאַרטין ראָדריגעז אַ נעם גע־מון ליניערסן אונטערן אָרעם און סאַאַוועדראַ האָט געזאָגט:

— זאָל אייער עקסעלענץ גיין מיט מיר צו הערן די שטימע פונעם פאָלק.

אָף דער פלאַסאַ מאַזשאָר האָט באַלד נאָכן אָנקומען פון די פּאַטרי־ציער זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער עולם, און ווען ליניערס איז אַרויסגע־

קומען פון דער פעסטונג איז ער באַגריסט געוואָרן מיט הוראַס, אַפּלאָדיזן און אויסרופן „וויוואַ סאַנטיאַגאָ ליניערס" און „מיר ווילן נישט, אַז אַן אַנדערער זאָל איבער אונדז רעגירן".

פעליסיאַנאָ טשיקלאַנאַ וועלכער איז געבליבן אין דער פעסטונג האָט אין דעם מאָמענט אַ כאַפּ געטון דאָס פּאַפּיר פון דער דימיסיע און עס צעריסן אויף שטיקלעך אין דער קעגנוואַרט פון די פאַרשווערער. די שפּאַניער האָבן זיך פאַרלוירן. זיי האָבן געזען, אַז זייער פּלאַן איז דורכגעפאַלן.

דער ניי־יאָר פון 1809 האָט זיך געענדיקט מיט אַן אַמניסטיע דעקרעט און מיט אַ צווייטן דעקרעט דורך וועלכן אַלסאַגאַ און די אַנדערע מיטגלידער פון רעבעלישן קאַבילדאָ ווערן פאַרמשפּט צו פאַרשיקונג קיין פּאַטאַגאָניע, וואָס איז באַלד אויסגעפירט געוואָרן. ס'זיינען אויך אַנטוואָפנט געוואָרן די שפּאַנישע קאָרפּוסן און די מיליטערישע מאַכט איז געבליבן אויסשליסלעך אין די הענט פון די געבוירטיקטע, די קריאָזשאָס.

## דער לעצטער וויצע־קעניג

אויב עליאָ מיט זיין רעגירונגס ראָט אין מאָנטעווידעאָ איז דורכגעפאַלן מיליטעריש קעגן ליניערס איז זיי אָבער געלונגען צו זיגן דיפּלאָמאַטיש אין שפּאַניע. ווען ס'איז אָנגעקומען קיין סעוויליאַ די קלאַגע פון פּאַראַט וועגן ליניערס, האָט דער רעגירונגס־ראָט באַשלאָסן אָראָפּצוזעצן ליניערסן און באַשטימט אויף זיין אָרט אַלס נייעם וויצע־קעניג באַלטאַסאַר הידאַלגאָ דע סיסנעראָס און אַלס גענעראַל־אינספּעקטאָר פון די וואָפן אינעם וויצע־קעניגטום כאַוויער דע עליאָ.

סיסנעראָס איז געשיקט געוואָרן מיט אַ פאַראָרדענונג צו מאַכן אַ סוף צו דער רעוואָלוציאָנער באַוועגונג אין לאַ פּלאַטאַ און צוריקשטעלן די אַלטע אָרדענונג.

געקומען קיין מאָנטעווידעאָ האָט סיסנעראָס אויסגעהערט פון עליאָ די באַשולדיקונג קעגן ליניערס און זיך באַלד גענומען צו דער אויספירונג פון זיין מיסיע. ער האָט אויפגעלייזט דעם רעגירונגס־ראָט אין מאָנטעווידעאָ, האָט באַשטימט דעם מאַרשאַל וויסענטע ניעטאָ אַלס גובערנאַטאָר און עליאָ אַלס גענעראַל־אינספּעקטאָר פון די באַוואָפנטע כוחות. דערנאָך האָט ער זיך גענומען גרייטן צום איבערנעמען די מלוכה אין בוענאָס איירעס.

אויס מורא נישט אָנצוטרעפן אויף אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד האָט סיסנעראָס אויס פאַרזיכט מיטגענומען מיליטער פון מאָנטעווידעאָ קיין קאָלאָניאַ, רעכענדיק פון דאָרט זיך אַריבערצושיפן קיין בוענאָס איירעס. שפּעטער האָט ער זיך איבערגעלייגט, אַז דאָס איז אויך אַביסל צופיל גע־

וואגט, האט ער פריער אריבערגעשיקט דעם גענעראל וויסענטע ניעטא קיין בוענאס איירעס, צו ארעסטירן פויערדעדאן און אויפפאדערן ליניערסן צו קומען קיין קאלאניא און דארט אונטערשרייבן דעם אקט, אז ער גיט איבער די מלוכה.

אין בוענאס איירעס האט די ידיעה פונעם קומען פון נייעם וויצע־קעניג ארויסגערופן גרויס צערודערונג. די קריאזשאס האבן נישט קיין חשק געהאט מער צו בלייבן אונטערווארפן שפאניע און האבן געראטן ליניערסן נישט איבערצוגעבן די מאכט. בעלגראנא האט געראטן ליניערסן אויפצוטרעטן אלס ריכטיקער באפרייער, זאל פראקלאמירן ארגענטינע אלס באזונדער און אומאפהענגיק קעניגרייך מיט דער פרינצעסן קארלאטא אלס הערשערן. די שפאניער ווידער האבן געווארנט ליניערסן, אז ער וועט שלעכט אפשניידן אויב ער וועט גיין קעגן שפאניע און נישט אפגעבן די מלוכה דעם נייעם וויצע־קעניג.

דער פארשלאג צו פראקלאמירן די פרינצעסן קארלאטא איז געקומען איבערן מאטיוו צו מאכן שלום צווישן די שפאניער און פאטריציער. דעמאלט וואלט אי געהערשט א שפאניערן און אי דאס לאנד וואלט געבליבן אומאפהענגיק.

די פרינצעסן קארלאטא איז געווען א טאכטער פון קעניג קארלאס 4טן און שוועסטער פונעם קעניג פערנאנדא 7טן, פון יענעם קעניג און פרינץ וואס נאפאלעאן האט בא זיי אויסגענארט די מלוכה דורך די אבדיקאציעס אין באיאנא. זי איז געווען פארהייראט מיטן רעגענט פון פארטוגאל און ווען די פראנצויזישע ארמיי איז אריין קיין פארטוגאל איז זי מיטן מאן אנטלאפן פון ליסאבאן קיין ריא דע זשאנעירא. דארט איז זי געוואויר געווארן פון דער אומאפהענגיקייטס באוועגונג אין ארגענטינע און האט אף דער עצה פון איינעם אן ארגענטינער וואס האט זיך געפונען אין ריא דע זשאנעירא, סאטורנינא ראדריגעז פעניא, געלאזט וויסן, אז נאך דעם ווי איר פאטער און איר ברודער זיינען באזייטיקט געווארן פונעם טראן, און האלטנדיק, אז די אמעריקאנער קאלאניעס געהערן נישט צו דער מלוכה נאר צום קעניג, בלייבט זי אלזא די ריכטיק בארעכטיקטע צו הערשן איבער דעם וויצע־קעניגטום פון ריא דע לא פלאטא. די אידייע איז ווארים אויפגענומען געווארן פון די ארגענטינער פאטריאטן בעלגראנא, וויעיטעס, קאסטעלי, פאסא, פועירעדאן און ניקאלאס ראדריגעז פעניא, און זיי האבן געראטן ליניערסן אויסצונוצן דעם מאמענט און אף אזא אופן אפרייסן ארגענטינע פון שפאניע.

ליניערס איז אבער געווען א מאן פון שוואכן כאראקטער און א שרעקעוודיקער און דאריבער באשלאסן אמבעסטן נאכצוקומען די עצה פון סאאוועדרא איבערצוגעבן סיסנעראסן די מלוכה. דאס איינציקע וואס איז

געפאָדערט געוואָרן בײַ דער לעצטער באַראַטונג פון ליניערס מיט די מיליטער שעפן איז געווען דאָס, אַז עליאָ זאָל ניט זײַן מיליטערישער אינס־פעקטאָר און ס׳זאָל ניט דורכגעפירט ווערן קיין רעאָרגאַניזאַציע פונעם מיליטער. ליניערס און זײַנע באַאַמטע זײַנען אַריבערגעפאָרן קיין קאָלאָניאַ און איבערגעגעבן די מלוכה דעם נײַעם וויצע־קעניג.

סיסנעראָס איז געקומען קיין בוענאָס אײַרעס אין דער נאַכט פונעם 30טן יולי 1809. פאַרשטייענדיק גוט די לאַגע האָט ער נישט אָנגענומען קיין שום שאַרפע מיטלען קעגן די פּאַטריציער און פאָלק, נאָר זיך גע־וויזן צו זײַן אַ מילדער הערשער. ער האָט אויסגעברייטערט דעם אַמנעס־טיע דעקרעט פון ליניערס און געלאָזט באַפרײַען אויך אַלסאַגאַ און אַנ־דערע פאַרשווערער, וואָס האָבן געמאַכט דעם אויפשטאַנד דעם 1טן יאַ־נואַר און ער האָט זיך אויך געצייגט נאָכגעביק אין אַ סך פאָדערונגען פונעם פאָלק.

נישט געקוקט אָבער דערויף וואָס מען האָט נישט געהאַט זיך וואָס שטאַרק צו קלאָגן אויף סיסנעראָס אַלס וויצע־קעניג, האָט דאָך געהערשט בײַ די פּאַטריאָטן אַן אומצופרידנקייט וואָס דאָס לאַנד געפינט זיך אונ־טער שפּאַנישער הערשאַפט.

## דער פאַריין פון זיבן

ס׳איז געווען דעמאָלט דאָס יאָרצענדליק פון עמאַנציפּאַציע־באַוועגונ־גען אין כמעט אַלע לאַטייניש־אַמעריקאַנער לענדער און עס האָט אויך נישט אויסגעמיטן אַרגענטינע.

שוין אַ צוויי צענדליק יאָר פאַר 1800 האָט אין לאָנדאָן געבילדעט דער ווענעסועלער פּאַטריאָט פראַנציסקאָ מיראַנדאַ אַ געהיימע לאָזשע מיטן צוועק צו באַפרײַען די אַמעריקאַנער פעלקער. שפּעטער האָט זיך אין קאַדיז געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון דער לאָזשע און אין 1808 האָט יענע לאָזשע אין קאַדיז שוין געציילט איבער פערציק מיטגלידער צווישן זיי סאַן מאַרטין, אַלוועאַר, סאַפּיאָלאַ אַ׳היגינס און אַנדערע שפּעטערדיקע באַפרײַער פון אַרגענטינע, טשילע, פּערו און אַנדערע לענדער פון לאַטיי־ניש אַמעריקע.

אויך אין בוענאָס אײַרעס האָט זיך געבילדעט אַזאַ געהיימער פאַריין וואָס האָט געציילט בלויז זיבן מיטגלידער און זיך טאַקע אַזוי גערופן: „פאַריין פון די זיבן” (סאָסיעדאַד דע לאָס סיעטע). די מיטגלידער זײַנען געווען מאַנועל בעלגראַנאָ, ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעניאַ, היפּאָליטאָ וויעיטעס, כואַן כאָסע פּאַסאָ, כואַן כאָסע קאַסטעלי, מאַנועל אַלבערטי און אַגוסטין דאָנאַדאָ. שפּעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג נאָך אַנדערע

פערזענלעכקייטן. די זיצונגען זיינען געווען געהיימע און פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן יעדעס מאָל אַף אַן אַנדערן פּלאַץ, בכדי נישט צו ציען אַף זיך דעם חשד. אַממייסטנס זיינען די באַראַטונגען פאָרגעקומען אין דער זייפן פאַבריק פון וויעיטעס אָדער אין גאָרטן פון אָרמאַ, אָדער אין הויז פון ראָדריגעז פּעניאַ. גאַנץ אָפט זיינען אָבער אַזעלכע באַראַטונגען פאָרגעקומען בא כלומרשטע יאַגד פּאַרטיען.

דער פאַריין פון זיבן האָט אויסגעאַרבעט פּלענער פאַר דער באַפרייאונג פון אַרגענטינע און אָפּגעוואַרט בלויז אַפן פּאַסיקן מאָמענט צו קאָנען באַזייטיקן סיסנעראָסן אַלס וויצע־קעניג אָן בלוט פאַרגיסונג.

## דער אויפשטאַנד אין טשוקיסאַקאַ

געמאַכט האָט זיך גראַד, אַז עס האָט אויסגעבראָכן אין טשוקיסאַקאַ אַ באַפרייאונגס אויפשטאַנד דעם 25טן מאַי 1809 און שפּעטער אַן ענלעכער אויפשטאַנד אין לאַ פּאַז (16טן יולי). אַף צו דערשטיקן די צוויי באַוועגונגען האָט דער וויצע־קעניג פון פּערו אַבאַסאַקאַל אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי קיין לאַ פּאַז אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל גאָיענעטשע און סיסנעראָס האָט געשיקט אַן אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פונעם מאָנטעווידער גובערנאַטאָר, מאַרשאַל ניעטאָ, קיין טשוקיסאַקאַ.

טשוקיסאַקאַ (היינט סוקרע) איז געווען דעמאָלט אַ באַרימטע אוניווערזיטעטס־שטאָט, מיט וועלכער בוענאָס איירעס איז געווען שטאַרק פאַרבונדן, ווייל כמעט אַלע אַדוואָקאַטן האָבן געענדיקט זייער שטודיום אין טשוקיסאַקאַ, און עס איז אין דער לעצטער איינגעוואָרצלט געווען דער ליבעראַלער גייסט. געהערשט האָט אין יענער צייט דער בריגאַדיר ראַמאָן דע פּיסאַראַ, וועלכער האָט באַלעבאַטעוועט מיט גרויס ברוטאַליטעט.

אָנגעפירט פון כואַן אַנטאָניאָ אַלוואַרעז דע אַרענאַלעס האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע באַוועגונג קעגן פּיסאַראָ און דעם 25טן מאַי 1809 האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד און פּיסאַראָ איז אַרעסטירט געוואָרן. באַלד דערנאָך איז צוגעקומען אַן אויפשטאַנד אין לאַ פּאַז דעם 16טן יולי. אַף צו דערשטיקן די צוויי אויפשטאַנדן האָט דער וויצע־קעניג פון פּערו אַבאַסאַקאַל אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי קיין לאַ פּאַז, און דער וויצע־קעניג סיסנעראָס האָט געשיקט אַ צווייטע אַרמיי. דעמאָלט האָבן די אויפשטענדלער פון טשוקיסאַקאַ דערוואַרט הילף פון די פּאַטריאָטן פון בוענאָס איירעס, אָבער זי איז נישט געקומען, און די אויפשטענדלער מיט אַרענאַלעס אין דער שפּיץ האָבן זיך געפונען צווישן דריי פייערן, די אַרמייען פון לימאַ, פּאָטאָסי און בוענאָס איירעס.

גאַיענעטשע איז אַריין קיין לאַ פּאַז נאָך אַ שווערן קאַמף און גענו־מען בלוטיקע נקמה אין די רעוואָלוציאָנערן. אַזוווי ער האָט אָבער אויך געמאַכט אַרעסטן, און כאָטשע ער איז געשיקט געוואָרן פונעם וויצע־קע־ניג פון פּערו, האָט ער זיך געווענדעט צו סיסנעראָס מיט דער פראַגע וואָס צו טאָן מיט די אַרעסטירטע, ווייל לאַ פּאַז האָט געהערט צו דער יורים־דיקציע פון לאַ פּלאַטאַ. סיסנעראָס האָט דאַרויף געענטפערט, אַז ער דער־לויבט נישט קיין באַגנאַדיקונג, און ער אויטאָריזירט גאַיענעטשען הינצו־ריכטן אַלע וועמענס הינריכטונג ס׳איז אָפּגעלייגט געוואָרן און די איבע־ריקע זאָלן געמשפּט ווערן מיליטעריש, וואָס מיינט אויך אַ טויט אורטייל און הינריכטונג.

גאַיענעטשע האָט געשאָסן און געהאַנגען ניט בלויז די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע אין לאַ פּאַז, נאָר אויך יענע אַף וועלכע עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אַז זיי זיינען געווען איינשטימיק מיט דער באַוועגונג.

צווישן די הינגעריכטעטע האָבן זיך געפונען איניקע שטודיום־חברים פון מאָרענאָ און חברים פון אַנדערע אַדוואָקאַטן און שכנים פון בוענאָס איירעס. דורך זיין פּאַראָרדענונג דורכצופירן די הינריכטונגען אין טשו־קיסאַקאַ האָט סיסנעראָס זיך אַרויסגעוויזן אַלס טיראַן, ברוטאַל פּונקט ווי אַלע אַנדערע שפּאַנישע הערשער אין אַמעריקע.

דורך דער דאָזיקער ברוטאַליטעט האָט סיסנעראָס אָנגעוואוירן יעדן פּונק פון סימפּאַטיע באַ דער בוענאָס איירעסער באַפעלקערונג און מען האָט פון אַלע זייטן זיך געגרייט אים צו באַזייטיקן און מאַכן אַ סוף צו דער שפּאַנישער הערשאַפט.

## דערלויבט אַ פרייעם האַנדל

סיסנעראָס האָט געוואוסט און געפילט, אַז עס וואַקסט אַ געפאַר קעגן אים און ער האָט אָנגעווענדעט אַלע מיגלעכע מיטלען זיך צו האַלטן מע־סיק אין די באַציאונגען מיטן בוענאָס איירעסער פאָלק.

אָנגעפירט פון מאַריאַנאָ מאָרענאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ שאַרפע באַוועגונג צו מאַכן אַ סוף קודם פון דער שווערער לאַסט וואָס עס ליגט אַף דער היימישער אינדוסטריע און מסחר דורכן פאַרבאָט אַף יעדן האַנדלס־טויש מיט אויסלאַנד. דעם 30טן סעפּטעמבער האָט מאָרענאָ געשריבן דעם באַרימטן דאָקומענט „רעפּרעזענטאַסיאָן דע לאָס האַסענדאַדאָס״ וועגן דער נויטיקייט פון פרייעם האַנדל, און מיט אַ האַלבן חודש שפּעטער, דעם 15טן אָקטאָבער האָט סיסנעראָס נאָכגעגעבן די פאָדערונג פון פרייעם האַנדל און עס איז געעפנט געוואָרן דער בוענאָס איירעסער פּאָרט פאַרן

מסחר מיט ענגלאַנד און נאָרד אַמעריקע. ער האָט אויך דערלויבט אַרויס־צוגעבן די צייטונג „קאָרעאָ דע קאָמערסיאָ", אונטער דער רעדאַקציע פון מאַנועל בעלגראַנאָ, און זי אַפילו געשטיצט.

סאיז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן ווי גרויס סאיז געווען די שטע־רונג פונעם אַרגענטינער האַנדל מיט אויסלאַנד. ס'איז אָבער נאָך כדאַי צוצוגעבן אייניקע דאַטן:

אַ סך פריער פאַר דער דעראָבערונג פון דעם לאַ פּלאַטאַ געביט, דעם 14טן פעברואַר 1503 איז אין דער שפּאַנישער שטאָט אַלקאַלאַ דע הענאַ־רעס געבילדעט געוואָרן אַן אינסטיטוציע מיטן נאָמען „לאַ קאַסאַ דע קאָנטראַטאַסיאָן" וועלכע האָט געדאַרפט קאָנטראָלירן דעם מאָנאָפּאָל. בא יענער אינסטיטוציע איז געווען אַ טריבונאַל (רעאַל אוידיענסיאַ), צוזאַ־מענגעשטעלט פון אַ פּרעזידענט, קאַסיר, פּראָקוראָר און ריכטערס, און יענער טריבונאַל האָט געהאַט אונטער זיין האַנט אַלע אָנגעלעגנהייטן פונעם האַנדלס מאָנאָפּאָל, פון דער וויכטיקסטער ביז דער נישטיקסטער פּראַגע. יענער טריבונאַל האָט אַרויסגעגעבן דערלויבענישן צום האַנדל בלויז שפּאַניער און זעלטן ווען אויך אַן אויסלענדער. דערדאָזיקער טרי־בונאַל האָט געהאַט אויך אונטער זיין קאָנטראָל די שיפן וואָס האָבן גע־פירט סחורות צו די קאָלאָניעס און דער טריבונאַל האָט איבערוואַכט די אָפּצאָל הכנסות.

אין די אַמעריקאַנער לענדער זיינען שפּעטער געשאַפן ענלעכע אינס־טיטוציעס אונטערן נאָמען „על קאָנסולאַדאָ", וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן קאָנטראָלירן דעם האַנדל, אַרבעט און אינדוסטריע. די צוויי ערשטע קאָנסולאַטן זיינען איינגעפירט געוואָרן אין לימאַ און מעקסיקע. אין בוע־נאָס איירעס איז אַזעלכער איינגעאָרדנט געוואָרן אין יוני 1794. מאַנועל בעלגראַנאָ איז געווען סעקרעטאַר פונעם קאָנסולאַט און ער האָט באַלד אָנגעהויבן קעמפן פאַר אַן ענדערונג אינעם האַנדלס קאָנטראָל און דער־לויבן אַ פרייעם האַנדלס-טויש. דער קאָנסולאַט פון בוענאָס איירעס האָט אין אַ געוויסער מאָס אויך געמאַכט אייניקע רעפאָרמען, צווישן זיי אויך די, אַז די פּראָדוקטן וואָס זיינען נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן זאָלן נישט צאָלן קיין אינערלעכן שטייער. ס'זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן אויסצובעסערן די וועגן צווישן סאַן לואיס און מענדאָזאַ, צווישן קאָרדאָבאַ און קאַטאַמאַרקאַ, בוענאָס איירעס און קאָרדאָבאַ, און טיילווייז איז די אַרבעט אויך דורכגעפירט געוואָרן. דאַקעגן דער באַשלוס אונטערצונעמען דעם בוי פון אַ פּאָרט, איז געבליבן אָפן פּאַפּיר.

דער שטורם פאַר אַ פרייעם האַנדל האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן, און סיסנעראָס, וועלנדיק איינהאַלטן די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג, האָט נאָכגעגעבן די פאָדערונג. דאָס אַליין איז אָבער געווען שוין צו ווייניק אינעם מאָמענט פון דעם גרויסן אויפברויז.

## געפערלעכע ידיעות פון שפאניע

עס האבן אויך צו יענער צייט אנגעהויבן קומען זייער געשפאנטע ידיעות וועגן שפאניע. די ארמייען פון נאפאלעאן האבן אינוואדירט אנדאלוסיא; מאדריד איז ארונטער אונטער פראנצויזישער מאכט; דער רעגירונגס ראט פון סעווילא איז אנטלאפן קיין קאדיז און פון דארט אף דעם אינדזל לעאן און דארט געבליבן אונטערן שוץ פון ענגלישע קריגס־שיפן. עס איז אזוי ארום געקומען דער פאסיקסטער מאמענט פארן אויפשטאנד.

סיסנעראס האט זיך באמיט צו באהאלטן די ידיעות פארן פאלק, אבער דאס איז אים ניט געלונגען.

דעם 23טן מערץ 1810 האט דער וויצע־קעניג (ווירעי) סיסנעראס זיך געווענדט מיט א צירקולאר צו די אינטענדענטן איבערגעבנדיק זיי די געפערלעכע ידיעה וואס עס האט געבראכט אן ענגלישע צייטונג, אז כעראנא איז געפאלן. די ליווערפולער צייטונג „דזשענעראל אדווערטייזער" מיטן דאטום פון 11טן יאנואר האט געבראכט אזא ידיעה פון שפאניע: „כעראנא האט נאך א פארטיידיקונג, וואס קאן פארגלייכט ווערן אין אומשטערבלעכקייט צו סאראגאסא, זיך געמוזט אונטערגעבן דורך קאפיטולאציע דעם 10טן פון לעצטן דעצעמבער". און איבערגעבנדיק די ידיעה האט סיסנעראס געפאדערט צו שטיין אף דער וואך.

אפן צווייטן טאג, דעם 24טן מערץ, האט סיסנעראס זיך געווענדעט מיט א פאראָרדענונג צום גענעראל־אינספעקטאר פון די וואפן אין מאנטעווידעא, פראנציסקא כאוויער דע עליא, אז ער זאל פארהאלטן יעדע שיף וואס קומט פון שפאניע און אויב זי ברענגט וועלכע שרעקלעכע ידיעות פון שפאניע זאל קיינער דערפון ניט געוואר ווערן פריער איידער די רעגירונג באקומט זיי. עליא האט אויך באלד געענטפערט אין א בריוו, דאטירט דעם 26טן פון זעלבן חודש אז די שיף וואס איז לעצטנס געקומען און געבליבן געאנקערט, האט ניט געבראכט אזעלכע ידיעות, צו וועלכע מען זאל דארפן אנגעמען אזעלכע מיטלען.

## סיסנעראס נעמט אן פארזיכטמיטלען

דעם 7טן אפריל האט סיסנעראס אויפגעפאדערט דעם נייעם מיליטערישן גובערנאטאר אין מאנטעווידעא, כאאקין סאריא, אז ער זאל דורכפירן א שטרענגע אינספעקציע אף די שיפן און פארהאלטן די קארעספאנדענץ וואס באציט זיך אף דער געפערלעכער לאגע אין דער מעטראפאליע, און דעם 25טן אפריל האט דער רעכידאר (ראטמאן) טאמאס מאנועל גע־



א קאָלאָניאַלע געביידע אין יאָר 1874 אַף קאָטשאַבאַמבאַ און דעפּענסאָ, וואָס האָט עקזיסטירט ביז 1930.

האַלטן אַ רעדע אין קאַבילדאָ (שטאָטראַט) פאָדערנדיק צוזאַמענאַרבעט אין פאַל די מעטראָפּאָליע שפּאַניע וועט אונטערגיין. ס׳איז געווען שוין פאַר יעדן קלאָר אַז נאָכן פאַלן פון כעראָנאַ און אַלמאַדען וועט באַלד פאַלן גאַנץ שפּאַניע. דער קאַבילדאָ האָט אָבער יענעם טאָג ניט אָנגענומען קיין שום באַשלוס וועגן וועלכע מיטלען, נאָר באַשטימט אָפּצוואַרטן אַף נייע ידיעות וואָס זיינען דערוואַרט געוואָרן מיטן אָנקום פון שיפן וואָס זיינען געווען אונטערוועגס.

דעם 27טן אַפּריל שיקט סיסנעראָס אַ נייעם געהיימען צירקולאַר צו די פּראָווינצן. עס איז געווען שוין אַ חודש צייט אַז עס זיינען ניט געקומען ידיעות פון שפּאַניע, און דאָס האָט געשראָקן דעם וויצע־קעניג. ער האָט דעריבער אויפגעפאָדערט די פּראָווינציעלע מלוכה מענער צו שטיין שאַרף אַף דער וואַך, אין פאַל בוענאָס איירעס וועט מאַכן אַן אויפשטאַנד פּרואוו. אין די פּראָווינצן זיינען געווען גרויסע מיליטערישע רעזערוון און זיי האָבן געדאַרפט אונטערקומען באַם ערשטן מאָמענט צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד פון די פּאַטריאָטן.

אַלע פאָרזיכטסמיטלען צו באַהאַלטן די שרעקלעכע נייעס וועגן שפּאַניע האָבן אָבער ניט געהאָלפן.

סיסנעראָס האָט באַמערקט די אויפגעפלאַמטע באַוועגונג אין שטאָט און אַרויסגעלאָזט אַ וואָרנונג און דראָונג קעגן די וואָס וועלן מעלדן אָדער אַגיטירן פאַר אַן ענדערונג אין דער רעגירונגס־פאָרם. זיינע דראָונגען זיינען אָבער פון קיינעם שוין נישט גענומען געוואָרן אין אַכט. מען האָט געוואוסט אַז ער האָט שוין הינטער זיך נישט קיינעם וואָס זאָל אים פאַרטיידיקן און ער האָט מער נישט קיינעם וואָס זאָל אים שיקן הילף.

די רעוואָלוציע איז געווען אין פולן שוואונג.

דער וויצע־קעניג האָט געהייסן אָפּוואַרטן נייע ידיעות אָבער די פּאַטריאָטן האָבן נישט געוואָלט וויסן מער פון אָפּוואַרטן. ס׳איז גענוג, אַז סעווילִיאַ איז געפאַלן, און קאַדיז איז געפאַלן. נישטאָ מער דאָרט אין שפּאַניע ווער עס זאָל האָבן דאָס וואָרט איבער אַרגענטינע.

בעלגראַנאָ און אַנדערע שעפן פון דער פּאַטריאָטישער באַוועגונג האָבן זיך געגרייט צום אויפשטאַנד. אין דער גאַס און אין יעדן הויז האָט מען געפילט דעם מאָמענט פון באַפרייונג, אַ מאָמענט וואָס מוז אויסגענוצט ווערן. בוענאָס איירעס האָט זיך געפונען אין פולסטן אויפברויז.

# דער געשפאַנטער מאָמענט פון דער מאַי־רעוואָלוציע

## שטורמישע פאַרזאַמלונגען

דעם 13טן מאַי 1810 איז געקומען די דערוואַרטעטע ידיעה. סאַריא, דער מיליטערישער גובערנאַטאָר אין מאָנטעווידעאָ, האָט געלאָזט וויסן סיסנעראָסן אַז עס איז געקומען די ענגלישע זעגלשיף „זשאַן פּאַריז" פון גיבראַלטאַר, מיט 53 טעג רייזע פון אייראָפּע, און ער האַלט זי אינקאָמו־ניקירט איבער די שרעקלעכע ידיעות וואָס זי ברענגט. די זעגלשיף איז געבליבן געאַנקערט און זי ווערט באַוואַכט פון אַכט מאַן.

סאַריאַ איז געווען באַ זיך זיכער אַז די ידיעות וואָס די שיף האָט געבראַכט וועלן דורך זיינע מיטלען בלייבן פאַרבאָרגן. אין אמתן אָבער האָבן די ענגלישע מאַטראָסן באַם אָנקומען באַלד צעפּויקט צווישן איי־ניקע די געשעענישן אין שפּאַניע, און האָבן עס אויך באַוויזן דורך די ענגלישע און שפּאַנישע צייטונגען, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט, און פון מאָנטעווידעאָ איז די ידיעה בליצשנעל אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו די פּאַטריאָטן אין בוענאָס איירעס.

די פּאַטריציער צוזאַמען מיט די ציווילע פּאַטריאָטן האָבן דעם דאָ־זיקן מאָמענט געהאַלט אויסנוצן אַף צו מאַכן אַ סוף צו דער שפּאַנישער הערשאַפט און צום וויצע־קעניג. די באַראַטונגען פון די זיבן מיט די מילי־טער שעפן זיינען געווען אָפטע און אין גאַנץ בוענאָס איירעס איז דאָס פאָלק אויפגעשטורמט געוואָרן דורך דער פּאַטריאָטיש־אויפגעפלאַמטער באַוועגונג.

דעם 18טן מאַי האָט סיסנעראָס געענפערט קיין מאָנטעווידעאָ סאַ־ריאָן, דערקלערנדיק אַז ער האָט באַקומען די מעלדונג פאַרשפּעטיקט דורכן שטורעם אַפן לאַ פּלאַטאַ טייך. ער שרייבט אַז דעם בריוו האָט ער באַ־קומען דעם 17טן, צווישן 11־12 אַזייגער, און ער האַלט אַז מען דאַרף די שיף באַפרייען, און מען טאָר די ידיעות מער ניט באַהאַלטן פאַרן פאָלק. אין זעלבן טאָג האָט סיסנעראָס געלאָזט וויסן דורך אַ מאַניפעסט דעם פאָלק די ידיעה וועגן דער געקומענער שיף מיט די נייעסן וואָס זי ברענגט. די פּאַטריאָטישע אָנפירער האָבן אָבער, ווי געזאָגט, דערפון שוין גע־וואוסט פריער, נאָך דעם 14טן.

ווען סיסנעראָס האָט ענדלעך אַרויסגעגעבן די ידיעה וועגן טראַגישן גורל פון דער שפּאַנישער מלוכה, האָט אין אָוונט פון זעלבן טאָג, דעם

18טן מאַי, זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם צוזאַמען מיט די פּאַטריאָטישע לידערס אין הויז פון מאַרטין ראָדריגעז און עס איז באַהאַנדלט געוואָרן דער מאַניפעסט פונעם וויצע־קעניג. דאָרט אינעם מאַניפעסט האָט סיס־נעראָס אָנגעגעבן די לאַגע אַלס געפערלעך, אָבער ניט אַזוי שווער ווי זי איז אין אמתן געווען, און ער האָט דערביי אָנגעמערקט, אַז ער, דער וויצע קעניג דערוואַרט אַז די שפּאַנישע אַמעריקע וועט אויפהאַלטן דעם טראָן פון די קאַטוילישע קעניגן אין פאַל עס זאָל צופעליק אונטערגיין שפּאַניע אַפן האַלב־אינדזל. ער פאַרשפּרעכט פון איצט מיטצואַרבעטן מיטן פאָלק, און פאַרזיכערט אַז נאָך דעם ווי ס׳וועט פאַרקומען אַ באַראַטונג פון די פּראָ־ווינצן איבער יעדן וויכטיקן ענין, וועט ער זיך אויך באַראַטן מיט די פאָלקס פאַרשטייער פון בוענאָס איירעס, און אַזוי אַרום צוזאַמען שאַפן אַ סוּאַווערענע פאַרטרעטונג פון פערנאַנדאָ 7טן.

אַז ס׳איז אין שפּאַניע איבערהויפּט ניטאָ מער קיין קעניג און ניט קיין רעגירונג האָט סיסנעראָס פאַרשוויגן.

די פאַרזאַמלונג פון די פּאַטריאָטן און פאָלק דעם 18טן מאַי האָט ניט געבראַכט קיין שום רעזאָלוציע. אין אָוונט פון 19טן מאַי איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, דאָס מאָל אין הויז פון ראָדריגעז פּעניאַ, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אונטערצונעמען באַלדיקע שריט. ס׳איז באַ־שטימט געוואָרן אַז בעלגראַנאָ און סאַאַוועדראַ זאָלן זיך זעען מיטן ביר־גערמייסטער כואַן כאָסע לעסיקאַ, און פאָדערן באַ אים אַז דער שטאָט־ראַט (קאַבילדאָ) זאָל זיך באַמיען באַם וויצע־קעניג צו פאַררופן אַ פאָלקס פאַרזאַמלונג, אָנצונעמען מיטלען צו דער געשאַפענער קריטישער לאַגע. קאַסטעלי ווידער האָט זיך באַדאַרפט זען וועגן זעלבן ענין מיטן סינדיקאָ לעיוואַ.

עס איז דערביי כדאי צו באַמערקן אַז דעמאָלט איז דער קאַביל־דאָ באַשטאַנען שוין פון פינף קריאָזשעס און פינף שפּאַניער. צווישן די קריאָזשאָ־מיטגלידער האָט זיך אויך געפונען דער דערמאָנטער אַלקאַל־דע כואַן כ. לעסיקאַ.

די פּאַטריאָטן זיינען געווען זיכער, אַז דאָס פאָלק און די אַרמיי איז מיט זיי. באַ די פריערדיקע באַראַטונגען מיט סאַאַוועדראַ האָט ער כסדר דערקלערט אין די שמועסן מיט טשיקלאַנאַ, קאַסטעלי, בעלגראַנאָ און אַנ־דערע, אַז ער וועט נאָר דעמאָלט שטיצן די רעוואָלוציע ווען סעווילִיאַ וועט פאַלן. איצט איז שוין באַוואוסט, אַז סעווילִיאַ איז געפאַלן און קאַדיז איז געפאַלן, און ס׳איז נישטאָ קיין שום לעגאַלע רעגירונג אין שפּאַניע.

סאַאַוועדראַ האָט געהאַלטן וואָרט און איז אין באַגלייטונג פון בעל־גראַנאָ געגאַנגען צום בירגערמייסטער און אים אויפגעפאָדערט „אָן צייט־פאַרלוסט באַלד צו פאַררופן אַן עפנטלעכע פאָלקס פאַרטרעטונג, אַף אַרוים־

צוזאָגן זיך צי דאַרף נאָך דער וויצע־קעניג בלייבן אין זיין אַמט, און ס'זאָל אויסגעקליבן ווערן אַ „העכסטער רעגירונגס ראַט" וואָס זאָל אָנפירן מיטן גורל פונעם לאַנד".

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער פעסטונג אינעם אָוונט פון 20טן מאַי. די מיטגלידער פונעם קאַבילדאָ און אויך לעסיקאַ זיינען געווען קודם קעגן דער פאָדערונג פון דער דעלעגאַציע, אָבער ווען זיי האָבן גע־הערט פון בעלגראַנאָ און סאַאַוועדראַ, אַז עס דראָט מיט געפאַר פון אויפ־שטאַנד האָבן זיי איינגעוויליקט צו מעלדן סיסנעראָסן די פאָדערונג.

לעסיקאַ האָט געהאַט דעמזעלבן אָוונט אַ קאָנפערענץ מיט סיסנעראָס און אים איבערגעגעבן וועגן באַזוך פון דער פאָלקס דעלעגאַציע בא אים, און ער האָט געראָטן דעם וויצע־קעניג נאָכצוקומען די פאָדערונג און פאַררופן אַ פאָלקס פאַרזאַמלונג. סיסנעראָס האָט דערנאָך געהאַט אַ שמועס מיטן סינדיקאָ פּראָקוראַר כוליאָ דע לעיוואַ און אויך דער לעצטער האָט געראָטן דעם וויצע־קעניג נאָכצוקומען די פאָדערונג. סיסנעראָס האָט תיכף פאַררופן אַ באַראַטונג פון די מיליטערישע קאָמאַנדאַנטן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער קאָמאַנדאַנט פונעם פּאַטריציער קאָרפּוס, קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ. אין יענעם מאָמענט איז סאַאַוועדראַ אויפגעטראָטן גאַנץ דרייסט און דערקלערט:

„אייער עקסעלענץ קאָן מער ניט רעכענען מיט מיר, ניט מיט מיינע חברים און ניט מיט דער אַרמיי פון די פּאַטריציער, אַף צו בלייבן אין דער מאַכט. די רעגירונג פון וועלכער איר האָט באַקומען די אויטאָריטעט עק־זיסטירט מער ניט. עס האַנדלט זיך איצט אין זיכערן דעם גורל פון די אַרגענטינער און פון אַמעריקע. דאָס פאָלק איז אַנטשלאָסן איבערצונעמען אייערע רעכטן און אַליין זיך רעגירן".

הערנדיק די דאַזיקע אַנטשלאָסענע דערקלערונג פונעם העכסטן מילי־טער שעף איז סיסנעראָס געבליבן בלייך און דערשלאָגן. ער האָט אָבער גישט געוואָלט נאָכגעבן די פאָדערונג צו פאַררופן אַ פאָלקס פאַרטרעטונג און איבערהויפּט נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער דער דעלעגאַציע.

בעלגראַנאָ און סאַאַוועדראַ זיינען באַלד אַרויס פון פעסטונג.

די פּאַטריאָטן האָבן מיט שפּאַנונג אָפּגעוואַרט אין הויז פון ראָדריגעז פּעניאַ דעם רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ מיט סיסנעראָסן. הערנדיק דערנאָך דעם ענטפער איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוטרעטן ענערגיש און ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז קאַסטעלי און מאַרטין ראָדריגעז זאָלן אין נאָמען פונעם פאָלק און מיליטער פאָדערן די באַלדיקע פּאַרופונג פון דער קאַבילדאָ אַביערטאָ. אין דער צייט וואָס די דעלעגאַטן האָבן באַ־דאַרפט זיין בא סיסנעראָסן אין פעסטונג האָבן די מיליטער שעפן זיך באַ־

דאַרפֿט געפינען אין די קאַזאַרמעס אַף צו האַנדלען לויט דעם אויסגע־אַרבעטן פּלאַן.

נאָך אין דער זעלבער נאַכט (פון 20טן מאַי) אַרום 10 אַזייגער האָט מיסנעראָס באַקומען דעם נייעס באַזוך פון די צוויי דעלעגאַטן. דער וויצע־קעניג איז געווען פאַרנומען מיט שפּילן אין קאָרטן מיטן יוסטיץ מיניסטער קאַספּע און אַנדערע צוויי פּערזאָנען, און ער האָט פּלוצים באַקומען די מעלדונג, אַז אַ דעלעגאַציע וויל אים זען. דער דאָקטאָר קאַסטעלי און דער קאָמענדאַנט ראָדריגעז האָבן אים דערקלערט, אַז זיי קומען אין נאָמען פונעם פאָלק און דער אַרמיי פאָדערן אַ פאַרזאַמלונג פון קאַבילדאָ. דער־



קאַסטעלי און מאַרטין ראָדריגעז פאָדערן באַ סיסנעראָס צו פאַררופן אַ קאַבילדאָ אַביערטאָ.

הערנדיק די פעסטע און אַנטשלאָסענע פאָדערונג האָט סיסנעראָס אַרויס־גערופן קאַספּע און געהאַט מיט אים אַ באַראַטונג. דערנאָך איז ער צוריק־געקומען און דערקלערט די דעלעגאַטן, אַז ער באַדויערט די שאַרפקייט וואָס עס האָט זיך געשאַפן, און צוגעגעבן אַז ער באַדויערט אויך דאָס שלעכטס וואָס וועט קומען איבערן פאָלק דורכן דאָזיקן שריט. צו־לעצט אָבער האָט ער צוגעגעבן: **„נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָס פאָלק וויל מיך נישט, און די אַרמיי פאַרלאָזט מיך, דאַן טוט וואָס איר ווילט".**

און נאָך אַ קורצן שטילשווייגן האָט ער געפרעגט: „וואָס דענקט איר צו טון מיט מיין פּערזאָן און מיין פאַמיליע?"

דאַרויף האָט קאַסטעלי געענטפערט: „סעניאָר; די פּערזאָן פון אייער עקסעלענץ און אייער פאַמיליע געפינען זיך צווישן אַמעריקאַנער, און דאָס קאָן אייך באַרואיקן".

אין הויז פון ראָדריגעז פעניאַ האָט זיך געראַשט יענע נאַכט. דאָ, אין

דער נעסט פון דער רעוואָלוציע, זיינען געווען פאַרזאַמלט די בעסטע כו־חות פון דער באַוועגונג. עס האָבן זיך געפונען דאָ בעלגראַנאָ, ניקאָלאַס ראָדריגעז פעניאַ, אַגוסטין דאָנאַדאָ, דר. פּאַסאָ, מאַנועל אַלבערטי, וויעי־טעס, טעררעאַדאַ, דאַראַגעירע, טשיקלאַנאָ, איריגאָזשען און אַנדערע לי־דערס און ס׳זיינען אויך געווען די ענערגישע אָנפירער פון דער יוגנט: פרענטש, בערוטי, גידאָ און וויאַמאָנטע. אַלע האָבן דיסקוטירט די לאַגע און געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף ענטפער פון סיסנעראָס. בעלגראַנאָ, אַ קאָמאַנדאַנט פון מיליטער, איז געווען דער הויפּט טאָנגעבער. ס׳זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן פאַרשידענע פּלענער, צוגרייטנדיק זיך צום אָפענעם קאַמף אויב ס׳וועט נויטיק זיין. און אָט באַווייזן זיך קאַסטעלי און דער קאָמאַנדאַנט מארטין ראָדריגעז. זיי האָבן דורכגעפירט זייער שליחות און ברענגען דעם ענטפער פון ווירעי „טוט׳ס וואָס איר ווילט...״

„הייסט עס, וועט זיין אַ קאַבילדאָ אַביערטאָ?״ פרעגט מען פון אַלע זייטן, און עס קומען ענטפערס: „ס׳וועט זיין; ס׳וועט זיין״.

דער עולם שטורמט. מען באַגריסט זיך קעגנזייטיק; מען פאַכעט מיט די היט. דער זיג איז געזיכערט!

ס׳ווערט באַשלאָסן אַז גאַנץ פרי זאָל באַלאַגערט ווערן דער קאַ־בילדאָ און ס׳זאָל געפאָדערט ווערן אַ פאָלקס פאַרזאַמלונג.

## ס׳ווערט פאַררופן אַ פאָלקס־פאַרטרעטונג

דעם 21טן מאַי אינדערפרי (מאַנטיק איז עס געווען) ווען דער קאַבילדאָ (שטאָטראַט) איז זיך צוזאַמענגעקומען צו דער זיצונג האָט זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער עולם אויף דער פּלאַסאַ און געשריגן „קאַבילדאָ אַביערטאָ! קאַ־בילדאָ אַביערטאָ!״ דער שטאָטראַט האָט געשיקט צוויי דעלעגאַטן צום וויצע־קעניג, אַז ער זאָל באַווייליקן צו פאַררופן אַן אָפענע פאַרזאַמלונג פון פאָלקס פאַרטרעטער, נאָכקומענדיק די פאָדערונג פונעם פאָלק, בכדי אויס־צומיידן אומרוען. סיסנעראָס האָט זיך קודם געקווענקלט אָבער צולעצט זיך אונטערגעגעבן און באַוויליקט צו פאַררופן אויפן אַנדערן טאָג דעם גע־פאָדערטן קאַבילדאָ אַביערטאָ.

דערביי אָבער, באַם אונטערשרייבן דעם דעקרעט וועגן פאַררופן די פאָלקס פאַרזאַמלונג, האָט סיסנעראָס נאָך געמאַכט אייניקע רעקאָמענ־דאַציעס דעם קאַבילדאָ, אַז ס׳זאָל גאַרנישט געטון ווערן און גאַרנישט באַשלאָסן ווערן וואָס זאָל זיין „נישט לטובת דעם זייער געליבטן קעניג פערנאַנדאָ 7טן״. ביזן לעצטן מאָמענט האָט ער געוואָלט אויפהאַלטן די טרייהייט צו יענעם מאַן אין וועמענס נאָמען אַמעריקע האָט געזאָלט בלייבן אונטערטעניק שפּאַניע און אין וועמענס נאָמען סיסנעראָס האָט גע־לאָזט דורכפירן ערשט נישט לאַנג די שחיטות אין טשוקיסאַקאַ און לאַ פּאַז.

נאָך דעם ווי דער דעקרעט איז אונטערגעצייכנט געוואָרן פונעם וויצע־קעניג און אַלקאַלדע, האָט דער קאַבילדאָ באַלד צעשיקט 450 איינ־לאַדונגען צו די אָנגעזעענסטע שכנים, צו קומען צו דער פאַרזאַמלונג פונעם קאַבילדאָ אַביערטאָ דעם 22טן מאַי. צו גלייכער צייט איז פאַראָרדנט גע־וואָרן די פּאַטריציער צו האַלטן אָרדנונג אין שטאָט.

די איינלאַדונג האָט געלויטעט:

„דער הויכווירדיקער קאַבילדאָ לאַדט אייך איין, איר זאָלט אַזוי גוט זיין בייזיין פּינקטלעך מאָרגן דעם 22טן דעם חודש 9 אַזייגער אָן שום עטיקעט, און אַלס שכן, צום קאַבילדאָ אַביערטאָ, וואָס זיין עקסעלענץ דער הער וויצע־קעניג האָט דערלויבט אָפּצוהאַלטן. די דאָזיקע איינלאַדונג דאַרף דינען אַף צו ווייזן דעם מיליטער וואָס באַוואַכט די גאַסן פונעם פּלאַץ, אַף צו דערלויבן אייך פריי דורכגיין".

אַף אויסצוהאַלטן מיט עסן די פאַרזאַמלטע אינעם פּאָלקס קאָנגרעס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער רעגירונגס קאַסע דרייצן מיט אַ פערטל פּעזאָס צו קויפן ווין, דרייצן פונט ביסקוויטן און עטלעכע פּעקלעך טשאָ־קאָלאַד. דעם 22טן האָט מען געמוזט מאַכן אַ נייע הוצאה, ווייל מ'האָט געדאַרפט דינגען פירן אַף צו ברענגען בענק פון איינִיקע קירכעס, צו געבן זיצפּלעצער די פאַרזאַמלטע. און אַזויווי די געקויפטע ביסקוויטן און טשאָ־קאָלאַד זיינען געווען צו ווייניק פאַר אַזאַ גרויסן עולם (250 דעלעגאַטן) האָט מען באַשטעלט אין שענק פון אַנדרעס בערדעאַל ער זאָל ברענגען אין קאַבילדאָ וואַרימע קנישעס און וואורשטלעך. דאָס האָט געקאָסט 73 פּעזאָס מיט 6 רעאַלן. אויסערדעם האָט מען געמאַכט אַ הוצאה פון אַ פּעזאָ אַף ליכט, צו באַלייכטן דעם זיצונגס זאַל און צוויי רעאַלן האָט מען אויס־געגעבן אַף שטריק אויפצוהענגען די לאָמפּן.

מען האָט אויך געקויפט זייגערלעך אַלס מתנה די סאָלדאַטן פון דער 3טער קאָמפּאַניע און ס'איז באַשטימט געוואָרן הונדערט פּעזאָס מזומן פאַר די סאָלדאַטן וואָס האָבן געהאַלטן אָרדנונג, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט נעמען נישט אַ זייגערל און נישט געלט.

אין זעלבן טאָג (דעם 21טן מאַי) האָט זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער עולם אַף דער פּלאַסאַ און געטומלט, פאָדערנדיק די באַלדיקע באַזייטיקונג פון סיסנעראָס. און נישט זייענדיק אומשטאַנד צו זיכערן די אָרדנונג דורך אייגענע מיטלען האָט דער שטאָטראַט געלאָזט רופן סאַאַוועדראַן און אים געבעטן אויפצוהאַלטן די אָרדנונג. ס'איז געקומען סאַאַוועדראַ און ער האָט באַרואיקט דעם עולם, פאַרזיכערנדיק אַז די פּאָלקס פאַרזאַמלונג מאָרגן וועט אָן שום צווייפל באַשטימען די באַזייטיקונג פון סיסנעראָס. פּאַקטיש איז דער וויצע־קעניג שוין דעמאָלט געבליבן אָן שום רעגירונגס מאַכט. ער האָט נישט געהאַט מער קיין וואָרט איבער דער אַרמיי אָדער דעם קאַבילדאָ.

# די היסטאָרישע פאַרזאַמלונג

דעם 22טן מאַי פרי איז זיך צוזאַמענגעקומען די היסטאָרישע פאַרזאַמלונג פון די פאָלקס-פאַרטרעטער, אָדער קאַבילדאָ אַביערטאָ, וועלכע איז געווען די אַנטשיידנדע פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון אַרגענטינע.

עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די אַנגעזעענסטע שפּאַניער און פּאַטריאָטן, אָבער אַ גרויסע צאָל שפּאַניער זיינען אָדער אויס מורא אָדער אויס גלייכגילטיקייט נישט געקומען. ס'זיינען געקומען סוחרים, באַאַמטע, גייסטלעכע און מיליטער לייט, אַלע מיט געשפּאַנטקייט און נערוועזיטעט. אויך דאָס גרויסע פאָלק פון בוענאָס איירעס איז געקומען און פאַרפּלייצט די פּלאַסאַ און אַרומיקע גאַסן, אין געשפּאַנטקייט אַף די באַשלוסן וואָס די פאָלקס פאַרטרעטונג וועט אָננעמען.

בוענאָס איירעס האָט געהאַט דעמאָלט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 45.000 איינוואוינער, פון זיי זיינען געווען „שכנים" אַרום 4.000. איינגעלאַדונגען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן 450, נאָר געקומען זיינען בלויז 251, פון זיי 60 מיליטאַרן פון דער אַרמיי און פלאָט, 93 ציווילע אָנגעשטעלטע, 25 גייסטלעכע, 26 פון פרייע פּראָפעסיעס און 94 סוחרים, האַנטווערקער און אינדוסטריאַלן.

דער פאָרזיצער פונעם קאַבילדאָ עפנט די פאַרזאַמלונג (באַצייכנט אין דער געשיכטע אַלס „קאָנגרעסאָ כענעראַל דעל 22 דע מאַזשאָ"). ער באַגריסט די פאָלקס פאַרטרעטונג אין נאָמען פון שטאָטראַט, און דערקלערט דעם מאָטיוו פון דער פאַרזאַמלונג. באַלד בעטן זיך צום וואָרט איניקע דעלעגאַטן און עס אַנטוויקלט זיך אַ דעבאַטע וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דער פּראָקוראָר פון דער קעניגלעכער אוידיענץ דר. ווילאָטאַ האָט געפּרוּווט באַנוצן אַ מיטל איינגאַנצן צו נישט מאַכן דעם קאָנגרעס. ער האָט באַמערקט, אַז דער „קאַבילדאָ אַביערטאָ" פון בוענאָס איירעס רעפּרעזענטירט נישט אַלע איינוואוינער פון וויצע קעניגטום (ווירעינאַטאָ), און אַף צו באַטראַכטן דעם קאַבילדאָ אַלס פאָלקס פאַרטרעטונג דאַרפן קומען אויך פאָרשטייער פון די פּראָווינצן.

אין אַ געוויסער מאָס, און יורידיש גענומען איז ער געווען גערעכט, און דאָס האָט אַף אַ מאָמענט צערודערט די פאַרזאַמלטע, באַלד אָבער איז אויפגעטרעטן דר. פּאַסאָ און צעקלאַפּט דעם דאָזיקן אַרגומענט. ער האָט דערקלערט פעסט און אַנטשלאָסן, אַז בוענאָס איירעס נעמט איבער דורך דער דרינגלעכקייט פון דער צייט די פאַרטרעטונג פון גאַנצן לאַנד, און דערנאָך וועט געמאָלדן ווערן און עס וועלן פאָרקומען באַראַטונגען מיט די פּראָווינצן באַ דער ערשטער געלעגנהייט. און אויב מען וויל, אַז

די פּראָווינצן זאָלן זיך אַרויסזאָגן וועגן דער רעגירונגס פאָרם דאַרפן זיי קודם־כל זיין פריי.

די מיינונגען זיינען געווען פאַרשידן און אין רעזומען זיינען אַרויס־געבראַכט געוואָרן פאָלגנדע דריי פאָרשלאָגן:

1) פון די שפּאַניער, געשטיצט פון די הויפּט מיטגלידער פון די טרי־בונאַלן, גייסטלעכע און רעגירונגס באַאַמטע, פאָדערנדיק אַז סיסנעראָס זאָל בלייבן הערשן.

2) פון דער מעסיקער פּאַרטיי, געשטיצט פון סאַאַוועדראַ, אַז דער וויצע־קעניג זאָל איבערגעבן די מאַכט דעם קאַבילדאָ (שטאָטראַט), ביז עס וועט אָרגאַניזירט ווערן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג אָפּהענגיק פון דער אויטאָריטעט וואָס וועט עקזיסטירן אין שפּאַניע.

3) פון די לינקע פּאַטריאָטן, אַז דער וויצע־קעניג זאָל באַזייטיקט ווערן און ס'זאָל געבילדעט ווערן אַ פאָלקס רעגירונג. בנוגע דעם צווייטן טייל פון פאָרשלאָג זיינען געווען צוויי מיינונגען צווישן דער זעלבער גרופּע: איין טייל האָט פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל געבן דאָס רעכט דעם קאַבילדאָ צוזאַמענצושטעלן אַ פאָלקס רעגירונג און דער אַנדערער טייל האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די רעגירונג זאָל אויסגעוויילט ווערן דורך דירעקטע וואַלן פונעם פאָלק.

צו באַגרינדן די דריי פאָרשלאָגן האָבן געהאַלטן לענגערע רעדעס דער בישאָף לוע, דר. קאַסטעלי, דער פּראָקוראָר דר. וויליאָטאַ, דר. פּאַסאָ און אַנדערע.

כאַראַקטעריסטיש איז די שטעלונג פון בישאָף לוע, ווען עס איז שווער געווען זיך צו שיידן פון שפּאַניע. ער האָט געזאָגט צווישן אַנדע־רעס, אַז „אַזוי לאַנג עס עקזיסטירט אין שפּאַניע נאָך אַ שטיקל ערד וואָס ווערט רעגירט פון די שפּאַניער, דאַרף יענץ שטיקל ערד אנערקענט ווערן אַלס רעגירערן איבער די אַמעריקאַנער לענדער; און אַזוי לאַנג עס לעבט נאָך איין שפּאַניער אין אַמעריקע, דאַרף דער ד'אָזיקער שפּאַניער הערשן איבער די אַמעריקאַנער. די קינדער פונעם לאַנד וועלן ערשט דעמאָלט זיין באַרעכטיקט איבערצונעמען די רעגירונג ווען עס וועט מער נישט עקזיסטירן קיין איין שפּאַניער דאָ".

די דאָזיקע טענות איז אַנטשידן אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דר. קאַס־טעלי און דר. פּאַסאָ, ווי אויך אַנדערע פּאַטריאָטן.

דר. קאַסטעלי האָט געענטפערט דעם בישאָף, אַז די געהאָרכזאַמקייט וואָס איז געשוואוירן געוואָרן דעם מאָנאַרך איז נישט קיין געהאָרכזאַמ־קייט צו שפּאַניע; אַז די יורשים פון די אַנטדעקער, דעראָבערער און קאָ־לאָניזאַטאָרס זיינען נישט די שפּאַניער נאָר די זין פון יענע, דאָס הייסט די קריאָזשאָס; און אין אַלגעמיינעם אַזויווי שפּאַניע האָט אויפגעהערט צו

עקזיסטירן אַלס מלוכה, נעמט איבער דאָס פאָלק די סואווערניטעט פונעם מאָנאַרך, און ס׳איז דאָס רעכט פונעם פאָלק צו בילדן אַ נייע רעגירונג, אין רעפּרעזענטאַנץ פונעם מאָנאַרך.

בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאָ און מאַריאַנאָ מאָרענאָ זיינען געשטאַנען איינער נעבן אַנדערן און נישט גענומען קיין אנטייל אין דער דיסקוסיע.

פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען מצד די פּאַטריאָטישע לידערס איז געווען צו פאַרשטיין און צו פילן, אַז זיי וואָלטן וועלן אַ פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט, אָבער דורך די אומשטענדן אין יענעם מאָמענט האָבן זיי עס נישט אַרויסגעזאָגט אָפן און קלאָר.

נאָך דער דיסקוסיע אַרום די דריי הערמאָנטע פאָרשלאָגן איז מען צו־געטראָטן צו דער אָפּשטימונג.

די אָפּשטימונג איז געווען אַן אָפענע. יעדער האָט אָנגעשריבן זיין שטימע און דער סעקרעטאָר (עסקריבאַנאָ) פונעם קאַבילדאָ האָט הערנאָך געמאָלדן די שטימע. עס ווערט איבערגעלייענט די שטימע פונעם בישאָף, דערנאָך קומט די שטימע פון שפּאַנישן גענעראַל פּאַסקואַל רואיז הוי־דאָברא. ער דריקט אויס אין זיין שטימע, אַז „עס דאַרף תיכף אָפּגעשטעלט ווערן דער וויצע־קעניג און דער קאַבילדאָ זאָל איבערנעמען די מלוכה אין פאַרטרעטערשאַפט פונעם פאָלק און ס׳זאָל ציטווייליק געבילדעט ווערן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג, אָפּהענגיק פונעם מאָנאַרך״. דידאָזיקע שטימע ווערט שטורמיש אַפּלאָדירט אַזוי אין זיצונגס זאַל ווי אָף דער פּלאַסאַ. באַלד קומט די שטימע פון סאַאַוועדראַ, און זיין שטימע איז זייער ענלעך צו דער פריערדיקער. ער שלאָגט פאָר: „עס הערט אויף די אויטאָריטעט פונעם וויצע־קעניג, און ס׳ווערט געגעבן דעם קאַבילדאָ די אויטאָריזאַציע צו באַשטימען אַ רעגירונגס ראַט, וואָס זאָל איבערנעמען די מלוכה, און עס בלייבט אויסער צווייפל אַז ס׳איז דאָס רעכט פונעם פאָלק צו באַשטי־מען די אויטאָריטעט אָדער מאַנדאַט״. קאַסטעלי שליסט זיך אָן אין דעם פּאָרשלאַג און זיין שטימע לויטעט: „די דערוויילונג פון אַ נייער רעגי־רונג ווערט געמאַכט דורכן פאָלק צוזאַמען מיטן אָפענעם קאַבילדאָ, אָן פאַרזוימונג״.

די אָפּשטימונג האָט געדויערט לאַנגע שעהן און זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דער מעסיקער פאָרשלאַג פון סאַאַוועדראַ האָט געצויגן די גרעסטע צאָל שטימען. די רעזאָלוציע האָט געלויטעט גאַנץ קלאָר, אַז עס ווערט דערקלערט אַלס באַזייטיקט פון זיין אַמט דער וויצע־קעניג און דער קאַ־בילדאָ ווערט אויטאָריזירט צוזאַמענצושטעלן אַ רעגירונגס ראַט.

אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע האָט זיך געזאָגט, אַז „זיין עקסע־לענץ דער וויצע־קעניג ווערט אָפּגעשטעלט פון זיין אַמט און די מאַכט גייט

איבער פראָוויזאָריש צום הויכווירדיקן קאַבילדאָ, מיט דעם אַנטשיידונגס וואָרט פון דעם ערווירדיקן סינדיקאָ פּראָקוראָר, ביז עס וועט געבילדעט ווערן דורכן הויכווירדיקן קאַבילדאָ אַ רעגירונגס ראַט וואָס ער וועט האַלטן פאַר ווינטשנסווערט, און וועלכער וועט דאַרפן איבערנעמען די מלוכה מאַכט, אין דער צייט וואָס עס וועלן פאַרופן ווערן די פּראָווינצן אָף פעסטצושטעלן די נייע רעגירונגס פאָרם".

ווען מען האָט געהאַלטן באַם ענדיקן דאָס ציילן די שטימען האָט דער זייגער פון דער פעסטונג געקלינגען 12. ס'איז געווען פּונקט האַלבע נאַכט.

## סיסנעראָס פּרואווט ראַטעווען די לאַגע

די שפּאַניער האָבן געזען דורך דער אָפּשטימונג אַז זיי זיינען באַזיגט. דאָך אָבער האָבן זיי אין דער זעלבער נאַכט געפּרואווט מאַכן אַ לעצטן שריט צו ראַטעווען זייער מאַכט.

דער אָראָפּגעזעצטער וויצע־קעניג מיט איינִיקע מיטגלידער פונעם שטאָטראַט האָבן אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט איינִיקע מעסיקע פּאַטריאָטן און אָפּגעמאַכט צו בילדן אַ רעגירונגס ראַט אין וועלכן **סיסנעראָס** **זאָל זיין פּרעזידענט** און עס זאָלן אַריין אין ראַט אויך קאַסטעלי און סאַאַוועדראַ. דער לעצטער האָט ניט געקאָנט פועלן באַ זיך צו פאַרלאָזן און באַזייטיקן אינגאַנצן סיסנעראָסן. דעם אַנדערן טאָג (23טן מאַי) איז אַזאַ רעגירונגס ראַט געבילדעט געוואָרן מיט דער צושטימונג פונעם קאַבילדאָ, און די נייע רעגירונגסמענער האָבן אָפּגעגעבן אין זעלבן טאָג די שבועה.

אָפן צווייטן טאָג, דעם 24טן מאַי, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ „באַנדאָ" אין וועלכן ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן דער צוזאַמענשטעל פון דער נייער רעגירונג.

דער דאָזיקער געקינסטלטער אַקט פון סיסנעראָס האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג צווישן די פּאַטריאָטן, ווייל נאָך דעם ווי דער קאַבילדאָ אַביערטאָ האָט דעם 22טן דערקלערט סיסנעראָסן אַלס באַזייטיקט, איז געווען קלאָר אַז ער טאָר נישט פאַרנעמען מער וועלכן אַמט אין דער רעגירונג. דאָס פאָלק איז געווען אויפגעבראַוזט און אויך די אַרמיי שעפן. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אומעטום באַראַטונגען און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן תיכף צו מאַכן אַ סוף צום שפּיל פון די שפּאַניער.

דאָס מיליטער איז געווען גרייט אין זעלבן טאָג אַרויסצומאַרשירן און פאַרנעמען די פעסטונג און אַרעסטירן סיסנעראָסן.

ווידעראַמאָל איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין דער ווילִיע פון ראָדריגעז פּעניאַ. ס'זיינען דאָס מאָל בייגעווען אויסער די הויפּטטוער

אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע פּאַטריאָטן צווישן זיי פעליסיאַנאָ טשיקלאַנאַ און די די אָנפירער פון דער יוגנט דאָמינגאָ פרענטש און אַנטאָניאָ בערוטי. די אַלע האָבן געשטורמט און געפאָדערט אַ באַלדיקן אַרויסטריט קעגן קאַבילדאָ און קעגן דעם אַראָפּגעזעצטן וויצע־קעניג. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהויבן פּויסטן קעגן דער פעסטונג, וואו ס׳איז געווען דאָס מלוכה הויז פונעם וויצע־קעניג.

באַזונדערס אויפגערעגט איז מען געווען אַף קאָראָנעל סאַאַוועדראַ און קאַסטעלי פאַר זייער איינוויליקונג מיטצואַרבעטן מיט סיסנעראָסן. טשיקלאַנאַ האָט זיך געמאָלדן, אַז ער וויל גיין איבעררעדן מיט סאַאַוועדראַן און זען ווי עס האַלט מיט זיין שטעלונג. סאַאַוועדראַ גופא האָט אויך שוין געהאַט חרטה אַף זיין שריט, און ער האָט דעריבער זייער גערן אויפגענומען טשיקלאַנאַן.

דער קאָמאַנדאַנט פון די פּאַטריציער האָט דערקלערט אַז ער האָט איינגעוויליקט אַריינצוטרעטן אין רעגירונגס ראַט, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ צו פלוצלינגער ענדערונג אינעם רעזשים, און ער האָט געוואָלט אויסמיידן אַ בלוט פאַרגיסונג. ווען ער האָט אָבער געהערט אַז די אָפיצירן און סאָלדאַטן פון זיין גאַרניזאָן שליסן זיך אָן צו דער פאָלקס באַוועגונג, איז ער גרייט באַלד צו דימיטירן און פאָדערן די דימיסיע פון סיסנעראָסן.

אַזוי איז עס אויך באַלד געשען.

זעענדיק די געפערלעכקייט פון דער לאַגע, זיינען נאָך אין זעלבן אָוונט סאַאַוועדראַ און קאַסטעלי אַוועק צו סיסנעראָסן און געפאָדערט זיין דימיסיע. סיסנעראָס האָט, פאַרשטייט זיך, בײַ אַזאַ צושטאַנד נישט געהאַט קיין ברירה, און צוזאַמען מיט אים האָבן רעזיגנירט אויך סאַאַוועדראַ, קאַסטעלי און די אַנדערע מיטגלידער פונעם רעגירונגס ראַט. דאָס איז געווען דעם 24טן מאַי באַנאַכט.

דאָס פאָלק און די אַרמיי זיינען געווען שטאַרק אויפגערודערט און געוואַרט מיט שפּאַנונג אַף דער לעצטער ידיעה פון דער פעסטונג.

וואַרטן אַליין איז אָבער נישט גענוג. מען האָט אָנגעהויבן עפּעס אויך טאָן. ס׳איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ שריפט צום קאַבילדאָ אין וועלכן ס׳איז קלאָר געפאָדערט געוואָרן די פולשטענדיקע באַזייטיקונג פון סיסנעראָס און די בילדונג פון אַ רעגירונגס ראַט אין וועלכן עס זאָלן נישט אַריין קיין שפּאַניער. די דאָזיקע שריפט איז בליצשנעל געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און אונטערגעשריבן פון הונדערטער בירגער איז זי איבערגעשיקט געוואָרן צום קאַבילדאָ.

ס׳איז געווען שוין שפּעט אין אָוונט. דער קלוב־זאַל (דער סאַלאָן פון ראָדריגעז פּעניאַ) האָט געשטורמט און יעדער איז געווען געשפּאַנט צו

הערן דעם ענטפער פון סאַאַוועדראַ און סיסנעראָס. אין דעם מאָמענט האָט מאַנועל בעלגראַנאָ, דער מאַיאָר פונעם פּאַטריציער רעגימענט, אָנגעטון אין זיין אוניפאָרם, זיך באַוויזן אין קלוב און הערנדיק די דיסקוסיע און זעענדיק דעם אויפברויז פון זיינע חברים פּאַטריאָטן האָט ער אַ לייג געטון זיין רעכטע האַנט אויף קרייץ באַם הענטל פון דער שווערד און אַ זאָג געטון: „איך שווער דעם פאָטערלאַנד און מיינע חברים, אַז אויב ער וועט נישט אַראָפּגעוואָרפן ווערן ביז מאָרגן דריי אַזייגער נאָכמיטיק וועל איך אים אַראָפּשליידרן מיט מיינע וואָפן". דיזאָזיקע ווערטער זיינען באַגלייט געוואָרן פון אַ שטורמישן אַפּלאָדיס.

אַ קורצן מאָמענט שפּעטער האָבן קאַסטעלי און סאַאַוועדראַ געלאָזט וויסן אַלע פאַרזאַמלונגען און אין די גאַרניזאָנען, אַז דער רעגירונגס ראַט מיט סיסנעראָסן אין דער שפּיץ האָבן דימיטירט און די געמיטער האָבן זיך אַביסל באַרואיקט.

ווען ס'איז געקומען די ידיעה וועגן דער דימיסיע פון סאַאַוועדראַ האָט אויסגעבראָכן אַ שטורם פון פרייד אין הויז פון ראָדריגעז פּעניאַ. בערוטי און דאָנאַדאָ ווי אויך דער באַלעבאָס פון הויז זיינען אַרוים אין די שכנישע געשעפטן און איינגעקויפט געבעקס און ליקער. מען האָט געגרייט טישן און דער עולם פּאַטריאָטן האָט געפייערט דעם נייעם זיג.

איצט האָט זיך עס געהאַנדלט אין אויסאַרבעטן אַ ליסטע פאַר אַן אייגענעם רעגירונגס-ראַט, וואָס זאָל פאָרגעשלאָגן ווערן מאָרגן דעם קאַבילדאָ. ס'זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן פאַרשידענע נעמען און ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייע דיסקוסיע. מיטאַמאָל האָט בערוטי זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „גיט מיר נאָך גיך אַ פּאַפּיר און טינט און פעדער!" ער האָט אָן לאַנגע צערעמאָניעס אויסגעשטעלט אַ ליסטע מיט סאַאַוועדראַן אַלס פּרעזידענט, בעלגראַנאָ אַלס וואָקאַל און פּאַסאָ און מאָרענאָ אַלס סעקרעטאַרן, און ווען ער האָט די ליסטע איבערגעלייענט האָבן אַלע דורך אַקלאַמאַציע צוגעשטימט. דיזאָזיקע ליסטע איז אויף אַנדערן טאָג אָנגענומען געוואָרן אויך איינשטימיק דורכן קאַבילדאָ און פאָלק.

דער נאָכמיטיק און דער אָוונט פון 24טן מאַי איז געווען אַ רעגנדיקער און נעפּלדיקער, און דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אויך דעם אינדערפרי פון אַנדערן טאָג.

## דער זיג פון דער פאָלקס-באַוועגונג

אין טאָג פון 25טן מאַי איז דער עולם פּאַטריאָטן, מענער און פרויען, יונג און אַלט געקומען העט גאַנץ פרי אויף דער פּלאַסאַ. דער פאַרטאָג איז געווען אַ קאַלטער און דורכן רעגן זיינען די מייסטע געקומען מיט שירעמס. אין דרויסן האָט נאָך נישט געבלויט און שוין איז די פּלאַסאַ מאַיאָר און

אַלע אַרומיקע גאַסן און סקינעס געווען פאַרנומען פון יוגנטלעכע פּאַ־טריאָטן אָנגעפירט פון בערוטי און פרענטש. זיי זיינען געשטאַנען אַף דער וואַך אַרום רעגירונגס־הויז אָפּוואַרטנדיק דעם נייעם טאָג, אין וועלכן עס דאַרף אַנטשיידן ווערן דער גורל פונעם יונגן אַרגענטינער פאָלק.

דער גלאָק פונעם קאַבילדאָ האָט געלאָזט וויסן דעם פאָלק, אַז די אַדעליקע פון שטאָט זיינען גערופן געוואָרן צום זיצונגס־זאַל. דער שטאָט־ראַט (קאַבילדאָ) איז זיך צוזעמאַנגעקומען פרי, אָבער נאָך פריער פון די ראַטמענער זיינען שוין געווען דאָ די בוענאָס איירעסער גרויסע פאָלקס מאַסן אַף דער פּלאַסע. דאָס פאָלק איז איצט געווען אַנטשלאָסן נישט מער צו דולדן סיסנעראָסן, נישט מער צו לאָזן זיך נאַרן און נישט מער מעגלעך מאַכן אויסריידן און תירוצים. דאָס פאָלק האָט געוואָלט דאָס לאַנד זאָל זיין אומאָפּהענגיק און די רעגירונג אַן אייגענע, נישט פון שפּאַניער.

פרענטש האָט אין אַ שכנישן געשעפט געקויפט פּעק בלוי־ווייסן באַנד און ער מיט דעם צווייטן לידער פון דער יוגנט, בערוטי, האָבן צוזאַמען מיט דער גרויסער אַרמיי יוגנטלעכע פּאַטריאָטן, באַוואָפנטע מיט שער־לעך, צעשניטן די פּעק בענדער און צעטיילט שטיקלעך צווישן די פאָלקס מאַסן אַף דער פּלאַסע, אויפצוטשעפּען עס אַפן לאַץ אָדער אַפן הוט אַלס אויסדרוק פון אָנשליסונג צו דער באַוועגונג, און באַלד האָט מען געזען אַלע היט באַפּוצט מיט בלוי־ווייסע מאַשלעך.

אין דער צייט וואָס דער שטאָטראַט האָט אַרומגערעדט די לאַגע און דיסקוטירט אַף וועלכן אופן צו לייזן די פראַגע, איז דער עולם געשטאַנען אונטערן רעגן אין דרויסן און געוואַרט מיט שפּאַנונג אַפן באַשלוס. מיט דער צייט האָבן אייניקע אָנגעהויבן ווערן אומגעדולדיק.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנג דינגעניש דאָרט אַרום דער צוגע־שטעלטער פאָדערונג פונעם פאָלק? צי וויל מען נישט דאָרט אָפּטון עפּעס אַ פרישׂ שפּיצל? — האָט יעדער געפרעגט.

פרענטש און בערוטי האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און געשריגן „דאָס פאָלק וויל וויסן אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָ?״ זיי האָבן געפאָדערט אַ קלאָרן ענטפער, צי האָט דער וויצע־קעניג שוין אַריינגעשיקט די די־מיסיע, און וואָס פאַרציען זיך אַזוי לאַנג די פאַרהאַנדלונגען.

די ראַטמענער, צעשראָקענע און אין מורא האָבן נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער באַלד. זיי האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעגעבן דעם דרך־ארץ און אונטערטעניקייט סיסנעראָסן. אַנשטאָט אַן ענטפער האָבן זיי געלאָזט רופן די מיליטער־שעפן און געהייסן, זיי זאָלן באַשטראָפן די חוצפּהדיקע יונגעלייט. סאַאַוועדראַ האָט אָבער געענטפערט אַז די פראַגעס פון בע־רוטי און פרענטש זיינען די פראַגעס פון פאָלק, און אויב סיסנעראָס וועט

ניט צושטעלן באַלד זיין דימיסיע אַלס וויצע־קעניג קאָן נישט געזיכערט ווערן זיין לעבן.

דער שטאַט ראַט האָט איצט געזען אַז ס׳איז נישטאָ קיין רעטונג מער. ס׳איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון צוויי ראַטמענער צו סיסנע־ראָסן מיט דער דריגנדלעכער פאָדערונג באַלד צו דימיטירן פון זיין אַמט, מיט דער וואָרענונג אַז דאָס לעבן זיינס קאָן זיין אין געפאַר אויב ער׳ וועט עס נישט טאָן.

ביז אָבער דאָס איז געשען האָט בערוטי פאָרגעלייענט פון אַ פּאַפּיר די צוגעגרייטע ליסטע מיט ניין נעמען רעקאָמענדירנדיק צו פּראָקלאַמירן די פּערזאָנען אַלס נייער רעגירונגס ראַט. אין דער ליסטע זיינען געווען פאַרצייכנט קאָרנעליאָ סאַאַווערדאַ, כואַן כאָסע קאַסטעלי, מאַנועל בעל־גראַנאָ, מיגעל אַזקועגאַגאַ, מאַנועל אַלבערטי, דאָמינגאָ מאַטעו, כואַן לאַ־רעאַ און אַלס סעקרעטאַרן כואַן כאָסע פּאַסאָ און מאַריאַנאָ מאָרענאָ.

דאָס פאָרלייענען די ליסטע איז אויפגענומען געוואָרן מיט שטורמי־שע אָוואַציעס און אַפּלאַוזן.

דער קאַבילדאָ, זיך זעענדיק פאַרלוירן, באַזייטיקט פונעם פאָלק און פון דער אַרמיי האָט גוטגעהייסן די ליסטע און הערנאָך אויסגעשטעלט אַן אַקט און דריי אַזייגער נאָכמיטיק איז פאָרגעלייענט געוואָרן פאַרן פאָלק אַף דער פּלאַסע דער צוזאַמענשטעל פונעם רעגירונגס ראַט (פּרימערא כונטאַ):

פּרעזידענט — קאָראָנעל קאָרנעליאָ סאַאַווערדראַ; וואָקאַלן: דר. מאַ־נועל בעלגראַנאָ, כואַן כאָסע קאַסטעלי, קאָמאַנדאַנט מיגעל דע אַזקועגאַ־גאָ; פּרעסביטעראָ (גייסטלעכער) מאַנועל אַלבערטי, דאָמינגאָ מאַטהעו (שפּאַניער) און כואַן לאַרעאַ; סעקרעטאַרן: דר. מאַריאַנאָ מאָרענאָ און דר. כואַן כאָסע פּאַסאָ.

אין זעלבן טאָג האָט דער רעגירונגס ראַט אָפּגעגעבן די שבועה פאַר די מיטגלידער פונעם שטאָטראַט.

דער אַקט פון אָפּגעבן די שבועה איז דורכגעפירט געוואָרן אַף אַ העכסט פייערלעכן אופן:

די ראַטמענער זיינען געזעסן אַף די בענקלעך הינטער דעם גרויסן טיש פונעם קאַבילדאָ. רעכטס און לינקס האָבן געבילדעט צוויי פליגלען די מיליטער שעפן, גייסטלעכע, קאָמאַנדאַנטן פון דער מיליץ, אָפיצירן פונעם הויפּט שטאַב און פּערזענלעכקייטן פון דער אומאָפּהענגיקייטס־באַוועגונג.

די מיטגלידער פונעם רעגירונגס ראַט זיינען אַריינגעקומען און דורכ־געגאַנגען אינמיטן פונעם סאַלאָן און אויפגענומען געוואָרן מיט אָוואַציעס.

עס האָט זיך דאַן אויפגעשטעלט דער אַלקאַלדע און צוזאַמען מיט אים אַלע אַנדערע מיטגלידער פונעם שטאָטראַט.



**די מיטגלידער פון ערשטן רעגירונגס ראַט**

זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): מאָרענאָ. אַזקוענאַגאַ, סאַאַוועדראַ, אַלבערטי; שטייענדיק (פון לינקס צו רעכטס): קאַסטעלי, מאַטהעו, לאַררעאַ, בעלגראַנאָ, פּאַסאָ.

דער סינדיקאָ פּראָקוראָר, דר׳ לעיוואַ, האָט געעפנט די עוואַנגעליומס, (באַם זייטל פון הייליקן לוקאַס, קאַפּיטל 2) און האָט זיי אַנידערגעלייגט פאַר סאַאַוועדראַן. דאַן האָבן אַף אַ צייכן פונעם אַלקאַלדע, סאַאַוועדראַ און די אַנדערע אַכט מיטגלידער פונעם רעגירונגס ראַט זיך געשטעלט אַף די קניעס פאַרן טיש אַף וועלכן עס איז געלעגן דער עוואַנגעליום און נעבן דעם אַ צײלעמל פון זילבער און העלפאַנטביין. סאַאַוועדראַ האָט גע־לייגט צוויי פינגער אַפן עוואַנגעליום; קאַסטעלי האָט געלייגט זיין האַנט אַפן רעכטן אַקסל פון סאַאַוועדראַ, בעלגראַנאָ אַפן לינקן אַקסל און די אַנדערע איינער אַפן אַנדערנס אַקסל לויט דער ריי ווי זיי האָבן זיך גע־פונען.

דער אַלקאַלדע האָט דאַן פאָרגעלייענט פאָלגנדע פראַגע:

„שווערט איר פאַר גאָט, אונדזער האַר, און די הייליקע עוואַנגעליומס, צו אָנערקענען דעם פּראָוויזאָרישן רעגירונגס ראַט פון די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אַפן נאָמען פון פערנאַנדאָ 7טן און צו היטן זיינע הייליקע רעכטן, אויספאָלגן זיינע פאַראָרדנונגען און דעקרעטן און נישט אַטענטירן דירעקט אָדער אומדירעקט קעגן זיין אויטאָריטעט און זיכערן זיין רעספּעקט?“

די מיטגלידער פונעם רעגירונגס ראַט האָבן דאַרויף געענטפערט „יאָ“.

ווי ס׳איז צו זען האָט דער שטאָטראַט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַ־פרייען פון דער געהאָרכזאַמקייט יענעם קעניג פערנאַנדאָ וואָס האָט נישט עקזיסטירט אַלס אַזעלכער, נישט אין שפאַניע און נישט ערגעץ אַנדערש. און כאָטשע דער רעגירונגס ראַט האָט אָנגענומען די דאָזיקע שבועה צו בלייבן טריי דעם קעניג פערנאַנדאָ 7טן און זיינע נאָכפאָלגער, האָט ניט דער רעגירונגס ראַט און ניט דאָס פאָלק געגומען מער אין אַכט יענעם אומבאַקאַנטן פערדינאַנד, נאָר אָנגעהויבן פירן אַ זעלבסטשטענדיקע פּאָ־ליטיק זיך אָפּגעבנדיק מיט דער ווייטערדיקער באַפרייאונגס־טעטיקייט און מיט דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד. אָבער דאָס נישט דערגרייכן דעם פולשטענדיקן זיג אין מאָמענט פון דער רעוואָלוציע האָט דערנאָך גע־קאָסט אַ סך בלוט, ביז ס׳איז געלונגען ענדלעך מיט זעקס יאָר שפּעטער צו פּראָקלאַמירן די פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

# דער רעגירונגס-ראַט באַ דער אַרבעט

## די ערשטע זאָרגן

דער זיג פון דער רעוואָלוציע פון 25טן מאַי איז באַגריסט געוואָרן פון גאַנצן פאָלק, חוץ די שפּאַנישע מלוכה מענער און באַאַמטע. געפייערט דעם זיג האָט דער פּאָליטיקער, דער סוחר, דער אַרבעטער, דער סטודענט און דער אַרגענטינער סאָלדאַט. דאָס פאָלק פון אַרגענטינע וואָס האָט באַוויזן צו זיכערן דאָס לאַנד קעגן די ענגלישע אינוואַזיעס, האָט געפייערט מיט גרויס פרייד די באַפרייאונג פונעם לאַנד פונעם וויצע-קעניג, און דערוואַרט אַ באַלדיקע פולשטענדיקע ענדערונג אינעם לעבן. ווי גרויס ס'איז געווען דער ווילן פונעם אַרגענטינער צו פרייהייט, האָט מען געזען באַלד דורך די נייע קאַמפן פאַר דער פולשטענדיקער זעלבסטשטענדיקייט פונעם לאַנד, און דערנאָך דורך דער באַטייליקונג אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די שכנישע פעלקער פון טשילע און פּערו, אָנגעפירט פונעם גרויסן מיליטער שעף סאַן מאַרטין.

דער ערשטער רעגירונגס ראַט האָט געשוואוירן טרייהייט דעם קעניג פערדינאַנד, אָבער די וואָס האָבן געאַרבעט אין דער באַוועגונג זיינען געווען פאַר אַ פולשטענדיקער באַפרייאונג פונעם לאַנד. דאָס איז צו זען פונעם באַריכט וואָס סיסנעראָס האָט צוגעשיקט דעם קעניג. זיך באַציענדיק אַף דער מאַי רעוואָלוציע האָט ער דערקלערט: „די אַרבעט איז געווען אַן אויסגערעכנטע און אַנטשלאָסענע. דער ציל איז אַן אַבסאָלוטע אומאָפּהענגיקייט פון די אַמעריקאַס".

דעם צווייטן טאָג נאָך דער פּראָקלאַמירונג פונעם רעגירונגס ראַט, דעם 26טן מאַי, האָט דער ראַט געמאַכט דעם ערשטן שריט אַף צו באַקומען די אָנערקענונג פון גאַנצן פאָלק. ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ פּראָקלאַמע, דאַטירט „קעניגלעכע פעסטונג פון בוענאָס איירעס, דעם 26טן מאַי 1810", און אונטערצייכנט פון סאַאַוועדראַ, קאַסטעלי, בעלגראַנאָ, אַזקוענאַגאַ, אַלבעטרי, מאַטעהו, לאַרעאַ, פּאַסאָ און מאָרענאָ. די פּראָקלאַמע האָט געהאַט די איבערשריפט „דער פּראָוויזאָרישער רעגירונגס ראַט פון דער הויפּטשטאָט פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, צו די איינוואוינער פון דערזעלבער און פון די פּראָווינצן", און אין דער פּראָקלאַמע

האָט זיך געפֿאָדערט פֿולער צוטרוי צו דער רעגירונג און מיטאַרבעטן מיט איר.

דער רעגירונגס ראַט האָט זיך איינגעאָרדנט אין דער פֿעסטונג אָדער „לאַ פֿאָרטאַלעסאַ”, ווי ס׳איז דעמאָלט גערופֿן געוואָרן דאָס רעגירונגס הויז און וועלכן עס האָבן אָנגעפֿירט זייער הערשאַפֿט די געוועזענע קאָלאָניאַלע הערשער, און אין נאָמען און אויטאָריטעט פֿונעם שפּאַנישן קעניג פֿערנאַנדאָ 7טן האָט דער ראַט אָנגעפֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט.

באַלד נאָך דער פּראָקלאַמע צום פֿאָלק האָט דער ראַט צעשיקט, דעם 27טן מאַי, אַ צירקולאַר צו אַלע קאַבילדאָס אין לאַנד, אין וועלכן ס׳איז געמאָלדן געוואָרן דאָס געשעעניש, און געפֿאָדערט צו אַנערקענען די פּראָוויזאָרישע רעגירונג און געבעטן צו שיקן פֿאָרשטייער קיין בוענאָס איירעס, אַף צו באַשטימען די נייע רעגירונגס פֿאָרם. פֿון די מערסטע שטעט פֿון וויצע־קעניגטום זיינען געקומען גינסטיקע ענטפֿערס. די ערשטע וואָס האָבן אַפּלאָדירט די רעוואָלוציע און געמאָלדן זייער אָנשליסונג זיינען געווען די קאַבילדאָס פֿון מאַלדאָנאַדאָ, קאָלאָניאַ, סאַנטאַ פֿע, סאַן לואיס, קאָריענטעס, סאַלטאַ, טאַריכאַ, טוקומאַן, מענדאָזאַ, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און סאַן כואַן. זיי האָבן תּיכּף, אין חודש יוני, צוגעשיקט זייער אָנשליסונג. דערנאָך זיינען אין לויף פֿון די ווייטערדיקע חדשים, ביז סוף 1810, געקומען אויך די אָנשליסונגען פֿון קאָרדאָבאַ, לאַ ריאָכאַ, כוכוי, קאָטשאַבאַמבאַ, לאַ פּאַז, אָרוראָ און אַנדערע.

גאָר אין גיכן האָט דער רעגירונגס ראַט באַוויזן אויפֿצוטון פֿאַרשיידענע נוצלעכע זאַכן באַ אַ האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט: די רעגירונגס אַמטן זיינען איינגעטיילט געוואָרן ווי פֿאָלגט: קאָסטעלי רעגירונגס מיניסטער (אינערן), לאַרעאַ פֿינאַנצן, בעלגראַנאָ קריג, מאָרענאָ און פּאַסאָ סעקרעטאַרן. אַף די לעצטע איז געלעגן פֿון ערשטן מאָמענט אָן די הויפּטאַרבעטן. באַזונדערס שטאַרק פֿאַרנומען איז געווען מאָרענאָ: דעקרעטן, פֿאַראָרדנונגען, באַריכטן, דרינגענדע זיצונגען און אַלערליי קאָנפֿערענצן, פּראָיעקטן און אַזוי ווייטער.

די ערשטע שווערע פּראָבלעם איז געווען די פֿראַגע פֿון באַוואָפֿנונג, און די פֿראַגע וואו מען נעמט געלט צו קויפֿן, באַשטעלן אָדער אַליין פֿאַבריצירן וואָפֿן. ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַפֿן אָרט אַ זאַמלונג צווישן די אייגענע. מאָרענאָ האָט ביישטייערט זעקס אונץ גאָלד. בעלגראַנאָ, מאַטעהו און לאַרעאַ האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿונעם לוין אַלס מלוכה מענער. אין אַלע שטעט האָבן די פּאַטריאָטן אונטערגענומען אַ זאַמל־אַקציע און מען האָט ביישטייערט ווער מיט געלט, ווער מיט בהמות און ווער מיט אַנדערע זאַכן, אַף צו קאָנען קויפֿן וואָפֿן, צוגרייטן אוניפֿאָרמעס און אויס־

האַלטן דאָס מיליטער. ס'איז אויך צווישן די סוחרים געמאַכט געוואָרן אַ הלוואה מיט דער גאַראַנטיע פון כואַן לאַרעאַ און אַנדערע נאָענט שטייענדיקע און פאַרמעגלעכע פּאַטריאָטן.

## עס שאַפן זיך אינצידענטן

מען האָט געפילט און אויך געוואוסט אַז די שפּאַנישע מאָנאַרכיסטן, אָדער ווי זיי זיינען גערופן געוואָרן רעאַליסטן, גרייטן זיך צו אַ קאָנטרע־ווואָלוציע, און ס'איז נויטיק געווען אָנצונעמען באַצייטנס מיטלען. דאָס האָט געשטערט אויסצופירן דאָס פּראָגראַם פון אַלערליי פּראָיעקטירטע אַרבעטן. דאָך האָט מען געטון דאָס מעגלעכע. ס'איז געגרינדעט געוואָרן די צייטונג „לאַ גאַסעטאַ דע בוענאָס איירעס", אַף באַקאַנט צו מאַכן דער באַפעלקערונג די רעגירונגס־אַרבעטן און איבערגעבן אַלגעמיינע ידיעות. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול פון מאַטעמאַטיק, וועלכע האָט געקאָנט אויך באַזוכט ווערן פון אָפיצירן און קאַדעטן אַלס שילער. ס'זיינען געעפנט געוואָרן מערערע עלעמענטאַרע שולן און ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, פון וועלכער מאַרענאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָטעקטאָר. דער רעגירונגס ראַט האָט געלאָזט צוגרייטן פאַר דער באַנוצונג דעם פּאָרט פון ענסענאַדאַ, אַף צו פאַרלייכטערן דעם פרייעם עקספּאָרט און אימפּאָרט, און ס'זיינען באַשטימט געוואָרן פּרעמיעס פאַר דער הייבונג פון דער אַגריקולטור, האַנדל און אינדוסטריע.

נישט געקוקט אָבער דאַרויף וואָס דער רעגירונגס ראַט האָט אַקטוּאירט נאָך אַלץ אין נאָמען פון פערדינאַנד 7טן האָבן די שפּאַניער נישט געקאָנט לייכט אַראָפּשלינגען די פאָרגעקומענע רעוואָלוציע פון מאַי, און געמאַכט אַלערליי שטערונגען און געפירט אינטריגעס קעגן רעגירונגס ראַט. די ערשטע אינצידענטן זיינען געקומען שוין באַלד אין די נעכסטע הדשים. דער רעגירונגס ראַט האָט אין חודש יוני צעשיקט אַ צירקולאַר, אין וועלכן ס'איז געמאַלדן געוואָרן אַז אַלע אָנפירער פון פאַרשידענע קערפּערשאַפטן, איינשליסלעך די ריכטערס, דאַרפן שווערן טרייהייט און געהאָרכזאַמקייט דעם רעגירונגס ראַט, און אַ געוויסער טייל פון זיי האָט עס נישט געוואָלט אויספאָלגן. אין זעלבן חודש איז געקומען קיין בוענאָס איירעס די ידיעה פון שפּאַניע, אַז ס'האָט זיך אין קאַדיז געבילדעט אַ רעגענטן ראַט אַפן אָרט פון העכסטן ראַט, וועלכער איז אויפגעלייזט געוואָרן, און די אוידיענץ (אַ יורידישע פאַרשטייערשאַפט פון שפּאַנישער הערשער צייט) האָט געהאַלטן אַז דער פּראָוויזאָרישער רעגירונגס ראַט איז פאַרפליכטעט אויסצופאָלגן דעם רעגענטן ראַט פון שפּאַניע. צו גלייכער צייט האָט זיך דערוואוסט דער רעגירונגס ראַט אַז דער עקס וויצע־

קעניג סיסנעראָס און די מיטגלידער פון דער אודיענץ גרייטן זיך צו אַנטלויפן קיין מאָנטעווידעאָ, אַף אָנצופירן דאָרט אַ ווידערשטאַנדס קאַמף. בכדי דאָס נישט צו דערלאָזן האָט די פּראָוויזאָרישע רעגירונג געלאָזט זיי אַרעסטירן און זיי (דעם 22טן יוני 1810) פאַרשיפט אַף אַן ענגלישער שיף, אַף צוריקצושיקן זיי קיין שפּאַניע.

אין אינערן פון לאַנד און באַזונדערס אין די ווייטע ערטער האָט זיך אויך אָנגעהויבן שאַפן אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערע באַוועגונג מצד די שפּאַניער און די היימישע קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן. אַזאַ באַוועגונג האָט זיך אַמשטאַרקסטן צעוואַקסן אין קאָרדאָבאַ, מאָטעווידעאָ, לאַ פּאַז, אַסונסיאָן, טשוקיסאַקאַ און אַנדערע ערטער. די שפּאַניער האָבן געהאָפט אַז ס'וועט זיי נאָך מעגלעך זיין צוריקצושטעלן דעם אַלטן רעזשים פון וויצע־קעניגטום, אויב נאָר ס'זאָל געלונגען צו וואַרפן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

קיין קאָרדאָבאַ האָט די פּאָסט געבראַכט דעם 4טן יוני די ערשטע מעלדונגען פונעם רעגירונגס ראַט, מיט די ידיעות וועגן די פאָרגעקומענע געשעענישן דעם 25טן מאַי. אָבער אַלערליי קלאַנגען וועגן דער מאַי־רעוואָלוציע האָבן זיך שוין צעטראָגן פריער, און עס האָבן זיך געשאַפן צדדים פאַר און קעגן דער רעוואָלוציע. ווען ס'איז אָנגעקומען די אָפיציעלע ידיעה פונעם רעגירונגס ראַט (פּרימערא כונטאַ) האָט דער גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ, גוטיערעז דע לאַ קאָנטשאַ, פאַרופן אַ באַראַטונג. ער האָט איינגעלאַדן דעם עקס וויצע־קעניג ליניערס, וועמען סיסנעראָס האָט פאַרבאָטן צו בלייבן אין בוענאָס איירעס, ווי אויך דעם בישאָף אָרעלנאַנאָ, דעם העכסטן שעף פון דער קאָרדאָבער קאַטעדראַל דר. גרעגאָריאָ פונעס (באַקאַנט אַלס דעאַן פונעס) און אַנדערע פערזענלעכקייטן. דער גובערנאַטאָר האָט זיך דערקלערט קעגן דעם רעגירונגס ראַט; ליניערס איז אויך געווען קעגן, און דאָסזעלבע אַנדערע בייזייענדע. בלויז דער גייסטלעכער דעאַן פונעס האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן רעגירונגס ראַט, און ער האָט באַלד פאַרלאָזט די באַראַטונג.

אין מאָנטעווידעאָ, וואו עס האָט זיך געפונען באַם רעגירונגס רודער עליאָ, איז מען אַוודאי געווען קעגן דער בוענאָס איירעסער רעוואָלוציע. דאָרט איז געשטאַנען אַ באַדייטנדער פלאָט און ס'זיינען געווען הויכע מיליטער שעפן, און אַהין האָבן געזאָלט קומען אויך סיסנעראָס און אַנדערע שפּאַנישע לידערס, אַף אָנצופירן אַ קאַמף קעגן בוענאָס איירעס.

אין פּאַראַגוויי האָט געהערשט דער גענעראַל וועלאַסקאָ, אַ נאָענטער פריינט פון ליניערס, און דעריבער איז מען אויך דאָרט געווען קעגן נייעם רעגירונגס ראַט. דאָסזעלבע איז געווען אין אַלטאָ פּערו (היינט באָליוויע), וואו עס האָט זיך געפונען דער גענעראַל ניעטאָ, יענער מיליטער

שעף וועמען סיסנעראָס האָט צוריק מיט אַ יאָר געשיקט צו אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין טשוקיסאַקאַ. עס האָט זיך אויך גע־פונען אין לאַ פּאַז גענעראַל גאָיענעטשע וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער שחיטה איבער די רעוואָלוציאָנערן אויפן באַפעל פון סיסנעראָס. די לאַגע איז דעריבער געוואָרן געפערלעך.

דער קאַבילדאָ אין מאָנטעווידעאָ, ווען ער האָט באַקומען דעם ציר־קולאַר פון בוענאָס איירעס האָט קודם באַשלאָסן צו אנערקענען דעם רע־גירונגס ראַט, באַלד אָבער ווי ס'איז געקומען די ידיעה וועגן געשאַפענעם רעגענטן ראַט אין שפּאַניע, האָט זיך געענדערט די שטימונג און דער קאַבילדאָ האָט באַשלאָסן צו בלייבן טריי שפּאַניע. ס'איז באַלד אויך דורכ־געפירט געוואָרן אַ פייערלעכע צערעמאָניע און אַ טע־דעאום, און ס'איז אָפּגעגעבן געוואָרן די טרייהייטס שבועה דעם שפּאַנישן העכסטן רעגענטן ראַט. אַזוי אַרום האָט מאָנטעווידעאָ זיך געשטעלט אָפן קעגן דער בוע־נאָס איירעסער רעוואָלוציע.

דער רעגירונגס ראַט פון בוענאָס איירעס האָט דאַן געשיקט דר. כואַן כאָסע פּאַסאָ קיין מאָנטעווידעאָ אַף צו פּרואוון קומען צו אַ פאַרשטענדי־קונג, און צו דערזעלבער צייט אים מיטגעגעבן דעם געהיימען אויפטראַג צו פּרואוון שאַפן אַן אויפשטאַנדס באַוועגונג אין דער אָריענטאַלער זאָנע, וויסנדיק אַז ס'זיינען פאַראַנען אומעטום אָנהענגער פון דער באַפרייאונגס זאַך. דאָס איז געווען אין חודש יוני.

באַם צוזאַמענקום פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג (קאַבילדאָ אַביערטאָ) אין מאָנטעווידעאָ האָט דר. פּאַסאָ אויפגעקלערט די צילן פון בוענאָס איי־רעסער רעגירונגס ראַט, אָבער אַזויווי די מערהייט פון די אַדעליקע באַ דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען שפּאַניער, האָט דר. פּאַסאָס רעדע נישט געווירקט, און די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אַז „עס ווערט נישט אנער־קענט די אויטאָריטעט פונעם ראַט אין בוענאָס איירעס, אַזוי לאַנג ער אנערקענט נישט די סואווערעניטעט פונעם העכסטן רעגענטן ראַט" פון שפּאַניע (וועלכער האָט זיך געפונען אונטער ענגלישן שוץ אויפן קליינעם אינדזל לעאָן קעגניבער קאַריז).

דר. פּאַסאָ האָט זיך דעריבער אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס מיט גאָרנישט. מאָנטעווידעאָ איז געבליבן פיינטלעך צום רעגירונגס ראַט פון בוענאָס איירעס. מען האָט געוואוסט אַז עס ווערט דאָרט צוגעגרייט אַף יולי אַ גרויסער אויפשטאַנד צו גונסטן דער רעוואָלוציע, אָבער די פאַר־שווערונג איז אויפגעדעקט געוואָרן. אין אָקטאָבער איז געקומען קיין מאָנ־טעווידעאָ אַ שליח פון שפּאַנישן רעגענטן ראַט, גאַספּאַר דע וויגאָדעט, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ.

# אַן עקספּעדיציע קיין אַלטאָ פּערו

חוץ מאָנטעווידעאָ וואָס האָט זיך אָפּן און דירעקט געשטעלט קעגן דער רעוואָלוציע פון 25-טן מאַי האָבן זיך, ווי געזאָגט, אויך געשטעלט קעגן רעגירונגס ראָט קאָרדאָבאַ, אַסונסיאָן, לאַ פּאַז און אַנדערע אינער־לעכע שטעט פונעם וויצע־קעניגטום. מען האָט דאַריבער דערוואַרט אַף דער נאָענטער צייט מיליטערישע אַרויסטריטן מצד די רעאַליסטן און עס איז נויטיק געווען באַצייטנס אַנצונעמען קעגנמיטלען. דער ראָט האָט באַ־שלאָסן צו אָרגאַניזירן באַלד אַן אַרמיי און זי אַרויסשיקן קעגן די פאַר־שווערער. אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן איין מיליטערישע עקספּעדיציע קיין אַלטאָ פּערו און אַ צווייטע קיין פּאַראַגוויי. אין די עקספּעדיציעס זיינען אַריין פּאַטריציער, אַריבעניער און אַנדערע מיליטער טיילן פון בוענאָס איירעס, באַוואָפנט מיט ביקסן, קאַנאָנען און אַפילו צוויי אָבוסן.

די עקספּעדיציע קיין אַלטאָ פּערו איז באַשטאַנען פון 1.150 מאַן און אָנגעפירט געוואָרן פון קאָראָנעל פראַנציסקאָ אָרטיז אָקאַמפּאָ, אַ ריאָ־כאַנער, און אַלס געהילף טעניענטע קאָראָנעל אַנטאָניאָ באַלקאַרסע. מיט זיי איז געגאַנגען, אין פאַרטרעטונג פונעם רעגירונגס ראָט, דער פּאַטריאָ־טישער לידער היפּאָליטאָ וויעיטעס און אַלס זיין סעקרעטאַר וויסענטע לאָפּעז אי פּלאַנעס, דער שפּעטערדיקער אויטאָר פונעם נאַציאָנאַלן הימן.

פון קאָרדאָבאַ זיינען געקומען גוטע ידיעות. דאָרט האָבן זיך אָרגאַ־ניזירט די פּאַטריאָטן, צוזאַמען מיט זיי דער גייסטלעכער דעאַן פונעס און זיי האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן רעגירונגס ראָט.

די צוגעגרייטע עקספּעדיציע האָט פאַרלאָזט בוענאָס איירעס דעם 7טן יולי 1810, זיך לאָזנדיק דורך מאָנטע קאַסטראָ (היינט די געגנט וועלעז סאַרספיעלד און פלאָרעסטאַ). דאָס מיליטער האָט זיך געלאָזט אין וועג דירעקט אַף קאָרדאָבאַ, און אונטערוועגס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ סך יונגעלייט אַלס וואָלונטירן.

אין קאָרדאָבאַ האָט זיך געפונען, ווי געזאָגט, ליניערס, דער געוועזענער וויצע־קעניג, דער אַמאָליקער ליבלינג פון פאָלק. ער האָט גע־פּרוּווט זאַמלען אַן אַרמיי צום ווידערשטאַנד, אָבער זיינע מיליטערישע כוחות זיינען געווען שוואַכע, און ער האָט געהאַט קעגן זיך אויך די פּאַ־טריאָטישע באַוועגונג אין קאָרדאָבאַ, וועלכע איז גרייט געווען צו העלפן דער באַפרייאונגס אַרמיי פון אָקאַמפּאָ. אַנשטאָט אונטערנעמען אַ קאַמף האָבן דאַריבער בעסער ליניערס, דער גובערנאַטאָר גוטיערעז דע לאַ קאָנ־טשאַ, דער בישאָף אָרעליאַנאָ און אַנדערע פּערזאָנען גיך אָפּגעצויגן פון קאָרדאָבאַ און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו אַלטאָ פּערו. די באַ־פרייאונגס עקספּעדיציע איז אַזוי אַרום אַריין קיין קאָרדאָבאַ אָן קאַמף,

אַריינמאַרשירנדיק אין שטאָט דעם 4טן אויגוסט. פון דאָרט איז באַלקאַרסע באַלד אַוועק ווייטער צו נאָרדן, פאַרפאָלגנדיק די אַנטלאָפענע, און עם זייגען אין פאַרשידענע ערטער געכאַפּט געוואָרן ליניערס, דער גובערנאַטאָר און די אַנדערע.

פאַרן רעגירונגס ראַט איז געשטאַנען איצט די פראַגע וואָס צו טון מיט ליניערס און די אַנדערע געכאַפּטע פאַרשווערער. איבערהויפּט איז געווען די פראַגע וועגן ליניערס, וואָס איז געווען אַמאָל שטאַרק באַליבט באַם פאָלק, און עם האָט געקאָנט דראָען מיט אַ פאָלקס-אויפשטאַנד. נעמענדיק אָבער אין אַכט די געפאַר וואָס ליניערס קאָן זיין אויך אַף ווייטער, איז באַשלאָסן געוואָרן צו משפטן אים מיליטעריש, אַזוי אַז אַלע געפאַנגענע, אויסער דעם בישאָף אָרעליאַנאַ, זיינען פאַרמשפּעט געוואָרן צום טויט. אַזאַ פאַראָרדנונג איז געווען פון בוענאָס איירעס. וויעיטעס און לאָפּעז אי פלאַנעס האָבן זיך באַמיט באַ אָקאַמפּאָ, און אַלע דריי האָבן זיך געווענדט צום רעגירונגס ראַט, בעטנדיק פאַרן לעבן פון די געפאַנגענע. אַלם ענטפער איז געשיקט געוואָרן קאַסטעלי און ער האָט אָנגעוויזן אַף דער געפאַר צו לאָזן לעבן די פאַרשווערער.

קיין אַנדער שטעלונג האָט מען אויך נישט געקאָנט נעמען אין יענעם מאָמענט, ווייל צו האַלטן זיי פאַרשפאַרט אַף אַ זיכער אָרט, איז נישט געווען דעמאָלט קיין צוגעפּאַסטער פלאַץ דערצו, און אָפּשיקן זיין קיין שפּאַניע האָט מען אויך נישט געקאָנט, ווייל די שפּאַנישע קריגסשיפן, וואָס האָבן זיך געפונען אין מאָנטעווידעאָ, האָבן באַהערשט דעם לאַ פּלאַטאַ טייך, און זיי וואָלטן די געפאַנגענע באַפרייט. די דאָקומענטן וואָס מען האָט געפונען אין קאָרדאָבאַ האָבן קלאָר באַוויזן אַז דער גובערנאַטאָר און ליניערס מיט די אַנדערע האָבן געמאַכט אַ פאַרשווערונג, און זיך פאַרבונדן ברייוולעך אינעם קאָמפּלאָט מיט די גובערנאַטאָרס פון מאָנטעווידעאָ און די פּראָווינצן פון אַלטאָ פּערו, אונטערצונעמען אַ קאַמפּיין קעגן בוענאָס איירעסער רעגירונגס ראַט. אין אַלטאָ פּערו זיינען געפונען געוואָרן ענלעכע דאָקומענטן, וואָס האָבן נאָך מער באַשטעטיקט די געמאַכטע פאַרשווערונג. ס'איז אַפילו אויסגעאַרבעט געווען אַ פּלאַן אַז דער וויצע-קעניג פון פּערו זאָל אָפּרייסן די פּראָווינצן פּאָטאָסי, טשאַרקאַס, קאָטשאַבאַמבאַ און לאַ פּאַז און זיי אַנעקסירן צום וויצע-קעניגטום פון פּערו, און יענער וויצע-קעניג האָט אין אַ פּראָקלאַמע זיך אויסגעדריקט, אַז **„די אַמעריקאַנער זיינען געבוירן צו זיין שקלאַפן, און צו לעבן אין דערשלאָגנקייט און פינצטערניש"**.

די הינריכטונג פון ליניערס מיט די אַנדערע פאַרשווערער איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 26טן אויגוסט 1810, אין געגנט פון קאַבעסאַ דעל טיגרע, נעבן קרוז אַלטאַ.

מאַרענאַ האָט דעמאָלט פאַרטיידיקט דעם טויט־אורטייל, דערקלערנ־דיק אַז יענע קרבנות האָבן אַנדערש נישט געקאָנט באַהאַנדלט ווערן און אַז דאָס איז געטון געוואָרן צום וואויל פון אַנדערע מיליאָנען אומשולדיקע.

מען קאָן אויך נישט האַלטן אינגאַנצן אומגערעכט יענע ווייטעקלעכע געשעעניש בּאַ קאַבעסאַ דעל טיגרע, וואו ס'איז געפאַלן דער קאָפּ פון דעם גרויסן קעמפער און באַפרייער פון בוענאָס איירעס אין דער צייט פון די ענגלישע אינוואַזיעס, ווען מען נעמט אין אַכט אַז די יונגע רעוואָלוציאָ־נערע פראָוויזאָרישע רעגירונג האָט געהאַט קעגן זיך אַ גרויסע צאָל גע־פערלעכע שונאים, און מען האָט געדאַרפט אויך אין זינען האָבן אַז עס דראָט נאָך אַ געפאַר פון אַן איבערפאַל מצד דעם שפּאַנישן פלאָט.

נאָך דער אויסגעפירטער הינריכטונג איבער ליניערס און די אַנ־דערע, איז אַקאַמפּאַ צוריקגערופן געוואָרן קיין בוענאָס איירעס, און מיט אים זיינען מיטגעפאָרן וויעיטעס און לאָפּעז. די קאָמאַנדע איבערן עקס־פּעדיציע מיליטער האָט איבערגענומען גאָנסאַלעז באַלקאַרסע, און אַלס פאָרשטייער פון רעגירונגס ראַט איז מיטגעפאָרן דר. קאַסטעלי אָפּן אָרט פון וויעיטעס. אין קאָרדאָבאַ איז באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר כּוּאַן מאַרטין דע פּועירעדאָן.

דער וויצע־קעניג פון פּערו אַבּאַסקאַל האָט דעמאָלט פאַראָרדנט דעם מיליטער שעף גאָיענעטשע צו בילדן אַן אַרמיי און גיין קעגן דער אַר־גענטינער עקספּעדיציע. גאָיענעטשע האָט באַלד מאָביליזירט די מיליצן פון אַלע שטעט פון אַלטאָ פּערו און זיך געלאָזט אין וועג צו זיד. ער איז אַריין קיין קאָטשאַבאַמבאַ און לאַ פּאַז און מאַרשירט ביז קאָטאַגאַיטאַ, און דאָ איז פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע שלאַכט צווישן דער באַפריי־אונגס אַרמיי פון באַלקאַרסע און קאַסטעלי מיט די רעאַליסטן, אָנגעפירט פון גאָיענעטשע.

ווען באַלקאַרסע האָט אונטערגענומען דעם אַרויסמאַרש פון קאָרדאָ־באַ, פאָרזעצנדיק דעם אַוואַנס צו נאָרדן, צו אַלטאָ פּערו, איז זיין אַרמיי כסדר געוואַקסן דורכן צופלוס פון וואָלונטירן, און די קאָרדאָבער רעאַ־ליסטן זיינען אין גרויסן געלויף אַוועק ווייטער צו נאָרדן. זיי האָבן פאַר־לאָזט סאַלטאַ, דערנאָך כוכוי און אַנדערע שטעט, ביז זיי זיינען געקומען צום רעכטן ברעג פונעם טייך קאָטאַגאַיטאַ. דאָ האָבן זיי צוזאַמען מיט גאָיענעטשען געשטעלט דעם ערשטן ווידערשטאַנד.

די שפּאַניער האָבן געהאַט דאָ אַ גרויסע אַרמיי און גוט באַוואָפנט און באַלקאַרסע, דאַקעגן, איז געקומען אָן אַרטילעריע. דאָס האָט גע־צווינגען באַלקאַרסע זיך צוריקצוציען. ער האָט צוריקגעטרעטן ביז טופּיזאַ און דערנאָך ביז סואיפּאַטשאַ. דאָרט האָט ער באַקומען אַרטילעריע און געמאַכט אַ שאַרפן אַטאַקע אויף די שפּאַניער, און אָפּגעהאַלטן אַ

גרויסן זיג, דעם 7טן נאָוועמבער. אין סואיפּאַטשאַ זיינען די שפּאַניער געבליבן גענצלעך צעשמעטערט. די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט אָפּגענומען אַ סך וואָפן, צווישן דעם אויך קאַנאָנען, אַ פאָן, געלט און געפאַנגענע.

נאָכן זיג אין סואיפּאַטשאַ האָט באַלקאַרסע אונטערגענומען אַ נייעם אַוואַנס צו נאָרדן, האָט אַטאַקירט די שפּאַניער אין קאָטאַגאַיטאַ און אָפּ-



דער עקספּעדיציע מאַרש פון באַלקאַרסע צו אַלטאָ פּערו

געגומען די שטאָט (דעם 13טן נאָוועמבער). פון דאָרט איז פאָרגעזעצט געוואָרן דער אַוואַנס צו נאָרדן, און אונטערוועגס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין באַלקאַרסעס אַרמיי אַ גרופּע פּאַטריציער, וואָס האָבן געהערט צום קאָר־פּוס וועלכן גענעראַל ניעטאָ האָט געהאַט מיטגענומען פון בוענאָס איי־רעס אין 1809 צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין טשוקיסאַקאַ, און וועלכע ער האָט געהאַט שפּעטער פאַרשפּאַרט אין דער טורמע פון פּאָ־טאָסי, דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען קריאָזשאָס. דורכן זיג אין סואי־פּאַטשאַ האָבן זיי געקאָנט אַנטלויפן פון טורמע, און זיי האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, און גענומען אָפּ זיך די פאַרפאָלגונג פון די גענעראַלן ניעטאָ און קאָרדאָבאַ, און זיי אויך גע־כאַפּט אַפן וועג איידער זיי זיינען געקומען קיין אָרורו. ניעטאָ, קאָרדאָבאַ און דער אינטענדענט פון פּאָטאָסי, פּאַולאַ סאַנז, זיינען דערשאָסן געוואָרן.

אין דערזעלבער צייט האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציאָנערער אויפ־שטאַנד אין קאָטשאַבאַמבאַ. די פּאַטריאָטן האָבן באַזיגט די רעאַליסטן (שפּאַניער) אין אַראָמאַ, זיינען אַריין קיין אָרוראָ און באַפרייט אַ גרויסע צאָל פּאַטריאָטן וואָס זיינען דאָרט געווען פאַרשפּאַרט און וואָס האָבן געזאָלט פון דאָרט אָפּגעשיקט ווערן קיין לימאַ. צווישן יענע באַפרייטע פּאַטריאָטן האָט זיך געפונען דער רעוואָלוציאָנערער אָנפירער כואַן אַנ־טאָניאָ אַלוואַרעז דע אַרענאַלעס.

דורכן זיג פון באַלקאַרסע אין סואיפּאַטשאַ און קאָטאַגאַיטאַ און דורכן זיך פון די קאָטשאַבאַמבער פּאַטריאָטן אין אַראָמאַ איז רעוואָלוציאָנירט געוואָרן כמעט גאַנץ אַלטאָ פּערו, פון טופּיזאַ ביז לאַ פּאַז, און פון אָרוראָ ביז קאָטשאַבאַמבאַ.

דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער זיג אין אינערן פון לאַנד דורך דער באַפרייאונגס אַרמיי.

## די עקספּעדיציע צו פּאַראַגוויי

אין דערזעלבער צייט וואָס ס'איז צוגעגרייט און אַרויסגעשיקט גע־וואָרן די עקספּעדיציע קיין אַלטאָ פּערו האָט די רעגירונג אַרויסגעשיקט אַ צווייטע עקספּעדיציע קיין פּאַראַגוויי, אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַ־נועל בעלגראַנאָ, איינער פון די מיטגלידער פון רעגירונגס ראַט, און איי־נער פון די אָנגעזעענסטע קעמפער פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד.

בעלגראַנאָ איז אַרויס אין וועג מיט בלויז 200 מאַן, אָבער אין סאַן ניקאָלאַס האָט ער באַקומען נאָך 357, אין סאַנטאַ פע 40 און אין באַכאַדאַ דעל פּאַראַנאַ איבער 200 מאַן. אונטערוועגס איז די עקספּעדיציע גע־שטיצט געוואָרן פונעם פאָלק מיט לעבנסמיטלען און פערד.

מיט דער צאָל פון 915 מאַן, מיט אַרום פיר הונדערט פערד און זעקס קאַנאָנען איז בעלגראַנאָ אַרויס אין אָקטאָבער 1810 פון באַכאַדאַ אין דער ריכטונג צו פּאַראַגוויי, דורך ענטרע ריאָס און קאָריענטעס. דער מאַרש איז געווען זייער אַ שווערער און די עקספּעדיציע האָט געהאַט צו ליידן פון אַלערליי שטערונגען. באַזונדערס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין לעבנסמיטלען, ווייל דער גאַנצער וועג איז געווען אומבאַפעלקערט, און עס האָבן זיך געפונען בלויז דאָ און דאָרט אַ פּאָר אָרעמע ראַנטשאָס. אין אַ פּלאַץ מיטן נאָמען קורוזו קואַטיאַ, וואו בעלגראַנאָס עקספּעדיציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף אַפּרו, האָבן זיך געפונען דרייסיק ראַנטשאָס (אָרעמע הייזקעס) און אַף אַן אַנדערן פּלאַץ מיטן נאָמען יאַגוואַרעטע קאָראַ, זיינען געווען צוועלף ראַנטשאָס.

דעם 15טן דעצעמבער 1810 איז בעלגראַנאָס אַרמיי צוגעקומען צו קאַנדעלאַריאַ (היינט פּאָסאַדאָס) און דאָרט באַם ברעג פונעם פּאַראַנאַ איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ לאַגער. בעלגראַנאָ האָט פון דאָרט געשיקט זיין סעקרעטאַר וואַרנעס צום גובערנאַטאָר וועלאַסקאָ, צום קאַבילדאָ און צום בישאָף פון אַסונסיאָן, איינלאַדנדיק זיי זיך אַנצושליסן אין דער רע־וואָלוציע. וואַרנעס האָט דערקלערט דעם גובערנאַטאָר אַז די אַרמיי פון בעלגראַנאָ איז נישט קיין דעראָבערישע, און עס דאַרף אויסגעמיטן ווערן אַן אומנוצלעכע בלוט־פאַרגיסונג. דער גובערנאַטאָר און דער קאַבילדאָ פון אַסונסיאָן האָבן אָבער זיך אַנטשיידן קעגנגעשטעלט דעם בועגאָס איירע־סער רעגירונגס ראַט.

בעלגראַנאָ האָט געלאָזט אויסבויען שיפלעך פון האָלץ און לעדער און זיין אַרמיי איז דעם 13טן דעצעמבער 1810 אַריבער דעם טייך באַ קאַנדעלאַריאַ. ס'איז באַלד פאָרגעקומען אַ קורצער צוזאַמענשטויס אין קאַמפּיטשועלאָ, און דערנאָך אין אַנדערע ערטער, אָבער פון קליינער באַ־דייטונג. ערשט דעם 19טן יאַנואַר 1811 איז פאָרגעקומען די ערשטע גרוי־סע שלאַכט. דער גרויסער קאַמף איז פאָרגעקומען אין פּאַראַגוואַרי, אַרום 18 לעגוואַס פון אַסונסיאָן. בעלגראַנאָ האָט דאָרט געהאַט אין קאַמף אַרום טויזנט מאַן קעגן 7.000 וואָס עס האָט געהאַט דער פיינטלעכער צד אונ־טער דער קאָמאַנדע פון כואַן טאָמפּסאָן. טראָץ דער אַרויסגעוויזענער העל־דישקייט פון די פּאַטריאָטישע קעמפער זיינען זיי דורך דער גרויסער אי־בערצאָל באַזיגט געוואָרן. ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען עס האָט זיך געדאַכט אַז דער זיג איז פולשטענדיק אַף דער זייט פון בעלגראַנאָ, אָבער דערנאָך האָט די איבערצאָל דאָך געזיגט. בעלגראַנאָ האָט זיך געמוזט צוריקציען ביזן טייך טאַקואַרי. דאָרט איז דעם 9טן מערץ פאָרגעקומען אַ צווייטע שלאַכט און ווידעראַמאָל מיט אַ זיג פון די רעאַליסטן. בעלגראַנאָ

איז געבליבן מיט בלויז 235 מאַן קעגן אַן אַרמיי פון 2.500, וואָס מיינט אַזויפיל ווי איינס קעגן עלף.

באַ אָט דעם צושטאַנד האָט בעלגראַנאָ פאָרגעשלאָגן וואַפנשטיל־שטאַנד. ער האָט געשיקט אַ שליח צום שעף פון דער פּאַראַגווייער אַרמיי גענעראַל קאָבאַניאַס, דערקלערנדיק אים, אַז „די וואָפן פון בוענאָס איי־רעס זיינען געגאַנגען העלפן און נישט דעראָבערן פּאַראַגוויי, אָבער זעענ־




דער מאַרשרוט פון בעלגראַנאָ צו פּאַראַגוויי

דיק אַז עס ווערן אָפּגעוואָרפן מיט גוואַלד די באַפרייער, ווערט באַשלאָסן צו עוואַקואירן פּאַראַגוויי".

גענעראַל קאַבאַניאַס האָט גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון וואַפן־שטילשטאַנד און יענע קאַפּיטולאַציע פון טאַקואַרי איז אַ מוסטער פון אויפריכטיקייט און פאַרשטענדעניש צווישן געוועזענע פיינטלעכע מיליטער שעפן.

די רעשטן פון דער באַפרייאונגס אַרמיי האָבן אונטערגענומען דעם ריקצוג מאַרשירנדיק ווי אַן ערן קאָלומנע צווישן צוויי רייען פּאַראַגווייער סאָלדאַטן, וועלכע האָבן פּרעזענטירט דאָס געווער, און בעלגראַנאָ מיט קאַבאַניאַס האָבן זיך אומאַרמט. קאַבאַניאַס מיט זיין הויפּטשטאַב האָט באַגלייט די פּאַטריאָטישע אַרמיי אין ריקצוג, און בעלגראַנאָ האָט בא דער



פאַרשידענע בילדער פון גענעראַל מאַנועל בעלגראַנאָ

געלעגנהייט אויפגעקלערט קאַבאַניאַסן די צילן פון דער רעוואָלוציע, און ער האָט זייער לייכט איבערצייגט גענעראַל קאַבאַניאַסן און זיינע אָפיצירן אין דער נוצלעכקייט אַזעלכעס דורכצופירן אויך אין אַסונסיאָן. בעלגראַנאָ האָט אָנגעוויזן וויאַזוי שפּאַניע שטערט דעם האַנדל און דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, אַז פּאַראַגוויי קאָן נישט עקספּאָרטירן פריי דעם טאַבאַק און די אַנדערע פּראָדוקטן. קעגן דער דאָזיקער באַהאַנדלונג מצד שפּאַניע האָט בוענאָס איירעס רעבעלירט, און ער מיט זיין אַרמיי איז געקומען בלויז פאָרשלאָגן אַז פּאַראַגוויי זאָל זיך אויך אָנשליסן אין דער דאָזיקער באַוועגונג. בעלגראַנאָ האָט אויך געשילדערט דעם פּאָליטישן צושטאַנד אין שפּאַניע וואו די רעגירונג געפינט זיך אָפּן אינדזל און דער קעניג איז אין דער פרעמד.

די אידייע וואָס בעלגראַנאָ האָט אין דעם קורצן מאָמענט פאַרזייעט, האָט באַלד געבראַכט אירע פּרוכטן. אין מיטן מאַי 1811 איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אויפשטאַנד אין אַסונסיאָן. עס האָט זיך געבילדעט אַ כונטאַ (ראַט) וועלכער האָט געצוואונגען דעם גובערנאַטאָר וועלאַסקאָ צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן און פּאַראַגוויי האָט זיך דערקלערט אומאָפּהענגיק פון שפּאַניע און פונעם וויצע-קעניגטום פון לאַ פּלאַטאַ (אַרגענטינע). צום באַדויערן איז דאָס לאַנד תיכּף אַרונטערגעפאַלן דער מאַכט פון אַ דיקטאַטאָר, דר. פראַנציאַ, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן קודם אַלס הערשער אויף דריי יאָר און דערנאָך אויף לעבנסלענגלעך, און זיין דיקטאַטור האָט זיך געענדיקט ערשט מיט זיין טויט אין 1840.

## מאָרענאָ און סאַאַוועדראַ

אין דער רעוואָלוציע קעגן סיסנעראָס, דעם לעצטן וויצע-קעניג פון דער שפּאַנישער קרוין, האָט זיך באַטייליקט דאָס גאַנצע פאָלק: אַריסטאָקראַטן און פּלעבעער, פּאַטריציער און גייסטלעכע. באַלד אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן די דיפערענצירונגען און טענדענצן, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרפע רייבונגען און קאָנפליקטן אַזוי אין דער רעגירונג ווי צווישן פאָלק. אַמבוילעטסטן האָט זיך עס אַרויסגעוויזן אינעם רעגירונגס קאַבינעט, וואו עס האָבן געקעמפט די צוויי טענדענצן מאָרענאָ און סאַאַוועדראַ: **מאַריאַנאָ מאָרענאָ דער דעמאָקראַט און קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ דער קאָנסערוואַטאָר.** דער קאַמף פון די-אַ צוויי פּערזענלעכקייטן וואָס האָט זיך געענדיקט אין אָנהויב מיטן זיג פון צווייטן, איז נאָך לאַנג לאַנג פאַרגעזעצט געוואָרן, אפילו ווען מאָרענאָ האָט מער נישט געלעבט און סאַאַוועדראַ איז אויך מער נישט געווען באַם רעגירונגס-רודער.

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, דער גרויסער דעמאָקראַט און ליבעראַל, האָט געקעמפט פאַר דער דעמאָקראַטיע און פאַרן וואויל פונעם פאָלק און לאַנד. און האָט געוואָלט אַז די רעוואָלוציע זאָל האָבן געבראַכט אַ גרינטלעכע ענדערונג אין רעזשים, מיט גרויסע רעכטן און פרייהייטן פאַרן פאָלק. דאַקעגן פאַר סאַאַוועדראַן איז די רעוואָלוציע געווען אַ מין לאָקאַלער עפּיזאָד אין וועלכן ער האָט געשפּילט אַ ראָל, און ער האָט עס באַטראַכט אַלס זיין אַרבעט און דעריבער גערעכנט און געשטרעבט אָנצופירן די רעגירונגס מאַכט לויט זיין איינזען. סאַאַוועדראַ האָט, ווי עס שיינט, געוואָלט בלייבן באַם אַלטן רעזשים און ער זאָל זיין נישט מער ווי אַ נאָכפאָלגער פון סיסנעראָס, און מאָרענאָ האָט געוואָלט, אַז די רעוואָלוציע זאָל האָבן **געבראַכט אינגאַנצן דאָס אַלטע** און ס'זאָל דורכגעפירט ווערן **אַ פולשטענדיקע ענדערונג**, און ס'זאָל איינגעפירט ווערן אַ פּאַרלאַמענט מיט אַלגע-

מיינעם וואָלרעכט. דורך זיין גרויסער רעדנער־קראַפט און טאַלאַנט און דורך זיינע פייערדיקע אַרויסטריטן מיט וואָרט און שריפט, איז דער יונ־גער אַדוואָקאַט מאָרענאָ, וואָס האָט פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר אין ערשטן רעגירונגס ראַט, געוואָרן אַ דאָרן אין אויג באַ סאַאַוועדראַן.

מאָרענאָ איז געווען אַן אויפריכטיקער קעמפער פאַר דער דעמאָקראַ־טיע. נאָך פאַר דער מאַי־רעוואָלוציע האָט ער געקעמפט פאַרן וואויל־שטאַנד פונעם לאַנד דורך אַ פרייעם האַנדל. ער האָט געהאַט פאַרופן אַ פאַרזאַמלונג פון גוטבאַזיצערס און זיי געראָטן צוזשטעלן אַ שריפט דעם וויצע־קעניג סיסנעראָס, פאָדערנדיק די פרייהייט צו פאַרלאָדן פעלן און אַנדערע לאַנד־פּראָדוקטן אַף ענגלישע שיפן צום עקספּאָרט און באַקומען דערפאַר אין אויסטויש פאַרשידענע סחורות אין וועלכן דאָס לאַנד נוי־טיקט זיך. אַזוי אַרום וועט זיך קאָנען הייבן דער מסחר און וואוילשטאַנד אין לאַנד און די רעגירונג וועט אויך האָבן אַ הכנסה פונעם אימפּאָרט־אַפּצאָל. די גוטבאַזיצערס האָבן אים אָנפאַרטרויט די אָנפירונג פון דער זאַך. זיין אויסגעאַרבעטער מעמאָראַנדום אונטערן טיטל „רעפּרעזענטאַ־סיאָן דע לאָס האַסענדאַדאָס" איז איינס פון די גלענצנדסטע שריפטן פונעם גרויסן אַדוואָקאַט און פּאַטריאָט. און כאָטש אין שפּאַניע האָבן זיך די מאָנאָפּאָליסטן שטאַרק קעגנגעשטעלט דער פאָדערונג פון פרייעם האַנדלם טויש פאַר אַרגענטינע, האָט דער וויצע־קעניג זיך דאָך אַרויסגעזאָגט פאַר דער פאָדערונג, און ס'זיינען געעפנט געוואָרן די טויערן פון בוענאָס איי־רעסער פּאָרט פאַר די ענגלישע און אַנדערע אויסלענדישע שיפן. שפּעטער, ווען ס'איז דערגרייכט געוואָרן דער זיג פון דער רעוואָלוציע, האָט מאָ־רענאָ באַם פאַרנעמען אַן אַמט אין רעגירונגס ראַט נישט באַגניגנט זיך מיטן בלויזן באַפרייען זיך פון דעם שפּאַנישן וויצע־קעניג, נאָר געוואָלט פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ דעמאָקראַטישער מלוכה מיט סאָציאַלע רעפאָרמען.

מאָרענאָ האָט געהאַט אַף זיין זייט דעם גרויסן פּאַטריאָט מאַנועל בעלגראַנאָ און די ערלעכע מיטאַרבעטער קאַסטעלי, פּאַסאָ און אַנדערע מיטגלידער פונעם רעגירונגס ראַט. ער האָט אָבער נישט געהאַט די פולע סימפּאַטיע פונעם פּרעזידענט פון רעגירונגס ראַט, קאָראָנעל סאַאַוועדראַ, וועמעס קוק אַף דעם נייעם רעזשים אין לאַנד איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער.

דער ערשטער אָפענער אינצידענט צווישן מאָרענאָ און סאַאַוועדראַ איז פאָרגעקומען אַ פּאָר חדשים נאָך דער רעוואָלוציע.

די ידיעה וועגן זיג פון באַלקאַרסע אין סויפּאַטשאַ איז אויפגענו־מען געוואָרן מיט אַזאַ ענטוזיאַזם באַם פּאַטריציער קאָרפּוס אין בוענאָס איירעס, אַז די אָפיצירן האָבן באַשלאָסן צו פייערן דעם זיג מיט אַ באַנ קעט, און דער יום־טוב איז צוגעגרייט געוואָרן אין קוואַרטיר גופא. צום

דאָזיקן באַנקעט איז איינגעלאַדן געוואָרן דער פּרעזידענט סאַאַוועדראַ מיט זיין פרוי און **מאָרענאָ האָט מען נישט געוואָלט אַריינלאָזן.** דערמיט אַליין איז שוין אויסגעדריקט געוואָרן די טענדענץ פונעם אַקט.

ס'זיינען באַם באַנקעט געהאַלטן געוואָרן טאָסטן און צווישן אַנדערע האָט אַן אָפיציר, אַטאַנאַסיאָ דואַרטע, געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיך אויסגעדריקט צו סאַאַוועדראַן: „אַמעריקע וואַרט מיט אומגע-דולד, אַז אייער עקסעלענץ זאָל נעמען דעם סצעפּטער און קרוין". דערביי האָט דער קאַפּיטאַן דואַרטע דערלאַנגט אַ קליינע קרוין פון אַ בלומענ-קראַנץ דער פרוי סאַאַוועדראַ, געבנדיק אַן אָנצוהערעניש וועגן מעגלעכער באַלדיקער קרוינונג.

ווען מאָרענאָ איז דערפון געוואויר געוואָרן, האָט ער, אַלס סעקרעטאַר פונעם רעגירונגס ראַט, נאָך אין דער זעלבער נאַכט, דעם 6טן דעצעמבער 1810, אָנגעשריבן דעם שאַרפן דעקרעט: „קיין שום איינוואוינער פון בוענאָס איירעס טאָר נישט, נישט אין שיכּרות און נישט אין שלעפּערדיקן צושטאַנד, זיך אַרויסזאָגן קעגן דער פרייהייט פון זיין לאַנד" און צו גליי-כער צייט אויך דערקלערט, אַז „די פרויען פון מלוכה מענער געניסן נישט פון דעם כּבוד און פון די רעכטן, וואָס זייערע מענער". ער האָט אָבער דערמיט זיך נישט באַגניגנט, נאָר דערקלערט, אַז **אָפיציעלע כּיבודים דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן דעם גאַנצן רעגירונגס ראַט און נישט דעם פּרעזי-דענט אַלס פּאַרטרעטער,** און אָנגעוויזן, אַז טאָסטן דאַרפן געמאַכט ווערן **„פאַרן רעגירונגס ראַט"** אָדער **„פאַרן פאָטערלאַנד".** סאַאַוועדראַ האָט נישט געהאַט קיין ברירה און דעם דעקרעט אונטערגעצייכנט, אָבער ער האָט שוין נישט געקאָנט דולדן מער מאָרענאָן אַלס מיטגליד פון רעגי-רונגס ראַט.

די מיטגלידער פון ערשטן רעגירונגס ראַט האָבן געהאַט איינגעטיילט צווישן זיך די אַרבעטן. לאַרעאַ, למשל, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די פינאַנץ פראַגן; קאַסטעלי מיט אינערן; בעלגראַנאָ מיט קריג און אַזוי ווייטער. מאָרענאָ איז געווען סעקרעטאַר און ער איז געווען פול באַלאָדן מיט אַר-בעטן, און ער איז געשטאַנען כּסדר אין קאָנטאַקט מיט סאַאַוועדראַן. פאַר-שטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ מין אינצידענט ווי דער דערמאָנטער, האָט סאַאַ-וועדראַ געזוכט מיטלען זיך צו באַפרייען פון מאָרענאָן און ער האָט דאָס דערגרייכט דורך אַ פּאָליטישן מאַנעווער.

סוף נאָוועמבער און אָנהויב דעצעמבער 1810 זיינען אויף דער איינ-לאַדונג פונעם רעגירונגס ראַט זיך צוזאַמענגעקומען קיין בוענאָס איירעס צוועלף דעפּוטאַטן וואָס די פּראָווינצן פון וויצע-קעניגטום האָבן געשיקט. איינער פון זיי איז געווען דער גייסטלעכער דעאַן פונעס, פון קאָרדאָבאַ, און ער מיטן דעפּוטאַט פון מענדאָזאַ, פעליפּע דע מאָלינאַ, האָבן געשאַפן

אַ באַוועגונג צווישן די אַנדערע דעפּוטאַטן, אַז ס׳זאָל געפאָדערט ווערן אַז אַלע צוועלף זאָלן אַריינגענומען ווערן מיט פולן שטימרעכט אינעם רעגירונגס ראַט. סאַאַוועדראַ, אומצופרידן מיט דער מערהייט אָנהענגער וואָס מאָרענאָ האָט אין רעגירונגס ראַט, האָט אויך געפאָדערט צו פאַרגרעסערן דעם ראַט מיט די אַלע דעפּוטאַטן, און דער ציל זיינער איז דערגרייכט געוואָרן. דער פריערדיקער רעגירונגס ראַט וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן (ווייל בעלגראַנאָ און קאַסטעלי האָבן געפעלט) איז אויסגעוואַקסן צו 19 מיטגלידער.

דאָס איז געווען אַן אָפּן שפּיצל קעגן מאָרענאָ, און דער גרויסער פּאַטריאָט און דעמאָקראַט האָט זיך געזעגנט באַזיגט און אַריינגעשיקט זיין דימיסיע. דאָס איז געווען דעם 18טן דעצעמבער, צוועלף טעג נאָך יענעם אינצידענט באַם באַנקעט פון די אָפיצירן.

דער רעגירונגס ראַט האָט די דימיסיע נישט געוואָלט אָננעמען. אָבער מאָרענאָ האָט אינסיסטירט, און אין זיין מעלדונג וועגן דעם צוגעגעבן: **„די דימיסיע פון אַ געווינהאַפטן מאַן איז שטענדיק אומווידער־רופלעך“.**

מאָרענאָ איז געווען קעגן אויפנעמען די דעפּוטאַטן פון פּראָווינץ אין דער רעגירונג, ווייל ער האָט געהאַלטן אַז אַזאַ גרויסע צאָל מיטגלידער וועט שוין פאָרשטעלן מיט זיך אַ גאַנצע פאַרזאַמלונג, און דאָס וועט שווער מאַכן די אַרבעט. די דעפּוטאַטן האָט ער באַטראַכט אַלס שליחים צו אַ פאָלקס פאַרטרעטונג, קאָנגרעס, ווי דאָס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן אין דער איינלאַדונג צו די פּראָווינצן. אָבער דעאַן פונעס איז געווען דורכאויס פאַר דער מיטבאַטייליקונג אין דער רעגירונג, און געזאָגט אַז אַ קאָנגרעס איז אומגעווינטשן, ווייל עס קאָנען אויסקומען צוזאַמענשטויס צווישן דער רעגירונג און קאָנגרעס. ווען ס׳איז געקומען נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע צו דער אָפּשטימונג האָבן אַלע, חוץ מאָרענאָ און פּאַסאָ, זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער איינגלידערונג פון די דעפּוטאַטן אינעם רעגירונגס ראַט, און מאָרענאָ האָט דימיטירט.

ס׳איז באַלד פאַרגרעסערט געוואָרן דער ראַט, אויפנעמענדיק די 12 נייע מיטגלידער, צווישן זיי אויך דעם דעמאָנטן גייסטלעכן. עס שיינט אָבער, אַז סאַאַוועדראַ און זיינע אָנהענגער האָבן זיך נישט געפילט זייער באַקוועם דורך דער באַזייטיקונג פון מאָרענאָ, און ס׳איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן נאָך צו האַלטן מאָרענאָן אין אַ געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט דער רעגירונג, באַשטימענדיק אים אַלס שליח מיט אַ ספּעציעלער מיסיע קיין ענגלאַנד. עס האָט זיך געהאַנדלט אין באַמיען זיך צו געווינען ענגלאַנד פאַר דער זאַך פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אָנקניפּן פּאָליטישע און קאָמערציעלע באַציאונגען. די אינסטרוקציע דערצו האָט

געהאַט אויסגעאַרבעט מאָרענאָ גופא, צוריק מיט אַ פּאָר חדשים, און עס האָט אין דאָזיקן שליחות געזאָלט פאָרן וויעיטעס, נאָר אַזוי ווי ער האָט געהאַט באַגלייט די אַרמיי צו אַלטאָ פּערו איז די זאַך אָפּגעלייגט געוואָרן.

איצט נאָך דער דימיסיע פון מאָרענאָ אַלס מיטגליד פון רעגירונגס ראַט האָט סאַאַוועדראַ געהאַט די בעסטע געלעגנהייט איבערצוגעבן אים יענע הויכע מיסיע, און מאָרענאָ האָט עס אָנגענומען.

## מאָרענאָ פאַרלאָזט בוענאָס איירעס און שטאַרבט

מאַריאַנאָ מאָרענאָ האָט אָנגענומען די שליחות וואָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן און ער האָט זיך באַלד גענומען גרייטן צו דער רייזע. דעם 24טן יאַנואַר 1811 געזעגנט ער זיך מיט זיין פאַמיליע און פריינט און דריקט זיך אויס: „איך פאָר אַוועק, אָבער די רייע וואָס איך לאָז איבער איז אַ לאַנגע".

ער האָט זיך פאַרשיפט אין בוענאָס איירעס אַף דער ענגלישער שיף „מיסלטאָ", אָנגעפירט פון קאָמאַנדאַנט ראַמפּסבאַי, אַ גרויסער פריינט פון דער אַרגענטינער פרייהייטס באַוועגונג. אָבער דערנאָך האָט מאָרענאָ מיט זיינע צוויי סעקרעטאַרן טאָמאַס גידאָ (דער פאָטער פון דעם דיכטער גידאָ אי ספּאַנאָ) און מאַנועל מאָרענאָ (מאַריאַנאָס ברודער) זיך איבערגעזעצט אין געגנט פון ענסענאַדאַ אַף דער שיף „לאַ פאַמאַ". די רייזע איז געווען אַ שלעכטע און אַ שווערע, און מאַרינאַנאָ מאָרענאָ האָט געליטן פון ים-קראַנקייט. דער קאַפּיטאַן אַן „אומוויסנדער און פאַרדאַרבענער אפשר" — דערציילט דער ברודער אין זיין בוך — האָט אים געגעבן אַ צו שטאַרקע דאָזע טאַרטאַראָ עמעטיקאַ, פון וועלכן ער איז אין אַ פּאָר שעה שפּעטער, דעם 4טן מערץ 1811 פאַרטאָג, אין עלטער פון 33 יאָר געשטאָרבן און זיין קערפּער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין ים. אין די לעצטע מינוטן פאַר זיין טויט האָט מאָרענאָ נאָך צייט געהאַט אויסצורײדן „זאָל לעבן מיין פאָטערלאַנד ווען אַפילו איך שטאַרב" און ער האָט אין די אָרעמס פון טאָמאַס גידאָ אויסגעהויכט זיין נשמה.

ווען סאַאַוועדראַ איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער זיך אויסגעדריקט: „ס'איז נויטיק געווען אַזוי פיל וואַסער, אַף צו לעשן אַזאַ פייער"...

דער געשיכטע שרייבער, וויסענטע פידעל לאָפּעז, שרייבט אין זיין האַנט-בוך פון אַרגענטינער געשיכטע: „אין זיין קאָפּ און אַף זיינע ליפּן איז געווען דער בליץ און די קראַפט פון אַן אמתן פּאָליטישן זשעניע. ווען אים קאָנען די אַרגענטינער זאָגן דאָס וואָס די פראַנצויזן האָבן געזאָגט וועגן מיראַבאָ: זיין טויט איז געווען אַ פאָלקס אומגליק, מיט פאַטאַלע קאָנסעקווענצן אין אונדזער געשיכטע".

מאַנועל מאָרענאָ, וועלכער האָט מיטגעלעבט מיט זיין ברודער אין דער קורצער צייט פון זיין פאָסטן אַלס סעקרעטאַר אין רעגירונגס ראַט, האָט געזען די פאַרפאָלגונגס פּאָליטיק קעגן אים, און צולעצט צוגעזען דעם שווערן גסיסה-געראַנגל פון זיין ברודער אַף דער שיף, האָט באַלד נאָך זיין קומען קיין לאָנדאָן אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע פון זיין גרויסן ברודער מיטן טיטל „דאָס לעבן און מעמאָריעס פון דאָקטאָר מאַריאַנאָ מאָרענאָ, סעקרעטאַר פונעם ראַט פון בוענאָס איירעס, די הויפטשטאָט פון פּראָווינץ ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ". מאַנועל איז געווען אָפיסיאַל פון דער סעקרע-



מאַריאַנאָ מאָרענאָ

טאַריע פון זעלבן רעגירונגס ראַט, און געהאַט גענוג מעגלעכקייט און געלעגנהייט זיך צוצוקוקן צו דער אינטריגע פון די קאָנסערוואַטאָרן, און ער האָט עס באַשריבן אין דאָזיקן בוך.

די באַזייטיקונג פון מאָרענאָ האָט שטאַרק פאַרשפּיצט די קעגנער-שאַפט צווישן די קאָנסערוואַטאָרן (סאַאַוועדריסטן) און די דעמאָקראַטן

(מאָרעניסטן). די לעצטע האָבן געבילדעט אַ „פּאַטריאָטישן פּאַריין" מיטן ציל אויפצוהאַלטן און פאַרשפּרייטן די אידעאַלן פונעם גרויסן דעמאָקראַ־טישן טריבון און ס'איז אָנגעפירט געוואָרן אַ ברייטע אויפקלערונגס אַר־בעט דורך דער „לאַ גאַסעטאַ", רעדאַקטירט פון דר. אַגרעלאָ, אַ הייסער תלמיד פון מאָרענאָ. פּרעזידענט פון פאַריין איז געווען אַנטאָניאָ לואיס בערוטי. אַלס אָפּצייכן האָבן די מיטגלידער באַנוצט אַ בלוי־ווייסן זשעטאָן. עס פלעגן פאָרקומען אַלע נעכט פאַרזאַמלונגען אין אַ גרויסן לאָקאַל און ס'איז געווען פריי דער צוטריט פאַר יעדן. ס'זיינען דאָרט, אינעם פאַריין, ריכטיקער קלוב, דורכגעפירט געוואָרן אויפקלערונגס־אַקטן און דיסקו־סיעס וועגן די רעכטן פון פאָלק און וועגן פאַרשידענע רעגירונגס פאָרמען.

אין דער נייער רעגירונג, אין דער „כונטאַ גראַנדע", איז געבליבן סאַאַ־ווערדראַ פּרעזידענט און פּאַסאָ און וויִיטעס אַלס סעקרעטאָרן.

## סאַאַוועדריסטן און מאָרעניסטן

דאָס פעלן פון מאָרענאָ אין רעגירונגס ראָט האָט זיך באַלד געלאָזט פילן אין דער רעגירונג. דער קאָרדאָבער דעלעגאַט דעאַן פונעס גופא האָט מודה געווען, אַז ס'איז באַזייטיקט געוואָרן די גרויסע טרייבקראַפט, גע־דאַנק און טאַט. דעם 22טן דעצעמבער, האָס הייסט פיר טעג נאָך יענער היסטאָרישער געהיימער זיצונג באַ וועלכער מאָרענאָ האָט דימיטירט, האָט דער רעגירונג ראָט צעשיקט אַ צירקולאַר, אויסגעשטעלט קינסט־לעך פון דעאַן פונעס, אין וועלכן ס'איז דערציילט געוואָרן די ענדערונג אין רעגירונגס ראָט.

די נייע רעגירונג, די „כונטאַ גראַנדע", האָט זיך אָבער נישט געפילט רואיק. באַלד פון דער ערשטער מינוט האָט זיך געדודערט אין בוענאָס איירעס מצד די מאָרעניסטן. נישט בלויז אין פּאַטריאָטישן פאַריין האָט עס געשטורעמט, נאָר אויך אין קאָפּע פון מאַרקאָ, און אינעם רעגימענט „עסטרעזשאַ" וועמעס שעף ס'איז געווען פרענטש. די לופט איז געווען פול מיט אויפרייס־שטאָף און עס האָט זיך געפילט אַז עס האַלט באַ אַן אויפשטאַנד.

חוץ דער אומרואיקייט אין אינערן איז אויך אין אויסערן אָנגעקומען אַ געפאַר. דער נייער וויצע־קעניג וואָס דער רעגענטן ראָט פון שפּאַניע האָט באַשטימט, פראַנציסקאָ כאַוויער דע עליאָ, איז געקומען קיין מאָנ־טעווידעאָ, מיטברענגענדיק שפּאַניש מיליטער, און אויפגעפאָדערט דעם רעגירונגס ראָט פון בוענאָס איירעס זיך צו אונטערוואַרפן אים, און אים אנערקענען אַלס וויצע־קעניג. פאַרשטייט זיך, אַז בוענאָס איירעס האָט עס אָפּגעוואָרפן. עליאָ האָט דאַן דערקלערט קריג און מיט דער הילף פון די שפּאַנישע קריגסשיפן באַלעגערט בוענאָס איירעס (פעברואַר 1811).

דער רעגירונגס ראַט האָט באַלד פאַראָרדנט צוצוגרייטן אַ פלאָט און עס זיינען באַוואָפנט געוואָרן דריי האַנדלס־שיפן און זיי זיינען געטויפט געוואָרן מיט די נעמען „אַמעריקאַ“, „אינוועגסיבלע“ און „25 דע מאַיאָ“. דערדאָזיקער פלאָט איז אָנגעפירט געוואָרן פון כואַן באַטיסטאַ אַסאָפּאַר־דאָ. די שיפן האָבן זיך געלאָזט אַפן וועג צו סאַנטאַ פע, פירנדיק לעבנס־מיטלען און מיליטער. ס'איז באַלד אָנגעקומען אין פאַרפאָלגונג פון די שיפן אַ פלאָט פון צוועלף קריגסשיפן וואָס עליאָ האָט אַרויסגעשיקט פון מאָנטעווידעאָ און ס'איז באַ סאַן ניקאָלאָס פאָרגעקומען אַ שטאַרקער קאַמף. די אַרגענטינער זיינען דורך דער גרויסער איבערצאָל פונעם פיינט צולעצט באַזיגט געוואָרן און אַסאָפּאַרדאָ איז גענומען געוואָרן געפאַנגען.

## אַ געקינסטלטער אויפשטאַנד

ס'איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסער קאַמפּיין קעגן „באַנ־דאַ אָריענטאַל“, ווייל אין קעגנטייל האָט עס געדראָט מיט אַ גרויסער געפאַר פאַר בוענאָס איירעס. ס'זיינען אריינגעצויגן געוואָרן אין קאַמ־פיין אַלע וויכטיקסטע מיליטערישע כוחות און גענעראַל בעלגראַנאָ וועל־כער האָט זיך געהאַט געפונען אין ריקצוג פון פּאַראַגוויי האָט אויך באַ־קומען אַ פאַראָרדנונג צוצואיילן דעם מאַרש און העלפן באַלאַגערן מאָנ־טעווידעאָ, ווייל עס האָט געדראָט מיט אַ גרויסער אַטאַקע מצד די שפּאַ־נישע כוחות וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. בעלגראַנאָ איז אויך באַ־שטימט געוואָרן אַלס שעף קאָמאַנדאַנט אין גאַנצן אָריענטאַל (אורוגוויי). אין אַפּריל 1811 איז בעלגראַנאָ געקומען קיין מערסעדעס מיט 3.000 מאַן און ער האָט אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון אַ גענעראַל אַטאַקע. צו דעם איז צוגעקומען פון יענער זייט לאַ פּלאַטאַ טייך דער קאַפּיטאַן כאָסע אַרטיגאַס. דער לעצטער איז געווען אין דינסט פון דער שפּאַנישער אַרמיי, נאָר אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ שאַרפן דורכרייד מיט זיין שעף איז ער אַוועק פון די שפּאַניער און געקומען קיין בוענאָס איירעס, אַף אָנצובאָטן זיין דינסט דעם רעגירונגס ראַט. אַרטיגאַס האָט דערנאָך געקרייצט דעם טייך אורוגוויי און געלאַנדעט אין קאָלאָניאַ מיט 150 באַוואָפנטע מענער.

אינמיטן די גרויסע צוגרייטונגען צו דער אַטאַקע אַף מאָנטעווידעאָ האָט געוואַקסן די געשפּאַנטקייט אין בוענאָס איירעס ארום נייעם רע־גירונגס ראַט און ביידע צדדים, די סאַאַוועדריסטן און מאָרעניסטן האָבן זיך געגרייט צום קאַמף.

דער רעגירונגס ראַט אין באַשטאַנד צום גרעסטן טייל פון סאַאַוועד־ריסטן האָט געקוקט מיט חשד און מורא אַף דער טעטיקייט פונעם פּאַ־

טריאָטישן פאַריין און אַפּן רעגימענט „עסטרעזשאַ״, און פילנדיק די דער־נעענטערונג פון אַ מיליטערישן אויפשטאַנד מצד פרענטש און אַנדערע מאָרעניסטישע מיליטער שעפן האָט דער רעגירונגס ראַט צוגעגרייט אַ „פאָלקס אויפשטאַנד״ פון סאַאַוועדריסטן, צו באַפרייען זיך אינגאַנצן פון אַלע מאָרעניסטישע לידערס.

אין דער נאַכט פון 5טן אַפּן 6טן אַפּריל האָט זיך פלוצים באַוויזן אַן עולם פון אַרום 1.500 מאַן אַף פערד אַף דער פּלאַסאַ וויקטאָריאַ (מאַ־זשאַ). דאָס איז געווען מיליטער, אָנגעפירט פונעם הוזאַרן קאָראָנעל מאַר־טין ראָדריגעז און רעקרוטירטע גרופּעס פון די שכנישע אומגעגנטן. זיי זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן באַם שעכטהויז פון מיסערערע דורכן אַל־קאַלדע גרינכבערא און פון דאָרט אויס געקומען אַף דער פּלאַסאַ. מאַרטין ראָדריגעז, וואָס איז געווען די רעכטע האַנט פון סאַאַוועדראַ, און דער דר. כאַאַקין קאַמפּאַנאַ, הויפּט־אָנפירער פון דער פאַרשווערונג, זיינען אַריין אין פעסטונג און צוגעשטעלט פאָלגענדע פאָדערונגען:

1) ס׳זאָלן באַזייטיקט ווערן פון רעגירונגס ראַט די (מאָרעניסטישע) מיטגלידער ראָדריגעז פּעניאַ, וויעיטעס, אַזקוענאַגאַ און לאַררעאַ, ווי אויך אַנדערע מיטגלידער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און זיי זאָלן פאַר־שיקט ווערן אין אינערן.

2) ס׳זאָל געגעבן ווערן סאַאַוועדראַן די אַבסאָלוטע קאָמאַנדע אי־בער די באַוואָפנטע כוחות.

3) ס׳זאָל אָפּגענומען ווערן באַ בעלגראַנאָן די קאָמאַנדע אינעם קאַמ־פּיין פון באַנדאַ אָריענטאַל און ער זאָל גערופן ווערן קיין בוענאָס איירעס אָפּצוגעבן חשבון וועגן דער אויפפירונג פון זיין עקספּעדיציע אין פּאַ־ראַגוויי.

5) ס׳זאָלן באַזייטיקט ווערן פון דער קאָמאַנדע די שעפן פרענטש, בערוטי, דאָנאַדאָ און פּאָסאַדאַס און ס׳זאָל באַזייטיקט ווערן דער גייסט־לעכער וויעיטעס.

5) אַפּן אָרט פון די באַזייטיקטע רעגירונגס מיטגלידער זאָלן באַ־שטימט ווערן טשיקלאַנאַ, גוטיערעז, אַלאַגאָן און קאַמפּאַנאַ.

וואָלט סאַאַוועדראַ נישט געהאַט קיין אינטערעס אין דער זאַך (ווי ער האָט זיך געפּרוווט שפּעטער פאַרטיידיקן אין זיינע מעמואַרן) וואָלט ער מאַרטין ראָדריגעזן אָפּגעשיקט מיט זיינע פאָדערונגען צוריק אַף דער פּלאַסאַ. ער האָט עס אָבער נישט געטון אַזוי, נאָר אויפגענומען מיט דער גאַנצער ערנסטקייט דעם רעוואָלוציאָנערן פאַרם און אָנגענומען די צוגעשטעלטע באַדינגונגען.

און גראַד אין זעלבן מאָמענט, אינעם פאַרטאָג פון 6טן אַפּריל, איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַרן מאָנומענט פון דער מאַי־רעוואָלו־

ציע אַף דער פּלאַסאַ וויקטאָריאַ, וואו ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן שפּע־טער די מאַי־פּיראַמידע.

דעם 7טן אַפּריל זיינען די פיר באַזייטיקטע מיטגלידער פון רעגי־רונגס ראַט אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַ קאָטש קיין לוכאַן און אַף זייער אָרט זיינען צוגעצויגן געוואָרן פיר אַנדערע, באַקאַנטע אַלס קאָנסער־וואַטאָרן און טרייע סאַאַוועדריסטן, און גענעראַל בעלגראַנאָ האָט באַקו־מען אַ פאַראָרדנונג איבערצוגעבן די קאָמאַנדע צו ראָנדאָ און קומען קיין בוענאָס איירעס אָפּצוגעבן השבון.

## אַ פּראָצעס קעגן גענעראַל בעלגראַנאָ

פאַר גענעראַל בעלגראַנאָ איז דאָס געווען אַ שווערער קלאַפּ. אָבער פונקט ווי מאָרענאָ, זיין גייסטיקער מיטאַרבעטער פאַר דער רעוואָלוציע, האָט אויך בעלגראַנאָ אָנגענומען דעם אורטייל פון סאַאַוועדריסטישן רע־גירונגס ראַט, אָן פּראָטעסט. ער האָט זיך בלויז אויסגעדריקט „איז דאָס מעגלעך?״ דאָס איז געווען זיין איינציקער וויטיקלעכער ענטפער אַף דער באַקומענער אויפאָדערונג פון דער נייער רעגירונג, און ער איז גע־פאָרן קיין בוענאָס איירעס זיך צו שטעלן צום משפט.

דער גרויסער געשיכטע־שרייבער און פּאָליטיקער באַרטאָלאָמע מי־טרע שילדערט יענעם מאָמענט פון בעלגראַנאָס ריקקער מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דער גענעראַל בעלגראַנאָ איז געקומען קיין בוענאָס איירעס אַ פאַר טעג נאָכן ערשטן אוניווערסאַר פון דער מאַי־רעוואָלוציע, און זיין נשמה האָט באַדאַרפט זיין שטאַרק געקרענקט ווען ער האָט געקוקט אַרום זיך אַף צו זען די אַלטע חברים פון יענער גרויסער אַקציע. ער האָט געזען אַז אייניקע זיינען געפאַלן אַף דעם דורכגעמאַכטן לאַנגען וועג, ווערנד די אַנדערע וואָס זיינען געבליבן נאָך אַף דער רעוואָלוציאָנערער בינע, האָבן זיך געפונען צווישן זיינע פאַרפאָלגערס. די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן פאַרשלינגען אירע זין.

„ס׳איז אַוועק קוים אַ יאָר און שוין איז די רעוואָלוציאָנערע טריבונע געווען פאַרלאָזט פון אירע שטאַרקסטע אַטלעטן. מאָרענאָ, דער קאָפּ פון דער רעוואָלוציע, האָט אויסגעהויכט די נשמה אין איינזאַמקייט אַפן ים, און זיין לייכע איז געלעגן אַפן גרונט פונעם אָקעאַן. אַלבערטי, דער מיט־גליד פון דער מאַי־קאָמיסיע, איז געשטאָרבן נאָך איידער ס׳איז פאַרענ־דיקט געווען זיין ווערק. בערוטי און פרענטש, די צוויי טריבונען פון 25טן מאַי זיינען געווען אַרויסגעשיקט ווי פאַרברעכער. ראָדריגעז פעניאַ, דער נערוו פון דער פּאַטריאָטישער פּאַרטיי אין די טעג פאַר דער רעוואָ־

לוציע, אזקוענאַגאַ וועלכער האָט אַזוי פּיבערהאַפט מיטגעאַרבעט, וויעי־טעם דער אומדערמידלעכער מיטאַרבעטער פון בעלגראַנאָ אין דער צו־גרייטונג פון דער רעוואָלוציע, זיי אַלע זיינען פאַרפאָלגט, און ווערן באַ־צייכנט פון זייערע אַמאָליקע חברים מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי „פאַנאַ־טיקער, שטערער, פוריעזע דעמאָקראַטן, דעסאָרגאַניזאַטאָרס, אוממאָראַ־לישע, בלוט־זויגער, גנבים, פאַררעטער, נידעריקע נשמות, רעבעלישע ציניקער, אויפשטענדלער, שלאַנג און פאַלקס קאָרומפּירער". און דאָס אַלעס ווייל זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ פאָלקס קלוב".

און וועגן זעלבן מאָמענט שרייבט כאָאַקין וועדיאַ:

„יענער עפּיזאָד וואָס באַפלעקט דאָס ערשטע בלעטל פון אונזער גע־שיכטע, איז געווען די אורזאַך, וואָס בעלגראַנאָ איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן אויף וועלכן ער האָט, פונעם פּאָליטישן און אַפילו מיליטערישן שטאַנדפּונקט, אַזוי נוצלעך געדינט דער גרויסער רעוואָלו־ציע אין באַנדאָ אָריענטאַל. אין בוענאָס איירעס איז אונטערגענומען גע־וואָרן קעגן אים אַ פּראָצעס איבערן קאַמפּיין אין פּאַראַגווײַ, אָבער קיי־נער האָט זיך נישט געמאָלדן אַרויסצוטרעטן מיט אַ דערקלערונג קעגן אים. פאַרקערט, אַלע זיינע סובאָרדינירטע שעפן האָבן געשיקט דער רע־גירונג קאָלעקטיווע אויסדרוקן פון איבעראַשונג און וויטיק איבערן מיטל פון וועלכן ס'איז געפאַלן אַלס קרבן דער איידלער בירגער".

בכלל האָט אין בוענאָס איירעס געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק דער כלומרשטער „פאָלקס אויפשטאַנד", עס האָבן אים פאַרדאַמט נישט בלויז די דעמאָקראַטן, נאָר אויך אַ סך קאָנסערוואַטאָרן. סאַאַוועדראַ גופא האָט אויך שפּעטער איינגעזען דעם געמאַכטן פעלער און געפּרוּווט זיך ריינוואַשן פון דער באַשולדיקונג אַז ער איז געווען דער אָנפירער דערפון.

דער פּראָצעס קעגן בעלגראַנאָן האָט אַרויסגעשטעלט אויף חוזק דעם סאַאַוועדריסטישן אויפשטאַנד. דער קאָראָנעל מאַרקאָס גאָנסאַלעז באַל־קאַרסע איז באַשטימט געוואָרן אַלס מיליטערישער פּראָקוראָר אינעם פּראָצעס, און דער פּראָקוראָר האָט זיך געפונען אין אַ זייער אומבאַקווע־מער לאַגע, ווייל ער האָט נישט געהאַט קעגן פּראָצעסירטן מיליטער שעף קיין שום אַנדערע קלאַגע חוץ דער פּעטיציע פונעם פאָלק בשעת יענעם אויפשטאַנד פון 5טן אַפּריל, צו פאַרפירן אַ פּראָצעס. ס'איז דאַריבער נוי־טיק געווען צו רופן עדות, און מען האָט צוליב דעם צעקלעפּט פּלאַקאַטן אין וועלכע ס'זיינען גערופן געוואָרן די בירגער, ציווילע און מיליטאַרן, צו קומען אָפּגעבן דערקלערונגען. ס'איז אויך וועגן דעם פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ „באַנדאָ" אין דער זאָנע אָריענטאַל רופנדיק די מיליטערלייט אַלס עדות. צוויי מאָל זיינען צעקלעפּט געוואָרן אַזעלכע פּלאַקאַטן אָבער

אומזיסט — קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. דאָס האָט געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק אַף די סאַאַוועדריסטן.

די אָפיצירן וואָס האָבן באַגלייט בעלגראַנאָן אינעם קאַמפּיין פון פּאַראַגוויי האָבן צוגעשיקט אַ דערקלערונג דער רעגירונג, דאַטירט דעם 20טן יוני אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט, אַז זיי דערקלערן אין נאָמען פון דער גאַנצער עקספּעדיציע אַרמיי, אַז **„ס'איז נישטאָ קיין איין אָפיציר און קיין איין סאָלדאַט, וואָס זאָל האָבן די מינדסטע קלאַגע קעגן בעלגראַנאָ"** און אַז ס'איז „איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן פון אַלע אָפיצירן דאָס צו לאָזן וויסן דער רעגירונג," אַן דעם אַז עמיץ זאָל דאָס האָבן געפאָדערט. עס האַנדלט זיך בלויז אין אַן אויסדרוק פון ליבע צו דער גערעכטיקייט, און ראַטעווען דעם גוטן נאָמען פון אַ פּאַטריאָט, וועמען מיר האָבן געזען זיך מקריב זיין באַ יעדער געלעגנהייט פאַרן פאָטערלאַנד און פאַר דער גרויסער זאַך וואָס מיר פאַרטיידיקן".

אין יענער שריפט האָבן די אָפיצירן אָנגעוויזן אַף דעם שווערן וועג וואָס דאָס מיליטער האָט געהאַט דורכצומאַכן אינעם מאַרש צו פּאַראַגוויי, און נאָר אַדאַנק דער קרבנות-גרייטקייט פון בעלגראַנאָן און נעמענדיק פון אים אַ ביישפּיל איז דער קאַמפּיין דורכגעפירט געוואָרן.

באַלד נאָך דער דאָזיקער ווענדונג פון די אָפיצירן איז געקומען אַ צווייטע שריפט, דאַטירט דעם 28טן יוני, אונטערצייכנט פון פערציק אַלקאַלדעס און טעניענטעס, אין וועלכער די רעגירונג איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו מאַכן אַ סוף צום פּראָצעס-שפּיל. אָנפירער פון דער דאָזיקער ווענדונג זיינען גראָד געווען סאַאַוועדריסטישע טוער, מיטן אַלקאַלדע טאָמאַס גריגעראַ אין דער שפּיץ.

אָט אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן זיג פאַר בעלגראַנאָ דער פּראָצעס קעגן אים, און אַנשטאָט אים זיינען געבליבן אַף דער באַשולדיקונגס באַנק זיינע פאַרפאָלגער.

## מיליטערישע נידערלאַגע אין נאָרדן

אין דער צייט וואָס עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט די סאַאַוועדריסטישע געשעענישן אין בוענאָס איירעס איז פאַרגעזעצט געוואָרן דער קאַמף קעגן מאָנטעווידעאָ און אין אַלטאָ פּערו.

דער גענעראַל ראָנדאָ, וועלכער איז אַפן אָרט פון בעלגראַנאָ באַשטימט געוואָרן אַלס שעף קאָמאַנדאַנט אינעם קאַמפּיין קעגן מאָנטעווידעאָ, האָט אונטערגענומען אַ מאַרש פון מערסעדעס אַפן וועג צו מאָנטעווידעאָ און זיך אָפּגעשטעלט אין סעררימאָ, אַף אונטערצונעמען די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ. דערצו האָט ער געהאַט אויך דאָס מיליטער פון אַרטיגאַס. מאָנטעווידעאָ איז געווען פאַרטיידיקט פון גענעראַל

וויגאָדעט, און ער האָט געהאַט איבער 150 קאַנאָנען. די באַלאַגערער האָבן אָנגעהויבן מיט דער אַרטילעריע צו קאַנאָנירן די שטאָט, און אַלס ענטפער דאַרויף האָט עליאָ געשיקט אַ פלאָט צו באָמבאַרדירן בוענאָס איירעס. די לאַגע איז געווען דעמאָלט אַזעלכע: מאָנטעווידעאָ האָט גאָרנישט געקאָנט אויפטון צו באַפרייען זיך פון דער באַלאַגערונג, און בוענאָס איירעס האָט גאָרנישט געקאָנט טון קעגן דער פיינטלעכער פלאָט אַטאַקע, ווייל די פּאַטריאָטן האָבן נישט געהאַט קיין קריגסשיפן זייט דעמאָלט ווען די דריי שיפן זיינען צעשמעטערט געוואָרן בײַ סאַן ניקאָלאַס. בוענאָס איירעס איז געבליבן בלאָקירט פולשטענדיק בײַם וואַסער, ווייל די שפּאַנישע קריגסשיפן האָבן זיך געקאָנט פריי באַוועגן איבערן לאַ פלאַטאַ און פּאַראַנאַ. ענגלאַנד, וועלכע האָט זיך געזען געשטערט אינעם האַנדל מיט אַרגענטינע, האָט אינטערווענירט אין דער זאַך און געפּרואווט פאַרמיטלען אין שפּאַניע, צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער בוענאָס איירעסער רעגירונג. צו גלייכער צייט איז אויפגעפאָדערט געוואָרן דער מאָנטעווידעער גובערנאַטאָר עליאָ, דורכן ענגלישן געזאַנדטן אין ריאָ דע זשאַנעריאָ, לאָרד סטראַנגפאָרד, נישט צו שטערן און נישט באַלעסטיקן דעם ענגלישן האַנדל מיט בוענאָס איירעס, אין דער צייט וואָס עס גייען אָן די פאַרהאַנדלונגען.

אין דערזעלבער צייט, ווי געזאָגט, איז אויך פאָרגעזעצט געוואָרן דער קאַמפּיין פון באַלקאַרסע, קאַסטעלי און וויאַמאָנטע אין אַלטאָ פּערו. נאָכן זיג אין סואיפּאַטשאַ איז די עקספּעדיציע צוגעקומען צום טייך דעסאַגוואַדעראָ און דאָרט אין הואַקי אויפגעשטעלט דעם לאַגער, נעבן דער אָזערע טיטיקאַקאַ. גאָיענעטשע ווידער האָט געהאַט זיין לאַגער בײַם אינקאַ בריק. דער פאָרשטייער פון בוענאָס איירעסער רעגירונגס ראַט דר. קאַסטעלי האָט געשלאָסן מיט גאָיענעטשע אַ וואַפן-שטילשטאַנד פון 40 טעג, אָבער גאָיענעטשע האָט אין דער צייט געבראַכט פאַרשטאַרקונג און זעקס טעג איידער עס האָט זיך געענדיקט דער וואַפן-שטילשטאַנדס טערמין האָט גאָיענעטשע אונטערגענומען אַן איבעראַשונגס אַטאַקע (דעם 20טן יוני 1811) וועלכע האָט פאַראורזאַכט אַ שרעקלעכע נידערלאַגע דער רעוואָלוציאָנערער עקספּעדיציע-אַרמיי.

דער שפּאַנישער מיליטער שעף האָט געמאַכט אַ סטראַטעגישן צוג נישט בלויז דורכן ברעכן דעם וואַפן-שטילשטאַנדס אָפּמאַך, נאָר האָט אויך צעטיילט זיין אַרמיי אַף אַזאַ אופן אַז ס'זאָלן מיטאַמאָל אַטאַקירט ווערן דער צענטר און ביידע פלאַנקן פון דעם רעוואָלוציאָנערן מיליטער. די שלאַכט פון הואַקי (אָדער גואַקי), צווישן דער שטאָט מיטן דאָזיקן נאָמען און דער פון כעסוס דע מאַטשאַקאָ, איז געווען אַ צעשמעטערנדיקע פאַר די פּאַטריאָטן. דער געבליבענער רעשט פון 800 סאָלדאַטן איז אַוועק

קיין לאַ פּאַז און אָרוראָ, און פון דאָרטן איז פאַרגעזעצט געוואָרן דער ריקצוג צו זיך קיין טשוקיסאַקאַ, פּאָטאָסי, כוכוי און סאַלטאַ.

דער נייער אינטענדענט פון פּראָווינץ טשוקיסאַקאַ, כואַן מאַרטין דע פּועירעדאָן, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער אוידיענץ אין טשוקיסאַקאַ נאָכן זיג בײַ דער שלאַכט אין סואיפּאַטשאַ, האָט מיט גרויסע שוועריקייט און גרויס געוואַגטקייט קוים געראַטעוועט דעם מלוכה־אוצר פון רעגירונגס הויז פון פּאָטאָסי. אָנגעפירט פון הונדערט מאַן איז אַף מוילאייזלען געטראָגן געוואָרן דאָס גאָלד און זילבער, אַ שטרעקע פון 200 לעגוואַס, גייענדיק איבער בערג און טאָלן, ביז דער פּראָווינץ טוקומאַן. דערבײַ האָט דער פיינט נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן די גרופּע.

פון יענעם מאָמענט אָן איז אַלטאָ פּערו געבליבן פאַרפאַלן פאַר די אַרגענטינער. קאַסטעלי, באַלקאַרסע און וויאַמאָנטע זיינען אָפּגערופן געוואָרן קיין בוענאָס איירעס.

## סאַאַוועדראַ פאַרלאָזט די רעגירונג

די נידערלאַגע פון דער באַפרייאונגס ארמיי אין הואַקי האָט געבראַכט געפערלעכע קאָנסעקווענצן. די ידיעה וועגן דעם איז באַקאַנט געוואָרן אין בוענאָס איירעס ערשט אין אַ חודש אַרום, אָבער מען האָט גערעכנט אַז די רעגירונג האָט דערפון געדאַרפט וויסן פריער, נאָר האָט עס אויסבאַהאַלטן פאַרן פאָלק. יענע אַרמיי וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ גרויסן רום זייט דעם אַרויסמאַרש פון בוענאָס איירעס ביז סואיפּאַטשאַ, איז אַזוי געשלאָגן געוואָרן!

עס האָט זיך אויפגעהויבן פון אַלע זייטן פּראָטעסטן. די קאַנאָנירונג פון בוענאָס איירעס דורכן שפּאַנישן פלאָט וואָס האָט פאַראורזאַכט שאָדנס און מענטשלעכע קרבנות, און די מיליטערישע נידערלאַגע האָט אַרויסגעבראַכט דאָס פאָלק אין די גאַסן. דער רעגירונגס ראַט האָט אין אַ פּראָקלאַמע (דעם 20טן יולי) גערופן די באַפעלקערונג צו רו, און פאַרזיכערט, אַז ס'וועלן אָנגענומען ווערן מיטלען קעגן די געפאַרן. די פּראָקלאַמע האָט אָבער נישט געווירקט. דאָס פאָלק האָט פּראָטעסטירט און באַשולדיקט די רעגירונג און באַזונדערס סאַאַוועדראַן אין די געשעענישן.

סאַאַוועדראַ האָט איינגעזען אַז ער האָט פאַרלוירן זיין צוטרוי און אויך געזען אַז מיטן רעגירונגס ראַט אין זיין צוזאַמענשטעל, וועט ער נישט קאָנען ברענגען קיין רו אין לאַנד, האָט ער באַשלאָסן זיך צוריקצוציען. ער האָט אָנגעגעבן אַלס אויסרייד אַז ער וויל אָפּפאָרן אין אינערן צו אינספּעקציאָנירן די אַרמיי וואָס האָט געהאַלטן אין רעאָרגאַניזירט

ווערן אין סאַלטאַ. מען האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז זיין פלוצלינג פאַר־לאָזן בוענאָס איירעס באַדייט אַן אַנטלויפן, און אַזוי איז עס אויך געווען. סאַאַוועדראַ האָט פאַרלאָזט זיין פּרעזידענט פּאָסטן (סוף אויגוסט) און איבערגעלאָזט די מלוכה דעם רעגירונגס ראַט.

ס׳איז באַלד פאַרגעקומען אַ פאָלקס אויפשטאַנד, און דער קאַבילדאָ האָט געפאָדערט באַם רעגירונגס ראַט צו באַזייטיקן דעם סעקרעטאַר פון ראַט דר. קאַמפּאַנאַ. דער ראַט האָט נאָכגעגעבן די פאָדערונג און דעם באַזייטיקטן אַרויסגעשיקט (דעם 16טן סעפּטעמבער 1811) קיין טשאַס־קאָמוס. די סאַאַוועדריסטישע פּאָליטיק פון שאַפן דעם פאַרגרעסערטן רע־גירונגס ראַט, בכדי צו באַזייטיקן מאָרענאָ, און דער כלומרשטער „פאָלקס אויפשטאַנד״ פון 6טן אַפּריל האָט באַקומען דעם ערשטן קלאַפּ.

## געבילדעט אַ טריומווויראַט

דאָס אַנטלויפן פון סאַאַוועדראַ איז געווען דער ערשטער זיג פון די מאָרעניסטן, אָדער דעמאָקראַטן, און באַלד זיינען געקומען אַנדערע. נאָך דעם ווי סאַאַוועדראַ איז אַוועק, האָבן י דעפּוטאַטן פון די פּראָווינצן, די וואָס זיינען אַריין אין דעם גרויסן רעגירונגס ראַט, אַנערקענט, אַז זיי זיינען איבעריק אין דער רעגירונג, ווייל זיי וועלן גאָרנישט קאָנען אויפ־טון. זיי האָבן דעמאָלט באַשלאָסן אָנצונעמען מאָרענאָס פאָרשלאָג פון אַמאָל, צו בילדן גיכער אַ קאָנגרעס, איידער צו זיין אין דער רעגירונג. און נישט אָפּוואַרטנדיק ערשט אַז אַ פאָלקס אויפשטאַנד זאָל זיי שטירצן, האָבן זיי פאַרלאָזט די רעגירונג און געבילדעט אַ געזעצגעבערישע קער־פּערשאַפט אונטערן נאָמען „כונטאַ קאָנסערוואַדאָראַ״. אַלס רעגירונג איז געבילדעט געוואָרן אַ טריומווויראַט, קאָנצענטרירנדיק די מאַכט אין די הענט פון דריי. די נייע רעגירונג האָט זיך באַצייכנט אַלס „העכסטע פּראָ־וויזאָרישע רעגירונג פון די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, אָפּן נאָמען פון הער פערנאַנדאָ 7טן״. דער טריומווויראַט איז צוזאַמענגעשטעלט גע־וואָרן פון דריי עקזעקוטיוו מיטגלידער: דר. כואַן כאָסע פּאַסאָ, קאָראָנעל דר. פעליסיאַנאָ טשיקלאַנאַ און מאַנועל סאַראַטעאָ. זיי צו הילף זיינען געווען דריי סעקרעטאַרן: **בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, ווויסענטע לאָפּעז און כאָסע כוליאָ פּערעז.**

די נייע רעגירונג האָט באַלד געמאַכט אייניקע נויטיקע שריט, צו־ריקצושטעלן די זיכערקייט פון דער דעמאָקראַטיע. צווישן אַנדערס איז גענעראַל בעלגראַנאָ געשטעלט געוואָרן אין מיליטערישן דינסט אונטער זיין פריריקן ראַנג און ער האָט באַקומען די קאָמאַנדע איבערן 1טן רע־גימענט פּאַטריציער.

דער קאָנסערוואַטאָרישער געזעצגעבערישער ראַט, אין באַשטאַנד פון די צוועלף פּראָווינציעלע דעפּוטאַטן, האָט אויך נישט גערוט. ער האָט אַלס ערשטן שריט באַשטעלט באַם דעפּוטאַט דעאַן פונעס אַ מין קאָנסטיטוציע רעגלאַמענט, וועלכער איז אונטערן נאָמען „אָרגאַנישער רעגלאַמענט” צוגעשטעלט געוואָרן דעם טריומוויראַט, אָבער דער טריומוויראַט האָט דעמדאָזיקן רעגלאַמענט אַנטשידן אָפּגעוואָרפן. מען האָט פון דעם רעגלאַמענט אַרויסגעזען אַז די קאָנסערוואַטאָרע דעפּוטאַטן ווילן בלייבן די דעה־זאָגער איבער דער רעגירונג, געשיצט אונטערן מאַנטל פון פאָלקס פאַרטרעטונג. און אַזוויוי עס האָט זיך צו גלייכער צייט געמערקט אַ באַוועגונג פון אומגעהאָרכזאַמקייט אינעם 1טן רעגימענט פּאַטריציער, איז עס באַטראַכט געוואָרן אַלס די אַרבעט פון די קאָנסערוואַטאָרן, באַ אַ דירעקטער אָדער אומדירעקטער מיטבאַטייליקונג פון די דעפּוטאַטן. ריוואַדאַוויאַ וואָס איז געווען אין יענעם מאָמענט דער הויפּט וואָרטזאָגער אין דער רעגירונג האָט אָנגעוויזן אַף דער געפאַר וואָס עס שאַפט זיך ווידעראַמאָל פאַר דער רעוואָלוציע, און דורך אַ דעקרעט איז (דעם 7טן נאָוועמבער) פאַראָרדנט געוואָרן די אויפלייזונג פונעם קאָנסערוואַטיוון ראַט און די דעפּוטאַטן פון זעלבן האָבן באַקומען אַ פאַראָרדנונג ביז 24 שעה אָפּצופאָרן יעדער אין זיין פּראָווינץ.

די דאָזיקע שאַרפע שטעלונג פון טריומוויראַט האָט שטאַרק פאַרשפּיצט די באַציאונגען צווישן די פּראָווינצן און דער הויפּטשטאָט.

אַפן אָרט פון „אָרגאַנישן רעגלאַמענט” וואָס דער קאָנסערוואַטאָרער גייסטלעכער דעאַן פונעס האָט אויסגעאַרבעט, איז געשאַפן געוואָרן דורכן טריומוויראַט אַ „פּראָוויזאָרישער סטאַטוט” וועלכער קאָן באַטראַכט ווערן אַלס די ערשטע קאָנסטיטוציע פון אונזער לאַנד. אין יענעם סטאַטוט וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין נאָוועמבער 1811 זיינען שוין באַצייכנט געוואָרן די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון דער רעפּרעזענטאַטיווער רעגירונג, מיט דריי מאַכטן (געזעצגעבערישע, אויספיר און געריכטלעכע). לויט יענעם פּראָוויזאָרישן סטאַטוט האָבן די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווער מאַכט זיך באַדאַרפט בייטן אַלע זעקס חדשים, און האָבן באַדאַרפט באַשטימט ווערן פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג (קאָנגרעס, פּאַרלאַמענט). אייניקע פון יענע פּרינציפּן, רעכטן און גאַראַנטיעס זיינען שפּעטער איבערגענומען געוואָרן דורך דער קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג פון 1853 און גילטן נאָך היינט.

# אַ שווערער מאָמענט פאַרן טריומוויראַט

## וואַפנשטילשטאַנד מיט עליאָ

די צווייטע העלפט פון 1811 איז געווען זייער אַ געפערלעכע. די אַרמיי וואָס איז געגאַנגען צו נאָרדן איז צעקלאַפּט געוואָרן אין הואַקי און געמוזט זיך אין אומאָרדנונג צוריקציִען, לאָזנדיק פאַרפאַלן די פּראָווינצן פון אַלטאָ פּערו, און די רעאַליסטן פון גאָיענעטשע האָבן פאַרגעזעצט די פאַרפאָלגונג ביז די גרעניצן פון סאַלטאַ און כוכוי און געדראָט מיט אַן אינוואַזיע אין בוענאָס איירעס. אין באַנדאָ אָריענטאַל איז אויך געוואָרן געפערלעך די לאַגע, ווייל כאָטשע עס האָט זיך געהאַנדלט בלויז אין אָפּנעמען מאָנטעווידעאָ, האָבן די שפּאַניער זיך אָבער געהאַט באַפעסטיקט דאָרט, און דער גובערנאַטאָר עליאָ, מורא האָבנדיק אַז די באַלאַגערער קאָנען אָפּהאַלטן אַ זיג, האָט זיך געווענדט צו בראַזיל און געבעטן הילף באַ די פּאָרטוגעזער. אין בראַזיל ווידער האָט זיך געפונען די פּרינצעסן קאַרלאָטאַ, די טאָכטער פון קעניג קאַרלאָס 4טן און זי האָט שטאַרק אַרויסגעקוקט צו ירשהנען די לענדערייען פון איר ברודער פערנאַנדאָ 7טן. עס האָט אַזוי אַרום געדראָט מיט אַן אינוואַזיע פון צוויי זייטן, און נישט בלויז געדראָט, נאָר עס האָט אויך באַלד זיך באַוויזן אין באַנדאָ אָריענטאַל אַ פּאָרטוגעזישע אַרמיי.

באַ אָט דער דאָזיקער שווערער לאַגע האָט די טריומוויראַט רעגירונג געשיקט אירן אַ פאָרשטייער קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ, **סאַראַטעאַ**, צו פועלן באַם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, לאָרד סטאַנגפאָרד, אַז ער זאָל זיך באַמיִען און פאַרמיטלען צווישן מאָנטעווידעאָ און בוענאָס איירעס וועגן אַ וואַפנשטילשטאַנד. דער ענגלישער דיפּלאָמאַט האָט באַלד אָנגענומען די פאַרמיטלונג, ווייל דורך דער מלחמה צווישן עליאָ און דעם טריומוויראַט איז געווען געשטערט דער ענגלישער האַנדל מיט בוענאָס איירעס דורך דער בלאָקאַדע פון די שפּאַנישע שיפן אינעם לאַ פּלאַטאַ. עליאָ ווידער, דער גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון אַז ער האָט געמאַכט אַ פאַלשן שריט מיטן איינלאַדן די פּאָרטוגעזער צו אַן אינוואַזיע, און פאַרשטאַנען אַז די פּאָרטוגעזער קאָנען אַלס באַלוינונג צונעמען גאַנץ באַנדאָ אָריענטאַל (היינט אורוגווײַ), און אַלס צוגאָב אויך מיסיאָנעס, קאָריענטעס און ענטרע ריאָס, און ער האָט דעריבער זייער גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון לאָרד סטראַנגפאָרד און געשלאָסן אַ וואַפנשטילשטאַנד מיט דער בוענאָס איירעסער רעגירונג (דעם 20טן אָקטאָבער 1811). די הויפּט-פּונקטן פונעם וואַפנשטילשטאַנד זיינען געווען:
1) אָפּציִען די באַלאַגערונגס אַרמיי פון דער אָריענטאַלער טעריטאָריע;

2) די פּאָרטוגעזישע אַרמיי ציט זיך צוריק; 3) עס הערט אויף די בלאָקאַדע פון די קריגסשיפן און עס ווערט געלאָזט אַ פרייער פאַרקער מיט די פּאָרטן.

דורך דעם געשלאָסענעם אָפּמאַך האָט דער טריומוויראַט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַנוצן די אַרמיי וואָס האָט באַלאַגערט מאָנטעווידעאָ, צום ווייטערדיקן קאַמפּיין אין נאָרדן; ס'איז באַזייטיקט געוואָרן די געפאַר פון דער פּאָרטוגעזישער אינוואַזיע; ס'זיינען אַנטמוטיקט געוואָרן די רעאַקציאָנערע כוחות אין בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט אַף אַ נייער געלעגנהייט דורכצופירן אַ שטאַטסקלאַפּ, און ס'איז געעפנט גע־וואָרן ווידעראַמאָל פריי דער צוטריט פון אויסלענדישע שיפן און דורך דעם איז געווען אַ מעגלעכקייט צו באַקומען וואָפן.

נאָכן שליסן דעם וואַפנשטילשטאַנד איז גענעראַל ראָנדאָ צוריקגע־קומען קיין בוענאָס איירעס, נאָר אַרטיגאַס, אַן אומצופרידענער מיטן וואַפנשטילשטאַנד האָט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ פון דער באַלאַגערונג מיט רוגזה און זיין מיליטער האָט מיטגעשלעפּט פון יענע ערטער אַלע איינ־וואוינער מיט זייער פּי אַפּן גאַנצן וועג פון זייער מאַרש ביז צו אַ לאַגער מיטן נאָמען אַיוי, וואָס געפינט זיך אַפן ענטרע ריאָסער ברעג פונעם טייך אורוגוויי קעגנקיבער סאַלטאָ.

אַרטיגאַס האָט דערקלערט אַז ער האַלט אַלס אומבאַרעכטיקט דעם געשלאָסענעם וואַפנשטילשטאַנדס אָפּמאַך, און ער וויל מער נישט דינען דער בוענאָס איירעסער רעגירונג און וויל זיך נישט אונטערוואַרפן קיי־נעמס דיסציפּלין. ער וויל אָנגיין אַליין מיטן אומאָפּהענגיקייט קאַמפּיין אין זיין געבורטסלאַנד (אַרטיגאַס איז געבוירן אין מאָנטעווידעאָ 1746) און צו דעם צוועק וויל ער זיך שאַפן אַן אייגענע אַרמיי.

זיין אַרמיי איז באַשטאַנען פון 3.000 סאָלדאַטן און 13.000 ציווילע פּערזאָנען, מענער, פרויען און קינדער, וואָס ער האָט פאַרשלעפּט. יענע גרויסע קאַראַוואַנע האָט זיך געשלעפּט צו פוס, מיט אָרעם געפּעק אַף די וועגענער און וועגעלעך, און געשלעפּט מיט זיך זייערע פערד און קי אי־בער פוסטע שטרעקעס לאַנד, פאַרהונגערט, פאַרמוטשעט, אָן שום ציל. די אומגליקלעכע מענטשן, פאַרטריבן פון זייער היים, האָבן געהאַט אויס־צושטיין רעגנס און קעלטן, מאַנגל אין עסן און היגיענע, האָבן זיך גע־מוזט באַשיצן פון צייט צו צייט אונטער ביימער און זיך געוואַלגערט אַף דער ערד.

די דאָזיקע אַרמיי פון אַרטיגאַס האָט זיך געשלעפּט פון אַראָזשאָ גראַנדע ביז די וועלדער פון אַיוי באַם ברעג פון טייך אורוגוויי און דאָרט געמאַכט אַ לאַגער. די אומגליקלעכע מענטשן, אַרויסגעריסן פון זייער היים, נד־ונד אין דער ווייטער פוסטקייט, אָן שום דיסציפּלין חוץ דער מורא פאַרן

גרויזאַמען שעף, שלעכט באַוואָפנט און אָן שום אינטערעס פאַר וועלכער קריגס אַוואַנטורע, איז געווען די אַרמיי פון זעלבסטשטענדיקן גענעראַל אַרטיגאַס.

## פּאַראַגוויי דערקלערט זיך זעלבסטשטענדיק

נאָך דעם ווי ס'איז אין אַסונסיאָן דורכגעפירט געוואָרן די רעוואָלוציע און ס'איז געוואָרפן געוואָרן דער שפּאַנישער גובערנאַטאָר, האָט מען געהאָפט אין בוענאָס איירעס אַז פּאַראַגוויי וועט בלייבן ווייטער פאַרבונדן מיטן גאַנצן לאַנד פון געוועזענעם וויצע-קעניגטום פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. דער רעגירונגס ראַט האָט דעריבער באַשטימט צו שיקן קיין אַסונסיאָן אַ דיפּלאָמאַטישע מיסיע, און באַשלאָסן איבערצוגעבן די דאָזיקע אַרבעט גענעראַל בעלגראַנאָ און אַלס זיין געהילף דר. וויסענטע אַנאַסטאַסיאָ עטשעוועריאַ. בעלגראַנאָ האָט אָבער דערקלערט אַז ער קאָן נישט אָננעמען אַזאַ הויכע און וויכטיקע שליחות אין דער צייט ווען עס ליגט אויף אים אַ נישט דערליידיקטער פּראָצעס. ער האָט געשריבן דעם ראַט, אַז ער לאָזט פאַר אים פריי צו דערליידיקן דעם ענין, און ער פאָדערט אַן אַנטשיידענעם אורטייל. דער ראַט האָט דאַרויף (דעם 9טן אויגוסט 1811) געענטפערט אַז „בעלגראַנאָ האָט אָנגעפירט די קאָמאַנדע איבער זיין אַרמיי מיט אַ ווירדיקער קאָנסטאַנץ און העלדישקייט און ער באַקומט צוריק זיין מיליטערישן ראַנג און ווירדע ווי עס קומט אים". אַזוי אַרום האָט זיך פאַרענדיקט דער פּראָצעס קעגן העלד פון טאַקואַרי מיט אַ פולשטענדיקער באַפרייאונג, און דאָס אַליין איז שוין אַ פאַרדאַמונג פאַר די באַשולדיקער.

בעלגראַנאָ האָט דאָן אָנגענומען די מיסיע צו פאָרן קיין פּאַראַגוויי, באַגלייט פון עטשעוועריאַ.

דער פּאַראַגווייער דיקטאַטאָר דר. פראַנציאַ (אָדער פראַנסיאַ) האָט שוין פריער געלאָזט וויסן דער בוענאָס איירעסער רעגירונג, אַז פּאַראַגוויי האַלט פאַר זיך דאָס רעכט אָנצופירן זעלבסטשטענדיק איר רעזשים, נאָר קאָן איינגיין אויף אַ צוזאַמענאַרבעט מיט בוענאָס איירעס אויף פעדעראַטיווע יסודות. דאָס אייגנטלעך איז געווען די אידעע פון מאָרענאָ, צו געבן די פּראָווינצן אויטאָנאָמע רעכטן און צוזאַמען זאָל געבילדעט ווערן איין גרויסע פאָלק משפּחה אין פעדעראַטיווער, האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט. אָבער פראַנציאַ האָט בלויז אָנגעגעבן, אַז ער וויל אַ פעדעראַטיווע צוזאַמענאַרבעט, נאָר אין אמתן האָט ער געוואָלט אַז זיין הערשאַפט זאָל בלייבן אומבאַגרעניצט און קיינער זאָל אים נישט זאָגן קיין דעה אין זיינע האַנדלונגען.

ווען בעלגראַנאָ און עטשעווערריאַ זיינען געקומען קיין אַסונסיאָן האָבן זיי געטראָפן אַלע מיליטער שעפן און פּאָליטיקער וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע, אַרעסטירט, צוזאַמען מיטן אָראַפּגעזעצטן גובערנאַטאָר וועלאַסקאָ, און האָבן אויך געטראָפן פּונקט אין אַ מאָמענט ווען ס׳זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער תליה צוויי שפּאַניער, וועלכע זיינען באַשולדיקט געווען אין אַ פאַרשווערונג.

נאָך דער קאָנפערענץ פון בעלגראַנאָ מיטן גענעראַל קאַבאַניאַס, ווען די פּאַראַגווייער אַרמיי האָט זיך אומגעקערט קיין אַסונסיאָן איז דורכגעפירט געוואָרן דאָרט אַ שטאַטסקלאַפּ אָן בלוט־פאַרגיסונג. דער שפּאַנישער גובערנאַטאָר וועלאַסקאָ האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, נאָר זיך אונטערוואָרפן דעם גורל. אַפן פאָרשלאַג פון דר. פעדראָ סאָמעזשערא, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר פון וועלאַסקאָ, איז געבילדעט געוואָרן אַ רעגירונגס ראַט פון דריי, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין כואַן פעדראָ קאַבאַליעראָ, דר. כאָסע גאַספּאַר ראָדריגעז דע פראַנציאַ, און סאָמעזשערא. די אידייע פון דער רעוואָלוציע איז געווען צוזאַמענאַרבעטן מיט בוענאָס איירעס, אָבער דר. פראַנציאַ האָט באַלד גענומען די אויבערהאַנט און איינגעשטעלט אַ דיקטאַטור. ער האָט געלאָזט אַרעסטירן קאַבאַליעראָ און סאָמעזשערא, ווי אויך אַלע מיליטער שעפן פון דער רעוואָלוציע און אָנגעהויבן אָנגיין מיט אַ טעראָר־רעזשים.

אין בוענאָס איירעס איז דערווייל דורכגעפירט געוואָרן די רעפאָרם פון בילדן אַ טריומוויראַט (23טן סעפּטעמבער) און ס׳איז אויסגעקומען אַז ווען בעלגראַנאָ איז געקומען קיין אַסונסיאָן סוף סעפּטעמבער איז ער מער נישט געווען דער שליח פון דער בוענאָס איירעסער רעגירונג. ער האָט אָבער וועגן דעם נישט געוואוסט און אָנגעגאַנגען ווייטער מיט די פאַרהאַנדלונגען.

דר. פראַנציאַ האָט זיך געהאַלטן קעגניבער דער בוענאָס איירעסער דיפּלאָמאַטישער מיסיע העפלעך אָבער קאַלט, און ער האָט געלאָזט קלאָר וויסן אַז ער רעכנט נישט צוזאַמענאַרבעטן מיטן בוענאָס איירעסער רעגירונגס ראַט און וויל נישט אַז פּאַראַגוויי זאָל זיין געבונדן מיטן רעזשים פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

בעלגראַנאָ האָט געפירט אַ מיינונגסטויש מיטן בוענאָס איירעסער טריומוויראַט. ריוואַדאַוויאַ האָט אָנגעוויזן בעלגראַנאָן אַז דר. פראַנציאַ ווייזט זיך באַצייטנס אַלס דיקטאַטאָר מיט עגאָיסטישע צילן און געלאָזט וויסן אַז אויב ס׳איז נישט מעגלעך קיין פאַרשטענדיקונג זאָל ער שליסן מיט אים וועלכן ס׳איז אָפּמאַך.

ס׳איז אַזוי אַרום דעם 12טן אָקטאָבער 1811 געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך, דורך וועלכן פּאַראַגוויי האָט זיך פולשטענדיק אָפּגעזונדערט. אין

אָפּמאַך זיינען געווען פֿאָלגענדע הויפּט-פּונקטן: 1) די דעצענטראַליזאַציע פֿון די הכנסות, וואָס מיינט עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט; 2) באַצייכנען די גרעניצן, וואָס מיינט טעריטאָריאַלע אָפּזונדערונג, און איינשטעלן אַ פעדעראַציע, דאָס הייסט אַ פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. אנשטאָט דעם נאָמען „פֿאַריייניקטע פּראָווינצן" זאָלן די לענדער זיך אָנרופן „קאָנפעדערירטע פּראָווינצן".

דער בוענאָס איירעסער רעגירונגס טריומוויראַט האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געהייסן בעלגראַנאָן דעם אָפּמאַך אונטערצייכנען.

„דאָס איז געווען — זאָגט מיטרע — דאָס ערשטע מאָל וואָס ס'האָט זיך געלאָזט הערן אין דער אַרגענטינער געשיכטע דאָס וואָרט „פעדעראַציע", וואָס איז דערנאָך אַזוי באַרימט געוואָרן אין די בירגער-קריגן, אין די קאָנסטיטוציע קאָנגרעסן און אין צוקינפטיקן גורל".

ווען בעלגראַנאָ און עטשעווערריאַ האָבן פֿאַרלאָזט אַסונסיאָן האָט דר. פראַנציאַ זיי באַשאָנקען מיט אַ געשיכטע פֿון פּאַראַגוויי אין מאַנוסקריפּט און אַ שיין געשניצט בילד פֿון בענדזשאַמין פראַנקלין, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין אַרבעטס ביוראָ, און ער האָט דערביי געזאָגט צו עטשעווערריאַ: „דאָס איז דער ערשטער דעמאָקראַט אין דער וועלט, און אַ מוסטער, וועמען מיר דאַרפן נאָכטון. אין פערציק יאָר אַרום קאָן זיין אַז אונדזערע לענדער זאָלן האָבן אַזעלכע מענער, און ערשט דעמאָלט וועלן מיר קאָנען געניסן פֿון דער פרייהייט, צו וועלכער מיר זיינען היינט נאָך נישט צוגעגרייט".

די בוענאָס איירעסער רעגירונג האָט אָנגענומען אַלע פּונקטן פֿונעם אָפּמאַך, חוץ דעם אַז דער דעפּאַרטאַמענט פֿון לאַ קאַנדעלאַריאַ זאָל אַריבער צו פּאַראַגוויי.

## געבראָכן דעם וואַפנשטילשטאַנד פֿון מאָנטעווידעאָ

אין מאָנטעווידעאָ איז פֿאָרגעקומען אין יענער צייט אַ שטיקל ענדערונג. דער רעגירונגס ראַט פֿון שפּאַניע האָט באַשטימט אַז וויגאָדעט זאָל זיין וויצע-קעניג פֿון מאָנטעווידעאָ אָפּן אָרט פֿון עליאָ, און דעם 8טן נאָוועמבער 1811 האָט וויגאָדעט איבערגענומען די מלוכה. דער נייער וויצע-קעניג האָט וויזט אויס, באַקומען אינסטרוקציעס פֿאָרצוזעצן דעם קאַמפּיין קעגן בוענאָס איירעס און ער האָט עס אויך געטון.

ווען ס'איז אונטערצייכנט געוואָרן דער וואַפנשטילשטאַנדס אָפּמאַך האָט דאָס רעוואָלוציאָנערע מיליטער, ווי געזאָגט, אָפּגעצויגן פֿון דער באַלאַגערטער שטאָט, און מאָנטעווידעאָ איז געבליבן באַפרייט. דאַקעגן די פּאָרטוגעזער האָבן נישט פֿאַרלאָזט די אָריענטאַלע טעריטאָריע, אָנגעבנ-

דיק אַלס תירוץ אַז זיי ווילן אויפהאַלטן אָרדנונג. דער נייער וויצע־קעניג פון מאָנטעווידעאָ ווידער, וויגאָדעט, מיטן אויסרייד אַז אַרטיגאַס פירט דורך רויב־איבערפאַלן אין אָריענטאַל, און אַז די בוענאָס איירעסער רעגירונג שטיצט אים און האָט פאַרשטאַרקט זיין לאַגער אין איוי, האָט געבראָכן דעם וואַפנשטילשטאַנד און דערקלערט ווידעראַמאָל קריג דער בוענאָס איירעסער רעגירונג (יאַנואַר 1812).

זעענדיק אַז די שפּאַנישע מאַכט רוט נישט, און מאָנטעווידעאָ בלייבט אַליין אַ צענטער פאַר אַטאַקעס, האָט דער טריומוויראַט געפּלאַנט צוצוגרייטן אַ נייע באַלאַגערונג פאַר מאָנטעווידעאָ. פריער אָבער איז נויטיק געווען אַז די פּאָרטוגעזער זאָלן זיך צוריקציען. די רעגירונג האָט דאַריבער ווידעראַמאָל זיך געווענדעט צום ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. און לאָרד סטראַנגפאָרד האָט ווידעראַמאָל פאַרמיטלט. און געפּועלט, אַז בראַזיל זאָל בלייבן נייטראַל און נישט שטערן די וואַפנשטילשטאַנדס פאַרהאַנדלונגען מיט בוענאָס איירעס.

צוליב דעם איז געקומען קיין בוענאָס איירעס דער טעניענטע קאָראָנעל כואַן ראַדעמאַקער, אַלס ספּעציעלער שליח פון בראַזיל אָף צו שליסן אַ וואַפנשטילשטאַנד. דאָס איז אויך באַלד דערגרייכט און אונטערצייכנט געוואָרן (דעם 27טן מאַי 1812). דער אָפּמאַך איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע פּונקטן: 1) עס הערט באַלד אויף די פיינטלעכקייט צווישן פּאָרטוגעזישן מיליטער און דעם פונעם טריומוויראַט; 2) דער וואַפנשטילשטאַנד וועט זיין אומבאַגרעניצט און קיין שום צד טאָר נישט אַרויסטרעטן מיט אַן אָנגריף סיידן ערשט דריי חדשים נאָך דעם ווי עס וועט קעגנזייטיק געמאָלדן ווערן אַן איבעררייס; 3) דאָס פּאָרטוגעזישע מיליטער וועט זיך צוריקציען קיין בראַזיל, אַזוי שנעל עס וועט באַקומען די ידיעה פונעם אָפּמאַך.

דער דאָזיקער אָפּמאַך האָט באַדאַרפט געבן דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס אַ פרייע האַנט צו קאָנען באַלאַגערן און אַטאַקירן מאָנטעווידעאָ, אָבער די פּאָרטוגעזער האָבן נישט אַזוי גיך זיך צוריקגעצויגן.

עס האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעשטעלט, אַז די נייע קריגס דערקלערונג פון מאָנטעווידעער גובערנאַטאָר, מיטן אויסרייד פון דער טעטיקייט פון אַרטיגאַס, איז געווען אַ נייער פּרואוו ווידעראַמאָל צו שטירצן די רעגירונג פון בוענאָס איירעס און די לאַ פּלאַטאַ טעריטאָריע זאָל צוריק אַרונטערפאַלן דער מאַכט פון שפּאַניע.

די שפּאַניער פון מאָנטעווידעאָ צוזאַמען מיט די רעאַליסטן פון בוענאָס איירעס האָבן געפּלאַנט אַ נייעם אויפשטאַנד און די פאַרשווערונג האָט געזאָלט אויסברעכן אין די לעצטע טעג פון יוני, אָבער זי איז דערנאָך אָפּגעלייגט געוואָרן אָף דעם 5טן יולי (1812).

ווי ס'איז פריער איבערגעגעבן געוואָרן האָט וויגאָדעט דערקלערט קריג אין יאַנואַר, און ער האָט געזאָלט אויסנוצן די פאַרשווערונג אין בוענאָס איירעס. פריער אָבער האָט ער צוגעגרייט אַ פּלאַן, צו אַטאַקירן די ברעגן פון פּאַראַנאַ.

## בעלגראַנאָ — דער שעפער פון דער נאַציאָנאַלער פאָן

געוואָר ווערנדיק, אַז דער שפּאַנישער גובערנאַטאָר אין מאָנטעווידעאָ האָט צוגעגרייט אַ סקוואַדרע, צו לאָזן זיך מיטן פּאַראַנאַ, האָט די רע־גירונג געשיקט בעלגראַנאָ קיין ראָזאַריע, נישט דורכצולאָזן די שפּאַנישע קריגסשיפן. דעם 10טן פעברואַר 1812 איז בעלגראַנאָ געקומען קיין ראָ־זאַריאָ, און האָט באַלד אונטערגענומען די באַפעסטיקונגס ארבעט. עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן באַם ברעג צוויי באַטעריעס, מיט די נע־מען **ליבערטאַד און אינדעפּענדענסיאַ**.

ביז דעמאָלט האָט דאָס אַרגענטינער באַפרייונגס מיליטער געהאַט נאָך אַלץ די זעלבע אָפּצייכנס און די זעלבע פאָן וואָס די שפּאַניער, און בעלגראַנאָ האָט זיך געפילט געקרענקט דערפון. ס'איז אויסגעקומען ווי עס קעמפן ברידער קעגן ברידער. ער האָט זיך וועגן דעם געווענדט צו דער רעגירונג און פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַן אייגענעם פעלד־צייכן (סקאַראַ־פּעלאַ). די רעגירונג האָט אנערקענט די גערעכטע טענה פון בעלגראַנאָ און פאַראָרדנט, אַז **„דער נאַציאָנאַלער פעלדצייכן פון די פאַראייניקטע פּראָ־ווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ דאַרף זיין ווייס און הימל־בלוי"** (פעברואַר 18). באַלד נאָך דעם האָט די גאַנצע דיוויזיע פון גענעראַל בעלגראַנאָ גע־האַט די זשעטאָנען מיט די דעקרעטירטע פאַרבן.

ווען די באַטעריעס זיינען געווען פאַרטיק און ס'איז באַשטימט גע־וואָרן אָפן 27טן פעברואַר די צערעמאָניע פון זייער באַנייונג, האָט בעל־גראַנאָ באַ זיך באַשלאָסן צו מאַכן אויך אַ נייע פאָן פון די זעלבע פאַרבן פונעם זשעטאָן — ווייס און הימל־בלוי — און ער האָט וועגן דעם געלאָזט וויסן דער רעגירונג שרייבנדיק, אַז **„אַזוי ווי ס'איז געווען נויטיק אַרויס־צוהענגען אַ פאָן און נישט האָבנדיק זי, האָב איך געלאָזט מאַכן אַזעלכע, הימל־בלוי און ווייס, לויט די פאַרבן פון נאַציאָנאַלן פעלדצייכן"**.

די נייע נאַציאָנאַלע פאָן איז אַרויפגעצויגן געוואָרן מיט אַ פייערלע־כער צערעמאָניע. בעלגראַנאָ האָט געלאָזט אויסשטעלן דאָס מיליטער אין רייען, און דורכגעריטן צווישן דער דיוויזיע. ער האָט דערנאָך אַרויס־געצויגן די שווערד, זי אויפגעהויבן, און זיך ווענדנדיק צום מיליטער האָט ער געזאָגט:

„סאָלדאַטן פונעם פאַטערלאַנד! דאָ אַף דעם אָרט האָבן מיר גע־האַט דעם כבוד אָנצוטון אַ נאַציאָנאַלן זשעטאָן; מיט יענעם (וויזנ־דיק אַף דער באַטעריע אינדעפּענדענסיאַ) וועלן אונדזערע וואָפן פאַר־גרעסערן זייער רום. מיר שווערן צו באַזיגן אונדזערע אינערלעכע שונאים און זיך אַמעריקע וועט זיין דעם טעמפּל פון אומאָפּהענגי־קייט און פון פרייהייט. אינעם גלויבן אַז אַזוי וועט איר שווערן זאָגט מיט מיר: „זאָל לעבן דאָס פאַטערלאַנד!״

דערויף האָבן די סאָלדאַטן געענטפערט מיט אַ לאַנגן וויוואַ!

אין בוענאָס איירעס האָט עס דעמאָלט נאָך אַלץ געדראָעט מיטן אויפשטאַנד פון די שפּאַניער, און ווען ס'איז געקומען די ידיעה פון בעל־



בעלגראַנאָ לאָזט שווערן זיין מיליטער טרייהייט דער פאָן.

גראַנאָ וועגן זיין שאַפן אַן אייגענע פאָן אַפן אָרט פון דער שפּאַנישער, אין דער צייט וואָס אויבנאויפיק איז די רעגירונג נאָך אַלץ פאַרבונדן דורך אַ שבועה צום קעניג פערדינאַנד דעם 7טן, האָט די רעגירונג געלאָזט מעלדן בעלגראַנאָן, אַז זי אנערקענט נישט די האַנדלונג, און די נייע פאָן דאַרף אַראָפּגענומען און באַהאַלטן ווערן, און עס דאַרף ווייטער באַנוצט ווערן די שפּאַנישע קעניגלעכע פאָן. בעלגראַנאָ האָט אָבער די מעלדונג נישט באַקומען, ווייל ווען די אָפיציעלע נאָטע איז געקומען קיין ראָזאַריאָ איז בעלגראַנאָ שוין געווען אונטערוועגס קיין כוכוי, נישט האָבנדיק קיין אָנונג, אַז זיין האַנדלונג איז געטאַדלט געוואָרן.

אָט אַזוי איז געבליבן שוין דערנאָך אַלס נאַציאָנאַלע פאָן יענע הימל־

בלוי ווייסע, וואָס דער גרויסער פּאַטריאָט האָט געשאַפן בײַ די ברעגן פון פּאַראַנאַ.

זיך געפינענדיק אין כוכוי און נישט האָבנדיק באַקומען די אָפיציעלע נאָטע, האָט בעלגראַנאָ צום צווייטן אַניווערסאַר פון דער מאַי-רעוואָלוציע (דעם 25טן מאַי 1812) געלאָזט בענטשן די פאָן אין דער קירכע און גע־הייסן זיין מיליטער שווערן איר טרייהייט.

בײַ דער אָנוועזנהייט פון די לאָקאַלע אויטאָריטעטן האָט דער קאַ־נאָניק דר. גאָרריטי געבענטשט די פאָן, וואָס בעלגראַנאָ האָט אים גע־געבן, און דער גאַנצער עולם ציווילע איינוואוינער און די סאָלדאַטן האָבן אַקלאַמירט און אָוואַציאָנירט, און עס האָבן אָפּגעפייערט די קאַנאָנען זאַלפן, און ס׳איז געשפּילט געוואָרן אַ מיליטערישער מאַרש.

יענע איינדרוקספולע צערעמאָניע האָט באַוויזן דעם גרויסן ענטוז־יאַזם פון עם פאָלק און אַרמיי פאַר דער דערגרייכטער פרייהייט דורך דער מאַי-רעוואָלוציע. און בעלגראַנאָ, ניט וויסנדיק נאָך אַלץ פון דעם באַשלוס



די נאַציאָנאַלע פאָן מיט דער זון אין מיטן.

פון דער רעגירונג האָט וועגן דער דאָזיקער פייערונג געמאָלדן קיין בוע־נאָס איירעס.

ווען ער האָט באַקומען דעם ענטפער פון דער רעגירונג, איז בעלגראַנאָ געבליבן שטאַרק דערשלאָגן. ער האָט דערוואַרט אַף זיכער אַ ענטוזיאַס־טישע גוטהייסונג און אַנשטאָט דעם האָט ער באַקומען אַ פאָרוואורף...

די הימל-בלוי ווייסע פאָן איז אַנערקענט געוואָרן אַלס נאַציאָנאַלע פאָן דורכן קאָנגרעס פון 1813 און שפּעטער אַף דער פאָדערונג פון גע־

נעראל סאַן מארטין האָט אויך דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין טוקומאַן (דעם 25טן יולי 1816) אָנגענומען דעפיניטיוו די הימל-בלוי ווייסע פאָן אַלס נאַציאָנאַלע.

בעלגראַנאָ איז אַזוי אַרום געבליבן דער שעפער פון דער נאַציאָנאַלער פאָן, און די סטאַטוע זיינע וואָס איז אויפגעשטעלט אַף פלאַסאַ מאַזשאָ שטעלט אויך פאַר דעם גרויסן פאַטריאָט און קעמפער פאַר דער אַרגענטינער אומאָפּהענגיקייט, מיט אַ פאָן אין האַנט.

דעם 25טן פעברואַר 1818 האָט דער זעלבער קאָנגרעס, אין בוענאָס איירעס, פאַראָרדנט אַז אַף דער הויפּט-פאָן, אָדער קריגספאָן זאָל זיין אינמיטן אויסגעצייכנט די זון.



פרעזידענט פּאַרעל און אַנדערע מלוכה־מענער אַפּן באַלקאָן פון קאַבילדאָ־געביידע באַ דער פייערונג פון דעם טאָג פון דער פאָן (אין טאָג פון בעלגראַנאָס יאָרצייט) דעם 20טן יוני 1944.

אין יאָרן שפּעטער, אין 1884, איז דורך אַ דעקרעט רעגלאַמענטירט געוואָרן די באַנוצונג פון דער פאָן לויט פאָלגענדער אָנווייזונג:

1) די אַרגענטינער פאָן מיט דער זון, קאָן בלויז באַנוצט ווערן אַף רעגירונגס געביידעס, אין פעסטונגען, אַף קריגסשיפן און מיליטערישע קוואַרטירן; 2) באַ נאַציאָנאַלע יום-טובים און פאָלקס פעסטלעכקייטן קאָן יעדער אַרויסהענגען באַ זיין הויז אַ פאָן אָבער אָן דער זון; 3) אויסלענ־

דישע פאַנען קאָנען אַרויסגעהאַנגען ווערן בלויז איבער די געביידעס פון די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער; 4) באַם באַפּוצן די געביידעס פון פאַרשידענע לאָקאַלן צוליב וועלכער פאָלקס פעסטלעכקייט מעגן אַרויסגעהאַנגען ווערן אַלע פאַנען, אָבער די אַרגענטינער פאַן מוז פאַרנעמען אַ פּלאַץ אינמיטן.

לויט אַ געזעץ פונעם 8טן יוני 1938 איז דערקלערט געוואָרן דער טאָג פון בעלגראַנאָס יאָרצייט, דעם 20טן יוני, אַלס נאַציאָנאַלער יום-טוב אין אנדענק פונעם שעפער פון דער נאַציאָנאַלער פאַן. אין יענעם טאָג ווערט אַרויפגעצויגן אַפן מאַסטבוים פון פּלאַסאַ מאַזשאָ די זיידענע פאַן, נאָענט פונעם מאָנומענט פונעם זיגער פון סאַלטאַ. דער מאָנומענט, אַ ווערק פון די סקולפּטאָרן קאַריער-בעלוס אין סאַנטאַ קאַלאָמאַ איז אַנטהילט געוואָרן פון פּרעזידענט פאַוסטינאָ דאָמינגאָ סאַרמיענטאָ דעם 24טן סעפּטעמבער 1873, אינעם אַניווערסאַר פון דער שלאַכט אין טוקומאַן.

## אונטערדריקט די פאַרשווערונג

גענעראַל בעלגראַנאָ מיט די וויכטיקסטע מיליטערישע כוחות איז געווען אונטערוועגס אינעם קאַמפּיין קעגן דער שפּאַנישער אַרמיי אין אַלטאָ פּערו, און דאָס האָט דער נייער גוּבערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ, וויגאָדעט, געוואָלט אויסנוצן, אַף דורכצופירן מיט דער הילף פון די שפּאַניער אין בוענאָס איירעס אַ שטאַטסקלאַפּ קעגן רעוואָלוציאָנערן טריומווירואַט, און צוריק איינאָרדנען די שפּאַנישע הערשאַפט.

די בוענאָס איירעסער שפּאַניער האָבן געזאַמלט געהיים וואָפן אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, און זיי האָבן גערעכנט, אַז אַזוי ווי די מיליטערישע כוחות זיינען קליינע אין בוענאָס איירעס, ווייל דאָס מיליטער געפינט זיך צום גרעסטן טייל אין נאָרדן אָדער באַם טייך אורוגוויי, וועט דער אויפשטאַנד זיכער זיגן.

אָנפירער פון דער פאַרשווערונג איז געווען דער דעמאָלט אָנגעזעענער שפּאַניער מאַרטין דע אַלסאַגאַ, וועלכער האָט שוין איינמאָל, נאָך פאַר דער מאַי-רעוואָלוציע, געמאַכט אַן אויפשטאַנד. און גראָד אין דער צייט וואָס די פאַרשווערער האָבן זיך געגרייט צום אויפשטאַנד קעגן טריומווירואַט, האָבן די באַפרייונגס אַרמייען אונטערגענומען צוויי קאַמפּיינען, איינעם קעגן מאָנטעווידעאָ און דעם אַנדערן אין נאָרדן.

אין בוענאָס איירעס זיינען דעמאָלט געבליבן וויייניק מיליטערישע כוחות און דאַרויף געשטיצט איז דערוואַרט געוואָרן פון די פאַרשווערער אָפּצוהאַלטן אַ זיכערן זיג. דער פּלאַן איז געווען דער, אַז דער שפּאַנישער קריגספלאָט פון מאָנטעווידעאָ זאָל אַריין אין בוענאָס איירעסער פּאָרט

און אַרויסזעצן אַרום 500 מאַן, און די שפּאַניער אין בוענאָס איירעס זאָלן אין יענעם מאָמענט פאַרכאַפּן די גאַרניזאָנען און די פעסטונג. די פאַרשווערער האָבן באַשלאָסן אין דער נאַכט פון 4טן יולי 1812 זיך צו־זאַמענצוקומען און באַוואָפנטע זיך אַרויסלאָזן אין גאַס אַף דורכצופירן דעם שטאַטסקלאַפּ.

דורך אַ גאַנץ קליינער אומפאָרזיכטיקייט איז אָבער די פאַרשווערונג באַצייטנס אויפגעדעקט געוואָרן. אַלסאַגאַ האָט געהאַט אַ שקלאַף אַ נע־גער, מיטן נאָמען ווענטוראַ, וואָס האָט געדינט אין אַלסאַגאַס אַ גערט־נעריי אין באַראַקאַס. ער האָט געזען די אָפטע געסט באַ זיין באַלעבאָס, און מען האָט אויך געפּרואווט אים אַריינציען אין דער פאַרשווערונג. ווענטוראַ האָט וועגן דעם דערציילט אייניקע פּאַטריאָטן, און די זאַך איז באַלד געמאָלדן געוואָרן דער רעגירונג. דער טריומוויראַט האָט תיכף גע־מאַכט אַן אונטערזוכונג, און פעסטשטעלנדיק אַז די פאַרשווערונג איז אַ טאַטזאַך און אַז אַלסאַגאַ איז דער אָנפירער, זיינען געמאַכט געוואָרן מע־רערע אַרעסטן פון די באַטייליקער אין דער פאַרשווערונג און זיי זיינען הינגעריכטעט געוואָרן. אַלסאַגאַ גופא האָט זיך באַהאַלטן, אָבער מען האָט אים געפונען און הינגעריכטעט (דעם 5טן יולי) אין זעלבן טאָג אַף וועלכן ס'איז געהאַט באַשטימט געווען דער שטאַטסקלאַפּ.

די רעגירונג האָט באַלוינט דעם נעגער ווענטוראַ באַצאָלנדיק פאַר אים אויסלייז געלט, און חוץ דער פרייהייט וואָס ער האָט באַקומען איז באַ־שטימט געוואָרן פאַר אים אַ לוין, און מען האָט אים געשאַנקען אַ שווערד און אַ גערב, וואָס ער האָט געטראָגן אַפן לינקן אָרעם, מיט דער אויפ־שריפט „פאַר טרייהייט צו זיין פאָטערלאַנד".

## בעלגראַנאָס קאַמפּיין אין נאָרדן

אין נאָרדן איז דערווייל רעאָרגאַניזירט געוואָרן די אַרמיי. פּועירע־דאָן, וועלכער האָט גערעטעוועט דעם מלוכה אוצר נאָך דער גרויסער מי־ליטערישער מפּלה פון באַלקאַרסע און קאַסטעלי באַ הואַקי, האָט אונ־טערגענומען די רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַרמיי אין סאַלטאַ. אַלס שעפן האָבן זיך געפונען מיט פּועירעדאָנען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דיאַז וועלעז, כואַן ר. באַלקאַרסע, מאַנועל דאָרעגאָ, כאָסע מאַריאַ פּאַז, אַלוואַ־ראַדאָ, לאַמאַדריד און אַנדערע. יענע אַרמיי האָט נאָך געהאַט די אַלטע, שפּאַנישע פאָן, אָבער געקעמפט האָבן זיי פאַר אַ נייעם און פרייעם לאַנד, און פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און זיכערקייט פון זעלבן אונטער אַן אייגענער פאָן.

אין סוף מאַי 1812 האָט גענעראַל בעלגראַנאָ איבערגענומען די קאָמאַנדע איבערן מיליטער אין סאַלטאַ, און פּועירעדאָן איז אָפּגעפאָרן

קיין בוענאָס איירעס, און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעגירונג אַפן אָרט פון דר. פּאַסאָ.

דער צושטאַנד פון דער פּאַטריאָטישער אַרמיי וואָס פּועירעדאָן האָט איבערגעגעבן בעלגראַנאָ, ווערט געשילדערט פון אַ געשיכטע־שרייבער פון יענער צייט ווי פאָלגט: „שלעכט באַוואָפנט און אָן מעדיקאַמענטן פאַר די קראַנקע. ס׳זיינען געווען בלויז 500 טויגלעכע ביקסן און 215 באַיאָנעטן פאַר דער אינפאַנטעריע, און 21 קאַראַבינען און 34 פּיסטוילן פאַר דער קאַוואַלעריע. די אַרטילעריע איז באַשטאַנען פון איין קאַנאָן און 5 מאָרטערן, און מוניציע איז געווען 34.000 ביקסן קוילן. בעלגראַנאָ האָט וועגן דעם געמאָלדן דער רעגירונג, און האָט דערביי זיך אויך געקלאָגט אַף דעם שרעכלעכן צושטאַנד אין וועלכן עס געפינט זיך די באַפעלקערונג אין אינערן. ער האָט אָנגעוויזן אַז די באַפעלקערונג לעבט אין דחקות און שטייט אויך מאָראַליש אַף אַ נידעריקן ניוואָ. די גרויסע מערהייט ווייזט נישט אַרויס קיין שום אינטערעס פאַר דער רעוואָלוציע און פאַר דער פרייהייט. אין אַן אַנדערן בריוו שרייבט גענעראַל בעלגראַנאָ: „זאָל מיר אייער עקסעלענץ גלויבן, אַז די אַרמיי געפינט זיך נישט אין אַ פריינטלעך לאַנד. נישטאָ קיין שום צייכן פאַר אַזעלכן. כ׳האָב נישט געזען קיין איינעם וואָס זאָל אַרויסווייזן אינטערעס צו דינען אָדער כאָטש צו העלפן דער רעוואָלוציע. אַלעס ווערט געטון פאַרן פרייז פון גרויסע הוצאות און קרבנות. מען באַהאַנדלט אונז ווי אמתע שונאים. עס קומט אויס ווי עס וואָלט זיך געענדיקט די גאַסטפריינטלעכקייט פאַר די פאָרטעניאָס (בוענאָס איירעסער) און מען דאַרף זיי דערשטיקן אַפילו, זוייענדיק זייער בלוט".

באַ אַזאַ מין שלעכטן געמיטס צושטאַנד און מיט אַזאַ שלעכט צוגעגרייטער אַרמיי האָט בעלגראַנאָ אונטערגענומען דעם קאַמפּיין צו זיכערן אַלטאָ פּערו פאַר דער רעוואָלוציע.

בעלגראַנאָ האָט זיין מיליטער איינקוואַרטירט אין כוכוי און ער האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן דער באַפעלקערונג אין כוכוי און סאַלטאַ די צילן פון דער רעוואָלוציע און ס׳איז אים ביסלעכווייז געלונגען צו געווינען צוטרוי און אַרויסרופן אינטערעס. עס האָבן זיך באַלד אָפּגערופן פרייוויליקע פרויען וואָס האָבן מיטגעהאָלפן, און ס׳איז ביסלעכווייז רעאָרגאַניזירט געוואָרן די אַרמיי.

אין אויגוסט 1812 איז דער שפּאַנישער גענעראַל פּיאָ טריסטאַן אָקעגנגעגאַנגען בעלגראַנאָ מיט אַ מאַכט פון 3.000 מאַן, און דאָס האָט געצוואונגען די פּאַטריאָטישע אַרמיי זיך צוריקצוציען. איידער אָבער עס איז אונטערגענומען געוואָרן דער ריקצוג, האָט בעלגראַנאָ געלאָזט אויסגיסן דריי קאַנאָנען פון בראָנז. פון כוכוי האָט בעלגראַנאָ זיך צוריקגע־

צוייגן דורך קאַבאָס און דערנאָך אריבער דעם טייך פּאַסאַבע, אָדער סאַלאַדאָ, און נעבן טייך לאַס פּיעדראַס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, בײַ וועלכער די פּאַטריאָטישע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג. דערמוטיקט פונעם זיג האָט בעלגראַנאָ צוגעגרייט אַ שלאַכט אין טוקומאַן.

פון לאַס פּיעדראַס האָבן ביידע אַרמייען זיך געלאָזט דורך פאַרשידענע וועגן קיין טוקומאַן. דער שפּאַנישער גענעראַל האָט זיך געלאָזט דורך יאַטאַסטאָ, טראַנקאַס און נאָגאַלעס קיין טוקומאַן, און די אַרמיי פון בעל־גראַנאָ האָט זיך געלאָזט מיט אַ וועג מער צו מזרח.

די רעגירונג פון בוענאָס איירעס האָט געגעבן אַ פאַראָרדנונג בעל־גראַנאָן נישט צו פאַרפירן קיין שלאַכט מיט די שפּאַניער אין טוקומאַן,




די מאַרשרוטן פון דער פּאַטריאָטישער אַרמיי אונטער בעלגראַנאָס קאָמאַנדע.

נאָר זיך ווייטער צוריקציען, אָבער בעלגראַנאָ האָט גערעכנט דאָס מאָל נישט אויסצופאָלגן דעם באַפעל פון בוענאָס איירעס, אויב נאָר ער וועט באַקומען שטיצע פון דער טוקומאַנער באַפעלקערונג גופא.

די אַרמיי פון בעלגראַנאָ איז געקומען קיין טוקומאַן פריער פון דער שפּאַנישער און ער האָט דאָ געטראָפן אַ שטאַרק פּאַטריאָטישע באַוועגונג. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן באַלד אַ קאַוואַלעריע קאָרפּוס פון 400 פּויערן, פון וועלכע די מייסטע האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין ביקס אין האַנט, און זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די ערשטע גאַוטשאָס קאַוואַלעריע, וועלכע האָט זיך שפּעטער באַרימט געמאַכט אַלס די גאַוטשאָס פון גוימעז. די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע רייטער סאָלדאַטן האָבן געטראָגן פּאָנטשאָס (קריאָזשאָ שאַלן) און געווען באַוואָפנט מיט וואָס נאָר ס'האָט זיך געלאָזט.

דער שפּאַנישער מיליטער שעף טריסטאַן מיט זיינע 3.000 מאַן, אַלע גוט באַוואָפנט, האָט זיך דערנענטערט צו טוקומאַן און געמאַכט אַ סטראַטעגישן מאַנעווער, לאָזנדיק כלומרשט אַטאַקירן דעם נאָרדן פון דער שטאָט, רעכנדיק אַז בעלגראַנאָ וועט דאָרט שטעלן זיין גאַנצן ווידערשטאַנד, און אין דערזעלבער צייט זאָל דער מאַסיוו פון די שפּאַניער אַטאַקירן דעם זידלעכן טייל, אַף אָפּצושניידן די פּאַטריאָטן דעם ריקצוג. דער דאָזיקער מאַנעווער איז אָבער נישט געלונגען. די 1.800 מאַן וואָס בעלגראַנאָ האָט געהאַט האָבן זיך געוואָרפן מיט אימפּעט אַפן שונא איןביידע זייטן און אין דער שלאַכט פונעם 24טן סעפּטעמבער 1812 פולשטענדיק צעקלאַפּט די שפּאַניער. ס'זיינען גענומען געוואָרן 700 געפאַנגענע, 7 קאַנאָנען, די גאַנצע מוניציע און קריגס מאַטעריאַלן און פאָנען.

טריסטאַן מיטן רעשט געבליבענעם טייל פון זיין אַרמיי האָט זיך איילִיק צוריקגעצויגן, אָבער אַ פּאַטריאָטישע אַרמיי פון 600 מאַן, אָנגעפירט פון דיאַז וועלעז האָט פאַרפאָלגט די שפּאַניער און ס'זיינען באַפרייט געוואָרן 80 געפאַנגענע פּאַטריאָטן. לאָזנדיק זיך מיט אַן אַנדערן וועג איז דיאַז וועלעז געקומען קיין סאַלטאַ פריער ווי ס'איז געקומען טריסטאַן. דאָרט האָט די באַפעלקערונג שוין געוואוסט פונעם זיג אין טוקומאַן, און אויפגענומען ענטוזיאַסטיש די פּאַטריאָטן. דיאַז וועלעז האָט דערנאָך פאַרגעזעצט דעם מאַרש ביז כוכוי און צולעצט זיך אומגעקערט קיין טוקומאַן.

וואָלט בעלגראַנאָ געפאָלגט די פאַראָרדנונג פון דער רעגירונג און זיך צוריקגעצויגן פון טוקומאַן, וואָלטן די פּראָווינצן כוכוי, סאַלטאַ און טוקומאַן פאַרלוירן געגאַנגען, פּונקט ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט אַלטאָ פּערו. דער זיג אין טוקומאַן האָט מעגלעך געמאַכט דער רעגירונג אונטערצונעמען אַ נייע באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ. די „אומגעהאָרכזאַמקייט" פון בעלגראַנאָ האָט געראַטעוועט אין יענעם מאָמענט די רעוואָלוציע.

אַ צווייטן זיג האָט בעלגראַנאָ אָפּגעהאַלטן שפּעטער, דעם 20טן פעברואַר 1813 אין סאַלטאַ, און די שפּאַניער האָבן געשוואוירן נישט צו הויבן מער די וואָפן קעגן בוענאָס איירעס.

אין 1813 איז פּאָרגעקומען אין ב. איירעס די ערשטע קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג, און זי האָט צווישן אַנדערס באַשלאָסן צו באַלוינען גענעראַל בעלגראַנאָ פאַרן זיג אין טוקומאַן, באַשטימענדיק פאַר אים אַ מתנה פון פערציק טויזנט פעזעס, אָבער ער האָט דאָס געלט נישט געוואָלט אָננע־מען, נאָר עס באַשטימט פאַר דער גרינדונג פון פיר שולן אין טאַריכאַ, כוכוי, טוקומאַן און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ. אָבער וועגן דעם שפּעטער, אין ווייטערדיקע אַרטיקלען.



דער מאָנומענט בעלגראַנאָ אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָ.

בעלגראַנאָ האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַלטאָ פּערו (היינט באָליוויע) אַף צו האַלטן יענע פּראָווינצן פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער רע־גירונג פון בוענאָס איירעס, זיך פילנדיק זיכער קעגן אַ נייעם קאַמף מצד די שפּאַניער. ס'איז אָבער באַלד אונטערגעקומען אַ נייע שפּאַנישע אַרמיי געשיקט פונעם וויצע־קעניג פון פּערו, אָנגעפירט פונעם גענעראַל פּע־סועלאַ, אין באַשטאַנד פון 4.000 מאַן, און אין אַ קאַמף אין ווילקאַפּוכיאָ (דעם 1טן אָקטאָבער 1813) און שפּעטער אין אַיאָהומאַ, איז בעלגראַנאָס אַרמיי גענצלעך צעקלאַפּט געוואָרן. פון דער פּאַטריאָטישער אַרמיי פון בעלגראַנאָ איז אַזוי אַרום געבליבן בלויז אַרום טויזנט מאַן.

# סאַן מאַרטין דער באַפרייער

## די לאַוטאַרע לאָזשע

נאָך העט ווייט צוריק פאַר דער רעוואָלוציע פון 1810 זיינען אין בוענאָס איירעס געווען פאַרשידענע געהיימע לאָזשעס און פאַטריאָטישע פאַריינען וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער באַפרייונג פונעם לאַנד און פאַר אַ דעמאָקראַטישן רעזשים און דאָס איז אויך שפּעטער פאַרגעזעצט געוואָרן, ווייל כאָטשע עס האָט געזיגט די רעוואָלוציע, זיינען געווען גענוג געהיימע רעאַקציאָנערע כוחות און עס איז נויטיק געווען כסדר צו שטיין אױף דער וואַך. שוין אין 1795 האָט זיך געבילדעט אַ לאָזשע פון רעליגיעזן כאַראַקטער און אָנגעשטעקט מיט פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע אידייען. יענע אָרגאַניזאַציע האָט זיך גערופן „לאָזשע פון בלומען ריטואַל". אין 1804 איז דורך פּאָרטוגעזער געגרינדעט געוואָרן די רעליגיעזע לאָזשע „סאַן כואַן דע כערוסאַלעם" און האָט געאַרבעט „פאַרן גליק פון אַמעריקאַנער וועלט טייל". שפּעטער מיט צוויי יאָר, אין 1806, און נאָך די ענגלישע אינוואַזיעס האָבן זיך געגרינדעט דריי ענגלישע לאָזשעס „דער שטערן פון זיד" וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט נעבן דער סאַן כואַן קירכע, „די קינדער פון היראַם" אין געגנט מאָנסעראַט, און דער „אָרדן פון די העכסטע טעמפּל קאַוואַלירן". די אַלע זיינען געווען פריימויערער לאָזשעס מיט אידייען פאַר דער עמאַנציפּאַציע. עס האָבן זיך דערנאָך געבילדעט אַנדערע געהיימע אָרגאַניזאַציעס ווי די „אומאָפּהענגיקייטס לאָזשע" (לאָגיאַ אינדעפּענדענסיאַ), וועלכע פלעגט זיך צוזאַמענקומען נעבן דער סאַן מיגעל קירכע (דעמאָלט איז עס געווען אויסער דער שטאָט), און דער באַקאַנטער פאַטריאָטישער „פאַריין פון זיבן" וואָס האָט געהאַט זיינע זיצונגען אין דער זייפן פאַבריק פון וויעיטעס אָדער אין דער קינטע פון ראָדריגעז פּעניאַ. שפּעטער, נאָך דער מאַי-רעוואָלוציע האָט זיך געגרינדעט דער „פאַטריאָטישער פאַריין" וועלכער האָט געקעמפט קעגן סאַאַוועדראַ און די סאַאַוועדריסטן, און אין דערזעלבער צייט האָט אין 1812 זיך געבילדעט די לאַוטאַראָ לאָזשע, אָנגעפירט פון סאַן מאַרטין.

כאָסע דע סאַן מאַרטין (געבוירן אין זשאַפּעזשו דעם 25טן פעברואַר 1778) איז פון זיינע עלטערן געבראַכט געוואָרן קיין שפּאַניע צו שטודירן און אים אינטערנירט אינעם סעמינאַר פון די אַדעליקע אין מאַדריד. ווען ער איז אַלט געוואָרן עלף יאָר איז ער אריין אין דער מיליטער שול.

אין שפּאַניע האָט סאַן מאַרטין צוזאַמען מיט נאָך צוויי יונגע אַרגענטינער פאַטריאָטן זיך באַקענט מיט די נייע אידייען פון יענער צייט און ער, דער לייטענאַנט קאָראָנעל פון קאַוואַלעריע כאָסע דע סאַן מאַרטין, דער קאַראַבינען אַלפאַרעז קאַרלאָס דע אַלוועאַר און דער שיפס אַל-

פּאַרעז מאַטיאַס סאַפּיאָלאַ האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין דער לאָזשע פון קאַדיז, און זיך באַקאַנט מיט די ראַציאָנאַ־קאַוואַלירן אין די „אַמעריקאַ־נער פאַרזאַמלונגען" אין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער אויך געטראָפן מאַנועל מאָרענאָ.

סאַן מארטין האָט אין שפּאַניע שוין מיטגעמאַכט קריגס קאַמפּיינען קעגן די מאָרן אין אַפריקע, און קעגן די פראַנצויזן און פּאָרטוגעזער, אַזוי אַז ווען ער האָט זיך אומגעקערט מיט אַלוועאַר און סאַפּיאָלאַ קיין בוע־נאָס איירעס אין מערץ 1812, איז ער שוין געווען אַן אויסגעפּרואווטער סאָלדאַט, און מיטגעבראַכט די אידייע פון באַפרייונג. ער איז געקומען צוריק אין זיין פאָטערלאַנד מיט דעם הויכן אידעאַל צו שטעלן זיין האַנט און שווערד צו דינסט דער רעוואָלוציאָנערער זאַך. ער האָט באַלד גע־בילדעט די לאַוטאַראָ לאָזשע, און עס האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן אַל־וועאַר, פּועירעדאָן, סאַראַטעאַ און אַנדערע פּאַטריאָטישע לידערס.

די „לאַוטאַראָ לאָזשע" איז דאָס ערשטע געגרינדעט געוואָרן אין לאָנ־דאָן דורכן ווענעזועלער פּאַטריאָט פראַנציסקאָ מיראַנדאַ. דער נאָמען לאַו־טאַראָ שטאַמט פון אַ גרויסן אינדישן באַפרייונגס קעמפער, וועלכער האָט אין 16טן יאָרהונדערט אָפּגעהאַלטן גרויסע זיגן איבער די שפּאַניער, און ס׳איז כדאי זיך צו באַקענען דערמיט.

דער טשילענער געשיכטע־שרייבער באַראָס אַראַנאַ דערציילט פאָל־גענדעס וועגן דעם גרויסן און באַרימטן אַראַוקאַנער העלד:

געבוירן איז לאַטוטאַראָ אין 1535, און געהייסן האָט ער לעוטאַרו אָדער לעוטערו, נאָר די שפּאַניער האָבן געענדערט דעם נאָמען אויף לאַו־טאַראָ, בכדי עס לייכטער אַרויסצורעדן.

דער שפּאַנישער קאָנקיסטאַדאָר פון טשילע קאַפּיטאַן פּעדראָ דע וואַלדיוויאַ האָט געפאַנגען דאָס 15 יעריקע אַראַוקאַנער (אינדיאַנער) אינגל לאַוטאַראָ און אים געמאַכט אַלס היטער פון די פערד. אַ שטיק צייט איז ער געווען אַ שקלאַף בייַ די שפּאַניער און דערביי זיך געלערנט שיסן און אויך געכאַפּט די שפּאַנישע שפּראַך. ווען דער אַראַוקאַנער שבט האָט אין 1553 געמאַכט אַן אויפשטאַנד און פאַרניכטעט די פעסטונג פון טוקאַפּעל, איז דער יונגער לאַוטאַראָ אַנטלאָפן פון די שפּאַניער און זיך באַלד געשטעלט אין דער קאַמפס רייע פון זיין פאָלק. נאָכן ערשטן זיג איבער דער אינוואַזאָרישער מאַכט האָבן די אויפשטענדישע אינדיאַנער אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, אויף אויסצואַרבעטן אַ נייעם קריגספּלאַן. בייַ יענער פאַרזאַמלונג האָט זיך אויפגעהויבן לאַוטאַראָ, אַ בחור פון 18 יאָר, און מיט אַ פעסטער און קלאָרער שפּראַך פאָרגעלייגט אַ גלענצנדיקן פּלאַן וויאַזוי צו שלאָגן די שפּאַניער: ער האָט דערקלערט זיינע מיטקעמ־פער אַז די שפּאַניער זייען נישט אומבאַזיגבאַר, און אויב זיי האָבן אַ סך

וואַפן, אַ סך מער און מעכטיקערע ווי די פון די אינדיער, און אויב זיי האָבן אַ סך פערד און אַנדערע קאַמפס-מיטלען, זיינען די מענטשן און זייערע פערד שטערבלעכע. זיי ליידן פון דערשעפונג און מען קאָן זיי לייכט צעקלאַפּן. ס'איז נישט נויטיק פונקט צו צעשלאָגן זיי דורך אַיין אימפּעטיקער אַטאַקע. דער זיג מוז נישט קומען באַלד נאָך דער ערשטער שלאַכט. מען דאַרף בלויז נישט אָפּשטעלן די אַטאַקעס. זיי קאָנען זיין קליינע און ערטערווייזע, אָבער אומאויפהערלעכע, און אַזוי אַרום וועט מען זיי ברעכן. די ריזיקע און אומדערשעפּלעכע צאָל אינדיאַנער מוזן בילדן אַ סך דיוויזיעס און אָנפירן אַ כסדרדיקן קאַמף. מען מוז אויך האָבן די מיטהילף פון די אינדיאַנער אינעם שפּאַנישן רעטאַגוואַרד, אָפּ־שניידן די אינוואַזאָרן דעם ריקצוג און מאַכן אַלערליי שוועריקייטן און שטערונגען.

אָנגעפירט פון לאַוטאַראָ האָבן די אינדיאַנער אָנגעפירט גרויסע שלאַכטן מיט די שפּאַניער און אָפּגעהאַלטן גרויסע זיגן. אין איינער אַזאַ שלאַכט באַם טייך טוקאַפּעל, אָנגעפירט פון לאַוטאַראָ, איז געפאַלן אין קאַמף דער שפּאַנישער שעף קאָמאַנדאַנט וואַלדיוויאַ (יאַנואַר 1554) און באַלד האָבן די אינדיאַנער אָפּגעהאַלטן אַ צווייטן זיג איבער די שפּאַ־ניער אין מאַריגעניו (אין פעברואַר) אָנגעפירט פון פראַנציסקאָ דע ווי־ליאַגראַן.

נאָך אַ גרויסער צאָל שלאַכטן קעגן די שפּאַניער אין פאַרשידענע ערטער איז לאַוטאַראָ אין אַ קאַמף באַ מאַנטאַקיטאַ אַריינגעפאַלן (דעם 29טן אַפּריל 1557) אין די הענט פון די שפּאַניער און ער איז פון זיי פאַר־פייניקט געוואָרן צום טויט.

אַפן נאָמען פון דאָזיקן טשילענער קעמפער איז געגרינדעט געוואָרן די פּאַטריאָטישע לאָזשע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן אַלע פרייהייטס קעמפער. די לאַוטאַראָ לאָזשע און דער פּאַטריאָטישער פאַריין האָבן זיך געפונען אַף דער וואַך, אַז ס'זאָל אויפגעהאַלטן ווערן דער גייסט פון דער דעמאָקראַטיע אין לאַנד.

## סאַן מאַרטין אָרגאַניזירט די רייטער גראַנאַדירער

באַלד נאָכן קומען פון סאַן מאַרטין. אַלוועאַר, קאַרלאָס גידאָ און אַנ־דערע אַרגענטינער יונגעליים. וועלכע זיינען געקומען אַלע מיטן זעלבן ציל צו העלפן באַפרייען דאָס לאַנד, האָט די רעגירונג אָנערקענט זייערע מיליטערישע גראַדן און זיי אַריינגעצויגן אין דינסט. סאַן מאַרטין אַלס קאָראָנעל און אַלוועאַר אַלס קאָמאַנדאַנט האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ נייעם רעגימענט, **גראַנאַדירן אַף פערד**, וועלכער האָט זיך דערנאָך אויס־

געצייכנט אין מערערע שלאַכטן. צום נייעם קאָרפּוס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אויסשליסלעך פּעסטע יונגעלייט, מייסטנס אינדיאַנער פון מי־סיאָנעס און קאָריענטעס, און זיי זיינען מושטרירט געוואָרן אָפן אייראָ־פּעאישן מוסטער. אַלס אָפיצירן און אונטעראָפיצירן זיינען צוגעגרייט געוואָרן יונגעלייט פון בוענאָס איירעסער אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, וואָס האָבן דורכגעמאַכט העכערע בילדונגס־שולן.

סאַן מאַרטין האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גלענצענדער שעף. ער האָט זיך באַצויגן צו זיינע סאָלדאַטן און אָפיצירן פּאַטערלעך, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געפאָדערט אַ פעסטע דיסציפּלין. פון זיינע רייען זיינען אַרויס מיט דער צייט נייַנצן גענעראַלן און איבער צוויי הונדערט שעפן און אָפיצירן וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט.

די אָרגאַניזיר אַרבעט איז צוגעגאַנגען איילק. אָף דער פּלאַסאַ רע־טיראָ איז אָנגעגאַנגען אַן אומדערמידלעכע עקזעציר אַרבעט מצד די אָפיצירן, סאָלדאַטן און פערד. עס האָט נישט אויפגעהערט דאָרט אַ מי־נוט די צוגרייטונגס אַרבעט ביז ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער מוסטער־רעגימענט „גראַנאַדירן אָף פערד״. דער רעגימענט האָט זיך געטיילט אָף פיר עסקוואַדראָנען.

## צווייטער טריומוויראַט

ווי ס׳איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן האָט דער ערשטער טריומוויראַט אין זיין פּראָוויזאָרישן סטאַטוט באַשטימט אַז די מיטגלידער פון דער רעגירונג דאַרפן זיך בייטן אַלע זעקס חדשים. דער ערשטער טויש איז געווען דער, אַז לויט גורל איז אַרויסגעפאַלן פון דער רעגירונג דר. פּאַסאָ. און אָף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן מאַרטין פּועירעדאָן, און אָפן אָרט פון סאַראַטעאָ, וועלכער איז געשיקט געוואָרן מיט אַן אַרמיי צו באַלאַ־גערן מאָנטעווידעאָ איז אַריינגעצויגן געוואָרן אַלס דריטער מיטגליד אי־נעם טרונוויראַט בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, וועלכער איז פריער געווען סעקרעטאַר פון דער רעגירונג.

אין דער רעגירונג זיינען פאָרגעקומען אָפטע רייבונגען צווישן דעם מעסיקן פּועירעדאָן און דעם רעוואָלוציאָנער ריוואַדאַוויאַ. אין שטאָט גופא האָבן זיך געשאַפן אויך אומצופרידנקייטן מיט דער רעגירונג. די מעסיקע עלעמענטן האָבן געהאַלטן אַז די רעגירונג פירט אַ צו רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק, און די מאָרעניסטן, די פון פּאַטריאָטישן פאַריין און פון דער לאָוטאַראָ לאָזשע האָבן באַשולדיקט די רעגירונג אין נאַכלעסיקייט, און איר פאָרגעוואָרפן אַז זי האָט טעותדיק פאַראָרדנט בעלגראַנאָן זיך צו־ריקצוציען פון טוקומאַן, און אַז זי העלפט נישט דער אַרמיי אין נאָרדן

פאַרצוזעצן דעם קאַמפּיין. ס'זיינען אויך געקומען ידיעות אַז עס דראָט בעלגראַנאָ אַ גרויסע נידערלאַגע דורכן אוואַנס פון אַ גרויסער רעאַליס־טישער (שפּאַנישער) אַרמיי.

די לאָוטאַראַ לאָזשע האָט זיך געגרייט צו אַ רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג און געוואַרט בלויז אַף אַ פּאַסיקן מאָמענט.

לויטן פּראָוויזאָרישן סטאַטוט האָט דער מאַנדאַט פונעם רעגירונגס מיטגליד סאַראַטעאַ געדאַרפט זיך ענדיקן דעם 6טן אָקטאָבער (1812) און די דעפּוטאַטן פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט אויסקלייבן אַ נאָכפאָלגער. ווען ס'זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די דעפּוטאַטן צו דער פאַרזאַמלונג זיינען אייניקע מאַנדאַטן פון פּראָווינצן אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ נייער אומצופרידנקייט מיט דער רעגירונג און דעם קאַ־בילדאָ, באַשולדיקנדיק זיי אין פאַרטייאישקייט. די פאַרזאַמלטע דעפּוטאַ־טן, מיטן אויסנאַם פון די באַזייטיקטע, האָבן דורכגעפירט די וואַלן און אויסגעקליבן אַלס נייעם מיטגליד פונעם טריוּנוויראַט דעם דר. פּעדראָ מעדראַנאָ, וועלכער האָט נישט געהערט צו דער לאָוטאַראַ לאָזשע און נישט צום פּאַטריאָטישן פאַריין, נאָר צו אַ סאַאַוועדריסטישער פראַקציע. און נישט געקוקט דאַרויף וואָס דר. מעדראַנאָ האָט געהאַט געוויסע פאַר־דינסטן איז זיין דערוויילונג אויפגענומען געוואָרן מיט אומצופרידנקייט.



די מיטגלידער פון צווייטן טריומוויראַט: דר. כואַן כאָסע פּאַסאָ (לינקס), ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעניאַ (אינמיטן), אַנטאָניאָ אַלוואַרעז כאָנטע (רעכטס).

די דעמאָקראַטן, אָנגעפירט פון דר. מאָנטעאַגודאָ, און געשטיצט פון סאַן מאַרטין, האָבן באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעוואָלוציע. דעם 8טן אָקטאָבער (1812) איז די פּלאַסאַ (מאַזשאָ) פאַרנומען געוואָרן מיליטעריש און ס'איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם קאַבילדאָ אַ פּעטיציע, אונטערצייכנט פון 400 אָנגעזעענע בירגער, אין וועלכער ס'איז געפאָדערט געוואָרן:

1) אויפלייזן די דעפּוטאַטן פאַרזאַמלונג און דערקלערן אַנולירט

אירע באַשלוסן; 2) אַראָפּזעצן די מיטגלידער פון טריומוויראט (ריוואַדאַוויאַ, פּועירעדאָן און טשיקלאַנאַ); 3) באַשטימען אַ פּראָוויזאָרישן טריאומוויראט אין באַשטאַנד פון דר. כאָסע פּאַסאָ, ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעגיאַ און אַנטאָניאָ אַלוואַרעז כאָנטע; 4) פאַררופן אַ פאָלקס קאָנגרעס פאַר דער שאַפונג פון אַ קאָנסטיטוציע. אַזוי ווי ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעניאַ איז נישט געווען אין בוענאָס איירעס זאָל פּראָוויזאָריש פאַרנעמען דעם פּלאַץ פראַנציסקאָ בעלגראַנאָ, אַ ברודער פונעם גענעראַל.

דער קאַבילדאָ האָט די פאָדערונג נאָכגעגעבן.

באַלד נאָך דעם ווי ס'איז זיך צוזאַמענגעקומען דער נייער רעגירונגס טריומוויראט (דעם 24טן אָקטאָבער) האָט ער דורך אַ דעקרעט פאַררופן דאָס פאָלק פון שטאָט און די פּראָווינצן צו שיקן פאָרשטייער צו אַ קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג. ס'איז אויך געשיקט געוואָרן פאַרשטאַרקונג דער אַרמיי אין נאָרדן און באַנייט די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ.

## דער קאַמף בײַ מאָנטעווידעאָ

לויטן אָפּמאַך מיטן בראַזיליענער שליח ראַדעמעקער (פון מאַי 1812) האָבן די פּאָרטוגעזער ענדלעך אָפּגעצויגן פון דער אָריענטאַלער טעריטאָריע, און ס'איז דער בוענאָס איירעסער רעגירונג מעגלעך געווען אונטערצונעמען אַן ענערגישן קאַמפּיין קעגן מאָנטעווידעאָ. סאַראַטעאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס שעף קאָמאַנדאַנט איבער אַלע באַוואָפנטע כוהות און ער האָט פאַראָרדנט גענעראַל ראָנדאָ אַרויסצומאַרשירן מיט זיין אַרמיי וואָס האָט זיך געפונען בײַם טייך אורוגוויי, אַף צו באַלאַגערן מאָנטעווידעאָ, און די באַלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבן דעם 20-טן אָקטאָבער 1812.

כאָסע אַרטיגאַס, וועלכער האָט זיך צוריקגעצויגן אַ ברוגזער נאָכן וואַפנשטילשטאַנד פון 1811, האָט נישט געוואָלט זיך מיטבאַטייליקן אין דער נייער אַקציע, נאָר איז געבליבן מיט זיין מיליטער אינעם לאַגער פון איוי. אייניקע שעפן און אָפיצירן, צוזאַמען מיט אַ גרויסער צאָל סאָלדאַטן (1.500 מאַן צוזאַמען) האָבן אָבער פאַרלאָזט אַרטיגאַסן און זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַטריאָטישער אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון סאַראַטעאַ.

אַ פּאָר חדשים האָט אָנגעהאַלטן די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ אָן שום ענדערונג. סוף דעצעמבער האָט וויגאָדעט באַקומען פאַרשטאַרקונג פון שפּאַניע און ער האָט דעם 31טן דעצעמבער אונטערגענומען אַן איבעראַשונגס אָנגריף קעגן די באַלאַגערער. ס'זיינען פון מאָנטעווידעאָ אַרויס דריי קאָלומנעס גוט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, און ס'האָט זיך אַנט

ווייקלט אַ שטאַרקער קאַמף, באַ וועלכן די אַרמיי פון בוענאָס איירעס האָט זיך געמוזט שלאָגן אין ריקצוג. די רעאַליסטן פון וויגאָדעט זיינען צוגעקומען ביזן הויפּט־קוואַרטיר פון ראָנדאָ, וואָס האָט זיך געפונען אַף אַ הויכקייט אַרום אַנדערהאַלבן לעגוואָס אין דרום מזרח פון מאָנטעווידעאָ, מיטן נאָמען סעררימאָ. סאיז אָבער באַלד אונטערגעקומען פאַרשטאַרקונג פאַר דער פּאַטריאָטישער אַרמיי און נאָך אַ בלוטיקער שלאַכט האָט וויגאָדעטס מיליטער געמוזט זיך צוריקציען. דער זיג פון סעררימאָ האָט געצוואונגען די רעאַליסטן צו בלייבן ווייטער פאַרשפּאַרט אין מאָנטעווידעאָ, ביז די שטאָט האָט זיך (1814) אונטערגעגעבן.

אין יענעם מאָמענט (יאַנואַר 1813) האָט אַרטיגאַס אָנגעפירט אַ שטילן קאַמף קעגן בוענאָס איירעסער טריומווויראַט און במילא אויך קעגן דער אַרמיי וואָס האָט באַלאַגערט מאָנטעווידעאָ. שעף קאָמאַנדאַנט פון דער בוענאָס איירעסער פּאַטריאָטישער אַרמיי, ווי געזאָגט, איז געווען סאַראַטעאַ און אונטער זיין האַנט האָט אָנגעפירט די באַלאַגערונג גענעראַל ראָנדאָ. דער לעצטער האָט זיך געפונען מיט זיין מיליטער נאָענט אַרום מאָנטעווידעאָ און סאַראַטעאַ האָט געהאַט זיין הויפּט־קוואַרטיר און אַן אַרמיי נעבן טייך אורוגוויי, ניט ווייט פונעם לאַגער פון אַרטיגאַס. ווען וויגאָדעט האָט געמאַכט דעם איבערפאַל אַף די באַלאַגערער, איז סאַראַטעאַ אונטערגעקומען צו הילף ראָנדאָ און ער האָט אויך אויפגעפאָדערט אַרטיגאַסן אונטערצוקומען. אנשטאָט אָבער אויסצופאָלגן דעם רוף האָט אַרטיגאַס אונטערגעשיקט זיינע לייט צו מאַכן שטילע איבערפאַלן אין לאַגער פון סאַראַטעאַ, און צוגנבענען דאָרט די פערד און קי. די לייט פון אַרטיגאַס האָבן אויך געפּרואווט העצן די סאָלדאַטן פון בוענאָס איירעס קעגן זייערע פירער. סאיז געקומען אַזוי ווייט אַז אַרטיגאַס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם שונא און איז געוואָרן אַ געפאַר פאַר דער פּאַטריאָטישער אַרמיי. גענעראַל ראָנדאָ האָט געפּרואווט פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאַודיזשאָ, און דער לעצטער האָט דערביי געפאָדערט אַז ס׳זאָלן באַזייטיקט ווערן סאַראַטעאַ און אַנדערע שעפן מיט אים, דאַן וועט ער זיך מיטבאַטייליקן אין דער באַלאַגערונג. ראָנדאָ און וועדיאַ האָבן פאַרשטאַנען אַז מען מוז איצט האָבן די מיטהילף פון אַרטיגאַס און זיי האָבן דעם 8טן יאַנואַר געמאַכט אַ שטיקל אויפשטאַנד און באַזייטיקט די מיליטער שעפן וויאַנאַ, וואַסקעז, וואַלדענעגראָ, באַלטאַסאַר וואַרגאַס און אַנדערע. ראָנדאָ איז אַזוי אַרום געבליבן שעף קאָמאַנדאַנט און וועדיאָ מאַיאָר גענעראַל.

ס׳איז שפּעטער געקומען פונעם טריומווויראַט אַ גוטהייסונג צו דער געמאַכטער ענדערונג, און דעמאָלט ערשט האָט אַרטיגאַס מיט זיין מילי־

טער זיך ארויסגערירט פון דעם לאגער פון איזי און זיך (פעברואר 1813) אנגעשלאסן צו דער פאטריאטישער ארמיי און מיטגעהאלפן אין דער באלאגערונג.

## ערשטער נאציאנאלער קאנגרעס

**באשטרעבונג צו פולשטענדיקער אומאפהענגיקייט. — אפגעשאפט דעם האנדל מיט שקלאפן. — אנגענומען וויכטיקע באשלוסן פון נאציאנאלן כאראקטער. — אנערקענט די נאציאנאלע פאן און דעם עמבלעם. — אויפגענומען דעם נאציאנאלן הימן. — שאפן אייגענע מטבעות.**

דער צווייטער טריומוויראט, וואס איז געווען א פראוויזארישע רעגירונג, געבילדעט דורך דער רעוואלוציע פון 8טן אקטאבער 1812, האט זיך אפגעגעבן מיט גרויס אינטערעס אויסצופירן די אידייע פון מארענא, וואס איז אויך געווען דער וואונטש פון אלע פאטריאטן און פון גאנצן לאנד, צו פאררופן א גרויסע דעפוטאטן פארזאמלונג, אין וועלכער ס'זאלן זיין פארטרעטן אלע פראווינצן, און ס'זאל אויסגעקליבן ווערן א לעגאלע רעגירונג, וואס זאל האבן די פולע אויטאריטעט און צוטרוי פונעם פאלק.

פריער פלעגן די דעפוטאטן אויסגעקליבן ווערן דורך די קאבילדאס פון די שטעט, אבער די נייע רעגירונג האט דורך איר דעקרעט פון 24טן אקטאבער פארגעשלאגן אן אנדערן וואל־סיסטעם: ס'זאלן אויסגעקליבן ווערן עלעקטארן, און זיי ערשט זאלן אויסקלייבן דעפוטאטן. ס'איז אויך פארזיכערט געווארן אז ס'וועלן אפגעהיט ווערן די רעכטן פון די פראווינצן און די פארזאמלונג (קאנגרעס) וועט זיין די העכסטע אויטאריטעט, וואס מיינט אז אלע רעגירונגס מאכטן זאלן זיין אין ראנג נידעריקער פון איר. דאס האט אויך שפעטער אין זיין דערעפנונגס ווארט דערקלערט דר. פאסא, בשעת דער קאנגרעס האט זיך געעפנט.

די פארזאמלונג איז זיך צוזאמענגעקומען דעם 31טן יאנואר 1813, און יענע פארזאמלונג האט געזאלט שאפן די קאנסטיטוציע און אויך געזאלט פראקלאמירן די אומאפהענגיקייט פון לאנד. יענע פארזאמלונג פון 1813 פארנעמט א וויכטיקן פלאץ אין דער געשיכטע פון לאנד. עס האבן אין איר אנטייל גענומען די גרעסטע פאליטיקער און די בעסטע מוחות פון יענער צייט און ס'זיינען אנגענומען געווארן א גאנצע רייע געזעצן פון גרויס באדייטונג.

לכבוד דער דערעפענונג פונעם קאנגרעס זיינען דורכגעפירט געווארן פארשידענע פעסטלעכקייטן. ס'איז אפגעהאלטן געווארן א גאטעסדינסט (טעדעאום) אין קאטעדראל בא דער אנוועזנהייט פון די רעגירונגס מע־

נער, דעפּוטאַטן און פאָלק, און ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַלערליי צערעמאָניעס אין דער פעסטונג.

געפעלט האָבן די דעפּוטאַטן פון אַלטאָ פּערו, ווייל יענע פּראָווינץ איז נאָך געווען אונטער שפּאַנישער הערשאַפט, און עס האָבן אויך געפעלט דעפּוטאַטן פון באַנדאַ אָריענטאַל. ס'זיינען יאָ געקומען אייניקע דעפּוטאַטן פון אָריענטאַל, אָבער זיי זיינען נישט געווען קיין דערוויילטע, נאָר געשיקט פון דעם לאַגער פון אַרטיגאַס, און זיי זיינען דעריבער נישט אנערקענט געוואָרן.

די פאַרזאַמלונג איז דערעפנט געוואָרן אין דער קאָלאָניאַלער געביידע וואו ס'איז אַמאָל געווען דער האַנדלס קאָנסולאַט, און וואו ס'איז דערנאָך אויפגעבויט געוואָרן דאָס הויז פון דער באַנק פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. אַלס פאָרזיצער איז איינשטימיק דורך אַקלאַמאַציע אויסגעוויילט געוואָרן קאַרלאָס דע אַלוועאַר, אַן אינטימער פריינט און מיטאַרבעטער פון סאַן מאַרטין.

באַלד אין אָנהויב האָט די פאַרזאַמלונג זיך דערקלערט אַלס סוּווערענע נאַציאָנאַלע פאָלקס פאַרטרעטונג, און באַשטימט אַז פון איצט אָן זאָלן אַלע אַקטן פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער זיין אינעם נאָמען פון דער „פאַרזאַמלונג" (קאָנגרעס) און יעדע טרייהייטס און געהאָרכזאַמקייטס שבועה זאָל זיין דער פאַרזאַמלונג. דער נאָמען פון פערנאַנדאָ 7טן אַלס מאַכט איבערן לאַנד האָט אויפגעהערט.

צווישן די וויכטיקסטע געזעצן וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן פון דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען פאָלגענדע:

**1) אָפּשאַפן דעם האַנדל מיט נעגערס (קויף און פאַרקויף פון שקלאַפן) און פרייהייט פון בויך.**

דער קאָלאָניאַלער רעזשים האָט געהאַט דערלויבט אַריינצוברענגען נעגערס פון אַפריקע און זיי פאַרקויפן אַלס שקלאַפן. די קינדער וואָס שקלאַפן האָבן געבוירן האָבן אויך געהערט אַלס שקלאַף דעם באַלעבאָס. דעם 2טן פעברואַר, איז אַפן פאָרשלאַג פונעם דעפּוטאַט קאַראָנעל אַלוועאַר אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק דער געזעץ, אַז פון יענעם טאָג און ווייטער בלייבט יעדעס ניי געבוירענע קינד פון אַ שקלאַף דערקלערט אַלס פריי, און עס טאָר נישט פאַרקויפט ווערן מיט דער מוטער אָדער אָן איר. פון דעמאָלט אָן האָט די שקלאַפן פרוי נישט געגאָלטן מער אַלס פּראָדוקט פון שקלאַפן קינדלערן, אינעם דינסט פונעם באַלעבאָס.

ס'איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן דער ווייטערדיקער קויף פון שקלאַפן.

חוץ דעם געזעץ פון „פרייהייט פון בויך" איז אַרויפגעטראָגן געוואָרן אַ פאָרשלאַג צו דערקלערן פריי אַ געוויסע צאָל שקלאַפן יערלעך דורך גורל. דאָס איז אָבער נישט אָנגענומען געוואָרן ווייל די רעגירונגס קאַסע

איז נישט געווען אימשטאַנד צו באַצאָלן די באַלעבאַטים די אויסלייז סו־מעם וואָס זיי האָבן באַצאָלט פאַר זייערע שקלאַפן.

די שקלאַפן־באַלעבאַטים האָבן זיך געקלאָגט אין אָנהויב קעגן דעם געזעץ פון בויך פרייהייט, האַלטנדיק עס פאַר אַן אומרעכט קעגן זיי, אָבער זיי האָבן געמוזט אנערקענען שפּעטער די דערקלערונג אַז געקויפט האָבן זיי די מוטער אָדער דעם פאָטער, אָבער נישט דאָס קינד.

2) **די פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט דורכצופירן אַ צענז,** אָנווייזנדיק אַז דאָס איז נויטיק, ערשטנס בכדי צו קאָנען איינשטעלן אַ גוטן וואַל־רע־זשים, און צווייטנס צו קאָנען די ציווילע, עקאָנאָמישע און מיליטערישע סיטואַציע פונעם לאַנד.

ס'איז באַשטימט געוואָרן ווייטער:

3) אויסצובויען און אָנפירן אַ מעדיציניש פאַקולטעט.

4) אָפּשאַפן דאָס געזעץ פון „מיטא״, וואָס איז באַשטאַנען אין




גערב און זיגלען וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן פון דער פאַרזאַמלונג פון 1813.

צווינגען אינדיאַנער גרופּעס צו אַרבעטן אין די מינען.

5) אָפּשאַפן דעם געזעץ פון „ענקאָמיענדאַס״, וואָס איז באַשטאַנען אין קויפן די ערד מיט די אינדיאַנער וואָס האָבן דאָרט געוואוינט. און צווינגען די געבירטיקע צו שווערער אַרבעט.

6) אָנפירן אַ פרייעם עקספּאָרט פון תבואה.

7) פולשטענדיקע פרייהייט פאַר אויסלענדער אַריינצוקומען און אַרויספאָרן. האַנדלען און קויפן אומבאַוועגלעכע גיטער (אָפּשאַפנדיק אַלע פאַרבאָטן און באַשרענקונגען פון דער קאָלאָניאַלער צייט).

8) **שאַפן אַ מיליטער שול.**

9) אַבסאָלוטע אומאָפּהענגיקייט פונעם שטאַט אין באַצוג דער קירכ־לעכער אויטאָריטעט וואָס געפינט זיך אין אויסלאַנד.

10) פאַרבאָטן מענער יונגער פון 30 יאָר צו ווערן גייסטלעכע אָדער מאָנאַכן.

ס׳זיינען אויסערדעם אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנצע רייע אַנדערע באַ־שרענקונגען פאַר דער קירכע, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַז אַלע הכנסות פון דער קירכע זאָלן אַריין אין רעגירונגס קאַסע.

11) פאַראָרדנונג פון אַ בעסערער פונקציע אין די טריבונאַלן און רעפאָרמען אין די טורמעס.

12) **ס׳זאָלן געמאַכט ווערן נייע מטבעות,** פאַרבייטנדיק דאָס בילד פונעם קעניג אַף דעם עמבלעם פון די נאַציאָנאַלע וואָפן.

13) **דער נאַציאָנאַלער עמבלעם** (עסקודאָ) זאָל זיין דאָס היטל וואָס סימבאָליזירט די פרייהייט און איבער אים די זון, ווענעמנס ליכט באַ־שטראַלט די וואַסערן פון אונזער טייך, פאַרבייטנדיק דעם פריריקן עמ־בלעם פון שפּאַניע (לייבן און שווערטער קרייצונג).

14) **דער נאַציאָנאַלער הימן** איז אָנגענומען געוואָרן באַ דער זיצונג פון 11טן מאַי, וואָס איז געווען די שאַפונג פון לאָפּעז אי פּלאַנעס, און האָט אויסגעדריקט די שטימונג פון דער צייט.

ס׳איז אויך באַשטימט געוואָרן:

15) אָפּשאַפן די טיטלען פון די אַדעליקע.

16) פאַרברענען עפנטלעך אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָר אַלע געוועזענע פייניקונגס אינסטרומענטן.

17) דערקלערן דעם 25טן מאַי אַלס נאַציאָנאַלן יום־טוב.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער רעגירונגס פאָרם איז באַשטימט געוואָרן אַנ־שטאַט אַ טריומוויראַט צו בילדן אַ דירעקטאָריום.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט געיובלט מיטן צוזאַמענקום פון דער פאַר־זאַמלונג, אָדער קאָנגרעס, דערוואַרטנדיק עפּעס וויכטיקס פאַרן לאַנד, און די פאַרזאַמלונג האָט נישט אַנטוישט דאָס פאָלק. עס האָט אויך אַנדערש נישט געקאָנט זיין, ווען מען נעמט אין אַכט אַז צווישן די דעפּוטאַטן האָבן זיך געפונען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי מאָנטעאַגודאָ, לאַררעאַ, וואַלענטין גאָמעז, גענעראַל מאַלדעס, וויסענטע לאָפּעז אי פּלאַנעס, באַי־גאָרי און אַנדערע באַקאַנטע פּאַטריאָטן פון יאָר 10. אַלע האָבן דערוואַרט די פּראָקלאַמירונג פון אַ קאָנסטיטוציע און די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד, נאָר דער פּאָליטישער מאָמענט האָט עס נישט דערלויבט.

די פאַרזאַמלונג האָט באַאויפטראָגט אַ קאָמיסיע אויסצואַרבעטן אַ

קאָנסטיטוציע פּראָיעקט, און די קאָמיסיע האָט די אַרבעט אויך אויסגע־פירט. אין דעם קאָנסטיטוציע פּראָיעקט האָט זיך אינעם אַרטיקל 1 גע־זאָגט: „די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ בילדן אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע רעפּובליק”. דאָס איז געווען דער ערשטער אַרויספאָר: אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע רעפּובליק. דאָס איז געווען דער וואונטש פון אַלע: זיך באַפרייען פון פערנאַנדאָ 7טן און פון שפּאַניע בכלל. אַלע אַנדערע אַרטיקלען זיינען געווען פון זעלבן כאַראַקטער, געצילט איינ־צושטעלן אָרדנונג, זיכערקייט, פרייהייט און וואוילשטאַנד. און כאָטשע אַלע דעפּוטאַטן האָבן געוואָרט מיט שפּאַנונג די קאָנסטיטוציע צו באַ־האַנדלען און אָננעמען, איז זי דאָך נישט באַהאַנדלט געוואָרן צוליב פּאָלי־טישע טעמים. מען האָט מורא געהאַט, אַז אַזוי ווי עס האָט זיך גערעדט אין דער קאָנסטיטוציע פון אַ פולשטענדיקער אומאָפּהענגיקייט, און נע־מענדיק אין אַכט אַז ענגלאַנד איז דעמאָלט געווען אין גוטע באַציאונגען מיט שפּאַניע, האָט מען מורא געהאַט אַז דאָס קאָן שטערן די פריינט־שאַפט פון ענגלאַנד צו אַרגענטינע. אויסערדעם האָט עס געהאַלטן שוין באַם סוף פון דער פראַנצויזישער אָקופּאַציע אין שפּאַניע, האָט מען מורא געהאַט אַז פערנאַנדאָ זאָל נישט שיקן אַן אַרמיי און פלאָט קעגן אַרגענ־טינע. אין אמתן האָט פערנאַנדאָ 7טער אויך געפּלאַנט צו שיקן שפּעטער אַזאַ אַרמיי און פלאָט, אָפּ צוריקצושטעלן די „אָרדנונג” אין אַמעריקע, אָבער זיין פּלאַן איז דורכגעפאַלן איבער די אינערלעכע אומרוען אין שפּאַניע.

באַ אַלע דעפּוטאַטן איז אָבער געווען דער גוטער ווילן און ענטו־זיאַזם אָנצונעמען די קאָנסטיטוציע און דערקלערן אומאָפּהענגיק דאָס לאַנד.

## דער ערשטער אַרויסטריט פון סאַן מאַרטין
## די שלאַכט באַ סאַן לאָרענסאָ

דער גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ אין דינסט פון שפּאַניע האָט נישט אויפגעהערט צו פירן קריג מיט בוענאָס איירעס. אַזויווי די רעגי־רונג פון בוענאָס איירעס האָט נישט געקאָנט אויפשטעלן אַ פלאָט און זיכערן די טייכן לאַ פּלאַטאַ און פּאַראַנאַ, האָבן די שפּאַנישע קריגסשיפן געמאַכט פרייע שפּאַצירן איבערן אורוגווייַ און פּאַראַנאַ אָפּ צו זוכן לעבנס־מיטלען פאַר דער באַלאַגערטער שטאָט מאָנטעווידעאָ. די מאַנשאַפטן פלעגן אַראָפּ אָפּ די ברעגן און צוגערויבט בהמות, עופות און פאַרשידענע אַנ־דערע לעבנסמיטלען.

אין יאַנואַר 1813, אין דער צייט פון ערב קאָנגרעס, האָט די רעגי־

רונג פון בוענאָס איירעס באַקומען אַ ידיעה, אַז אַ פלאָט פון עלף שיפן דאַרף זיך לאָזן איבערן פאַראַנאַ מיטן ציל ווי שטענדיק, דורכצופירן רויב איבערפאַלן אַף די ברעגן. ס'איז פאַראָרדנט געוואָרן באַלד סאַן מאַרטי־נען, וועלכער איז געווען דעמאָלט קאָראָנעל, אַז ער זאָל מיט אַ טייל פון זיין גראַנאַדירן רעגימענט איבערוואַכן די ברעגן און אַטאַקירן די שפּאַ־ניער ווען זיי וועלן אַראָפּ פון די שיפן.




דער קאַמפּיין פון סאַן מאַרטין באַם פאַראַנאַ, וואו ס'איז פאָרגעקומען דעם 3טן פעברואַר 1813 די באַרימטע שלאַכט פון סאַן לאָרענסאָ.

די שפּאַניער האָבן געלאַנדעט קעגנאיבער אַ קאָנווענט מיטן נאָמען סאַן לאָרענסאָ, וואָס האָט זיך געפונען אַרום פינף לעגוואָס אין נאָרדן פון ראָזאַריאָ.

סאַן מאַרטין, וועלכער איז געגאַנגען מיט דער לענג פונעם ברעג און צווישן ביימער, האָט די גאַנצע צייט אָבסערווירט דעם גאַנג פון די שיפן, און ווען ער האָט געזען די שיפן זיך אָפּשטעלן אינעם פאַרנאַכט פון 2טן פעברואַר האָט ער פאַרזאַמלט זיינע סאָלדאַטן אינעם קאָנווענט, און זיי האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט. אַפן אַנדערן טאָג, דעם 3טן פעברואַר,

גאַנץ פרי, האָט סאַן מאַרטין באַהאַלטן זיינע 120 גראַנאַדירן הינטערן דערמאָנטן קאָנוועגט, אויסשטעלנדיק זיי אין צוויי העלפטן. עס האָבן זיך באַלד באַוויזן די שפּאַניער, מאַרשירנדיק אין דער ריכטונג צום קאָנ־וועגט, און ווען זיי זיינען געקומען שוין נאָענט, האָט סאַן מאַרטין מיט זיינע גראַנאַדירן זיך אַ לאָז געטון מיט אַ שטורם אָנגריף און ווי אַ בליץ געפאַלן אַף די אינוואַזאָרן. אַ פערטל שעה האָט געדויערט דער קאַמף און דערנאָך האָבן די שפּאַניער, אַרום 250 אין צאָל, אָנגעהויבן איילּיק צו אַנטלויפן. אַ סך פון זיי האָבן אין איילעניש באַם כאַפּן אַ שיפל זיך אויסגעגליטשעט און געפאַלן אין וואַסער אַריין און דערטרונקען געוואָרן.

אין יענער שלאַכט איז סאַן מאַרטין שיר דערהרגעט געוואָרן. אַ קויל פון אַ קאַנאָן האָט געטראָפן זיין פערד און ס'איז געפאַלן און צוגעדריקט סאַן מאַרטינס פוס אַף דער ערד. אין דעם מאָמענט האָט אָנגעיאָגט אַ שפּאַנישער סאָלדאַט און געוואָלט דערהרגענען. ס'איז אָבער איילּיק אונטערגעלאָפן אַ גראַנאַדיר און באַשיצט זיין שעף און מיט אַ שטאַרקן



אַ סצענע פונעם בלוטיקן קאַמף באַם קאָנוועגט פון סאַן לאָרענצאָ.

זעץ דערהרגעט דעם שפּאַנישן אינפאַנטעריסט. דער דאָזיקער מוטיקער גראַנאַדיר איז געווען באַיגאָרי. אַדאַנק זיין פלינקייט האָט ער אָפּגעראַ־טעוועט דאָס לעבן פונעם צוקינפטיקן גרויסן באַפרייער. אין זעלבן מאָ־מענט איז אונטערגעקומען אויך אַ צווייטער פּאַטריאָטישער קעמפער און געהאָלפן סאַן מאַרטינען זיך באַפרייען פונעם פערד. דער גראַנאַדיר האָט געכאַפּט דערביי צוויי טויטלעכע וואונדן און איז שפּעטער מיט צוויי שעה געשטאָרבן. האַלטנדיק באַם שטאַרבן האָט ער געזאָגט: **„איך שטאַרב צו־פרידן; דער שונא איז געשלאָגן!...”**

דערדאָזיקער מוטיקער און פּאַטריאָטישער סאָלדאַט איז געווען דער סערזשאַנט כואַן באַוטיסטאַ קאַבראַל, אַ געבוירענער אין קאָריענטעס.

און יעדעס מאָל ווען ס'איז דערנאָך איבערגעקוקט געוואָרן די ליסטע פון די סאָלדאַטן איז אויך אויסגערופן געוואָרן דער נאָמען „כואַן באַוטיסטאַ קאַבראַל!" און די סאָלדאַטן האָבן אַלע איינשטימיק געענטפערט: „געשטאָרבן העלדיש אַפן פעלד פון זיג!"

ס'איז אויך באמת געווען אַ גרויסער זיג די שלאַכט בײַ סאַן לאָרענסאָ. די שפּאַניער, אָנגעפירט פון כואַן אַנטאָניאָ דע סאַוואַלאַ, זײַנען געקומען 250 מאַן, און זיי האָבן איבערגעלאָזט אַפן קאַמפּס פעלד 40 טויטע, 14 געפאַנגענע, 2 קאַנאָנען, פופציק ביקסן און די קריגספאָן. דער זיג פון סאַן לאָרענסאָ קאָן אויך באַטראַכט ווערן אַלס גרויסער דורך דעם וואָס ס'איז פריי געוואָרן דער פאַרקער אויף די טייכן, און פאַר די שפּאַניער איז נאָך שווערער געוואָרן די לאַגע אין מאָנטעווידעאָ.

בײַם קאָנווענט פון סאַן לאָרענסאָ האָט זיך געפונען אַ גאָרטן און דאָרט אונטער אַ סאָסנע בוים האָט סאַן מאַרטין גערוט נאָך דעם אָפּגעהאַלטענעם זיג, און דאָרט אָנגעשריבן די מעלדונג וועגן רעזולטאַט פון דעם דורכגעפירטן קאַמף.

דער גראַנדיעזער רעגימענט פון סאַן מאַרטין האָט דורכגעפירט זײַן ערשטע פייער פּראָבע מיט גרויס דערפאָלג.



דער היסטאָרישער פּינאָ־בוים, אונטער וועמענס שאָטן סאַן מאַרטין האָט אָנגעשריבן די מעלדונג וועגן אָפּגעהאַלטענעם זיג.

# די שלאַכט אין סאַלטאַ

אין זעלבן חודש פעברואַר (1813) האָבן אויך אָנגעהויבן ווייען בעסערע ווינטן אַף אַ צווייטן פראָנט, באַ דער אַרמיי פון נאָרדן אָנגעפירט פון בעלגראַנאָ. זיבעצן טעג נאָך דער שלאַכט באַן סאַן לאָרענסאָ האָט די נערדלעכע אַרמיי אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער די שפּאַניער אין סאַלטאַ.

ווי ס'איז פריער איבערגעגעבן געוואָרן האָט די פּאַטריאָטישע אַרמיי אָפּגעהאַלטן אַ זיג אין טוקומאַן איבער די רעאַליסטן אָנגעפירט פון גאָיענעטשע, און דיאַז וועלעז האָט דערנאָך מיט 600 מאַן פאַרפאָלגט די אינוואַזאָרן ביז סאַלטאַ און צולעצט זיך אומגעקערט אין אָקטאָבער קיין טוקומאַן. בעלגראַנאָ האָט דעמאָלט זיך אָפּגעגעבן אַ לאַנגע צייט מיטן רעאָרגאַניזירן זיין אַרמיי, מיטן ציל אונטערצונעמען אַ ווייטערדיקן אַוואַנס אַפן וועג צו אַלטאָ פּערו. גאָיענעטשעס קאָמאַנדאַנט אין סאַלטאַ, טריסטאַן, האָט אויך באַקומען פאַרשטאַרקונג פון אַלטאָ פּערו, און ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמיי פון 3.500 מאַן.

דעם 12טן יאַנואַר (1813) האָט בעלגראַנאָ אונטערגענומען דעם מאַרש פון טוקומאַן מיט 3.000 מאַן און זיך אָפּגעשטעלט באַם טייך פּאַסאַכע, וועלכער איז פאַרטרונקען געוואָרן. פינף טעג האָט דאָרט דאָס פּאַטריאָטישע מיליטער גערוט און דעם 13טן פעברואַר אריבער אַפן רעכטן ברעג. דאָרט האָט דאָס מיליטער מיט זייערע שעפן געשוואוירן געהאָרכזאַמקייט דער קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג (אַסאַמבלעאַ כענעראַל קאָנסטיטוציאָנעטע), און באַלד אונטערגענומען דעם מאַרש צו סאַלטאַ.

בעלגראַנאָ האָט געמאַכט אַ זייער געלונגענעם סטראַטעגישן צוג, לאָזנדיק זיין מיליטער מאַרשירן פאַרביי כוכוי צו נאָרדן פון דער שטאָט, בכדי אָפּצושניידן די שפּאַניער דעם ריקצוג צו כוכוי, און באַלד גענומען אַטאַקירן סאַלטאַ. די שלאַכט אין סאַלטאַ איז געווען זייער אַ בלוטיקע, אָבער טריסטאַן האָט באַלד איינגעזען אַז זיין ווידערשטאַנד איז אומנוצלעך ווייל ער איז אַרומגערינגלט. ער האָט דערפאַר (דעם 20טן פעברואַר) אָנגעבאָטן די קאַפּיטולאַציע.

ס'איז אַזוי אַרום געבליבן אין בעלגראַנאָס הענט קאַנאָנען, פאָנען, וואָפן און אַרום 3.000 סאָלדאַטן און אָפיצירן. בעלגראַנאָ, דער רעוואָלוציאָנער, האָט צוגעזאָגט די געפאַנגענע פרייהייט, אויב זיי וועלן שווערן אַז זיי וועלן נישט אויפהויבן מער די שווערד קעגן די פּאַטריאָטן, און זיי האָבן עס צוגעשוואוירן. אַזוי ווי די מערהייט פון די וואָס האָבן געשווואוירן זיינען געווען געבוירענע אַף אַמעריקאַנער ערד האָט בעלגראַנאָ גערעכנט אַז ווען זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים וועלן זיי אָנפירן אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע און וועלן אין זייערע ערטער שאַפן אַ רע-

וואָלוציאָנערע שטימונג, אַזוי, אַז ווען ער וועט קומען קיין אַלטאָ פּערו, מיטן פרעסטיזש פונעם זיג פון סאַלטאַ וועט ער אויפגענומען ווערן ענטוזיאַסטיש. זיין האָפענונג איז אָבער בלויז טיילווייז דערפילט געוואָרן, ווייל אַ סך פון די וואָס האָבן געשוואוירן נישט צו גיין קעגן בוענאָס איירעס זיינען צוריק אריין אין דער שפּאַנישער ארמיי צו קעמפן קעגן דער בוענאָס איירעסער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

ווען די טראָפייען פון סאַלטאַ זיינען געקומען קיין בוענאָס איירעס האָט דער קאַבילדאָ זיי צוגעשטעלט דער קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג (14טן מאַי), און די סואווערענע פאַרזאַמלונג האָט דעקרעטירט אַ באַלוינונג בעלגראַנאָן פון 40.000 פּעזעס און אַ שווערד. דאַרויף האָט בעלגראַנאָ געענטפערט מיט אַ דאַנק און געשריבן: „איך האַלט פאַר מיין כבוד מער ווירדיק נאָכצוקומען מיין וואונטש פאַרן וואוילזיין פון מיין פאָטערלאַנד, און באַשטים די סומע פאַרן בוי פון פיר שולן, אין די שטעט פון טאַריכאַ, כוכוי, סאַנטיאַגאָ און טוקומאַן".

## דער נאַציאָנאַלער הימן

דער קאָנגרעס אָדער קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג פון 1813 אין בוענאָס איירעס איז געווען אַ יום־טוב פאַרן לאַנד. עס האָט זיך אומעטום געפילט אַ דערהויבענע פּאַטריאָטישע שטימונג און פרייד, און קיין חידוש נישט וואָס גראַד דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער **נאַציאָנאַלער הימן**; אַ הימן וואָס רעדט פון צעריסענע קייטן און פרייהייט, אַ הימן וואָס שיקט אַ גרוס פון פרייהייט דער וועלט, און די וועלט ענטפערט ענטוזיאַסטיש — **אַל גראַן פּועבלאָ אַרגענטינאָ סאַלוד!** (דעם אַרגענטינער גרויסן פאָלק אַ גרוס!).

פאַרפאַסער פונעם דאָזיקן דערהאַבענעם הימן איז געווען וויסענטע לאָפּעז אי פּלאַנעס, אַ הייסער פּאַטריאָט, דער פאָטער פונעם שפּעטערדיקן געשיכטע־שרייבער וויסענטע פידעל לאָפּעז, און מיטגליד פון דער דעפּוטאַטן פאַרזאַמלונג. די מוזיק דערצו האָט געשאַפן **בלאַס פּאַרעראַ**.

עס ווערט דערציילט, אַז אין דער נאַכט פון 8טן מאַי 1813 איז דר. לאָפּעז בייגעווען אַ פאַרשטעלונג פון פּאַטריאָטישן כאַראַקטער אין איינציקן טעאַטער וואָס איז דעמאָלט געווען אין בוענאָס איירעס, אין „קאַסאַ דע קאָמעדיאַס", און ענטוזיאַזמירט פון די ווערטער וואָס ער האָט געהערט פון דער בינע האָט אין אים דערוואַכט דער דיכטער און פּאַטריאָט. ער האָט פאַרלאָזט אייליק דעם טעאַטער און זיך געלאָזט איבער די טונקלע גאַסן שנעל אַהיים. אין דרויסן איז געווען היבש קיל. איז ער גע־

גאַנגען גיך, און קומענדיק אַהיים האָט ער תיכף זיך געזעצט באַ זיין אַרבעטס-טישל און אָנגעהויבן אַרבעטן אַרום אַ הימן, וואָס זאָל דערקלערן דאָס לאַנד פריי און באַגריסן די וועלט מיטן וואָרט פרייהייט. דער הימן וואָס יענער היסטאָרישער דיכטער האָט געשאַפן איז באַשטאַנען פון ניין סטראָפן, און אין אים איז דערציילט געוואָרן פון די נייע קאַמפּעאַנען וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צו קעמפן קעגן די טיראַנען; עס האָט זיך גערעדט פון די קאַמפן און אויפשטאַנדן אין פּאָטאָסי, קאָטשאַבאַמבאַ, לאַ פּאַז און קאַראַקאַס; ס׳איז אויסגעדריקט געוואָרן אַ לויב דעם מוטיקן און העל־דישן אַרגענטינער קעמפער; ס׳זיינען דערמאָנט געוואָרן די שלאַכטפעל־דער פון סאַן לאָרענסאָ, סואיפּאַטשאַ, אַמבאָס פּיעדראַס, סאַלטאַ און טו־קומאַן; דער קאַמף קעגן טיראַן אין באַנדאַ אָריענטאַל; די זיגן און ליידן פון די אַרגענטינער אין לויף פון די יאָרן און יעדער סטראָף איז באַגלייט געוואָרן מיטן רעפראַן „זאָלן בלייבן אייביק די לאָרבערקרענץ וואָס מיר האָבן דערגרייכט; געקרוינט פון רום ווילן מיר לעבן, אָדער מיר שווערן מיט רום צו שטאַרבן”.

דער הימן ווערט איצט באַנוצט אין אַ פאַרקירצטער פאָרם, זינגענדיק בלויז פונעם ערשטן סטראָף אַ העלפט און די העלפט פון לעצטן, מיטן רעפראַן. אין די דאָזיקע סטראָפן ווערט אויסגעדריקט דער תמצית פון גרויסן מאָמענט פון באַפרייאונג: „הערט איר שטערבלעכע דעם הייליקן רוף: פרייהייט, פרייהייט, פרייהייט! — הערט דעם געדויש פון צערי־סענע קייטן, זעט אויף טראָן די נאָבלע גלייכהייט. — עס האָבן שוין זייער טראָן געעפנט די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון זיד, און די פרייע פון דער וועלט ענטפערן: „דעם אַרגענטינער גרויסן פאָלק: אַ גרוס!”

אַן עמאָציאָנירטער און צופרידענער פון זיין שאַפונג האָט לאָפּעז אַ־פּלאַנעס עס געוויזן זיינע פריינט און זיי האָבן אים וואַרעם באַגריסט. עס איז באַלד אויך פאָרגעקומען אַ געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענקום אין הויז פון איינער פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען, איינע וואָס ווערט געשיל־דערט אַלס די שענסטע און פרעסטיזשפולסטע פאַרטעניאַ פרוי, מאַריאַ סאַנטשעז דע טאָמפּסאָן, און דאָרט האָט דער זינגער עסטעבאַן דע לוקאַ פאָרגעלייענט דעם הימן. באַ יענעם צוזאַמענקום האָבן זיך געפונען מע־רערע פּאַטריאָטישע אָנפירער, צווישן זיי אויך דער קאַטאַלאַן בלאַס פּאַרערא, אַ פּיאַנאָ-מייסטער וואָס האָט געגעבן לעקציעס אין די אַרים־טאָקראַטישע הייזער. דער עולם האָט נאָכן אויסהערן די פאָרלעזונג פו־נעם הימן דורך לוקאַ, געבעטן בלאַס פּאַרעראַ צו שאַפן מוזיק דערצו. „אויב ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערער — האָט פּאַרעראַ באַשיידן געענטפערט — וועל איך פּרואוון עפּעס מאַכן, און דערנאָך וועלן מיר צווישן אונז אַלע עס אויסבעסערן”.

אין הויז פון מאַריאַ טאָמפּסאָן, אָדער ווי זי איז גערופן געוואָרן, „מאַריקיטאַ", איז געווען דער זאַמלפּלאַץ פון דער העכערער געזעלשאַפט. אַהער איז געקומען ריוואַדאַוויאַ, בעלגראַנאָ, דאָ האָט סאַן מאַרטין זיך באַקענט מיט דער ביינעווודיקער סעניאָריטאַ רעמעדיאַ דע עסקאַלאַדאַ, די טאָכטער פון אַן אָנגעזעענער פּאַטריאָטישער פאַמיליע, מיט וועלכער ער האָט דערנאָך חתונה געהאַט. אין יענעם הויז פון מאַריקיטאַ סאַנטשעז דע טאָמפּסאָן פלעגן קאָמענטירט ווערן די געשעענישן פון טאָג אָפּן פּאָלי־טישן און קינסטלערישן געביט און די מיינונג פון מאַריקיטאַ אין יעדער פראַגע איז געווען פון באַדייטונג אין יענעם קרייז פון מיליטאַרן, פּאָלי־טיקער און קינסטלער. דאָס הויז האָט זיך געפונען אין דער גאַס וואָס איז היינט פלאָרידאַ, אין סאַמע צענטער פון פּאָליטישן קאָך.



די ערשטע פּראָבע פון שפּילן דעם נאַציאָנאַלן הימען אין הויז פון מאַריקיטאַ סאַנטשעז.

נאָך דעם ווי דער הימען איז אָפּלאָדירט געוואָרן ענטוזיאַסטיש אין הויז פון מאַריקיטאַ איז ער אויך שפּעטער פאַרגעלייענט געוואָרן פאַר דער דעפּוטאַטן פאַרזאַמלונג און אויך דאָ שטורמיש אָוואַציאָנירט און אָנגענומען געוואָרן (11טן מאַי 1813) אַלס נאַציאָנאַלער הימען. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן פון דער פאַרזאַמלונג באַ דער זעלבער זיצונג, אַז די שול־קינדער זאָלן אין די נאַציאָנאַלע יום־טובים באַגריסן די פאָן מיט דעם עמבלעם פון דער אויפגייענדיקער זון און זינגען דעם הימען.


לאָפּעז אי פּלאַנעס


בלאַס פּאַרערא

בלאַס פּאַרעראַ, מאַריקיטאַס מוזיק-לערער, האָט אויסגעאַרבעט די מוזיק און זי געבראַכט אין אַ טאָג, ווען ס׳איז ווידעראַמאָל געווען אַ צו-זאַמענקום אין הויז פון מאַריקיטאַ טאָמפּסאָן. דער עולם האָט געטאַנצט, געטרונקען מאַטע און זיך אונטערהאַלטן, אָבער אין מאָמענט ווען דער מוזיק-מייסטער איז געקומען האָט זיך די שטימונג באַלד געביטן. עס האָט אָנגעווייעט אַ גרויסע פייערלעכקייט און מיט גרויס אינטערעס און עמאָ-ציע האָט יעדער זיך צוגעהערט צו די אַקאָרדן און צולעצט אויסגעבראַכן מיט אָוואַציעס און אַפּלאָדיסמענטן.

די ערשטע עפנטלעכע פּראָבע איז געמאַכט געוואָרן דערנאָך אינעם סאַלאָן פון געוועזענעם קאָנסולאַט, און ס׳זיינען דערביי בייגעווען געקלי-


פאַקסימיל פון אַ שטיק נאָטן פון נאַציאָנאַלן הימן פונעם אָריגינאַל, געשריבן פון בלאַס פּאַרערא.

# אַרגענטינער נאַציאָנאַלער הימן

## HIMNO NACIONAL ARGENTINO

Oíd, mortales, el grito sagrado:
¡Libertad! ¡Libertad! ¡Libertad!
¡Oíd el ruido de rotas cadenas!...
Ved en trono a la noble igualdad.

Ya su trono dignísimo abrieron
Las Provincias unidas del Sud
Y los libres del mundo responden:
"¡Al gran pueblo argentino salud!".

*Sean eternos los laureles,*
*Que supimos conseguir:*
*Coronados de gloria vivamos*
*O juremos con gloria morir.*

בענע פּערזאָנען פון דער הויכער געזעלשאַפט און די דעפּוטאַטן פון דער פאַרזאַמלונג.

וועגן יענער ערשטער פּראָבע שרייבט לוסיאָ וויסענטע לאָפּעז, דאָס אייניקל פונעם שעפער פונעם הימן: „באַלד נאָך דעם ווי בלאַס פּאַרעראַ האָט געשאַפן די מוזיק האָט אַ געקליבענער עולם זיך געדרענגט איבער די שמאָלע טרעפּ פונעם הויז פון קאָנסולאַט (וואו ס'זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער דעפּוטאַטן פאַרזאַמלונג). דאָס זיינען געווען אונזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, די פריילינס און פרויען פון דער הויכער געזעלשאַפט, אָנגעטון אין די שענסטע טראַכטן פון יענער צייט. זיי זיינען געקומען הערן די ערשטע פּראָבע פונעם הימן מיט דער מוזיק פון דאָן בלאַס פּאַרעראַ. ס'זיינען געווען דאָרט צווישן די דאַמען דאָניאַ מאַריאַ סאַנטשעז דע טאָמפּסאָן, דאָניאַ מערסעדעס עסקאַלאַדאַ, דאָניאַ עוסעביאַ לאַסאַלאַ און אַנדערע; ס'זיינען געווען אויך אַלע יונגעלייט פון דער רעוואָלוציע, זייערע רעדנער, פירער, גייסטלעכע און קריגספירער. דער גרויסער עולם האָט רעספּעקטפול זיך אויפגעשטעלט און מיט ערפורכט געהערט דעם הימן וועלכער האָט געדאַרפט זיין דער דויערהאַפטסטער מאָנומענט פון דער אַרגענטינער רעוואָלוציע".

# MUSICA DEL HIMNO NACIONAL

MAESTOSO
O-íd mor-ta-les el gri-to sa-gra-do. Li-ber-tad, li-ber-tad, li-ber-
-tad — O-íd el rui-do de ro-tas ca-de-nas. Ved en tro-no a la no-ble i-gual-
dad Ya su tro-no dig-ní-si-mo a-brie-ron Las Pro-vin-cias U-ni-das del
Sud Y los li-bres del mun-do res-pon-den: Al gran pue-blo Ar-gen-ti-no sa-
-lud — Al gran pue-blo Ar-gen-ti-no sa-lud Y los li-bres del mun-do res-
Al gran pue-blo Ar-gen-ti-no sa-lud!
pon-den Al gran pue-blo Ar-gen-ti-no sa-lud Y los li-bres del mun-do res-
ALL° VIVACE
-pon-den. Al gran pue-blo Ar-gen-ti-no sa-lud. Sean e-ter-nos los lau-re-les Que su-
ritenuto LENTO
-pi-mos con-se-guir — Que su-pi-mos con-se-guir. — Co-ro-
ALL° VIVACE
-na-dos de glo-ria vi-va-mos. O ju-re-mos con glo-ria mo-rir. O ju-
-re-mos con glo-ria mo-rir O ju-re-mos con glo-ria mo-rir —

פון דעמאָלט אָן זיינען די נעמען פון לאָפּעז און פּאַרערא געבליבן אומלייזבאַר געבונדן. און פּונקט ווי פייערלעך ס׳איז געהערט געוואָרן דער הימן באַ דער ערשטער פּראָבע פילט זיך אויך איצט נאָך אַ דערהויבנ־קייט, הערנדיק די ווערטער פונעם נאַציאָנאַלן הימן „עס דערהויבט זיך אַף דער פלאַך פון דער ערד אַ נייע און גלאָרייכע נאַציאָן” און עס דער־מאַנט אין יענער צייט פון דער רעוואָלוציע, און אין יענע גרויסע מענער וואָס האָבן אַקטואירט 1810 און 1813.

יאָרנלאַנג איז דער הימן געזונגען געוואָרן אַזוי ווי ער איז געשאַפֿן געוואָרן, נאָר מיט אַ פּופּציק יאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי עס האָט אָנט־גילטיק אויפגעהערט די פיינטשאַפט צווישן שפּאַניע און אַרגענטינע, איז ער געקירצט געוואָרן, בכדי נישט צו פאַרלעצן די געפילן פון שפּאַניע, און ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו זינגען בלויז, ווי געזאָגט די ערשטע פיר סטראָפן און די לעצטע פיר.

## נייע נידערלאַגע פון בעלגראַנאָס אַרמיי

נאָך דער שלאַכט אין סאַלטאַ, וואו בעלגראַנאָ האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער די רעאַליסטן, האָבן זיך די לעצטע צוריקגעצויגן פון כוכוי, סואיפּאַטשאַ און פון אַנדערע פּונקטן קיין פּאָטאָסי, וואו עס האָט זיך געפונען גאָיענעטשע. פון פּאָטאָסי האָט גאָיענעטשע מיט זיין אַרמיי זיך צוריקגעצויגן קיין אָרוראָ.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דאָס מיליטער וואָס האָט אין סאַלטאַ געשוואוירן בעלגראַנאָ נישט צו קעמפן מער קעגן בוענאָס איירעס, זיך געפינענדיק אַפן וועג אַהיים, האָט גאָיענעטשע פאַראָרדנט אַז יענע סאָלדאַטן זאָלן זיך אָפּשטעלן אין אַ שטעטל פאַר אָרוראָ, בכדי נישט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט זיין מיליטער. ער האָט זיי צוגעשיקט אַ פּראָקלאַמאַציִע, אין וועלכער זיי זיינען גערופן געוואָרן זיך אָנצושליסן אין זיין אַרמיי און זיי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן באַפרייט ווערן פון דער שבועה דורכן אַרציבישאָף פון טשאַרקאַס. עס האָבן אָבער בלויז זיבן אַפיצירן און 300 סאָלדאַטן זיך אָפּגערופן אַף דעם רוף פון דעם רעאַליסטן שעף, און ער האָט פון זיי געבילדעט אַן אַזוי גערופענעם „באַטאַליאָן פון טויט".

בעלגראַנאָ מיט זיין אַרמיי איז אַריבער פון סאַלטאַ קיין כוכוי און דערנאָך קיין פּאָטאָסי. אין יענער צייט איז בעלגראַנאָס אַרמיי פּאַטריאָטן, אָנהויב סעפּטעמבער 1813, באַשטאַנען פון אַרום 3.500 מאַן, און געווען שלעכט באַוואָפנט.

פון פּאָטאָסי האָט בעלגראַנאָ אָפּמאַרשירט ווייטער צו נאָרדן און געקומען סוף סעפּטעמבער קיין ווילקאַפּוכיאָ, אין אַלטאָ פּערו. דאָרט האָט ער געהאַט קעגן זיך די שפּאַנישע אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון פּעסועלאַ, אין באַשטאַנד פון 4.000 מאַן. דעם 1טן אָקטאָבער האָט פּעסועלאַ באַקומען פאַרשטאַרקונג פון גאָיענעטשאַ און האָט באַלד אונטערגענומען אַן אַטאַקע. די פּאַטריאָטישע אַרמיי האָט אין ערשטן מאָמענט אָפּגעהאַלטן אַ זיג, נאָר עס האָט זיך באַלד געשאַפן אַ צעמישונג אַפן שלאַכטפעלד




דער מאַרש פון בעלגראַנאָס אַרמיי פון טוקומאַן צו סאַלטאַ און אַלטאָ פּערו.

און פּעסועלאַ האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און דורכגעפירט אַ נייע אַטאַקע און אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג.

אין יענעם קריטישן מאָמענט האָט בעלגראַנאָ אַרויפגעצויגן די אַר־גענטינער פאָן אַף אַ שכנישן בערגל און באַלד האָבן זיך אַרום פאַרזאַמלט אַרום 400 מאַן פון זיין מיליטער, און בעלגראַנאָ האָט אונטערגענומען מיט זיי דעם ריקצוג צו פּאָטאָסי. עס האָבן זיך אויך רעאָרגאַניזירט אייניקע רעשטלעך וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין טשוקיסאַקאַ און אַנדערע ערטער, און מיט זיי און אויך מיט פרישער פאַרשטאַרקונג וואָס בעלגראַנאָ האָט באַקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט זיך געבילדעט אַ נייער פּאַ־טריאָטישער קאַמפּס-כוח. ער איז אָבער געווען ווייט נישט גענוג אַף צו

שטעלן אַ ווידערשטאַנד אַ נייער שלאַכט, וואָס עס האָט אָנגעבאָטן גאַ־יענעטשעס אַרמיי אָנגעפירט פון פּעסועלאַ.

אין יענער צייט האָט זיך געפונען אין קאַטשאַבאַמבאַ (אַלטאָ פּערו) דער פּאַטריאָטישער מיליטער שעף, קאָראָנעל כואַן אַנטאָניאָ אַלוואַרעז דע אַרענאַלעס, און ער האָט דאָרט געשאַפן אַ באַזונדערע גרופּע קאַוואַ־לעריע, וואָס איז באַשטאַנען פון גאַוטשאָס און ער האָט געהאָפט צו קאָ־נען אַטאַקירן די שפּאַניער אין אָרוראָ, באַם אונטערקומען פון בעלגראַנאָן מיט זיין אַרמיי. די שפּאַניער האָבן אָבער אָנגעבאָטן בעלגראַנאָן אומגע־ריכט אַ נייע גרויסע שלאַכט אין אַיאָהומאַ דעם 14טן נאָוועמבער 1813. און די פּאַטריאָטישע אַרמיי איז דאָ שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן.

די דאָזיקע נייע נידערלאַגע פון בעלגראַנאָ איז געווען דער לעצטער גרויסער קלאַפּ אין אַלטאָ פּערו. פון אַיאָהומאַ האָבן די רעשטן פון בעל־גראַנאָ זיך איילִיק צוריקגעצויגן דורך פּאָטאָסי און סואיפּאַטשאַ ביז כו־כוי. די שפּאַניער זיינען אָנגעגאַנגען מיט דער פאַרפאָלגונג, אָבער זיי זיי־נען אין אַ גרויסער מאָס געשטערט געוואָרן דורך דער קאַוואַלעריע פון אַרענאַלעס און פון אַ צווייטער גרופּע פּאַטריאָטן אָנגעפירט פון ראַווסאָן. ווען די שפּאַניער האָבן זיך דערנענטערט צו כוכוי איז בעלגראַנאָ אַוועק ווייטער, צו סאַלטאַ, און פון דאָרט קיין טוקומאַן. אין געגנט פון סאַלטאַ איז אונטערגעקומען ווידעראַמאָל אַ גרופּע פּאַטריאָטישע גאַוטשאָס אָנגע־פירט פון קאָראָנעל מאַרטין גועמעז און געשטערט די שפּאַניער אין זייער פאַרפאָלגונגס געיעג.

קיין טוקומאַן איז אָנגעקומען בעלגראַנאָ מיט 1.800 מאַן. דאָ איז שפּעטער אונטערגעקומען גענעראַל סאַן מאַרטין און איבערגענומען די אַרמיי (יאַנואַר 1814). בעלגראַנאָ האָט איבערגעגעבן די קאָמאַנדע זיין יונגערן וואָפן־חבר ווי אַ ברודער, און זיך געשטעלט אים צו דינסט אַלס פּשוטער רעגימענטס שעף. דאָס פאָטערלאַנד און די רעוואָלוציע זיינען באַ בעלגראַנאָן געשטאַנען אַ סך העכער ווי זיין פּערזענלעכער רום.

## געבילדעט אַ דירעקטאָריום

די צייט פון דער אַנדערער העלפט פון 1813 איז געווען ווידעראַמאָל אַ שווערע פאַרן לאַנד. ס׳זיינען געקומען זייער שלעכטע ידיעות פון די קאַמפּס־פראָנטן, און די פאַרזאַמלונג האָט אנשטאָט זיך אָפּצוגעבן מיט באַהאַנדלען נייע געזעצן זיך געמוזט ווידמענען די מיליטערישע געשעע־נישן.

אין סעפּטעמבער 1813 האָט ראָנדאָ געמאָלדן, אַז ס׳איז געקומען פרי־שע פאַרשטאַרקונג פון שפּאַניע פאַר מאָנטעווידעאָ און דעם 20טן אָקטאָ־

בער איז געקומען די ידיעה פון בעלגראַנאָס מיליטערישער נידערלאַגע אין **ווילקאַפּוכאַ** און קורץ נאָך דעם איז געקומען די צווייטע שרעקלעכע ידיעה וועגן דער נידערלאַגע פון דער פּאַטריאָטישער אַרמיי אין **איאַהומאַ**, און אויב די ערשטע ידיעות האָבן געמאַכט אַ שווערן איינדרוק האָט די לעצטע אַרויסגערופן ממש אַ פּאַניק, ווייל מען האָט פאַרשטאַנען אַז עס שטייען אין געפאַר כוכוי, סאַלטאַ און אויך טוקומאַן. באַ אָט דעם צושטאַנד האָט די רעגירונג באַשטימט איבערצוגעבן די קאָמאַנדע איבער דער נערדלעכער אַרמיי סאַן מאַרטינען, און צו גלייכער צייט אָנהויבן אָרגאַניזירן אַ פּלאַט און ענגער מאַכן די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ.

קאָראָנעל אַלוועאַר האָט רענונסירט פון זיין מאַנדאַט אַלס דעפּוטאַט באַ דער **פֿאַרזאַמלונג** בכדי אַריינצוטרעטן אין אַקטיוון דינסט אין דער אַרמיי און ער האָט באַלד אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ פאַרשטאַרקונגס אַרמיי צו דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ. יעדער האָט פאַרשטאַנען אַז עס מוז געמאַכט ווערן אַ סוף צום ווידערשטאַנד פון מאָנטעווידעאָ, און ווען דאָס וועט דערגרייכט ווערן וועט מען זיך קאָנען אָפּגעבן מיט דער גאַנצער ענערגיע צום קאַמפּיין אין אַלטאָ פּערו.

די **פֿאַרזאַמלונג** האָט דעריבער באַ אַן אויסעראָרדנטלעכער זיצונג (דעם 8טן סעפּטעמבער 1813) אָנגענומען אַ געזעץ, דורך וועלכן **„עס ווערט אויטאָריזירט די העכסטע עקזעקוטיווע מאַכט צו האַנדלען מיט פולער אומאָפּהענגיקייט אין צייט פון אָפּשטעלן די זיצונגען, און באַריכטן דער פֿאַרזאַמלונג באַ דער ערשטער זיצונג"**. באַלד איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן די טעטיקייט פון דער **פֿאַרזאַמלונג**, איבעררייסנדיק די זיצונגען ביזן 1טן אָקטאָבער.

דער געפערלעכער מאָמענט האָט געפאָדערט אַז די רעגירונג (טריומוויראַט) זאָל האָבן אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן. די רעגירונג האָט אויך געטון אַלעס מעגלעכע אַף צו ראַטעווען די לאַגע. אַלוועאַר האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אַרמיי צו דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ און אונטערנעמען אַ שטורם-אָנגריף אַף דער שטאָט, און צו גלייכער צייט איז מיט דער פינאַנציעלער הילף פון דעם רייכן סוחר און פּאַטריאָט כואַן לאַררעאַ געקויפט געוואָרן שיפן, פּראָיעקטירנדיק צו שאַפן אַ פלאָט. זיך נישט פילנדיק אָבער גענוג אין כוח דורכצופירן די פּראָיעקטירטע קאַמפּיינען האָט די טריומוויראַט רעגירונג פאַררופן די פּאַרזאַמלונג צו אַ נייער זיצונג אָפן 21טן יאַנואַר 1814, אַף דורכצופירן דעם אָנגענומענעם באַשלוס צו ענדערן די רעגירונג און אנשטאָט דעם טריומוויראַט בילדן דעם דירעקטאָריום מיט אַ העכסטן דירעקטאָר אין דער שפּיץ. דעם 22טן יאַנואַר איז די פראַגע דיסקוטירט געוואָרן און די פּאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן נאָכצוקומען די פאָדערונג פונעם טריומוויראַט, און פאַראָרדנט

אַז די רעגירונגס מאַכט זאָל זיך געפינען אין דער האַנט פון איין איינצי־קער פּערזאָן מיטן טיטל **„העכסטער דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע פּראָ־ווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ"**. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַז דער העכסטער דירעקטאָר זאָל טראָגן אַ צווייפאַרביקן באַנד, בלוי אין די זייטן און ווייס אין מיטן מיט אַ גאָלדענעם ברעג, אַלס אָפּצייכן פון זיין הויכער רעפּרעזענטאַנץ. זיין רעגירונגס פּעריאָד זאָל זיין צוויי יאָר, און ער זאָל באַטיטלט ווערן „זיין עקסעלענץ". אים צו הילף זאָל געבילדעט ווערן אַ קאָנסולטיווע קערפּערשאַפט מיטן נאָמען „שטאַטס ראַט", צוזאַמענגע־שטעלט פון ניין פּערזאָנען. אַלס פּאָרזיצער פון דאָזיקן ערשטן ראַט האָט די פאַרזאַמלונג באַשטימט ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעניאַ.

אַלוועאַר, דער שטאַרקער מאַן פון יענעם מאָמענט, האָט פאָרגע־שלאָגן צו באַשטימען דעם גרויסן פּאַטריאָט און געוואַגטן קעמפער **כער־וואַסיאָ אַנטאָניאָ פּאָסאַדאַס** אַלס ערשטן העכסטן דירעקטאָר, און זיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן.

דעם 31טן יאַנואַר 1814 אינעם אַניווערסאַר פון דער דערעפענונג פון דער פאַרזאַמלונג, האָט פּאָסאַדאַס איבערגענומען דעם הויכן אַמט, און ער האָט באַשטימט אַלס זיינע מיניסטאָרן דר. ניקאָלאַס הערערא — רעגי־רונגס (אָדער אינערן) מיניסטער; קאָראָנעל פראַנסיסקאָ כאַוויער דע וויאַ־נאַ — קריג און פלאָט, און דער רייכער כואַן לאַררעאַ — פינאַנצן.

די ערשטע אַרבעט צו וועלכער עס האָט זיך אָפּגעגעבן די רעגירונג איז געווען, צו אָרגאַניזירן אַ פלאָט. לאַררעאַ, דער אייביקער פינאַנצירער פאַרן שטאַט האָט איצט אַלס פינאַנץ מיניסטער זיך אויסגעצייכנט מיטן באַזאָרגן די נויטיקע פינאַנציעלע מיטלען, און ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פלאָט צוזאַמענגעשטעלט פון פיר גרעסערע און צוויי קלענערע שיפן, הוץ אייניקע באַרקאַזשן, לייכט באַוואָפנט. כואַן לאַררעאַ איז געווען אַ קאַטאַלאַן, אַ ליבעראַל, וועמענס פּאַרטיי איז שטאַרק באַקעמפט גע־וואָרן פון פערנאַנדאָ 7טן אין שפּאַניע, און קיין חידוש נישט וואָס ער האָט זיך געווידמעט מיט דער גאַנצער ענערגיע דער באַפרייאונגס זאַך פון אַרגענטינע. ער האָט געהאַט צו הילף דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ווהייט, וועלכער האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צום קויף און באַוואָפנונג פון די שיפן.

ס'איז איצט אַרויפגעשוואומען די פראַגע פון אַ קאָמאַנדאַנט. גראָד האָט זיך געמאַכט אַז ס'איז געקומען אַ יונגער קאַפּיטאַן פון אַ האַנדלס שיף, אַן אירלענדער, מיטן נאָמען גיזשערמאָ בראַון. ער איז געקומען פון אייראָפּע מיט אַ פראַכט שיף וואָס האָט געבראַכט סחורות פאַר אַרגענ־טינע. די שפּאַנישע שיפן פון מאָנטעווידעאָ וואָס האָבן געהאַט בלאָקירט בוענאָס איירעס האָבן זיין שיף פאַרכאַפּט, אַזוי אַז ער האָט פאַרלוירן די שיף מיט דער לאַדונג, און זיך געפינענדיק אין בוענאָס איירעס האָט ער

זיך אָנגעבאָטן דורכצופירן אַן אַטאַקע אַף אַ שפּאַנישער שיף וואָס איז געשטאַנען אין ענסענאַדאַ. די רעגירונג האָט אים געגעבן די געהעריקע אויטאָריזאַציע, און בראָוון האָט באַלד צוגעגרייט צוויי באַרקאַזש שיפלעך, באַזעצט מיט ענגלישע טריפּולאַנטן און געמאַכט אַן איבערפאַל אַף דער




די מיטגלידער פון ערשטן דירעקטאָריום.

שפּאַנישער שיף. די ענגלישע טריפּולאַנטן זיינען אַרויף אַף דעם באָרד, האָבן באַהערשט די שפּאַנישע מאַנשאַפט און אַריינגעפירט די שיף קיין בוענאָס איירעס. דאָ איז זי פאַרקויפט געוואָרן און בראָוון האָט זיך אָפּגענומען דעם שאָדן פאַר זיין פאַרכאַפּטער שיף.

דורכן געוואַגטן איבערפאַל אַף די שפּאַניער האָט בראַון זיך דער־וואָרבן באַלד אַ נאָמען און געוואונען דעם צוטרוי פון דער רעגירונג. ער איז איינגעלאַדן געוואָרן איבערצונעמען די קאָמאַנדע איבערן אַרגענטי־נער קריגס פלאָט און ער האָט עס אָנגענומען. די שיפן זיינען אַלע באַ־זעצט געוואָרן מיט אַ גענוגנדער מאַנשאַפט און בראַון האָט זיך איינגע־אָרדנט די קאָמאַנדע אַף דער זעגל שיף הערקולעס. אַלס טריפּולאַנטן אַף די אַלע שיפן האָבן זיך געפונען מאַטראָזן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן (פראַנצויזן, נאָרד־אַמעריקאַנער, איטאַליענער, פּאָרטוגעזער און מער פון אַלע ענגלענדער). עס האָבן אָבער אויך ניט געפעלט קיין קריאָזשאָס וואָס, כאָטשע זיי זיינען געווען ערשטלינגע אינעם ים־דינסט, האָבן זיי זיך אָפּטמאָל גוט אויסגעצייכנט אין קאַמף. אַזוי אַרום האָט אונטער דער קאָ־מאַנדע פון בראַון זיך אויסגעבילדעט די ערשטע אַרגענטינער מאַנ־שאַפט פאַרן נאַציאָנאַלן קריגספלאָט.

ווען וויגאָדעט איז געוואָר געוואָרן אין מאָנטעווידעאָ, אַז עס ווערט צוגעגרייט אין בוענאָס איירעס אַ קריגספלאָט האָט ער צעטיילט זיין פלאָט, וואָס איז באַשטאַנען פון פערצן קריגסשיפן און אַכט באוואָפנטע האַנדלסשיפן, אין צוויי טיילן. איין דיוויזיע האָט ער געשטעלט באַ מאַר־טין גאַרסיאַ, אַף אָפּצושפּאַרן דעם טייך אורוגווי, און דעם צווייטן טייל, דעם גרעסערן, האָט ער געשטעלט אין די דרויסנדיקע וואַסערן אַפן לאַ פּלאַטאַ טייך, צווישן בוענאָס איירעס און מאָנטעווידעאָ.

אין יענער צייט האָט אַרטיגאַס געשפּילט אַ מיאוסע פּאָליטיק מיט דער בוענאָס איירעסער רעגירונג. אַרטיגאַס האָט זיך געפילט באַליידיקט פאַרוואָס מען האָט נישט צוגעלאָזט זיינע מענטשן צו דער פאַרזאַמ־לונג (קאָנגרעס) אַלס פאַרשטייער פון באַנדאַ אָריענטאַל. שפּעטער האָט באַנדאַ אָריענטאַל (אין דעצעמבער 1813) געשיקט פאַרשטייער, אוים־קלויבנדיק דיזעלבע באַ אַ צוזאַמענפאָר נעבן מאָנטעווידעאָ, אָן דער באַ־טייליקונג פון אַרטיגאַס. דערפאַר האָט דער קאָודיזשאָ אַרטיגאַס אין יאַ־נואַר 1814, פּונקט דעמאָלט ווען ס'איז אָנגעקומען שפּאַנישע פאַרשטאַר־קונג קיין מאָנטעווידעאָ, זיך צוריקגעצויגן פון דער באַלאַגערונג. וואָלט ווי־גאָדעט אויסגענוצט יענעם מאָמענט און ארויסגעקומען מיט זיין מילי־טער קעגן די פּאַטריאָטישע באַלאַגערער, וואָלט ער אָן שום צווייפל אָפּ־געהאַלטן אַ זיג. ער האָט אָבער גערעכנט אַז דאָס צוריקציען זיך פון אַר־טיגאַס איז בלויז אַ שפּיצל. ראָנדאָ האָט תיכף אָנגענומען מיטלען צו דעקן דעם פרייעם פּלאַץ וואָס אַרטיגאַס האָט געלאָזט (דעם 20טן יאַנואַר) און געבעטן הילף אין בוענאָס איירעס.

דער דירעקטאָר פּאָסאַדאַס, הערנדיק פון דער האַנדלונג פון אַרטי־גאַס, האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, אין וועלכן ער האָט דערקלערט

אַרטיגאַסן אַלס פֿאַררעטער, באַנדיט און שעדלינג, און דעקרעטירט צו גלייכער צייט אַ באַלוינונג פֿאַר דעם וואָס וועט אויסליפֿערן אַרטיגאַסן לעבעדיק אָדער טויט (11טן פֿעברואַר). אַרטיגאַס האָט דאָרויף געענטפֿערט מיט אַ פֿאָרמעלן קריג דער בוענאָס איירעסער רעגירונג. ער איז אַריבער קיין ענטרע ריאָס און דאָרט אָנגעפֿירט אַ העצע קאַמפּיין, און אויך געפֿונען געוויסע אָנהענגער. מיט זיבן חדשים שפּעטער איז עס געקומען צו פֿאַרהאַנדלונגען און אַן אויסגלייך צווישן דער בוענאָס איירעסער רעגירונג און אַרטיגאַס (אויגוסט 1814).

כּאַקין דע וועדיאַ שילדערט דעם קאָנפֿליקט צווישן אַרטיגאַס און בוענאָס איירעס אויף פֿאָלגענדן אופֿן:

ווען ס'זיינען זיך צונויפֿגעקומען די דעלעגאַטן פֿון דער **פֿאַרזאַמלונג** אין יאַנואַר 1813 האָבן זיך געפֿונען דריי פֿון באַנדאַ אָריענטאַל, געשיקט פֿון אַרטיגאַס, נישט געקליבענע. דערביי האָט אַרטיגאַס מיטגעגעבן אַ דירעקטיוו זיינע דעפּוטאַטן, אַז זיי זאָלן באַם קאָנגרעס (פֿאַרזאַמלונג) אַרויסשטעלן אַ פּראָגראַם פֿון פֿעדעראַליזם מיט אויטאָנאָמיע פֿאַר יעדער פּראָווינץ און נישט דערלאָזן אַז בוענאָס איירעס זאָל בלייבן די הויפּטשטאָט. אָבער די פֿאַרזאַמלונג האָט נישט געוואָלט צולאָזן די דעפּוטאַטן פֿון אַרטיגאַס, דערקלערנדיק אַז זיי זיינען **נישט געוויילטע**, נאָר באַשטימטע, און דעריבער אומלעגאַלע. אַרטיגאַס האָט זיך געפֿילט דערפֿון שטאַרק געקרענקט און האָט זיך געקלאָגט פֿאַר ראָנדאָ און ווען דער לעצטער האָט עס געמאָלדן דעם בוענאָס איירעסער טריומווויראַט האָט ער באַקומען אַן ענטפֿער, אַז ער, ראָנדאָ, אַלס מיליטער שעף זאָל פֿאַררופֿן וואַלן און ער זאָל זיין פֿאַרזיצער בײַ דער באַשטימונג פֿון די דעפּוטאַטן. דער דאָזיקער באַפֿעל איז באַלד אויסגעפֿירט געוואָרן דורך ראָנדאָ, פֿאַררופֿנדיק די בירגער פֿון דער פֿרייער זאָנע אין זיין קוואַרטיר דורכצופֿירן די וואַלן. אַרטיגאַס האָט דאָרויף פּראָטעסטירט, פֿאָדערנדיק אַז די וואַלן זאָלן פֿאָרקומען אין זיין קאָמאַנדאַטור, בײַ אים אין לאַגער. דאַן האָט ראָנדאָ פֿאָרגעשלאָגן אַן אויסגלייך, אַז די וואַלן זאָלן דורכגעפֿירט ווערן אין דער קירכע פֿון מאַסיעל און אַזוי איז עס געבליבן. יענע פֿאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן דריי דעפּוטאַטן, און דאָס איז ווידער געווען קעגן דער אַמביציע פֿון אַרטיגאַס, ווייל ער האָט געפֿאָדערט פֿינף, און חוץ דעם איז נישט אויסגעקליבן געוואָרן קיין איינער פֿון זיינע קאַנדידאַטן. אויסערדעם איז געבילדעט געוואָרן אַ מוניציפּאַלער ראַט פֿון דריי פּערזאָנען צו פֿאַרוואַלטן די פּראָווינץ, און די דריי זיינען געווען אָנהענגער פֿון בוענאָס איירעסער טריומווויראַט (טאָמאַס גאַרסיאַ דע סונִיגאַ, כּואַן כּאָסע דוראַן און רעמיכיאָ קאַסטעליאַנאָס). דאַן האָט אַרטיגאַס דער קאָודיזשאָ אַן אויפֿגערייצטער (דעם 21טן יאַנואַר 1814) דעזערטירט

פון זיין פּאָסטן און מיט זיין מיליטער אַוועק פון דער אַרגענטינער זאַך; צוזאַמען מיט זיינע לייט האָט ער אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן בוענאָס איירעס און ער האָט דורך זיינע געהילפן ריוועראַ און אָטאָרגעס גע־פּרואווט אויך אָנפירן אַן אויפשטאַנד־העצע אין די רייען פון דער פּאַטריאָ־טישער אַרמיי.

ווען די ידיעה איז אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס האָט דער העכס־טער דירעקטאָר פּאָסאַדאַס, (ווי שוין פריער געזאָגט געוואָרן) אונטער־געצייכנט אַ דעקרעט, דעם 11טן פעברואַר, אין וועלכן עס האָט זיך גע־זאָגט: „אַרטיקל 1 — עס ווערט דערקלערט דער שענדלעכער דאָן כאָסע



געגעראַל כאָסע אַרטיגאַס



גענעראַל ראָנדאָ

אַרטיגאַס באַזייטיקט פון זיין דינסט, און ווערט דערקלערט אויסערן גע־זעץ אַלס פיינט פונעם פּאַטערלאַנד. אַרטיקל 2 — אַלס פאַררעטער פונעם פּאַטערלאַנד וועט ער פאַרפאָלגט ווערן און אין פאַל פון ווידערשטאַנד דערהאַרגעט ווערן. אַרטיקל 3 — ס׳איז די פליכט פון אַלע שטעט און יוס־טיצן, פון די מיליטערישע קאָמאַנדאַנטן און די בירגער פון די פּאַריניקטע פּראָווינצן צו פאַרפאָלגן דעם פאַררעטער דורך אַלע מעגלעכע מיטלען. יע־דע הילף וואָס וועט אים געגעבן ווערן פריוויליק וועט באַטראַכט זיין ווי אַ פאַרברעכן פון הויכפאַרראַט. עס וועט באַלוינט ווערן מיט זעקס טויזנט

פעזעס דער וואס וועט אויסליפערן די פערזאן פון דאן כאסע ארטיגאס לעבעדיק אדער טויט." אויסער דעם האט פאסאדאס דורך א דעקרעט דעם 7טן מערץ באשטימט כואן כאסע דוראן אלס גובערנאטאר אינטענדענט פון דער פראווינץ אריענטאל (אורוגוויי) וואס איז באטראכט געווען אלס טייל פון די פאריניקטע פראווינצן פון ריא דע לא פלאטא. ער האט אויך פארארדנט בראוונען דורכצופירן וואס גיכער דעם קויף פון וואפן און ארגאניזירן דעם פלאט, צו אטאקירן דעם שפאנישן פלאט טייל פון כאסינטא ראמאראטע באם אינדזל מארטין גארסיא.

## מאנטעווידעא גיט זיך אונטער

אין בוענאס איירעס און אין מאנטעווידעא האט מען זיך געגרייט צו א נייער שלאכט, צו א שלאכט אפן וואסער. וויגאדעט, ווי ס'איז שוין אנגעוויזן געווארן, האט צעטיילט זיין פלאט און דער שוואכערער טייל, אנגעפירט פון ראמאראטע האט געשלאסן דעם וועג צום טייך אורוגוויי, באם אינדזל מארטין גארסיא (אין נאוועמבער 1813), און בראוון האט זיך געגרייט צו אטאקירן יענעם פלאט-טייל.

דער ארגענטינער פלאט איז ארויס פון בוענאס איירעס אנהויב מערץ, זיך לאזנדיק צום אינדזל מארטין גארסיא, און ס'זיינען פארגעקומען שטארקע איבערראשונגען א צייט פון מערערע טעג. דעם 17טן איז אטאקירט געווארן דורך בראוון דער אינדזל מיט גרויס דערפאלג און דער שפאנישער פלאט האט זיך צוריקגעצויגן און אנטלאפן מיטן טייך אורוגוויי ביז אראזשא דע לא טשינא.

די צעשעדיקטע פעסטונגסווערק אפן אינדזל זיינען פאריכט געווארן און בראוון האט דארט איבערגעלאזט א גענוג שטארקן גארניזאן, אף נישט צו דערלאזן ראמאראטעס שיפן דורכגיין נעבן די ברעגן. יענע שפאנישע קריגסשיפן זיינען אזוי ארום געבליבן פארשפארט אפן טייך אורוגוויי. זיי צו הילף איז אונטערגעקומען דער דעמאלט ברוגזער ארטיגאס און געגעבן די שפאנישע שיפן ארטילעריע, אז זיי זאלן זיך קאנען פארטיידיקן קעגן דער פארפאלגונג פון בראוונס שיפן.

אין די פארגעקומענע קאמפן בא מארטין גארסיא האבן די ארגענטינער שיפן געליטן באדייטנדיקן שאדן, אבער נישט געקוקט דארויף האט בראוון, א דערמוטיקטער דורכן אפגעהאלטענעם זיג, באלד זיך גענומען צו דער רעארגאניזירונג פון זיין פלאט, און זיך געגרייט צו אן אטאקע אפן שפאנישן פלאט אין מאנטעווידעא.

נאך א געהעריקער צוגרייטונג האט דער יונגער ים-העלד בראוון זיך ארויסגעלאזט דעם 11טן אפריל מיט זיין פלאט אין דער ריכטונג פון

מאָנטעווידעאָ און בלאָקירט דעם פּאָרט. אַזוי אַרום איז די שטאָט גע־
בליבן אינגאַנצן אָפּגעשניטן און אַרומגערינגלט, אַזוי אָף דער יבשה דורך
ראָנדאָס אַרמיי און אַזוי אָפן וואַסער. גראָד דעמאָלט האָבן געזאָלט קומען
פון שפּאַניע שיפן מיט פאַרשטאַרקונגס מיליטער און לעבנסמיטלען, אָבער
זיי זיינען נישט געקומען, און אין שטאָט האָט אָנגעהויבן הערשן הונגער.
מאָנטעווידעאָ האָט אין יענער צייט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַרום
צען טויזנט איינוואוינער און זעקס טויזנט שפּאַנישע סאָלדאַטן. די באַ־
פעלקערונג האָט געטומלט און גערעדט אַז דער פלאָט זאָל זיך אַרויס־
לאָזן צום קאַמף און באַפרייען דעם צוטריט צום פּאָרט, אָבער עס האָט
לאַנג געדויערט ביז דאָס איז דערגרייכט געוואָרן.

איבער אַ חודש צייט איז מאָנטעווידעאָ געבליבן בלאָקירט דורכן
פלאָט פון בראַון, און ערשט ווען ס'האָט זיך אויפגעהויבן גאָר אַ גרויסער
טומל מצד דער מאָנטעווידעער אויסגעהונגערטער באַפעלקערונג, האָבן
די קריגסשיפן זיך אַרויסגעלאָזט (דעם 14טן מאַי 1814) צום קאַמף קעגן די
אַרגענטינער שיפן. דער גאַנצער שפּאַנישער פלאָט אין לאַ פּלאַטאַ געביט
איז באַשטאַנען פון 14 קריגסשיפן און אַכט באַוואָפנטע האַנדלסשיפן. פון
זיי האָט ראָמאַראַטע געהאַט אָנגעפירט באַם אויסגוס פונעם טייך אור־
רוגוויי זעקס קריגסשיפן און דריי האַנדלסשיפן, אַזוי אַז דער געבליבענער
פלאָט אין מאָנטעווידעאָ, אָנגעפירט פון אַגוסטין דע סיעררא איז באַשטאַ־
נען פון 8 קריגסשיפן און 5 באַוואָפנטע האַנדלסשיפן, וואָס מיינט נאָך אַלץ
אַ גאַנץ אָנגעזעענער פלאָט־טייל.

ווען דער קאָמאַנדאַנט בראַון האָט באַמערקט אַז דער שפּאַנישער
פלאָט לאָזט זיך אַרויס פון מאָנטעווידעאָ האָט ער באַלד באַפוילן אַ ריק־
צוג. דאָס איז געווען זיינע אַ סטראַטעגיע, אַרויסצונאַרן די פיינטלעכע
שיפן וואָס ווייטער פונעם ברעג אַרויס, בכדי נישט צו דאַרפן קעמפן מיט
די ברעג־באַטעריעס. דער דאָזיקער מאַנעוור איז אים אויך זייער גוט
געלונגען. ער האָט אַרויסגענאַרט די רעאַליסטן־סקוואַדרע ביז קעגניבער
בוסעאָ. די שפּאַניער, מיינענדיק אַז עס האַנדלט זיך אין אַ ריקצוג, האָבן
זיך געפרייט און געיובלט. באַלד אָבער האָט בראַון געגעבן אַ באַפעל
צו אַטאַקירן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער קאַמף. דריי טעג
האָט געדויערט די ים־שלאַכט און זי האָט זיך געענדיקט מיט אַ פול־
שטענדיקער מפּלה פון שפּאַנישן פלאָט. אייניקע שיפן האָבן זיך אונטער־
געצינדן, דריי זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן און דער רעשט איז אַנטלאָפן צו
די ברעגן, צו שיצן זיך דורך דער ברעג־אַרטילעריע.

די פאַרניכטונג פונעם פלאָט האָט באַדייט אַ באַלדיקע קאַפּיטולאַציע
פון מאָנטעווידעאָ, ווייל ס'איז שוין געוואָרן אוממעגלעך עפּעס צו ברענ־

געגן דורכן ים־וועג. עס האָט אויך טאַקע שוין נישט געדויערט לאַנג ביז דער קאַפּיטולאַציע.

דעם 18טן מאַי, אין דער צייט ווען בראָון האָט נאָך געהאַלטן באַלאַגערט דעם פּאָרט פון מאָנטעווידעאָ, און דער שפּאַנישער פלאָט איז געווען פאַרשפּאַרט אין פּאָרט, האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג קאָראָנעל אַלוועאַר מיט 1.000 מאַן אַפן וועג צו מאָנטעווידעאָ. אָן שום געפאַר האָט אַלוועאַר זיין מיליטער אַריבערגעשיפט צום אַנדערן ברעג אַף 22 טראַנספּאָרט שיפן, און די פרישע אַרמיי איז געקומען צו דער באַלאַגערונג פון



אַדמיראַל בראָון



גענעראַל קאַרלאָס אַלוועאַר

מאָנטעווידעאָ דעם 17טן מאַי, פּונקט אין טאָג ווען בראָון האָט פאַרענדיקט מיטן שפּאַנישן פלאָט. אַלוועאַר האָט באַלד נאָך זיין קומען צום לאַגער אין סעררימאָ געמאָלדן ראָנדאָן אַז ער קומט איבערנעמען די קאָמאַנדע, און ער וויל דורכפירן אַ שטורם־אָנגריף אַף דער שטאָט. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ ווידערשטאַנד מצד ראָנדאָ, אָבער דאָס איז נישט געשען. דער לעצטער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט, און ער האָט באַלד נאָכן איבערגעבן די קאָמאַנדע זיך געלאָזט אַפן וועג צוריק קיין בועַנאָס איירעס.

נאָך דער מפלה אַפן ים און געוואַר ווערנדיק פון דער געקומענער פאַרשטאַרקונג פאַר די באַלאַגערער, האָט דער גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ, וויגאָדעט, געפּרוּווט פאַרהאַנדלען מיט דער בוענאָס איירעסער רעגירונג, אָבער צו גלייכער צייט האָט ער אויך געשיקט געהיימע שלי־חים צו אַרטיגאַס, מיט אַ פאָרשלאַג דורכצופירן אַ קאָמבינירטע אַטאַקע אַף אַלוועאַרן. אָבער בײדע פּרוּוון זײַנען אים נישט געלונגען. וויגאָדעט האָט זיך געווענדעט צו בראַזון וועגן פאַרהאַנדלונגען, נאָר דער זיגערי־שער פלאָט־שעף האָט געענטפערט אַז ער פאַרשטייט נישט קיין אַנדערע באַדינגונגען ווי נאָר אַ קאַפּיטולאַציע, און וועגן דעם דאַרף ער זיך ווענדן צום שעף פון דער יבשה־אַרמיי. דאַן האָט וויגאָדעט אָנגעהויבן פאַר־האַנדלען מיט אַלוועאַר און דעם 20טן יוני איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּ־מאַך, דורך וועלכן וויגאָדעט האָט זיך פאַרפליכטעט איבערצוגעבן די שטאָט. אין זעלבן טאָג אָבער האָט ער באַקומען אַ מעלדונג פון ראָמאַ־ראַטע, דאַטירט אין **אַראָזשאָ דע לאַ טשינאַ**, אַז אָטאָרגעס, איינער פון די שעפן פון אַרטיגאַס געפינט זיך אין שנעלן מאַרש אַף מאָנטעווידעאָ, און וויגאָדעט זאָל צוגרייטן אַ קאָמבינירטן איבערפאַל אַף דער אַרגענטינער אַרמיי. אַלוועאַר ווידער האָט אויך באַקומען אַ ידיעה אַז עס דערנענ־טערט זיך אַן אַרמיי פון אַרטיגאַסעס לאַגער. דאַן האָט אַלוועאַר אָן שום טענות פאַראָרדנט צו שטורמען די פעסטונגען פון סעררא. דעם 22טן איז אָקופּירט געוואָרן די פעסטונג און דעם 23טן איז די פּאַטריאָטישע אַרמיי אַרײַן קיין מאָנטעווידעאָ. דאָ זײַנען פאַרנומען געוואָרן 300 קאַנאָנען, 8.000 ביקסן, גראַנאַטן, פּולווער, אַ גרויסע צאָל פאַרשידענע קריגס־מאַ־טעריאַלן און אויך 7.000 געפאַנגענע, צווישן שעפן, אָפיצירן און סאָל־דאַטן.

אַרטיגאַס האָט געפּרוּווט אויפהעצן די געפאַנגענע, פאַרשפּרעכנדיק זיי הילף און זיי זאָלן מאַכן אַן אויפשטאַנד, אָבער די געפאַנגענע גופא האָבן געלאָזט וויסן אַלוועאַרן אַז עס דערנענטערט זיך אַן אַרמיי פון אַר־טיגאַס אָנגעפירט פון אָטאָרגעס, און זי געפינט זיך אין לאַס פּיעדראַס. ס'איז באַלד, אין דער נאַכט פון 24טן אַפן 25טן יוני, געמאַכט געוואָרן אַן איבערפאַל אַפן אַרטיגיסטישן שעף, צעקלאַפּט זײַן מיליטער און אים פאַר־טריבן ווייט. ס' זײַנען דערבײַ אויך גענומען געוואָרן אַ סך געפאַנגענע און זיי זײַנען צעטיילט געוואָרן שפּעטער אין די אַרגענטינער אַרמיי קאָר־פּוסן אינפאַנטעריע.

אָט אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווי־דעאָ, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט פון 23 חדשים.

אַלוועאַר האָט זיך אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס, מיטפירנדיק אַלעס וואָס די וואָפן פון זײַן אַרמיי האָט דעראָבערט. דורכן זיג איבער

מאָנטעווידעאָ איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אַף שטענדיק פאַר דער שפּאַני־שער מאָנאַרכיע אַ צוטריט צו די לאַ פּלאַטאַ ברעגן מיט דעראָבערונגס צוועקן. אַלוועאַר איז, פאַרשטייט זיך, אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס יובל בײַ זיין צוריקקער און די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען אַ געזעץ דורך וועלכן ער איז דערקלערט געוואָרן אַלס „פאַרדינסטפולער דעם פאָטער־לאַנד אין העלדישן גראַד".

אַ גרויסער טייל פון די געפאַנגענע, די געבוירענע אַף אַמעריקאַנער ערד זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די אַרגענטינער אַרמייען און באַ־נוצט זיי אין די קאַמפּיינען אין נאָרדן.

אין יולי האָט די בוענאָס איירעסער רעגירונג געשיקט ניקאָלאַס ראָ־דריגעז פּעניאַ אַלס גובערנאַטאָר פון מאָנטעווידעאָ, מיטן טיטל „אויסער־אָרדנטלעכער דעלעגאַט".

ס'זיינען דערנאָך פאָרגעקומען בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן דעם אַרגענטינער מיליטער און דעם פון אַרטיגאַס, און ס'איז געקומען דערצו אַז די אַרגענטינער האָבן אין פעברואַר 1815 עוואַקואירט מאָנטעווידעאָ און די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן פון אַרטיגאַסעס קאָמאַנדאַנט פער־נאַנדאָ אָרטאָגעס, אָבער וועגן דעם שפּעטער.

## סאַן מאַרטין און אַלוועאַר

**בעלגראַנאָ גיט איבער די קאָמאַנדע סאַן מאַרטינען. — געשיקט אַ פרידנס מיסיע קיין שפּאַניע. — דורכגעפאַלן די פאַרהאַנדלונגען. — סאַן מאַרטין גרייט צו אַ נייעם קאַמפּיין אָבער ער פירט אים נישט אָן. — אַלוועאַר פרואווט איבערנעמען די קאָמאַנדע אָבער דאָס מיליטער וויל אים נישט אָנערקענען אַלס שעף. — דימיסיע פון פּאָסאַדאַס. — אַלוועאַר העכסטער דירעקטאָר. — ער ווערט באַזייטיקט דורך אַן אויפשטאַנד.**

זייט דעם זיג פון דער רעוואָלוציע איז נישט באַשערט געווען דער רעגירונג, אָדער די רעגירונגען, פון בוענאָס איירעס צו האָבן אַ טאָג רו, אַף צו קאָנען אָנגיין מיט פלענער פון אויפבוי־אַרבעט און אָרגאַניזירונג פון דער מלוכה. מען האָט כסדר געמוזט אין זינען האָבן מיליטערישע קאַמפּיינען, אַף צו זיכערן דעם זיג פון דער רעוואָלוציע און דערגרייכן אַ פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט.

נאָך די לעצטע מיליטערישע נידערלאַגעס פון בעלגראַנאָ אין ווילקאַפּוגיאָ און איאַהומאַ, האָט די רעגירונג פון בוענאָס איירעס, ווי ס'איז פריער דערקלערט געוואָרן, באַשטימט סאַן מאַרטינען איבערצונעמען

די קאָמאַנדע פון דער אַרמיי אין נאָרדן. אין יאָטאַסטאַ, אַפּן זעלבן אָרט וואו פּועיררעדאָן האָט צוריק מיט צוויי יאָר איבערגעגעבן בעלגראַנאָן די קאָמאַנדע איבער דער צעשלאָגענער אַרמיי פון הואַקאַי, האָט דעם 30טן יאַנואַר 1814 בעלגראַנאָ איבערגעגעבן די קאָמאַנדע סאַן מאַרטינען, פאַר־צוזעצן דעם קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט. דער צוזאַמענטרעף פון די צוויי גרויסע מענער איז געווען אַ רירנדער, און האָט מיט זיך פאָרגע־שטעלט איינע פון די שענסטע עפּיזאָדן פון יענעם גרויסן קאַמף פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט און זיכערקייט פון אַרגענטינע. ביידע זיינען געווען ערלעכע און איבערגעגעבענע קעמפער פאַר דער פרייהייט און וואוילזיין פונעם פאָלק און לאַנד, און קיין איין מאָמענט אין זייער לעבן נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס פון פּערזענלעכן רום.



מאַנועל בעלגראַנאָ



סאַן מאַרטין

ביז יענעם מאָמענט האָבן סאַן מאַרטין און בעלגראַנאָ זיך נישט גע־קאָנט פּערזענלעך. זייט אַ צייט איז אָנגעגאַנגען צווישן ביידע מיליטער שעפן אַ קאָרעספּאָנדענץ טויש און סאַן מאַרטין האָט געגעבן אין די בריוו אייניקע אָנווייזונגען בעלגראַנאָן בנוגע דער מיליטערישער טאַק־

טיק פון דער קאוואַלעריע, וואָס בעלגראַנאָ האָט אויסגענוצט, און מיט דערפאָלג. פערזענלעך אָבער האָבן ביידע מיליטער שעפן זיך געטראָפן צום ערשטן מאָל אין יאַטאַסטאָ, און כאָטשע עס האָט זיך געהאַנדלט אין דער דעגראַדאַציע פון בעלגראַנאָ האָט דער לעצטער אָנגענומען די זאַך נישט מיט שנאה, נאָר באַגריסט סאַן מאַרטינען ווי אַ ברודער און פריינט און זיך דערקלערט גרייט צו בלייבן אין די מיליטערישע רייען אונטער סאַן מאַרטינס קאָמאַנדע אַלס אונטעראָרדנטער, און סאַן מאַרטין האָט אים באַשטימט אַלס קאָראָנעל פון 1טן אינפאַנטעריע רעגימענט.

אַזוי האָט געהאַנדלט דער ערלעכער גענעראַל בעלגראַנאָ. ער האָט געוואָלט דינען דעם לאַנד נישט בלויז אַלס שעף נאָר אויך אַלס אונטער־אָרדנטער, נאָר צוליב פּאָליטישע מאָטיוון איז ער אָפּגערופן געוואָרן. ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן פאַר אַ טריבונאַל אין קאָרדאָבאַ איבער דער באַשולדיקונג פון זיינע שונאים אין די מיליטערישע דורכפאַלן. אָבער ווי דעמאָלט נאָך זיין קאַמפּיין אין פּאַראַגוויי איז ער אויך דאַסמאָל ארויס אַ באַפרייטער, אָן שום פלעק, און די פאַרזאַמלונג האָט דורך אַ געזעץ דעם 29טן אויגוסט 1814 באַשטימט בעלגראַנאָן און ריוואַדאַוויאַ אַלס שליחים קיין איירָאָפּע, צו פּרואוון פאַרהאַנדלען מיט דער שפּאַנישער רע־גירונג וועגן אַן ערנהאַפטן שלום, אָבער מיטן באַדינג ס'זאָלן בלייבן אָנערקענט די רעכטן פון די פעלקער וואָס זיינען דערוואָרבן דורך דעם שווערן קאַמף און קרבנות.

מען איז דעמאָלט אין בוענאָס איירעס געניגט געווען צו אַ פאַר־שטענדיקונג מיט שפּאַניע. די פּאַטריאָטן האָבן זיך געפילט שוין מיד פון די אומאויפהערלעכע קריגס אָנשטרענגונגען און האָבן געהאָפט צו קו־מען צו אַן אויסגלייך.

די פרידנס-מיסיע איז אַרויסגעפאָרן סוף דעצעמבער 1814 און גע־קומען קיין ענגלאַנד אין מאַי 1815. ריוואַדאַוויאַ און בעלגראַנאָ האָבן זיך באַמיט אין שפּאַניע אָן דערפאָלג, ווייל פערנאַנדאָ 7טער און זיינע ראַט־געבער האָבן נישט געוואָלט אויפגעבן די אידייע צו האַלטן די אַמערי־קאַנער קאָלאָניעס ווייטער אונטער שפּאַנישער מאַכט. ס'זיינען אויך גע־מאַכט געוואָרן באַמיאונגען אין ענגלאַנד צו דערגרייכן דאָרט אַ פאַר־מיטלונג אָבער אָן דערפאָלג.

פערנאַנדאָ, נאָך אַ לאַנגער צייט געפאַנגענשאַפט אין פראַנקרייך האָט זיך אומגעקערט קיין שפּאַניע (1814) און איבערגענומען דעם טראָן, און נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט געהאַט גענוג צו קעמפן אין איי־גענעם לאַנד פאַר דער זיכערונג פונעם טראָן האָט ער פאַראָרדנט צוצו־גרייטן אַן אַרמיי פון צוואַנציק טויזנט מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם פעאיקן גענעראַל מאָרילִיאָ, צו אַטאַקירן דעם לאַ פּלאַטאַ ברעג.

# פערנאַנדאָ זיבעטער

עס וועט באַ דער געלעגנהייט זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך אין אַ געוויסער מאָס ווער דאָס איז געווען דער קעניג פערנאַנדאָ 7טער דער יורש פון די שפּאַנישע מאָנאַרכן איבער די אַמעריקאַנער לענדער.

פערנאַנדאָ איז געבוירן דעם 13טן אָקטאָבער 1784 אין סאַן אידעל־פאָנסאָ, אַלס זון פון קעניג קאַרל 4טער און קעניגן מאַריאַ לואיסאַ דע פּאַרמאַ. די מוטער פערנאַנדאָס, אַרום וועלכער ס'זיינען געווען אייביקע סקאַנדאַלן איבער איר פאַרבינדנקייט מיט דעם געליבטן אירן, מאַנועל גאָדאָי, האָט חוץ פערנאַנדאָן געבוירן מערערע זין און טעכטער, צווישן זיי קאַרלאָס מאַריאַ איסידראָ (1788); פראַנציסקא דע פּאולאַ (1794); קאַרלאָטאַ כאָאַקינאָ, די שפּעטערדיקע פרוי פון קעניג זשאָן 4טער פון פּאָרטוגאַל; מאַריאַ אַמאַליאַ; מאַריאַ לואיסאַ; און מאַריאַ איסאַבעל, די שפּעטערדיקע פרוי פון קעניג פראַנציסקאָ פון נעאַפּאָל. אָנהויב 1789 האָט קעניג קאַרל געפּאָדערט, אַז זיין פערנאַנדאָ זאָל אנערקענט ווערן אַלס פּרינץ פון אַסטוריאַס, און די „קאָרטעס" האָבן באַ אַ זיצונג (אין מערץ פון זעלבן יאָר) אויסגעפירט דעם וואונטש פון קעניג און דעם פינפטהאַלבן יעריקן פערנאַנדאָ דערקלערט אַלס פּרינץ פון אַסטוריאַס און אים געשוואוירן טרייהייט.

אַלס דערציער האָט פערנאַנדאָ געהאַט דעם גייסטלעכן סציאָ און דעם קאַנאָניק כואַן עסקאָיקיז. ער האָט אויך געהאַט אַנדערע לערערס פון וועלטלעכער דערציאונג. אָבער ער האָט זיך פון יוגענרהייט אָפּגעגעבן מער צו די הויף אינטריגעס ווי צום לערנען. ער איז געווען קרענקלעך און שוואַך און דערפאַר איז ער געווען דערשלאָגן, אָבער אויך ברוטאַל. דער הויפּט דערציער זיינער, דער קאַנאָניק עסקאָיקיז, אַ גרויסער שונא פונעם פאַווארִיט פון קעניג קאַרל און אינטימער געליבטער פון דער קעניגן מאַריאַ לואיסאַ, מאַנועל גאָדאָי, האָט געהעצט דעם קרוינפּרינץ פערנאַנדאָ קעגן גאָדאָי און אין פאַרבלענדנדיקער שנאה געגאַנגען פון איין אינטריגע צו דער צווייטער, ביז ס'האָט דערגרייכט צו אַ געהיימער פאַרשווערונג קעגן קעניג. דער אמת איז אַז דאָס שפּאַנישע פאָלק אין אַלגעמיין האָט געהאַסט דער קעניגנס געליבטן, און דאַריבער האָבן זיך געבילדעט אומעטום אַזוי גערופענע „פערנאַנדיסטן" וואָס האָבן געשטיצט דעם פּרינץ קעגן זיין פאָטער. אױף דער עצה פון עסקאָיקיז האָט פערנאַנדאָ חתונה געהאַט (אין יולי 1802) מיט מאַריאַ אַנטאָניאַ, די טאָכטער פון פערנאַנדאָ 6טן, קעניג פון נעאַפּאָל און סיציליע. די חתונה איז געווען קעגן ווילן פון גאָדאָי, ווייל דער לעצטער, וואָס איז געווען מער הערשער ווי דער קעניג אַליין, האָט געוואָלט, אַז דער פּרינץ זאָל זיין

צוגעגרייט פריער צו דער מלוכה און האט געהאט פארגעשלאגן, אז פערנאנדא זאל באררייזן אייראפע און זיך באקענען מיט לאנד און לייט און מיט די קעניגלעכע הויפן איידער ער האט חתונה. דאס פאלק ווידער האט גערעכנט, אז גאדאי וויל דערמיט באזייטיקן דעם פרינץ אף א פאר יאר, בכדי אומגעשטערט אנצוגיין מיט זיין הערשאפט אין קעניגלעכן הויף.

נאך דער חתונה האט גאדאי געפאדערט, אז דאס פארל זאל מאכן א רייזע צו די אמעריקאנער לענדער אלס רעגענטן פרינץ און פרינצעסן און דאס פאלק האט אויפגענומען די פאדערונג אלס נייעם באווייז, אז גאדאי וויל באזייטיקן פערנאנדאן.

דער קאנאניק עסקאיקיז האט דאן גערעדט זיין תלמיד, דעם פרינץ פערנאנדאן, צו פארבונדן זיך מיט נאפאלעאן, און דער קאנאניק אליין האט געשיקט בריוו און געפירט א שטילע פארשווערונג קעגן קעניג קארל און זיין ליבלינג (און דער קעניגנס געליבטער) גאדאי. די זאך איז אויפגעדעקט געווארן דורך גאדאי און ער האט עס דערציילט דעם קעניג קארל. דער פאטער האט אין איינעם אן אוונט זיך אריינגעריסן אין צימער פון זיין זון און דארט געפונען פארשידענע דאקומענטן וואס האבן באשטעטיקט די זאך. עס איז ארויסגעקומען א סקאנדאל און א פראצעס קעגן פערנאנדא, באריממט אלס דער עסקאריאל פראצעס, בא וועלכן דער פראקוראר האט געפאדערט טויטשטראף פארן פארעטערישן פרינץ. דאס האט געגעבן נאפאלעאנען א פראטעקסט צו אינטערווענירן אין שפאניע. עס האט באלד אריינמארשירט א פראנצויזישע ארמיי און פארנומען פאמפלאנא, סאן סעבאסטיאן און בארצעלאנא. דער קעניג קארל מיט זיין פרוי און גאדאי האבן געפרוווט אנטלויפן, וועלנדיק אוועק קיין אמעריקע, אבער אין אראנכועז איז מען איבערגעפאלן דאס הויז וואו דער קעניג האט זיך אויפגעהאלטן און מען האט געצוואונגען קארלן צו אבדיקירן צוגונסטן זיין זון, און פערנאנדא איז דעם 19טן מערץ 1808 געווארן קעניג אונטערן נאמען פערנאנדא 7טער. נישט געקוקט אבער אף דער אבדיקאציע האט קארל נישט אנערקענט די נייע רעגירונג וואס זיין זון האט געבילדעט. פערנאנדא האט זיך דערנאך ענג פארבונדן מיט נאפאלעאן, און נאך דעם ווי פערנאנדאס פרוי איז געשטארבן האט נאפאלעאן אים אנגעבאטן אלס פרוי זיינע א פלימעניצע. א קורצע צייט האט פערנאנדא זיך געוואקלט, און נישט אנגענומען דעם פארשלאג. דער ציל פון נאפאלעאן איז געווען אריינצוכאפן שפאניע אונטער פראנצויזישער הערשאפט, און צו דעם צוועק איז דורכגעפירט געווארן די טראגיש קאמישע סצענע אין באיאנא, וואוהין נאפאלעאן האט איינגעלאדן דעם קעניג קארל, די קעניגן מאריא לואיסא, זייער ליבלינג גאדאי און דעם נייעם קעניג פערנאנדא.

באַם צוזאַמענטרעף פון אַלע איז קאַרל באַפּאַלן מיט זידלעריי זיין זון פאַר זיינע אינטריגעס, און פאַרן אַרויסרייסן באַ אים די קרוין, און געפאָדערט זיין באַלדיקע אַבדיקאַציע, אָבער פערדינאַנד האָט עס נישט געוואָלט טאָן. אַפן צווייטן טאָג האָט נאַפּאָלעאָן זיי ווידער צוזאַמענגעבראַכט און קאַרל איז ווידעראַמאָל באַפּאַלן זיין אומטרייען זון, אָנרופנדיק אים מיט די ערגסטע ווערטער. עס האָט זיך אויך אַריינגעמישט נאַפּאָלעאָן און פערנאַנדאָ האָט ניט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אַבדיקירן צו גונסטן זיין פאָטער. באַלד דערנאָך איז באַ קאַרלען געפאָדערט גע־


נאַפּאָלעאָן


פערנאַנדאָ 7־טער

וואָרן, אַז ער זאָל אַבדיקירן צו גונסטן נאַפּאָלעאָן. און קאַרל, זיך געפינענדיק אין פראַנקרייך באַ נאַפּאָלעאָנען אין די הענט, האָט געמוזט נאָכגעבן. ס'איז געבליבן איצט נאָך, אַז דער אַבדיקירטער קעניג פערנאַנדאָ זאָל נאָך דימיטירן פון זיין טיטל אַלס פּרינץ פון אַסטוריאַס און פערנאַנדאָ האָט זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט. דעמאָלט איז נאַפּאָלעאָן צוגעטרעטן צו אים און געזאָגט שאַרף און קלאָר: „פּרינץ! נישטאָ קיין ברירה: אָפּטרעטן אָדער דער טויט". פאַרשטייט זיך, אַז פערנאַנדאָ האָט אָנגענומען דאָס ערשטע, און דער לערער און דערציער זיינער עסקאָיקיז האָט אונטערגעצייכנט אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן „דער פּרינץ פון אַסטוריאַס שליסט זיך אָן צו דער שטעלונג פון זיין פאָטער מיטן אָפּטרעטן די רעכטן פון דער קרוין". נאָך דער דאָזיקער סצענע (וואָס איז פאָרגעקומען דעם 10טן

מאַי 1806) זיינען קאַרל און גאָדאָי מיט זייערע פאַמיליעס אָפּגעפירט גע־וואָרן קיין קאָמפּיעניע און פערנאַנדאָ מיט זיינע צוויי ברידער קיין וואַ־לענסעי.

נאָכן באַקומען די מלוכה פון שפּאַניע דורך דער אַבדיקאַציע פון קאַרל, האָט נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט אונטערצייכנט פון זיין זייט די אַבדי־קאַציע פונעם רעכט אויפן שפּאַנישן טראָן צו גונסטן זיין ברודער זשאָזעף באָנאַפּאַרט.

אין מאַדריד ווידער האָט זיך אויפגעהויבן אין דער זעלבער צייט אַ קאַמף קעגן די פראַנצויזן (דעם 2טן מאַי) אַן אומאָפּהענגיקייטס מלחמה וואָס האָט געדויערט זעקס יאָר. ס׳זיינען אין אַלע שטעט און פּראָווינצן געבילדעט געוואָרן כונטאָס (ראַטן) פאַר באַוואָפענונג און פאַרטיידיקונג, און ס׳איז אויך געבילדעט געוואָרן אַ העכסטער צענטראַלער רעגירונגס ראַט, צוזאַמענגעשטעלט פון 36 דעפּוטאַטן, מיטן זיץ אין אַראַנכועז אונ־טערן פאָרזיץ פון פלאָרידאַ בלאַנקאַ. די פראַנצויזן האָבן אָבער אָפּגע־האַלטן איין זיג נאָכן אַנדערן און דער מלוכה ראַט האָט געמוזט אַנט־לויפן קיין סעווילִיאַ און דערנאָך קיין קאַדיז. ס׳איז אַהין פאַרופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָרטעס און דער רעגירונגס ראַט האָט דימיטירט. אנשטאַט יענעם גרויסן צענטראַל ראַט איז געבילדעט געוואָרן אַ רעגענטן ראַט פון פינף פערזאָנען. אין יוני 1810 איז זיך צוזאַמענגעקומען ווידער־אַמאָל די קאָרטעס פאַרזאַמלונג אין קאַדיז, באַ וועלכער עס זיינען ביי־געווען דעפּוטאַטן פון אַלע שפּאַנישע פּראָווינצן און אויך פון די קאָלאָ־ניעס פון אַמעריקע און די אינדזלען, און ס׳איז דעמאָלט באַשלאָסן גע־וואָרן צו אַנולירן די אַבדיקאַציע פון פערנאַנדאָ און אַלע זיינע האַנדלונ־גען אין אויסלאַנד. ס׳איז דורך יענע קאָרטעס אָנגענומען געוואָרן אַ קאָנ־סטיטוציע, די ערשטע קאָנסטיטוציע פון שפּאַניע באַקאַנט אַלס די פונעם יאָר 12. אין יענער קאָנסטיטוציע איז באַשטימט געוואָרן אָפּצושאַפן די אינקוויזיציע, אייגנפירן פרעסע פרייהייט, אָפּשאַפן אַ גאַנצע רייע שטערונ־גען פאַר פאָלקס־בילדונג און בכלל געמאַכט אַלערליי רעפאָרמען אינעם אינסטיטוציאָנעלן לעבן פון לאַנד.

די מלחמה איז פאַרגעזעצט געוואָרן, און פערנאַנדאָ איז געזעסן רו־איק אין פראַנצויזישן גלות, האָט אויפגעפאָדערט די שפּאַניער אויפצו־געבן דעם קאַמף, האָט באַגריסט דעם זיג פון די פראַנצויזישע וואָפן און אויך באַגריסט זשאָזעף באָנאַפּאַרט ווען ער האָט אָנגעטון די שפּאַנישע קרוין, און געבעטן דעם אימפּעראַטאָר צו געבן אים די פּלימעניצע פאַר אַ ווייב, נאָר ער האָט עס דעמאָלט נישט געפועלט.

דער קריג האָט זיך געענדיקט אין 1814 מיט אַ שלום אָפּמאַך אין וואַלענסעי, דורך וועלכן נאַפּאָלעאָן האָט אנערקענט ווידער פערנאַנדאָ

7טן אַלס קעניג פון שפּאַניע מיט אַלע רעכטן. פערנאַנדאָ האָט זיך אומגעקערט קיין שפּאַניע אַ באַפרייטער דעם 24טן מערץ 1814 און ער האָט באַלד פאַרופן אַ באַראַטונג פון מיליטער שעפן, גייסטלעכע און פריינט צו וויסן די שטעלונג וואָס ער זאָל אָננעמען צו דער קאָנסטיטוציע פון 1812 צי זאָל ער איר שווערן טרייהייט אָדער נישט. ער האָט אָפּגעהאַלטן אין דאַראָקאַ איין באַראַטונג (11טן אַפּריל) און אין סעגאַרבאַ אַ צווייטע (דעם 15טן) אָבער מען איז נישט געקומען דאָרט צו קיין באַשלוס. פערנאַנדאָ איז דערנאָך געקומען קיין וואַלענסיאַ און דאָרט האָבן אים די מיליטער־שעפן פאַרזיכערט די פולסטע שטיצע. באַלד האָט דער נאָר וואָס באַפרייטער קעניג געשיקט דעם גענעראַל קאַפּיטאַן פון ניי קאַסטיליע, פראַנציסקאָ עגיאַ אויפצולייזן די קאָרטעס (פאַרלאַמענט) און אַרעסטירן אייניקע פערזאָנען. ס'זיינען דערקלערט געוואָרן אַנולירט אַלע איינגעפירטע רעפאָרמען, ס'איז צוריק איינגעשטעלט געוואָרן די אינקוויזיציע און דער רעליגיעזער אונטעריכט פון די יעזואיטן. ס'זיינען געעפנט געוואָרן צוריק אַלע געשלאָסענע קאָנווענטן און אומגעקערט געוואָרן די רעליגיעזע אָרדנס זייערע פאַרמעגנס. עס האָט אויפגעהערט די פרעסע פרייהייט און ס'איז איינגעפירט געוואָרן אַ טעאַטער צענזור און דערנאָך אינגאַנצן פאַרבאָטן טעאַטער.

באַם צושטאַנד פון אַזאַ רעאַקציע אין מאַדריד זיינען עס געקומען בעלגראַנאָ און ריוואַדאַוויאַ צו פאַרהאַנדלען מיטן שפּאַנישן קעניג און רעגירונג, און פאַרשטייט זיך אַז זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט פועלן. די אַרגענטינער פרידנס שליחים האָבן פאַרלאָזט שפּאַניע מיט גאָרנישט. בעלגראַנאָ האָט זיך דערנאָך אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס (נאָוועמבער 1815) און ריוואַדאַוויאַ איז געבליבן אַ קורצע צייט אין פּאַריז און זיך דערנאָך געפּרואווט נאָך אַמאָל קומען קיין מאַדריד פאַרהאַנדלען. ער איז אָבער דאָרט באַטראַכט געוואָרן אַלס געפערלעכער גאַסט און האָט באַקומען אַ פאַראָרדנונג צו פאַרלאָזן תיכף דאָס לאַנד.

חוץ ריוואַדאַוויאַ און בעלגראַנאָ וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן קיין אייראָפּע איז אויך געשיקט געוואָרן אַ דריטער פרידנס שליח צו פאַרהאַנדלען מיט ענגלאַנד. פאַרשטייענדיק אַז עס וועט שווער זיין אויסצוקומען מיט שפּאַניע האָט דער העכסטער דירעקטאָר פּאָסאַדאַס מיט זיינע ראַטגעבער באַשלאָסן צו שיקן מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ אַלס שליח קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ, צו פּרואוון באַמיען דעם ענגלישן געזאַנדטן לאָרד סטראַנגפאָרד אַף אַ דיפּלאָמאַטישן וועג צו באַוועגן די ענגלישע רעגירונג, אַז זי זאָל פאַרמיטלען צווישן אַרגענטינע און שפּאַניע. אַזוי ווי אָבער ענגלאַנד האָט דעמאָלט זיך געפונען ווי אַ מין באַשיצערן פון שפּאַניע, האָט די לאָנדאָנער רעגירונג נישט געוואָלט אינטערווענירן.

ס'איז דעריבער נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה פאַר דער אַרגענטינער רעגירונג ווי נאָר פאָרזעצן דעם באַפרייאונגס קאַמף קעגן דער שפאַנישער מאַכט דורך ווייטערדיקע מיליטערישע קאַמפיינען.

## סאַן מאַרטין גרייט צו אַן אַרמיי אין נאָרדן

באַ אָט דעם צושטאַנד האָט סאַן מאַרטין אָנגעהויבן צוגרייטן אַ גוט באַוואפנטע אַרמיי צו אַ נייעם קאַמפיין, און ער האָט דערצו צוגעצויגן דאָרעגאָ און דעם שעף פון דער סאַלטער גאַוטשאָ קאַוואַלעריע, מאַרטין גועמעס. סאַן מאַרטין האָט געהאָפט מיט דער הילף פון גענעראַל אַרענאַלעס און קאָטשאַבאַמבאַ און די פאַרשידענע קעמפערישע גרופעס וואָס האָבן זיך געפונען אין אַלע זייטן פון אַלטאַ פערו צו ברעכן די פיינטלעכע אַרמיי פון גענעראַל פעסועלאַ און דערגרייכן ביז לימאַ, און דאָרט פאַרענדיקן דעם קאַמפיין.

ס'איז אָבער געשען עפעס אומדערוואַרטעטעס פאַר סאַן מאַרטין, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו דער אילוזיע פונעם גרויסן גענעראַל. סאַן מאַרטין האָט זיך געזען אַנטוישט אין דער פריינטשאַפט פון אַלוועאַר און דורך דעם אויפגעגעבן זיין גאַנצן קריגס פלאַן, און זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון דעם פלאַן צו גיין אַף אַלטאָ פערו.

אַלוועאַר און סאַן מאַרטין זיינען געווען צוויי נאָענטע חברים; ביידע האָבן זיך אומגעקערט צוזאַמען און געהאַט פאַר זיך די אידייע פון באַפרייאונג. אַלוועאַר און זיין פרוי זיינען געווען אונטערפירערס פון סאַן מאַרטין באַ זיין חתונה מיט פריילן רעמעדיאָס דע עסקאַלאַדע. אָבער שפעטער האָט זיך געשאַפן אַ קילקייט צווישן ביידע שעפן. אַלוועאַר האָט באַקומען אַ גרויסע ירושה פון זיין מוטערס צד און איז געוואָרן רייך, ער האָט דערצו נאָך אָפגעהאַלטן אַ גרויסן מיליטערישן זיג אין מאָנטעווידעאָ, און עס האָט זיך געביטן זיין קוק אַף סאַן מאַרטין, דעם אָרעמען מיליטער שעף. דער ערגייץ האָט געזיגט איבער אַלוועאַרן און ער האָט נישט געוואָלט דולדן אַ צווייטן גרויסן. דעריבער האָט ער נישט געהאָלפן סאַן מאַרטינען אין דער צוגרייטונג פון זיין קאַמפיין. אַלוועאַר מיט זיין ריזיק פאַרמעגן וואָלט לייכט געקאָנט אויסשטאַטן אַן אַרמיי פון דריי־פיר טויזנט מאַן — זאָגט וויסענטע פידעל לאָפעז — אַף צו שטעלן זי אין דינסט פון סאַן מאַרטין און זיכערן אים דעם זיג אין אַלטאַ פערו. ס'איז געווען די בעסטע געלעגנהייט נאָכן זיג אין מאָנטעווידעאָ, צוצושטעלן אַ נייע פרישע אַרמיי אין סאַלטאַ — אָבער דער געיעג נאָך כבוד האָט אָפגעהאַלטן דאָס צו טון. דאַריבער האָט סאַן מאַרטין אנשטאט אונטערצונעמען דעם געפלאַנטן קאַמפיין זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע, דערקלערנ־

דיק אַז ער לײַדט אױף האַרץ קראַנקײַט (און ער האָט געליטן דערפֿון). ער האָט געבעטן אורלױב צו קאָנען זיך דערהאָלן אין די בערג פֿון קאָרדאָבע.

סאַן מאַרטין האָט אױך געװאוסט אַז צװישן זײַנע אָפֿיצירן זײַנען פֿאַראַנען אײניקע װאָס זײַנען אומצופֿרידן מיט דער בוענאָס אײַרעסער רעגירונג און באַזונדערס מיט אַלװעאַר, און ער האָט מורא געהאַט פֿאַר אַ מעגלעכן אױפֿשטאַנד, האָט ער נישט געװאָלט זײַן פֿאַרמישט אין דעם און זיך ליבערשט באַצײַטנס צוריקגעצױגן.

דער העכסטער דירעקטאָר, פּאָסאַדאַס, אַן אַלװעאַריסט, האָט אָנגענומען סאַן מאַרטינס דימיסיע אַלס שעף קאָמאַנדאַנט און באַשטימט ראָנדאָ אױף זײַן אָרט אַלס שעף איבער דער אַרמײ אין נאָרדן.

פּאָסאַדאַס האָט דערנאָך פֿאָרגעשלאָגן סאַן מאַרטינען דעם פּאָסטן פֿון





דרײַ מאָמענטן אין לעבן פֿון סאַן מאַרטין.

אינטענדענט פֿון קאָרדאָבאַ, אָבער סאַן מאַרטין האָט עס נישט אָנגענומען. דאַקעגן האָט ער געבעטן צו געבן אים די אינטענדענסיאַ פֿון קוזשאָ (מענדאָסאַ), װאָס איז פֿרײַ געװאָרן דעמאָלט, װײַל באַלקאַרסע װעלכער האָט געהאַט יענע אינטענדענסיאַ איז אַװעק מיט אַן אָפּטײלונג מיליטער קײן טשילע צו העלפֿן דאָרט דעם קאַמף פֿון די פּאַטריאָטן, און דער העכסטער דירעקטאָר האָט אים גערן נאָכגעגעבן זײַן ביטע. אַזױ אַרום איז פֿאַר פּאָסאַדאַס און אַלװעאַר געזיכערט געװאָרן די דערװײַטערונג פֿון סאַן מאַרטין.

די **אינטענדענסיאַ** אין קוזשאָ האָט געמײנט די רעגירונגס מאַכט דאָרט. סאַן מאַרטין האָט געװאָלט האָבן אין יענער פּראָװינץ די פֿרײַהײט צו אָרגאַניזירן אַן אַרמײ און קאָנען דורך טשילע אַטאַקירן די שפּאַ-

ניער אין פּערו, האַלטנדיק אַז אַזוי אַרום וועט עס לייכטער זיין צו ברעכן די מאַכט פונעם וויצע־קעניג אַבּאַסאַקאַל אין לימאַ.

## אַלוועאַר ווערט נישט צוגעלאָזט צו דער אַרמיי אָנפירונג

אין בוענאָס אײַרעס זײַנען דערוויַיל פאָרגעקומען נייע געשעענישן. אַלוועאַר האָט נאָך זיין ריקקער פון מאָנטעווידעאָ זיך אָפּגעגעבן מיט צוגרייטן אין אַליוואָס אַ נייע שטאַרקע אַרמיי און געוואָלט מיט איר אונ־טערנעמען דעם קאַמפּיין אין נאָרדן, און ער האָט געפאָדערט בײַ פּאָסאַ־דאָס, צו באַשטימען אים אַלס העכסטער שעף קאָמאַנדאַנט פון דער נאָרד אַרמיי, וואו ס'איז איצט געווען שעף ראָנדאָ — נאָך דער דימיסיע פון סאַן מאַרטין. פּאָסאַדאָס דער העכסטער דירעקטאָר (מלוכה שעף) האָט אים זיין וואונטש דערפילט, און אַלוועאַר האָט זיך געלאָזט אין וועג אַף אָפּצונעמען בײַ ראָנדאָ די קאָמאַנדע, פּונקט ווי ער האָט עס געטון בשעת דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ. די אָפיצירן פון דער נאָרד אַרמיי זײַנען אָבער געווען קעגן דעם. זיי האָבן געפאָדערט בײַ ראָנדאָ צו בלייבן בײַ זיין פּאָסטן און געפאָדערט אין בוענאָס אײַרעס צו אַנולירן די באַ־שטימונג פון אַלוועאַר אַלס שעף קאָמאַנדאַנט.

ווען אַלוועאַר איז מיט זיין נײַער אַרמיי וואָס ער האָט צוגעגרייט, גע־קומען קיין קאָרדאָבאַ, באַגלייט פונעם הויפּט־שטאַב און אַ סוויטע פון אַרום הונדערט מאַן צווישן ציווילע באַאַמטע און פּאָליטישע פריינט, איז ער געוואָר געוואָרן פון דער פאַרשווערונג פון דער אַרמיי אין כוכוי (דע־צעמבער 1814) און ער האָט דעריבער זיך באַלד אומגעקערט קיין בוע־נאָס אײַרעס.

דעם 2טן יאַנואַר 1815 איז געקומען קיין בוענאָס אײַרעס די ידיעה וועגן רעוואָלט פון דער נאָרד אַרמיי, און דעם 3טן האָט פּאָסאַדאָס פאַר־רופן אַ דרינגענדע אויסעראָרדנטלעכע זיצונג פון דער פאַרזאַמלונג. דעם 9טן האָט ער צוגעשטעלט זיין דימיסיע, דערקלערנדיק אַז ער פאַרשטייט, אַז **„אַן אויטאָריטעט וואָס האָט נישט קיין געהאָרכזאַמקייט, איז נישט קיין אויטאָריטעט".**

דער רעגירונג פון פּאָסאַדאָס קאָן צוגעשריבן ווערן דער פאַרדינסט פון האָבן געשאַפן דעם פּלאַן, פאַרניכטעט דעם שפּאַנישן פלאָט אין לאַ פּלאַטאַ און דערמיט פאַרענדיקט פּאַקטיש דעם קריג מיט שפּאַניע. ער האָט אָבער מיט דער צייט איינגעפירט אַ שטילע זעלבסטהערשאַפט, האָט געהאַלטן די פאַרזאַמלונג אין שטענדיקן אָפּרו, און צו לעצט, ווען ער האָט געזען אַז ער פאַרלירט דעם צוטרוי בײַם פאָלק און די מאַכט בײַ דער אַרמיי, האָט ער פאַררופן די פאַרזאַמלונג צו דימיטירן. זיין דימיסיע

איז באַלד אָנגענומען געוואָרן און אָפּן צווייטן טאָג (דעם 10טן יאַנואַר) איז באַשטימט געוואָרן אַלס זיין נאָכפאָלגער קאַראָנעל אַלוועאַר אינעם אַמט פון **העכסטן דירעקטאָר**. אַלוועאַר האָט אַזוי אַרום דערגרייכט דאָס צו וועלכן ער האָט געצילט. פאַסאַדאָס איז אין אמת פריער געווען בלויז אַן אינסטרומענט זיינער — ווי די היסטאָריקער גיבן איבער — און איצט האָט ער באַקומען די פולע רעגירונגס מאַכט אָף אַ גאַנץ לעגאַלן אופן.

סאַן מאַרטין ווידער האָט זיך איינגעאָרדנט אין מענדאָסאַ און דאָרט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אַרמיי.

דער געשיכטע-שרייבער וויסענטע פידעל לאָפּעז האַלט אַז סאַן מאַר־טין איז באַגאַנגען אַ פעלער וואָס ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער קאָמאַנדע איבער דער נאָרדלעכער אַרמיי, און באַהויפּטעט אַז די אַרמיי איז באַגאַנגען נאָך אַ גרעסערן פעלער וואָס זי האָט נישט צוגעלאָזט אַל־וועאַרן מיט זיין פאַרשטאַרקונגס אַרמיי, ווייל אין יענעם מאָמענט איז מעגלעך געווען צו געבן אַן ערנסטן קלאַפּ דער שפּאַנישער קריגס מאַכט אין אַלטאָ פּערו. לאָפּעז גיט אָבער צו אַז אַלוועאַר איז געווען אַמבי־ציעז אָף כבוד און ער האָט נישט געגומען אין אַכט סאַן מאַרטינען אַלס געוועזענעם קאַמפּס חבר און נישט זיינע פאַרדינסטן אַלס מיליטער מאַן. די אַמביציע פון אַלוועאַרן צו הערשן, איז צולעצט אַרויסגעשוואומען באַ זיין פאַרנעמען דעם אַמט אַלס העכסטער דירעקטאָר, זיך נישט רעכנדיק דערמיט וואָס ער האָט געהאַט זייער ווייניק סימפּאַטיע באַ דער אַרמיי און באַם פאָלק.

## די געשעענישן אין טשילע

פונקט ווי אַרגענטינע האָט אויך טשילע אין איין און דערזעלבער צייט געקעמפט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

דאָס יאָר 1808 וואָס האָט געבראַכט אַן איבערקערעניש אין שפּאַ־ניע איבערן אַראָפּזעצן דעם שפּאַנישן קעניג דורך נאַפּאָלעאָנען, האָט גע־בראַכט אַן אויפשטורמונג אין אַלע אַמעריקאַנער לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער שפּאַנישער הערשאַפט. אומעטום האָבן זיך געבילדעט פּאַטריאָטישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן געפּאָדערט צו באַפרייען זיך פון שפּאַנישן קעניגס מאַכט. דער ערשטער אַרויסטריט געווינלעך איז גע־ווען צו בילדן אַן אייגענעם רעגירונגס-ראַט. אויך טשילע האָט זיך געפו־נען אין זעלבן צושטאַנד.

אין קאָנסעפּציאָן איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קלוב, וועלכער האָט אָנגעפירט אַן אונטערערדישע אַרבעט און געהאַט באַציאונגען מיט די טשילענער פּאַטריאָטן אין גאַנצן לאַנד און אויך געפירט קאָרעספּאָנדענץ

מיט בוענאָס אײרעס. עס האָבן אין קלוב אַקטיוו מיטגעאַרבעט מאַרטינעז ראָסאַס און כואַן מאַקענאַ, און שפּעטער האָט זיך אָנגעשלאָסן אויך בער־נאַרדאָ אָהיגינס.

דאָס פאָלק האָט אונטער דער אָנפירונג פון די פּאַטריאָטן געמאַכט אַן אויפשטאַנד און געפאָדערט אַן אײגענע רעגירונג. דאָס איז אויך באַלד דורכגעזעצט געוואָרן און דעם 18טן סעפּטעמבער 1810 איז געבילדעט גע־וואָרן אין סאַנטיאַגאָ אַ רעגירונגס ראַט פון זיבן פּערזאָנען מיט מאַטעאָ טאָראָ סאַמבראַנאַ אַלס פּרעזיצער. דאָס איז געווען שוין נאָך דעם ווי אין בוענאָס אײרעס איז מיט קנאַפּע פיר חדשים צוריק געבילדעט געוואָרן אַן ענלעכער רעגירונגס ראַט מיט סאַאַוועדראַ און מאָרענאָ אין דער שפּיץ.

און פונקט ווי אין בוענאָס אײרעס, האָט אויך דער רעגירונגס ראַט אין סאַנטיאַגאָ איבערגענומען די מלוכה אין נאָמען פון קעניג פערנאַנדאָ 7טער.

די מיטגלידער פונעם ראַט, צום גרעסטן טייל אָנהענגער פון אַלטן רעזשים האָבן גערעכנט צו בלייבן אין ראַט בלויז ביז נאַפּאָלעאָן וועט באַפרייען דעם שפּאַנישן קעניג און דער לעצטער וועט באַשטימען אַ נײעם גובערנאַטאָר. צווישן די מיטגלידער פונעם ראַט איז אָבער געווען אויך מאַרטינעז דע ראָסאַס, וועלכער האָט געאַרבעט שוין פריער פאַר אַ פולשטענדיקער אומאָפּהענגיקייט פון טשילע און געוואָלט עס איצט דורכ־זעצן. מיט זײן שאַרף וואָרט און זײן געוואַגטן אויפטריט פאַרן ראַט, האָט ער געצוואונגען די אַנדערע מיטגלידער אָנצונעמען אַ באַשלוס, צו קויפן וואָפן, רעקרוטירן מיליטער און אָרגאַניזירן אַן אַרמיי צו פאַרטײדיקן דאָס לאַנד קעגן יעדן פײנט. דערצו האָט ער געהאַט דעם גוטן אויסרייד וועגן ענגלישן פּרואוו צו פאַרכאַפּן בוענאָס אײרעס. ער האָט אויך געפאָדערט צו עפענען די פּאָרטן פון קאָקימבאָ, וואַלפּאַראַיסאָ, טאַלקאַהואַנאָ און וואַל־דיוויאַ פאַר אַלע פעלקער און מאַכן אַ סוף צו די פאַרבאָטן פון שפּאַנישן קעניג, וואָס האָבן געהאַלטן טשילע אָפּגעזונדערט פון דער וועלט.

מאַרטינעז דע ראָסאַס האָט געהאַט גרויס אָנהענגערשאַפט פאַר זײ־נע פּלענער און באַזונדערס שטאַרק האָט זיך אָנגעשלאָסן אין זײנע רייען בערנאַרדאָ אָהיגינס.

דער ערשטער רעגירונגס ראַט האָט נישט געלעבט לאַנג. מאַרטינעז דע ראָסאַס האָט געוואָלט געבן דעם לאַנד אַ קאָנסטיטוציע און געפאָדערט וואָס גיכער צו פאַרופן אַ קאָנגרעס. ער האָט אויך געדראָט צו רעזיגנירן אויב דער קאָנגרעס וועט נישט פאַרופן ווערן באַלד. דער ראַט האָט זיך אונטערגעגעבן דער פאָדערונג און האָט פאַרופן דאָס פאָלק צו וואַלן, אַף צו באַשטימען דעלעגאַטן צו אַ קאָנגרעס, און דער קאָנגרעס איז זיך צו־זאַמענגעקומען דעם 4טן יולי 1811. דער קאָנגרעס האָט אין אויגוסט פון

זעלבן יאָר באַשטימט אַ טריומווירעט (אַ רעגירונגס־ראַט פון דריי מענער) און דער לעצטער האָט צווישן אַנדערע וויכטיקע באַשלוסן אָנגענומען אויך דעם פאַרבאָט צו ברענגען שקלאַפן קיין טשילע, און דערקלערט פריי די קינדער פון די שקלאַפן.

די אַרבעטן פונעם קאָנגרעס און פונעם טריומווירעט זיינען גע־שטערט געוואָרן דורך אויפשטאַנדן פון די אָנהענגער פון קעניג און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגדויערנדע מלחמה צווישן די לעצטע מיט דער פאָלקס באַוועגונג פאַר פולער פרייהייט. מאַרטינעז ראָסאַס איז באַלד מיד געוואָרן פון די רייבונגען און קאַמף און זיך געוואָלט צוריקציען פון פּאָ־ליטישן לעבן, אָבער בערנאַרדאָ אָהיגינס האָט אָנגעוויזן אויף דער נויטי־קייט פאָרצוזעצן דעם אונטערגענומענעם קאַמף און האָט אים איבערגע־רעדט צו בלייבן ווייטער אין קאַמף קעגן דעם שונא.

דעם 11טן סעפּטעמבער 1812 האָט דורכגעפירט אַ שטאַטסקלאַפּ כאָ־סע מיגעל קאַרעראַ, און ער האָט זיך דערקלערט אַלס דיקטאַטאָר, און כאָטשע אָהיגינס איז געווען קעגן דער דיקטאַטור האָט ער איינגעווי־ליקט מיטצואַרבעטן מיט קאַרעראַ, פאַרשטייענדיק די נויטיקייט פון מאָ־מענט, ווייל אין אַנדערן פאַל וואָלט טשילע צוריק געוואָרן אַ קאָלאָניע פון דער שפּאַנישער קרוין. און ער האָט נישט געמאַכט קיין טעות: דעם 26טן מערץ 1813 איז געקומען אַ שפּאַנישער פלאָט און ארויסגעזעצט מי־ליטער אין סאַן וויסענטע, אָנגעפירט פון גענעראַל פּארערא. דרייסיק שעה שפּעטער נאָכן דעסאַנט פונעם שפּאַנישן מיליטער, האָט אָהיגינס ארויס־מאַרשירט מיט אַ גרויסער מיליץ פון לאַכאַ אין דער ריכטונג צו קאָנסעפּ־ציאָן, אָבער אונטערוועגס האָט ער געהערט, אַז די שטאָט האָט שוין קאַ־פּיטולירט. ס'איז דערנאָך אונטערגעקומען אַן אַרמיי פון כאָסע מיגעל קאַ־רעראַ און דער שונא איז געשלאָגן געוואָרן אין לינאַרעס. דעמאָלט איז אָהיגינס באַשטימט געוואָרן דורכן ראַט פון סאַנטיאַגאָ אַלס קאָראָנעל.

אָהיגינס האָט אָרגאַניזירט באַלד אַ שטאַרקע דיוויזיע רייטערס און ער האָט געשלאָגן די שפּאַניער אין טיבאַר, לאַכועלאַס און מאַיפּאָ. דער נאָמען פון אָהיגינס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל אַלס העלד און פריי־הייטס קעמפער. ער האָט באַקומען דעם גראַד פון גענעראַל און זיין מי־ליטערישע מאַכט איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. נאָך אַ גאַנצער רייע דערפאָלגרייכע פעלדצוגן האָט אָהיגינס געליטן אַ שווערן קלאַפּ אין דער שלאַכט אין ראַנקאַגוואַ, סעפּטעמבער 1814, אָבער דאָס איז געווען דורך אַ פאַרראַט פון קאַרעראָ.

דער וויצע־קעניג פון פּערו, אַבאַסאַקל, האָט געשיקט אַ שטאַרקע אַר־מיי קיין טשילע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל אָסאָריאָ און דער לעצטער האָט אַטאַקירט די טשילענער פּאַטריאָטישע אַרמיי פון אָהיגינס

אין ראַנקאַגוואַ. די לאַגע איז געוואָרן קריטיש און אָהיגינס האָט געבעטן הילף אין סאַנטיאַגאָ. קאַרערא האָט אים פאַרשפּראָכן באַלד אונטערצו־קומען מיט פאַרשטאַרקונג אָבער ער האָט עס נישט געטון, פאַרראַטנדיק די פּאַטריאָטישע אַרמיי. די שפּאַניער אין דער גרויסער איבערצאָל האָבן דאַן שרעקלעך צעקלאַפּט די טשילענער.

אָהיגינס איז אַוועק דערנאָך אַן אַנטטוישטער צוריק קיין סאַנטיאַגאָ און גענומען זיין מוטער און די שוועסטער און אַוועק קיין מענדאָסאַ און פון דאָרט קיין בוענאָס איירעס. דאָ האָט ער געלעבט זייער באַשיידן.

נאָך דער נידערלאַגע בײַ ראַנקאַגוואַ האָבן די שפּאַנישע גענעראַלן אָנגעהויבן פאַרפאָלגן אומרחמנותדיק די פּאַטריאָטן און אַ סך פון זיי גע־פייניקט און דערמאָרדעט. אַ גרויסע צאָל פון די אָנפירנדיקע פּערזענ־לעכקייטן זיינען אַנטלאָפן איבער די אַנדן קיין אַרגענטינע און צווישן זיי דעם גענעראַל אָהיגינס טרייער וואָפן־חבר גענעראַל ראַמאָן פרעירע און אַנדערע מיליטער שעפן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אָהיגינס איינגעלאַדן געוואָרן צו באַ־טייליקן זיך אין דער אַרגענטינער אַרמיי, וואָס האָט געדאַרפט אָרגאַני־זירט ווערן פון סאַן מאַרטין אין מענדאָסאַ, אַף אונטערצונעמען אַ באַפריי־אונגס אַקציע קודם אין טשילע און דערנאָך אויך אין פּערו. גענעראַל אָהי־גינס האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען.

קאַרערא איז אויך אַנטלאָפן און געקומען קיין מענדאָסאַ, אָבער ער איז דאָ באַגעגנט געוואָרן ווי אַ פאַררעטער. ער האָט זיך געוואָלט דאָ פאַרמעסטן אין אַ קאַמף קעגן סאַן מאַרטין, אָבער ער איז געכאַפּט גע־וואָרן און סאַן מאַרטין האָט אים אַפּגעשיקט קיין בוענאָס איירעס. דאָ האָט ער באַנייט מיט אַלוועאַר די פריינטשאַפט, וועלכע האָט געהערשט אַמאָל צווישן זיי נאָך אין שפּאַניע אין 1808, נאָר די פריינטשאַפט האָט שוין נישט געקאָנט לאַנג אָנהאַלטן איבער די נייע געשעענישן אין בוע־נאָס איירעס.

## אויפשטאַנד קעגן אַלוועאַר

ווען קאַרלאָס מאַריאַ אַלוועאַר האָט איבערגענומען דעם נייעם פּאָסטן פון העכסטן דירעקטאָר האָט ער געהאַט פאַר זיך די אידייע אונטערצו־נעמען באַלד אַ נייעם קאַמפּיין אין נאָרדן, האָפנדיק צו קאָנען שלאָגן פּע־סועלאַס אַרמיי אין אַלטאַ פּערו און קומען ביז לימאַ. צו דעם צוועק איז אויך געשטאַנען זיינע אַ גוט באַוואָפנטע אַרמיי אין אַליוואָס. מיט דער טעטיקייט פון סאַן מאַרטין אין מענדאָסאַ האָט ער זיך נישט אינטערעסירט.

עס האָט זיך אָבער געשאַפן פאַרן נייעם העכסטן דירעקטאָר זייער

אַ שווערע לאַגע. ערשטנס האָט אַרטיגאַס אָנגענומען אַ דראָענדיקע שטע־לונג קעגן בוענאָס איירעס, און צווייטנס איז די מערהייט פון דער עפנט־לעכער מיינונג געווען קעגן אַלוועאַרן. און אַף צו ראַטעווען די לאַגע האָט ער אָנגענומען פאַרצווייפלטע שריט. אַנשטאַט אונטערצונעמען אַ קאַמ־פיין קעגן אַרטיגאַס האָט ער אָנגעהויבן פירן מיט אים פאַרהאַנדלונגען, אַף דער באַזע צו אַנערקענען פולשטענדיק אומאָפּהענגיק באַנדאַ אָריענ־טאַל (אורוגוויי), און אַרטיגאַס זאָל דאָרט בלייבן הערשער. וואָס אָנבאַ־לאַנגט ווידער דער קעגנערשאַפט פון פאָלק צו אים, האָט אַלוועאַר אָנ־געהויבן פירן זיך דיקטאַטאָריש.

ס'איז אין יענער צייט געקומען אַ ידיעה, געבראַכט דורך ענגלישע שיפן, אַז דער שפּאַנישער קעניג פערנאַנדאַ 7טער האָט צוגעגרייט שוין פאַרטיק אַן אַרמיי פון פופצן ביז צוואַנציק טויזנט מאַן, אָנגעפירט פון גענעראַל מאָריליאָ, צו אַטאַקירן אַרגענטינע. דאָס וואָלט געמיינט אַ נייע געפערלעכע מלחמה, וועלכע אַלוועאַר האָט זיך געפילט אַלס אוממעגלעך אויסצוהאַלטן, האָט ער געוואָלט דורך אַ שלום מיט אַרטיגאַס דערגרייכן צוויי זאַכן: ערשטנס זאָלן געזיכערט ווערן די ברעגן פון באַנדאַ אָריענטאַל דורך אייגענע כוחות, פון אַרטיגאַס, און צווייטנס זאָלן יענע אַרמיי־טיילן וואָס שטייען אין מאָנטעווידעאָ און קאָלאָניאַ קאָנען צוריקגעצויגן ווערן, אַף צו העלפן אין דער פאַרטיידיקונג פון די אַרגענטינער ברעגן. אַלוועאַר האָט דעריבער פאַראָרדנט דעם קאָראָנעל סאָלער צו עוואַקוּאירן מאָנטע־ווידעאָ און דאָרטעגאַ זאָל עוואַקוּאירן קאָלאָניאַ, צוריקקערנדיק קיין בוע־נאָס איירעס מיטן מיליטער און וואָפן. דאָס איז אויך אויסגעפירט גע־וואָרן אין די טעג פון 25טן און 26טן פעברואַר 1815. מאָנטעווידעאָ איז דעמאָלט אָקופּירט געוואָרן דורכן אַרטיגיסטישן קאָודיזשאָ אָטאָרגעס. זיין אַריינקום האָט באַדייט פאַר דער באַפעלקערונג פון מאָנטעווידעאָ אַ שרעקלעכע פייניקונג, אַזוי אַז ווען ס'איז שפּעטער אַריין פון בראַזיל פאַר־טוגעזיש מיליטער איז עס געווען ווי אַ דערלייזונג פאַר דער שטאָט.

די עוואַקוּאַציע פון באַנדאַ אָריענטאַל האָט אָבער נאָך נישט באַ־פרידיקט אַרטיגאַסן. ער האָט אין לויף פון חדשים אָנגעפירט אין ענטרע ריאָס און סאַנטאַ פע אַ העצע־קאַמפּיין קעגן בוענאָס איירעס און ער האָט זיך גערעכנט אַלס דער פאָלקס פאַרשטייער פון אַרגענטינע, כאָטשע גע־ווען איז ער אַ געבוירענער אין מאָנטעווידעאָ. ער האָט קודם געפאָדערט באַ אַלוועאַרן אומצוקערן קיין מאָנטעווידעאָ אַלע וואָפן און אַנדערע קריגס מאַטעריאַלן וואָס ער האָט פאַרנומען אין יענער שטאָט נאָכן זיג איבער וויגאָדעט בשעת דער קאַפּיטולאַציע. אויסערדעם האָט ער געפאָ־דערט אַז אַלס דער העכסטער פאַרשטייער פון פאָלק זאָל ער, אַרטיגאַס, בלייבן הערשן אין בוענאָס איירעס.

אויסער אַרטיגאַסן האָט אַלוועאַר אויך געהאַלטן סאַן מאַרטינען אַלס זיינעם אַ שונא, און ער האָט צוזאַמען מיטן טשילענער קאָודיזשאָ כאַסע מיגעל קאַררעראַ געפּלאַנעוועט אַפּצונעמען בײַ סאַן מאַרטינען די מאַכט אין קוזשאָ, און אונטערנעמען מיט סאַן מאַרטינס אַרמיי אַ מאַרש איבער די אַנדן. דאָס דורכצופירן האָט אַלוועאַר באַשטימט דעם קאָראָנעל גרעג־גאָריאָ פּעדריעל אַלס גובערנאַטאָר אינטענדענט פון קוזשאָ (וואָס האָט אַרומגענומען די פּראָווינצן סאַן לואיס, סאַן כואַן און מענדאָסאַ). קוים אָבער איז מען געוואָר געוואָרן אַז קאָראָנעל פּעדריעל געפינט זיך אין סאַן לואיס אויפן וועג קיין מענדאָסאַ, האָט זיך אויפגעהויבן דאָס פאָלק, אָרגאַניזירט באַלד מיליצן, און דער שטאָטראַט האָט געלאָזט וויסן פּע־דריעלן אַז ער זאָל נישט וואַגן צו מאַכן איין שריט ווייטער. סאַן מאַרטין האָט זיך דעמאָלט צוריקגעצויגן פון מענדאָסאַ, נישט וועלנדיק שטעלן אַ ווידערשטאַנד זיין געוועזענעם חבר און איצטיקן מלוכה שעף, אַלוועאַר, אָבער דאָס פאָלק האָט געצוואונגען סאַן מאַרטינען צו בלייבן ווייטער אין דער רעגירונגס מאַכט אַלס גובערנאַטאָר פון קוזשאָ.

ווייסנדיק אַז אַלוועאַר האָט נישט קיין שום שטיצע מער פון פאָלק און נישט פון דער אַרמיי, האָט אַרטיגאַס מאָביליזירט גאַוטשאָס פון ענ־טרע ריאָס און סאַנטאַ פּע און אונטערגענומען אַ מאַרש אָף בוענאָס איירעס. עס הייסט אויך אַז אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג פון בוענאָס איירעס זאָל זיך האָבן געווענדט צו אַרטיגאַס צו קומען קיין בוענאָס איירעס, אָנגעבנדיק אַז ס'איז אוממעגלעך אויסצוהאַלטן אַל־וועאַרס רעזשים.

עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַ גרויסע שרפה קעגן אַלוועאַרן און ער האָט אין לעצטן מאָמענט געפּרואווט זיך ראַטעווען דורך אַ נייער מילי־טערישער אַקציע. הערנדיק וועגן מאַרש פון אַרטיגאַס האָט דער העכס־טער דירעקטאָר גערעכנט צו באַנוצן זיין מיליטער אין אָליוואָס, וואָס איז נאָך געווען אים געהאָרכזאַם, געהיים זיך אַריבערשיפן און מאַכן אַן איבעראַשונגס איבערפאַל איבער די אַרטיגיסטן אין אַראָזשאָ דע לאַ טשינאַ (היינט קאָנסעפּסיאָן) און פון דאָרט זיך לאָזן קעגן אַרטיגאַס אין באַכאַדאַ. אַ צווייטע אָפּטיילונג, אָנגעפירט פון קאָראָנעל אַלוואַרעז טאָ־מאַס זאָל אַרויסמאַרשירן קעגן אַרטיגאַס דורך דער יבשה קיין סאַנטאַ פּע און פון דאָרט קיין ענטרע ריאָס, אויב ס'וועט נויטיק זיין, אָדער בלייבן אין סאַנטאַ פּע ביז אַ נייער מעלדונג.

אַלוואַרעז טאָמאַס איז געווען אַ פריינט און אָנהענגער פון אַלוועאַר און האָט אונטערגענומען דעם פאַראָרדנטן מאַרש, אָבער קומענדיק קיין פאָנטעזועלאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט (דעם 10טן אַפּריל 1815) און זיך געבונטעוועט קעגן העכסטן דירעקטאָר. פידעל לאָפּעז, וואָס איז נישט

קיין גרויסער אָנהענגער פון סאַן מאַרטין, גיט אָן אַז אַלוואַרעז טאָמאַס זאָל זיך האָבן געבונטעוועט אַף דער עצה פון עסקאַלאַדאַ, סאַן מאַרטינס שווער, און פון אַנדערע אָנגעזעענע בירגער, אים אויפקלערנדיק אַז אַל־וואַר איז באַ יעדן פאַרהאַסט איבער זיין דיקטאַטאָרישער מלוכה פירונג.

אַלוואַר האָט דאַן אייליק געשיקט פון אַליוואַס אַן אָפּטיילונג מי־ליטער קעגן אַלוואַרעז טאָמאַס אין פאַנטעזועלאַס (צווישן פערגאַמינאַ און אַרעסיפעס) אָבער דאָס מיליטער איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען ווען ס'איז געקומען צום מאַלדאָנאַדאָ טייכל.

אין בוענאָס איירעס האָט אין זעלבן טאָג אויך אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן העכסטן דירעקטאָר. ס'איז געפאָדערט געוואָרן די באַ־זייטיקונג פון אַלוואַר און די אויפלייזונג פון דער פאַרזאַמלונג, ווייל זי האָט אָנגעוואוירן יעדן צוטרוי (דעם 15טן אַפּריל).

אַלוואַר האָט דעריבער געמוזט פאַרלאָזן די רעגירונג און ער איז באַלד אָפּגעפאָרן מיט אַן ענגלישער שיף קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ. אַ גרוי־סער טייל דעפּוטאַטן פון דער פאַרזאַמלונג זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אַ טייל איז אַנטלאָפן קיין בראַזיל.

אַרטיגאַס האָט דעמאָלט אָפּגעשטעלט זיין אַוואַנס אַף בוענאָס איי־רעס, ווייל אין סאַנטאַ פע האָט זיך נאָכן פאַלן פון אַלוואַרס מאַכט אויפ־געהויבן אַ באַוועגונג קעגן אַרטיגאַסן, און זיין אַרמיי האָט זיך צוריקגע־צויגן קיין ענטרע ריאָס. אין דער דאָזיקער פּראָווינץ און אין קאָריענטעס איז אַרטיגאַס באַגאַנגען שענדלעכע פאַרברעכנס קעגן דער באַפעלקערונג. מאָרד און פייניקונג איז געווען אַף דער טאָג אָרדנונג, און די באַפעלקע־רונג איז נישט אימשטאַנד געווען זיך צו באַפרייען פון דאָזיקן מערדערי־שן הערשער.

## אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג

די אָנפירער פון דער באַוועגונג קעגן אַלוואַר, נישט קאָנענדיק צו־זאַמענשטעלן באַלד אַ רעגירונג, האָבן אונטערגענומען אַן אַקציע צו בילדן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג. ס' זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די „נאָטאַבלען", אַמאָליקע סאַאַוועדריסטן און האָבן באַשלאָסן קודם־כל דורך אַ באַנדאָ (דעם 18טן אַפּריל) פונעם קאַבילדאָ פאַררופן די ווילערשאַפט פון שטאָט אויסצוקלויבן אַ פּראָוויזאָרישן העכסטן דירעקטאָר, און צו גלייכער צייט צוגרייטן אַ נייעם פאָלקס קאָנגרעס, אָדער קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג. דער קאַבילדאָ האָט צעטיילט די שטאָט אין פיר עלעקטאָרן דיסטריקטן און גע־פאָדערט אַז ס'זאָלן דורך שטימצעטל אויסגעקליבן ווערן צו דריי דעלע־גאַטן פון יעדן דיסטריקט, און די צוועלף זאָלן אויסקלויבן אַ פּראָוויזאָ־

רישן העכסטן דירעקטאָר. אַפן צווייטן טאָג נאָכן איבערנעמען דעם מלוכה אַמט זאָל דער נייער שטאַטס דירעקטאָר פאַררופן די פּראָווינצן, אויסצו־קלויבן דעפּוטאַטן צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. פינף פון די צוועלף דעלעגאַטן וואָס וועלן האָבן באַקומען די מייסטע צאָל שטימען זאָלן בלייבן אַמטירן אין קאַבילדאָ מיטן טיטל פון „**באַאָבאַכטונגס ראַט**" (כונטאַ דע אָבסערוואַסיאָן), וואָס זאָל זיין אַ שטאַטס ראַט און איבערוואַכער. דער־דאָזיקער ראַט זאָל אויסאַרבעטן אַ **פּראָוויזאָרישן סטאַטוט**, אין וועלכן ס'זאָלן אָנגעצייכנט ווערן אין אַלע דעטאַלן די אויפגאַבעס פון די דריי מלוכה מאַכטן: עקזעקוטיווע, לעגיסלאַטיווע און יורידישע (אויספיר מאַכט, געזעצגעבערישע און גערעכטלעכע). דער פּראָוויזאָרישער סטאַטוט זאָל אַנטהאַלטן דאָס נויטיקסטע פון דער קאָנסטיטוציע. דער קאָנגרעס זאָל זיך צוזאַמענקומען אין טוקומאַן, בכדי ס'זאָל אויפהערן דער פאָרורטייל פון די פּראָווינצן קעגן בוענאָס איירעס.

ס'זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די דערוויילטע צוועלף דעלעגאַטן און זיי האָבן אויסגעקליבן ראָנדאָ אַלס העכסטן דירעקטאָר און אַלוואַרעז טאָ־מאַס אַלס געהילף. ראָנדאָ, ווי באַוואוסט, האָט זיך געפונען דעמאָלט אין כוכוי מיט דער נאָרד אַרמיי, און ער האָט געלאָזט וויסן אַז אנשטאַט אי־בערצונעמען דעם פּאָסטן אין בוענאָס איירעס קאָן אַלוואַרעז טאָמאַס בלייבן מלוכה שעף, און ער וויל ליבערשט אונטערנעמען דעם קאַמפּיין אין אַלטאָ פּערו. ער האָט אויך געפאָדערט בא אַלוואַרעז טאָמאַס צוצו־שיקן אים דאָס מיליטער וואָס אַלוועאַר האָט געהאַט צוגעגרייט אין אַלי־וואָס, אַף צו קאָנען אינוואַדירן אַלטאָ פּערו. גענעראַל פּאַז אין זיינע מע־מואַרן דריקט זיך אויס אַז יענע אַרמיי פון ראָנדאָ איז געווען די שענסטע און שטאַרקסטע אַרמיי וואָס די אַרגענטינער רעפּובליק האָט ווען געהאַט ביז דעמאָלט.

## אַ שרעקלעכע נידערלאַגע

די אַרמיי פון ראָנדאָ האָט אַרויסמאַרשירט פון כוכוי אין דער ריכ־טונג צו נאָרד און געהאַט דאָס ערשטע אַ צוזאַמענשטויס אין געגנט פון פּועסטאַ דעל מאַרקעס. פון דאָרט האָבן די שפּאַניער, אָנגעפירט פון קאָ־ראָנעל אָליאַניעטאַ, זיך צוריקגעצויגן. עס שיינט אַז דער שפּאַנישער שעף קאָמאַנדאַנט האָט דאָ אויסגעפירט אַ סטראַטעגישן פּלאַן, פאַראָרדנדיק אַ פולשטענדיקן ריקצוג איבער קאָטאַגאַיטע, פּאָטאָסי, טשאַיאַנטאַ און קאָ־טשאַבאַמבאַ. ערשט ווען די אַרגענטינער אַרמיי האָט דורכגעמאַכט דעם לאַנגן וויטן וועג האָבן די שפּאַניער אונטערגענומען אַ שלאַכט בא **סי־פּעסיפּע** אין זידן פון לאַ פּאַז. דעם 29טן נאָוועמבער 1815 איז דאָ פּאָר־

געקומען אַ בלוטיקע שלאַכט, באַ וועלכער ראָנדאָס מיליטער, אין באַ־שטאַנד פון 4.000 מאַן איז פולשטענדיק צעשלאָגן געוואָרן.

די אַרגענטינער אַרמיי האָט פאַרלוירן 1.000 מאַן צווישן טויטע, פאַר־וואונדעטע און געפאַנגענע און ס'זיינען אַריינגעפאַלן אין די פיינטלעכע הענט 1.500 ביקסן, 9 קאַנאָנען און אַ פאָן. די פאַרלוסטן פון די שפּאַניער דאַקעגן זיינען געווען אומבאַדייטנדע. די ידיעה וועגן זיג אין סיפּע־סיפּע איז אויפגענומען געוואָרן אין שפּאַניע מיט גרויס פרייד, און דער מילי־טער שעף פּעסועלאַ איז באַשטימט געוואָרן אַלס וויצע־קעניג פון פּערו.

ראָנדאָ מיט זיין געבליבענעם רעשט מיליטער האָט זיך איילִיק צו־



קאָראָנעל מארטין גועמעז



כאָסע מיגעל קאררערא

ריקגעצויגן פון סיפּע־סיפּע און וואלומא, מאַכנדיק דעם ריקצוג ביז כוכוי, פאַרפאַלגט זייענדיק פונעם שונא. ס' איז בשעת דעמדאָזיקן אומגליקלעכן ריקצוג געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן ראָנדאָ און מארטין גועמעז, ווייל דער לעצטער, וואָס האָט זיך געפילט אַלס הערשער פון סאַלטאַ, האָט נישט געוואָלט זיין מער אונטערוואָרפן דער קאָמאַנדע פון ראָנדאָ. גועמעז מיט זיין גאַוטשאָ אַרמיי איז געווען טריי דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס, און נישט ווי אַנדערע קאַודיזשאָס געפאָדערט וועלכע הערשער־מאַכט, אָבער אונטער דער קאָמאַנדע פון ראָנדאָ האָט ער נישט געוואָלט מער

בלײַבן, און ס'איז פֿאָרגעקומען אַ שאַרפֿער צוזאַמענשטויס. אַ טייל פֿון ראָנדאָס סאָלדאַטן זײַנען אַריבער צו גועמעז און ער האָט זיך דערקלערט אַלס באַרעכטיקט זיי אויפֿצונעמען. דערדאָזיקער קאָנפֿליקט האָט שטאַרק באַאומרואיקט בוענאָס איירעס און אויך גענעראַל סאַן מאַרטין. צולעצט אָבער האָבן ראָנדאָ און גועמעז אונטערצייכנט אין סעריזשאָס, נעבן סאַלטאַ, אַ פֿרידנס אָפּמאַך, אין וועלכן ביידע האָבן געשוואוירן „אַ פֿעסטן שלום, אייביקע פֿריינטשאַפֿט, פֿאַרגעסן דאָס געשעענע און אַלגעמיינע אַמ־ניסטיע. די דעזערטירן פֿון ראָנדאָ וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו גועמעז בלײַבן בײַ גועמעז, דאַקעגן וועט סאַלטאַ צושטעלן 300 רעקרוטן דער נאַציאָנאַלער אַרמיי; עס דאַרפֿן אויסגעטוישט ווערן די געפֿאַנגענע; די פּראָווינץ וועט העלפֿן דער אַרמיי מיט פֿערד און לעבנסמיטלען, אונטערן באַדינג, אַז דאָס זאָל באַצאָלט ווערן אין מזומן".

ווען סאַן מאַרטין איז געוואָר געוואָרן פֿונעם געשלאָסענעם פֿרידנס אָפּמאַך צווישן גועמעז און ראָנדאָ האָט ער געלאָזט אָפּפֿײַערן 21 קאַנאָ־נען שאָס לכּבֿוד דעם געשעעניש. דער דורכגאַנג איבער די אַנדן איז גע־ווען פֿאַר אים געזיכערט קעגן אַ שפּאַנישן איבערפֿאַל אין רוקן.

דערנאָך האָט גועמעז גישט געלאָזט מער צו רו די שפּאַנישע אינוואַ־זאָרן, נאָר געמאַכט אָפֿטע און פּלוצלינגע אַטאַקעס אויף זיי און אַזוי אַרום פֿאַרהאַלטן די פֿײַנטלעכע אַרמיי אין סאַלטאַ נישט לאָזנדיק זי ווײַטער אַוואַנסירן. אַדאַנק דעם האָט סאַן מאַרטין געקאָנט אָנגיין רואיק אין מענ־דאָסאַ מיט דער צוגרייטונג פֿון זײַן באַפֿרייאונגס אַרמיי.

דער פּלאַן פֿון די שפּאַניער איז געווען צו גיין איבער סאַלטאַ און טוקומאַן ביז קאָרדאָבאַ. דערנאָך זאָל דאָרט צוגעגרייט ווערן אַן אָפֿענ־סיווע באַזע צו קאָנען זיך וואַרפֿן דערנאָך אויף מענדאָסאַ, וואו עס האָט זיך געפֿונען די אַרמיי פֿון סאַן מאַרטין. נאָכן זיג איבער מענדאָסאַ וואָלט צוגעקומען אויך די אַרמיי פֿון טשילע און דאַן וואָלט אונטערגענומען גע־וואָרן דער מאַרש איבער סאַנטאַ פֿע אויף בוענאָס איירעס. יענער פּלאַן איז, אַדאַנק דער טעטיקייט פֿון גועמעז און אַנדערע לאָקאַלע קאַודיזשאָס, צום גליק, דורכגעפֿאַלן.

## פֿעדעראַליסטן און אוניטאַריער

אין יענער צײַט האָט זיך אין בוענאָס איירעס אויפֿגעהויבן אַ נײַער אינערלעכער קאַמף, כאָטשע אַלע האָבן געשטרעבט צו אַ נאַציאָנאַלער איינִיקייט.

דער אויפֿשטאַנד קעגן אַלוועאַר איז געווען אָנגעפֿירט, ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, פֿון די סאַאַוועדריסטן, און ס'זײַנען באַלד

אָרעסטירט אָדער אַרויסגעשיקט געוואָרן די בעסטע פּאַטריאָטישע כּו־
חות, צווישן זיי לאַררעאַ, מאָנטעאַגודאָ, וויִיטעס, ניקאָלאַס ראָדריגעז
פּעניאַ און אַ סך אַנדערע באַקאַנטע מאַרעניסטן, און דאָס האָט שטאַרק
פאַרשאַרפט דעם אינערלעכן קאַמף און אַנטאַגאָניזם. עס האָט זיך אָנ־
געהויבן דער קאַמף צווישן די צוויי ריכטונגען: פעדעראַלן און אוניטאַ־
ריער; די ערשטע געשטיצט פון די קאָנסערוואַטאָרן און די צווייטע פון
די דעמאָקראַטן. אַרטיגאַס וואָס האָט דורכוים זיך געהאַלטן אַלס אַרגענ־
טינער קעמפער איז אויך געווען אַ פעדעראַליסט, און געשטעלט אַ פאָ־
דערונג אַז בוענאָס איירעס זאָל אויפהערן צו זיין אַ הויפּטשטאָט. אַלוואַ־
רעז טאָמאַס האָט זיך באַמיט צו שטיין אין גוטע באַציאונגען מיט אַר־
טיגאַס און אים געגעבן אַלערליי הנחות אַף דער באַזע פון פּראָווינציעלער
אומאָפּהענגיקייט, אָבער אַרטיגאַס האָט זיך נישט געפילט באַפרידיקט
און געבליבן פיינטלעך צו בוענאָס איירעס. אַזוי אַרום זיינען געבליבן אָפּ־
געריסן ענטרע ריאָס און קאָריענטעס פון דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון
לאַנד און נישט געשיקט שפּעטער קיין דעפּוטאַטן צום קאָנגרעס אין טו־
קומאַן.

## פאַררופן דעם קאָנגרעס

באַלד נאָך דער **פעדעראַלער** רעוואָלוציע דעם 15טן און 16טן אַפּריל
1815, דורך וועלכער ס'איז צעטריבן געוואָרן די **פאַרזאַמלונג** פון 1813,
האָבן אַלוואַרעז טאָמאַס און דער **באַאָבאַכטונגס ראַט** אָנגעהויבן צוצו־
גרייטן די פאַרזאַמלונג צום קאָנגרעס אין טוקומאַן. ס'איז צוגעשיקט גע־
וואָרן צו אַלע פּראָווינצן אַ קאָפּיע פונעם פּראָוויזאָרישן סטאַטוט, בעטנדיק
אים אָנצונעמען און דערביי זיינען די פּראָווינצן פאַררופן געוואָרן צום נאַ־
ציאָנאַלן קאָנגרעס.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך צוזאַמענקומען אין
טוקומאַן, וואָס האָט באַדאַרפט דינען אַלס ביישפּיל אַז בוענאָס איירעס
וויל נישט זיין שטענדיק די אויסדערוויילטע פאַר אַלע פּאָליטישע וויכ־
טיקע געשעענישן. אויסערדעם איז טוקומאַן אַ צענטראַלער פונקט סיי
פאַר די צפונדיקע, סיי פאַר די מערבדיקע און די מזרחדיקע פּראָווינצן.

דאָס לאַנד האָט זיך געגרייט פייערלעך צום נייעם נאַציאָנאַלן צו־
זאַמענפאָר, וועלכער זאָל ענדלעך אַנטשיידן די אומאָפּהענגיקייט פונעם
לאַנד און געבן דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע. די אינערלעכע רייבונגען זיי־
נען באַטראַכט געוואָרן אַלס לאָקאַלע, אומבאַדייטנדע קאָנפליקטן, וועלכע
וועלן פון זיך אַליין פאַרשווינדן ווען דער קאָנגרעס אין טוקומאַן וועט
באַשליסן די נאַציאָנאַלע איינִיקייט און די אומאָפּהענגיקייט. יעדער האָט
דאַריבער געוואַרט מיט געשפּאַנטקייט אַפן צוזאַמענקום פונעם קאָנגרעס.

# דער קאָנגרעס זיך צוזאַמענגעקומען

דער ציל פון דער מאַי רעוואָלוציע איז געווען אַ קלאָרער — שאַפן אַן אומאָפּהענגיק און פריי פּאָלק, שאַפן אַ פריי לאַנד ווי דאָס איז שפּעטער מיט ענטוזיאַזם און פרייד אויסגעדריקט געוואָרן דורך לאָפּעז אי פּלאַנעס אינעם נאַציאָנאַלן הימן. מאָרענאָ איז באַלד נאָך דער רעוואָלוציע געפאַלן, אָבער זיין אידעע איז געבליבן אויפגעהאַלטן דורך זיינע חברים און מיטאַרבעטער בעלגראַנאָ, פּאַסאָ, וויעיטעס, ניקאָלאַס ראָדריגעז פּעניאַ. שאַפן אַן אומאָפּהענגיק לאַנד מיט אַ דעמאָקראַטישן רעזשים האָט אויך געוואָלט סאַן מאַרטין און זיינע מיטאַרבעטער פון דער לאַוטאַראָ לאָזשע, און די פּאַטריאָטן וואָס האָבן אַקטואירט אינעם פּאַטריאָטישן פּאַריין. שאַפן אַן אומאָפּהענגיק און פריי פּאָלק האָט אויך געוואָלט די פּאָלקס-פּאַרזאַמלונג פון 1813, וועלכע האָט פאַרבאָטן דעם שקלאַפן-האַנדל און אָנגענומען אַ גאַנצע ריי ליבעראַלע געזעצן, און דאָך האָט עס געדאַרפט דויערן ביז עס איז ענדלעך געקומען דער מאָמענט ווען די דאָזיקע האָפענונג איז דערפולט געוואָרן.

די אינערלעכע רייבונגען און די אומאויפהערלעכע מלחמה פון די שפּאַניער קעגן בוענאָס איירעס האָט אוממעגלעך געמאַכט די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון זיד-אַמעריקע צו קאָנען געשטאַרקט און געזיכערט פּראָקלאַמירן פאַר דער וועלט אַז „עס דערהויבט זיך אַף דער פלאַך פון דער ערד אַ ניי גלאָררייך פּאָלק".

די געבליבענע שפּאַניער אין לאַנד און באַזונדערס דער גובערנאַטאָר אין מאָנטעווידעאָ עליאָ און שפּעטער וויגאָדעט האָבן געפירט אַ כסדר־דיקע מלחמה קעגן דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער שפּאַנישער פלאָט מיט דער באַזע אין מאָנטעווידעאָ האָט באַלאַגערט בוענאָס איירעס און נישט צוגעלאָזט קיין אויסלענדישע שיפן. אין אינערן ווידער האָבן זיך געבונטעוועט קעגן בוענאָס איירעס די פּראָווינצן קאָרדאָבע און אַלטאָ פּערו (היינט באָליוויע). אין בוענאָס איירעס גופא איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די סאַאַוועדריסטן מיט די מאָרעניסטן. ווי אַזוי זשע איז מעגלעך געווען צו מאַכן וועלכן נייעם שריט?

ס'זיינען אונטערגענומען געוואָרן די מיליטערישע קאַמפּיינען קעגן די שפּאַניער און די רעאַקציאָנערע פּראָווינצן, און אייניקע זיינען געלונ-

גען און אַנדערע דורכגעפאַלן. בעלגראַנאָ, דער גרויסער פּאַטריאָט, צו־זאַמען מיט ריוואַדאַוויאַ זיינען געפאָרן אַלס פרידנס־שליחים קיין שפּאַניע און גאָרנישט געפּועלט און די לאַגע איז געוועזן זייער אַ שווערע, אַזוי פּאָליטיש ווי מיליטעריש. מען האָט געמוזט עפּעס טון צו שטאַרקן דאָס לאַנד און דאָס פאָלק, און דאָס האָט מען געהאָפט צו דערגרייכן איצט דורכן קאָנגרעס אין טוקומאַן.

די אַנפירער האָבן זיך אויך נישט אַנטטוישט. די מייסטע פּראָווינצן האָבן אָנגענומען דעם צוגעשיקטן פּראָוויזאָרישן סטאַטוט און באַשטימט דעפּוטאַטן. צום קאָנגרעס אין טוקומאַן זיינען אין פעברואַר (1816) זיך צוזאַמענגעקומען די דעלעגאַטן פון פאָלגענדע פּראָווינצן:

**בוענאָס איירעס:** דר. אַנטאָניאָ סאַענז, דר. פּעדראָ מעדראַנאָ, דר. כאָסע דאַראַגעירא, פראַי קאַיעטאַנאָ, כאָסע ראָדריגעז, דר. עסטעבאַן אַגוסטין גאַזקאָן, דר. טאָמאַס מ. דע אַנטשאָרענאַ און דר. כואַן כאָסע פּאַסאָ.

**קאָרדאָבאַ:** עדואַרדאָ פּערעז בולנעס, כעראָנימאָ ס. דע קאַברעראַ, כאָסע אַנטאָניאָ קאַברעראַ.

**סאַן כואַן:** פראַנסיסקאָ נאַרסיסאָ לאַפּרידאַ, פראַי כוסטאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ דע אָראָ.

**מענדאָסאַ:** טאָמאַס גאָדאָי קרוז, כואַן אַגוסטין מאַסאַ.

**טוקומאַן:** פּעדראָ מיגעל אַראַאָז, דר. כאָסע קאָלאָמברעס.

**סאַלטאַ:** דר. מאַריאַנאָ באָעדאָ, דר. איגנאַסיאָ גאָרריטי.

**טשאַרקאַס:** מאַריאַנאָ סאַנטשעז דע לאָריאַ, דר. כאָסע סעווערא מאַ־לאַביאַ, כאָסע מאַריאַנאָ סערראַנאָ.

**סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ:** פּעדראָ פראַנסיסקאָ דע אוריאַרטע, פּעדראָ לעאָן גאַזשאָ.

**כוכוי:** טעאָדאָראָ סאַנטשעס דע בוסטאַמאַנטע.

**ריאָכאַ:** פּעדראָ איגנאַסיאָ דע קאַסטראָ באַרראָס.

**טשיטשאַס:** דר. כאָסע אַנדרע ספּאַטשעקאָ דע מעלאָ.

**מיסקע:** דר. פּעדראָ איגנאַסיאָ ריוועראַ.

ענטרע ריאָס און קאָריענטעס זיינען געווען אונטער אַרטיגאַס און האָבן נישט געקאָנט שיקן קיין דעפּוטאַטן. סאַנטאַ פע האָט זיך געפונען אויך אונטערן איינפלוס פון אַרטיגאַס. די פּראָווינצן פון אַלטאָ פּערו האָבן נאָכן זיג פון די שפּאַניער אין סיפּע סיפּע נישט געקאָנט זיך באַטייליקן אינעם קאָנגרעס. פּאַראַגוויי איז שוין פון לאַנג געווען אָפּגעזונדערט און אורוגוויי (אָדער באַנדאַ אָריענטאַל), איז לעצטנס אָפּגעזונדערט געוואָרן.

די זיצונגען האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 24טן מערץ, און לויטן רעגלא־מענט האָט יעדן חודש באַדאַרפט אויסגעקליבן ווערן אַ נייער פּאָרזיצער.

# נייע צעטרעסלונג אין דער רעגירונג

אין דער צייט וואס ס'זיינען אנגעגאנגען די דיסקוסיעס אין קאנגרעס פון טוקומאן האט זיך נאך אפגעשפילט א שטיקל פאליטישע דראמע אין סאנטא פע און בוענאס איירעס. ארטיגאס, זיך געפינענדיק אין ענטרע ריאס האט אליין געשטרעבט צו פארכאפן אויך סאנטא פע, אבער אין סאנטא פע האבן זיך געפונען צוויי קאודיזשאס, מאריאנא ווערא און עסטאניסלאא לאפעז, וועלכע האבן געקעמפט פאר זיך צו זיין די באלעבאטים איבער סאנטא פע. יעדער פון די צוויי האט געהאט קריגערישע כוחות און יעדער פאר זיך האט געוואלט זיין הערשער, אבער ביידע זיינען געווען קעגן ארטיגאס און אויך קעגן בוענאס איירעס. אין יענער צייט איז סאנטא פע נישט געווען נאך קיין באזונדערע פראווינץ, נאר איז באטראכט געווען אלס באצירק פון פראווינץ בוענאס איירעס, און סיי לאפעז און סיי ריווערא האבן געוואלט דערהויבן סאנטא פע אלס פראווינץ. אלווארעז טאמאס האט ארויסגעשיקט גענעראל דיאז וועלעז קיין סאנטא פע, און בעלגראנאן איילק אפגעשיקט קיין נארדן איבערצונעמען די קאמאנדע איבער דער צעשלאגענער ארמיי פון ראנדא. דיאז וועלעזן איז עס באלד נאך זיין קומען קיין סאנטא פע געלונגען צו קומען אין פארהאנדלונגען מיטן קאודיזשא אדער גובערנאטאר ווערא. דער לעצטער האט געשיקט זיינעם א פארשטייער, קאסמע מאסיעל קיין סאנטא טאמע, צו שטעלן פאלגנדע באדינגונגען דעם מיליטער שעף פון בוענאס איירעס: 1) ס'זאל אראפגעזעצט ווערן דער העכסטער דירעקטאר אלווארעז טאמאס, דערפאר ווייל ער האט נישט געוואלט אנערקענען סאנטא פע אלס פראווינץ; 2) די נייע רעגירונג זאל אנערקענען סאנטא פע אלס פראווינץ מיט פולער אויטאנאמיע פון אינערלעכע ענינים און אן אייגענער רעגירונג; 3) סאנטא פע וועט שיקן צוויי דעפוטאטן צום נאציאנאלן קאנגרעס אין טוקומאן. וועגן ארטיגאס איז גארנישט דערמאנט געווארן, אבער מען האט פארשטאנען אז סאנטא פע וועט זיך קעגנשטעלן יעדן פרואוו פונעם קאודיזשא צו אינוואדירן די פראווינץ. ס'איז נאך געבליבן אינעווייניק דער קאמף צווישן ווערא און לאפעז, אבער דאס האט שוין געטראגן א פערזענלעכן און לאקאלן כאראקטער, צו באקומען די הערשאפט איבער דער פראווינץ.

דער אפמאך אין סאנטא טאמע איז אויפגענומען געווארן גינסטיק אין בוענאס איירעס און דער באאבאכטונגס ראט און דער יוסטיץ טריבונאל ווי אויך אנדערע קערפערשאפטן האבן אנערקענט אז אלווארעז טאמאס מוז דימיטירן, און ער האט זיך אונטערווארפן דער פאדערונג. דעם 13טן אפריל 1816 האט אלווארעז טאמאס דימיטירט און דעם 15טן

איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּראָוויזאָרישער העכסטער דירעקטאָר דער זיגער פון סואיפּאַטשאַ, גענעראַל אַנטאָניאָ גאָנסאַלעז באַלקאַרסע.

דאָס איז געווען איינע פון די קאָנסעקווענצן פונעם קאַמף צווישן די פעדעראַליסטן און אוניאָניסטן. די פעדעראַליסטן האָבן אָנגעהויבן באַקומען די אויבערהאַנט.

די באַשטימונג פון באַלקאַרסע איז באַגריסט געוואָרן אין בוענאָס איירעס, און אויך אַרטיגאַס האָט זיך געצייגט גינסטיק דערצו. דאַקעגן דער קאָנגרעס אין טוקומאַן איז געווען אומצופרידן מיטן אַראָפּוואַרפן דורך גוואַלד אַלוואַרעז טאָמאַס, און מורא האָבנדיק פאַר שלעכטע קאָנסעקווענצן האָט דער קאָנגרעס באַשטימט כואַן מאַרטין פּועירעדאָן אַלס העכסטן דירעקטאָר, אַזוי אַז באַלקאַרסע איז געבליבן אינעם אַמט צייטווייליק, בלויז ביזן אָנקומען פון פּועירעדאָן קיין בוענאָס איירעס.

פּועירעדאָן איז געווען אַן אוניטאַריער און דערפאַר האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים אַ באַוועגונג פון די פעדעראַליסטן אין בוענאָס איירעס. עס האָט אָנגעהויבן זיך שאַפן אין יענעם מאָמענט אַ שטאַרק צעטרעסלטע סיטואַציע. דער **באַאָבאַכטונגס ראַט** און דער קאַבילדאָ זיינען געווען פאַר פּועירעדאָן און די סאַאַוועדריסטישע לידערס קעגן אים און עס האָט געדראָט מיט נייע אומרוען.

בעלגראַנאָ האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון איירָאָפּע און ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס העכסטער שעף פון דער נאָרד אַרמיי. פריער אָבער איז ער געקומען קיין טוקומאַן און געבעטן אַן אוידיענץ באַם קאָנגרעס. דאָס איז אים באַוויליקט געוואָרן און מען האָט באַשטימט אים אויסצוהערן בײַ אַ געהיימער זיצונג דעם 6טן יולי.

אין זעלבן טאָג פון 6טן יולי איז לאַ גאַסעטאַ דע בוענאָס איירעס אַרויס מיט אַ שאַרף לייטאַרטיקל (אינעם נומער 62) קעגן דעם ברודערקאַמף און געוואָרנט קעגן דער געפאַר צו פאַרלירן אַלעס, אויב עס וועט אַזוי אָנהאַלטן און עס וועט נישט קומען צו אַן איינינקונג. דאָרט האָט זיך געזאָגט:

„וואָס געשעט איצט? דאָס פאָטערלאַנד ווערט באַדראָט יעדן טאָג מיט נייע געפאַרן, און אירע זין, ווייט פון צו העלפן, גיבן זיך אָפּ מיט פאַרניכטן זיך איינער דעם אַנדערן, און רואינירן די פרייהייט און אָרדנונג, שרייענדיק בלויז „רעפּרעזענטאַנטן! קאַבילדאָ אַביערטאָ! איינהייט! פעדעראַציע!" — פּוסטע אויסריידן! דאָס שלעכטע ליגט נישט אין די פאַרשידענע רעגירונגס סיסטעמען; עס ליגט אין אונדזערע אייגענע הערצער. נישט די מיינונגען צעטיילן אונדז, נאָר די פּערזאָנען. די מענטשן זיינען אין אַלע צייטן דיזעלבע. איינס פון די צוויי: אָדער מיר וועלן צוזאַמענאַרבעטן אַזוי ווי מיר זיינען, אָדער דער שטאַט וועט אונטערגיין. אַן איי-

ניקייט איז נישטאָ קיין האָפנונג פאַר געזונט מאַכן, אַפילו ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט קיין שונאים".

אין דריי טאָג שפּעטער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין טוקומאַן די אומאָפּהענגיקייט פון די פּאַרייניקטע פּראָווינצן פון זיד־אַמעריקע, און שפּעטער מיט צוויי טעג, דעם 11טן יולי, איז אין בוענאָס איירעס דורך אַ פּאָלקס־פאַרזאַמלונג, צוזאַמען מיטן באַאַבאַכטונגס ראַט און קאַבילדאָ באַשטימט געוואָרן צו באַזייטיקן פון זיין אַמט אַלס צייטווייליקן העכסטן דירעקטאָר, גענעראַל באַלקאַרסע. ס'איז געבילדעט געוואָרן אַ רעגירונגס ראַט פון צוויי פּערזאָנען פראַנסיסקאָ אַנטאָניאָ דע עסקאַלאַדע און מיגעל דע איריגאָזשען, וועלכער האָט פּראָוויזאָריש איבערגענומען די רעגירונגס מאַכט ביז ס'וועט קומען פּועירעדאָן. דער לעצטער האָט פאַרלאָזט טוקומאַן דעם 10טן און דעם 29טן יולי איבערגענומען די מלוכה אַלס העכסטער דירעקטאָר.

## פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד

ווי ס'איז פריער געזאָגט געוואָרן איז בעלגראַנאָ איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ געהיימער זיצונג פון קאָנגרעס אָפּן 6טן יולי, 12 אַזייגער. בעלגראַנאָ האָט באַריכטעט וועגן זיין מיסיע אין שפּאַניע. ער האָט אויפגעקלערט די עקשנות פון קעניג פערדינאַנד 7טער און אויך דערציילט וועגן דער סימפּאַטיע וואָס די רעוואָלוציע אין אַרגענטינע האָט אַרויסגערופן אין ענגלאַנד. ער האָט אויך געשילדערט, ווי עס שיינט, די שווערע פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און געפּאָדערט אַ באַלדיק אָפּשטימען די פראַגן פון אומאָפּהענגיקייט און רעגירונגס־פאָרם. וועגן לעצטן האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט אַלס געוויינטשן אַ מאָנאַרכיסטישן רעזשים, האָפנדיק אַז ענגלאַנד וועט אַזוי אַרום גיכער באַשיצן דאָס לאַנד.

דער פּראָטאָקאָל וועגן בעלגראַנאָס באַריכט וואָס איז אויסגעשטעלט געוואָרן דעמאָלט, איז געמאַכט געוואָרן קאַלט און טרוקן, דערציילנדיק אין קורצן וואָס בעלגראַנאָ האָט דערציילט וועגן זיין רייזע אין אייראָפּע. אָבער אינעם בריוו וואָס בעלגראַנאָ האָט געשריבן ריוואַדאַוויאַן דעם צווייטן טאָג האָט ער דערציילט: „איך האָב גערעדט, כ'בין צערודערט געוואָרן; כ'האָב געוויינט, און אַלע האָבן מיט מיר מיטגעוויינט באַטראַכטנדיק די אומגליקלעכע לאַגע פון אונזער לאַנד".

די דערקלערונג פון גענעראַל בעלגראַנאָ באַם קאָנגרעס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אַף אַלע. דערצו איז נאָך געקומען פון סאַן מאַרטינען אַן אויסדריקלעכע פאָדערונג צוצואיילן זיך מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט. אינעם מאָמענט ווען ער גרייט זיך צו

שלאָגן די שפּאַניער אין טשילע און פּערו, אָפּ צו ברעכן די מאַכט פון שפּאַ־
נישן קעניג, איז דאָך נישט דערלאָזבאַר אַז דאָס לאַנד זאָל זיין געבונדן
צום זעלבן קעניג דורך אַ שבועה פון טרייהייט צו אים. אויסערדעם וועט
די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט שטאַרקן די קעמפערישע
כוחות און דערהויבן דעם מוט פון גאַנצן פאָלק.

אַלס פאָרזיצער אין חודש יולי איז געווען דער סאַנכואַנער דעפּו־
טאַט פראַנסיסקאָ נאַרסיסאָ לאַפרידאַ, און אַט דער דאָזיקער 29 יעריקער
דעפּוטאַט האָט געהאַט דאָס גליק אַז אונטער זיין פאָרזיץ מיט די דעפּו־



דער פראָנט פון דער געביידע אין טוקומאַן וואו ס'איז דורכגעפירט געוואָרן
די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט דעם 9טן יולי 1816.

טאַטן סעראַנאָ און פּאַסאָ אַלס סעקרעטאַרן, זאָל דורכגעפירט ווערן די
דערהאַבענע היסטאָרישע אָפּשטימונג פון דער אומאָפּהענגיקייט פונעם
לאַנד.

אַ צייט פון מערערע וואָכן זיינען דיסקוטירט און באַשלאָסן געוואָרן
פאַרשידענע פראַגן, און ענדלעך איז עס געקומען צום מאָמענט צו באַ־
האַנדלען די פראַגע פון אומאָפּהענגיקייט, און לאָזן וויסן דער וועלט אַז

דאָס לאַנד איז אַ זעלבסטשטענדיקער שטאַט, אומאָפּהענגיק פון שפּאַניע און פון איר מאָנאַרך.

דעם 8טן יולי איז די שטימונג אין קאָנגרעס שוין געווען אַ דערהויבענע. אַלע דעפּוטאַטן זיינען געווען שוין צוגעגרייט צו דער אָפּשטימונג. צווישן די דעפּוטאַטן האָט אויך מיטגעווירקט פּועירעדאָן וועלכער האָט זיך געפונען אין יענעם טאָג אין טוקומאַן. פּאַקטיש איז שוין די באַשטימונג פאַרטיק געווען. עס האָט בלויז געפעלט די פאָרמאַליטעט, אַן עפנטלעכע אָפּשטימונג.

באַ דער זיצונג פון 9טן יולי זיינען געקומען אַלע דעפּוטאַטן שוין יובלדיקע מיט שטראַלנדיקע פּנימער, און ווען עס האָט זיך נאָך אַ קורצן מיינונגס־טויש אויפגעשטעלט דער פאָרזיצער אַף אָפּצושטימען די פראַגע, האָט געהערשט אַ געשפּאַנטע און פייערלעכע שטילקייט.

לאַפּרידאַ האָט געפרעגט:

— „ווילט איר, אַז די פאַרייניקטע פּראָווינצן זאָלן זיין אַ נאַציע, פריי און אומאָפּהענגיק פון די קעניגן פון שפּאַניע?"

אַלע ווי איינער האָבן די דעפּוטאַטן זיך אַ הויב געטון פון די פּלעצער און אַ געשריי געטון פייערלעך:

— „יאָ!"

און עס האָבן די דעפּוטאַטן און דאָס פאָלק אויסגעבראָכן מיט אַקלאַמאַציעס און אָוואַציעס.

ס'איז געווען ווי אַ שטורם דער אויסברוך פון פרייד.

די אָפּשטימונג איז געווען אַן אַלגעמיינע, מיט אַן אַלגעמיינעם יאָ. דערנאָך זיינען אויסגערופן געוואָרן די דעפּוטאַטן איינער נאָכן אַנדערן און יעדער באַזונדער האָט ווידערהאָלט זיין פרייריקן „יאָ", באַקרעפטנדיק דעם באַשלוס פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

דעם 21טן ווערט דורכגעפירט דער אַקט פון אָפּגעבן די שבועה דער אומאָפּהענגיקייט, באַ דער אָנוועזנהייט פון די ציווילע און מיליטערישע אויטאָריטעטן פון טוקומאַן, און עס ווערט געשוואוירן אויפצוהאַלטן און זיכערן דעם באַשלוס פון דער אומאָפּהענגיקייט, מיט דער גאַראַנטיע פונעם לעבן, פאַרמעגן און נאָמען.

אַ פּאָר טעג שפּעטער ווערט אָפּגעדרוקט דער פּראָטאָקאָל פון יענער היסטאָרישער זיצונג אין דריי שפּראַכן: שפּאַניש, קיטשואַש און איימאַראַש, בכדי ס'זאָלן זיך באַקאָנען דערמיט אַלע איינוואוינער פון לאַנד.

דער אַקט האָט געלויטעט:

„אין דער פאַרדינסטפולער און זייער ווירדיקער שטאָט סאַן מיגעל דע טוקומאַן, דעם ניינטן טאָג אין חודש יולי 1816, נאָכן ענדיקן די געוויינלעכע זיצונגען פונעם קאָנגרעס פון די פאַרבינדעטע

פראָווינצן, זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן די פריריקע רעדעס איבער דעם גרויסן, דערהאָבענעם און הייליקן ציל פון דער אומאָפּהענגי־קייט פון די פעלקער וואָס שטעלן אים צוזאַמען. ס'איז געווען דורכ־אויסיק פעסט, אַלגעמיין, דויערנד און אַנטשידן די פאָדערונג פון גאַנצן לאַנד צו באַפרייען זיך פייערלעך פון דער דעספּאָטישער מאַכט פון די קעניגן פון שפּאַניע; די פאָרשטייער אָבער האָבן טראָץ דעם לאַנג און טיף שטודירט די פאָדערונג. ס'זיינען צולעצט גע־פרעגט געוואָרן באַ די רעפּרעזענטירטע פעלקער צי ווילן זיי אַז די פראָווינצן פון פאַרבאַנד זאָלן זיין אַ פרייע נאַציע, אומאָפּהענגיק פון די קעניגן פון שפּאַניע און איר מעטראָפּאָליע. זיי האָבן צוערשט אַקלאַמירט, פול מיט הייליקן ברען פאַר דער גערעכטיקייט, און איי־נער נאָך איינעם האָבן ווידערהאָלט איינשטימיק, ספּאָנטאַן און אַנטשלאָסן: „איך שטים פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד!"
און ס'איז דאַריבער אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציע:

„מיר די רעפּרעזענטאַנטן פון די פאַרבינדעטע פּראָווינצן פון זיד אַמעריקע, פאַראייניקטע אין אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, אָנרופנ־דיק דעם אייביקן (אויבערשטן) וואָס באַהערשט די וועלט, אין נאָ־מען און דורך דער אויטאָריטעט פון די פעלקער וואָס מיר רעפּרע־זענטירן, פאָדערן מיר באַם הימל, באַ די פעלקער און אַלע מענטשן פון דער וועלט די גערעכטיקייט וואָס קומט אונדזער אָפּשטימונג. מיר דערקלערן פייערלעך אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד אַז עס איז דער איינשטימיקער און אומצווייפלהאַפטער ווילן פון די פּראָווינצן, איבערצורייסן די גוואַלדבענדער וואָס האָבן זיי געהאַל־טן געבונדן צו די קעניגן פון שפּאַניע, צוריקדעראָבערן די רעכטן וואָס זיינען באַ זיי אָפּגענומען געוואָרן, און אָננעמען דעם הויכן גראַד פון אַ פאָלק, פריי און אומאָפּהענגיק פון פערנאַנדאָ 7טן, זיי־נע נאָכפאָלגערס און די מעטראָפּאָליע (שפּאַניע). עס בלייבט אַזוי אַרום דורך טאַט און רעכט מיט פאַרנעם און פולער מאַכט, צו שאַפן זיך די פאָרמען וואָס עס פאָדערן די גערעכטיקייט און די איצטיקע אומשטענדן. אַלע און יעדער איינער פון זיי פאַרעפנטלעכן, דער־קלערן און ראַטיפיצירן, פאַרפליכטנדיק זיך דורך אונדז צו דער־פילן און אויפהאַלטן דעם דאָזיקן באַשלוס, אונטער דער זיכערונג און גאַראַנטיע פון זייערע לעבנס, פאַרמעגנס און נאָמען.

„זאָל געמאָלדן ווערן עס געהערט, צו פאַרעפנטלעכן עס.
„אונטערצייכנט אינעם זיצונגס־זאַל דורך אונדזער האַנט, גע־שטעמפּלט מיטן זיגל פונעם קאָנגרעס און בייגעחתמעט דורך אונ־דזערע דעפּוטאַטן און סעקרעטאַרן."



די דעפוטאטן באם קאָנגרעס אין טוקומאַן שווערן אויפצוהאלטן און באשיצן די אומאָפּהענגיקייט.

נאָך דער רעזאָלוציע פון מאַי 1810. איז דאָס געווען דער צווייטער גרויסער שריט צו דער פרייהייט. די אָפּשטימונג באַם קאָנגרעס אין טו־קומאַן איז געווען די דערגענצונג צו דער רעוואָלוציע. דאָס פאָלק פון אַר־גענטינע האָט דורך זיינע פאָרשטייער באַם קאָנגרעס געזאָגט יאָ, עס וויל זיין אומאָפּהענגיק און מיט זיך פאָרשטעלן אַ זעלבסטשטענדיקע פרייע נאַציע.

דעם 25טן יולי זיינען אָנגענומען געוואָרן דעפינימיווו די פאַרבן הימל־בלוי און ווייס פאַר דער נאַציאָנאַלער פאָן.

אין גאַנצן לאַנד איז געפייערט געוואָרן דאָס געשעעניש מיט פעסט־לעכקייטן, און די אַרמיי און אַלע אויטאָריטעטן האָבן באַ פייערלעכע אַקטן געשוואוירן טרייהייט דעם באַשלוס פון אומאָפּהענגיקייט.

געענדיקט מיטן באַשלוס וועגן איינער פון די הויפּט־פראַגן איז מען צוגעטרעטן צום אַנדערן וויכטיקן פונקט: „רעגירונגס־פאָרם". עס זיינען געווען אַרום דעם לאַנגע דיסקוסיעס און עס זיינען אַרויסגעשוואומען פאַר־שידענע פאָרשלאָגן: מאָנאַרכיסטישע, רעפּובליקאַנער, פעדעראַטיווע און אוניטאַרע. סאַן מאַרטין, בעלגראַנאָ, ריוואַדאַוויאַ און די מערהייט פון די דעפּוטאַטן זיינען געווען פאַר אַ מאָנאַרכיע. זייער שטאַנדפּונקט איז גע־ווען דער, אַז מען מוז האָבן אַ שטאַרקע האַנט, צו אָרגאַניזירן און זיכערן דאָס לאַנד. עס האָט געמוזט אונטערגענומען ווערן אַ קאַמפּיין קעגן אַר־מיגאַס, אַ קאַמפּיין קעגן וויצע־קעניג פון פּערו, און צו גלייכער צייט זי־כערן און באַשיצן דאָס לאַנד קעגן אַ מעגלעכן אָנגריף פון אַ שפּאַנישן פלאָט. אַלע ביז דעמאָלטיקע רעגירונגס־פאָרמען ווי טריאומווויראַט, די־רעקטאָריומס און אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס ניט גענוג גוט פאַרן מאָמענט, און די פּאַטריאָטן האָבן מורא געהאַט אַז אין פאַל עס זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ רעפּובליקאַנער רעזשים זאָל דאָס לאַנד ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ דיקטאַטאָר, ווי דאָס איז געווען אין פּאַ־ראַגוויי, און ווי דאָס האָט געשטרעבט צו ווערן אַרטיגאַס.

גאַנץ מעגלעך אַז ס'וואָלט אויך דעמאָלט אָנגענומען געוואָרן די מאָ־נאַרכיע, נאָך דער דעפּוטאַט פון סאַן כואַן, פראַי כוסטאָ דע סאַנטאָ מאַריאַ דע אָראָ, האָט זיך אַ שטעל געטון און געפאָדערט אָפּצולייגן די אָפּשטי־מונג פון דער פראַגע, ווייל דאָס דאַרף גרינטלעכער באַהאַנדלט ווערן און וועגן דעם דאַרף קומען דער באַשלוס פון גאַנצן פאָלק. ער האָט אויך גע־דראָעט זיך צוריקצוציען אויב די פראַגע וועט גענומען ווערן צו דער אָפּשטימונג. דער גייסטלעכער כוסטאָ דע סאַנטאָ מאַריאַ דע אָראָ איז גע־ווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דער רעוואָלוציע און אַ רעפּובליקאַנער. אים האָט אויך געשטיצט דער רעפּובליקאַנער דר. טאָמאַס מ. דע אַנטשאָרענאַ, און דער לעצטער האָט אין אַ רעדע אָנגעוויזן אַף די געפאַרן פון אַ מאָ־

נארכיסטישן סיסטעם, אנווייזנדיק אלס נאענטסטן ביישפיל אף דער ברו־טאלימעט פון פערנאנדאס רעזשים אין שפאניע, און האט דאקעגן אנגע־וויזן אף די גוטע אויסזיכטן וואס עס זיינען פאראן באם איינפירן א רע־פובליקאנער פעדעראלע רעגירונגס־פארם.

ס'איז בא דער געלעגנהייט כדאי אנצואווייזן דארויף אז כאסע סאנ־טא מאריא דע ארא, דעלעגאט פון סאן כואן, האט אפגעהאלטן אזוי לייכט א זיג אדאנק דעם וואס ער איז געווען א גייסטלעכער, און

El Congreso de las [illegible] Sud America

Por quanto [illegible]

[illegible]

Excmo. Señor

El Tribunal augusto de la Patria acaba de sancionar en Sesion de este dia por aclamacion plenisima de todos los Representantes de las Provincias y Pueblos Unidos de la America del Sud juntos en Congreso la independencia del Pais de la dominacion de los Reyes de España y su Metrópoli. Se comunica á V. E. esta importante noticia para su conocimiento y satisfaccion y para que la circule y haga publicar en todas las Provincias y Pueblos de la Union. Congreso en Tucuman á 9. de Julio de 1816.

[illegible] Presidente

Mariano Boedo Vice-presidente

Mariano Serrano Dipdo. Secreto.

Juan José Paso Dipdo. Secreto.

Al Excmo. Supremo Director del Estado.

רעכטס א נאטע פון לאפרידא צו פועירעדאן, מעלדנדיק אים וועגן דעם פראָ־קלאמירן די אומאפהענגיקייט. — לינקס דער איינציקער דאקומענט וואס געפינט זיך אין נאציאנאלן מוזיי מיטן זיגל פון טוקומאנער קאנגרעס.

די גלחים האבן פארנומען צו יענער צייט א גרויסן פלאץ אין דער רעוואָ־לוציע און אין פאליטישן לעבן בכלל. פון די 29 דעלעגאטן וואס האבן אונטערצייכנט דעם אקט פון אומאפהענגיקייט, זיינען 16 געווען גלחים. דורך דעם ענערגישן קעגנשטעלן זיך פון דערמאנטן גייסטלעכן קעגן מאָ־

נאַרכיסטישן רעזשים איז די פראַגע פון רעגירונגס־פאָרם אַזוי אַרום גע־בליבן אָפן, לאַזנדיק עס אַף שפּעטער.

דער קאָנגרעס האָט דערנאָך באַהאַנדלט ווידעראַמאָל פאַרשידענע פראַגן. גענעראַל בעלגראַנאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס העכסטער מי־ליטער שעף איבער דער אַרמיי פון נאָרדן און עס זיינען באַהאַנדלט גע־וואָרן נאָך אַנדערע פּראָבלעמען פונעם מאָמענט.

די שפּאַניער אין בוענאָס איירעס און אין מאָנטעווידעאָ, די אָפענע און באַהאַלטענע שונאים פון דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד, זיינען אָפּט געגאַנגען צום פּאָרט און אַרויסגעקוקט אַף די שיפן מיט מיליטער וואָס פערנאַנדאָ האָט צוגעגרייט, אָבער זייער אַרויסקוק איז געווען אומ־זיסט. די שפּאַנישע קריגסשיפן זיינען מער ניט געקומען. פערנאַנדאָ איז געווען צופיל פאַרנומען מיט רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין אייגע־נעם לאַנד.

## סאַן מאַרטין און פּועירעדאָן

מאַרטין דע פּועירעדאָן האָט אין יוני 1816 געהאַט אַ צוזאַמענרייד מיטן גובערנאַטאָר פון סאַלטאַ, קאָראָנעל מאַרטין גועמעז, וועגן אַ קאָמ־בינירטער אַקציע, צו פאַרטיידיקן די גרעניצן פון סאַלטאַ און כוכוי. פון דאָרט איז מאַרטין דע פּועירעדאָן געקומען קיין טוקומאַן און ביי־געווען די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט, און באַלד אַפן צווייטן טאָג (דעם 10טן יולי) אונטערגענומען די רייזע קיין בוענאָס איירעס. ער האָט זיך אָבער אונטערוועגס אָפּגעשטעלט אין קאָרדאָבאַ, אַף צו האָבן אַ קאָנפערענץ מיט סאַן מאַרטינען, און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון נייע קריגס־אָפּעראַציעס קעגן די שפּאַניער. טאָמאַס גידאָ, וועל־כער איז געווען אָפיציאַל מאַיאָר אין קריגס־מיניסטעריום האָט געהאַט אויסגעאַרבעט צוריק מיט צוויי חדשים (מאַי) אַ מעמאָראַנדום וועגן מאַרש איבער די אַנדן בערג און דאָרט זיינען געווען עקספּאָנירט סאַן מאַרטינס פּלענער. די קאָנפערענץ אין קאָרדאָבאַ איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 15טן און 16טן יולי (1816) און בא דער קאָנפערענץ זיינען אָנגענומען געוואָרן סאַן מאַרטינס פּלענער און באַדינגונגען.

סאַן מאַרטין האָט שוין געהאַט מיט אַ צייט צוריק אָנגעוויזן אַז דורכן נאָרדן וועט גאָרנישט דערגרייכט ווערן, און אַז דאָ קאָן געפירט ווערן בלויז אַ דעפענסיוו־קאַמף. זיין פּלאַן איז דאַריבער געווען: אָרגאַ־ניזירן אַ גוט באַוואָפנטע און דיסציפּלינירטע אַרמיי; גיין דורך די אַנדן קיין טשילע און אומאָפּהענגיק מאַכן דאָס לאַנד; שאַפן אַ פלאָט באַם פּאַ־ציפיק און אָרגאַניזירן אַן אַרגענטינער־טשילענישע אַרמיי, דורכפירן אַ דעסאַנט אַפן פּערואַנער ברעג און מאַרשירן אַף לימאַ.

דער גרויסער באַפרייער האָט אויך באַוויזן וואונדער אין מענדאָ־זאַ. אין יענער צייט האָט מענדאָזאַ געציילט אַרום 2.500 איינוואוינער און דער גאַנצער קוזשאָ־געגנט האָט געהאַט קוים 50.000 נפשות. און באַ אָט דער קליינער צאָל אַרטיקע איינוואוינער האָט סאַן מאַרטין געשאַפן אַ מוסטערהאַפטע קאַמפּס־אַרמיי.

באַ דער קאָנפערענץ אין קאַרדאָבאַ האָט פּועירעדאָן, אַלס נייער מלוכה־שעף פאַרשפּראָכן די פולסטע שטיצע סאַן מאַרטינען צום שאַפן די אַנדן־אַרמיי און אונטערצונעמען דעם געפּלאַנטן מאַרש. סאַן מאַרטין, פּועירע־דאָן און טאָמאַס גידאָ קאָנען אַזוי אַרום באַטראַכט ווערן אַלס די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרס פון דעם מאַרש איבער די אַנדן.

## פּאָרטוגעזער אינוואַדירן באַנדאַ אָריענטאַל

איידער אָבער ס׳איז נאָך צייט געווען עפּעס צו טון אין מענדאָזאַ, האָט זיך געשאַפן אַ נייער פּאָליטישער פּלאָנטער. אויס מורא פאַרן אָנ־קום פון אַ שפּאַנישער קריגס־מאַכט נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט זיינען געפירט געוואָרן פאַרהאַנדלונגען אין בראַזיל, וועגן אַן אַריינמאַרש פון אַ פּאָרטוגעזישער אַרמיי קיין באַנדאַ אָריענטאַל. די פאַרהאַנדלונגען האָט געפירט דער אַרגענטינער דיפּלאָמאַטישער פאָר־שטייער אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ. ס׳איז אויך פאַר־שטאַרקט געוואָרן די אידעע צו קרוינען אַ פּרינץ פון בראַזיל אָדער פון וועלכן אַנדערן לאַנד אַלס קעניג, אַלץ מיט דער אויסזיכט צו זיכערן דאָס לאַנד קעגן אַ שפּאַנישער אַטאַקע.

גראָד האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ געשפּאַנטקייט צווישן שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָט גאַרסיאַ גערעכנט אויסצונוצן די געלעגנהייט און דערגרייכן די אינוואַזיע פון אַ פּאָרטוגעזישער אַרמיי, פון בראַזיל אויס, אין באַנדאַ אָריענטאַל, און דעמאָלט וואָלט דער שפּאַנישער פּלאַט נישט געקאָנט מער צוקומען אין די לאַ פּלאַטאַ וואַסערן. בראַזיל, ווי באַוואוסט, איז דעמאָלט געווען אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע.

דער פּלאַן וואָס גאַרסיאַ האָט אויסגעאַרבעט איז געווען פאָלגנדער: לאָזן אָקופּירן די פּראָווינץ אָריענטאַל (אורוגוויי) דורך אַ פּאָטוגעזישער אַרמיי, און דורך דעם זיכערן די אַרגענטינער ברעגן, און צו גלייכער צייט מעגלעך מאַכן דער בוענאָס איירעסער רעגירונג צו שיקן פאַרשטאַרקונג פאַר סאַן מאַרטין אין מענדאָזאַ, און פאַר בעלגראַנאָ אין טוקומאַן. צו גלייכער צייט וועלן די פּאָרטוגעזער אונטערנעמען אַ קאַמף קעגן אַרטי־גאַס. לויט דעמזעלבן פּלאַן האָט געזאָלט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג אָנ־געבן אַלס אויסרייד פאַר דער אינוואַזיע די רויבערייען, וואָס עס באַגייען

די אַרטיגיסטן, און אָנגעבן, אַז אַזויווי די אַרגענטינער רעגירונג האַלט אַרטיגאַסן אַלס אונטערטאַן, דאַרף זי אים רופן צו אָרדנונג, און אין קעגנ־פאַל האָט פּאָרטוגאַל דאָס רעכט אים צו פאַרפאָלגן אין די ערטער וואו ער און זיינע מיטהעלפער באַגייען די גניבות און מערדערייען.

די רעגירונג פון בוענאָס איירעס האָט זיך געפונען אין דער דאָזי־קער פראַגע אין אַ קלעם. דער קאָנגרעס האָט אויפגענומען די פראַגע גאַנץ ערנסט און אַ גרויסער טייל איז געווען פאַר גאַרסיאַס פאַרשלאַג, אָבער דער העכסטער דירעקטאָר פּועירעדאָן איז געווען קעגן. אַנשטאָט רופן צו הילף די פּאָרטוגעזער האָט ער בעסער זיך געוואָלט פאַרשטענדיקן מיט אַרטיגאַס, אָבער דער לעצטער האָט געפאָדערט מענטשן, וואָפן, שיפן, געלט און לעבנסמיטלען. און איידער נאָך ס'איז מעגלעך געווען צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג, האָט אַריינמאַרשירט אַ פּאָרטוגעזישע אַרמיי פון צען טויזנט מאַן, אָנגעפירט פון גענעראַל לעקאָר. דער אַריינמאַרש איז דורכגעפירט געוואָרן דורכן ים־ברעג און דורך דער יבשה. אַרטיגאַס איז געווען צוגעגרייט צום ווידערשטאַנד זייט אָנהויב 1816 און ער האָט צע־טיילט זיינע קעמפערישע כוחות, וואָס זיינען באַשטאַנען פון 9.000 מאַן, אין פיר טיילן, אָנגעפירט פון זיינע הויפּט־קאָמאַנדאַנטן ריווערא, ווער־דום און אַנדרעס גואַקוראַדי (אַן אינדיאַנער, באַקאַנט אַלס אַנדרעסיטאָ).

אין בוענאָס איירעס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, באַשולדיקנדיק די רעגירונג אין פאַרראַט, און ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן דעמאָנ־סטראַציעס פאָדערנדיק שטיצע פאַר אַרטיגאַסן קעגן די פּאָרטוגעזער. דער קאָנגרעס אין טוקומאַן פון זיין זייט האָט באַשלאָסן צו שיקן דעם קריגסמיניסטער כואַן פ. טערראַדי, צו פאָדערן בא לעקאָר „צו רעספּעק־טירן דעם וואָפנשטילשטאַנד פון 1812" און עוואַקואירן באַנדאַ אָריענ־טאַל, און צו גלייכער צייט באַשטימט צו שיקן קיין ריאָ אַן אַנדערן די־פּלאָמאַטישן שליח„ מאַטיאַס דע איריגאָיִשען, פאַרצושלאָגן דער פּאָרטו־גיזישער רעגירונג פון זשואַן 6טן „צו דערקלערן זיך אַלס פּראָטעקטאָר פון דער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן, און פאַרבינדן די אינקאַ־מלוכה מיט דער בראַגאַנזא דינאַסטיע".

דער העכסטער דירעקטאָר, פּועירעדאָן, פון זיין זייט האָט זיך באַ־גרעניצט מיט אַ קורצן ענטפער דעם דיפּלאָמאַטישן שליח גאַרסיאַ, אויס־דריקנדיק זיין וואונדערונג איבער דער שטעלונג פון דער פּאָרטוגעזישער רעגירונג. פּועירעדאָן האָט אויך טיילווייז אויסגעפאָלגט די פאָדערונג פו־נעם טוקומאַנער קאָנגרעס צו שיקן אַ שליח צו גענעראַל לעקאָר. ער האָט אַנשטאָט דעם קריגסמיניסטער געשיקט דעם קאָראָנעל ניקאָלאַס דע ווע־דיאַ צום פּאָרטוגעזישן מיליטער־שעף, צו דערמאָנען אים דעם וואָפנ־שטילשטאַנד פון 1812.

לעקאר האט אויפגענומען גאנץ העפלעך דעם ארגענטינער מיליטער־שעף, אבער ער האט אים דערקלערט אנטשידן, אז ער פירט אויס דעם באפעל פון זיין רעגירונג און ער וועט זיין מיסיע אויספירן נישט נעמענדיק אין אכט קיין שום פראטעסט. איבעריקנס וויל ער בלויז באזייטיקן די רו־שטערער און פארענדיקן מיט דער אומארדנונג באם בראזיליענער גרעניץ, און די ארגענטינער רעגירונג האט זיך נישט וואס צו באאומרואיקן. דערביי האט ער אויך געלאזט וויסן אז ער אקטואירט בלויז אין דער טעריטאריע וואס האט זיך שוין דערקלערט (דורך ארטיגאס) אומאפהענגיק.

איינער פון ארטיגאסעס קאמאנדאנטן, מיגעל בארעירא, וועלכער האט געהאט אף זיך די פארטיידיקונג פון מאנטעווידעא, האט זיך געווענדעט צו פועירעדאן נאך הילף, אבער דער העכסטער דירעקטאר האט דערקלערט, אז בוענאס איירעס וועט נאר דאן קאנען שיקן הילף, ווען באנדא אריענטאל מיט מאנטעווידעא וועלן אנערקענען די אייניקייט מיט דער נאציאנאלער רעגירונג און וועט שיקן דעפוטאטן צום קאנגרעס. בארעירא האט דעם באדינג אנגענומען און ס'איז אונטערצייכנט געווארן אן אפמאך. דאס דירעקטאריום האט באלד ארגאניזירט א ארמיי פון 1.400 מאן און זי האט געזאלט אונטער דער קאמאנדע פון מארקאס גאנסאלעז באלקארסע זיך פארשיפן אפן וועג קיין מאנטעווידעא. ס'איז אבער באלד געקומען א ידיעה אז ארטיגאס אנערקענט נישט די האנדלונג פון בארעירא, און ער האט פארארדנט דעם אפמאך צו פארברענען, און די אונטערצייכנער זאלן זיך באלד מעלדן אף צו באקומען די געהעריקע שטראף. עס פארשטייט זיך אז די וואס האבן געפירט די פארהאנדלונגען און געשלאסן דעם אפמאך האבן זיך נישט געוויזן מער פאר ארטיגאסן.

דערווייל האט זיך צעפלאקערט די מלחמה אין באנדא אריענטאל. די פארטוגעזער האבן צעקלאפט די ארטיגיסטישע ארמיי פון ריווערא אין אינדיא מוערטא, די פון ווערדום אין איביראקאי, די פון אנדרעסיטא אין דער זאנע פון מיסיאנעס, די פון ארטיגאס אין קארומבע און די פון לאטארע אין קאטאלא. דעם 20טן יאנואר 1817 זיינען די פארטוגעזער אריין קיין מאנטעווידעא, און די באפעלקערונג האט זיי אויפגענומען מיט גרויס פרייד, ווייל זיי האבן געהאט שטארק צו ליידן די גאנצע צייט אונטער דער הערשאפט פון ארטיגאסעס קאמאנדאנטן.

לעקאר איז אויפגענומען געווארן פונעם קאבילדא פון מאנטעווידעא מיט גרויס כבוד, טראצדעם וואס דערזעלבער קאבילדא האט מיט א פאר טעג צוריק ארויסגעלאזט א שארפע פראקלאמאציע קעגן די אינוואזארן, און א פאר טעג שפעטער האט דער קאבילדא געשיקט א דעלעגאציע צו בעטן באם פארטוגעזישן קעניג זשואן 6טן צו אנעקסירן באנדא אריענ־

טאַל. דער פּאָרטוגעזישער מאָנאַרך האָט אָבער נישט אָנגענומען יענעם תחנונימדיקן אָנבאָט, ווייל איבער דער נאַפּאָלעאָנישער נאָך־מלחמה צייט איז עס נישט דערלאָזט געוואָרן מצד די אייראָפּעאישע מלוכות.

## געשפּאַנטע באַציאונגען צווישן בוענאָס איירעס און ריאָ

די דערקלערונג פון גענעראַל לעקאָר דעם אַרגענטינער שליח קאַראַ־נעל ניקאָלאָס דע ווערדיאַ, אַז מען האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אַ פּאָרטוגעזישער אטאַקע, האָט אין אַ געוויסער מאָס באַרואיקט די אַר־גענטינער רעגירונג. שפּעטער איז דאָסזעלבע אויך ראַטיפיצירט געוואָרן דורך דער בראַזיליענער רעגירונג. דעם 1טן פעברואַר (1817) האָט דאָס דירעקטאָריום אָבער געפאָדערט די עוואַקואַציע פון מאָנטעווידעאָ און באַנדאַ אָריענטאַל און אַזוי־ווי דער טאָן איז געווען אַ שאַרפער, איז עס געקומען צו אַן איבעררייס אין די באַציאונגען מיט דער רעגירונג פון ריאָ דע זשאַנעירא. קיין קאָנסעקווענצן האָט דאָס אָבער נישט געבראַכט.

דערווייל האָט דער קאָנגרעס פון טוקומאַן דורך אַ דעקרעט פון 1טן יאַנואַר באַשטימט זיך אַריבערצוקלייבן קיין בוענאָס איירעס, און דעם 12טן מאַי באַנייט די זיצונגען, און בײַ דער ערשטער זיצונג באַשטימט אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל צוזאַמען מיט פּועירעדאָן זוכן אַ וועג אָפּ צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט בראַזיל. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען, בײַ וועלכע ס׳איז אָלץ מצד בוענאָס איירעס געשטעלט געוואָרן די פאָ־דערונג אַז באַנדאַ אָריענטאַל, איינשליסלעך מאָנטעווידעאָ, זאָל צוריק בלייבן אָנגעשלאָסן אין די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, מיט אַ פּרינץ פון דער בראַגאַנזאַ דינאַסטיע אין דער שפּיץ. און אין דער צייט וואָס עס האָבן זיך געפירט די אומענדלעכע פאַרהאַנדלונגען האָבן אַרטיגאַס, ריוועראַ און די אַנדערע סוב־קאַודיזשאָס פאַרגעזעצט דעם ווי־דערשטאַנדס קאַמף גאַנץ אַליין, אָבער אָן שום דערפאָלג.

## דער סוף פון אַרטיגאַסעס פּאָליטישער און מיליטערישער אַקטואַציע

דער אורוגווייער קאַודיזשאָ וואָס האָט אַזוי ענערגיש געקעמפט אין פאַרטיידיקונג פון באַנדאַ אָריענטאַל קעגן די שפּאַניער און דערנאָך גע־קעמפט קעגן דער צענטראַלער רעגירונג פון בוענאָס איירעס, **כאָסע כער־וואַסיאָ אַרטיגאַס**, איז נאָך די אומאויפהערלעכע מיליטערישע מפּלות גע־בליבן אָן אַן אַרמיי און אָן פריינט, און ער האָט זיך אַ באַזיגטער און אַנט־מוטיקטער צוריקגעצויגן קיין קאָריענטעס און פון דאָרט קיין פּאַראַגוויי.

דער פּאַראַגוויייער דיקטאַטאָר, דר. פראַנסיאַ, האָט אים געגעבן אַזילרעכט אָבער מיטן באַדינג צו בלייבן שטענדיק אין שטעטל קורוגאַטי. זייט דעם ער איז (אין סעפּטעמבער 1820) אַוועק קיין פּאַראַגוויי, איז אַרטיגאַס אַראָפּ פון דער פּאָליטישער סצענע. ער איז שפּעטער אונטער דער פרעזידענץ פון קאַרלאָס א. לאָפּעז אַרויס פון זיין גלות־פּלאַץ און זיך באַזעצט נעבן אַסונסיאָן, און דאָרט געוואוינט, ביז ער איז אין יאָר 1850, אין עלטער פון 86 יאָר, געשטאָרבן.

דורך זיין מיטבאַטייליקונג אין דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ אין קאַמף קעגן די שפּאַניער און דורך זיין שווערן קאַמף קעגן די פּאָרטוגעזער ווערט כאָסע כערוואַסיאָ אַרטיגאַס באַטראַכט אין אורוגוויי אַלס באַפרייער און די רעשטן פון זיין טויטן קערפּער געפינען זיך אָפן אָנגעזעענסטן פּלאַץ פונעם בית־עולם אין מאָנטעווידעאָ. אָף דעם נאָמען פון אַרטיגאַס זיינען אין אורוגוויי פּאַראַנען אַ סך גאַסן און פּלאַסעס. אויך אין בוענאָס איירעס ווערט אָנגערופן אַ גאַס אָף זיין נאָמען.

די אורוגווייער שריפטשטעלער איסידאָראָ דע מאַריאַ און אַנטאָניאָ דיאַז האָבן געשריבן ביאָגראַפיעס פון אַרטיגאַס. עס האָט אויך געשריבן דער אַרגענטינער שריפטשטעלער כוסטאָ מאַסעאָ אַ בוך אונטערן טיטל „אַרטיגאַס און זיין עפּאָכע". עס ווערן צוגעשריבן אַרטיגאַסן גרויסע פאַרדינסטן אַלס פרייהייטס־קעמפער און עס ווערן אָפּגעוויזן אַ סך פון די באַשולדיקונגען קעגן אים.

אַרטיגאַס איז געבוירן אין מאָנטעווידעאָ דעם 19טן יוני 1764 אַלס זון פון די ערשטע שפּאַנישע אימיגראַנטן. נאָכן ענדיקן די שול האָט ער געווירטשאַפט איבערן פּאָטערס פּאָסעסיע און האָט געקעמפט קעגן די אָרטיקע אינדיאַנער, און דאָס האָט אים געגעבן אָנזען בא די שפּאַניער. אין 1797 איז ער אַריין אין מיליטער דינסט צום שפּאַנישן רעגימענט בלאַנדענגעס און איז אינגיכן געוואָרן אָפיציר. שפּעטער אָבער דורך אַן אינצידענט מיט אַ טעניענטע איז ער דעם 2טן פעברואַר 1811 אַוועק פונעם לאַגער און איז — ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן — אַריבער אָף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן פון בוענאָס איירעס, און דערנאָך אומצופרידן מיט זיי, אַרויס קעגן זיי אין קאַמף.

זייט דעם כאָסע כערוואַסיאָ אַרטיגאַס איז אַוועק פונעם קאַמפּס־פּלאַץ איז באַנדאַ אָריענטאַל געבליבן אָנגעשלאָסן צו בראַזיל אַלס פּראָווינץ אונטערן נאָמען ציספּלאַטינאַ.

אַנדערע פּאַטריאָטן מיטן נאָמען אַרטיגאַס: כאָאַקין און פאַנטאַלעאָן אַרטיגאַס האָבן שפּעטער (אין 1825) אָנגעפירט דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון אורוגוויי און באַפרייט דאָס לאַנד פון דער בראַזיליעניש־פּאָרטוגעזישער אָקופּאַציע.

# אַרגענטינע זוכט אַ פרייעם ים־וועג

ווען אפילו די ברעגן פון אַרגענטינע זיינען געווען געזיכערט דורך דער אָקופּאַציע פון באַנדאַ אָריענטאַל דורך די פּאָרטוגעזער, האָט מען אין שפּאַניע נישט אויפגעגעבן דעם פּלאַן צו אַטאַקירן און בלאָקירן דאָס רע־וואָלוציאָנערע לאַנד. די אַרגענטינער רעגירונג האָט דעריבער געמוזט אונטערנעמען שריט אַף צו זיכערן דעם האַנדל, און צו דעם צוועק באַ־שלאָסן צו געבן קאָנצעסיעס פאַר פּריוואַטע שיפן אָנצוגיין מיט אַ קאָר־סאַריער אַקציע.

דאַטירט אין דער פעסטונג פון בוענאָס איירעס דעם 15טן מאַי 1817, און אונטערצייכנט פון כואַן מאַרטין פּועירעדאָן (העכסטער דירעקטאָר) און מאַטיאַס דע איריגאָזשען (קריגס און פלאָט מיניסטער) האָט די רע־גירונג אַרויסגעגעבן אַ פּראָוויזאָרישן רעגלאַמענט וועגן קאָנצעסיעס פאַר קאָרסאַריער שיפן. ס'איז צוגעשטעלט געוואָרן די שיפן געווער און מו־ניציע און זיי האָבן געמעגט האַנדלען לויט איינזען קעגן פיינטלעכע שיפן און ברענגען די סחורות פון דיזעלבע צו אַרגענטינער פּאָרטן.

דערביי האָט די רעגירונג פאַרשפּראָכן די קאָרסאַריער קאָמאַנדאַנטן אַ באַזונדערע באַלוינונג ווען זיי וועלן כאַפּן שיפן מיט פיינטלעך מילי־טער, אָדער קריגס־מאַטעריאַלן. די קאָרסאַריער שיפן האָבן געמעגט אונ־טערצינדן שפּאַנישע שיפן אָדער פאַרניכטן זיי דורך אַנדערע מיטלען, אָבער זיי האָבן נישט געטאָרט באַהאַנדלען ברוטאַל די מאַנשאַפט פון יענע שיפן.

די רעגירונג האָט אין די קאָנטראַקטן מיט די קאַפּיטאַנען פאַר־שפּראָכן אָפּצוקויפן די וואָפן וואָס אַ קאָרסאַריער ברענגט פון אַ פיינט־לעכער שיף.

אינעם דערמאָנטן רעגלאַמענט ווערט אָנגעוויזן וויאַזוי צו האַנדלען אין פאַל מען פאַנגט שיפן מיט נעגערס. ס'ווערט פאַרשפּראָכן אַ באַלוי־נונג פאַר יעדן נעגער און עס ווערט פאַרזיכערט די נעגערס פרייהייט אָדער זיי וועלן קענען מיטמאַכן דעם מיליטער־דינסט. ס'ווערט דאָרט אָנ־געצייכנט באַדינגונגען וויאַזוי עס דאַרפן באַהאַנדלט ווערן די טריפּו־לאַנטן פון די קאָרסאַריער שיפן גופא. אַזעלכע קאָרסאַריער שיפן האָבן געבראַכט אַ סך נעגערס און זיי זיינען באַפרייט געוואָרן אָדער אריין אין מיליטער־דינסט. ראָסאַס האָט צווישן זיינע לייט געהאַט אַ סך פון די דאָזיקע נעגערס.

אַזאַ אופן פון זוכן אַ פרייעם וועג אַף די ימים איז אָנגעפירט געוואָרן אין יענער צייט פון מערערע אַמעריקאַנער פרייע לענדער.

# סאַן מאַרטין נעמט אונטער דעם אַרויסמאַרש

נאָך די מיליטערישע נידערלאַגעס אין ווילקאַפּוכיאָ און איאַהומאַ דורך בעלגראַנאָ און אין סיפּע סיפּע דורך ראָנדאָ איז געוועזן צו דערוואַרטן אַ ווייטערדיקן קאַמפּיין פונעם וויצע־גובערנאַטאָר פון פּערו קעגן אַרגענטינע, און סאַן מאַרטין, וועלנדיק אַטאַקירן די שפּאַניער אין סאַמע צענטער, אין פּערו, האָט צוגעגרייט אַ עקספּעדיציע קיין טשילע דורך די אַנדן.

דער הויפּט־קוואַרטיר פון סאַן מאַרטין, מיט זיין הויפּט־לאַגער, האָבן זיך געפונען אין פּלומעריזשאַ, אַ לעגווע ווייט פון מענדאָזאַ. דאָרט איז צוגעגאַנגען אַ כסדרדיקע מושטרירונג, אַן אומאויפהערלעך טרומייטן, באַראַבאַנעווען און שיס־איבונגען. די מושטרירונג האָט געדויערט דריי ביז פיר שעה פאַרמיטיק און נאָך אַ קורצן איבעררייס פאַרגעזעצט געוואָרן נאָכמיטיק. אויסער מיליטערישע איבונגען האָט יעדער סאָלדאַט געדאַרפט אויך דורכפירן האַנטווערק, ווי מאַכן שיך, שניידעריי־אַרבעט און אַלערליי אַנדערע מלאכות. אין די אָוונטן האָט סאַן מאַרטין געגעבן לעקציעס איבער מיליטערישער סטראַטעגיע און אויסגעאַרבעט פּלענער פאַרן נעכסטן אַרויסמאַרש.

אין אַ בריוו צום העכסטן דירעקטאָר פּועירעדאָן האָט סאַן מאַרטין געשריבן דעם 9טן נאָוועמבער 1816: „איך באַוואונדער וואָס אַזאַ שוואַך באַפעלקערטער געגנט, אָן מסחר און אָן גרויסע קאַפּיטאַליסטן, באַמאַנגל אין האָלץ, פעלצוואַרג, וואָל, פי און אַנדערע רוי־מאַטעריאַלן און אויך אָן יעדער רעגירונגס־הילף, איז אומשטאַנד געוועזן אויפצושטעלן אַ מוסטערהאַפטע אַרמיי פון 3.000 מאַן. ס'זיינען געשאַפן געוואָרן לאַגערס, צוגעגרייט געוואָרן 3.000 פערד, 7.000 מויל־אייזלען און ס'איז געטון געוואָרן אַלעס אויסצוהאַלטן און באַוואָפענען די אַרמיי".

איידער ס'איז אונטערגענומען געוואָרן דער מאַרש איבער די אַנדן האָט סאַן מאַרטין אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער קאַמף קעגן די שפּאַניער אַפן אופן ווי גועמעז מיט זיינע גאַוטשן האָבן עס געטון אין נאָרדן. צווישן די פּאַרטיזאַנער גרופּעס האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די פון מאַנועל ראָדריגעז. די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געלאָזט אַ מינוט רו די רעאַליסטן.

עס איז אָנגעגאַנגען אין פולסטן טעמפּאָ די בילדונג פון דער אַנדן־אַרמיי, צו וועלכן די רעגירונג פון בוענאָס איירעס, ביז פּועירעדאָן איז געקומען צו דער מאַכט, האָט מיטגעשטייערט בלויז מיט פינף טויזנט פּעזעס מאָנאַטלעך. דער רעגימענט נומער 11, אָנגעפירט פון כואַן גרעגאָריאָ דע לאַס העראַס, איז געוועזן דער ערשטער קאָרפּוס, וואָס איז געביל־

דעם געוואָרן. דערנאָך איז געקומען דער באַטאַליאָן פון סאַן כואַן, און צוויי קאָמפּאַניעס פון 8טן רעגימענט פון בוענאָס איירעס, מיט פיר קאַנאָנען. ס׳זיינען שפּעטער צוגעקומען די רייטער גראַנאַדירן אונטער דער קאָמאַנדע פון סאַפּיאָלאַ.

באַ זיין קאָנפערענץ מיט פּועירעדאָן אין קאָרדאָבאַ האָט סאַן מאַרטין געפּועלט אַז ער זאָל באַקומען אַ רעגירונגס-ביישטייערונג פון 8.000 פּעזעס מאָנאַטלעך, און ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז גענעראַל סאָלער זאָל זיין שעף פונעם הויפּט-שטאַב.

די הילף פון בוענאָס איירעס איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ קליינע, אָבער סאַן מאַרטין האָט באַקומען די פולסטע שטיצע פונעם אָרטיקן פאָלק פון קוזשאָ.

סאַן מאַרטין, דער אינטענדענט און דערנאָך גובערנאַטאָר פון קוזשאָ, איז געווען עפּעס מער ווי גובערנאַטאָר. ער איז געווען דער ליבלינג און דער העלד פון דער גאַנצער פּראָווינץ, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיטגעשטייערט מיט וואָס נאָר מען האָט געקאָנט. די מענדאָזער אַריסטאָקראַטישע דאַמען האָבן געבראַכט זייער צירונג און עס געגעבן פאַר דער באַפרייונגס אַרמיי. אַנדערע האָבן געגעבן בהמות, עופות, אַלערליי לאַנד-פּראָדוקטן, און וואָס נאָר עמיץ האָט געקאָנט, האָט ער עס געגעבן מיט ליבע.

אָנהויב 1817 האָט די באַפרייונגס אַרמיי זיך אָנגעהויבן גרייטן צום מאַרש. דעמאָלט איז די עקספּעדיציע באַשטאַנען פון 4.000 קאַמפּס-סאָלדאַטן און 1.200 מיליציאַנטן וואָס האָבן געפירט די קריגס-מאַטעריאַלן, לעבנס מיטלען און בהמות. די עקספּעדיציע האָט געהאַט 10.000 מויל-אייזלען, 1.600 פערד און 600 אָקסן.

די אינפאַנטעריע, 3.000 מאַן אין צאָל, איז אָנגעפירט געוואָרן פון לאַס העראַס, אַלוואַראַדאָ, קראַמער און קאָנדע; די 700 רייטער גראַנאַדירן זיינען געווען איינגעטיילט אין פינף סקוואַדראָנען און אָנגעפירט געוואָרן פון סאַפּיאָלאַ, עסקאַלאַדאַ, נעקאָטשעאַ, מעליאַן און ראַמאַליאָ; די אַרטילעריע איז באַשטאַנען פון 250 אַרטילעריסטן, מיט צען מיטלמעסיקע קאַנאָנען, צוויי אָבוסן און ניין פעלד-קאַנאָנען, אָנגעפירט פון גענעראַל פּלאַסאַ. די אַרמיי איז געווען איינגעטיילט אין דריי קאָרפּוסן, און יעדער פון זיי האָט באַדאַרפט אָנפירן זעלבסטשטענדיק דעם קאַמף לויטן איינזען און באַשטימונג פונעם אייגענעם קליינעם הויפּט-שטאַב. יעדער קאָרפּוס האָט געהאַט זיינע וועגווייזערס, אַ כירורג מיט אַלערליי נויטיקע מעדיקאַמענטן, אייגענע מוניציע-רעזערוון און לעבנסמיטלען.

דער פּלאַן פונעם מאַרש איז געווען דער, אַז צוויי קאָרפּוסן, וואָס זאָלן באַשטיין פונעם מאַסיוו זאָלן זיך לאָזן איבערן דורכגאַנג פון לאָס

פּאַטאָס, און איינער איבערן וועג פֿון אוספּאַלאַטאַ. דער אַוואַנגאַרד איז אָנפֿאַרטרויט געוואָרן דעם שעף פֿונעם הויפּט־שטאַב, גענעראַל סאָלער, און דעם רעזערוו האָט באַדאַרפֿט אָנפֿירן אָהיגינס, און זיי האָבן געדאַרפֿט גיין איבערן שמאָלן דורכגאַנג פֿון לאָס פּאַטאָס. דאַקעגן די דיוויזיע פֿון לאַס העראַס מיט דער אַרטילעריע האָט געדאַרפֿט זיך לאָזן דורך אוספּאַלאַטאַ.

אַלע הייליקע באַשיצערן פֿון דער אַרמיי איז אויסגעקליבן געוואָרן די הייליקע יונגפֿרוי קאַרמען. ס'איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ ספּעציעלע קריגספֿאָן, באַשטייענד פֿון די בלוי־ווייסע פֿאַרבן און דעם עמבלעם מיט דער זון איבער אים אינמיטן, אַרומגענומען פֿון לאָבערצווייגן.

סאַן מאַרטין איז געווען פֿול מיט האָפֿנונג און צוטרוי אָף זיין אַרמיי. פֿאַר זיין אַרויסמאַרש האָט ער געשריבן פּועירעדאָנען: „אַלע און אַלעס טרייבט צום אַרויסמאַרש. אין יאַנואַר וועט אַנטשיידן ווערן דער גורל פֿון טשילע. אָפֿן 6טן פֿעברואַר האָפֿן מיר, מיט גאָטס הילף, צו זיין אין אַקאָנקאַגוואַ און דעם 15טן וועט טשילע שוין זיין באַם לעבן אָדער טויט".

דעם 5טן יאַנואַר 1817 האָט סאַן מאַרטין מיט זיינע שעפֿן, צווישן זיי אויך אָהיגינס, באַשטימט, אַז דער אַרויסמאַרש זאָל אונטערגענומען ווערן דעם 7טן.

פֿאַרן אַרויסמאַרש האָט סאַן מאַרטין געלאָזט זיין אַרמיי שווערן דער אַרמיי־באַשיצערן און דער פֿאָן. נעמענדיק די פֿאָן אין האַנט האָט ער זיך אַרויפֿגעשטעלט אָף אַ פּלאַטפֿאָרם וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אָף דער פּלאַסע פֿון שטאָט, און דאָס מיליטער האָט פּרעזענטירט דאָס געווער. די פּייקלער האָבן דאַן אויסגעפּייקלט אַ מאַרש, און באַלד דערנאָך האָט געהערשט אַ פֿייערלעכע שטילקייט.

„סאָלדאַטן! — האָט מיטאַמאָל סאַן מאַרטין איבערגעריסן די רעליגיעזע שטילקייט — דאָס איז די ערשטע אומאָפּהענגיקייטס־פֿאָן וואָס ווערט געבענטשט אין אַמעריקע".

אַ שטורמישער „זאָל לעבן דאָס פֿאָטערלאַנד!" איז געווען דער ענטפֿער פֿון דער אַרמיי און פֿאָלק.

„סאָלדאַטן! — האָט סאַן מאַרטין דערנאָך ווייטער געזאָגט — שווערט, זי אויפֿצוהאַלטן און באַשיצן ביזן לעצטן אָטעמצוג, ווי איך טו עס!"

„מיר שווערן!" — איז געווען דער איינשטימיקער ענטפֿער, און עס זיינען מיט ביקסן אָפּגעפֿייערט געוואָרן דריי זאַלפֿן. נאָך דעם איז די פֿאָן פֿון באַפֿרייונג אויך באַגריסט געוואָרן פֿון 25 קאַנאָנען שאָס.

די אַרמיי אין באַשטאַנד פֿון דריי וואַפֿן: אינפֿאַנטעריע, אַרטילעריי,

און קאוואלעריע האָט זיך דערנאָך געלאָזט אַפּן וועג צו די אַנדן, אָף דורכצוקרייצן די קאָרדיליערן. די אונטערנעמונג איז געווען אַ ריזיקאַלי-שע, און טאַקע בלויז אַזאַ מיליטער-שעף ווי סאַן מאַרטין האָט געוואַגט עס צו טון.

בכדי אָפּצונאַרן די שפּאַניער בנוגע דעם וועג אָף וועלכן די עקספּע-דיציע האָט זיך געלאָזט, האָט סאַן מאַרטין געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט דער אינדיאַנער באַפעלקערונג אין געגנט פון זידן פון מענדאָזאַ, דורכ-צולאָזן אומבאַלעסטיקט דאָס מיליטער, בעטנדיק דערביי צו האַלטן עס בסוד. די אינדיאַנער אָנפירער, נישט קאָנענדיק בלייבן מיט אַזאַ הויכן סוד, האָבן עס באַלד איבערגעגעבן דעם שפּאַנישן קאָמאַנדאַנט, און דאָס גראָד האָט סאַן מאַרטין געוואָלט.

די רעאַליסטישע (שפּאַנישע) אַרמיי אין טשילע איז באַלד צעטיילט געוואָרן אין דריי גרופּעס, און קאָנצענטרירט געוואָרן אין יענע ערטער פון די קאָרדיליערן, וואו מען האָט דערוואַרט דעם אָנקום פון דער אַר-גענטינער פּאַטריאָטישער אַרמיי. אַזוי אַרום זיינען די אַנדערע פּונקטן געבליבן שוואַך באַשיצט און אָן מעגלעכקייט צו באַקומען באַלדיקע פאַר-שטאַרקונג.

די באַפרייונגס-אַרמיי האָט אַרויסמאַרשירט פון מענדאָזאַ דעם 17טן יאַנואַר 1817, צעטיילט אין דריי קאָרפּוסן. איינער אָנגעפירט פון לאַס הערעאַס האָט זיך געלאָזט דורכן אוספּאַלאַטאַ דורכגאַנג און די אַנדערע צוויי, אָנגעפירט פון סאָלער און אָהיגינס, האָבן געדאַרפט גיין דורכן וועג לאָס פּאַטאָס. מיטן קאָרפּוס פון סאָלער איז מיטגעגאַנגען סאַן מאַרטין.

## דער זיג איבער די שפּאַניער אין טשילע

נאָכן אַרויסמאַרש פון מענדאָזאַ האָט די גאַנצע אַרמיי זיך קאָנצענ-טרירט אינעם טאָל פון אַקאָנקאַגוואַ, באַם פוס פון די טשאַקאַבוקאָ בערג, דעם 10טן פעברואַר, און נאָך אַ קורצן אָפּרו איז דעם 12טן אונטערגענו-מען געוואָרן דער גרויסער מאַרש. פאַרטאָג 2 אַזייגער האָט די אַרמיי זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אָף צו דערגרייכן דעם העכסטן שפּיץ און דערנאָך אַראָפּצולאָזן זיך אָף טשילענער טעריטאָריע. דעמזעלבן טאָג איז פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט. פון איין זייט די אַרמיי פון אָהיגינס און פון דער אַנדערער זייט די פון גענעראַל מיגעל עסטאַניסלאַאָ סאָלער, האָבן זיך געוואָרפן מיט אַן איבעראַשונגס-אַטאַקע אָף די שפּאַניער באַ טשאַקאַבוקאָ, און באַלד איז אויך אונטערגעקומען סאַפּיאָלאַ מיט די גראַ-נאַדירן און ס׳איז פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן דאָס רעאַליסטישע מי-ליטער דאָרט. די אַרגענטינער האָבן באַ טשאַקאַבוקאָ אָפּגעהאַלטן אַן

אַנטשידענעם זיג איבער דער שפּאַנישער מאַכט אין טשילע. ס'זיינען פון די רעאַליסטן געפאַלן 500 טויטע און ס'זיינען גענומען געוואָרן 600 געפאַנגענע, די אַרטילעריע, אַ סטאַנדאַרט, צוויי פאַנען און דער גאַנצער וואָפן־לאַגער. די אַרגענטינער פאַרלוסטן זיינען באַשטאַנען פון בלויז 12 טויטע און 120 פאַרוואונדעטע. דאָס באַווייזט די געניטקייט פונעם גרויסן באַפרייער סאַן מאַרטין אין דער מיליטערישער סטראַטעגיע.

דורכן זיג בא טשאַקאַבוקאָ האָט טשילע צוריק באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט.




דער מאַרש פון סאַן מאַרטינס באַפרייונגס אַרמיי
איבער די אַנדן און די שלאַכט בא טשאַקאַבוקאָ.

די שפּאַניער האָבן נאָך דער מפּלה בא טשאַקאַבוקאָ שוין געהאַלטן פאַר אומנוצלעך יעדן ווייטערדיקן ווידערשטאַנד. ווען די ידיעה וועגן טשאַקאַבוקאָ איז באַוואוסט געוואָרן אין סאַנטיאַגאָ האָט דער פּרעזידענט מאַרקאָ צוזאַמענגענומען זיין רעשט שפּאַניש מיליטער און באַנאַכט אַנטלאָפן אַפן וועג קיין וואַלפּאַראַיסאָ, צו פאַרשיפן זיך קיין פּערו. אַ גרופּע פּאַטריאָטן האָט זיי פאַרפאָלגט און געכאַפּט מאַרקאָ מיט אַ קליינער באַגלייטונג און זיי זיינען איבערגעשיקט געוואָרן קיין קוזשאָ. דער רעשט מיליטער פון מאַרקאָ איז אַוועק מיט שיפן קיין פּערו, און דאָס שפּאַנישע

מיליטער פון דער אַנדערער זייט קאָרדיליערן האָט זיך באַהאַלטן אין טאַלקאַהואַנאַ, אָנגעפירט פון גענעראַל כואַן כאַסע אָרדאַניעז.

דעם 14טן איז סאַן מאַרטין אַריין קיין סאַנטיאַגאָ און אויפגענומען געוואָרן מיט אויסערגעוויינטלעכן יובל. דעם 15טן איז זיך צוזאַמענגעקו־מען דער קאַבילדאָ אַביערטאָ (פאָלקס־פאַרזאַמלונג) און פּראָקלאַמירט סאַן מאַרטינען אַלס העכסטן דירעקטאָר פון טשילע, אָבער ער האָט נישט אָנגענומען דעם הויכן פּאָסטן, דערקלערנדיק אַז דער דאָזיקער הויכער אַמט פון מלוכה־שעף דאַרף געגעבן ווערן אָהיגינסן. דעם 16טן איז דאַ־ריבער פאַרגעקומען נאָכאַמאָל אַ זיצונג פון קאַבילדאָ אַביערטאָ און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן בערנאַרדאָ אָהיגינס אַלס העכסטער דירעקטאָר.

סאַן מאַרטין האָט דערקלערט אַז ער וויל איצט זיך אומקערן קיין בוענאָס איירעס און בעטן באַם דירעקטאָר פּועירעדאָן נייע מיטלען, צו קאָנען פאַרשטאַרקן די אַרמיי און שאַפן אַ קריגס־פלאָט, אַף צו קאָנען דערנאָך פאַרזעצן דעם באַפרייונגס־קאַמף.

דער קאַבילדאָ פון סאַנטיאַגאָ האָט אָנגעבאָטן סאַן מאַרטינען אַ באַ־לוינונג פון צען טויזנט אונץ גאָלד צו דעקן זיינע פּערזענלעכע הוצאות, וואָס עס האָט אים געקאָסט דער קאַמפּיין, אָבער דער גרויסער מיליטער־שעף האָט נישט געוואָלט אָננעמען די מתנה פאַרן אייגענעם געברויך, נאָר עס געשאַנקען פאַר דער גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק. אין זיין ענט־פער דעם קאַבילדאָ האָט ער געשריבן: „די באַלויכטונג און הויבונג פון דער ליטעראַטור איז דער וואונדער־שליסל וואָס עפנט די טויערן פון אי־בערפלוס און מאַכט גליקלעך די פעלקער. איך וויל אַז אַלע זאָלן אויפגע־קלערט ווערן אין די הייליקע רעכטן וואָס בילדן די וויסנשאַפט פון די פרייע מענער".

ווען אָהיגינס האָט דערנאָך באַריכטעט וועגן אָפּגעהאַלטענעם זיג, האָט ער גערימט די גרויסקייט פון סאַן מאַרטין אַלס אָרגאַניזאַטאָר, קעמ־פער און באַפרייער. „עס קומט דער גאַנצער רום דער אַנדן־אַרמיי — האָט ער געזאָגט. — 24 טעג האָבן מיר דורכגעפירט דעם קאַמפּיין, זיי־נען דורכגעגאַנגען די העכסטע בערג פון דער וועלט, פאַרענדיקט מיט די טיראַנען און געגעבן פרייהייט טשילע". דאָס אַלעס האָט ער צוגעשריבן דעם גרויסן פרייהייטס־גייסט און געניאַליטעט פון סאַן מאַרטין.

אין בוענאָס איירעס האָט די ידיעה איבערן זיג אין טשאַקאַבוקאָ אַרויסגערופן אומבאַשרייבלעכע פרייד. ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן טאָג טעגלעך יובל־מאַניפעסטאַציעס מיט הוראס פאַר סאַן מאַרטין, קוזשאָ, פּועירעדאָן און ס'זיינען געטראָגן געוואָרן בילדער פונעם באַפרייער. פּוע־רעדאָן האָט באַגריסט דעם זיגער און אין איינעם אַ בריוו געשריבן: „וואָס פאַר אַ גוטע געלעגנהייט צו גיין צוזאַמען אַף לימאַ".

# ווייטערדיקער קאַמפּיין אין טשילע

מיט דער מפלה אין טשאַקאַבוקאָ איז נאָך נישט געווען פולשטענדיק צעשמעטערט די שפּאַנישע מאַכט אין טשילע. ס'איז נאָך געבליבן, ווי ס'איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אַ שפּאַנישע אַרמיי-טייל אין זיד טשילע, אין טאַלקאַהואַנאַ, אונטער דער קאָמאַנדע פון רעאַליסטישן גענעראַל אָרדאָניעז. ער האָט דאָרט געהאַט אַרום טויזנט מאַן, און ער האָט שפּעטער צובאַקומען אַנדערע טויזנט מאַן פאַרשטאַרקונג, וואָס ס'האָט צוגעשיקט דער וויצע-קעניג פון פּערו.

דער קאָראָנעל לאַס העראַס האָט מיט זיין אַרמיי זיך דאַריבער געלאָזט צו זיד, און געקומען צו אַ פּלאַץ מיטן נאָמען קוראַפּאַליהוע אָדער קוראַפּאַליגוע, נעבן קאָנסעפּסיאָן. אַהין איז אַרויסגעקומען פון טאַלקאַהואַנאַ דאָס שפּאַנישע מיליטער פון אָרדאָניעז און אונטערגענומען אַן אַטאַקע, אָבער די באַפרייונגס-אַרמיי האָט זי אָפּגעוואָרפן און די שפּאַניער האָבן זיך אייליק צוריקגעצויגן אין דער פעסטונג פונעם קליינעם האַלבאינדזל טאַלקאַהואַנאַ (4טן אַפּריל 1817). דאָס מיליטער פון לאַס העראַס האָט זיך דערנאָך איינגעאָרדנט אַ לאַגער אויף בערגל גאַווילאַן.

די באַפרייונגס אַרמיי האָט אָקופּירט קאָנסעפּסיאָן, אין נאָרדן פון דער בוכטע פון טאַלקאַהואַנאַ, האָט באַפעסטיקט דאָס בערגל גאַווילאַן וואָס געפינט זיך צווישן ביידע פּונקטן, און אָנגעהאַלטן אַ שטרענגע באַלאַגערונג. פאַר אָרדאָניעז מיט זיין מיליטער האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכע לאַגע איבערן מאַנגל אין לעבנסמיטלען, און אַזוי ווי די שפּאַניער האָבן באַ זיך געהאַט 300 טשילענער געפאַנגענע, נאָך פון דער שלאַכט אין ראַנקאַגוא, האָט אָרדאָניעז צוגעשיקט אַ מעלדונג לאַס העראַסן, אַז אויב ער וועט ביז 24 שעה נישט צושטעלן קיין לעבנסמיטלען פאַר די טשילענער געפאַנגענע, וועט ער זיי לאָזן אומקומען פון הונגער. דאַרויף האָט לאַס העראַס געענטפערט, אַז די קריגס-געזעצן פאָדערן צו באַשפּייזן די געפאַנגענע, און אויב ער קאָן זיי נישט אויסהאַלטן זאָל ער זיי באַפרייען. צו גלייכער צייט האָט ער געוואָרנט דעם שפּאַנישן מיליטער-שעף, אַז פאַר יעדן פּאַטריאָט וואָס וועט שטאַרבן פון הונגער אָדער דורך וועלכער אַנדערער אורזאַך וועלן דערשאָסן ווערן צוויי שפּאַנישע געפאַנגענע וואָס ער האָט באַ זיך. צו די צוויי טעג זיינען די געפאַנגענע טשילענער אַרויסגעלאָזט און באַפרייט געוואָרן.

מיט דער צייט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ שווערע לאַגע פאַר לאַס העראַס. סאַן מאַרטין איז געווען קראַנק אין מענדאָזאַ. אָהיגינס איז געווען פאַרנומען מיט דער אינערלעכער פּאָליטיק פון לאַנד און זיך נישט אָפּגעגעבן מיט דער לאַגע אין זידן. און דאָ איז פון לימאַ

אַנגעקומען קיין טאַלקאַהואַנאַ פאַרשטאַרקונג 1.600 מאַן אונטער דער אָנ־פירונג פון קאָראָנעל סאַנטשעז, אַזוי אַז אָרדאָניעז האָט שוין געהאַט איבער 4.000 סאָלדאַטן און זיך געגרייט צו אַן ארויסטריט, אָף צו ברעכן די באַלאַגערונג.

צום חודש זייט דער געליטענער מפּלה אין קוראַפאַליגוע, דעם 5טן מאַי, האָט אָרדאָניעז אונטערגענומען אַן אַטאַקע, און אין דערדאַזיקער אַטאַקע האָבן זיך באַטייליקט 1.000 סאָלדאַטן אינפאַנטעריע, 6 קאַנאָנען און 7 אַרטילעריע־שיפלעך אַרום ברעג פונם האַלבאינדזל, 300 רייטער און אַ פּאָר הונדערט געהילפן פון אַפּראָוויזאַציע. די שלאַכט איז געווען אַ בלוטיקע, אָבער לאַס הערעראַס האָט צולעצט געזיגט. ס׳זיינען אָפּגענומען געוואָרן בײַ די שפּאַניער 3 קאַנאָנען, 25.000 ביקסן־קוילן, 300 ביקסן, 86 פערד און מויל־אייזלען, מערערע קאַסטנס מיט פאַרשידענער מוניציע און 80 געפאַנגענע. אויסערדעם האָבן די שפּאַניער פאַרלוירן 190 מאַן טויט און אַ סך פאַרוואונדעטע.

אין זעלבן טאָג שפּעט נאָכמיטיק, נאָכן אָפּגעהאַלטענעם זיג פון לאַס הערעראַס איז געקומען צום קאַמפּס־פּלאַץ אָהיגינס מיט אַ גרויסער טשילענער אַרמיי. געקומען איז ער אייליק, ווייל ער איז געוואָר געוואָרן אַז דער וויצע־קעניג פון פּערו, פּעסועלאַ, האָט אַרויסגעשיקט גענעראַל אַסאָריאָ מיט אַן אַרמיי פון 3.000 מאַן קיין טאַלקאַהואַנאַ. גענעראַל אָסאָריאָ איז געווען יענער מיליטער־שעף וואָס האָט צעקלאַפּט די טשילענער אין ראַנקאַהואַ. אָהיגינס האָט דאַריבער געוואָלט צוזאַמען מיט לאַס הערעראַסן אונטערנעמען אַ שטורם־אַטאַקע אָף טאַלקאַהואַנאַ, איידער אָסאָריאָ קומט, ווייל אין קעגנטייל האָט עס געקאָנט דראָען צו אַ נייעם זיג פון די שפּאַניער איבער טשילע.

דער פּלאַן פונעם וויצע־קעניג פון פּערו איז געווען פאָלגנדער: אַסאָריאָ מיט אָרדאָניעז זאָלן ברעכן די באַלאַגערונג און אין דער צייט וואָס אָרדאָניעז וועט פאַרפאָלגן די פּאַטריאָטן זאָל אָסאָריאָ מיט זיין מיליטער פאַרלאָזן טאַלקאַהואַנאַ, זיך פאַרשיפן און אָפּפאָרן צו נאָרדן, אויסשיפן זיך אין סאַן אַנטאָניאָ און מאַכן אַן איבעראַשונגס איבערפאַל אָף סאַנטיאַגאָ, וואו עס האָט זיך געזאָלט געפונען סאַן מאַרטין.

אָהיגינס און לאַס הערעראַס האָבן געהאַט באַראַטונגען וויאַזוי צו שטורמען טאַלקאַהואַנאַ און אינצווישן איז אָנגעקומען אַלס שליח פון סאַן מאַרטין דער פראַנצויזישער גענעראַל בראַיער. סאַן מאַרטין גופא איז געווען קראַנק און זיך געפונען אין מענדאָזאַ, און וויסנדיק פונעם פּלאַן צו שטורמען טאַלקאַהואַנאַ האָט ער געשיקט דעם נאַפּאָלעאָנישן גענעראַל בראַיער, וועלכער האָט שוין מיטגעמאַכט מערערע שלאַכטן אין אייראָפּע. גענעראַל בראַיער האָט פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן, וועלכער איז געווען נישט אין

אַנקלאַנג מיט דער מיינונג פון לאַס העראַס, אָבער צולעצט האָבן אַלע דריי מיליטער־שעפן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, וואָס האָט געשיינט צו זיין גינסטיק. לאַס העראַס האָט אַף זיך גענומען דעם געפערלעכסטן פּונקט פון דער אַטאַקע, אַ פּלאַץ אונטערן נאָמען „מאַררא".

די אַטאַקע אַף דער באַלאַגערטער שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן דעם 6טן דעצעמבער 1817 צוויי אַזייגער פאַרטאָג. לאַס העראַס האָט אָפּגענומען דעם אָנגעצייכנטן פּונקט „מאַררא" אָבער ער האָט פאַרלוירן דערביי אַכט אָפיצירן און אַ גרויסן טייל פון זיין מיליטער, און צולעצט האָט ער פאַראָרדנט אַ ריקצוג. די אַנדערע צוויי גרופּעס האָבן אויך געליטן גרויסע פאַרלוסטן. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן אויפצוגעבן די באַלאַגערונג און זיך צוריקציען צו נאָרדן, אַף צו פאַרייניקן זיך מיט סאַן מאַרטין.

גענעראַל סאַן מאַרטין האָט אין מענדאָזאַ איילִיק צוגעגרייט אַ נייע גרויסע אַרמיי, פון גראַנאַדירן, אינפאַנטעריע און גאַוטשאָס, צוזאַמענגעבראַכט פון בוענאָס איירעס, סאַלטאַ און כוכוי, און אַריבערגעקומען קיין טשילע, אַף איבערצונעמען די קאָמאַנדע. סאַן מאַרטין האָט איינגעאָרדנט זיין לאַגער באַם ברעג ים אין אַ גוט מיטן נאָמען „לאַס טאַבלאַס" און האָט פאַראָרדנט אַהיגינסן לאַנגזאַם זיך צוריקציען.

אָסאָריאָ מיט זיין מיליטער האָבן זיך אויסגעשיפט אין טאַלקאַהואַנאָ, און באַלד האָט דער שפּאַנישער מיליטער־שעף אונטערגענומען אַ פאַרפאָלגונגס אַקציע. ער איז אַרויס פון טאַלקאַהואַנאָ מיט איבער 5.000 מאַן, געקליבענע סאָלדאַטן און גוט באַוואָפנט. דאָס זיינען געווען סאָלדאַטן, געבראַכט פון שפּאַניע, אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע און אַרטילעריע פון די קאָרפּוסן „בורגאָס", „פּרינץ דאָן קאַרלאָס" און „קעניגס לאַנצערס", אַזאַ געקליבן מיליטער מיט וועלכן אָסאָריאָ איז געווען זיכער צו זיגן.

אַן ערשטער צוזאַמענשטויס באַם טייך לאַנטוע און אַ צווייטן מאָל באַם טייך מאַולע איז אויסגעמיטן געוואָרן. אָסאָריאָ האָט מיטאַמאָל זיך געזען אין געפאַר ארומגערינגלט צו ווערן, האָט ער אויסגעמיטן אַ שלאַכט און זיך פאַרשלאָסן אין טאַלקאַ, אינעם נאָכמיטיק פון 19טן מערץ 1818.

גענעראַל אָרדאָניעז וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אָפּט באַ באַנאַכטיקע איבעראַשונגס איבערפאַלן, האָט געראָטן גענעראַל אָסאָריאָ אויך צו מאַכן אַזאַ איבעראַשונגס אַטאַקע אַף דעם פּאַטריאָטישן לאַגער באַ טאַלקאַ.

די פּאַטריאָטישע אַרמייען האָבן זיך געפונען אין נאָרדן פון טאַלקאַ, אַף אַ פּלאַץ מיט נאָמען „קאַנטשאַ ראַזשאַדאַ". דאָס איז אַ טאָל, וואו עס פלעגן פאָרקומען פערד־געיעגן, און ווייל ס'זיינען דאָרט געווען אייניקע געצייכנטע ליניעס אַלס סמנים, האָט מען דעם פּלאַץ גערופן „ראַזשאַדאַ"

(געצייכנטער). דארט האבן די ארגענטינער-טשילענישע מיליטערישע שעפן אנגעהויבן צוגרייטן זייער מיליטער צו אן אטאקע.

אסאריא אבער האט אף דער עצה פון ארדאניעז געמאכט אן איבערראשונגס איבערפאל אף די פאטריאטן און זיי צעקלאפט. אין איינעם אן אוונט האבן די שפאניער זיך א לאז געטון פון טאלקא ארויס צום לאגער פון קאנטשא ראזשאדא, פונקט אין דעם צייט ווען ס'זיינען געמאכט געווארן די לעצטע צוגרייטונגען אינעם לאגער פון די פאטריאטן אונטערצונעמען די אטאקע דעם אנדערן אינדערפרי, און ס'איז פארגעקומען א שרעקלעך בהלהדיקער צוזאמענשטויס (דעם 19טן מערץ 1818). די ארגענטינער-טשילענער באטאליאנען זיינען אזוי צערודערט געווארן דורכן איבערראשונגס איבערפאל, אז אין דער טונקלקייט פון דער נאכט האבן זיי זיך קעגנזייטיק באשאסן. די מויל-אייזלען און פערד זיינען זיך צעלאפן מיט די מוניציע לאדונגען און לעבנסמיטלען. אהיגינס איז פארוואונדעט געווארן אין ארעם און האט זיך קוים געראטעוועט. די קאטאסטראפע איז געווען א גרויסע בא דער פאטריאטישער ארמיי, אבער אויך די שפאניער האבן שטארק געליטן און געבליבן דעמארגאניזירט. אסאריא האט געהאט א סך מער טויטע און פארוואונדעטע ווי די באפרייונגס-ארמיי. פון דער לעצטער האבן הויפטזעכלעך געליטן בראיערס און אהיגינס, דאקעגן לאס הערעראס איז עס געלונגען צו ראטעווען זיין גאנצע דיוויזיע, אין באשטאנד פון 3.300 מאן, ווי אויך אנדערע באטאליאנען וואס האבן זיך אנגעשלאסן צו אים באם פארלאזן דאס שלאכטפעלד אין דער טונקלקייט פון דער נאכט.

אין יענעם באנאכטיקן צוזאמענשטויס האבן זיך ארומגעיאגט ווי צעדולטע 14.000 סאלדאטן און 3.000 פערד מיט געשרייען, שיסערייען און געלויף און דאס שלאכטפעלד איז באדעקט געווארן מיט מאסן קרבנות.

לאס הערעראס האט זיך געלאזט מיט זיין ארמיי צו נארד אן שום געפאר פון פארפאלגונג, גייענדיק אין דער ריכטונג צו טרעס מאנטעס. ער איז אריבער דעם טייך לירקאי און דעם אנדערן אינדערפרי גערוט אין קאמאריקא. דערנאך איז ער געקומען קיין סאנטיאגא. סאן מארטין ווידער און אהיגינס האבן אנגעהויבן זאמלען די רעשט געבליבענע סאלדאטן אין קעטשערעגואס. די קריגס-מאטעריאלן, וועגענער, ארטילעריע, אלעס איז געבליבן אפן שלאכטפעלד. אין לויף פון דער צייט צווישן 19טן מערץ און דעם 1טן אפריל האט לאס הערעראס געשאפן א פרישע קאמפסארמיי אין סאנטיאגא, אין באשטאנד פון פינף טויזנט מאן, אלע גוט באוואפנט.

סאן מארטין האט פארשטאנען אז נאך יענער שלאכט בא טאלקא וועט גענעראל אסאריא אונטערנעמען אן אוואנס אף סאנטיאגא. ער האט

Valparaiso
Las Tablas
Santiago
Maipo
Rio Maipo
PACIFICO
San Fernando
R Maule
Cancha-Rayada
Talca
Talcahuano
Marcha de O'Higgins
Marcha de S Martin
Marcha del ejército unido
Marcha de Osorio
Retirada de Las Heras

די שלאכטן בא טאלקאהואנא, טאלקא,
קאנטשא ראזשאדא און מאיפא.

נאָר נישט געקאָנט וויסן צי ער וועט עס טון דורך דער יבשה צי דורכן ים-וועג און וואַלפּאַראַיסאָ. אַלציינס אָבער איז נויטיק געווען צו זיין גרייט צו אַ נייעם קאַמף. באַ אַ באַראַטונג פון סאַן מאַרטין מיט די מי־ליטער-שעפן איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוגרייטן אין סאַן פערנאַנדאָ (טשי־לע) די אַרמיי צום ווייטערדיקן מאַרש צו נאָרדן, קיין סאַנטיאַגאָ. לאַס הערעס ווידער, געוואָר וועדנדיק וועגן סאַן מאַרטינס נייעם קריגס-פּלאַן, האָט באַשלאָסן אַרויסצומאַרשירן פון סאַנטיאַגאָ, אַף צו פאַרייניקן זיך מיטן העכסטן מיליטער-שעף.

דעם 3טן אַפּריל איז די פּאַטריאָטישע אַרמיי אין איר מאַרש צו סאַנ־טיאַגאָ אַריבער דעם טייך מאַיפּאָ, דריי לעגוועס אין זידן פון דער שטאָט. אָסאָריאָ אין זיין פאַרפאָלגונגס-אַקציע איז געקומען אין טאָל פון יענעם געגנט דעם 5טן אַפּריל גאַנץ פאַרטאָג. ווען סאַן מאַרטין האָט דאָס באַ־מערקט האָט ער באַלד געגעבן אַ פאַראָרדנונג צו אַטאַקירן דעם פיינט. צוערשט איז עס געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס פון דער קאַוואַלעריע און באַלד זיינען אַריין אין קאַמף די גראַנאַדירן און זיך אַריינגעשניטן טיף אין די רייען פון די שפּאַניער. באַלד האָבן זיך געלאָזט אין קאַמף די סקוואַדראָנען פון נעקאַטשעאָ און די אַרמיי פון לאַס הערעס. די רעאַ־ליסטן זיינען דאָ אין דער שלאַכט באַ מאַיפּו שרעקלעך צעשלאָגן גע־וואָרן. דער שפּאַנישער רעזערוו קאָרפּוס אָנגעפירט פון קאָראָנעל פּרימא דע ריווערא האָט געפּרואווט זיך ראַטעווען, אַנטלויפנדיק צו אַ פּלאַץ האַסיענדאָ דע עספּעכאָ, און זיך דאָרט אַף שנעל באַפעסטיקט דורך אויפ־שטעלן אין די געביידעס פונעם גוט קאַנאָנען און געשטעלט אַרטילעריע באַ אַלע צוגענג. סאַן מאַרטין האָט אָבער באַלד אונטערגענומען די אַטאַ־קע און אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג איבערן רעשט פון דער רעאַ־ליסטישער אַרמיי. אין מאָמענט פונעם זיג איז געקומען אַהיגינס, אַ פאַר־וואונדעטער פון קאַנטשאַ ראַזשאַדאַ, אַ פיבערנדיקער. ער האָט אַרומ־גענומען סאַן מאַרטינען און מיט קינדערשער פרייד אים אָנגערופן „רע־טער פון טשילע".

יענע שלאַכט האָט געקאָסט דער באַפרייונגס אַרמיי טויזנט מאַן צווישן טויטע און פאַרוואונדעטע, אָבער ס'איז אַנטגילטיק דערמיט גע־זיכערט געוואָרן די פרייהייט פון טשילע. די שפּאַניער האָבן דאָ פאַר־לוירן 2.200 סאָלדאַטן, 150 אָפיצירן און אונטעראָפיצירן, 3.850 ביקסן און 1.200 טערצעראָלן, 12 קאַנאָנען, פיר פאָנען און דעם גאַנצן רעשט קריגסמאַטעריאַלן. ס'איז אויך גענומען געוואָרן געפאַנגען גענעראַל אָר־דאָניעז, אַלע קאָראָנעלן און שעפן און מאַסן סאָלדאַטן. דעם גענעראַל אָסאָריאָ איז עס געלונגען זיך צו ראַטעווען. ער איז אַנטלאָפן אַ פאַר־

שטעלטער, באַלד אין אָנהויב, ווען ער האָט געזען אַז זיין אַרמיי ווערט באַזיגט.

דער וויצע־קעניג פון פּערו וואָלט מעגלעך געמאַכט נאָכאַמאָל אַ פּרואוו צו אַטאַקירן טשילע, אָבער ער האָט נישט געהאַט מער קיין פרייע אַרמיי דערצו און ער האָט עס נישט געטון.

דעם 12טן פעברואַר 1818, אינעם אַניווערסאַר פונעם זיג אין טשאַקאַבוקאָ איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין סאַנטיאַגאָ די אומאָפּהענגיקייט פון טשילע, און דעם 5טן אַפּריל, דורכן זיג אין מאַיפּו, איז די אומאָפּהענגיקייט געזיכערט געוואָרן. ס'איז געבליבן נאָך אין טשילע אַ שפּאַנישער גאַרניזאָן אַפן אינדזל טשילאָע, אָבער ער איז נישט געווען מער קיין געפאַר פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד. סאַן מאַרטין, דער זיגער אין טשאַקאַבוקאָ און מאַיפּו, האָט געזיכערט די זעלבסטשטענדיקייט פון טשילע און דורך דעם אויך די זעלבסטשטענדיקייט פון זיין געבורטסלאַנד. דורכן זיג בא מאַיפּו איז מעגלעך געוואָרן דערנאָך די שלאַכט בא באָיאַקאַ און שפּעטער בא אַזשאַקוטשאָ דורך וועלכע פּערו האָט באַקומען די אומאָפּהענגיקייט אין 1824.

„מאַיפּו — זאָגט מיטרע — איז געווען די ערשטע גרויסע אַמעריקאַנער שלאַכט, היסטאָריש און וויסנשאַפטלעך גענומען. וואָלטן באַזיגט געוואָרן די באַפרייונגס־אַרמייען אין מאַיפּו וואָלט טשילע פאַרלוירן איר אומאָפּהענגיקייטס־זאַך און מיט טשילע וואָלט מעגלעך אויך אַרגענטינע פאַרלוירן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, בלייבנדיק איינגעשלאָסן און באַדראָט פון צוויי זיגערישע אַרמייען. אָן טשילע וואָלט נישט מעגלעך געווען צו האָבן די ים־פרייהייט אַפן פּאַסיפיק און ס'וואָלט נישט מעגלעך געווען די עקספּעדיציע צו פּערו. באָליוואַר וואָלט אויך נישט געקאָנט זיך לאָזן צו זיך ווען אַפילו ער וואָלט באַזיגט די שפּאַניער אין נאָרדן, און וואָלט ער זיך געלאָזט אין וועג וואָלט ער אָנגעטראָפן אַף אַ געשלאָסענעם ים און אַף אַ מאַכט פון 30.000 מאַן."

דער וויטערדיקער קאַמף באַם פּאַסיפיק, דער באַפרייונגס־מאַרש פון סאַן מאַרטין אַף פּערו האָט אייגנטלעך נישט צו טון דירעקט מיט דער אַרגענטינער אָפּהענגיקייטס באַוועגונג, דאָך איז עס אומדירעקט פאַרבונדן מיט די געשעענישן וואָס האָבן זיך שפּעטער אויסגעוויקלט אין אונדזער לאַנד, צוליב דעם אַלגעמיינעם קאָנטינענטאַלן אינטערעס.

מאָרענאָ האָט נאָך אין 1810 געזאָגט: „אונדזער רעוואָלוציע מוז זיגן אין לימאַ".

# סאַן מאַרטין און קאַרעראַ

וועגן דער טעטיקייט פון טשילענער פּאָליטיקער כאָסע מיגעל קאַרעראַ איז שוין באַקאַנט פון אַ פרידיקן קאַפּיטל. מיט יענעם האָט זיך עס אָבער נאָך נישט געענדיקט. קאַרעראַ אין זיין קאַמף קעגן אָהיגינס האָט אויך מיטגעווירקט צו די אומרוען אין אַרגענטינע אַ שטיק צייט. און עס איז כדאַי זיך צו באַקענען דערמיט נענטער.

ס'איז געווען אין טשילע אַ פאַמיליע קאַרעראַ. דער פאָטער **איגנאַסיאָ קאַרעראַ** איז געווען מיטגליד פון ערשטן רעגירונגס ראַט (1810) אין טשילע, און איז געשטאָרבן 1819. ער האָט געלאָזט דריי זין: כאָסע מיגעל, כואַן כאָסע און לואיס. אַלע דריי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּאָליטיק פון זייער לאַנד און **כאָסע מיגעל קאַרעראַ** איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון טשילע. נאָכן זיג פון די שפּאַניער אין ראַנקאַגואַ, איז ער אַנטלאָפן קיין אַרגענטינע און דאָ אויפגענומען געוואָרן פון אַלוועאַר, און געפירט אינטריגעס קעגן סאַן מאַרטין און אָהיגינס, ווי דאָס איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן.

אַזויווי אין אַרגענטינע איז געפאַלן אַלוועאַר און כאָסע מיגעל קאַרעראַ האָט נישט געהאַט מער קיין האָפנונג צו באַקומען אַן אַרגענטינער אַרמיי צו קאָנען גיין אַף טשילע, איז ער געפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, צו קויפן דאָרט צוויי־דריי שיפן, זיי באַוואָפענען און אונטערנעמען אַן אַקציע אין טשילע. אַלס מיליטער צום קאַמף האָט ער געהאָפט צונויפצוזאַמלען אין אַרגענטינע טשילענער, אומצופרידענע מיט אָהיגינסן.

קאַרעראַ האָט באַקומען אין נאָרד־אַמעריקע די קאָרבעטן שיף „קליפּטאָן" און די זעגל שיף „סאַוואַגע". די שיפס־געזעלשאַפטן האָבן אים פאַרקויפט די שיפן מיטן באַדינג, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן אין בוענאָס איירעס, וואו קאַרעראַ האָט באַדאַרפט באַצאָלן דעם רעשט סומע פאַר די שיפן. ער האָט פאַרזיכערט אַז ער קאָן די סומע דעקן מיטן פאַרמעגן פון זיין פאַמיליע און די שטיצע פון דער גרויסער צאָל טשילענער עמיגראַנטן, זיינע אָנהענגער.

קיין בוענאָס איירעס איז ער געקומען מיט די צוויי שיפן פונקט אין דער צייט ווען ס'איז געקומען די ידיעה וועגן זיג איבער די שפּאַניער אין טשאַקאַבוקאָ, און אַז אָהיגינס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס העכסטער דירעקטאָר (פעברואַר 1817). אין בוענאָס איירעס איז דעמאָלט געווען פּועירעדאָן העכסטער דירעקטאָר, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז לאָזן פריי די צוויי שיפן, צו גיין אַף טשילע, מיינט אַ בירגער קריג אין שכנישן לאַנד, ווייל דער ציל פון קאַרעראַ איז געווען צו שטירצן אָהיגינסן. אין דעם פאַל וואָלט געשטעלט געוואָרן אין געפאַר די אַרגענטינער אַרמיי

פון סאַן מאַרטין און אויסערדעם האָט מען געוואוסט אַז דער וויצע־קעניג פון פּערו גרייט זיך צו שיקן אַ נייע אַרמיי קיין טאַלקאַהואַנאַ. פּועירעדאָן האָט דעריבער אָנגעבאָטן קאַרעראַ אָפּצוקויפן די שיפן פאַר אַרגענטינע, נאָר ער האָט נישט געוואָלט. דער קאַפּיטאַן פון „קליפּטאָן” אָבער, וועל־כער איז געווען דער פאַרשטייער פון די שיפס־געזעלשאַפטן האָט געזען אַז קאַרעראַ קאָן נישט באַצאָלן דאָס נויטיקע געלט, האָט ער זיך פאַרשטענ־דיקט מיט דער אַרגענטינער רעגירונג און איר פאַרקויפט די שיפן. קאַ־רעראַ האָט זיך דאַן פאַרשטענדיקט מיטן קאַפּיטאַן פון דער אַנדערער שיף, אַז ער זאָל זיך בונטעווען און אַנטלויפן מיט דער „סאַוואַגע”. ס׳איז דעריבער נויטיק געווען אָנצונעמען מיטלען. פּועירעדאָן האָט געלאָזט אַרעסטירן קאַרעראַ און אים פאַרשפּאַרט אין אַ מיליטערישן גאַרניזאָן.

שפּעטער, נאָכן זיך אין מאַיפּו איז סאַן מאַרטין געקומען קיין בוענאָס איירעס, איבערצורעדן מיט פּועירעדאָן וועגן דער צוגרייטונג פון אַ נייער אַרמיי און אייניקע קריגסשיפן צו אַטאַקירן פּערו, און ווען ער איז גע־וואָר געוואָרן אַז קאַרעראַ איז אַרעסטירט איז ער געגאַנגען אים זען. קאַרעראַ האָט אים אויפגענומען זייער קאַלט, אָבער סאַן מאַרטין האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק און געפּרואווט איבעררעדן דעם טשילענער לידער אַז ער זאָל ענדערן זיין שטעלונג. ער האָט אים דערקלערט אַז אין איצטיקן מאָמענט איז נישט מעגלעך אַז ער זאָל קומען קיין טשילע, אָבער ער קאָן דינען דעם לאַנד דורך אַן אַנדערן אופן. סאַן מאַרטין האָט אים פאָרגעשלאָגן דעם פּאָסטן פון דיפּלאָמאַטישער שליח פון טשילע און פון בוענאָס איירעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. קאַרעראַ האָט עס אָבער אָפּגעוואָרפן און געפּאָדערט דורכאויס צו קומען קיין טשילע, אַלציינס צי אַהיגינס און זיין רעגירונג וויל עס אָדער נישט.

„אָבער גענעראַל — האָט סאַן מאַרטין געזאָגט — אויב איר קומט אַלס באַוואַפנטער רעוואָלוציאָנער וועט מען אייך מוזן דערשיסן, דאַן, ווען אָננעמענדיק דעם דיפּלאָמאַטישן פּאָסטן פון די צוויי רעגירונגען באַ־קומט איר אַ הויכע פּאָזיציע און קאָנט דינען ווערטפול דער אַמעריקאַ־נער זאַך”.

קאַרעראַ האָט אָבער פון גאָרנישט געוואָלט וויסן. זיין שטרעבן איז געווען קאַמף. שפּעטער אַביסל האָט מען אים געהאָלפן אַנטלויפן און ער איז אוועק קיין מאָנטעווידעאָ, וואו עס האָבן זיך שוין געפונען די פאָר־טוגעזער. ער האָט נישט געפּרואווט דעמאָלט צוקומען קיין טשילע. ער האָט אין אָריענטאַל אָנגעהויבן פירן נייע אינטריגעס — דאָס מאָל קעגן אַרגענטינע, ווי דאָס וועט איבערגעגעבן ווערן שפּעטער.

זיינע צוויי ברידער כואַן כאָסע און לואיס זיינען אין מענדאָזאַ אין 1818 פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און זיינען דערשאָסן געוואָרן. פּאַראַ־

נען אַ מיינונג אַז זיי זיינען געפאַלן אומשולדיק אַלס קרבנות, און עס ווערט געמאַכט אַ פאָרוואורף דעם ריכטער, דר. בערנאַרדאָ מאָנטעאַגודאַ, אַז ער האָט איילִיק אַרויסגעטראָגן דעם טויט־אורטייל קעגן זיי, ווען זיי ווערן דערמיט אַהיגינסן. פידעל לאָפּעז פאַרורטיילט זייער שאַרף די דער־שיסונג פון די ברידער קאַררעראַ.

כואן מיגעל קאַררעראַ איז נאָך אַ גאַנצער רייע אינטריגעס קעגן דער בוענאָס איירעסער רעגירונג דערשאָסן געוואָרן אין מענדאָזאַ 1821.

## ס'ווערט צוגעגרייט אַ פּלאַן פאַר סאַן מאַרטין

גענעראַל סאַן מאַרטין איז געקומען קיין בוענאָס איירעס צו בעטן באַ פּועירעדאָן פרישע מיליטערישע הילף און אַ פּלאַן, צו קאָנען אונ־טערנעמען אַ ווייטערדיקע אַקציע קעגן די שפּאַניער. און ברענגען זייער הויפּטמאַכט אין פּערו. אין יענער צייט איז בוענאָס איירעס באַדראָט גע־ווען פון די אַרטיגיסטן און פון אייניקע פּראָווינצן און דאָס דירעקטאָריום האָט נישט געקאָנט אונטערנעמען זיך נאָכצוקומען סאַן מאַרטינס פאָדע־רונג. באַזונדערס שאַרף האָט זיך קעגנגעשטעלט דער מיניסטער טאַגלע. ער האָט אָנגעוויזן אַף דער געפאַר וואָס לויערט פון אַלע זייטן קעגן דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, אַזוי אַז מען קאָן זיך נישט דערלויבן אַוועקצו־שיקן נאָך מער מיליטער. אין טשילע איז שוין פאַראַנען אַן אַרגענטינער אַרמיי, זאָלן די טשילענער אַליין אויסשטאַטן דאָס רעשט נויטיקע מי־ליטער.

צו הילף סאַן מאַרטינען איז אונטערגעקומען די לאָגע לאָטאַרע, אין וועלכער עס האָבן נאָך אַקטואירט אייניקע אָנגעזעענע פּערזענלעכ־קייטן, און מען האָט ענדלעך איבערצייגט די רעגירונג אַז עס קאָן פאַר־לוירן גיין דער גאַנצער זיג אין טשילע אויב ס'וועט נישט אונטערגענו־מען ווערן אַן אַקציע דירעקט קעגן לימאַ. סאַן מאַרטין האָט אויך פאַר־שפּראָכן צוצושטעלן פאַר אַרגענטינע אַן אַרמיי פון דריי טויזנט טשילע־נער רעקרוטן, וואָס וועלן זיך אָרגאַניזירן און אויסבילדן מיליטעריש אין מענדאָזאַ.

פּועירעדאָן האָט דאַרויף געשיקט מאַנועל אַגירע קיין נאָרד־אַמעריקע צו קויפן און באַוואָפענען צוויי זעגל־שיפן און זיי זאָלן זיך לאָזן צום פּאַ־סיפיק אין דינסט פון סאַן מאַרטין. ס'זיינען געקויפט געוואָרן די שיפן „האָראַסיאָ" און „קויאַסיאַ". טשילע האָט געזאָלט באַצאָלן אַ טייל פון די הוצאות, אָבער דאָס לאַנד איז מלוכיש דעמאָלט נאָך געווען אַזוי אָרעם, אַז נישט בלויז פאַר די שיפן, נאָר אַפילו פאַר דעם ברענגען די שיפן צו די טשילענער ברעגן האָט די מלוכה־קאַסע נישט געהאַט צו באַצאָלן.

אויסער אגירע, וועלכער איז געפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, האָט די אַר־געַנטינער רעגירונג אויך געשיקט אַלווארעז קאָנדארקאָ קיין ענגלאַנד, צו קויפן שיפן.

סאַן מאַרטין האָט זיך אומגעקערט קיין טשילע צופרידן מיט זיינע דערגרייכונגען. ער האָט געהאַט אַ נייע אַרמיי און געווען זיכער צו באַ־קומען אַ גוטן פלאַט צו קאָנען אַטאַקירן פערו, אריינדרינגען קיין לימאַ און באַפרייען דאָס לאַנד.

## אַ זיג איבערן שפּאַנישן פלאָט אין פּאַסיפיק

אין טשילע האָט זיך געמאַכט צופעליק צו קויפן אַן ענגלישע שיף „ווינדהעם" וועלכע האָט געהערט צו דער „קאָמפּאַניע פון אינדיע". די שיף איז געקומען קיין וואַלפּאַראַיסאָ, האָט געבראַכט לאַדונג, און דער קאַפּיטאַן האָט געלאָזט וויסן אַז די שיף, אַ באַוואָפנטע מיט 50 קאַנאָנען און אין גוטן צושטאַנד, פאַרקויפט זיך. סאַן מאַרטין האָט געלאָזט די שיף קויפן און אין נאָמען פון דער אַרגענטינער רעגירונג האָט גידאָ גאַ־ראַנטירט פאַרן קויף. די שיף האָט באַקומען דעם נאָמען „לאַוטאַראָ" און אַרויפגעצויגן אַ טשילענער פאָן. שפּעטער האָט סאַן מאַרטין צובאַ־קומען די שיפן אינדעפּענדענסיאַ, מאַיפּו, פועירעדאָן און גאַלווארינאַ. ס'איז אויך געקויפט געוואָרן נאָך אַ ענגלישע שיף קומבערלאַנד. אָט דער גאַנצער פלאָט איז צוגעגרייט געוואָרן צו אַ ים־שלאַכט מיט דעם שפּאַנישן פלאָט, און אויך דורכצופירן דעסאַנטן.

דער שפּאַנישער פלאָט וואָס איז געווען אין דינסט פונעם וויצע־קעניג פון פערו האָט זיך באַמיט אויסצומיידן אַ קאַמף, צוריקציענדיק זיך צו נאָרדן. מען האָט געוואוסט אַז עס געפינט זיך אינטערוועגס אַ שטאַרקער שפּאַנישער פלאָט מיט דריי טויזנט מאַן, וועלכער איז אַרויסגעפאָרן פון קאַדיז אַפּן וועג צו טאַלקאַהואַנאַ, און שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט פערו. דער שפּאַנישער פלאָט איז באַשטאַנען פון זעקס טראַנספּאָרט־שיפן, מיט דער שיף מאַריאַ איסאַבעל אין דער שפּיץ.

עס האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז איינע פון די שפּאַנישע שיפן, „טרי־נידאַד", האָט זיך געבונטעוועט אינמיטן אַטלאַנטיק, און אומבאַמערקטער־הייט פון די אַנדערע האָט די שיף זיך פאַרקערעוועט און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו בוענאָס איירעס. די שיף האָט געאַנקערט אין ענסענאַדאַ, און די מאַנשאַפט האָט איבערגעגעבן דער רעגירונג אַלע אינסטרוקציעס און דעם סיגנאַל פונעם פלאָט. אַלע פּאַפּירן און די „פּאַראָלע" זיינען באַלד איבערגעשיקט געוואָרן שטרענג געהיים קיין טשילע.

די שפּאַנישע שיפן זיינען אַריין אין פּאַסיפיק דורכן מאַגאַזשאַנעס דורכגוס, און ווי געוויינלעך נאָך אַזאַ לאַנגער רייזע זיינען זיי געפאָרן נישט איינע נעבן דער אַנדערער, נאָר צעוואָרפן. דער פּאַטריאָטישער פלאָט אַנגעפירט פון אַדמיראַל בלאַנקאָ ענקאַלאַדאַ האָט אונטערגענומען אַ געיעג אַף דער ערשטער שיף „מאַריאַ איסאַבעל" און זי געכאַפּט אין טאַלקאַהואַנאַ, וואו זי איז אַרויף אַף אַ זאַמד-באַנק. די שיף איז באַלד איבערגענומען געוואָרן און מען האָט זי באַנוצט צו פאַרנאַרן די אַנדערע שפּאַנישע שיפן. אונטער דער שפּאַנישער פאָן אָבער מיט אַ פּאַטריאָטישער מאַנשאַפט האָט די „מאַריאַ איסאַבעל" און מיט איר אויך די אַנדערע קריגס-שיפן פון סאַן מאַרטין, אונטער אַ שפּאַנישער פאָן זיך אָפּגעשטעלט באַם אינדזל סאַנטאַ מאַריאַ, און ווען די אַנדערע שפּאַנישע שיפן האָבן געזען די „סאַנטאַ איסאַבעל" און באַקומען פון איר סיגנאַלן, האָבן זיי זיך אַלע געלאָזט צום זעלבן אינדזל, מיינענדיק אַז עס געפינט זיך דאָרט דער שפּאַנישער פלאָט. קוים אָבער איז צוגעקומען אַהין אַ שיף און געאַנקערט איז אַף דער סאַנטאַ איסאַבעל און די אַנדערע שיפן אַרויפגעצויגן געוואָרן די טשילענישע פאָן, און פאַרכאַפּט אַזוי אַרום איינע נאָך דער אַנדערער די שפּאַנישע שיפן.

דער פּאַטריאָטישער פלאָט האָט דערנאָך אָפּגערייניקט דעם פּאַסיפיק פון אַלע שפּאַנישע שיפן וואָס זיינען געווען באַם פּערואַנער ברעג, און אַריינגעדרונגען קיין קאַזשאַאָ.

## די קאַודיזשאָס קעגן בוענאָס איירעס

אין דער צייט וואָס סאַן מאַרטין מיט זיין אַרמיי פון קוזשאָ האָט אָנגעפירט דעם באַפרייונגס-קאַמף אין טשילע, און זיך געגרייט צו באַפרייען פּערו, אַף צו זיכערן אַרגענטינע קעגן נייע שפּאַנישע אַנגריפן, האָט זיך אין אינערן פון לאַנד געשאַפן אַ שווערע פּאָליטישע לאַגע. עס האָט זיך אָנגעהויבן צעוויקלען אַ בירגער-קריג צווישן די פעדעראַליסטן און אוניטאַרער, אַ קאַמף וואָס האָט שפּעטער געקאָסט אַ סך מענטשלעכע לעבנס.

פּועירעדאָן, דער העכסטער דירעקטאָר, האָט געהאַט די שטיצע פון סאַן מאַרטין, בעלגראַנאָ און גועמעז, און אויך פונעם קאָנגרעס און פון אַ גרויסער אָנהענגערשאַפט פון אוניטאַריזם. דאַקעגן האָבן אים און זיין רעגירונג באַקעמפט די פּראָווינצן סאַנטאַ פּע, קאָרדאָבאַ, ענטרע ריאָס, קאָריענטעס, וואו עס האָבן געהערשט קאַודיזשאָס און האָבן געפאָדערט אויטאָנאָמיע פאַר די פּראָווינצן. אויסערדעם האָבן מאַנועל מאָרענאָ (אַ ברודער פון מאַריאַנאָ), דער דר. פּעדראָ כאָסע אַגרעלאָ און דער קאָראָנעל דאָרעגאָ, אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמפּיין אין דער צייטונג „לאַ קראָ-

ניקאַ אַרכענטינאַ" קעגן דירעקטאָר פּועירעדאָן, באַשולדיקנדיק אים אין דער פּאָרטוגעזישער אינוואַזיע, און פאַר דער מאָנאַרכיסטישער אידעע וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט באַם דירעקטאָריום.

די אוניטאַריער, דאָס הייסט די פּאַרטיי וואָס האָט געשטיצט פּועי־רעדאָן, האָט געפאָדערט אַז דאָס לאַנד זאָל זיין געאייניקייט אונטער אַ צענטראַלער רעגירונג, אַ געשטאַרקטע און רעספּעקטירטע, און ס'זאָל גע־פירט ווערן אייניק דער באַפרייונגס־קאַמף און דער אויפבוי, לאָזנדיק די פראַגע פון רעגירונגס־פאָרם אַף שפּעטער. די פעדעראַלן, אָנגעפירט פון קאַודיזשאָס (ראַמירעז אין ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, לאָפּעז אין סאַנ־טאַ פע און אַזוי ווייטער) און אויך פון סאַאַוועדריסטישע עלעמענטן אין בוענאָס איירעס, האָבן געפאָדערט אַ באַלדיק סיסטעם פון אויטאָנאָמיע די פּראָווינצן, און די פּראָווינצן זאָלן זיך פאַרבונדן פעדעראַטיוו. צווישן די אוניטאַריער ווידער זיינען געווען עקסטרעמיסטן, צווישן זיי די באַ־קאַנטע מיליטער־שעפן באַלקאַרסע, פרענטש, דאָרעגאָ און אייניקע פּאָ־ליטיקער פון די צייטן פון דער מאַי רעוואָלוציע, וואָס האָבן געפאָדערט אַ באַלדיקע פּראָקלאַמירונג פון רעפּובליקאַנער רעזשים.

דער קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט און אָנגעהויבן ווערן געפערלעך. פּועירעדאָן איז געוואָר געוואָרן אַז עס גרייט זיך אַ רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנד, האָט ער פאַרכאַפּט די געשעעניש און געלאָזט אַרעסטירן מאַ־נועל מאָרענאָ, אַגרעלאָ, טשיקלאַנאַ און אַנדערע אָנפירער פון דער אָפּאָ־זיציע און זיי (פעברואר 1817) אָפּגעשיקט קיין נאָרד־אַמעריקע. דאָרעגאָ איז נאָך פריער פאַרשיקט געוואָרן צוליב דעמזעלבן מאָטיוו. און בכדי צו פילן זיך געשטאַרקט האָט דער העכסטער דירעקטאָר זיך פאַרשטענדיקט מיטן קאָנגרעס, אַז דער לעצטער זאָל אַריבער פון טוקומאַן קיין בוענאָס איירעס.

אין מערץ 1817 האָט דער קאָנגרעס דערעפנט זיינע זיצונגען אין בוע־נאָס איירעס און אָנגעהויבן דיסקוטירן דעם קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט, נאָר אַזוי ווי ס'האָבן זיך געשאַפן שטאַרקע מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין פאַר־שידענע פונקטן, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם 3טן דעצעמבער 1817 אַ פּראָוויזאָרישן רעגלאַמענט, באַזירט אַף **אוניטאַרישע** פּרינציפּן, וועל־כער האָט געדאַרפט גילטן בלויז ביז עס וועט אָנגענומען ווערן די דעפי־ניטיווע קאָנסטיטוציע. די הויפּט־שוועריקייט האָט זיך געשאַפן אַרום פונקט פון גובערנאַטאָר־וואַלן. לויט דעם פּראָוויזאָרישן **סטאַטוט** פון 1815 האָבן געזאָלט אויסגעקליבן ווערן די גובערנאַטאָרס פון די פּראָווינצן דורך די עלעקטאָרן פון יעדער פּראָווינץ (לויט פעדעראַלער טענדענץ), און דער פּראָוויזאָרישער **רעגלאַמענט** פונעם קאָנגרעס האָט פאָרגעשלאָגן אַז די גובערנאַטאָרס זאָלן באַשטימט ווערן דורכן העכסטן דירעקטאָר, באַ־

קומענדיק דערצו ליסטעס פון קאַנדידאַטן, צוגעשטעלט דורך די קאַביל־דאָס (אוניטאַרע טענדענץ).

קעגן דעם פּראָוויזאָרישן רעגלאַמענט פון קאָנגרעס האָבן זיך געשטעלט די פּראָווינצן סאַנטאַ פע, ענטרע ריאָס, קאָריענטעס און באַנדאַ אָריענטאַל, און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג אין דער ליטאָראַל זאָנע.

דאָס דירעקטאָריום פון בוענאָס איירעס האָט זיך באַמיט צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די קאַודיזשאָס פון די אומגעהאַרכזאַמע פּראָווינצן נאָר אָן דערפאָלג, אָבער פאַרשטייענדיק אַז דאָס קאָן ברענגען אַ געפאַר האָט דער העכסטער דירעקטאָר זיך פאַרשטענדיקט מיט אייניקע סוב־שעפן פון די קאַודיזשאָס און פּראָוואָצירט אַזוי אַרום אַן אינערלעכן בונט אין פּראָווינץ. פועירעדאָן האָט אויך געבעטן סאַן מאַרטינען און בעלגראַנאָן צו קומען מיט זייערע אַרמייען צו באַהערשן סאַנטאַ פע. בעלגראַנאָ האָט באַלד אויסגעפאָלגט דעם רוף פון דירעקטאָר און ער האָט אָפּגעשיקט פון טוקומאַן אַן אָפּטיילונג מיליטער אָנגעפירט פון לאַ מאַדריד, און באַלד אַ צווייטע אָפּטיילונג אָנגעפירט פון אַרענאַלעס. דער גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ, בוסטאָס, וועלכער איז אויך געווען אַ פעדעראַליסט און געשטאַנען פיינטלעך צו בוענאָס איירעס, האָט צולעצט זיך אָנגעשלאָסן צו דער נאַציאָנאַלער רעגירונג און אויך צוגעגרייט אַן עקספּעדיציע קעגן לאָפּעז. בלויז סאַן מאַרטין, נאָכן זיג אין מאַיפּו, האָט געהאַלטן, אַז ער מוז דורכפירן זיין אידעע פון באַזיגן די שפּאַנישע מאַכט אין פּערו, און דאַריבער נישט נאָכגעקומען דעם רוף פון העכסטן דירעקטאָר.

אין סאַנטאַ פע האָבן געהערשט, ווי ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ פריריקן קאַפּיטל, צוויי קאַודיזשאָס: מאַריאַנאָ ווערא און עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז. ביידע האָבן געהאַט זייערע אָנהענגער און זייערע קריגערישע מחנות, רייטער, באַקאַנט אַלס **מאָנטאָנעראָס**, ווי דאָס האָבן געהאַט אַלע אַנדערע קאַודיזשאָס. ווערא האָט געהאַט געשלאָסן וואַפנשטילשטאַנד מיט בוענאָס איירעס אָבער זיין איינפלוס איז מיט דער צייט געפאַלן אין סאַנטאַ פע, און עס האָט גענומען די אויבערהאַנט איבער דער פּראָווינץ זיין ריוואַל, דער קאַודיזשאָ לאָפּעז. אין יולי 1818 האָט לאָפּעז דורך אַ „שטאַטס־קלאַפּ" פאַרכאַפּט אינגאַנצן די מאַכט איבער דער פּראָווינץ און ער האָט אָנגעפירט אַ פיינטלעכע פּאָליטיק קעגן בוענאָס איירעס.

איצט זיינען מיטאַמאָל געגאַנגען קעגן לאָפּעזן פון איין זייט גענעראַל וויאַמאָנטע מיט אַן אַרמיי געשיקט פון פועירעדאָן, בעלגראַנאָס אַן אַרמיי פון טוקומאַן און עס האָט געהאַלטן באַם אונטערקומען אויך בוסטאָס פון קאָרדאָבאַ. אויסערדעם האָבן די לייט פון לאָפּעז געכאַפּט דעם

שליח פון דער רעגירונג מיט דער קאָרעספּאָנדענץ פון סאַן מאַרטין, און לאָפּעז האָט מורא באַקומען אַז ס'זאָל נישט אונטערקומען אויך מיליטער פון קוזשאָ. ער האָט דאַריבער באַשלאָסן ליבערש אויסצומיידן אַ קאַמף, איז געפאָרן קיין ראָזאַריע, וואו עס האָט זיך געפונען גענעראַל וויאַמאָנטע און דאָרט פאַרהאַנדלט וועגן שלום. דער וואַפנשטילשטאַנדס-אָפּמאַך, באַקאַנט אַלס אָפּמאַך פון סאַן לאָרענצאָ (5טן אַפּריל 1819), איז שפּעטער



באַוואָפנטע מחנות, באַקאַנט אַלס „מאָנטאָנעראָס", וואָס די קאַודיזשאָס האָבן באַנוצט אַלס זייערע „אַרמייען" אין קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלום-אָפּמאַך, וועלכער האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט.

אין ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, וועלכע האָבן זיך אין 1814 דערקלערט אַלס באַזונדערע „שטאַטן", די ערשטע מיט קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי אַלס הויפּטשטאָט, האָבן געהערשט אַנדערע קאַודיזשאָס וואָס האָבן געהאַט זייערע „מאָנטאָנעראָס" אַרמייען און אָנגעפירט באַזונדער מלחמה קעגן דער צענטראַלער רעגירונג און דעם קאָנגרעס. אין ענטרע ריאָס איז געווען הערשער פראַנסיסקאָ ראַמירעז און ער האָט באַהערשט

די קאַודיזשאָס פון גואַלעגואַי און גואַלעגואַיטשו — כערוואַסיאָ קאָרעאַ און גרעגאָריאָ סאַמאַניעגאַ. אין קאָריענטעס ווידער האָט געהערשט הערעניו, אָבער אין דעצעמבער 1817 איז ער געקומען קיין באַכאַדאַ דעל פּאַראַנאַ און זיך אָנגעשלאָסן צו דער נאַציאָנאַלער רעגירונג פון בוענאָס איירעס. דעמאָלט האָט איבערגענומען אַרטיגאַסעס אַדיוטאַנט, אַנדרעסיטאָ, די הערשאַפט איבער דער פּראָווינץ קאָריענטעס און זיין מאַכט איז באַשטאַנען נישט אין דער תליה און מעסער, נאָר אין מעסער אַליין, ווייל די תליה איז שוין נישט נויטיק געווען.

הערעניו האָט אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן קאַודיזשאָ פון ענטרע ריאָס, ראַמירעז, און פוערעדאָן האָט אים געשטיצט, שיקנדיק אַ פּאָר באַטאַליאָנען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָראָנעל מאָנטעס דע אָקאַ. ס'איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1818 אַ שלאַכט באַ סעוואַזשאָס און ראַמירעז האָט אָפּגעהאַלטן דאָרט אַ זיג. שפּעטער האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבערן נאַציאָנאַלן מיליטער מאַרקאָס באַלקאַרסע און ס'איז דעם 25טן מערץ 1819 פאָרגעקומען אין סאַוסעסיטאַ אַ צווייטע שלאַכט, און ווידעראַמאָל האָט געזיגט דער קאַודיזשאָ פון ענטרע ריאָס, ראַמירעז. די דאָזיקע צוויי זיגן האָבן געשאַפן ראַמירעזן גרויס פּרעסטיזש און מאַכט אין ענטרע ריאָס, אין דער צייט וואָס דער שטערן פון אַרטיגאַס האָט אָנגעהויבן אונטערגיין.

דער היסטאָריקער פידעל לאָפּעז שרייבט צו אַ גרויסע שולד סאַן מאַרטינען אין דעם אומרואיקן צושטאַנד אין די פּראָווינצן, אָנמערקנדיק, אַז ווען סאַן מאַרטין קערט זיך אום מיט זיין אַרמיי פון טשילע וואָלט ער גאָר אינגיכן אָפּגעווישט די מאַכט פון די פעדעראַליסטישע קאַודיזשאָס און ס'וואָלט זיך געשאַפן מעגלעך אַן איינהייטלעכקייט אין לאַנד. סאַן מאַרטין אָבער האָט פאַרשטאַנען אַז אָן אַ געזיכערטער רו באַם גרעניץ איז נישט מעגלעך קיין אינערלעכע רו, און ער האָט דעריבער פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, צוגרייטנדיק אַן עקספּעדיציע קעגן פּערו.

# אינהאַלט

## די רעוואָלוציע און דער קאַמף קעגן איר

## נאַציאָנאַלע אייניקייט

נ. פרוכטער

# די געשיכטע פון ארגענטינע

ב. איירעס
1944

צווייטער
באַנד

מ. שוואַרץ

# אָנגענומען די קאָנסטיטוציע פון 1819

נאָך דעם ווי ס'איז אונטערגעצייכנט געוואָרן דער אָפּמאַך פון סאַן לאָרענצאָ, דורך וועלכן מען האָט דערוואָרט צו האָבן רו, האָט דער קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס אָנגענומען די אַזוי דערוואַרטעטע קאָנסטיטוציע פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון זיד־אַמעריקע, באַזירט אָף אוניטאַרע פּרינציפּן און געטיילט די מאַכטן אָף אַ לעגיסלאַטיווער, עקזעקוטיווער און יורידישער (געזעצגעבערישע, אויספירערישע און געריכטלעכע).

די לעגיסלאַטיווע קערפּערשאַפט זאָל זיין צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי קאַמערן: סענאַטאָרן און רעפּרעזענטאַנטן (דעפּוטאַטן).

די אויספירערישע מאַכט זאָל אויסגעפירט ווערן פון אַ בירגער מיטן טיטל דירעקטאָר פון שטאַט (מלוכה־שעף) און ער זאָל אויסגעקליבן ווערן דורך ביידע קאַמערן, פאַרזאַמלט בײַ אַ געמיינזאַמער זיצונג.

די יורידישע מאַכט זאָל באַשטיין פון אַ הויכן יוסטיץ־געריכט, און די מיטגלידער פון זעלבן זאָלן באַשטימט ווערן דורכן שטאַטס דירעקטאָר, מיט דער באַשטעטיקונג פון דער סענאַטאָרן קאַמער.

דעם 25טן מאַי 1819 איז אָט די קאָנסטיטוציע געשוואוירן געוואָרן פון כמעט אַלע פּראָווינצן און פון די אַרמייען פון אַלטאָ פּערו און די אַנדן. די דעפּוטאַטן פון סאַלטאַ און סאַן כואַן האָבן זי אָבער נישט געוואָלט אונטערצייכענען.

# פועירעדאָן דימיטירט

די קאָנסטיטוציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעמאָלט (22טן אַפּריל 1819) ווערט באַצייכנט פון אייניקע היסטאָריקער אַלס מאָנאַרכיסטישע אָן אַ קעניג, און אַזוי ווי זי איז געווען דערצו באַזירט אָפן פּרינציפּ פון אוניטאַריזם האָט זיך באַלד אויפגעהויבן קעגן איר אַ רעאַקציע מצד די קאַודיזשאָס פון אייניקע פּראָווינצן.

צווישן העכסטן דירעקטאָר פועירעדאָן און דעם קאָנגרעס האָט אין יענער צייט נישט געהערשט קיין שטאַרקע האַרמאָניע. אויסערדעם האָט

דער מלוכה־שעף געפילט אַז עס האַלט באַם אויסברעכן אַ נייער שטורם, ווייל אין סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס האָט זיך באַניים די פיינטלעכע באַוועגונג קעגן בוענאָס איירעס, האָט ער דאַריבער צוגעשטעלט זיין דימיסיע, פאַדערנדיק אַז ס׳זאָלן דורכגעפירט ווערן וואַלן פון אַ העכסטן דירעקטאָר אין אַנקלאַנג מיט דער נייער קאָנסטיטוציע. דער קאָנגרעס האָט געפּרואווט אָפּוואַרפן די דימיסיע, אָבער פועירעדאָן האָט זיך געהאַלטן פעסט באַ זיין פאָדערונג, און די דימיסיע איז (דעם 9טן יוני 1819) אָנגענומען געוואָרן, און אַף דעם צווייטן טאָג איז באַשטימט געוואָרן ראָנדאָ אַלס נייער דירעקטאָר.

פועירעדאָן האָט געהאַט דורכצומאַכן אַ שווערן מלוכה־פּעריאָד. די דריי יאָר וואָס ער איז געווען באַם רעגירונגס־רודער האָט דאָס לאַנד געהאַט צו קעמפן מיט אינערלעכע אומרוען און געלעבט אין אַן אייביקער אויסערלעכער געפאַר. ער האָט אָבער געפירט דעם מלוכה־רודער מיט אַ זיכערער האַנט ווי אַ געניטער קאַפּיטאַן. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרויסער און פעאיקער שטאַטסמאַן. פועירעדאָן האָט דורך זיין אַקטואַציע סיי אַלס מיליטער־שעף און סיי אַלס מלוכה־שעף געדינט דעם לאַנד ווי אַ גרויסער און ערלעכער פּאַטריאָט. אַדאַנק אים האָט סאַן מארטין געקאָנט דורכפירן זיין מאַרש איבער די אַנדן, און אַדאַנק אים זיינען דער גרייכט געוואָרן פאַרשטענדיקונגען מיט אייניקע קאַודיזשאָס אויסמיידנדיק אומזיסטע בלוט־פאַרגיסונגען.

## אויפשטאַנד־באַוועגונג אין די פּראָווינצן

כאָסע ראָנדאָ איז נאָך דער דימיסיע פון פועירעדאָן באַשטימט געוואָרן דעם 10טן יוני 1819 אַלס צייטווייליקער העכסטער דירעקטאָר, ביז ס׳וועט מעגלעך זיין דורכצופירן וואַלן אין אַנקלאַנג מיט דער קאָנסטיטוציע. אָבער באַלד האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים און קעגן דער קאָנסטיטוציע אַ געפערלעכע אויפשטאַנדס־באַוועגונג, וועלכע האָט געטליעט אין דער שטיל שוין אין די צייטן פון פועירעדאָנס דירעקטאָריום. די נייע באַוועגונג קאָן פאַר קיין פאַל נישט באַצייכנט ווערן אַלס אידעאישע, כאָטשע די קאַודיזשאָס האָבן באַהויפּטעט אַז זיי קעמפן פאַר אַ פּרינציפּ, פאַרן פּרינציפּ פון פעדעראַליזם.

אין דער באַוועגונג קעגן דירעקטאָריום פון ראָנדאָ, וואָס איז אין אמתן געווען אַ באַוועגונג קעגן בוענאָס איירעס בכלל, האָבן געשפּילט דעם הויפּטראָל דער ענטרע ריאָסער קאָמאַנדאַנט ראַמירעז, דער קאַודיזשאָ פון סאַנטאַ פע — לאָפּעז און דער טשילענער קאַודיזשאָ גענעראַל כאָסע מיגעל קאַררעראַ, דער ריוואַל פון אָהיגינס, וואָס האָט געהאָפּט צו כאַפּן פיש אין פּאָליטישן מוטנע וואַסער.

ס'איז שוין אין די פריריקע קאַפּיטלען אָנגעוויזן געוואָרן אַז די פּאָר־טוגעזער זיינען פון בראַזיל אַריין קיין באַנדאַ אָריענטאַל און די אַרטי־גיסטישע מיליטער־טיילן האָבן אונטער פאַרשידענע קאָמאַנדאַנטן און אונטער אַרטיגאַסעס קאָמאַנדע גופא געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אָבער אָן דערפאָלג. עס האָבן זיך שפּעטער צעשפּליטערט די קעמפערישע כוחות פון אַרטיגאַס און עס האָבן זיך אומגעיאָגט איבער די גרעניץ־פּראָווינצן פון באַנדאַ אָריענטאַל, אין קאָריענטעס און ענטרע ריאָס, פאַרשידענע און אומצאָליקע באַוואַפנטע גרופּעס אָנגעפירט פון פאַרשידענע קאַודיזשאָס, שטאַרקע אָדער שוואַכע, און געהאַלטן די באַפעלקערונג אין אייביקע־שרעק. זיי אַלע האָבן אויך געהאַלטן אונטער דראָונג בוענאָס איירעס.

## פראַנציסקאָ ראַמירעז

איינער פון די וויכטיקסטע קאָמאַנדאַנטן פון גענעראַל אַרטיגאַס איז געווען דער קאַודיזשאָ פראַנציסקאָ ראַמירעז, אַ פעסט־געבויטער גאַוטש, אַ געוואַגטער און אַמביציעזער. ס'איז אים געלונגען צו זאַמלען אונטער זיין מאַכט אַ גרויסע צאָל באַוואַפנטע גרופּעס, און ער האָט מיט דער צייט איבערגענומען די הערשאַפט איבער ענטרע ריאָס און קאָריענטעס און אויסגעשפּרייט זיין איינפלוס אויך אַף סאַנטאַ פע.

ראַמירעז האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס אַרגענטינער פּאַטריאָט, וואָס וויל אונטערנעמען אַ קאַמף קעגן די פּאָרטוגעזער אין באַנדאַ אָריענטאַל, און ער האָט דערפאַר געפאָדערט בײַ דער בוענאָס איירעסער רעגירונג וואָפן, מיליטער און געלט. דער דאָזיקער אָנבאָט פון ראַמירעז, צו גיין קעגן די פּאָרטוגעזער איז אָבער אויפגענומען געוואָרן קאַלט בײַ דער די־רעקטאָריום־רעגירונג איבער פאָלגנדע מאָטיוון — לויט דער מיינונג פון פידעל לאָפּעז: ערשטנס האָט ניט געפּאַסט אַ רעגולערער און לעגאַל גע־בילדעטער רעגירונג צו קומען אין פאַרהאַנדלונגען מיט אַזאַ קאַודיזשאָ; צווייטנס איז נישט געווען קיין איבעריק מיליטער און געלט, ווייל די עקס־פּעדיציע פון סאַן מאַרטין איבער די אַנדן האָט אַ סך פאַרשלונגען; דריטנס האָט ראַמירעז גערעכנט אָנצופירן די קאָמאַנדע אַף אַ קאַודיזשאָ שטיי־גער, ווי דאָס וואָלט געווען זיינע אַ פּערזענלעכע אַרמיי; פערטנס איז באַשטאַנען די געפאַר, אַז אין פאַל פון אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן די פּאָרטוגעזער זאָל עס ברענגען צו אַ פּאָרטוגעזיש־שפּאַנישער דערנענטע־רונג און מעגלעכן בונד, און דעמאָלט וואָלט שפּאַניע געקאָנט אַריינשיקן קיין בוענאָס איירעס די צוגעגרייטע אַרמיי, אַרום 25 ביז 30 טויזנט מאַן, וואָס איז געשטאַנען אין קאַדיז.

פאַר ראַמירעזן אָבער האָט דאָס אַלעס נישט געדינט אַלס תירוץ. ער האָט געהאַט פאַר זיך די אידעע אונטערצונעמען דורכוים אַן אַקציע קעגן די פּאָרטוגעזער, און דאָס צו דערגרייכן האָט ער געשטרעבט צו האָבן די הילף פון בוענאָס איירעס, און אויב ער באַקומט זי נישט, איז פאַר אים געווען אויך רעכט אונטערצונעמען אַ מאַרש אַף בוענאָס איי־רעס. צו דעם צוועק האָט ער זיך פאַרבונדן מיטן סאַנטאַ פעער קאַודי־זשאָ עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז, און דער לעצטער, מיט אַן אַרמיי פון 2,000 רייטער האָט זיך געשטעלט פולשטענדיק אין דינסט פון ראַמירעז. עס האָבן אויך אָנגעבאָטן ראַמירעזן זייער הילף די אַרטיגיסטישע קאָמאַנ־דאַנטן הערעניו, סאַמאַניעגאַ, קאַריעגאַ און דער טשילענער כאָסע מיגעל קאַרעאַס.

דער אַלגעמיינער פּלאַן פון ראַמירעז איז איצט געווען איבערפאַלן די הויפּטשטאָט, זי אויספּלינדערן, שאַפן אַן אַרמיי פון צען ביז פופצן טויזנט מאַן (אַריינרעכנדיק דאָס אייגענע מיליטער פון ענטרע ריאָס און קאָריענטעס און דאָס פון סאַנטאַ פע, קאָרדאָבאַ און פון בוענאָס איירעס), אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן די פּאָרטוגעזער אין באַנדאַ אָריענטאַל, זיי אַרויסשטויסן פון דאָרט, דערנאָך אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן פּאַ־ראַגוויי און צוריק פאַרייניקן יענץ לאַנד מיט די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. ער האָט זיך דאַריבער צוזאַמענגערעדט מיט לאָפּעזן וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע, און גאָר אינגיכן האָט ראַמירעז זיך געשאַפן אַ לאַגער אין דיאַמאַנטע (ענטרע ריאָס) קאָנצענטרירנדיק דאָרט דריי טויזנט מאַן, און עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז האָט זיך אייגעאָרדנט אַ לאַגער אין קאָ־ראָנדאַ, זאַמלענדיק אַרום זיך צוויי טויזנט מאַן.

דאָס האָט געשאַפן אַווירקלעכע פּאַניק אין בוענאָס איירעס, און ראָנדאָ האָט זיך געזען געצוואונגען צוצוגרייטן אַן אַרמיי צו אַ נייער אָקציע אין אינערן, דאָסמאָל קעגן ראַמירעז און לאָפּעז. און אַזויווי עס האָט געדראָט נאָך אַלץ מיט אַ מעגלעכער אַטאַקע פון די שפּאַניער האָט דער העכסטער דירעקטאָר אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע צום פאָלק, מאַכנ־דיק אַ רוף צו דער באַפעלקערונג צו זיין גרייט קעגן אַן אַטאַקע פון די שפּאַניער אַף בוענאָס איירעס.

נישט געקוקט דאַרויף וואָס דער סאַנטאַ פעער קאַודיזשאָ לאָפּעז האָט געשלאָסן דעם אָפּמאַך פון סאַן לאָרענצאָ, אין וועלכן ער האָט פאַר־זיכערט אָפּצושטעלן דעם קאַמף קעגן בוענאָס איירעס, האָט ער און ראַ־מירעז אַרויסגעלאָזט פּראָקלאַמעס צו די איינוואוינער פון זייערע פּראָ־ווינצן, רופנדיק זיי אונטערצונעמען אַ מלחמה קעגן דער הויפּטשטאָט (אָקטאָבער 1819).

ראָנדאָ האָט געמאַכט אַ רוף צו בעלגראַנאָ און סאַן מאַרטין, אַז זיי

זאָלן אונטערקומען מיט זייערע ארמייען און ראַטעווען די לאַגע, אַנווייזנ־דיק אַז די קאַודיזשאָס באַדראָען בוענאָס איירעס.

גענעראַל בעלגראַנאָ איז געווען דעמאָלט שעף פון דער ארמיי אין נאָרדן, וועלכע האָט זיך געפונען אין קאָרדאָבאַ. בעלגראַנאָ איז אין יע־נער צייט געווען קראַנק, האָט ער זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע און אוועק־געפאָרן אַ שווער־קראַנקער קיין טוקומאַן, איבערלאָזנדיק אויף זיין אָרט אַלס ארמיי־שעף דעם גענעראַל פראַנסיסקאָ דע לאַ קרוס. דערדאָזיקער מיליטער־שעף האָט באַלד אויסגעפאָלגט דעם רוף פון העכסטן דירעקטאָר, און זיך געלאָזט מיט זיין מיליטער אין מאַרש צו בוענאָס איירעס, אָבער אַ טייל פונעם מיליטער האָט אונטערוועגס זיך געבונטעוועט.

גענעראַל סאַן מאַרטין איז דאַמאָל געבליבן אומגעהאָרכזאַם, און נישט אויסגעפאָלגט דעם רוף פון ראָנדאָ. ער האָט אַליין געהאַלטן פאַר וויכטיקער די אַקציע קעגן פערו איידער קעגן די קאַודיזשאָס.

אין דעם מאָמענט מוז מען אין אַ געוויסער מאָס צושטימען צו דער מיינונג פון וויסענטע לאָפעז, אַז סאַן מאַרטין איז באַגאַנגען אַ גרויסע עולה מיט זיין אומגעהאָרכזאַמקייט, ווייל ווען ער קומט דעמאָלט אונ־טער מיט דער ארמיי וואָס האָט זיך געפונען אין קוזשאָ, וואָלט ער צו־זאַמען מיט דער ארמיי פון נאָרדן און מיט דער פון בוענאָס איירעס גע־מאַכט באַלד אַ סוף צו די קאַודיזשאָ־קאַמפיינען, און ס'וואָלט געזיכערט געוואָרן די נאַציאָנאַלע איינהייט. סאַן מאַרטין האָט דעמאָלט געהאַט אין מענדאָזאַ 2.500 מאַן, אָבער ער האָט וועגן דעם געשריבן אַז ער האָט נישט קיין פערד און קיין טראַנספּאָרט־מיטלען, און האָט אויך נישט קיין אויסשטאַטונג, אַף צו קאָנען אַריבערשיקן דאָס מיליטער קיין בוענאָס איירעס. דער אַרגענטינער באַפולמעכטיקטער אין טשילע, גידאָ, האָט אויך געשריבן וועגן דעם, אַז די ארמיי פון קוזשאָ איז ווייט שוין נישט יענע פון אַמאָל. זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון ארגענטינער און טשילע־נער רעקרוטן, און עס דראָט די געפאַר, אַז אין פאַל זי וועט געשיקט ווערן קיין בוענאָס איירעס קאָן אַ טייל מיליטער דעזערטירן.

## אויפשטאַנד אין אַרעקיטאַ

דאָס מיליטער פון גענעראַל פראַנסיסקאָ דע לאַ קרוס האָט זיך אַרויס־געלאָזט, ווי געזאָגט, אין מאַרש קיין בוענאָס איירעס. עס האָט זיך אַרויס־געלאָזט פונעם לאַגער פון פילאַר, אָבער קומענדיק קיין אַרעקיטאַ האָט אַ טייל מיליטער, אָנגעפירט פון קאָמאַנדאַנט כאָסע מאַריאַ פאַז און אַנ־דערע אָפיצירן, זיך (דעם 8טן יאַנואַר 1820) געבונטעוועט, און אַנשטאָט צו דינען דער זאַך פון דער רעוואָלוציע, זיך געשטעלט אין דינסט פונעם

קאָרדאָבער קאַודיזשאָ, גענעראַל בוסטאָס. דער אַנדערער טייל מיליטער האָט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל קרוס פאָרגעזעצט דעם מאַרש, אָבער ס׳איז אַטאַקירט געוואָרן פון פאַרשידענע זייטן דורך די סאַנטאַ פעער „מאָנטאָנערעס" פון לאָפּעז און דורך די מחנות פון בוסטאָס, אַזוי אַז ס׳איז פון דער נאָרד־אַרמיי נישט געבליבן גאָרנישט און די רעשט־לעך זיינען אַרונטער צו בוסטאָס.

ס׳איז אויך קיין חידוש נישט וואָס ס׳האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע באַ דער נאָרד־אַרמיי. חדשים לאַנג איז דאָס מיליטער געשטאַנען אומ־טעטיק, און די אָפיצירן און סאָלדאַטן האָבן זיך געחברט מיט דער אָר־טיקער באַפעלקערונג, און די קאַודיזשאָס האָבן אַזוי אַרום געהאַט אַ גו־טע געלעגנהייט איבערצורייידן די אָפיצירן און זיי אַריבערציען אַף זייער זייט.

די ידיעה פונעם אויפשטאַנד אין אַרעקיטאָ האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק אין בוענאָס איירעס. אָבער דערמיט האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט. דעם 9טן יאַנואַר האָט דער רעגימענט יעגער פון די אַנדן וואָס איז געשטאַנען אין סאַן כואַן, אַנגעפירט פון קאַפּיטאַן מאַריאַנאָ מענדיזאַבעל זיך אויך געבונטעוועט, און דער קאָראָנעל רודעסינדאָ אַל־וואַראַדאָ, מורא האָבנדיק אַז אויך דאָס מיליטער וואָס שטייט אין מענ־דאָזאַ זאָל זיך אויך נישט בונטעווען, האָט שנעל אַריבערגעפירט זיין אַרמיי איבער די אַנדן קיין טשילע.

דורך דעם איז גאַנץ קוזשאָ (מענדאָזאַ, סאַן כואַן און סייל־וויז סאַן לואיס) געבליבן אַנאַרכיזירט. די אומטעטיקייט האָט אויך סאַן מאַרטינס פּראָווינץ קוזשאָ דעמאָראַליזירט.

# פולשטענדיקע אַנאַרכיע אין לאַנד

**אַראָאָז הערשער פון טוקומאַן. — בעלגראַנאָ אַ שווער־קראַנקער אַרעס־טירט געוואָרן. — אויפלייזונג פונעם קאָנגרעס. — אָפּגעשאַפט דעם די־רעקטאָריום. — פּראָווינצן באַקומען פולע אויטאָנאָמיע. — קאָנפליקטן צווישן די קאַודיזשאָס. — בעלגראַנאָ קומט קיין בוענאָס איירעס און שטאַרבט.**

דאָס יאָר 1820 קאָן באַטראַכט ווערן אַלס איינס פון די טונקלסטע אין דער געשיכטע פון אַרגענטינע וואָס אַנבאַלאַנגט דער אייניקייט פון לאַנד. פון אַלע זייטן קאַודיזשאָס מיט מחנות רייטער אָדער ווי זיי ווערן באַצייכנט „מאָנטאָנעראָס". אומעטום אַ צושטאַנד פון אַנאַרכיע. אין אַלע

פראווינצן הויבט זיך אויף א געשריי פון פעדעראליזם, אבער אין אמתן ווייזט קיינער נישט ארויס קיין אינטערעס פאר אייניקייט דורך פעדעראליזם, נאר יעדער קאודיזשא וויל זיין זעלבסטהערשער אין זיין פראווינץ. ראמירעז און לאפעז, בוסטאס און אראאז זיינען דער בעסטער ביישפיל דערצו. דער פאליטישער זיג פון די קאודיזשאס אין 1820 האט געדינט דערנאך אלס באזע פארן זיג פון ראסאס וואס האט געבראכט די דיקטאטור אין לאנד.

צווישן די פראווינצן וואס האבן זיך געבונטעוועט האט זיך אויך געפונען טוקומאן, און דא איז באשערט געווען דעם גרויסן פאטריאט מאנועל בעלגראנא צו דערלעבן שווערע מאמענטן. בעלגראנא, ווי ס'איז שוין דערמאנט געווען, האט פון קארדאבא ארויסגעשיקט דעם גענעראל קרוס צו העלפן דער נאציאנאלער רעגירונג אינעם קאמף קעגן די קאודיזשאס, און אליין איז ער געפארן קיין טוקומאן, וואו ער האט געהאט אפגעהאלטן א גלענצנדיקן זיג אמאל איבער די שפאניער. דער גרויסער מיליטער־שעף איז געווען קראנק און זיינע פיס זיינען געווען שטארק געשוואלן.

אין איינעם אן אוונט, דעם 11טן נאוועמבער 1819, עלף אזייגער, א'ז מיטאמאל אויסגעבראכן אן אויפשטאנד אינעם טוקומאנער גארניזאן, אנגעפירט פון קאפיטאן אבראהאם גאנסאלעז, וועלכער איז אין אמתן געווען נישט מער ווי אן אינסטרומענט פונעם קאראנעל פון דער טוקומאנער מיליץ בערנאבע אראאז, א זון פון א ווייט פארצווייגטער, רייכער פאמיליע פון טוקומאן. אראאז האט זיך געהאלטן כלומרשט אלס אנהענגער פון דער נאציאנאלער רעגירונג און אלס פארערער פון בעלגראנא און סאן מארטין, אבער אין דער שטיל האט ער צוגעגרייט דעם אויפשטאנד, בכדי צו קאנען זיין הערשער איבער אן אומאפהענגיקער פראווינץ. דער קאפיטאן גאנסאלעז אין באגלייטונג פון אנדערע באוואפנטע מיליטערלייט איז אריין צו בעלגראנאן אין צימער מיט שטורם, און ווען בעלגראנא א דערשטוינטער האט געפרעגט וואס מען וויל פון אים, האט גאנסאלעז קלאר דערקלערט אז ער וויל אים קייטן. „אויב ס'איז נויטיק מיין לעבן, אף צו זיכערן די עפנטלעכע רו, האט בעלגראנא געענטפערט, דאן האט איר דא מיין ברוסט — נעמט עס!"

דער דאקטאר יאזעף רעדהיד, א וויסנשאפטסמאן און פילאנטראפ, אן אויפריכטיקער פריינט און לייב־דאקטער פון בעלגראנא האט זיך ענערגיש קעגנגעשטעלט דעם בארבארישן אויפטריט, און אנגעוויזן אז בעלגראנא קאן אפילו נישט דולדן די קליידונג אף די פיס, ווייל זיי זיינען שטארק געשוואלן. דאן האט גאנסאלעז אנגעהויבן רעדן מילדער און

דערקלערט בעלגראַנאָן סתם אַרעסטירט, און געשטעלט אַ מיליטערישע וואַך באַם הויז פונעם זיגער פון טוקומאַן.

אַפן צווייטן טאָג גאַנץ פרי האָט גאָנסאַלעז זיך פּראָקלאַמירט אַלס שעף קאָמאַנדאַנט פון די באַוואָפנטע כוחות אין טוקומאַן, און האָט גע־צוואונגען דאָס פאָלק צו פּראָקלאַמירן בערנאַבע אַראַאָז אַלס גובערנאַ־טאָר פון דער אומאָפּהענגיקער פּראָווינץ טוקומאַן, און פאַראָרדנט צו מעלדן וועגן דעם דעם נאַציאָנאַלן קאָנגרעס און דעם העכסטן דירעקטאָר אין בוענאָס איירעס. אַזוי אַרום איז דורך אַ צוזאַמענקום פון אַ גרופּע פויערן פּראָקלאַמירט געוואָרן אַראַאָז אַלס גובערנאַטאָר, און זיין ערשטער דעקרעט איז געווען צו דערהויבן אַבראַהאַם גאָנסאַלעז צום ראַנג פון קאָ־ראָנעל. אַראַאָז האָט געלאָזט באַפרייען בעלגראַנאָן, אָבער ווען דער לעצ־טער האָט געבעטן צו שטיצן אים מיט צוויי טויזנט פּעזאָס, אַף צו קאָנען אָפּפאָרן קיין בוענאָס איירעס, האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט אַז די רעגירונגס-קאַסע איז ליידיק.

אַראַאָז האָט דערנאָך זיך געפּרואווט שטעלן אין קאָנטאַקט מיט בוס־טאָס אין קאָרדאָבאַ, וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע אין דער פעדעראַלים־טישער רעוואָלוציע. ער האָט אויך שפּעטער אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און קאַטאַמאַרקאַ, ווייל די צוויי סוב-פּראָ־ווינצן וואָס זיינען געהאַט געווען געבונדן מיט טוקומאַן האָבן זיך גע־וואָלט אָפּרייסן און זיין אויך זעלבסטשטענדיק. מיט דער צייט האָט אַראַאָז אויך געשאַפן אַ מין רעפּובליק אין טוקומאַן אין וועלכער ס׳זיינען געהאַלטן געוואָרן אונטער זיין דיקטאַטאָרישן רעזשים די דערמאָנטע דריי פּראָווינצן. העכער אין נאָרדן האָט געהערשט מאַרטין גועמעז, דער באַרימ־טער שעף פון די גאַוטשאָס, אַן אויפריכטיקער פּאַטריאָט און אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג און פון סאַן מאַרטין, און זיין מאַכט דאָרט איז געווען אַזאַ געזיכערטע אַז אַראַאָז האָט נישט געוואַגט עפּעס אונ־טערנעמען קעגן סאַלטאַ.

אין אַ בריוו צו סאַן מאַרטינען האָט אַראַאָז זיך פאַרענטפערט און דערקלערט, אַז ער האָט איבערגענומען די מאַכט אין טוקומאַן נישט אַף אָפּצורייסן די פּראָווינץ, נאָר פאַרקערט, אַף צו זיכערן זי קעגן אַנאַרכיע, און דערקלערט אַז ער איז דורכוים פאַר אַ נאַציאָנאַלער אייניקייט.

## בוענאָס איירעס אין קאַמף מיט די קאַודיזשאָס

די קאַודיזשאָס ראַמירעז און לאָפּעז האָבן איינגיכן אונטערגענומען דעם געפּלאַנטן מאַרש אַף בוענאָס איירעס. זיי האָבן געהאַט אַן אַרמיי פון 5.000 מאַן, און צו דעם אַ סוב-דיוויזיע פון 400 טשילענער אָנגעפירט פון כאָסע מיגעל קאַרעראַ.

ס׳איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן, ווי אַזוי קאַרעראַ, דער ריוואַל פון אָהיגינס איז אַנטלאָפן פון טורמע פון בוענאָס איירעס. ער איז אַוועק קיין מאָנטעווידעאָ און זיך מיט דער צייט צוזאַמענגערעדט מיט אַלוועאַר און מיט די אַרטיגיסטן און זיי האָבן אים געהייסן פאָרזעצן דעם קאַמף קודם קעגן בוענאָס איירעס און דערנאָך קעגן טשילע. דער געוועזענער העכסטער דירעקטאָר אַלוועאַר האָט אים פאַרשפּראָכן צו העלפן. קאַרע־ראַ איז פון מאָנטעווידעאָ אַוועק קיין ענטרע ריאָס, האָט זיך פאַרבונדן מיט ראַמירעז; דערנאָך איז ער געפאָרן קיין סאַנטאַ פע און זיך צוזאַמענ־גערעדט מיט לאָפּעז, און אַזוי ווערט ער אויפגענומען פון ביידע קאָודי־זשאָס אַלס גוטער מיטאַרבעטער אין מאַרש אַף בוענאָס איירעס.

ראָנדאָ האָט אייליק אָרגאַניזירט אַן אַרמיי אַף צו גיין קעגן די אינ־וואַזאָרן. ער אַליין, ראָנדאָ, האָט אָנגעפירט די קאַוואַלעריע, און דער גע־נעראַל כואַן ראַמאָן באַלקאַרסע האָט אָנגעפירט די אינפאַנטעריע און קאַוואַלעריע.

דעם 1טן פעברואַר 1820 איז עס געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס באַ קאַניאַדאַ דע סעפּעדאַ, באַם טייכל דעל מעדיאָ, נעבן סאַן ניקאָלאַס. די רייַ־טער פון ראַמירעז האָבן זיך געוואָרפן מיט אימפּעט אַף דער קאַוואַלעריע פון ראָנדאָ און זי צעקלאַפּט, און באַלד אויך אונטערגענומען אַ גרויזאַמע פאַרפאָלגונג. אין דאַזיקן ווירוואַר איז ראָנדאָ פאַרשוואונדן.

גענעראַל באַלקאַרסע, זעענדיק פאַר זיך אַ ריזיקע איבערצאָל האָט באַלד זיך צוריקגעצויגן מיט זיין מיליטער קיין סאַן ניקאָלאַס און דאָרט זיך פאַרשיפט אַף וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט, בכדי צוריקצוקומען מיטן טייך פאַראַנאַ קיין בוענאָס איירעס. די רייזע איז געווען זייער אַ שווערע און האָט געדויערט דריי וואָכן.

די ידיעה וועגן דורכפאַל פון דער פאַטריאָטישער אַרמיי איז גע־קומען קיין בוענאָס איירעס דעם 3טן פעברואַר אין אָוונט. דער סער־זשאַנט מאַיאָר מיגעל פלאַנעס האָט געבראַכט די איוב־בשורה, איבער־געבנדיק עס נאָך שוואַרצער ווי ס׳איז געווען. ער האָט געזאָגט אַז אַלעס איז פאַרלוירן. ראָנדאָ איז פאַרשוואונדן, באַלקאַרסע, ראָלאָן און אַנדערע קאָראָנעלן זיינען טויט אָדער געפאַנגען. די אינפאַנטעריע און אַרטילעריע איז אין די הענט פון די „מאָנטאָנעראָס״.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן די דערשלאָגנקייט וואָס אַזאַ ידיעה האָט געשאַפן אין בוענאָס איירעס. מ׳האָט שוין גערעכנט מיט אַ זיכערן איבערפאַל פון די פינף טויזנט הונגעריקע, צעהיצטע מאָנטאָנעראָס־לייט אַף דער הויפּטשטאָט.

באַלד אָבער, אָרום האַלבער נאַכט, איז געקומען אַ באַקאַנטער יונ־גערמאַן פון סאַן ניקאָלאַס מיט אַ מעלדונג פון קאָראָנעל ווידאַל, אין וועל־

כער ס'האָט זיך געזאָגט: „היינט דעם 2טן (פעברואר) 9 אזייגער פרי האָב איך באַקומען אַ באַריכט פון גענעראַל באַלקאַרסע, דאָטירט באַ דער סטאַציע אַלמאַס. אַלעס איז געראַטעוועט אדאַנק זיין פאַרזיכטיקייט, און ער פאַרט מיט דער אַרמיי קיין בוענאָס איירעס". די ידיעה איז באַלד געגאַנגען פון הויז צו הויז און אַריינגעבראַכט פרישע האָפנונג.

אזיווי ס'האָט געפעלט דער העכסטער דירעקטאָר ראָנדאָ, האָט דער קאָבילדאָ באַשטימט אַלס צייטווייליקן מלוכה־שעף דעם ענערגישן פאַר־זיצער פון קאָבילדאָ, כואַן פּעדראָ אַגירע. ער האָט באַלד פאַררופן דעם קאָנגרעס, האָט אין מאָמענט פון דער גרויסער געפאַר מאָביליזירט אַן אַרמיי, שטעלנדיק זי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל עסטאַניסלאָאָ סאָלער, האָט דערקלערט באַלאַגערונגס־צושטאַנד אין שטאָט, און געפאָ־דערט אַ באַלדיקע רעגיסטראַציע פון אַלע לעבנסמיטלען, און אַרויסגע־לאָזט אַ פּראָקלאַמע אין וועלכער ער רופט דאָס פאָלק צו די וואָפן, צום קאַמף „קעגן די ווילדע מחנות פון די בלוטדורשטיקע קאַודיזשאָס".

די טעג פון חודש פעברואר זיינען געווען שרעקלעכע פאַר דער באַ־פעלקערונג פון בוענאָס איירעס. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּאַנישע שרעק איבער דער אומזיכערקייט פונעם מאָרגן.

## סאָלער פירט דורך אַ שטאַטסקלאַפּ

די לעצטע האָפנונג פון בוענאָס איירעס איז געלייגט געוואָרן אַף גע־נעראַל סאָלער און אַף דעם באַלדיקן צוריקקער פון באַלקאַרסע מיט זיין אַרמיי פון סעפּעדאָ. סאָלער אָבער האָט געהאַט זיינע פּערזענלעכע חשבו־נות און אַמביציעס, און ער האָט אויסגענוצט איצט די אַרמיי מיט וועל־כער ער האָט אַרויסמאַרשירט קעגן ראַמירעז — אַף אָפּצורעכענען זיך מיט ראָנדאָ, מיטן דירעקטאָריום און מיטן קאָנגרעס. גענעראַל סאָלער, וועמען בוענאָס איירעס האָט אָנפאַרטרויט די אַרמיי און די פאָן האָט דעם 10טן פעברואר (1820) פאַררופן די שעפן און אָפיצירן פון זיין שטאַב אין פוענטע דע מאַרקעז און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן אַז די קאַודיזשאָס ראַמירעז און לאָפּעז זיינען גערעכט מיט זייערע פאָדערונגען, צו מאַכן אַ סוף צום רעזשים פון דירעקטאָריום. בוענאָס איירעס מוז אויפהערן צו זיין די טאָן־געבערן פון לאַנד. יעדע פּראָווינץ דאַרף באַקומען איר אויטאָנאָמיע. דער קאָנגרעס און דירעק־טאָריום זיינען די איינציקע שטערער פאַרן שלום. ווי לאַנג וועלן זיי נאָך בלייבן באַ דער מאַכט? ווי לאַנג וועט מען נאָך דאַרפן ליידן? די פּראָ־ווינצן האָבן זיך אָפּגעריסן; וועמען־זשע רעפּרעזענטירט איצט דער קאָנ־גרעס?

סאָלער האָט געהאַט אַ שנאה צו ראָנדאַ, נאָך פון דער צייט פון דער באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ, און צו סאַן מאַרטינען זייט דעם קאַמפּיין אין טשילע, האָט ער איצט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און זיך אָפּרעכענען מיט זיי און זייער פּאַרטיי. דערצו האָט ער געפילט די שטיצע פון די סאַאוועדריסטן אין בוענאָס איירעס, מיט סאַראַטעאַ אין דער שפּיץ.

ס'איז באַ יענער פאַרזאַמלונג פון די אָפיצירן אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ווענדונג צום קאַבילדאָ אין בוענאָס איירעס, אין וועלכן ס'איז געפאָדערט געוואָרן: אַ באַלדיקע אויפלייזונג פונעם קאָנגרעס, באַלד באַזייטיקן דעם דירעקטאָריום, געבן די פּראָווינצן פולע אויטאָנאָמיע און בוענאָס איירעס זאָל אויפהערן צו זיין די הויפּטשטאָט פון לאַנד. און אַף צו באַקרעפטיקן די פאָדערונג זיינען פאַר'זאַמלט געוואָרן די מיטגלידער פונעם קאַבילדאָ פון לוכאַן, וואָס איז געווען נייַן לעגוואָס פון סאָלערס מיליטערישן לאַגער, און דער סערזשאַנט מאַנועל קאָררעאַ האָט פאַרגעלייענט פאַרן קאַבילדאָ (דעם 11טן פעברואַר) די פאָדערונג וואָס ווערט געמאַכט צום קאַבילדאָ פון בוענאָס איירעס, און אַזוי אַרום האָט מען באַקומען די אונטערשריפטן פון די קאַבילדאָ-מענער און נאָך אַ צענדליק איינוואוינער, אַז זיי זיינען איינשטימיק מיט דער פאָדערונג, און דאָס האָט באַדאַרפט הייסן אַז די פּראָווינץ שטיצט די פאָדערונג.

אַף אַזאַ אופן האָט מען דאָס געגעבן דעם טויט-קלאַפּ דער רעוואָלוציע. דער נאַציאָנאַלער איינהייט און דער אַמעריקאַנער זאַך.

דעמזעלבן טאָג (11טן פעברואַר) איז געבראַכט געוואָרן קיין בוענאָס איירעס די „פאָדערונג פון דער אַרמיי, אינעם אינטערעס פון אַלגעמיינעם וואויל" נאָכצוקומען די פאָדערונגען.

גענעראַל ראָנדאַ, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פונעם קאַמפּפלאַץ פון סעפּעדאַ, האָט זיך דערקלערט גרייט אָנצונעמען די פאָדערונג. דער קאָנגרעס און דער קאַבילדאָ האָבן אויך נישט געהאַט קיין ברירה און נאָכגעקומען די פאָדערונגען, און ס'איז אין זעלבן טאָג דעגראַדירט געוואָרן בוענאָס איירעס. זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַ הויפּטשטאָט און טאָן-געבערן פון לאַנד, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין דער הויפּטשטאָט פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און די מוניציפּאַליטעט האָט באַקומען דעם טיטל „קאַבילדאָ גאָבערנאַדאָר".

אין באַצוג צו דער אונטערפּראָווינציעלער פּאָליטיק האָט דער קאַבילדאָ צעשיקט אַ צירקולאַר צו די קאַבילדאָס פון די פּראָווינצן, אין וועלכן ס'איז דערקלערט געוואָרן אַז די פּראָווינצן געפינען זיך אין דער לאַגע צו טון אַלעס וואָס זיי פאַרשטייען אַלס נוצלעך פאַר זייערע אינטערעסן און פאַרן אינערלעכן רעזשים.

אַז די דעקלאַראַציע האָט באַדייט די נאַציאָנאַלע אויפלייזונג פונעם לאַנד, און שטעלן בוענאָס איירעס אין זעלבן שטאַנד ווי די שטאָט פון װעלכער ס׳איז פּראָווינץ, פאַרלירנדיק דעם ראַנג פון הויפּטשטאָט.

דעם 12טן פעברואַר האָט סאַלער באַקומען דעם ענטפער פון בוענאָס איירעס, אַז אַלע זיינע פאָדערונגען זיינען אָנגענומען און אַז ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס שעף קאָמאַנדאַנט איבער די באַוואָפנטע כוחות פון דער פּראָווינץ. סאַלער האָט וועגן דעם געמאָלדן ראַמירעזן, וועמענס פריינטשאַפט ער האָט געזוכט.

## סאַראַטעאַ שליסט שלום מיט ראַמירעזן

דער קאָנגרעס האָט זיך דערקלערט אַלס אויפגעלייזט, האָט איבערגעגעבן דעם אַרכיוו צום קאַבילדאָ פון בוענאָס איירעס און דער לעצטער האָט פאַררופן וואַלן פון אַ גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. ס׳זיינען זיך צוזאַמענגעקומען 230 עלעקטאָרן, וועלכע האָבן אויסגעקליבן צוועלף דעפּוטאַטן צו דער פּראָווינציעלער לעגיסלאַטור, און די לעגיסלאַטור ווידער האָט אויסגעקליבן מאַנועל סאַראַטעאַ אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. די ערשטע לעגיסלאַטור (געזעצגעבערישע קאַמער) פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז באַשטאַנען פון געוועזענע מיטגלידער פונעם קאָנגרעס, צווישן זיי די באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן כואַן פּעדראָ אַגירריע, כואַן כאָסע פּאַסאָ, אַנטאָניאָ כאָסע דע עסקאַלאַדאַ, וויסענטע לאָפּעז, סעבאַסטיאַן לעסיקאַ און אַנדערע.

די פּראָקלאַמע וועגן פולער זעלבסטשטענדיקייט די פּראָווינצן האָט שוין געמאַכט אומנוצלעך דעם ווייטערדיקן קאַמף.

דעם 17טן פעברואַר האָט די לעגיסלאַטור אויסגעקליבן מאַנועל דע סאַראַטעאַ אַלס גובערנאַטאָר, און אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער אָפּגעפאָרן צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיט די קאַודיזשאָס. די פאַרהאַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרן אין פּילאַר, נישט ווייט פון בוענאָס איירעס. ראַמירעז איז געווען דאָרט דער טאָן-געבער און ער האָט געפאָדערט די אויפלייזונג פונעם קאָנגרעס, אַראָפּזעצן דעם העכסטן דירעקטאָר, שטעלן צו אַ משפּט די מיטגלידער פון קאָנגרעס איבער זייערע פאַרהאַנדלונגען מיט די פּאָרטוגעזער און צושטעלן די קאַודיזשאָס וואָפן, געלט און שיפן, צום קאַמף קעגן די פּאָרטוגעזער. סאַראַטעאַ איז געווען נאָכגעביק אין אַלעם און דעם 23טן פעברואַר איז דער אָפּמאַך געשלאָסן געוואָרן, און איז באַקאַנט אַלס אָפּמאַך פון פּילאַר. סאַראַטעאַ האָט געוואָלט וואָס גיכער זען דעם אָפּמאַך אונטערצייכנט, ווייל ער האָט געוואָלט בלייבן בא דער מאַכט, און האָט מורא געהאַט, אַז באַלד קאָן זיך אומקערן באַלקאַר־

סע מיט זיין אַרמיי און צונישט מאַכן אַלעס, ווי ס׳איז טאַקע געווען שפּעטער.

לויטן אָפּמאַך פון פּילאַר האָט סאַראַטעאַ זיך פאַרפּליכטעט אויסצו־ליפערן (און ס׳איז שפּעטער טאַקע געגעבן געוואָרן) ראַמירעזן: 1) די נײַן באַוואָפנטע שיפן וואָס האָבן זיך געפונען אַפן פּאַראַנאַ, צו קאָנען אָפּעּ־רירן קעגן די פּאָרטוגעזער; 2) אַ באַטאַליאָן יעגער וואָס איז געבליבן אין סאַן ניקאָלאַס; 3) צוויי טויזנט ביקסן, טערסעראָלן און שווערדן; 4) אַ פערטל מיליאָן פּעזעס מזומן.

אַזויווי אינעם קאַמפּיין האָט זיך באַטייליקט אויך דער טשילענער קאָודיזשאָ כאָסע מיגעל קאַררעראַ, האָט ער געשריבן צו זיין שוועסטער: „איצט איז זי מיינע. איך וועל נקמה נעמען פאַר מיר און פאַר דיר״, גלייך בוענאָס איירעס וואָלט שולדיק געווען אין דעם וואָס אַהיגינס און נישט ער איז מלוכה־שעף אין טשילע, אָדער וואָלט שולדיק געווען אינעם טויט פון זיינע צוויי ברידער וועלכע זיינען אויפגעהאָנגען געוואָרן אין מענדאָזאַ. איצט אונטערן שוץ פון ראַמירעז, האָט קאַררעראַ געפּועלט בײַ סאַראַטעאַ צו קאָנען פריי ווערבירן מיליטער און אַפילו אַרויסנעמען די טשילענער פון די אַרגענטינער רייען און זיי אַנשליסן אין זיינע מחנות.

נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך אין פּילאַר האָט סאַראַטעאַ זיך אומגעּ־קערט קיין בוענאָס איירעס אין באַגלייטונג פון ראַמירעז, לאָפּעז און קאַ־רעראַ מיט אַ גרויסן שטאַב. אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָ האָט זיך באַוויזן אַ ריזיקער עולם פון די מאָנטאָנעראָס און מען האָט זיי מכבד געווען מיט געמוראַנק, פייערנדיק דעם שלום.

מען מוז צוגעבן אַז פון די באַזעס פונעם דאָזיקן אָפּמאַך איז צו זען אַז ראַמירעז האָט נישט געזוכט די נאַציאָנאַלע אויפלייזונג, נאָר פאַר־קערט, האָט זיך פאַרפּליכטעט איינצולאַדן די פּראָווינצן צוזאַמענצוקומען זיך צו אַ קאָנגרעס אַף צו בילדן אַ **נאַציאָנאַלע איינִיקייט**, נאָר אַף פעדע־ראַלע יסודות.

## באַלקאַרסע גובערנאַטאָר

אין זעלבן טאָג נאָכמיטיק (דעם 1טן מערץ 1820), ווען דער פּראָווינ־ציעלער עולם האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער פייערונג פונעם שלום־אָפּ־מאַך, האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה אין בוענאָס איירעס, אַז באַלקאַרסע מיט זיין אַרמיי האָט זיך אויסגעשיפט אין אָליוואָס.

באַלקאַרסע האָט געלאַנדעט אין אָליוואָס און באַלד האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל בוענאָס איירעסער יוגנטלעכע און פּאָליטיקער, און אים איבערגעגעבן וועגן דעם שענדלעכן שלום־אָפּמאַך וואָס סאַראַ־

טעס האָט געשלאָסן מיט ראַמירעזן, און אַז מען דאַרף אויסליפערן דעם קאַודיזשאָ די שיפן, וואָפן און געלט. דעם אַנדערן טאָג איז באַלקאַרסע מיט זיין מיליטער געקומען קיין בוענאָס איירעס און זיך איינקוואַרטירט אין גאַרניזאָן פון רעטיראָ. ראַמירעז און לאַפּעז זיינען תיכף אַוועק פון בוענאָס איירעס, צוריק אין זייערע לאַגערס.

סאַראַטעאַ האָט געשיקט אַ קאָמיסיע צו באַגריסן גענעראַל באַלקאַר־סע און אים איינצולאַדן צו אַ שמועס מיט אים אין קאַבילדאָ. אין ערשטן מאָמענט איז דער שמועס געווען אַ פריינטלעכער אָבער מיט דער צייט האָט זיך געענדערט דער טאָן בא ביידע און ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז סאַראַטעאַ האָט פאַרשטאַנען אַז ער וועט נישט אויסקומען מיט באַל־קאַרסען, און ער איז אַוועק פון בוענאָס איירעס און אַנטלאָפן אין לאַגער פון די קאַודיזשאָס. באַלקאַרסע איז באַלד נאָך דעם פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר.

דאָס האָט אָבער נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. עס האָט זיך מיט אַמאָל ווידער באַוויזן דער עקס דירעקטאָר אַלוועאַר, וועלכע האָט געהאַט אַן אַלטן חשבון מיט בוענאָס איירעס. ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן טשילענער קאַודיזשאָ כאָסע מיגעל קאַרעראַ און אַנדערע מיליטערישע גרופּעס און אונטערגענומען אַ מאַרש אַף בוענאָס איירעס, האָפנדיק צו־ריקצוקומען צו דער מאַכט. ער איז אָבער באַגעגנט געוואָרן פון פיינט־לעכע מאַניפעסטאַציעס מצד דער באַפעלקערונג, און ער האָט זיך צו־ריקגעצויגן. דעמאָלט איז אונטערגעקומען ראַמירעז מיט סאַראַטעאַ אין אַ נייעם מאַרש אַף בוענאָס איירעס. באַלקאַרסע האָט זיך דאַריבער גע־זען געצוואונגען אָפּצוציען (דעם 8טן מערץ) און אַפן אַנדערן טאָג איז גע־קומען סאַראַטעאַ און ווידער איבערגענומען די מלוכה.

דאָסמאָל האָט סאַראַטעאַ פאַרזיכערט ראַמירעזן נאָכצוקומען זיין וואונטש און אונטערנעמען אַ פּראָצעס קעגן די געוועזענע מיטגלידער פונעם קאָנגרעס, אונטער דער באַשולדיקונג פון האָבן באַוויליקט דעם אַריינמאַרש פון די פּאָרטוגעזער קיין באַנדאַ אָריענטאַל, צו באַקעמפן אַרטיגאַסן. סאַראַטעאַ האָט אויך שפּעטער צוגעגרייט אַזאַ פּראָצעס, נאָך עס האָט זיך מיטאַמאָל געענדערט די פּאָליטישע לאַגע, און דער פּראָצעס איז דורכגעפאַלן.

## ראַמירעז קעגן אַרטיגאַס

דער ספּעציעלער טריבונאַל וואָס סאַראַטעאַ האָט צוזאַמענגעשטעלט האָט פאַראָרדנט דעם אַרעסט פון די באַשולדיקטע, און דורך געפעלשטע דאָקומענטן געפּרואווט דערווייזן אַז די פּראָצעסירטע זיינען באַגאַנגען הויכפאַרראַט, האָבן אַריינגעלאָזט די פּאָרטוגעזער און געוואָלט איינשטע־

לן די מאָנאַרכיע. מיטאַמאָל אָבער איז ראַמירעז געוואָר געוואָרן אַז אַר־טיגאַס האָט זיך דערקלערט קעגן אָפּמאַך פון פּילאַר, האָט באַשולדיקט ראַמירעזן און הויכפאַרראַט און האָט דערקלערט אים קריג. אַרטיגאַס איז אויך אַריין מיט זיין אַרמיי קיין ענטרע ריאָס. דאָס האָט געצוואונגען ראַ־מירעזן שנעל אָפּצוציען און אַרויסטרעטן אין קאַמף קעגן אַרטיגאַס, זיין אַמאָליקער שעף.

גענעראַל אַרטיגאַס איזווירקלעך אַריין קיין ענטרע ריאָס און גע־האַט אַ קאַמף מיט ראַמירעזעס מיליטער־טיילן אָנגעפירט פון לאָפּעז כאַר־דאָן און הערעניו. ער האָט פאַרנומען דעם גאַנצן נאָרדן פון דער פּראָ־ווינץ, פון גואַלעגוואַי ביז מאָקאָרעטאַ, און זיך געלאָזט אין וויטערדיקן מאַרש אין דער ריכטונג צו באַכאַדאַ (פּאַראַנאַ), די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ, און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. לאָפּעז האָט זיך צוריקגעצויגן קיין קאָראַנדאַ און דאָרט געוואַרט אָפן קומען פון ראַמירעז מיט זיין אַרמיי.

נאָך דעם ווי ראַמירעז איז אַוועק קיין ענטרע ריאָס איז סאַראַטעאַס מאַכט שוין געבליבן אומבאַשיצט. אומצופרידן מיט זיינע פּראָצעסן און מיט זיין גאַנצער הערשאַפט האָט זיך אויפגעהויבן אַ בונט קעגן אים, געשטיצט פון גענעראַל סאָלער און דער ערשטער גובערנאַטאָר פון פּראָ־ווינץ בוענאָס איירעס האָט געמוזט אַוועק.

## סאָלער ווערט גובערנאַטאָר

דעם 27טן אַפּריל זיינען דורכגעפירט געוואָרן וואַלן, אויסקלויבנדיק אַ נייע לעגיסלאַטור, אין באַשטאַנד פון 12 דעפּוטאַטן פון בוענאָס איירעס און 12 פון אינערן פון דער פּראָווינץ. צווישן זיי זיינען געווען מערערע מיטגלידער פון דער קאָנגרעס־פּאַרטיי און זיי האָבן געפאָדערט די די־מיסיע פון סאַראַטעאַ און ער האָט זיך אונטערוואָרפן דער פאָדערונג. אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן דער אַלקאַלדע פון קאַבילדאָ, אילדע־פאָנסאָ ראַמאָס מעכיאַ.

גענעראַל סאָלער האָט זיך דערפון געטראָפן שטאַרק באַטראָפן, ווייל ער האָט געהאָפט אַז נאָכן וואַרפן סאַראַטעאַן וועט מען אים מאַכן אַלס גובערנאַטאָר. אַזוי־ווי אָבער דאָס איז נישט געשען, האָט ער דעם 16טן יוני פאַררופן דעם קאַבילדאָ פון לוכאַן און זיך געלאָזט פּראָקלאַמירן אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן פון דער פּראָווינץ, און אַלס אַזעל־כער האָט ער אונטערגענומען אַ מאַרש אויף בוענאָס איירעס. דאָ האָט ער צוגעשיקט צו ראַמאָס מעכיאַ די מעלדונג אַז ער איז פּראָקלאַמירט אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ, און דער ערלעכער גובערנאַטאָר ראַמאָס מע־כיאַ האָט אין זעלבן טאָג (20טן יוני 1820) צוגעשטעלט דער לעגיסלאַטור

די דימיסיע. די לעגיסלאַטור האָט דאַרויף געענטפערט אַז ער זאָל איבער־
געבן די מאַכט דעם קאַבילדאָ, און דער קאַבילדאָ האָט איבערגענומען די
גובערנאַטאָר־מאַכט און אין זעלבן טאָג זי איבערגעגעבן דעם גענעראַל
סאָלער.

ס'איז אַזוי אַרום אויסגעקומען אַז אין איין איינציקן טאָג זיינען גע־
ווען דריי גובערנאַטאָרס אין בוענאָס איירעס: ראַמאָס מעכיאַ, דער קאַ־
בילדאָ און גענעראַל סאָלער. אין זעלבן טאָג איז אויך אויסגעלאָשן גע־
וואָרן דאָס לעבן פון גענעראַל בעלגראַנאָ.

אין דער צייט פון אָט די געשעענישן האָט דער טשילענער קאָודי־
זשאָ כאָסע מיגעל קאַרעראַ זיך געווענדעט צום סאַנטאַ פעער קאָודיזשאָ
לאָפעז, אַז ער זאָל אונטערנעמען אַ נייעם מאַרש אַף בוענאָס איירעס
און העלפן אַרויפזעצן גענעראַל אַלוועאַר אינעם מלוכה־אַמט אַלס גו־
בערנאַטאָר.

## בעלגראַנאָ שטאַרבט

נאָך דעם ווי ער איז אַזוי טיף באַליידיקט און געפּייניקט געוואָרן
דורך די אויפשטענדישע מיליטאַרן אין טוקומאַן, האָט בעלגראַנאָ זיך גע־
ווענדעט צום גובערנאַטאָר אַראַאָז מיט דער ביטע צו העלפן אים מאַטע־
ריעל, אַף צו קאָנען פאָרן קיין בוענאָס איירעס, אָבער די ביטע — ווי
ס'איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן — איז אים אָפּגעזאָגט געוואָרן. זיי־
נער אַ פריינט כאָסע סעלעדאָניאָ באַלבין האָט אים אָבער אָנגעבאָטן די
נויטיקע סומע פון 2.000 פעזעס זילבער, און ער האָט עס אָנגענומען מיטן
פאַרשפּרעכן אומצוקערן.

די רייזע איז אונטערגענומען געוואָרן אין די ערשטע טעג פון פע־
ברואַר. בעלגראַנאָ איז באַגלייט געוואָרן פון זיין מעדיקער דר. יאָזעף
רעדהיד, זיין גייסטלעכן פ. וויליעגאַס און זיינע געטרייע פעלד־אַדיו־
טאַנטן כעראָנימאָ עלגעראַ און עמיליאָ סאַלוויני. זיי זיינען געפאָרן אין אַ
דיליזשאַנס. די פיס בעלגראַנאָס זיינען געווען אַזוי געשוואָלן, אַז ער האָט
זיי נישט געקאָנט רירן, און ווען מ'איז צוגעקומען צו אַ וועג־סטאַנציע
(פּאָסטאַ) און זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען דעם קראַנקן געמוזט טראָגן
אַף די הענט, באַם איבערנעמען אים פונעם וואָגן, אַף צו לייגן אים אָפּ־
רוען אַף אַ בעטל. אַפן גאַנצן וועג האָט ער נישט געפונען קיין סימפּאַטיע
און פריינטלעכקייט. קומענדיק אַף דער טעריטאָריע פון פּראָווינץ קאָר־
דאָבאַ האָט זיך די גרופּע אָפּגעשטעלט פאַרנאַכט אין אַ הויז, און בעל־
גראַנאָ האָט געבעטן זיין אַדיוטאַנט עלגעראַ ער זאָל רופן דעם שעף פון
דער וועג־סטאַנציע, און יענער האָט געענטפערט סאַרקאַסטיש און קאָר־

דיזשאַמעסיק: „זאָגט דעם גענעראַל בעלגראַנאָ, אַז אויב ער וויל מיט מיר רעדן זאָל ער קומען צו מיר, ווייל די דיסטאַנץ איז דיזעלבע".

דורכפאָרנדיק די שטאָט קאָרדאָבאַ וואו ס'האָט געהערשט בעלגראַנאָס אַמאָליקער אָפיציר בוסטאָס, וועמען דער העלד פון טוקומאַן האָט געטון גרויסע טובות, האָט בעלגראַנאָ זיך געווענדט צום צייטווייליקן גובערנאַטאָר כּאָסע דיאַז, בעטנדיק צו העלפן אים מאַטעריעל צו קאָנען פאָרזעצן די רייזע קיין בוענאָס איירעס. דיאַז אָבער האָט אָפּגעזאָגט די ביטע, פּונקט ווי דער טוקומאַנער גובערנאַטאָר האָט עס געטון. דער סוחר קאַרלאָס דע סיגנאַ האָט זיך דאַן אָנגעבאָטן מיט הילף און צוגעשיקט בעלגראַנאָן 418 פּעזעס.

אין חודש מערץ איז בעלגראַנאָ געקומען ענדלעך אין זיין געבורטס־שטאָט, בוענאָס איירעס, און געטראָפן דאָ אַ שרעקלעכע אַנאַרכיע. זיין געזונטצושטאַנד איז געווען שוין פולשטענדיק געבראָכן און ער איז גאָר אינגיכן כמעט אינגאַנצן פּאַראַליזירט געוואָרן אַף די פיס. זיינע ברידער און געציילטע פריינט האָבן זיך שטענדיק געפונען אַרום אים. דער גובערנאַטאָר ראַמאָס מעכיאַ האָט אים צוגעשיקט אָפּט דורך זיין עדעקאַן געלט, צו האָבן אַף קוראַציע. ער האָט אים געשיקט כמעט אַ טאָג איבער אַ טאָג 300 פּעזעס, און דערביי זיך אַנטשולדיקט אַז ער קאָן נישט געבן מער, ווייל די רעגירונגסקאַסע איז אָרעם. אין איינעם אַ טאָג האָט זיינער אַ פריינט, מאַנועל אַנטאָניאָ קאַסטראָ, אים געטראָפן זייער בלאַס און מיט כמעט אויסגעלאָשענע אויגן. בעלגראַנאָ האָט אים דעמאָלט אַ טרויעריקער געזאָגט: „כ'האָב איצט געדענקט אין דער אייביקייט, וואוהין איך גיי, און אין ליבן לאַנד וואָס איך פאַרלאָז".

קורץ פאַרן טויט האָט ער נאָך געהאַט די פרייד צו זען זיינעם אַן ערלעכן אָפיציר, קאָראָנעל לאַ מאַדריד, וועלכער האָט זיך אויפגעפירט מוסטערהאַפט בשעתן אויפשטאַנד, אין אַרעקיטאַ. ער האָט אים מיט טרערנפולע אויגן געדאַנקט וואָס ער איז געקומען אים זען. ער האָט מיט אים גערעדט אַ לענגערע צייט, דערמאָנענדיק זכרונות פון קאַמף און זיג. אַ חודש פאַרן שטאַרבן איז געקומען אויך אים זען זיין פריינט באַלבין, וועלכער האָט אים אין טוקומאַן געליען 2.000 פּעזעס, און ער האָט זיך פאַר אים אויסגעדריקט: „איך שטאַרב אין אַזאַ אָרעמקייט, אַז איך האָב נישט מיט וואָס צו באַצאָלן אייך דעם חוב, אָבער איר וועט עס נישט פאַרלירן. די רעגירונג איז מיר שולדיק אַ פאַר טויזנט פּעזעס לוין, און ווען דאָס לאַנד וועט זיך באַרואיקן, וועט איר דאָס געלט באַקומען".

דעם 25טן מאַי (25 טעג פאַרן שטאַרבן) האָט ער דיקטירט זיין צוואה, און דאָרט „איבערגעגעבן די נשמה צו גאָט און דעם קערפּער דער ערד". אַזוויוי ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער, האָט ער איבערגעלאָזט אַלס

באַפּולמעכטיקטן זיין ברודער, דער גייסטלעכער דאָמינגאָ עסטאַניסלאָאָ בעלגראַנאָ, אַז ער זאָל דערליידיקן די חובות און זאָל נעמען אונטער זיין שוץ און איבערגעבן דעם רעשט פון די הכנסות זיינער אַן אומגעזעצלעכער טאָכטער מיטן נאָמען מאַנועלאַ מאָניקאַ, וועלכע ער האָט געלאָזט אין טוקומאַן אין עלטער פון אַנדערהאַלבן יאָר. דעם דאָקטער זיינעם האָט ער געגעבן אַלס באַלוינונג זיין גאָלדענעם זייגער.

דעם 20טן יוני 1820, זיבן אַזייגער פרי, איז בעלגראַנאָ געשטאָרבן אין עלטער פון פופציק יאָר מיט 17 טעג. אין זעלבן טאָג האָט געהערשט אין בוענאָס איירעס אַזאַ אַנאַרכיע, אַז ס'זיינען, ווי ס'האָט זיך פריער שוין געזאָגט, געווען דריי גובערנאַטאָרס איינער נאָכן אַנדערן.

דער פּאָליטישער מאָמענט אין בוענאָס איירעס איז געווען אַזאַ געשפּאַנטער, אַז דער טויט פון איינעם פון די בעסטע זין פון לאַנד איז דורך איינגאַנצן אומבאַמערקט. אַפן צווייטן טאָג נאָך זיין שטאַרבן האָט בלויז איינע פון די צייטונגען וואָס זיינען דערשינען אין בוענאָס איירעס געבראַכט די קורצע מעלדונג: „נעכטן איז דאָ אין שטאָט געשטאָרבן בעלגראַנאָ". דאָס אַלעס.

## באַערונגס-אַקטן דער פאַרשטאָרבענעם פּאַטריאָט

דער טאָג אין וועלכן בעלגראַנאָ איז געשטאָרבן איז געווען אַזאַ טומלדיקער אין בוענאָס איירעס, אַזוי געשפּאַנט דורך די פּאָליטישע געשעענישן אַז בעלגראַנאָס טויט און לויה זיינען פאַרביי אומבאַמערקט. קוים האָט זיך אָבער די לאַגע אַביסל באַרואיקט האָט בוענאָס איירעס אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד דעם אַנדענק פון איינעם פון אירע ערלעכע קעמפער.

דעם 29טן יולי 1821, דאָס הייסט אַ יאָר מיט זעקס וואָכן נאָך זיין טויט, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ טרויער-טאָג אין בוענאָס איירעס, אין וועלכן דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך באַטייליקט.

גאַנץ פרי, עס האָט קוים אָנגעהויבן בלויען אין דרויסן האָט די פעסטונג געגעבן אַלס ערשטן צייכן אַ קאַנאָנען-זאַלפּ, און דאָס איז ווידערהאָלט געוואָרן מיט איבעררייסן, יעדעם פערטל שעה, ביז זונענאונטערגאַנג. דעם גאַנצן טאָג זיינען געווען געשלאָסן אַלע טירן. ס'איז געווען אָפּגעשטעלט יעדער האַנדל און אַרבעט און יעדע פאַרווײלונג. שפּעטער, האַלב עלף אַזייגער האָט אַרויסמאַרשירט דאָס מיליטער פון גאַרניזאָן אין אַ טרויער־דעפילירע, די וואָפן און פאָנען מיט טרויער־אָפּצייכנס, און זיך אויסגעשטעלט אַף דער פּלאַסאַ, און אין יענער צייט האָט מען צוזאַמענגעבראַכט אין דער קאַטעדראַלע די פאָנען און צלמים פון אַלע קירכעס פון שטאָט און ס'איז אָפּגעריכט געוואָרן אַ ספּעציעלער גאָטעסדינסט.

ס'זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַהער אַלע רעגירונגס־מענער, פּאָליטיקער, מיליטער־שעפן, די דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער פון טשילע, נאָרד־אַמעריקע און פּאָרטוגאַל, און די בוענאָס איירעסער באַפעלקערונג פון אַלע עקן שטאָט. די טרויער־רעדע האָט געהאַלטן דער דר. כאַסע וואַלענטין גאָמעז, און זיין רעדע איז געווען — זאָגט מיטרע — איינע פון די גלענצנדסטע וואָס איז ווען געהערט געוואָרן פונדער בימע פון ארגענטינער קירכן. עס האָט אויך גערעדט וועגן בעלגראַנאָס גרויסקייט אַלס בירגער און קעמפער דער גייסטלעכער פּראַי קאַיעטאַנאָ ראָדריגעז, פאַרגלייכנדיק זיין שם צו אַ פּערפום וואָס שפּרייט זיך אויס און פילט אָן מיט אַן אנגענעמען ריח דעם רוים אַף אַ לאַנגער צייט. די טוגנט פון בעלגראַנאָ באַצייכנט דאָס לעבן פון די העלדן און בלייבט אַלס ירושה פאַר די קומענדיקע דורות.

די אַרגענטינער דיכטערס וויסענטע לאַפּעז, לאַפּינור, לוקאַ און אַנדערע האָבן פאַרעווייגנט דיכטונגען, וועלכע זיינען געבליבן אַלס גלענצנדיקע בלעטער אין דער ארגענטינער ליטעראַטור.

נאָכמיטיק זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע נאָענטע חברים פון פאַרשטאָרבענעם און אָפן אַלטן רוימישן און גריכישן שטייגער געפּייערט אַ טרויער־באַנקעט. דער סאַלאָן וואו דער אַקט איז פאָרגעקומען איז געווען דעקאָרירט מיט פאָנען, און בעלגראַנאָס בילד אַרומגענומען מיט אַ לאָרבער קראַנץ. ווען דער עולם איז זיך צוזאַמענגעקומען איז דער אַקט דערעפנט געוואָרן מיט אַ טרויער־מאַרש און מיט אַ הימן וואָס איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן און אַלע האָבן מיטגעזונגען רופנדיק דעם פאַרשטאָרבענעם העלד, בעטנדיק אים זיך צו מיען פאַרן שוץ פונעם פאָטערלאַנד. אַלע האָבן געזונגען אין כאָר:

Llega, oh grande Belgrano,
Llega, oh sombra sublime.
Del luto nos redime
Del llanto y del dolor.

„אַ, קום גרויסער בעלגראַנאָ,
„אַ, קום געטלעכע געשטאַלט;
„דערלייז אונז פון טרויער,
„פון צער און געוויין."

בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, וועלכער האָט פאַרנומען דעמאָלט די אַמטן פון אינערן און אויסערן מיניסטער אין דער רעגירונג פון פּראָווינץ

בוענאָס איירעס, האָט געהאַלטן דאָ די טרויער־רעדע, און נאָך דעם ווי ער האָט אַ גאַס געטון דעם ערשטן בעכער וויין אָף דעם קראַנץ וואָס האָט אַרומגענומען דאָס בילד פון בעלגראַנאָ האָט ער איינגעלאַדן די אַנוועזנדע צו אָרגאַניזירן אַ פאָלקס־זאַמלונג אָף צו גרינדן אַ שטאָט אָפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם. בעלגראַנאָס אַלטער פריינט און וואָפן־חבר אין קאַמפיין פון פאַראַגוויי, דער ליבעראַלער שפּאַניער כאָסע מילאַ דע לאַ ראָקאַ, וועלכער איז אויך בייגעווען דעם באַנקעט איז אַזוי גערירט געוואָרן פון די רעדעס אַז ער האָט זיך ביטער צעוויינט און דערנאָך געפאַלן אין אָנמאַכט, אין די הענט פון די אַרומיקע.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז בײַ אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין טעאַטער געשפּילט געוואָרן דורכן אָרקעסטער דער הימן פונעם טרויער־באַנקעט און באַלד דערנאָך איז אַנטהילט געוואָרן אַ בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דעם שאָטן פון בעלגראַנאָ און זיין קאָפּ איז געקרוינט געוואָרן דורך די געטער פון דער אַלטער וועלט, פאַרייניקנדיק אַזוי אַרום די אַלטע און נייע צייטן.

און איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, דעם 24טן סעפּטעמבער 1837, אינעם 68טן אַניווערסאַר פון דער שלאַכט פון טוקומאַן האָט די אַרגענטינער רעפּובליק, אַ פרייע און קאָנסטיטוציאָנעלע אַנטהילט אַ מאָנומענט פון גענעראַל בעלגראַנאָ אָף דער פּלאַסאַ מאַזשאָ, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורכן געלט פון אַ פאָלקס־זאַמלונג. די פּלאַסאַ מאַזשאָ איז געווען פול געפּאַקט, און ווען דער מאָנומענט איז אַנטהילט געוואָרן האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיקער וויוואַ! עס האָבן בײַ יענער געלעגנהייט געהאַלטן רעדעס דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק סאַרמיענטאָ, דער עקס פּרעזידענט, פּאָליטיקער און היסטאָריקער באַרטאָלאָמע מיטרע און אַנדערע פּערזענלעכקייטן. מיטרע האָט צווישן אַנדערס זיך אויסגעדריקט, אַז מען קאָן וועגן בעלגראַנאָ זאָגן ווי וועגן האַמפּדען: „ער איז געווען גרויס, כאָטש ער האָט נישט פּרעטענדירט דאַרויף, און האָט געפונען רום כאָטשע ער האָט עס נישט געזוכט אָפן וועג פון זיין פליכט”.

בעלגראַנאָס אָנדענק איז געבליבן ביז היינט און בלייבט אייביק. עס ווערט דערמאָנט שטענדיק מיט ליבע און כבוד דער אָנדענק פונעם גרויסן פּראָסער וואָס האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן דער זאַך פון דער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט פונעם לאַנד. און ווען מיר זעען פלאַטערן די הימלבלוי־ווייסע פאָן, דעם סימבאָל פון דער אַרגענטינער נאַציע, דערמאָנען מיר זיך שטענדיק מיט דאַנקבאַרקייט אינעם שעפער פון דער פאָן מאַנועל בעלגראַנאָ. ער בלייבט אַן אייביקער ביישפּיל פון קרבנות־גרייטקייט פאַר זיין לאַנד און פאָלק.

אָפן נאָמען פון בעלגראַנאָ זיינען פאַראַן אַ סך גאַסן, פּלעצער און

קוואַרטאַלן. יאָר יערלעך פייערט דאָס לאַנד דעם יאָרצייט פון בעלגראַנאָ, דעם 20טן יוני, און עס ווערט אַרויפגעצויגן די הימלבלוי־ווייסע פאָן אויפן מאַסט באַם מאָנומענט פון בעלגראַנאָ אויף פּלאַסאַ מאַזשאָ.

## נייע אַקציעס פון די קאַודיזשאָס

דעם 23טן יוני (1820) האָט סאָלער אָפּגעגעבן די שבועה, אינעם הויפּטזאַל פון קאַבילדאָ, און ס׳איז געווען צו האָפן, אַז איצט, נאָך דעם ווי די קאַודיזשאָס האָבן אָפּגעהאַלטן דעם זיג איבער בוענאָס איירעס, וועט דאָס לאַנד זיך אָנהויבן באַרויִקן. ס׳איז אָבער נישט געווען אַזוי. ראַמירעז און לאָפּעז האָבן פאַרשטאַנען אַז סאָלער וועט נישט אויספירן דעם אָפּמאַך פון פּילאַר, אויסערדעם האָבן דער עקס דירעקטאָר אַלוועאַר און דער טשילענער קאַודיזשאָ כאָסע מיגעל קאַררעראַ געהעצט לאָפּעזן צו אַ נייעם קאַמפּיין, און סיי אַלוועאַר און סיי קאַררעראַ האָבן געזאַמלט מיליטער מיטצוהעלפן אין דער נייער אַקציע קעגן בוענאָס איירעס. דעם 24טן יוני האָט ראַמירעז אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג איבער אַרטי־גאַסן אין געגנט פון באַכאַדאַ, און אַרטיגאַס איז אַנטלאָפן און אַוועק קיין פּאַראַגוויי, און ראַמירעז איז געבליבן ווייטער פריי צו גיין אויף בוענאָס איירעס.

לאָפּעז האָט זיך געלאָזט לייכט איבעררעדן פון אַלוועאַר און קאַ־רעראַ און אונטערגענומען אַ מאַרש אויף בוענאָס איירעס. סאָלער האָט דאַן געמוזט אונטערנעמען אַ קעגן־אַקציע. ער האָט איבערגעגעבן די מאַכט דעם קאָראָנעל מאַנועל דאָררעגאָ, וועלכער איז געהאַט דורך פריערדיקן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד צוזאַמען מיט פרענטש, אַגרעלאָ, מאַנועל מאָרענאָ און די קאָראָנעלן פּאַגאָלאַ און וואַלדענעגראָ, און וועלכע האָבן זיך אומגעקערט נאָכן פאַלן פונעם דירעקטאָריום.

סאָלער, צוזאַמען מיט קאָראָנעל פּאַגאָלאַ, איז אַרויס מיט אַן אַרמיי קעגן לאָפּעז, קאַררעראַ און אַלוועאַר, און אין ערשטן צוזאַמענשטויס וואָס איז פאָרגעקומען אין געגנט פון קאַניאַדאַ דעל קרוז האָבן די פעדעראַלן אָפּגעהאַלטן אַ זיג. דאָס צעשלאָגענע מיליטער פון סאָלער איז זיך צע־לאָפן און מער נישט געוואָלט דינען זייער קאָמאַנדאַנט. סאָלער איז אַוועק צום ברעג פון אַליוואָס און דאָרט זיך פאַרשיפט און אַוועק קיין קאָלאָ־ניאַ (אורוגווייער ברעג), און אַזוי האָט זיך געענדיקט בליצשנעל זיין מאַכט אַלס גובערנאַטאָר, צו די 72 שעה זייט ער האָט איבערגענומען די מאַכט.

אַלוועאַר האָט דעמאָלט, ווי פריער סאָלער, זיך געלאָזט אין לוכאַנער קאַבילדאָ פּראָקלאַמירן אַלס נייער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און האָט זיך געוואָלט לאָזן פאַרכאַפּן די שטאָט, אָבער דאָררעגאָ

האָט צוגעגרייט אַ ווידערשטאַנד. לאַפּעז ווידער, נישט וועלנדיק אנערקע־נען דאָררעגאָן אַלס צייטווייליקן גובערנאַטאָר, האָט געשיקט שליחים קיין בוענאָס איירעס, צו פאַרהאַנדלען מיטן קאַבילדאָ. אין יענעם מאָמענט איז געקומען פונעם קאַמפּס־פּלאַץ פון קאַניאַדאַ דע לאַ קרוז דער קאָראָנעל פּאַגאָלאַ מיט זיין מיליטער. ער האָט אַראָפּגעזעצט דעם קאַבילדאָ און פאַרנומען די פעסטונג. דעמאָלט האָט דאָררעגאָ גערופן צו הילף די מיליץ פון מאַרטין ראָדריגעז און פון כואַן מאַנועל ראָסאַס (אַ נייער קאַודיזשאָ וואָס איז אַרויסגעשוואומען) און ס׳איז באַזיגט געוואָרן פּאַגאָלאַ, ס׳איז צוריקגעשטעלט געוואָרן אין דער מאַכט דער קאַבילדאָ און ס׳איז פאַר־רופן געוואָרן צו אַ זיצונג די לעגיסלאַטור (4טן יוני). די לעגיסלאַטור האָט אויסגעקליבן דאָררעגאָ אַלס פּראָוויזאָרישן גובערנאַטאָר, מאַרטין ראָדרי־געז אַלס שעף פון דער מיליץ פון זיד, צוזאַמען מיט ראָסאַס, און ראָנדאָ פון דער מיליץ אין נאָרדן. דאָררעגאָ, געזיכערט מיט אַ געהעריקער מי־ליטערישער מאַכט, האָט אויפגעפאָדערט לאַפּעזן זיך צוריקצוציען פון דער טעריטאָריע פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס און ער האָט עס געמוזט טון. לאַפּעז האָט זיך איינגעאָרדנט אַ לאַגער באַ די ברעגן פון אַראָזשאָ דעל מעדיאָ, פּראָווינץ סאַנטאַ פע.

די רעגירונג פון דאָררעגאָ האָט רעקרוטירט פריש מיליטער אין זידן פון פּראָווינץ, און אָנגעפירט פון מאַרטין ראָדריגעז, ראָסאַס און לאַ מאַ־דריד, איז אונטערגענומען געוואָרן אַן אַקציע קעגן אַלוועאַר און קאַ־רעראַ. קודם האָבן די לעצטע זיך צוריקגעצויגן ביז לוכאַן, אָבער דערנאָך זיינען זיי אַוועק אין לאַגער פון לאַפּעז און זיך באַפעסטיקט אין סאַן ני־קאָלאַס. לאַ מאַדריד און דאָררעגאָ האָבן דעם 2טן אויגוסט אַטאַקירט די „מאָנטאָנעראָס" פון די צוויי קאַודיזשאָס אין סאַן ניקאָלאַס און זיי צע־קלאַפּט. אַלוועאַר און קאַרעראַ זיינען איילִיק אַנטלאָפן קיין סאַנטאַ פע זוכן שוץ באַ לאַפּעז, און זייערע מיליטערישע מחנות האָבן זיך אונטער־געגעבן. לאַפּעז, אַן אויפגערעגטער איבער דער מיליטערישער מפּלה האָט אויפגעפאָדערט אַלוועאַרן תיכף צו פאַרלאָזן די פּראָווינץ סאַנטאַ פע און קאַרעראַן געלאָזט באַ זיך. אַלוועאַר איז אַוועק דעמאָלט קיין באַנדאַ אָריענטאַל.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען צווישן דאָררעגאָ און לאַ־פּעז, אָבער אָן רעזולטאַט. דורכדעם האָט דאָררעגאָ באַנייט דעם קאַמף, האָט אַטאַקירט די סאַנטאַ פּעער אַרמיי באַם טייכל פּאַוואָן און זי צע־קלאַפּט. דערנאָך האָט דאָררעגאָ באַשלאָסן, טראָץ דער קעגנערשאַפט פון ראָסאַס צו אינוואַדירן סאַנטאַ פע. אין גאַמאָנאַל, וואו עס שפּראָצט אַרויס דאָס טייכל פּאַוואָן, איז פאָרגעקומען אַ נייע שלאַכט (דעם 2טן סעפּטעמ־בער 1820) און לאַפּעז האָט דאָ אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער דאָררע־

גאַס אַרמיי. די רעשטלעך פון דאַררעגאָ זיינען זיך צעלאָפן דעמאָלט אין אומאָרדנונג.

דאַררעגאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר ציטווייליק. ער האָט דאַריבער פאַררופן די לעגיסלאַטור דורכצופירן נייע וואַלן. דעם 26טן סעפּטעמבער 1820 האָט די נייע לעגיסלאַטור (פּראָווינציעלער פּאַר־לאַמענט) אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג און אויסגעקליבן מאַרטין ראָדריגעז אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן פון דער פּראָווינץ.

מאַרטין ראָדריגעז איז געווען אַ פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט סיי אַלס מיליטער־שעף און סיי אַלס פּאַטריאָט. נאָך איידער דאַררעגאָ האָט דורכ־געפירט די אומגליקלעכע שלאַכט אין גאַמאָנאַל האָבן מאַרטין ראָדריגעז און ראָסאַס זיך צוריקגעצויגן פון זייערע אַרמייען און געקומען קיין בוע־נאָס איירעס, און ביידע האָבן אָנגעפירט אַ קאַמפּיין פאַר דער דערוויילונג פון מאַרטין ראָדריגעז אַלס גובערנאַטאָר, און די וואַלן זיינע דורכגעפירט געוואָרן אין דער צייט וואָס דאַררעגאָ איז געווען נאָך אינטערוועגס מיט זיין צעשלאָגענער אַרמיי אין ריקצוג.

באַלד נאָך דער דערוויילונג האָט ראָדריגעז איבערגענומען די קאָ־מאַנדע איבער אַ מיליטער טייל אין באַראַקאַס, וואו עס האָט זיך געפונען אויך דער לאַגער פון ראָסאַסעס רויטע קאַוואַלעריע. אַזוי ווי מאַרטין ראָ־דריגעז איז געווען באַקאַנט אַלס אוניטאַריער האָט זיך אויפגעהויבן אַ בונט קעגן זיין דערוויילונג, אָנגעפירט פון קאָראָנעל פּאַגאָלאַ, פאָדערנדיק די אַנולירונג פון די וואַלן. אין פאַרטיידיקונג פון ראָדריגעז איז אַרויס־געקומען ראָסאַס מיט זיין מיליטער (דעם 3טן אָקטאָבער) נאָר זיין קאָ־וואַלעריע איז צעקלאַפּט געוואָרן. ס'איז אָבער אונטערגעקומען תיכף דאָס מיליטער פון מאַרטין ראָדריגעז און צעקלאַפּט פּאַגאָלאַס מחנה. אַזוי אַרום האָט דער נייער גובערנאַטאָר זיך געזיכערט די מאַכט אין בוענאָס איירעס. ווען דאַררעגאָ האָט זיך שפּעטער אומגעקערט האָט ער זיך נישט קעגנגעשטעלט דער דורכגעפירטער דערוויילונג פון ראָדריגעז, און דער־מיט אַרויסגעוויזן אויפריכטיקן פּאַטריאָטיזם און דיסציפּלין אין יענעם פּעריאָד פון אומאויפהערלעכער אַנאַרכיע.

דער נייער גובערנאַטאָר האָט פאַרענדיקט די פאַרהאַנדלונגען מיטן סאַנטאַ פּעער קאַודיזשאָ לאָפּעז און דערגרייכט דעם 2טן נאָוועמבער אַ פרידנס־אָפּמאַך, וועלכער איז אויך שפּעטער אָפּגעהיט געוואָרן. ראָדריגעז האָט פאַרשפּראָכן לאָפּעזן צוצושטעלן דער פּראָווינץ סאַנטאַ פּע 25.000 שטיק פי, און לאָפּעז האָט זיך פאַרפליכטעט איבערצורייסן פולשטענדיק מיטן ענטרע ריאָסער קאַודיזשאָ ראַמירעז. אויסערדעם האָבן ראָדריגעז און לאָפּעז זיך פאַרפליכטעט אַז ביידע פּראָווינצן זאָלן בייזיין אַ קאָנגרעס וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין קאָרדאָבאַ.

# דער פּאָליטישער צושטאַנד אין די פּראָווינצן

נאָך דער דערוויילונג פון מארטין ראָדריגעז אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ צושטאַנד פון רו, אָרדנונג און פּראָגרעס אין דער דאָזיקער פּראָווינץ. מאַרטין ראָדריגעז האָט אַריינגעצויגן אין זיין רעגירונג אַלס מיניסטאָרן: בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ אַלס אינערן און אויסערן מיניסטער, מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ אַלס פינאַנץ מיניסטער, און גענעראַל פראַנסיסקאָ דע לאַ קרוס אַלס קריג און פלאָט מיניסטער. ריוואַדאַוויאַ איז באַלד געוואָרן די נשמה פון דער רעגירונג און ער האָט דורכגעפירט וויכטיקע אויסבעסערונגען פון פּאָליטישן, מיליטערישן, רעליגיעזן און אַדמיניסטראַטיוון כאַראַקטער. אין קיין שום מלוכה-פּעריאָד זיינען נשט דורכגעפערט געוואָרן אַזויפיל נוצלעכע מלוכה-אַרבעטן ווי אין יענעם. ס׳זיינען געגרינדעט געוואָרן נייע שולן, ס׳איז דערעפנט געוואָרן אַן אוניווערזיטעט, ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ דעסקאָנט-באַנק, ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אייגענע מטבעות, געמינצט אין איראָפּע, און ס׳זיינען איינגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי נייעסן פון גרוים באַדייטונג פאַר דער פּראָווינץ און פאַרן גאַנצן לאַנד.

דאַקעגן אין די אַנדערע פּראָווינצן האָבן געהערשט קאַודיזשאָס, מיט פּערזענלעכע אינטערעסן און אייגננוץ און דאַריבער האָבן יענע פּראָווינצן זייער ווייניק פּראָגרעסירט.

אין אָנהויב, אין 1814, זיינען דורכן העכסטן דירעקטאָר פּאָסאַדאַס די פּראָווינצן אויסגעטיילט געוואָרן אַף פאָלגענדן אופן: 1) בוענאָס איירעס (אַריינגענומען אין איר אויך סאַנטאַ פּע); 2) ענטרעס ריאָס; 3) קאָריענטעס (איינשליסלעך מיסיאָנעס); 4) אָריענטאַל; 5) קאָרדאָבאַ (אַריינגערעכנט לאַ ריאָכאַ); 6) קוזשאָ (מענדאָזאַ, סאַן כואַן, סאַן לואיס); 7) סאַלטאַ (איינשליסלעך כוכוי); 8) טוקומאַן (אַריינגערעכנט קאַטאַמאַרקאַ און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ). אין לויף פון די זעקס יאָר צווישן 1814 און 1820 האָט זיך שטאַרק געביטן די לאַגע פון די פּראָווינצן דורך דער טעטיקייט פון די פאַרשידענע קאַודיזשאָס, און אין יאָר פון דער גרויסער אַנאַרכיע זיינען כמעט אַלע פּראָווינצן געבליבן אויטאָנאָם און עס האָבן אין זיי געהערשט פאָלגענדע קאַודיזשאָס:

סאַנטאַ פּע — עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז, געוועזן הערשער פון 1818 ביז זיין טויט אין 1838.

רעפּובליק ענטרע ריאָס (אין וועלכער ס׳זיינען געוועזן די פּראָווינצן ענטרע ריאָס, קאָריענטעס און מיסיאָנעס) — ראַמירעז. דעם 12טן אָקטאָבער 1821 האָט קאָריענטעס זיך אָפּגעריסן פון ענטרע ריאָס.

קאָרדאָבאַ און ריאָכאַ — בוסטאָס. אין 1820 האָט לאַ ריאָכאַ זיך אָפּגעריסן פון קאָרדאָבאַ.

רעפּובליק טוקומאַן (פּראָווינצן טוקומאַן, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און קאַטאַמאַרקאַ) — בערנאַבע אַראַאָז. אין 1820 האָט כואַן פעליפּע אי־באַרראַ אָפּגעריסן די פּראָווינץ סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און געהערשט איבער איר 30 יאָר. קאַטאַמאַרקאַ ווידער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער „רעפּובליק טוקומאַן" דעם 25טן אויגוסט 1821.

די פּראָווינץ קוזשאָ איז אַנאַרכיזירט געוואָרן דורכן קאַפּיטאַן מענ־דאַזאַבאַל און אין 1820 האָבן זיך דעקלערט מענדאָזאַ, סאַן כואַן און סאַן לואיס אין אויטאָנאָמע פּראָווינצן.

אין סאַלטאַ און כוכוי האָט געהערשט דער פּאַטריאָטישער גאַוטשאָ שעף גועמעז. אין 1834 האָט סאַלטאַ זיך אָפּגעזונדערט.

## סאַן מאַרטינס עקספּעדיציע צו פּערו

ווען סאַן מאַרטין האָט באַקומען אין טשילע די ידיעה אַז ס'איז אַראָפּ־געזעצט געוואָרן פּועירעדאָן פונעם פּאָסטן אַלס העכסטער דירעקטאָר, און אַז די קאַודיזשאָס האָבן פּאַרוואַנדלט בוענאָס אײַרעס אין אַ פּראָ־ווינץ־שטאָט, האָט ער צוגעשיקט אַ געשלאָסענעם בריוו דעם גענעראַל לאַס העראַס, בעטנדיק אים אַז ער זאָל אים עפענען בלויז פאַר אַ פאַרזאַמ־לונג פון זײַנע אָפיצירן.

לאַס העראַס האָט באַלד פאַררופן זײַן שטאַב און געעפנט דעם בריוו. דאָרט האָט סאַן מאַרטין געלאָזט וויסן, אַז אַזוי ווי עס עקזיסטירט מער נישט אין בוענאָס אײַרעס די רעגירונג וועלכע האָט אים באַשטימט אַלס שעף־קאָמאַנדאַנט לייגט ער אַוועק זײַן שעפעאַטור און גיט פרײַהייט די אָפיצירן אויסצוקלײַבן אַ נײַעם שעף. דער ענטפער דערויף איז געווען אַן איינשטימיקער: סאַן מאַרטין בלײַבט ווײַטער דער שעף, און אַלע שטייען אים צו דינסט.

געשטאַרקט דורכן דאָזיקן באַשלוס האָט סאַן מאַרטין מיט זײַנע מיט־אַרבעטער אָנגעהויבן צוגרייטן די נײַע עקספּעדיציע, אַף צו באַפרײַען פּערו. צו דעם צוועק האָט סאַן מאַרטין שוין פריער געפּועלט בײַ דער רעגירונג פון פּועירעדאָן אייניקע שיפן, און דעם 20טן אויגוסט 1820 זײַ־נען אַרויסגעפאָרן פון וואַלפּאַראַיסאָ אין דער ריכטונג צו פּערו 16 טראַנס־פּאָרט שיפן מיט 4.430 מאַן צווישן אָפיצירן און סאָלדאַטן, און 8 קריגס־שיפן. דאָס מיליטער האָט זיך געטיילט ווי פאָלגט: 3.050 אינפאַנטעריסטן, 418 אַרטילעריסטן, 652 קאַוואַלעריסטן. פונעם טאָטאַל זײַנען 1.805 גע־ווען טשילענער און 2.313 אַרגענטינער. שעף פונעם הויפּט־שטאַב איז

געווען גענעראַל לאַס הערס און זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זיינען געווען די גענעראַלן אַלוואַרעז דע אַרענאַלעס, לוסוריאַגאַ און טאָמאַס גידאַ. דעם פלאַט האָט אָנגעפירט אַן ענגלענדער, אַדמיראַל לאָרד טאָמאַס קאָטשראַנע און אַלס אַרטילעריע-קאָמאַנדאַנט מאַנועל בלאַנקאָ ענקאַלאַדאַ, אַן אַרגענטינער, וועלכער האָט געדינט פריער אַפן שפּאַנישן פלאָט. שעף פון דער אַרמיי איז געווען סאַן מאַרטין. דער דעסאַנט איז געמאַכט געוואָרן אין דער בוכטע פון פּאַראַקאַס, נעבן פּיסקאָ, דעם 7טן סעפּטעמבער 1820.

איידער ס'איז אונטערגענומען געוואָרן דער מאַרש אַף לימאַ, האָט גענעראַל סאַן מאַרטין געשיקט אין אינערן אַ מיליטערישע אָפּטיילונג אָנגעפירט פון גענעראַל אַרענאַלעס, אַף צו לאָזן זיך אין אינערן צו זיך, אויפצוקלערן און צוצוגרייטן די באַפעלקערונג צום באַפרייונגס-קאַמף. סאַן מאַרטין האָט אויך זיך פאַשטענדיקט מיט אייניקע פּערזענלעכקייטן און מיט סטודענטישע פירער אין לימאַ.

דער וויצע קעניג פּעסועלאַ האָט געהאַט אונטער זיין מאַכט אַרום 25.000 מאַן, אָבער זיין מיליטער איז געווען ווייט צעשפּרייט אין פּערו. אַפן ים איז זיין מאַכט געווען פולשטענדיק געבראָכן, און קיין הילף איז נישט געווען צו דערוואַרטן. פּעסועלאַ האָט דעריבער אָנגעהויבן פירן פרידנס-פאַרהאַנדלונגען מיט סאַן מאַרטין, אָבער אָן רעזולטאַט (1טן אָקטאָבער 1820).

אַזוי ווי פון פּיסקאָ ביז לימאַ איז דער וועג געווען אַ ווייטער, 250 קילאָמעטער, האָט סאַן מאַרטין געלאָזט גענעראַל אַרענאַלעס אָנגיין מיט זיינע אָפּעראַציעס, און דער רעשט מאַנשאַפט האָט זיך פאַרשיפט און זיך געלאָזט אין וועג צו נאָרדן. די טראַנספּאָרטן זיינען געקומען קודם אין דער בוכטע פון קאַזשאַאָ און דערנאָך צום פּאָרט אַנקאָן. דאָ איז אַרויסגעזעצט געוואָרן אַ צווייטער טייל מיליטער, אָנגעפירט פון בראַנדסען, און די שיפן האָבן זיך געלאָזט נאָך מער צו נאָרדן ביז הואַטשאָ און דאָ איז אַרויסגעזעצט געוואָרן דאָס רעשט מיליטער און גענעראַל מילער האָט פון דאָרט אויס, פונעם לאַגער פון הואורא, נעבן הואַטשאָ, אונטערגענומען אַ קאַמפּיין. דער אַדמיראַל קאָטשראַנע האָט אויך אַפן ים אונטערגענומען אַ קאַמפּיין און פאַרכאַפּט די פּרעכטיקע שפּאַנישע פראַגאַטן שיף „לאַ עסמעראַלדאַ".

ס'זיינען פאָרגעקומען מערערע צוזאַמענשטויסן צווישן דער באַפרייונגס-אַרמיי און די שפּאַנישע סאָלדאַטן און אַלץ מיט אַ זיג פון דער באַפרייאונגס-אַרמיי. אין אַלע שטעט האָט מען אויפגענומען מיט פרייד די באַפרייונגס-סאָלדאַטן.

דעם 19טן יאַנואַר 1821 האָט אויסגעבראָכן אַ מיליטערישער אויפ-

שטאַנד אין לימאַ און ס'איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן דער וויצע־קעניג פּע־
סועלאַ און אַף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן דער גענעראַל לאַ סערנאַ.
דער לעצטער האָט געבעטן אַ וואַפנשטילשטאַנד אַף צוואַנציק טעג און
אָנגעהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען מיט סאַן מאַרטין, און סאַן מאַרטין האָט




דער באַפרייונגס־קאַמפּיין פון סאַן מאַרטין אין פּערו אין יאָר 1821

פֿאָרגעשלאָגן אַז ס'זאָל געבילדעט ווערן אין לימאַ אַ רעגירונגס-ראַט מיט לאַ סערנאַ אַלס פֿאָרזיצער און די רעגירונג זאָל בלייבן אומאָפּהענגיק, און ס'זאָלן געפֿירט ווערן פֿאַרהאַנדלונגען מיט שפּאַניע וועגן שאַפֿן אַ זיד-אַמעריקאַנער מאָנאַרכיע מיט אַ פּרינץ פֿונעם באָרבאָן הויז אַלס קעניג. לאַ סערנאַ האָט דעם פֿאָרשלאַג אָנגענומען מיט צופֿרידנקייט, אָבער ווען ער האָט געבראַכט דעם פּלאַן פֿאַר די אָפֿיצירן פֿון זיין שטאַב, האָבן זיי גישט איינגעוויליקט דערצו. לאַ סערנאַ האָט דאַן באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן לימאַ, בכדי אָנצופֿירן דעם קאַמפּיין בעסער אין אינערן, און דעם 10טן יולי האָט לאַ סערנאַ, מיט זיינע גענעראַלן און מיט דער גאַנצער אַרמיי אָפּגעצויגן פֿון דער הויפּטשטאָט, זיך לאָזנדיק צו די בערג.



גענעראַל גרעגאָריאָ לאַס העראַס



שפּאַנישער וויצע-קעניג אין פּערו,
גענעראַל כאָאַקין דע לאַ פּעסועלאַ

עלף טעג שפּעטער איז אַריין סאַן מאַרטין אין דער עוואַקואירטער שטאָט, און דעם 28טן יולי 1821 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין לימאַ די אומאָפּהענגיקייט פֿון פּערו און סאַן מאַרטין איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס פּראָטעקטאָר. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך אונטערגעגעבן די פֿעסטונג פֿון קאַזשאַאָ. גרויסער מיליטער-טיילן פֿון דער שפּאַנישער אַרמיי זיינען אַריבערגעגאַנגען פֿרייוויליק צו די באַפֿרייער.

ס'איז געבילדעט געוואָרן דורך סאַן מאַרטינען אַ רעגירונג, אין וועלכער ס'זיינען אַריין אַלס מיניסטאָרן גאַרסיאַ דעל ריאָ, בערנאַרדאָ מאָנטעאַגודאָ און היפּאָליטאָ אונאַנוע, אָבער סאַן מאַרטין האָט באַלד דערקלערט אַז ער וועט אָנפֿירן די רעגירונג בלויז פּראָוויזאָריש.

# סאַן מאַרטין ציט זיך צוריק

מיטן באַפרייען טשילע און פערו איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן באַפרייט דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט. עס האָבן זיך נאָך געפינען שפּאַנישע רעשטן אין קאָלאָמביע, עקוואַדאָר און ווענעזועלאָ, אָבער דאָרט האָט אָנגעפירט אַ באַפרייונגס־אַקציע אַ צווייטער גרויסער מיליטער־שעף סימאָן באָליוואַר, אַ ווענעזועלער. ער האָט באַקעמפט די שפּאַניער אין זיין אייגן לאַנד, דערנאָך זיך געלאָזט אין באַפרייונגס־מאַרש צו זיד, קיין קאָלאָמביע, און פון דאָרט צו עקוואַדאָר.

דער גענעראַל סוקרע, מיט אַ שטאַרקער אָפּטיילונג מיליטער פון באָליוואַרס אַרמיי, מיט דער הילף פון טויזנט מאַן פון דער אַרגענטינער אַרמיי וואָס סאַן מאַרטין האָט געשיקט, האָט באַזיגט די שפּאַניער אין אַ שלאַכט אין פּיטשינטשאַ (דעם 24טן מאַי 1822), און דורכדעם איז געזיכערט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון עקוואַדאָר.

אַזוי ווי אין פּערו איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרענדיקט דער קאַמפּיין קעגן די שפּאַניער, האָט סאַן מאַרטין זייער געוואָלט האָבן אַ צוזאַמענרייד מיט באָליוואַר, אַף פאַרצוזעצן געמיינזאַם דעם באַפרייונגס־קאַמף. ער איז צוליב דעם געפאָרן קיין גוואַיאַקיל און געהאַט דאָרט מיטן ווענעזועלער באַפרייער דריי לאַנגע קאָנפערענצן (26טן און 27טן יולי 1822). די לעצטע קאָנפערענץ האָט געדויערט פיר שעה.

עס הייסט אַז סאַן מאַרטין זאָל האָבן באַקומען אַ שיינע אויפנאַמע און אַ נעגאַטיוון ענטפער פון באָליוואַר. דער לעצטער זאָל האָבן דערקלערט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר צוויי באַפרייער אין אַמעריקע. סאַן מאַרטין האָט דאַרויף דערקלערט זיין גרייטקייט זיך צו שטעלן אונטער דער קאָמאַנדע פון באָליוואַר, בכדי אָנצוגיין מיט דעם באַפרייונגס־קאַמפּיין, און באָליוואַר האָט דאַרויף נישט געגעבן קיין ענטפער.

דאָס איז געווען נאָך די גרויסע האָפנונגען וואָס סאַן מאַרטין האָט געלייגט אַף דער קאָנפערענץ אין גוואַיאַקיל. דאָס איז געווען נאָך דער אויגנשיינלעכער וואַרעמער אויפנאַמע וואָס באָליוואַר האָט געמאַכט סאַן מאַרטינען, נאָך דעם פּאַראַדנעם באַנקעט און באַל מצד דעם באַפרייער פון קאָלאָמביע לכבוד דעם פּראָטעקטאָר פון פּערו. אַן אַנטוישטער האָט סאַן מאַרטין פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ אין וועלכן באָליוואַר האָט געהאַט זיין קוואַרטיר. שטיל האָט ער זיך פאַרשיפט אַף זיין זעגלשיף „מאַצעדאָניאַ" און אָפּגעפאָרן. אין אַ בריוו צו אָהיגינס וועגן זיין דורכגעפאַלענעם פּלאַן וועגן צוזאַמענאַרבעט מיט באָליוואַר האָט ער געשריבן: „דער באַפרייער איז נישט דער מאַן אַף וועלכן איך האָב געהאָפט".

סאַן מאַרטין האָט זיך דאַן אומגעקערט אַן אַנטוישטער קיין לימאַ.

ער האָט פאַררופן דעם קאָנגרעס און צוגעשטעלט זיין אומווידעררופלעכע דימיסיע דעם 20טן סעפטעמבער 1822.

אין דער נאַכט פון זעלבן טאָג האָט סאַן מאַרטין זיך פאַרשיפט אין



סאַן מאַרטין און סימאָן באָליוואַר בײַ זייער צוזאַמענטרעף אין גוואַיאַקיל

קאַזשאַאַ, אויפן וועג צו טשילע. ער איז דאָרט געבליבן אַ פּאָר חדשים און דערנאָך אַריבער קיין מענדאָזאַ, וואו ער האָט זיך געוואָלט אָפּגעבן מיט אַגריקולטור. עס האָט זיך אָבער אויפגעהויבן קעגן אים אַ פאַרלוימדונגס קאַמפּיין און העצע, און אַזוי ווי ס'איז אויך געשטאָרבן באַלד זיין פרוי איז

ער מיט זיין טאָכטער מערסעדעס אָפּגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס און פון דאַנען אַוועק קיין אייראָפּע.

באַליוואַר האָט נאָך אָנגעפירט דעם באַפרייונגס-קאַמפּיין צוויי יאָר צייט, און אין די קאַמפן האָבן זיך אויסגעצייכנט מערערע אַרגענטינער שעפן און סאָלדאַטן. די לעצטע אַנטשיידונגס-שלאַכטן זיינען פאָרגעקומען אין כונין (6טן אויגוסט 1824) און אין אַזשאַקוטשאָ (9טן דעצעמבער 1824). מיט די זיגן אין די צוויי ערטער איז פאַרענדיקט געוואָרן דער קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט אויף אַמעריקאַנער ערד.

סאַן מאַרטין האָט אָנגעטראָפן אַן אומדאַנקבאַרקייט צו אים סיי אין פּערו און סיי אין זיין אייגענעם לאַנד און ער האָט זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין. ער האָט פאַרלאָזט אַרגענטינע און אָפּגעפאָרן קיין פראַנקרייך. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געפּרואווט נאָכאַמאָל זיך אומקערן קיין בוענאָס איירעס, אָבער ער איז נאָר צוגעקומען ביזן פּאָרט און נישט אַראָפּ פון שיף, ווייל ער האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם אומרעכט וואָס ווערט קעגן אים באַגאַנגען מצד די צייטונגען. ער האָט זיך ווידעראַמאָל אומגעקערט קיין פראַנקרייך אַ קראַנקער, און זיך באַזעצט אין בולאָניע סור מער, און דאָרט איז ער דעם 17טן אויגוסט 1850 נאָכמיטיק 3 אַזייגער געשטאָרבן.

אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט איז ער בלינד געוואָרן, אָבער נישט געקוקט דאַרויף וואָס ער האָט געהאַט צו ליידן פון פיזישע און מאָראַלישע ווייטיקן האָט ער גערעדט שטענדיק מיט ליבע פון זיין געבורטסלאַנד, כאָטשע וואָס אין יענער צייט פון די קאַודיזשאָס און שפּעטערדיקער דיקטאַטור איז זיין אייגן לאַנד געבליבן פאַר אים פרעמד.

דעם אַרגענטינער פאָלק איז געבליבן הייליק דער אנדענק פונעם גרויסן באַפרייער, און עס ווערט יאָר-יערלעך געפייערט דער אַניווערסאַר פון זיין טויט, דערמאַנענדיק מיט דאַנק און ליבע די שיינע בלעטער געשיכטע וואָס גענעראַל סאַן מאַרטין האָט געשריבן פאַר אונדזער רעפּובליק דורך זיין באַפרייונג-אַקציע. אין 1878 איז דער טויטער קערפּער געבראַכט געוואָרן פון בולאָניע סור מער קיין בוענאָס איירעס און געלייגט געוואָרן אינעם גראַנדיעזן מאָנומענט, וואָס געפינט זיך אין דער קאַטעדראַל.

עס געפינען זיך מאָנומענטן פאַר גענעראַל סאַן מאַרטין אין אַ סך שטעט פון אונדזער רעפּובליק און אויך אין כמעט אַלע אַמעריקאַנער לענדער. עס איז אויך באַ אונדז פאַרייביקט זיין נאָמען דורך אַ סך גאַסן און פּלאַסאַס, און די איצטיקע רעגירונג האָט באַשטימט צו שאַפן אַ סאַן מאַרטין מעדאַל אַלס באַערונג פאַר אויסלענדער וואָס האָבן אָדער וועלן האָבן וועלכע פאַרדינסטן דורך גרויסע לייסטונגען פאַר אונדזער לאַנד.

צווישן אַלע אַנדערע קעמפער פאַר באַפרייונג און פרייהייט פאַר-

נעמט סאַן מאַרטין אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. אין כמעט אַלע לענדער פון אַמעריקע זיינען פאַראַנען מאָנומענטן וואָס דערמאַנען דעם אַנדענק פונעם אַרגענטינער פרייהייטס-קעמפער. באַזונדערס פאַרייביקט איז דער נאָמען פון סאַן מאַרטין אין טשילע און פערו.



סאַן מאַרטין אַף דער עלטער



אַ מאָנומענט פון סאַן מאַרטין אין שטעטל סאַן כוסטאָ,
אַנטהילט דעם 27טן אויגוסט 1944

אין באַערונג פון גענעראַל סאַן מאַרטין האָט די רעגירונג פון גענע־ראַל פאַרעל, אין טאָג פונעם יאָרצייט פונעם גרויסן פראָסער (17טן אוי־גוסט 1944) באַשטימט אָנצורופן אַ גאַס אין בוענאָס איירעס אַפן נאָמען פון רעמעדיאָס דע עסקאַלאַדע, די פרוי פונעם באַפרייער.

## מלחמה צווישן די קאַודיזשאָס

### דער סוף פון ראַמירעז און קאַררעראַ. — גועמעז פאַלט אין קאַמף מיט די שפּאַניער

דער ענטרע ריאָסער קאַודיזשאָ ראַמירעז, וועלכער האָט געשלאָסן דעם פרידנס־אָפּמאַך מיט סאַראַטעאַ אין פילאַר, איז, ווי ס'איז שוין פריער דערציילט געוואָרן, אײַליק אַוועק קיין ענטרע ריאָס אַף אונטערצונעמען אַ קאַמף קעגן זיין געוועזענעם שעף כאָסע כערוואַסיאָ אַרטיגאַס, און נאָך

איניקע צוזאַמענשטויסן איז דער לעצטער באַזיגט געוואָרן און האָט גע־מוזט פאַרלאָזן דעם קאַמפּס־פּלאַץ. אַרטיגאַס, וועלכער האָט זיך באַצייכנט אַלס „פּראָטעקטאָר פון די באַפרייטע פעלקער" (פון די פאַראייניקטע פּראָ־ווינצן) איז פון ענטרע ריאָס אַריבער קיין קאָריענטעס און זיך באַהאַלטן אין אַבאַלאָס, און אַזויווי ער איז ביז אַהין פאַרפאָלגט געוואָרן פון זיין געוועזענעם אַדיוטאַנט, איז אַרטיגאַס אַוועק קיין פּאַראַגווייַ און דאָרט שוין געבליבן. דער פּאַראַגווייער דיקטאַטאָר פראַנסיאַ, האָט אים גע־האַלטן אינטערנירט אין קורוגוואַטי, ווי דאָס איז שוין דערציילט געוואָרן אין אַ פריריק קאַפּיטל.

ראַמירעז האָט נאָכן זיג איבער זיין שעף געפילט זיך אַליינהערשער איבער ענטרע ריאָס, און זיך באַצייכנט טאַקע אַלס אַזעלכער: „העכסטער פון ענטרע ריאָס". און איצט, ווען ער האָט געהאַט ווידעראַמאָל פריי זיינע קריגס־מחנות האָט ער זיך געוואָלט לאָזן צו אַ נייער אַוואַנטורע.

סאַראַטעאַ האָט אים אינעם אָפּמאַך פון פּילאַר פאַרזיכערט שיפן, וואָפן און געלט. די שיפן און וואָפן האָט די פּראָווינץ בוענאָס איירעס אים געהאַט צוגעשטעלט, אָבער דאָס געלט נישט. אויסערדעם האָט ער גע־הערט אַז זיין קריגס־חבר לאָפּעז, דער סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר, האָט געשלאָסן אַ פרידנס אָפּמאַך מיט בוענאָס איירעס, נישט רעכנדיק זיך מיט אים. איצט, נאָכן באַפרייען זיך פון אַרטיגאַס איז עס געקומען דער בעס־טער מאָמענט פאַרן „העכסטן ענטרעריאַנער" אונטערצונעמען אַ קאַמ־פּיין קעגן בוענאָס איירעס. ער האָט זיך געווענדט דאַריבער צו לאָפּעזן מיט אַ רוף צו ברעכן דעם פרידנס אָפּמאַך מיט בוענאָס איירעס (פון 24טן נאָוועמבער) און גיין צוזאַמען מיט אים אויף בוענאָס איירעס. לאָפּעז האָט אָבער געענטפערט, אַז ער וועט דאָס נישט טון, און געוואָרנט ראַמירעזן אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן צו מאַרשירן איבער סאַנטאַ פעער טע־ריטאָריע.

איצט האָט ראַמירעז שוין געמוזט גיין אויך קעגן לאָפּעזן, אָבער דאָ האָט דער „העכסטער" געמאַכט אַ שלעכטן חשבון. בוענאָס איירעס און סאַנטאַ פע האָבן זיך פאַראייניקט דאָסמאָל, און ס'זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן גענעראַל לאַ מאַדריד מיט אַ דיוויזיע פון בוענאָס איירעס, גע־נעראַל דאָררעגאָ מיט אַן אַרמיי פון סאַנטאַ פע און גענעראַל סאַפּיאָלאַ איז געשיקט געוואָרן מיט אַ פלאָטיליע איבערן פּאַראַנאַ, צו אַטאַקירן ראַמירעזן באַם ברעג.

באַ די ערשטע צוזאַמענשטויסן האָבן די אַרמייען פון לאַ מאַדריד און דאָררעגאָ געליטן נידערלאַגעס. ס'איז אָבער געקומען באַלד לאָפּעז מיט אַ פרישער אַרמיי און פאַרנאַרט ראַמירעזן אין אַ נעץ און אים פולשטענ־דיק צעקלאַפּט. ראַמירעז איז צוזאַמען מיט 400 מאַן אייליק אַנטלאָפן אין דער ריכטונג צו קאָרדאָבע.

אין יענער פּראָווינץ האָט זיך געפונען דער טשילענער קאָודיזשאָ קאַרערא מיט אַ פּאָר הונדערט טשילענער „מאָנטאָנעראָס" און געפירט מלחמה מיטן אָרטיקן גובערנאַטאָר בוסטאָס, און אויך מיט גובערנאַטאָר פון סאַן לואיס, כּאָסע סאַנטאָס אָרטיז. די טשילענער „מאָנטאָנעראָס"-מחנות האָבן באַ איינקע צוזאַמענשטויסן אָפּגעהאַלטן באַדייטנדע זיגן. איצט איז נאָך אונטערגעקומען ראַמירעז מיט זיין גרופּע, און ער האָט זיך פאַראייניקט מיט קאַרערא אין קאַמף. באַ איינעם אַ צוזאַמענשטויס האָט אָבער דאָס קאָרדאָבער מיליטער פון בוסטאָס אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. קאַרערא און ראַמירעז האָבן זיך געמוזט צוריקציען קיין פּראַילע מוערטאָ. דאָ האָבן זיך די קאָודיזשאָס צעשיידט. דער ערשטער האָט זיך געלאָזט אַפּן וועג צו קוזשאָ און דער אַנדערער אַפּן וועג צו זיין פּראָווינץ ענטרע ריאָס. אין יענעם מאָמענט האָבן זיך פאַראייניקט די קאַמפס-כוחות פון אַלע דריי פּראָווינצן אין פאַרפאָלגונג פון די רעשטן פון די צוויי קאָודיזשאָס. לאַ מאַדריד און בוסטאָס האָבן אָנגעהויבן פאַרפאָלגן קאַרערא, און לאָפּעז האָט אונטערגענומען די פאַרפאָלגונג פון זיין געוועזענעם קאַמפס-חבר ראַמירעז.

דעם 10טן יולי 1821 האָט לאָפּעז דערגרייכט די גרופּע פון ענטרע ריאָסער קאָודיזשאָ און זי צעקלאַפּט פולשטענדיק. ס'איז געבליבן בלויז נאָך אַ גאַנץ קליין הייפעלע און אויך דער דאָזיקער רעשט, צווישן וועלכן עס האָט זיך געפונען אויך די געליבטע פון ראַמירעז, ווערט פאַרפאָלגט און געכאַפּט דורך די סאַנטאַ פּעער. ראַמירעז דרייט זיך אוים אַף צו ראַ-טעווען זיין געליבטע, אָבער אַ פּיסטויל-קויל לעכערט דורך זיין ברוסט און ער פאַלט טויט.

אָט אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אַף פרעמדער ערד, אַף קאָר-דאָבער טעריטאָריע, דער „העכסטער ענטרעריאַנער" וועלכער האָט נאָך זיין אָפּמאַך פון פּילאַר, בשעת זיין טריומף-באַזוך אין בוענאָס איירעס (1820) צוגעבונדן זיין פערד אינעם צוים אַרום דעם מאַי-מאָנומענט אַף דער פּלאַסאַ מאַזשאָ.

דריי חדשים שפּעטער האָט געהאַט נישט קיין בעסערן סוף דער טשילענער קאָודיזשאָ כּאָסע מיגעל קאַרערא. ער האָט אין מענדאָזער פּראָווינץ געפּרואווט פירן אַ קאַמף מיטן קוזשאָ-מיליטער, אָבער אַזוי-וויי ער איז פאַרפאָלגט געוואָרן פון בוסטאָס און געהאַט צו קעמפן אויך קעגן מענדאָזער מיליטער פון אַלבין גוטיערעז איז ער צעקלאַפּט געוואָרן פול-שטענדיק. אין מעדאַנאָס האָט מען אים געכאַפּט און אָפּגעפירט קיין מענדאָזאַ. דאָ איז קאַרערא געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס-געריכט און מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט. דעם 4טן סעפּטעמבער 1821 איז דער טשילענער שטורמישער קאָודיזשאָ דערשאָסן געוואָרן.

נאָכן טויט פון ראַמירעז האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין ענטרע ריאָס ריקאַרדאָ לאָפּעז כאָרדאַן, און זיינע לייט האָבן פאַרכאַפּט דעם בוענאָס איירעסער פלאָט, וואָס איז געהאַט אַרויסגעשיקט געוואָרן אונטער דער קאָמאַנדע פון סאַפּיאָלאַ, מיטן טייך פאַראַנאַ קעגן ראַמירעז.

דער גענעראַל לוסיאָ מאַנסיליאַ (אָדער מאַנסיזשאַ) פון דער אַרמיי פון ראַמירעז, געשטיצט פון סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר לאָפּעז, האָט זיך געבונטעוועט קעגן נייעם הערשער פון ענטרעריאָס, לאָפּעז כאָרדאַן, און אָפּגעריסן די פּראָווינץ קאָריענטעס. ער האָט פאַררופן אַ קאָנסטיטוציע פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקייט פון דער פּראָווינץ און באַשטימט גענעראַל מאַנסיליאַ אַלס גובערנאַטאָר.

און אין דער צייט וואָס ס'איז אָנגעגאַנגען אין דער ליטאָראַל זאָנע דער פּראָצעס פון שאַפן אויטאָנאָמע פּראָווינצן, קעמפנדיק קאָודיזשאָ קעגן קאָודיזשאָ, איז דערזעלבער קאַמף אויך פאָרגעקומען אין נאָרדן.

דער גובערנאַטאָר פון טוקומאַן, מאַנועל אַראַאָז האָט געפירט אַ קאַמף מיט זיין ריוואַל הערעדיאַ און אים צעקלאַפּט, און אויך באַזיגט הערע־דיאַס פאַרבינדעטע דעם גובערנאַטאָר פון סאַלטאַ — גועמעז, און דעם פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ — איבעררא. באַלד האָט דער גרויסער גאַוטשן־שעף גועמעז אָבער צוריקבאַקומען זיין מאַכט אין סאַלטאַ, און ער האָט נאָך מיטגעמאַכט אַ לעצטן קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד, און אין דאָזיקן קאַמף מיט די שפּאַניער אומגעקומען.

דעם 7טן יוני 1821 האָט אַן אָפּטיילונג שפּאַניש מיליטער געשיקט פון פּערואַנער וויצע־קעניג פּעסועלאַ געמאַכט אַן איבערפאַל אויפן לאַגער פון גועמעז באַ טשאַמיקאַל. די גאַוטשאָס האָבן אָנגעפירט אַ העלדישן ווי־דערשטאַנד און גועמעז האָט, פּונקט ווי וועלכער פון זיינע גאַוטשאָס, געקעמפט מיטן שווערד אין האַנט. ער איז דערביי טויטלעך פאַרוואונדעט געוואָרן, און זיינע חברים האָבן אים געבראַכט אינעם לאַגער, און ער איז באַלד געשטאָרבן. גועמעז איז געווען איינער פון די נאָבלסטע קאָודיזשאָס וואָס האָט געקעמפט אויפריכטיק און ערלעך פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

אין דער צייט וואָס ראַמירעז איז געפאַלן דורך אַ פּיסטויל־קויל, און אַרטיגאַס איז אַוועק אַ באַזיגטער אין גלות, און קאַרערא איז הינ־געריכטעט געוואָרן, האָט גועמעז געענדיקט זיין לעבן אויפן שלאַכטפעלד פאַר דער זיכערונג פון דער אומאָפּהענגיקייט און גאַנצקייט פון דער רעפּובליק.

זיבן וואָכן שפּעטער נאָכן פאַלן פון גועמעז אַלס קרבן פון די שפּאַ־ניער, דעם 28טן יולי 1821, איז סאַן מאַרטין אַריין קיין לימאַ און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון פּערו.

## דער סוף פון אָהיגינס

סאַן מאַרטין האָט נאָך דער באַפרייונג פון טשילע זיך פאַרנומען מיט דער צוגרייטונג צו דער עקספּעדיציע קיין פּערו, איבערלאָזנדיק טשילע איינגאַנצן אין דער מאַכט פון אָהיגינס.

צום לויב פון סאַן מאַרטין דאַרף עס געזאָגט ווערן, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם אָנבאָט פון טשילענער פאָלק צו זיין מלוכה-



דער מאַוזאָליי פון סאַן מאַרטין

שעף פון טשילע. דעם אָנבאָט פון אַ מתנה פון צען טויזנט פּעזעס גאָלד האָט סאַן מאַרטין אָנגענומען, אָבער דאָס געלט האָט ער נישט גענומען פאַר זיך, נאָר עס געשאָנקען פאַר דער גרינדונג פון אַ פאָלקס-ביבליאָ-

טעק אין טשילע, זיך אוידריקנדיק דערביי: „די אויפקלערונג איז דער שליסל וואָס עפנט די טויערן פון די אוצרות".

גענעראַל אָהיגינס האָט דערנאָך נאָך געהאַט אָנצופירן אַ צייט לאַנג דעם קאַמף מיט די שפּאַניער. ער האָט געשאַפן אַ גוטע אַרמיי, אָנגעהויבן שאַפן אַ קריגס־פלאָט און געזיכערט די אומאָפּהענגיקייט פון טשילע.

ווען אָבער ער איז געווען אַ גרויסער מיליטערישער שעף האָט ער ניט געהאַט אין זיך די גוטע אייגנשאַפטן אויך אַלס מלוכה־שעף. ער האָט צוגעצויגן צו דער מלוכה נישט די געהעריקע פּערזאָנען, באַזונדערס כאָסע אַנטאָניאָ ראָדריגעז אַלדעאַ, אַן אוזורפּאַטאָר, וועלכער האָט געשפּינען אַ נעץ פון אינטריגעס קעגן אָהיגינסן אַף אַזוי ווייט, אַז עס האָט סוף נאָ־וועמבער 1822 זיך אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן אים, באַשולדיקנ־דיק אָהיגינסן אין דעספּאָטישער דיקטאַטור. עס איז אויך נישט אויסגע־שלאָסן, אַז בײַ די געוועזענע אומשטענדן זאָל אָהיגינס האָבן אָנגעפירט אַ שאַרפע דיקטאַטור אין געוויסע פאַלן. די אָנהענגער פון גענעראַל קאַ־רעראַ האָבן שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אַף דעם מאָמענט צו קאָנען אונטער־נעמען אַ נייע אויפשטאַנדס־באַוועגונג און זיי האָבן איצט געהאַט אַ גע־לעגנהייט צו אינטריגירן קעגן אָהיגינסן. אָבער נישט בלויז די קאָנסער־וואַטאָרן, נאָר אַפילו די ליבעראַלן און ראַדיקאַלן, וועמענס פירער ער איז פריער געווען, זיינען קעגן אים אַרויסגעטראָטן. דער נאָענטער וואָפן־חבר זיינער גענעראַל ראַמאָן פרעירא איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן אים און געפאָדערט זיין דימיסיע. באַלד דערנאָך איז פרעירא געוואָרן מלוכה־שעף (אָדער העכסטער דירעקטאָר), אָבער אין פאַלויף פון זיבן יאָר נאָך דער אַבדיקאַציע פון אָהיגינס האָבן זיך געביטן צען רעגירונגען מיט שאַרפערע און שוואַכערע דיקטאַטורן און מיט דריי קאָנסטיטוציעס.

דעם 28טן יאַנואַר 1823 איז געבילדעט געוואָרן אַ נייער רעגירונגס־ראַט, וועמענס ערשטע רעזאָלוציע איז געווען „צו האַלטן אַלס אומבאַ־רירבאַר און געהייליקט די פּערזאָן פון גענעראַל אָהיגינס". דערנאָך איז דער לעצטער גערופן געוואָרן און מען האָט אים פאָרגעשלאָגן צו אַבדי־קירן. אָהיגינס האָט באַלד איבערגעגעבן דעם באַנד און סצעפּטער אַלס מלוכה־שעף און צען טעג שפּעטער איז ער אָפּגעפאָרן מיט אַן ענגלישער שיף, פאַרלאָזנדיק זיין פאָטערלאַנד. ניינצן יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין זיין גוט פון מאָנטאַוואַן, זייענדיק געגנצלעך צוריקגעצויגן.

דעם 3טן אויגוסט 1839 האָט דער סענאַט פון טשילע באַשטימט אָפּ־צוגעבן דעם גענעראַל אָהיגינס אַלע מיליטערישע טיטלען און רעכטן און ער איז געבעטן געוואָרן צו קומען אַהיים. ער איז געפאָרן קיין לימאַ צו זיין בײַ אַ דאָקטער וועגן זיין קראַנקייט אַפן האַרץ. געקומען קיין לימאַ איז ער אָנהויב יאַנואַר 1841 און איז אָפּגעווען צוליב קוראַציע אַ שטיק

צייט אין דער הויפּטשטאָט פון פּערו. ער האָט דערנאָך געמאַכט אַ פּרואוו צו פאָרן קיין קאָזשאַאָ, בכדי פון דאָרט אָפּצופאָרן מיט אַ שיף קיין וואַל־פּאַראַיסאָ, אָבער זיין צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט, און ער האָט גע־מוזט בלייבן אין קאָזשאַאָ, האָפנדיק דאָ זיך צו דערהאָלן. אין אָקטאָבער 1842 האָט זיך זיין צושטאַנד זייער פאַרערגערט און ער איז געבראַכט געוואָרן צוריק קיין לימאָ, וואו ער איז דעם 24טן אָקטאָבער געשטאָרבן.

דער סוף פון גענעראַל אָהיגינס איז געווען זייער ענלעך צום סוף פון זיין ארגענטינער וואָפן־ברודער סאַן מארטין.

אין טשילע זיינען איצט פאַראַנען אין אַלע שטעט און שטעטלעך גאַסן אָפּן נאָמען פון דעם גרויסן מיליטער שעף, באַפרייער און ערשטן העכסטן דירעקטאָר. פאַראַנען אויך כמעט אומעטום אָהיגינס מאָנומענטן אין דער שכנהשער רעפּובליק. אויך בא אונדז אין לאַנד איז זיין נאָמען פאַרייביקט אָפּן זעלבן אופן.

## ריוואַדאַוויאַ באַם רעגירונגס־רודער

**די פּראָווינץ בוענאָס איירעס פּראָגרעסירט אין יעדער הינזיכט. — נאָרד־אָמעריקע אנערקענט די אומאָפּהענגיקייט פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן. — האַנדלס־אָפּמאַכן מיט ענגלאַנד און שפּאַניע. — לאַס הערעאַס נייער גובערנאַטאָר.**

נאָך דעם ווי בוענאָס איירעס האָט זיך געזיכערט דעם שלום מיטן סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר לאָפּעז און ס'איז געענדיקט געוואָרן מיט דער מאַכט פונעם ענטרע ריאָסער קאָודיישאָ ראַמירעז און דעם טשילענער פּאָליטיקער קארערא, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון רו און אָרדנונג פאַר דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס. דער גובערנאַטאָר מארטין ראָדריגעז האָט געגעבן זיין אינערן און אויסערן מיניסטער בערנאַרדינאָ ריוואַדאַ־וויאַ גרויסע טעטיקייטס־מעגלעכקייטן, און דער לעצטער האָט אריינגע־בראַכט בילדונג, עקאָנאָמישע אויפלעבונג און אַלגעמיינעם פּראָגרעס פאַר דער פּראָווינץ. ריוואַדאַוויאַ האָט געגרינדעט די דיסקאָנט־באַנק מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ מיליאָן פּעזעס (דאָס איז די היינטיקע באַנק פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס). ער האָט אויך געלאָזט גיסן אייגענע מטבעות, האָט געלאָזט בויען שולן און קירכעס אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען, האָט דורכגעפירט רעפאָרמען אין קירכע און בכלל דורכגעפירט פאַרשידענע מלוכה־ארבעטן פון וויכטיקער באַדייטונג.

די פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט זיך געפונען פריי און זיכער און איר רעגירונג האָט זיך געקאָנט דערלויבן אָפּצוגעבן זיך מיט רעפאָרמען און באַנייונג. אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז געווען אַ לעגיסלאַטור, עפנטלעכע דעבאַטן, פרייהייט פון וואָרט און שריפט, פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכה־מענער און אַן ערלעכע יוסטיץ. עס האָט געבליט דעמאָלט די קונסט און ליטעראַטור. ס׳איז געווען אַ ליטעראַרישע געזעלשאַפט וואָס האָט אַרויסגעגעבן זשורנאַלן און צייטשריפטן („אַבעכאַ אַרכענטינאַ״ און „אַרגאָס״) אין וועלכע עס האָבן מיטגעאַרבעט וויסענטע לאָפּעז, דעאַן פונעס, מאַנועל מאָרענאָ און אַנדערע טאַלאַנטן פון יענער צייט. ס׳איז געווען אַ פילהאַרמאָנישע געזעלשאַפט, אַן אַקאַדעמיע פון מאָלעריי און צייכנען.

ס׳זיינען דורך ריוואַדאַוויאַ געשטיצט געוואָרן קולטור, קונסט און רעליגיע, און צו דערזעלבער צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אַלערליי אַנדערע אַדמיניסטראַטיווע אַרבעטן. ס׳איז אין זיין צייט אין 1821 געגרינדעט געוואָרן דער בית־עולם פון רעקאָלעטאַ און עס האָט אויפגעהערט דאָס באַגראָבן די טויטע אַרום די פאַרשידענע קירכעס. ער האָט דורכגעזעצט, אָנהויב מאַי 1822, דאָס „געזעץ פון פאַרגעסן״ דורך וועלכן עס האָבן באַדאַרפט אָפּגעשטעלט ווערן אַלטע רוגזהס צווישן די אַרגענטינער, און צווישן אַרגענטינער מיט שפּאַניער, בכדי צו שאַפן אייניקייט און ברודערלעכקייט צווישן פאָלק. אָט אַזוי איז אין יענעם פּעריאָד יעדער נייער געזעץ, יעדער פּלאַן פון ריוואַדאַוויאַ געווען אַ קערנדל פון וואוילזיין פאַרן לאַנד.

אַף צו זיכערן זיך מיטן שלום פון די ליטאָראַלע פּראָווינצן האָט די רעגירונג געשלאָסן אַ באַזונדער פריינטשאַפטס־אָפּמאַך מיט די פּראָווינצן סאַנטאַ פע, קאָריענטעס און ענטרע ריאָס (דעם 25טן יאַנואַר 1822), באַקאַנט אַלס „קוואַדרילאַטעראָ״־אָפּמאַך. דאָס האָט געזאָלט אויך דינען אַלס באַזע, אַף אַריינציען שפּעטער אַנדערע פּראָווינצן און ברענגען ביסלעכווייז דאָס לאַנד צו אַ נייער אייניקייט.

אין דער צייט פון דער רעגירונג פון מאַרטין ראָדריגעז האָט די נאָרד־אַמעריקאַנער רעגירונג אנערקענט (1822) די אומאָפּהענגיקייט פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און שפּעטער (דעם 4טן יולי 1823) איז אויך אונטערצייכנט געוואָרן אַ פּרעלימינאַרער פרידנס, פריינטשאַפטס און האַנדלס־אָפּמאַך מיט שפּאַניע.

ראָדריגעז האָט געענדיקט זיין רעגירונגס־פּעריאָד אין אַפּריל 1824, אָבער פריער מיט אַ חודש איז דורך זיין רעגירונג אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ איינצולאַדן די פּראָווינצן, צו שיקן פאָרשטייער צו אַ נאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

ס'איז נויטיק געווען אין יענעם מאָמענט אַ נאַציאָנאַלער קאָנגרעס, אַף אָנצונעמען אַ שטעלונג צו דער לאַגע אין באַנדאַ אָריענטאַל. יענע פּראָווינץ, ווי באַוואוסט, איז געווען אָקופּירט פון די פּאָרטוגעזער אונטער דער קאָמאַנדע פון לעקאָר, וועלכער איז געקומען זיכערן רו און אָרדנונג אין מאָנטעווידעאָ, באַקעמפנדיק אַרטיגאַסן. זיך געפינענדיק אָבער אין באַנדאַ אָריענטאַל האָבן די פּאָרטוגעזער שוין נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָר גענעראַל לעקאָר האָט דערקלערט יענע זאָנע אַלס טייל פון דער פּאָרטוגעזיש-בראַזיליענער טעריטאָריע אונטערן נאָמען פּראָווינץ ציספּלאַטינאַ. לעקאָר האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט אין מאָנטעווידעאָ אַ קאַבילדאָ פון זיינע מענטשן און געלאָזט שווערן טרייהייט צו פּאָרטוגאַל. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען אַז באַנדאַ אָריענטאַל ווערט אָפּגעריסן פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן, און עס האָט געהערשט די געפאַר פאַר בוענאָס איירעס צו האָבן אין דער זייט אַזאַ געפערלעכן שכן. דאָס פאָלק פון באַנדאַ אָריענטאַל האָט זיך געווענדעט קיין בוענאָס איירעס נאָך הילף, און די רעגירונג פון ראָדריגעז האָט באַשלאָסן צו פאַררופן דעם קאָנגרעס. די פּראָווינצן האָבן די איינלאַדונג אָנגענומען גערן, אָבער דער קאָנגרעס איז זיך צוזאַמענגעקומען ערשט אין מיטן דעצעמבער 1824.

דערווייל, ווי געזאָגט, האָט זיך געענדיקט דער פּעריאָד פון מאַרטין ראָדריגעז און די לעגיסלאַטור האָט אויסגעקליבן (דעם 2טן אַפּריל) אַלס נייעם גובערנאַטאָר דעם גענעראַל כואַן גרעגאָריאָ דע לאַס העראַס, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אומגעקערט פון זיינע קאַמפּיינען אין טשילע און פּערו. ריוואַדאַוויאַ האָט צו יענער צייט איבערגעלאָזט די רעגירונג און אַוועק קיין ענגלאַנד צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ האַנדלס-אָפּמאַך.

גענעראַל לאַס העראַס האָט געבעטן די פריעריקע מיניסטאָרן פון ראָדריגעזעס רעגירונג צו בלייבן אין זייערע אַמטן, אָבער ריוואַדאַוויאַ האָט נישט געוואָלט אָננעמען צו בלייבן ווייטער מיניסטער. געבליבן זיינען דאָריבער בלויז מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ און גענעראַל פראַנסיסקאָ דע לאַ קרוס. דער ערשטער איז געבליבן הויץ באַ זיין פריערדיקן פּאָסטן פון פינאַנץ מיניסטער אויך אין די אַמטן פון אינערן און אויסערן, און גענעראַל דע לאַ קרוס איז געבליבן קריגס און פלאָט מיניסטער.

ריוואַדאַוויאַ האָט ליבערש געוואָלט דורכפירן אַ דיפּלאָמאַטישע שליחות און ער איז דעם 5טן פעברואַר 1825 אָפּגעפאָרן קיין ענגלאַנד, צו באַקומען די ראַטיפיקאַציע פונעם פריינטשאַפטס און האַנדלס-אָפּמאַך, וועלכער איז אונטערצייכנט געוואָרן אין בוענאָס איירעס (דעם 2טן פעברואַר) דורך לאַס העראַס און גאַרסיאַ, און דורכן ענגלישן געזאַנדטן אין בוענאָס איירעס, סער וואודבין פּאַריש. גאָר אינגיכן איז עס אויך

ריוואַדאַוויאַן לייכט אָנגעקומען צו דערגרייכן אין לאָנדאָן די ראַטיפיקאַ־ציע פון יענעם אָפּמאַך (12טן מאַי 1825), אונטערצייכנט פון קעניג זשאָרזש 4טן און דעם האַנדלס־מיניסטער זשאָרזש קאַנינג.

אין יענעם אָפּמאַך איז געזיכערט געוואָרן די קעגנזייטיקע פרייהייט פון האַנדל, וואוינען, חתונה האָבן און באַוועגן זיך אין די טעריטאָריעס פוןביידע לענדער; פרייער רעליגיעזער דינסט פון ביידע פעלקער, מיט דערלייכטערונגען אויסצובויען קירכעס; פרייהייט צו קויפן, פאַרקויפן און איבערנעמען אומבאַוועגלעכע גיטער, און אַזוי ווייטער.

צו גלייכער צייט האָט ריוואַדאַוויאַ זיך באַמיט צו געפינען קאַפּיטאַ־ליסטן אין אייראָפּע פאַר דער עקספּלאָטאַציע פון די מינען־אוצרות אין אַרגענטינע, אָבער אָן דערפאָלג.

## דער קאָנגרעס פון 1824

נאָכקומענדיק די איינלאַדונג פון דער רעגירונג פון ראָדריגעז, און האָבנדיק אויך די פולסטע סימפּאַטיע צום נייעם גובערנאַטאָר לאַס הער־ראַס איז דעם 16טן דעצעמבער 1824 זיך צוזאַמענגעקומען דער נאַציאָ־נאַלער קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס. די פּראָווינצן זיינען שוין געווען מער־ווייניקער גוט אָרגאַניזירט, און זיינען געווען שוין מיד פון די אי־נערלעכע קאַמפן, און אַלע זיינען גרייט געווען צו קומען צו אַ נייער פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט. דאַסמאָל זיינען געווען פאַרטרעטן מער פּראָווינצן ווי באַם קאָנגרעס פון טוקומאַן 1816, ווייל ס'זיינען אויך געקומען פאָרשטייער פון די ליטאָראַלע פּראָווינצן און פון מיסיאָנעס.

די וויכטיקסטע באַשלוסן פון יענעם קאָנגרעס זיינען געווען די סאַנק־ציאָנירונג פונעם באַשלוס פון טוקומאַנער קאָנגרעס וועגן דער אומאָפּ־הענגיקייט פונעם לאַנד, און די אנערקענונג פון אַ נאַציאָנאַלער רעגירונג.

דעם 23טן יאַנואַר 1825 האָט דער קאָנגרעס סאַנקציאָנירט דעם „פונ־דאַמענטאַלן געזעץ", אין וועלכן עס ווערט אינעם אַרטיקל 1 דערקלערט, אַז אַלע פּראָווינצן ראַטיפיצירן די פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענ־גיקייט און עס ווערט באַשלאָסן:

„אַז דער אַלגעמיינער קאָנגרעס פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ איז אַ קאָנסטיטואירנדער.

„אַז די פּראָווינצן וועלן, ביז צום אָננעמען די קאָנסטיטוציע, זיך פירן דורך די אייגענע אינסטיטוציעס.

„אַז די קאָנסטיטוציע וואָס דאַרף אָנגענומען ווערן וועט באַטראַכט ווערן פון יעדער פּראָווינץ, און זי קאָן זי אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן.

„אַז עס ווערט איבערגעגעבן פּראָוויזאָריש דער רעגירונג פון בועַ־נאָס איירעס די פולמאַכט פון אַ נאַציאָנאַלער רעגירונג".

אַזוי אַרום איז די רעגירונג פון גענעראַל לאַס הערעס געבליבן פּראָ־וויזאָריש באַ דעם רעכט פון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה, און דערמיט באַקו־מען אויך די פליכט צו אַקטואירן אין נאָמען פון לאַנד אין פאַל פונעם קאָנפליקט מיט בראַזיל איבער דער פראַגע פון באַנדאַ אָריענטאַל.

## בראַזיל דערקלערט זיך אומאָפּהענגיק

ס'איז דאָ אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך אין אַ געוויסער מאָס מיט דער לאַגע אין בראַזיל אין יענער צייט.

אין 1821 האָט אויסגעבראָכן אין פּאָרטוגאַל אַ רעוואָלוציע און דער קעניג זשואַן 6טער האָט געמוזט פאַרלאָזן ריאָ דע זשאַנעירא און אָפּ־פאָרן קיין ליסאַבאָן. איידער ער איז אָפּגעפאָרן, האָט ער דערקלערט אַז ער וויל אַז בראַזיל זאָל שליסן שלום מיט ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, און ער וואָלט נישט וועלן פאַרגוואַלדיקן באַנדאַ אָריענטאַל, און אויך נישט צו־נעמען דעם שוץ איבער יענער פּראָווינץ, אויב זי נויטיקט זיך אין דעם. ער האָט דאַריבער פאָרגעשלאָגן אַז ס'זאָלן דורכגעפירט ווערן וואַלן צו אַ קאָנגרעס אין מאָנטעווידעאָ, און די פאָלקס-פאָרשטייער זאָלן באַשטי־מען דעם גורל פונעם לאַנד. אין דעם זין האָט ער געגעבן אינסטרוקציעס דעם גענעראַל לעקאָר און דעם קאַבילדאָ פון מאָנטעווידעאָ. דערנאָך איז ער אָפּגעפאָרן און איבערגעלאָזט זיין זון, דעם קרוינפּרינץ פּעדראָ אַלס פּרינץ רעגענט איבערן פאַראייניקטן קעניגרייך בראַזיל.

קוים אָבער איז דער קעניג זשואַן אָפּגעפאָרן איז דורכגעפירט גע־וואָרן אין בראַזיל אַ שטאַטסקלאַפּ. דאָס לאַנד איז דערקלערט געוואָרן אומ־אָפּהענגיק פון פּאָרטוגאַל און דער קרוינפּרינץ פּעדראָ איז דעם 12טן אָקטאָבער 1822 געקרוינט געוואָרן אַלס אימפּעראַטאָר פון בראַזיל.

ווען דאָס איז געשען האָט אין מאָנטעווידעאָ זיך געפונען אַ פּאָר־טוגעזישע אַרמיי פון אַרום 2.000 מאַן, אָנגעפירט פונעם בריגאַדיר אַל־וואַראָ דאַ קאָסטאַ, וועלכער איז געבליבן טריי צו פּאָרטוגאַל, כאָטש דער גובערנאַטאָר פון דער שטאָט, גענעראַל לעקאָר איז אַריבער צו די אומאָפּהענגיקע. גענעראַל דאַ קאָסטאַ, דער גאַרניזאָן-שעף, האָט אַזוי אַרום זיך געבונטעוועט קעגן גובערנאַטאָר און אים געצוואונגען צו פאַר־לאָזן מאָנטעווידעאָ. דערנאָך האָט דאַ קאָסטאַ אָנגעבאָטן דער בוענאָס איירעסער רעגירונג צוריקצוציען דאָס פּאָרטוגעזישע מיליטער און זיך פאַרשיפן קיין פּאָרטוגאַל, און איבערגעבן די שטאָט די אַרגענטינער. אַזויווי אָבער בראַזיל האָט זיך געהאַט דערקלערט אומאָפּהענגיק, האָט

די בוענאָס איירעסער רעגירונג באַשלאָסן צו שיקן ליבערש אַ דיפּלאָמאַ-טישע מיסיע קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ און בעטן צו באַפרייען מאָנטעווי-דעאָ. אַלס שליח איז געשיקט געוואָרן דר. וואַלענטין גאָמעז.

גענעראַל לעקאָר האָט דערווייל זיך פאַרבונדן מיטן אָרטיגיסטישן קאַודיזשאָ ריוועראַ און ביידע האָבן אונטערגענומען די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ. דאָ קאַסטאַ האָט איינגעזען אַז ער האָט נישט וואָס צו דערוואַרטן, האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט לעקאָר, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָ קאַסטאַ מיט זיין מיליטער פאָרט אָפּ קיין פּאָרטוגאַל און לעקאָר מיט ריוועראַ נעמען איבער די פּראָווינץ אָריענטאַל, אָפּ צו פאַרייניקן זי מיט בראַזיל.

ס'איז פאַררופן געוואָרן דורך לעקאָר אַ קאָנגרעס, אָפּ אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דער אָנגעהעריקייט פון דער פּראָווינץ, און פאַרשטייט זיך אַז ס'זיינען געווען אַזעלכע וואַלן און אַזאַ קאָנגרעס אַז ס'איז באַשטימט גע-וואָרן אַלעס אַזוי ווי לעקאָר האָט געוואָלט. יענער קאָנגרעס האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער אָנגעהעריקייט צו די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, נאָר פאַר דער אָנשליסונג צו בראַזיל.

דער דאָזיקער באַשלוס פונעם מאָנטעווידעער קאָנגרעס (יולי 1821) אָנצושליסן דעם „שטאַט ציספּלאַטינאָ" צו בראַזיל האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג אין איבריקן טייל פון באַנדאַ אָריענטאַל און אויך צווי-שן די אָריענטאַלן וואָס האָבן זיך געפונען אין בוענאָס איירעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ באַוועגונג פאַר דער באַפרייונג פון אָריענטאַל און די באַוועגונג האָט געבראַכט צו אַן אָפענער מלחמה צווישן אַרגענ-טינע און בראַזיל.

## די 33 אָריענטאַלן

אַ גרופּע פון 33 אָריענטאַלן (באַקאַנט אַלס „טרעינטאַ אי טרעס אָריענטאַלעס"), אָנגעפירט פון כואַן אַנטאָניאָ לאַוואַזשעכאַ, האָט אונ-טערגענומען די ערשטע אַקציע קעגן די בראַזיליענער. די גרופּע האָט זיך געלאָזט מיט צוויי שיפלעך, אַרויספאָרנדיק איינע פון קילמעס און די אַנדערע פון סאַן איסידראָ אָפן וועג צום אורוגווייער ברעג, פאָרנדיק צווישן די דעלטאַ אינדזלען פון פּאַראַנאַ, און אין דער נאַכט פונעם 19טן אַפּריל 1825 זיינען זיי אַראָפּ אָפן ברעג פון אָריענטאַל אין געגנט פון אַגראַסיאַדאַ, און דאָ האָבן זיי געשוואוירן **צו באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד אָדער אומקומען אין קאַמף.**

דעם אַנדערן טאָג האָבן זיי זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו סאָ-ריאַנאָ און פון דאָרט קיין מערסעדעס. אָפן וועג האָבן זיך געזאַמלט אַרום

זיי וואָלונטירן און די 33 אָריענטאַלן האָבן ארויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע צום פאָלק צו נעמען זיך צו די וואָפן און באַפרייען דאָס לאַנד פון די בראַזיליענער.

גענעראַל לעקאָר האָט אַרויסגעשיקט דעם גענעראַל ריוועראַ צום קאַמף קעגן לאַוואַזשעכאַ. אָבער ריוועראַ מיט זיין גאַנץ מיליטער זיינען אַריבער אַף דער זייט פון די פּאַטריאָטן. די אַרמיי פון לאַוואַזשעכאַ מיט ריוועראַ האָט פאַרנומען מערערע וויכטיקע ערטער און דעם 7טן מאַי אָנגעהויבן באַלאַגערן מאָנטעווידעאָ.

לאַוואַזשעכאַ האָט איינגעאָרדנט זיין הויפּט-קוואַרטיר אין פלאָרידאַ, און אַהער האָט ער פאַררופן דאָס פאָלק צו אַ קאָנגרעס. יענער צוזאַמענפאָר, אָדער אַסאַמבלעאַ כענעראַל אין שטעטל פלאָרידאַ האָט דערקלערט קלאָר און דייטלעך אַז אורוגוויי באַפרייט זיך פולשטענדיק פונעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, פונעם אימפּעראַטאָר פון בראַזיל און פון יעדער אַנדערער מאַכט אין דער וועלט.

ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו בלייבן פאַרבונדן מיט די אַנדערע פּראָווינצן פון זיד-אַמעריקע און שיקן דעלעגאַטן צום קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס (25טן אויגוסט 1825).

עס האָט זיך איצט געהאַנדלט אין אָננעמען אַ שטעלונג פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און אַזעלכע איז פונעם קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס אָנגענומען געוואָרן. דער קאָנגרעס האָט געשיקט אַ נאָטע צו דער בראַזיליענער רעגירונג, אין וועלכער ס'איז קלאָר דערקלערט געוואָרן אַז די פּראָווינץ אָריענטאַל האָרף עוואַקואירט ווערן פון די פּאָרטוגעזער, ווייל יענע טעריטאָריע איז אַ טייל פון די פאַרבינדעטע פּראָווינצן. ס'איז דערביי געמאַכט געוואָרן די דערקלערונג, אַז דער קאָנגרעס נעמט אַף זיך די פאַרטיידיקונג און זיכערקייט פון אָריענטאַל.

אַלס ענטפער אַף דער נאָטע פונעם קאָנגרעס פון בוענאָס איירעס, האָט בראַזיל, דעם 10טן דעצעמבער 1825, דערקלערט קריג די פאַרייניקטע פּראָווינצן, און קורץ נאָך דעם (יאַנואַר 1826) האָט אַרויסמאַרשירט די אַרגענטינער אַרמיי אין קאַמף קעגן די פּאָרטוגעזער.

## מלחמה-צוגרייטונגען

אין אָריענטאַל האָט די אַרמיי פון לאַוואַזשעכאַ אָפּגעהאַלטן באַדייטנדע זיגן איבער די בראַזיליענער. איין זיג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין רינקאָן דע האַעדאָ (24טן סעפּטעמבער) און אַ צווייטער אין סאַראַנדי (12טן אָקטאָבער 1825). די דאָזיקע זיגן זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט

גרויס פרייד אין בוענאָס איירעס, און מען האָט אָנגעהויבן איילִיק צו־גרייטן אַן אַרמיי און פלאָט קעגן די בראַזיליענער.

בראַזיל האָט געהאַט אַ גוטן קריגס־פלאָט, אָבער ווייניק מיליטער, און זי האָט געהאַט זייער ווייניק שאַנסן צו זיגן איבער דער פאַריי־ניקטער אורוגווייער־אַרגענטינער אַרמיי. ס'איז דאַריבער אונטערגעקומען מיט הילף דער עסטרייכישער אימפּעראַטאָר אַריינשיקנדיק צו זיין איי־דעם דעם בראַזיליענער נייעם אימפּעראַטאָר פּעדראָ 1טן אַן אַרמיי פון 5.000 מאַן, מיט די אָפיצירן און שעפן, אָנגעפירט פון גענעראַל וויל־העלם בראַון.

גענעראַל לאַס העראַס ווידער, דער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוע־נאָס איירעס האָט אויך אָרגאַניזירט אַן אַרמיי, אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מאַרטין ראָדריגעז, און אויך צוגעגרייט אַ פלאָט אונטער דער קאָמאַנדע פון גיזשערמאָ בראָון.

## ריוואַדאַוויאַ פּרעזידענט

די פּאָליטישע לאַגע האָט איצט געפאָדערט איינִיקייט, אָבער די פּראָ־ווינציעלע קאַודיזשאָס האָבן זיך געהאַלטן פעסט בא זייערע אויטאָנאָמע רעכטן. דער קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס האָט פאַרשטאַנען אַז ווען דאָס לאַנד געפינט זיך אין געפאַר פון מלחמה דאַרפן אַלע פּראָווינצן שטעלן צו דינסט אויב נישט אַלע רעקורטן איז ווייניקסטנס אַ טייל פון זייער מיליטער. דאָס האָבן אָבער די גובערנאַטאָרס פון די מייסטע פּראָ־ווינצן נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַזוי אַז דער רוף פון לאַס העראַס נאָך מיליטער איז געבליבן אומבאַענטפערט אין די מייסטע פּראָווינצן.

דער קאָנגרעס האָט דערנאָך געמאַכט אַ נייעם שריט פאַר איינִי־קייט, און אויך דער איז נישט געלונגען. בא דער זיצונג פונעם 6טן פע־ברואַר 1826 האָט דער קאָנגרעס באַשטימט די איינשטעלונג פון אַ נאַ־ציאָנאַלער רעגירונג, מיט אַ מלוכה־שעף מיטן טיטל פון פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. און אַזוי ווי ריוואַדאַ־וויאַ האָט זיך געהאַט אומגעקערט צוריק מיט אַ פּאָר חדשים פון איי־ראָפּע, און ער איז באַטראַכט געוואָרן אַלס דער פּאַסיקסטער מלוכה־שעף, האָט דער קאָנגרעס אים באַשטימט אָפן דאָזיקן פּאָסטן. נאָר אַזוי ווי ריוואַדאַוויאַ איז געווען אַן אוניטאַריער, איז דאָס נישט געפעלן די פעדעראַלן.

דעם 8טן פעברואַר 1826 האָט ריוואַדאַוויאַ איבערגענומען אין סאַ־לאָן פון דער פעסטונג דעם אַמט פון ערשטן פּרעזידענט. באַם אַקט זיינען בייגעווען הויכע מלוכה־מענער, גייסטלעכע און פּאָליטיקער. דער גובער־

נאָטאָר לאַס הערעס האָט איבערגעגעבן ריוואַדאַוויאַן די מלוכה־מאַכט און ס׳זיינען געהאַלטן געוואָרן פייערלעכע רעדעס.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ריוואַדאַוויאַ צוגעשטעלט אַ געזעץ־פּראָיעקט דעם קאָנגרעס, דורך וועלכן ס׳ווערט דערקלערט בוענאָס איירעס אַלס הויפּטשטאָט פון לאַנד.



בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ

דער מיניסטער אַגועראָ האָט אין פאַרטיידיקונג פון דאָזיקן געזעץ־פּראָיעקט דערקלערט, אַז „די הויפּטשטאָט דאַרף זיין דער צענטער, דורך וועלכן ס׳זאָלן דורכגיין אַלע הילפסמיטלען, אַלע רעקורסן, אַלע דערלייכטערונגען און אויסבעסערונגען, אַף צו שאַפן וואוילשטאַנד און פאָרשריט אין אַלע ערטער, נאָך די גרויסע קרבנות וואָס אַלע האָבן געבראַכט״.

דער רעשט פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט באַדאַרפט בלייבן אַ נייע פּראָווינץ, אָבער צייטוויילִיק זאָל זי בלייבן אָפּהענגיק פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

ריוואַדאַוויאַ האָט באַלד געבילדעט אַ מיניסטאָרן קאַבינעט, אין וועלכן ס'זיינען אַריין כוליאַן סעגונדאָ דע אַגועראָ אַלס אינערן און אויסערן מיניסטער, סאַלוואַדאָר מאַריאַ דעל קאַרריל, פינאַנצן און גענעראַל אַלוועאַר, קריג און פלאָט.

די לעגיסלאַטור פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז אויפגעלייזט געוואָרן.

דורך יענעם געזעץ וועגן בוענאָס איירעס אַלס נאַציאָנאַלע הויפּטשטאָט און אַז דער רעשט טעריטאָריע זאָל בלייבן אונטער דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעם 4טן מערץ 1826, האָט לאַס הערעראַס באַדאַרפט אויפהערן צו זיין גובערנאַטאָר. ער האָט זיך קעגן דעם געקלאָגט באַם פּרעזידענט ריוואַדאַוויאַ, און דערנאָך באַם קאָנגרעס, אָבער אָן דערפאָלג. דורך אַ דעקרעט פון דער רעגירונג (דעם 7טן מערץ) איז לאַס הערעראַס געבליבן באַזייטיקט פון דער מאַכט.

לאַס הערעראַס האָט אין יענעם מאָמענט אַרויסגעוויזן דעם זשעסט פון אַ גרויסן פּאַטריאָט. זיך פילנדיק באַליידיקט, און אומצופרידן מיטן נייעם גאַנג פון דער מלוכה, האָט ער, דער פעדעראַליסט, נישט אונטערגענומען קיין קאַמף קעגן קאָנגרעס און ריוואַדאַוויאַ, נאָר האָט זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון פּאָליטישן לעבן. ער האָט פאַרלאָזט די „פעסטונג" (מלוכה־הויז), האָט פאַרלאָזט בוענאָס איירעס און אָפּגעפאָרן קיין טשילע, און זיך מער נישט אומגעקערט קיין אַרגענטינע. אין 1826 האָט ער חתונה געהאַט מיט דער אַריסטאָקראַטישער דאַמע קאַרמען לאַרראַין, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקאַנט נאָך אין 1813, און ער איז געבליבן אין טשילע ביזן טאָג פון זיין שטאַרבן אין עלטער פון 86 יאָר, דעם 6טן פעברואַר 1860. זיין אַש איז אין יאָר 1906 געבראַכט געוואָרן מיט דער קריגס־שיף „25 דע מאַזשאָ" און געלייגט געוואָרן נעבן אָרון פון סאַן מאַרטין. דער אָנדענק פון לאַס הערעראַס איז פאַרייביקט אין מאָנומענטן, גאַסן און פּלאַצאַס וואָס ווערן גערופן אויפן נאָמען פונעם גרויסן מיליטער־שעף און מלוכה־שעף.

דער באַשלוס פונעם קאָנגרעס וועגן דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט אַרויסגערופן אַ שטורם פּראָטעסטן מצד די פעדעראַלן, און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ באַוועגונג קעגן ריוואַדאַוויאַ. אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג האָט זיך געפונען דער קאָראָנעל מאַנועל דאָררעגאָ, וועלכער האָט אונטערגענומען אַ קאַמפּיין אין אַ נייער צייטונג, וואָס ער האָט צו דעם צוועק געגרינדעט מיטן נאָמען „על טריבונאָ".

עס האָט זיך געשאַפן פאַר ריוואַדאַוויאַן אַ שווערע לאַגע. פון איין זייט די מלחמה מיט בראַזיל, פון דער אַנדערער זייט דער קאַמף פון די פעדעראַלן און פון דער דריטער זייט די רעגירונגס זאָרגן. ריוואַדאַוויאַ

האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרויסן פּלאַן פון אַרבעט, אָבער ער איז שטאַרק געשטערט געוואָרן אין דער אויספירונג פון זעלבן. דאָך האָט ער אַ סך אויפגעטון אין דעם קורצן רעגירונגס־פּעריאָד פון 17 חדשים. איינס פון די וויכטיקסטע געזעצן וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעמאָלט איז געווען דאָס אַגראַר־געזעץ, באַקאַנט אַלס „ענפיטעוסיס".

## די מלחמה קעגן בראַזיל

דער גענעראַל לאַס העראַס האָט נאָך אין אויגוסט 1825, ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, צוגעגרייט אַן אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מאַרטין ראָדריגעז. יענץ מיליטער איז באַשטאַנען פון 8.000 מאַן און געווען קאָנצענטרירט אַפן ענטרע ריאָסער ברעג באַם טייך אורוגווײ. אין יאַנואַר 1826 איז יענע אַרמיי אַריבער אַף דער אַנדערער זייט טייך, זיך שאַפנדיק אַ בריקנקאָפּ אַף דער אורוגווייער טעריטאָריע.

גענעראַל אַלוועאַר, דער נייער קריגס־מיניסטער אין ריוואַדאַוויאַס רעגירונג, האָט געשאַפן אַ פרישע אַרמיי, און סוף 1826 אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן די בראַזיליענער. אַלוועאַר גופא האָט איבערגענומען דאָס מיליטער וואָס מאַרטין ראָדריגעז האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע און די באַוואָפנטע כוחות זיינען צעטיילט געוואָרן אין דריי דיוויזיעס. דעם ערשטן קאָרפּוס, וועלכער איז געווען דער אַוואַנגאַרד, האָט אָנגעפירט גענעראַל לאַוואַזשעכאַ. דעם צווייטן האָט אָנגעפירט גענעראַל אַלוועאַר און גענעראַל מאַנסיזשאַ, און דעם דריטן קאָרפּוס האָט קאָמאַנדירט גענעראַל סאָלער. די אַרמיי אינגאַנצן איז באַשטאַנען פון אַרום 6.000 מאַן, און די שעפן זיינען געווען די בעסטע וואָס אַרגענטינע האָט געהאַט: בראַנדסען, כאַסע מ. פּאַז, לאַוואַזשע, אַלאַוואַריאַ, אַריבע. די בראַזיליעניש־עסטרייכישע אַרמיי איז באַשטאַנען פון אַרום 10.000 מאַן, און געווען קאָמאַנדירט פון עסטרייכישן מאַרשאַל בראַון.

אין ערשטן קאַמף האָט מאַנסיזשאַ צעקלאַפּט די בראַזיליענער אָנגעפירט פון בענטאָס מאַנועל אין אָמבו (13טן און 16טן פעברואַר 1827), און לאַוואַזשע האָט געשלאָגן דעם פיינט אין באַקאַקאַי (אָדער וואַקאַקאַי). אַלוועאַר ווידער האָט געזיגט אין באַגעי (אָדער באַדזשע), סאַן גאַבריעל און סאַנטאַ טעקלאַ.

אַלוועאַר האָט דאַסמאָל אויסגענוצט אַ סטראַטעגישן טרוק. וועלנדיק אויסנוצן גוט זיין קאַוואַלעריע האָט ער געזוכט אַ פלאַך לאַנד. צו דעם האָט ער געמאַכט אייניקע סטראַטעגישע צוגן און איבערגעלאָזט אונטערוועגנס דאָ און דאָרט קריגס־מאַטעריאַלן, בכדי דער שונא זאָל מיינען אַז ער אַנטלויפט. דער בראַזיליענער קאָמאַנדאַנט האָט עס ווירקלעך אַזוי

אַנגענומען, און אָנגעהויבן פאַרפאָלגן אַלוועאַרן מיט זיין אַרמיי. דאָס האָט געדויערט אַזוי אַ פּאָר טעג. קומענדיק אָבער אין טאָל פון איטו־סאַינגאָ האָט אַלוועאַר געלאָזט צוגרייטן די אַרמיי צום קאַמף. ס׳זיינען געווען דאָרט 7.000 מאַן אַרגענטינער און 9.000 בראַזיליענער. אַלוועאַר האָט מיטאַמאָל זיך געוואָרפן מיט גרויס שטורם אַף די בראַזיליענער




די מלחמה מיט בראַזיל

און נאָך אַ קאַמף פון זעקס שעה איז די בראַזיליענער אַרמיי געבליבן אינגאַנצן צעשמעטערט (דעם 20טן פעברואַר 1827) און געמוזט אונטער־נעמען דעם ריקצוג. די אַרגענטיניש־אורוגווייער אַרמיי האָט פאַרלוירן אין יענער שלאַכט 500 מאַן, צווישן זיי די קאָראָנעלן בראַנדסען און בע־סאַרעס. די בראַזיליענער ווידער האָבן פאַרלוירן 1.200 מאַן, קאַנאָנען, פאָנען און דעם גאַנצן באַגאַזש.

איצט האט אלוועאר געהאט די בעסטע געלעגנהייט צו פארענדיקן די מלחמה מיט א פולשטענדיקן זיג דורך א מארש ביז ריא גראנדע און פארנעמען יענע פראווינץ. ער האט אבער נישט געהאט גענוג מיליטער און קריגס-מאטעריאלן, ווייל דורך די אינערלעכע רייסערייען האבן די פראווינצן נישט געוואלט אונטערקומען מיט מיליטערישער הילף. ער האט דעריבער זיך צוריקגעצויגן ביזן שטעטל מעלא און דארט איינגעארדנט דעם קווארטיר און געבליבן אומאקטיוו ביז סוף 1827.

אין דערזעלבער צייט וואס אלוועאר האט געקעמפט אף דער יבשה, האט אדמיראל בראון אפגעהאלטן זיגן אף די וואסערן. די ארגענטינער קריגס-שיפן האבן אין פעברואר 1826 אפגעהאלטן דעם ערשטן זיג איבער די בראזיליענער בא פונטא לארא. א צווייטער זיג, פון גרויס באדייטונג איז אפגעהאלטן געווארן דעם 9טן פעברואר 1827 באם אינדזל כונקאל. דארט האט אדמיראל בראון דערגרייכט אז ס'זאלן זיך אונטערגעבן 15 שיפן און ס'איז גענומען געווארן געפאנגען דער קאמאנדאנט סענא פערעירא. דערדאזיקער זיג איז אויפגענומען געווארן אין בוענאס איירעס מיט אויסערארדנטלעכער פרייד. ס'זיינען דורכגעפירט געווארן גרויסע פעסטלעכקייטן, ס'זיינען אויפגעשטעלט געווארן טריומףטויערן, ס'האט געשפילט מוזיק און עס האבן געקלונגען די קירכן-גלעקער. דער קאנגרעס האט באשטימט צו שאפן אן ערן-גערב פאר די מאטראזן מיט דער אויפשריפט „רום די זיגער אין די וואסערן פון אורוגוויי דעם 9טן פעברואר 1827”.

ס'זיינען שפעטער פארגעקומען נאך ים-שלאכטן און בא איינער אזא שלאכט נעבן קילמעס (24טן פעברואר) איז אויפגעריסן געווארן א בראזיליענער קריגסשיף מיט 120 מאן. א גרויסע נידערלאגע האט אויך געליטן דער בראזיליענער פלאט באם אויסגוס פון ריא נעגרא. ס'זיינען אפגענומען געווארן אייניקע קריגס-שיפן, און אנדערע זיינען געשעדיקט געווארן.

די דאזיקע זיגן זיינען אויפגענומען געווארן מיט גרויס פרייד אין בוענאס איירעס, אבער מען האט פון זיי געקאנט ווייניק געניסן איבער דער נייער צעריסנקייט אין אינערן פון לאנד.

## די קאנסטיטוציע פון 1826

דער קאנגרעס אין בוענאס איירעס וואס האט, אזוי צו זאגן, רעפרעזענטירט דאס גאנצע לאנד, האט אף זיך גענומען די ארבעט צו שאפן א קאנסטיטוציע. אזעלכע פרואוון, ווי באוואוסט זיינען שוין געמאכט געווארן דורך די קאנגרעסן פון 1813 און 1816, און באם לעצטן האט מען

געהאַט געענדיקט דערמיט, אַז די פראַגע פון רעגירונגס־פאָרם זאָל בלייבן אָפן שפּעטער. איצט איז באַם קאָנגרעס ענדלעך נאָך לאַנגע דיסקוסיעס דעם 24טן דעצעמבער 1826 אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע, באַשטימענדיק אין איר אַן **אוניטאַרן** רעזשים.

די דעבאַטן אַרום דער רעגירונגס־פאָרם זיינען געווען שאַרפע און צולעצט איז די פראַגע צוגעשטעלט געוואָרן די פּראָווינצן, אָפּ צו באַשטימען דורך זייערע לעגיסלאַטורן אָדער ראַטן און דער ענטפער פון דיזעלבע איז געווען פאָלגענדער:

1) **פאַר אַ פעדעראַציע:** ענטרע ריאָס, סאַנטאַ פע, קאָרדאָבאַ, מענדאָזאַ, סאַן כואַן און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ.

2) **פאַר אוניטאַריזם** (אַן איינהייטלעכן רעזשים): טוקומאַן, סאַלטאַ, כוכוי און ריאָכאַ.

3) **פאַר דעם באַשולס פון קאָנגרעס,** דאָס הייסט איינשטימיק מיט דעם וואָס דער קאָנגרעס וועט אָננעמען: קאָריענטעס, קאַטאַמאַרקאַ, סאַן לואיס, מאָנטעווידעאָ און טאַריכאַ.

4) **אָפּגעהאַלטן פון שטימען:** בוענאָס איירעס און מיסיאָנעס.

באַ די דיסקוסיעס האָבן אָבער די מייסטע דעלעגאַטן דערוויזן, אַז אויב וועלכע פּראָווינץ איז קעגן אוניטאַריזם, איז דאָס נישט די שטימע פון פאָלק נאָר פון די קאַודיזשאָס. דאָס פאָלק וויל אומעטום איינהייט און איינהייטלעכקייט, בלויז די קאַודיזשאָס ווילן אַ פעדעראַלן רעזשים, בכדי צו קאָנען בלייבן באַ דער מאַכט מיט אויטאָנאָמע רעכטן.

דער קאָנגרעס האָט געהאַט אַרויסגעשיקט דעפּוטאַטן איבער די פּראָווינצן אויפצוקלערן די באַדייטונג פון דער קאָנסטיטוציע, און פון די באַריכטן וואָס די דאָזיקע דעפּוטאַטן האָבן דערנאָך אָפּגעגעבן איז געווען צו זען אַז די קאַודיזשאָס און נישט דאָס פאָלק איז קעגן דער אוניטאַרער רעגירונגס־פאָרם. דער דעפּוטאַט פון כוכוי, דר. גאָרריטי, וועלכער האָט באַזוכט קאָרדאָבאַ, האָט דערקלערט:

„די אויטאָריטעטן פון קאָרדאָבאַ (די קאַודיזשאָס) זיינען קעגן דער קאָנסטיטוציע, נישט ווייל עס געפעלט זיי נישט די רעגירונגס־פאָרם, נאָר ווייל עס געפעלט זיי נישט בכלל די קאָנסטיטוציע. זיי זיינען קעגן יעדער זאַך וואָס פאָדערט אָרדנונג. זיי ווילן אַז ס'זאָל ווייטער אָנהאַלטן די אומאָרדנונג: זיי ווילן באַלעבאַטעווען איבערן לאַנד און איבערן פאָלק. פון די שמועסן וואָס איך האָב געהאַט מיט פּערזענלעכקייטן האָב איך אַרויסגענומען אַז דאָס פאָלק פון קאָרדאָבאַ קוקט אַרויס מיט שפּאַנונג אַז ס'זאָל אָנגענומען ווערן די קאָנסטיטוציע".

דער דעפּוטאַט פּאַרטיזשאַ פאַרטיידיקנדיק דעם פּראָיעקט פון אוניטאַרן רעזשים האָט דערקלערט:

„אויב עמיץ איז פאַר דער פעדעראַציע, זיינען עס די גובערנאַטאָרס וואָס טיראַניזירן זייערע פּראָווינצן. זאָלן זיי בלויז אָוועקלייגן דעם שטעקן אַף אַ שטיק צייט, וועט מען זען וואָס דאָס פאָלק וויל. זאָלן זיי אָוועקלייגן דעם שטעקן און לאָזן דעם פאָלק זיך אַרויסזאָגן פריי, וועלן מיר זען צי דאָס פאָלק וויל אַ פעדעראַציע".

דער דעפּוטאַט גענעראַל לוסיאָ מאַנסיזשאַ, ענטפערנדיק אַף אַ רעדע פונעם דעפּוטאַט גאַליסטעאָ, האָט געזאָגט:

„מען זאָגט אַז די פּראָווינצן זיינען צוגעגרייט צו אַ פעדעראַציע. מען וויל שאַפן דאָרט אייגענע אויטאָריטעטן. זאָל־זשע מיר זאָגן דער דעפּוטאַט פון סאַנטאַ פע צי איז פאַראַנען אין יענער פּראָווינץ אַ ריכטער אַף אָנצופירן די יוסטיץ". — גאַליסטעאָ האָט געענטפערט דאַרויף „נישטאָ!" — „דאָס הייסט אַז ס'איז נישטאָ" — האָט גענעראַל מאַנסיזשאַ געזאָגט. — „נישטאָ אויך אַזעלכעס אין ענטרע ריאָס, וואו עס פירט אָן מיט דער יוסטיץ אַ פראַנציסקאַנער גייסטלעכער. נישטאָ אין מיסיאָנעס; נישטאָ אין קאָריענטעס. אַרום 150.000 איינוואוינער האָבן נישט קיין איין ריכטער. און פונקט ווי אין געריכטס־וועזן אַזוי איז עס אויך מיט דער געזעצגעבונג. ס'זיינען פאַראַנען בלויז אין דריי אָדער פיר פּראָווינצן לעגיסלאַטורן, און יענע פּראָווינצן זיינען עס גראָד די וואָס זיינען פאַר אַן אוניטאַרן רעזשים".

ס'איז צולעצט אָנגענומען געוואָרן די אוניטאַרע רעגירונגס־פאָרם.

אינעם אַרטיקל 7 פון דער אָנגענומענער קאָנסטיטוציע האָט זיך געזאָגט:

„די אַרגענטינער נאַציע נעמט אָן אַלס רעזשים די **רעפּרעזענטאַטיווע, רעפּובליקאַנער פאָרם**, באַפעסטיקט דורך איינהייטלעכקייט אין דער רעגירונג".

און אין באַצוג צו די פּראָווינצן האָט זיך אינעם אַרטיקל 130 געזאָגט:

„אין יעדער פּראָווינץ וועט זיין אַ גובערנאַטאָר, וואָס וועט רעגירן, אונטערן קאָנטראָל פונעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק".

אין אַרטיקל 132 האָט זיך געזאָגט אַז די גובערנאַטאָרס וועלן באַשטימט פונעם פּרעזידענט, אָבער די דערוויילונג וועט זיין דורכן פאָלק. ס'איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט יעדער פּראָווינץ אויסצוקלויבן אָדער רעקאָמענדירן אַ גובערנאַטאָר, און דער פּרעזידענט האָט געדאַרפט צושטימען צו זיין דערוויילונג.

אַ גרויסער טייל פון די אַרטיקלען פון דער קאָנסטיטוציע פון 1826 איז איבערגענומען געוואָרן דורכן קאָנגרעס פון 1853 און אַריין אין דער קאָנסטיטוציע פון דערמאָנטן יאָר און גילטן נאָך ביז היינט.

די קאָנסטיטוציע בכלל איז געוועזן אָנגעמבאַר פאַר אַלע, אָבער דער

פונקט וועגן דער רעגירונגס-פאָרם האָט באַדייט אָפּצונעמען די מאַכט באַ די קאַודיזשאָס וואָס האָבן זיך געהאַלטן אַלס גובערנאַטאָרס איבער זייער פּראָווינצן, און דאַריבער האָט זיך אויפגעהויבן אין אינערן אַ נייער קאַמף קעגן בוענאָס אײַרעס, שאַפנדיק אַ נייעם כאַאָס אין לאַנד.

## פאַקונדאָ קיראָגאַ

די ערשטע וואָס האָבן זיך געבונטעוועט קעגן בוענאָס אײַרעס, קעגן קאָנגרעס און קעגן ריוואַדאַוויאַ זיינען געווען די גובערנאַטאָרס פון קאָר־ראָבאַ און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, דאָס הייסט בוסטאָס און איבאַראַ. זיי האָבן זיך דערקלערט דורכויס קעגן ריוואַדאַוויאַ און דעם אוניטאַ־ריזם. באַלד איז אונטערגעקומען דער נייער קאַודיזשאָ פאַקונדאָ קיראָגאַ, און ער האָט מיט זיינע מחנות אַראָפּגעזעצט דעם גובערנאַטאָר פון קאַ־טאַמאַרקאַ, גענעראַל לאַ מאַדריד, און דערנאָך פאַרפירט אַ קאַמף, אין וועלכן דאָס מיליטער פון לאַ מאַדריד איז אין טאַלאַ (27טן אָקטאָבער 1826) באַזיגט געוואָרן. דערנאָך האָט פאַקונדאָ קיראָגאַ אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן, פעדראָ דעל קאַררִיל, אַן אונטערטאַרער, און באַזיגט אים.

קיראָגאַ הויבט זיך אויף אַלס רעפּרעזענטאַנט פון דער רעאַקציע אין שאַפט אַן אַנאַרכיע ווייט און ברייט אין לאַנד, און ער קעמפט אין נאָמען פון אַ פּרינציפּ וואָס קיינער פאַרשטייט אים נישט, און ער איז קעגן ריוואַדאַוויאַ, קעגן קאָנגרעס, קעגן דעם גאַנצן לאַנד. ער איז קעגן בוענאָס אײַרעס, קעגן צוזאַמענאַרבעט, קעגן דער ציוויליזאַציע, קעגן דער מענטשהייט, קעגן אַלעם. קיראָגאַ שטירצט די גובערנאַטאָרס פון קאַטאַמאַרקאַ, טוקומאַן און סאַן כואַן, און לאָזט זיך אָפּ מענדאָזאַ. ער באַפעסטיקט דאָרט אין דער מאַכט אַלדאַאָ און קערט זיך אום אין נאָרדן פון לאַנד, וואו גענעראַל אַרענאַלעס איז אונטערגעקומען מיט הילף פון סאַלטאַ פאַר לאַ מאַדרידן.

מיט דער הילף פון אַרענאַלעס פאַרנעמט לאַ מאַדריד ווידער דעם גובערנאַטאָר-פּאָסטן אין טוקומאַן, און גוטיערעז ווערט צוריק גובערנאַ־טאָר אין קאַטאַמאַרקאַ, אָבער קיראָגאַ נעמט אונטער אַ נייעם קאַמף קעגן לאַ מאַדריד און באַזיגט אים אין אַ שלאַכט אין רינקאָן.

כואַן פאַקונדאָ קיראָגאַ, לאָזט אַרויס אַ קריגס-מאַניפעסט קעגן דעם פּרעזידענץ-רעזשים, און אונטער דער לאָזונג „רעליגיע אָדער טויט” הויבט ער אויף אַ שוואַרצע קאַמפּס-פאָן, דערקלערנדיק אַז ער גייט אין קאַמף „אין פאַרטיידיקונג פון דער רעליגיע קעגן דער לאָזשע פון די קעצערס אונטערן פאָרזיץ פון ריוואַדאַוויאַ און בוענאָס אײַרעס”.

אין סאַלטאַ. אין דער פּראָווינץ פון מאַרטין גועמעז מיט זיינע גאַר־טשאָס, וואו עס האָט איצט געהערשט גענעראַל אַרענאַלעס, האָט זיך אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד אָנגעפירט פון קאָראָנעל פּאַטשי גאַררימי און מאַנועל פּוטשע. אין אַ פאַרגעקומענער שלאַכט ווערט גענעראַל אַרע־נאַלעס באַזיגט. ער ציט זיך צוריק און פאַרט אָפּ קיין באָליוויע.

## שלום-פאַרהאַנדלונגען מיט בראַזיל

דורך דער נייער צערודערונג אין אינערן איז עס ריוואַדאַוויאַן אומ־מעגלעך געווען צו בלייבן ווייטער אין מאַכט. ער האָט איצט פאַר זיך געהאַט בלויז די איינע ברירה: שלום מיט בראַזיל, בכדי צו קאָנען דער־נאָך באַנוצן דאָס מיליטער צו באַהערשן די קאַודיזשאָס, אָדער דימי־טירן. מעגלעך, אַז ווען ער וואָלט באַלד דימיטירט וואָלטן אייניקע קאַו־דיזשאָס געענדערט זייער שטעלונג, און וואָלטן געגעבן מיליטער אַף צו קאָנען אָנפירן ווייטער די מלחמה מיט בראַזיל, ביז אַ פולשטענדיקן זיג. מעגלעך אָבער אויך אַז די קאַודיזשאָס האָבן נישט בדעה געהאַט מער צו שטיצן בוענאָס איירעס. וויאַזוי עס וואָלט געווען קאָן מען אָבער פאַר־שטיין פון דעם וואָס איז געוואָרן נאָך דעם ווי ריוואַדאַוויאַ האָט דער־נאָך דימיטירט; די קאַודיזשאָס זיינען געבליבן פעסט בא זייער אומאָפּ־הענגיקייט, און אַזוי האָט עס אויך ריוואַדאַוויאַ פאַרויסגעזען. ער האָט דעריבער באַשלאָסן ליבערש צו פרואוון שליסן שלום מיט בראַזיל.

ס'איז געשיקט געוואָרן קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ מאַנועל כאָסע גאַר־סיאַ, און נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט דער דיפּלאָמאַטישער שליח געשלאָסן פרידן מיט בראַזיל. דער פּרעלימינאַרער פרידנס־אָפּמאַך וואָס איז אונטערצייכנט געוואָרן דעם 24טן מאַי 1827 האָט געהאַט פאָלגענ־דע פּונקטן:

„די רעפּובליק אַרגענטינע זאָגט זיך אָפּ פון אַלע רעכטן, וואָס זי וואָלט געקאָנט פּרעטענדירן אַף דער פּראָווינץ אָריענטאַל.

„די פּראָווינץ אָריענטאַל דאַרף האָבן אייגענע אויטאָריטעטן, אָבער אונטערן פאַרזיץ פונעם אימפּעראַטאָר פון בראַזיל" (וואָס דאָס מיינט אַ מין פּראָטעקטאָראַט).

גאַרסיאַ האָט זיך אומגעקערט אין יוני קיין בוענאָס איירעס, און ער האָט דעם שלום־אָפּמאַך, וואָס איז אין אמתן געווען אַ דערנידערקנ־דיקער פאַר אַרגענטינע, פאַרטיידיקט מיט פאָלגענדן: 1) אַז דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס מ'האָט געקאָנט פועלן באַם בראַזיליענער אימ־פּעראַטאָר פעדראָ; 2) אַז ער האָט מינדלעך באַקומען אינסטרוקציעס צו דערגרייכן וואָס פאַר אַ ניט איז שלום, בכדי ס'זאָל קאָנען פאַרענדיקט

ווערן מיט די באַרבאַרישע קאַודיזשאָס; 3) אַז ס׳איז נישט מעגלעך צו שאַפן אַ גענוג גרויסע פרישע אַרמיי צו דער פאָרזעצונג פון דער מלחמה, האָט ער געהאַלטן אַלס פּאַטריאָטישן חוב בעסער צו שליסן אַזאַ שלום איידער ס׳זאָל פאַרגעזעצט ווערן די מלחמה; 4) אַז באַנדאַ אָריענטאַל איז קיינמאָל נישט געוועזן אַרגענטיניש, און מאָנטעווידעאָ וואָס האָט געבעטן הילף קעגן די בראַזיליענער, וועט מאָרגן בעטן הילף אין בראַזיל קעגן אַרגענטינע; 5) אַז וועז אַפילו ס׳איז נישט דערגרייכט געוואָרן איצט די באַפרייונג פון באַנדאַ אָריענטאַל, איז אָבער געמאַכט געוואָרן אַ וועג צו איר אומאָפּהענגיקייט, ווייל אינעם אָפּמאַך זאָגט זיך אַז „אָריענטאַל איז נישט קיין בראַזיליענער פּראָווינץ, נאָר אַ גובערניע מיט אייגענע אויטאָריטעטן, אונטערן פּאָרזיץ פונעם אימפּעראַטאָר, אומאָפּהענגיק פון בראַזיליענער אויטאָריטעטן", וואָס מיינט אין דער פּאָליטישער שפּראַך „אַ פּראָווינץ פון דער קרוין, און נישט אַ פּראָווינץ פון דער אימפּעריע", און דורך דעם איז באַזייטיקט די פראַגע פון אַנעקסיע. אויסערדעם האָט גאַרסיאַ דערקלערט, אַז ער האָט נישט געמאַכט קיין אומפאַריכטבאַרן שריט, ווייל עס בלייבט נאָך אַלץ אין דער האַנט פונעם פּרעזידענט דעם אָפּמאַך אָנצונעמען אָדער אָפּצוּוואַרפן.

## ריוואַדאַוויאַ דימיטירט

דער שלום־אָפּמאַך וואָס גאַרסיאַ האָט דערגרייכט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אומצופרידנקייט אין בוענאָס איירעס. ריוואַדאַוויאַ האָט אים אויך אָפּגעוואָרפן דורך אַ דעקרעט (פון 25טן יוני 1827).

ריוואַדאַוויאַ האָט אייגנטלעך געקאָנט אויסנוצן דעם שלום־אָפּמאַך, אָף צו קאָנען אונטערנעמען אַ קאַמפּיין קעגן די קאַודיזשאָס און ער זאָל בלייבן בּאַ דער פּרעזידענץ. ער האָט דאָס אָבער נישט געוואָלט. פאַרשטייענדיק אַז קיין בעסערן, ערנווירדיקערן שלום־אָפּמאַך מיט בראַזיל וועט ער שוין נישט דערגרייכן, און קיין מעגלעכקייט צו זיכערן די אייניקייט פון לאַנד האָט ער נישט, האָט ריוואַדאַוויאַ באַשלאָסן זיך צוריקצוציען פון דער רעגירונג, און ער האָט דעם 27טן יוני 1827 אַריינגעשיקט דעם קאָנגרעס זיין דימיסיע.

ער האָט אין זיין ווענדונג צום קאָנגרעס באַמערקט: „מעגלעך אַז מען וועט נישט האַנדלען מיט גערעכטיקייט צו דער ערנסטקייט און איידלקייט פון מיינע געפילן, איך האָף אָבער אַז שפּעטער וועט די געשיכטע וויניקסטנס עס טון". אין אַ רירנד וואָרט האָט ער זיך אויך געזעגנט מיטן אַרגענטינער פאָלק און אַפּעלירט אויפצוגעבן דעם פאַ־

ליטישן און פּערזענלעכן קאַמף, אָפּשטעלן די בלוטיקע קאַמפן און בילדן אַן איינהייטלעכן שטאַט.

דעם 3טן יולי האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען די דימיסיע פונעם ערשטן קאָנסטיטוציאָנעלן פּרעזידענט, און ריוואַדאַוויאַ איז אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע. ער איז אַוועק אַ צעוויטיקטער, אַנטטוישטער און שווייגנדיקער.

אין 1834 האָט ריוואַדאַוויאַ געפּרואווט זיך אומקערן קיין אַרגענטינע, אָף אָפּצושלאָגן די קלאָגעס וואָס עס האָבן אויפגעהויבן קעגן אים די פעדעראַלן, אָבער מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט קיין בוענאָס איירעס. ער איז אָפּגעפאָרן קיין מערסעדעס און דאָרט געבליבן ביז אָריבע (וועלכער האָט אומגעבראַכט לאַוואַזשען און אַוועזשאַנעדאַן) האָט אים אַרויסגעשיקט. פון מערסעדעס איז ריוואַדאַוויאַ געפאָרן קיין סאַנטאַ קאַטאַלינאַ, דערנאָך קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ און צולעצט קיין קאַדיז, וואו ער איז דעם 2טן סעפּטעמבער 1845 געשטאָרבן.

## בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ

(1845-1780)

געבוירן איז בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ (אָדער ריבאַדאַוויאַ) אין בוענאָס איירעס 1780. דער דאָקטער מאַרקאָס סאַלסעדאָ, אַ גייסטלעכער, איז געוועזן זיין ערשטער דערציער. דערנאָך האָט ער דורכגעמאַכט די סאַן קאַרלאָס הויכשול, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון גייסטלעכע, און דאָ האָט ער געלערנט לאַטיין, רעטאָריק, פילאָזאָפיע, פיזיק און טעאָלאָגיע. אין צייט פון דער ענגלישער אינוואַזיע האָט ער מיטגעמאַכט דעם קאַמף קעגן די אינוואַזאָרן, אָבער באַלד האָט ער אוועקגעלייגט די שווערד און זיך גענומען צו איר ערשט דעם 1טן יאַנואַר 1809, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין שטיצן ליניערסן קעגן אויפשטאַנד פון די שפּאַניער אָנגעפירט פון מאַרטין אַלסאַגאַ. דערנאָך זעט מען ריוואַדאַוויאַן דעם 23טן מאַי 1810 אַלס מיטגליד פונעם קאַבילדאָ אַביערטאָ. אין יאָר 1811 ווערט ער אַריינגעצויגן אין דער רעגירונג, און פון דעמאָלט אָן בלייבט זיין



לעבן פאַרבונדן מיטן מלוכה-לעבן פון זיין פאָטערלאַנד ביז דעם אויפשטאַנד פון די פעדעראַלן קעגן אים. אַ פאַרביטערטער פאַרלאָזט ער בוענאָס איירעס און לעבט דעם רעשט יאָרן אין שפּאַניע, און דאָרט איז ער, אין קאַדיז, דעם 2טן סעפּטעמבער 1845 געשטאָרבן.

דער טויטער קערפּער פונעם גרויסן אַרגענטינער שטאַטסמאַן איז געבראַכט געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער קיין בוענאָס איירעס, און גע־לייגט געוואָרן אַפן בית־עולם פון ריקאָלעטאַ. אין 1932 איז דאָס אַש פון ריוואַדאַוויאַ, דורך דער רעגירונג פון גענעראַל כוסטאַ, אַריבערגעפירט געוואָרן אַף פּלאַסאַ אָנסע, וואו ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ספּע־ציעלער מאַוזיליי.

דער אָנדענק פון ריוואַדאַוויאַ איז פאַרייביקט אין מאָנומענטן, שולן, פּלעצער, גאַסן און פּאַרקן, אַפן נאָמען פון גרויסן פּראָסער.

## בלוטיקע מלחמה צווישן פעדעראַלן און אוניטאַרער

**דער פּאַטריאָט וויסענטע לאָפּעז צייטווייליקער פּרעזידענט. — דאָררעגאָ דערוויילט אַלס גובערנאַטאָר. — שלום מיט בראַזיל. — אומאָפּהענגיקייט פון אורוגוויי. — אויפשטאַנד קעגן דאָררעגאָ. — גענעראַל לאַוואַזשע גובערנאַטאָר. — דאָררעגאָ בעט הילף בא ראָסאַס — קאַמפּיין פון גענעראַל פּאַז אין אינערן.**

דער קאָנגרעס האָט באַלד נאָכן אָננעמען די דימיסיע פון ריוואַדאַ־וויאַ באַשטימט אַלס צייטווייליקן פּרעזידענט וויסענטע לאָפּעז אי פּלאַנעס (5טן יולי 1827). דער צייטווייליקער פּרעזידענט, אַ סימפּאַטישע פּער־זענלעכקייט, וואָס האָט געהאַט דעם צוטרוי פון אַלע, האָט פאַרשטאַנען די געפערלעכקייט פון דער לאַגע, און נישט געהאַט דאריבער קיין אינ־טערעס צו בלייבן בא דער מלוכה־מאַכט. דעם 7טן יולי האָט ער פאַררופן וואַלן אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, אויסצוקלויבן אַ לעגיסלאַטור און די לעגיסלאַטור זאָל אויסקלויבן אַ גובערנאַטאָר.

אַף צו מאַכן אַן ענדערונג אין די מיליטערישע לאַגערס, צו זיכערן מער־ווייניקער די רו אין לאַנד, האָט וויסענטע לאָפּעז אָפּגערופן גענע־ראַל אַלוועאַר פון דער קאָמאַנדע איבערן מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין באַנדאַ אָריענטאַל, און אַף זיין אָרט באַשטימט דעם גענעראַל כואַן אַנטאָניאָ לאַוואַזשעכאַ. אויסערדעם האָט דער צייטווייליקער פּרעזידענט באַשטימט כואַן מאַנועל דע ראָסאַס אַלס גענעראַל קאָמאַנדאַנט פון די קאַוואַלעריע מיליצן (באַקאַנט אַלס רויטע קאַוואַלעריע) אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס. די באַשטימונג פון ראָסאַס אַלס שעף קאָמאַנדאַנט אי־בער דער קאַוואַלעריע איז געווען אין יענעם מאָמענט פון גרויס וויכ־

טיקייט, ווייל יענע קאוואלעריע איז געווען די איינציקע ארמיי וואס איז געשטאנען גרייט צו פארטיידיקן בוענאס איירעס.

דעם 12טן אויגוסט איז זיך צוזאמענגעקומען די לעגיסלאטור און אויסגעקליבן דעם קאראנעל מאנועל דאררעגא (איינער פון די הויפט־באקעמפער פון ריוואדאוויא) אלס גובערנאטאר און גענעראל קאפיטאן פון פראווינץ בוענאס איירעס. אפן צווייטן טאג (דעם 13טן) האט וויסענטע לאפעז איבערגעגעבן איגעם אקטן־סאלאן פון דער פעסטונג די מאכט דאררעגאן.

דערמיט האט זיך געענדיקט די פרעזידענץ־מאכט אין לאנד. בוענאס איירעס האט קאפיטולירט פאר דער פראווינץ.

באלד ווי דאררעגא האט איבערגענומען דעם אמט פון גובערנאטאר, האט דער קאנגרעס זיך אויפגעלייזט, און ס'איז געבליבן ווידעראמאל אויפגעלייזט די נאציאנאלע איינקייט.

דאררעגא האט צוזאמענגעשטעלט א מיניסטארן קאבינעט, אין וועלכן ס'זיינען אריין מאנועל מארענא, דר. כאסע מ. ראכאס און גענעראל כואן ראמאן באלקארסע.

פאר דאררעגאן איז געשטאנען די פראגע פון שלום מיט בראזיל, שלום מיט די פראווינצן און באמיען זיך צו פאררופן א נייעם נאציאנאלן צוזאמענפאר. דאס ערשטע איז ער געקומען צו א פארשטענדיקונג און אפמאך מיט די גובערנאטארס פון קארדאבא, סאנטא פע, ענטרע ריאס און קאריענטעס, אף צו זיכערן דעם שלום פון פראווינץ בוענאס איירעס מיט די שכנישע פראווינצן. דיזעלבע פראווינצן האבן זיך דערביי אויך פארפליכטעט מיטצוהעלפן אין ווייטערדיקן קאמפיין קעגן בראזיל.

עס האט זיך דערנאך אנגעהויבן דער קאמף קעגן די בראזיליענער. דער גובערנאטאר פון סאנטא פע האט ארויסמארשירט מיט אן ארמיי צו מיסיאנעס, און דער שעף פון די 33 אריענטאלער האט זיך געלאזט מיט זיין ארמיי אפן וועג צו ריא גראנדע. ס'זיינען פארגעקומען אויך באלד די ערשטע צוזאמענשטויסן, אבער צו קיין ערנסטער שלאכט איז עס נישט געקומען.

## אורוגוויי בלייבט אפגעזונדערט

די ארגענטינער ארמיי האט מער נישט געהאט קיין גרויסע שעפן, אלוועאר איז געווען באזייטיקט און די אנדערע האבן נישט געהאט דעם ברען פאר גרויסע אקציעס. דאס מיליטער איז אויך נישט געווען גאר גוט באוואפנט און נישט געווען אין א גאר גרויסער צאל. דיזעלבע לאגע

איז געווען בײַ די בראַזיליענער. פון ביידע זייטן האָט געפּעלט מלחמה־גייסט. בראַזיל האָט פאָרגעשלאָגן שלום מיטן באַדינג אַז מאָנטעווידעאָ זאָל בלייבן בראַזיליעניש, אָבער דער פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דאָך וואָלטן וועלן ביידע צדדים דערגרייכן אַ שלום.

אין יענעם מאָמענט איז אונטערגעקומען דער ענגלישער דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער אין ריאָ דע זשאַנעיראָ לאָרד פּאָנסאָמבי און זיך אָנגעבאָטן אַלס פאַרמיטלער צווישן אַרגענטינע און בראַזיל. ענגלאַנד איז געווען פאַראינטערעסירט אַז ס׳זאָל קומען צו אַ שלום צווישן ביידע לענדער, ווייל דורך דער מלחמה איז שטאַרק געשטערט געווען דער האַנדל מיט בוענאָס איירעס. דעם פאָרשלאַג פון פאַרמיטלונג דער רעגירונג פון דאָררעגאָ האָט געמאַכט דער ענגלישער פאָרשטייער אין בוענאָס איירעס מר. פאַריש און דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן. ס׳זיינען באַלד געשיקט געוואָרן קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ (יוני 1828) די גענעראַלן טאָמאַס גידאָ און כואַן ר. באַלקאַרסע, און מיט דער פאַרמיטלונג פון לאָרד פּאָנסאָמבי איז דערגרייכט געוואָרן, דעם 27טן אויגוסט 1828, אַ פרידנס־אָפּמאַך, אין וועלכן ביידע צדדים אַנערקענען די פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פון דער פּראָווינץ אָריענטאַל אין מזרח פונעם טייך אורוגוויי, לאָזנדיק דאָרט דעם פאָלק זיך בילדן אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכה אונטער וואָס פאַר אַ רעגירונגס־פאָרם עס וויל.

אַזוי אַרום איז נאָך דריי יאָר זייט דעם צוזאַמענפאָר אין פלאָרידאַ, וואו ס׳איז געהאַט באַשלאָסן געוואָרן די געהעריקייט פון אָריענטאַל צו די פּראָווינצן פון זיד־אַמעריקע, איצט דורכן פרידנס־אָפּמאַך גענצלעך אָפּגעריסן געוואָרן און דאָס לאַנד איז דערקלערט געוואָרן אומאָפּהענגיק.

## רעוואָלוציע פון די אוניטאַרער

דער פרידנס־אָפּמאַך מיט בראַזיל איז אויפגענומען געוואָרן מיט אומצופרידנקייט אין בוענאָס איירעס. די אוניטאַריער האָבן באַשולדיקט די פעדעראַלן מיט דאָררעגאָ אין דער שפּיץ, אַז זיי זיינען שולדיק אין דעם וואָס די פּראָווינץ אָריענטאַל בלייבט אָפּגעריסן, ווייל וואָלט אַלוועאַר באַקומען די געהעריקע מיליטערישע הילף אין יענעם מאָמענט נאָכן זיג פון איטוסאַינגאָ, וואָלט אַרגענטינע געבליבן מיט דער פּראָווינץ אָריענטאַל.

דעם 22טן סעפּטעמבער 1828 איז פאָרגעקומען אין סאַנטאַ פע אַ צוזאַמענפאָר פון די פּראָווינצן וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט בוענאָס איירעס, און דער צוזאַמענפאָר האָט דעם פרידנס־אָפּמאַך גוט־געהייסן. דעם 4טן אָקטאָבער איז אין מאָנטעווידעאָ דורכגעפירט געוואָרן

די ראַטיפיקאַציע פונעם אָפּמאַך. דער שלום מיט בראַזיל איז אַזוי אַרום געווען געזיכערט. דאַקעגן האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער אינערלעכער קאַמף.

דאָס אַרגענטינער מיליטער וואָס האָט געקעמפט קעגן בראַזיל האָט זיך אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס סוף נאָוועמבער (1828), און די אוניטאַריער, האָבנדיק צו הילף אייניקע מיליטער־שעפן האָבן צוגע־גרייט אַ שטאַטסקלאַפּ. די גענעראַלן כואַן לאַוואַזשע און כאָסע מ פּאַז זיינען גרייט געווען צו באַטייליקן זיך אינעם אויפשטאַנד און שטירצן



גענעראַל כואַן אַנטאָניאָ לאַוואַזשעכאַ



גענעראַל כואַן לאַוואַזשע

דאָררעגאָס רעגירונג, און אָנפירן אַ קאַמפּיין קעגן די קאַודיזשאָס אין די פּראָווינצן, אַף צו דערגרייכן אויפסניי אַ פאַרייניקונג פון די פּראָווינצן אונטער אַן אוניטאַרן רעזשים.

אינעם פאַרטאָג פון 1טן דעצעמבער האָט דאָס מיליטער פון גענע־ראַל לאַוואַזשע פאַרנומען די פּלאַסאַ וויקטאָריאַ (פּלאַסאַ מאַזשאָ). און דער גובערנאַטאָר, גענעראַל דאָררעגאָ, זעענדיק די געפאַר, איז אַנט־לאָפן פון דער פעסטונג דורך אַ הינטער־טיר, און זיך געלאָזט שנעל אַפן וועג צו זיד פון בוענאָס איירעס, אַף צו בעטן הילף בא ראָסאַס, וועלכער האָט זיך געפונען מיט זיין מיליטער אין קאַניועלאַס.

דער שעף פון דער אונטאַרער רעוואָלוציע, גענעראַל לאַוואַזשע, האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע, אין וועלכער ער האָט דערקלערט אַלס אַראָפּגעזעצט דאָררעגאָ און ער האָט גערופן דאָס פאָלק צו פאַרזאַמלען זיך און דורכפירן נייע וואַלן. דער געוועזענער מיניסטער פון ריוואַדאַוויאָס רעגירונג, דר. כוליאַן סעגונדאָ דע אַגוערא, האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַרן פאַרזאַמלטן פאָלק, אין וועלכער ער האָט פאָרגעשלאָגן צו פּראָקלאַמירן דורך אַקלאַמאַציע דעם גענעראַל לאַוואַזשע אַלס גובערנאַטאָר.

ס'איז זיך צונויפגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון נאָטאַבלען אין דער סאַן ראָקע קירכע אין זעלבן טאָג און לאַוואַזשע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס נייער גובערנאַטאָר.

דאָררעגאָ האָט מיט דער הילף פון ראָסאַס אָרגאַניזירט אַן אַרמיי פון אַרום 2.000 רייטערס און אונטערגענומען אַ מאַרש אַף בוענאָס איירעס.

דערוואַרטנדיק אַן אַטאַקע האָט גענעראַל לאַוואַזשע איבערגעגעבן (4טן דעצעמבער) די מאַכט דעם אַדמיראַל בראַון, און צונויפנעמענדיק זיין מיליטער, און אויך דאָס פּריש-צוגעקומענע, האָט ער אַרויסמאַרשירט קעגן דאָררעגאָ און ראָסאַס. דעם 9טן דעצעמבער איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט נעבן נאַוואַראָ און לאַוואַזשע האָט דאָ אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. די באַזיגטע אַרמיי-שעפן דאָררעגאָ און ראָסאַס האָבן זיך דאָ צעשיידט. דער ערשטער איז אַוועק צו נאָרד, צו זוכן הילף בא זיין אינטימען חבר קאָראָנעל אַנכעל פּאַטשעקאָ, און ראָסאַס איז אַוועק קיין סאַנטאַ פע, צו געפינען הילף באַם קאַודיזשאָ לאָפּעז.

## דאָררעגאָ דערשאָסן געוואָרן

גענעראַל דאָררעגאָ האָט זיך געלאָזט אַפן וועג קיין אַרעקאָ, וואו ער האָט גערעכנט אַז עס געפינט זיך זיין פריינט קאָראָנעל פּאַטשעקאָ, און ער וועט אים קומען צו הילף קעגן בוענאָס איירעס. אין אמתן אָבער האָט פּאַטשעקאָ געשטיצט די באַוועגונג פון די אוניטאַריער, און ווען דאָררעגאָ מיט זיין קליינער צאָל סאָלדאַטן האָט אַפן וועג געטראָפן דעם הוזאַרן רעגימענט אָנגעפירט פון קאָמאַנדאַנט עסקריבאַנאָ, האָט דער לעצטער דערקלערט דאָררעגאָן אַז ער באַטראַכט אים נישט אַלס פריינט און נישט אַלס גובערנאַטאָר. עסקריבאַנאָ האָט געלאָזט אַרעסטירן דאָררעגאָן און אים איבערגעשיקט קיין בוענאָס איירעס, אָבער אונטערוועגס האָט די באַגלייטונג פון דאָררעגאָ באַקומען אַ פאָראָרדנונג אָפּצופירן דעם אַרעסטירטן אין לאַגער פון לאַוואַזשע, אין נאַוואַראָ.

מען האָט אין בוענאָס איירעס פאַרשטאַנען אַז לאַוואַזשע וועט לאָזן דערשיסן דאָררעגאָן, און דעריבער האָט אַדמיראַל בראַון געשיקט איי-

ליק אַ בריוו צו לאַוואַזשען, מאַכנדיק אים אויפמערקזאַם אַז ס'איז נישט ווינטשנסווערט אומצובריענגען דעם געוועזענעם גובערנאַטאָר. אַן ענלעכע ווענדונג האָט אויך געמאַכט דער מיניסטער וועלעז סאַרספּיעלד, באַ־מערקנדיק אַז פון אויסלאַנד באַמיט מען זיך פאַר דאָררעגאָן. לאַוואַזשע האָט אָבער געהאַלטן אַז דאָררעגאָ קאָן זיין ווייטער אַ געפאַר ווען ער זאָל בלייבן לעבן, און דעריבער האָט ער דעם 13טן דעצעמבער געלאָזט וויסן דעם אַרעסטירטן אַז ער וועט דערשאָסן ווערן, און געגעבן אים צוויי שעה צייט צו זאָגן ווידוי און מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען, און צו דער אָנגעגעבענער צייט איז דאָררעגאָ דערשאָסן געוואָרן.

די הינריכטונג פון דאָררעגאָ האָט געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק אין גאַנצן לאַנד, און לאַוואַזשע גופא האָט שפּעטער חרטה געהאַט.

פון אַלע פּראָווינצן זיינען געקומען פּראָטעסטן, און די גובערנאַטאָרס פון אייניקע פּראָווינצן האָבן זיך באַלד געגרייט צו אַ נייער אַטאַקע אַף בוענאָס איירעס.

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער בלוטיקער קאַמפּיין אין לאַנד. אָבער דער אמת איז, אַז דאָ איז מען פון די פּראָווינצן נישט געקומען מיט דעם אידעאַל פון נקמה פאַר אַן אומשולדיקן מאָרד, אָדער מיטן אי־דעאַל פון וועלכן פּרינציפּ פון אָרדנונג און געזעץ, נאָר פונקט פאַרקערט. די קאַודיזשאָס קיראָגאַ, בוסטאָס, לאָפּעז און אַלדאַאָ האָבן מורא געהאַט אַז די אוניטאַריער, די וואָס האָבן געגעבן דעם לאַנד די אומאָפּהענגי־קייט און געשאַפן אַ קאָנסטיטוציע, קאָנען בלייבן טאַקע באַ דער מאַכט, און דאָס קאָן ווערן אַ געפאַר פאַר זייער אַליינהערשאַפט אין זייערע פּראָווינצן.

## באַנייט דער בירגער־קריג

ראָסאַס, ווי געזאָגט, האָט באַלד נאָך דער שלאַכט אין נאַוואַררא זיך אָפּגעטיילט פון דאָררעגאָ און אַוועק קיין סאַנטאַ פע. דאָרט האָט זיך גע־שאַפן אַ נייע אַרמיי מאָנטאָנעראָס, און צוזאַמען מיט לאָפּעז זיך געלאָזט אין אַ מאַרש אַף פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

די קאַודיזשאָס פון די אַנדערע פּראָווינצן האָבן אויך געזאַמלט מי־ליטערישע מחנות, מיטן זעלבן ציל.

געהייסן האָט עס אַלץ אַז מען גייט נעמען נקמה פאַר דער דערמאָר־דונג פונעם לעגאַלן גובערנאַטאָר, דאָררעגאָ, און דאָס האָט געגעבן דע־מאָלט גרויס פּרעסטיזש ראָסאָסן.

שעפן פון די בוענאָס איירעסער אַרמייען זיינען געווען די גענעראַלן לאַוואַזשע און כאָסע מ. פּאַז. זיי האָבן אַף זיך געהאַט די שווערע מיסיע צו קעמפן קעגן די מחנות אַרמייען פון אַלע פּראָווינצן. לאַוואַזשע האָט

גענומען אַף זיך דעם קאַמף קעגן ראָסאַס און לאָפּעז, און גענעראַל פּאַז האָט זיך געלאָזט אַף קאָרדאָבאַ קעגן בוסטאָס.

גענעראַל פּאַז איז געהאַט געקומען קיין בוענאָס איירעס מיט זיין אַרמיי פון בראַזיל, פּונקט צום חודש נאָך דער אוניטאַריער רעוואָלוציע, דעם 1טן יאַנואַר 1829, און ער האָט איבערגענומען דעם אַמט פון קריגס־מיניסטער אין לאַוואַזשעס רעגירונג.

לאַוואַזשע האָט זיך געלאָזט מיט זיין מיליטער צו סאַנטאַ פע, און אַרויסגעשיקט מיליטער־אָפּטיילונגען אונטער דער קאָמאַנדע פון די קאָ־ראָנעלן ראַוטש און עסטאָמבאַ. בא אַן ערשטן צוזאַמענשטויס מיט אַ רעגימענט פון ראָסאַס איז דאָס מיליטער פון קאָראָנעל ראַוטש צעקלאַפּט געוואָרן. דער לעצטער איז גענומען געוואָרן געפאַנגען און מען האָט אים דערשאָסן (28טן מערץ). דער צווייטער קאָראָנעל, עסטאָמבאַ, האָט באַ־קומען אַ משוגעת־אַנפאַל און צוויי חדשים שפּעטער געשטאָרבן.

אין דערזעלבער צייט האָט גענעראַל פּאַז אונטערגענומען אַן אַקציע קעגן קאָרדאָבאַ. האָבנדיק אונטער זיין האַנט 1.400 סאָלדאַטן האָט ער אין אַ שלאַכט באַם ברעג פונעם סאַן ראָקע טייך אָפּגעהאַלטן אַ זיג, און דערנאָך אַריינמאַרשירט אין דער שטאָט קאָרדאָבאַ. דער גובערנאַטאָר בוסטאָס איז אַנטלאָפן, זיך לאָזנדיק אַפן וועג צו נאָרדן, צו בעטן הילף באַ פאַקונדאָ קיראָגאַ.

דער זיג פון גענעראַל פּאַז האָט געבראַכט אין שרעק דעם סאַנטאַ פעער קאַודיזשאָ לאָפּעז, וועלכער האָט געהאַט זיך געלאָזט מיט ראָסאַסן אַף בוענאָס איירעס. ער האָט דעריבער אייליק איבערגעלאָזט ראָסאַסן און זיך אומגעקערט קיין סאַנטאַ פע, צו זיכערן זיין פּראָווינץ קעגן אַ מעג־לעכער אַטאַקע.

## ראָסאַס ווערט דערוויילט גובערנאַטאָר

פון יענער צייט אָן צעטיילט זיך דער קאַמף פון די אוניטאַרע מילי־טערישע כוחות. לאַוואַזשע בלייבט אין קאַמף קעגן ראָסאַס, און פּאַז אין קאַמף קעגן בוסטאָס און קיראָגאַ. עס קומען פאָר צוזאַמענשטויסן צווישן לאַוואַזשעס אַרמיי מיטן סאַנטאַ פעער באַ וועלכן לאַוואַזשע האַלט אָפּ צוויי מאָל אַ זיג. דערנאָך זיינען פאָרגעקומען קאַמפן צווישן לאַוואַזשעס מיליטער און די רייטער־מחנות פון ראָסאַס און די לעצטע האַלטן אָפּ אָפּטע זיגן. דאָס מיליטער פון לאַוואַזשע ווערט ביסלעכווייז דעמאָראַלי־זירט, און לאַוואַזשע ליידט צולעצט אַ גרויסע נידערלאַגע אין אַ קאַמף אין פּוענטע דע מאַרקעז. דעמאָלט האָט לאַוואַזשע באַשטימט צו פאַרהאַנדלען מיטן שעף פון דער רויטער קאַוואַלעריע.

אין זעלבן טאָג ווען גענעראַל פּאַז האַלט אָפּ אין נאָרדן אַ גרויסן זיג איבער די מחנות פון פּאַקונדאָ קיראָגאַ, דעם 23טן יוני 1829, אין אָוונט פון זעלבן טאָג, האָט גענעראַל לאַוואַזשע זיך באַוויזן אין לאַגער פון ראָסאַס, אין קאַניועלאַס און פאַרהאַנדלט וועגן שלום. דעם אַנדערן טאָג איז דער פרידן געשלאָסן געוואָרן. אינעם אָפּמאַך האָבן ביידע שעפן זיך געאייניקט אין דעם, צו אנערקענען און מיט זייער מיליטער צו שטיצן



דער קאַמפּיין פון לאַוואַזשע קעגן דאָררעגאָ און קעגן ראָסאַס

דעם וואָס וועט אויסגעוויילט ווערן אַלס נייער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. ס׳איז דערביי אויך געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צו שטיצן געהיים אַ געוויסע ליסטע.

אלס צייטווייליקער גובערנאַטאָר איז באַשטימט געוואָרן דער גע־נעראַל וויאַמאָנטע. ער האָט איבערגענומען די מאַכט דעם 24טן אויגוסט, און ער האָט באַדאַרפט פאַררופן וואַלן פאַר אַ נייער לעגיסלאַטור, און די לעגיסלאַטור האָט געזאָלט אויסקלויבן אַ גובערנאַטאָר.

ראָסאַס האָט אָבער אַזוי מאַנעווורירט, אַז וויאַמאָנטע האָט נישט גע־קאָנט פאַררופן די פּראָווינץ צו די באַשטימטע וואַלן, און בכדי צו מאַכן אַ סוף צו דער פּיינלעכער לאַגע האָבן אַלע איינגעווייליקט אַפן פאָרשלאַג פון ראָסאַס צוזאַמענצושטעלן צוריק די לעגיסלאַטור מיט די דעפּוטאַטן וואָס זיינען צעטריבן געוואָרן דורכן אונטאַריער אויפשטאַנד פון 1טן דע־צעמבער 1828. יעדער האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, אַז דאָס איז אַ זיכערער זיג פון די פעדעראַלן און פון ראָסאַס, אָבער אין יענעם מאָ־מאָמענט איז נישט מעגלעך געווען אַנדערש צו האַנדלען.

די לעגיסלאַטור איז זיך צוזאַמענגעקומען דעם 6טן דעצעמבער 1829 און זי האָט פּראָקלאַמירט כוואַן מאַנועל ראָסאַס אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און אים אויך געגעבן דעם ראַנג פון גענעראַל אַלס אַרמיי־שעף.

נאָך דעם געשעעניש איז גענעראַל לאַוואַזשע אַוועק קיין באַנדאַ אָריענטאַל, אַף אָפּצוגעבן זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. עס האָבן אויך אויס־געוואַנדערט אַ גרויסע צאָל אונטאַריער, הויפּטזעכלעך די אָנפירנדיקע פּערזאָנען, אויס מורא פאַר פאַרפאָלגונג.

וועגן דעם כאַראַקטער פון ראָסאַס רעגירונג זאָגט דער היסטאָריקער בידעל לאָפּעז:

„דאָס ערשטע וואָס מען דאַרף באַטראַכטן אַלס געפערלעך, איז דאָס, וואָס כאָטשע ראָסאַס האָט איבערגענומען די רעגירונג כלומרשט לעגאַל, איז די מאַכט צו אים געקומען נישט דורך געזעץ אָדער וואַלן, נאָר דורך זיין קאַודיזשאָ כוח, וואָס ער האָט אויסגעאיבט, וואָס מיינט, אַז זיין פּערזענלעכע מאַכט איז געווען גרעסער און שטאַרקער ווי די געזעצלעכע מאַכט, און ס׳איז געבליבן פאַר אים צו האַנדלען לויט זיין איינזען. דאָס צווייטע, וואָס איז נישט ווייניקער געפערלעך, איז דאָס, וואָס ער האָט איבערגענומען די מלוכה־מאַכט נישט ווי אַ קאַנדידאַט פון וואַלן, נאָר מיטן טיטל פון זיג אינעם בירגער־קריג; דאָס הייסט מיטן טיטל וואָס עס גיט די ברוטאַלע מאַכט, אַף צו אונטערדריקן די פעלקער, און האַלטן זיך בא דער מלוכה דורך דער אייגענער קראַפט”.

# גענעראַל פּאַז זעצט פאָר דעם קאַמפּיין

אין דער צייט וואָס לאַוואַזשע האָט קאַפּיטולירט, קאָן מען זאָגן, צו ראָסאַסן האָט דער גענעראַל פּאַז פאָרגעזעצט דעם קאַמף קעגן די קאַו־דיזשאָס בוסטאָס און פאַקונדאָ קיראָגאַ, דער ערשטער דער קאַודיזשאָ פון קאָרדאָבאַ און דער אַנדערער פון לאַ ריאָכאַ.

נאָך דעם ווי גענעראַל פּאַז איז אַריין קיין קאָרדאָבאַ האָט ער פאָר־געשלאָגן בוסטאָסן, וועלכער האָט זיך געפונען אין סאַן ראָקע, ניין לע־ווען אין מערב פון דער שטאָט, צו פאַרהאַנדלען וועגן פרידן. בוסטאָס




דער קאַמפּיין פון גענעראַל פּאַז קעגן קיראָגאַ

האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען אָבער די קאָנפערענץ האָט נישט געהאַט קיין רעזולטאַט. דער ציל פון בוסטאָס איז געווען צו געווינען צייט, האָפנ־דיק אָף באַלדיקער הילף פון קיראָגאַ. גענעראַל פּאַז האָט עס געמערקט

און ער האָט באַשלאָסן אים צו אַטאַקירן. דעם 22טן אַפּריל 1829 איז פאָר־געקומען אַ שלאַכט בײַ װעלכער די פּאַטריאָטישע אַרמײ האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג. אין יענער שלאַכט האָט בוסטאַס פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון זיין מיליטער. צוויי הונדערט זײַנען געגומען געוואָרן געפאַנגען. דערצו 8 קאַ־נאָנען און מאַסן אַנדערע קריגסמאַטעריאַלן. דעמאָלט איז בוסטאָס מיט זיין רעשט מיליטער אַנטלאָפן קיין לאַ ריאָכאַ און געבעטן קיראָגאַן צו קומען וואָס גיכער צו הילף.

אין מאַי האָט קיראָגאַ זיך אַרויסגערירט מיטן זיין אַרמיי פון לאַ ריאָכאַ. דער „טיגער פונעם פלאַכלאַנד" ווי קיראָגאַ ווערט גערופן איז צו־געקומען ביז קאָרדאָבאַ. דאָ איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענ־שטויס, אָבער אָן אַנטשיידונג. קיראָגאַ האָט דאַן פאָרגעשלאָגן דעם גאַר־ניזאָן אין קאָרדאָבאַ זיך אונטערצוגעבן, אָנגעבנדיק גינסטיקע באַדינ־גונגען. צו גלייכער צייט האָט ער געדראָט אַז אין קעגנטייל וועלן אַלע אויסגעשאָכטן ווערן. דער גאַרניזאָן האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און זיך אונטערגעגעבן, אָבער קיראָגאַ האָט נישט אָפּגעהיט זיין פאַרשפּרעכן און אַ גרויסע צאָל סאָלדאַטן הינגעריכטעט.

גענעראַל פּאַז, וואָס האָט מיטן מאַסיוו פון זיין אַרמיי זיך געפונען אויסער דער שטאָט, האָט אַטאַקירט קיראָגאַס אַרמיי אין געגנט פון לאַ טאַבלאַדאַ, אַרום אַנדערהאַלבן לעגוואַס פון דער שטאָט און זי געגצלעך צעקלאַפּט (דעם 23טן יוני), און קיראָגאַ איז מיטן רעשט אַנטלאָפן. די גוט דיסציפּלינירטע און פּאַטריאָטיש געשטימטע אַרמיי פון גענעראַל פּאַז האָט לייכט צעקלאַפּט די פילפאַך גרעסערע קאַוואַלעריע פונעם טיגער. די מאָנטאָנעראָס זיינען זיך באַלד צעלאָפן און פאַקונדאָ קיראָגאַ האָט גע־מוזט איילִיק אַוועק.

איצט נאָכן זיג האָט גענעראַל פּאַז אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט איינ־פירן אָרדנונג אין פּראָווינץ קאָרדאָבאַ. קיראָגאַ ווידער איז אַוועק צו זיין פּראָווינץ און אָנגעהויבן דאָרט צוגרייטן אַ נייע אַרמיי, מיטן ציל אונטער־צונעמען אַ נייע אַקציע קעגן קאָרדאָבאַ. אין פעברואַר 1830 האָט דער „טיגער פון טאָל" זיך אַרויסגעלאָזט צו זיין געפלאַנטן קאַמף. ער איז גע־קומען ביז אַ געגנט מיטן נאָמען אָנקאַטיוואָ אָדער לאַגונאַ לאַרגאַ. דאָ איז ער אַטאַקירט געוואָרן פון לאַ פּאַז און ווידעראַמאָל צעקלאַפּט גע־וואָרן (25טן פעברואַר), ווי פריער אין לאַ טאַבלאַדאַ.

נאָך דער דאָזיקער מפּלה האָט קיראָגאַ זיך צוריקגעצויגן מיט אַ קליינעם רעשט פון זיין אַרמיי אַפן וועג צו פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

קאָרדאָבאַ ווערט איצט דער צענטער פון רו און אָרדנונג. גענעראַל פּאַז באַקומט גרויס פרעסטיזש און זיין איינפלוס גרייכט ביז קאַטאַמאַר־

קאַ, סאַלטאַ, כוכוי און טוקומאַן. דעם 5טן יולי 1830 שליסן מיט גענעראַל פּאַז אַן אַליאַנץ די פּראָווינצן סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, לאַ ריאָכאַ, סאַן כואַן, מענדאָזאַ און סאַן לואיס. עס ווערן אויך איינגעלאַדן זיך אָנצו־שליסן די פּראָווינצן סאַנטאַ פע, ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, נאָר זיי זאָגן זיך אָפּ, פאַרשפּרעכנדיק אָבער צו האַלטן זיך פרידלעך צו קאָרדאָ־באַ. דאָס לעצטע האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס בלויזער אויסרייד, ווייל דעם 4טן יאַנואַר 1831 האָט לאָפּעז (פון סאַנטאַ פע) גע־שלאָסן אַ פאַקט מיט ראָסאַסן, באַקאַנט אַלס אָפּמאַך פון סאַן ניקאָלאַס. דאָס איז געווען אַן אַליאַנץ פאַר אַ מלחמה קעגן קאָרדאָבאַ און די אַנ־דערע פּראָווינצן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון גע־נעראַל פּאַז. אָבער וועגן דעם שפּעטער.

## כואַן מאַנועל דע ראָסאַס

**די יוגנט פון ראָסאַס. — ער ווערט אַ גוטבאַזיצער און שאַפט זיך אַן אייגענע אַרמיי. — זיין מאַכט שאַפט אים אָנזען בײַ דער באַפעלקערונג פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. — ער נעמט אונטער קאַמפּיינען קעגן אַנדערע קאַודיזשאָס און ווערט מיט גוואַלד גובערנאַטאָר.**

איידער מיר טרעטן צו איבערצוגעבן די אויפפירונג פון ראָסאַס אַלס דיקטאַטאָר, וועט אינטערעסאַנט זיין זיך צו באַקאַנען אַביסל מיטן יחוס זיינעם.

כואַן מאַנועל דע ראָסאַס איז געבוירן אין בוענאָס איירעס דעם 30טן מערץ 1793, אַלס זון פון לעאָן אָרטיז דע ראָסאַס און פרוי אַגוסטינאַ לאָפּעז דע אָסאָרניאַ,ביידע געבוירענע אין בוענאָס איירעס. אויסער כואַן מאַנועל האָט זיין מוטער געבוירן נאָך צוויי זין: פּרודענסיאָ און כערוואַסיאָ. זיין ערשטע בילדונג האָט כואַן מאַנועל ראָסאַס באַקומען אין דער שול פון פראַנסיסקאָ קסאַוויער אַרכעריטש. בשעת דער ערשטער אינוואַזיע פון די ענגלענדער האָט ראָסאַס, אַלס אינגל פון 13 יאָר, זיך געשטעלט אין די רייען פון ליניערס. בײַ דער צווייטער ענגלישער אינוואַזיע האָט ער געדינט אין דער קאַוואַלעריע אינעם קאָרפּוס פון מיקעלעטעס. דערנאָך האָט ער פאַרלאָזט דעם מיליטער־דינסט און זיך מיט זיינע עלטערן באַזעצט אינעם גוט רינקאָן דע לאָפּעז.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מאַי־רעוואָלוציע איז דער יונגער ראָסאַס געבליבן צו איר גלייכגילטיק. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס ברען צו דער אַרבעט אַפן גוט, וועלנדיק קומען צו אַ פאַרמעגן.

אין 1815 האָט ער צוזאַמען מיט כואַן נ. טעררעראָ און לואיס דאָררעגאָ איינגעאָרדנט זיך אַ פאַרם און גערטנעריי אין געגנט פון קילמעס, פּראָווינץ בוענאָס איירעס. דערנאָך האָט ער צוזאַמען מיט די דערמאָנטע אָפּגעקויפט אַ גרויס שטיק לאַנד אין געגנט גוואַרדיאַ דעל מאַנטע און עס פאַרוואַנדלט אין אַ פאַשע.

אין 1818 האָט ער זיך געווענדט צו דער רעגירונג פון בוענאָס איי־רעס, דעמאָלט אונטערן פּאָרזיץ פון גענעראַל פּועיררעדאָן, און געבעטן וואָפן, אַף צו קאָנען באַוואָפענען אייניקע פון זיינע לייט, אַף צו זיכערן זיינע פעלדער און פאַרמס קעגן איבערפאַלן פון די אינדיער. זיין ביטע איז נאָכגעגעבן געוואָרן און אַזוי איז זיין גוואַרדיע ביסלעכווייז געוואַקסן אין צאָל און מיט דער צייט געוואָרן אַ סקוואַדראָן, און שפּעטער אַ רעגימענט. אַזיווי זיינע רייטערס זיינען געווען אָנגעטון אין רויטע בלוזעס און היטלען פון דערזעלבער פאַרב, האָט מען זיי גערופן די רויטע פון ראָסאַס, אָדער די רויטע פון מאָנטע.

זיין הויפּט־גוט איז אָנגערופן געוואָרן לאָס סעררייזשאָס, און יענץ גוט איז געוואָרן דער צענטר פון אַ נייער אויפשטייגנדיקער מאַכט. די וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די מיליטערישע רייען פון בוענאָס איירעס, אָדער די וואָס האָבן נישט געוואָלט רעקרוטירט ווערן צום מיליטער־דינסט פון דער רעגירונג, זיינען אַנטלאָפן קיין סעררייזשאָס, און די רע־גירונג האָט רעספּעקטירט דאָס גוט פון ראָסאַס, אַזוי אַז זיי האָבן זיך געפילט געזיכערט אונטערן שוץ פון דאָן כואַן מאַנועל.

ראָסאַס איז מיט דער צייט געוואָרן דער באַשיצער פון דער אָרעמי־קער באַפעלקערונג. אויב עמיץ איז אַרעסטירט אָדער פאַרמישפּט גע־וואָרן, האָט ראָסאַס אים אויסגעלייזט. דורך זיין איינפלוס און מאַכט האָט די רעגירונג קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זיינע ווענדונגען לטובת עמיצן. אַזוי אָרום איז ראָסאַס געבליבן נישט בלויז באַלעבאָס נאָר אויך אַ „באַשיצער" און דערפאַר האָט יעדער פון זיינע לייט געפילט אַף זיך די פליכט צו אַרבעטן פלייסיק און דינען דעם גרויסן שעף מיט איבער־געבנקייט. פאַר פוילנצעריי, שכרות אָדער גנבה איז מען שווער באַשטראָפט געוואָרן אין גוט פון ראָסאַס. אויסערדעם האָט עס געדראָט דעם באַ־טרעפנדן צו פאַרלירן דעם שוץ פון ראָסאַס, וואָס האָט געמיינט אַזוי פיל, ווי אויסגעליפערט ווערן דער אַרמיי אָדער גיין אין טורמע. אין די גיטער פון ראָסאַס איז געווען בלויז איין שטימע — דאָס וואָרט און דאָס געבאָט פון ראָסאַס. וואָס ער האָט פאַראָרדנט, געזאָגט אָדער אָנגעוויזן, האָט געמוזט אויסגעפירט ווערן אָן שום אויסרייד.

אינעם גוט פון ראָסאַס האָט געהערשט אַן אויסעראָרדנטלעכע דיס־ציפּלין. ס'איז געווען דאָרט אַ רעגלאַמענט, אויסגעאַרבעט פון כואַן מאַ־נועל, אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט: „דער פּעאָן אָדער קאַפּאַטאַס (אַר־בעטער אָדער אויפזעער) וואָס וועט זאָטלען אַ פרעמד פערד, אָדער וועט באַנוצן אַ פרעמדע בהמה, אַלציינס וואָס פאַרא ס'איז, באַגייט ער אַזאַ גרויס פאַרברעכן, אַז ער וועט מיט גאָרנישט עס קאָנען אָפּצאָלן; ער וועט באַשטראָפט ווערן מיט אַ באַלדיקן אַרויסשטויסן אים פון מיינע

גיטער, און ער וועט אויסערדעם באַשטראָפט ווערן ווי עס קומט פאַר אַזאַ זאַך".

סאַרמיענטאָ ברענגט אין זיין בוך „פאַקונדאָ" אַזאַ אַנעקדאָט, וואָס ראָסאַס אַליין האָט דערציילט: אין די גיטער פון ראָסאַס האָט קיינער פון זיינע פּעאָנעס נישט געטאָרט טראָגן מיט זיך אַ מעסער, כאָטשע די מייסטע פון זיינע לייט זיינען געווען מערדער, פאַרפאָלגטע פון דער יוס־טיץ. איינמאָל האָט ראָסאַס אַליין, זיך פאַרגעסנדיק, איינגעשטעקט אַ מעסער אין זיין גאַרטל, און דער מאַיאָרדאָם האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט דאַרויף. ראָסאַס האָט באַלד אַראָפּגעלאָזט די הויזן און געהייסן זיך געבן שמיץ, אַ שטראָף וואָס איז איינגעפירט געווען אין זיינע גיטער, פאַר טראָגן אַ מעסער.

אַזוי אַרום האָט ראָסאַס זיך געשאַפן מיליטערישע לאַגערם. יעדעס גוט זיינס איז געווען אַ מיליטערישער לאַגער, און אומבאַרירלעך פאַר דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

ראָסאַס איז געווען איינער פון די בעסטע רייטער און איינער פון די בעסטע צוימער פון פערד. ער איז געגאַנגען אָנגעטון ווי די אַמאָליקע גוטבאַזיצערס איינפאַך, און שטענדיק מיט דער פּאָנטשאָ. ער האָט פיינט געהאַט די שטאָט מיט אירע פּאָליטיקער און מיט אירע געלערנטע, ווייל דאָרט איז זיין ביסל וויסן און קענטעניש פאַרטונקלט געוואָרן. ער האָט זיך דערפאַר געחברט בעסער מיטן גאַוטש, מיטן איגנאָראַנט, פאַר וועמען ער האָט געגאָלטן אַלס קענער. ראָסאַס פלעגט עסן צוזאַמען מיט זיינע דינער, פלעגט בייזיין זייערע פאַרוויילונגען, און אויך זיך פאַרמאָסטן מיט זיי אין פערד־געיעגן.

אַף וויפל ער איז באַזעסן ברוטאַליטעט קאָן מען זיך פאָרשטעלן פון פאָלגנדן פאַל: איינמאָל ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון פעלד האָט ער געטראָפן אין זיין שרייב־ביוראָ איבערגעקערט דעם טינטער אַף זיינע פּאַפּירן. ס'איז אַריין אַהין אַ הון און איבערגעקערט דעם טינטער. דער־זעענדיק דאָס, האָט ער געהייסן באַלד אויסשעכטן אַלע הינער פון זיין גוט.

מיט דער צייט האָט ראָסאַס מיט זיינע רויטע רייטער זיך אַזוי באַ־רימט געמאַכט, אַז דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס, קאָראָנעל דאָ־רעגאָ, איז אין 1820 געקומען צו ראָסאַסן בעטן באַ אים הילף קעגן די קאַודיזשאָס לאָפּעז, אַלוועאַר און קאַררערא. ראָסאַס האָט דעמאָלט אַרויס־מאַרשירט קעגן לאָפּעז מיט אַן אַרמיי פון 2.000 מאַן.

שפּעטער האָט ראָסאַס אָנגעהויבן נעמען אַ וואָרט און שטעלונג אין דער פּאָליטיק פון לאַנד און אַרויסגעטרעטן אָפט אין קאַמפּף קעגן אַנדערע קאַודיזשאָס און קעגן דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס, ביז ס'איז געקו־

מען צום אַפּמאַך פון קאַניועלאַס מיט לאַוואַזשע, און דערגרייכט דערצו אַז ער זאָל באַשטימט ווערן אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איי-רעס צום ערשטן מאָל אין 1829 און דערנאָך געוואָרן דיקטאַטאָר, אַנ-פירנדיק אַ טיראַנישן רעזשים.

## די ערשטע רעגירונג פון ראָסאַס

ווי ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל איז דורכן אַפּמאַך פון לאַוואַזשע מיט ראָסאַס (דעם 24טן אויגוסט 1829) באַשטימט געוואָרן דורכצופירן וואַלן פון אַ גובערנאַטאָר, נאָר ציימווייליק איז גע-וואָרן גובערנאַטאָר גענעראַל וויאַמאָנטע. דער לעצטער האָט באַדאַרפט פאַררופן וואַלן אויסצוקלויבן אַף אַ לעגאַלן אופן אַ לעגיסלאַטור און די לעגיסלאַטאָרן האָבן באַדאַרפט אויסקלויבן אַ גובערנאַטאָר. עס האָבן זיך געשאַפן אָבער שוועריקייטן באַם פאַררופן די וואַלן, דורך אַלערליי שפּיצ-לעך מצד ראָסאַס, אַזוי אַז צולעצט האָט דער קאַודיזשאָ פאָרגעשלאָגן צו פאַררופן יענע לעגיסלאַטאָרן וואָס זיינען צעטריבן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון 1טן דעצעמבער 1828, און וויאַמאָנטע האָט אַזוי געטון. ס'איז איצט געווען קלאָר אַז די לעגיסלאַטור, אַ קאָנסערוואַטאָרע, וועט אויסקלויבן ראָסאַסן אַלס גובערנאַטאָר. די לעגיסלאַטור איז זיך צוזאַמענ-געקומען פונקט צום יאָר זייט זי איז אויפגעלייזט געוואָרן, דאָס הייסט דעם 1טן דעצעמבער 1829, און אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 6טן דעצעמבער, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר כואַן מאַנועל ראָסאַס. דערביי איז אויך פון דער לעגיסלאַטור אַנגענומען געוואָרן צו געבן דעם נייעם גובערנאַטאָר **אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן**, אַף צו האָבן די מעגלעכקייט צו זיכערן די פרייהייט פון לאַנד און די עפנטלעכע רו.

דעם 8טן דעצעמבער איז ראָסאַס געקומען אין פעסטונג איבערצונע-מען די מלוכה-מאַכט. ער איז באַגלייט געווען פון אַ גרויסער סוויטע און איז באַגריסט געוואָרן פון מערערע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי פון כואַן כאָסע פּאַסאָ, מיגועל דע אַזקוענאַגאַ, דאָמינגאָ מאַטהעו, די גענעראַלן באַל-קאַרסע, סאָלער, גידאָ, אַלוועאַר, ווי אויך פון טאָמאַס דע אַנטשאָרענאַ, וואַלענטין גאָמעז און אַנדערע. געהאָפט האָט מען אַז דער נייער גובער-נאַטאָר וועט ברענגען רו און פרידן און זיכערן די אָרדנונג אין לאַנד. גע-נעראַל לאַוואַזשע אָבער און אַנדערע אוניטאַריער פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געקאָנט ראָסאַסן, האָבן פאַרשטאַנען אַנדערש און זיינען דאַריבער באַצייטנס אַנטלאָפן קיין באַנדאַ אָריענטאַל.

ראָסאַס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַף אַ צייט פון דריי יאָר (1829-1832), און ער האָט אַריינגעצויגן אין זיין רעגירונג באַקאַנטע פּערזענ-

לעכקייטן: גענעראל טאָמאַס גידאָ, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר בײַ סאַן מאַרטין, דר. מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ, און גענעראל כואַן ראַמאָן באַלקאַרסע.

קוים האָט ראָסאַס געהאַט אין זיין האַנט די פולע מאַכט אַלס גובער־נאַטאָר האָט ער באַלד אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די אָפּאָזיטאָרישע פּרעסע און דערנאָך אויך די אוניטאַריער. ער האָט אויך אָנגעהויבן מיליטאַריזירן די פּראָווינץ בוענאָס איירעס, אויף אונטערצונעמען אַ קאַמפּיין קעגן גע־נעראַל פּאַז און קעגן די אינדיער.

## דאָס לאַנד געשפּאַלטן דורך צוויי ליגעס

נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון גענעראַל לאַוואַזשע צו ראָסאַס איז גע־בליבן גענעראַל כאָסע מאַריאַ פּאַז דער איינציקער הויכער מיליטער־שעף, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער אידייע פון דער גאַנצקייט פונעם לאַנד, קעגן דער הערשאַפט פון די קאַודיזשאָס. נאָך זיין זיג איבערן לאַ ריאָכער קאַודיזשאָ פאַקונדאָ קיראָגאַ אין אָנקאַטיוואָ האָט ער אָנגעהויבן זיכערן זיין פּראָווינץ קאָרדאָבאַ און זיך פאַרבונדן מיט די פּראָווינצן ריאָכאַ, סאַן כואַן, מענדאָזאַ, סאַן לואיס, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און קאַטאַמאַרקאַ, וועמענס פעדעראַלע גובערנאַטאָרס זיינען באַזייטיקט געוואָרן, און די דער־מאָנטע פּראָווינצן האָבן געשלאָסן אַ בונד אָדער ליגע פון אָפענסיווע און דעפענסיווע כאַראַקטער (5טן יולי 1830). ס׳איז אויך דערנאָך געשאַפן געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע „העכסטע מיליטערישע מאַכט״ (31טן אויגוסט), וועלכע זאָל אונטער זיך האָבן אַלע באַוואָפנטע כוחות אין מעגלעכן קאַמף מיט די קאַודיזשאָס, און אַלס העכסטער מיליטער־שעף איז באַשטימט געוואָרן דער גענעראַל פּאַז.

יענע באַוועגונג האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד צווישן די אוניטאַריער אין גאַנצן לאַנד און אין באַנדאַ אָריענטאַל. אַ גרופּע אָנהענגער פון לאַ־וואַזשע און פּאַז וואָס האָבן זיך געפונען אין אָריענטאַל, האָבן צוזאַמען מיט אייניקע שעפן וואָס האָבן זיך געפונען אין ענטרע ריאָס געמאַכט אַן אויפשטאַנד (1טן נאָוועמבער 1830) אין דער דערמאָנטער פּראָווינץ און אַראָפּגעזעצט דעם גובערנאַטאָר מיטן ציל צו שטיצן די באַוועגונג פון גענעראַל פּאַז. ס׳ זיינען דערנאָך פאָרגעקומען שווערע צוזאַמענשטויסן צווישן די קאַודיזשאָס און די אוניטאַריער אין יענער פּראָווינץ און די לעצטע זיינען באַזיגט געוואָרן פולשטענדיק.

פאַר ראָסאַס און לאָפּעז איז גענעראַל פּאַז מיט זיין „ליגע פון אינערן״ ווי ס׳איז באַצייכנט געוואָרן דער בונד פון די נערדלעכע פּראָ־

ווינצן געווען אַ גרויסע געפאַר, און זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד אויף צו קעמפן קעגן יענער באַוועגונג.

גענעראַל פּאַז האָט איינגעלאַדן די ליטאָראַלע פּראָווינצן (בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס) זיך אָנצושליסן אין דער ליגע, נאָר יענע האָבן אָפּגעזאָגט די איינלאַדונג, דערקלערנדיק אָבער דערביי אַז זיי ווילן זיך האַלטן פרידלעך צו קאָרדאָבאַ. געהיים זיינען אָבער אָנגע־גאַנגען פאַרהאַנדלונגען צווישן ראָסאַס און לאָפּעז, און דעם 4טן יאַנואַר 1831, איז געשלאָסן געוואָרן אַ „ליגע פון ליטאָראַל" אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס, און שפּעטער אויך קאָריענטעס. ס'איז אין דערמאָנטן דאָ־קומענט אונטערצייכנט געוואָרן אין סאַנטאַ פע אַן אָפּמאַך, באַקאַנט אַלס „פעדעראַלער פּאַקט פון 1831", אין וועלכן ס'איז געווען אַ פּונקט, וואָס האָט געדינט אַלס באַזע שפּעטער פאַר דער קאָנסטיטוציע פון 1853. אין אַרטיקל 15 פון יענעם פּאַקט האָט זיך געזאָגט:

„דער איצטיקער (פּאָליטישער) צושטאַנד וועט אָנהאַלטן, און אַזוי לאַנג ס'וועט נישט געזיכערט זיין דער פרידן אין אַלע פּראָווינצן פון דער רעפּובליק, וועט זיך געפינען אין סאַנטאַ פע אַ קאָמיסיע, צוזאַמענגע־שטעלט פון איין דעפּוטאַט פון יעדער פּראָווינץ און די (דריי) דעפּוטאַטן זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן אַ „רעפּרעזענטאַטיווע קאָמיסיע פון די רעגירונ־גען פון די ליטאָראַלע פּראָווינצן פון דער רעפּובליק אַרגענטינע". די דאָ־זיקע דעפּוטאַטן וועלן קאָנען צוריקגעצויגן ווערן פון זייערע רעגירונגען, ווען זיי וועלן עס האַלטן פאַר נויטיק, און באַשטימען באַלד אַנדערע אויף זייער אָרט."

די אויפגאַבע פון דער דערמאָנטער קאָמיסיע האָט געדאַרפט זיין:

„איינלאַדן די אַנדערע פּראָווינצן פון דער רעפּובליק, וועלכע גע־פינען זיך אין רו און אין פולער פרייהייט, צוזאַמענקומען זיך און זיך פאַרבינדן אין אַ פעדעראַציע מיט די דריי ליטאָראַלע פּראָווינצן, און דורך אַן אַלגעמיינעם פעדעראַטיוון קאָנגרעס איינאָרדנען די אַדמיניסטראַ־ציע פונעם לאַנד אונטער אַ פעדעראַלן סיסטעם, איינאָרדנען דעם אינערן און אויסערן האַנדל, נאַוויגאַציע, שטייערן איינמאָנונג, צאָלן די חובות פון דער רעפּובליק, זיכערן און פאַרגרעסערן די רעפּובליק, איר אינער־לעכן און אויסערלעכן קרעדיט, און די סואווערעניטעט, פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון יעדער פּראָווינץ".

איצט זיינען געווען צוויי ליגעס, אינגאַנצן קעגנזעצלעכע, און ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך אַ צוזאַמענשטויס.

# קיראָגאַ ווידער בײַ דער מאַכט

נאָך אַ פּאָר חדשים רו און צוגרייטונג האָבן די פעדעראַלן באַלד זיך אַרויסגעלאָזט אין קאַמף צו „באַרואיקן” דאָס לאַנד, צו ברעכן די מאַכט פון די אוניטאַריער. עס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט דריי אַרמייען, אָנגע־פירט פון עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז, כואַן ראַמאָן באַלקאַרסע און פאַקונדאָ קיראָגאַ. לאָפּעז איז געקומען מיט אַן אַרמיי פון סאַנטאַ פע, באַלקאַרסע מיט אַן אַרמיי פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס און קיראָגאַ מיט אַ באַנדע מערדער און פאַרברעכער וואָס ראָסאַס האָט אים צוגעשטעלט אויך פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס. לאָפּעז און באַלקאַרסע האָבן געזאָלט גיין די־רעקט אױף קאָרדאָבאַ, און קיראָגאַ האָט זיך באַדאַרפט פאַרנעמען אױף די קוזשאָ פּראָווינצן.

ראָסאַס האָט צוגעשטעלט דעם „טיגער פון פלאַכלאַנד” ווי מ'האָט גערופן קיראָגאַן, צוויי הונדערט באַנדיטן, אַרויסגענומענע פון די בוע־נאָס איירעסער טורמעס, און צו זיי האָט קיראָגאַ נאָך צוגעצויגן אַרום הונדערט אַנדערע אַוואַנטוריסטן. זיי זיינען באַוואָפנט געוואָרן אינעם לאַגער פון ראָסאַס אין פּאַוואָן און פון דאָרט אויס האָט קיראָגאַ זיך גע־לאָזט אָנהויב מערץ 1831 אױף ריאָ קוואַרטאָ, וואָס איז פאַרטיידיקט גע־וואָרן דורך פרינגלעס און עטשעוועריאַ. די אונטעראָפיצירן פון די לעצטע, זייענדיק פעדעראַליסטיש געשטימט האָבן פאַרראַטן זייערע שעפן און (דעם 5טן מערץ) איבערגעגעבן דעם גאַרניזאָן צו קיראָגאַ.

פון ריאָ קוואַרטאָ האָט קיראָגאַ זיך געלאָזט אױפן וועג צו סאַן לואיס, פאַרפאָלגנדיק דעם קאָראַנעל פרינגלעס, וועמען ס' איז געלונגען מיט אַ טייל פון זיין מיליטער צו אַנטלויפן פון ריאָ קוואַרטאָ. קיראָגאַס מחנה, איצט שוין אַ באַדייטנד גרויסע, האָט געכאַפּט די קליינע צאָל אוניטאַ־ריער סאָלדאַטן מיט זייער שעף און פרינגלעס איז באַלד דערהרגעט גע־וואָרן. דערנאָך איז געפאַלן סאַן לואיס, און קיראָגאַ האָט אַזוי אין לויף קנאַפּע דריי חדשים אויך געזיגט אין די פּראָווינצן מענדאָזאַ, סאַן כואַן, לאַ ריאָכאַ און קאַטאַמאַרקאַ.

אַזוי אַרום איז קיראָגאַ ווידעראַמאָל געקומען צו דער מאַכט אין זיין פּראָווינץ ריאָכאַ און אין די קוזשאָ פּראָווינצן. ער האָט אין אַלע שטעט אַרויפגעלייגט גרויסע קאָנטריבוציעס אױף די אוניטאַריער, האָט געלאָזט הינריכטן אַ גרויסע צאָל פון זיי און הונדערטער אַנדערע פאַרשפּאַרט און פאַרפייניקט אין די טורמעס.

קיראָגאַ איז געבליבן אַלמעכטיקער אַליינהערשער איבערן גאַנצן נאָרדן, חוץ איבער קאָרדאָבאַ און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ.

# גענעראַל פּאַז געפאַנגען

אין דער צייט וואָס פאַקונדאָ קיראָגאַ איז אַנגעגאַנגען מיט זיינע מאַרשן אַף די קוזשאָ פּראָווינצן האָט דער גובערנאַטאָר פון סאַנטאַ פּע, עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז, זיך געלאָזט מיט אַן אַרמיי אַף קאָרדאָבאַ, האָבנדיק אונטער זיין קאָמאַנדע מיליטער פון סאַנטאַ פּע, ענטרע ריאָס און קאָריענטעס. אַ צווייטע אַרמיי, ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוועזן, האָט אָנגעפירט באַלקאַרסע, פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

לאָפּעז האָט בּיסלעכווייז פאַרנומען אייניקע ערטער פון צפון־מזרח פון פּראָווינץ קאָרדאָבאַ און באַלקאַרסע האָט פאַרנומען ערטער אין דרום געגנט פון דער פּראָווינץ.

גענעראַל פּאַז האָט זיך געפונען דעמאָלט מיליטעריש אין זייער אַ שווערער לאַגע. אין רוקן האָט געבושעוועט קיראָגאַ און אין מזרח און דרום לאָפּעז און באַלקאַרסע. דער גרויסער מיליטער־שעף האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן, נאָר האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו קעמפן קעגן יעדן באַזונדער. ער האָט געוואָלט דאָס ערשטע אַרויסטרעטן מיט זיין הויפּט־מאַכט קעגן לאָפּעז, און זיך אַרויסגעלאָזט קעגן אים. עס שיינט אָבער אַז לאָפּעז האָט געזוכט אויסצומיידן אַן אַנטשיידנדיקן שלאַכט, און געוואָלט אָפּוואַרטן די דערנענטערונג פון באַלקאַרסע.

אין איינעם אַ טאָג האָט גענעראַל פּאַז געמאַכט אַן אויסשפּירונג, רייטנדיק אַן באַגלייטונג אין געגנט פון על טיאָ. ער האָט געוואָלט פאַרזענלעך זיך באַקענען מיטן געגנט און מיט דער פּאָזיציע פון לאָפּעז. און גאַנץ פּלוצים איז ער אַריינגעפאַלן צווישן אַ מחנה פון לאָפּעזעס סאָלדאַטן. דערזעענדיק פאַר זיך די געפאַר האָט גענעראַל פּאַז שנעל אויסגעדרייט דאָס פערד, אַף צו אַנטלויפן. די פעדעראַלן האָבן אים אָבער דערקענט און אים אָנגעהויבן נאָכיאָגן, און איינער פון זיי האָט אַ וואָרף געטון אַ שטריק מיט קיילעכלעך צווישן די פיס פונעם פערד אַף וועלכן פּאַז האָט געריטן. דאָס פערד האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און געפאַלן.

אָט אַזוי איז דער גרויסער מיליטער־שעף גאַנץ צופעליק, דורך אַן אומגליקלעכער אומפאָרזיכטיקייט דעם 10טן מאַי 1831 אַריינגעפאַלן אַ געפאַנגענער אין די הענט פון לאָפּעז. ער איז באַלד אָפּגעפירט געוואָרן אין לאַגער פונעם סאַנטאַ פּעער גובערנאַטאָר, און פון דאָרט קיין סאַנטאַ פּע, וואו ער איז פאַרשפאַרט געוואָרן, און געבליבן אַרעסטירט אַ צייט פון פיר יאָר מיט אייניקע חדשים, אין אַ געביידע מיטן נאָמען „אַדואַנאַ״. דאָס איז געוועזן אַ הויז, אין וועלכן ס'איז געוועזן אַ גאַרניזאָן, אַ טורמע, און סקלאַד פאַר סחורות. אין זעלבן הויז האָט דער גענעראַל פּאַז חתונה

געהאַט מיט זיינער אַ פלימעניצע. אין סעפטעמבער 1835 איז ער אַרי־בערגעפירט געוואָרן אינעם קאַבילדאָ פון לוכאַן.

די ידיעה וועגן דער געפאַנגענשאַפט פון גענעראַל פּאַז האָט אַלאַר־מירט די פּראָווינצן קאָרדאָבאַ און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, ווי אויך די אוניטאַריער אין די אַנדערע פּראָווינצן. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ ריי־סעריי צווישן די אָפיצירן פון זיין אַרמיי און אַ גרויסער טייל פון די סאָל־דאַטן האָט דעזערטירט. דער אומגליקלעכער צופאַל מיט גענעראַל פּאַז האָט באַדייט דער אונטערגאַנג פון דער אוניטאַריער באַוועגונג, און דער אָנהויב פון דער גרויסער פאַרפאָלגונג קעגן די אָנפירנדע פּערזענלעכקייטן. גענעראַל לאַמאַדריד האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבערן רעשט טייל טריי־געבליבענער אַרמיי, און האָט זיך צוריקגעצויגן קיין קאָרדאָבאַ און פון דאָרט געמוזט אַוועק קיין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און צולעצט קיין טוקומאַן.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ גרוים געיעג און אַ שרעקלעכע שחיטה איבער די אוניטאַריער. ס'זיינען פון פּראָווינץ קאָרדאָבאַ גע־בראַכט געוואָרן אין די טורמעס פון סאַנטאַ פע מאַסן אַרעסטירטע, צווישן זיי אויך אַ סך גלחים. ראָסאַס, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סאַן ניקאָלאַס האָט געפאָדערט אַז מען זאָל אַלע געפאַנגענע, צווישן זיי אויך גענעראַל פּאַז ברענגען צו אים, אָבער לאָפּעז האָט זיך אַנטשידן אָפּגע־זאָגט, פאַרשטייענדיק אַז ראָסאַס וועט זיי לאָזן אויסקוילן. צולעצט, נאָך פינף חדשים, ווען די לאַגע האָט זיך שוין געהאַט אַביסל באַרואיקט, און ראָסאַס האָט אַלץ נישט אָפּגעלאָזט מיט זיין פאָדערונג צו שיקן אים די געפאַנגענע, האָט לאָפּעז נאָכגעגעבן טיילווייז די פאָדערונג, און מיטן טייך פּאַראַנאַ אַריבערגעשיקט געקייטעטע פופציק געפאַנגענע, מיטן אויס־נאַם פון גענעראַל פּאַז, און ראָסאַס האָט זיי געלאָזט אַלע אומברענגען. פאַרן לעבן פון גענעראַל פּאַז האָט זיך לאָפּעז שטאַרק איינגעשטעלט, אָבער אויך די פאָטער און מוטער פון ראָסאַס האָבן געבעטן פאַרן לעבן פונעם הויכן מיליטער־שעף.

אַף ווי ווייט ס'איז געווען די ברוטאַליטעט פונעם דיקטאַטאָר ראָסאַס אין באַצוג די געפאַנגענע איז צו זען פון פאָלגענדן פאַל. אַ אינגל פון 14 יאָר, אַ קינד פון איינעם פון די געפאַנגענע אוניטאַריער האָט זיך אָנגע־שלאָסן אין דער גרופּע און באַגלייט זיין געקייטעטן פאָטער. דער קאָראָ־נעל ראַוועלאַ, וועלכער האָט אויסגעפירט די הינריכטונגען האָט רחמנות געהאַט אַפן אינגל, און זיך געווענדט צו ראָסאַס מיט דער ביטע צו לאָזן דאָס קינד לעבן. דער דיקטאַטאָר האָט דאַרויף געענטפערט אַז אַלע מוזן אומגעבראַכט ווערן און קודם זאָל דערהרגעט ווערן דאָס אינגל און דער־נאָך זיין פאָטער.

אָט אַזוי האָט ראָסאָס געבראַכט פרידן אין לאַנד. ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל בלוטדורשטיקער אין זיין קאַמף קעגן די אוניטאַריער, זיך פאַרגלייכנדיק אין דער הינזיכט צום טיגער קיראָגאַ.

דאָס יאָר 1831 האָט זיך געענדיקט מיט דער פולער מאַכט פון ראָסאָס, קיראָגאַ און לאָפּעז איבערן גאַנצן לאַנד.

לאַמאַדריד, וועלכער איז מיט אַ טייל פון דער אַרמיי פון גענעראַל פּאַז אַנטלאָפן קיין טוקומאַן איז איבערגעפאַלן געוואָרן פון קיראָגאַ, און אין דער שלאַכט בא סיודאַדעלאַ, פּראָווינץ טוקומאַן, פולשטענדיק באַזיגט געוואָרן דעם 4טן נאָוועמבער 1831. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון אַרעסטן, רויב, פּלינדערונג און דערמאָרדונג מצד קיראָגאַ און זיינע לייט. אַ סך פאַמיליעס האָבן פאַרלאָזט די שטעט און געזוכט זיך צו ראַטעווען אין די בערג.

נישט געקוקט אָבער דערויף וואָס קיראָגאַ און לאָפּעז האָבן זיך געפילט ווי גרויסע הערשער אין זייערע געגנטן, איז אָבער ראָסאָס זיי איבערגעשטיגן אין מאַכט און איינפלוס, און עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן באַם דיקטאַטאָר דער געדאַנק צו בלייבן אַליינהערשער איבערן גאַנצן לאַנד. קיראָגאַ איז דעריבער אין דעם זין געווען אַ גרויסע שטערונג.

אין פּראָווינץ קאָרדאָבאַ איז נאָך דעם פאַלן פון גענעראַל פּאַז דורכגעפירט געוואָרן אַ כלומרשטער פּלעביסציט און ס׳איז באַשטימט געוואָרן דער פאַוואָריט פון לאָפּעז, פראַנציסקאָ רעינאַפע, אַלס גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ. אַזוי אַרום האָט לאָפּעז זיך געשאַפן אַ נייעם ווירקונגס קרייז אין לאַנד — די פּראָווינץ קאָרדאָבאַ.

## באַלקאַרסע גובערנאַטאָר. — רעוואָלוציע פון די „רעסטאַוראַדאָרן״

איצט ווען די דריי הויפּט-קאַודיזשאָס זיינען געווען די הערשער איבערן לאַנד, ווען די פּראָווינצן וואָס האָבן געהערט צו דער „ליגע פון אינערן״ האָבן זיך געפונען אונטער פעדעראַלע רעגירונגען, און אייניקע האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער „ליטאָראַלער ליגע״, האָט די „רעפּרעזענטאַטיווע קאָמיסיאָן״ וואָס איז געבילדעט געוואָרן דורכן פעדעראַלן פּאַקט פון 1831 אונטערגענומען די אַרבעט, איינצולאַדן אַלע פּראָווינצן צו שיקן זייערע פאָרשטייער צו אַ פעדעראַטיוון אַלגעמיינעם קאָנגרעס, וואָס האָט זיך באַדאַרפט צונויפקומען אין אנקלאַנג מיטן דערמאָנטן פּאַקט. ראָסאָס, לאָפּעז און קיראָגאַ האָבן איינגעשטימט צו אַזאַ קאָנגרעס, אָבער ס׳האָבן זיך געשאַפן שוועריקייטן אַזעלכע צוזאַמענצוברענגען.

באַלד האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון דריי יאָר פון ראָסאַסעס רעגירונגס-פּעריאָד, און די רעפּרעזענטאַנטן קאַמער איז זיך צוזאַמענגע-קומען דעם 5טן דעצעמבער 1832 און אויסגעקליבן ראָסאַסן ווידעראַמאָל אַלס גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ, נאָר אָן אויסעראָרדנטלעכע פול-מאַכטן. ראָסאַס האָט דאַרויף אָבער נישט געוואָלט איינגיין און ער האָט דימיטירט, דערקלערנדיק אַז זיין געזונט-צושטאַנד איז געבראָכן און ער דאַרף אָפּרו. יעדער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז נאָר אַ תירוץ און די לעגיסלאַטור האָט אים אַ צווייט מאָל אויסגעקליבן, אָבער ראָסאַס האָט אויך דאָסמאָל אָפּגעוואָרפן די נאָמינאַציע. דאַן האָט די לעגיסלאַטור גע-מאַכט אַ נייעם פּרוואוו און אויך אַ דריט מאָל אויסגעקליבן ראָסאַסן אַלס גובערנאַטאָר, נאָר אַלץ אָן אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן, און ראָסאַס האָט אויך דאָס דריטע מאָל זיך אָפּגעזאָגט, מיט דעמזעלבן תירוץ פון שוואַכן געזונט און אויך אַז ער פילט זיך נישט גענוג פעאיק אָנצוגיין מיט דער רעגירונגס-אַרבעט, און אַז ער קאָן נישט נאָך מער זיך מקריב זיין פאַרן פאָטערלאַנד. דאָס איינציקע וואָס ער קאָן טון איז דאָס, אויב די נייע רעגירונג וועט עס באַווילִיקן, אַז ער זאָל בלייבן מיליטער-שעף און ס'זאָל אים דערלויבט ווערן אונטערצונעמען אַ קאַמפּיין קעגן די אינ-דיאַנער אין דער פּאַמפּאַ.

פאַרפאַלן; ראָסאַס וויל מער נישט זיין גובערנאַטאָר! מען מוז דאַ-ריבער אָננעמען די דימיסיע.

עס זיינען באַלד אוועק איניקע דעפּוטאַטן צו ראָסאַסן, צו באַראָטן זיך מיט אים וועמען צו באַשטימען אַלס נייעם גובערנאַטאָר. דער דיקטאַ-טאָר האָט אָבער נישט געוואָלט זאָגן וועמען אויסצוקלויבן. דאָס וואָלט דאָך געווען סקאַנדאַלעז! וואָס הייסט ער וועט זיך מישן?... וואָס הייסט ער וועט זאָגן דעות וועמען אויסצוקלויבן אַלס זיין נאָכפאָלגער? דאָס איז אַ זאַך וואָס געהערט דורכוים בלויז צו דער סואווערענער פאָלקס-פאַר-טרעטונג; די פאָלקס-פאַרטרעטונג (לעגיסלאַטור) דאַרף אַליין פאַרשטיין וועמען אויסצוקלויבן...

זיך געפינענדיק אַלץ אין מורא פאַרן קאַודיזשאָ האָבן די לעגיסלאַ-טאָרן זיך באַראָטן מיט טאָמאַס מ. אַנטשאָרענאַ, אַ גאַנץ נאָענטער פון ראָסאַס און מען האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אָננעמען דעם גובערנאַטאָר אַמט, אָבער אַנטשאָרענאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון. ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג דעם גענעראַל פּאַטשעקאָ, אויך אַן אינטימער פריינט פון ראָסאַס, און אויך ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אָנצונעמען דעם גובערנאַטאָר פּאָסטן. דאַן איז אונטערגעקומען די פרוי פון ראָסאַס, און אין אַ פּריוואַטן שמועס מיטן פּרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור, פעליפּע ב. אַראַנאַ, האָט זי אַ זאָג געטון: „און פאַרוואָס קלויבט איר נישט אויס

באלקארסען?" אראנא האט דערביי געפרואווט אויפמערקזאם מאכן דער פרוי ראסאס אז כואן ראמאן באלקארסע איז אביסל א הארטער און אומבויגזאמער, אבער זי האט געענטפערט אז עס איז נישטא וואס מורא צו האבן. „ער איז אונזערער א פריינט און דערפאר א שונא פון די אוניטאריער" — האט זי געזאגט, און נאך צוגעגעבן: „נאר איר זאלט נישט דערמאנען מיין נאמען. כואן מאנועל (ראסאס) וועט מיר נישט מוחל זיין, ווייל ער וויל נישט באאיינפלוסן עמיצן. ער וויל זיך צוריקציען און לעבן רואיק".

דעם 17טן דעצעמבער 1832 איז אויסגעקליבן געווארן אלס גובערנאטאר גענעראל באלקארסע. ער האט קודם נישט געוואלט אננעמען, אבער די לעגיסלאטור האט אים כמעט ארויפגעצוואונגען דעם אמט און ער האט ענדלעך איינגעוויליקט.

באלקארסע האט באלד געמאלדן זיין דערוויילונג די גובערנאטארס פון אלע פראווינצן, אויסדריקנדיק זיך דערביי, אז „די פרינציפן וואס זיינען איינגעפירט געווארן פונעם בארימטן פארגענגער, דער בריגאדיר כואן מאנועל דע ראסאס, וועלן בלייבן אומפארענדערט די פאליטיק פון דער איצטיקער רעגירונג פון בוענאס איירעס".

אבער נישט געקוקט אף דער דערמאנטער דעקלאראציע האט באלקארסע אנגעהויבן פירן א ליבעראלערן רעזשים, וועלכעס האט צופרידנגעשטעלט סיי די פעדעראלן און סיי די אוניטאריער.

דער נייער גובערנאטאר האט אנגעפירט זיין רעגירונג לויט זיין אייגענעם געדאנק, מער וויניקער צוגעפאסט צו די אומשטענדן פון יענער צייט, און ראסאס האט זיך אוועקגעלאזט אין א קאמפיין קעגן די אינדיער, לאזנדיק כלומרשט א פרייע האנט דעם נייעם גובערנאטאר. די אנהענגער פון ראסאס, מיט דער הילף פון דער פרוי פונעם קאודיזשא, האבן אבער באלד אנגעהויבן פירן א קאמפיין קעגן באלקארסע, און ס'איז צוגעגרייט געווארן אן אויפשטאנד. זיי האבן געווארט בלויז אף א געלעגנהייט, און די געלעגנהייט האט זיך אויך באלד געמאכט.

ס'איז אין יענער צייט ארויס אן אפאזיציאנעלע צייטונג „על רעסטאוראדאר דע לאס לעזשעס", וועלכע איז אנגעגאנגען מיט שארפע אטאקעס קעגן דער רעגירונג. פאר איינער אזא אטאקע האט דער פראקוראר פארפירט א פראצעס קעגן דער צייטונג, און אזוי ווי דעם נאמען דער צייטונג האט געגעבן ראסאס, האבן די אנהענגער זיינע אויסגעטייטשט אז די רעגירונג מיינט דא נישט אזוי צו משפטן די צייטונג נאר ראסאסן גופא.

אינעם טאג ווען דער פראקוראר האט געדארפט ארויסטרעטן מיט זיין באשולדיקונגס רעדע קעגן דער צייטונג, זיינען די גאלעריעס און

דער אומגעגנט אַרום געריכטס־הויז געווען געפּאַקט מיט אַ ראַסיסטישן עולם, וואָס האָט געמאַכט פּיינטלעכע אויסרופן קעגן דער רעגירונג, און איינינקע האָבן געשריגן „וויוואַ כואַן מאַנועל ראָסאַס!״ און „וויוואַ על רעסטאַוראַדאָר דע לאַס לעזשעס!״

דער עולם אין גאַס האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער געטומלט און די צאָל האָט געהאַלטן אין וואַקסן, און עס האָט זיך געמערקט אַז דאָס איז אַן אָרגאַניזירטער אויפשטאַנד (11טן אָקטאָבער). די טריבונאַל־געביידע איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַרום דריי טויזנט גאַוטשאָס אַף פערד, און עס האָט געדראָט מיט אַ באַוואָפנטער אַטאַקע. די אָנפירער האָבן עס אָבער געזוכט אויסצומיידן. זיי האָבן גערופן אַלע זיך צוריקצוציען. די גאַסן זיינען אָפּגעליידיקט געוואָרן. אַלע זיינען אַוועק אַפן וועג צו באַראַקאַס און ס׳זיינען דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן לאַגערס. אין לויף פון די נעכסטע טעג האָבן געשטראָמט אַהין אָן אויפהער מאַסן ראָסיסטן, און זייער צאָל איז געוואַקסן ביז 8.000 מאַן. די שטאָט איז ביסלעכווייז אַרומגערינגלט און באַלאַגערט געוואָרן פון ראָסיסטישע לייט.

באַלקאַרסע האָט נישט קיין חשק געהאַט אונטערצונעמען אַ קאַמפּיין קעגן דער מחנה רעסטאַוראַדאָרן. אַנשטאָט צו פירן קעגן זיי מלחמה האָט ער (דעם 3טן נאָוועמבער) צוגעשטעלט דער לעגיסלאַטור די דימיסיע, און זי איז באַלד אָנגענומען געוואָרן. אין זעלבן טאָג איז באַשטימט געוואָרן גענעראַל וויאַמאָנטע אַלס גובערנאַטאָר.

דר. קאַרלאָס איבאַרגורען אין זיין בוך „כואַן מאַנועל דע ראָסאַס״ שרייבט וועגן דעם: „די רעוואָלוציע פון די רעסטאַוראַדאָרן, אין איר סאָציאַלן אַספּעקט, איז געווען אַ טומלדיקער בונט פון דעם שטעטישן המון און די גאַוטשאָס פון פּראָווינץ, געהעצט און געשטיצט פון ראָסאַס, קעגן דער בוענאָס איירעסער בורזשואַזיע און דעם פירנדיקן קלאַס וואָס האָט געשטיצט די לעגאַלע אויטאָריטעטן. ראָסאַס האָט צום ערשטן און איינציקן מאָל אין זיין לעבן זיך אָפּגעזונדערט פון זיין אופן אויפהאַלטן די אָרדנונג, אַף צו העצן צום אויפשטאַנד. עס האָט אויפגעהערט דער רעספּעקט צו דער רעגירונג און צום פּרינציפּ פון אויטאָריטעט, און אַנשטאָט דעם האָט פאַרנומען דאָס פּלאַץ די מוטנע דעמאַגאָגיע. דאָס וואַרפן דעם גובערנאַטאָר באַלקאַרסע, אַרויפגעצוואונגען אַף דער לעגיסלאַטור דורך די בירגער, האָט פאַרוואַנדלט די רעגירונג און די לעגיסלאַטור אין אַ פּאַראַדיע און אין אַ שאָטן״.

# די טעטיקייט פון פרוי ראָסאַס. — וויאַזוי מאָנטע געשטירצט

אינעם אויפשטאַנד פון די רעסטאַוראַדאָרן און אינעם וואָרפן גענע־ראַל באַלקאַרסע, האָט געשפּילט אַ גרויסן ראָל די פרוי פון ראָסאַס, דאָניאַ ענקאַרנאַסיאָן עזקורראַ. זי האָט פאַרוואַנדלט איר הויז אין אַ צענטער פון שפּיאָנאַזש און אינטריגעס, אַף צו שטערן די רו אין בוענאָס איירעס. זי אַליין, ווי ס'איז פריער שוין געזאָגט געוואָרן, האָט פאָרגעשלאָגן צו דער־ווײלן באַלקאַרסען אַלס גובערנאַטאָר, און זי האָט דערנאָך געאַרבעט אַז ער זאָל געשטירצט ווערן.

אין דער צייט וואָס ראָסאַס האָט זיך געפונען ווייט אין פּראָווינץ, פאַרטון אינעם קאַמפּיין קעגן די אינדיער, האָט פרוי ראָסאַס אָרגאַניזירט אין בוענאָס איירעס אַ טעראָר־אַקציע. די דינערשאַפט און די פרויען פון די סאָלדאַטן, נעגערס און מולאַטן פלעגן ברענגען אַהער אין הויז פון דאָניאַ ענקאַרנאַסיאָן טאָג־טעגלעכע רכילות און שפּיאָנאַזש־באַריכטן. דאָ איז אויך געווען אַן אָפטער אַרײנגייער באַלקאַרסעס מיניסטער דר. מאַסאַ, און מיטגעהאָלפן אין דער אינטריגע קעגן באַלקאַרסע.

דאָניאַ ענקאַרנאַסיאָן האָט געגעבן דירעקטיוון דער אָפּאָזיציאָנעלער פרעסע און באַזונדערס דער דערמאָנטער צייטונג „על רעסטאַוראַדאָר דע לאָס לעזשעס". און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די גרינדונג פון דער שפּעטער־דיקער מאַסאָרקאַ, וועלכע איז געווען דער שרעק פון בוענאָס איירעס.

ראָסאַס האָט, פאַרלאָזנדיק די רעגירונגס־מאַכט און זיך אָוועקלאָזנ־דיק ווייט אין דער פּאַמפּאַ, געוואוסט, אַז ער האָט זיך אַף וועמען צו פאַרלאָזן.

באַציענדיק זיך אַף דער טעטיקייט פון פרוי ענקאַרנאַסיאָן עזקוראַ דע ראָסאַס, שרייבט דר. כאָסע מ. ראַמאָס מעכיאַ אין זיין בוך „ראָסאַס און זיין צייט" פאָלגענדעס: „דעמאָלט, אינעם יאָר 1833 איז געווען אַ מאָמענט, ווען די גאַנצע אַרגענטינער פּאָליטיק איז געלעגן אין איר האַנט. די אונטערטעניקע געהאָרכזאַמקייט מצד די העכסטע פּערזענלעכקייטן, איז געווען אַ באַווייז פון דער גוואַלדיקער מאַכט וואָס ראָסאַס האָט גע־האַט, ווען אַפילו ער האָט זיך געפונען דריי הונדערט לעגוועס ווייט פונעם צענטער פון זיינע מאַכינאַציעס. מיליטערלייט פון הויכן גראַד, גרויסע מלוכה־מענער און באַאַמטע האָבן געהערט צו דער צאָל פון זיינע פאַרערער".

וואָס פאַר אַ ווערט האָט דעמאָלט געקאָנט האָבן די מלוכה־מאַכט פון גענעראַל באַלקאַרסע? דער לעצטער האָט געהאַט די בעסטע אָפּזיכטן אָנצופירן אַן ערלעכע און ליבעראַלע אָרדנונג און אויך געוואָלט פאַר־

רופן אַ קאָנגרעס אָנצונעמען אַ קאָנסטיטוציע. איז אונטערגעקומען ענ־קאַרנאַסיאָן און האָט אים באַזייטיקט. דעם 3טן נאָוועמבער 1833 האָט פאַרנומען דעם גובערנאַטאָר פּאָסטן גענעראַל וויאַמאָנטע, און אויך ער האָט געוואָלט גיין אין דיזעלבע וועגן וואָס באַלקאַרסע. באַ די אוניטאַ־ריער האָט זיך אַפילו שוין געשאַפן דער געדאַנק צו פאַרכאַפן די פּראָ־ווינץ ענטרע ריאָס און איבעררעדן מיטן סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר לאָ־פּעז, און אים אַריינציען אין דער באַוועגונג קעגן דער מאַכט פון ראָסאַס. אין יענער צייט גראַד האָט זיך אומגעקערט פון אייראָפּע בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, וועלכער האָט געפעלט מערערע יאָר, און מען האָט אָנגע־הויבן שמועסן אַז ער וועט איבערנעמען די באַוועגונג.

אין ענטרע ריאָס האָט זיך עס באמת עפּעס גערירט. די באַוועגונג דאָרט האָט אָנגעפירט ריקאַרדאָ לאָפּעז כאָרדאָן, אַ געוועזענער סוב־שעף פון פראַנסיסקאָ ראַמירעז, און ער האָט געהאַט די שטיצע פונעם יונגן אָפיציר כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאַ. יענע באַוועגונג האָט געזאָלט האָבן אויך גרויסע שטיצע פון די אַרגענטינער פּאָליטישע עמיגראַנטן אין מאָנ־טעווידעאָ. באַלד האָט אורקיסאַ זיך צוריקגעצויגן, נאָך די באַוועגונג האָט טראָץ דעם זיך צעוואַקסן אין יענער פּראָווינץ.

פון דעם אַלעמען האָט מען געוואוסט אין הויז פון דאָניאַ ענקאַרנאַ־סיאָן דע ראָסאַס, און ס'זיינען דאָ אָנגענומען געוואָרן מיטלען קעגן די אַלע „געפערלעכע" פּלענער. דאָס ערשטע האָבן די פעדעראַלן געפאָדערט באַ גענעראַל וויאַמאָנטע, נישט צו דערלאָזן אַז ריוואַדאַוויאַ זאָל אַראָפּ פון שיף. אַ שטיק צייט האָט וויאַמאָנטע זיך געוואַקלט. ער האָט פאָר קיין פאַל נישט געוואָלט דערלאָזן צו אַ באַליידיקונג דעם פאַרדינסטפולן ביר־גער. צולעצט אָבער האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן דער שטרענגער האַנדלונג פון די אָנפירער פונעם רעסטאַוראַדאָרן פאַריין (סאָסיעדאַד פּאָ־פּולאַר רעסטאַוראַדאָראַ), און ריוואַדאַוויאַ האָט זיך געמוזט אומקערן קיין אייראָפּע.

נישט געקוקט דערויף וואָס סיי באַלקאַרסע און סיי וויאַמאָנטע זיי־נען געווען פעדעראַליסטן, האָבן די אָנהענגער פון ראָסאַס געקעמפט קעגן זיי. אין דער צייט ווען דיביידע מיליטער־שעפן זיינען געווען גובער־נאַטאָרס האָט ענקאַרנאַסיאָן דע ראָסאַס אָרגאַניזירט גרופּעס טעראָריסטן, וואָס האָבן געמאַכט אומזיכער דאָס לעבן פון דער בוענאָס איירעסער באַ־פעלקערונג. עס פלעגן אומיאָגן ביינאַכט גאַוטשאָ־רייטערס און אַנדערע פאַרשוינען פון דער אונטערוועלט און געשאָסן אין די הייזער וואו עס האָבן געוואוינט „אומגעוואונטשענע". ס'איז אַפילו געשאָסן געוואָרן אין הויז פון וויאַמאָנטעס מיניסטער דר. מאַנועל כאָסע גאַרסיאַ, און אין הויז פון גענעראַל אַלאַסאַבאַל. שוין אין די צייטן פון באַלקאַרסע האָט זיך געבילדעט די גרופּע רייטער טעראָריסטן, וועלכע איז געוואָרן שפּע־

טער אונטער ראָסאָסעס צווייטן רעגירונגס־פּעריאָד די בלוטיקע מאַסאָר־קאַ, און אָנגעפירט פון ענקאַרנאַסיאָן האָבן די פאַרשווינען דורכגעפירט אַלערליי מערדערייען.



מאַסאָרקאַ־רייטער טעראָריזירן די שטאָט דורך שיסערייען אין די הייזער

אין אַ בריוו וואָס דאָניאַ ענקאַרנאַסיאָן האָט געשריבן דעם 4טן דע־צעמבער 1833 צו איר מאַן, ראָסאָס, האָט זיך געזאָגט: „אַלאַסאַבאַל וואָלט נישט אַוועק, ווען איך וואָלט נישט געזוכט לייט צווישן מיינע פּאַרטרוי־ענס־מענטשן, וואָס זאָלן אים צעשיסן די פענצטער פון זיין הויז. דאָס־זעלבע איז געווען מיט איריאַרטע און אוגאַרטעטשע. אין יענער נאַכט האָט פּאַטרולירט וויאַמאָנטע און איך האָב שטאַרק געלאַכט פונעם שרעק וואָס עס האָט אים אַרומגענומען". ווייטער שרייבט זי אין זעלבן בריוו: „זאָלסט נישט שרייבן צו איינעקע פּערזאָנען וואָס זיינען געווען פריער פריינט, איידער איך וועל דיר זאָגן וויאַזוי זיי האָבן זיך אויפגעפירט, אויב דו ווילסט נישט אַריינפאַלן אין טעות, ווייל אַזוי־ווי איך בין געבליבן דאָ, קאָן איך זיי אַלע גוט".

אין אַן אַנדערן בריוו געשריבן דעם 9טן מאַי 1834 שרייבט זי צו ראָסאָס:

„עס האָבן זייער גוט געווירקט די שיסערייען און דער טומל וואָס איך האָב געלאָזט מאַכן דעם 29טן פון פאַרגאַנגענעם חודש, ווי איך האָב

עס דיר געזאָגט אינעם בריוו פון 28טן, ווייל אַדאַנק דעם איז אוועק דער קאַנאָניק ווידאַל".

בא דער דאָזיקער שיסעריי וואָס ענקאַרנאַסיאָן שרייבט אין דער־מאָנטן בריוו איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ קויל דער יונגער עס־טעבאַן באַלדאַס, אַ פּלימעניק פון דר. מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וואָס איז צו־פעליק פאַרבייגעגאַנגען דאָרט אָפן זעלבן טראָטואַר.

גענעראַל וויאַמאָנטע האָט בא אַזאַ צושטאַנד נישט געקאָנט בלייבן באַם רעגירונג רודער און ער האָט דעם 5טן יוני 1834 דימיטירט.

## ראָסאַס זיך אומגעקערט פון פּאַמפּאַ

באַלד נאָך דעם ווי באַלקאַרסע האָט איבערגענומען די רעגירונג האָט ראָסאַס זיך געגרייט צום קאַמף קעגן די אינדיאַנער אין דער פּאַמ־פּאַ. דאָס איז געווען זיינער אַן אַלטער חלום צו אַטאַקירן די „ווילדע" און זיי פאַרטרייבן ביז יענער זייט טייך ריאָ נעגראָ. ער האָט זיך וועגן דעם צוזאַמענגערעדט מיט גענעראַל בולנעס פון טשילע און מיט כואַן פאַ־קונדאָ קיראָגאַ, אונטערצונעמען געמיינזאַם דעם קאַמפּיין. צוליב די פּאָ־ליטישע אומרוען אין טשילע האָט גענעראַל בולנעס אָבער זיך צוריקגע־האַלטן, און קיראָגאַ האָט זיך אויך נישט געוואָלט באַטייליקן אין קאַמ־פיין קעגן די אינדיאַנער, דערקלערנדיק אַז ער איז נישט גענוג צוגעגרייט מיליטעריש. נאָר נישט געקוקט דאַרויף האָט ראָסאַס צוגעגרייט דריי דיוויזיעס: איינע האָט אָנגעפירט רואיז הוידאַבראַ, אַ צווייטע דער גייסט־לעכער פעליקס אַלדאַאָ, און די דריטע האָט ראָסאַס אַליין אָנגעפירט. אין דער דיוויזיע פון ראָסאַס האָבן זיך באַטייליקט גענעראַל פּאַטשעקאָ און קאָראָנעל ה. לאַגאָס

די עקספּעדיציע האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון בוענאָס איירעס אין אַפּריל 1833 און זיך אומגעקערט סוף מאַי 1834. געהייסן האָט עס אַז די עקספּעדיציע האָט דורכגעפירט אַ גרויסע מיליטערישע אַקציע און דע־ראָבערט די פּאַמפּאַ, אָבער ווי די היסטאָריקער ווימענטע פידעל לאָפּעז, באַאָקין דע וועדיאַ און אַנדערע ווייזן אָן איז די גאַנצע אַקציע געווען אַ פּשוט געיעג אַף די אינדיאַנער און דערנאָך איז אַלעס געבליבן באַם אַלטן. גענעראַל פּאַטשעקאָ און קאָראָנעל לאַגאָס זיינען טאַקע צוגעקומען ביז דער באַרגיקער זאָנע פון נעוקען און דעם טייך לימאַי, אָבער זיי האָבן דערמיט גאָרנישט אויפגעטון, ווייל עס האָבן געפעלט מיליטערישע כו־חות, צוזאַמענאַרבעט און אַ גוטע אָנפירונג. ראָסאַס גופא האָט זיך אָפּ־געשטעלט באַם ברעג פון קאָלאָראַדאָ טייך און דאָ איינגעאָרדנט זיין קוואַרטיר און נישט געגאַנגען ווייטער. דאָרט האָט דער באַרימטער נאַ־

מוראַליסט שאַרל דאַרווין געטראָפן ראָסאָסן און דער לעצטער האָט געהאָלפן דעם פאָרשער באַם דורכפירן אייניקע עקסקורסיעס פון ווייסנשאַפטלעכן כאַראַקטער.

דאָס איינציקע וואָס איז פון דער עקספּעדיציע דערגרייכט געוואָרן איז געווען דאָס איבערלאָזן אייניקע מיליטער טיילן אין טשאָעלע טשאָעל, אינעם טייך קאָלאָראַדאָ און אין אייניקע פאָרטינען. אַ ווירקלעכן קאַמפּיין קעגן די אינדיאַנער פון זיד, לויטן פלאַן פון ראָסאָס, האָט אויסגעפירט 46 יאָר שפּעטער (1879) דער גענעראַל כוליאָ אַ. ראָקאַ.

באַקומענדיק ידיעות פון זיין פּרוי און דורך אַנדערע קוועלן וועגן די נייע געשעענישן אין בוענאָס איירעס האָט ראָסאַס באַלד אונטערגענומען דעם מאַרש צריק און זיך אומגעקערט ווי אַ זיגער און באַקומען דעם טיטל אַלס „העלד פון דער מדבר”.

ווען וויאַמאָנטע האָט דימיטירט האָט ראָסאָס זיך שוין געפונען צוריק אין בוענאָס איירעס, און די לעגיסלאַטור האָט נאָך דער דימיסיע פון וויאַמאָנטע דעם 9טן אויגוסט 1834 אויסגעקליבן ראָסאַסן אַלס גובערנאַטאָר, נאָר ראָסאַס האָט ווי אַמאָל זיך ווידער אָפּגעזאָגט. די לעגיסלאַטור האָט דאַסמאָל שוין באַשטימט צו געבן אים אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן, אָבער זיי זיינען נאָך נישט געווען גענוג צופרידנשטעלנדיק פאַר אים.

פיר מאָל האָט די לעגיסלאַטור אויסגעקליבן ראָסאַסן אַלס גובערנאַטאָר און אַלע פיר מאָל האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. ס׳איז דאַריבער געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו פאָרצושלאָגן דעם גובערנאַטאָר פּאָסטן דר. טאָמאַס אַנטשאָרענאַ, דערנאָך זיין ברודער ניקאָלאַס אַנטשאָרענאַ און אויך דעם שותּף פון ראָסאַס כואַן טערעראָ, און צולעצט דעם גענעראַל פּאַטשעקאָ, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט אָננעמען. טאָמאַס אַנטשאָרענאַ, למשל, האָט געוואוסט, אַז ער טאָר נישט אָננעמען דעם הויכן אַמט, ווייל ראָסאַס וויל זיך מיט אים נישט צוזאַמענרעדן, און ער ווידער קאָן זיך נישט אונטערוואָרפן די קאַפּריזן פונעם קאַודיזשאָ. ער זאָגט דאַריבער אַנטשיידן זיך אָפּ. זיין ברודער ניקאָלאַס פאַרשטייט אויך דאָסזעלבע. ער ווייסט אַז ראָסאַס וועט אים נישט לאָזן רוען און ער וועט מוזן מיט בושה פאַרלאָזן די רעגירונג. איז דאַריבער בעסער נישט אָנצוהויבן. טערעראָ דער שותּף פון ראָסאַס, אַ רייכער מאַן, וויל נישט גיין קעגן זיין פריינט. אויך גענעראַל פּאַטשעקאָ וויל נישט. ער האָט שוין געזען דעם סוף פון גענעראַל באַלקאַרסע און גענעראַל וויאַמאָנטע, און ער וויל נישט האָבן אַזאַ מיאוסן אָפּשניט דערנאָך.

אַ צייט פון דריי חדשים נאָך זיין דימיסיע האָט גענעראַל וויאַמאָנטע געמוזט בלייבן אין זיין אַמט, ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם גובערנאַטאָר פּאָסטן. ס׳איז צולעצט באַשטימט געוואָרן אַז דער

פרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור דר. מאַנועל וויסענטע מאַסאַ זאָל אי־בערנעמען די רעגירונג, און דאָס האָט ראָסאַס טאַקע געוואָלט. דר. מאַסאַ האָט איבערגענומען די רעגירונג דעם 1טן אָקטאָבער 1834, און איז געווען באַ דער מאַכט אַרום זעקס חדשים, נאָר זיין אויטאָריטעט איז גע־ווען אַזוי גוט ווי נול. ער איז געווען נישט מער ווי אַן אויספירער פון די פאַראָרדנונגען פון ראָסאַס. אַזוי למשל האָט ער אַף דער פאָדערונג פון ראָסאַס אונטערצייכנט אַ דעקרעט, דורך וועלכן ס׳זיינען דערקלערט גע־וואָרן אַלס באַזייטיקט די אָנגעזעענסטע אַרמיי־שעפן, צווישן זיי באַלקאַר־סע, אוריאַרטע, די אַלאַסאַבאַלס און אַנדערע. דורך אַן אַנדערן דעקרעט איז באַשטימט געוואָרן גענעראַל קיראָגאַ אויסצופירן אַ שליחות אַלס פאַרמיטלער אין אַ קאָנפליקט צווישן צוויי פראָווינצן. די דאָזיקע שליחות איז געווען אַן אינטריגע קעגן קיראָגאַ, ווי דאָס וועט איבערגעגעבן ווערן ווייטער.

## פאַרלוירן די מאַלווינען אינדזלען

ס׳איז שוין אין אַ פריריקן קאַפיטל איבערגעגעבן געוואָרן דער אופן וויאַזוי ענגלאַנד האָט אָפגעריסן די מאַלווינען אינדזלען פון אַרגענטינע. געווען איז עס אין אַט דער טומלדיקער צייט.

זייט 1810 ביז 1833 איז אַף די מאַלווינען געווען אַן אַרגענטינער גאַרניזאָן און עס האָבן זיך דאָרט באַזעצט אַרגענטינער קאָלאָניסטן. אַמאָל איז יענער אַרכיפעלאַג געווען אונטער ענגלישער הערשאַפט נאָר אין יאָר 1774 האָבן די ענגלענדער אָפגעצויגן פון דאָרט דאָס מיליטער און שפאַניע האָט איבערגענומען דעם באַזיץ פון יענע אינדזלען, רעכנדיק עס אַלס צוגעהעריק צום וויצע־קעניגטום פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. אין 1824 האָט די בוענאָס איירעסער רעגירונג באַשטימט פאַר לואיס ווערנעט די קאָנ־צעסיע צו קאָלאָניזירן די אינדזלען, און ווערנעט האָט געפירט אַהין קאָ־לאָניסטן, לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים, בהמות און עופות, אַריינ־לייגנדיק אַ גרויסן קאַפּיטאַל. מיט דער צייט איז ווערנעט געוואָרן גובער־נאַטאָר איבער די אינדזלען, און ער האָט אַרויסגעגעבן (1831) אַ שאַרפן פאַרבאָט פאַר אויסלענדישע שיפן זיך אָפצוגעבן מיט פישפאַנג אין די דאָרטיקע וואַסערן. ס׳זיינען אויך באַלד דורך ווערנעט פאַרהאַלטן געוואָרן אייניקע נאָרד־אַמעריקאַנער פישער־שיפן וואָס האָבן נישט געוואוסט אָדער נישט גענומען אין אַכט דעם פאַרבאָט אַפן פישפאַנג. די נאָרד־אַמעריקאַ־נער רעגירונג האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט אין בוענאָס איירעס, אָבער באַ דעם איז עס געבליבן. דאַקעגן איז אָפגעפאָרן באַלד פון מאָנטעווידעאָ די ענגלישע קאַרבעטן־שיף „לעקסינגטאָן” צו די מאַלווינען און אַרויסגע־

זעצט מילימער. דער גובערנאַטאָר איז אַרעסטירט געוואָרן און די אַר־גענטינער קאַלאָניסטן האָבן באַקומען דעם אויפטראַג באַלד אָפּצופּאָרן. ס'זיינען דערנאָך אָנגעקומען נאָך אַנדערע ענגלישע קריגסשיפן און די אינדזלען זיינען איבערגענומען געוואָרן פולשטענדיק, אָנגעבנדיק אַז יע־נער אַרכיפּעלאַג איז ענגליש.

באַ דער רעגירונג איז דעמאָלט געווען גענעראַל באַלקאַרסע, אָבער ער איז געווען פולשטענדיק מאַכטלאָז עפּעס צו טון אין דער הינזיכט. די רעגירונג פון בוענאָס איירעס האָט אַריינגעשיקט אַ פּראָטעסט אָבער אָן שום רעזולטאַט.

אָט אַזוי איז געבליבן דער צושטאַנד ביז היינט. אַרגענטינע האָט אָבער נישט אויפגעגעבן די פאָדערונג אומצוקערן איר די אינדזלען.

## קיראָגאַ דערמאָרדעט געוואָרן

דער פּרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור, דר. מאַסאַ, האָט איבערגענו־מען די רעגירונג דעם 1טן אָקטאָבער 1834, אָבער אין אמתן האָט ער בלויז געדינט אַלס דעקטוך, ווייל פאַקטישער הערשער איז געבליבן ראָ־סאַס, און דר. מאַסאַ האָט אויסגעפירט דאָס וואָס ראָסאַס האָט געהייסן. יעדער האָט געוואוסט אַז די דעקרעטן וואָס דר. מאַסאַ האָט אונטערגע־שריבן וועגן דער באַזייטיקונג פון פאַרדינסטפולע מיליטער־שעפן און הונדערטער אַלטע און רעספּעקטפולע פּאַטריאָטן איז דיקטירט געווען פונעם קאַודיזשאָ. דער פּאָליציי־דינסט און באַזונדערס דאָס היטן די ברעגן קעגן דער אויסוואַנדערונג פון די אוניטאַריער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער מאַזאָרקאָ, אַן עלעמענט פון דעם דעמאָלדיקן פּאַריין פון די רעסטאַו־ראַדאָרן, באַקאַנט אַלס טומלער.

אין יענער צייט האָט זיך באַם טיגער פון פלאַכלאַנד, דער שרעקלעכער קאַודיזשאָ פון קוזשאָ, וועלכער האָט גרויזאַם פאַרפאָלגט די אוניטאַ־ריער אין זיינע פּראָווינצן, פלוצים געשאַפן די אידייע צו זיין דער אָנ־פירער פון אַ נייער באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלער אייניקייט. עס האָט אָיב שוין זיך צוגעגעסן דער אומויפהערלעכער קאַמף צווישן די קאַודיזשאָס און באַזונדערס האָט ער נישט פאַרגינען ראָסאַסן זיין באַלעבאַטעווען אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס. מעגלעך, אַז דורך זיין נייער און ענגער פריינט־שאַפט מיט גענעראַל אַלוועאַר האָט ער געמיינט ערלעך צו העלפן דער־גרייכן די אייניקייט אָן דירעקטן פּערזענלעכן נוצן, און מעגלעך אַז ער האָט דערוואַרט אַז דורך זיין פּאָפּולאַריטעט אַלס איניציאַטאָר פון דער באַוועגונג זאָל ער אויסגעקליבן ווערן אַלס פּאָרזיצער פונעם קאָנגרעס, און אפשר אויך שפּעטער אַלס פּרעזידענט פון לאַנד. און אָט אַזוי האָט

די לעגיסלאַטור פון מענדאָזאַ אַנגענומען דעם 8טן יאַנואר 1834 אַ געזעץ, איינצולאַדן די פּראָווינצן סאַן כואַן און סאַן לואיס צו בילדן צוזאַמען אַ פאַרייניקטע פּראָווינץ קוזשאָ, ווי דאָס איז געווען אַמאָל אין די צייטן פון סאַן מאַרטינס רעגירונגס־פּעריאָד דאָרט, און צוזאַמען זאָלן זיי בילדן אַן אַרגענטינער פעדעראַציע „אונטערן שוץ פון גענעראַל כואַן פאַקונדאָ קיראָגאַ".

דידאָזיקע באַוועגונג האָט געהאַט באַלד אַנהענגערשאַפט אין אַנדערע פּראָווינצן. דער גענעראַל הערעדיאַ, גובערנאַטאָר פון טוקומאַן, האָט באַ אַ באַנקעט אין אַ טאָסט, אין דער אַנוועזנהייט פון מאַרקאָס פּאַז, אַלבערדי און אַנדערע פּערזענלעכקייטן אויסגעדריקט דעם וואונטש אַז ס׳זאָל דער־גרייכט ווערן באַלד אַ נאַציאָנאַלער קאָנגרעס, מיטגייענדיק מיט דער באַוועגונג פון קיראָגאַ. דאָס האָט געהייסן אַן אַקציע אַף אַן אומדירעקטן אופן קעגן ראָסאַס, וועלכער האָט זיך געהאַט זיינע פּלענער צו פאַרנעמען די מאַכט און רעגירן דעספּאָטיש אָן שום דעה קעגן אים. דער בלוטיקער קאַודיזשאָ קיראָגאַ, וועמענס טעטיקייט סאַרמיענטאָ האָט געשילדערט אין זיין בוך „פאַקונדאָ" אַלס איינעם פון די גרעסטע אוממענטשן, האָט אין יענעם מאָמענט זיך פאַרנומען מיט אַ באַוועגונג קעגן ראָסאַס, נישט ווי גענעראַל אורקיסאַ האָט עס געטון שפּעטער מיט קנאַפּע צוויי צענד־ליק יאָר מיט אַ מיליטערישער אַקציע נאָר אַף אַ דיפּלאָמאַטיש־פּאָליטישן אופן.

ראָסאַס האָט דערפון געוואוסט, נאָר ער האָט עס פאַרשוויגן. באַ זיך אָבער האָט ער געפּלאַנט אונטערצונעמען עפּעס קעגן דעם.

גראָד האָט זיך געמאַכט אַ קאָנפליקט צווישן די גובערנאַטאָרס פון די פּראָווינצן טוקומאַן און סאַלטאַ. אין טוקומאַן איז געווען גובערנאַטאָר גענעראַל הערעדיאַ און אין סאַלטאַ פּאַבלאָ לאַ טאָררע, ביידע זיינען גע־ווען פעדעראַלן, און ביידע האָבן געוואָלט אויסשפּרייטן זייער איינפלוס איבער אַנדערע, שכנישע, פּראָווינצן. כוכוי, וועלכע איז דעמאָלט נאָך נישט געווען אויטאָנאָם, נאָר געווען אַ באַצירק פון סאַלטאַ, האָט אויס־גענוצט דעם מאָמענט און דער קאַבילדאָ האָט דעם 18טן נאָוועמבער 1834, אונטערן פאָרזיץ פון מאַרסעלינאָ בוסטאַמאַנטע פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקייט פון כוכוי, אַלס זעלבסטשטענדיקע פּראָווינץ.

דער קאָנפליקט צווישן די גובערנאַטאָרס הערעדיאַ און לאַ טאָררע האָט געדראָט מיטן אויסברוך פון אַ מלחמה צווישן די פּראָווינצן טוקו־מאַן און סאַלטאַ. ביידע גובערנאַטאָרס האָבן געזאַמלט מיליטערישע כו־חות. און כאָטשע יענער קאָנפליקט איז געווען ווייט פון בוענאָס איירעס, האָט ראָסאַס גענומען אַף זיך צו אינטערווענירן, און ער האָט דורך דר. מאַסאַ פאַראָרדנט קיראָגאַן, וועלכער איז געווען זייט אַנהויב 1834 אין

בוענאָס איירעס, אַז ער זאָל פֿאָרן קיין טוקומאַן און זען אויסגלייכן דעם קאָנפֿליקט צווישן די דערמאָנטע צוויי פּראָווינצן. דער אמתער ציל פֿון ראָסאַסן איז אָבער געווען אַ גאַנץ אַנדערער.

דר. מאַסאַ האָט גערופֿן קיראָגאַן צו זיך און אים געבעטן צו פֿאָרן אין אַן אָפֿיציעלער מיסיע פֿון דער רעגירונג פֿון בוענאָס איירעס, איבער־צובעטן הערעדיאַ מיט לאַטאָררע. קיראָגאַ האָט זיך דערקלערט גרייט נאָכצוקומען די ביטע, אָבער פֿריער האָט ער זיך געוואָלט זען מיט ראָ־סאַסן. עס האָט לאַנג געדויערט ביז ראָסאַס האָט באַוויליקט די דאָזיקע קאָנפֿערענץ, אָבער ענדלעך, דעם 9טן דעצעמבער 1834 איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ צווישן אַלע דריי (ראָסאַס, קיראָגאַ און מאַסאַ) און ראָ־סאַס האָט דערקלערט זיין איינשטימיקייט מיטן פּלאַן פֿון דר. מאַסאַ אַז קיראָגאַ זאָל פֿאָרן אַלס פֿאַרמיטלער, און פֿאַרשפּראָכן אפֿילו אים צוצו־שטעלן אַ קרעדענציאַל בריוו צו די גובערנאַטאָרס פֿון טוקומאַן און סאַל־טאַ. צולעצט האָט ראָסאַס נאָך באַגלייט קיראָגאַן ביז נעבן גרעניץ פֿון פּראָווינץ סאַנטאַ פֿע, אָבער דעם בריוו האָט ער אים נישט געגעבן, אָנ־געבנדיק אַלערליי תירוצים, נאָר אים פֿאַרשפּראָכן נאָך אונטערצושיקן דעם בריוו אונטערוועגס.

קיראָגאַ איז דורכגעפֿאָרן די פּראָווינץ סאַנטאַ פֿע און דערנאָך די פּראָווינץ קאָרדאָבאַ, וואו עס האָבן געהערשט די ברידער רעינאַפֿע, גע־שטיצט פֿונעם סאַנטאַ פֿעער גובערנאַטאָר לאָפּעז. אין געגנט פֿון סאַן פֿעדראָ באַרג פֿון קאָרדאָבאַ האָט אָנגעיאָגט איינער פֿון די רעינאַפֿע מיט אַ באַנדע רייטערס, צו דערמאָרדן קיראָגאַן. דער פּרואוו איז אָבער נישט געלונגען, און קיראָגאַ האָט פֿאָרגעזעצט די רייזע. ער איז געקומען קיין סאַנטיאַגאָ און דאָ איז ער געוואָר געוואָרן אַז די כוכויער האָבן געכאַפּט דעם גובערנאַטאָר פֿון סאַלטאַ, לאַטאָררע, און אים אין טורמע געקעפּט. דאָרט האָט קיראָגאַ אויך באַקומען דעם בריוו פֿון ראָסאַס, אָבער אַנ־שטאָט אַ קרעדענציאַל פֿאַר דער פֿאַרמיטלונג אין קאָנפֿליקט צווישן די צוויי פּראָווינצן איז עס געווען אַן אָנפֿאַל אַף קיראָגאַ פֿאַרוואָס ער פֿירט זעלבסטשטענדיק אַ שעדלעכע פּאָליטיק. אַ באַליידיקטער און אויפֿגע־רעגטער האָט קיראָגאַ זיך געוואָלט איצט לאָזן אין זיין פּראָווינץ קוזשאָ, מעגלעך מיט דער אידייע אונטערצונעמען אַ קאַמף קעגן ראָסאַס. ער האָט פֿון סאַנטאַגאָ זיך אומגעקערט קיין קאָרדאָבאַ, אַף צו פֿאַרנעמען זיך צו מערב. פֿאָרנדיק צווישן די בערג, און קומענדיק אין געגנט פֿון באַ־ראַנקאַ יאַנקאָ, אַ געגנט פֿול מיט שוועריקייטן און געפֿאַרן פֿאַר דעמאָלס־דיקע רייזעס, האָט אָנגעיאָגט אַ מחנה רייטער, אָנגעפֿירט פֿון איינעם סאַנטאָס פּערעז, און געשיקט פֿונעם גובערנאַטאָר רעינאַפֿע. די מחנה איז באַשטאַנען פֿון אַרום 30־40 רייטערס. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם וואָגן

אין וועלכן קיראָגאַ איז געפאָרן און אים אָפּגעשטעלט. „וואָס איז דאָס?" — האָט קיראָגאַ געפרעגט. „קומט אַרויס" — האָט פערעז געענטפערט — „וועט איר זען". קיראָגאַ האָט באַלד געעפנט אַ שיסעריי מיט זיינע פיסטוילן, נאָר ער באַקומט תיכּף אַ קויל אין אַן אויג און ער פאַלט אין וואָגן. די מערדער זיינען אים דערנאָך שנעל באַפאַלן מיט די מעסערס און פאַרענדיקט זייער אַרבעט. זיי האָבן אויך דערמאָרדעט דעם גובערנאַטאָר פון סאַן לואיס, כאָסע סאַנטאָס אָרטיז, וועלכער איז מיטגעפאָרן מיט קיראָגאַ אַלס פריינט און אַלס סעקרעטאַר. ס'זיינען אויך דערהרגעט געוואָרן די פערד אָנטרייבער, די פּעאָנען, אַ פּאָסטעליאָן און אַ אינגל זיינס.



דער איבערפאַל אויף דער קאַרעטע פון קיראָגאַ

די מערדער האָבן ווייזט אויס געהאַט אַ פאַראָרדנונג צו דערהרגענען יעדן פון דער באַגלייטונג, כדי ס'זאָלן נישט בלייבן קיין לעבעדיקע עדות.

אַ פּאָר שעה שפּעטער איז געקומען אַהין אַ דאָרפישער פּאָליציי פּאַטרול און געטראָפן דאָרט די מתים, מיטן באַגאַזש און דעם וואָגן. ס'איז אַלעס אויפגעלאָדן געוואָרן אויפן וואָגן און מ'האָט די טויטע, מיט די דאָקומענטן און דעם בריוו צוגעשטעלט אין קאָרדאָבאַ דעם גובערנאַטאָר וויסענטע רעינאַפע.

אין סאַנטאַ פע האָט מען די ידיעה פון קיראָגאַס טויט אויפגענומען מיט גרויס פרייד, נאָר אין בוענאָס איירעס איז מען געבליבן גאַנץ גלייכגילטיק דערצו. בלויז ראָסאַס האָט זיך כלומרשט גענומען שטאַרק צום הארצן.

אַלס שולדיקע אין טויט פון קיראָגאַ זיינען באַצייכנט געוואָרן לאַפּעז, פון סאַנטאַ פע, און ראָסאַס. דער אמת איז אויך אַז קיראָגאַ איז געווען אַ געפאַר פאַר די צוקונפט פּלענער פונעם בוענאָס איירעסער קאַודיזשאַ, אָבער עס האָט אים נישט געפּאַסט אַלס אַזעלכן באַטראַכט צו ווערן.

אין זיין בוך „כואַן מאַנועל דע ראָסאַס" ווייזט אויף קאַרלאָס איבאַרגורען אַז שולדיק אינעם טויט פון קיראָגאַ זיינען בלויז לאָפּעז און דער קאָרדאָבער גובערנאַטאָר רעינאַפע מיט זיינע ברידער. איבאַרגורען ווייזט אָן אַז ראָסאַס איז געווען אַן אויפריכטיקער פריינט פון קיראָגאַ, און אַז דער בריוו וואָס ראָסאַס האָט אונטערגעשיקט דעם „טיגער" קיין סאַנטיאַגאָ איז געווען אַזעלכער וועלכן קיראָגאַ האָט טאַקע דערוואַרט, און זיך באַצויגן אַף דער פאַרמיטלונג. דאַקעגן רעינאַפע און לאָפּעז האָבן געהאַט אַלטע חשבונות מיט קיראָגאַן און זיי האָבן אויסגענוצט אַ מאָמענט אים צו דערמאָרדן.

וויאַזוי דאָס זאָל אָבער נישט האָבן געווען, צי ראָסאַס איז מיטשולדיק געווען צי נישט, צי ער האָט אויפגענומען מיט צופרידנקייט אָדער נישט די ידיעה פון זיין דערמאָרדונג, בלייבט איינס אָבער זיכער, אַז רעינאַפע איז געווען דער הויפּטשולדיקער און ראָסאַס האָט געלאָזט פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ, מיט זיינע ברידער און זיי זיינען פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, ווי דאָס וועט איבערגעגעבן ווערן שפּעטער.

די ראָסיסטן האָבן דערווייל אויפגעהויבן אין בוענאָס איירעס אַן אַליאַרם, אַז „ס'איז נויטיק אַ פעסטע רעגירונג, אַן אייזערנע האַנט וואָס זאָל מאַכן אַ סוף צו אָט דעם כאַאָס". דאָס איז געווען דער פּאַסיקסטער מאָמענט פאַר ראָסאַסן. דער גובערנאַטאָר, דר. מאַנועל וויסענטע מאַסאַ דימיטירט. די לעגיסלאַטור נעמט אָן בײַ דער זיצונג פון 7טן מערץ 1835 אַ געזעץ, איינצופירן אַ נייע רעגירונגס-פאָרם, אַ פעריאָד פון 5 יאָר, מיטן רעכט צו פאַרלענגערן דעם מאַנדאַט אַף אַ נייעם פעריאָד און עס ווערט אויסגעוויילט אַלס נייער גובערנאַטאָר כואַן מאַנועל ראָסאַס.

אין דער רעזאָלוציע וואָס איז בײַ יענער זיצונג אָנגענומען געוואָרן האָט זיך געזאָגט:

1) ס'ווערט אָנגענומען די דימיסיע פון דר. מאַסאַ, לאָזנדיק אים בלייבן אין אַמט ביז ס'וועט באַשטימט ווערן דער בירגער וואָס זאָל אים פאַרבייטן.

2) באַשטימען אַף אַ צייט פון פינף יאָר אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס כואַן מאַנועל ראָסאַס, איבערגעבנדיק אין זיין האַנט די גאַנצע עפנטלעכע מאַכט פון פּראָווינץ,

אַף אַ צייט פון פינף יאָר, וואָס קאָן לויט זיין איינזען אין נויטיקן פאַל פאַרלענגערט ווערן, אָן שום באַדינג חוץ דעם, פון „פאַרטיידיקן די קאַטוילישע רעליגיע און די זאַך פון דער פעדעראַציע".

איצט האָט ראָסאַס געמאַכט אַ נייעם אָנשטעל, און געזאָגט, אַז ער וויל די צושטימונג פון גאַנצן פאָלק, און הייסט דורכפירן אַ פּלעבעסציט. זיין וואונטש ווערט דערפולט און דאָס פאָלק פירט דורך אין די טעג פון 26, 27 און 28טן מערץ אַ פּלעביסציט, און בלויז 8 בירגער האָבן געוואַגט

## כואַן מאַנועל דע ראָסאַס

איינער פון די זעלטנסטע קאַודיזשאָ טיפּן פון דער צווייטער עפּאָכע אין דער אַרגענטינער מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט איז געווען כואַן מאַנועל ראָסאַס. ער האָט זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף קעגן דער ענגלישער אינוואַזיע, איז שפּעטער געווען אַ האַלבער אוניטאַריער און געשטיצט מאַרטין ראָדריגעזן אַז ער זאָל בלייבן אין דער מאַכט. שפּעטער אָבער דורך זיין אַמביציע צו זעלבסט־הערשאַפט און האַבנדיק אין זיין זייט אַלס ווייב די געשליפענע און כיטרע ענקאַרנאַסיאָן, איז ער געוואָרן דיקטאַטאָר און שפּעטער טיראַן, נישט זייענדיק אײבערקלויבעריש אין קיין מיטלען אינעם קאַמף קעגן זיינע שונאים — די „ווילדע, עקלדיקע אוניטאַריער" ווי ער האָט באַצייכנט די אַלע וואָס זיינען געווען אין אָפּאָזיציע צו אים. נאָכן טויט פון זיין ווייב האָט זיין טאָכטער מאַנועליטאַ אים געהאָלפן צו בלייבן אין דער מאַכט. אירע מיטלען זיינען געווען גאַנץ אַנדערע, איידלע, פיינפילנדיקע, אָבער אַזוי צי אַזוי האָט ראָסאַס געהאַט זייער



Juan Manuel de Rozas

טרייע מיטהעלפערס קודם אין זיין ווייב און דערנאָך אין דער טאָכטער. די לעצטע האָט געדינט איר טאַטיטאַ אויך באַם אַנטלויפן און באַם איינאָרדנען זיך אין דער נייער היים, אין ענגלאַנד, און ערשט דעמאָלט, ווען מאַנועליטאַ איז אַלט געווען שוין 35 יאָר, און דער פאָטער איז געווען פאַרזאָרגט מיט אַ פאַרם, האָט זי איבערגעלאָזט איר טאַטיטאַ און חתונה געהאַט, שאַפנדיק זיך אַן אייגענע היים אין ענגלאַנד.

צו שטימען קעגן געבן ראָסאַסן אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן אַף אַ צייט פון פינף יאָר.

די לעגיסלאַטור האָט געמאָלדן ראָסאַסן דעם רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג אין שטאָט, באַמערקנדיק אַז אין פּראָווינץ איז אַפילו נישט נויטיק קיין פּלעביסציט, ווייל די שטימונג און שטעלונג צו ראָסאַסן דאָרט איז באַקענט.

בנוגע דעם פּלעביסציט באַמערקט פידעל לאָפּעז: „אין דעם ווי אין אַנדערע האַנדלונגען זיינע איז געווען באַהאַלטן אַ געמיינער ציל. ער האָט נישט געדאַרפט קיין געזעצלעכע באַשטעטיקונג און נישט אינטע־רעסירט זיך מיט דער צאָל שטימען. וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכן איז דאָס, אַז ער זאָל קאָנען שטרענג באַשטראָפן די וואָס וועלן אַרויס־טרעטן קעגן זיין רעזשים, און באַצייכענען זיי אַלס פאַררעטער וואָס פאַר־לעצן זייער שטימע און שבועה, דורך וועלכער זיי האָבן אים געבראַכט צו דער מאַכט".

## דער פּעריאָד פון טיראַניי

דער מעכטיקער דיקטאַטאָר ראָסאַס האָט איצט זיך געפילט אינגאַנצן זיכער און פעסט. קיראָגאַ איז טויט. לאָפּעז איז געבליבן מאַכטלאָז. די אַנדערע קאַודיזשאָס פון פאַרשידענע פּראָווינצן זיינען געווען צו שוואַך און פאַרנומען מיט אייגענע לאָקאַלע קאָנפליקטן. ער איינער איז גע־בליבן די פעסטע האַנט, און אים צו דינסט איז געבליבן די מאַסאָרקאַ.

דעם 13טן אַפּריל 1835 איז באַנייט געוואָרן אָפיציעל דער רעזשים פון ווידער דערוויילטן גובערנאַטאָר ראָסאַס, אַ רעזשים פון שרעקלעכן דעספּאָטיזם וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט פון 17 יאָר.

די צערעמאָניע פון איבערנעמען די מאַכט איז פאָרגעקומען אין די סאַלאָנען פון דער פעסטונג. ראָסאַס איז געקומען צופאָרן אין אַ קאַרעטע געשלעפּט פון אַ דעלעגאַציע פון „רעסטאַוראַדאָרן". פון די פענצטער און דירן, באַלקאָנען און דעכער האָט מען געגרעסט מיט בלומען, געוואָרפן פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען און די גאַס האָט געיובלט, געשטורעמט, געטאַנצט. דר. קאַרלאָס איבאַרגורען אין זיין בוך „כואַן מאַנועל ראָסאַס" שילדערט יענעם מאַרש פון ראָסאַס צו דער פעסטונג אַלס איינעם פון די זעלטנסטע פּאַראַדן וואָס בוענאָס איירעס האָט ווען געזען אין פאַרגאַנ־גענעם יאָרהונדערט: פיבערנדיקע אַקלאַמאַציעס און אָוואַציעס, מילי־טערישע מוזיק, בלומען און וויוואַס פאַרן רעסטאַוראַדאָר, און דאָס האַנט־קושן דעם נייעם מלוכה־שעף אין דער פעסטונג האָט געדויערט ביז העט שפּעט נאָכמיטיק.

אַזעלכע פייערונגען זיינען געווען אין אַלע שטאָט־געגנטן. ס'איז דורכ־געפאָרן אומעטום דער טריומף־וואָגן מיט אַ גרויס בילד פון ראָסאַס און דאָס בילד איז אַקלאַמירט און אָוואַציאָנירט געוואָרן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געיעג, און בראַנפנדיקע העלדזער האָבן געשריגן „זאָל לעבן דער רעסטאַורירער פון געזעץ און אָרדנונג!" באַלד האָבן זיך באַוויזן גרופּעס צו זעקס און אַכט רייטערס, אָנגעטון ווי

גאוטשאָס, מיט שטריק און קײַלעכלעך באַהאַנגען. זיי האָבן מיט שטורם אַרײַנגעריטן צווישן פֿאָלק, עפּנדיק זיך אַ ברייטן וועג. דאָס זײַנען געווען מענטשן פֿון „פֿאַריין פֿון די רעסטאַוראַדאָרן" (די מאַסאָרקאָ). און ווי צו דעם וואָס האָט נישט אַראָפּגענומען דעם הוט אָדער זיך נישט אויפֿגעשטעלט פֿאַרן בילד פֿון ראָסאַס.

אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּראָווינץ זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן ענלעכע פֿעסטלעכקייטס אַקטן. איבער די באַלקאָנען פֿון אַ סך הײַזער זײַנען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן טעפּיכער, פֿאָנען אָדער פּלאַקאַטן מיט פֿאַסיקע אויפֿשריפֿטן.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, און שפּעטער, ווען ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן פֿונעם געיעג פֿון די רײַטערס מיט אַ געשריי איבער די גאַסן: „זאָל לעבן דער געשעצטער רעסטאַוראַדאָר!" און „אַ טויט די ווילדע, אומוענטשלעכע, עקלדיקע אוניטאַריער!" — די מאַסאָרקאָ, ראָסאַסעס רײַטער־מחנה, איז אַרײַן אין פֿונקציע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אַ מוראדיקער געיעג אויף די אוניטאַריער. די לאָזונג איז געווען „פֿעדעראַציע אָדער טויט!" און דער רוף איז געווען „זאָל לעבן די הייליקע פֿעדעראַציע", און „אַ טויט די ווילדע אוניטאַריער". די איבערשריפֿט „וויוואַ לאַ קאָנפֿעדעראַסיאָן אַרגענטינאַ" איז געקומען אויף אַלע אָפֿיציעלע דאָקומענטן, טעאַטער־אַפֿישן און געדינט אויך אַלס אָנהויב פֿון בריוו, און באַלד נאָך דעם דאָזיקן הורא פֿאַר דער קאָנפֿעדעראַציע איז צוגעקומען דער צוגאָב „מוערען לאָס סאַלוואַכעס אוניטאַריאָס".

יעדער האָט געמוזט טראָגן אין לאַץ אַ רויט מאַשל אָדער בענדל אַלס צייכן אַז ער איז אַן אָנהענגער פֿון דער פֿעדעראַסיאָן (פֿעדעראַציע), וואָס מיינט אַן אָנהענגער פֿון ראָסאַס. אַזאַ אָפּצייכן האָבן די פֿרויען אויך געמוזט טראָגן, אויב נישט אין לאַץ איז אַ מאַשל אין די האָר. און האָט עמיץ עס נישט געטראָגן איז ער געווען באַלד אַ „סאַלוואַכע, אינמונדאַ און אַסקעראָסאַ" אוניטאַריער, וועמען מען דאַרף דערהרגענען.

דער בלויער קאָליר איז באַטראַכט געוואָרן אַלס סימבאָל פֿון די אוניטאַריער און ס'איז געווען געפֿערלעך זיך צו ווײַזן אין גאַס אין אַ בלויעם אָנצוג, קלייד אָדער הוט. ס'איז גענוג געווען אַז ס'זאָלן בײַ אַ פֿאַמיליע אין הויז באַנוצט ווערן אויף טיש טעלערס אָדער אַנדער געשיר מיט אַ בלויעם שטרייף אַלס באַפּוצונג, אַז ס'זאָל קומען באַלד די מאַסאָרקאָ, מאַכן אַן איבערפֿאַל אין הויז, אַלעס צעברעכן און אויך מאַכן אַרעסטן.

דורך אַ דעקרעט זיינען געצוואונגען געוואָרן אַלע לערערס, שילערס און אָנגעשטעלטע פון די שולן צו טראָגן דעם פעדעראַלן אָפּצייכן.

ס'איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן אַז ראָסאַס האָט אין זיין ענקאַרנאַסיאָן געהאַט אַ גוטע מיטהעלפערן אין דער פאַרפאָלגונג פון די „ווילדע, אומטענטשלעכע, עקלדיקע אוניטאַריער", דאַקעגן האָט זיין טאָכטער מאַנועליטאַ זיך אויסגעצייכנט מיט אַ מער מענטשלעך געפיל, און איר האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן אַ סך אוניטאַריער פערזענלעכקייטן. דער פאָטער אירער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין מאַנועליטאַ, און ווי טיראַניש ער איז געווען צו אַנדערע, האָט ער נישט געקאָנט זיך קעגנשטעלן וועלכער ביטע פון זיין כיינעוודיקן, יונגן טעכטערל מאַנועליטאַ. און מאַנועליטאַ האָט אויסגענוצט יעדן גינסטיקן מאָמענט, אַף צו בעטן באַגנאַדיקונג פאַר דעם אָדער יענעם אוניטאַריער, וועמענס דערשיסונג ס'איז געווען אַ באַשטימטע זאַך.

די מאַסאָרקאַ איז געוואָרן אַ בלוטדורשטיקע, שרעקלעכע מאַכט. זי האָט אויסגעפירט נישט בלויז אַלע מאָרד־באַפעלן פון ראָסאַסן, נאָר האָט אַליין געגנישטערט און געזוכט קרבנות. ס'זיינען געמאַכט געוואָרן הויז־איבערפאַלן אין וואוינונגען פון באַקאַנטע אוניטאַריער און מען האָט אומרחמנותדיק געקוילעט די בעסטע מענער און אויך זייערע פרויען. די מאַסאָרקאַ האָט אויך נאָכגעיאָגט זיך נאָך קרבנות אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט. אַרומרייטנדיק איבער די גאַסן האָט אַ מאַסאָרקיסט געקאָנט איבערפאַלן וועמען ער האָט געוואָלט און אים דערשטעכן און דערנאָך אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

איינער פון די באַקאַנטע מערדער אין יענער צייט איז געווען דער מאַסאָרקאַ אָנפירער כואַן מאָרעיראַ, איינער וואָס האָט באַקומען באַ ראָסאַסן אַ פרייע האַנט אין דער זיכערונג פון דער פעדעראַציע. מאָרעיראַ און זיינע מיטאַרבעטער האָבן געקוילעט נישט בלויז אוניטאַריער נאָר אויך פעדעראַלן. די דאָזיקע מחנה „דעגאָזשאַדאָרן" (קוילערס) האָבן, ווי געזאָגט, קודם דערשטאָכן און דערנאָך באַרויבט און צולעצט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פונעם קרבן. עס האָבן זיך אין יענער צייט אומגעוואַלגערט טויטע קערפּערס אָן קעפּ אין אַלע גאַסן. און די מיסט־קלויבער האָבן צונויפגענומען די דאָזיקע טויטע קערפּערס, זיי געוואָרפן אין די מיסט־וועגענער און צוזאַמען מיטן מיסט זיי ערגעץ אָפּגעוואָרפן. קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט ווער דאָס איז דער אָדער יענער עלענט געקליידעטער טויטער קערפּער פונעם מאַן אָדער פרוי. אַזאַ אַרבעט האָט דאָס אָנגעפירט דער רעסטאַוראַדאָרן פאַריין (סאָסיעדאַד פּאָפּולאַר דע לאָס רעסטאַוראַדאָרעס). עס האָט אָנגעהויבן מיט דער צייט זיין אין געפאַר דאָס לעבן פון אַלע — פעדעראַלן און אוניטאַריער — און די פּע־

דעראָלן האָבן זיך אָנגעהויבן קלאָגן קעגן מאַרעירא. ראָסאַס האָט אַליין אויך פאַרשטאַנען אַז זיין גינסטלינג מיסברויכט מיט דער מאַכט, האָט ער אים געלאָזט דערשיסן אָן שום וואָרנונג אָדער אָן שום פריריקער מעל־דונג. ראָסאַס האָט צו מאָרעיראַן געשיקט אַ פאַראָרדנונג צו מעלדן זיך אין פּאָליציי, און דער פּאָליציי האָט ראָסאַס פאַראָרדנט, אַז ווען מאַרעי־רא וועט קומען זאָל אין הויף שוין זיין צוגעגרייט אַ גרופּע פּאָליציסטן און זיי זאָלן אים תיכף דערשיסן. און אַזוי איז עס אויך געווען.

די פרוי ראָסאַס, ענקאַרנאַסיאָן, האָט געהאַט איר שטאַב מענטשן אין דער פאַרפאָלגונג פון די אוניטאַריער; און אויך איר שוועסטער מאַריאַ כאָסעפאַ עזקורא האָט מיטגעאַרבעט אין דער הינזיכט. זי איז געווען אַ שרעקלעך בלוטדורשטיקע, און אַלס שוועגערן פונעם הערשער ראָסאַס האָט זי געהאַט אַ באַזונדערן שטאַב „דעגאָזשאַדאָרן", וועלכע האָבן אָף איר באַפעל געהאַקט קעפּ פון פאַרדעכטיקטע קעגנער. די טויטע קערפּערס זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן אין גאַס און די קעפּ זיינען אָפט צוגעבונדן געוואָרן צו די עקן פון די פערד און זיי אַזוי ארומגעשלעפּט איבער דער שטאָט.

מאַסן אוניטאַריער און בכלל קעגנער פון ראָסאַס זיינען אַנטלאָפן קיין מאָנטעווידעאָ, באָליוויע און טשילע און פון דאָרט אוים אונטער־גענומען אַן אַקציע קעגן דעם טיראַנישן רעזשים אין זייער געבורטסלאַנד. צווישן די אַנטלאָפענע האָבן זיך געפונען אַלבערדי, סאַרמיענטאָ און אַ גאַנצע רייע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן שפּעטער נאָכן שטורץ פון ראָסאַס מיטגעהאָלפן צו דער אָרגאַניזירונג פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים און געבראַכט צום אויפבלי פונעם לאַנד.

## די שטימונג פון ראָסאַס

ווי יעדער מענטש האָט אויך כואַן מאַנועל ראָסאַס געהאַט מאָמענטן פון בעסערער אָדער שלעכטער שטימונג, און לויט דער שטימונג אַזוי זיינען געווען זיינע אורטיילן איבער די געכאַפּטע „חיהשע, עקלדיקע או־ניטאַריער". מאַנועליטאַ האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו ענדערן זיין שטי־מונג צו גוטן, און אין אַזעלכע מינוטן געפועלט די באַפרייונג פון אַ סך אומגליקלעכע.

זיצנדיק באַ זיך אין קאַבינעט, אין דער פעסטונג אָדער אין אַ מי־ליטערישן לאַגער, פלעגט ראָסאַס אַרויסגעבן זיינע אורטיילן איבער הונ־דערטער לעבנס, וואָס האָבן זיך געצאַפּלט אין פּאָליצייאישע הענט, אַרעס־טירטע פאַר נישט טראָגן דעם רויטן לאַץ, פאַרן גיין אָנגעטון נישט ווי אַ

פעדעראלער אָדער פאַר אַן ענלעכן „שרעקלעכן" פאַרברעכן קעגן דער קאָנפעדעראַציע.

ראָסאַס האָט געהאַט צו זיין דינסט חוץ דער פּאָליציי און די מאַ־סאָרקאַ אויך אַ גרויסן המון פון אָרעמען קלאַס און באַזונדערס די נע־גערס. אין בוענאָס איירעס האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אַרום צוועלף ביז פופצן טויזנט נעגערס, געוועזענע שקלאַפן אָדער קינדער פון שקלאַפן, וואָס זיינען געווען טריי און איבערגעגעבן דעם „גרויסן רעסטאַוראַדאָר", אַזוי אַז אָט די ריזיקע מחנה האָט געהאַלטן אַפן אויג יעדן, און ס'איז נישט אַוועק דער טאָג אַז ס'זאָלן נישט זיין אַ פּאָר צענדליק אַרעסטירטע, דער־שאָסענע, דערשטאָכענע אָדער פאַרפייניקטע.

די אַרבעט פון דער מאַסאָרקאַ איז דורכגעפירט געוואָרן טיילווייז מיט און מייסטנס אָן דעם וויסן פון ראָסאַס. דאַקעגן וועגן די אַרעסטן מצד דער פּאָליציי איז שטענדיק באַריכטעט געוואָרן דעם הערשער.

אָט אַ קליין צעטל פּאָליצייאישע באַריכטן צום גובערנאַטאָר און גע־נעראַל קאַפּיטאַן פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, כואַן מאַנועל ראָסאַס, פאַרצייכנטע אינעם פּאָליציי־אַרכיוו.

„דער פּאַסטאָר (גייסטלעכער) אַלבאַראַסין: האָט נישט געלייסטעט וועלכן דינסט דער קאָנפעדעראַציע. ער גייט אָן וואָנסעס, איז אַ וויל־דער אוניטאַריער. ער איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר רעדן קעגן דעם העכסטן רעגירונגס־שעף.

„כואַן נאַוואַראָ: איז אַ פאַרשוין פון אוניטאַריער שניט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 25טן יוני, ווייל ער האָט אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמ־לונגען מיט ווילדע אוניטאַריער אין זיין הויז.

„מאַנועל כאָרדאַן: רעדט קעגן העכסטן מלוכה־שעף; איז אַ ווילדער אוניטאַריער, און האָט זיך אָפּגעשניטן די וואָנסעס.

„כואַן אַראַוכאָ: איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט ווילדע אוניטאַריער אין הויז פונעם פאַרברעכער טיאָלאָ, וועלכער איז הינגעריכטעט געוואָרן.

„כאָסע מאַריאַ בוסטיליאָ: איז אַ ווילדער אוניטאַריער, און איז ערשטער שרייבער אין דער פּאָסט־אַדמיניסטראַציע.

„מאַרטין לאַקאַראַ: גייט אין אַ פראַק און איז אַ שאַרפער אוני־טאַריער.

„סינפאָריאַנאָ הוערטאַס: האָט זיך אָפּגעשניטן די וואָנסעס, איז אַרעסטירט געוואָרן דורך קאָראָנעל פאַררא, ווייל ער איז אַ ווילדער או־ניטאַריער.

„מאַרטין קינטאַנאַ: איז אַ פאַרשוין פון אַ פראַק, באַנוצט נישט קיין אָפּצייכן, איז אַרעסטירט געוואָרן דורך קאָראָנעל קונטיניאַ ווייל ער איז אַ ווילדער אוניטאַריער.

„פּאַבלאָ כ. דיאַז: איז אַן אוניטאַריער און האָט זיך אָפּגעשניטן די וואָנסעס.

„מאַריאַנאָ סאָלאַ: איז אַן אוניטאַריער אין אַ זשאַקעט.

„כאָסע כוליאַן כאַימעס: איז איינער וואָס האָט אַ שטוים געטון מיטן פּוס דעם אָפּצייכן מיטן בילד פון זיין עקסעלענץ.

„דאַניעל פּעניאַלוואַ: האָט נישט געלייסטעט וועלכן דינסט דער פּעדעראַציע, נוצט נישט קיין וואָנסעס, איז אַ ווילדער אוניטאַריער.״

אָט אַזעלכע רשימות זיינען צוגעשטעלט געוואָרן טאָג־טעגליך צו זיין עקסעלענץ, און ער, ראָסאַס, האָט זיי איבערגעלייענט און בײַ יעדן פון די נעמען צוגעשטעלט זיינע אַ באַמערקונג.

אין גוטע מינוטן, און באַזונדערס ווען מאַנועליטאַ איז געשטאַנען אין זיין זייט האָט ראָסאַס זיך געצייגט מילד און געגעבן גינסטיקע אורטיילן. קאַרלאָס איבאַרגורען אין דערמאָנטן בוך „כואַן מאַנועל דע ראָסאָס״ גיט איבער אייניקע פון די גינסטיקע און אייניקע פון די האַרבע אורטיילן פונעם דיקטאַטאָר. אָט זיינען די גינסטיקע:

„אַזוי ווי ס׳איז היינט דער הזכרה־טאָג, וואָס דער וואוילפאַרדינטער גלח פון פּיעדאַד קירכע האָט געווידמעט דער נשמה פון דער פרוי ענקאַרנאַסיאָן עסקוררא דע ראָסאַס (די פרוי פון ראָסאַס איז געשטאָרבן דעם 19טן אָקטאָבער 1838) זאָל באַפרייט ווערן כענאַראָ סילוואַ.

„ס׳זאָלן אַראָפּגענומען ווערן די קייטן פונעם אַרעסטירטן דאָקטער גרעגאָריאָ טאַגלע און ער זאָל צוגעשטעלט ווערן אַהיים, זיך צו קורירן, וואָרנענדיק אים אַז דאָס הויז איז זיין אַרעסט און עס טאָר נישט אַריינקומען קיינער חוץ זיין פאַמיליע און דינערשאַפט.

„ס׳זאָלן אַראָפּגענומען ווערן די קייטן פונעם אַרעסטירטן גייסטלעכן כאָסע לעאָן דע פּעראַלטאַ.

„עס בלייבן באַגנאַדיקט די אַרעסטירטע פּעליקס און כואַן פּערעירא.

„די אינדיווידיומס אַנאַסגאָסטי און מאַרטין פּאַראַמינסיאָן, וואָס האָבן נאָך די שטאָט אַלס זייער טורמע (טאָרן נישט אַרויספאָרן און געפינען זיך אונטער פּאָליציייִשן קאָנטראָל) זאָלן אינגאַנצן באַפרייט ווערן. דאָס זעלבע זאָל אויך זיין פאַר אינדאַלעסיאָ בורגאָס אַף דער ביטע פון זיין שוואָגער כאָסע רעזשעס פּעראַלטאַ.

„ס׳זאָל באַפרייט ווערן דער ווילדער אוניטאַריער לאָרענסאָ וואַלדעז, לאָזנדיק אים זיין הויז אַלס טורמע, אַף דער ווענדונג פונעם מיניסטער פון בראַזיל.

„ס׳זאָל באַפרייט ווערן דער ווילדער אוניטאַריער עוסעביאָ אַרעטשאַגאַ, לאָזנדיק פאַר אים זיין הויז אַלס טורמע, אַף דער ווענדונג פונעם הערן קאָנסול פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

„ס'זאָל באַפרייט ווערן דער ווילדער אוניטאַריער מאַנועל פיראַן, לאַזנדיק אים זיין הויז אַלס טורמע, אויף דער ביטע פון זיין שוואָגער, דער דאָקטער קאַיעטאַנאָ קאַמפּאַנאַ.״

דאָס איז געווען אין די גוטע מינוטן. אַפן אָרט פון זיצן אין טורמע זיינען די דערמאָנטע „ווילדע״ אוניטאַריער געבראַכט געוואָרן אַהיים, צו זיצן דאָרט פאַרשפּאַרט אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, און עס האָט קיינער נישט געטאָרט קומען אין יענער שטוב חוץ דער אייגענער פאַמיליע, און דער באַטרעפנדער האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין פון שטוב.

קוים אָבער זיינען אַוועק די גוטע מינוטן, האָט זיך באַלד געענדערט דער טאָן און די אינסטרוקציעס פון ראָסאַס זיינען געווען שאַרפע. אַלס קליינער ביישפּיל קאָן דינען פאָלגענדער אַזוי צו זאָגן טאָג־באַפעל פונעם טיראַנישן הערשער:

„ס'האָט גוט געטון דער גענעראַל פּרודענסיאָ ראָסאַס, מיטן אַרעסטירן פאָלגענדע ווילדע אוניטאַריער: (דאָ קומט אַ לאַנג צעטל מיט נעמען פון די פּערזאָנען וואָס זיינען געכאַפּט און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע). ס'איז שוין נישט מעגלעך צו דולדן און אָנגיין מילד מיט זיי, ווייל זיי זיינען די פאַרורזאַכער פון דער מלחמה און זיי דאַרפן ליידן און פילן דאָס אָפּקומעניש. מיט זייערע פאַרמעגנס זאָלן באַצאָלט ווערן די שאָדנס פון די פעדעראַלן.

„ס'ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאָג וואָס עס מאַכט דער פעדעראַל כוליאַן סאַלאָמאָן, די סומע פון צוויי טויזנט פיר הונדערט פּעזאָס פאַרן קליינעם הויז וואָס ס'האָט געהערט צום ווילדן אוניטאַריער לוקאַס גאָנסאַלעז. (סאַלאָמאָן איז געווען דער פּרעזידענט פונעם פאַריין פון די רעסטאָראַדאָרן).

„ס'זאָל פאַרשפּאַרט ווערן אין טורמע דער אינדיוויד מאַנועל אָכעדאַ, אַ דערקלערטער שוין אַלס ווילדער אוניטאַריער, פאַרן פאַרברעך צו האָבן שמועסן מיט דעם ווילדן אוניטאַריער מאַרסעלינאָ בוטעלער.

„ס'זאָל פאַרשפּאַרט ווערן אין טורמע טימאָטעאָ אַרמאַנסאַ, פאַרן פאַרברעך צו האָבן געדינט אין הויז פון מאַנועל אָכעדאַ און נישט געמאַסערט דעם שמועס וואָס יענער ווילדער אוניטאַריער האָט געהאַט מיטן ווילדן אוניטאַריער מאַרסעלינאָ בוטעלער.״

און אַזוי ציען זיך די פאַראָרדנונגען און באַפעלן איבער די לעבנס פון די בירגער וואָס שטייען נישט פריינטלעך צום דיקטאַטאָר:

„ס'זאָל געוואָרפן ווערן אין טורמע דער מאַיאָרדאָם פון דער טשאַקרע פון די ווילדע אוניטאַריער ראַמאָס, און געבן אים צוויי שעה צייט זיך צו בייכטן און באַקומען די גייסטלעכע הילף, און באַלד אים דערשיסן.

„מאָרגן, מיטוואָך דעם 2טן פעברואַר אַרום פיר אָדער האַלב פינף אַזייגער, זאָלן דערשאָסן ווערן די ווילדע אוניטאַריער מאַרקאָס לעגיזאַמאָן, כאָסע כימענעז, מאַנועל וועלעז, פעדראָ בורגאָס, לאָרענסאָ קאַבראַל, פאַבלאָ ראַמירעז און אַנטאָניאָ העלגעראַ, נאָך דעם ווי זיי וועלן זיך מתודה זיין פאַר איינעם אָדער צוויי גייסטלעכע. און זאָל מען וויסן, אַז יעדעם מאָל ווי ס׳וועט באַפוילן ווערן צו דערשיסן איינעם דאַרף אים צוגעשטעלט ווערן פריער אַ גייסטלעכער, אַז דער פאַרברעכער זאָל זיך מתודה זיין.״

ס׳זיינען געווען אַ סך מאָל פאַלן וואָס מאַסאָרקיסטן האָבן אויפגעהערט דינען ראָסאַסן און געוואָלט פירן אַ רואיק מענטשלעך לעבן. אַזעלכע זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס דעזערטירער און פאַררעטער, און ווען מ׳האָט זיי געכאַפט האָבן זיי באַקומען אָפט דעמזעלבן אורטייל ווי יעדער „ווילדער״ אוניטאַריער.

אין איינעם אַ טאָג, למשל, האָט ראָסאַס באַפוילן:

„ס׳זאָל באַשטימט ווערן צום וואַפן־דינסט פראַנסיסקאָ לעיוואַ און ס׳זאָל פאַרמשפט ווערן צום טויט מאַנועל גוטיערעז אָדער גאָרריטאַ פאַרן פאַרברעך פון דעזערטירן. דער פאַרמשפּטער זאָל דערשאָסן ווערן און דערנאָך זאָל מען אים אָפשניידן די רעכטע האַנט און זי איבערשיקן צום פרידנס־ריכטער פון אַרעסיפעס, אַז ער זאָל זי אויפהענגען אַף אַ שטעקן און אַרויסשטעלן אַף אַ טאָג צייט אַף דער פלאַסאַ אין שטעטל.

„מאָרגן זאָלן דערשאָסן ווערן אין פאָליציי־קוואַרטיר פון סיריאַקאָ קויטינאָ די דריי טשילענישע אינדיאַנער וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין פרירירן פראָטאָקאָל.

„אַכט אַזייגער אינדערפרי מאָרגן זאָל דערשאָסן ווערן דער פאַרברעכער קאַרלאָס ראָדריגעז, און עס דאַרף דערביי בייזיין כאָסע מאַריאַ פלאָרעס. דער לעצטער דאַרף צוגעשטעלט ווערן אַף צען יאָר צו די דראַגאָנער פון פאַטאַגאָניע, און ער זאָל וויסן, אַז אויב ער וועט באַגיין נאָך אַמאָל אַ פעלער וועט ער דערשאָסן ווערן.

„ס׳זאָלן פאַרמשפּעט ווערן צום טויט די פאַרברעכער טאָלענטינא קובילינאַ, מאַנועל אַנטאָניאָ ראָדריגעז און בעניטאָ באָרדאַ, און זיי דאַרפן דערשאָסן ווערן אין טוזשו דעם צענטן פון היינטיקן חודש סעפּטעמבער, באַם הויז וואו זיי זיינען באַגאַנגען דעם מאָרד, און באַ דער אָנוועזנהייט פון אַלע איינוואוינער, וואָס מוזן צונויפגערופן ווערן צו דעם צוועק. די קעפּ פון די פאַרברעכער דאַרפן אַרויסגעשטעלט ווערן באַ דער זייט פון נעם וועג.״

מיט אַזעלכע באַריכטן איז פול דער צווייטער באַנד פון „פאָליציי־אַרכיוו״. טאָג־טעגלעכע מסירות, טאָג־טעגלעכע אַרעסטן, טאָג־טעגלעכע

דערשטעכונגען און טאָג-טעגלעכע דערשיסונגען, אינעם נאָמען פון דעם „רעסטאַוראַדאָר דע לאַס לעזשעס".

ראָסאַס האָט געהאַנדלט ברוטאַל נישט בלויז מיט אוניטאַריער נאָר אויך מיט זיינע לייט, אויב ער האָט באַמערקט וועלכן אָפּנויג, אָדער וועלכע נישט פּינקטלעכקייט אין דער אויספירונג פון זיינע באַפעלן. ער האָט אויך באַהאַנדלט גראָב און אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויף אַלע גובערנאַטאָרס פון די פאַרשידענע פּראָווינצן, און אַזוי אַרום זיי אונטערטעניק געמאַכט און זיי געצוואונגען צו שטיין צו זיין דינסט.

## דער טויט פון פרוי ראָסאַס

צווישן די וואָס האָבן געדינט ערלעך און טריי דער זאַך פון ראָסאַס האָבן זיך געפונען אויך זיין פרוי ענקאַרנאַסיאָן, און איר שוועסטער מאַריאַ כאָסעפאַ עסקורדאַ. דאָניאַ ענקאַרנאַסיאָן האָט אָבער נישט געלעבט לאַנג. זי איז געשטאָרבן דעם 19טן אָקטאָבער 1838, קוים דריי יאָר זייט דעם ראָסאַס איז געקומען צום צווייטן מאָל צו דער מאַכט. איר טויט איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר ראָסאַס, ווייל זי איז אים געווען אַ געהילף אין יעדער הינזיכט. דאָס האָט יעדער געוואוסט. דעריבער האָט דאָס „גאַנצע פאָלק" זיך מיטבאַטייליקט אינעם טרויער. ס'איז דער פאַרשטאָרבענער אָפּגעגעבן געוואָרן דער העכסטער כבוד פון אַ „העלדין פון דער פעדעראַציע". די מיטגלידער פון „פאַריין פון רעסטאַוראַדאָרן" האָבן דעקרעטירט טרויער מיט אַן אָבליגאַטאָרישן טראָגן טרויער-צייכנס פּונקט אַזעלכע ווי דער גובערנאַטאָר האָט געטראָגן. ס'איז געווען אַ געזעץ פאַר טראָגן שוואַרצע אָרם-בענדער, טאַשנטיכלעך און שוואַרצע בענדער אויף הוט. דער דאָזיקער טרויער האָט אָנגעהאַלטן אַזוי ביז אָקטאָבער 1840, אַ צייט פון צוויי יאָר, ביז ראָסאַס אַליין האָט זיך געכאַפּט אַז ס'איז צו פיל, און ער האָט דורך אַ דעקרעט פאַראָרדנט אויפצוגעבן דעם טרויער.

נאָכן טויט פון ענקאַרנאַסיאָן האָט פאַרנומען די שטעלע אַלס לעבנס-באַגלייטערין פון ראָסאַס זיין טאָכטער מאַנועליטאַ. זי איז געווען זיין ראַטגעבערין, זיין חברטע, און זיין אַלעס, און זי האָט אָפט פאַרטרעטן איר פאָטער אָדער „טאַטיטאַ" ווי זי האָט אים גערופן צערטלעך, בא פאַרשידענע מלוכה-ענינים. מאַנועליטאַ האָט אָנגעפירט דעם „הויף", האָט מיטגעמאַכט אַלע פאַראַדנע מלוכהשע פאַרווייַלונגען און נאַציאָנאַלע יום-טובים אין דער פעסטונג. זי איז געווען די קעניגין פון באַל און דורך איר גראַציע, איידלע באַנעמונג און שאַרפזין האָבן זיך געדרייט אַרום איר די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער און ראָסאַס האָט געצויגן פּאָליטישע נוצן דערפון.

ראָסאַס האָט געהאַט פאַר זיין מאַנועליטאַ אַן אויסערגעוויינלעכע צוגעבונדנקייט נאָכן טויט פון זיין פרוי און נישט וועלנדיק בלייבן אָן זיין מאַנועליטאַן — האָט ער איר געשטערט התונה צו האָבן, און זי האָט ערשט חתונה געהאַט אין ענגלאַנד ווען זי איז אַלט געווען שוין 35 יאָר, נאָך דעם ווי ראָסאַס איז אַנטלאָפן און האָט שוין נישט געקאָנט האָבן קיין גרויסע דעה איבער איר.

וועגן לעבן פון ראָסאַס און זיין רעזשים, זיינען געשריבן געוואָרן אַ סך ווערק, שילדערנדיק זיין פּערזענלעך לעבן און זיין רעזשים, און אומעטום ווערט מאַנועליטאַ באַצייכנט אַלס ליבלעכע, איידעלע פרוי, און אַלס מוסטער פון קרבנות־גרייטקייט פאַר איר „טאַטיטאַ״.

## היגעריכטעט די מערדער פון קיראָגאַ

די דערמאָרדונג פון פאַקונדאָ קיראָגאַ איז פון ראָסאַסן אויסגענוצט געוואָרן אָף צו דערנידעריקן דעם איינציק געבליבענעם ריוואַל זיינע, עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז. פאַקונדאָ קיראָגאַ איז דערמאָרדעט געוואָרן אָף זיין וועג אין שליחות פון אַן אָפיציעלער מיסיע, און חוץ דעם איז קיראָגאַ געווען, קומט אויס, אַ פריינט פון ראָסאַס, האָט דער גרויסער רעסטאַוראַדאָר, פאַרשטייט זיך, געמוזט לאָזן משפּטן די מערדער. געמיינט האָט ער אָבער מיט דעם, ערשטנס, זיך געניצלעך ריינצוואַשן פאַר דער עפנטלעכקייט און צווייטנס דערנידעריקן לאָפּעזן, דעם גובערנאַטאָר פון סאַנטאַ פע, וועלכער איז געווען דער וואָס האָט איבערגעגעבן די פּראָווינץ קאָרדאָבאַ צו כאָסע וויסענטע רעינאַפע און זיינע ברידער.

דאָס ערשטע האָט ראָסאַס איבערגעריסן פולשטענדיק יעדע באַציאונג מיט דער פּראָווינץ קאָרדאָבאַ, אַזוי קאָמערציעלע, עפנטלעכע און פּריוואַטע.

ראָסאַס האָט נישט געוואָלט דערלאָזן אַז וועלכער גובערנאַטאָר, מעג עס אַפילו זיין לאָפּעז, זאָל בלייבן זעלבסטשטענדיק און ניט אונטערוואַרפן זיך זיינע באַפעלן. אַ לאַנגע צייט האָט ער געפאָדערט בא לאָפּעזן איבערצוגעבן די ברידער רעינאַפע אין זיינע הענט, אָבער לאָפּעז האָט עס נישט געטון און האָט זיך באַמיט צו בעטן פאַר זיי רחמים באַם טיראַן. צולעצט האָט לאָפּעז איבערגערעדט דעם גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ איבערצוגעבן די רעגירונג און זיך שטעלן צום משפּט אין בוענאָס איירעס, פאַרזיכערנדיק אים אַז ער וועט זיך אַרויסשטעלן אַלס פאַרטיידיקער. רעינאַפע האָט געפאָלגט און איבערגעגעבן די מלוכה־מאַכט פון קאָרדאָבאַ צו דאָמינגאָ אַגירע. רעינאַפע האָט אויסגעשטעלט אַ דאָקומענט אין וועלכן ער האָט געפּרואווט זיך ריינוואַשן פונעם מאָרד, אָנגעבנדיק דאָרט אַז

אַ באַנדע פאַרברעכער, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן פון פּראָווינץ קאַטאַ־מאַרקאַ קיין קאָרדאָבאַ האָט דורכגעפירט יענעם מערדערישן איבערפאַל אַפן קאָודיזשאָ פון לאַ ריאָכאַ, און נאָך דעם ווי זיי האָבן קיראָגאָן מיט זיין באַגלייטונג אויסגעמאָרדעט זיינען די פאַרברעכער אַוועק אומבאַמערקטערהייט.

אַזאַ מין ראַפּאָרט האָט רעינאַפע צוגעשטעלט לאַפּעזן, און דער לעצטער האָט עס איבערגעשיקט ראָסאַסן. דאָס איז אָבער מצד ראָסאַסן נישט אָנגענומען געוואָרן. ער האָט געוואָלט רעינאַפע אינגאַנצן אָפּווישן, און זיין ענטפער איז געווען, דער באַפעל אַז ס׳זאָל געשיקט ווערן קיין קאָרדאָבאַ אַ רעגימענט קאַוואַלעריע, אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָראָנעל ראַמאָן ראָדריגעז צו כאַפּן אַלע מערדער. ס׳זיינען אַזוי אַרום געבראַכט געוואָרן שווער־געקייטעט אַלע פיר ברידער רעינאַפע קיין בוענאָס איירעס דעם 1טן נאָוועמבער 1835. ס׳איז אויך געבראַכט געוואָרן אַן אַרעסטירטער דער נייער גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ, דאָמינגאָ אַגירע און ער איז געבליבן אין בוענאָס איירעסער טורמע אַ צייט פון פיר יאָר.

לאַנגע צוויי יאָר האָט זיך געצויגן די אונטערזוכונג. אין לויף פון דער גאַנצער צייט האָט לאַפּעז זיך באַמיט באַ ראָסאַסן פאַרן לעבן פון די אַרעסטירטע. סוף אַפּריל 1837 איז לאַפּעז געקומען קיין בוענאָס איירעס צו בעטן פערזענלעך באַם דיקטאַטאָר פאַרן לעבן פון די ברידער רעינאַפע. ראָסאַס האָט געמאַכט אַ פּאַראַדנע אויפנאַמע דעם סאַנטאַפּעער גובערנאַטאָר, האָט אים איינגעאָרדנט אין פעסטונג זיין אויפהאַלט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ געהויבענעם גאַסט, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּראָצעס, האָט ראָסאַס געזאָגט, גייט נאָך אָן די אויספאָרשונג. לאַפּעז איז דעמאָלט שוין געווען קראַנק, און נישט קאָנענדיק גאָרנישט פועלן באַם דיקטאַטאָר, האָט ער פאַרלאָזט אַ געבראָכענער בוענאָס איירעס, נישט געזעגנדיק זיך אַפילו מיט ראָסאַסן.

אַלס ספּעציעלן ריכטער האָט ראָסאַס באַשטימט דעם דאָקטאָר מאַסאַ, און די אוידיענץ באַם פּראָצעס איז געפירט געוואָרן געהיים. סאַנטאָס פּערעז און די ברידער רעינאַפע האָבן געקאָנט טויזנט מאָל פּראָטעסטירן און דערקלערן אַז די הויפּטשולדיקע זיינען ראָסאַס און לאַפּעז מיטן סאַנטאַ פעער מיניסטער דאָמינגאָ קוליען. קיינער האָט זיי נישט געהערט. די וויכטיקסטע, קאָמפּראָמעטירנדיקע פּאַפּירן פון ראָסאַס מיט לאַפּעז זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן.

דער משפּט איז דערנאָך געווען אַזעלכער וואָס יעדער האָט פריער פאַרשטאַנען. ראָסאַס האָט זיינס אויסגעפירט. די ברידער רעינאַפע און סאַנטאָס פּערעז ווערן דערקלערט אַלס שולדיק אין מאָרד און ווערן פאַר־משפּט צום טויט.

דעם 25טן אָקטאָבער זיינען אַף דער פּלאַסאַ פון רעטיראָ אויפגע־שטעלט געווען דריי תּליות און באַ זיי דריי בענקלעך, און אַף דער פּלאַסאַ וויקטאָריאַ (היינט מאַזשאַ) נעבן די זיילן פונעם קאַבילדאָ פיר תּליות מיט פיר בענקלעך נעבן זיי. עלף אַזייגער ווערן אַרויסגעפירט די פאַר־משפּטע פון טורמע, און עס ווערט פאַר זיי געלייענט דער טויט־אורטייל. סאַנטאָס פּערעז שרייט אויס: „דורך אַ באַפעל פון ראָסאַס איז קיראָגאַ דערהרגעט געוואָרן”. ער ווערט באַלד דערשאָסן, און זיין טויטער קער־פּער ווערט דערנאָך אויפגעהאָנגען אַף דער תּליה, און נעבן אים זיינען אויפגעהאָנגען געוואָרן דער גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ כאָסע ווינסענטע רעינאַפע און זיין ברודער גיזשערמאָ. אַ דריטער ברודער פון די רעינאַפע, כאָסע אַנטאָניאָ איז אומגעקומען אין טורמע, און אַ פערטער, פראַנסיסקאָ, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן, איז דערהרגעט געוואָרן אין טשאַקאָ.

## לאָפּעז שטאַרבט

די לעצטע האַנדלונגען פון ראָסאַס קעגן לאָפּעז אין דער צייט פונעם משפּט קעגן רעינאַפע האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק אַף דעם גובער־נאַטאָר פון פּראָווינץ סאַנטאַ פע. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט, דער־נידעריקט און דערצו אוממעכטיק. די איינציקע פּראָווינץ וואו ער האָט געהאַט נאָך וועלכן איינפלוס, קאָרדאָבאַ, איז באַ אים אויך אַרויסגעריסן געוואָרן. ער האָט אַף זיך געהאַט דאָס שווערע געוויסן איבערן טויט פון די ברידער רעינאַפע, און ער האָט זיך בכלל געזען אַנטטוישט אין דער געפירטער פּאָליטיק, מיטן גיין האַנט אין האַנט פון ראָסאַס.

ער איז אָבער געווען שוין אַלט און שווער קראַנק, אַף צו קאָנען עפּעס טון קעגן ראָסאַסן. אין לעצטן מאָמענט האָט ער בלויז נאָך גע־פּרואווט זיך שטעלן אין קאָמוניקאַציע מיטן פראַנצויזישן פלאָט, וועלכער האָט 1838 בלאָקירט בוענאָס איירעס, און אויך זיך געשטעלט אין קאָנ־טאַקט מיט פּאָליטישע עמיגראַנטן שעפן וואָס האָבן זיך געפונען אין אורוגוויי, פּלאַנענדיק צו מאַכן אַן אינוואַזיע אין ענטרע ריאָס און פון דאָרט אויס אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן בוענאָס איירעס. זיין געזונט איז אָבער געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער און דעם 15טן יוני 1838 איז ער געשטאָרבן.

זיין טויט איז שטאַרק באַדויערט געוואָרן אין די קרייזן פון די אוני־טאַריער, ווייל מען האָט געהאָפט אַף זיין שטיצע אין פאַל פון אַ באַוועגונג קעגן ראָסאַס. אין סאַנטאַ פע איז ער באַטראַכט געוואָרן אַלס פאָטער פון דער פּראָווינץ, און אונטערן נאָמען דאָן עסטאַניסלאַאָ איז ער געווען פאַר די סאַנטאַ פעער דאָס וואָס אַרטיגאַס פאַר די אָריענטאַלן.

פאַר ראָסאַסן איז דאָס שטאַרבן פון לאָפּעז געווען אַ נייע דערלייכטערונג אין זיין הערשאַפט און מאַכט.

## קאָנפליקט מיט באָליוויע

נאָך דעם ווי סאַן מאַרטין האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין באַפרייונגקאַמף נאָך זיין שמועס מיט באָליוואַר אין גוואַיאַקיל האָט באָליוואַר אין זיין ערשטער מיליטער־שעף גענעראַל סוקרע פאָרגעזעצט דעם באַפרייאונגס־קאַמף אין פּערו און דערנאָך אין אַלטאָ פּערו, גרייכנדיק ביז נעבן כוכוי. אַלטאָ פּערו איז געהאַט באַטראַכט געוואָרן אַלס טייל פון די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, אָבער באָליוואַר האָט עס נישט גענומען אין אַכט. נאָכן זיג איבער די שפּאַניער (1824) אין אַזשאַקוטשאָ האָט באָליוואַר פאַררופן אַ קאָנגרעס אין טשיקאַסיקאַ (1825) און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון אַלטאָ פּערו אונטערן נאָמען פון באָליוויע, מיט סימאָן באָליוואַר אַלס פּרעזידענט און גענעראַל סוקרע אַלס וויצע. באָליוואַר, נישט רעכנדיק זיך מיט די רעכטן פון אַרגענטינע האָט צוגענומען פאַר באָליוויע די פּראָווינץ טאַריכאַ, וואָס האָט געהערט צו דער אינטענדענסיאַ פון סאַלטאַ. די רעגירונג פון בוענאָס איירעס, סיי פון ריוואַדאַוויאַ און סיי די פון דאָררעגאָ, האָט פּראָטעסטירט און געפאָדערט בײַ באָליוויע אומצוקערן אַרגענטינע טאַריכאַ, אָבער אָן דערפאָלג. קיין מיליטערישע אַקציע איז נישט מעגלעך געווען אונטערצונעמען, ווייל אין לאַנד האָט געהערשט אומויפהערלעך אַ פּאָליטיש־כאַאָטישער צושטאַנד און צעריסנקייט. ערשט איצט, ווען ראָסאַס האָט זיך געפילט פעסט, און געהאַט הינטער זיך די שטיצע פון כמעט אַלע פּראָווינצן, האָט ער אויפגעהויבן די פראַגע פון טאַריכאַ.

אין באַליוויע האָט אין 1828 איבערגענומען די מלוכה־מאַכט גענעראַל סאַנטאַ קרוז, און ער האָט אין 1836 געבילדעט די קאָנפעדעראַציע פון באָליוויע מיט פּערו, און סאַנטאַ קרוז איז געבליבן פּרעזידענט מיט דיקטאַטאָרישע רעכטן. די זאַך איז דאַריבער אויסגעקומען אַביסל שווער. אין ביידע זייטן דיקטאַטאָרס, אין ביידע זייטן קאָנפעדעראַציעס, און ביידע דיקטאַטאָרס האָבן געהאַט אינערלעכע און אויסערלעכע שוועריקייטן. נישט געקוקט אָבער אַף די שוועריקייטן האָט ראָסאַס צוגעגרייט אַן אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל הערעדיאַ, צו אַטאַקירן באָליוויע און אָפּנעמען די פּראָווינץ טאַריכאַ.

יענעם מאָמענט האָבן געוואָלט אויסנוצן די אוניטאַריער וואָס האָבן זיך געפונען אין באַנדאַ אָריענטאַל, און ס'איז באַלד אונטערגענומען געוואָרן אַן אויפשטאַנדס־באַוועגונג אין ענטרע ריאָס. אויך אין סאַנטאַ פע

האָט זיך עס אָנגעהויבן רירן. ראָסאַס האָט זיך דערשראָקן און באַלד אָפּ־געשטעלט דעם פּלאַן פון דער אַטאַקע אַף באָליוויע. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט סאַנטאַ קרוז געהאַט אַ קאָנפליקט מיט טשילע, און די טשילענער האָבן צעקלאַפּט די באָליוויאַנער אַרמיי, און פּערו האָט בּאַ דער דאָזיקער געלעגנהייט זיך אָפּגעריסן פון דער קאָנפעדעראַציע מיט באָליוויע, אַזוי אַז פון דער מלחמה וואָס האָט געזאָלט פאַרקומען איז גאָרנישט געוואָרן, און ס'איז אין מערץ 1839 געשלאָסן געוואָרן שלום.

## די פּאָליטישע לאַגע אין אָריענטאַל

נאָך דעם ווי די בוענאָס איירעסער רעגירונג האָט געשלאָסן שלום מיט בראַזיל, האָט די לעגיסלאַטור פון באַנדאַ אָריענטאַל זיך דעקלערט אַלס נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג (דעם 24טן נאָוועמבער 1828) און ס'איז אויס־געאַרבעט געוואָרן די קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד. דעם 18טן יולי 1830 איז די קאָנסטיטוציע געשוואוירן געוואָרן, און ס'זיינען אויסגעקליבן גע־וואָרן צוויי געזעצגעבערישע קאַמערן. דעם 24טן נאָוועמבער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ביידע געזעצגעבערישע קאַמערן אַף אויסצוקלויבן אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן דער אַר־טיגיסטישער גענעראַל פרוקטואָסאָ ריוועראַ. דאָס איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר די אַרגענטינער אוניטאַריער, און דאַקעגן בּאַ ראָסאַסן האָט עס אַרויסגערופן ערנסטע זאָרג.

די אוניטאַריער האָבן געהאָפט צו קאָנען איצט צוגרייטן אין אָריענ־טאַל אַ קאַמפּיין קעגן ראָסאַס, אונטערנעמען אַן אינוואַזיע אין ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, אַריינציען אין קאַמף אויך סאַנטאַ פע און קאָר־דאָבאַ, אַף צו ברעכן די מאַכט פון ראָסאַס.

נישט געקוקט דאַרויף וואָס גענעראַל ריוועראַ איז געווען אַ לעגאַל געקליבענער פּרעזידענט האָבן זיך אָנגעהויבן אינטריגעס און אינערלעכע רייבונגען, און ער האָט געפילט אַז עס האַלט בּאַ אַן אויפשטאַנד. ער האָט דאַריבער איבערגעגעבן די מאַכט דעם פּרעזידענט פון סענאַט לואיס עדו־אַרדאָ פּערעז און אַליין איז ער אַוועק קיין דוראַזנאָ. אַ פּאָר טעג שפּע־טער, אין דער נאַכט פון 2טן אַפן 3טן יולי 1832, האָט אויסגעבראָכן אין מאָנטעווידעאָ אַ מיליטערישער אויפשטאַנד. ס'איז דערנאָך געמאַכט גע־וואָרן אַן איבערפאַל אין הויז וואו ריוועראַ האָט זיך געפונען. ער איז דעמאָלט געווען קראַנק, אָבער נישט געקוקט דאַרויף האָט ער זיך גע־זוכט ראַטעווען, איז אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער און אַוועק אין דער ריכטונג צום טייך „זשי" און אים אַריבערגעשוואומען. ער איז דער־ביי באַגלייט געוואָרן פון זיין טרייעם אָרדענאַנץ, אַ נעגער.

אין מאָנטעווידעאָ האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע דער גענעראַל לאַוואַזשעכאַ; יענער מיליטער־שעף וואָס האָט אָנגעפירט די באַרימטע גרופּע „33 אָריענטאַלן" צו באַפרייען אורוגוויי.

גענעראַל ריוועראַ האָט צונויפגעזאַמלט דערנאָך אַן אַרמיי און אונ־טערגענומען אַ מאַרש אַף מאָנטעווידעאָ, און ווען מען האָט געהערט אין מאָנטעווידעאָ דאָס קומען פון ריוועראַ האָט אויסגעבראָכן אַ קאָנטררע־וואָלוציע קעגן לאַוואַזשעכאַ. דער לעצטער האָט פאַרלאָזט די שטאָט, זיך לאָזנדיק קעגן ריווערען צום קאַמף. אין דעם פאָרגעקומענעם קאָנפליקט איז אונטערגעקומען דער גענעראַל מאַנועל אָריבע, איינער וואָס האָט זיך באַטייליקט מיט לאַוואַזשעכאַן אין דער עקספּעדיציע פון די „33 אָריענ־טאַלן". אָריבע האָט דאַסמאָל זיך אָפּגעזונדערט פון לאַוואַזשעכאַ און זיך געשטעלט אַף דער זייט פון ריוועראַ, מיטן באַדינג אַז ער, אָריבע, זאָל איצט זיין קריגס־מיניסטער און דערנאָך באַ די נייע וואַלן זאָל ער אויס־געקליבן ווערן אַלס פּרעזידענט.

דעם 9טן אָקטאָבער 1832 איז גענעראַל מאַנועל אָריבע געוואָרן קריגס־מיניסטער, און ווען ס'האָט זיך געענדיקט דער פּעריאָד פון ריווערעס פּרעזידענץ, איז אָריבע, דעם 1טן מערץ 1835, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, און אונטער זיין פּרעזידענץ האָט דאָס לאַנד גענאָסן פון רו און וואוילשטאַנד. די לאַוואַ־זשעכיסטן זיינען אַריבער אַף דער זייט פון אָריבע.

מיט דער צייט האָט זיך אָבער געשאַפן אַ נייער אינערלעכער קאָנ־פליקט. אין שטאָט ריאָ גראַנדע פון בראַזיל, וואָס גרעניצט מיט אורוגוויי, האָט זיך אויפגעהויבן אַ רעפּובליקאַנער באַוועגונג. דאָרט באַם גרעניץ האָט זיך געפונען דער לאַגער פון גענעראַל ריוועראַ, און ס'איז געקומען אַהין איינמאָל צו אַ באַזוך דער פּרעזידענט אָריבע. ס'איז פאָרגעקומען צווישן ביידע אַ ווערטער־טויש און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענער קאָנפליקט צווישן ריוועראַ מיט אָריבע.

באַ אָט דעם צושטאַנד איז אונטערגעקומען ראָסאַס.

איצט האָט אָריבע אַריינגעצויגן אין קאַמף אַף זיין זייט גענעראַל לאַוואַזשעכאַ, און ריוועראַ האָט געהאַט אַף זיין זייט גענעראַל לאַוואַזשע, און די גאַנצע אַרגענטינער עמיגראַנטן מאַסע.

פאַר ראָסאַסן האָט נישט געלוינט אַז אין אָריענטאַל זאָל זיין אַ נעסט פון די אוניטאַריער און אַנדערע אַרגענטינער פּליטים, צווישן זיי אויך פעדעראַלן וואָס זיינען אַנטלאָפן פון בוענאָס איירעס, און ער האָט באַ־שלאָסן אַריבערצושיקן אַן אַרמיי איבער דעם טייך אורוגוויי, צו העלפן דעם פּרעזידענט זיך זיכערן די מאַכט. צו דעם צוועק האָט געשלאָסן ראַ־

סאָס אַ בונד מיט גענעראַל אָריבע, און באַלד אָנגעהויבן צוגרייטן אַן אַרמיי צו אינוואַדירן אָריענטאַל.

ריווערא, מיט דער הילף פון גענעראַל לאַוואַזשע האָט זיך אויך צוגעגרייט מיליטערישע כוחות, און אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן אָריבע. אין אַ שלאַכט באַ פּאַלמאַר דעם 15טן יוני 1838 האָט ריווערא צעקלאַפּט אָריבעס אַרמיי, אָנגעפירט פון לאַוואַזשעכאַ, און אונטערגענומען אַן אַוואַנס אַף מאָנטעווידעאָ.

דער פּרעזידענט אָריבע פילנדיק די געפאַר וואָס עס קאָן קומען האָט געפאָדערט און באַקומען אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן, מיטן רעכט צו דערקלערן באַלאַגערונגס-צושטאַנד און אָננעמען אַלע אַנדערע מיטלען וואָס ער האַלט פאַר נויטיק. ער אונטערדריקט די פּרעסע, פאַרבאָט יעדע דירעקטע אָדער אומדירעקטע אַטאַקע קעגן דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס (וואָס מיינט קעגן ראָסאַס), און פירט איין בכלל אַ שאַרפע דיקטאַטור.

אין אַ שפּעטערדיקער שלאַכט באַ די ברעגן פונעם טייכל קאַרפּינטעריא ווערט די אַרמיי פון גענעראַל ריווערא צעקלאַפּט, און ריווערא, לאַוואַזשע און אַנדערע מיליטער-שעפן אַנטלויפן קיין בראַזיל.

## קאָנפליקט מיט פראַנקרייך

אין 1821 איז געהאַט אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ לויט וועלכן די אויסלענדער זיינען געצוואונגען געוואָרן דורכצומאַכן דעם מיליטער-דינסט אין אַרגענטינע. דער פראַנצויזישער קאָנסול האָט מערערע מאָל זיך געקלאָגט קעגן דעם און געפאָדערט צו באַפרייען די פראַנצויזן פונעם מיליטער-דינסט, אָבער אָן דערפאָלג. אין 1835 איז געקומען קיין בוענאָס איירעס דער מאַרקיז ווינס דע פּאַיסאַק אַלס נייער פראַנצויזישער גענעראַל קאָנסול, און עס האָט געהייסן אַז ער קומט מיט דער מיסיע איינצושטעלן פאַרהאַנדלונגען וועגן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען און אויך וועגן אַ האַנדלס אָפּמאַך ענלעך צו דעם וואָס עס האָט געשלאָסן ענגלאַנד אין 1825.

די פראַנצויזן און איטאַליענער וואָס האָבן זיך געפונען אין בוענאָס איירעס זיינען געווען אָנהענגער פון די אוניטאַריער, און ראָסאַס האָט — פאַרשטייט זיך — געקוקט אַף זיי ווי אַף אַלע אַנדערע „ווילדע אוניטאַריער", דאָס הייסט ווי אַף אינערלעכע שונאים. ראָסאַס האָט דעריבער נישט געוואָלט הערן קיין שום פּראָטעסטן אין וועלכער האַנדלונג קעגן די פראַנצויזן, און אַפילו נישט געוואָלט אויפנעמען דעם נייעם קאָנסול.

ראָסאַס האָט זייט 1835 פאַרלאָזט די פעסטונג, אַלס רעגירונגס-זיץ,

און געפירט די מלוכה־געשעפטן אין זיין רעזידענץ אין פּאַלערמאָ, און עס איז שווער געווען צו פּועלן באַ אים אַן אוידיענץ. דער פראַנצויזישער קאָנ־סול האָט ערשט אין אַ יאָר אַרום (מערץ 1836) צוגעשטעלט ראָסאַסן זיין קרעדענציאַל אַלס געשעפטספאַרטרעטער, וואָס טראָגט שוין אַ גאַנץ אַנ־דערן כאַראַקטער, און ראָסאַס האָט שוין נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אויפנעמען און אָנערקענען דעם פראַנצויזישן דיפּלאָמאַט.

אין בוענאָס איירעס האָט צו יענער צייט זיך געפונען זייט 1825 אַ פראַנצויזישער ליטאָגראַף מיטן נאָמען היפּאָליטאָ באַקלע. ער איז געווען אַ קינסטלער אין ליטאָגראַפיע און קאָסמאָגראַפיע, און האָט איינגעאָרדנט אַ מאָדערנע סטודיאָ, און אַרויסגעגעבן מאַפּעס פון דער רעפּובליק און אַנדערע קונסט־אַרבעטן. ער האָט געהאַט אַלס נאָענטע פריינט באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי אויך ריוואַדאַוויאַ, דערנאָך עסטעבאַן עטשע־וועריאַ, כואַן מאַריאַ גוטיערעז, כואַן טאָמפּסאָן, קאַנעי, אַלבערדי און אַנ־דערע אוניטאַריער. ער האָט זיינע פריינט געדינט מיט פולער גאַסט־פריינטלעכקייט אין זיין הויז, און פלעגט אויך אילוסטרירן פאַר זיי פאַר־שידענע צייטשריפטן.

ווען ראָסאַס האָט אָנגעהויבן זיין נייעם רעגירונגס־פּעריאָד 1835 האָט באַקלע באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין טשילע, מיט דעם געדאַנק צו קאָנען דאָרט אָנגיין מיט זיין אַרבעט. ער האָט וועגן דעם זיך איבער־געשריבן קיין טשילע, און די בריוו זיינען איבערגעכאַפּט געוואָרן פון ראָסאַס לייט. באַקלע, וועלכער איז אין אַלגעמיין געווען אַ שוואַכער מענטש און געליטן אַפן האַרץ און לונגען, איז געכאַפּט און געקייטעט געוואָרן און מ׳האָט אים פאַרשפּאַרט אין טורמע. דער אומגליקלעכער באַקלע איז באַשולדיקט געוואָרן אין שטיין אין פאַרבינדונג מיט די „ווילדע אוניטאַריער״ אין מאָנטעווידעאָ, און אין פאַרקויפן געהיימע מאַפּעס פון די אַרגענטינער גרעניצן.

דעמאָלט איז אונטערגעקומען דער פראַנצויזישער וויצע־קאָנסול ראָ־זשער, ווייל דער קאָנסול מאַרקיז ווינס דע פּאַיסאַק איז געהאַט גע־שטאָרבן, און האָט געבעטן אַרויסצולאָזן פון טורמע דעם אַרעסטירטן לי־טאָגראַף, ווייל ער איז קראַנק. ראָסאַס האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט נאָכקומען די פאָדערונג און אָנגעגעבן אַפילו דעם תירוץ אַז דער אַרעס־טירטער איז אַ געבוירענער אין גענף און דער פראַנצויזישער קאָנסול האָט נישט קיין רעכט צו טון עפּעס פאַרן באַטרעפנדן. דער פראַנצויזישער קאָנ־סול פון מאָנטעווידעאָ און דער אַדמיראַל לעבלאַנק פון פראַנצויזישן פלאָט אין לאַ פּלאַטאַ האָבן אויך אינטערוועגירט, אָבער אומזיסט. דעמאָלט האָט ראָזשע געפאָדערט זיין פּאַספּאָרט און ער איז אָפּגעפאָרן קיין מאָנטעווי־

דעאַ, און אַדמיראַל לעבלאַנק האָט אונטערגענומען די בלאָקאַדע קעגן בוענאָס איירעס.

אין מאָנטעווידעאָ האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אַ שטאַרקע באַוועגונג צווישן די אַרגענטינער עמיגראַנטן. ס׳זיינען דאָרט געווען דעמאָלט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי מיטרע, מאַרמאָל, די ברידער וואַרעלאַ, עטשעוועריאַ, אַלבערדי, סאַרמיענטאָ, פריאַס און אַנדערע, און ס׳איז געבילדעט געוואָרן אַ קאַמפּף־קאָמיטעט אונטערן נאָמען „קאָמיסיאָן ארכענטינאַ״. דער פּרעזידענט אָריבע, אַ פאַרבינדעטער פון ראָסאַס איז איצט געווען ווי געבונדן דורך דער פראַנצויזישער בלאָקאַדע און גאָרנישט געקאָנט טון קעגן דער טעטיקייט פון די אַרגענטינער אוניטאַריער אין מאָנטעווידעאָ.

פאַר ראָסאַסן האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכע לאַגע. דער פראַנצויזישער פלאָט איז אַריין אינעם לאַ פּלאַטאַ און פאַרנומען (אָקטאָבער 1838) דעם אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ, און אין בוענאָס איירעס האָט עס געהאַלטן באַ אַ מיליטערישן אויפשטאַנד אָנגעפירט פון קאָראָנעל ראַמאָן מאַסאַ. אַף צו ראַטעווען זיך האָט דער דיקטאַטאָר באַפוילן צו באַפרייען דעם ליטאָגראַף און צייכנער באַקלע, אָבער ער איז אַרויס פון טורמע אַזאַ פאַרפייניקטער, אַז ער איז אין אַ פאַר טעג אַרום געשטאָרבן. צו דער זעלבער צייט האָט ראָסאַס געלאָזט באַפרייען נאָך אַנדערע זיבן פראַנצויזן. דער ענגלישער געזאַנדטער אין בוענאָס איירעס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן זיך באַמיען אַז דער פראַנצויזישער קאָנסול ראָזשע זאָל זיך אומקערן. אָבער דער קאָנפליקט איז שוין געהאַט אַוועק צו ווייט.

## ריווערא ווידעראַמאָל באַ דער מאַכט

דער קאָנפליקט צווישן אַרגענטינע און פראַנקרייך, וואָס האָט געבראַכט צו דער בלאָקאַדע פון בוענאָס איירעס, האָט דערמוטיקט דעם אורוגווייער גענעראַל ריווערא צו אַ נייעם קאַמפּיין קעגן אָריבע. אין בראַזיל האָט ער באַקומען גרויס הילף אין פערד, וואָפן און אַנדערע מיטלען, און ער האָט דעם 10טן אָקטאָבער 1837 אונטערגענומען ווידעראַמאָל אַ קאַמפּיין, האָבנדיק דערצו אַ סך אַרגענטינער וואָלונטירן פון בראַזיל און אורוגוויי. די אַרמיי פון ריווערא איז אָנגעפירט געוואָרן פון גענעראַל לאַוואַזשע און דאָס מיליטער פון אָריבע האָט אָנגעפירט גענעראַל לאַוואַזשעכאַ. נאָך צוויי קליינע צוזאַמענשטויסן אָן אַנטשיידונג, איז דעם 15טן יולי 1838 פאָרגעקומען אַן אַנטשיידונגס־שלאַכט אין פאַלמאַר. לאַוואַזשעכאַ איז דאָרט פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן.

אָריבע האָט דאַן געלאָזט אויפשטעלן טראַנשייען אין מאָנטעווידעאָ, און געהאָפט אַף הילף פון ראָסאַס. די הילף האָט אָבער נישט געקאָנט

קומען דורך דער בלאָקאַדע מצד פראַנצויזישן פלאָט. דער אורוגווייער דיקטאַטאָר האָט דאַריבער געמוזט קאַפּיטולירן.

נאָך אַ קורצער באַלאַגערונג מצד ריוועראַס אַרמיי און דעם פראַנצויזישן פלאָט האָט אָריבע אָנגעהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען, וועלכע האָבן געבראַכט צו זיין דימיסיע דעם 24טן אָקטאָבער 1838, און אין זעלבן נאָכמיטיק איז ער מיט פיר הונדערט פון זיינע אָנהענגער אָפּגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס, צו געפינען שוץ בא ראָסאַסן.

ריווערא האָט איבערגענומען די רעגירונגס־מאַכט פּראָוויזאָריש און איז דעם 1טן מאַרץ 1839 אויסגעקליבן געוואָרן אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט. אַ פּאָר טעג שפּעטער (דעם 10טן מערץ) האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע מיט אַ שאַרפער אַטאַקע קעגן ראָסאַס, דער „טיראַן פונעם אומשטערבלעכן פאָלק פון זיד אַמעריקע".

די „קאָמיסיאָן אַרכענטינאַ" האָט איצט געמאַכט אַלע מעגלעכע אָנשטרענגונגען צוצוגרייטן אַן אויפשטאַנד אין אַרגענטינע. דערצו האָט מען גערעכנט אַף דער פולסטער שטיצע פון נייעם גובערנאַטאָר פון סאַנטאַ פּע דאָמינגאָ קולען (אָדער קוליען), וועלכער איז געווען נאָכפאָלגער פון עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז.

## אַ געפערליכער מאָמענט פאַר ראָסאַס

דאָס יאָר 1839 איז געווען אַ זייער געפערלעכס פאַרן דיקטאַטאָר. עס האָט געדראָט מיט געפאַרן אין אַלע זייטן. אין מאָנטעווידעאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג קעגן אים, אין סאַנטאַ פּע איז מען געווען גענויגט צו שטיצן אַ מאַרש אַף בוענאָס איירעס, און דאָ אין בוענאָס איירעס גופא האָט זיך אויך געשאַפן אַן ענלעכע באַוועגונג, באַם אנטייל און אַפילו אָנפירונג פון אייגענע מענטשן, פעדעראַלן, וועלכע האָבן זיך געפילט שוין מיד פון דער שרעקלעכער טיראַניע.

שוין אין מיטן 1837 האָט אַ גרופּע פון אַרום פערציק יונגעלייט זיך אָרגאַניזירט אין אַ געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „אַסאָסיאַסיאָן מאַזשאָ". עס האָבן זיך אין אָט דער אַסאָסיאַסיאָן געפונען באַקאַנטע אוניטאַריער, ווי כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי, עסטעבאַן עטשעווועריאַ, כואַן מאַריאַ גוטיערעז און פידעל לאָפּעז. הויפּט־אָנפירער איז געווען עסטעבאַן עטשעווועריאַ, און דאָס פּראָגראַם איז געווען: צו אַרבעטן פאַרן פּראָגרעס און גליק פונעם לאַנד. אין דער צעגלידערונג פונעם פּראָגראַם, איז געווען אַרויסצונעמען, אַז עס האַנדלט זיך אין אַן עכט מאָדערניסטישן פּראָגראַם פון אַ דעמאָקראַטישן רעזשים. די אַסאָסיאַציע האָט געפאָדערט פאָלקס־סואווערעניטעט, אַלגעמיין וואַלרעכט, פרייהייט פון פּרעסע, פרייע אימיגראַציע,

דעמאָקראַטישער רעגירונגס־סיסטעם אַזוי באַ דער נאַציאָנאַלער רעגירונג ווי די מוניציפּאַליטעטן, הויבן די אינדוסטריע און אַגריקולטור און אַזוי ווייטער. אין אָנהויב האָט עס געהייסן אַז די מאַי אַסאָסיאַציע גיט זיך אָפּ מיט ליטעראַרישער טעטיקייט און דאַריבער האָט ראָסאַס זי גע־דולדעט און געלאָזט איר אַ פרייע האַנט. מיט דער צייט איז די צאָל מיט־גלידער געוואַקסן און ס׳איז אויפגעדעקט געוואָרן דער אמתער ציל פון דער אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרפאָלגונג פון די מיט־גלידער, און די אַסאָסיאַציע האָט זיך געמוזט אויפלייזן און די מיטגלידער האָבן זיך אויסגעהיט דורך באַהאַלטן אָדער אַנטלויפן, בכדי נישט אַריינ־צופאַלן אין דער האַנט פון דער מאַסאָרקאַ.

די קערנער וואָס די אַסאָסיאַציע האָט פאַרזייעט האָבן אָבער אָנגע־נומען, און ס׳זיינען מיט דער באַוועגונג קעגן ראָסאַס אָנגעשטעקט געוואָרן נישט בלויז אוניטאַריער נאָר אויך זייער און זייער אָנגעזעענע פעדע־ראַלן, צווישן זיי אַפילו דער פרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור פון פּראָ־ווינץ בוענאָס איירעס, דער דר. מאַנועל וויסענטע מאַסאַ, און אויך זיין זון דער לייטענאַנט קאָראָנעל ראַמאָן מאַסאַ.

אָט די באַוועגונגען אין מאָנטעווידעאָ, אין די ליטאָראַלע פּראָווינצן און אין בוענאָס איירעס גופא האָבן אין 1839 שטאַרק צעטרעסלט דעם אַלמעכטיקן דיקטאַטאָר. אָבער נישט געקוקט אַף דער גרויסער געפאַר פון אַלע זייטן האָט ער זיך נישט אָפּגעשראָקן און אונטערגענומען אַ קאַמף פאַר דער דערהאַלטונג פון זיין מאַכט.

ראָסאַס האָט אָרגאַניזירט דערצו באַזונדערע אַרמייען, אַף צו קלאַפּן זיינע קעגנער אין אַלע זייטן. ער האָט אַרויסגעשיקט קודם אַן אַרמיי פון אַרום פינף־זעקס טויזנט מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל עטשאַ־גע, גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס, צו אינוואַדירן באַנדאַ אָריענטאַל. נאָך מערערע צוזאַמענשטויסן און קאַמפן אין פאַרשידענע ערטער פון אָריענ־טאַל, האָט ריוועראַ אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער עטשאַגע אין דער שלאַכט באַ קאַגאַנטשאַ דעם 29טן דעצעמבער 1839, און עטשאַגע האָט געמוזט מיט רעשט מיליטער איילִיק פאַרלאָזן די אורוגווייער טעריטאָריע.

אין בוענאָס איירעס גופא האָט ראָסאַס געלאָזט כאַפּן דעם טעניענטע קאָראָנעל ראַמאָן מאַסאַ, וועלכער האָט צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד אין די גאַרניזאָנען פון זיד בוענאָס איירעס, און אָן שום פּראָצעס געלאָזט דעם יונגען הויכן אָפיציר דערשיסן. זיין פאָטער ווידער, דער פרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור, דר. מאַנועל וויסענטע מאַסאַ, איז דערשטאָכן געוואָרן אין דער לעגיסלאַטור גופא.

אַ ברודער פונעם טיראַן, פּרודענסיאָ ראָסאַס, האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַן אַרמיי פון אַסול צו זיד, און אַן אַנדערער ראָסיסטישער מיליטער־

מאַן, קאָראָנעל גראַנאַדאַ, האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַן אַרמיי פון טאַ־פּאַלקע אין דער זעלבער ריכטונג און זיי האָבן אַטאַקירט די רעבעלישע גאַרניזאָנען פון דאָלאָרעס, טשאַסקאָמוס און מאָנסאַלוואַ, וועלכע זיינען אָנגעפירט געווען פון מאַנועל ריקאָ, פּעדראָ קאַסטעלי און אַמבראָסיאָ קראַמער. אין אַ קאַמף דעם 7טן נאָוועמבער 1839 זיינען די אויפשטענדי־שע מיליטער טיילן באַזיגט געוואָרן. אין יענעם טאָג האָבן די ראָסיסטן אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון קאַסטעלי (אַ זון פונעם גרויסן פּאַטריאָט קאַס־טעלי) און אַ סך פון זיין מיליטער איז געפאַלן אין קאַמף אָדער הינגעריכ־טעט געוואָרן. דעם קאָראָנעל מאַנועל ריקאָ איז עס אָבער געלונגען מיט 600 מאַן צו אַנטלויפן קיין טויו און ראַטעווען זיך מיט שיפלעך פון פּראָנ־צויזישן פלאָט, וועלכער האָט בלאָקירט די ברעגן.

דער גענעראַל לאַוואַזשע, וואָס האָט זיך געפונען אין מאָנטעווידעאָ האָט אויך געזאָלט אונטערקומען מיט אַן אַרמיי קיין טויו, אָבער ער האָט געענדערט דעם פּלאַן און אָנשטאָט צו קומען צום ברעג פון זיד בוענאָס איירעס האָט ער זיך געלאָזט קיין ענטרע ריאָס, און דורך דעם געשעדיקט דער באַוועגונג פון קראַמער, ריקאָ און קאַסטעלי.

נאָך יענעם זיג איבערן מיליטערישן אויפשטאַנד אין זיד האָט זיך אָנ־געהויבן אַ שרעקלעכע פאַרפאָלגונג און שחיטה איבער די „ווילדע אוני־טאַריער" אין דער גאַנצער פּראָווינץ בוענאָס איירעס. און בכדי צו קאָנען אָנגיין מיט וויטערדיקע אַקציעס האָט ראָסאַס אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען וועגן שלום מיט פראַנקרייך. דעם 29טן אָקטאָבער 1840 איז געשלאָסן געוואָרן דער שלום מיטן דיפּלאָמאַטישן שליח און וויצע אַדמיראַל פּוי־נעם פלאָט אַרמאַנדאָ דע מאַקאַו. יענער אָפּמאַך באַקאַנט אונטערן נאָמען „נעגאָסיאַסיאָן מאַקאַו" האָט באַפרייט בוענאָס איירעס פון דער בלאָקאַדע און דער פראַנצויזישער פלאָט האָט אויפגעהערט צו געבן שטיצע די אוניטאַריער.

ראָסאַס האָט איצט געהאַט אַ פרייע האַנט צו נעמען זיך צו אַ נייעם קאַמפּיין קעגן ריווערע און לאַוואַזשע.

## אויפשטאַנד אין קאָריענטעס און סאַנטאַ פע

ווען אַפילו די פּראָווינצן זיינען געווען אין זייער אינערלעכער פּי־רונג אויטאָנאָם, האָבן זיי אָבער אין אַ געוויסער מאָס זיך געפילט געבונדן מיט אַנאַנדער, און געהאַלטן די רעגירונג פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס אַלס איינציקע וואָס זאָל האָבן די רעכטן פון אָנפירן די אויסערן פּאָליטיק. ראָסאַס איז אַזוי אַרום געווען דער וואָס האָט געהאַט אַף זיך די אויסערן פּאָליטיק פון לאַנד.

דער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ קאָריענטעס, **כענאַרא בעראָן דע אַסטראַדאַ** האָט אין יענעם שווערן יאָר 1839 אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, אין וועלכן ער האָט איינגעלאַדן די פּראָווינצן אָפּצונעמען בײַ ראָסאַסן דאָס רעכט פון דער אויסערן רעפּרעזענטאַנץ און דערקלערן אים קריג.

בעראָן דע אַסטראַדאַ האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער „קאָמיסיאָן אַרכענטינאַ" און מיט גענעראַל ריוועראַ אין מאָנטעווידעאָ און אויך מיט די אַגענטן פון פראַנקרייך אָף אונטערצונעמען געמיינזאַם אַ קאַמפּיין קעגן ראָסאַס. אין דאָזיקן קאַמפּיין האָט געזאָלט אויך מיטהעלפן די פּראָווינץ סאַנטאַ פע, וואו ס'איז געוועזן גובערנאַטאָר דאָמינגאָ קוזשען, אַלס נאָכפאָלגער פון עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז.

ראָסאַס האָט דאַן געשיקט אַן אַרמיי אָף סאַנטאַ פע און פאַרטריבן דעם גובערנאַטאָר. קוזשען איז אַנטלאָפן קיין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, צו בעטן שוץ ביי זיין פריינט דעם דאָרטיקן גובערנאַטאָר פעליפע אי־באַררא. דער לעצטער האָט אויך זייער וואַרעם אויפגענומען דעם אַנטלאָפענעם גובערנאַטאָר פון סאַנטאַ פע, אָבער ראָסאַס האָט זיך געווענדעט מיט אַ ביטע און צו גלייכער צייט מיט שטראָפרייד און צולעצט מיט אַ דראָונג צו איבאַררא, און געפאָדערט דורכויס אים אויסצוליפערן דעם „ווילדן אוניטאַריער" דאָמינגאָ קוזשען.

איבאַררא האָט זיך אַ שטיק צייט געוואַקלט, אָבער צולעצט האָט ער נאָכגעגעבן דער פאָדערונג פונעם טיראַן און אויסגעליפערט זיין פריינט צום טויט. דערביי האָט ער געלאָזט וויסן ראָסאַסן אַז ער שיקט דעם געפאָדערטן „גוט געזיכערט מיט קייטן און באַוואַכט פון 25 מאַן".

דעם 22טן יוני 1839, ווען דאָמינגאָ קוזשען איז געבראַכט געוואָרן אַ געשמידטער אָף דער טעריטאָריע פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, איז ער באַלד דערשאָסן און צעשטאָכן געוואָרן און מען האָט אים באַגראָבן באַם וועג.

ראָסאַס האָט אויך געשיקט אַן אַרמיי קעגן קאָריענטעס, אָנגעפירט פון ענטרע ריאָסער גובערנאַטאָר עטשאַגע, און פון אורקיסאַ. אין אַ שלאַכט וואָס איז פאָרגעקומען דעם 31טן מערץ 1839 אין פּאַגאָ לאַרגאָ איז די קאָריענטעסער אַרמיי צעקלאַפּט געוואָרן און דער גובערנאַטאָר בעראָן דע עסטראַדאַ איז דערהרגעט געוואָרן. ס'איז דאָרט דורכגעפירט געוואָרן אַ שרעקלעכע שחיטה איבער די הונדערטער סאָלדאַטן פון קאָ־ריענטעס.

דער גובערנאַטאָר פון קאָריענטעס, אַסטראַדאַ איז געוועזן דער ערשטער פון די גובערנאַטאָרס אין לאַנד וואָס איז אַרויסגעטרעטן אָפן מיט די וואָפן קעגן ראָסאַס. נאָך זיין טויט איז די פּראָווינץ קאָריענטעס אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פונעם דיקטאַטאָר.

גענעראל ריווערא, דער גובערנאטאר פון מאנטעווידעא האט דעמאלט פארראטן די אויפשטאנד־באוועגונג פון קאריענטעס און סאנטא פע. ער איז נישט אונטערגעקומען צום קאמף.

ריווערא האט געפאדערט אז מען זאל אפגעבן דעם אינדזל מארטין גארסיא פאר אורוגוויי, אנגעבנדיק אז דאס איז נויטיק צוליב סטראטעגישע טעמים. דער אינדזל האט זיך געפונען דעמאלט אונטער פראנצויזישער אקופאציע און דער פראנצויזישער קאנסול אין מאנטעווידעא, מארטיני, און דער אדמיראל לעבלאנק זיינען געווען קעגן דעם, דערקלערנדיק אז דער אינדזל איז א טייל פון ארגענטינע און וועט דארפן אומגעקערט ווערן צו ארגענטינע ווען ס׳וועט געשלאסן ווערן שלום. דאס איינציקע וואס קאן געטון ווערן אין באצוג דעם אינדזל, איז, צו דערלויבן דעם גענעראל לאוואזשע זיך שאפן דארט א לאגער און זאמלען דארט אן ארמיי צום קאמף קעגן ראסאס. אזוי איז עס אויך געטון געווארן.

דער גובערנאטאר פון מאנטעווידעא, אן ארטיגיסט, האט דערפאר פארראטן די באוועגונג, און נישט בלויז איז ער נישט אונטערגעקומען מיט הילף, נאר ער האט זיך אויך פארבונדן מיט ראסאסן, און פארשפראכן צו פארטרייבן לאוואזשע מיט זיין לעגיאן פון אורוגווייער טעריטאריע. ראסאס האט אבער נישט געוואלט אננעמען קיין הילף פון ריווערא, האלטנדיק אים פאר אן אומזיכערן קאודיזשא. אויסערדעם האט ראסאס גאר געהאט נאך א פלאן אונטערצונעמען א נייע אקציע קעגן אריענטאל און צוריק פארייניקן יענע פראווינץ מיט ארגענטינע. דערצו האט ער געוואלט אויסנוצן דעם גובערנאטאר פון ענטרע ריאס פאסקואל עטשאגע. מיטן צוריק באקומען אריענטאל וואלט געמאכט געווארן א סוף צו דער גאנצער באוועגונג פון די ארגענטינער פאליטישע עמיגראנטן אין מאנטעווידעא.

## לאוואזשע הויבט אויף א קאמפיין

ס׳איז שוין אנגעוויזן געווארן פריער אז בשעתן אויפשטאנד אין זיד בוענאס איירעס האט געזאלט אונטערקומען גענעראל לאוואזשע מיט אן ארמיי קיין טויו. ער האט עס אבער נישט געטון, נאר געלאזט זיך קיין ענטרע ריאס.

געשטיצט פונעם פראנצויזישן פלאט האט גענעראל לאוואזשע געזאמלט אן ארמיי אפן אינדזל מארטין גארסיא, און אין אנהויב סעפטעמבער (1839) איז ער מיט 550 מאן אריבערגעפירט געווארן דורך פיר פראנצויזישע שיפן צום ברעג פון ענטרע ריאס, און געלאנדעט נעבן גוואלעגוואיטשו ((לאנדא), פון וואנען גענעראל לאוואזשע האט אונטער־

געקומען אַ מאַרש צו נאָרדן, און נעבן טייכל יעָרואַ צעקלאַפּט דאָס מילי־טער פון ענטרע ריאָסער גובערנאַטאָר.

קאַריענטעס איז געשטאַנען דעמאָלט אונטערן קאָנטראָל פון דעם ענ־טרע ריאָסער גובערנאַטאָר עטשאַגע, אַ טרייער דינער פון ראָסאַס, אָבער ווען מ׳איז געוואָר געוואָרן דאָרט פונעם זיג אין יערואַ האָט דער אַרטיקער קאַודיזשאָ פּעדראָ פערערע געמאַכט אַ נייעם אויפשטאַנד און אָנגעבאָטן הילף לאַוואַזשען. דער לעצטער איז באַלד אַריבער (דעם 22טן סעפּטעמ־בער) קיין קאַריענטעס און דאָ מיט דער הילף פון פערערע געזאַמלט און אויסגעשטאַט אַן אַרמיי. אין יענער צייט איז אונטערגעקומען פון אור־רוגוויי אויך אַן אַרמיי פון גענעראַל ריוועראַ און אין אַ שלאַכט אין קאַגאַנטשאַ צעקלאַפּט דאָס מיליטער פון ענטרע ריאָסער גובערנאַטאָר (דעצעמבער 1839), און זיך באַלד צוריקגעצויגן, נישט שטיצנדיק די ווײַ־טערדיקע באַפרייונגס־אַקציע.

פערערע האָט אָפּגעמאַכט מיט לאַוואַזשען צו העלפן זיך קעגנזײַטיק מיליטעריש, אָבער מיטן באַדינג אַז די קעמפערישע הויפּט־כוחות זאָלן בלייבן אין קאַריענטעס. לאַוואַזשע האָט עס אָבער נישט דערפילט נאָר איז צוריק אַריבער קיין ענטרע ריאָס. דאָ האָט דער באַפרייונגס־לעגיאָן פון לאַוואַזשע געהאַט צוויי צוזאַמענשטויסן מיט עטשאַגעס מיליטער, אין דאָן קריסטאָבאַל און סאַוסע גראַנדע, אָן וועלכן באַדייטנדן רעזולטאַט. לאַוואַזשע האָט דעמאָלט באַשלאָסן אונטערצונעמען אַ קאַמף דירעקט קעגן ראָסאַס אין זיין אייגענער פּראָווינץ, און האָט מיט דער הילף פון פראַנ־צייזישן פלאָט פאַרשיפט זיך אין דיאַמאַנטע און פון דאָרט געבראַכט גע־וואָרן דעם 5טן אויגוסט 1840 צו סאַן פּעדראָ, פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

באַלד נאָכן לאַנדן אין סאַן פּעדראָ האָט לאַוואַזשע זיך געלאָזט אין אינערן פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס. ער האָט צעקלאַפּט אין טאַלאַ די ראָסיסטישע דיוויזיע אָנגעפירט פון גענעראַל פּאַטשעקאָ. אין נאַוואַרראָ האָט ער צעקלאַפּט דעם 3טן רעגימענט קאַוואַלעריע, אָנגעפירט פון קאַ־ראַנעל לאַרעאַ, און אין גוואַרדיאַ דעל מאָנטע צעטריבן די מיליצן, אָנגע־פירט פון וועגאַנסיאַ גאָנסאַלעז.

עס בלייבט איצט פריי דער וועג און לאַוואַזשע מאַרשירט דירעקט אַף בוענאָס איירעס. אין מערלאָ שטעלט זיך די אַרמיי פון לאַוואַזשע אָפּ אַף צוצוגרייטן זיך (אויגוסט 1840) צו דער אַטאַקע אַף בוענאָס איירעס.

דאָס גאַנצע לאַנד האָט געקוקט איצט מיט שפּאַנונג אַף די געשעע־נישן בײַ די טויערן פון בוענאָס איירעס. ראָסאַס גופא איז געבליבן אין שרעק, ווייל ער האָט נישט געהאַט גענוג מיליטערישע כוחות צו גיין קעגן לאַוואַזשען.



**דער קאַבילדאָ אין 1829 לויט אַן אַקוואַרעל פון פּעלעגריני**

ביז 1808 האָט דער קאַבילדאָ אין בוענאָס איירעס נישט געהאַט קיין אייגענע געביידע, און די ראַטמענער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין הויז פונעם גובערנאַטאָר. אין דערמאָנטן יאָר איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצובויען אַן אייגן הויז פון אַ זיצונגס-זאַל מיט איינציקע צימערן. עס האָט געדויערט צוויי יאָר ביז דאָס הויז איז אויפגעשטעלט געוואָרן, פאַר געלט וואָס איז געקומען דורך אַ פאָלקס-זאַמלונג. אינעם קאַבילדאָ-הויז האָט זיך געפונען אויך די שטאָטישע טורמע און די פייניקונגס-אינסטרומענטן ווי „סעפּאָ" און „בוראָ" מיט וועלכע מען פלעגט פייניקן די אַרעסטירטע. דער קאַבילדאָ בנין איז זייער אָפט רעפּארירט געוואָרן, און מען האָט געמאַכט מיט דער צייט אַלערליי מאָדיפיקאַציעס. דער זייגער אַפן קאַבילדאָ איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1765.

ס'איז אָבער נאָך ביז היינט געבליבן אַ מיסטעריע לאַוואַזשעס פּלוצ־לינגער באַשלוס נישט אונטערצונעמען די שטורם אַטאַקע אויף בוענאָס איירעס אין יענעם מאָמענט. פאַראַנען אַ מיינונג אַז ער האָט מורא געהאַט אַז די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטאָט וועט קעמפן קעגן אים, און פאַ־ראַנען אַ מיינונג אַז ער האָט מורא געהאַט אַז זיינע סאָלדאַטן, נישט שטאַרק דיסציפּלינירטע, זאָלן זיך נישט וואַרפן ווילד אויף דער שטאָט און באַגיין פּלינדערייען און אַנדערע פאַרברעכנס. וויאַזוי אָבער ס'זאָל נישט האָבן געדענקט דער גרויסער גענעראַל אין יענעם מאָמענט, די זאַך איז די, אַז ער האָט אַנשטאַט צו וואַרפן זיך אויף בוענאָס איירעס פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט אין מערלאָ, און דערמיט געבראַכט צום צוזאַמענברוך פון דער גאַנצער באַוועגונג.

דער פראַנצויזישער אַדמיראַל מאַקאַו וועלכער איז געקומען אַלס שליח צו פאַרהאַנדלען מיט ראָסאַס האָט באַ זיין קומען קיין מאָנטעווידעאָ זיך אָפּגעשטעלט דאָרט, דערהערנדיק פון לאַוואַזשעס קאַמפּיינען, מיט דער האָפנונג אַז באַלד וועט באַפרייט ווערן בוענאָס איירעס. הערנדיק אָבער דערנאָך אַז לאַוואַזשע איז געבליבן אין מערלאָ, און דערנאָך הערנדיק ווייטער אַז לאַוואַזשע הויבט זיך אָן צוריקציִען, איז אַדמיראַל מאַקאַו געקו־מען קיין בוענאָס איירעס און געשלאָסן (דעם 4טן אָקטאָבער 1840) דעם שלום־אָפּמאַך מיטן דיקטאַטאָר, און דערמיט פאַרענדיקט די בלאָקאַדע.

ראָסאַס האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט פון דער אומטעטיקייט פון לאַוואַזשע און אָרגאַניזירט אויף גיך אַן אַרמיי. ער האָט מיט דער הילף פון דער מאַסאָרקאַ צונויפגענומען אַרום 3.000 מאַן אין שטאָט, אַריינ־ציִענדיק אונטער די וואָפן אַלע דינערס און שקלאַפן, דראָענדיק די באַ־לעבאַטים מיט טויט, אויב זיי וועלן באַהאַלטן זייער דינערשאַפט אָדער וועלן זיי לאָזן אַנטלויפן. אַזוי זיינען געשאַפן געוואָרן זיבן באַטאַליאָנען און דריי טויזנט רייטער. די דאָזיקע אַרמיי האָט ער געשיקט אונטער דער קאָמאַנדע פון באַקאַנטן גענעראַל אָריבע קעגן לאַוואַזשע. פון דער אַנדערער זייט האָט דער סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר כואַן פּאַבלאָ לאָפּעז זיך געלאָזט אויך מיט אַן אַרמיי קעגן לאַוואַזשע.

דאָס באַפרייונגס־מיליטער וואָס האָט אין אַ מאָמענט אַזוי לייכט גע־קאָנט אַריין קיין בוענאָס איירעס און פאַרענדיקן מיט דער דיקטאַטור, האָט זיך געפינען אַנטוישט און דעמאָראַליזירט און באַ דער ערשטער שלאַכט, דעם 28טן נאָוועמבער 1840, אין געגנט פון קעבראַטשאָ הע־רראַנדאַ איז עס צעקלאַפּט געוואָרן. לאַוואַזשע מיט זיינע רעשטן זיינען אַוועק קיין קאָרדאָבאַ און פאַרפאַלגט געוואָרן כסדר פון אָריבע. פון קאָר־דאָבאַ איז לאַוואַזשע אַוועק צו טוקומאַן און אין אַ שלאַכט באַ פאַמאַ־

ליאַק (אָדער (פּאַמאַיזשאַק) דעם 19טן סעפּטעמבער 1841 איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט לאַוואַזשעס אַרמיי.

גענעראַל לאַוואַזשע איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיט איניקע אָפיצירן צו נאָרד, מיטן ציל צו קאָנען אַריבער קיין באָליוויע.

## לאַוואַזשע דערהרגעט געוואָרן

די מחנות פון אָריבע האָבן די גאַנצע צייט פאַרפאָלגט גענעראַל לאַוואַזשע מיט זיין גרופּע אָפיצירן און פריינט, און ס'זיינען פאָרגעקומען אָפטע צוזאַמענשטויסן. לאַוואַזשע האָט געפּרואווט זיך אָפּשטעלן אין סאַלטאַ, אָבער ער האָט געזען אַז ס'איז צו געפערלעך פאַר אים צו בלייבן דאָרט, האָט ער מיט זיין באַגלייטונג פאָרגעזעצט דעם וועג קיין כוכוי. דאָ האָט די גרופּע פאַרנומען אַ הויז מיט אַ גרויסן הויף. געווען זיינען זיי צוזאַמען איבער הונדערט מאַן. דעם 9טן אָקטאָבער 1841 אַרום 9 אַזייגער פרי האָט זיך דערהערט אַ גאַלאָפּ פון פערד. דאָס האָט זיך געיאָגט אַ מחנה סאָלדאַטן אָדער „מאָנטאָנעראָס״ און זיי זאָלן זיך האָבן געיאָגט צו כאַפּן עמיצן. באַלד איז די מחנה צוגעקומען צום הויז וואו ס'האָבן זיך געפונען לאַוואַזשע מיט זיינע פריינט און זיי האָבן אָפּגעפייערט אַפן הויז עטלעכע שאָס, אַזוי זיך, אָן וועלכן ציל, און זיינען אַוועק ווייטער. די קוילן האָבן דורכגעלעכערט די הילצערנע טירן, און איין קויל האָט געטראָפן דעם גענעראַל לאַוואַזשע אין האַלדז, אין מאָמענט ווען ער האָט דורכן פענצטער אַרויסגעקוקט וואָס עס טוט זיך אין גאַס. די קויל האָט טויטלעך פאַרוואונדעט דעם הויכן מיליטער־שעף. זיינע חברים האָבן פאַרזיכטיק אַנידערגעלייגט דעם געפאַלענעם גענעראַל, און מיט טרערן גענומען אָפּשיד פון אים און אַוועק ווייטער צו נאָרד, אַנטלויפנדיק קיין באָליוויע.

שפּעטער איז דער טויטער קערפּער געבראַכט געוואָרן קיין פּאָטאָסי און מיט מיליטערישן כבוד געלייגט געוואָרן אין דער אָרטיקער קאַטעדראַלע.

און פונקט ווי אין 1830 ווען לאַוואַזשע האָט אונטערגעשריבן יענעם טעותדיקן קאַפּיטולאַציע אָפּמאַך מיט ראָסאַס אין קאַניועלאַס, האָט גענעראַל פּאַז אָפּגעהאַלטן אַ זיג, אַזוי אויך איצט, ווען דער גרויסער גענעראַל לאַוואַזשע איז געפאַלן טויט, האָט פּאַז ווידעראַמאָל געקעמפט און געזיגט.

# גענעראַל פּאַז אין נייעם קאַמף קעגן דיקטאַטאָר

דער גענעראַל כאָסע מאַריאַ פּאַז, געוועזענער גובערנאַטאָר פון קאָר־דאָבאַ, איז געהאַט, ווי באַוואוסט, אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם סאַנ־טאַ פעער גובערנאַטאָר לאָפּעז, און כאָטשע ראָסאַס האָט געפאָדערט אים אויסצוליפערן דעם געפאַנגענעם מיליטער־שעף האָט לאָפּעז אַנטשיידן זיך קעגנגעשטעלט. שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר איז גענעראַל פּאַז געבראַכט געוואָרן קיין לוכאַן, און דאָ האָט ראָסאַס אים געגעבן פולע פרייהייט, מיטן באַדינג אַז „ער זאָל האָבן לוכאַן אַלס טורמע”, וואָס מיינט אַז ער האָט נישט געטאָרט פון דאָרט אַרויספאָרן.

גענעראַל פּאַז האָט אָבער באַ דער ערשטער מעגלעכקייט, דעם 3טן אַפּריל 1840, באַפרייט זיך פון ראָסאַסעס גוטסקייט און אַנטלאָפן פון לוכאַן צוזאַמען מיט נאָך חברים קיין מאָנטעווידעאָ. דאָ האָט ער זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט גענעראַל ריוועראַ און גענעראַל לאַוואַ־זשע, און ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון אַ געמיינזאַמער באַפרייונגס־אַקציע קעגן ראָסאַס. גענעראַל פּאַז האָט אין זיינע שמועסן מיט גענעראַל ריוועראַ אַרויסגעזען אַז ער פירט אינטריגעס קעגן גענע־ראַל לאַוואַזשע, און אַז מען קאָן נישט שענקען קיין פאַרטרויען דעם אורוגווייער גובערנאַטאָר. אָבער אין זיינע שמועסן מיט לאַוואַזשע האָט פּאַז אַרויסגעזען אַז ס'איז שווער אויך מיט אים צוזאַמענצואַרבעטן. און ווידעראַמאָל ווי אין 1830, האָבן די גענעראַלן כואַן לאַוואַזשע און כאָסע מאַריאַ פּאַז אויך איצט, מיט צען יאָר שפּעטער, זיך געלאָזט באַזונדער, מיט באַזונדערע לעגיאָנען, אינעם קאַמף קעגן ראָסאַס, איבערלאָזנדיק ריוועראַן אין מאָנטעווידעאָ. אָבער ריוועראַ האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן אָפּשטיין פונעם קאַמפּיין, נאָר אָנגעפירט אַן אינטריגע צווישן קאָריענ־טעסער גובערנאַטאָר, פּעדראָ פעררעי, און גענעראַל לאַוואַזשע, אָנווייזנ־דיק אַז לאַוואַזשע האָט פאַרראַטן די פּראָווינץ קאָריענטעס לאָזנדיק זי אַף הפקר. דעמאָלט איז אונטערגעקומען גענעראַל פּאַז קיין קאָריענטעס און באַרואיקט דעם גובערנאַטאָר פעררעי.

אין קאָריענטעס האָט גענעראַל פּאַז צוזאַמען מיט פעררעי אָרגאַני־זירט אין לויף פון דריי חדשים אַ גוט באַוואָפנטע אַרמיי און געפּלאַנט אַ געמיינזאַמע אַקציע. אָבער ריוועראַס אינטריגע באַ פעררעי האָט גע־ווירקט אַזויפיל באַם קאָריענטעסער קאַודיזשאָ, אַז ער האָט דערקלערט אַנטשיידן אַז זיין מיליטער וועט נישט מאַכן קיין איין שפּאַן אויסער „מע־סאָפּאָטאַמיע”.

אין אָקטאָבער 1841 האָט דער ענטרע ריאָסער גובערנאַטאָר עטשאַ־גע זיך געלאָזט מיט אַן אַרמיי אַף קאָריענטעס, און גענעראַל פּאַז האָט

באַשלאָסן אונטערצונעמען אַ קאַמף. דעם 26טן נאָוועמבער איז גענעראַל פּאַז מיט זיין מיליטער אַריבער דעם טייך קאָריענטעס און דעם 28טן געמאַכט אַן איבעראַשונגס-איבערפאַל אַף עטשאַגוס מיליטער אינעם דורכגאַנג פון קאַאַגואַסו, און פולשטענדיק צעקלאַפּט די ענטרע ריאָסער אַרמיי.

גענעראַל פּאַז, דער זיגער, האָט איצט געבעטן זיך באַם קאָריענטעסער גובערנאַטאָר אונטערצוקומען און העלפן פאַרענדיקן דעם קאַמף מיט אַ זיג, אָבער פערדעי, האָט זיך אַנטשידן אָפּגעהאַלטן.

ענטרע ריאָס איז איצט געבליבן אין דער מאַכט פון גענעראַל פּאַז, און דער לעצטער האָט געוואָלט מאַכן אַלס גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ פּעדראָ סעגי, אַ פריינט פון פּאַררעי, אָבער סעגי האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם פּאָסטן, אַזוי אַז גענעראַל פּאַז איז געבליבן גובערנאַטאָר.

דער וואונטש פון גענעראַל פּאַז איז געווען צו קרייצן דעם פּאַראַנאַ און אַקעגנגיין דעם גענעראַל אָריבע, וועלכער האָט זיך אומגעקערט אַלס



## כאָסע מאַריאַ פּאַז
(1791-1854)

דער גענעראַל כאָסע מאַריאַ פּאַז איז געבוירן אין קאָרדאָבאַ פון טוקומאַן דעם 9טן סעפּטעמבער 1789, האָט שטודירט פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע אינעם אוניווערזיטעט פון קאָרדאָבאַ און ווען ער האָט זיך געפונען אין דריטן קלאַס פון יורידישן פאַקולטעט האָט אויסגעבראָכן די מאַי-רעוואָלוציע. ער האָט באַלד פאַרלאָזט דעם שטודיום און זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע, און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין נישט אַרויסגעלאָזט די שווערד פון האַנט, נאָר אַלס סאָלדאַט פון דער פרייהייט געקעמפט כסדר פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט פון זיין לאַנד.

ער האָט מיטגעמאַכט די שלאַכטן אין סאַלטאַ, טוקומאַן, סאַן לאָרענסאָ, פּועטאָ מאַרקעס, ווילקאַפּוקיאָ, איטוסאַינגאָ און פאַרשידענע אַנדערע גרויסע שלאַכטן, אָבער זיין הויפּט-קאַמף האָט ער געפירט קעגן ראָסאַס.

האָבנדיק דערלעבט די באַפרייונג פונעם לאַנד דורך אורקיסאַ, איז גענעראַל פּאַז מיט צוויי יאָר שפּעטער, דעם 22טן אָקטאָבער 1854, געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס.

זיגער פון טוקומאַן, און אים צעקלאַפּן. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף דערצו האָבן אַ גרויסע אַרמיי, און אַזעלכע האָט ער נישט געהאַט, און פעררעי האָט אים נישט געוואָלט העלפן. אַ פּאַרטייטיקטער דורך דער אַנטטוישונג אין פּראָווינץ קאָריענטעס האָט גענעראַל פּאַז איבערגעלאָזט ענטרע ריאָס און זיך צוריקגעצויגן קיין באַנדאַ אָריענטאַל. אינגיכן איז געקומען נעגעראַל אָריבע מיט אַן אַרמיי פון 8.000 מאַן און אינוואַדירט די פּראָווינץ ענטרע ריאָס.

## די נידערלאַגע פון ריווערא

אוים מורא פאַר אַן אַטאַקע מצד גענעראַל אָריבע האָט ריווערא זיך געווענדעט צום קאָריענטעסער גובערנאַטאָר אונטערצונעמען אַ געמיינזאַמען קאַמפּיין קעגן אָריבע. איצט האָט דער קליינלעכער פעררעי זיך געוויזן מילד און דערלויבט אַריבערצוקומען ריווערען איבערן אורוגוויי טייך, און ער האָט געשטעלט ריווערען צו דינסט דאָס מיליטער פון קאָריענטעס און די געבליבענע אַרמיי פון גענעראַל פּאַז.

ביידע אורוגווייער פיינטלעכע גענעראַלן — אָריבע און ריווערא — האָבן זיך געגרייט צום קאַמף, און דעם 26טן דעצעמבער 1842 איז פאָרגעקומען צווישן ביידע אַרמייען אַ שלאַכט באַ אַרראָיאָ גראַנדע. אין יענער שלאַכט איז ריווערא פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן. ריווערא מיט געבליבענע רעשטן זיינען אַוועק און אָריבע האָט פאַרנומען דאָס גאַנצע קריגס-מאַטעריאַל, פערד און וואָפן.

ריווערא איז אַוועק קיין אָריענטאַל, אָבער אָריבע איז נאָכן זיג באַלד אויך אַריבער איבערן טייך אורוגוויי און זיך געלאָזט מיט זיין אַרמיי אין מאַרש אַף מאָנטעווידעאָ. ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ לאַגער אַפן בערגל סעררימאָ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דורך אָריבע די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ (דעם 6טן פעברואַר 1843), אַ באַלאַגערונג וואָס האָט געדויערט אַרום ניין יאָר.

## באַוועגונג פון די אוניטאַריער אין נאָרדן

די יאָרן 1839 און 1840 זיינען געווען די געפערלעכסטע פאַר דער הערשאַפט פון ראָסאַס, ווייל חוץ דער פאַרשווערונג פון מאַסאַ מיט דער באַוועגונג אין זיד בוענאָס איירעס, און חוץ דער טעטיקייט פון לאַוואַזשע אין ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, האָט זיך אויך אויפגעהויבן אַ באַוועגונג קעגן דיקטאַטאָר אין די נערדלעכע פּראָווינצן, אָנגעפירט פון דר. מאַרקאָס דע אַוועזשאַנעדאַ, דער פאָטער פון שפּעטערדיקן פּרעזידענט ניקאָלאָס אַוועזשאַנעדאַ, און געשטיצט פון גענעראַל לאַ מאַדריד.

אין יענער באַוועגונג זיינען געווען אָנגעשלאָסן די פּראָווינצן טוקומאַן, סאַלטאַ, קאַטאַמאַרקאַ, לאַ ריאָכאַ און כוכוי. צולעצט איז צוגעקומען אויך די פּראָווינץ קאָרדאָבאַ, וואו ס'איז געווען גובערנאַטאָר דר. פראַנסיסקאָ אַלוואַרעז און סעקרעטאַר דר. וויסענטע פידעל לאָפּעז.

דער פּלאַן איז געווען דער, אַז גענעראַל לאַ מאַדריד, וועלכער איז געקומען פון טוקומאַן מיט 1.600 מאַן קיין קאָרדאָבאַ, זאָל אין דערדאַזיקער פּראָווינץ זאַמלען אַלע כוחות פון די דערמאָנטע פּראָווינצן, און אונטערנעמען דורך סאַנטאַ פע אַן אַטאַקע אָף בוענאָס איירעס, און אין דערזעלבער צייט זאָל גענעראַל לאַוואַזשע אונטערנעמען אַן אַקציע דורך ענטרע ריאָס.

לאַוואַזשע האָט אָבער שפּעטער יענעם פּלאַן געענדערט און פאַרארדנט גענעראַל לאַמאַדריד צו פאַרנעמען זיך מיט זיין אַרמיי צו קוזשאָ און אונטערנעמען פריער אַ באַפרייונגס אַקציע אין סאַן כואַן, סאַן לואיס און מענדאָזאַ. לאַמאַדריד און קאָראָנעל אַטשאַ פאָלגן דעם באַפעל. זיי האַלטן אָפּ אַ זיג אין אַנגאַקאָ איבער דעם סאַן כואַנער מיליטער, אָבער שפּעטער ווערט די באַפרייונגס אַרמיי אין אַ שלאַכט בא ראָדעאָ דעל מעדיאָ צעקלאַפּט דורכן ראָסיסטישן גענעראַל פּאַטשעקאָ.

אין פאַמאַיליאַק ווידער איז דורך גענעראַל אָריבע צעקלאַפּט געוואָרן לאַוואַזשעס אַרמיי.

די פעדעראַלן כאַפּן דערנאָך דעם גובערנאַטאָר פון טוקומאַן דר. אַוועזשאַנעדאַ, האַקן אים אָפּ דעם קאָפּ און שטעקן אַרויף דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ אָף אַ שפּיז, לויטן דעמאָלסדיקן מנהג פון דער מאַסאָרקאַ, אָף צו ווייזן אים דער באַפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָט. פונעם טויטן קערפּער פון אַוועזשאַנעדאַ האָבן די ראָסיסטן אָפּגעשינדן די הויט פון דער פּלייצע און געמאַכט פון זיי לייצעס פאַר די פערד פון זייערע שעפן (3טן אָקטאָבער 1841).

## אַ בלוטיקע שחיטה

אין די צווי יאָר אויפשטאַנד און קאַמף מצד די אוניטאַריער האָט די מאַסאָרקאַ געהאַט דעם בעסטן אויסרייד און די בעסטע געלעגנהייט אָנצוגיין מיט אַ שחיטה איבער די „ווילדע אוניטאַריער", באַזונדערס בלוטיק איז געווען דאָס יאָר 1840. ס'איז נישט געווען אַ גאַס, נישט געווען אַ הויז פון וועלכן פאַרדעכטיקטן אוניטאַריער, אַז די מאַסאָרקאַ זאָל האָבן דורכגעלאָזט אָן בלוט פאַרגיסונג. רויב און מאָרד איז געווען אָפן טאָג אָרדנונג. די מעסערס פון די „דעגאָזשאַדאָרעס" האָבן געאַרבעט באַטאָג און באַנאַכט. קעפּ און טויטע קערפּערס האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע זייטן,

און אין די פרימאָרגנס איז אַלעס אויפגעקליבן געוואָרן, און מען האָט די קעפּ און טויטע קערפּערס אָפּגעפירט מיט די מיסטקאַסטנס צום פאַר־ברענען. איייניקע מאַסאַרקיסטן האָבן אָפּט סאַדיסטיש זיך געשפּילט מיט די קעפּ און געשריגן איבער די גאַסן „ווער קויפט אַן עפּל?"

זעלטן ווער האָט זיך געפילט דעמאָלט זיכער מיטן לעבן. אוניטאַ־ריער און פעדעראַלן האָבן געזוכט אַלע מעגלעכע מיטלען צו קאָנען אַנט־לויפן וואָס גיכער קיין מאָנטעווידעאָ, דער אייינציק פרייער פּלאַץ, וואו מען האָט זיך געפילט געשיצט.

די געשעענישן אין יענעם בלוטיקן יאָר ווערן פּרעכטיק בילדעריש גע־שילדערט פונעם אַרגענטינער דיכטער כאָסע מאַרמאָל אין זיין נאָוועלע „אַמאַליאַ". מאַרמאָל אַליין האָט געלעבט אין יענער צייט און איז פאַר־פאָלגט געוואָרן פון ראָסאַס.

## פאַז און גאַריבאַלדי גרייטן צו די פאַרטיידיקונג פון מאָנטעווידעאָ

ווען ס'איז געקומען קיין מאָנטעווידעאָ די ידיעה פונעם זיג פון אָריבע איבער גענעראַל ריווערא, האָט מען פאַרשטאַנען אַז דער ערשטער וועט באַלד אונטערנעמען דעם מאַרש אָף אורוגוויי. ס'זיינען איצט געשטאַנען אין געפאַר די לעבנס פון טויזנטער אַרגענטינער אימיגראַנטן און אויך אַנדערע אויסלענדער וואָס זיינען אַנטלאָפן פון בוענאָס איירעס. ס'איז דאַריבער נויטיק געווען צוצוגרייטן שנעל אַ פאַרטיידיקונג.

גענעראַל פאַז איז געבעטן געוואָרן צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט און ער האָט עס אויך באַלד געטון. אומדערמידלעך אינעם קאַמף קעגן ראָסאַס און זיינע מיטהעלפער האָט גענעראַל פאַז געלאָזט אויפשטעלן פעסטונגס־מויערן, האָט געשאַפן וואָפן־וואַרשטאַטן, האָט אָר־גאַניזירט באַטאַליאָנען און אויסגענוצט יעדע מעגלעכע רעקורסן צו דער פאַרטיידיקונג אין יענעם פאַרצווייפלטן מאָמענט.

עס האָבן אויך אָנגעפליצט באַלד נאָך אַרגענטינער עמיגראַנטן און ס'זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע באַטאַליאָנען פון די אויסלענדישע און די אַרגענטינער אימיגראַנטן. די פראַנצויזן, איטאַליענער און שפּאַ־ניער האָבן געבילדעט אַ באַזונדערן לעגיאָן אונטער דער קאָמאַנדע פון דזשיאָסעפּע גאַריבאַלדי. צווישן די אַרגענטינער מיליטער־שעפן האָבן זיך געפונען חוץ גענעראַל פאַז, די גענעראַלן ראָנדאָ, אָלאַסאַבאַל, אָלאַוואַ־ריאַ, מאַרטין ראָדריגעז, איריאַרטע, ניקאָלאַס דע וועדיאַ און אַנדערע.

אָריבע איז געקומען צום בערגל סערריטאָ דע לאַ וויקטאָריאַ אין מיטן פעברואַר 1843 און דאָרט אַרויסגעהאָנגען די פאָן פון זיין לאַנד און

די פון ראָסאַס. אָבער מאָנטעווידעאָ איז שוין געווען צוגעגרייט נישט בלויז צו פאַרטיידיקונג נאָר אויך צום אָנגריף.

די קריגס־אָפּעראַציעס וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אַ צייט פון עטלעכע יאָר ארום מאָנטעווידעאָ ווערן באַצייכנט אַלס „גרויסע מלחמה" (געררא גראַנדע).

אין אַנטרע ריאָס, די פּראָווינץ וואָס איז געבליבן אָפ אַ מאָמענט אָן אַ קאַודיזשאָ, נאָך דעם ווי אָריבע איז אַוועק קיין באַנדאַ אָריענטאַל, האָט איבערגענומען די מאַכט און געוואָרן גובערנאַטאָר דער פעדעראַליסטי־שער גענעראַל כאָסע דע אורקיסאַ.

## ענגליש - פראַנצויזישע אינטערווענץ

באַלד נאָך דעם ווי אָריבע האָט אונטערגענומען די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ, האָט ראָסאַס אויך אָנגעהויבן צוגרייטן אַן אַטאַקע אָפ דער באַלאַגערטער שטאָט. ער האָט אָפּגעשיקט אַ פּאָר שיפן אין דער בוכטע פון מאָנטעווידעאָ און זיי האָבן פאַרכאַפּט דעם אינדזל ראַטאַס, וואו עס האָט זיך געפונען דער מוניציע סקלאַד און וואָפן־לאַגער פון די פּאַרטיי־דיקער.

אין מערץ 1845 האָט גענעראַל אורקיסאַ אונטערגענומען אַ קאַמפּיין קעגן די פאַרטיזאַנער גרופּעס און דעם מיליטער פון גענעראַל ריוועראַ, וואָס האָט זיך געפונען אין אינערן פון אָריענטאַל, און אין אַ שלאַכט בּאַ אינדיאַ מוערטאַ האָט אורקיסאַ גענצלעך צעקלאַפּט ריוועראַס אַרמיי, אַזוי אַז אָריבע איז געבליבן געזיכערט אין זיין באַלאַגערונג און מאָנטעווידעאָ איז געבליבן גענצלעך איזאָלירט.

די מאָנטעווידעער רעגירונג האָט זיך געווענדעט מיט אַ ביטע צו די דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער פון ענגלאַנד און פראַנקרייך צו העלפן ראַ־טעווען די שטאָט, און די לעצטע האָבן אויך באַלד געפּרואווט פאַרמיטלען און פאַרגעשלאָגן שלום ראָסאַסן, אָבער דער דיקטאַטאָר האָט דעם פאָר־שלאָג אָפּגעוואָרפן. דאָס האָט געשאַפן אַ געשפּאַנטע לאַגע צווישן די צוויי גרויסע מלוכות מיט ראָסאַסן. ס'איז דעם דיקטאַטאָר פון בוענאָס איירעס אָנגעוויזן געוואָרן אַז ער פאַרלעצט די אומאָפּהענגיקייט פון אור־רוגוויי, אָבער ראָסאַס האָט געענטפערט אַז ער קומט בלויז פאַרטיידיקן די לעגאַלע אויטאָריטעט (פון אָריבע) אין דעם שכנישן לאַנד. דעמאָלט האָט דער אַדמיראַל פּורוויס, שעף פון ענגלישן פלאָט געשיקט אַן אולטי־מאַטום, געבנדיק ראָסאַסן צייט אַכט טעג, אָפּ צוציען דאָס מיליטער פון אָריענטאַל, און אַזוי ווי דער דיקטאַטאָר האָט נישט געוואָלט אין אַכט נעמען דעם אולטימאַטום, האָבן די ענגלענדער פאַרכאַפּט די סקוואַדריליע

וואָס אַדמיראַל בראָוון האָט אָנגעפירט אין דינסט פון ראָסאַס און אומגעקערט דעם פאַרכאַפּטן אינדזל די מאָנטעווידעער פאַרטיידיקער. דערנאָך האָבן ענגלישע און פראַנצויזישע קריגסשיפן אָנגעהויבן בלאָקירן די אַרגענטינער פּאָרטן און אויך פּאַטרולירט דעם פּאַראַנאַ.

וואָלט נישט אונטערגעקומען אין יענעם מאָמענט דער ענגליש-פראַנצויזישער פלאָט, וואָלט מאָנטעווידעאָ זיך געמוזט אונטערגעבן, פּונקט ווי דאָס איז געווען אין 1814 ווען ראָנדאָ און אַלוועאַר האָבן אָנגעפירט די באַלאַגערונג און בראָוון, דעמאָלט אין דינסט פון דער רעוואָלוציע, האָט צעקלאַפּט דעם שפּאַנישן פלאָט. איצט אָבער איז מאָנטעווידעאָ געבליבן געזיכערט און געהאַט די פולסטע שטיצע פון פראַנצויזיש-ענגלישן פלאָט. אין שטאָט איז געווען גענוג לעבנסמיטל, דער פאַרקער איבערן ים איז געבליבן אָפן, און באַוואָפנטע לעגיאָנען האָבן אָפּגעשלאָגן יעדן נייעם פרואוו פון אָריבע צו אַטאַקירן די שטאָט.

ווען גענעראַל ריוועראַ וואָלט געווען טאַקע אַ גרויסער מיליטערשעף, ווי למשל גענעראַל פּאַז, און נישט בלויז אַ קאַודיזשאָ מיט אַמביציעס צו הערשן, וואָלט ער געקאָנט אין איינערן פון לאַנד זאַמלען קעמפערישע כוחות און אונטערנעמען אַן אַטאַקע אַף אָריבע, און דעמאָלט וואָלטן די באַלאַגערער זיך געפונען צווישן צוויי פייערן. ריוועראַ האָט אָבער יענע פעאיקייט נישט געהאַט, און ער האָט דעריבער אָנגעפירט בלויז לייכטע אַטאַקעס פון צייט צו צייט, ביז אורקיסאַ האָט, ווי געזאָגט, אין אַ שלאַכט בײַ אינדיאַ מוערטאַ (27טן מערץ 1845) גענצלעך צעקלאַפּט ריוועראַס מיליטער און ריוועראַ איז אַנטלאָפן קיין בראַזיל.

## נייער אויפשטאַנד פון קאָריענטעס

דאָס פאָלק פון קאָריענטעס האָט די גאַנצע צייט פון ראָסאַסעס טיראַנישער הערשאַפט געקעמפט קעגן דיקטאַטאָר. קאָריענטעס איז געווען די ערשטע אויפצוהייבן די וואָפן קעגן ראָסאַס, בײַ דער אָנפירונג פונעם גובערנאַטאָר כענאַראָ בעראָן דע אַסטראַדאַ, קאָריענטעס האָט געשטיצט לאַוואַזשען און דערנאָך לאַ פּאַז, און איצט ווען גענעראַל אורקיסאַ דער גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס איז געווען אין יענער זייט גרעניץ, אין אָריענטאַל, פאַרטון אינעם קאַמפּיין קעגן ריוועראַ, האָט קאָריענטעס צום פערטן מאָל אויפגעהויבן די פאָן פון קאַמף קעגן טיראַנישן דיקטאַטאָר.

אַ גרופּע פון אַרום הונדערט מאַן, אָרגאַניזירט אין בראַזיל אונטער דער אָנפירונג פון כאָאַקין מאַדאַריאַגאַ, איז אַריבער דעם טייך אורוגוויי אין געגנט פון פּאַסאָ דע לאָס ליברעס, און אונטערגענומען אַ באַפרייונגס קאַמפּיין אין קאָריענטעס. דער גובערנאַטאָר, וואָס ראָסאַס האָט אַרויפ-

געזעצט אין קאָריענטעס האָט געפּרואווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ס׳איז פאַרגעקומען אַ שלאַכט אין אַראָזשאָ גראַנדע, וואו דער גובערנאַטאָרס אַרמיי איז צעקלאַפּט געוואָרן, און ער איז אַנטלאָפן.

די מאַכט איז איצט געבליבן אין די הענט פון די ברידער כאַאַקין און כואַן מאַדאַריאַגאַ. זיי האָבן גערופן דעם גענעראַל פּאַז אַף אָנצופירן דעם קאַמפּיין, און פּאַז האָט אָנגענומען דעם רוף און פאַרלאָזט מאָנטעווידעאָ, ווייל יענע שטאָט איז געווען גוט געזיכערט. ער איז אַוועק קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ, און פון דאָרט קיין קאָריענטעס (יולי 1844).

דער גענעראַל פּאַז האָט געדאַרפט אַלעס אָרגאַניזירן. פּאַראַגוויי, וועלכע איז באַאומרואיקט געוואָרן דורך ראָסאַס, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַנערקענען די אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד, האָט געשלאָסן אַ בונד מיט קאָריענטעס און צוגעשטעלט 6.000 מאַן, אָבער נישט דיסציפּלינירטע. סאַנטאַ פע האָט אויך געזאָלט אונטערקומען, ווייל דער גובערנאַטאָר כואַן פּאַבלאָ לאָפּעז איז שוין געווען מיד פון ראָסאַסעס דיקטאַטור. גענעראַל פּאַז האָט אָנגעהויבן אַלעס אָרגאַניזירן און צוגרייטן, אָפּוואַרטנדיק דעם מאָמענט פון אַן אַטאַקע אַף ענטרע ריאָס.

דערווייל האָט דער פראַנצויזיש-ענגלישער פלאָט נאָך אַלץ בלאָקירט די אַרגענטינער פּאָרטן און דעם פּאַראַנאַ. ראָסאַס האָט דעמאָלט אַנידערגעשטעלט אַפן פּאַראַנאַ אַ שטאַרקע סקוואַדריליע, אַף נישט דורכצולאָזן די ענגליש-פראַנצויזישע שיפן, אין אַ געגנט פון וואָילטאַ דע אָבליגאַדאָ. דער ציל איז געווען, נישט דורכצולאָזן שיפן מיט פּראָדוקטן פון מאָנטעווידעאָ צו די פּאָרטן פון קאָריענטעס און פּאַראַגוויי. די ענגליש-פראַנצויזישע קריגסשיפן האָבן אַטאַקירט די אַרגענטינער מיט אַ העפטיק קאַנאָנען פייער, אָבער די לעצטע האָבן ענערגיש געענטפערט. צולעצט האָט דער ענגליש-פראַנצויזישער פלאָט (20טן נאָוועמבער 1845) אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער די אַרגענטינער שיפן, אָבער די קאָמאַנדאַנטן פון זיגערישן פלאָט האָבן אין זייערע באַריכטן אַנערקענט דעם מעכטיקן ווידערשטאַנד פון די אַרגענטינער.

גענעראַל אורקיסאַ, האָט נאָכן פאַרענדיקן דעם קאַמפּיין קעגן ריוועראַ זיך אומגעקערט קיין ענטרע ריאָס און אונטערגענומען אַן אַקציע קעגן קאָריענטעס. גענעראַל פּאַז וואָלט אָן שום צווייפל אָפּגעהאַלטן אַ זיג, אָבער כואַן מאַדאַריאַגאַ, באַ וועמען ס׳איז געווען אַ גרויסער אינטערעס צו זיין דער זיגער, נישט רעכנדיק זיך מיט גענעראַל פּאַז, האָט אַליין אונטערגענומען די ערשטע אַטאַקע קעגן אורקיסאַ, און איז אין דער שלאַכט באַ לאַגונאַ לימפּיאַ דעם 4טן פעברואַר 1845 צעקלאַפּט געוואָרן דורך אורקיסאַ און גענומען געוואָרן געפאַנגען. אַף צו ראַטעווען זיין לעבן האָט זיין ברודער דער גובערנאַטאָר כאַאַקין מאַדאַריאַגאַ געשלאָסן אַן

אַפּמאַך מיט אורקיסאַ, באַקאַנט אַלס אַפּמאַך פון אַלקאַראַס, (15טן אויגוסט 1846), אין וועלכן דער ערשטער האָט זיך פאַרפליכטעט ארויסצושיקן גענעראַל פּאַז פון פּראָווינץ קאָריענטעס. אַזוי אַז גענעראַל פּאַז האָט זיך געמוזט צוריקציען און איז אַוועק קיין פּאַראַגוויי. אין זעלבן אָפּמאַך האָבן אורקיסאַ און מאַדאַריאַגאַ זיך פאַרפליכטעט אויפצוהאַלטן דעם פּאַקט פון ליטאָראַל פון 1831 דורך וועלכן עס דאַרף פאַררופן ווערן אַ פעדעראַלער קאָנגרעס.

נישט בעסער האָט זיך געענדיקט דער אַרויסטריט פון סאַנטאַ פעער גובערנאַטאָר. אין אַ שלאַכט אין סאַן כעראָנימאָ, דעם 18טן אויגוסט, איז ער צעקלאַפּט געוואָרן.

## ראָסאַס קעגן אורקיסאַ

דער אָפּמאַך פון אַלקאַראַס איז פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן. מאַדאַריאַגאַ האָט אָפּגעשיקט קיין פּאַראַגוויי דאָס מיליטער און אויך אַרויסגעשיקט אַהין דעם גענעראַל פּאַז, און אורקיסאַ האָט זיך צוריקגעצויגן קיין ענטרע ריאָס.

ראָסאַס, וועלכער איז קיינמאָל נישט געווען זיכער מיט זיין מאַכט האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט אַז עס וואַקסט קעגן אים אַ נייע געפאַר, דאָסמאָל מצד אורקיסאַ. דעמדאָזיקן פאַרדאַכט האָט דערנאָך פאַרשטאַרקט באַ אים גענעראַל אָריבע. ס׳איז צווישן לעצטן און ראָסאַסן געפירט געוואָרן אַ ברייטער דינסט פון שפּיאָנאַזש קעגן אורקיסאַ, און ראָסאַס האָט אָנגעהויבן אָננעמען מיטלען.

דער געשלאָסענער פּאַקט צווישן אורקיסאַ און דעם גובערנאַטאָר פון קאָריענטעס האָט געדינט פאַר ראָסאַסן אַלס געלעגנהייט צו אַטאַקירן דעם גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס. דער דיקטאַטאָר האָט געלאָזט וויסן אורקיסאַן אַז ער אַנערקענט נישט דעם אָפּמאַך פון אַלקאַראַס, דורך וועלכן מ׳האָט אַרויסגעלאָזט פריי דעם גענעראַל פּאַז, און ער איז איבערהויפּט קעגן דעם אַז וועלכע פּראָווינץ זאָל שליסן זעלבסטשטענדיק וועלכן אָפּמאַך מיט אַן אַנדערער פּראָווינץ אָן דער צושטימונג פון אים, ראָסאַס. ער פאָדערט דעריבער אויף אורקיסאַן צו דערקלערן אַלס אומגילטיק און אַנולירט יענעם אָפּמאַך מיט מאַדאַריאַגאַ, נאָר שליסן אַן אַנדערן, מיט די פונקטן וואָס ער שיקט.

אין אַ גרויסער מאָס איז ראָסאַס געווען גערעכט מיט זיין פאַרדאַכט קעגן גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס. אורקיסאַ האָט באמת געפּרואווט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן שעף פון פראַנצויזישן פלאָט און מיט בראַזיל, וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע קעגן טיראַן פון בוענאָס איירעס, אָבער

לויט די פּריריקע האַנדלונגען פון אורקיסאַ האָבן בראַזיל און דער קאָ־מאַנדאַנט פונעם פּלאַט נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי צו אורקיסאַ. ער איז דאַריבער געבליבן אַליין, און אונטערנעמען אַליין אַ קאַמף קעגן ראָ־סאַס האָט ער מורא געהאַט.

אורקיסאַ איז אין דער יוגנט, ביז 1830 געווען אַן אוניטאַריער, נאָר שפּעטער, ווען ראָסאַס האָט זיך באַפעסטיקט אין דער מאַכט איז ער גע־וואָרן אַ פעדעראַליסט און ער האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון דער ראָסיסטישער פּאָליטיק. דורך זיין אַקטואַציע איז געוואַקסן זיין אָנזען און פּרעסטיזש בא ראָסאַסן, ביז ער האָט דערגרייכט דעם הויכן פּאָסטן פון גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס. אויך דאָ האָט ער געדינט דער פּאָליטיק פון ראָסאַס, אָבער ער האָט צולעצט אָנגעהויבן אַנדערש דענקען, און נישט געוואָלט דולדן איבער זיך אייביק די דיקטאַטור פונעם בוענאָס אײַרעסער גובערנאַטאָר.

איצט איז אורקיסאַ געווען הערשער אין ענטרע ריאָס און אויך גע־האַט אונטער זיין קאָנטראָל קאָריענטעס, אָבער ער האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף נאָך האָבן דרויסנדיקע הילף, אַף צו קאָנען זיין זיכער מיטן זיג איבערן דיקטאַטאָר. ער האָט דאַריבער אין יענעם מאָמענט אַ העל־דישן שריט געטון — ווי עס באַצייכנט פידעל לאָפּעז אין זיין געשיכטע פון אַרגענטינע — און אַף נישט אויסצוגעבן זיך אַלס רעבעל האָט ער געענטפערט ראָסאַסן אַז ער נעמט אָן זיין אויפפאָדערונג און אַז „ס'איז געפאַלן דער באַנד פון זיינע אויגן, און ער האָט חרטה" און אַז ער וועט פון איצט אָן דינען בלויז און אויסשליסלעך דער פּאָליטיק פונעם רעס־טאַוראַדאָר און נאַציאָנאַלן שעף פון דער אַרגענטינער קאָנפעדעראַציע.

דער גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס האָט אַנולירט דעם אָפּמאַך פון אַלקאַראַס, און אויפגעפאָדערט די ברידער מאַדאַריאַגאַ צו שליסן אַן אַנ־דערן אָפּמאַך אַף די באַזעס וואָס ראָסאַס שלאָגט פאָר. אַזוי־וי אָבער דער גובערנאַטאָר פון קאָריענטעס האָט נישט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג איז עס געקומען צו אַ נייער מלחמה צווישןביידע פּראָווינצן, און אין אַ שלאַכט אין **וועגסעס** איז מאַדאַריאַגאַס מיליטער, דעם 27טן דעצעמבער 1847 פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן, און די פּראָווינץ קאָריענטעס איז געבליבן אונטערן איינפלוס פון אורקיסאַ.

אורקיסאַ האָט אָבער טראָץ דעם נישט אויפגעגעבן זיין פּלאַן צו באַ־פרייען זיך פון דעם דיקטאַטאָר. ער האָט נאָכן אָפּגעהאַלטענעם זיג אי־בער מאַדאַריאַגאַ נישט אַנטוואָפנט קאָריענטעס, נאָר אומגעקערט דער פּראָווינץ אַלע וואָפן, פערד און געפאַנגענע און געשטעלט זי אונטער דער קאָמאַנדע פון זיינע אינטימע פריינט די ברידער כאַסע און בענכאַמין ווירזסאָראָ.

# אַרגענטינער פּאָליטישע עמיגראַנטן קעגן ראָסאַס

די טיראַניע פון ראָסאַס האָט פאַרטריבן די בעסטע מענער פון יענער צייט פון אַרגענטינע קיין מאָנטעווידעאָ, אָדער איבער די אַנדן קיין טשילע, און פאַרשטענדלעך אַז פון דאָרט אויס איז געפירט געוואָרן דורך די פּאָליטישע עמיגראַנטן אַן אומויפהערלעכער קאַמף קעגן דיקטאַטאָר, אַנפירנדיק די אַרבעט דורך וואָרט און שריפט. עס האָבן דורך דער פּרעסע און ליטעראַטור געקעמפט די אַרגענטינער שריפטשטעלער, דיכטער און פּאָליטיקער, אומעטום וואו ס'איז נאָר געווען מעגלעך אָנצופירן אַזאַ אַקציע קעגן טיראַן. עס האָבן באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ, דער דעקאַן פון דער יוגנט, אַ פייערדיקער פּובליציסט; עטשעוועריאַ, אַלבערדי, כואַן מאַריאַ גוטיערעז, באַרטאָלאָמע מיטרע, לאַמאַס, טאָמפּסאָן, סאַרמיענטאָ, טעכעדאָר, קאַנעי, כאַסינטאָ ראָדריגעז פּעניאַ (דער זון פון גרויסן פּאַטריאָט פאַר דער מאַי רעוואָלוציע) און צענדליקער אַנדערע. זיי האָבן נישט מיט דער שווערד נאָר מיט דער פּעדער געפירט זייער קאַמף, און דער טיראַן האָט עס שטאַרק געפילט.

אַמשאַרפסטן האָט זיך געפילט געטראָפן ראָסאַס דורכן קאַמף פון פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ אין דער צייטונג „קאָמערסיאָ דעל פּלאַטאַ", וואָס איז דערשינען אין מאָנטעווידעאָ. זיינע דיפּלאָמאַטישע אויפקלערונגס-אַרטיקלען האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן די אויסלענדישע פאָרשטייער און געווירקט אויך אַלס שטערונג אין די באַציאונגען פון די אויסלענדישע מלוכות מיט ראָסאַס.

עטשעוועריאַס פּאָעמעס „מאַרקאָס אַוועזשאַנעדאַ" און „די רעוואָלוציע" פון זיד האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם און געווירקט ווי פייער דעם הערשער פון בוענאָס איירעס. עטשעוועריאַ און כואַן מ. גוטיערעז האָבן פאַר זייער פאַרלאַזן אַרגענטינע געהאַט אָרגאַניזירט די „מאַי אַסאָסיאַסיע" און דערנאָך געמוזט אַנטלויפן, און איצט האָבן זיי אין מאָנטעווידעאָ פאָרגעזעצט די אויפקלערונגס-אַרבעט. אין אַ שריפט „סאָציאַלע דאָגמע פון דער מאַי אַסאָסיאַציע" איז געפאָדערט געוואָרן צו מאַכן אַ סוף צו דער דיקטאַטור און אָפּשטעלן דעם בירגער קריג. ס'זאָל זיין נישט אוניטאַריער און נישט פעדעראַלן, נאָר אַ סיסטעם פון עפנטלעכער פרייהייט און אַ רעגירונגס-פאָרם ווי דאָס פאָלק וועט אויסקלויבן.

כאָסע מאַרמאָל האָט צו יענער צייט אָנגעשריבן די שריפט „על פּערעגרינאָ" (דער עולה-רגל). אַנדרעס לאַמאַס האָט געטראָפן טיף אין די הערצער פון די אַרגענטינער מיט זיינע דיכטונגען.

אין טשילע האָבן געקעמפט קעגן ראָסאַסן אַ גאַנצע ריי שריפטשטע-

לער, זשורנאַליסטן און פּאָליטיקער, צווישן זיי אַלבערדי און סאַרמיענטאָ. דער לעצטער האָט געגרינדעט אין סאַנטיאַגאָ די צייטונג „על פּראָגרעסאָ" און סאַרמינטאָ מיט זיינע מיטאַרבעטער האָבן אָנגעפירט אַ העפטיקן קרייצצוג קעגן ראָסאַס. אין יענער צייטונג האָבן אַלע אַרטיקלען איבער קאָנסטיטוציאָנעלער פּאָליטיק, ליטעראַטור קריטיק, טעאַטער און אַלע אַנ־דערע טעמאַס געהאַט שפּילקעס קעגן די מערדער און דעם דיקטאַטאָר פון בוענאָס איירעס. אין יענער צייטונג האָט סאַרמיענטאָ געדרוקט זיינע באַרימטע ווערק „פאַקונדאָ" און „רעקוערדאָס דע פּראָווינסיאַ".

פאַר ראָסאַסן האָט מיט דער צייט זיך געשאַפן אַלץ אַ שווערערע סי־טואַציע. די באַציאונגען מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען געווען גע־שפּאַנטע; קעגן מאָנטעווידעאָ האָט ער גאָרנישט געקאָנט טון, ווייל ער האָט נישט געקאָנט שיקן קיין פאַרשטאַרקונג אַריבער צו שטורמען די שטאָט און דאָ האָט נאָך אָנגעהויבן וואַקסן אַ נייע געפאַר — דער גובער־נאַטאָר פון ענטרע ריאָס, גענעראַל אורקיסאַ.

## דערמאָרדעט פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ

אין יענער צייט האָט דער טיראַן זיך געווענדעט מיט אַ ווייך בעטנ־דיק בריוול צו זיין פריינט אַריבע, אים צו טון אַ שטיקל טובה. ער האָט, דאַטירט אין בוענאָס איירעס דעם 14טן פעברואַר 1848, געשריבן צום עקסעלענטיסימאָ סעניאָר גענעראַל מאַנועל אַריבע (באַלאַגערער פון מאָנ־טעווידעאָ) אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„הער גענעראַל און פריינט.

„דורך דירעקטע ידיעות און פון גוטע קוועלן פון לאָנדאָן ווייס איך אַז עס האָבן באַדאַרפט אַרויספאָרן דיפּלאָמאַטישע מיסיעס קיין ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ די נייע באַפולמעכטיקטע גאָר און גראָס, וועלכע דאַרפן אָנ־קניפּן באַציאונגען און דורך דעם מיטהעלפן דער זאַך פון אונזערע רע־פּובליקן. דער באַראָן גראָס, פאַרשטייער פון פראַנקרייך האָט באַדאַרפט אַרויספאָרן פון טאָלאָן דעם 2טן דעם חודש מיט אַ קריגסשיף, און כמעט אין זעלבן טאָג האָט באַדאַרפט אַרויספאָרן פון אַן ענגלישן פּאָרט דער בריטישער שליח גאָר. איצט מעלדעט מען מיר פון זשאַנעירא, אַז יענע הערן זיינען געקומען אַהין און וועלן אינגיכן אָפּפאָרן אַפן וועג צום פּלאַ־טאַ און אינמיטן מערץ קומען אַהער, אַף צו ראַטיפיצירן די אָפּמאַכן פון הוד און האודען, מיט די ענדערונגען וואָס די אַרגענטינער רעגירונג האָט פאָרגעשלאָגן, ווי איר ווייסט עס.

„דאָס וועט זיין אַ גוואַלדיקער קלאַפּ פאַר די ווילדע, פאַרדאָרבענע אוניטאַריער, פאַרשפּאַרטע אין מאָנטעווידעאָ, צווישן וועלכע עס געפינט

זיך אַלס אַגיטאַטאָר פון ערשטער ליניע, דער בייזוויליקער, פאַרדאָרבע־נער, דעצעמבריסטישער אַגיטאַטאָר פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ, און זיי וועלן אָנהויבן זיכער פירן אינטריגעס, אַף צו שטערן דעם זיג פון די וואָפן, וואָס קעמפן פאַר דער גערעכטער זאַך פון דער קאָנפעדעראַציע און פון אַמעריקע, וועלכע איז טויזנט מאָל באַפלעקט דורך יענע קנאים פון דער אַנאַרכיע, צווישן וועלכע דער פאַרדאָרבנסטער פון אַלע איז דער דער־מאָנטער ווילדער אוניטאַריער פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ, דער הויפט מערדער פונעם וואַויל־געבוירענעם הער מאַנועל דאָרעגאָ."

און אַזוי האָט ראָסאַס אין זיין בריוו צו זיין פריינט אָריבע אויסגע־גאָסן זיין ביטער האַרץ קעגן „פאַרדאָרבענעם, ווילדן אוניטאַריער" פלאָ־רענסיאָ וואַרעלאַ, און אויסגעדריקט די מורא אַז די אוניטאַריער קאָנען ווירקן אַף די באַפולמעכטיקטע דיפּלאָמאַטישע שליחים פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, און גאָר און גראָס זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון קומען אין פאַר־בינדונג מיט דער רעגירונג פון דער קאָנפעדעראַציע. דאַריבער איז נויטיק אַז אָריבע, דער פריינט, זאָל די זאַך גוט נעמען אין אַכט און העלפן באַ־זייטיקן די געפאַר. אָריבע דאַרף אונטערנעמען דאָס וואָס איז נויטיק אַף צו באַזייטיקן דעם „פאַרדאָרבענעם" פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ. קיין עצות וויל ער, ראָסאַס, נישט געבן, אָבער ער האָפט אַז אָריבע וועט אַליין פאַרשטיין וויאַזוי אַמבעסטן עס דורכצופירן. די זאַך איז דרינגלעך און פאָדערט אַ באַלדיקע האַנדלונג.

דער בריוו איז געווען באַצייכנט אַלס שטרענג געהיים, און גענעראַל אָריבע האָט דעם בריוו גוט גענומען אין אַכט, און גוט פאַרשטאַנען וואָס ראָסאַס מיינט און וויל.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און דער וואונטש פון ראָסאַס איז אויס־געפירט געוואָרן. דעם 20טן מערץ 1848 האָט אַ מערדערישע האַנט דער־שטאָכן פרלאָרענסיאָ וואַרעלאַ אין מאָנטעווידעאָ, און אַ סוף געמאַכט צום לעבן פונעם פייערדיקן אַרגענטינער שריפטשטעלער און דיכטער.

דער דאָזיקער מאָרד, און די הינריכטונג פון קאַמילאַ אָ'גאָרמאַן האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן פּראָטעסט און פאַרדאַמונג אין דער וועלט, אָבער נישט געקוקט דאַרויף איז ראָסאַס אַרויס דער זיגער, און ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן געשלאָסן מיט אים דעם געווינטשטן אָפּמאַך.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט מר. סוטערן אונטערצייכנט דעם 4טן נאָוועמבער 1849 דעם אָפּמאַך מיט ראָסאַס, אין נאָמען פון ענגלאַנד, און אַדמיראַל לע פּרערוד און דער אויסערן־מיניסטער פון ראָסאַס, אַראַנאַ האָבן אונטערצייכנט דעם פראַנצויזיש־אַרגענטינער אָפּמאַך דעם 31טן אויגוסט 1850.

מעגלעך אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך וואָלטן נישט געקומען אין באַ־

ציאונגען מיט בוענאָס איירעס אין יענער צייט, מעגלעך אַז זיי וואָלטן איינגעאַנצן זיך צוריקגעצויגן פון וועלכע פאַרהאַנדלונגען מיטן טיראַן, אָבער ראָסאַס האָט זיי נישט געלאָזט צו רו, און עס וואָלטן געבליבן אומבאַ־שיצט די לעבנס און אינטערעסן פון די פראַנצויזן און ענגלענדער וואָס האָבן זיך געפונען אין בוענאָס איירעס און מאָנטעווידעאָ.

## אורקיסאַ גרייט זיך צום אויפשטאַנד

עס האָט זיך געדאַכט אַז נאָך די נייע געשעענישן בלייבט ראָסאַס פריי אין זיין אַלמעכטיקער הערשאַפט אין לאַנד. ס'איז נישט געווען קי־ראַגאַ, נישט געווען מער עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז וואָס זאָלן זיך בונטעווען. עטשעווערייאַ איז געשטאָרבן, וואַרעלאַ איז דערמאָרדעט געוואָרן, בער־נאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ איז אין יענער צייט געשטאָרבן אין אויסלאַנד, מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען אויסגעבעסערט די באַציאונגען און די בלאָקאַדע קעגן בוענאָס איירעס איז שוין לאַנג אָראָפּגענומען. געבליבן איז בלויז אורקיסאַ, דאַרף מען זען אויך אים באַזייטיקן.

דאָסמאָל, און גראַד אין מאָמענט ווען ראָסאַס איז באַ זיך אַזוי זיכער געווען, האָט דאָס גליק זיך פון אים אָפּגעווענדט. אורקיסאַ איז אין יענער צייט געווען מעכטיק, איז געווען גוּבערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן איבער ענטרע ריאָס און געהאַט אונטער זיין איינפלוס קאָריענטעס. ער האָט אויך געפילט די שטיצע וואָס ער וועט באַקומען אין גאַנצן לאַנד און באַ די עמיגראַנטן אין מאָנטעווידעאָ און טשילע, און ער האָט אָנ־געהויבן צוגרייטן אַ פּלאַן אַף צו שטירצן דעם טיראַן.

אורקיסאַ האָט אין דער יוגנט געאַרבעט פאַר דער זאַך פון די אוּ־ניטאַריער, אָבער שפּעטער ווען ער האָט געזען אַז ראָסאַס וואַקסט אין מאַכט איז ער אַריבער צו די פעדעראַלן און זיך געשטעלט אין דינסט פונעם דיקטאַטאָר. די אייביקע ברוטאַליטעט און מערדערייען פון ראָסאַס האָבן אָבער מיט דער צייט רעבעלירט דעם גייסט פון אורקיסאַ און ער האָט באַשלאָסן אונטערצונעמען אַן אַקציע, אַף צו ברעכן די דיקטאַטור און איינשטעלן אַן עכט פעדעראַלן, פרייעם און ליבעראַלן רעזשים אין לאַנד. צו דעם צוועק האָט אורקיסאַ פאַרהאַנדלט מיט די אַרגענטינער עמיגראַנ־טן אין מאָנטעווידעאָ און מיט דער בראַזיליענער רעגירונג, צו שאַפן אַ גרויסע אַרמיי און אונטערנעמען אַ געמיינזאַמע אַקציע קעגן ראָסאַס. ווען דאָס איז דערגרייכט געוואָרן, האָט אורקיסאַ זיך געשטעלט אין אָפע־נעם קאַמף קעגן דעם אַלמעכטיקן „רעסטאַוראַדאָר".

ס'איז אויך געווען שוין די העכסטע צייט צו באַפרייען דאָס לאַנד פון

דער טיראַניי און איינשטעלן אַ נאָרמאַל לעבן. אין דער גאַנצער צייט פון ראָסאַסעס הערשאַפט האָט דאָס לאַנד געלעבט אין כסדרדיקער מלחמה און נישט געוואַקסן, די אַגריקולטור און אינדוסטריע איז געבליבן אין פּרימיטיוון צושטאַנד, קיין אימיגראַציע איז נישט געווען, קיין קולטור־טעטיקייט איז נישט דערלאָזט געוואָרן, און עס האָט געדראָט אַף יעדן הויז די געפאַר פון אומקום דורך דער מאַסאָרקאַ. מען שאַצט אַז אין 1819 זאָל דאָס לאַנד האָבן געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 530.000 איינוואוינער און אין די יאָרן ביז 1852, ווען ראָסאַס איז געפאַלן איז געווען אַ צואוואוקס פון קוים צוויי פּראָצענט.

דאָס לאַנד האָט געוואַרט אַף באַפרייונג, אַף באַלעבונג און באַ־פעלקערונג.

ראָסאַס האָט פאַרגעזעצט זיין שפּיל מיט זיינע בלומרשטע דימיסיעס יעדעס יאָר. ער האָט יעדעס יאָר צוגעשטעלט דער לעגיסלאַטור פון פּראָ־ווינץ בוענאָס איירעס זיין דימיסיע אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַ־פּיטאַן, אָנגעבנדיק אַז ער וויל זיך צוריקציען צוליב זיין שוואַכן געזונט צושטאַנד, און יעדעס מאָל איז די דימיסיע אָפּגעוואָרפן געוואָרן און ראָ־סאַס אַז געבליבן ווייטער אַליינהערשער. ראָסאַס האָט איבערדעם אין דער אויסערן פּאָליטיק פאַרטרעטן דאָס גאַנצע לאַנד, נישט אינטערעסירנדיק זיך צי די גובערנאַטאָרס און לעגיסלאַטורן פון אַלע פּראָווינצן זיינען איינ־שטימיק דערמיט צי נישט. פאַקטיש וואָלטן די פּראָווינצן געדאַרפט זאָגן זייער וואָרט וועגן דעם, אָבער זיי האָבן זיך נישט אינטערעסירט דערמיט.

דעם 1טן מאַי 1851 האָט דער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ ענטרע ריאָס, גענעראַל כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאַ אונטערצייכנט אַ דעקרעט. באַקאַנט אַלס „פּראָנונסיאַמיענטאָ דע פּרימעראָ דע מאַזשאָ דע 1851" אין וועלכן עס האָט זיך אינעם אַרטיקל 2 געזאָגט אַז:

„עס ווערן אָפּגענומען באַם גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס די פאַר־טרעטונגס פולמאַכטן אין באַצוג די אויסערן באַציאונגען, קריג און פרידן, און די פּראָווינץ בלייבט אין איר שטעלונג צו פאַרשטענדיקן זיך דירעקט מיט די אַנדערע רעגירונגען פון דער וועלט, ביז ס׳וועט זיך סטאַביליזירן די נאַציאָן".

דער דאָזיקער דעקרעט איז באַלד גוטגעהייסן געוואָרן פון דער לע־גיסלאַטור פון דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס.

דעם 25טן מאַי האָט גענעראַל אורקיסאַ אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמע צו די פּראָווינצן אין גאַנצן לאַנד, וועלכע האָט אויפגעקלערט די נייע סיטואַציע, און זיך געענדיקט מיט פאָלגנדיקן רוף:

„פעלקער פון דער קאָנפעדעראַציע. די העלדישע פּראָווינץ וואָס האָט מיך באַערט מיט דער אָנפירונג פון איר גורל האָט אויפגענומען דעם

איינשטימיקן געשריי פון פרייהייט, אָרגאַניזאַציע און קאַמף קעגן דעספּאָטיזם. אונזער שוועסטער די אָנגעזעענע פּראָווינץ קאָריענטעס האָט שוין געענטפערט און זיך אָנגעשלאָסן אינעם באַשלוס פון ענטרע ריאָס, און דער גרויסער אַרגענטיניש־אַמעריקאַנער בונד, דער באַפרייער פון די רעפּובליקן פון פּלאַטאַ האָט אין זיין מאַכט וואָפן, די הויכע גערעכטיקייט און די ברכה פון די גוטע".

ראָסאַס האָט זיך באַמיט אָפּצורייסן די פּראָווינץ קאָריענטעס פון דעם בונד מיט ענטרע ריאָס, אָבער דער גובערנאַטאָר פון קאָריענטעס בענזשאַמין וויראַסאָראַ האָט זיך געהאַלטן פעסט באַם באַשלוס מיטצואַרבעטן מיט אורקיסאַ. דער קאָריענטעסער קאַודיזשאָ גרעגאָריאָ אַראַוכאָ האָט געפּרואווט אויפהויבן אַ באַוועגונג צו גונסטן ראָסאַס, און ווירַאַסאָראַ האָט עס באַצייטנס דערשטיקט און געלאָזט דערשיסן אַראַוכאָ.

גענעראַל אָריבע האָט געלאָזט וויסן ראָסאַסן אַז ער איז גרייט אָפּצוזונדערן אַ טייל פון זיין מיליטער וואָס באַלאַגערט מאָנטעווידעאָ, אַף צו גיין קעגן אורקיסאַן, אָבער ראָסאַס האָט מורא געהאַט אַז דאָס קאָן שעדיקן דער באַלאַגערונג און דאַריבער נישט געוואָלט אָננעמען אָריבעס אָנבאָט.

אין דערזעלבער צייט האָט ראָסאַס פאַרטשעפּעט ווידעראַמאָל בראַזיל. דער באַראָן זשאָקוהי איז מיט אַ באַוואָפנטער מחנה בראַזיליענער אַריין אַף אורוגווייער טעריטאָריע צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון די בראַזיליענער און באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד פון די אָריענטאַלן. דידאָזיקע אינוואַזיע איז געשטיצט געוואָרן פון דער בראַזיליענער רעגירונג, און ראָסאַס האָט צוגעשטעלט אַ פּראָטעסט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ און דערנאָך איבערגעריסן די באַציאונגען און אָפּגערופן דעם מיניסטער גענעראַל גידאָ, פון ריאָ דע זשאַנעיראָ.

דאָס האָט געבראַכט צו אַ בונד פון דעם בראַזיליענער אימפּעראַטאָר מיט די פּראָווינצן ענטרע ריאָס און קאָריענטעס, אונטערצייכנט דעם 29טן מאַי 1851, אַ בונד פאַר געמיינזאַמע אָפענסיווע און דעפענסיווע אַקציעס, קעגן אָריבע און קעגן ראָסאַס, צו באַפרייען די פעלקער פון אורוגווי און אַרגענטינע. לויטן אָפּמאַך האָט גענעראַל אורקיסאַ געדאַרפט זיין שעף קאָמאַנדאַנט און אָנפירן די מיליטערישע אָפּעראַציעס קעגן ראָסאַס און אָריבע. די אַקציע האָט באַדאַרפט געשטיצט ווערן פון די אַרגענטינער פּאָליטישע עמיגראַנטן, און בראַזיל האָט באַדאַרפט צושטעלן אַ דיוויזיע פון דריי טויזנט סאָלדאַטן אינפאַנטעריע, אַ רעגימענט קאַוואַלעריע, צוויי באַטעריעס אַרטילעריע און דעם פלאָט. אורוגווי האָט באַדאַרפט צושטעלן צוויי טויזנט מאַן פון אַלע דריי וואָפן־טיילן. בכדי צו זיין געזיכערט מיט פּאַראַגווײַ האָבן די פּראָווינצן ענטרע ריאָס און קאָ-

ריענטעס, צוזאַמען מיט בראַזיל, זיך פאַרפליכטעט צו אנערקענען די פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פון פאַראַגוויי.

ס'האָט געשלאָגן די לעצטע שעה פון דער טיראַניי אין דער רעפובליק.

דער ערשטער קלאַפּ איז געווען די דעזערטירונג פון גענעראַל גאַרסאַן מיט זיין מיליטער פון אָריבעס אַרמיי. גענעראַל גאַרסאָן האָט געהאַט אונטער זיין האַנט דעם בעסטן טייל מיליטער פון אָריבעס אַרמיי. און מיטגעהאָלפן אינעם קאַמפּיין קעגן מאָנטעווידעאָ. ווען ער האָט אָבער געהערט וועגן מאַניפעסט פון אורקיסאַ, האָט ער זיך באַלד אָפּגעריסן פון אָריבע און זיך געשטעלט אַף דער זייט פון דער אַליאַנץ, אין דינסט פון דער באַפרייונגס-זאַך. באַלד דערנאָך האָט אויך פאַרלאָזט אָריבען דער גענעראַל פערנאַנדאָ גאָמעז מיט זיין מיליטער.

## אונטערגענומען די אַקציע קעגן ראָסאַס

נאָך דעם ווי ס'איז פאַרענדיקט געוואָרן דער קריגס-פּלאַן פון די בראַזיליענער מיליטער-שעפן מיט אורקיסאַ און מיט די מאָנטעווידעער שעפן, איז דעם 1טן יולי 1851 אונטערגענומען געוואָרן דער אַרויסמאַרש. דאָס ערשטע האָט באַדאַרפט צעקלאַפּט ווערן אָריבע, בכדי צו באַפרייען מאָנטעווידעאָ פון דער באַלאַגערונג און אַריינציען אין קאַמף דעם רעשט אַרגענטינער אַרמיי וואָס האָט זיך געפונען אונטער אָריבעס האַנט.

דאָס ענטרע ריאַסער און קאָריענטעסער מיליטער, אונטער דער הויפּט קאָמאַנדע פון גענעראַל אורקיסאַ איז אין דערמאָנטן טאָג אַריבער דעם טייך אורוגוויי. אין אַוואַנגאַרד פון דער אינוואַזיע אַרמיי האָט זיך געפונען דער אָריענטאַלער גענעראַל גאַרסאָן.

אָריבע האָט זיך געזען מיטאַמאָל הילפלאָז. זיינע בעסטע מיליטערישע כוחות זיינען נישט נאָר אַוועק פון אים, נאָר גייען קעגן אים. ער האָט דאַריבער באַשלאָסן, נישט צו שטעלן קיין ווידערשטאַנד נאָר זיך אונטערגעבן. דעם 8טן אָקטאָבער 1851 האָט ער געשלאָסן שלום, אין וועלכן ס'איז דערקלערט געוואָרן אַז „ס'איז נישטאָ קיין זיגער און נישט קיין באַזיגטע". אין דאָזיקן ערנהאַפטן שלום האָט אָריבע געפועלט אַז זיינע קאָמפּראָמיסן אין צייט פון דער באַלאַגערונג זאָלן אנערקענט ווערן און די צוקינפטיקע רעגירונג פון אורוגוויי זאָל זיי איבערנעמען.

דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן די באַלאַגערונג פון מאָנטעווידעאָ, נאָך אַ צייט פון ניין יאָר.

דעם 21טן נאָוועמבער איז אין מאָנטעווידעאָ פייערלעך ראַטיפיצירט געוואָרן דער אָפּמאַך פון דער בראַזיליעניש-אָריענטאַלער אַליאַנץ מיט

ענטרע ריאָס און קאָריענטעס. בראַזיל האָט צוגעשטעלט די פאַרשפּראָכע־נע 3.000 סאָלדאַטן אינפאַנטעריע, אַ רעגימענט קאַוואַלעריע, צוויי באַ־טעריעס אַרטילעריע און דעם פלאָט, און דער אימפּעראַטאָר פּעדראָ 2טער האָט זיך פאַרפליכטעט בייצושטייערן 100.000 פעזעס „פּוערטעס״ מאָנאַטלעך, און דער טאָטאַל זאָל אומגעקערט ווערן פון דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס נאָכן פאַלן פון ראָסאַס. די רעפּובליק אָריענטאַל האָט צוגעשטעלט אורקיסאַן 2.000 מאַן אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע און אַר־




דער קאַמפּיין פון אורקיסאַ

טילעריע. אינעם אָפּמאַך איז באַטאָנט געוואָרן אַז די אַקציע וואָס עס נעמט אונטער די „גרויסע אַרמיי״ אָדער ווי זי ווערט אויך באַצייכנט „אַמע־ריקאַנער באַפרייונגס אַרמיי״ איז געריכטעט נישט קעגן אַרגענטינער פאָלק נאָר קעגן ראָסאַס.

אורקיסאַ מיט דער אַרמיי, אין וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען דאָס מיליטער פון אָריבע, איז צוריק אַריבער דעם טייך אורוגוויי און

קאָנצענטרירט די באפרייונגס ארמיי אין גוואַליעגוואַיטשו. פון דאָרט איז די אַרמיי אריבער קיין דיאַמאַנטע, און אורקיסאַ האָט דאָרט איינגע־אָרדנט זיין הויפּט־קוואַרטיר.

ראָסאַס האָט געוואוסט פון אַלע מיליטערישע באַוועגונגען פון אור־קיסאַ און ער האָט אָנגעהויבן צוגרייטן אַן אַרמיי אָף צו שטעלן אַ ווידער־שטאַנד דעם אַוואַנס פון די פאַרבינדעטע.

ענטרע ריאָס איז סוף 1851 געווען דער שויפּלאַץ פון די גרויסע צו־גרייטונגען צום אַנטשידענעם קאַמף קעגן דער טיראַניי. די בראַזיליענער שיפן, באַרקאַזשן און פּעראָמען האָבן געהאַלטן כסדר אין ברענגען סאַל־דאַטן, וואָפן און פערד צו די ברעגן פון ענטרע ריאָס. אויך פון אָריענטאַל האָט געהאַלטן אין שטראָמען מיליטער, וואָפן און פערד. ס'זיינען זיך אויך צוזאַמענגעקומען צענדליקער פאַרפאַלגטע פון ראָסאַס, אָף אַנטייל־צונעמען אין גרויסן קאַמפּיין. צווישן די געקומענע האָט זיך אויך געפו־נען סאַרמיענטאָ, און ער איז פון אורקיסאַן באַשטימט געוואָרן אַלס אַרוים־געבער פונעם בולעטין פאַר דער גרויסער אַרמיי אין דער גאַנצער צייט פונעם קאַמפּיין.

צו ווייַנאַכטן 1851 איז די „גרויסע אַליאירטע אַרמיי פון זיד־אַמערי־קע" געווען שוין פולשטענדיק גרייט צום אַרויסמאַרש. די אַרמיי איז באַ־שטאַנען פון אַ טאָטאַל פון 24.000 מאַן. ראָסאַס ווידער האָט געהאַט גע־שאַפן אַן אַרמיי פון 22.000 מאַן און זי געשטעלט אונטער דער הויפּט קאָמאַנדע פון גענעראַל פּאַטשעקאָ. דער הויפּט־קוואַרטיר זיינער איז גע־ווען אין סאַנטאָס לוגאַרעס.

## ראָסאַס ווערט פאַרראַטן

אין סוף דעצעמבער 1851 האָט די אַרמיי פון די פאַרבינדעטע אונ־טערגענומען דעם אַרויסמאַרש פון דיאַמאַנטע. זי האָט זיך געלאָזט צו פּאַראַנאַ און פון דאָרט אַריבער דעם טייך קיין סאַנטאַ פע, און באַלד האָט יענע פּראָווינץ זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג.

דער בראַזיליענער פלאָט האָט איבערגעלאָזט אַ טייל מיליטער אין קאָלאָניאַ אַלס רעזערוו און דערנאָך פּאַטרולירט דעם טייך פּאַראַנאַ און געהאָלפן די פאַרבינדעטע קרייצן דעם טייך. עס האָט זיך געפונען אינ־מיטן וועג באַם טאָנעלעראָ־דורכגאַנג אַ ראָסיסטישע באַטעריע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מאַנסיזשאַ, אָבער זי איז באַלד באַזיגט גע־וואָרן.

עס האָט זיך געשאַפן אַ געשפּאַנטער מאָמענט אין אָנהויב פון 1852, ערב צוזאַמענשטויס פון די צוויי קעמפערישע כוחות. דאָס האָט אָבער

נישט לאַנג געדויערט. ראָסאַס האָט באַלד געזען אַז ער איז אַ פאַרלוירענער.

דער גענעראַל פּאַטשעקאָ, וועלכער האָט אַפן זיך געהאַט די פאַר־טיידיקונג פון בוענאָס איירעס, האָט געהאַט אַן אַלטן חשבון מיטן דיק־טאַטאָר, און ער האָט געהאַלטן איצט אַלס בעסטע געלעגנהייט זיך אָפּ־צורעכענען מיט ראָסאַסן. אנשטאט אונטערצונעמען אַן ארויסמאַרש קעגן אורקיסאַ אין דער ריכטונג צו סאַן ניקאָלאַס און ראָזאַריאָ, איז ער געבליבן מיט זיין אַרמיי אין געגנט פון קאָסעראָס, נעבן סאַנטאָס לוגאַרעס, דאָס הייסט בא די טויערן פון בוענאָס איירעס. דער קאָראָנעל לאַגאָס, אַ טרייער ראָסיסט, וואָס האָט זיך געפונען מיט אַ קאָלומנע טרופּן אין נאָרדן האָט געלאָזט וויסן דעם שעף קאָמאַנדאַנט, גענעראַל פּאַטשעקאָ, אַז ער גייט אונטערנעמען אַ מאַרש קעגן אורקיסאַן, אָבער פּאַטשעקאָ פאַראָרדנט אים זיך צוריקצוציען, און אַפן אַנדערן טאָג באַפעלט ער אים צו בלייבן אַפן אָרט. לאַגאָס האָט זיך געפילט דערפון שטאַרק באַטראָפן און געמאַכט פּאַטשעקאָן אַ שטאַרקן פאָרוואורף זאָגנדיק אים: „מיין פאָ־טערלאַנד און דער דערהויבענער גענעראַל ראָסאַס דאַרפן רעכנען מיט מיין לאָיאַליטעט. איך בין נישט פון יענע וואָס דערפולן נישט דאָס וואָס זיי פאַרשפּרעכן זייער פאָטערלאַנד און זייער רעגירונג; איך בין נישט פון די וואָס פאַרראַטן און פאַרקויפן זיך; איך וויים וואָס איך בין”. שפּע־טער, ווען לאַגאָס האָט זיך גענומען גרייטן צו אַוואַנסירן אַף אַראָזשאָ דעל מעדיאָ, צו קעמפן קעגן אורקיסאַן, האָט פּאַטשעקאָ פאַראָרדנט יענעם מי־ליטער זיך פולשטענדיק צוריקצוציען צום הויפּט־קוואַרטיר אין סאַנ־טאָס לוגאַרעס.

גענעראַל אורקיסאַ האָט אונטערגענומען דעם מאַרש אַף פּראָווינץ בוענאָס איירעס און דער ראָסיסטישער גענעראַל עטשאַגע האָט זיך צו־ריקגעצויגן אַן אַ ווידערשטאַנד ביז סאַן ניקאָלאַס. אין יענעם מאָמענט האָט גענעראַל פּאַטשעקאָ אריינגעשיקט זיין דימיסיע אַלס שעף קאָמאַנ־דאַנט. ראָסאַס האָט זיך געפונען פאַרצווייפלט. ער האָט אין אַ בריוו צו פּאַטשעקאָן געבעטן אים צו בלייבן אַף זיין פּאָסטן אין דאָזיקן קריטישן מאָמענט, אָבער פּאַטשעקאָ האָט געלאָזט וויסן אַז ער וויל פאַר קיין פאַל נישט בלייבן מער קאָמאַנדאַנט, אָנגעבנדיק אַז אייניקע פון די העכערע אָפיצירן באַקומען געהיימע באַפעלן אַן זיין וויסן; און אויב ער האָט נישט דעם פולסטן צוטרוי קאָן ער נישט זיין שעף קאָמאַדנאַנט. ראָסאַס איז דעמאָלט (יאַנואַר 1852) געפאָרן אין לאַגער און געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט גענעראַל פּאַטשעקאָ, און עס האָט זיך געדאַכט דעם דיקטאַטאָר אַז ער האָט צוריקגעוואונען דעם מיליטער שעף פאַר זיין זאַך. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז פּאַטשעקאָ האָט נישט געוואָלט מער דינען די אינטערעסן פונעם דיקטאַטאָר.

פּאַטשעקאָ האָט, לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט ראָסאַס, געזאָלט פאַר־טיידיקן דעם מאַרקעז בריק און אַנדערע שעפן האָבן געזאָלט פאַרטיידיקן פאַרשידענע אַנדערע ערטער, אָבער דאָס איז נישט געטון געוואָרן. אַנשטאָט אָנצוגיין מיט אַ שלאַכט האָט גענעראַל פּאַטשעקאָ פאַרלאָזט דעם לאַגער, איז אַוועק אין זיין גוט פון טאַלאַר און פון דאָרט צוגעשיקט אַ נייע דימיסיע ראָסאַסן.

די לאַגע איז געוואָרן געפערלעך פאַרן דיקטאַטאָר. ער האָט פאַררופן אַ דרינגענדע באַראַטונג פון די העכערע מיליטער־שעפן אין דער נאַכט פון 2טן פעברואַר, און ער האָט פאַרן קריגס־ראַט דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו פאַרטיידיקן די רעכטן און אינטערעסן פון דער קאָנפעדעראַציע ביז לעצט, אָבער אויב די מיליטער־שעפן פאַרשטייען אַז ער דאַרף פאַר־האַנדלען מיט בראַזיל און אורקיסאַ אַנשטאָט קעמפן, בלייבט אים נישט קיין אַנדערע ברירה ווי זיך אונטערוואַרפן און אין דעם פאַל שטעלט ער נישט אין פראַגע זיין פערזאָן און זיין ראַנג. די שעפן האָבן דאַרויף גע־ענטפערט אַז זיי בלייבן אים לאָיאַל און וועלן קעמפן ביז לעצט.

עס האָט זיך אויך געמאַכט אַז אַן אָפּטיילונג פון אורקיסאַס מיליטער, אַ גרופּע פון אַרום 500 מאַן, וואָס האָבן געהערט צו אוריבעס אַרמיי, און וועלכע האָבן איצט זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן אוניטאַ־ריער שעף, קאָראָנעל אַקינאַ, האָט זיך געבונטעוועט. זיי האָבן דערהרגעט דעם דערמאָנטן שעף און אויך אַנדערע אָפיצירן, און אונטער דער אָנפי־רונג פון די ראָסיסטישע אָפיצירן גוואַרדיאַ און אַגילאַר זיינען זיי אַנט־לאָפן דורך זייטיקע וועגן, זיינען געקומען אינם פאָרט „פעדעראַסיאָן" (היינט כונין) און פון דאָרט זיך געלאָזט אַף די פערד גאַלאָפּ ביז סאַנטאָס לוגאַרעס, מיט דער דערקלערונג אַז זיי ווילן דינען דעם דערהאַבענעם גובערנאַטאָר. יענע גאַוטשאָס האָבן שטאַרק דערמוטיקט דעם דיקטאַטאָר.

די באַראַטונג מיט די מיליטער־שעפן האָט באַוויזן ראָסאַסן אַז ער האָט נאָך געטרייע שעפן און ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן צו האַלטן זיך אין דעפענסיווע בּאַ דער איצטיקער פּאָזיציע און פאַרטיידיקן די צוטריטן צו בוענאָס איירעס ביז לעצט.

## דער זיג איבער ראָסאַס

דעם 3טן פעברואַר 1852 האָט די גרויסע אַרמיי פון די פאַרבינדע־טע, אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל אורקיסאַ, דערגרייכט מאָנטע קאַסעראָס. דאָ האָט זיך געפונען דער לאַגער פון ראָסאַסעס אַרמיי. ביז אַהער האָט די באַפרייונגס־אַרמיי געהאַט פאַר זיך כמעט אַ פולשטענ־דיקן פרייעם וועג, און דאָ האָט באַדאַרפט פאָרקומען די גרויסע אַנטשיי־דונגס־שלאַכט.

דער געשיכטע־שרייבער דר. אַ סאַלדיאַס שילדערט יענע היסטאָרי־שע שלאַכט ווי פאָלגט:

„אַכט אַזייגער אין דער פרי האָט די אַרמיי פון די פאַרבינדעטע זיך געפונען אַף אַ בערגל, קעגניבער יענעם לאַגער וואו עס האָט זיך געפונען דאָס מיליטער פון בוענאָס איירעס. די אַליאירטע אַרמיי האָט זיך צעטיילט אין פאָלגענדער פאָרם:

„לינקס: פיר באַטאַליאָנען אָריענטאַלער אינפאַנטעריע, און אַ סקוואַ־דראָן אַרטילעריע, אָנגעפירט פון קאָראָנעל סעסאַר דיאַז.

„אין צענטער: צוויי באַטאַליאָנען פון די קאַפּיטולירטע בּאַ מאָנטעווי־דעאָ, און פאַרשטאַרקטע אין ענטרע ריאָס און סאַנטאַ פע, אַ סקוואַדראָן אַרטילעריע, און די בראַזיליענער אימפּעריאַלער דיוויזיע צוזאַמענגע־שטעלט פון זעקס באַטאַליאָנען אינפאַנטעריע און אַ רעגימענט אַרטילע־ריע, אָנגעפירט פונעם בריגאַדיר מאַנועל מאַרקעז די סאָוזאַ.

„רעכטס: פינף באַטאַליאָנען ענטרע ריאָסער און קאָריענטעסער אינ־פאַנטעריע, אָנגעפירט פון קאָראָנעל גאַלאַן; אַרטילעריע באַטעריעס צווי־שן דער אינפאַנטעריע, אָנגעפירט פון די קאָראָנעלן מיטרע און גאָנסאַלעז פּאָנטעס; אויסערדעם פיר גרויסע דיוויזיעס קאָריענטעסער, ענטרע ריאָ־סער און בראַזיליענער קאַוואַלעריע, אָנגעפירט פון גענעראַלן לאַ מאַ־דריד און מעדינאַ, און די קאָראָנעלן גאַלאַרסאַ און אַוואַלאָס.

„אינעם רעטאַגוואַרד פון עקסטרעמען לינקס די קאַוואַלעריע דיווי־זיעס פון גענעראַל כואַן פּאַבלאָ לאָפּעז און קאָראָנעל אורדינאַראַין”.

די שלאַכט האָט געדויערט פיר שעה און זיך געענדיקט מיט אַ זיג פון אורקיסאַ. די ראָסיסטישע אינפאַנטעריע, אָנגעפירט פון קאָראָנעל בעראָנימאָ קאָסטאַ, די דיוויזיע פון פּאַלערמאָ, אָנגעפירט פון קאָראָנעל הערנאַנדעז, און די אינפאַנטעריע אָנגעפירט פון קאָראָנעל מאַריאַנאָ מאַ־סאַ איז באַלד צעקלאַפּט געוואָרן. ראָסאַס האָט זיך דאַן צוריקגעצויגן און צונויפגענומען יענע מחנה פון פינף הונדערט גאַוטשאָס וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון אורקיסאַ, און זיך געוואָרפן אין קאַמף, אָבער פון די פינף הונדערט זיינען געבליבן באַלד קוים זעכציק, און דער רעשט איז געפאַלן טויט, פאַרוואונדעט אָדער געפאַנגען. די געפאַנגענע זיינען נאָך דער שלאַכט אַלע היגגעריכטעט געוואָרן און זייערע קעפּ זיינען אויסגעלייגט געוואָרן אין דער לענג פונעם וועג. דאָס איז געווען די נקמה פאַר דער־דערמאָרדונג פון קאָראָנעל אַקינאַ און אַנדערע אָפיצירן פון אורקיסאָס אַרמיי איידער די דאָזיקע מחנה איז אַנטלאָפן צום ראָסיסטישן לאַגער.

# ראָסאַס אַנטלויפֿט קיין ענגלאַנד

אַ לייכט פֿאַרוואונדעטער האָט דער דיקטאַטאָר שנעל פֿאַרלאָזט דאָס שלאַכטפֿעלד בײַ קאַסעראָס, און אין באַגלייטונג פֿון זיין אַסיסטענט לאָ־רענסאָ לאָפּעז זיך געלאָזט אייליק אין גאַלאָפּ קיין בוענאָס איירעס. זיצנ־דיק אין זאָטל האָט ער אינמיטן וועג, געשיצט אונטער אַ בוים, מיט אַ בליישטיפֿט אָנגעשריבן אַף אַ שטיקל פּאַפּיר זיין דימיסיע, געווענדט צו דער לעגיסלאַטור.

„הערן רעפּרעזענטאַנטן: — האָט ער דאָרט געשריבן — איך גלויב צו האָבן דערפֿולט מיין פֿליכט, ווי אַלע אונדזערע הערן רעפּרעזענטאַנטן, אונדזערע מיטבירגער, די אמתע פֿעדעראַלן, און מיינע וואָפֿן חברים. אויב מיר האָבן נישט געטון מער פֿאַר דעם הייליקן אויפֿהאַלטן אונדזער אומאָפּהענגיקייט, אונדזער גאַנצקייט און אונדזער כבוד, איז עס דערפֿאַר ווייל מיר האָבן נישט געקאָנט. דערלויבט מיר, ערנווירדיקע רעפּרעזענ־טאַנטן, באַם אָפּשיד פֿון אייך אויסצודריקן די טיפֿסטע דאַנקבאַרקייט און אייך אומאַרמען צערטלעך, און איך בעט גאָט פֿאַרן רום פֿון אייער ערנ־ווירדיקייט, פֿאַר אייך אַלע און פֿאַר יעדן פֿון אייך. פֿאַרוואונדעט אין דער רעכטער האַנט, און אַפֿן פֿעלד, אַנטשולדיקט וואָס איך שרייב מיט אַ בליי־שטיפֿט און אין אַ שלעכטער שריפֿט. זאָל גאָט באַשיצן אייער האָנאָראַב־ליטעט".

געקומען קיין בוענאָס איירעס איז ראָסאַס, פֿאַרשטעלט אַלס גאַוטשאָ, אַרום פֿינף אַזייגער פֿאַרנאַכט.

די גאַסן זיינען געווען פּוסט, ווייל די באַפֿעלקערונג האָט זיך פֿאַר־שפּאַרט יעדער אין זיין הויז, זיך שטעלנדיק אַף דער וואַך אין פֿאַל פֿון רויבערייען מצד דער זיגערישער אַרמיי. גאַנץ ווייניק מענטשן האָבן דאַ־ריבער געזען ווי דער דערשלאָגענער גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּי־טאַן פֿון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, דער מאַן וואָס איז געווען מעכטיקער דיקטאַטאָר און טיראַנישער הערשער, רייט שטיל איבער די גאַסן. ער האָט צוגעריטן ביז אַ הויז אין דער גאַס סאַנטאַ ראָסאַ (היינט באָליוואַר), וואו עס האָט זיך געפֿונען די וואוינונג פֿון ענגלישן געשעפֿטסטרעגער, ראָבערטאָ גאָר, און דאָרט געבעטן שוץ.

אַרום עלף אַזייגער בײַנאַכט האָט אַ גרופּע פּערזאָנען זיך אַרויסגע־שלייכט פֿון יענעם הויז. דאָס זיינען געווען כּוֹאַן מאַנועל ראָסאַס, זיין טאָכטער מאַנועליטאַ, דער ענגלישער געזאַנדטער גאָר און זעקס באַ־וואפֿנטע ענגלישע מאַטראָזן. זיי זיינען צוגעגאַנגען אין דער טונקלקייט ביזן ברעג. דאָרט האָט געוואַרט שוין אַ פּאָר שעה אַ רודער־שיפֿל. ראָ־סאַס מיט זיין טאָכטער האָט זיך אויפֿגעזעצט דאָרט און געבראַכט גע־

וואָרן צו דער ענגלישער קריגסשיף „סענטאַור", און דער אַדמיראַל הענ־דערסאָן און די מאַנשאַפֿט האָבן אויפֿגענומען די צוויי פּליטים און אָפּ־געגעבן מיליטערישן כבוד דעם געוועזענעם „רעסטאַוראַדאָר דע לאַס לעזשעס".

ראָסאַס איז מיט דער ענגלישער קריגסשיף „לאַ לאַקוסט" געבראַכט געוואָרן קיין ענגלאַנד. בײַ זײַן קומען דעם 26טן אַפּריל קיין פּלימוט זײַנען אָפּגעפֿײַערט געוואָרן פֿון די ברעג־באַטעריעס מערערע קאַנאָנען־שאָס אין באַערונג פֿונעם גאַסט. אין ענגלאַנד האָט ראָסאַס זיך אײַנגעאָרדנט אַ פֿאַרם און זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפֿט. זײַן טאָכטער מאַנועליטאַ איז געווען אַ קורצע צײַט מיט אים, אָבער דערנאָך האָט זי חתונה געהאַט און געוווינט אין לאָנדאָן, ווײַט פֿונעם פֿאָטער, נאָר פֿון צײַט צו צײַט פֿלעג זי קומען אים באַזוכן, מיטברענגענדיק אירע קינדער צום זיידע אַף דער פֿאַרם.

געשטאָרבן איז ראָסאַס אין עלטער פֿון 84 יאָר, מיטוואָך דעם 14טן מערץ 1877 נאָך אַ קורצער קראַנקייט.

צוויי טעג נאָכן טויט פֿון ראָסאַס, דעם 16טן מערץ 1877, האָט די לאָנ־דאָנער „טײַמס" געשריבן: „ווען דער גענעראַל אורקיסאַ האָט געפֿעלט אַז ס'זאָלן אומגעקערט ווערן ראָסאַסן זײַנע גיטער האָט ער זיי פֿאַרקויפֿט און געמאַכט דערפֿון אַ גרויס פֿאַרמעגן (דורכגעפֿירט דורך זײַנע פֿרײַנט). ער האָט דערנאָך אָפּגעקויפֿט דרײַ מײַל פֿון סוטהאַמפּטאָן אַ גרויס ירושה גוט אין סוואַטלינג, און האָט עס פֿאַרוואַלטעט מיט אַזאַ דערפּאָטיזם ווי אַמאָליקע צײַטן די רעפּובליק אַרגענטינע. סוואַטלינג איז געווען זײַן אינדזל עלבאַ, און אַזוי ווי ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו מאַכן אַ נײַעם פּרואוו צו ווערן ווידעראַמאָל אַ „רעסטאַוראַדאָר" האָט ער נישט באַקומען קיין סאַנטאַ עלענאַ אָדער דערשיסונג. ער האָט גוט באַצאָלט זײַנע אַרבעטער, אָבער זיי האָבן זיך געפֿונען אונטער זייער אַ שטרענגער דיסציפּלין. די אַרבעט איז געווען רעגלאַמענטירט שעה נאָך שעה, און דער אַרבעטער האָט נישט געטאָרט רעדן מיט עמיצן אין צײַט פֿון דער אַרבעט, חוץ אַן ענטפֿער אַף דער פֿראַגע פֿונעם גענעראַל קאַפּי־טאַן. זײַן טאָכטער, די אײדלע מאַנועלאַ, וועלכע האָט אַמאָל ווי אַ פּרינ־צעסן פֿון קעניגלעכן בלוט אויפֿגענומען די אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן, האָט חתונה געהאַט מיט איר לאַנדסמאַן טעררעראָ (אַ זון פֿון ראָסאַסעס עקס שותּף), וועלכער איז צוריק מיט אַ פּאָר טעג אָפּגעפֿאָרן מיט דער שיף מיניאַ פֿון ליסאַבאָן קיין בוענאָס איירעס אויפֿצומאָנען דעם רעשט פֿונעם שווערס פֿאַרמעגנס. די טאָכטער פֿונעם דיקטאַטאָר, די מוטער פֿון אַ מוסטערהאַפֿטער פֿאַמיליע, וואוינט אין לאָנדאָן און גיט זיך אָפּ מיט אירע צוויי קינדער, פֿון זיי איינער פֿון 21 יאָר וואָס שטודירט אין דער

מינען הויכשול. ווען זי איז געוואָר געוואָרן אַז דער פאָטער איז קראַנק, איז מאַנועליטאַ ראָסאַס באַלד געלאָפן פון לאָנדאָן קיין סוטהאַמפּטאָן און אים געטראָפן שוין אַ שטאַרבנדיקן, דורך אַ שאַרפער לונגען אַנטצינדונג, טראָץ די באַמיאונגען פון זיין מעדיקער, דר. ווייבלין, אים צו ראַטעווען. דער באַריממטער דיקטאַטאָר, מיט וועמענס נאָמען ס'איז געווען פול אַמע־ריקע, דער דיקטאַטאָר פון אַ קליינער רעפּובליק וואָס האָט געשאַפן זאָרגן אין אייראָפּע, איז דעם 14טן אין אָוגוסט, 7 אַזייגער, געשטאָרבן, פאַר־העלטניסמעסיק אָרעם, אין זיין הויז אין סוואַטלינג; און דער טעלעגראַף וואָס וואָלט צוריק מיט 25 יאָר איבערגעגעבן וועגן אַ מינדסטער פּאַרקי־לונג פונעם דיקטאַטאָר, האָט זיך נישט גענומען די מי צו מעלדן וועגן זיין טויט".

איין זאַך מוז מען מודה זיין וועגן ראָסאַס: נאָך דעם ווי ער האָט פאַר־לאָזט אַרגענטינע איז ער מערערע מאָל געבעטן געוואָרן פון זיינע אָנ־הענגער צוריקצוקומען און אונטערנעמען אַן אַקציע צוריקצובאַקומען די מאַכט. ס' זיינען צו דעם צוועק צוגעגרייט געוואָרן דורך די ראָסיסטן קעמפערישע גרופּעס, און עס האָבן נאָך אַלץ געפונען זיך דאָ און דאָרט קאָודיזשאָס אין די פאַרשידענע פּראָווינצן וואָס וואָלטן געהאָלפן ראָ־סאַסן קומען צו דער מאַכט, אָבער דער עקס דיקטאַטאָר האָט נישט גע־וואָלט אונטערנעמען קיין שום אַקציע קעגן דער נייער אָרדנונג אין זיין פאָטערלאַנד. ער האָט זיך באַמיט איינצואָרדנען און איינלעבן זיך אין דער גלות־היים, און דאָס איז אים אויך גוט געלונגען. אַסך יאָר איז ער געווען אַן אינטימער פריינט פון לאָרד פּאַלמערסטאָן און געפירט מיט אים אַן אָפטע קאָרעספּאָנדענץ, און זיין בעסטער יום־טוב איז געווען ווען ער האָט אַף זיין גוט אין סוטהאַמפּטאָן געגנט געהאַט צו באַזוך זיין טאָכטער מיט אירע קינדער.

# אורקיסא מאכט ארדנונג

מיטן זיג פון אורקיסא בא קאסעראס, וואס האט געבראכט צום אנטלויפן פון ראסאס, איז באזיגט געווארן די טיראני אף שטענדיק. אורקיסא איז אריין קיין בוענאס איירעס און דא אויפגענומען געווארן פון די מיטגלידער פון דער לעגיסלאטור, דאס הייסט פון דיזעלבע פערזאנען וואס האבן ביז נעכטן, אין דער צייט פון ראסאס, חדשים לאנג דערקלערט דעמזעלבן אורקיסא אלס משוגענעם און פאררעטער. ס׳איז געבליבן גיך זיכערט בוענאס איירעס און, דאס גאנצע לאנד קעגן דער האנט פון דער מאסארקא און די „דעגאזשאדארעס”, און דאס פאלק האט ענדלעך נאך זיבעצן יאר טיראני פריי אויפגעאטעמט.

דעם 4טן פעברואר, אפן צווייטן טאג נאך קאסעראס האבן מאסארקא מחנות נאך געפרואווט אנגיין מיט זייערע איבערפאלן אין שטאט, נישט ווייסנדיק, ווי עס שיינט, אז זייער שעה איז לעצטע נאכט אנטלאפן. אן אפטיילונג פון דער באפרייונגס־ארמיי מיט דער הילף פון די שכנים האט אבער באלד א סוף געמאכט דערצו.

גענעראל אורקיסא האט זיך איינגעארדנט אינעם שלאס פון ראסאס אין פאלערמא, און ער האט באלד איינגעשטעלט ארדנונג אין בוענאס איירעס. ער האט באלד באוויזן אז זיין ציל איז געווען נישט צו פארכאפן די מאכט, נאר צו שטירצן די טיראניי. ער האט דאריבער נישט גענומען פאר זיך דעם אמט פון גובערנאטאר פון פראווינץ בוענאס איירעס, נאר באשטימט אף דעם פאסטן דעם פרעזידענט פון יוסטיץ טריבונאל ד״ר. ויסענטע לאפעז, ביז עס וועלן דורכגעפירט ווערן וואלן. דער פראוויזארישער גובערנאטאר האט געבילדעט באלד א רעגירונג אין וועלכער ער האט אריינגעצויגן פארשטייער פוןביידע פארטייען (אוניטאריער און פעדעראלן): דעם דר. וואלענטין אלסינא, דר. כאסע בענכאמין גאראסטיאגא, לואיס כאסע דע לא פעניא און קאראנעל מאנועל עסקאלאדא.

גענעראַל אורקיסאָ האָט זיך געהאַלטן נייטראַל אין געבליבענעם פּאַרטיי־קאַמף צווישן די אוניטאַריער און די פעדעראַלן און האָט דער־לויבט ווייטער טראָגן דעם ראָסיסטישן אָפּצייכן, דאָס רויטע בענדל.

גאָר אין גיכן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין פּראָווינץ בוענאָס איי־רעס וואַלן צו אַ נייער לעגיסלאַטור אָדער ווי זי איז גערופן געוואָרן רע־פּרעזענטאַנטן־קאַמער. דעם 1טן מאַי 1852 איז דערעפנט געוואָרן דער זיצונגס־פּעריאָד פון דער נייער לעגיסלאַטור, און דעם 13טן פון זעלבן חודש איז דערוויילט געוואָרן ווינסענטע לאָפּעז אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער גובערנאַטאָר. אין דערזעלבער צייט איז דורך אורקיסאָ פאַררופן געוואָרן אין פּאַלערמאָ אַ באַראַטונג פון די גובערנאַטאָרס פון די פּראָווינצן בוע־נאָס איירעס, סאַנטאַ פע, קאָריענטעס און ענטרע ריאָס, אַף צו באַשטימען איינעם וואָס זאָל אָנפירן די אויסערן פּאָליטיק. נאָך אַ קורצן מיינונגס־טויש איז באַשלאָסן געוואָרן (דעם 6טן אַפּריל) אַז אורקיסאָ זאָל בלייבן באַם דאָזיקן הויכן פּאָסטן, ביז ס'וועט זיך צוזאַמענקומען אַ נאַציאָנאַ־לער קאָנגרעס. צוויי טעג שפּעטער האָט דער אויסערן מיניסטער פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, פּעניאַ, צעשיקט אַ צירקולאַר צו די גובער־נאַטאָרס פון אַלע פּראָווינצן צו קומען סוף מאַי אין סאַן ניקאָלאַס דע לאָס אַראָזשאָס צו האָבן אַ מיינונגס־טויש וועגן נאַציאָנאַלער אָרגאַניזירונג. צו גלייכער צייט איז רעקאָמענדירט געוואָרן די פראַגע אַרויפצוברענגען אין די פּראָווינציעלע לעגיסלאַטורן, און מיטברענגען דערנאָך פולמאַכטן וועגן דעם.

## רייבונגען און בוענאָס איירעס

די פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט, ווי געזאָגט, דורכגעפירט וואַלן צו אַ לעגיסלאַטור און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן לויגאַל אַ גובערנאַטאָר. דער דאָזיקער גובערנאַטאָר, דר. ווינסענטע לאָפּעז, איז צוזאַמען מיט די גובערנאַטאָרס פון אַלע אַנדערע פּראָווינצן איינגעלאַדן געוואָרן צום צו־זאַמענפאָר אין סאַן ניקאָלאַס.

אין דער רעגירונג און אין דער לעגיסלאַטור פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס זיינען געווען פאַרטרעטן ביידע פּאַרטייען, די אוניטאַריער און די פעדעראַלן, און זיי וואָלטן איצט נאָכן פאַלן פון דער דיקטאַטור גע־דאַרפט געפינען אַ וועג פאַר צוזאַמענאַרבעט פאַר דער באַפעסטיקונג און אויפבוי פונעם לאַנד. ס'איז אָבער נישט געווען אַזוי. ס'זיינען פאָרגע־קומען שאַרפע רייבונגען און דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז די מיניס־טאָרן דר. וואַלענטין אַלסינאַ און קאָראָנעל עסקאַלאַדאַ זאָלן דימיטירן. אַף זייער אָרט זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעגירונג כואַן מ.

גומיערעז און קאַראָנעל קאַסטראָ קאַסערעס. אין דער לעגיסלאַטור זיינען פאָרגעקומען ענלעכע אינצידענטן, און ס'איז געקומען דערצו אַז דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס איז געקומען צום צוזאַמענפאָר אין סאַן ניקאָלאַס אָן אַ צוזאַמענרייד מיט דער לעגיסלאַטור.

## דער צוזאַמענפאָר אין סאַן ניקאָלאַס

דער צוזאַמענפאָר פון די גובערנאַטאָרס אין סאַן ניקאָלאַס איז דער־עפנט געוואָרן דעם 31טן מאַי 1852, באַ דער אַנוועזנהייט פון עלף גו־בערנאַטאָרס, און די באַשלוסן וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן זיינען געווען פאָלגענדע:

פאַררופן אַן אַלגעמיינעם קאָנסטיטוציע קאָנגרעס, באַם אָנטייל פון צוויי דעפּוטאַטן פון יעדער פּראָווינץ; דער קאָנגרעס זאָל אָננעמען אַ קאָנסטיטוציע פון פעדעראַלער רעגירונגס־פאָרם; גענעראַל אורקיסאַ זאָל באַקומען דעם טיטל פון פּראָוויזאָרישן דירעקטאָר פון דער ארגענטינער קאָנפעדעראַציע, מיט דער אויטאָריטעט פון שעף איבער אַלע מיליטערי־שע כוחות; נאָכן סאַנקציאָנירן די קאָנסטיטוציע זאָל דערוויילט ווערן אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

פון די דאָזיקע באַשלוסן איז געווען קלאָר אַז די מערהייט פון די גו־בערנאַטאָרס זיינען געווען פעדעראַליסטן.

דער אָפּמאַך פון סאַן ניקאָלאַס איז אונטערצייכנט געוואָרן פון אַלע בייוועזנדע גובערנאַטאָרס און אויך פונעם בוענאָס איירעסער, אָבער ווען וויסענטע לאָפּעז האָט זיך אומגעקערט, האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים אַ שטאַרקער קאַמף מצד די אוניטאַריער און דער לעגיסלאַטור.

די פעדעראַלן האָבן גוטגעהייסן די האַנדלונג פונעם גובערנאַטאָר און געהאַלטן אַז דער אָפּמאַך פון סאַן ניקאָלאַס איז די בעסטע לייזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער איינינקייט, אָבער די אוניטאַריער האָבן באַהויפּטעט אַז די פעדעראַלן גרייטן זיך צו פאַרכאַפּן די מאַכט, און אַז אורקיסאַ, דער באַפרייער, וויל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ דעראָבערער.

אין דער לעגיסלאַטור פון בוענאָס איירעס האָט מען שטאַרק באַ־קעמפט דעם אָפּמאַך, און באַ דער זיצונג פון 12טן יוני האָט די לעגיס־לאַטור אָנגענומען אַ טאַדל־אויסדרוק דעם גובערנאַטאָר, דערפאַר וואָס ער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ און אונטערצייכנט אַזאַ וויכטיקן אָפּמאַך אָן דער צושטימונג פון דער געזעצגעבערישער קאַמער.

דער גובערנאַטאָר האָט אַריינגעשיקט אַ מענסאַכע אין וועלכער ער האָט געפּרוווט פאַרטיידיקן זיין האַנדלונג. ער האָט געשיקט דעם ביל־דונגס־מיניסטער, דר. וויסענטע פידעל לאָפּעז (דער זון פונעם גובערנאַ־

טאָר) צו פאַרטיידיקן און אויפקלערן דעם אַפּמאַך. דעם 21טן יוני איז ד׳ערעפנט געוואָרן די דעבאַטע וועגן דעם ענין, און באַרטאָלאָמע מיטרע, וועלעז סאַרספיעלד, גאַמבאַאַ, עסטעוועז סאַגוי, פּאַרטעלאַ און אָרטיז וועלען האָבן שאַרף אַטאַקירט דעם אַנטידעמאָקראַטישן גייסט און דיקטאַטאָרישע טענדענץ פונעם אַפּמאַך. די בוענאָס איירעסער אוניטאַריער האָבן געהאַלטן ערשטנס, אַז די פאַרטרעטונג באַם קאָנסטיטוציע־קאָנגרעס דאַרף זיין פּראָפּאָרציאָנעל, אַזוי אַז עס קומט דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס אַ גרעסערע צאָל דעפּוטאַטן; צווייטנס האָט בוענאָס איירעס געהאַלטן אַז עס האָט נישט געטאָרט באַשטימט ווערן אורקיסאַ אַלס דירעקטאָר. און אַרמיי שעף, נאָר דאָס וואָלט באַדאַרפט באַקומען אַן אוניטאַרישער בוענאָס איירעסער שעף. דער בילדונגס־מיניסטער (און שפּעטערדיקער געשיכטע־שרייבער) דר. וויסענטע פידעל לאָפּעז, האָט גלענצנדיק פאַרטיידיקט די האַנדלונג פון זיין פאָטער דעם גובערנאַטאָר וויסענטע לאָפּעז, און די דעבאַטע אַרום דעם אַפּמאַך איז געווען איינע פון די שענסטע מאָמענטן פון דעם אַרגענטינער פּאַרלאַמענט. געזיגט האָט די אָפּאָזיציע, און דער גובערנאַטאָר האָט צוגעשטעלט (23טן יוני 1852) זיין דימיסיע.

די דימיסיע פון וויסענטע לאָפּעז איז באַלד אָנגענומען געוואָרן און אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר, פּראָוויזאָריש, דער גענעראַל מאַנועל ג. פּינטאָ, פּרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור.

## אורקיסאַ פאַרטיידיקט דעם אַפּמאַך

דער גענעראַל אורקיסאַ האָט זיך געפילט שטאַרק באַטראָפן פון דער האַנדלונג פון דער בוענאָס איירעסער לעגיסלאַטור און ער האָט באַשלאָסן צו אינטערווענירן די פּראָווינץ, און איבערנעמען די רעגירונג. אין אַ נאָטע צו גענעראַל פּינטאָ האָט אורקיסאַ געשריבן:

„די ערשטע פליכט מיינע איז צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד פון דער דעמאַגאָגיע, נאָך דעם ווי ס׳איז באַפרייט געוואָרן פון דער טיראַניי. צו דעם צוועק האָב איך באַשלאָסן אַלס ערשט מיטל איבערצונעמען די רעגירונג פון דער פּראָווינץ און אויפלייזן די רעפּרעזענטאַנטן־קאַמער. ס׳וועלן אָנגענומען ווערן מיטלען אַז די דעפּוטאַטן זאָלן זיך נישט קאָנען מער צוזאַמענקומען אין זיצונגס־זאַל”.

אורקיסאַ האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם גענעראַל פּינטאָ אַז זיינע פאַראָרדנונגען, אַלס פּראָוויזאָרישער גובערנאַטאָר און אַלס פּרעזידענט פון דער לעגיסלאַטור וועלן מער פון קיינעם נישט אויסגעפאָלגט ווערן, וואָס מיינט אַז ער, פּינטאָ, ווערט דערקלערט אַלס אַראָפּגעזעצט.

צו גלייכער צייט האָט אורקיסאַ צוגעשיקט אַ נאָטע דעם פּאָליציי־שעף מיגעל אַזקוענאַגאַ צו אַרעסטירן די אינדיווידן דר. דאַלמאַסיאָ וועלעז סאַרספיעלד, באַרטאָלאָמע מיטרע, דר. אירענעאָ פּאָרטעלאַ, דר. פּעדראָ אָרטיז וועלעז און מאַנועל דעל טאַראָ אי פּאַרעכאַ, און זיי תיכף פאַרשיקן אַף דער קריגסשיף „מערסעד", געבנדיק זיי די פרייהייט אויסצוקלייבן דעם פלאַץ וואוהין זיי ווילן פאָרן.

די לעגיסלאַטור איז דורכן דעקרעט פון 25טן יוני באַלד באַזעצט געוואָרן מיליטעריש און ס'זיינען געמאַכט געוואָרן די דערמאָנטע אַרעסטן, און דר. וויסענטע לאָפּעז האָט ווידער פאַרנומען דעם גובערנאַטאָר־אַמט. ער האָט באַדאַרפט צוגרייטן וואַלן פון אַ נייער לעגיסלאַטור, און די לעצטע האָט באַדאַרפט אויסקלייבן אַ גובערנאַטאָר. וויסענטע לאָפּעז האָט אָבער געהאַלטן דעם מאָמענט פאַר צו געפערלעך, און ער האָט צום הודש ווידעראַמאָל דימיטירט.

אורקיסאַ האָט אָנגענומען די דימיסיע פונעם גובערנאַטאָר און איבערגענומען פערזענלעך די רעגירונג פון דער פּראָווינץ. ער האָט געשאַפן אַ שטאַטס־ראַט פון קאָנסולטיוון כאַראַקטער, אין וועלכן ער האָט אַריינגעצויגן באַקאַנטע ראָסיסטישע פערזענלעכקייטן. עס האָט זיך באַנייט מיט אויפלעבונג דאָס טראָגן דעם רויטן אָפּצייכן מצד די פעדעראַלן, און דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט געבראַכט צו אַן אויפברויז און פּראָטעסט בײַ די אוניטאַריער.

## נייער אויפשטאַנד אין בוענאָס איירעס

אין אָנקלאַנג מיטן באַשלוס פון סאַן ניקאָלאַס איז אין אַלע פּראַווינצן געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען צו דער באַטייליקונג אינעם נאַציאָנאַלן קאָנסטיטוציע קאָנגרעס וואָס איז פאַררופן געוועזן קיין סאַנטאַ פּע.

דעם 8טן אויגוסט 1852 האָט אורקיסאַ געלאָזט דורכפירן אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס וואַלן, אויסצוקלייבן צוויי דעפּוטאַטן צום קאָנגרעס אין סאַנטאַ פּע. באַטייליקט האָבן זיך זייער ווייניק בירגער אין די דאָזיקע וואַלן, און ס'זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַטן דר. סאַלוואַדאָר מ. דעל קאַריל און דר. עדוואַרדאָ לאַהיטע. דעם 3טן סעפּטעמבער האָט אורקיסאַ דימיטירט פונעם גובערנאַטאָר־פּאָסטן, ווייל ער האָט געוואָלט אָפּפאָרן קיין סאַנטאַ פּע בייצווויין דעם קאָנגרעס, און אָפן אַנדערן טאָג האָט ער איבערגעגעבן די מאַכט דעם גענעראַל כאָסע מיגעל גאַלאַן. פאַר זיין אָפּפאָרן פון בוענאָס איירעס האָט אורקיסאַ נאָך אונטערצייכנט אַ דעקרעט, אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט, אַז „אַלע אַרגענטינער וואָס זיינען איבער פּאָליטישע מאָטיוון אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד, אָדער

זיינען אַנטלאָפן, קאָנען זיך אומקערן אומבאַזאָרגט אַהיים און בלייבן צו־ריק באַ זייערע פולע בירגער־רעכטן".

ווי עס זעט אויס האָט אורקיסאַ געוואָלט אויפריכטיק קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אוניטאַריער. ס'איז אָבער געווען שווין צו שפּעט. באַלד נאָך דעם ווי אורקיסאַ האָט פאַרלאָזט בוענאָס איירעס האָט אויס־געבראָכן אַן אויפשטאַנד. אָנגעפירט פון גענעראַל פיראַן און פון גענעראַל כואַן מאַדאַריאַגאַ האָט אין דער נאַכט פון 10טן סעפּטעמבער אַ גרויסע מיליטער־אָפּטיילונג, קאַריענטעסער און פאַרטעניער סאָלדאַטן, אָקופּירט די פּלאַסאַ (מאַזשאַ). דער צייטווייליקער גובערנאַטאָר גענעראַל גאַלאַן האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, נאָר האָט צוזאַמען מיטן רעשט מיליטער פון בוענאָס איירעס זיך צוריקגעצויגן ביז סאַן ניקאָלאַס.

די אויפשטענדלער האָבן געבילדעט אין בוענאָס איירעס אַ נייע רע־גירונג, אין וועלכער דער אָנפירער פון דער באַוועגונג, וואַלענטין אַלסינאַ, איז געוואָרן אינערן און אויסערן מיניסטער, דר. פראַנסיסקאָ דע לאַ קאַ־רעראַס פינאַנץ און גענעראַל פיראַן קריגס־מיניסטער. ס'איז אויך צוריק־געשטעלט געוואָרן די אויפגעלייזטע רעפּרעזענטאַנטן־קאַמער, וואָס אור־קיסאַ האָט געהאַט צעטריבן דעם 23טן יוני און גענעראַל פינטאַ איז ווי־דעראַמאָל געבליבן גובערנאַטאָר. די באַנייטע לעגיסלאַטור האָט באַ דער זיצונג פון 21טן סעפּטעמבער אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „די פּראָווינץ בוענאָס איירעס אנערקענט נישט, און וועט נישט אנערקענען קיין שום באַשלוס פון די דעפּוטאַטן באַם קאָנגרעס פון סאַנטאַ פע, און וועט נישט אָנערקענען דעם קאָנגרעס אַלס נאַציאָנאַלע אויטאָריטעט". דעם 22טן סעפּטעמבער, דאָס הייסט אַפן אַנדערן טאָג נאָך יענער רעבעלישער רע־זאָלוציע קעגן קאָנגרעס אין סאַנטאַ פע, האָט די לעגיסלאַטור אָנגענומען אַ באַשלוס בנוגע די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, פאַרזיכערנדיק פולע גאַראַנטיעס די אויסלענדישע בירגער, שיפן און אינטערעסן, אין אָנ־קלאַנג מיטן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט.

פינף וואָכן שפּעטער, דעם 30טן אָקטאָבער, האָט די לעגיסלאַטור אויסגעקליבן וואַלענטין אַלסינאַ אַלס גובערנאַטאָר, און ער האָט צוזאַמענ־געשטעלט אַ מיניסטעריום, אין וועלכן ס'זיינען אריין קאָראָנעל באַר־טאָלאָמע מיטרע אַלס אינערן און אויסערן מיניסטער, כואַן באַוטיסטאַ פּעניאַ פינאַנצן, און גענעראַל כאָסע מ. פּלאַרעס קריגס־מיניסטער.

גענעראַל אורקיסאַ האָט זיך געפונען אין סאַנטאַ פע, און ווען ער איז געוואָר געוואָרן וועגן די געשעענישן אין בוענאָס איירעס, האָט ער באַ־שלאָסן אונטערצונעמען אַן אַקציע, אַף צוריקצושטעלן די אָרדנונג דאָרט. ער איז אָפּגעפאָרן פון סאַנטאַ פע און געקומען ביז אַראָזשאָ דעל מעדיאָ, און דאָרט געענדערט זיין באַשלוס. ער האָט געוואָלט ליבערש דורכפירן

ווי געהעריק דעם נאַציאָנאַל קאָנגרעס און לאָזן די געשעענישן אין בוע־
נאָס איירעס זיך אויסוויקלען אָן זיין אינטערווענץ, און האָט דעריבער זיך
אומגעקערט קיין סאַנטאַ פע.

דעם 20טן נאָוועמבער 1852 האָט זיך געעפנט דער היסטאָרישער קאָנ־
גרעס אין סאַנטאַ פע, וועלכער האָט גיהאַט פאַר זיך די הויפּט־אויפגאַבע
צו'שאַפן אַ קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד, אַ קאָנסטיטוציע וואָס זאָל אייניקן
און באַפעסטיקן די רעפובליק, אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס אין
סאַנטאַ פע האָבן זיך געפונען דעפוטאַטן פון אַלע פּראָווינצן, זיינען פאַר־
געקומען די דערמאָנטע געשעענישן אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, דראָענ־
דיק מיט אָן אָפּרייסן זיך, און אין דערזעלבער צייט האָבן די גענעראַלן
האָרנאָס און מאַדאַריאַגאַ, מיט אַן אַרמיי פון קאָריענטעס געפּרואווט אינ־
וואַדירן ענטרע ריאָס. די אינוואַזיע אין ענטרע ריאָס איז באַלד דורכגע־
פאַלן. דאַקעגן אָבער אין בוענאָס איירעס האָט דער קאַמף זיך פאַרצויגן.
דער קאָמאַנדאַנט פון די מיליצן פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, קאָראָנעל
הילאַריאָ לאַגאָס, האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד, האָט צונויפגעזאַמלט
אַן אַרמיי און אָנגעהויבן באַלאַגערן בוענאָס איירעס דעם 1טן דעצעמבער
1852. דער גובערנאַטאָר, דר. אַלסינאַ, האָט דימיטירט, מיינענדיק אַז
דערמיט וועט קאָראָנעל לאַגאָס זיין צופרידנגעשטעלט און וועט אויפגעבן
די באַלאַגערונג. דאָס איז אָבער נישט געווען אַזוי. אָפן אָרט פון אַלסינאַ
האָט פאַרנומען דעם גובערנאַטאָר־פּאָסטן גענעראַל פּינטאָ, און די באַ־
לאַגערונג האָט אָנגעהאַלטן.

דער קאָנגרעס אין סאַנטאַ פע האָט באַהאַנדלט דעם קאָנפליקט און
באַשלאָסן צו שיקן דעם גענעראַל אורקיסאַ, אַז ער זאָל זיך באַמיען צו
פאַרהאַנדלען מיט די מלוכה־מענער פון בוענאָס איירעס, און זען צו באַ־
קומען די מיטבאַטייליקונג פון יענער פּראָווינץ אין נאַציאָנאַלן קאָנ־
גרעס. אורקיסאַ האָט באַשטימט דריי פאַרמיטלער, צו פאַרהאַנדלען מיט
דער רעגירונג פון דער באַלאַגערטער שטאָט, און ס'איז אויך דערגרייכט
געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן די פאַרמיטלער און די פאָרשטייער פון בוע־
נאָס איירעס. אַזויווי אָבער אייניקע פּונקטן פון יענעם אָפּמאַך זיינען גע־
ווען נישט צופרידנשטעלנדע פאַר אורקיסאַן, האָט ער זיך געשטעלט אין
דער שפּיץ פון דער אַרמיי פון לאַגאָס און אונטערגענומען אַליין אָנפירן
די באַלאַגערונג. די קריגסשיפן האָבן אויך באַקומען אַ פאַראָרדנונג צו
בלאָקירן די פאָרטן פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

# אָנגענומען די קאָנסטיטוציע

דער קאָנגרעס האָט דערווייל פאַרגעזעצט די דעבאַטן אַרום דער קאָנסטיטוציע. די קאָמיסיע וואָס האָט אָפּ זיך געהאַט די מיסיע אויסצואַרבעטן דעם קאָנסטיטוציע פּראָיעקט, האָט פאַר זיך געהאַט אַלס באַזע דעם קאָנסטיטוציע פּראָיעקט פון 1826 און דאָס גרויסע ווערק פון כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי אונטערן טיטל „באַזעס און אויסגאַנגספּונקט פאַר דער פּאָליטישער רעאָרגאַניזאַציע פון דער רעפּובליק אַרגענטינע".

אין אַ בריוו וואָס סאַרמיענטאָ האָט געשריבן צו אַלבערדי, דאַטירט

## כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי
(1814 - 1886)

דער גרויסער אַרגענטינער אַדוואָקאַט און פּובליציסט אַלבערדי איז געבוירן אין טוקומאַן אין 1814, האָט דורכגעמאַכט זיין ערשט שטודיום אין בוענאָס איירעס און געענדיקט אַף אַדוואָקאַט אין מאָנדעווידעאָ 1840. אַלבערדי האָט זיך אויסגעצייכנט סיי אַלס יוריסקאָנסולט און סיי אַלס פּובליציסט און זיין נאָמען איז געווען באַרימט אין גאַנץ אַמעריקע. די ערשטע וויכטיקע ארבעט זיינע איז געווען „פּרעלימינאַרעס אַל עסטודיאָ דעל דערעטשאָ" און זיין וויכטיקסט ווערק איז געווען דאָס באַרימטע ווערק „באַזעס פּאַראַ לאַ אָרגאַניסאַסיאָן פּאָליטיקאַ דע לאַ קאָנפעדעראַסיאָן ארכענטינאַ", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1852 און געדינט אין אַ גרויסער מאָס אַלס באַזע פאַר דער קאָנסטיטוציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1853 נאָכן פאַלן פון דער דיקטאַטור פון ראָסאַס. אַלבערדי האָט געמוזט אַנטלויפן פון אַרגענטינע דורך דער דיקטאַטור און ער האָט אין אויסלאַנד, און הויפּטזעכלעך אין טשילע, אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמף קעגן ראָסאַס. אַלבערדי איז געווען רעדאַקטאָר פון מערערע פּאָליטישע און ליטעראַרישע אויסגאַבעס. אין 1855 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס דיפּלאָמאַטישער פאַרשטייער אין איירעפּע. ער האָט אויך אין די טריבונאַלן פון פראַנקרייך און ענגלאַנד אַקטואירט מיט גרויס דערפאָלג. אָנטערן פּסעוודאָנים „פיגאַרי־



Juan Bautista Alberdi

ליאָ" האָט ער אָנגעשריבן אַ וואונדערבאַרע דראַמאַטישע כראָניק איבער דער מאַי־רעוואָלוציע פון 1810. אַלבערדי איז געשטאָרבן 1886 און זיין אָנדענק איז באַ אונדז אין לאַנד פאַרייביקט דורך גאַסן און אַ שטעטל וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם גרויסן יוריסט.

אין יונגאַי (טשילע) דעם 16טן סעפּטעמבער 1852 האָט זיך וועגן בוך באַזעס געזאָגט: „מיין ליבער אַלבערדי! אייער קאָנסטיטוציע איז אַ מאָנומענט. איר זענט דער געזעצגעבער פון גוטן געפיל, אונטער וויסנשאַפטלעכע פאָרמען. אייער קאָנסטיטוציע איז אונזער פאָן, אונזער סימבאָל. אַזוי נעמט זי אויף היינט די אַרגענטינער רעפּובליק. איך גלויב אַז אייער בוך „באַזעס" וועט אויסאיבן אַ גוטן עפעקט. אייער בוך וועט זיין דער אַרגענטינער דעקאַלאָג: די פאָן פון אַלע גוטע מענטשן".

דאָס דאָזיקע גרויסע ווערק פון אַלבערדי איז אויך געווען, ווי סאַרמיענטאָ האָט עס פאָרויסגעזאָגט, אַ וויכטיקער פונדאַמענט פאַר דער קאָנסטיטוציע.

די מערהייט פון די דעפּוטאַטן וואָס זיינען בייגעווען דעם קאָנסטיטואַנטע קאָנגרעס זיינען געווען געבילדעטע מענער, קענער פון די לאָקאַלע אינטערעסן און די אַלגעמיינע נויטן פון לאַנד. ס'זיינען דאָ געווען יוריסטן, שריפטשטעלער, קירכן-פאָרשטייער, אַלטע ריכטערס און מלוכה-מענער, קאָמערציאַנטן און אינדוסטריאַלן. זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו בויען אַ נאַציאָנאַלע אייניקייט און שאַפן אַ פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט, און זיי האָבן אין אַכט גענומען די קעגנוואַרט און געהאַט אויך אין זינען די צוקונפט. דערפאַר טאַקע איז אַרויסגעקומען אַזאַ קאָנסטיטוציע וואָס קאָן דינען אַלס מוסטער, מיט רעכטן און פרייהייטן פאַרן גאַנצן פאָלק, מיט גלייכבאַרעכטיקונג און באַוועגונגס-פרייהייט פאַרן אויסלענדער. שוין דאָס אַריינפיר-וואָרט (פּרעאַמבולאָ) ווייזט די גרויסקייט פון די מענער וואָס האָבן געשאַפן די קאָנסטיטוציע פון 1853. עס זאָגט זיך דאָרט:

„מיר, די פאָלקס-רעפּרעזענטאַנטן פון דער אַרגענטינער נאַציע, פאַרזאַמלטע אין אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס דורכן ווילן און דערוויילונג פון די פּראָווינצן וואָס בילדן זי, דערפולנדיק פריער פאַראַנגענע אָפּמאַכן, מיטן ציל צו בילדן די נאַציאָנאַלע אייניקייט, באַקרעפטיקן די יוסטיץ, באַפעסטיקן דעם אינערלעכן שלום, באַזאָרגן די געמיינזאַמע פאַרטיידיקונג און זיכערן דעם נוצן פון דער פרייהייט, פאַר אונז, פאַר אונזער צוקונפט און פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט וואָס ווילן וואוינען אַף אַרגענטינער ערד, אָנרופנדיק דעם שוץ פון גאָט, די קוואַל פון יעדן רעכט און גערעכטיקייט: פאַראָרדנען, דעקרעטירן און שטעלן פעסט די דאָזיקע קאָנסטיטוציע פאַר דער אַרגענטינער נאַציע".

אין דאָזיקן פאָרוואָרט צו דער קאָנסטיטוציע און אינעם אַרטיקל 35 ווערט דעפיניטיוו באַשטימט דער נאָמען פון לאַנד. פון די „פאַראייניקטע פּראָווינצן פון זיד", אָדער „פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַ-

טאַ" און פון די פאַרשידענע אַנדערע נעמען מיט וועלכע דאָס לאַנד איז באַצייכנט געוואָרן אין לויף פון יאָרהונדערטער, איז דורכן קאָנגרעס פון סאַנטאַ פּע געגעבן געוואָרן דעם לאַנד דער דעפיניטיווער נאָמען רעפּו־בליק אַרגענטינע.

עס קומט איצט דער ערשטער אַרטיקל וואָס שטעלט פעסט די רעגירונגס פאָרם:

**אַרטיקל 1. — די אַרגענטינישע מלוכה נעמט אָן פאַר איר רע־גירונג די פעדעראַל־רעפּובליקאַנישע רעפּרעזענטאַטיווע פאָרם, ווי דאָס שטעלט פעסט די פאָרליגנדיקע קאָנסטיטוציע.**

אין אַרטיקל 2 זאָגט זיך אַז די פעדעראַלע רעגירונג שטיצט דעם רוימיש־קאַטוילישן קולט.

אין אַרטיקל 3 רעדט זיך וועגן הויפּט־זיץ פון דער פעדעראַלער רע־גירונג. אַזויווי בוענאָס איירעס איז געשטאַנען אין קאָנפליקט מיטן קאָנ־סטיטואַנטע קאָנגרעס איז די פראַגע דעמאָלט געלאָזט געוואָרן אָפן, פאַר דער באַשטימונג פונעם פּאַרלאַמענט, נאָך אַ צושטימונג פון דער פּראָ־ווינץ, אַף וועמענס טעריטאָריע יענע שטאָט געפינט זיך. בײַ אַ געמיינ־זאַמער זיצונג פוןביידע קאָנגרעס־קאַמערן דעם 21טן סעפּטעמבער 1880, איז דורכן געזעץ נומער 1.029 באַשטימט געוואָרן אַז בוענאָס איירעס ווערט דערקלערט אַלס הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק. דאָס איז געווען בײַם רעגירונגס־פּעריאָד פון ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ.

אינעם אַרטיקל 4 פון דער קאָנסטיטוציע רעדט זיך וועגן די מלוכה־הכנסות, דערנאָך קומען אַרטיקלען וואָס רעדן וועגן דער אינערלעכער מלוכה־אָרדנונג:

**אַרט. 5. — יעדע פּראָווינץ וועט דיקטירן פאַר זיך אַ קאָנסטי־טוציע אונטערן רעפּרעזענטאַטיוון רעפּובליקאַנישן סיסטעם, אין די פּרינציפּן, דעקלאַראַציעס און גאַראַנטיעס פון דער מלוכהשער קאָנסטיטוציע, וואָס זאָל פאַרזיכערן איר יוסטיץ־דינסט, איר מוני־ציפּאַלן רעזשים און די עלעמענטאַרע בילדונג. אונטער אָט די באַ־דינגונגען גאַראַנטירט די פעדעראַלע רעגירונג יעדער פּראָווינץ די באַנוצונג און אָנווענדונג פון אירע אינסטיטוציעס.**

**אַרט. 6. — די פעדעראַלע רעגירונג מישט זיך אַריין אין דער טעריטאָריע פון די פּראָווינצן אַף צו גאַראַנטירן די רעפּובליקאַני־שע רעגירונגס פאָרם אָדער אַף אָפּצושלאָגן אינוואַזיעס פון דרויסן און אַף דער פאָדערונג פון איר קאָנסטיטואַירטער מאַכט זי צו שטיצן אָדער צוריקצושטעלן אין פאַל זי ווערט אַראָפּגעזעצט דורך אַן אויפ־שטאַנד אָדער דורך אַן אינוואַזיע פון אַן אַנדערער פּראָווינץ.**

אַרט. 7. — די עפנטלעכע אַקטן און יורידישע פּראָצעדורן פון אַ פּראָווינץ געניסן דעם פולן צוטרוי אין אַלע איבעריקע; און דער פּאַרלאַמענט קען מיט אַלגעמיינע געזעצן באַשטימען די באַשטעטי־קונגס־פאָרם פון די אַקטן און פּראָצעדורן, און זייער לעגאַלע ווירק־זאַמקייט.

אַרט. 8. — די בירגער פון יעדער פּראָווינץ געניסן אַלע רעכטן, פּריווילעגיעס און אומבאַרירלעכקייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם טיטל בירגער אין אַלע איבעריקע. דאָס ארויסגעבן פאַרברע־כער איז פון קעגנזייטיקער פליכט צווישן אַלע פּראָווינצן.

אַרט. 9. — איבער דעם גאַנצן שטח פון דער מלוכה וועט ניט זיין קיין אַנדערע צאָל־אַמטן אויסער די נאַציאָנאַלע, וואו עס וועלן רעגירן די טאַריפן וואָס דער קאָנגרעס וועט באַשטימען.

אַרט. 10. — אינעם אינערן פון דער רעפּובליק איז פריי פון אָפּצאָל דער אומזאַץ פון זאַכן וואָס וואַקסן אָדער ווערן פאַבריצירט אין לאַנד, ווי אויך פון אַלערליי שטאָפן און סחורות וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דרויסנדיקע צאָלאַמטן.

אַרט. 11. — די אַרטיקלען פון אינלענדישער אָדער אויסלענ־דישער פּראָדוקציע אָדער פאַבריקאַציע, ווי אויך יעדער מין פי וואָס גייט דורך די טעריטאָריע פון איין פּראָווינץ אין דער צווייטער, וועלן זיין פריי פון דעם אַזוי־גערופענעם טראַנזיט־אָפּצאָל, און עס וועלן דערפון אויך פריי זיין די וועגענער, שיפן אָדער לאַסט־בהמות, וואָס וועלן זיי פירן; און קיין שום אַנדער אָפּצאָל וועט פון איצט אָן נישט טאָרן אַף זיי אַרויפגעלייגט ווערן ווי מען זאָל אים ניט אָנ־רופן, פאַר דורכגיין די טעריטאָריע.

אַרט. 12. — די שיפן וואָס זיינען באַשטימט פון איין פּראָווינץ פאַר דער צווייטער, וועלן ניט זיין געצוואונגען אַריינצוקומען, פאַר־אַנקערן און אָפּצאָלן פאַרן רעכט פון דורכפאָרן; און עס טאָר נישט געגעבן ווערן וועלכער פאָרצוג איין האַפן בנוגע אַ צווייטן מיט דער הילף פון האַנדלס־רעגלאַמענטן אָדער געזעצן.

אַרט. 13. — עס וועלן קענען אויפגענומען ווערן נייע פּראָווינ־צן אין דער מלוכה; עס וועט אָבער נישט טאָרן אויפגעשטעלט ווערן אַ פּראָווינץ אַף דער טעריטאָריע פון אַן אַנדערער אָדער אַנדערע; און אויך וועט נישט טאָרן געבילדעט ווערן פון עטלעכע איינע, אָן דער צושטימונג פון דער לעגיסלאַטור פון די פאַרינטערעסירטע פּראָווינצן און פונעם נאַציאָנאַלן פאַרלאַמענט.

עס קומען איצט קאַפּיטלען פון די רעכטן פון די איינוואוינער אין לאַנד:

אַרט. 14. — אַלע איינוואוינער פון לאַנד געניסן פון פאָלגנדע רעכטן, אין אָנקלאַנג מיט די געזעצן וואָס וועלן ריכטן זייער אָנווענדונג: דאָס זיינען: אַרבעטן און פּראַקטיצירן יעדע דערלויבטע מלאכה; רייזן אפן וואַסער און האַנדלען; זיך ווענדן מיט פּעטיציעס צו דער מאַכט; אַריינקומען, בלייבן, דורכפאָרן און אַרויספאָרן פון דער אַרגענטינישער טעריטאָריע; פאַרעפנטלעכן זייערע אידייען דורך דער פּרעסע אָן אַ פאָרויסיקער צענזור; זיך באַנוצן מיט זייער אייגנטום און דאָס אויסנוצן; זיך פאַראייניקן צוליב נוצלעכע צוועקן; דינען פריי זייער קולט; אונטעריכטן און זיך לערנען.

אַרט. 15. — אין דער אַרגענטינער מלוכה איז נישטאָ קיין שקלאַפן. דאָס ביסל וואָס איז פאַראַן בלייבט פריי נאָכן שווערן די דאָזיקע קאָנסטיטוציע, און אַ באַזונדערער געזעץ וועט רעגלען די אַנטשעדיקונג וואָס די דערקלערונג וועט פאַרורזאַכן. יעדער מין קאָנטראַקט צו קויפן און פאַרקויפן מענטשן איז אַ פאַרברעכן פאַר וועלכן עס וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך די וואָס שליסן אים און דער נאָטאַריוס אָדער באַאַמטער וואָס וועלן אים אויטאָריזירן. און די שקלאַפן וואָס וועלן אַף וועלכן עס איז אופן אַריינגעפירט ווערן, בלייבן פריי מיט דעם בלויזן פאַקט פון באַטרעטן די טעריטאָריע פון דער רעפּובליק.

אַרט. 16. — די אַרגענטינער מלוכה אָנערקענט נישט קיין פאָרצוגלעכע רעכט פון יחוסדיקן בלוט אָדער געבורט: נישטאָ אין איר קיין פּערזענלעכע פּריווילעגיעס און קיין אַדל־טיטלען. אַלע אירע באַוואוינער זיינען גלייך פאַרן געזעץ און ווערן אָנגענומען אַף אַמטן אָן אַ שום אַנדערן באַדינג אַחוץ זייער פעיקייט. די גלייכהייט איז די באַזע פונעם שטייער און פון די מלוכה־לאַסטן.

אַרט. 17. — דאָס אייגנטום איז אומבאַרירבאַר און קיין שום איינוואוינער פון דער מלוכה קען נית באַרויבט ווערן דערפון סיידן לויט אַ געזעצלעך באַגרינדעטן אורטייל. די עקספּראָפּריאַציע צוליב אַלגעמיינעם נוצן דאַרפן זיין קוואַליפיצירט פון אַ געזעץ און פריער אַנטשעדיקט. בלויז דער פאַרלאַמענט לייגט אַרויף די שטייערן וועגן וועלכע עס רעדט זיך אינעם אַרטיקל 4. קיין שום פּערזענלעכער דינסט קאָן נית געפאָדערט ווערן ווי נאָר לויטן געזעץ אָדער לויט אַ געזעצלעך באַגרינדעטן אורטייל. יעדער פאַרפאַסער אָדער דערפינדער איז דער אויסשליסלעכער אייגנטימער פון זיין ווערק, דערפינדונג אָדער אַנטדעקונג אַף דער צייט וואָס דאָס געזעץ וועט אים באַווייליקן. די קאָנפיסקאַציע פון גיטער בלייבט אַף אייביק אויסגעמעקט פונעם אַרגענטינישן שטראָף־קאָדעקס. קיין שום באַוואָפנ־

טע קערפּערשאַפט טאָר נישט מאַכן קיין רעקוויזיציעס און נישט פאָדערן קיין הילף פון וועלכן עס איז מין.

אַרט. 18. — קיין שום איינוואוינער פון דער מלוכה טאָר ניט באַשטראָפט ווערן אָן אַ פּאָרויסיקן אורטייל באַגרינדעט אַף געזעצן פון פאַר דעם פּראָצעסירטן טאַט און אויך ניט געמשפּעט ווערן פון ספּעציעלע קאָמיסיעס אָדער אַרויסגענומען פון די ריכטער, באַשטימטע דורכן געזעץ איידער דער פּראָצעסירטער טאַט איז באַגאַנגען געוואָרן. קיינער טאָר ניט ווערן געצוואונגען צו זאָגן עדות קעגן זיך אַליין; אויך נישט אַרעסטירט ווערן, ווי נאָר אַף אַ געשריבענעם באַפעל פון דער קאָמפּעטענטער מאַכט. עס איז אומבאַווירלעך די פאַרטיידיקונג פון דער פּערזאָן און פון די רעכטן אין געריכט. די וואוינונג איז אומבאַווירלעך, ווי אויך די בריוולעכע קאָרעספּאָנדענץ און די פּריוואַטע פּאַפּירן; און אַ געזעץ וועט באַשטימען אין וועלכע פאַלן און מיט וועלכער באַרעכטיקונג מען וועט קענען די וואוינונג באַפאַלן און באַזעצן. עס בלייבן אַף שטענדיק אָפּגעשאַפט דער טויט־שטראָף פאַר פּאָליטישע אורזאַכן, יעדער מין פּייניקונג און שמיץ. די תּפיסות פון דער מלוכה וועלן זיין געזונטע און ריינע, צוליב דער זיכערקייט און ניט צוליב דער שטראָף פון די פאַרברעכער וואָס ווערן אין זיי געהאַלטן; און יעדער מאָסמיטל, וואָס וועט מיט דעם אויסרייד פון פאָרזיכטיקייט, פירן זיי צו פּייניקן מער ווי דאָס פאָדערט, וועט פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן דעם ריכטער וואָס וועט דאָס מיטל אויטאָריזירן.

אַרט. 19. — די פּריוואַטע האַנדלונגען פון די מענטשן, וואָס באַליידיקן ניט די עפנטלעכע אָרדענונג און מאָראַל און שעדיקן אויך ניט אַ דריטן, געהערן זיך אָן בלויז צו גאָט און געפינען זיך אויסער דעם רשות פון די ריכטער. קיין שום באַוואוינער פון דער אַרגענטינישער מלוכה וועט ניט זיין געצוואונגען צו טון דאָס וואָס דאָס געזעץ באַפעלט ניט, און אויך ניט באַרויבט ווערן דערפון וואָס דאָס געזעץ פאַרווערט נישט.

אַרט. 20. — די אויסלענדער געניסן אַף דער טעריטאָריע פון דער מלוכה אַלע ציווילע בירגער־רעכטן: זיי קענען פּראַקטיצירן זייער מלאכה, האַנדל און פּראָפעסיע; באַזיצן אומבאַוועגלעכע גיטער, זיי קויפן און פאַרקויפן; פאָרן אַף שיפן איבער די טייכן און ים־ברעגעס; פריי פּראַקטיצירן זייער קולט; שרייבן צוואות און חתונה האָבן אין הסכם מיט די געזעצן. זיי זיינען ניט געצוואונגען אָנצונעמען די בירגערשאַפט און נישט צאָלן אויסערגעוויינלעכע צוואַנג־שטייערן. זיי באַקומען בירגערשאַפט נאָך צוויי יאָר כסדר־

דיקן וואוינען אין לאַנד; אָבער די מאַכט קען פאַרקירצן דעם טער־
מין לטובת דעם וואָס בעט דאָס, אָנגעבנדיק און באַשטעטיקנדיק
זיינע דינסטן דער רעפובליק.

נישט בלויז רעכטן נאָר אויך פליכטן האָט דער בירגער. ס׳איז דער
הויב פון יעדן בירגער צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, און זיך אונטערוואַרפן
דער דיסציפלין, ווי עס פאָדערן פאָלגענדע אַרטיקלען:

אַרט. 21. — יעדער אַרגענטינער בירגער איז פאַרפליכטעט
זיך צו באַוואָפענען צום שוץ פונעם פאָטערלאַנד און פון דער דאָזי־
קער קאָנסטיטוציע, אין אנקלאַנג מיט די געזעצן, וואָס דער פאַר־
לאַמענט וועט צו דעם צוועק אַרויסגעבן און מיט די דעקרעטן פון
דער נאַציאָנאַלער אויספירנדיקער מאַכט. די נאַטוראַליזירטע ביר־
גער זיינען פריי צו לייסטן דעם דינסט אָדער נישט, אין לויף פון
צען יאָר, גערעכנט פון דער צייט ווען זיי האָבן באַקומען זייער ביר־
גער־בריוו.

אַרט. 22. — דאָס פאָלק באַשליסט נישט און רעגירט נישט ווי נאָר
דורך זיינע פאַרטרעטער און דורך דער מאַכט, וואָס ווערן געשאַפן
פון דער־דאָזיקער קאָנסטיטוציע. יעדע באַוואָפנטע קערפערשאַפט
אָדער גרופע פערזאָנען וואָס נעמט זיך דאָס רעכט פונעם פאָלק און
פאָדערט אין זיין נאָמען, באַגייט אַ פאַרברעכן פון אויפשטאַנד.

אַרט. 23. — אין פאַל פון אַ אינערלעכער דערשיטערונג אָדער
אַ דרויסנדיקן אָנגריף וואָס וועלן שטעלן אין געפאַר די אויסאיבונג
פון דער־דאָזיקער קאָנסטיטוציע און פון דער מאַכט וואָס זי האָט גע־
שאַפן, וועט דערקלערט ווערן אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד די פראָ־
ווינץ אָדער טעריטאָריע וואו עס איז פאָראַן די שטערונג פון דער
אָרדענונג און עס ווערן דאָרט אָפּגעשטעלט די קאָנסטיטוציאָנעלע
גאַראַנטיעס. אָבער אין צייט פון אָט דער אָפּגעשטעלטקייט, וועט
דער מלוכה־פּרעזידענט נישט קענען אַליין פאַרמישפּטן און נישט
אָנווענדן קיין שטראָף. זיין מאַכט וועט זיך באַגרעניצן אין אַזאַ פאַל
בנוגע די מענטשן, זיי צו אַרעסטירן אָדער איבערפירן פון איין
פונקט אָפן צווייטן אין לאַנד, אויב זיי וועלן נישט געפינען פאַר
גלייכער אַרויסצופאָרן פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע.

דער קאָנסטיטוציאָנטע קאָנגרעס האָט אויך געזאָרגט אַז ס׳זאָל אַריינ־
קומען אַן אימיגראַציע און אויסלענדישע קאַפּיטאַלן פאַר דער אַנטוויק־
לונג פונעם לאַנד, ווי דאָס באַווייזן פאָלגענדע אַרטיקלען:

אַרט. 25. — די פעדעראַלע רעגירונג וועט אָנרעגן די אייראָ־
פעאישע איינוואַנדערונג און וועט נישט קענען באַשרענקען, באַגרע־
ניצן אָדער באַלאַסטן מיט שטייער דאָס אַריינקומען

אין דער אַרגענטינער טעריטאָריע פון די אויסלענדער וואָס קומען מיט דעם ציל צו באַאַרבעטן די ערד, אויסבעסערן די אינדוסטריעס, איינפירן און לערנען וויסנשאַפטן און מלאכה.

אַרט. 26. — די נאַוויגאַציע איבער די אינעווייניקסטע טייכן פונעם לאַנד איז פריי פאַר אַלע פעלקער, זיי דאַרפן זיך בלויז אונטערוואַרפן די רעגלען וואָס די מלוכה־מאַכט וועט אַרויסגעבן.

אַרט. 27. — די פעדעראַלע רעגירונג איז מחויב צו באַפעסטיקן אירע פרידנס און האַנדלס באַציאונגען מיט די אויסלענדישע מלוכות, מיט דער הילף פון אָפּמאַכן, וואָס זאָלן זיין אין הסכם מיט די פרינציפן פון עפנטלעכע רעכט, וועלכע זיינען אין דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע פעסטגעשטעלט.

אַף אויסצומיידן מיסברויכן מיט דער רעגירונגס־מאַכט זיינען אָנגענומען געוואָרן פאָלגענדע אַרטיקלען:

אַרט. 28. — די פרינציפן, גאַראַנטיעס און רעכטן אָנערקענטע אין די פריריקע אַרטיקלען, וועלן ניט קענען געענדערט ווערן פון די געזעצן וואָס רעגלאַמענטירן זייער אָנווענדונג.

אַרט. 29. — דער פּאַרלאַמענט קען ניט שענקען דער נאַציאָנאַלער אויספיר־מאַכט, נישט די פראָווינץ־לעגיסלאַטורן און גובערנאַטאָרן, אויסערגעוויינלעכע רעכטן, נישט די גאַנצע מאַכט און נישט באַוויליקן זיי אונטערטעניקייט און איבערמאַכט, דורך וועלכן דאָס לעבן, די ערע און דאָס פאַרמעגן פון די אַרגענטינער זאָל זיין אויסגעשטעלט אַף דעם גנאָד פון וועלכער עס איז רעגירונג אָדער פערזאָן. אַזעלכע האַנדלונגען ברענגען מיט זיך אומהיילבאַרע נישטיקייט און וועלן אונטערוואַרפן די וואָס וועלן דאָס אַרויסברענגען, צושטימען אָדער אונטערשרייבן, דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און דער שטראָף פון די שענדלעכע פאַררעטער פונעם פאָטערלאַנד.

אַרט. 30. — די קאָנסטיטוציע קען רעפאָרמירט ווערן אינגאַנצן אָדער אין וועלכן עס איז טייל אירן. די נייטיקייט פון דער רעפאָרם דאַרף דערקלערט ווערן פונעם פאַרלאַמענט מיט דער שטים פון ווייניקסטנס צוויי דריטל פון זיינע מיטגלידער; זי וועט אָבער ניט דורכגעפירט ווערן סיידן דורך אַ ספעציעל דערצו פאַרופענער קאָנווענץ.

אַרט. 31. — די דאָזיקע קאָנסטיטוציע, די מלוכה־געזעצן, וואָס דער פאַרלאַמענט וועט אַלס קאָנסעקווענץ פון איר דיקטירן, און די אָפּמאַכן מיט די אויסלענדישע מלוכות, זיינען דאָס העכסטע געזעץ פונעם לאַנד; און די רעגירונגס מאַכט פון יעדער פראָווינץ איז פאַר־

פליכטעט צו זיי צוצושטימען, נישט געקוקט אַף קיין שום באַשטימונג קענען זיי, וואָס קען זיך געפינען אין די פּראָווינציעלע געזעצן אָדער קאָנסטיטוציעס, מיטן אויסנאַם פאַר דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, די אָפּמאַכן ראַטיפיצירטע נאָכן פּאַקט פון 11טן נאָוועמבער 1859.

אַרט. 32. — דער פעדעראַלער פּאַרלאַמענט וועט ניט אַרויסגעבן קיין געזעצן וואָס זאָלן באַשרענקען די פרייהייט פון געדרוקטן וואָרט אָדער שטעלן איבער אים די פעדעראַלע יוריסדיקציע.

אַרט. 33. — די דעקלאַראַציעס, רעכטן און גאַראַנטיעס וואָס די קאָנסטיטוציע רעכנט אויס, וועלן ניט פאַרשטאַנען ווערן אַלס באַרויבונג פון אַנדערע רעכטן און גאַראַנטיעס, וואָס זיינען נישט אויסגערעכנט, נאָר דרינגען אַרויס פונעם פּרינציפּ פונעם פאָלקס סוּאווערעניטעט און פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונגס־פאָרם.

אַרט. 34. — די ריכטער אין די פעדעראַלע געריכטן וועלן נישט קענען זיין אין דער זעלבער צייט ריכטער אין די פּראָווינץ־טריבונאַלן. אויך גיט נישט דער פעדעראַלער דינסט, ציווילער ווי מיליטערישער, אין דער פּראָווינץ וואו ער ווערט פּראַקטיצירט, קיין וואוינאָרט אַ באַאַמטן, אויב דאָס איז נישט זיין שטענדיקע וואוינונג. און דאָס ווערט פאַרשטאַנען פאַר דעם פאַל פון אָננעמען אַמטן אין דער פּראָווינץ וואו מען געפינט זיך צופעליק.

אינעם אַרטיקל 35 ווערט באַשטימט דער נאָמען פון לאַנד: אַנשטאַט אַלע פריריקע נעמען זאָל באַם אָננעמען וועלכן נאַציאָנאַלן געזעץ באַנוצט ווערן דער אויסדרוק פון „אַרגענטינער נאַציע”. מיטן דאָזיקן אַרטיקל ענדיקט זיך דער ערשטער טייל פון דער קאָנסטיטוציע.

אין אַנדערן טייל ווערט באַהאַנדלט דער צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג און פונעם קאָנגרעס און די אויפגאַבעס פון דער נאַציאָנאַלער און פּראָווינציעלע רעגירונגען, און פון נאַציאָנאַלן קאָנגרעס און פּראָווינציעלע לעגיסלאַטורן. אינגאַנצן זיינען עס 100 אַרטיקלען, וואָס יענער קאָנגרעס האָט אָנגענומען.

דעם 1טן מאַי 1853 איז באַ אַ פייערלעכן אַקט דידאָזיקע קאָנסטיטוציע אָנגענומען געוואָרן.

באַטייליקט אינעם קאָנגרעס האָבן זיך פאָלגענדע דעפּוטאַטן:

גענעראַל כוסטאַ כאָסע דע אורקיסאַ (פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַציע), כואַן מאַריאַ גוטיערעז און ר. פּערעז, פון ענטרע ריאָס; פאַקונדאָ סואַווירײאַ (פאָרזיצער), פון סאַלטאַ; פּעדראָ סענטענאָ און פּעדראָ פּעררעי, פון קאַטאַמאַרקאַ; סאַנטיאַגאָ דערקי און כ. דעל קאַמפּיזשאָ, פון קאָרדאָבאַ; פּעדראָ דיאַז קאָלאַדראַ און לוסיאַנאַ טאָ־



די באַטייליקטע אין דער קאָנסטיטואַנטע פון 1853 אין סאַנטאַ פע: אויבן אינמיטן גענעראַל אורקיסאַ, לינקס פון אים דער פאָרזיצער פאַקונדאָ סואווירריאַ און נעבן אים פעדראָ סענטענאָ. רעכטס פון אורקיסאָן מאַנועל פאַדיזשאַ און נעבן אים ס. מ. דעל קאַריל.

אין דער צווייטער רייע פון רעכטס צו לינקס; ד. הוערגאַ, כ. ליערענאַ, רופערטאָ גאָדאָי, ס. דערקי, כ. קאָפּיזשאַ און פּ. פערדרעי.

אין דער דריטער רייע פון רעכטס צו לינקס: כ. סעגי, מאַנועל לעיוואַ, פּ. קאַלאַדרערא און אַגוסטין דעלגאַדאָ.

אין דער פערטער רייע פון לינקס צו רעכטס: כ. גוטיערעז, מאַרטין סאַפּאַטאַ. פּ. כ. פערעז, ב. לאַוואַיסאַ און כאָסע ב. גאָראָסטיאַגאַ.

אין דער פינפטער רייע פון לינקס צו רעכטס: ל. טאָררענט, ס. סאַוואַלינאַ, ר. פערעז און ו. מאַרטינעז.

אונטן לינקס: כ. מ. סואווירריאַ און נעבן אים כ. דע לאַ קינטאַנאַ.

רענט, פון קאָריענטעס; אַגוסטין דעלגאַדאָ און מאַרטין סאַפּאַטאַ, פון מענדאָזאַ; סאַלוסטיאַנאָ סאַוואַליאַ און פ. כאַסע מאַנועל פּערעז, פון טוקומאַן; כאַסע מאַריאַ סואַוויריאַ (סעקרעטאַר); מאַנועל פּאַדיזשאַ און כאַסע דע לאַ קינטאַנאַ, פון כוכוי; סאַלוואַדאָר מאַריאַ דעל קאַררִיל און רופערטאָ גאַדאַי, פון סאַן כואַן; דעלפין ב. הוערגאַ און כואַן ליערענאַ, פון סאַן לואיס; מאַנועל לעיווא און כואַן פראַנסיסקאָ סעגי, פון סאַנטאַ פע; בענכאַמין כ. לאַוואַיססע און כאַסע בענכאַמין גאַראַסטיאַגאַ, פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ; און רעגים מאַרטינעז, פון ריאָכאַ. די פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז נישט געווען פאַרטרעטן.

דער פּראָוויזאָרישער דירעקטאָר (מלוכה-שעף), גענעראַל אורקיסאַ, האָט זיך געפונען אין לאַגער אַרום בוענאָס איירעס, אין געגנט פון סאַן כאָסע דע פלאָרעס, אָנהאַלטנדיק די באַלאַגערונג פון בוענאָס איירעס, ווען ס'איז אין סאַנטאַ פע אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע. זיך געפינענדיק אין לאַגער האָט ער זי דורך אַ דעקרעט דעם 25טן מאַי סאַנקציאָנירט און געפאָדערט צו שווערן דער קאָנסטיטוציע, אָפּדרוקן קאָפּיעס און זיי פאַרשפּרייטן אין גאַנצן לאַנד.

ס'איז אויך באַשטימט געוואָרן אַז דעם 9טן יולי זאָל אין אַלע פּראָווינצן געשוואוירן ווערן אָפּצוהיטן די קאָנסטיטוציע.

## פּראָווינץ בוענאָס איירעס בלייבט אָפּגעזונדערט

די פּראָווינץ בוענאָס איירעס, די גרעסטע און רייכסטע פּראָווינץ אין לאַנד איז געבליבן אין קאָנפליקט מיטן סאַנטאַ פּעער קאָנגרעס. בוענאָס איירעס איז נישט געווען פאַרטרעטן באַם שליסן די נאַציאָנאַלע אייני־קייט, נאָר די לעגיסלאַטור אירע האָט אָנגענומען זעלבסטשטענדיק אַן אייגענע קאָנסטיטוציע (11טן אַפּריל 1854), און די פּראָווינץ איז געבליבן אָפּגעזונדערט אַ צייט פון אַכט יאָר, ביז 1860.

גענעראַל אורקיסאַ איז נאָך געבליבן אַ קורצע צייט ווייטער אין לאַגער אַרום בוענאָס איירעס. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן מערקן אַז די שיפן וואָס האָבן באַדאַרפט אָנהאַלטן די בלאָקאַדע פאַלשעווען און זיי שטעלן צו געהיים פאַר בוענאָס איירעס אַלערליי פּראָדוקטן. דערצו איז צוגעקומען אַ דיסציפלין־ברוך און דעזערטירונג באַם מיליטער פון קאָ־ראַנעל לאַגאָס. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי אַרום אַלס אומנוצלעך די באַלאַגערונג.

דורך דער פאַרמיטלונג פון אייניקע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער איז עס געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער רעגי־

רונג פון בוענאָס איירעס מיט די באַלאַגערער, און דעם 13טן יולי איז די באַלאַגערונג אָראָפּגענומען געוואָרן.

דער קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנגרעס פון סאַנטאַ פע האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע איינצולאַדן די ברוגזע פּראָווינץ זיך אָנצושליסן אין דער קאָנסטיטוציע און צו דער נאַציאָנאַלער איינהייט, אָבער אָן דערפאָלג.

נאָכן טויט פון גענעראַל פּינטאָ האָט די לעגיסלאַטור באַשטימט אַלס פּראָוויזאָרישן גובערנאַטאָר דר. פּאַסטאָר אָבליגאַדאָ און עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן די אַרבעט פון צוגרייטן אַ קאָנסטיטוציע פאַר דער פּראָווינץ. קאָראָנעל באַרטאָלאָמע מיטרע האָט דעמאָלט שטאַרק פּאַרטייִדיקט די סוּאווערעניטעט פון דער פּראָווינץ, אָבער אַלס טייל פון גאַנצן לאַנד: „פאַראַנען — האָט ער געזאָגט — אַ פריער עקזיסטירנדיקע נאַציע; דידאָזיקע נאַציע איז אונזער פאָטערלאַנד, דאָס פאָטערלאַנד פון די אַרגענטינער. דער סאָציאַלער אָפּמאַך פון דערדאָזיקער נאַציע, דאָס רעכט, דאָס געזעץ וואָס דאַרף אונז דינען אַלס נאָרמע, איז דער אומשטערבלעכער אַקט פון אונזער אומאָפּהענגיקייט, אונטערצייכנט אין טוקומאַן דעם 9טן יולי 1816 באַם קאָנגרעס פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן". ער האָט פאָרגעשלאָגן צו רעדאַקטירן דעם 1טן אַרטיקל אין פאָלגענדער פאָרם: „די פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז אַ פעדעראַלער שטאַט פון דעם אַרגענטינער פאָלק מיט דער פרייער באַנוצונג פון זיין סוּאווערעניטעט, חוץ די באַשלוסן וואָס וועלן אָנגענומען ווערן שפּעטער באַ אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס."

די קאָנסטיטוציע פון דער פּראָווינץ איז אָנגענומען געוואָרן דעם 12טן אַפּריל 1854 און זי איז געשוואוירן געוואָרן אין דער גאַנצער פּראָווינץ דעם 22טן מאַי. מיט פיר טעג שפּעטער איז אויסגעקליבן געוואָרן דר. פּאַסטאָר אָבליגאַדאָ אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער גובערנאַטאָר.

## אורקיסאַ פּרעזידענט

נאָך דעם ווי ס'איז געווען סאַנקציאָנירט די קאָנסטיטוציע האָט דער פּראָוויזאָרישער דירעקטאָר, גענעראַל אורקיסאַ, פאַררופן די אָנגעשלאָסענע פּראָווינצן צו וואַלן פון פּרעזידענט און וויצע. די וואַלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן דעם 5טן מערץ 1854 און ס'זיינען אויסגעקליבן געוואָרן גענעראַל אורקיסאַ אַלס פּרעזידענט און דר. סאַלוואַדאָר מאַריאַ דעל קאַרריל אַלס וויצע. די שטאָט פּאַראַנאַ איז באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּטשטאָט פון דער קאָנפעדעראַציע. דער מאַנדאַט פונעם פּרעזידענט איז געווען, אין אָנקלאַנג מיטן אַרטיקל 77 פון דער קאָנסטיטוציע, אויף אַ צייט פון זעקס יאָר.

דער רעגירונגס־פעריאָד פון גענעראַל אורקיסאַ איז געווען רייך אין אַלערליי אינצידענטן און קאָנפליקטן מיטן דער פּראָווינץ בוענאָס איי־רעס. ס'איז דאַריבער נישט מעגלעך געווען קיין סך אויפצוטון פאַרן לאַנד. אורקיסאַ האָט זיך באַמיט מערערע מאָל צו קומען צו אַ פאַר־שטענדיקונג מיט בוענאָס איירעס און פאַראייניקן דאָס לאַנד, אָבער אָן דערפאָלג.

אין דער צייט פון אורקיסאַ האָט דאָס לאַנד אויפגענומען די ערשטע קאָלאָניזאַטאָרישע אימיגראַנטן.

איינס פון די וויכטיקסטע אַקטן פון אורקיסאַ נאָכן אָננעמען די קאָנסטיטוציע איז געווען דאָס שליסן אָפּמאַכן מיט ענגלאַנד, נאָרד־אַמע־ריקע, פראַנקרייך און בראַזיל, דערקלערנדיק פריי די נאַוויגאַציע אי־בער די טייכן אורוגוויי און פּאַראַנאַ, דאַרפנדיק בלויז אָפּהיטן די רעג־לאַמענטן פון אַדואַנאַ און לאַגער. ראַזאַריאָ וואָס איז צו יענער צייט גע־

## גענעראַל כאָסע אורקיסאַ
(1800 - 1870)

דער ערשטער פּריזידענט פון דער פע־דעראַציע פון די אַרגענטינער פּראָווינצן איז געבוירן אין אַראָזשאָ דע לאַ טשי־נאַ, נעבן דער שטאָט קאָנסעפּסיאָן דער אורוגוויי, פּראָווינץ ענטרע ריאָס, דעם 19טן מערץ 1800, אַלס זון פון אַ רייכן גוטבאַזיצער. זיין זיידע, אַ שפּאַניער, איז געווען איינער פון די ערשטע קאָ־לאָניסטן אין ענטרע ריאָס. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַן אָנהענגער פון די אוניטאַריער, נאָר דערנאָך געוואָרן אַ פעדעראַליסט און געשטאַנען אַ שטיק צייט אין דינסט פון ראָסאַס, אָבער צו־לעצט אים באַקעמפט און באַזיגט. אין 1842 איז אורקיסאַ געוואָרן גובערנאַ־טאָר פון דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס, און שטאַרק געשטיצט די אימיגראַציע און די אַרבעט, און אַדאַנק דעם האָט ענטרע ריאָס זיך שנעל באַפעלקערט און אין לויף פון 5 יאָר האָט די צאָל איינוואוינער גע־שטיגן פון 30.000 אויף 50.000 נפשות. אורקיסאַ האָט נאָכן זיג איבער ראָסאַס נישט אַרויסגעוויזן קיין אַמביציע צו הערשן, נאָר אויפריכטיק געשטרעבט אַז דאָס לאַנד זאָל באַקומען אַ קאָנסטיטו־ציאָנעלע אָרדנונג. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דעם 11טן אַפּריל 1870, דורך אַ באַוואָפנטער באַנדע אָנהענגער פון זיין איידעם, דער קאַודיזשאָ גענעראַל לאָפּעז כאָרדאַן. דער טויטער קערפּער איז באַ־ערדיקט געוואָרן אין קאָנסעפּסיאָן.



General Justo José de Urquiza

ווען נישט מער ווי אַ גרויס דאָרף מיט אַרום 8.000 איינוואוינער, אָרעם אין האַנדל און פאַרקער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָרט, און דורך איר גוטער פּאָזיציע איז ראָזאַריאָ אינגיכן אויסגעוואַקסן אַלס טראַנזיט־פּאָרט פאַר סחורות וואָס זיינען געגאַנגען קיין מענדאָזאַ, סאַלטאַ, און אַפילו באָליוויע. בכדי דער ראָזאַריער פּאָרט זאָל ווערן וויכטיק האָט די רעגירונג פון דער קאָנפעדעראַציע באַשטימט פאַר די שיפן וואָס וועלן קומען דירעקט קיין ראָזאַריע, הנחות דורך קליינע אָפּצאָלן אין דער אַדואַנאַ. דאַקעגן די וואָס האָבן זיך פריער אָפּגעשטעלט אין בוענאָס איירעס און געבראַכט אויך פּראָדוקטן פון דאָרט האָבן געהאַט אַ הויכן טאַריף אין די אַדואַנאַ־אָפּצאָלן.

אין אַלגעמיין האָט אורקיסאַ זיך באַמיט עפּעס אויפצוטון פאַרן לאַנד און געשטרעבט אויך אַריינצוציען די ברוגזע פּראָווינץ אין דער קאָנפעדעראַציע.

אַף אויסצומיידן בלוטיקע צוזאַמענשטויסן און אַנדערע שוועריקייטן איז אין דעצעמבער 1854 געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן די רע־גירונגען פון בוענאָס איירעס און פּאַראַנאַ אויפצוהאַלטן אַ געוויסן שלום און אָנהאַלטן פריינטלעכע באַציאונגען.

אורקיסאָס רעגירונג, אָדער ריכטיקער געזאָגט די מלוכה פון דער קאָנפעדעראַציע איז אָבער עקאָנאָמיש שטאַרק געשעדיקט געוואָרן דורך בוענאָס איירעס און דאָס האָט געבראַכט צולעצט צו אַ באַוואָפנטן קאָנ־פליקט.

# די ערשטע אימיגראַציע

די באַפעלקערונג פון אַרגענטינע איז אין דער צייט פון דער קאָלאָ־ניאַלער עפּאָכע און שפּעטער געוואַקסן דורכן אַריינקומען פון די עקס־פּעדיציע גרופּעס, פון דעם נאַטירלעכן צואוואוקס אין לאַנד באַ דער אָר־טיקער באַפעלקערונג, און פון צופעליקער איינוואַנדערונג. קיין מאַסן־אי־מיגראַציע פון אייראָפּע איז נישט געווען. ריוואַדאַוויאַ האָט זיך געהאַט באַמיט אין די ערשטע יאָרן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע, ווען ער איז געווען אין דיפּלאָמאַטישער שליחות אין ענגלאַנד, צו פאַראינטערעסירן אייראָפּעאישע פינאַנציסטן און אינדוסטריאַלן צו אינוועסטירן קאַפּי־טאַלן אין אַרגענטינע, אָבער עס האָט נישט געהערשט קיין צוטרוי, אי־בער די אָפטע רעוואָלוציעס און קאָנטררעוואָלוציעס. דורכן זעלבן מאָ־טיוו האָבן אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס אַרבעטער און אַגרי־קולטאָרן צו פאָרן אַזוי ווייט זוכן אַ נייע היים. שפּעטער איז געקומען די דיקטאַטור פון ראָסאַס, און דאָס האָט נאָך מער אָפּגעהאַלטן די אייראָ־

פּעער פון אַן עמיגראַציע קיין אַרגענטינע. די איטאַליענער און פראַנצויזן וואָס האָבן צופעליק זיך געפונען אין בוענאָס איירעס זיינען אַנטלאָפן אין יענער צייט קיין מאָנטעווידעאָ, נישט וועלנדיק לעבן אונטער דער דיקטאַטור.

ערשט נאָכן זיג איבער ראָסאַס האָט די רעגירונג פון אורקיסאַ אַרויס־געוויזן אינטערעס צו באַפעלקערן געהעריק דאָס לאַנד דורך אַן אימי־גראַציע פון אייראָפּע. צו דעם צוועק איז אַרויסגעפאָרן אַ ספּעציעלער שליח אַראָן קאַסטעזשאַנאָס אַף אַ פּראָפּאַגאַנדע־טור איבער פראַנקרייך און איטאַליע און ער האָט געבראַכט די ערשטע גרופּע אימיגראַנטן, אי־טאַליענער, און דעם 8טן סעפּטעמבער 1856 איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קאָלאָניע אַף סאַנטאַ פּעער ערד, און דידאַזיקע קאָלאָניע איז אָנ־גערופן געוואָרן מיטן נאָמען לאַ עספּעראַנסאַ (די האָפנונג). אינעם אַנ־דערן יאָר, 1857, איז געגרינדעט געוואָרן אַף ענטרע ריאָסער ערד די קאָלאָניע סאַן כאָסע.

די ערשטע אימיגראַנטן זיינען געווען איטאַליענער און שווייצער. דערנאָך זיינען געקומען אויך פראַנצויזן, דייטשן און אַנדערע. אין 1862 האָבן זיך געפונען אין אַרגענטינע שוין 3.000 דייטשע אימיגראַנטן.

אין דערמאָנונג און באַערונג פון יענעם היסטאָרישן דאַטום פון דער גרינדונג פון דער ערשטער קאָלאָניע, האָט די רעגירונג פון גענעראַל פּאַ־רעל באַשטימט דעם טאָג פון 8טן סעפּטעמבער אַלס „טאָג פון דער אַגרי־קולטור" אין וועלכן ס'זאָלן דורכגעפירט ווערן פאַרשידענע אַקטן און פעסטלעכקייטן.

היינט האָט אַרגענטינע גרויסע בליענדיקע קאָלאָניעס אין אַלע פּראָ־ווינצן, און אויב דאָס לאַנד איז אין אַ געוויסער מאָס אַ ברויט־קאַמער פאַר דער וועלט איז עס צו פאַרדאַנקען יענע איטאַליענישע, דייטשע, שפּעטער אויך אידישע און אַנדערע אימיגראַנטן וואָס זיינען געקומען אַהער געפינען אַ נייע היים, און מיט זייער שוויים און פליים געבויט קאָ־לאָניעס און שפּעטער אויך שטעט, און מיטגעהאָלפן צום אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון לאַנד.

ס'זיינען פאַראַנען אין דער גאַנצער רעפּובליק גרויסע קאָלעקטיווי־טעטן פון די פאַרשידנסטע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט און עס דער־שיינען צייטונגען און זשורנאַלן אין דער מוטער־שפּראַך פון דיזעלבע.

## די ערשטע באַן־ליניע

די פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז אָנגעגאַנגען מיט אַ זעלבסטשטענ־דיקער אינערן און אויסערן פּאָליטיק. די מלוכה־קאַסע איז געווען פאַר־מעגלעך ווייל ס'זיינען אַריינגעקומען גרויסע הכנסות פון די אַדואַנאַ־אָפּ־

צאָלן, אזוי אַז די רעגירונג האָט זיך געקאָנט רואיק אָפּגעבן מיטן אויפ־בוי פון דער פּראָווינץ. אין יענער צייט איז געלייגט געוואָרן דער פונ־דאַמענט פאַר דער באַן־קאָמוניקאַציע אין לאַנד, אויסלייגנדיק די ערשטע באַן־ליניע אין בוענאָס איירעס.

די ערשטע באַן־ליניע אין לאַנד איז אויסגעבויט געוואָרן אין בוענאָס איירעס און איז געווען אַ לענג פון צען קילאָמעטער, זיך ציענדיק פון דעמאָלטיקן צענטער ביז פלאָרעסטאַ. די דאָזיקע באַן ליניע איז באַנייט געוואָרן דעם 30טן אויגוסט 1857.

יענע באַן ליניע איז אָנגערופן געוואָרן „קאָמינאָ דע היערראָ דע בוע־נאָס איירעס אַל אָעסטע” (אייזנוועג פון בוענאָס איירעס צו מערב) און זיך געצויגן פון דער סטאַציע „פּאַרקע”, וואָס איז געווען דאָרט וואו עס



דער לאָקאָמאָטיוו פון ערשטן באַן

איז איצטער דער טעאַטער קאָלאָן איבער דער פּלאַסאַ פּאַרקע (היינט לאַ־וואַזשע) ביז דער מערקאַדאָ אָעסטע (איצט פּלאַסאַ אָנסע) און פון דאָרט געגאַנגען ביז זעקס קוואַדרעס צו מערב פון דער איצטיקער פּלאַסאַ פלאָ־רעס. דער לאָקאָמאָטיוו וואָס האָט געמאַכט די ערשטע רייזע האָט גע־האַט דעם נאָמען „לאַ פּאָרטעניאַ”. אַף דער ערשטער רייזע זיינען גע־פאָרן גענעראַל מיטרע, וועלעז סאַרספיעלד, וואַלענטין אַלסינאַ און אַנדע־רע פּערזענלעכקייטן פון יענער צייט.

אין 1857, ווי געזאָגט, זיינען געווען אויסגעלייגט צען קילאָמעטער באַן ליניעס און איצט זיינען פאַראַנען באַן ליניעס וואָס גרייכן צו אַ טאָ־טאַל פון אַרום 50.000 קילאָמעטער, מיט פיר טויזנט לאָקאָמאָטיוון, 4.366 פּאַסאַזשיר און 85.245 לאַסט־וואַגאָנען (אָנהויב 1944), און די באַנען שניידן דורך דאָס לאַנד אין אַלע ריכטונגען, און פאַרבינדן די רעפּובליק דורך אינטערנאַציאָנאַלע ליניעס מיט באָליוויע, טשילע און בראַזיל, און אויך מיטן פּאַנאַמעריקאַנער וועג. די גרעסטע באַן־נעץ געפינט זיך אָבער נאָך אַלץ אין דער גרויסער און רייכער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, וועל־

כע איז געווען די ערשטע צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַרן באַן־פאַרקער אין לאַנד.

## פּאָליטישע רייבונגען און באַוואָפנטער קאָנפליקט מיט בוענאָס איירעס

אין מערץ 1857 זיינען דורכגעפירט געוואָרן וואַלן אין פּראָווינץ בוענאָר איירעס. דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שאַרפער צווישן דער רעגירונגס־פּאַרטיי און דער אָפּאָזיציע. די ערשטע האָט געשטיצט די קאָנדידאַטור פון דר. וואַלענטין אַלסינאַ און האָט אויך געזיגט. די רעגירונגס פּאַרטיי האָט געהאַט אַף איר זייט די שטיצע פון דר. וועלעז סאַרספיעלד, און „לאַ טריבונאַ" וואו די הויפּט־רעדאַקטאָרן זיינען געווען דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ, כואַן קאַרלאָס גאָמעז, כאָסע מאַרמאָל און אַנדערע. די אָפּאָזיציע ווידער האָט געהאַט די שטיצע פון דער צייטונג „לאַ רעפאָרמאַ פּאַסיפיקאַ", אָנגעפירט פון ניקאָלאַס קאַלוואָ, און די דאָזיקע צייטונג האָט פּאַרטיידיקט די פאָדערונג זיך אָנצושליסן איז פעדעראַלן פּאַקט און אין דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע.

אַלסינאַ האָט איבערגענומען דעם גובערנאַטאָר־אַמט און ס'זיינען אַוועק רואיק די יאָרן 1857 און 1858, אָן צוזאַמענשטויסן מיט דער קאָנפעדעראַציע.

דעם 1טן פעברואַר 1859 האָט דער גובערנאַטאָר אַלסינאַ דורך אַ דעקרעט פּאַראָרדנט, אַז פּראָדוקטן וואָס קומען פון די פּראָווינצן פון דער קאָנפעדעראַציע אין טראַנזיט, און זיינען אַזעלכע וואָס עס פּראָדוצירט אויך פּראָווינץ בוענאָס איירעס, זאָלן מוזן אָפּגעלייגט ווערן אין אַדואַנאַ. דאָס האָט געמיינט אַז יענע פּראָדוקטן זאָלן באַהאַנדלט ווערן אַזוי גוט ווי די אויסלענדישע און זאָלן צאָלן אַ געהעריקן שטייער־אָפּצאָל.

דאָס איז געווען סיי אַ מאָראַלישע באַליידיקונג און סיי אַ מאַטעריעלע שעדיקונג פאַר די אַנדערע פּראָווינצן. גענעראַל אורקיסאַ האָט דורך אַ דעקרעט דעם 19טן אַפּריל 1859 דערקלערט די האַנדלונג פון אַלסינאָס רעגירונג אַלס אומלעגאַל, און דעם 6טן מאַי האָט דער פעדעראַלער קאָנגרעס אויטאָריזירט דעם פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַציע גענעראַל אורקיסאַ צו לייזן דעם קאָנפליקט וויאַזוי עס וועט זיך לאָזן, פרידלעך אָדער דורך וואָפן.

אורקיסאַ האָט זיך באַמיט צו קומען צו אַ פרידלעכער פאַרשטענדיקונג, אָבער צו גלייכער צייט האָט ער אָנגעהויבן צוגרייטן אַן אַרמיי. דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס האָט געענטפערט מיט דערזעלבער מטבעה, און געגעבן דעם קאָראָנעל מאַיאָר באַרטאָלאָמע מיטרע דעם

אויפטראָג צוצוגרייטן אַן אַרמיי צום ווידערשטאַנד. די פרידלעכע פאַר־האַנדלונגען זיינען דורכגעפאַלן און די לאַגע האָט זיך פאַרשאַרפט.

דעם 23טן אָקטאָבער 1859 האָט אַ מעכטיקע ענטרע ריאָסער קאַוואַ־לעריע געמאַכט אַן איבעראַשונגס־איבערפאַל אַפן בוענאָס איירעסער אַוואַנגאַרד אין סעפּעדאַ און אים צעקלאַפּט. מיטרע האָט געמוזט באַלד פאַראָרדנען אַ ריקצוג ביז סאַן ניקאָלאַס. דאָ האָט דאָס צעקלאַפּטע מיליטער זיך פאַרשיפט (דעם 24טן) און געבראַכט געוואָרן קיין בוענאָס איירעס. אורקיסאַס אַרמיי האָט פאַרגעזעצט באַלד דעם אַוואַנס ביז פלאָרעס, און מיטרע האָט אָנגעהויבן שנעל אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון בוענאָס איירעס.

דער נאָרד־אַמעריקאַנער מיניסטער מר. יאַנסעי האָט געפּרואווט פאַר־מיטלען אָבער אָן דערפאָלג. דער פּאַראַגווייער פּרעזידענט, מאַרשאַל קאַר־לאָס אַנטאָניאָ לאָפּעז, האָט אויך אָנגעבאָטן זיין פאַרמיטלונג און זי איז אָנגענומען געוואָרן. דעמאָלט האָט דער פּאַראַגווייער פּרעזידענט געשיקט זיין זון דעם גענעראַל פראַנסיסקאָ סאָלאַנאָ לאָפּעז מיט פולמאַכטן אַף אָנצוהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען. דער קאַמף איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט באַשטימט אַלס פאַרשטייער כואַן באַוטיסטאַ פּעניאַ און דר. קאַרלאָס טעכעדאָר, און די קאָנפעדעראַציע האָט באַשטימט די גענעראַלן טאָמאַס גידאָ און כואַן ק. פּעדערנעראַ, און אויך דר. דאַניעל אַראַאָז. די פאַרהאַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרן אין דעם הויפּט־קוואַרטיר פון פּרעזידענט אורקיסאַ און ס'איז געקומען צו אַן אָפּמאַך, וואָס איז אונטערצייכנט געוואָרן דעם 10טן נאָוועמבער. פריער אָבער מיט צוויי טעג (דעם 8טן) האָט אורקיסאַ געפאָדערט די דימיסיע פון ד"ר. אַלסינאַ, און דער לעצטער האָט אין זעלבן טאָג צוגע־שיקט אַ קורצע נאָטע דער לעגיסלאַטור אָנגעבנדיק זיך אין דימיסיע, און דער פּרעזידענט פון פּראָווינציעלן סענאַט, פעליפּע לאַוואַזשאַל האָט, לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער פּראָווינץ, איבערגענומען די מאַכט.

אַזוי ווי ס'איז מער נישט געווען קיין שטערונג איז געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך און באַלד טאַקע (דעם 11טן נאָוועמבער) ראַטיפיצירט גע־וואָרן. לויט דעם אָפּמאַך האָט בוענאָס איירעס זיך דערקלערט צו געהערן אַלס טייל פון דער קאָנפעדעראַציע, און האָט באַדאַרפט פאַררופן צו די צוואַנציק טעג אַ צוזאַמענפאָר, צו שטודירן די קאָנסטיטוציע פון 1853, און אַזוי גיך ווי זי וועט אָנגענומען ווערן דורכן צוזאַמענפאָר זאָל די גאַנצע פּראָווינץ שווערן טרייהייט דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע. ווען דער צוזאַמענפאָר וועט האָבן צו מאַכן וועלכע באַמערקונגען, זאָלן די־זעלבע צוגעשטעלט ווערן דעם פעדעראַלן קאָנגרעס. דעמאָלט וועט פאַר־רופן ווערן אַ ספּעציעלער צוזאַמענפאָר פון אַלע פּראָווינצן, צוזאַמען מיט

דער פון בוענאָס איירעס, צו באַהאַנדלען די פּונקטן קעגן וועלכע ס׳זיינען פאַראַנען באַמערקונגען. די וויכטיגסטע פונקטן פונעם אָפּמאַך זיינען געווען: אורקיסאַס אַרמיי זאָל עוואַקואירן די פּראָווינץ בוענאָס איירעס אין לויף פון 15 טעג; עס בלייבט גאַראַנטירט פאַר דער פּראָווינץ אויף פינף יאָר צייט איר בודזשעט פון 1859, דערפאַר אָבער גייט איבער די אַדואַנאַ צו דער קאָנפעדעראַציע, אין אָנקלאַנג מיט דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע.

דער אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין סאַן כאָסע דע פלאָרעס, איז געווען זייער אַ גינסטיקער און צופרידנשטעלנדיק פאַר ביידע צדדים. אורקיסאַ האָט דערמיט באַוויזן זיין אומאייגננוצנדיקן אינטערעס פאַר דער איינהייט פונעם לאַנד. דער אָפּמאַך איז אויך אויסגעפירט געוואָרן מער וויניקער אין די באַשטימטע טערמינען.

## בוענאָס איירעס שליסט זיך אָן צו דער קאָנפעדעראַציע

דעם 5טן יאַנואַר 1860 איז זיך צונויפגעקומען אין בוענאָס איירעס דער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט באַדאַרפט שטודירן די קאָנסטיטוציע פון 1853. ס׳זיינען דאָ בייגעווען צווישן די דעלעגאַטן סאַרמיענטאָ, מיטרע, וועלעז סאַרספילד, אַלסינאַ, עליסאַלדע און אַנדערע פּערזענלעכקייטן. די קאָמיסיע וואָס האָט געהאַט אויף זיך צו שטודירן די קאָנסטיטוציע האָט זיך אָפּגעגעבן פלייסיק מיט דער אַרבעט און דעם 3טן אַפּריל איז צוגעשטעלט געוואָרן אַ באַריכט דעם צוזאַמענפאָר. די קאָמיסיע האָט אָנגעוויזן אויף איניקע פונקטן וואָס וואָלטן באַדאַרפט רעפאָרמירט ווערן, און דער צוזאַמענפאָר האָט זיי באַהאַנדלט און אָנגענומען די באַמערקונגען. דעם 12טן מאַי האָט דער צוזאַמענפאָר געענדיקט די אַרבעט און איבערגעשיקט די אָנמערקונגען דעם פעדעראַלן קאָנגרעס.

אין אָנקלאַנג מיטן אָפּמאַך איז פאַררופן געוואָרן אַ ספּעציעלער צוזאַמענפאָר קיין סאַנטאַ פע. דער צוזאַמענפאָר, אָדער קאָנגרעס אַד האָק איז זיך צונויפגעקומען אין סעפּטעמבער 1860 אין זעלבן הויז פון קאַבילדאָ פון סאַנטאַ פע, וואו ס׳איז אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון 1853.

ס׳איז געווען דער וואונטש פון אַלעמען צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג און ענדלעך דערגרייכן אַן איינהייט, און ס׳זיינען דעריבער אויסגעמיטן געוואָרן שאַרפע דעבאַטן אַרום די אָנמערקונגען. די אָבסערוואַציעס פון בוענאָס איירעס זיינען געווען לייכטע און אָננעמבאַר פאַר אַלע, אַזוי אַז ס׳איז איצט סאַנקציאָנירט און דעפיניטיוו באַשטעטיקט געוואָרן די קאָנסטיטוציע.

נאָך אכט יאָר אָפּגעזונדערטקייט און רוגז האָט די פּראָווינץ בוענאָס איירעס דעם 21טן אָקטאָבער 1860 געשוואוירן טרייהייט דער קאָנסטי־טוציע און געוואָרן אַ פולער מיטגליד אין דער משפּחה פון דער קאָנפע־דעראַציע. אין יענעם טאָג זיינען אין די הויפּטשטעט פון אַלע פּראָווינצן דורכגעפירט געוואָרן טעדעומס, דאַנקנדיק גאָט פאַר דער דאָזיקער דער־גרייכונג, אַז דאָס אַרגענטינער פאָלק זאָל זיין איייניק.

נאָכן אָננעמען די קאָנסטיטוציע האָט די פּראָווינץ בוענאָס איירעס געשיקט אירע דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן צום נאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין פּאַראַנאַ, וואו ס'איז געווען דער הויפּט־זיץ פון דער רעגירונג פון דער קאָנפעדעראַציע.

## פּרעזידענט דערקי און גובערנאַטאָר באַרטאָלאָמע מיטרע

אין דער צייט וואָס ס'איז דערגרייכט געוואָרן די פאַרשטענדיקונג פון בוענאָס איירעס מיט דער קאָנפעדעראַציע איז אורקיסאַ נישט געווען מער פּרעזידענט. דעם 5טן מערץ 1860 האָט זיך געענדיקט זיין זעקס יע־ריקער רעגירונגס־מאַנדאַט. אױף זיין אָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן דר. סאַנטיאַגאָ דערקי אַלס פּרעזידענט און גענעראַל פּעדערנעראַ אַלס וויצע. אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז אויך געענדערט געוואָרן די רעגירונג און זייט מאַי פון זעלבן יאָר איז געווען גובערנאַטאָר גענעראַל מיטרע.

דעם 9טן יולי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין בוענאָס איירעס אַלע דריי פּערזענלעכקייטן. גענעראַל מיטרע האָט איינגעלאַדן דעם עקס פּרע־זידענט אורקיסאַ און דעם פּרעזידענט דערקי צו פייערן צוזאַמען, ערב דער פאַרייניקונג, דעם 44טן אַניווערסאַר פון דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין טוקומאַן (9טן יולי 1816), און עס האָט זיך געדאַכט אַז אַלע זיינען איצט ענג פאַרברידערט און זיינען גרייט צו ענגער צוזאַמענאַרבעט. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגע־שטעלט אַז ס'איז נישט אַזוי.

אין סאַן כואַן איז אין 1858 געהאַט דערמאָרדעט געוואָרן דער גו־בערנאַטאָר בענאַווידעס און דער דעמאָלסטיקער אינערן־מיניסטער אין אורקיסאַס רעגירונג, דר. דערקי, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אינטערווענטאָר, האָט איבערגעגעבן דעם גובערנאַטאָר פּאָסטן אין דער אינטערווענירטער פּראָווינץ דעם קאָראָנעל כאָסע אַנטאָניאָ וויראסאָראָ. שפּעטער איז דערזעלבער מיט דער הילף פון דער רעגירונג, טראָץ דער קעגנערשאַפט פון פאָלק „אויסגעקליבן" געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר. די אָפּאָזיציע קעגן אים האָט אָנגעפירט דר. אַנטאָניאָ אַבעראַסטאַין, גע־שטיצט פון בוענאָס איירעס דורך סאַרמיענטאָ, וועלכער איז געווען אי־

נערן־מיניסטער אין מיטרעס רעגירונג פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

ס'איז אויסגעקומען אַזוי אַרום, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג, פון דער קאָנפעדעראַציע, האָט געשטיצט ווירעסאָראָ, און די רעגירונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס שטיצט די אָפּאָזיציע.

דעם 8טן נאָוועמבער 1860 איז דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס גענעראַל מיטרע אָפּגעפאָרן קיין ענטרע ריאָס, אַף צו ענטפערן אין פּאַראַנאַ אַפן באַזוך פון אורקיסאַ און דערקי וואָס זיי האָבן געמאַכט דעם 9טן יולי אין בוענאָס איירעס. ס'איז בײַ דער געלעגנהייט אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע פון דער הויפּטשטאָט, צי זאָל בוענאָס איירעס אָדער פּאַראַנאַ בלייבן דער הויפּט־זיץ פון דער רעגירונג, און ס'איז אויך אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע פון סאַן כואַן. אַלע דריי זיינען געקומען צו



פון רעכטס צו לינקס: אורקיסאַ, דערקי, מיטרע.

אַ פאַרשטענדיקונג, צו ווענדן זיך געמיינזאַם צום גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן, קאָראָנעל ווירעסאָראָ, מיט דער פאָדערונג אַז ער זאָל דימיטירן.

ס'איז אָבער דערוויילע אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אין סאַן כואַן אָנגעפירט פון דר. אַבעראַסטאַין. דער גובערנאַטאָר ווירעסאָראָ איז אַרעסטירט און דערהרגעט געוואָרן און אַבעראַסטאַין האָט (דעם 29טן דעצעמבער) איבערגענומען די מאַכט אין יענער פּראָווינץ.

די רעגירונג פון פּאַראַנאַ האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו אינטערווענירן די פּראָווינץ, און צו דעם צוועק באַשטימט דעם גענעראַל כואַן סאַאַ,

גובערנאַטאָר פון סאַן לואיס דורכצופירן די אינטערווענץ. אַלס באַגליי־טער זיינען באַשטימט געוואָרן די קאָראָנעלן פאַונעראַ און קאָנעסאַ.

סאַא מיט זיינע צוויי סעקרעטאַרן האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַן אַרמיי קיין סאַן כואַן, און דער גובערנאַטאָר פון יענער פּראָווינץ אַבע־ראַסטאַין האָט צוגעגרייט אַ ווידערשטאַנד. ס'איז פאָרגעקומען דעם 11טן יאַנואַר 1861 אַ שלאַכט אין פּאָסיטאָ, וואו די סאַן כואַנער אַרמיי איז צע־קלאַפּט געוואָרן. דר. אַבעראַסטאַין איז גענומען געוואָרן געפאַנגען און קאָראָנעל קלאַוועראָ, וואָס האָט אים באַדאַרפט איבערוואַכן, האָט דעם גובערנאַטאָר דערשאָסן.

די ידיעה פון דער בלוטיקער אינטערווענץ אין סאַן כואַן און די דערמאָרדונג פונעם גובערנאַטאָר האָט געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק אין בוענאָס איירעס. מיטרע האָט, אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוע־נאָס איירעס, אויפגעפאָדערט די נאַציאָנאַלע רעגירונג צו באַשטראָפן די שולדיקע און אונטערנעמען אַ שאַרפע אונטערזוכונג. דער ענטפער פון פּרעזידענט דערקי איז געווען אַ פאַרשפּרעכן, פון וועלכן ס'איז געווען אַרויסצולייענען אַז ס'וועט נישט דערפולט ווערן.

אויסער דעם דאָזיקן אינצידענט איז אויך געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן דער פּראָווינץ מיט דער קאָנפעדעראַציע איבער דער צאָל פאַר־טרעטער אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס. בוענאָס איירעס האָט געפאָדערט דאָס רעכט צו האָבן אַ גרעסערע צאָל דעפּוטאַטן, וואָס די קאָנפעדעראַציע האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן. עס האָבן דורך דעם זיך צוריקגעצויגן די בוע־

## דר. סאַנטיאַגאָ דערקי
(1809 - 1867)

דר. דערקי איז געבוירן אין קאָרדאָבאַ 1809, איז אַלס יונגטלעכער אריין אין דער אוניטאַריער באַוועגונג, האָט מיט־געמאַכט 1842 די שלאַכט פון קאַאַקאַסו אַלס סעקרעטאַר פון גענעראַל פּאַז. נאָכן זיג איבער ראָסאַס איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין דער קאָנס־טיטואַנטע פון 1853 אין סאַנטאַ פע. ער איז געווען מיניסטער אין דער רעגירונג פון אורקיסאַ און דערנאָך פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַציע, מיטן זיץ אין פּאַראַנאַ. דורך דער קעגנערשאַפט צו אים מצד מיטרע און זיינע אָנהענגער האָט דערקי פאַרלאָזט די רעגירונג און אָפּגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ (אָנהויב נאָוועמבער 1861). געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1867.



Dr. Derqui

נאָם איירעסער סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן פון פאַראַנאַ און עס האָבן זיך אָנגעהויבן קריגס־צוגרייטונגען בײַ ביידע צדדים. דעם 5טן יולי 1861 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'ווערט דערקלערט אַלס רעבעליש די פּראָווינץ בוענאָס איירעס און עס ווערן איבערגעריסן אַלע קאָמפּראָמיסן מיט איר.

## די שלאַכט אין פּאַוואָן

פאַראַנאַ און בוענאָס איירעס האָבן זיך געפונען אין קריגס־צושטאַנד. דער פּרעזידענט דערקי האָט מאָביליזירט די מיליצן פון ענטרע ריאָס און קאָרדאָבאַ, ס'זיינען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן מיליטער־טיילן פון אַלע פּראָווינצן חוץ פון סאַן לואיס, און גענעראַל אורקיסאַ איז געבעטן געוואָרן איבערצונעמען די קאָמאַנדע. גענעראַל אורקיסאַ האָט קאָנצענטרירט זיין אַרמיי אין סאַנטע פּע און זיך געגרייט צום קאַמף, אָבער אָן גרויסן אינטערעס. גענעראַל מיטרע ווידער האָט צוגעגרייט אין בוענאָס איירעס אַ שטאַרקע אַרמיי, אָפּצושלאָגן די אַטאַקע.

ס'זיינען ווידעראַמאָל געמאַכט געוואָרן פּרואוון פון פאַרהאַנדלונגען, אָבער אָן דערפאָלג. גענעראַל מיטרע האָט אַרויסמאַרשירט מיט זיין אַרמיי, און דעם 12טן סעפּטעמבער 1861 האָבן ביידע מלוכה־מענער, ביידע מיליטער־שעפן, זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן, דאָסמאָל אין ריוואַליטעט אויפן שלאַכטפעלד בײַ פּאַוואָן. די שלאַכט איז געווען אַ שאַרפע און זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן זיג פון די בוענאָס איירעסער וואָפן. די טראָפייען פון יענעם זיג זיינען געווען 1.200 געפאַנגענע, 6 פאָנען, 2 סטאַנדאַרטן, 37 קאַנאָנען און אָפּגענומען 14 פון יענע וואָס זיינען פאַרלוירן געוואָרן בײַ דער שלאַכט אין סעפּעדאַ, ווי אויך 5.000 פערד, די גאַנצע מוניציע, אַמבולאַנסן און אַנדערע וואָפן און לאַגער מאַטעריאַלן, צווישן דעם טויזנט ביקסן. צווישן די געפאַנגענע האָבן זיך געפונען אַ סך הויכע מיליטער־שעפן.

אורקיסאַ האָט זיך באַלד צוריקגעצויגן פונעם קריגס־פּלאַץ מיט אַ טייל מיליטער וואָס האָט נישט געקעמפט, קיין ענטרע ריאָס, אָבער קיינער האָט אים נישט נאָכגעיאָגט (17טן סעפּטעמבער 1861).

מיטרעס אַרמיי האָט פאַרגעזעצט דעם אַוואַנס און פאַרנומען (דעם 22טן נאָוועמבער) ראָזאַריאָ. ס'איז פאָרגעקומען אונטערוועגס צוזאַמענשטויסן מיט מחנות „מאָנטאָנעראָס" און די לעצטע זיינען צעקלאַפּט געוואָרן.

די רעגירונג פון דער קאָנפעדעראַציע איז דורך דער דאָזיקער מלחמה געבליבן אינגאַנצן מאַכטלאָז און זי איז זיך צעפאַלן. מיטרע איז געבליבן

דער זיגער און דער וואָרטפירער. די פּראָווינץ ענטרע ריאָס וואָס איז געווען פעדעראַליזירט האָט דורך אַ געזעץ דעם 1טן דעצעמבער זיך דערקלערט ווידער אַלס סואווערן. געדאַכט האָט זיך אַז אַלעס איז ווי־דער פאַרפאַלן און מען גייט צוריק צום אָנהויב. מיטרע האָט אָבער נישט דאָס געמיינט און נישט געוואָלט. די קאָנסטיטוציע פון 1853 איז געבליבן באַ אַלע היילִיק און דורך איר איז עס באַלד געקומען צו אַ נייער אייני־קונג. גענעראַל מיטרע איז באַאויפטראָגט געוואָרן איבערצונעמען פּראָ־וויזאָריש די נאַציאָנאַלע מאַכט, צוריקשטעלן די אָרדנונג און פאַררופן וואַלן פאַר דער דערוויילונג פון אַ פּרעזידענט און וויצע, און צוזאַמענ־שטעלן אַ נייעם נאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

דורך דער שלאַכט פון פּאַוואָן איז צעמענטירט געוואָרן די אייניקייט פון דער מלוכה. דער פּרעזידענט דערקי האָט פאַרלאָזט די רעגירונג דעם 5טן נאָוועמבער 1861 און אָפּגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ.

## מיטרע פּרעזידענט

דער גענעראַל מיטרע האָט איבערגענומען פּראָוויזאָריש די פּרעזי־דענץ און פאַררופן דאָס גאַנצע פאָלק פון דער רעפּובליק צו וואַלן אַף אַפּריל 1862, אויסצוקלויבן אַ נייעם נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט; די לעגיס־לאַטורן פון די פּראָווינצן האָבן אויך אויסגעקליבן סענאַטאָרן, און דעם 25טן מאַי אין זעלבן יאָר איז ד׳ערעפנט געוואָרן דער זיצונגס־פּעריאָד פון נאַציאָנאַלן קאָנגרעס. דאָסמאָל זיינען געווען פאַרטרעטן אין קאָנ־גרעס אַלע פּראָווינצן און אַלע טענדענצן.

באַם עפענען דעם נייעם קאָנגרעס האָט מיטרע אין זיין וואָרט אָנ־געוויזן אַף דער נויטיקייט פון צוזאַמענאַרבעט פאַר דער נאַציאָנאַלער אייניקייט, און דערקלערט אַז עס מוז ענדלעך געמאַכט ווערן אַ סוף צו די אינערלעכע קאַמפן. עס מוז הערשן געזעץ און אָרדנונג בכדי צו זי־כערן די רעפּובליק. די רעאָרגאַניזאַציע פון דער רעפּובליק דאַרף זיין באַזירט אַף מאָראַל, פרייהייט און רעפאָרמירטע קאָנסטיטוציע. דאָס איז די אויפגאַבע פונעם קאָנגרעס צו דערגרייכן.

אַף דער מענשאַבע פון מיטרע האָט דער קאָנגרעס געענטפערט מיט די געזעצן פון 5טן יוני, אין וועלכע עס ווערט אָנערקענט די האַנדלונגען פון מיטרע אַלס פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט און ער ווערט דערקלערט אַלס וואוילפאַרדינטער פונעם פאָטערלאַנד. דאָס פאָלק איז פאַררופן געוואָ־רן צו וואַלן, אויסצוקלויבן אַ פּרעזידענט און וויצע פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

דער קאָנגרעס האָט באַלד אָנגעהויבן דיסקוטירן די פראַגע פון דער

הויפּשטאָט. פריער איז געווען דערקלערט די פּראָווינץ ענטרע ריאָס אַלס פעדעראַליזירטע מיט פּאַראַנאַ אַלס פּראָוויזאָרישע הויפּטשטאָט. איצט איז געווען די אידייע צו פעדעראַליזירן די פּראָווינץ בוענאָס איירעס און אין דער שטאָט בוענאָס איירעס זאָל זיין דער זיץ פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. די בוענאָס איירעסער לעגיסלאַטור, וואו עס האָט געהאַט אַ מערהייט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אונטערן נאָמען „לאָס קרודאָס", וואָס זיינען געווען לאָקאַליסטן, האָט זיך געשטעלט קעגן דער פעדעראַליזאַציע פון דער פּראָווינץ. אַרויסגעטרעטן שאַרף קעגן דער פעדעראַליזאַציע זיינען די דעפּוטאַטן דר. אַדאָלפאָ אַלסינאַ, שעף פון די „קרודאָס" אָדער אויטאָנאָמיסטן, און די דאָקטוירים מאַנועל קינטאַנאַ, מאָנטעס דע אָקאַ און אַנדערע. פאַרטיידיקט דעם פעדעראַליזאַציע פאָרשלאַג האָבן דער אינערן מיניסטער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג דר. עדואַרדאָ קאָסטאַ און רופינאָ דע עליסאַלדע. צולעצט איז מען געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס געזעץ, באַקאַנט אַלס „רעזידענץ געזעץ" דורך וועלכן עס ווערט באַשטימט אַז די שטאָט בוענאָס איירעס זאָל זיין פּראָוויזאָריש אויף אַ צייט פון פינף יאָר די הויפּשטאָט און דער זיץ פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. דערדאָזיקער געזעץ האָט אָנגעהאַלטן דערנאָך ביז 1880 און בוענאָס איירעס איז געבליבן שוין אויף שטענדיק די הויפּשטאָט פון לאַנד.

## גענעראַל מיטרע
(1821 - 1906)

גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע, מיליטערמאַן, פּאָליטיקער, געשיכטע־שרייבער, דיפּלאָמאַט, רעדנער און שטאַטסמאַן איז געבוירן אין בוענאָס איירעס 1821. פונקט ווי סאַרמיענטאָ האָט ער געמוזט אַנטלויפן דורך ראָסאַס און געווען אַ שטיק צייט אין די שכנישע לענדער: טשילע, באָליוויע און פּערו. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער באַפרייונג פון דער רעפּובליק פון דער טיראַנישער הערשאַפט פון ראָסאַס און שפּעטער, אין 1862 אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. מיטרע איז געווען אויסער שטאַטסמאַן אַ גלענצענדער רעדנער און זשורנאַליסט. ער האָט געגרינדעט די צייטונג „לאַ נאַסיאָן" אין יאָר 1870 און געשריבן אין 1882 די געשיכטע פון דער רעפּובליק און די געשיכטע פון גענעראַל סאַן מאַרטין.



General Bartolomé Mitre

אין עלטער פון 85 יאָר איז מיטרע געשטאָרבן אין 1906.

ס׳זיינען דערנאָך דורכגעפירט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד, חוץ אין קאַטאַמאַרקאַ, וואו גענעראַל פּעניאַלאָסאַ (על טשאַטשאָ) האָט אָנגעפירט אַ נייעם אויפשטאַנד, וואַלן פון עלעקטאָרן אויף פּרעזידענט און וויצע. דעם 5טן אָקטאָבער האָט דער קאָנגרעס אָפּגעהאַלטן אַ פּלענאַרע זיצונג אונטערן פאָרזיץ פון דר. וואַלענטין אַלסינאַ, אויף איבערצוקוקן די שטימען, און ס׳איז איינשטימיק פּראָקלאַמירט געוואָרן דער בריגאַדע גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע אַלס פּרעזידענט, און זיין ענערגישער פּאָליטישער מיטאַרבעטער דער קאָראָנעל דר. מאַרקאָס פּאַז אַלס וויצע פּרעזידענט.

באַם פּראָקלאַמירן די דערוויילטע, האָט דער קאָנגרעס באַשטימט דעם 12טן אָקטאָבער, דעם טאָג פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, אַלס דאַטום אויף אָפּצוגעבן די שבועה און איבערנעמען די מלוכה־מאַכט.

אין דערמאָנטן דאַטום האָט גענעראַל מיטרע באַ אַ פייערלעכער צערעמאָניע אָפּגעגעבן די שבועה. ער האָט באַ דער געלעגנהייט געהאַלטן אַ רעדע אָנווייזנדיק אויף די נויטן פון לאַנד און פאָרגעלייגט זיין רעגירונגס־פּראָגראַם.

מיטרע האָט אין זיין מיניסטאָרן קאַבינעט אַריינגעצויגן באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן: דר. גיזשערמאָ ראַוואָסאָ, אינערן מיניסטער; דר. רופינאָ דע עליסאַלדע, אויסערן; דר. דאַלמאַסיאָ וועלעז סאַרספילד, פינאַנצן; דר. עדואַרדאָ קאָסטאַ, בילדונג, יוסטיץ און קולטור; גענעראַל כואַן אַנדרעס געלי אי אָבעס, קריג און פלאָט.

די נייע רעגירונג האָט פאַר זיך געהאַט אַ סך אַרבעט און ס׳איז אויך באמת אַ סך אויפגעטון געוואָרן אין יענעם רעגירונגס־פּעריאָד. דער אינערן־מיניסטער, ראַוואָסאָ, האָט געשאָנקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט דעם אויסבוי פון שאָסייען און אינטערפּראָווינציאַלע פאַרקער־וועגן; ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער פּאָסט און טעלעגראַף; אויף זיין איניציאַטיווע איז געשאַפן געוואָרן די נאַציאָנאַלע אימיגראַציע קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן מיט הויבן די קאָלאָניזאַציע אין לאַנד.

דער פינאַנץ־מיניסטער, וועלעז סאַרספילד, האָט געהאַט שווער צו קעמפן מיט דער פינאַנציעלער לאַגע. די מלוכה־קאַסע איז געווען נאָך אָרעם, און חובות זיינען געבליבן פון פריערדיקע צייטן, אָבער וועלעז סאַרספילד און שפּעטער זיין נאָכפאָלגער, דר. לוקאַס גאָנסאַלעז, האָבן דערליידיקט צופרידנשטעלנדיק די צאָלונגען.

אויף זעלבן אופן האָבן געאַרבעט די אַנדערע מיניסטאָרן. דער יוסטיץ און בילדונגס־מיניסטער האָט אָרגאַניזירט די פעדעראַלע יוסטיץ, געעפנט אַ גרויסע צאָל עלעמענטאַר שולן און אוניווערזיטעטן און אַלס קולטוס־מיניסטער אויך געשאַפן דעם זיץ פון בישאָפטום אין בוענאָס איירעס. דער אויסערן־מיניסטער האָט זיך באַמיט צו זיכערן די פריינטשאַפט מיט די

שכנישע לענדער און אָנגעהויבן פירן אַן אַנטאַנט-פּאָליטיק מיט בראַזיל. ס׳זיינען אויך געשלאָסן געוואָרן וויכטיקע אָפּמאַכן מיט איניקע איראָ־פּעאישע לענדער, צווישן זיי אַן אָפּמאַך מיט שפּאַניע (6טן נאָוועמבער 1863), דורך וועלכן די לעצטע האָט אָנערקענט די אומאָפּהענגיקייט פון אַרגענטינע. ס׳איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די דיפּלאָמאַטישע און קאָנ־סולאַרע פאַרטרעטונג אין מערערע לענדער.

דער רעגירונגס-פּעריאָד פון מיטרע איז געווען רייך אין גרויסע אויפ־טוען פאַרן פּראָגרעס און זיכערקייט פונעם לאַנד. נאָך דער דערעפנונג פון דער באַנליניע אין בוענאָס איירעס 1857, האָט אין דער צייט פון מיטרעס פּרעזידענץ זיך אָנגעהויבן אַ בוי פון באַן-ליניעס אין מערערע ערטער; אין 1862 האָט זיך אָנגעהויבן דער בוי פון דער באַן-ליניע פון רעטיראָ קיין טיגרע. אין פעברואַר 1863 האָט מען אָנגעהויבן בויען די ליניע פון בוענאָס איירעס צו ענסענאַדאַ; אין 1865 איז באַנייט געוואָרן די ערשטע סעקציע פון דער סוד-ליניע (פון פּלאַסאַ קאָנסטיטוציאָן צו כעפּענער), קומענדיק אין זעלבן יאָר ביז טשאַסקאָמוס. די באַן-עמפּרעסע האָט דעמאָלט געלייגט די ערשטע רעלסן פאַר אַ טראַמוויי-ליניע, וואָס איז געווען אַ צוגאָב צו דער באַן-ליניע, און דער ערשטער טראַמוויי איז גע־גאַנגען פון פּלאַסאַ קאָנסטיטוציאָן איבער לימאַ ביז דער גאַס בעלגראַנאָ. אין 1866 איז דערעפנט געוואָרן די באַן-ליניע צענטראַל אַרגענטינאַ, וואָס האָט צירקולירט צווישן ראָזאַריאָ און קאָרדאָבאַ.

## נייע אינערלעכע אומאָרדנונגען פון קאַודיזשאָס

די רעגירונג פון מיטרע האָט אָנגעפירט אַ ליבעראַלע און דעמאָקראַ־טישע אינערן און אויסערן פּאָליטיק; אָבער ס׳זיינען נאָך געווען רעשט־לעך קאַודיזשאָס אין לאַנד וואָס האָבן נישט געוואָלט האַלטן זיך באַ דער נויטיקער נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און זיינען אָנגעגאַנגען מיט זייער „מאָנטאָנעראָ״ טעטיקייט ווי אין אַמאָליקע צייטן.

באַם עפענען דעם זיצונגס-פּעריאָד פונעם קאָנגרעס דעם 1טן מאַי 1863 האָט מיטרע געזאָגט:

„עס האָבן זיך נאָר וואָס פון פּראָווינץ לאַ ריאָכאַ אויס געוואָרפן באַ־וואָפנטע מהנות גנבים אַף די פּראָווינצן קאָרדאָבאַ, קאַטאַמאַרקאַ און סאַן לואיס און איבערגעפאַלן און אויסגעפּלינדערט אייניקע שטעט. נעמענדיק אין אַכט דידאָזיקע סקאַנדאַליעזע געשעענישן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אויפשטאַנד און בירגער-קריג, וואָס די נאַציאָנאַלע רעגירונג דאַרף אונ־טערדריקן און באַהערשן אין אָנקלאַנג מיט דער קאָנסטיטוציע, און זי־כערן די פּראָווינצן קעגן נייע ענלעכע איבערפאַלן, האָט די רעגירונג באַ־

אויפטראָגט דעם גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן (סאַרמיענטאָ), אַז ער זאָל אַ סוף מאַכן צו דידאַזיקע אומאָרדנונגען, נישט בלויז אין די איבערפּאַ־לענע פּראָווינצן נאָר אויך אין דער פּראָווינץ לאַ ריאָכאַ גופא, די נעסט פון אומאָרדנונג, און וועמענס רעגירונג וואָס איז אָראָפּגעזעצט געוואָרן מיט גוואַלד, האָט שוין מיט אַ צייט צוריק געבעטן הילף״.

מיטרע האָט אָנגעוויזן אַז אויך אין קאַטאַמאַרקאַ איז באַשטאַנען די געפאַר פון שטירצן די לעגאַלע רעגירונג, נאָר די גובערנאַטאָרס פון סאַנטיאַגאָ, טוקומאַן און סאַלטאַ זיינען אונטערגעקומען מיט הילף. אין מענדאָזאַ איז געשטערט געוואָרן די רו דורך אַ וואַנדאַלישער אינוואַזיע פון עמיגראַנטן וואָס זיינען געקומען פון טשילע. ס׳איז פאָרגעקומען אַ געפערלעכע אומאָרדנונג אין פּראָווינץ קאָריענטעס, נאָר דער קריגס־מי־ניסטער האָט אונטערגענומען באַלד שריט און דאָרט צוריקגעשטעלט די אָרדנונג.

עס האָט געדראָט, ווי מען זעט, מיט נייע קאַודיזשאָ־אומרוען אין אַלע זייטן און ס׳איז נויטיק געווען צו האַנדלען ענערגיש.

ניינצן טעג נאָך דעם ווי מיטרע האָט געהאַלטן זיין רעדע, האָט אַ נאַציאָנאַלע אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָראָנעל פראַנסיסקאָ סאַנדעס צעקלאַפּט די לאַ ריאָכער מאָנטאָנעראָס פון גענעראַל אַנכעל ווי־סענטע פּעניאַלאָסאַ (טשאַטשאַ) אין געגנט פון לאָמאַס בלאַנקאַס.

דער געשלאָגענער גענעראַל מיט אַ רעשט פון זיינע קריגסלייט איז אַנטלאָפן צו זיך אין דער ריכטונג צו קאָרדאָבאַ. דאָ אין קאָרדאָבאַ האָבן קאַודיזשאָ־לייט אויך דורכגעפירט אַ שטיקל רעוואָלוציע און געוואָרפן די לעגאַלע רעגירונג. דאָס קומען פון גענעראַל פּעניאַלאָסאַ מיט זיין מחנה איז דאַריבער געווען פאַר די קאָרדאָבער רעבעלן זייער געוואונטשן. די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי אונטער דער קאָ־מאַנדע פון גענעראַל פּאַונעראָ צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין קאָרדאָבאַ. פּעניאַלאָסאַ און די קאָרדאָבער רעבעלן זיינען אַקעגנגעגאַנגען דער נאַציאָנאַלער אַרמיי, און אין אַ שלאַכט אין געגנט פון לאַס פּלאַ־זשאַס האָט גענעראַל פּאַונעראָ צעקלאַפּט דעם באַרימטן טשאַטשאַ מיט די נייע פאַרבינדעטע פון קאָרדאָבאַ (28טן יוני 1863). פּעניאַלאָסאַ איז אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד אַפן וועג קיין ריאָכאַ, זיין פּראָווינץ, און ווערט פאַרפאָלגט פון נאַציאָנאַלן מיליטער. דער קאַודיזשאָ־גענעראַל האָפט אָבער טראָץ אַלע מפּלות נאָך אָנצוגיין מיטן קאַמף. ער זוכט אין אַלע זייטן מאָנטאָנעראָ־שעפן, אָבער ער טרעפט זיי נישט. דאַן פּרואווט פּע־ניאַלאָסאַ זיך ווענדן מיט אַ בריוו (דעם 26טן אויגוסט) צום גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן, דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ, פאָרשלאָגנדיק אים אַ דערגענטערונג. סאַרמיענטאָ וואַרפט אָפּ אין אַ בריוו (2טן סעפּטעמבער)

דעם פאָרשלאַג, באַצייכנדיק דערביי טשאַטשאָן אַלס פאַררעטער און רע־בעל. דעמאָלט זאַמלט דער קאַודיזשאָ אַ פרישע מחנה רייטער און לאָזט זיך אין מאַרש אַף סאַן כואַן, אָבער ער ווערט אין באַכאָ דעל כיגאַנטע געשלאָגן. דאָס איז געווען זיין לעצטע שלאַכט.

אַ באַזיגטער אַנטלויפט פעניאַלאָסאַ אייליק רייטנדיק, און שטעלט זיך אָפּ אינעם ריאָכאַנער דאָרף אָלטאַ. ער ווערט אָבער פאַרפאָלגט דורך מאַיאָר איראַסאַבאַל און קאַפּיטאַן ריקאַרדאָ ווערא. דעם 12טן נאָוועמ־בער טרעפט ווערא דעם קאַודיזשאָ זיצנדיק מיט אַ מאַטע אין האַנט אין הויז פון פעליפּע אָראַס, אַ שכן פונעם דאָרף אָלטאַ, און ער פאָדערט אים אויף זיך אונטערצוגעבן. פעניאַלאָסאַ דערקלערט זיך אַלס אונטערגעגעבן און גיט אָפּ זיין מעסער, דערקלערנדיק: „כ׳האָב מער ניט קיין וואָפן". ס׳איז באַלד אונטערגעקומען דער מאַיאָר איראַסאַבאַל און געלאָזט בינדן דעם רעבעלישן גענעראַל פעניאַלאָסאַ און דערנאָך איז ער דערשאָסן געוואָרן.

מיטן סוף פון טשאַטשאָ איז פאַרענדיקט געוואָרן די טעטיקייט פון די מאָנטאָנעראָס אין לאַנד. די פּראָווינץ קאָרדאָבאַ און די פּראָווינץ ריאָ־כאַ האָבן צוריקבאַקומען לעגאַלע רעגירונגען און ס׳איז צוריקגעשטעלט געוואָרן די אָרדנונג אין לאַנד.

## מלחמה מיט פּאַראַגווײַ

אין דער צייט וואָס די רעגירונג פון מיטרע האָט זיך באַמיט צו שטיין אין גוטע און פריינטלעכע באַציאונגען מיט אַלע לענדער און באַזונדערס מיט די שכנישע, און זיך באַמיט צו זיכערן דעם שלום אין אינערן, האָבן זיך אַרויסגערוקט שוועריקייטן אין די באַציאונגען מיט פּאַראַגווײַ.

ס׳איז דערביי כדאי צו דערמאָנען עפּעס וועגן יענער שכנישער רע־פּובליק.

ווען בעלגראַנאָ האָט געהאַט אונטערגענומען די אינוואַזיע אין פּאַ־ראַגווײַ באַלד נאָך דער מאַי־רעוואָלוציע, מיטן ציל אַריינצוציען דאָס לאַנד אַלס טייל פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן, האָט ער, ווי באַוואוסט, גע־האַט אַ מיליטערישן דורכפאַל. צו גלייכער צייט האָט ער אָבער געהאַט אַ מאָראַלישן זיג דורך זיין אויפקלערונג די פּאַראַגווײַער מיליטער־שעפן אין דער נויטיקייט צו באַפרייען זיך פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. ס׳איז באַלד אויך דורכגעפירט געוואָרן אין אַסונסיאָן אַ שטאַטס־קלאַפּ, און עס איז באַזייטיקט געוואָרן דער שפּאַנישער גובערנאַטאָר, אָבער גאָר אין גיכן האָט פאַרכאַפּט די מאַכט דר. פראַנסיאַ און ער האָט געהאַלטן דאָס לאַנד אונטער אַ דיקטאַטור די גאַנצע צייט ביז ער איז אין 1840 גע־

שטאַרבן. נאָך אים איז געווען דיקטאַטאָרישער הערשער קאַרלאָס אַנטאָ־
ניאָ לאָפּעז און דערנאָך זיין זון פראַנסיסקאָ סאָלאַנאָ.

צווישן פּאַראַגוויי און בראַזיל האָט געהערשט אַן אַלטער גרעניץ־
קאָנפליקט, און דער דיקטאַטאָר לאָפּעז פאַרשטייענדיק אַז עס קאָן קו־
מען צו אַ מלחמה צווישן ביידע לענדער, האָט אויסגעבויט אַן ארסענאַל
צו גיסן קאַנאָנען און אַנדערע קריגס־מאַטעריאַלן און האָט מיליטאַרי־
זירט דאָס לאַנד אַזוי, אַז ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן דערנאָך די מלחמה
צווישן ביידע לענדער האָט פּאַראַגוויי געהאַט אַ גוט באַוואָפנטע אַר־
מיי פון 80.000 מאַן.

אויסער דעם דירעקטן גרעניץ־קאָנפליקט צווישן ביידע לענדער האָט
זיך געשאַפן נאָך אַ צווייטער סיכסוך, אַ פּאָליטישער קאָנפליקט איבער
אורוגוויי. אין דער אָריענטאַלער רעפּובליק האָט אויסגעבראָכן אַ נייער
בירגער־קריג צווישן די קאָלאָראַדאָס און בלאַנקאָס. די לעצטע זיינען גע־
שטיצט געוואָרן פון פּאַראַגוויי און דאַקעגן די קאָלאָראַדאָס האָבן באַקו־
מען די שטיצע פון בראַזיל. גענעראַל פלאָרעס האָט אין יענער צייט אָנ־
געפירט אַ מיליטערישן אויפשטאַנד קעגן פּרעזידענט בעררא, און בראַזיל
האָט געשטיצט די באַוועגונג פון גענעראַל פלאָרעס און אַפילו געשיקט
קריגסשיפן צו בלאָקירן מאָנטעווידעאָ. די פּאַראַגווייער רעגירונג האָט
געזען אין דער שטעלונג פון בראַזיל אין אורוגוויי אַ געפאַר און דאַריבער
ענערגיש פּראָטעסטירט צו בראַזיל, קעגן דער אָקופּאַציע פון וועלכן ס׳איז
פּונקט פון דער אָריענטאַלער טעריטאָריע דורך בראַזיליאַניש מיליטער
(אויגוסט 1864). בראַזיל האָט אָבער נישט גענומען אין אַכט נאָר גע־
שטיצט גענעראַל פלאָרעס מיט מיליטערישע כוחות אַף יבשה און ים,
און פּאַראַגוויי האָט דערפאַר (סעפּטעמבער) דערקלערט קריג צו בראַזיל.
באַלד האָבן די פּאַראַגווייער אויך פאַרכאַפּט די בראַזיליאַנער שיף „מאַר־
קעז דע אָלינדאַ" וואָס האָט זיך געפונען אַפן פּאַראַנאַ (16טן נאָוועמבער
1864). אַפן באָרד פון דער שיף האָט זיך געפונען דער פּרעזידענט פון
דער בראַזיליאַנער פּראָווינץ מאַטאָ גראָסאָ. אַ חודש שפּעטער האָבן די
פּאַראַגווייער אָנגעהויבן אינוואַדירן די דערמאָנטע פּראָווינץ.

אַף אָנצופירן ברייט אַ קריגס־אַקציע קעגן בראַזיל און דורכפירן אַן
אינוואַזיע אין בראַזיליאַנער טעריטאָריע דורך דער פּראָווינץ ריאָ גראַנ־
דע, האָט סאָלאַנאָ לאָפּעז זיך געווענדעט מיט אַ נאָטע קיין בוענאָס איי־
רעס, בעטנדיק אַ דורכגאַנג פאַרן פּאַראַגווייער מיליטער דורך דער פּראָ־
ווינץ קאָריענטעס. פאַרשטייט זיך אַז די אַרגענטינער רעגירונג האָט
אַזעלכעס נישט געקאָנט דערלויבן, ערשטנס צוליב דער אַנטאַנט מיט
בראַזיל, און צווייטנס נישט האָבנדיק אַן אינטערעס אין אַ פּאַראַגווייער
זיג. דער פּאַראַגווייער דיקטאַטאָר האָט דאַרויף באַשלאָסן צו גיין אין

מלחמה אויך קעגן אַרגענטינע, און טאַקע באַלד אַרויסגעשיקט אַ סקוואַדריליע פון פינף שיפן צום פאָרט פון קאָריענטעס צו אַטאַקירן די אַרגענטינער קריגסשיפן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אָט אַזוי האָבן די פאַראַגווייער אָן אַ קריגס-דעקלערונג, פאַרכאַפּט אין קאָריענטעס די אַרגענטינער קריגסשיפן „25 דע מאַזשאָ” און „גוואַלעגוואַי”, און אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַ פאַראַגווייער אַרמיי פון 3.000 מאַן, אָנגעפירט פון גענעראַל ראָבלעס אויך אָקופּירט די שטאָט קאָריענטעס.

ווען ס'איז געקומען קיין בוענאָס איירעס די ידיעה פונעם פאַרכאַפּן די אַרגענטינער שיפן און די אָקופּאַציע פון קאָריענטעס דורך די פאַראַגווייער, האָט פּרעזידענט מיטרע באַלד אונטערגענומען שריט אָפּצושלאָגן ענערגיש דעם אָנגריף, ס'זיינען געפירט געוואָרן פאַרהאַנדלונגען מיט בראַזיל און אורוגוויי, און ס'איז דעם 1טן מאַי 1865 געשלאָסן געוואָרן אַ דרייבונד-פּאַקט צווישן די דריי מלוכות קעגן פאַראַגווויי.

## קאָריענטעס שטעלט אַ ווידערשטאַנד

אין יענעם מאָמענט ווען די פאַראַגווייער האָבן פאַרכאַפּט די אַרגענטינער קריגסשיפן האָט דער גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ קאָריענטעס, לאַגראַניאַ, מיט זיין רעגירונג זיך צוריקגעצויגן אין אינערן, אַף צוצוגרייטן אַ ווידערשטאַנד די פאַראַגווייער אינוואַזאָרן. די ערשטע זאַך איז געווען אַ פּראָקלאַמע פונעם גובערנאַטאָר צום פאָלק פון דער גאַנצער פּראָווינץ רופנדיק יעדן צום פאַרטיידיקונגס-קאַמף. די פּראָקלאַמע, געשריבן אין אַ פלאַמיקן טאָן איז געגאַנגען פון הויז צו הויז און פון ראַנטשאָ צו ראַנטשאָ, און דער גרויסער פּאַטריאָטישער רוף האָט געווירקט.

באַוואַפנט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט, מיט אַלטע ביקסן און פּיקעס, מיט שערן און מעסערס, מיט וואָס נאָר עמיץ האָט געהאַט, האָט זיך דאָס פאָלק אָפּגערופן צום קאַמף קעגן די אינוואַזאָרן. עס האָבן זיך אומעטום געזאַמלט באַוואַפנטע מאַסן אַף פערד און צופוס, זיך שטעלנדיק גרייט צום ווידערשטאַנד.

וועגן יענעם מאָמענט שרייבט דער גענעראַל כאָסע י. גאַרמענדיאַ אין זיין בוך „דערינערונגען פון דער מלחמה מיט פאַראַגוויי”, זיך באַציענדיק אַף דער קאָריענטעסער צוגרייטונג:

„דאָס איז די לייכטע אַרמיי וואָס מאַרשירט אָן לאַגערם קריגסמאַטעריאַלן, אָן אַמבולאַנסן, אָן הויפּט-שטאַבן, אָן קאַנאָנען, אָן עפּעס וואָס זאָל אָנדייטן אַף אַ שווערער קריגס-צוגרייטונג. זי קרייצט די געשוואָלענע טייכן אַריבערשווימענדיק; זי האַלט אויס די קעלטן, ווינט און רעגנס אָן פעלד געצעלטן. די דאָזיקע נאַציאָנאַלע מאַסע איז דער גרויסער, האַר-

טער קריגס-נעדוו, דער אויסדרוק פון גוטע אַרגענטינער, וואָס זיינען גע-
בוירן אַף צו לאָזן פלאַטערן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט דורך אַלע
ווינטן.

„דאָס דאָזיקע שיינע קאָרענטינער פאָלק וועמענס געשיכטע ס'איז
געשריבן מיטן בלוט פון די העלדן און מאַרטירער; דאָס דאָזיקע פאָלק
וואָס האָט אונז געגעבן דעם ערשטן גענעראַל פון אַמעריקע, באַם שאַפן
דעם ערשטן ווידערשטאַנד קעגן (פּאַראַגווייער) מיליטער פון ראָבלעס, גיט
צייט אַ ס'זאָל קאָנען אָרגאַניזירט ווערן די אַליאירטע אַרמיי, און ס'זאָל
קאָנען אויסגעפירט ווערן דער קריגס-פּלאַן פון גענעראַל מיטרע".

עס האָט אויך נישט געדויערט לאַנג און די קריגס-אָפּעראַציעס האָבן
זיך אָנגעהויבן. דעם 1טן מאַי 1865, ווי געזאָגט, איז געשלאָסן געוואָרן
דער דרייבונד-פּאַקט, און דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט אין זעלבן
טאָג אויטאָריזירט די רעגירונג צו מאַכן אַ הלואה פון צוועלף מיליאָן
פּעזאָס גאָלד, און די סומע איז באַלד געדעקט געוואָרן אין אייראָפּעאישע
בענק. גענעראַל מיטרע האָט געהאַט די פולסטע שטיצע פונעם פאָלק און
קאָנגרעס און ער האָט באַלד אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי אַרויסצושטויסן די
אינוואַזאָרן. דעם 25טן מאַי איז געקומען די ערשטע קאָלומנע פון אַרגענ-
טינער מיליטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ווענסעסלאַאָ פּאַו-
נעראָ צו די טויערן פון קאָריענטעס, געבראַכט מיט אַרגענטינער און
בראַזיליענער שיפן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די געפערלעכע דעסאַנט-
אָפּעראַציע אונטערן פייער פונעם שונא. ס'איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקער
קאַמף דערנאָך, און נישט געקוקט דאַרויף וואָס אויבנאויפיק האָבן געזיגט
די אַרגענטינער, האָבן זיי אין דער נאַכט פון 26טן מאַי זיך געמוזט צו-
ריקציען, זיך פאַרשיפנדיק, איבערלאָזנדיק פריי די צוריק דעראָבערטע
שטאָט, ווייל די פּאַראַגווייער האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער
לענג פונעם קאָרענטינער ברעג באַ פּאַראַנאַ ביז גאָזשאַ, און עס האָט
געדראָט אַן אינוואַזיע אין ענטרע ריאָס. דאַקעגן דורכן ריקצוג פון די אַר-
גענטינער האָט ראָבלעס געמוזט אָפּשטעלן די אינוואַזיע אין ענטרע ריאָס
און צוריקטרעטן קיין קאָריענטעס.

צוויי וואָכן שפּעטער, דעם 11טן יוני, איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט
באַם אויסגוס פונעם טייך ריאַטשועלאָ און די פּאַראַגווייער פלאָטיליע
האָט דערביי פאַרלוירן פיר שיפן און דער רעשט איז אַנטלאָפן.

## באַזיגט די פּאַראַגווייער

לויט דעם דרייבונד-פּאַקט איז דער פּרעזידענט פון אַרגענטינע, גע-
נעראַל מיטרע, באַשטימט געוואָרן אַלס שעףקאָמאַנדאַנט איבער די אַלי-
אירטע אַרמייען. ער האָט דעריבער אין יוני 1865 איבערגעגעבן די רע-

גירונגס-מאַכט דעם וויצע פּרעזידענט, גענעראַל מאַרקאָס פּאַז, און אַליין אָפּגעפאָרן צום קריגס-פראָנט אין קאָנקאָרדיאַ, וואו עס האָבן זיך באַדאַרפט צוזאַמענקומען די אַרגענטינער, בראַזיליענער און אורוגווייער אַרמייען. די לעצטע אין צאָל פון 6.000 מאַן איז געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ווענאַסיאָ פלאָרעס, פּרעזידענט פון אורוגוויי. און די בראַזיליענער אַרמיי איז קאָמאַנדירט געווען פון גענעראַל אָסאָריאָ.

דער פּאַראַגווייער דיקטאַטאָר לאָפּעז האָט חוץ דער אַרמיי פון גענעראַל ראָבלעס געהאַט אַרויסגעשיקט אַ צווייטע אַרמיי פון 12.000 מאַן




די מלחמה מיט פּאַראַגוויי

אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל עסטיגאַריביאַ. ער האָט אינוואַדירט די פּראָווינץ קאָריענטעס און זי געקרייצט און געלאַגערט באַם ברעג פון טייך אורוגוויי. אַן אָפּטיילונג פון דער דאָזיקער אַרמיי, אָנגעפירט פון גענעראַל דואַרטע, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זשאַטאַי, און עסטיגאַריביאַ אין אורוגוואַינאַ. די דריי פּאַראַגווייער אַרמייען — פון פלאָרעס, עסטיגאַריביאַ און דואַרטע — זיינען געווען ווייט פון אַנאַנדער, און ווייט פון די אַפּראָוויזאַציע צענטערס. דעם דאָזיקן סטראַטעגישן טעות פון די פּאַראַגווייער האָט גענעראַל מיטרע אויסגענוצט אַף צו ברעכן די פיינטלעכע מאַכט.

גענעראַל פֿאַונעראַ, וועלכער האָט זיך געהאַט צוריקגעצויגן פון קאָ־ריענטעס, האָט מיט זיין מיליטער זיך אויסגעשיפט אין עסקינאַ און פון דאָרט אַרויסמאַרשירט קיין קאָנקאָרדיאַ צו פֿאַרייניקן זיך מיט די אַליאירטע אַרמייען. גענעראַל פלאָרעס מיט זיין אורגווייער אַרמיי האָט דעם 17טן אויגוסט 1865 פֿאַרפירט אַ שלאַכט מיט דוארטעס אַרמיי אין זשאַטאַי און די שלאַכט איז געווען זייער אַ בלוטיקע. די פּאַראַגווייער האָבן דאָרט געהאַט 1.500 טויטע און 300 פֿאַרוואונדעטע. דעם 5טן אויגוסט האָבן זיך געטראָפן אין געגנט פון אורוגוואַיאַנאַ דער בראַזיליענער אימפּעראַטאָר מיטן אַרגענטינער פּרעזידענט מיטרע, און זיי האָבן באַשטימט אונטערצונעמען די באַלאַגערונג פון די פּאַראַגווייער אין אורוגוואַיאַנאַ. דאָרט האָט זיך געפונען גענעראַל עסטיגאַריביאַ מיט 6.000 מאַן. אַ שטיק צייט האָט געדויערט די באַלאַגערונג, און דעם 18טן אויגוסט האָט עסטיגאַריביאַ קאַפּיטולירט. מען איז געקומען צו אַן ערנהאַפטן אויסגלייך.

איצט האָט זיך עס געהאַנדלט בלויז נאָך אַרויסשטויסן די פּאַראַגווייער פון קאָריענטעס און דעם ברעג פונעם פּאַראַנאַ. און גראַד דאָס איז געווען די שווערסטע אַרבעט. נאָך דער קאַפּיטולאַציע אין אורוגוואַיאַנאַ האָט די אַליאירטע אַרמיי געקרייצט דעם טייך אורוגוויי, און געטיילט אין מערערע קאָלומנעס זיך געלאָזט איבער דער פּראָווינץ קאָריענטעס. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער און האָט געדויערט וואָכנלאַנג.

די פּאַראַגווייער האָבן פֿאַרשטאַנען אַז זיי וועלן נישט קאָנען אויסהאַלטן אַן אַטאַקע פון די אַליאירטע אַרמייען, האָבן זיי באַצייטנס אָפּגעצויגן פון קאָריענטעס און זיינען אַריבער דעם פּאַראַנאַ באַ פּאַסאָ דע לאַ פּאַטריאַ.

אין מיטן אַפּריל 1866 האָט די אַליאירטע אַרמיי זיך קאָנצענטרירט אַפן זעלבן אָרט, אין פּאַסאָ דע לאַ פּאַטריאַ (אַרגענטינער) ברעג, און זיך געגרייט צו אינוואַדירן פּאַראַגוויי. דאָ זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן גרויסע כוחות פון ביידע זייטן. די אַליאירטע האָבן געהאַט דאָ אַרום 50.000 מאַן, און די פּאַראַגווייער נאָך מער.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז פֿאָרגעקומען אין איטאַפּירו. און דאָרט זיינען די פּאַראַגווייער צעקלאַפּט געוואָרן (16טן אַפּריל). ס'זיינען דערנאָך פֿאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן אין עסטעראָ בעליאַקאָ (3טן מאַי), טואַטי (24טן), יאַטאַיטי קאָראַ (11טן יולי), באָקעראָן (18טן) און קורופּי (דעם 3טן סעפּטעמבער). אין אַלע שלאַכטן אַף פּאַראַגווייער טעריטאָריע האָבן געזיגט כמעט שטענדיק די אַליאירטע וואָפן.

דערמיט איז די מלחמה אָבער נאָך נישט געווען געענדיקט. דער פּאַראַגווייער דיקטאַטאָר האָט כלומרשט אָנגעהויבן פירן פֿאַרהאַנדלונגען און געהאַט אַ צוזאַמענטרעף מיט מיטרע (12טן סעפּטעמבער 1866) אין

יאטאיטא קאַרא, אָבער דער אמתער ציל פון לאָפּעז איז געווען אָפּצוציען און מעגלעך מאַכן צו באַפעסטיקן אייניקע ערטער, באַזונדערס קורופּאַי־טאַ און הומאַיטאַ. שפּעטער ווען ס'איז אונטערגענומען פון די אַליאירטע אַ שטורם אָנגריף אויף קורופּאַיטאַ, דעם 22טן סעפּטעמבער, האָבן זיי גע־ליטן אַ גרויסע נידערלאַגע. נאָך דער דאָזיקער שלאַכט זיינען די אַרמייען געבליבן אומאַקטיוו אַנדערהאַלבן יאָר.

אינמיטן האָט גענעראַל מיטרע געמוזט פאַרלאָזן דעם קריגס־פּלאַץ, ווייל ס'איז געשטאָרבן פּלוצלינג דער וויצע פּרעזידענט דר. מאַרקאָס פּאַז, דעם 2טן יאַנואַר 1868. דער קאָנגרעס האָט דעמאָלט אָנגענומען דעם גע־זעץ, אַז אין אַזאַ פאַל פון בלייבן אָן אַ פּרעזידענט און וויצע בלייבט עס פאַרן קאָנגרעס צו באַשטימען די פּערזאָן וואָס זאָל פּראָוויזאָריש איבער־נעמען די פּרעזידענץ.

אָפן אָרט פון מיטרע איז געבליבן שעף פון די אַליאירטע אַרמייען דער בראַזיליענער גענעראַל מאַרקיז דע קאַסיאַס.

אין פעברואַר 1868 האָט דער בראַזיליענער פלאָט פאַרסירט דעם דורכגאַנג בא הומאַיטאַ און געקומען ביז אַסונסיאָן און אין דער נאַכט פון 24טן אויפן 25טן מאַי 1868 איז דער פּאַראַגווייער גאַרניזאָן אַנטלאָפן פון דער פעסטונג הומאַיטאַ נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג.

דאָס פאַלן פון הומאַיטאַ איז געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר לאָפּעז, אָבער דער דיקטאַטאָר האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט אויפגעבן דעם קאַמף. ער האָט געפּרואווט נאָך זיך באַפעסטיקן טיפער אין נאָרדן אין פּיקיסירי און באַפעסטיקט דעם אַנגאָסטוראַ דורכגאַנג. אָן אַליאירטע אַרמיי איז דע־מאָלט אַריבער צו טשאַקאָ צו אַטאַקירן דעם רעטגאַרד פון לאָפּעז בא פּיקיסירי און אַ צווייטע אַרמיי האָט באַדאַרפט אַטאַקירן דעם מאַסיוו. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַמפּיין וואָס האָט געדויערט זעקס חדשים, ביז לאָפּעז איז אין אַ שלאַכט אין איטאַ איוואַטע (לאָמאַס וואַ־לענטינאַס) דעם 27טן דעצעמבער 1868 גענצלעך באַזיגט געוואָרן.

די זיגערישע אַרמיי האָט דאַן אַריינמאַרשירט (1טן יאַנואַר 1869) קיין אַסונסיאָן. ס'איז געבילדעט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג, וועל־כע האָט באַדאַרפט צוגרייטן וואַלן.

לאָפּעז איז געלונגען צו אַנטלויפן פונעם שלאַכטפעלד, מיט אַ קליי־נעם טייל מיליטער, און ער האָט געקעמפט נאָך אַ שטיק צייט קעגן זיינע פאַרפאָלגער. ערשט דעם 1טן מערץ 1870 איז ער אינמיטן טייך אַקידאַ־באַן, אין סערראָ קאָראַ, געפאַלן טויט, געטראָפן פון אַ קויל.

אין דער מלחמה מיט פּאַראַגווייַ זיינען געפאַלן אַ סך קרבנות פון די אַליאירטע אַרמייען. אין דער דאָזיקער מלחמה האָט סאַרמיענטאָ פאַר־לוירן זיין אַדאָפּטירטן זון און ליבלינג, דאָמינגיטאָ. סאַרמיענטאָ גופא איז

דעמאָלט געווען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. זיין שטיפזון דאָמינגיטאָ האָט זיך אָנגעשלאָסן פרייוויליק צו דער מלחמה קעגן פּאַראַגוויי און אין אַ שלאַכט אין קורופּאַיטי האָט אַ שפּליטער פון אַ באָמבע צעשמעטערט זיין פּוס (22טן סעפּטעמבער 1866) און ער איז אין עלטער פון 21 יאָר געשטאָרבן.

## סאַרמיענטאָ פּרעזידענט

גענעראַל מיטרע, ווי געזאָגט, האָט געמוזט איילינק פאַרלאָזן דעם קאַמפּס-פּלאַץ ווייל ס'איז געשטאָרבן דער וויצע פּרעזידענט דר. מאַרקאָס פּאַז, און ער האָט זיך מער נישט געקאָנט אומקערן, פאַרצוזעצן דעם קאַמף קעגן די פּאַראַגווייער, ווייל עס האָט באַלד אָנגעיאָגט די צייט ווען עס האָט זיך געענדיקט זיין רעגירונגס-פּעריאָד און ער האָט באַדאַרפט צו-גרייטן נייע וואַלן. ס'זיינען אַרויסגעשטעלט געווען דעמאָלט אייניקע קאַנ-דידאַטורן. עס האָבן דעמאָלט זיך באַטייליקט אין וואַל-קאַמף די אויטאָ-נאָמיסטישע פּאַרטיי, די נאַציאָנאַליסטישע און די פעדעראַלע פון אַי-נערן (אורקיסיסטן), און יעדע פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדערן קאַנדידאַט. די ערשטע האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון דר. אַדאָלפאָ אַל-סינאַ — גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס; די אַנדערע האָבן געהאַט אַלס קאַנדידאַט דעם דאָקטאָר רופינאָ דע עליסאַלדע; די דריטע האָבן געוואָלט אַז אורקיסאַ זאָל ווידעראַמאָל זיין פּרעזידענט; גרופּעס פון די אויטאָנאָמיסטן געשטיצט פון גרופּעס נאַציאָנאַליסטן האָבן אַרויס-געשטעלט די קאַנדידאַטור פון יונגען בארימטן סענאַטאָר דר. מאַנועל קינטאַנאַ, און ס'זיינען אויך געווען אַזעלכע וואָס וואָלטן וועלן אַז דער גרויסער אינטעלעקטואַל און אויטאָר פון „באַזעס", כואַן באַוטיסטאַ אַל-בערדי, זאָל דערוויילט ווערן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל-באַוועגונג האָט מיטרע זיך נאָך געפונען אַפן פראָנט און ער האָט פון פּאַראַגוויי אויס געשריבן צום רע-דאַקטאָר פון „לאַ נאַסיאָן אַרכענטינאַ" דר. כאָסע מאַריאָ גוטיערעז, זיין מיינונג איבער די קאַנדידאַטן און זיך דאָרט אויסגעדריקט: „מיט איין אָנדיימונג וואָלט איך געקאָנט אַנטשיידן דאָס פּרעזידענציאַלע פּראָבלעם, אָבער איך וויל מיך אָפּהאַלטן פון מישן זיך אינעם וואַל-קאַמף". ס'איז אויך אמת געווען אַז ער וואָלט לייכט געקאָנט ווירקן אַז דער קאַנדידאַט וועלכן ער וואָלט וועלן האָבן אַלס נאָכפאָלגער, דר. עליסאַלדע, זאָל זיגן. ער האָט אָבער הייליק געהאַלטן זיין פאַרשפּרעכן און זיך אַבסאָלוט נישט געמישט אינעם וואַל-קאַמפּיין. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז קיין איינער פון די אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַטן האָט נישט די פולסטע סימ-

פּאַטיע אין גאַנצן לאַנד. די אינערלעכע פּראָווינצן זיינען געווען קעגן אַל־סינאַ און קעגן אורקיסאַ. עליסאַלדע האָט אויך נישט געהאַט קיין גרויסע שאַנסן. און גאַנץ פּלוצים, קורץ פאַר די וואַלן איז אַרויפגעשוואָומען די קאַנדידאַטור פון געוועזענעם גובערנאַטאָר אין סאַן כואַן און שפּעטער־דיקן אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ. ווען דאָס איז געמאָלדן געוואָרן האָט אַלסינאַ באַלד צוריקגעצויגן זיין קאַנ־דידאַטור. און אַט אַזוי האָט געזיגט מיט אַ מערהייט די קאַנדידאַטור פון־נעם פאָלקס־מענטש, לערער, דיפּלאָמאַט און פּאָליטיקער **דאָמינגאָ פאַוס־טינאָ סאַרמיענטאָ.** אין יענעם מאָמענט איז סאַרמיענטאָ געווען אינערן מיניסטער אין מיטרעס רעגירונג. אַלס וויצע פּרעזידענט איז אויסגע־קליבן געוואָרן דר. אַדאָלפאָ אַלסינאַ, געוועזענער גובערנאַטאָר פון בוע־נאָס איירעס.

אין מיטן אויגוסט 1868 איז זיך צוזאַמענגעקומען דער קאָנגרעס צו אַ פּלענאַרער זיצונג און נאָכן איבערקוקן די שטימען האָט דער פּאָרזיצער וואַלענטין אלסינאַ פּראָקלאַמירט סאַרמיענטאָן אַלס פּרעזידענט און אַדאָל־פאָ אַלסינאַ אַלס וויצע.

סאַרמיענטאָ, וועלכער איז געווען אַן אינטימער פריינט פון מיטרע אין צייט פון דער צוזאַמענאַרבעט אין גלות קעגן ראָסאַס און אין דער אַרבעט פון נאַציאָנאַלער רעאָרגאַניזאַציע, האָט באַלד אַרויסגעוויזן זיין רוגז צו מיטרע איבער דעם, ווייל דער לעצטער האָט געשטיצט די קאַנ־דידאַטור פון עליסאַלדע, און ער האָט דעריבער באַם צוזאַמענשטעל פון זיין מיניסטאָרן קאַבינעט נישט אַריינגענומען קיין איינעם פון מיטרעס פּאָליטישע פריינט. אין דער נייער רעגירונג זיינען אַריין דאַלמאַסיאָ וועלעז סאַרספּיעלד אַלס אינערן; דר. מאַריאַנאָ וואַרעלאַ, אויסערן; דר. כאַסע בענכאַמין גאָראָסטיאַגאַ, פינאַנצן; דר. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ, יוסטיץ, בילדונג און קולטור; און קאָראָנעל מאַרטין דע גאַנסאַ אַלס קריגס און פלאָט מיניסטער. אין לויף פון די זעקס יאָר פּרעזידענץ זיינען פאָרגעקו־מען אייניקע ענדערונגען אין סאַרמיענטאָס רעגירונג. אין 1870 האָט דר. וואַרעלאַ זיך צוריקגעצויגן און זיין אַמט האָט פאַרנומען דר. קאַרלאָס טעכעדאָר, און אין זעלבן יאָר האָט זיך אויך צוריקגעצויגן דר. גאָראָס־טיאַגאַ און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַלס פינאַנץ־מיניסטער דר. לואיס ל. דאָמינגעז און שפּעטער סאַנטיאַגאָ קאָרטינעז. אין 1873 האָבן זיך צוריק־געצויגן דר. וועלעז סאַרספּיעלד און דר. אַוועזשאַנעדאַ און זייערע פּלעצער זיינען פאַרנומען געוואָרן דורך דר. אולאַדיסלאַאָ פריאַס אַלס אינערן און דר. כואַן ק. אַלבאַראַסין אַלס יוסטיץ און בילדונגס־מיניסטער.

סיי דער פּרעזידענט סאַרמיענטאָ און סיי זיינע מיניסטאָרן האָבן גע־אַרבעט מיט גרויס איבערגעבנקייט פאַרן פּראָגרעס פון לאַנד. באַזונדערס

אויסגעצייכנט האָט זיך די רעגירונג אין דער בילדונג און דערציאונג. ס'זיינען געעפנט געוואָרן אַ סך שולן אין גאַנצן לאַנד און ס'זיינען געגרינדעט געוואָרן ביבליאָטעקן. ס'איז דורכגעפירט געוואָרן דער ערשטער צענז אין לאַנד (1869); ס'איז געגרינדעט געוואָרן די מיליטער־שול (1870) אין דעם פּאַלאַץ פון ראָסאַס אין פּאַלערמאָ; ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין קאָרדאָבאַ אַן אַסטראָנאָמיש אָבסערוואַטאָריום; ס'איז דערעפנט געוואָרן די באַן־ליניע צענטראַל אַרכענטינאַ פון בוענאָס איירעס ביז קאָרדאָבאַ (1870) און ס'איז אין דער לעצטער דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע נאַציאָנאַלע אויסשטעלונג פון אַרגענטינער אינדוסטריע (1871); ס'איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער פלאָט, און ס'זיינען באַשטעלט געוואָרן די קריגסשיפן „על פּלאַטאַ" און „לאָס אַנדעס" (קרייצערס) און „פּאַראַנאַ" און „אורוגוויי" (קאַנאָנען־שיפן).

די גאַנצע צייט פון זיין פּרעזידענץ־פּעריאָד האָט סאַרמיענטאָ געהאַט קעגן זיך פּאָליטישע שונאים, אָפענע און באַהאַלטענע. מיטרע, קינטאַנאַ, טאָרענט און נאַראַניאָ האָבן כסדר ביטער געקעמפט אין סענאַט קעגן סאַרמיענטאָ אַלע זעקס יאָר פון זיין פּרעזידענץ. אין זיין רעגירונגס

## דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ
(1811 - 1888)



Domingo Faustino Sarmiento

דער גרויסער שטאַטסמאַן סאַרמיענטאָ, דער דערציער, שרייבער, פּאָליטיקער און פּרעזידענט איז געבוירן אין סאַן כואַן אין 1811. ער איז שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן דיקטאַטאָר ראָסאַס און געמוזט אַנטלויפן קיין טשילע. דאָרט האָט ער געעפנט און געגרינדעט צייטונגען און דאָרט האָט ער אויך דערלערנט שפּראַכן ווי פראַנצויזיש, ענגליש, איטאַליעניש און פּאָרטוגעזיש. ער האָט אויך שפּעטער באַרייזט אייראָפּע און נאָרד־אַמעריקע און זיך באַקאַנט מיט פאַרשידענע דערציאונגס סיסטעמען.

נאָכן פאַלן פון ראָסאַס, צו וועלכן סאַרמיענטאָ האָט מיטגעהאָלפן מיטן שווערד אין האַנט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער לאַנד־פּאָליטיק, איז געווען סענאַטאָר, מיניסטער און גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן. שפּעטער איז ער געווען דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער אין פּערו, טשילע און נאָרד־אַמעריקע און 1868 געוואָרן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. סאַרמיענטאָ איז געשטאָרבן דעם 11טן סעפּטעמבער 1888 אין אָרימקייט אין אַסונסיאָן, פּאַראַגוויי.

פּעריאָד, אין 1871, האָט פּלוצים אויסגעבראָכן אין דער שטאָט בוענאָס איירעס אַ שרעקלעכע עפּידעמיע פון געלן פיבער און ס'זיינען אין לויף פון פינף חדשים אומגעקומען איבער דרייצן טויזנט פּערזאָנען.

## אויפשטאַנד אין ענטרע ריאָס

כאָטשע דאָס לאַנד האָט געלעבט אין פולער רו און אין נאַציאָנאַלער איינהייט, געבונדן צו דער קאָנסטיטוציע, זיינען דאָך נאָך געווען קאַדיזשאָס וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט לאָזן צוימען.

אין ענטרע ריאָס איז אין אַפּריל 1870 אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, אָנגעפירט פון לאָפּעז כאָרדאַן קעגן דעם גובערנאַטאָר פון יענער פּראָווינץ, גענעראַל אורקיסאַ, און דעם 11טן אַפּריל איז דער גרויסער מלוכה מאַן, דער זיגער פון קאַסעראָס, דערמאָרדעט געוואָרן אין זיין וואוינונג אין סאַן כאָסע. ס'זיינען אויך דערמאָרדעט געוואָרן אין פאַרשידענע ערטער פון פּראָווינץ ענטרע ריאָס אייניקע פריינט, קרובים און אויך צוויי זין פון אורקיסאַ: וואַלדינאָ און כוסטאָ.

די לעגיסלאַטור פון ענטרע ריאָס האָט דאָס אַלעס גוטגעהייסן און האָט פּראָקלאַמירט דעם אָנפירער פון אויפשטאַנד, ריקאַרדאָ לאָפּעז כאָרדאַן, אַלס גובערנאַטאָר.

דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט זיך דעמאָלט געפונען אַף אָפּרו.

סאַרמיענטאָס רעגירונג האָט באַלד אָנגענומען מיטלען צוריקצושטעלן די אָרדנונג אין דער אויפגערודערטער פּראָווינץ און דעקרעטירט אַ מיליטערישע אינטערווענץ. ס'זיינען געשיקט געוואָרן מיט צוויי שיפן נאַציאָנאַלע טרופּן אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל עמיליאָ מיטרע. אָבער די לעגיסלאַטור און רעגירונג פון ענטרע ריאָס האָבן דערקלערט אַלס אומבאַרעכטיקט די אינטערווענץ, און באַשולדיקט די נאַציאָנאַלע רעגירונג אַז זי פאַרלעצט די אויטאָנאָמיע פון די פּראָווינצן. לאָפּעז כאַרדאַן האָט באַלד מאָביליזירט די גוואַרדיע און אָרגאַניזירט אַן אַרמיי פון צען טויזנט מאַן אַף אָנצופירן מלחמה קעגן בוענאָס איירעס. די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט דאַרויף געענטפערט מיט מלחמה. ענטרע ריאָס איז דערקלערט געוואָרן אין באַלאַגערונג צושטאַנד און ס'זיינען מאָביליזירט געוואָרן אַרמייען אין די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע און קאָריענטעס. אַלס שעף קאָמאַנדאַנט איז באַשטימט געוואָרן דער גענעראַל כאָסע מיגעל אַררעדאָנדאָ, און זיינע דיוויזיעס זיינען צו גלייכער צייט אַריינגעדרונגען דורך דריי זייטן אין פּראָווינץ ענטרע ריאָס. דאָס ערשטע איז פאַרנומען געוואָרן די דעמאָלסטיקע הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי. דער גובערנאַטאָר איז אַנטלאָפן אין אינערן

פון דער פּראָווינץ און מאָביליזירט צום קאַמף אַ סך מיליטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף וואָס האָט געדויערט כמעט אַ יאָר. לאָפּעז איז געשלאָגן געוואָרן אין סאַוסע באַם פּאַראַנאַ, אָבער ער איז מיטן רעשט מיליטער אַנטלאָפן און צוריק פאַרכאַפּט זיין הויפּטשטאָט און דער־נאָך גוואַלעגואַיטשו.

דאָס נאַציאָנאַלע מיליטער האָט דערנאָך צעקלאַפּט די רעבעלן אין דיאַמאַנטע, טאַלאַ, ווירשאַ אורקיסאַ און צולעצט אין סאַנטאַ ראָסאַ. פון דאָרט איז לאָפּעז כאָרדאַן אַנטלאָפן קיין פּראָווינץ קאָריענטעס, און דער גובערנאַטאָר פון יענער פּראָווינץ, קאָראָנעל סאַנטיאַגאָ באַיביענע, אָנ־פירנדיק אַ שטאַרקע אָפּטיילונג נאַציאָנאַל מיליטער, האָט אַטאַקירט און ענדלעך געמאַכט אַ סוף צו דער רעבעלישער מאַכט פון ענטרע ריאָס אין אַ שלאַכט אין ניאַמבעי, דעם 26טן יאַנואַר 1871. דער קאַודיזשאָ לאָפּעז



דאָס הויז פון סאַרמיענטאָ אין בוענאָס איירעס אױף קוזשאָ איצט סאַרמיענטאָ 1251

כאָרדאַן איז אַנטלאָפן קיין בראַזיל, אָבער פון דאָרט אויס האָט ער גע־שפּינען אַ פּאָדעם פאַר אַ נייעם אויפשטאַנד.

די אינטערווענירטע פּראָווינץ איז געבליבן באַרואיקט און ס'זיינען אַנטוואַפנט געוואָרן די רעבעלן, נאָר דער קאַודיזשאָ האָט ווייטער אָנגע־האַלטן די העצע און געשטאַנען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט זיינע אָנהענגער.

אין 1873 האָט לאָפּעז כאָרדאַן זיך אומגעקערט קיין ענטרע ריאָס, און דאָ האָט ער באַלד געשאַפן אַ נייע מחנה מאָנטאָנעראָס און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער אויפשטאַנד. סאַרמיענטאָ האָט ווידעראַמאָל דעקרעטירט די אינטערווענץ, האָט מאָביליזירט די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע

און עס האָט זיך ווידעראַמאָל אָנגעהויבן אַ בלוט-פאַרגיסונג אין ענטרע ריאָס. דער פּרעזידענט סאַרמיענטאָ האָט זיך געלאָזט פּערזענלעך צו דער אינטערווענירטער פּראָווינץ.

## אַטענטאַט קעגן סאַרמיענטאָ

די כּאָרדאַניסטן, דאָס הייסט די אָנהייגער פון לאָפּעז כּאָרדאַן, האָבן נאָך אַלץ געהאָפט צו זיגן און צוריק איינשטעלן יענעם גוטן רעזשים פון אַמאָליקע צייטן פון דער קאַודיזשאָ-הערשאַפט, אין נישט קאָנענדיק זיגן מיליטעריש, האָבן זיי געוואָלט באַנוצן דאָס אַלטע מיטל פון מאָרד.

דעם 23טן אויגוסט 1873 איז דורך דריי געדונגענע מערדער געמאַכט געוואָרן אַן אַטענטאַט אַף סאַרמיענטאָ, בשעת ער האָט זיך געפונען 9 אַזייגער אין אָוונט אַפן וועג פון זיין הויז אַף מאַיפּו צווישן מוקומאַן און טעמ-



דער אַטענטאַט אַף סאַרמיענטאָ

פּלע (היינט וויאַמאָנטע) אַפן וועג צו קאָנגאַזשאָ, וואו ס'האָט געוואוינט ווע'לעז. ער איז געפאָרן אין זיין קאַרעטע און ס'זיינען אָפגעפייערט געוואָרן אַ פּאָר שאָס אַף דער קאַרעטע. די פערד האָבן אַביסל זיך דערשראָקן, אָבער באַלד ווייטער געפאָרן. סאַרמיענטאָ גופא האָט דאָס שיסעריי נישט געהערט און פון גאָרנישט געוואוסט. זיין געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט אַ פּאַרלאַמענטאַרישן ענין. ערשט ווען ער איז געקומען אין הויז פון

וועלעז סארספיעלד איז ער געוואר געווארן אז ס'איז געמאכט געווארן אן אטענטאט אף אים, און אז צוויי פון די אטענטאטארס זיינען ארעסטירט. איינער פון די אטענטאטארס האט אומגליקלעך געשאסן, אז די רעוואל־ווער קויל האט אים אליין געטראפן און ער איז פארוואונדעט געווארן.

עס האט זיך ארויסגעשטעלט אז ס'זיינען דורכן קארדאניסטישן לי־דער דר. קארלאס קערענסיא, וועלכער האט זיך אויפגעהאלטן אין מאנ־טעווידעא, געדונגען געווארן דריי איטאליענישע יונגעלייט, נארוואס גע־קומענע אימיגראנטן, אז זיי זאלן דורכפירן דעם מארד. דאס זיינען געווען די ברידער פראנציסקא און פעדרא גערי און לואיס קאסימירא. זיי האבן באקומען דעם אויפטראג צו שיסן מיט רעוואלווערס אין ווען דער מארד וועט נישט געלונגען זאלן זיי באנוצן מעסערס. די באשטעלונג צום אטענ־טאט האט געמאכט אקילעס סעגאברוגא, דער געהיים־אגענט פון קאר־דאניסטישן לידער, און ער האט זיי פארשפראכן א באלוינונג פון צען טויזנט פעזעס, אויסצוצאלן אין מאנטעווידעא, נאך דער אויספירונג פו־נעם מארד. ס'איז דערביי די מערדער פארזיכערט געווארן אז אין פאל זיי וועלן ארייבפאלן אין פאליציייאישע הענט וועט מען זיי ארויסנעמען פון טורמע און מיט א שיפל אריבערפירן קיין מאנטעווידעא און דארט וועלן זיי באקומען די צען טויזנט פעזעס.

אין דער צייט ווען ס'איז אין בוענאס איירעס אנגעגאנגען דער פראצ־צעס קעגן די ברידער געררי איז סעגאברוגא דערמארדעט געווארן אין מאנטעווידעא דורך דר. קערענסיא און דער לעצטער איז באלד אנטלאפן.

דעם 9טן דעצעמבער 1873 האט דאס נאציאנאלע מיליטער אונטער דער קאמאנדע פונעם קריגס מיניסטער גענעראל גאינסא געגצלעך בא־זיגט די מחנה פון לאפעז קארדאנא אין א שלאכט אין דאן גאנסאלא. דער קאודיזשא איז אנטלאפן דאסמאל קיין אורוגוויי און צוגעגרייט א דריטן אויפשטאנד באוועגונג, און זי איז געווען שוין די לעצטע.

## דער ערשטער צענז

נאך א צייט פון זעכציק יאר זייט דער מאי־רעוואלוציע פון 1810 איז ערשט דורכגעפירט געווארן דער ערשטער אלגעמיינער, נאציאנאלער צענז אין לאנד, און דער דאזיקער צענז, וואס איז פארגעקומען אין די טעג פון 15טן ביזן 17טן סעפטעמבער 1869 אונטער דער רעגירונג פון סארמיענטא, האט באוויזן די גרויסע ארימקייט אין באפעלקערונג אין דער גרויסער רעפובליק.

נישט רעכנדיק די אינדיאנער זיינען געווען אין גאנצן לאנד 1.736.923 נפשות. פון דעם זיינען געווען אין דער הויפטשטאט בוענאס איירעס אליין

177.787 (וואָס מאַכט אויס איבער צען פּראָצענט פון דער גאַנצער באַ־פעלקערונג) און אין די דרייצן הויפּטשטעט פון אַלע אַנדערע פּראָווינצן צוזאַמען 127.356 נפשות. לויט יענעם צענז האָט די גאַנצע פּראָווינץ בוע־נאָס איירעס צוזאַמען מיט דער הויפּטשטאָט געהאַט בלויז 495.107 איינ־וואוינער, ענטרע ריאָס 134.271, סאַנטאַ פע 89.117, קאָרדאָבאַ 210.508, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ 132.898, טוקומאַן 108.953, סאַן לואיס 53.294, מענדאָזאַ 65.413, סאַן כואַן 60,319, לאַ ריאָכאַ 48.746, קאַטאַמאַרקאַ 79.962, סאַלטאַ 88.933 און כוכוי 40.379.

ס'זיינען לויטן צענז דעמאָלט געווען 6.276 סאָלדאַטן אין דער מלחמה מיט פּאַראַגוויי און 41.000 אַרגענטינער אין אויסלאַנד.

אין גאַנצן לאַנד זיינען געווען בשעת יענעם צענז 181 שטעט, שטעט־לעך און דערפער, פון זיי בלויז זיבן שטעט מיט איבער צען טויזנט איינוואוינער, פון זיי סאַנטאַ פע 10.670, קאָריענטעס 11.218, קאָרדאָבאַ 28.523, טוקומאַן 17.438, סאַלטאַ 11.716, און ראָזאַריאָ 23.419 איינ־וואוינער. די דערפער זיינען באַשטאַנען פון אַ פּאָר צענדליק ראַנטשאָס. די גאַנצע פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט געהאַט 78.638 הייזער, פון זיי 50.803 הילצערנע, אַ סך פון זיי געדעקט מיט שטרויענע דעכער.

סאַרמיענטאָ האָט אין איינער פון זיינע רעדעס אָנגעוויזן אַז דאָס לאַנד איז פעאיק אויפצונעמען אַ ריזיקע אימיגראַציע און קאָן אויס־האַלטן אַ באַפעלקערונג פון הונדערט מיליאָן איינוואוינער. דיזאַזיקע באַ־הויפטונג האָבן זיינע פּאָליטישע קעגנער אָפּגעחוזקט און שפּעטער באַ פאַרשידענע געלעגנהייטן אים באַטיטלט אַלס מאַן „פון די הונדערט מי־ליאָן".

מיט דער צייט איז געקומען אַ באַדייטנדער צוזוואוקס דורך דער אימיגראַציע און דורך די געבורטן אין לאַנד, און אין יאָר 1895 זיינען שוין געווען אין לאַנד אַרום פיר מיליאָן, אין 1910 אַרום זיבן מיליאָן און איצט (1944) איבער פערצן מיליאָן.

די אינדיאַנער באַפעלקערונג איז אין 1869 באַשטאַנען פון 45.291 אין טשאַקאָ, 3.000 אין מיסיאָנעס, 24.000 אין פּאַטאַגאָניע און 21.000 אין פּאַמפּאַ.

## די אַרגענטינער פּרעסע

אינעם רעגירונגס־פעריאָד פון פּרעזידענט סאַרמיענטאָ האָט זיך אָנ־געהויבן אַנטוויקלען דאָס צייטונגס־וועזן אין לאַנד. ס'זיינען געגרינדעט געוואָרן מערערע צייטונגען, וועלכע האָבן אין לויף פון די יאָרן זיך אַנט־וויקלט און זיינען אויסגעוואַקסן צו פּרעסטיזשפולע אָרגאַנען פון גרויסן

פאַרנעם, מיט אַ נאָמען און אָנזען ווייט און ברייט אויסער די גרעניצן פון לאַנד.

כאָסע ק. פאַז האָט געגרינדעט די „לאַ פּרענסאַ" און דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 18טן אָקטאָבער 1869, און גענעראַל באַרטאָ־לאָמע מיטרע האָט געגרינדעט באַלד די „לאַ נאַסיאָן" און דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 4טן יאַנואַר 1870 אונטערן נאָמען „לאַ נאַ־סיאָן אַרכענטינאַ". די „דייטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" אָרגאַן פון דער דייטשער קאָלעקטיווױטעט האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1870 און „על קאָררעאָ עספּאַניאָל" אָרגאַן פון דער שפּאַנישער קאָלעקטיוויטעט איז גע־גרינדעט געוואָרן אין יולי 1872.

די לאַנד־פּרעסע איז מיט דער צייט גוואַלדיק אויסגעוואַקסן און עס דערשיינען איצט טאָג־צייטונגען, וואָכנבלעטער, האַלב־מאָנאַטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבעס אין די הונדערטער אין אַלע ווינקלען פון דער רעפּובליק. דעם אויבנאָן פאַרנעמען נאָך אַלץ די צוויי גרויסע טאָג־צייטונגען פון הויפּטשטאָט „לאַ פּרענסאַ" און „לאַ נאַסיאָן".

אידישע אויסגאַבעס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען ערשט אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט, און עס דערשיינען איצט צוויי גרויסע אידי־שע טאָג־צייטונגען („די אידישע צייטונג" געגרינדעט נאָוועמבער 1914 און „די פּרעסע" געגרינדעט דעם 1טן יאַנואַר 1918) און אַ גאַנצע רייע אַנדערע אויסגאַבעס, וועכנטלעכע, מאָנאַטלעכע און פּעריאָדישע.

באַ דער פייערונג פון איר 75טן אַניווערסאַר, דעם 18טן אָקטאָבער 1944, איז „לאַ פּרענסאַ" באַגריסט געוואָרן פון דער גאַנצער לאַנד־פּרע־סע און פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער און נאָרד־אַמעריקאַנער פּרעסע, און פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון לאַנד און אויסלאַנד, צווישן זיי פון די פּרעזידענטן און מיניסטאָרן פון די אַמעריקאַנער לענדער; פון בערנאַרד שאָו, אַלבערט איינשטיין און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון אַמעריקע און אייראָפּע. אויך די פייערונג פונעם 75טן אַניווערסאַר פון „לאַ נאַסיאָן" אָנהויב יאַנואַר 1945, איז אויף זעלבן אופן באַגריסט און גע־פייערט געוואָרן.

## קאַמף מיט די אינדיאַנער

אין 1872 האָט סאַרמיענטאָ געפּרואווט אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן די אינדיאַנער אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, רעכנדיק זיי אַף אַ פרייד־לעכן אופן אַריינצוציען אין נאַציאָנאַלן לעבן. ס'איז אַרויסגעשיקט גע־וואָרן אַ מיליטערישע קאָמיסיע צו אַקטואירן אין דעם זין פון פאַרשטענ־דיקונג, אָבער דער קעמפערישער קאַציק קאַלוואוקורא, נישט האָבנדיק קיין צוטרוי צו די ווייסע האָט אָרגאַניזירט זיינע אינדיאַנער צום קאַמף

און אונטערגענומען אַן אינוואַזיע אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און זיינע
אינדיאַנער האָבן אונטערגעצינדן און פאַרניכטעט אַלעס וואָס זיי האָבן
געטראָפן אין וועג און אויך פאַרנומען 150.000 שטיק פי און 500 געפאַנ-
גענע. קאַלוואַוקורא האָט זיך דערנאָך באַפעסטיקט אין סאַן קאַרלאָס,
איצטיקער געגנט פון באָליוואַר און עס האָבן געקעמפט קעגן אים נאַ-
ציאָנאַל מיליטער און די אינדיאַנער פון די פריינטלעכע קאַציקן קאַטריעל
און קאַליקעאָ. ס'איז פאַרגעקומען דאָרט איינע פון די בלוטיקסטע שלאַכ-
טן. אין יענער מלחמה זיינען באַנוצט געוואָרן אַלע וואָפן-סאָרטן: שפּיזן,
ביקסן, שווערדער, מעסערס, שטריק מיט קײלעכלעך (באָלאַס) און אויך
אַרטילעריע. די אינדיאַנער פון קאַלוואַוקורא האָבן געקעמפט פאַרצווייפלט
און פלעגן אַרויסלאָזן געשרייען יאַ-יאַ-יאַ; יאַאַ-יאַאַ-יאַאַ; יאַאַאַ-יאַאַאַ!
מיט אַזאַ שטורעם אַז ס'האָט געמאַכט ציטערן די פערד פון דער נאַציאָ-
נאַלער קאַוואַלעריע. צולעצט זיינען יענע אינדיאַנער באַזיגט געוואָרן און
דער קאַציק מיט זיין רעשט איז אַנטלאָפן צו סאַלינאַס גראַנדעס, מיט-
שלעפנדיק אַ מייל פון צוגערויבטן פי. זיי האָבן אָבער געלאָזט 70.000
קי, 15.000 פערד און אַלע שאָף און אויך הונדערטער אינדיאַנער טויט און
פאַרוואונדעט.

## אונטערדריקט אַ מיטריסטישע רעוואָלוציע

דער רעגירונגס-פּעריאָד פון סאַרמיענטאָ איז געווען פון גרויסער באַ-
דייטונג פאַרן אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון לאַנד. אונטער סאַרמיענטאָס רע-
גירונגס-צייט איז געענדיקט געוואָרן די מלחמה מיט פּאַראַגוויי און סאַר-
מיענטאָ האָט געשיקט גענעראַל מיטרע מיט דער דיפּלאָמאַטישער מיסיע
קיין בראַזיל צו דערליידיקן די חשבונות פונעם דריי-בונד; ס'איז פאַר-
וואַנדלט געוואָרן די רעזידענץ פון ראָסאַס אין פּאַלערמאָ אין אַ פּאַלקס-
פּאַרק און שפּאַציר-פּלאַץ; ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון
בויען אַ פּאָרט; ס'איז ברייט אַנטוויקלט געוואָרן דאָס שול-וועזן און עס
זיינען דורכגעפירט געוואָרן פאַרשידענע אַנדערע נוצלעכע אַקציעס, וואָס
זיינען דערמאָנט געוואָרן שוין פריער, און דאָס אַלץ אונטער אַ שטענדי-
קער און שאַרפער קריטיק פון די פּאָליטישע שונאים פון גרויסן פּרע-
זידענט.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער מאָמענט פון נייע וואַלן האָט זיך
אויפגעהויבן ווידעראַמאָל אַ שטאַרקער וואַל-קאַמף, אין וועלכן באַרטאָ-
לאָמע מיטרע האָט געשפּילט אַ גרויסן ראָל.

צו די נייע וואַלן זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן מערערע קאַנדידאַ-
טן פון די פאַרשידענע פּאַרטייען, אָבער צולעצט זיינען געבליבן בלויז
צוויי קאַנדידאַטן: גענעראַל מיטרע און דר. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ.

דער געוועזענער פרעזידענט מיטרע איז געשטיצט געוואָרן פון דער נאַציאָנאַליסטישער און פעדעראַליסטישער פּאַרטיי און אַוועזשאַנעדאַ האָט געהאַט די שטיצע פון די ליבעראַלן און די אינטעליגענץ. דר. אַוועזשאַנעדאַ איז געווען יוסטיץ און בילדונגס־מיניסטער אין סאַרמיענטאָס רעגירונג און זיך אויסגעצייכנט אַלס גלענצענדער פובליציסט און אָראַטאָר.

די פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט אַרויסגעשטעלט אייניקע קאַנדידאַטורן, צווישן זיי דעם גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ, מאַריאַנאָ אַקאָסטאַ, אַלס פּרעזידענט און אַדאָלפאָ אַלסינאַ אַלס וויצע, געשטיצט פון די אויטאָנאָמיסטן; באַרטאָלאָמע מיטרע אַלס פּרעזידענט און כואַן עופּעביא טאָרענט אַלס וויצע, געשטיצט פון די נאַציאָנאַליסטן; דר. אַוועזשאַנעדאַ געשטיצט פון די אויטאָנאָמיסטן און ליבעראַלן. מיטרע האָט געהאַט גוטע אויסזיכטן אין אייניקע פּראָווינצן, צווישן זיי אין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און סאַן כואַן.



סאַרמיענטאָ דערעפנט אַ פּאַרלאַמענטאַרישן זיצונגס־פּעריאָד אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס

נאָכן דורכפירן די פּאַרלאַמענט וואַלן אין אַפּריל 1874, און נאָך דעם ווי אַדאָלפאָ אַלסינאַ האָט צוריקגעצויגן זיין קאַנדידאַטור, צו גונסטן פון אַוועזשאַנעדאַ, האָט באַם אָפּגעבן די שטימען מצד די עלעקטאָרן זיך אַרויסגעוויזן אַז אַוועזשאַנעדאַ האָט אַ ריזיקע מערהייט. דער סקרוטיניום אין קאָנגרעס צוויי חדשים נאָך די וואַלן האָבן געגעבן פאָלגענדן רעזול־

טאַט: פאַר פּרעזידענט — ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ 146 שטימען (פון די פּראָווינצן ענטרע ריאָס, קאָריענטעס, סאַנטאַ פע, קאָרדאָבאַ, סאַן לואיס, מענדאָזאַ, לאַ ריאָכאַ, קאַטאַמאַרקאַ, סאַלטאַ, כוכוי, טוקומאַן און איין שטימע פון סאַנטיאַגאָ); באַרטאָלאָמע מיטרע 79 שטימען (פון די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, סאַן כואַן און זעכצן פון סאַנטיאַגאָ). דיזעלבע צאָל שטימען האָבן באַקומען די קאַנדידאַטן אַף וויצע פּרעזידענט מאַריאַנאָ אַקאָסטאַ און דר. טאָררענט.

קעגן דאָזיקן וואַל-רעזולטאַט האָט זיך אויפגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, באַהויפּטנדיק אַז ס׳איז באַגאַנגען געוואָרן אַ שווינדל. די פריינט און אָנהענגער פון מיטרע, ציווילע און מיליטערישע, האָבן זיך געגרייט צו אַן אויפשטאַנד.

גענעראַל מיטרע האָט געבעטן זיין באַפרייאונג פון מיליטער דינסט און אָפּגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ. ער האָט דאָרט אין אַ פּראָקלאַמע באַרעכטיקט דעם אויפשטאַנד קעגן די פאַלשע וואַלן, אָבער צו גלייכער צייט האָט ער דערקלערט, אַז נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע וויל ער פאַר קיין פאַל נישט אַז ס׳זאָל אַרויסגעשטעלט ווערן זיין קאַנדידאַטור.

אין זיד פון בוענאָס איירעס האָט גענעראַל ריוואַס און אין מערב פון דער פּראָווינץ האָט גענעראַל אַרעדאָנדאַ אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלוציע. עס האָט זיך אויך אומגעקערט באַלד פון מאָנטעווידעאָ גענעראַל מיטרע צו באַטייליקן זיך אין אויפשטאַנד. ער האָט דערקלערט אַז „ס׳איז בעסער די ערגסטע לעגאַלע וואַלן איידער די בעסטע רעוואָלוציע, אָבער די נאָר וואָס דורכגעפירטע וואַלן זיינען אַ פאַרלעצונג און אַ מיסברויך פונעם וואַל-אַקט דורך אַ פאַרבינדונג פון די גובערנאַטאָרס צו גונסטן אַ באַשטימטער לייזונג". די מיטריסטן האָבן געהאַלטן אַז בײַ די וואַלן איז אַוועזשאַנעדאַ געשטיצט געוואָרן פון די פּראָווינצן וואָס זיינען ביז נישט לאַנג צוריק געווען רעאַקציאָנערע.

די לאַגע איז געוואָרן געפערלעך און די רעגירונג האָט באַלד דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און זיך געגרייט צו אַ ווידערשטאַנד. דעם 24טן סעפּטעמבער 1874, דאָס הייסט 18 טעג פאַרן איבערנעמען די פּרעזידענץ מצד אַוועזשאַנעדאַ האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע. גענעראַל מיטרע וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מאָנטעווידעאָ האָט אָנגעפירט אַ מיליטער טייל, בײַ די ברעגן פון טויו, פּראָווינץ בוענאָס איירעס און זיך געלאָזט צו מערב, אַף צו דערגרייכן דעם גענעראַל אַרעדאָנדאָ און דער לעצטער האָט זיך געלאָזט אין אַ מאַרש צום אינערן, צו קאָנען צוזאַמען מיט מיטרען גיין אַף בוענאָס איירעס.

# פּרעזידענט אַװעזשאַנעדאַ

נישט געקוקט אַף דער אױסגעבראָכענער רעװאָלוציע האָט דר. ני־קאָלאַס אַװעזשאַנעדאַ איבערגענומען דעם 12טן אָקטאָבער 1874 די פּרעזידענץ. שפּעטער מיט אַ פּאָר װאָכן האָט דאָס נאַציאָנאַלע לאַיאַלע מיליטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָראָנעל אַריאַס אָפּגעהאַלטן אין לאַ װערדע אַ זיג איבער מיטרעס מיליטער (26טן נאָװעמבער), און דער גענעראַל אַרעדאָנדאָ איז באַזיגט געװאָרן (7טן דעצעמבער) אין סאַנטאַ ראָסאַ, פּראָװינץ מענדאָסאַ, דורכן מיליטער פון קאָראָנעל כוליאָ א. ראָקאָ.

די געפאַנגענע מיליטער־שעפן זײַנען געבראַכט געװאָרן קײן בוענאָס אײרעס. זײ זײַנען דאָ געמשפּט געװאָרן און באַקומען פאַרשידענע שטראָפן. די אױפרעגונג קעגן מיטרע איז געװען אַזױ גרױס אַז אײניקע מיטגלידער פון קריגס־ראַט האָבן געפאָדערט פאַר אים טױט־שטראָף.

דר. אַװעזשאַנעדאַ האָט זײַן מיניסטאָרן־קאַבינעט צוזאַמענגעשטעלט װי פאָלגט: אינערן דר. סימאָן דע איריאָנדאָ; אױסערן פעליקס פריאַס און אַזױװי ער האָט זיך געפונען אין טשילע איז צײַטװײַליק באַשטימט געװאָרן דר. פּעדראָ אַנטאָניאָ פּאַרדאָ; פינאַנצן דר. סאַנטיאַגאָ קאָרטינעז; יוסטיץ און בילדונג דר. אָנעסימאָ לעגאַסימאָן; קריג און פלאָט דר. אַדאָלפאָ אַלסינאַ.

באַ די ערשטע זיצונגען פון קאָנגרעס 1875 האָט די רעגירונג צוגעשטעלט אַ פּראָיעקט פון אַמניסטיע, און דאָס האָט אַרױסגערופן שטורמישע דעבאַטן, באַ װעלכע עס האָבן זיך באַזונדערס אױסגעצײכנט די סענאַטאָרן פון סאַן כואַן — ראַװוסאָן און סאַרמיענטאָ. צולעצט איז דער פּראָיעקט אָנגענומען געװאָרן, אָבער דערמיט איז נישט באַרואיקט געװאָרן דער פּאָליטישער אױפברױז אין לאַנד.

דער ענטרע ריאָסער קאַודיזשאָ לאָפּעז כאָרדאַן, װעלכער האָט אָנגעפירט אױפשטאַנדן קעגן סאַרמיענטאָ, האָט איצט אױך אונטערגענומען אַן אַקציע (1876) קעגן אַװעזשאַנעדאַס רעגירונג. ס׳זײַנען פאָרגעקומען מערערע צוזאַמענשטױסן, און אין אַ שלאַכט דעם 7טן דעצעמבער 1876 האָט דאָס נאַציאָנאַלע מיליטער אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָראָנעל אַזשאַלאַ צעקלאַפּט די רעבעלן און דערמיט אַ סוף געמאַכט צו דער לעצטער רעבעלישער אַװאַנטורע פון לאָפּעז כאָרדאַן.

נאָך יענעם נײַעם זיג איבערן ענטרע ריאָסער קאַודיזשאָ האָבן די נאַציאָנאַליסטן און מיטריסטן זיך אָנגעהױבן באַװאָפּענען און צוגרײטן צו אַ נײַעם אױפשטאַנד, און עס װאָלט מעגלעך געקומען צו אַ געפערלעכער שחיטה, אָבער דער פּרעזידענט אַװעזשאַנעדאַ האָט עס דורך אַ דיפּלאָמאַטישן שריט אױסגעמיטן. ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן

מיטריסטישן שעף דר. כאָסע מאַריאַ מאַרענאָ און מיטן גובערנאַטאָר פון בוענאָס איירעס קאַרלאָס קאַסאַרעס און ס'איז באַשטימט געוואָרן צו האָבן אַ קאָנפערענץ מיט מיטרען. יענע קאָנפערענץ (1877) האָט אין לויף פון צוויי שעה פאַרענדיקט דעם קאָנפליקט. מיטרע און אַוועזשאַנעדאַ האָבן זיך באַלד פאַרשטענדיקט אין באַצוג די טענות פון ערשטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצוגעבן דעם קעגנזייטיקן קאַמף. גענעראַל מיטרע האָט פאַראָרדנט אַלע זיינע אָנהענגער אויפצוגעבן די צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד, אָבער ס'איז אים אָנגעקומען שווער דאָס צו דערגרייכן. ער האָט געמוזט האַנדלען גאַנץ ענערגיש אַף צו זיכערן די רו און אָרדנונג.

אין מיניסטאָרן-קאַבינעט פון אַוועזשאַנעדאַ זיינען פאָרגעקומען איי־ניקע ענדערונגען: אַפן אָרט פון דר. קאַרטונעז איז דעם 2טן אויגוסט 1875 געוואָרן פינאַנץ-מיניסטער לוקאַס גאָנסאַלעז; דעם 20טן מאַי 1876 איז אַריין אין מיניסטאָרן-קאַבינעט ראָבערטאָ דע לאַ ריעסטראַ און דעם 31טן אויגוסט פון זעלבן יאָר דר. וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ. אַזוויוזי פּעליקס פריאַס איז נישט געקומען איבערנעמען דעם פּאָסטן פון אויסערן מיניסטער איז באַשטימט געוואָרן אין דעם אַמט דר. בערנאַרדאָ דע אי־ריגאָזשען. די פּאַרטייען האָבן זיך באַמיט אויפצוהאַלטן דעם שלום, און מען האָט גערעכנט, אַז באַ די נעקסטע וואַלן זאָל אַרויסגעשטעלט ווערן די קאַנדידאַטור פון דר. אַדאָלפאָ אַלסינאַ אַלס פרעזידענט און אַ נאַציאָ־נאַליסט אַלס וויצע.

אין דער צייט פון דער פּרעזידענץ פון דר. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ איז באַנייט געוואָרן (1875) די באַן-ליניע צענטראַל-נאָרד ביז דער סטאַ־ציאָן רעקרעאָ און אַ יאָר שפּעטער פון רעקרעאָ ביז טוקומאַן. אין זיין צייט איז פאַרענדיקט געוואָרן דער גרעניץ-קאָנפליקט מיט פּאַראַגוויי, איבערגעבנדיק דעם ענין צום אַרביטראַזש פונעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן (1878). ס'איז אויך אין זיין צייט (1879) צום ערשטן מאָל אַרויסגעשיקט געוואָרן תבואה, 4.500 טאָנען, קיין אייראָפּע. זיין רע־גירונג האָט געפירט זיך זייער שפּאָרזאַם אין די הוצאות. אין 1878 איז דער בודזשעט פאַר דער מלוכה באַשטימט געווען 27 מיליאָן און אויס־געגעבן האָט מען בלויז 20 מיליאָן. אַוועזשאַנעדאַס רעגירונג האָט געהאַט דורכצומאַכן פּונקט ווי אַלע אַנדערע פריריקע, פּאָליטישע און עקאָנאָמי־שע קריזיסן, און מען איז זיי אַריבער. אַוועזשאַנעדאַ האָט שטאַרק גע־שטרעבט צו שלום אין אינערן און האָט עס אין אַ געוויסער מאָס דער־גרייכט דורך זיין פאַרשטענדיקונג מיט מיטרע. געקומען איז אַוועזשאַ־נעדאַ צום רעגירונגס-רודער אין מאָמענט פון אַ רעוואָלוציע, האָט ער גע־וואָלט אַז ענדיקן זאָל זי זיך אין שלום. אָבער ער האָט צום באַדויערן עס נישט געקאָנט דורכזעצן.

ווי ס'האָט זיך פריער שוין געזאָגט, איז געפּלאַנט געוואָרן מצד די פּאָליטישע פּאַרטייען אויפצוהאַלטן דעם „בירגערלעכן שלום" און אַרויסשטעלן באַ די נעכסטע וואַלן די קאַנדידאַטור פון אַלסינאַ אַלס פּרעזידענט און אַ נאַציאָנאַליסט אַלס וויצע. דער גורל האָט אָבער געוואָלט אַז דר. אַלסינאַ זאָל נישט דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל. ער איז געשטאָרבן סוף יאָר 1877 איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַל-קאַמפּיין, און דורך זיין טויט איז זיך צעפאַלן זיין אויטאָנאָמיסטישע פּאַרטיי און עס האָט זיך באַלד געבילדעט אַ נייע פּאַרטיי מיטן נאָמען „**רעפּובליקאַנער**".

## דעראָבערט די פּאַמפּאַ

דר. אַדאָלפאָ אַלסינאַ אַלס קריגס-מיניסטער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן וויאַזוי צו באַהערשן די אינדיער פון זיד. ס'זאָלן געמאַכט ווערן פּאָרטינען און אַ דעפענסיווע ליניע פון טראַנשייען וואָס זאָלן זיין איבער דריי מעטער ברייט און איבער צוויי מעטער טיף. עס האָבן געדאַרפט



Dr. Nicolás Avellaneda

### דר. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ
(1837 - 1885)

דער ערלעכער מלוכהמאַן אַוועזשאַנעדאַ איז געבוירן אין טוקומאַן 1837, אַלס זון פונעם שטאַטסמאַן און פּאָליטיקער מאַרקאָ אַוועזשאַנעדאַ, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ראָסיסטן. ער איז געווען אַ גרויסער יוריסקאָנסולט און זיך דערוואָרבן אַלס אַזעלכער אַ גרויסן נאָמען. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ איז געווען דעפּוטאַט אין דער לעגיסלאַטור פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, דערנאָך מיניסטער אין דער פּראָווינציעלער רעגירונג פון אַדאָלפאָ אַלסינאַ, דערנאָך בילדונגס-מיניסטער אין דער נאַציאָנאַלער רעגירונג פון סאַרמיענטאָ. ער האָט איבערגענומען די פּרעזידענץ דעם 12טן אָקטאָבער 1874 נאָך אַ שטורמישן קאַמף, אָבער זיין רעגירונגס-פּעריאָד איז געווען אַ מוסטערהאַפט פרידלעכער. אַוועזשאַנעדאַ האָט געשטיצט שטאַרק די אימיגראַציע, און אין לויף פון די זעקס יאָר פון זיין רעגירונגס-פּעריאָד זיינען געקומען אין לאַנד 270.000 אימיגראַנטן. געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1885. ער האָט זיך געהאַט געלאָזט קיין אייראָפּע צוליב קוראַציע, אָבער ער האָט זיך געמוזט שנעל אומקערן ווייל דער געזונט-צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט, און אַ טאָג איידער די שיף איז געקומען קיין מאָנטעווידעאָ איז דער גרויסער שטאַטס-מאַן געשטאָרבן.

אויסגעבויט ווערן 82 פאָרטינען און איבער 200 קילאָמעטער טראַנשייען (ברייטע גריבער). אַלסינאַ האָט אויך אונטערגענומען אַליין דעם קאַמפּיין קעגן די אינדיער, אָבער ער איז פּלוצים שווער קראַנק געוואָרן, ווען ער האָט זיך געפונען אינעם לאַגער פון קאַרהוע, און איז דעם 29טן דעצעמבער 1877 געשטאָרבן. די דעראָבערונג פון דער פּאַמפּאַ איז דורכגעפירט געוואָרן ערשט שפּעטער דורך גענעראַל ראָקאַ.

דער פּרעזידענט אַוועזשאַנעדאַ האָט באַשטימט דעם גענעראַל כוליאָ אַ. ראָקאַ אַלס קריגס און מאַרינע-מיניסטער אָפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם דר. אַלסינאַ, און גענעראַל ראָקאַ איז געווען מיט דער מיינונג אַז עס דאַרף אונטערגענומען ווערן אַ שאַרפע אָפענסיווע קעגן די אינדיאַנער און אויסברייטערן דעם גרעניץ ביז ריאָ נעגראָ.

ראָקאַ האָט שטודירט די קאַמפּס-מעטאָדן פון די אינדיאַנער אַ צייט פון פיר יאָר, און אָף צו באַזיגן זיי האָט ער אָנגענומען ענלעכע, נאָר שאַרפערע מיטלען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אנשטאָט אַרטילעריע איז וויכטיקער קאַוואַלעריע, און ער האָט צוגעגרייט סאָלדאַטן וואָס זאָלן אין קאַמף זיין פלינקער ווי דער אינדיאַנער. ער האָט אויך געזאָרגט אַז די סאָלדאַטן און פערד זאָלן נישט דאַרפן ליידן פון הונגער און דורשט אין דער פּאַמפּאַ.

די עקספּעדיציע וואָס גענעראַל ראָקאַ האָט צוגעגרייט איז באַשטאַנען פון פיר הויפּט-דיוויזיעס און צוויי סעקונדאַרע קאָלומנעס, וואָס זיינען אַרויס פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און אַ פינפטע דיוויזיע האָט באַדאַרפט אונטערנעמען אַן אַרויסמאַרש פון פּראָווינץ מענדאָזאַ.

דעם 16טן אַפּריל 1879 איז גענעראַל ראָקאַ אָפּגעפאָרן פון בוענאָס איירעס מיטן באַן ביז אַסול, וואו עס האָט זיך געענדיקט די ליניע, און פון אַסול איז ער צוגעפאָרן קיין קאַרהוע, וואו ס'איז איינגעאָרדנט געווען דער הויפּט-קוואַרטיר. דאָס מיליטער האָט זיך שוין געפונען אין די פאָרטינען באַם גרעניץ. דעם 25טן מאַי האָט גענעראַל ראָקאַ געמאָלדן דער רעגירונג אַז ער איז געקומען מיט אַ מיליטער טייל קיין טשאָעלע טשאָעל און ס'איז דאָרט געפייערט געוואָרן דער אַניווערסאַר פון דער רעוואָלוציע.

צום סוף פון אַכט חדשים איז דערגרייכט געוואָרן די „מיליטערישע ליניע" פון ריאָ נעגראָ, און ס'איז דעראָבערט געוואָרן 400.000 קוואַדראַט מעטער לאַנד.

שפּעטער זיינען באַשטימט געוואָרן די נייע גרעניצן, די נאַציאָנאַלע און פּראָווינציעלע, צווישן בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע, קאָרדאָבאַ, סאַן לואיס און מענדאָזאַ, אין פאַרבינדונג מיטן פריש דעראָבערטן לאַנד.

דאס וואס עס האבן נישט דערגרייכט די עקספעדיציעס פון ראסאס און אדאלפא אלסינא, האט דערגרייכט גענעראל ראקא.

## בוענאס איירעס בלייבט הויפטשטאט

אין יענער צייט איז די שטאט בוענאס איירעס געווען די הויפטשטאט פון דער פראווינץ און פראוויזאריש אויך די הויפטשטאט (אדער פעדעראלע הויפטשטאט) פון לאנד, מיטן זיץ פון דער נאציאנאלער רעגירונג. ס'איז אויסגעקומען ווי צוויי באלעבאטים אין איין הויז: די נאציאנאלע רעגירונג און די פראווינציעלע. ס'איז קורץ פארן סוף פון אווענישאנעדאס רעגירונגס-פעריאד אויסגעקליבן געווארן אין פראווינץ בוענאס איירעס דר. קארלאס טעכעדאר אלס גובערנאטאר און כאסע מאריא מארענא (א פלימעניק פונעם פראסער פון מאי) אלס וויצע, און ווען עס האט געהאלטן נאענט בא די פרעזידענץ וואלן האט דער נייער גובערנאטאר געוואלט קאנדידירן אף פרעזידענט. אווענישאנעדא דאקעגן האט געשטיצט די קאנדידאטור פונעם זיגער אין דער פאמפא, גענעראל כוליא א. ראקא. דורך דעם האט זיך געשאפן א שארפע שפאנונג צווישן טעכעדאר און אווענישאנעדא, און אזוי ווי ביידע האבן געהאט זייערע ארמייען אין בוענאס איירעס, האט דער פרעזידענט אווענישאנעדא פארלאזט די שטאט און זיך איינגעארדנט אין בעלגראנא, און זיין ארמיי האט ער איינגעקווארטירט אין טשאקאריטא. אזוי ווי דער ביז איצטיקער אינערן מיניסטער דר. לאספיור האט געוואלט ארויסשטעלן זיין קאנדידאטור אלס וויצע, צוזאמען מיט דער קאנדידאטור פון טעכעדאר, האט ער דימיטירט פון זיין פאסטן, און אווענישאנעדא האט אריינגעצויגן אין דער רעגירונג סארמיענטאן אלס אינערן מיניסטער. סארמיענטא האט אטאקירט שארף די האנדלונג פון דר. טעכעדאר, און דער קאנפליקט האט זיך פארשארפט. צולעצט קומט א נייער מיניסטארן קריזיס און ס'ווערט געבילדעט א נייער קאבינעט, אבער דערמיט ענדערט זיך נישט די לאגע. פון ביידע זייטן ווערן געמאכט מיליטערישע צוגרייטונגען און עס קומען פאר בלוטיקע צוזאמענשטויסן אין די געגנטן פון פוענטע באראקאס, פוענטע אלסינא און קאראלעס, אין די טעג פון 20טן און 21טן יוני 1880.

דאס נאציאנאלע מיליטער האלט אפ א זיג. עס הויבן זיך אן פרידנס פארהאנדלונגען, בא וועלכע דר. טעכעדאר שטעלט צו זיין דימיסיע און עס נעמט איבער דעם גובערנאטאר-פאסטן דער וויצע, כאסע מאריא מארענא. ער לאזט וויסן אז ער ווארפט זיך אונטער דער נאציאנאלער רעגירונג, און פארארדנט די אויפלייזונג פונעם מיליטער וואס האט פארטיידיקט די שטאט.

די רעוואָלוציע פון 1880 האָט באַוויזן ווי אומבאַקוועם און ווי גע־פערלעך ס'איז דאָס צוזאַמענזיין פון ביידע אויטאָריטעטן, די נאַציאָנאַלע און די פּראָווינציעלע, אין איין שטאָט. נאָך פאַרשידענערליי פּרואוון איז ערשט איצט געקומען דער אַנטגילטיקער באַשלוס צו באַשטימען אַ פע־דעראַלע הויפּטשטאָט וואו ס'זאָל זיין דער זיץ פון דער נאַציאָנאַלער רע־גירונג. דער פּרעזידענט אַוועזשאַנעדאַ האָט צוגעשטעלט דעמאָלט דעם קאָנגרעס אַ פּראָיעקט צו פּראָקלאַמירן בוענאָס איירעס אַלס הויפּטשטאָט פון לאַנד, און דער קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געהאַט געפונען צוזאַמען מיט דער רעגירונג אין בעלגראַנאָ, האָט דעם 20טן סעפּטעמבער 1880 אָנגענומען דעמדאָזיקן פּראָיעקט, און זייט דעמאָלט איז בוענאָס איירעס געבליבן דעפיניטיוו די הויפּטשטאָט פון לאַנד. די לעגיסלאַטור פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס האָט צולעצט, און נישט אָן פּראָטעסט מצד מערערע דעפּוטאַטן, איינגעוויליקט אָף דער אָפּזונדערונג פון דער שטאָט מיט איר גרויסן פּאָרט, און מיט זיבן יאָר שפּעטער האָט די פּראָווינץ צוגעטיילט פאַר דער הויפּטשטאָט די אומגעגנטן בעלגראַנאָ און פלאָ־רעס, אָף צו פאַרגרעסערן דעם פעדעראַלן דיסטריקט.

ערשט אונטער דער פּרעזידענץ פון דר. ניקאָלאַס אַוועזשאַנעדאַ איז דערפולט געוואָרן דער פלאַמיקער וואונטש פון בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, אַז בוענאָס איירעס זאָל זיין די הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק.

אַזיווי בוענאָס איירעס איז פעדעראַליזירט געוואָרן, האָט זיך גע־נויטיקט די פּראָווינץ אין אַ הויפּטשטאָט, איז דעם 19טן נאָוועמבער 1882 אונטערגענומען געוואָרן דורכן נייעם גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, דר. דאַרדאָ ראָטשאַ, דער בוי פון דער שטאָט לאַ פּלאַטאַ.

בוענאָס איירעס איז מיט דער צייט געוואָרן ווירקלעך אַ גרויסע שטאָט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ הויפּטשטאָט. דער דורכגעפירטער צענז אין 1914 האָט אָנגעוויזן אַז בוענאָס איירעס האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 1.575.814 איינוואוינער, קעגן 177.787 אין יאָר 1869, און קעגן 433.375 אין יאָר 1887, אָדער 663,853 אין יאָר 1895. בּאַ דער ציילונג 1904 זיי־נען שוין געווען אין בוענאָס איירעס 950.891 און אין 1909 האָט די הויפּט־שטאָט שוין געציילט 1.231.698 נפשות.

דער צענז אין 1936 האָט באַוויזן אַז בוענאָס איירעס האָט דעמאָלט דערגרייכט שוין צו 2.388.645 איינוואוינער, פון זיי 1.201.096 מענער און 1.187.549 פרויען. אין 1944 זאָל שוין האָבן דערגרייכט די באַפעלקערונג פון בוענאָס איירעס צו דריטהאַלבן מיליאָן איינוואוינער.

אָפן גרונט פון אַ מוניציפּאַלער אָרדענאַנץ פון דער שטאָט בוענאָס איירעס, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אָף צו וויסן די גרויס און דעם פאַרמעגן פון דער שטאָט, האָט דער פלאַט-מיניסטעריום אין 1937 באַ־

שטימט דורכצופירן אַ פּלאַן דורך לויפטפלי-פאָטאָגראַפיעס. די דאָזיקע אַרבעט איז נאָכדעם אַנטוויקלט געוואָרן אין משך פון דריי יאָר. עס זייַנען אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער שטאָט 8.000 פאָטאָגראַפיעס און נאָך דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען אַרויסגעטראָגן אַ באַריכט מיט די פאָלגנדע דאַטן:

די הויפּטשטאָט פאַרמאָגט: אַ פאַרבויטן שטח פון 109 מיליאָן 435 טויזנט 696 קוו. מעטער, און אַ ניט-פאַרבויטן שטח פון 30 מיליאָן 539 טויזנט קוו. מעטער.

אַ שטח פון 5 מיליאָן 912 טויזנט 200 ק. מ. פאַרנעמען די פּאַרקן, פּלאַצעס און גערטנער.

אַ שטח פון 61 מיליאָן 4 טויזנט 376 ק. מ. פאַרנעמען די גאַסן און די אַוועניִדעס.

דער פּאָרט פאַרנעמט אַ שטח פון 3 מיליאָן 645 טויזנט 679 און בית-עולמס פאַרנעמען 1 מיליאָן 38 טויזנט 380 קוואַד. מ. די באַנען פאַרנעמען 5 מיליאָן 247 טויזנט 791 ק. מ. און די „דיקעס" און „דאַרסענאַס"




בוענאָס איירעס פאַרנעמט איצט אַ שטח וואָס איז גרעסער
ווי פּאַריז, רוים און מאַדריד צוזאַמען

(פּאָרט, וואַנט און דאַמבעס) פאַרנעמען אַ שטח פון 20 טויזנט 483 קילאָמעטער. דער ברעג אַרום דער שטאָט האַלט 33 טויזנט 929 מעטער די לענג; די באַן ליניעס פאַרנעמען אַ לענג פון 132 טויזנט 500 מעטער.

די גאַסן און אַוועניִדעס מעסטן אין דער לענג 2 מיליאָן 593 טויזנט 391 מעטער.

עס זיינען פאַראַן 20 טויזנט 112 קוואַדרעס, 1,620 גאַסן און 207 אַוועניִדעס.

ווען אַלע פרייע פּלעצער וואָלטן באַבויט געוואָרן און די הייזער וואָל־טן געווען אין דורכשניט פון דריי־פיר שטאָק, האָט בוענאָס איירעס פּלאַץ פאַר אַרום צען מיליאָן איינוואוינער.

## גענעראַל ראָקאַ פּרעזידענט

נאָכן באַזיגן דעם אויפשטאַנד פון טעכעדאָר האָט דר. ניקאָלאַס אַוועַ־זשאַנעדאַ געקאָנט פאַרענדיקן זיין פּרעזידענץ־מאַנדאַט און איבערגעבן רואיק די מלוכה דעם נייעם פּרעזידענט. דעם 5טן אָקטאָבער 1880 האָט דער קאָנגרעס זיך פאַרזאַמלט באַ אַ פּלענאַר־זיצונג און דורכגעפירט דעם סקרוטיניום פון די פּרעזידענץ־וואַלן. דער וואַל־רעזולטאַט איז געווען אַ ריזיקע מערהייט פאַר דער קאַנדידאַטור פון גענעראַל ראָקאַ אַלס פּרעזי־דענט און פראַנסיסקאָ בערנאַבעי מאַדעראָ אַלס וויצע. די קאַנדידאַטור פון טעכעדאָר און לאַספּיור האָט געצויגן בלויז זיבעציק שטימען, פון די פּראָווינצן בוענאָס איירעס און קאָריענטעס.

דעם 12טן אָקטאָבער האָט גענעראַל ראָקאַ איבערגענומען די מלוכה פּרעזידענץ און ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ מיניסטאָרן־קאַבינעט פון פאָלגענדע פּערזאָנען: אינערן דר. אַנטאָניאָ דעל וויסאַ (עקס גובערנאַ־טאָר פון קאָרדאָבאַ); אויסערן דר. בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען; פינאַנצן דר. כואַן כאָסע ראָמעראָ, און ציִיטוויייליק דר. סאַנטיאַגאָ ס. קאָרטינעז. אַזוי לאַנג ראָמעראָ איז פּראָוויזאָריש גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס (די פּראָווינץ איז דעמאָלט געווען אינטערווענירט); יוסטיץ אין בילדונג דר. מאַנועל ד. פּיסאַרראָ; קריג און פלאָט גענעראַל בענכאַמין וויקטאָריקאַ. אין לויף פון דער צייט זיינען פאָרגעקומען מערערע מאָל ענדערונגען אין מיניסטאָרן־קאַבינעט.

דער רעגירונגס־פּעריאָד פון גענעראַל כוליאָ א. ראָקאַ איז געווען אַ פרידלעכער אין אינערן און אין די באַציאונגען מיט אויסלאַנד. דאָס לאַנד האָט אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען לאַנדווירט־שאַפטלעך און אינדוסטריעל, און עס זיינען אויך אויסגעבויט געוואָרן נייע באַן־ליניעס. די רעגירונג פון גענעראַל ראָקאַ האָט אָנגעהויבן מאַכן קאַ־נאַליזאַציע, האָט אָנגעהויבן אויסבויען דעם פּאָרט (אָנהויב 1886), עס זיינען געעפנט געוואָרן נייע 55 שולן אין בוענאָס איירעס, ס'זיינען גע־שיקט געוואָרן מיליטערישע עקספּעדיציעס טיפער צו זידן, צו באַהערשן די אינדיאַנער דאָרט און פאַרגרעסערן די נאַציאָנאַלע טעריטאָריע. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אין לויף פון די זעקס יאָר פון ראָקאַס פּרעזי־

דענק אַ גאַנצע רייע וויכטיקע געזעצן, צווישן זיי דעם געזעץ פון וועלט־לעכער בילדונג. אין 1881 איז אונטערצייכנט געוואָרן דער גרעניץ־אָפּמאַך מיט טשילע, אין וועלכן ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַז די העכסטע שפּיצן פון די אַנדן קאָרדיליעראַס זאָלן דינען אַלס גרעניץ־ליניע. אין מערץ 1882 איז דערעפנט געוואָרן די קאָנטינענטאַלע אויסשטעלונג פון האַנדל און אינדוסטריע. ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער ציוויל־רעגיסטער, און ס׳איז דורכן אינטענדענט טאַרקואַטאָ דע אַלוועאַר דורכגעפירט געוואָרן פאַרשידענע טראַנספאָרמאַציעס אין הויפּטשטאָט, צווישן זיי אויך דער אויסבוי פון דער אַווענידאַ דע מאַיאָ, איינע פון די שענסטע גאַסן אין בוענאָס איירעס.

## פּרעזידענט כואַרעז סעלמאַן

ווען עס האָט זיך געהאַלטן אין ענדיקן דער רעגירונגס־פּעריאָד פון גענעראַל ראָקאַ זיינען אַרויפגעשוואומען קאַנדידאַטורן פון דר. בערנאַרדאָ איריגאָיען, פיר יאָר געוועזענער אינערן מיניסטער אין ראָקאָס רעגירונג; פונעם קריגס מיניסטער גענעראַל וויקטאָריקאַ; פונעם געוועזענעם גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס דר. דאַרדאָ ראָטשאַ, גרינדער פון לאַ פּלאַטאַ, און אויך די קאַנדידאַטור פונעם עקס גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ דר. מיגעל כואַרעז סעלמאַן.

### גענעראַל ראָקאַ
(1843 — 1914)


General Roca

גענעראַל כוליאָ א. ראָקאַ איז געבוירן אין טוקומאַן יולי 1843, האָט דורכגעמאַכט זיין מיליטעריש שטודיום אין פּאַראַנאַ, און אין עלטער פון 30 יאָר דערגרייכט צום גראַד פון גענעראַל. אין 1879 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס קריגס־מיניסטער אין דער רעגירונג פון דר. אַוועזשאַנעדראַ, און פון 1880 ביז 1868 איז ער געוועזן צום ערשטן מאָל פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. גענעראַל ראָקאַ האָט דערנאָך פאַרנומען פאַרשידענע הויכע פּאָסטנס, צווישן זיי אויך געוועזן אין יאָר 1893 פּרעזידענט פון סענאַט. אין 1898 האָט ער פאַרנומען צום צווייטן מאָל דעם פּרעזידענט פּאָסטן ביז 1904, דורכפירנדיק אַ רואיקן מלוכה־פּעריאָד. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1914.

קעגן דר. איריגאָזשען האָט זיך געשאַפן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע, אָנ־געפירט פון דער לעצטנס געשאַפענער „אַסאָסיאַסיאָן קאַטאָליקאַ". מען איז געווען קעגן אים ווייל די קאַטאָליקן זיינען געווען אומצופרידן מיט פאַרשידענע געזעצן און באַזונדערס מיטן געזעץ פון וועלטלעכער ביל־דונג, און דאַריבער נישט געוואָלט אַז עמיץ פון דער ראָקאַ־רעגירונג זאָל בלייבן פּרעזידענט. דער קריגס־מיניסטער וויקטאָריקאַ האָט אויך גע־האַט ווייניק אָנהענגער. ס'זיינען אַזוי אַרום געבליבן אַלס הויפּט־קאַנדי־דאַטן ראָטשאַ און סעלמאַן. צו די צוויי איז דערנאָך אונטערגעקומען די קאַנדידאַטור פון דר. כאָסע בענכאַמין גאָראָסטיאַגאַ, געוועזענער מיניס־טער באַ סאַרמיענטאָ, אַ רעספּעקטפולע פּערזענלעכקייט און באַקאַנטער ליבעראַל. זיין קאַנדידאַטור איז געשטיצט געוואָרן פון די ליבעראַלן און דעמאָקראַטישע קאַטאָליקן, אָנגעפירט פון כאָסע מאַנועל עסטראַדאַ. גאָר צולעצט איז אויך צוגעקומען די קאַנדידאַטור פונעם עקס־גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס מאַנועל אָקאַמפּאָ, אַ פריינט פון מיטרע און סאַרמיענטאָ.

ס'זיינען ענדלעך דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן און דער סקרוטיניום האָט געגעבן פאָלגענדן רעזולטאַט: אַף פּרעזידענט — דר. כוארעז סעל־מאַן 168 שטימען; מאַנועל אָקאַמפּאָ 32, און בערנאַרדאָ איריגאָזשען 13. אַף וויצע־פּרעזידענט: דר. קאַרלאָס פּעליעגריני 179, דר. ראַפאַעל גאַר־סיאַ 28, גענעראַל מיטרע 3, און דר. לואיס סאַענז פּעניאַ 3 שטימען.

גענעראַל מיטרע האָט דעמאָלט אין אַ לייטאַרטיקל אין „לאַ נאַסיאָן" (די ציי‌טונג וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון מיטרע) געשריבן, אַז כאָטשע די וואַלן ווערן באַצייכנט אַלס שווינדלערישע, באַגריסט ער דעם נייעם פּרעזידענט און ווינטשט אַז זיין רעגירונגס־פּעריאָד זאָל זיין געקרוינט מיט דערפאָלג.

דעם 12טן אָקטאָבער 1886 האָט דר. סעלמאַן איבערגענומען די מלוכה־פּרעזידענץ און ער האָט אין זיין רעגירונגס־קאַבינעט אַריינגענו־מען פאָלגענדע פּערזאָנען; אינערן דר. עדואַרדאָ ווילדע; אויסערן דר. נאָרבערטאָ קירנאַ קאָסטאַ; פינאַנצן דר. ווענסעסלאַאָ פּאַטשעקאָ; יוסטיץ, בילדונג און קולטוס דר. פילעמאָן פּאָססע; קריג און פלאָט גענעראַל עדו־אַרדאָ ראַסעדאָ, גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס, און צייטווייליק גענעראַל ניקאָלאַס לאַוואַזשע.

די רעגירונג פון דר. סעלמאַן האָט דורכגעפירט אַ טייל זייער נוצ־לעכע אַרבעטן פאַרן לאַנד. צווישן זיי קאָן אַריינגערעכנט ווערן די פאַר־דאָפּלונג פון דער נעץ באַן־ליניעס און דאָס שטיצן די אימיגראַציע, באַ־פעלקערנדיק און אויסבויענדיק דורך דעם גרויסע שטרעקעס פּוסט לאַנד. עס איז אָבער דורך די פאַרגרעסערטע הוצאות געקומען צו אַ גרויסן פי־

נאַנציעלן קריזיס, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע קעגן דער רעגירונג.

עס האָט זיך דעמאָלט געבילדעט די פּאַרטיי „אוניאָן סיוויקאַ", אין וועלכער עס האָבן אָנגעהויבן אַקטואירן גענעראַל מיטרע, בערנאַרדאָ איריגאָזשען, אַריסטאָבולאָ דעל וואַזשע, וויסענטע פידעל לאָפּעז, פּעדראָ גאָזשענאַ, כאָסע מ. עסטראַדאַ און אַנדערע פּערזענלעכקייטן פון וואָרט און שריפט, פּאָליטיקער און שעפן פון די נאַציאָנאַליסטן, אויטאָנאָמיסטן, קאַטאָליקן, פרייַדענקער און אַנדערע גרופּעס. אַלס שעף פון דער נייער פּאַרטיי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דר. לעאַנדראָ אַלעם.

די פּאַרטיי איז בליצשנעל זיך צעוואַקסן איבערן גאַנצן לאַנד און צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי איז אויך געוואַקסן די אָפּאָזיציע קעגן דער רעגירונג.

פאַרשטייענדיק די געפערלעכקייט פון דער לאַגע, פילנדיק אַז עס האַלט אין צוגרייטן זיך אַן אויפשטאַנד, האָט דער מיניסטאָרן־קאַבינעט זיך אָנגעגעבן (13טן אַפּריל 1890) אין דימיסיע, און דער פּרעזידענט סעלמאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, אָבער אַנדערהאַלבן חדשים שפּעטער האָבן דימיטירט צוויי מיניסטאָרן פון נייעם קאַ־

## מיגעל כוארעז סעלמאַן
(1847 - 1909)

איז געבוירן אין קאָרדאָבאַ אין 1847 און געענדיקט דעם אוניווערזיטעט פון זיין געבורטסשטאָט אַף רעכטס־וויסנשאַפט אין 1871. אין 1878 איז ער פונעם גובערנאַטאָר פון קאָרדאָבאַ, דר. דעלוויסאָ, באַשטימט געוואָרן אַלס מיניסטער אין דער פּראָווינציעלער רעגירונג, און צוויי יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ קאָרדאָבאַ. ער האָט אַ סך אויפגעטון פאַרן פּראָגרעס פון זיין פּראָווינץ. האָט איינגעפירט גאַז און וואַסערלייטונג און אויך זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון קאָרדאָבאַ. נאָכן ענדיקן דעם גובערנאַטאָר פּעריאָד איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סענאַטאָר, און דעם 12טן אָקטאָבער 1866 האָט ער איבערגענומען די מלוכה פּרעזידענץ פון דער רעפּובליק און רעגירט ביזן 7טן אויגוסט 1890. געשטאָרבן איז כוארעז סעלמאַן אין זיין זומער־וואוינונג אין אַררעכיפער אין מאַי 1909.



Dr. Juárez Celman

בינעט, פראַנציסקאָ אוריבורו און דר. אַמאַנסיאָ אַלקאָרטאַ, אַנגעבנדיק אַז ס'איז אוממעגלעך מיטצואַרבעטן אין דער רעגירונג בעת אַזאַ צושטאַנד. אין סענאַט איז אַרויסגעטרעטן דר. דעל וואַזשע מיט אַ באַשולדיקונג, אַז די רעגירונג גיט אַרויס געהיימע געלט עמיסיעס און אַנטוועדטעט די מטבעה.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אויך אַ פאַרשוועררונג אין דער אַרמיי, און די רעגירונג האָט געלאָזט אַרעסטירן אייניקע מיליטער־שעפן, צווישן זיי גענעראַל מאַנועל כ. קאַמפּאָס.

דעמאָלט האָבן צוויי אָפיצירן, די קאַפּיטאַנען קאַסטראָ סומבלאַנד און דיעגאָ לאַמאַס דורך דער פאַרמיטלונג פון דר. דעל וואַזשע זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן נאַציאָנאַלן ראַט פון אוניאָן סיוויקאַ. גענעראַל קאַמפּאָס וועלכער איז געהאַלטן געוואָרן אין אַרעסט איז באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפירער פון אויפשטאַנד.

## די רעוואָלוציע פון 1890

די באַראַטונג פון די מיניסטאָרן מיט די פּאָליטישע שעפן זיינען פאָרגעקומען זייער אָפט, און דעם 26טן יולי 1890 האָבן פיר באַטאַליאָנען אינפאַנטעריע, אַ רעגימענט אַרטילעריע, אַ קאָמפּאַניע קאַדעטן פון דער מיליטער־שול און אַנדערע גרופּעס אַרומגערינגלט דעם אַרטילעריע־פּאַרק (דער פּלאַץ וואו עס געפינט זיך איצט די געביידע פון די טריבונאַלן), וואו עס האָט זיך געפונען דער רעוואָלוציאָנערער ראַט אין באַשטאַנד פון די מיטגלידער לעאַנדראָ נ. אַלעם, כואַן כאָסע ראָמערא, אַריסטאָבולאָ דעל וואַזשע, מאַריאַנאָ דעמאַריאַ, לוסיאָ וויסענטע לאָפּעז און מיגעל גאַזשענאָ, צוזאַמען מיט גענעראַל קאַמפּאָס. דער רעוואָלוציאָנערער ראַט האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט צום פאָלק פון בוענאָס איירעס און פון דער גאַנצער רעפּובליק אויפקלערנדיק די מאָטיוון פון אויפשטאַנד. עס איז אינעם מאַניפעסט געפאָדערט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג, און פאַררופן באַלד די וואַלן, אויסצוקלויבן אַ פּרעזידענט און אַ נייעם קאָנגרעס. די אוניאָן סיוויקאַ (היינטיקע אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל) האָט פאַרשפּראָכן אָפּצוהיטן די קאָנסטיטוציע און די פרייהייטן פונעם פאָלק.

דער פּלאַט האָט זיך באַלד אויך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג, און עס האָט געשיינט אַז דער זיג איז אַ פולשטענדיקער. ס'איז אָבער נישט אַזוי געווען. דער פּרעזידענט סעלמאַן האָט שנעל אָרגאַניזירט אַ קאָנטראַטאַקע. ער האָט דערצו מאָביליזירט די פּאָליציי און פייערלעשער און אויך געהאַט צו הילף נאָך אייניקע מיליטער־טיילן וואָס האָבן זיך נישט געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ס'איז פאַר־

געקומען אַ בלוטיקער קאַמף אַ צייט פון צוויי טעג, און ס'איז באַנוצט געוואָרן אין דער גאַסן־שלאַכט קרופּ־קאַנאָנען. דער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אין געגנט צווישן דער פּלאַסאַ לאַוואַזשע (פּאַרקע) און פּלאַסאַ ליבערטאַד און ס'זיינען געפאַלן אַ סך קרבנות פון ביידע זייטן.

די רעוואָלוציע האָט געהאַט גרויס שטיצע אין הויפּטשטאָט און אויך אין דער פּראָווינץ. דער רעוואָלוציאָנערער ראַט איז געווען אַף אַזויפיל זיכער אינעם זיג אַז ס'איז געבילדעט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג און ס'איז פאַראָרדנט געוואָרן דער אַרעסט פון דר. כואַרעז סעלמאַן. אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג זיינען אַריין פאָלגענדע פּערזאָנען: פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דר. לעאַנדראָ נ. אַלעם; וויצע־פּרעזידענט, דר. מאַריאַנאָ דעמאַריאַ; אינערן, דר. מיגעל גאָזשענאַ; אויסערן, דר. כואַן ע. טאָררענט; פינאַנצן, דר. כואַן כאָסע ראָמעראָ; יוסטיץ און בילדונג, דר. באָניפאַסיאָ לאַסטראַ; קריג פלאָט, גענעראַל כאַאַקין וויעכאָבוענאַ. פּאָליציי שעף אין בוענאָס איירעס, היפּאָליטאָ איריגאָזשען.

פון ביידע זייטן האָבן אָנגעפירט דעם קאַמף געניטע מיליטער־שעפן. די רעגירונגס־כוחות האָט קאָמאַנדירט פּערזענלעך דער קריגס־מיניסטער פון סעלמאַנס רעגירונג, גענעראַל לעוואַזשע און די רעוואָלוציאָנערע כוחות האָט אָנגעפירט דער גענעראַל מאַנועל כ. קאַמפּאָס און דעם אויפשטאַנדישן פלאָט האָט קאָמאַנדירט דער שיפס־לייטנאַנט עדוואַרדאָ אָ'קאָננאָר.

דריי טעג האָט אָנגעהאַלטן דאָס פייער און דער גאַסן־קאַמף איז געווען זייער אַ בלוטיקער. ס'זיינען געפאַלן מאַסן קרבנות פון ביידע זייטן און צולעצט האָבן די רעגירונגס־כוחות געזיגט. דעם 29טן יולי האָבן די רעבעלן קאַפּיטולירט און אויסגעליפערט די וואָפן. בײַ די פאַרהאַנדלונגען האָט די רעגירונג פאַרשפּראָכן זיכערהייט פאַר די לעבנס פון די שעפן און אָפיצירן, ווי אויך אַן אַלגעמיינע אַמניסטיע. די רעוואָלוציע איז אונטערדריקט געוואָרן, אָבער קיין רו האָט נישט געהערשט.

דאָס לאַנד איז געבליבן אונטער קריגס־צושטאַנד און אָן פּרעסע־פרייהייט, און די פּאָליטישע אַטמאָספּערע איז געוואָרן זייער אַ שווערע. ס'זיינען געהאַלטן געוואָרן אין קאָנגרעס שאַרפע רעדעס קעגן פּרעזידענט, און דעם 6טן אויגוסט 1890 האָבן איבער זעכציק סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן צוגעשיקט אַ נאָטע דעם פּרעזידענט סעלמאַן, אַפּעלירנדיק צו זיין פּאַטריאָטיזם, אַז ער זאָל דימיטירן. דער פּרעזידענט האָט אויך שוין נישט געהאַט קיין ברירה, ווייל אַלע זיינע פּאָליטישע פריינט האָבן מיט אים איבערגעריסן און ער איז געבליבן גענצלעך אַליין. ער האָט דעריבער אין זעלבן טאָג אַריינגעשיקט אין קאָנגרעס זיין דימיסיע, און זי איז באַלד אָנגענומען געוואָרן.

אין זיין דימיסיע האָט דער פּרעזידענט אויסגעדריקט באַדויערן וואָס זיין מלוכה אַרבעט ווערט אונטערגעבראָכן. ער האָט געהאַט, האָט ער געזאָגט, די בעסטע אָפּזיכטן, און מיט גרויס איבערגעבנקייט זיך אָפּגעבן אויסצובעסערן די פינאַנצן און העלפן אַנטוויקלען דאָס לאַנד. דער פּאַרגע־קומענער אויפשטאַנד האָט אים אָבער געוויזן אַז ער האָט נישט די גע־העריקע שטיצע פון פאָלק. ער וויל דאַריבער נישט זיין קיין שטערונג און שטעלט צו זיין דימיסיע דעם קאָנגרעס.

„איך לאָז די אַרבעט פאַר אַנדערע, מיט דער האָפנונג אַז זיי וועלן זיין גליקלעכער ווי איך, האָט זיך צולעצט געזאָגט, און שטעל צו אייער האַ־גאַראַבילימעט די דימיסיע פונעם אַמט אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּו־בליק. איך מאַך דעם פּערזענלעכן קרבן מיט צופרידנקייט, נעמענדיק אין אַכט די גרויסע אינטערעסן פונעם לאַנד.

„ס׳איז נישט איצט דער מאָמענט צו דיסקוטירן די האַנדלונג פון מיין רעגירונג, אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט מיר בין איך זיכער אין דער גערעכ־טיקייט פון די מענער וואָס וועלן מיך מישפּטן ווען די אויפגעפלאַמטע ליידנשאַפטן וועלן זיך באַרואיקן״.

אַרום דער דימיסיע האָט זיך אויפגעהויבן אַ הייסע דיסקוסיע. דער דעפּוטאַט גענעראַל לוסיאָ וו. מאַנסיליאַ האָט לעבהאַפט פאַרטיידיקט דעם פּרעזידענט. אַנדערע ווידער זיינען אַרויסגעטרעטן קעגן. צולעצט איז די פראַגע געשטעלט געוואָרן צו אָפּשטימונג און די דימיסיע איז מיט 61 קעגן 23 שטימען אָנגענומען געוואָרן.

מען מוז אנערקענען אַז אין דער צייט פון דר. סעלמאַנס רעגירונג איז אַ סך געטון געוואָרן פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד. ס׳איז באַנייט געוואָרן די ערשטע סעקציע פונעם פּאָרט; ס׳איז צום ערשטן מאָל דורכ־געפירט געוואָרן אַ סטאַטיסטיק פון לאַנדווירטשאַפטלעכן רייכטום, פון וועלכן מ׳האָט געזען אַז אין 1888 זיינען קולטיווירט געוואָרן 359.958 העקטאַר לאַנד, פון אַ טאָטאַל פון 289.429.841 העקטאַר; ס׳איז פאַר־גרעסערט געוואָרן דער שטח פון דער הויפּטשטאָט און דער פּערימעטער פון 4.000 העקטאַר פון בוענאָס איירעס איז דורך דער איינשליסונג פון בעלגראַנאָ און סאַן כאָסע דע פלאָרעס פאַרגרעסערט געוואָרן אָף 18.584 העקטאַר; אין סעפּטעמבער 1887 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ צענז אין הויפּטשטאָט און ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז בוענאָס איירעס האָט אַ באַפעלקערונג פון 433.375 איינוואוינער; ס׳זיינען אויסגעבויט געוואָרן דאָס רעגירונגס־הויז, פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט און דער פּאַלאַץ פון וואַ־סער־ווערק; ס׳איז געבויט געוואָרן די אַוועניִדאַ דע מאַיאָ, און ס׳זיי־נען אויסגעאַרבעט געוואָרן פּראָיעקטן פאַרן בוי פונעם קאָנגרעס־פּאַלאַץ און טעאַטער קאָלאָן.

ווען דר. כוארעז סעלמאַן האָט איבערגענומען די פּרעזידענץ אין 1886 זיינען געווען אין לאַנד 5.964 קילאָמעטער באַן-ליניעס, און אין 1890 האָט די אַרגענטינער באַן-נעץ שוין געגרייכט צו 9.254 קילאָמעטער און ס'זיינען געווען פאַרייניקט שוין כמעט אַלע הויפּטשטעט פון די פּראָווינצן. עס האָט זיך שטאַרק געהויבן דער האַנדלס-טויש און באַזונדערס די אימיגראַציע. דער פריריקער העכסטער ציפער פון דער אימיגראַציע איז געווען 108.700 אין יאָר 1885, אָבער אין 1887 האָט די צאָל געגרייכט צו 180.880, אין נעכסטן יאָר 155.600, אין 1889 איז דערגרייכט געוואָרן אַ רעקאָרד פון 260.900 און אין 1890, אינעם יאָר פון דער רעוואָלוציע, איז געפאַלן די אימיגראַציע אָף בלויז 110.500 איינוואַנדערער.

## די אידישע אימיגראַציע

אונטער דער רעגירונג פון דר. מיגעל כוארעז סעלמאַן איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן און זיך אָנגעהויבן די ערשטע אידישע מאַסן-אימיגראַציע. זי האָט זיך אָנגעהויבן קורץ פאַר דער רעוואָלוציע פון 1890 און דערנאָך פאַרגעזעצט געוואָרן אין לויף פון יאָרצענדליקער.

די ערשטע גרופּע מזרח-אידישע אימיגראַנטן איז געקומען דעם 14טן אויגוסט 1889. דאָס איז געווען אַ גרופּע פון 120 פאַמיליעס פון קאַמענעץ פּאָדאָלסקער געגנט, אין באַשטאַנד פון 815 נפשות (ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דוד גאָלדמאַנס בוך „די יודען אין אַרגענטינע", דערשינען אין 1914). די דאָזיקע גרופּע, אָנגעפירט פונעם דעלעגאַט אליעזר קויפמאַן, איז געקומען מיט דער דייטשער שיף „ווייזע", און די אימיגראַנטן האָבן זיך באַזעצט אין געגנט פון פּאַלאַסיאָס, פּראָווינץ סאַנטאַ פע, און דערנאָך געגרינדעט מאָזעסוויל.

די צווייטע גרופּע אימיגראַנטן איז געקומען דעם 23טן אויגוסט 1891 מיט דער שיף „טיאָקאַ", 300 פאַמיליעס, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מרדכי אַלפּערסאָן (דער מחבר פון „30 יאָר אין אַרגענטינע"). אין זעלבן יאָר איז אויך געקומען אַ דריטע גרופּע מיט דער דייטשער שיף „פּאַמפּאַ" און אין דערדאָזיקער גרופּע האָט זיך געפונען דער שפּעטערדיקער געזעלשאַפטלעכער טוער און זשורנאַליסט י. ש. ליאַכאָוויצקי.

דידאָזיקע דריי גרופּעס מזרח-אידישע אימיגראַנטן האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן היינטיקן גרויסן אידישן ישוב אין לאַנד.

די מאַסן-אימיגראַציע האָט זיך אַזוי געצויגן ביז 1895 און ס'זיינען דורך דער איק"א (מיט די געלטער פון באַראָן הירש) אויסגעבויט געוואָרן מערערע אידישע קאָלאָניעס אין פאַרשידענע פּראָווינצן. עס קומט דערנאָך אַן איבעררייס אָף צען יאָר, און עס הויבט זיך שפּעטער אָן אַ

נייע מאַסן-אימיגראַציע. אין 1904 אַליין זיינען אָריינגעקומען 4.000 אידישע אימיגראַנטן און די צאָל איז כסדר געשטיגן ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה אין 1914 און דערנאָך ווידער באַנייט געוואָרן נאָכן סוף מלחמה (*).

צווישן די פאַרשידענע קאָלעקטיווויטעטן אין לאַנד פאַרנעמען די אידן איצט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. עס געפינען זיך בליענדע אידישע קאָלאָניעס אין די פּראָווינצן ענטרע ריאָס, סאַנטאַ פע און אַנדערע, און עס זיינען אויסגעוואַקסן מאָדערנע אידישע קיבוצים אין אַלע שטעט פון דער רעפּובליק, אָנפירנדיק אַ לעבעדיק און רייך פאַרצווייגט געזעלשאַפטלעך לעבן אַפן געביט פון קולטורעלער אַרבעט, דערציאונג, וואוילטעטיקייט און קעגנזייטיקע הילף, ווי אויך פון רעליגיעזן כאַראַקטער. די אידן פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער אַגריקולטור, האַנדל, אינדוסטריע, פינאַנצן און פרייע פּראָפעסיעס. ס'איז פאַראַנען אַ גרויסע אידישע פּרעסע (אין דער אידישער שפּראַך און אין שפּאַניש), און אַ גרויסע אַרגענטינער אידישע ליטעראַטור. ס'איז אויך פאַראַנען אַ גרוים פאַרצווייגטע נעץ אידישע שולן, וועלטלעכע און רעליגיעזע, טעאַטערס און פאַרשידענע קולטור-אָרגאַניזאַציעס, האַנדלס-קאָרפּאָראַציעס, אַגראַר-קאָאָפּעראַטיוועס און בענק אין כמעט אַלע שטעט פון דער רעפּובליק.

## פעלעגריני פּרעזידענט

די דימיסיע פון פּרעזידענט כוארעז סעלמאַן איז אָנגענומען געוואָרן אינעם טאָג ווען זי איז געקומען אין קאָנגרעס, און ס'איז מיט פּאַראַד און ענטוזיאַזם געבראַכט געוואָרן אין רעגירונגס-הויז דער וויצע פּרעזידענט דר. קאַרלאָס פעלעגריני צו פאַרנעמען די פּרעזידענץ און פאַרענדיקן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעגירונגס-פּעריאָד ביזן 12טן אָקטאָבער 1892.

דאָקטאָר פעלעגריני איז געווען אַ לידער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי (אוניאָן סיוויקאַ), און געווען אַ באַגאַבטער רעדנער און שטאַטסמאַן. ער האָט אין זיין רעגירונג אָריינגעצויגן די באַקאַנטע פּערזענלעכ־

(*) די שווערע ליידן פון די אידישע אימיגראַנטן, די דערפּאָלגן און דורכפאַלן פון דער קאָלאָניזאַציע אין די ערשטע יאָרן, און דער אויפבוי פון דער אידישער געזעלשאַפט אַף אַלע געביטן ווערט רייך געשילדערט און אָפּגעשפּיגלט אין אַ גאַנצער רייע ווערק, צווישן זיי באַ דוד גאָלדמאַן „די יודען אין אַרגענטינע", לעאָן כאַזאַנאָוויטשס „דער קריזיס פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע", מרדכי אַלפּערסאָן „30 יאָר אין אַרגענטינע", אין בוך „אַרגענטינע", אַרויסגעגעבן פון „די פּרעסע", אין יובל בוך פון „די אידישע צייטונג", און אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע אויסגאַבעס, ווי אויך אין די רייזע-באַשרייבונגען פון פּרץ הירשביין און ה. ד. נאָמבערג.

קייטן גענעראַל כוליאָ א. ראָקאַ אַלס אינערן, דר. עדואַרדאָ קאָסטאַ אויסערן, דר. וויסענטע פידעל לאָפּעז פינאַנצן, דר. כאָסע מאַריאַ גוטיערעז יוסטיץ און בילדונג, און גענעראַל ניקאָלאַס לאַוואַזשע אַלס קריגס און פלאָט-מיניסטער.

ס'איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער קריגס-צושטאַנד און דאָס לאַנד האָט זיך באַלד בארואיקט. די גובערנאַטאָרס פון אַלע פּראָווינצן האָבן שנעל געמאָלדן זייער אָנשליסונג און שטיצע דעם נייעם פּרעזידענט. די נייע רעגירונג האָט זיך באַמיט אויסצובעסערן די פינאַנצן און דאָס איז איר אויך געלונגען. קאַרלאָס פּעלעגריני האָט געגרינדעט די באַנק לאַ נאַסיאָן און דערמיט געגעבן אַ שטויס פאָרויס דער פינאַנציעלער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד.

די פינאַנציעלע לאַגע אין לאַנד איז נאָך אַלץ געווען אַ שווערע. די פאַרגעקומענע רעוואָלוציע האָט געלאָזט נאָך זיך שטאַרקע שפּורן. דער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז געווען אַ שרעקלעך שלעכטער און קיין קרעדיט איז כמעט נישט געווען. די רעגירונגס-קאַסע איז געווען אַזוי ליידיק אַז ס'איז אפילו נישט געווען צו דעקן דעם לוין פון די מלוכה-באַאַמטע, אָבער נישט געקוקט דערויף האָט פּרעזידענט פּעלעגריני געדעקט צאָלונגען אין אייראָפּע און דערמיט געזיכערט פאַרן לאַנד דעם קרעדיט אין אויסלאַנד. ער האָט געשיקט אַלס ספּעציעלן שליח קיין לאָנדאָן דעם ספּעציאַליסט איז פינאַנציעלע ענינים דר. וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ צו פאַרהאַנדלען מיטן „באַרינג קאָמיטע”, צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון די ענגלישע וויכטיקסטע בענק אונטערן פאָרזיץ פון באַראָן ראָטשילד צו באַקומען נייע קרעדיטן, און דער „קאָמיטע” האָט נאָך אַ געהעריקן שטודיום איבער דער פינאַנציעלער און עקאָנאָמישער לאַגע אין ארגענטינע זיך אויסגעדריקט אַז ס'איז נישטאָ קיין שום אורזאַך צו צווייפלען אין דער אַרגענטינער קרעדיט-פעאיקייט. דעמאָלט איז אַרויסגעשוואומען בא פּרעזידענט פּעלעגריני די אידייע צו שאַפן די **באַנק לאַ נאַסיאָן**, מיט אַ קאַפּיטאַל פון פופציק מיליאָן פּעזעס, האָפנדיק אַז אַ העלפט פונעם קאַפּיטאַל זאָל אַריינקומען פון פאָלק און אַ העלפט פון דער מלוכה. עס האָט זיך אָבער נישט באַוויזן קיין פּריוואַטער קאַפּיטאַל, און די באַנק איז דעריבער געבליבן אַ מלוכה-באַנק און געוואָרן שפּעטער אַ גרויסע אויסהילף פאַר אַלע אָפּיציעלע אָפּעראַציעס.

נישט געקוקט אָבער דערויף וואָס אין אַלגעמיין איז מען געווען צופרידן מיט דר. פּעלעגריניס רעגירונג האָט קיינער נישט געדענקט אַרויסצושטעלן זיין קאַנדידאַטור אַלס פּרעזידענט בא די נעכסטע וואַלן. די אוניאָן סיוויקאַ האָט פאַררופן אַפן 15טן יאַנוואַר 1891 אַ צוזאַמענפאָר אין ראָזאַריאָ און פּראָקלאַמירט צו די נעכסטע פּרעזידענטן-וואַלן די

פאַרמול באַרטאָלאָמע מיטרע - בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען. גענעראַל מי־טרע איז געווען דעמאָלט אין אייראָפּע, און ווען ער האָט באַקומען די ידיעה פונעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט ער געלאָזט וויסן אַז ער נעמט אָן די קאַנדידאַטור און זיך באַלד געלאָזט אַפן וועג קיין בוענאָס איירעס. די פּראָווינצן ווידער האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון גענע־ראַל ראָקאַ אַלס פּרעזידענט און פּעלעגריני אַלס וויצע.

אין דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, אָדער ווי זי האָט דעמאָלט נאָך גע־הייסן, אוניאָן סיוויקאַ, האָט מיט דער צייט זיך געשאַפן רייבונגען און צולעצט אַ שפּאַלטונג, דורך וועלכער עס האָבן זיך געשאַפן צוויי באַווע־גונגען, איינע אָנגעפירט פון דר. לעאַנדראָ אַלעם און די אַנדערע אָנגע־פירט פון דר. באַניפאַסיאָ לאַסטראַ. דער אָפּגעשפּאַלטענער טייל פון דער פּאַרטיי, אָנגעפירט פון אַלעם האָט זיך גערופן ראַדיקאַלן און אויך אַנטי־אַקוערדיסטן, און דער אַנדערער טייל האָט זיך באַצייכנט אַלס נאַציאָ־נאַלע אָדער אַקוערדיסטן. ביידע פראַקציעס האָבן פאַררופן אַ נייעם צו־זאַמענפאָר אין ראָזאַריאָ, און דאָ האָט די סיוויקאַ ראַדיקאַל דאַמאָל פּראָקלאַמירט די קאַנדידאַטורן פון בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען - כואַן מ. גאַררראָ, און די סיוויקאַ נאַציאָנאַל האָט פּראָקלאַמירט די פאָרמול באַר־טאָלאָמע מיטרע - כאָסע ע. אוריבורו אַלס קאַנדיקאַטן צו די נעכסטע וואַלן. די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויך געהאַט אַ צוזאַמענפאָר און האָט אויך פּראָקלאַמירט די קאַנדידאַטור פון מיטרע - אוריבורו.

נעמענדיק אין אַכט די פאָרגעקומענע שפּאַלטונג באַ דער אוניאָן סיוויקאַ, און וועלנדיק אויסמיידן אַן אומאַנגענעמענעם וואַל-קאַמף האָט גענעראַל מיטרע געלאָזט וויסן אין נאָמען צו גענעראַל ראָקאַ און צו די פּרעזידענטן פון די סיוויקאַ קאָמיטעטן אַז ער ציט צוריק זיין קאַנדידאַ־טור. באַלד דערנאָך האָבן אייניקע מיטריסטישע מיניסטאָרן דימיטירט.

נאָך לאַנגע פּאַרטיי-רייבונגען און פאַרהאַנדלונגען זוכנדיק אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט איז אַרויסגעשוואומען די קאַנדידאַטור פון דר. לואיס סאַענז פּעניאַ, דער פאָטער פון שפּעטערדיקן פּרעזידענט דר. ראָקע סאַענז פּע־ניאַ. דער פּרעזידענט פּעלעגריני און די גובערנאַטאָרס פון די פּראָווינצן האָבן געשטיצט די קאַנדידאַטור.

דעם צווייטן זונטיק פון אַפּריל 1892 זיינען דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן. דאָס איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי די רעגירונג האָט דע־קרעטירט באַלאַגערונגס-צושטאַנד איבער דער גאַנצער רעפּובליק, און דר. לעאַנדראָ אַלעם, דעמאָלט אַ סענאַטאָר, צוזאַמען מיט צוויי דעפּוטאַ־טן און אַנדערע פּערזענלעכקייטן פון דער אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל זיי־נען געווען אַרעסטירט, און אַ טייל זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין

מאָנטעווידעאָ. דער קריגס צושטאַנד איז אַראָפּגענומען געוואָרן דעם 10טן אַפּריל בלויז אַף דורכצופירן די וואַלן.

די ראַדיקאַלן האָבן ווידעראַמאָל געמאַכט אַן אויפשטאַנד באַם אָנטייל פון אַלעם און היפּאָליטאַ איריגאָזשען, אָבער ער איז אונטערדריקט געוואָרן.

דער וואַל-רעזולטאַט איז געווען פאָלגענדער: 210 עלעקטאָרן שטימען פאַר דר. לואיס סאַענז פעניאַ, 5 פאַר גענעראַל מיטרע, 5 פאַר דר. בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען און 1 פאַר גענעראַל כוליאָ אַ. ראָקאָ. אַלס וויצע פּרעזידענט האָט דר. כאָסע ע. אוריבורו באַקומען אַלע שטימען, חוץ פינף פון מענדאָזאַ, וועלכע זיינען געגעבן געוואָרן פאַר דר. כואַן מ. גאַררא.

אין די לעצטע טעג פאַרן איבערגעבן די מלוכה האָט דער פּרעזידענט פּעלעגריני אַראָפּגענומען דעם קריגס-צושטאַנד אין לאַנד. און דעם 12טן אָקטאָבער 1892, ווען די וועלט האָט געפייערט דעם פערטן סענטענאַר פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, איז באַנייט געוואָרן אין בוענאָס איירעס דער פּרעזידענץ-פּעריאָד פון דר. לואיס סאַענז פעניאַ.

## קאַרלאָס פּעלעגריני

קאַרלאָס פּעלעגריני איז געווען פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג. ער איז געבוירן 1845 און שטודירט יוריספּרודענץ. איידער ער איז געוואָרן אַדוואָקאַט האָט ער זיך באַטייליקט אין דער מלחמה מיט פּאַראַגוויי, דערנאָך האָט ער געעפֿנט אַן אַדוואָקאַטן ביוראָ. אין 1873 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט און 1880 איז ער געוואָרן קריגס-מיניסטער. מיט פינף יאָר שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרן קיין אייראָפּע צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ הלואה פון 200 מיליאָן פּעזעטעס. אַפן אַנדערן יאָר ווען כואַרעז סעלמאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט איז פּעלעגריני אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און פּרעזידענט פון סענאַט. אין מערץ 1889 איז ער ווידעראַמאָל געווען אין אייראָפּע אין די אינטערעסן פון לאַנד. שפּעטער ווען סעלמאַן האָט דימיטירט האָט פּעליגריני איבערגענומען די פּרעזידענץ אין אויגוסט 1890 און פאַרענדיקט דעם מאַנדאַט אין אָקטאָבער 1892. פון 1893 ביז 1904 איז ער געווען נאַציאָנאַלער סענאַטאָר און דערנאָך פּרעזידענט פון דער היפּאָטעקן באַנק. אין מאַי 1906 איז פּעלעגריני אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס און אין זעלבן יאָר איז ער אין בוענאָס איירעס געשטאָרבן.



Dr. Carlos Pellegrini

ווען פעלעגריני האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרענדיקן דעם פּרעזי־דענטן־פּעריאָד האָט ער אין מאַי 1892 אין אַ רעדע פאַרן קאָנגרעס דער־קלערט:

„דער פינאַנציעלער צושטאַנד פון דער רעגירונג בעסערט זיך שנעל, אַלס אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פונעם לאַנד. די רובריקן פון הוצאות באַווייזן אַז די רעגירונג האָט זיך נישט אָפּגעזונדערט פונעם וועג פון שטרענגער עקאָנאָמיע, וואָס זי האָט זיך אָנגעצייכנט באַם אָנהויב, און האַלטנדיק זיך בא דעם דאַרף אויך ווערן ווירקזאַמער דער קרבן וואָס ווערט געבעטן באַם פאָלק צוריקצושטעלן דעם קרעדיט פון לאַנד.. ביז איצט זיינען געצאָלט געוואָרן פּינקטלעך אַלע אַדמיניסטראַטיווע הוצאות און ס׳איז אויך געצאָלט געוואָרן דער חוב אין אויסלאַנד. דער לויפנדער שטאַטס־חוב איז רעדוצירט געוואָרן אַף 60 פּראָצענט.

## לואיס סאַענז פּעניאַ פּרעזידענט

די וואַלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן רואיק און דער נייער פּרעזידענט לואיס סאַענז פּעניאַ, האָט באַקומען אַ ריזיקע מערהייט, ציילנדיק 210 עלעקטאָרן, קעגן 5 און 5 און 1 וואָס עס האָבן בא די זעלבע וואַלן באַ־קומען דר. בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען, גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע און גענעראַל כוליאָ אַ. ראָקאַ. אַלס וויצע־פּרעזידענט איז אויסגעקליבן גע־וואָרן דר. כאָסע עוואַריסטאָ אוריבורו מיט 216 שטימען, קעגן 5 וואָס עס האָט באַקומען דר. כואַן מ. גאַרראָ. דעם 12טן יוני 1892 האָט דער עלעק־טאָן־ראַט פּראָקלאַמירט די דערוויילונג פון דר. לואיס סאַענז פּעניאַ אַלס פּרעזידענט, און דעם 12טן אָקטאָבער האָט ער איבערגענומען די מלוכה.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן אַז בא די דערמאָנטע וואַלן איז אויך גע־ווען קאַנדידאַט דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ, אָבער דער ערשטער האָט צו־ריקגעצויגן די קאַנדידאַטור נישט וועלנדיק גיין קעגן דער דערוויילונג פון זיין פאָטער, וועלכער איז דעמאָלט שוין אַלט געווען 70 יאָר.

דער נייער מיניסטאָרן־קאַבינעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פאָלגענדע פּערזאָנען: אינערן, דר. מאַנועל קינטאַנאַ; אויסערן, דר. טאָ־מאַס מ. דע ראָמעראָ; יוסטיץ און בילדונג, דר. קאַליקסטאָ דע לאַ טאָ־ררע; קריג און פלאָט, גענעראַל דר. בענכאַמין וויקטאָריאַ.

אַ פּאָר טעג נאָכן באַנייען דעם רעגירונגס־פּעריאָד איז אין סאַנטיאַ־גאָ דעל עסטעראָ פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע און ס׳איז באַזייטיקט גע־וואָרן דער גובערנאַטאָר אַבסאַלאָן ראָכאַס. די רעגירונג פאָדערט באַם קאָנגרעס אַן אינטערווענץ אין דער רעבעלישער פּראָווינץ און די איב־

טערוועניץ ווערט באַשטימט. באַלד איז געקומען אַ צווייטע רעוואָלוציע, דאָסמאָל אין קאָריענטעס. דערנאָך קומט אַ רעוואָלוציע אין קאַטאַמאַר־קאַ. אַף איין אָרט איז עס די אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל און אַפן אַנדערן אָרט די אוניאָן סיוויקאַ נאַסיאָנאַל וואָס פאַרשאַפט שטערונגען און שווע־ריקייטן דער רעגירונג. עס קומען אויך פאָר אָפטע מיניסטאָרן קריזיסן, קודם טיילווייזע און צולעצט (יוני 1893) האָט דער גאַנצער מיניסטאָרן קאַבינעט דימיטירט. עס ברעכט דערנאָך אויס אַ גרויסע רעוואָלוציע אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין סאַנטאַ פּע און סאַן לואיס. דר. לואיס סאַענז פּעניאַ פּרואווט זיך פאַרשטענדיקן מיט מיטרע און ראָקאַ, אַף צו באַרואיקן די לאַגע, אָבער דאָס געלונגט אים נישט.

נישט געקוקט אַף די שטערונגען מצד די אומאויפהערלעכע אומרוען דורך די ראַדיקאַלן, איז אונטער דער פּרעזידענץ פון דר. לואיס סאַענז פּעניאַ אָנגעגאַנגען אַ באַדייטנדע אויפבוי־אַרבעט אין לאַנד. ס'איז פאַר־ענדיקט געוואָרן דער אויסבוי פונעם פּאָרט אין הויפּטשטאָט און אין ראַ־זאַריאָ; ס'זיינען געמאַכט געוואָרן אויסבעסערונגען אין די טייך־פּאָרטן פון קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי און גוואַלעגוואַיטשו; ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער פלאָט מיט נייע צוויי קרייצערס; ס'זיינען אין 1893 אויך אויסגעלייגט געוואָרן טויזנט קילאָמעטער באַן־ליניע, און דורך דעם האָט

## לואיס סאַענז פּעניאַ
(1822 — 1907)

דאָקטאָר לואיס סאַענז פּעניאַ איז גע־בוירן אין בוענאָס איירעס דעם 2טן אַפּ־ריל 1822 אַלס זון פון אַן אַדעליקער מש־פּחה. ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ און געהאַט אַלס מיטשילער בערנאַרדאָ איריגאָזשען, פּעדעריקאָ פּינעדאָ, רופינאָ דע עליזאַלדע און אַנדערע שפּעטערדיקע פּערזענלעכקייטן. אין 1843 האָט ער גע־ענדיקט אַף אַדוואָקאַט. ער איז געווען מיטגליד פון די צוזאַמענפאָרן פון 1860 און 1870, וואָס האָבן געאַרבעט אַרום דער קאָנסטיטוציע רעפאָרם. אין 1892 איז ער געוואָרן פּרעזידענט פון דער רע־פּובליק, מיט עוואַריסטאָ אוריבורו אַלס וויצע. זיין רעגירונגס קאַבינעט האָט גע־ליטן פון אָפטע מיניסטאָרן־קריזיסן און צולעצט האָט ער געמוזט — אין יאַנואַר 1895 — דימיטירן. ער איז געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס אין עלטער פון 85 יאָר, דעם 10טן דעצעמבער 1907.



Dr. Luis Sáenz Peña

דאָס לאַנד שוין געהאַט אַ באַן-נעץ פון 13.961 קילאָמעטר ליניע און איז סוף 1894 געגרייכט צו 14.029 קילאָמעטר; ס'איז אין 1894 אויך געעפנט געוואָרן די אַווענידאַ דע מאַזשאָ.

די אָפטע רעוואָלוציאָנערע אומרוען אין די פּראָווינצן און די אָפטע דימיסיעס פון זיינע מיניסטאָרן האָבן געצוואונגען דר. לואיס סאַענז פּעניאַ אַריינצושיקן דעם קאָנגרעס זיין דימיסיע. דעם 10 יאַנואַר 1895 האָט ער נאָך געפּרואווט דערגענצן זיין מיניסטאָרן-קאַבינעט, אַריינציענדיק דעם דר. אַמאַנסיאָ אַלקאָרטאַ אַלס אויסערן-מיניסטער, אָבער זיבן טעג שפּעטער האָט דער גאַנצער מיניסטאָרן-קאַבינעט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע. דאָס איז געווען דער לעצטער קלאַפּ זיין רעגירונגס-פּעריאָד. ער האָט דעם 22טן יאַנואַר אַריינגעשיקט אַ נאָטע אין קאָנגרעס, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן זיינע בעסטע אָפּזיכטן אויסצופירן די פּרעזידענץ, אָבער זעענדיק ווי ער האָט פון אַלע זייטן גרויסע שטערונגען, שטעלט ער צו זיין דימיסיע.

## כאָסע עוואַריסטאָ אוריבורו פּרעזידענט

דעם 23טן יאַנואַר 1895 האָט איבערגענומען די מלוכה-פּרעזידענץ דער וויצע-פּרעזידענט דר. כאָסע ע. אוריבורו. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ מיניסטאָרן-קאַבינעט פון פאָלגענדע פּערזאָנען: דר. בענכאַמין סאָריליאַ, אינערן; דר. אַלקאָרטאַ, אויסערן; דר. כואַן כאָסע ראָמעראָ, פינאַנצן; דר. אַנטאָניאָ בערמעכאָ, יוסטיץ און בילדונג; קאָראָנעל עודאָראָ כ. באַלסאַ, קריג און פלאָט.

דער רעגירונגס-פּעריאָד פון דר. אוריבורו וואָס איז געווען בלויז צו פאַרענדיקן דעם פּעריאָד ביז אָקטאָבער 1898 איז דורכגעגאַנגען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. די גענעראַלן מיטרע און ראָקאַ, און צוזאַמען מיט זיי זייערע פּאַרטייען האָבן נישט געמאַכט קיין נייע שטערונגען. עס האָט דערוואַכט דער פּאַטריאָטיזם באַ די לידערס און באַ די פּאָליטישע פּאַרטייען און זיי האָבן אויפגעהאַלטן דעם שלום אין לאַנד.

ס'איז אין יענער צייט געקומען צו אַ נייעם קאָנפליקט מיט טשילע איבער דער גרעניץ-פראַגע באַם מאַגאַזשאַנעס דורכגוס, און עס האָט געהאַלטן באַלד-באַלד באַ אַ באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס. צום גליק און אַדאַנק דער פאַרזיכטיקייט פון ביידע מלוכות איז אויסגעמיטן געוואָרן די מלחמה צווישן ביידע לענדער.

ס'איז דורך דער רעגירונג פון עוואַריסטאָ אוריבורו דורכגעפירט געוואָרן דער צווייטער נאַציאָנאַלער צענז (דער ערשטער איז דורכגעפירט געוואָרן דורך סאַרמיענטאָ, סעפּטעמבער 1869). דורך אַ געזעץ אָנגענומען

פונעם קאָנגרעס און אָרגאַניזירט פון דער רעגירונג איז דעם 10טן מאַי 1895 דורכגעפירט געוואָרן דער צווייטער צענז, און ער האָט באַוויזן, אַז דאָס לאַנד האָט דעמאָלט געהאַט 4.044.911 איינוואוינער (קעגן 2.167.421 אין 1869), וואָס מיינט אַ העכערונג פון 1.877.490 נפשות. אין די שטעט האָבן זיך געפונען 1.690.966 און אין די קליינע ערטער, קאָלאָניעס און פאַרמס 2.263.945. אַרגענטינער זיינען געווען 2.950.384 און אויסלענדער 1.004.527, פון די לעצטע כמעט אַ העלפט (492.636) איטאַליענער. פון 3.245.888 פערזאָנען עלטער פון זעקס יאָר זיינען געווען בלויז 1.479.704 אַלפאַבעטן. די שולן זיינען באַזוכט געווען פון 259.865 שילער.

די שטאָט בוענאָס איירעס וואָס האָט אין 1887 געהאַט, לויטן מוני־ציפאַלן צענז 433.374 איינוואוינער, האָט אין 1895 שוין געהאַט 663.854, וואָס מיינט אַ פאַרגרעסערונג פון 230.479 אין לויף פון אַכט יאָר. ראָזאַ־ריאָ האָט באַם צווייטן צענז געהאַט 91.669, קאָרדאָבא 47.609, לאַ פּלאַ־טאַ, וואָס האָט נאָך נישט עקזיסטירט אין 1869, האָט באַם צווייטן צענז געהאַט 70.000 איינוואוינער, טוקומאַן 34.305, מענדאָזאַ 28,302, פאַראַנאַ

## כאָסע עוואַריסטאָ אוריבורו

(1831 — 1914)

דר׳. כאָסע עוואַריסטאָ אוריבורו איז געבוירן אין סאַלטאַ דעם 19טן נאָוועמ־בער 1831 אַלס זון פונעם קאָראָנעל עוואַ־ריסטאָ אוריבורו און כאָסעפאַ אַלוואַרעז דע אַרענאַלעס. אין עלטער פון 23 יאָר האָט ער געענדיקט אין בוענאָס איירעס דעם אוניווערזיטעט אַלס אַדוואָקאַט. ער איז געווען דעפוטאַט אין דער פּראָווינ־ציעלער לעגיסלאַטור, דערנאָך יוסטיץ און בילדונגס מיניסטער אין מיטרעס רע־גירונג. שפּעטער איז ער געווען דיפּלאָ־מאַטישער פאָרשטייער אין באָליוויע, פאַראַגוויי און טשילע. די פּאַרטיי אוניאָן סיוויקאַ האָט אים דערנאָך אַרויסגע־שטעלט אַלס קאַנדידאַט אַף וויצע פּרע־זידענט, מיט דר. לואיס סאַענז פּעניאַ אַלס פּרעזידענט, און ווען דער לעצטער האָט אין יאַנואַר 1895 דימיטירט איז דר׳. אוריבורו געבליבן פּרעזידענט און פאַרענדיקט דעם רעגירונגס פּעריאָד. אין זיין צייט איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 10טן מאַי 1895 דער צווייטער נאַציאָ־נאַלער צענז, וועלכער האָט אָנגעוויזן די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד און דעם שטייגנדיקן וואוקס פון דער באַפעלקע־רונג.



Dr. Evaristo Uriburu

דר׳. אוריבורו איז געשטאָרבן אין בוע־נאָס איירעס אין עלטער פון 83 יאָר דעם 25טן אָקטאָבער 1914.

24.098, סאַנטאַ פע 22.244, טשיווילקאָי 14.236, באַהיאַ בלאַנקאַ 9.025 איינוואוינער.

דער צענז האָט באַוויזן ווי שוואַך דאָס לאַנד איז נאָך געווען באַ־פעלקערט. אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס זיינען געווען קוים 921.168, סאַנטאַ פע 397.188, ענטרע ריאָס 292.019, קאָריענטעס 239.618, קאָר־דאָבאַ 351,232, טוקומאַן 215.742 און די אַנדערע פּראָווינצן אַ סך ווייניקער.

אין צייט פון דער פּרעזידענץ פון אוריבורו (1895) איז געלייזט גע־וואָרן די אַלטע גרעניץ־פּראַגע מיט בראַזיל, דורך דעם אַרביטראַזש־אור־טייל פונעם פּרעזידענט פון די פאַריייניקטע שטאַטן.

אונטער דער פּרעזידענץ פון אוריבורו איז זיך צוזאַמענגעקומען דעם 15טן מערץ 1898 אַ נאַציאָנאַל פאַרזאַמלונג אין בוענאָס איירעס, אַף דורכ־צופירן רעפאָרמען פון אייניקע אַרטיקלען אין דער קאָנסטיטוציע. ס'איז רעפאָרמירט געוואָרן דער אַרטיקל 37 וועגן צוזאַמענשטעל פון דעפּוטאַ־טן־קאַמער, באַשטימענדיק איין דעפּוטאַט פאַר יעדע 33.000 איינוואוינער (אנשטאט 20.000 פון פריער) אָדער פון יעדן טייל נישט ווייניקער פון 16.500. דורכן נייעם אַרטיקל 87 איז באַשטימט געוואָרן אַז דער מיניס־טאָרן־קאַבינעט זאָל באַשטיין פון אַכט מיניסטאָרן אנשטאט פינף ווי דאָס איז געווען לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1853.

## לעאַנדראָ אַלעם באַגאַנגען זעלבסטמאָרד

דער גרויסער לידער פון דער פּאַרטיי אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל, דער אַדוואָקאַט און פּאָליטיקער דר. לעאַנדראָ נ. אַלעם, וועלכער האָט גע־שטורמט אַ שטיק צייט אין לאַנד איז אין 1896 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

לעאַנדראָ נ. אַלעם איז געבוירן אין בוענאָס איירעס 1842. ווען ער איז אַלט געווען עלף יאָר איז זיין פאָטער דערשאָסן געוואָרן אַף דער פּלאַסאַ קאָנסעפּסיאָן און דער יונגער לעאַנדראָ האָט באַדאַרפט זאָרגן פאַר אויסהאַלט פון זיין מוטער. ער האָט געאַרבעט און געלערנט, און אַזוי אַרום דערגרייכט צו ווערן דיפּלאָמאַט און דערנאָך אויך דעפּוטאַט און סענאַטאָר. ער האָט אָנגעפירט די רעוואָלוציע פון 1890 און שפּעטער געקעמפט קעגן דער רעגירונג פון קאַרלאָס פּעלעגריני.

זיינע רייזעס איבערן לאַנד זיינען געווען טריומף־טורן. זיין וואָרט איז געווען פּלאַמיק און מיטגעריסן. און פּלוצים, נאָך די גרויסע מאָראַ־לישע זיגן האָט ער, אין איינעם אַן אָוונט זיצנדיק אין זיין קאַרעטע גע־מאַכט אַ סוף צו זיין לעבן, זיך אַריינשיסנדיק אַ קויל, אין מאָמענט ווען דער קאָטש האָט זיך געפונען שוין נאָענט נעבן זיין הויז, אַף פּאַרמיענ־

טאַ עק ראַדריגעז פעניאַ. דער קוטשער האָט באַלד זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער טיר פונעם קלוב דעל פּראָגרעסאָ. ס'איז אַרוים אַן עולם, און גע־טראָפן דעם גרויסן לידער טויט. געווען איז עס אין אַ קאַלטער נאַכט יולי 1896, האַלב עלף אַזייגער.

עס שיינט אַז די פּאָליטישע דורכפאַלן בשעת די אויפשטאַנדן אין דער צייט פון סעלמאַן, 1890, און שפּעטערדיקע, אין 1892 און 1893, האָבן אַף אַזויפיל באַרירט די אייגנליבע פונעם גרויסן פּאָליטיקער, אַז ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן.

דרייסיק טויזנט פּערזאָן האָבן זיך באַטייליקט אין דער לויה און אַרום הונדערט טויזנט האָבן זיך צוגעקוקט צו דער פּראָצעסיע, שטייענ־דיק אַף די טראָטואַרן. זיין טויטער קערפּער איז באַערדיקט געוואָרן אַפן בית עולם פון רעקאָלעטאַ, וואו עס ליגן די רעשטן פון אַלע גרויסע אין פאַרדינסטפולע פּערזענלעכקייטן פון לאַנד.

## די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי

נאָך אַ צייט אַקטוּאַציע מצד פאַרשידענע אַרבעטער־גרופּעס, גרויסע און קלענערע, איז אין אויגוסט 1891 פאָרגעקומען דער ערשטער אַרבעטער קאָנגרעס און בוענאָס איירעס, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די פאַרשטייער פון פאַרשידענע פאַכן פון בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע און אַנדערע ערטער, און ס'איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע אַרבעטער־צענטראַלע אונטערן נאָמען „פעדעראַסיאָן דע לאָס אָברעראָס דע רעגיאָן אַרגענטינאַ" (פעדעראַציע פון די אַרבעטער פון אַרגענטינע), צו פאַרטיידיקן די מאַטעריעלע און מאָראַלישע אינטערעסן פון די אַר־בעטער אין לאַנד, און אויך אַקטואירן אין סאָלידאַריטעט מיט די אַרבע־טער פון אַנדערע לענדער.

אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין יוני 1894 איז געגרינדעט געוואָרן די צווייטע אַרבעטער־צענטראַלע אונטערן נאָמען „פעדעראַסיאָן אָברעראַ אַרגענטינאַ" (אַרגענטינער אַרבעטער־פעדעראַציע).

אין דעצעמבער 1896 איז בײַ אַ נייעם אַרבעטער קאָנגרעס פּראָקלאַ־מירט געוואָרן די גרינדונג פון אַ דריטער צענטראַלע, אונטערן נאָמען „פעדעראַסיאָן כענעראַל דע אָרגאַניזאַסיאָנעס אָברעראַס" (אַלגעמיינע פע־דעראַציע פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס).

אין די אַלע פעדעראַציעס זיינען פאָרגעקומען אידעאָלאָגישע רייַ־בונגען צווישן די אַנאַרכיסטישע און די סאָציאַליסטישע עלעמענטן. די סאָציאַליסטן האָבן דעמאָלט געהאַט שוין באַדייטנדע כוחות אין די פּראָ־פעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און אויסגעאיבט אין דיזעלבע זייער ווירקונג אין אַ גרויסער מאָס.

אין 1896 איז עס געקומען צו דער אָרגאַניזירונג פון די סאָציאַליסטן אין אַן אייגענער פּאַרטיי, און זי איז אַלס אַזעלכע אונטערגעקומען פּאָליטיש צו הילף דער אַלץ וואַקסנדער אַרבעטער-באַוועגונג אין לאַנד. אין מערץ 1904 איז אויסגעקליבן געוואָרן דער ערשטער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס, אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן דורכן געגנט באָקאַ אין הויפּטשטאָט.

## גענעראַל ראָקאַ ווידעראַמאָל פּרעזידענט

ווען ס'האָט געהאַלטן באַם ענדיקן זיך דער מאַנדאַט פון דר. אוריבורו האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי נאַסיאָנאַל פּראָקלאַמירט די קאַנדידאַטור פון גענעראַל ראָקאַ. אַף וויצע-פּרעזידענט זיינען באַם צוזאַמענפאָר, אונטערן פאָרזיץ פון דר. פּעלעגריני, דיסקוטירט געוואָרן די קאַנדידאַטורן פון דר. קירנאָ קאָסטאַ געשטיצט פון ראָקאַ, און וויסענטע ל. קאַסאַרעס געשטיצט פון פּעלעגריני. געזיגט האָט די קאַנדידאַטור פון קירנאָ קאָסטאַ.

די וואַלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין מערץ 1898. דעם 12טן יוני זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די עלעקטאָרן-ראַטן אין די פּראָווינציעלע הויפּטשטעט און דעם 12טן אויגוסט איז זיך צוזאַמענגעקומען דער קאָנגרעס, אונטערן פאָרזיץ פונעם סענאַטאָר, גענעראַל מיטרע, און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פאָלגענדער וואַל רעזולטאַט: אַף פּרעזידענט — גענעראַל כוליאָ א. ראָקאַ 218 און גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע 38 שטימען. אַף וויצע-פּרעזידענט — דר. נאָרבערטאָ קירנאָ קאָסטאַ 217, דר. כואַן ע. טאָררענט 23, אינזשעניער וואַלענטין וויראַסאָראָ 7, גענעראַל כוליאָ א. ראָקאָ 6, און כאָסע ל. טשורורואַרין, גענעראַל מיטרע און דר. עמיליאָ גוטשאַן צו 1 שטימע.

ס'איז אַזוי אַרום פּראָקלאַמירט געוואָרן גענעראַל ראָקאַ אַלס פּרעזידענט און דר. קירנאָ קאָסטאַ אַלס וויצע, אַפן פּעריאָד 1898 - 1904.

דעם 12טן אָקטאָבער 1898 האָט גענעראַל ראָקאָ אָפּגעגעבן די שבועה און איבערגענומען די מלוכה-מאַכט, און מען מוז אָנערקענען אַז אויך אין זיין צווייטן פּעריאָד איז אַ סך אויפגעטון געוואָרן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד דורך אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע טעטיקייט און באַן-בוי.

עס זיינען פאָרגעקומען אין לויף פון גענעראַל ראָקאַס צווייטן פּעריאָד גרויסע קאָנפליקטן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, און דער אינערן מיניסטער דר. כאָאַקין וו. גאָנסאַלעז האָט צוגעשטעלט דעם קאָנגרעס אַ געזעץ-פּראָיעקט פון גינסטיקערע באַדינגונגען פאַרן אַרבעטער קלאַס. דער קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט איז דעמאָלט געווען זייער אַ שאַר-

פער. די פאַבריקאַנטן, אָרגאַניזירט אין דער „אוניאָן אינדוסטריאַל אַרכענטינאַ" האָבן זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט דער פאָדערונג אַרויסצושיקן פון לאַנד די „שטערער". דער פּאָליציי שעף פון בוענאָס איירעס, דר. מאַנועל מוכיקאַ פאַריאַס האָט זיך אויך געווענדט צום אינערן מיניסטער דר. גאָנסאַלעז מיט אַ פאָרשלאַג צו אונטערדריקן „לייַדיקגייערײַ", מיינענדיק אונטער דעם וואָרט די אַרבעטסלאָזיקייט. אין 1902 איז אָנגענומען געוואָרן דורכן קאָנגרעס דער געזעץ־פּראָיעקט פון סענאַטאָר מיגעל קאַנע אַרויסצושיקן פון לאַנד די „שטערער פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג", מיינענדיק אונטער דעם אויסדרוק די עקסטרעמע אַרבעטער פירער. דער דאָזיקער געזעץ, באַקאַנט אַלס „לעי דע רעסידענסיאַ" טראָגט דעם נומער 4144, און זאָגט קלאָר, אַז די רעגירונג האָט דאָס רעכט אַרויסצושיקן פון לאַנד יענע אויסלענדער, וואָס זיינען געווען פאַרמשפּט אָדער פאַרפאָלגט דורך דער אויסלענדישער יוסטיץ פאַר געוויינלעכע פאַרברעכנס, און אויך אַרויסשיקן פון לאַנד יענע אויסלענדער וועמענס אויפפירונג קאָמפּראָמעטירט די נאַציאָנאַלע זיכערקייט אָדער שטערט די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג. אין אַרטיקל 3 פון זעלבן געזעץ זאָגט זיך אַז די רעגירונג קאָן פאַרבאָטן די איינוואַנדערונג פון אויסלענדער וואָס געהערן צו די קאַטעגאָריעס, צו וועלכע עס באַציען זיך די ערשטע צוויי אַרטיקלען, און אין אַרטיקל 4 זאָגט זיך אַז אין פאַל פון אַרויסשיקן באַקומט דער באַטרעפנדער אַ צייט פון דריי טעג אַף צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אין דער אויסערן פּאָליטיק האָט עס געדראָט דעמאָלט מיט אַ אומפאַרמיידלעכער מלחמה מיט טשילע און דער אויסערן־מיניסטער דר. לואיס מ. דראַגאָ האָט געהאַט אַ סך אַרבעט אַף אויסצומיידן די מלחמה מיט דער שכנותדיקער רעפּובליק צוליב דער גרעניץ־פראַגע, און ס'איז אין 1902 געקומען צו אַן אויסגלייך מיט טשילע. די רעגירונג פון ראָקאַ האָט אויך באַפעסטיקט די פריינטשאַפט מיט בראַזיל.

ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן האָט גענעראַל ראָקאַ אין זיין צווייטן פעריאָד געהאַט צו פאַרצייכנען נייע פאַרדינסטן אינעם באַן־בוי און קאָלאָניזאַציע. די באַן־נעץ אין אַרגענטינע וואָס איז אין 1898 באַשטאַנען פון 15.314 קילאָמעטער רעלסן איז געשטיגן אין לויף פון די זעקס יאָר צו 19.430 קילאָמעטער. דער אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל אין די באַנען האָט דערגרייכט צו 609.019.356 פעזעס גאָלד אין 1904, קעגן 522.433.859 אין 1898. אין לויף פון זעלבן פעריאָד (1899 - 1904) זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד 712.765 אימיגראַנטן. אין 1904 אַליין זיינען אַריינגעקומען 161.078 אימיגראַנטן, דאַקעגן אין 1902, ווען ס'האָט געדראָט מיט אַ מלחמה מיט טשילע זיינען אַריינגעקומען בלויז 96.080.

ראָקאַס רעגירונג האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן בוי פון אַ גאַנצער רייע טייך־פּאָרטן אין לאַנד. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אינסטאַלאַציעס פּאַר טרינקוואַסער אין קאָריענטעס, סאַנטיאַגאָ, כוכוי, קאַטאַמאַרקאַ, ריאָכאַ, סאַן כואַן, מענדאָזאַ, סאַן לואיס, סאַנטאַ פע, פּאַראַנאַ און סאַלטאַ. ס׳זייַנען אויסגעבויט געוואָרן אין הויפּטשטאָט די פּראַקטיציר־שול פאַר מעדיצין און מאַרגע, דער יוסטיץ־פּאַלאַץ, דער פּאַוועליאָן פאַרן היסטאָרישן הויז אין טוקומאַן, אַגראָנאָמישן און וועטערינאַריער אינסטיטוט, אינדוסטרי־שול און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בוים פונעם קאָנגרעס־פּאַלאַץ.

ס׳איז נישט געווען קיין איין ווינקל אין לאַנד וואו מען זאָל נישט האָבן אויפגעבויט שולן, שפּיטעלער, אַ באַן־ליניע, אַ בריק, אַ פּאָרט אָדער טעלעגראַפן־ליניע אין דער צייט פון ראָקאַס פּרעזידענץ. דאָס לאַנד האָט געהאַט אין יענעם פּעריאָד אַ צייט פון גרויסן אויפבוי און וואוילשטאַנד.

## קינטאַנאַ און אַלקאָרטאַ

נאָך גענעראַל ראָקאַ האָבן פאַרנומען די מלוכה־פּרעזידענץ דעם 12טן אָקטאָבער 1904 דר. מאַנועל קינטאַנאַ (פּרעזידענט) און דר. כאָסע פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ (וויצע). יענער וואַל־קאַמף איז געווען זייער אַ הייסער, ווייל די פאַרשידענע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעשטעלט מערערע קאַנדידאַטן, און דער וואַל־רעזולטאַט איז געווען פאָלגענדער: דר. מאַנועל קינטאַנאַ 240 עלעקטאָרן; דר. כאָסע ע. אוריבורו, 34 (12 פון הויפּטשטאָט און 22 פון ענטרע ריאָס); מאַרקאָ אַוועזשאַנעדאַ, 14 (13 פון הויפּטשטאָט און 1 פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ); דר. מאַוריסיאָ פּ. דאַראַקט, 6 (פון טוקומאַן); און דר. קאַרלאָס פּעלעגריני, 1 (פון הויפּטשטאָט). אַלס וויצע־פּרעזידענט האָט דר. כאָסע פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ באַקומען 257 עלעקטאָרן שטימען; דר. גיזשערמאָ אודאַאָנדאַ 12, דר. לואיס מ. דראַגאָ 11, דר. כואַן כאָסע ראָמעראָ 6, פראַנסיסקאָ אוריבורו 5, דר. כאָאַקין וו. גאָנסאַלעז 1, גענעראַל בענכאַמין וויקטאָריאַ 1, דר. קאַרלאָס פּעלעגריני 1 און דר. בעניטאָ ווילזשאַנועוואַ 1.

דער נייער פּרעזידענט דר. מאַנועל קינטאַנאַ האָט נישט געהאַט קיין צייט מיט עפּעס זיך אויסצוצייכנען. צו די פיר חדשים נאָכן איבערנעמען די מלוכה, דעם 4טן פעברואַר 1905 איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. באַוואָפנטע גרופּעס פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי זייַנען איבערגעפאַלן דעם קריגס־אַרסענאַל און אייניקע קאָמיסאַריעס, און געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט אין הויפּטשטאָט. ענלעכע פּרואוון פון אויפשטאַנד זייַנען פאָרגעקומען אין קאָרדאָבאַ, מענדאָזאַ און פּראָווינץ בוענאָס איירעס, אָבער דער אויפשטאַנד איז שנעל אונטערדריקט געוואָרן. די אָנפירער זייַנען

# דר. מאַנועל קינטאַנאַ

(1835 — 1906)

דער דר. מאַנואעל קינטאַנאַ איז געבוירן אין בוענאָס אײַרעס דעם 19טן אָקטאָבער 1835 אַלס זון פון עלאַדיאָ דע לאַ קינטאַנאַ אי אוסין. זיין זיידעס אַ ברודער, גענעראַל קינטאַנאַ, האָט באַגלייט סאַן מאַרטינען אין די שלאַכטן פון טשאַקאַבוקאָ און מאַיפּו. אין עלטער פון 19 יאָר האָט ער געענדיקט דעם בוענאָס אײרעסער אוניווערזיטעט מיט דיפּלאָם פון אַדוואָקאַט. אין 1860 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין דער לעגיסלאַטור פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס און שפּעטער מיט אַ יאָר איז ער אין פּאַראַנאַ אויסגעקליבן געוואָרן אַלס נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט. אין 1870 איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס נאַציאָנאַלער סענאַטאָר און אין זעלבן יאָר איז ער אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד אין דער קאָנסטיטואַנטע צו רעפאָרמירן די קאָנסטיטוציע. עס האָבן דאָרט אַקטואירט צוזאַמען מיט קינטאַנאַ אַ גאַנצע רייע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי באַרטאָלאָמע מיטרע, אַדאָלפּאָ אַלסינאַ, וויסענטע פידעל לאָפּעז, בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען, לואיס סאַענז פּעניאַ, פּעדראָ גאָזשענאַ, אַריסטאָבאָלאָ דעל וואַזשע, דאַרדאָ ראָטשאַ און אַנדערע. קינטאַנאַ איז דעם 23טן מאַי (1870) אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון דער פּאַרזאַמלונג. שפּעטער מיט אַ יאָר איז ער באַשטימט געוואָרן מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע קיין פּאַראַגוויי. אין 1874 איז ער געווען קאַנדידאַט אַף פּרעזידענט, אָבער געזיגט האָט אַוועזשאַנעדאַ. קינטאַנאַ איז געבליבן אין סענאַט ביז 1876 ווען ס'האָט זיך געענדיקט זיין מאַנדאַט. ער פּאָרט שפּעטער קיין אייראָפּע אַף אַ שטיקל צייט, און ווערט אין 1878 אויסגעקליבן ווידעראַמאָל אַלס דעפּוטאַט. אין 1880 ווערט ער דערוויילט אַלס פּאָרזיצער אין דעפּוטאַטן קאַמער.



Dr. Manuel Quintana

שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר, אין 1888, באַטייליקט ער זיך צוזאַמען מיט דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ אַלס אַרגענטינער פאָרשטייער באַם זיד־אַמעריקאַנער קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַלער יוסטיץ, אין מאָטעווידעאָ, און אין 1889 איז ער געווען אַרגענטינער דעלעגאַט באַם ערשטן פּאַנאַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. אונטער דער רעגירונג פון דר. לואיס סאַענז פּעניאַ ווערט דר. קינטאַנאַ אין 1892 באַשטימט אַלס אינערן מיניסטער, אָבער ער רעזיגנירט דעם 6טן נאָוועמבער פון זעלבן יאָר איבער געוויסע באַשולדיקונגען מצד בערנאַרדאָ דע איריגאָזשען. פון דעמאָלט אָן האָט דר. קינטאַנאַ זיך צוריקגעצויגן פון פּאָליטישן לעבן, זיך אָפּגעבנדיק מיט זיין אַדוואָקאַטור פּראָפּעסיע, ביז 1900, ווען ער ווערט ווידעראַמאָל אויסגעקליבן אַלס דעפּוטאַט. אין 1904 ווערט דר. מאַנועל קינטאַנאַ אויסגעקליבן אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק מיט פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ אַלס וויצע. ער האָט אָבער נישט געענדיקט אינגאַנצן דעם רעגירונגס־פּעריאָד, ווייל אַ קראַנקייט האָט ביסלעכווייז אויסגעצערט זיין לעבן, און ער איז דעם 12טן מערץ 1906 געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס.

אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין טורמעס פון ווייטן דרום, און דאָרט געווען אַ יאָר צייט, ביז ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער אַמניסטיע געזעץ.

דער דאָזיקער אויפשטאַנד פון די ראַדיקאַלן, אָנגעפירט פון היפּאָלימאָ איריגאָזשען האָט געזאָלט אויסברעכן נאָך אין דער צייט פון דער צווייטער פּרעזידענץ פון גענעראַל ראָקאַ, אָבער די פעסטקייט פון דער רעגירונג האָט אוממעגלעך געמאַכט אַרויסצוקומען מיט אומרוען, און די רעוואָלוציע איז איבערגעבליבן אַף דער צייט פון דר. קינטאַנאַס פּרעזידענץ. דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן אין הויפּטשטאָט און אין זעלבן טאָג (4טן פעברואַר) אויך אין מענדאָזאַ, קאָרדאָבאַ און סאַנטאַ פע. מערערע אַרמיי-קאָרפּוסן אין יענע פּראָווינצן, ווי אויך דאָס מיליטער פון קאַמפּאָ מאַזשאָ און באַהיאַ בלאַנקאַ האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג. די רעוואָלוציע איז אָבער זייער שנעל אונטערדריקט געוואָרן אין הויפּטשטאָט, און דאָס האָט אויך געבראַכט צום אויפגעבן פונעם אויפשטאַנד אויך אין די פּראָווינצן.

גאָר אין גיכן איז דר. קינטאַנאַ קראַנק געוואָרן און דעם 12טן מערץ 1906, איז ער, אין עלטער פון 71 יאָר, געשטאָרבן.

דעם פרייעם פּלאַץ פון פּרעזידענט האָט דעמאָלט פאַרנומען דער וויצע-פּרעזידענט דר. כאָסע פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ און ער האָט פאַרענדיקט דעם פּעריאָד ביזן 12טן אָקטאָבער 1910. אין זיין צייט האָט דאָס לאַנד געפייערט מיט אויסעראָרדנטלעכן גלאַנץ דעם ערשטן סענטענאַר פון דער מאַי-רעוואָלוציע. אין דער צייט פון אַלקאָרטאַס פּרעזידענץ האָט דאָס לאַנד דורכגעמאַכט אַ צייט פון רו און פּראָגרעס.

אין מיניסטאָרן קאַבינעט פון דר. קינטאַנאַ האָבן זיך געפונען פאָלגענדע פּערזאָנען: ראַפאַעל קאַסטיזשאָ, קאַרלאָס ראָדריגעז לאַררעטאַ, כאָסע א. טערי, כאָאַקין וו. גאָנסאַלעז, ענריקע גאַדאַי, כואַן א. מאַרטין, דאַמיאַן מ. טאָרינאָ און אַדאָלפאָ פ. אָרמאַ. און ווען דער פּרעזידענט איז געשטאָרבן האָבן זיי זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע, און דר. פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ האָט געבילדעט אַ מיניסטאָרן-קאַבינעט אין וועלכן ס'זיינען געווען פאַרשטייער פון דער נאַציאָנאַל פּאַרטיי, רעפּובליקאַנער און אויטאָנאָמיסטן.

דער צוזאַמענשטעל פון דער נייער רעגירונג איז געווען פאָלגענדער: אינערן, דר. נאָרבערטאָ קירנאָ קאָסטאַ; אויסערן, דר. מאַנועל א. מאָנטעס דע אָקאַ; פינאַנצן, דר. נאָרבערטאָ פּיניעראָ; יוסטיץ און בילדונג, דר. פעדעריקאָ פּינעדאָ; קריג, גענעראַל לואיס מאַריאַ קאַמפּאָס; פלאָט, קאָנטר-אַדמיראַל אָ. בעטבעדער; אַגריקולטור, עסעקיעל ראַמאָס מעכיאַ; בוי, אינזשעניער מיגעל טעדין.

אין דער צייט פון פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט

דער האַנדל און אינדוסטריע. דער עקספּאָרט איז באַדייטנד איבערגע־שטיגן דעם אימפּאָרט און די הכנסות אין דער רעגירונגס־קאַסע האָבן גע־האַלטן אין שטייגן פון יאָר צו יאָר. ס׳זיינען אין די פינף יאָר (1906 - 1910) אַריינגעקומען אין לאַנד אַרום אַנדערהאַלבן מיליאָן אימיגראַנטן. אין 1906 אַליין זיינען אַריינגעקומען 302.249 און אין 1910 האָט די צאָל געקומענע אימיגראַנטן געגרייכט צו 345.275.

ס׳זיינען פונקט ווי בא דער פּרעזידענץ פון ראָקאַ פאָרגעקומען צייט־ווייז גרויסע אַרבעטער־באַוועגונגען, שטרייקן, מאַניפעסטאַציעס און צו־זאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי. איינע אַ גרויסע אַרבעטער־מאַניפעסטאַ־ציע איז פאָרגעקומען דעם 1טן מאַי 1909, פייערנדיק דעם אינטערנאַ־ציאָנאַלן אַרבעטער־טאָג, און די פּאָליציי האָט געשאָסן אויף די מאַניפעס־טאַנטן און ס׳זיינען געפאַלן מערערע טויטע און פאַרוואונדעטע. אַלס ענט־פער דאַרויף איז אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר דערהרגעט געוואָרן דער פּאָליציי־שעף פון הויפּטשטאָט, קאָראָנעל ראַמאָן פאַלקאָן. די רעגירונג האָט דעמאָלט אָנגענומען ענערגישע מיטלען, האָט דערקלערט באַלאַגע־רונגס־צושטאַנד און אָנגעווענדט דעם „רעזידענץ־געזעץ”, וועלכער איז דעמאָלט רעפאָרמירט און דערגענצט געוואָרן אונטערן נאָמען „געזעץ פון סאָציאַלער פאַרטיידיקונג”.

## פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ
(1860 — 1931)

דר׳. כאָסע פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ איז גע־בוירן אין קאָרדאָבאַ דעם 20טן נאָוועמ־בער 1860, און האָט אין עלטער פון 22 יאָר געענדיקט אויף אַדוואָקאַט. מיט 3 יאָר שפּעטער איז ער אויסגעקליבן גע־וואָרן אַלס סענאַטאָר פון דער פּראָווינ־ציעלער לעגיסלאַטור. שפּעטער איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום נאַציאָנאַלן קאָנגרעס, און אין 1895 איז ער געוואָרן גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ קאָרדאָבאַ. דערנאָך איז ער געווען סענאַ־טאָר אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס. אין דער רעגירונג פון קינטאַנאַ איז ער געווען וויצע פּרעזידענט און דערנאָך ווען דר. קינטאַנאַ איז דעם 12טן מערץ 1906 גע־שטאָרבן, האָט דר. אַלקאָרטאַ איבערגע־נומען די פּרעזידענץ. אונטער זיין רעגי־רונגס פּעריאָד איז דורכגעפירט געוואָרן



Dr. José Figueroa Alcorta

גרויסע בוי־אַרבעטן, געביידעס, שאָ־סייען און באַנען, און ס׳איז געשטיצט געוואָרן די אימיגראַציע. געשטאָרבן איז דר׳. אַלקאָרטאַ אין בוענאָס איירעס דעם 27טן דעצעמבער 1931 אין עלטער פון 71 יאָר.

# דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ

דער נעכסטער פּרעזידענט נאָך אַלקאָרטאַ איז געווען דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ, אַ זון פונעם געוועזענעם פּרעזידענט לואיס סאַענז פּעניאַ, באַקאַנט אַלס גרויסער יוריסקאָנסולט. ער האָט איבערגענומען די מלוכה דעם 12טן אָקטאָבער 1910 און האָט פאַרשפּראָכן אַ „רעגירונג פון פרייהייט, פון דיסקוסיע און עקזאַמען". דר. סאַענז פּעניאַ האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אויטאָר פונעם געזעץ וועגן געהיימען און אָבליגאַטאָרישן שטימרעכט, צו זיכערן די ריינקייט פון די וואַלן. ראָקע סאַענז פּעניאַ האָט געהערט צו אַ פאַמיליע פון יוריסטן און ער האָט אַזוי פאַרשטאַנען יעדע אָרדנונגס־פירונג, אַז זי מוז זיין מיט רעכט און גערעכטיקייט. ווען ער איז אין 1889 געווען אין נאָרד־אַמעריקע און בײַ אַ זיצונג אין קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן געהערט רעדן מיט גרינגשעצונג איבער די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער איז ער אַרויס אין קאַמף קעגן דער „מאָנראָע דאָקטרין" (אַמעריקע פאַר די אַמעריקאַנער) און געבראַכט די לאָזונג פון **„אַמעריקע פאַר דער מענטשהייט"**. שוין בײַ די וואַלן פון 1892 איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן זיין קאַנדידאַטור אַף פּרעזידענט, אָבער ער האָט געלאָזט בעסער דעם פּלאַץ פאַר זיין פאָטער לואיס סאַענז פּעניאַ.

דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ איז אויסגעקליבן געוואָרן איינשטימיק, באַקומענדיק אַלע 264 עלעקטאָרן שטימען. דער וויצע פּרעזידענט, דר. וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ, האָט באַקומען 259 שטימען.

באַלד נאָך זיין איבערנעמען דעם הויכן פּאָסטן פון מלוכה־שעף האָט דר. סאַענז פּעניאַ זיך אָפּגעגעבן ענערגיש מיטן פּלאַן פון זיכערן די ריינקייט פון די וואַלן. זיין אינערן מיניסטער, דר. אינדאַלעסיאָ גאָמעז, האָט סוף 1910 אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון וואַל־רעפאָרם, דורך וועלכן עס ווערט פעסטגעשטעלט געהיימע און אָבליגאַטאָרישע וואַלן און מינדערהייטס פאַרטרעטונג. דער קאָנגרעס האָט דעם פּראָיעקט סאַנקציאָנירט און רעגלאַמענטירט. ס'איז געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּראָבע בײַ די וואַלן דעם 1טן אַפּריל 1912 אין פּראָווינץ סאַנטאַ פע אונטער דער נאַציאָנאַלער אינטערווענץ, און זיבן טעג שפּעטער אין גאַנצן לאַנד, בײַם אויסקלויבן אַ העלפט פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער.

דורכן נייעם וואַל־געזעץ האָבן די ראַדיקאַלן אויפגעגעבן זייער אַבסטינענץ־פּאָליטיק און זיך באַטייליקט אין די וויטערדיקע וואַל־קאַמפּיינען.

אין דער צייט פון דער פּרעזידענץ פון דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ איז דורכגעפירט געוואָרן דער דריטער נאַציאָנאַלער צענז, דעם 1טן יוני 1914. דאַסמאָל האָבן די ציפערן באַוויזן אַז דאָס לאַנד האָט אַ באַפעלקערונג פון

7.885.237 איינוואוינער. די הויפטשטאָט האָט דעמאָלט געציילט 1.575.814, די פּראָווינץ בוענאָס איירעס 2.066.165 און פּראָווינץ סאַנטאַ פע 899.640 איינוואוינער. אַלע אַנדערע פּראָווינצן זיינען געבליבן מיט דער צאָל פון אונטער אַ האַלבן מיליאָן נפשות. וואָס אָנבאַלאַנגט די שטעט האָט ראָזאַריאָ דעמאָלט געציילט 222.599, קאָרדאָבאַ 104.894 און אַלע אַנדערע אונטער הונדערט טויזנט איינוואוינער. פונעם טאָטאַל איינוואוינער זיינען 5.527.285 געווען אַרגענטינער און 2.357.952 אויסלענדער, פון זיי 929.863 איטאַליענער, 829.701 שפּאַניער, 93.634 רוסן, 86.428 אורו־

## ראָקע סאַענז פּעניאַ
(1851 — 1914)

דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ איז געבוירן אין בוענאָס איירעס (די געבורטסשטאָט פון ריוואַדאַוויאַ, מיטרע, פּעלעגריני, לואיס סאַענז פּעניאַ און קינטאַנאַ) דעם 19טן מערץ 1851, אַלס זון פונעם עקס פּרעזידענט מיטן זעלבן נאָמען. ער האָט געענדיקט דעם פאַקולטעט פון רעכטס־וויסנשאַפט אין סעפּטעמבער 1894 און אָנגעהויבן אַרבעטן אינעם אַדוואָקאַטן ביוראָ פון זיין פאָטער. עס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן דורך קאָראָנעל לואיס מאַריאַ קאַמפּאָס אַ דיוויזיע צו קעמפן קעגן אויפשטאַנד פון די מיטריסטן, און דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ איז אַריין אין דער דאָזיקער דיוויזיע, ווייל אַלס מיטגליד פון דער אויטאָנאָמיסטישער פּאַרטיי האָט ער געפילט אַף זיך די פליכט צו שטיצן דעם פּאַרטיי שעף אַדאָלפאָ אַלסינאַ. ער איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום ערשטן פּאַנאַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן (1889), און זיך געפינענדיק אין נאָרד־אַמעריקע איז ער טעלעגראַפיש איינגעלאַדן געוואָרן דורכן פּרעזידענט כואַרעז סעלמאַן איבערצונעמען דעם אַמט פון אויסערן מיניסטער. שפּעטער, מיט יאָרן, ווען ער האָט זיך געפונען אין איטאַליע, איז ער אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט אַף פּרעזידענט און זיין קאַנדידאַטור האָט גע־



Dr. Roque Sáenz Peña

זיגט. דעם 12טן אָקטאָבער 1910 האָט ער איבערגענומען די פּרעזידענץ און אונטער זיין רעגירונגס פּעריאָד זיינען אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנצע רייע וויכטיקע געזעצן, צווישן זיי דער געזעץ פון געהיימע וואַלן. אין אָקטאָבער 1913 איז ער שווער קראַנק געוואָרן און ער האָט איבערגעגעבן די רעגירונגס־מאַכט דעם וויצע פּרעזידענט וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ. נאָך אַן אָפּרו פון אַ פּאָר חדשים, אין יולי 1914 האָט דר. סאַענז פּעניאַ זיך געפילט שוין אַף אַזויפיל דערהאָלט, אַז ער האָט גערעכנט באַלד צוריק איבערצונעמען די פּרעזידענץ. נאָר מיט אַמאָל האָט ער באַקומען אַ ריקפאַל און זיין צושטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרערגערן, און ער איז דעם 9טן אויגוסט 1914 געשטאָרבן.

גווייער, 79,491 פראַנצויזן און דאָס רעשט דייטשן, עסטרייכער, שווייצער, רומענער און פון פאַרשידענע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

די עלעמענטאַר־שולן זיינען באַזוכט געוואָרן פון 878.537 קינדער און זיי האָבן באַקומען דערציאונג פון 26.449 לערערס פון ביידע געשלעכטער. די העכערע בילדונגס־שולן זיינען באַזוכט געוואָרן פון 60.151 שילער, וואו עס האָבן געלערנט 5.252 פּראָפעסאָרן.

עס זיינען באַארבעט געוואָרן 24.317.199 העקטאַר לאַנד (קעגן 4.892.004 אין 1895) און פון דעם זיינען געווען פאַרזייעט 6.261.000 מיט ווייץ, 4.203.000 מיט מאַיס, 1.723.000 מיט ליאַן, 1.161.000 מיט האָבער, 7.373.000 מיט אַלפאַלפאַ און דאָס רעשט מיט פאַרשידענע אַנדערע קול־טיוון.

עס האָבן געאַרבעט 48.779 פאַבריקן און טאַזשערן מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1.787 מיליאָן פּעזעס.

אינמיטן זיין רעגירונגס־פעריאָד איז דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ קראַנק געוואָרן און דעם 9טן אויגוסט 1914 געשטאָרבן אין עלטער פון 63 יאָר. ער האָט נישט פאַרענדיקט דעם פעריאָד פון זיין מאַנדאַט, אָבער ער האָט געלאָזט אַ שיינע ירושה דעם לאַנד, דעם באַקאַנטן סאַענז פּעניאַ געזעץ וועגן דער ריינקייט פון די וואַלן.

## וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ

דורכן טויט פון דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ האָט איבערגענומען די פּרע־זידענץ דער וויצע־פּרעזידענט דר. וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ, צו פאַר־ענדיקן דעם פעריאָד ביז אָקטאָבער 1916. וויקטאָרינאָ דע לאַ פּלאַסאַ האָט דורך דער קראַנקייט פונעם פּרעזידענט אָנגעפירט די פּרעזידענץ זייט אָקטאָבער 1913, און האָט דעם 9טן אויגוסט 1914 איבערגענומען די מלוכה דעפיניטיוו. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם מיניסטאָרן־קאַ־בינעט, אין וועלכן ס'זיינען אריין פאָלגענדע מיטגלידער: דר. מיגעל ס אָרטיז, אינערן; דר. כאָסע לואיס מוראַטורע, אויסערן; דר. ענריקע קאַר־קאָ, פינאַנצן; דר. טאָמאַס ר. קוזשען, יוסטיץ און בילדונג; דר. האָראַסיאָ קאַלדעראָן, אַגריקולטור; דר. מאַנועל מאָיאַנאָ, בוי; גענעראַל אַנכעל פּ. אַליאַריאַ, קריג; און וויצע־אַדמיראַל כ. פּ. סאַענז וואַליענטע, פלאָט.

ס'איז אויסגעבראָכן דעמאָלט די ערשטע וועלט־מלחמה און ס'זיינען צוליב דעם פאָרגעקומען אינצידענטן מיט ענגלאַנד איבערן פאַרהאַלטן אַרגענטינער שיפן, אָבער די קאָנפליקטן זיינען געלייזט געוואָרן צופרידנ־שטעלנדיק. דורכן אויסברוך פון דער מלחמה אין אייראָפּע האָט אַרגענ־טינע געליטן פון אַ שטאַרקן עקאָנאָמישן און פינאַנציעלן קריזיס, ס'איז

שטארק געפאלן דער עקספארט אין 1914, אָבער באלד האָט זיך די לאגע געבעסערט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן שאפן א וואוילשטאנד אין לאנד.

פארן ענדיקן זיין פעריאָד איז דר. דע לא פלאסא געווען אָנפירער פון דעם גרויסן נאציאָנאלן יום־טוב, פייערנדיק דעם סענטענאר פון דער אומאָפהענגיקייט, וואָס איז פראָקלאמירט געוואָרן דעם 9טן יולי 1816 אין טוקומאן. בא די דאָזיקע פעסטלעכקייטן זיינען באזונדערס אויסגעצייכנט געווען די דעלעגאציעס פון פארשידענע לענדער. אין הויפטשטאָט און אין טוקומאן זיינען לכבוד די פעסטלעכקייטן דורכגעפירט געוואָרן פארשידענע וויסנשאפטלעכע קאָנגרעסן און ליטעראַרישע און ספּאָרטיווע אַקטן. בשעת דער מיליטערישער דעפילירע אין טאָג פון 9טן יולי, אין מאָמענט ווען דער פרעזידענט דע לא פלאסא איז געשטאנען אף א באלקאָן פון רעגירונגס־הויז איז געמאכט געוואָרן אף אים אן אַטענטאַט אָבער אָן דערפאָלג. איינער האָט אָפגעפייערט אפן פרעזידענט איניקע רעוואָלווער קוילן, אָבער נישט געטראָפן אין ציל.

## וויקטאָרינאָ דע לא פלאסא
(1840 — 1919)

דר. וויקטאָרינאָ דע לא פלאסא איז געבוירן אין סאלטא דעם 2טן נאָוועמבער 1840 אלס זון פון נישט־פארמעגלעכע עלטערן. ער האָט געהאט שווער צו קעמפן צו קאָנען אָנגיין מיטן שטודיום קודם אין זיין געבורטס־שטאָט און שפּעטער אין בוענאָס איירעס. ער האָט אָבער ענדליך געזיגט און געענדיקט מיט אויסצייכנונג אף אדוואָקאט. ער איז שפּעטער געווען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין דער נאציאָנאלער הויכשול, און אין דער צייט פון מיניסטאָרן קריזיס אין דער רעגירונג פון אוועזשאנעדא איז ער אריינגעצויגן געוואָרן (1876) אלס פינאנץ מיניסטער. אין יענער צייט האָט אויסגעבראָכן א רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין קאָריענטעס און דר. לא פלאסא איז (1878) באשטימט געוואָרן אלס אינטערווענטאָר אין יענער פּראָווינץ, און דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין פינאנץ מיניסטעריום. אין דער רעגירונג פון פיגעראָא אלקאָרטא איז ער געווען אויסערן מיניסטער. סוף 1909 איז דר. לא פלאסא ארויסגעשטעלט געוואָרן אלס קאנדידאט אף וויצע פּרעזידענט, מיט ראָקע סאענז פּעניא אלס פּרעזידענט, און ווען דער לעצטער איז קראנק געוואָרן האָט דר. דע לא פלאסא איבערגענומען (1913) פּראָוויזאָריש און 1914 דעפיניטיוו די פּרעזידענץ.



Dr. Victorino de la Pla;

געשטאָרבן איז דר. וויקטאָרינאָ דע לא פלאסא דעם 2טן אָקטאָבער 1919.

דעם 2טן אַפּריל 1916 זיינען דורכגעפירט געוואָרן נייע וואַלן, און דער פּרעזידענט לאַ פּלאַסאַ האָט זיך געהאַלטן מוסטערהאַפט נייטראַל, טראָץ דעם געוויסע קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן האָבן געפּרואווט אויסאיבן אַ דרוק אַז ער זאָל נישט דערלאָזן אַ זיג פון די ראַדיקאַלן.

ביז איצט האָט די פּאַרטיי אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל זיך אָפּגעהאַלטן פון דער באַטייליקונג אין די פּרעזידענטן וואַלן, אָבער נאָך דעם ווי ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער געזעץ פון געהיימע וואַלן האָבן די ראַדיקאַלן באַשטימט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן און ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט אַף פּרעזידענט דער פּאַרטיי-לידער היפּאָליטאָ איריגאָזשען. די דאָזיקע קאַנדידאַטור האָט געהאַט גרויס שטיצע אין הויפּטשטאָט און אין מערערע פּראָווינצן און האָט אויך געזיגט.

## דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען

דורך געהיימע וואַלן, געזיכערט דורכן סאַענז פּעניאַ געזעץ איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון נייעם רעגירונגס-פּעריאָד דער דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען, לידער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, איינער פון די אָנפירער פונעם אויפשטאַנדס-פּרואוו קעגן דער רעגירונג פון גענעראַל ראָקאַ אין 1905.

איריגאָזשען האָט געהאַט אַלס וויצע-פּרעזידענט דעם דר. פּעלאַכיאָ ב. לונאַ (געבוירן אין לאַ ריאָכאַ דעם 6טן יאַנואַר 1867), און אינעם ערשטן מיניסטאָרן-קאַבינעט זיינען אַריין פאָלגענדע מיניסטאָרן: אינערן, דר. ראַמאָן גאָמעז; אויסערן, דר. קאַרלאָס א. בעקו; פינאַנצן, דר. דאָמינגאָ סאַלאַבערי; בוי, דר. פּאַבלאָ טאָרעליאָ; אַגריקולטור, דר. האָנאָריאָ פּועירעדאָן; קריג, דר. עלפּידיאָ גאָנסאַלעז; און פלאָט, אינזשעניער פּעדעריקאָ אַלוואַרעז דע טאָלעדאָ. די מיניסטאָרן סאַלינאַס, סאַלאַבערי, טאָרעליאָ און פּועירעדאָן האָבן אויסגעהאַלטן אַלע זעקס יאָר אין דער רעגירונג, דער לעצטער האָט נאָר געביטן דעם אַמט אין סעפּטעמבער 1918 פון אַגריקולטור אַף אויסערן. דר. בעקו ווידער האָט דימיטירט סוף יאַנואַר 1917 און די אַנדערע האָבן דימיטירט אַביסל שפּעטער. ווען איריגאָזשען האָט געענדיקט זיין מאַנדאַט איז דער רעגירונגס-קאַבינעט באַשטאַנען פון פאָלגענדע פּערזאָנען: דר. פראַנסיסקאָ בעיראָ, אינערן; דר. האָנאָריאָ פּועירעדאָן, אויסערן; דר. דאָמינגאָ סאַלאַבערי, פינאַנצן; דר. סאַלינאַס, יוסטיץ און בילדונג; דר. קאַרלאָס כ. ראָדריגעז, אַגריקולטור; דר. טאָרעליאָ, בוי; דר. כוליאָ מאָרענאָ, קריג; און קאָנטראַדמיראַל ט. סורועטאַ, פלאָט-מיניסטער.

אין דער צייט פון איריגאָזשענס רעגירונג (1916) האָט געהערשט דער וועלט־קריג אין איירָאָפּע, און עס האָט זיך געשאַפן אין לאַנד אַ שטאַרקע באַוועגונג, אָנגעפירט פון די אַזוי גערופענע „רופּטוריסטן" אַז די רעגירונג זאָל איבעררייסן די באַציאונגען מיט דייטשלאַנד. עס האָט זיך אויך גראד געמאַכט אַז ס'איז דורך אַ דייטשן סובמאַרין געזונקען גע־

## דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען
(1852 — 1933)

דער פּרעזידענט דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען איז געבוירן אין בוענאָס איירעס דעם 12טן יולי 1852 אַלס זון פון מאַרטין איריגאָזשען און מארסעלינאַ אַלעמדע איריגאָזשען. ער האָט גענאָסן זיין בילדונג אין דער הויכשול סאַן כאָסע און אוניווערזיטעט פון בוענאָס איירעס, שטודירנדיק אַף יורי, אָבער ער האָט איבער געוויסע אומשטענדן ניט געענדיקט זיין שטודיום. אַ גרויסע ווירקונג האָט געהאַט אַפן יונגן היפּאָליטאָ זיין פעטער לעאַנדראָ אַלעם, אָבער ער איז נישט געווען אַזאַ אַקטיווער ווי זיין פעטער. היפּאָליטאָ איריגאָזשען ווערט פון מאַנכע באַצייכנט אַלס „מיסטעריעזער מאַן" און ס'איז אין אמתן אויך געלעגן אַ מיסטעריע אין פּרעזידענט איריגאָזשען. ער איז אין די יונגע יאָרן (שוין אין יאָר 1878) אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין דער פּראָווינציעלער לעגיסלאַטור אין לאַ פּלאַטאַ. אין 1880 איז ער געוואָרן דעפּוטאַט אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס. אין צייט פונעם אויפשטאַנד פון אַלעם אין 1890 איז היפּאָליטאָ געווען פּאָליציי שעף אין בוענאָס איירעס. ווען אַלעם איז דעם 1טן יולי 1896 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד איז היפּאָליטאָ איריגאָזשען געוואָרן איינציקער שעף פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי. אין פעברואַר 1905 האָבן די ראַדיקאַלן געמאַכט אַן אויפשטאַנד, אָנגעפירט פון איריגאָזשען, קעגן פּרעזידענט קינטאַנאַ. בּאַ די וואַלן פון 2טן אַפּריל 1916, געשיצט פונעם סאַענז פּעניאַ געזעץ האָט



Dr. Hipólito Irigoyen

געזיגט די קאַנדידאַטור פון איריגאָזשען אַלס פּרעזידענט און דר. פּעלאַריאָ ב. לונאַ אַלס וויצע. דאָס צווייטע מאָל איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פאַרן פּעריאָד וואָס האָט זיך אָנגעהויבן 1928. זיין רעגירונג איז געשטירצט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון אוריבורו, אָבער די פּערזאָן פון איריגאָזשען איז געבליבן רעליגיעז הייליק בּאַ דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי. געשטאָרבן איז איריגאָזשען דעם 3טן יולי 1933.

ווארן אַן אַרגענטינער האַנדלס־שיף, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין בוענאָס איירעס, גראַף לוקסבורג, האָט געגעבן אַפּן דיפּלאָמאַטישן וועג שיפרירט די רעקאָמענדאַציע דער דייטשער הויפּט־קאָמאַנדע אַז די שיף זאָל „שפּורלאָז פאַרשווינדן". די רעגירונג פון איריגאָזשען האָט זיך אָבער נישט געלאָזט באַווירקן, און געבליבן פעסט בײַ דער נייטראַליטעט פונעם לאַנד, באַגנוגנדיק זיך מיטן פאָדערן אין בערלין אָפּצורופן דעם אַמבאַסאַדאָר און באַשטימען אַן אַנדערן.

דאָס לאַנד האָט דעמאָלט ווידעראַמאָל דורכגעמאַכט אַ גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס, און די רעגירונג האָט געזוכט אַלערליי מעגלעכקייטן צו ראַטעווען די לאַגע. דאָס ערשטע איז געמאַכט געוואָרן גרויס עקאָנאָמיע אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע. ס'זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן מאַסן מלוכה באַאַמטע און בײַ אַנדערע זיינען רעדוצירט געוואָרן די לוינען. דער עקספּאָרט פון פאַרשידענע פּראָדוקטן האָט זיך געהויבן, איבערשטייגנדיק באַדייטנד דעם אימפּאָרט. אין 1917 זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן אַלערליי פּראָדוקטן פאַר 550 מיליאָן און אימפּאָרטירט פאַר 380 מיליאָן, אין צווייטן יאָר האָט דער עקספּאָרט געגרייכט צו 801 מיליאָן און אימפּאָרט 500 מיליאָן, אין 1919 ווידער האָט זיך דער עקספּאָרט געהויבן ביז אַ סומע פון 1.030 מיליאָן און אימפּאָרט בלויז 655 מיליאָן.

עס האָט דעמאָלט אויך אָנגעהאַלטן אַ פרייע אימיגראַציע און ס'זיינען אין 1917 אַרייַנגעקומען 109.063 אימיגראַנטן, אָבער צו גלייכער צייט האָבן אין זעלבן יאָר אויסגעוואַנדערט 140.040, וואָס מיינט 30.977 מער ווי עס זיינען אַרייַנגעקומען. אין 1918 זיינען אויך אַרויסגעפאָרן מער (123.439) ווי עס זיינען אַרייַנגעקומען (115.032). דערנאָך אָבער האָט זיך די לאַגע געבעסערט אַזוי, אַז אין 1922 זיינען אַרייַנגעקומען 229.200 און אַרויסגעפאָרן 195.807, וואָס מיינט 103.393 מער אַרייַנגעקומענע ווי אַרויסגעפאָרענע.

אין לויף פונעם פּעריאָד פון איריגאָזשען זיינען פאָרגעקומען גרויסע אומרוען, און די רעגירונג האָט זיי בלוטיק אונטערדריקט. באַזונדערס שאַרף איז געווען די האַנדלונג פון דער פּאָליציי אין הויפּטשטאָט אין יאַנואַר 1919, אין דער טרויעריק באַרימטער „טראַגישער וואָך" אין דער צווייטער וואָך פון יאַנואַר. אין יענער צייט האָט זיך געבילדעט אין בוענאָס איירעס אַן אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „פּאַטריאָטישע ליגע", וואָס האָט זיך גענומען די אויפגאַבע צו העלפן דער רעגירונג האַלטן אָרדנונג, וועלנדיק איבערנעמען אין אַ געוויסער מאָס די פּאָליצייאישע פונקציע, אָבער אַזוי ווי די לאַגע האָט זיך באַלד באַרואיקט איז די ליגע געבליבן טעטיק בלויז אין די אייגענע לאָקאַלן.

מען קאָן אויך זאָגן אַז קיין שום קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג האָט נישט דורכגעפירט אַזויפיל אינטערווענצן אין די פּראָווינצן ווי די רעגי־רונג פון איריגאָזשען. ס׳זיינען אינטערווענירט געוואָרן: ענטרע ריאָס אין נאָוועמבער 1916; פּראָווינץ בוענאָס איירעס אין אַפּריל 1917; קאָ־ריענטעס אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר; מענדאָזאַ אין נאָוועמבער 1917, אַ צווייט מאָל אין דעצעמבער 1918, אַ דריט מאָל אין סעפּטעמבער 1920 און אַ פערט מאָל אין 1921; קאָרדאָבאַ אין נאָוועמבער 1917; כוכוי אין דעצעמבער פון 1917 צום ערשטן מאָל און אין דעצעמבער 1921 צום צווייטן מאָל; טוקומאַן איז אינטערווענירט געוואָרן אין דעצעמבער 1917 צום ערשטן און אין נאָוועמבער 1920 צום צווייטן מאָל; לאַ ריאָכאַ איז אינטערווענירט געוואָרן אין אַפּריל 1918 און די אינטערווענץ האָט זיך פאַרצויגן ביז פעברואַר 1920; קאַטאַמאַרקאַ איז אינטערווענירט געוואָרן אין אַפּריל 1918 און עס האָט אָנגעהאַלטן ביזן 1טן יאַנואַר 1920; סאַלטאַ איז אינטערווענירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין אַפּריל 1918 און צום צווייטן מאָל אין אָקטאָבער 1921; סאַן לואיס איז אינטערווענירט געוואָרן אָנהויב מאַי 1919 און עס האָט זיך פאַרצויגן ביז סוף 1922, ביז נאָכן ענ־דיקן זיך פון איריגאָזשענס רעגירונג; סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ איז אינ־טערווענירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1919; סאַן כואַן איז דריי מאָל אינ־טערווענירט געוואָרן: אין אָקטאָבער 1919, אין מערץ 1921 און אין דע־צעמבער 1921. דער ציל פון די אַלע אינטערווענצן איז געווען קלאָר, צו זיכערן די רעגירונגס־מאַכט פון די פּראָווינצן אין די הענט פון די ראַדי־קאַלן, און אין דער גרעסטער טייל פּראָווינצן איז דאָס אויך דערגרייכט געוואָרן.

## דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר

באַ די נייע וואַלן האָט די ראַדיקאַלע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט די קאַנ־דידאַטור פון דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר אַלס פּרעזידענט. אַלוועאַר האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ פּאָסטן פון אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, און אַזוי ווי זיין קאַנדידאַטור איז געשטיצט געוואָרן פון היפּאָליטאָ איריגאָזשען האָט ער באַקומען די פולסטע שטיצע פון דער פּאַרטיי. ערב די וואַלן האָט דר. אַלוועאַר פאַרעפנטלעכט פאָלגענדע דעקלאַראַציע אין דער לאַנד־פּרעסע:

„אויב די שטימע פון מיינע מיט־בירגער וועט מיר אָנפאַרטרויען דעם כבוד צו פירן דעם גורל פון לאַנד, וועל איך אַריין אין רעגירונגס־הויז אָן דעם אַז ס׳זאָל צערודערן מיין גייסט דער שאָטן פון פּערזענלעכער ליידנ־שאַפט און שנאה, ווי באַרעכטיקט דאָס זאָל ניט האָבן געווען אין זיין צייט, און אָפן הויכן פלאַץ וועל איך זיין דאָס וואָס עס דאַרף זיין אַן אַר־

גענטינער פרעזידענט, אַן פאַרצוגן און אויסשליסונגען — דער פרעזי־
דענט פון אַלע אַרגענטינער און פון יענע וואָס זיינען עס ניט און וואוינען
אַף אונדזער ערד און אַרבעטן מיט מיט זייער גלויבן און זייער אַרבעט
פאַר דער גרויסקייט פונעם פאָלק". דאָס דאָזיקע פאַרשפּרעכן איז אויך
שפּעטער ווירקלעך אויסגעפירט געוואָרן.

## דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר
(1868 — 1942)

מאַרסעלאָ טאָרקואַטאָ דע אַלוועאַר איז געבוירן אין בוענאָס איירעס דעם 4טן אָקטאָבער 1868, האָט געלערנט יורים־פּרודענץ און געענדיקט דעם פאַקולטעט פון רעכטס־וויסנשאַפט באַם בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט אין 1899. ער איז געווען מיטגליד פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס (1893), נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט (1912 - 1916), פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר ביליקע הייזער (1915 - 1916), איז דערנאָך ווידעראַמאָל געווען דעפּוטאַט און אין די יאָרן 1917 - 1922 געווען אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך און אַרגענטינער פאָרשטייער באַ דער פעלקער ליגע. ווען ער האָט זיך נאָך געפונען אין פראַנקרייך איז ער דערווייל געוואָרן אַלס פּרעזידענט. מאַרסעלאָ דע אַלוועאַר איז געווען אַן אָפּשטאַמער פון יחוסדיקער משפּחה. זיין זיידע איז געווען דער באַרימטער גענעראַל קאַרלאָס אַלוועאַר, סאַן מאַרטינס געוועזענער חבר, וועלכער איז געווען פּרעזידענט פון דער קאָנסטיטואַנטע פון 1813 און דער זיגער פון איטוסאַינגאָ. דער פאָטער פונעם פּרעזידענט, טאָרקואַטאָ אַלוועאַר איז געווען ערשטער אינטענדענט פון בוענאָס איירעס. און פונקט ווי יחוסדיק עס איז געווען זיין אָפּשטאַמונג אַזוי יחוסדיק האָט ער אָנגעפירט זיין פּאָליטישע טעטיקייט און זיך געשאַפן אַן אייגענע פּרעזענלעכקייט. ער האָט איבערגענומען די פּרעזידענץ אין פרידן און דער גאַנצער רעגירונגס פּעריאָד איז געווען אַ פרידלעכער און פרוכטבאַרער. זיין נאָ־



Dr. Marcelo T. de Alvear

מען איז דערנאָך אָפט דערמאָנט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט אַף פּרעזידענט. אַלס אָנפירער פון דער פּאַרטיי פון אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל נאָכן טויט פון איריגאָיען, האָט ער געהאַט גרויס סימפּאַטיע אויך באַ די ברייטע אומפּאַרטייאישע מאַסן. ער איז געשטאָרבן דעם 23טן מערץ 1942.

באַ יענע וואַלן האָבן די פאַרשידענע פאַרטייען ארויסגעשטעלט פאָל־גענדע קאַנדידאַטן: אוניאַן סיוויקאַ ראַדיקאַל — דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר אַלס פּרעזידענט און עלפּידיאָ גאָנסאַלעז אַלס וויצע; קאָנסענט־ראַסיאָן נאַציאָנאַל (קאָנסערוואַטאָרן) — דר. נאָרבערטאָ פּיניעראָ און דר. ראַפאַעל נוניעז; דעמאָקראַטן פּראָגרעסיסטן — דר. קאַרלאָס איבאַר־גורען און דר. פראַנסיסקאָ ע. קאָררעאַ; סאָציאַליסטישע פאַרטיי — דר. ניקאָלאַס רעפּעטאָ און דר. אַנטאָניאָ דע טאָמאַסאָ; און די אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל פּרינסיפּיסטאַ האָט געהאַט אַלס קאַנדידאַטן דר. מיגעל לאַי־רענסענאַ און דר. קאַרלאָס פּ. מעלאָ. די ראַדיקאַלן האָבן געצויגן 458.457 שטימען און געהאַט 235 עלעקטאָרן, קאָנסענטראַסיאָן נאַציאָנאַל, 200.080 שטימען און 60 עלעקטאָרן, פּראָגרעסיסטן 73.222 שטימען און די סאָ־ציאַליסטן 73.186 שטימען.

אַלוועאַר איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט און מיט אים על־פּידיאָ גאָנסאַלעז אַלס וויצע, און דעם 12טן אָקטאָבער 1922 האָט דר. אַלוועאַר איבערגענומען דעם מלוכה־אַמט. זיין רעגירונגס־פּעריאָד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט רו, אָרדנונג און וואוילשטאַנד אין לאַנד. זיין מי־ניסטאָרן־קאַבינעט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאָלגענדע פּער־זאָנען: אינערן, דר. כאָסע נ. מאַטיענסאָ, אויסערן, דר. אַנכעל גאַלאַרדאָ; פינאַנצן, דר. ראַפאַעל הערערא וועגאַס; יוסטיץ און בילדונג, דר. סעלעס־טינאָ כ. מאַרקאָ; אַגריקולטור, דר. טאָמאַס לאַ ברעטאָן; בוי, דר. עופּראַ־סיאָ לאָסאָ; קריג, קאָראָנעל אַגוסטין פּ. כוסטאָ און פלאָט, אַדמיראַל דאַ־מעק גאַרסיאַ. אין לויף פון דער צייט זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע ענ־דערונגען און ס'זיינען אריין פאָלגענדע פּערזאָנען: אינערן, דר. כאָסע פּ. טאַמבאָריני; פינאַנצן, דר. וויקטאָר מ. מאָלינאַ; יוסטיץ און בילדונג, דר. אַנטאָניאָ סאַגאַרנאַ; אַגריקולטור, אינזשעניער עמיליאָ מיהורא און בוי, דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז.

אַלוועאַר האָט ארויסגעוויזן גרויס אינטערעס פאַר קונסט און וויסנ־שאַפט, און ס'זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן געזעצן פאַר דער אוים־בעסערונג פונעם פאַרקער דורך שאַסייען־בוי. אַלוועאַרס רעגירונג האָט באַשטימט אַז דער טאָג פון אַרבעטער יום־טוב, דער 1טער מאַי, זאָל גע־פייערט ווערן אין גאַנצן לאַנד ווי אַ יום־טוב פון גאַנצן פאָלק.

## ווידעראַמאָל היפּאָליטאָ איריגאָזשען

נאָך דר. אַלוועאַר איז ווידעראַמאָל געקומען צו דער מאַכט דער שעף פון דער ראַדיקאַלער פאַרטיי דר. היפּאָליטאָ איריגאָזשען, און ער האָט איבערגענומען די מלוכה־פּרעזידענץ דעם 12טן אָקטאָבער 1928, האָבנ־דיק אַלס וויצע דעם דר. ענריקע מאַרטינעז.

אין דער דאָזיקער נייער רעגירונג האָבן זיך געפונען אין מיניסטאָרן־קאַבינעט פאָלגענדע פּערזאָנען: עלפידיאָ גאָנסאַלעז — אינערן; דר. האָראַסיאָ ב. אָזשאַנאַרטען — אויסערן; דר. ענריקע פּערעז קאַלמאַן — פינאַנצן; דר. כאָסע ב. אַבאַלעס — בוי; גענעראַל לואיס דעלעפּיאַני — קריג; קאָנטראַדמיראַל טאָמאַס סורועטאַ — פלאָט; דר. כואַן דע לאַ קאַמפּאַ — יוסטיץ און בילדונג און דר. כואַן ב. פּלעיטאַס — אַגריקולטור.

עס האָט אין לאַנד אויפסניי געהערשט אַן עקאָנאָמישער קריזיס און עס האָט זיך געשאַפן אַן אומצופרידנקייט מיט דער רעגירונג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אין 1930 סטודענטן־באַוועגונגען און עס האָט זיך געפילט די דערנענטערונג פון אַ שטורם־אויסברוך. אויך אין דער אַרמיי האָט זיך אין אויגוסט 1930 געשאַפן אַ פאַרשווערונג קעגן איריגאָזשענס רעגירונג און מען האָט זיך געגרייט זי צו שטירצן. נעמענדיק אין אַכט די געפערלעכע לאַגע, און זיך געפינענדיק קראַנק, האָט דער פּרעזידענט אי־



דער מאָנומענטביידע קאָנגרעסן, געפינט זיך קעגיבער דעם פּאַלאַץ פון נאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין הויפטשטאָט

ריגאָזשען דעם 5טן סעפּטעמבער איבערגעגעבן די מאַכט דעם וויצע־פּרעזידענט דר. מאַרטינעז. דעם אַנדערן טאָג, דעם 6טן סעפּטעמבער, האָט אויסגעבראָכן אַ מיליטערישע רעוואָלוציע. אָנגעפירט פון לייטנאַנט גענעראַל כאָסע פ. אוריבורו האָט אונטערגענומען אַ מאַרש אַף בוענאָס איירעס מיליטער פון דער מיליטערישער שול אין סאַן מאַרטין, און צו גלייכער צייט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג די גאַרניזאָנען



די פלאַסאַ רעפּובליקאַ און אַוועניִדאַ 9 דע כוליאָ, באַ אַ פייערונג פונעם „טאָג פון דער פאָן״. — אינמיטן דער „אָבעליסק״-מאָנומענט

פון קאַמפּאָ מאַזשאָ, ליניערס און די אַוויאַציע פון על פּאַלאָמאַר. גענעראַל אוריבורו איז אַריין אין רעגירונגס-הויז און געפּאָדערט באַם וויצע-פּרע-זידענט, דר. מאַרטינעז, צו דימיטירן.

אין יענעם טאָג איז היפּאָליטאָ איריגאָזשען, באַגלייט פון פיר פּער-זאָנען, אַ קראַנקער, אַוועק מיט אַן אויטאָ קיין לאַ פּלאַטאַ, און געקומען בעטן שוץ אין 7טן אינפאַנטעריע רעגימענט. ער איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן קודם אלס גאַסט, אָבער דערנאָך איז ער געהאַלטן געוואָרן אַרעס-טירט אַף דער פאַראָרדנונג פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. איריגאָזשען האָט זיך דעמאָלט געזען געצוואונגען צו דימיטירן, און נאָך דעם ווי ער האָט אונטערצייכנט די דימיסיע איז ער געבראַכט געוואָרן אַפן פאַנצער-קרייצער „בעלגראַנאָ״ און פון דאָרט האָט מען אים אַריבערגע-פירט אַפן אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ אַלס אַרעסטירטן.

## גענעראַל אוריבורו פּרעזידענט

די רעוואָלוציע אָנגעפירט פון גענעראַל כאָסע פ. אוריבורו איז פאַר-העלטניסמעסיק דורכגעגאַנגען אָן גרויסער בלוט-פאַרגיסונג. געווען איז בלויז אַ באַדויערונגס-ווערטע איבערשיסונג נעבן קאָנגרעס פּאַלאַץ אינעם טאָג פון דער רעוואָלוציע, וואו אייניקע אָנהענגער פון אַראָפּגעזעצטן רע-זשים האָבן פונעם דאַך פון גרויסן קאַפע „מאָלינאָ״ געשאָסן אַפן מי-

ליטער וואָס איז געשטאַנען קאָנצענטרירט אַף פּלאַסאַ קאָנגרעסאָ, און די סאָלדאַטן האָבן געענטפערט אַף דער שיסעריי. אין אַלגעמיין אָבער קאָן מען זאָגן, אַז די רעוואָלוציע פון אוריבורו איז אין ערשטן מאָמענט אויפגענומען געוואָרן מיט צופרידנקייט פון דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג.

נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע דעם 6טן סעפּטעמבער האָט גענעראַל אוריבורו איבערגענומען די פּרעזידענץ, און דעם 8טן סעפּטעמבער אָפּ־געגעבן די שבועה אַלס העכסטער מלוכה שעף און מיט אים דר. ענריקע סאַנטאַמאַרינאַ אַלס וויצע. באַלד דערנאָך האָט דאָס מיליטער זיך אָנגע־הויבן צוריקציען אין די גאַרניזאָנען. אין הויפּטשטאָט און אין גאַנצן לאַנד האָט געהערשט רו, ווייל די אַרמיי־שעפן פון אַלע פּראָווינצן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג. גאַנץ פּלוצים אָבער איז אין אוונט פון זעלבן טאָג (מאָנטיק דעם 8טן סעפּטעמבער) די באַפעלקערונג פון הויפּטשטאָט איבערראַשט געוואָרן פון אַלערליי אַלאַרמירנדיקע קלאַנ־גען. דורך אַ שיסעריי פון אַ גרופּע פּערזאָנען נעבן רעגירונגס־הויז, בשעת וועלכן ס'זיינען געפאַלן מערערע קרבנות, האָט זיך בליצשנעל פאַר־שפּרייט אַ קלאַנג אַז ס'האָט אויסגעבראָכן אַ קאָנטררעוואָלוציע. גרופּעס סאָלדאַטן זיינען אַרומגעפאָרן מיט אויטאָס איבער די הויפּט־גאַסן מיט אַ געשריי „אַ לאַס אַרמאַס!" (צו די וואָפן!) און פאַרשידענע פּערזאָנען האָבן אויפגעריסן די שטאָרנס פון די וואָפן־געשעפטן און אַרויסגענו־מען פון דאָרט ביקסן, פּיסטוילן און רעוואָלווערס. פון צייט צו צייט האָט מען אויך דאָ און דאָרט געהערט דאָס קנאַלן פון פייער־געווער פאַרור־זאַכנדיק אַ גרויסע מהומה אין שטאָט. ערשט שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַ קאָמוניקאַט אין וועלכן ס'איז אויפ־געקלערט געוואָרן דער פאַרגעקומענער אינצידענט און ס'זיינען אָפּגע־לייקנט געוואָרן אַנטשידן די קלאַנגען פון אַ קאָנטררעוואָלוציע. ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ רוף צו די אַלע וואָס האָבן געהאַט בײַ זיך ביקסן אַדער אַנדערע וואָפן, זיי אָפּצוגעבן אין לויף פון אַ פּאָר טעג.

די לאַגע האָט זיך שנעל נאָרמאַליזירט. די איריגאָזשעניסטן האָבן אַנערקענט זייער זאַך אַלס פאַרלוירן און זיך אונטערוואָרפן דעם נייעם גורל. די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון קאָנסערוואַטאָרע עלעמענטן, און ס'זיינען אין איר אַריין פאָלגענדע פּער־זאָנען: דר. מאַטיאַס ג. סאַנטשעז סאָראָנדאָ — אינערן; דר. ערנעסטאָ באָש — אויסערן; דר. ערנעסטאָ פּאַדיזשאָ — יוסטיץ און בילדונג; דר. ענריקע ס' פּערעז — פינאַנצן; האָראַסיאָ בעקער וואַרעלאַ — אַגריקול־טור; אינזשעניער אָקטאַוויאָ ס. פּיקאָ — בוי; גענעראַל פראַנסיסקאָ מע־דינאַ — קריג; קאָנטראַדמיראַל אַבעל רענאַרד — פלאָט. ס'איז אויפגע־

# גענעראַל כאָסע פ. אוריבורו
(1932 — 1868)

דער גענעראַל כאָסע פ. אוריבורו איז געבוירן אין סאַלטאַ דעם 20טן יולי 1868, איז אַריין 1885 אין דער מיליטער שול און אין דעצעמבער 1888 באַקומען דעם גראַד פון אַלפערעז. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון 1890 האָט אוריבורו געדינט אין ערשטן אינפאַנטעריע רעגימענט און ער האָט מיט זיינע חברים געשטיצט די באַוועגונג. אין 1892 האָט ער באַקומען דעם גראַד פון לייטנאַנט און אין דעצעמבער 1897 איז ער געוואָרן קאַפּיטאַן. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון די ראַדיקאַלן אין פעברואַר 1905 קעגן פּרעזידענט קינטאַנאַ איז אוריבורו געווען קאָמאַנדאַנט פונעם 8טן קאַוואַלעריע רעגימענט. סוף 1909 האָט ער באַקומען דעם גראַד פון קאָראָנעל. דער פּרעזידענט ראָקע סאַענז פּעניאַ האָט אין אַפּריל 1913 געשיקט אוריבורו קיין דייטשלאַנד אַלס מיליטערישער אַטאַשע, און אין זעלבן יאָר איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט, אַף צו פאַרענדיקן דעם פּעריאָד פון אַ געשטאָרבענעם דעפּוטאַט. דעם 29טן סעפּטעמבער 1913 האָט ער באַקומען דעם גראַד פון בריגאַדע גענעראַל, און אין 1921 האָט דער סענאַט גוטגעהייסן זיין דערהויבונג צום גראַד פון דיוויזיע גענעראַל. דעם 4טן מאַי 1929 האָט פּרעזידענט איריגאָזשען אונטערצייכנט די באַפרייונג פון גענעראַל אוריבורו פונעם אַקטיוון מיליטער דינסט ווייל ער האָט געהאַט דערגרייכט דעם עלטער פון פּענסיאָנירונג. אַזוי אַרום האָט גענעראַל אוריבורו אין עלטער פון 61 יאָר זיך געמוזט צוריקציען פון דער אַרמיי.

די רעגירונג פון איריגאָזשען האָט געהאַט קעגן זיך אַ גרויסע אָפּאָזיציע און דאָס האָט אויסגענוצט גענעראַל אוריבורו אַף דורכצופירן אַ פאַרשווערונג אין דער אַרמיי. ס'זיינען פאָרגעקומען באַראַטונגען צווישן די העכערע מיליטער־שעפן מיט גענעראַל אוריבורו און דעם 6טן סעפּטעמבער 1930 איז דורכגעפירט געוואָרן די רעוואָלוציע. נאָכן אָנהאַלטן אַ שטיק צייט די פּרעזידענץ פון דער „דע פאַקטאָ" רעגירונג האָבן די אויסלענדישע מלוכות אַנערקענט אוריבורוס רעזשים. דעם 8טן נאָוועמבער 1931 זיינען דורכגעפירט געוואָרן די נייע וואַלן און דעם 20טן פעברואַר 1932 האָט אוריבורו איבערגעגעבן די פּרעזידענץ דעם דערוויילטן פּרעזידענט גענעראַל כוסטאָ און זיך באַלד געגרייט אָפּצופאָרן קיין אייראָפּע. אוריבורו איז דעמאָלט געווען קראַנק, און איז דעם 12טן מערץ אָפּגעפאָרן פון בוענאָס איירעס קיין פּאַריז, וואו ער איז אינטערנירט געוואָרן אין אַ סאַנאַטאָריום, און נאָך אַן אָפּעראַציע איז ער דעם 29טן אַפּריל 1932 געשטאָרבן. זיין טויטער־קערפּער איז געבראַכט געוואָרן דעם 27טן מאַי קיין בוענאָס איירעס און באַערדיקט געוואָרן אַפן רעקאָלעטאַ בית עולם.



General José F. Uriburu

לייזט געוואָרן דער קאָנגרעס און די רעגירונג איז אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט באַשליסנדיק אַלעם דורך דעקרעטן.

אין לויף פון דער צייט זיינען געמאַכט געוואָרן מערערע מאָל אויפשטאַנדס־ פּרואוון קעגן דער דיקטאַטור פון גענעראַל אוריבורו. די וויכטיקערע פון זיי זיינען געווען אין דעצעמבער 1930 אין קאָרדאָבאַ, פעברואַר 1931 אין הויפּטשטאָט און יולי 1931 אַן אויפשטאַנד־פּרואוו פונעם 9טן אינפאַנטעריע רעגימענט אין קאָריענטעס, וואו ס'איז דערהרגעט געוואָרן דער שעף קאָמאַנדאַנט, דער טעניענטע קאָראָנעל לינאָ ה. מאָנטיעל. דערנאָך איז געקומען אַן אויפשטאַנדס־פּרואוו פון טעניענטע קאָראָנעל גרעגאָריאָ פּאָמאַר אין ענטרע ריאָס, און פון מאַריאָ און כאָרכע קענעדי אין דערזעלבער פּראָווינץ אין יאַנואַר 1932.

דורך אַ דעקרעט פון 24טן יולי 1931 איז דאָס פאָלק גערופן געוואָרן צו וואַלן אויפן 8טן נאָוועמבער, באַטאָנענדיק דערביי אַז עס וועלן נישט צוגעלאָזט ווערן אַלס קאַנדידאַטן אויף פּרעזידענט און וויצע פּרעזאָנען וואָס האָבן זיך באַטייליקט אָדער געשטאַנען נאָענט בײַ דער אַראָפּגעזעצטער רעגירונג פון איריגאָזשען.

די ראַדיקאַלן אַנטיפּערסאָנאַליסטן האָבן דעמאָלט אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון גענעראַל אַגוסטין פּ. כוסטאָ אַלס פּרעזידענט און כאָסע ניקאָלאַס מאַטיענזאָ אַלס וויצע און זיי האָבן צו דער דאָזיקער פאָרמולע געבילדעט די אַזוי גערופענע „קאָנקאָרדאַנץ״ צוזאַמען מיט די נאַציאָנאַל דעמאָקראַטן (קאָנסערוואַטאָרן) און אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן. די סאָציאַליסטן האָבן געשלאָסן אַן „אַליאַנץ״ מיט די דעמאָקראַטן פּראָגרעסיסטן און אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון ליסאַנדראָ דע לאַ טאָררע אַלס פּרעזידענט און דר. ניקאָלאַס רעפּעטאָ אַלס וויצע. די אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל (פּערזאָנאַליסטן) האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר (עקס פּרעזידענט) און דר. אַדאָלפאָ גועמעס. דעם 6טן אָקטאָבער (דאָס הייסט פינף וואָכן פאַר די וואַלן) האָט דער פּרעזידענט אוריבורו דורך אַ דעקרעט דערקלערט אַלס אומגילטיק די קאַנדידאַטן־ליסטע פון די ראַדיקאַלן, און אַלס ענטפער דערויף האָט די ראַדיקאַלע פּאַרטיי דעם 27טן אָקטאָבער באַשטימט זיך אָפּצוהאַלטן פון דער באַטייליקונג אין דעם וואַל־אַקט.

בײַ די וואַלן פון 8טן נאָוועמבער 1931 זיינען געווען פאַרשריבן אין די פּאַדראָנען 2.117.980 וואַלבאַרעכטיקטע בירגער, און באַטייליקט אין די וואַלן האָבן זיך בלויז 1.555.629. די קאַנדידאַטן פון דער „אַליאַנץ״ (די פּראָגרעסיווע) האָבן געזיגט אין הויפּטשטאָט און אין פּראָווינץ סאַנטאַ פע, און די פון דער „קאָנקאָרדאַנץ״ האָבן געזיגט אין אַלע אַנדע־

רע פּראָווינצן. ס׳איז אַזוי אַרום אויסגעקליבן געוואָרן גענעראַל כוסטאַ אַלס פּרעזידענט און דר. כוליאַ אַ. ראָקאַ אַלס וויצע.

## די פּרעזידענץ פון כוסטאַ

גענעראַל אַגוסטין פּ. כוסטאַ איז נאָך דער קורצער מלוכה-צייט פון אוריבורו דערוויילט געוואָרן דורך אַ מערהייט שטימען און האָט איבערגענומען די רעגירונגס-מאַכט דעם 20טן פעברואַר 1932. ער איז אַזוי אַרום געווען ווידעראַמאָל אַן ערשטער פּרעזידענט נאָך אַ דיקטאַטור. אַלס וויצע-פּרעזידענט האָט ער געהאַט דעם דר. כוליאַ ראָקאַ.

דער מיניסטאָרן-קאַבינעט פון פּרעזידענט כוסטאַ אין זיין ערשטן צוזאַמענשטעל איז געווען פאָלגענדער: אינערן, דר. לעאָפּאָלדאָ מעלאָ; אויסערן, דר. קאַרלאָס סאַאַווערדראַ לאַמאַס; פינאַנצן, דר. קאַרלאָס הועזשאָ; יוסטיץ און בילדונג, דר. מאַנועל מ. דע איריאָנדאָ; אַגריקולטור, דר. אַנטאָניאָ מ. דע טאָמאַסאָ; בוי, מאַנועל אַלוואַראַדאָ; קריג, גענעראַל מאַנועל א. ראָדריגעז; פלאָט, קאַפּיטאַן פּעדראָ ס. קאַסאַל. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ געוויסע ענדערונג אין דער רעגירונג און ס׳זיינען אַריין דר. פעדעריקאָ פּינעדאָ אַלס פינאַנץ-מיניסטער, אינזשעניער לואיס דוהאַו אַלס אַגריקולטור און קאַפּיטאַן ע. ווידעלאַ אַלס פלאָט מיניסטער. אין דעצעמבער 1935 איז געוואָרן פינאַנץ-מיניסטער דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז.

אין דער צייט פון כוסטאָס רעגירונג איז אָנגענומען געוואָרן דער געזעץ (11.640) וועגן איינפירן דעם ענגלישן שבת (אַרבעטן אין די שבתים בלויז אַ האַלבן טאָג), און אַ גאַנצע רייע געזעצן פון גרויס וויכטיקייט פאַר די אַגראַריער, צווישן זיי וועגן אַגראַר-קרעדיט דורך דער באַנק נאַציאָן, בוי פון תבואה עלעוואַטאָרס, אַגראַר-פאַכט און ענלעכע. דעם 27טן סעפּטעמבער 1932 איז אָנגענומען געוואָרן דער געזעץ פון אַמניסטיע פאַר מיליטערישע און פּאָליטישע פאַרברעכנס. אונטער כוסטאָס רעגירונג איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די דירעקציע איבער מלוכהשע נאַפט קוואַלן, באַקאַנט אונטער די איניציאַלן „אי. פע. עפע.״

די רעגירונג האָט זיך באַמיט אָנצוהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אַלע אַמעריקאַנער לענדער און אָנגיין מיט אַ שטייגנדיקער פאַרברידערונג צווישן די אַמעריקאַנער פעלקער און אויך מיט אַלע אַנדערע פעלקער אין דער וועלט. ס׳איז אין דער צייט פון כוסטאָס רעגירונג פאָרגעקומען דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון פּען-קלובן און דער צוזאַמענפאָר פון די אַמעריקאַנער מלוכות, באַקאַנט אונטערן נאָמען קאָנטינענטאַלע פרידנס קאָנפערענץ (דערעפנט דעם 1טן דעצעמבער 1936)

באַ דער אָנוועזנהייט פון פּרעזידענט רוזוועלט. אין זיין דערעפנונגס-וואָרט באַ יענער גרויסער קאָנפערענץ האָט פּרעזידענט כוסטאַ דערקלערט מיט גרויס פייערלעכקייט:

„ווידעראַמאָל און באַ זייער גינסטיקע אומשטענדן פאַרזאַמלען זיך היינט אַף דער דאָזיקער גרויסער פאַרזאַמלונג די רעפּרעזענטאַנטן פון די אַמעריקאַנישע פעלקער, באַמוטיקט פון דערהאַבענע און נאָבעלע סאָלידאַריטעט צוועקן. אַ פאַרזאַמלונג מיט דער אָנוועזנהייט פון פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכער איז געווען איר איניציאַטאָר אין נאָמען פון דער גרויסער נאַציע אין נאָרדן, וואָס האָט מיט דעם אויפגעטון אַ היסטאָרישע זאַך. אַ גרויסער כבוד איז עס אויך פאַר דער אַרגענטינער רעפּובליק אויפצונעמען אין איר מיט די ווירדיקע רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע ברידערלעכע לענדער פונעם קאָנטינענט, אינספּירירט פון די זעלבע שטרעבונגען און סאָלידאַריזירט דורך ענלעכע געפילן. און עס איז נאָך מער די פרייד ווייל דאָס לעבן פון דער רעפּובליק איז פון שטענדיק אינספּירירט פון שטרענגע נאָרמען פון אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט און פון די דערהאַבענע פּרינציפּן פון מענטשלעכער ברידערלעכקייט, פון וועלכן די רעפּובליק טיילט זיך קיינמאָל ניט אָפּ, אַפילו ניט אין יענע פאַלן ווען איר טריישאַפט צו די דאָזיקע פּרינציפּן באַדייטן פאַר איר אַ פאַרמינדערונג פון איר רייכער גערירשנטער טעריטאָריע.

„דעריבער זיינען די שטרעבונגען פון פרידן און פאַרשטענדיקונג באַזירט אין דער גערעכטיקייט, וואָס איך דריק אויס היינט צום באַגריסן די רעפּרעזענטאַנטן פון די ברידערלעכע פעלקער, ניט מער ווי דאָס וואָס די רעפּובליק האָט פּראַקטיצירט און עס איז געווען איר ווירקלעכקייט, זינט זי איז אַרויסגעקומען צו אַ זעלבסטשטענדיק לעבן.”

און זיין רעדע האָט ער פאַרענדיקט מיטן איבערגעבן אַ דערמאָנונג פון אַ היסטאָרישן מאָמענט, זאָגנדיק:

„אין 1817, ווען עס איז פאָרגעקומען דער אַלגעמיינער גרינדונגס-קאָנגרעס פון די פאַרייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, האָט דער קאָנגרעס מיטגעטיילט אַלע נאַציעס פון דער וועלט די מאָטיוון פון דעם לאַנד צו דעקלאַרירן איר זעלבסטשטענדיקייט. און אין דער צייט ווען מיר דריקן אויס די מאָטיוון וואָס האָבן אונדז באַוואויגן אַזוי צו האַנדלען, האָבן מיר דעם כבוד אויסצודריקן אונדזער כוונה צו לעבן אין פרידן מיט אַלע.

„און הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָך דער דאָזיקער דעקלאַראַציע — האָט ער צולעצט געזאָגט — האָב איך דעם כבוד אַלס פּרעזידענט פון די אַרגענטינער צו דערמאָנען, אַז מיין לאַנד, מיט פייערלעכער ערע צו די שאַפער פון אונדזער נאַציאָנאַליטעט, האָט דערפילט זיין מאַנדאַט, אָנ-

שטרענגענדיק זיך שטענדיק צו לעבן, לאָזן לעבן און מיטהעלפן לעבן אין פרידן אַלע פעלקער."

גענעראַל כוסטאַ האָט זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס איבערגעבנקייט דעם אויפבוי און זיכערונג פונעם לאַנד.

שוין אין דער צייט פון דער פּרעזידענטשאַפט פון אַלוועאַר, אין וועמענס רעגירונג גענעראַל כוסטאַ איז געווען קריגס-מיניסטער איז אויפגעבויט געוואָרן אין לאַנד (אין קאָרדאָבאַ) אַ פאַבריק פון אַוויאָנען, האַלטנדיק עם פאַר נויטיק אַלס אָנהויב פון אייגענער באוואפנונג. שפּעטער, ווען גענעראַל כוסטאַ איז געוואָרן פּרעזידענט האָט ער געמאַכט באַשטעלונגען אויף מערערע קריגס-שיפן אין די ווערפטן פון איטאַליע און ענגלאַנד, און פאַרשטאַרקט אונדזער קריגס-פלאָט.

אָנהויב 1933 איז דער וויצע-פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דר. כוליאָ אַ. ראָקאַ, געפאָרן אין אַן אָפיציעלער שליחות קיין ענגלאַנד און געשלאָסן אַ פריינטשאַפט און האַנדלס אָפּמאַך, באַקאַנט אַלס ראָקאַ - רונסימען פּאַקט. אין אָקטאָבער 1933 האָט גענעראַל כוסטאַ אָפּגעשטאַט אַ



## גענעראַל אַגוסטין פּ. כוסטאַ
(1876 — 1943)

אגוסטין פּ. כוסטאַ איז געבוירן אין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, פּראָווינץ ענטרע ריאָס, דעם 26טן פעברואר 1876, האָט דורכגעמאַכט זיין שטודיום אין דער מיליטער שול אין די יאָרן 1887-1892, דערנאָך אריין אין פאַקולטעט פון עקזאַקטישע וויסנשאַפטן באַם בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט און געענדיקט אַף ציוויל אינזשעניער (1904). אין זיין מיליטערישער קאַריערע איז ער געשטיגן פון אַלפּאַרעז (1892) אַף לייטנאַנט, קאַפּיטאַן מאַיאָר (1906), לייטנאַנט קאָראָנעל (1909), קאָראָנעל (1913), בריגאַדע גענעראַל (192) און דיוויזיע גענעראַל (1927). ער איז געווען פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין דער מיליטער שול, פּראָפעסאָר פון טעלעמעטריאַ און אָפּטישע טעלעגראַפיע אין דער שיס-שול און פאַרנומען אַ גאַנצע רייע אַנדערע פּאָסטנס אין דער אַרמיי. צולעצט געווען קריגס-מיניסטער (1922 - 1928) און פּרעזידענט פון דער רעפּובליק (1932 - 1938). ער איז געשטאָרבן דעם 11טן יאַנואַר 1943.

פּריינטשאַפּטס-באַזוך אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, און דאָס בראַזיליענער פֿאָלק און רעגירונג האָבן אויפֿגענומען ענטוזיאַסטיש דעם אַרגענטינער מלוכה-שעף. בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט זיינען געשלאָסן געוואָרן וויכטיקע אָפּמאַכן צווישן ביידע לענדער. אַף זיין ריקקער האָט גענעראַל כוסטאָ געהאַט אין מאָנטעווידעאָ אַ שמועס מיטן אורוגווייער פּרעזידענט.

אין 1934 איז אונטערצייכנט געוואָרן דער נישט אָנגריף און פּריינטשאַפּטס אָפּמאַך צווישן 19 אַמעריקאַנער לענדער, אַף דער אָנרעגונג פֿונעם אַרגענטינער אויסערן מיניסטער סאַאַוועדראַ לאַמאַס. אין מאַי 1935 איז געקומען קיין בוענאָס איירעס דער פּרעזידענט פֿון בראַזיל, זשעטוליאָ וואַרגאַס, ענטפֿערנדיק אַפֿן באַזוך וואָס גענעראַל כוסטאָ האָט געמאַכט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

ס'איז אין 1934 אויך פֿאָרגעקומען אין בוענאָס איירעס דער 32טער אינטערנאַציאָנאַלער עוקאַריסטישער קאָנגרעס, בײַם אָנטייל פֿון דעמאָלסטיקן שטאַטס-סעקרעטאַר פֿון וואַטיקאַן (און איצטיקן פּויפּסט) קאַרדינאַל פּאַטשעללי.

דורך דער באַמיאונג פֿון גענעראַל כוסטאָס רעגירונג איז דעם 12טן יוני 1935 אונטערצייכנט געוואָרן אין בוענאָס איירעס דער אָפּמאַך צווישן באָליוויע און פּאַראַגוויי וועגן וואַפֿנשטילשטאַנד אין טשאַקאָ, און דעם 14טן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס פֿייער אין דער בלוטיקער מלחמה צווישן די צוויי שכנישע פֿעלקער. יענער אָפּמאַך איז שפּעטער דערגענצט געוואָרן דורך אַ פּראָטאָקאָל וועגן געפֿאַנגענען-טויש דעם 11טן יאַנואַר 1936. אין סוף פֿון דערמאָנטן יאָר איז פֿאָרגעקומען אין בוענאָס איירעס די שוין דערמאָנטע פּאַנאַמעריקאַנער קאָנפֿערענץ פֿון פֿרידנס קאָנסאָלידאַציע, בײַם אָנטייל פֿון פּרעזידענט רוזוועלט.

דער אינטענדענט פֿון בוענאָס איירעס אין כוסטאָס צייט, דר. ווערדיאָ אי מיטרע, האָט אונטערגענומען דעם בוי פֿון דער נייער גרויסער אַוועניִדאַ 9 דע כוליאָ און אויך געלאָזט אויסבויען דעם אָבעליסק מאָנומענט. קעגן בוי פֿון יענעם מאָנומענט האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ פּראָטעסט-באַוועגונג מצד דער עפֿנטלעכער מיינונג, אָבער דער אָבעליסק איז דאָך אויפֿגעשטעלט געוואָרן און ער איז דערקלערט געוואָרן אַלס נאַציאָנאַלער מאָנומענט און אַלס מתנה פֿון בוענאָס איירעס דער רעפּובליק.

דער אָבעליסק געפֿינט זיך אַף דער פּלאַסאַ רעפּובליקאַ אין הויפּטשטאָט, אַף דעם פּלאַץ וואו ס'איז צום ערשטן מאָל אַרויפֿגעצויגן געוואָרן די נאַציאָנאַלע פֿאָן אַף דעם טורם פֿון דער געוועזענער סאַן ניקאָלאַס קירכע דעם 23טן אויגוסט 1812. דער מאָנומענט איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן צו דער פֿייערונג פֿונעם פֿערטן סענטענאַר זייט דער גרינדונג פֿון בוענאָס איירעס דורך פּעדראָ מענדאָסאַ (דעם 11טן פֿעברואַר 1536).

פאַרן ענדיקן פון כוסטאַס רעגירונגס-פּעריאָד זיינען בײַ די נייע פּרע-זידענט וואַלן אויסגעקליבן געוואָרן דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז אַלס פּרע-זידענט און דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ אַלס וויצע, און דעם 20טן פעברואַר 1938 האָט גענעראַל כוסטאָ איבערגעגעבן די מלוכה מאַכט דעם נייעם פּרעזידענט און ער האָט זיך צוריקגעצויגן פונעם עפנטלעכן לעבן.

אין דער צייט פון נייעם וועלט-קריג איז כוסטאָ אויפגעטרעטן אַלס דעמאָקראַט, זיך שטעלנדיק אַף דער זייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פאַרבינדעטע פעלקער, און געפאָדערט אַז אַרגענטינע זאָל איבערייסן די באַציאונגען מיט די אַקס לענדער (דייטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן).

שפּעטער, אין דער צייט ווען ס'האָט געזאָלט פאָרקומען ווידעראַמאָל וואַלן האָט זיך געשאַפן אַ באַוועגונג פאַר אַ נייער קאַנדידאַטור פון גענעראַל כוסטאָ, אָבער ער איז גאַנץ פּלוצים געשטאָרבן. זיין טויט האָט אַרויסגערופן גרויס באַדויערן אין לאַנד.

## לעצטע צענזן

אין די יאָרן 1936 און 1938 זיינען דורכגעפירט געוואָרן טיילווייזע צענזן. אין אָקטאָבער 1936 איז אין הויפּטשטאָט דורכגעפירט געוואָרן אַ מוניציפּאַלער און אין דעצעמבער 1938 איז עס דורכגעפירט געוואָרן אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס. די מוניציפּאַלע פאָלקס-ציילונג פון דער הויפּט-שטאָט האָט אָנגעוויזן אין 1936 אַ באַפעלקערונג פון קנאַפּע דריטהאַלבן מיליאָן, ריכטקיער 2.415.142 איינוואוינער, וואָס האָבן זיך געטיילט אַף 1.211.624 פרויען און 1.203.518 מענער.

די זעלבע צאָל 2.415.142 ווערט געטיילט אַף: אַרגענטינער געבוירע-נע 1.548.107. אַרגענטינער נאַטוראַליזירטע 66.572. אויסלענדער 804.150. און פון נישט דערקלערטער אָפּשטאַמונג: 1.313.

פון די 1.543.107 אַרגענטינער געבוירענע זיינען 816.583 פרויען און 762.524 מענער.

פון די 66.572 נאַטוראַליזירטע זיינען 63.634 מענער און 2.938 פרויען.

פון די 804.150 אויסלענדער זיינען 412.888 מענער און 391.262 פרויען.

פון די נישט דערקלערטע זיינען 841 פרויען און 472 מענער.

בײַ אַ גענויערן איבערבליק זעט מען אַן אינטערעסאַנטן פאַל, אַז כאָטשע דער טאָטאַל ווייזט אַן מער מענער ווי פרויען איז אָבער בײַ דער איינטיילונג פון די קוואַרטאַלן גאַנצן פאַרשידן די לאַגע. אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, ווי למשל באָקאַ, נועווא פּאָמפּעזשאַ, ווידזשאַ מיטרע און אַנ-דערע איז געוועזן די צאָל מענער אַ סך גרעסער ווי פרויען, דאַקעגן אין די

מער פאַרמעגלעכע קוואַרטאַלן, ווי אין בעלגראַנאָ, פלאָרעס און צענטער איז די צאָל פרויען געווען אַ סך גרעסער.

אַלס ביישפיל קאָנען דינען פאָלגענדע פאַלן: אין דער 5טער סעקציע (פלאָרעס) איז געווען די צאָל מענער 56.866 און פרויען 65.460, דאָס הייסט אַרום 9.000 פרויען מער; אין דער 16טער סעקציע (בעלגראַנאָ) 51.714 מענער און 54.258 פרויען, דאָס הייסט קנאַפע דריי טויזנט פרויען מער; אין דער 17טער סעקציע (פּאַלערמאָ) 56.804 מענער און 58.316 פרויען, 1.512 פרויען מער, און אין דער 20טער סעקציע, 27.007 מענער און 33.360 פרויען. אין דער 4טער סעקציע דאַקעגן (באָקאַ) האָט די צאָל מע-



מאָנומענט פון דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ אין בוענאָס איירעס

נער שטאַרק איבערגעשטיגן. ס'זיינען דאָרט געווען פינף טויזנט מענער מער ווי פרויען. אין דער 15טער סעקציע (ווילשאַ מיטרע) זיינען געווען פיר טויזנט מענער מער; אין קוואַרטאַל סאַן בערנאַרדאָ זעקס טויזנט און אין דער פּאָרט-זאָנע האָט אָנגעוויזן דער צענז 11.745 מענער און בלויז 400 פרויען.

אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעצעמ־בער 1938 אַ צענז, וואָס האָט באַוויזן אַז די פּראָווינץ האָט דעמאָלט גע־האַט אַ באַפעלקערונג פון 3.552.276 איינוואוינער, פון זיי 1.861.173 מע־נער און 1.691.103 פרויען. דער דיסטריקט לאַ פּלאַטאַ האָט דעמאָלט גע־האַט אַ באַפעלקערונג פון 247.575 איינוואוינער, פון זיי 126.025 מענער־און 121.550 פרויען. אַוועזשאַנעדאַ האָט געציילט 201.210 מענער און 185.162 פרויען.

## דר. ראָבערטאָ אָרטיז פּרעזידענט

ווי געזאָגט האָט גענעראַל כוסטאָ איבערגעגעבן די מלוכה־פּרעזידענץ דעם דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז, וועלכער האָט געהאַט אַלס וויצע דעם דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ. דאָקטאָר אָרטיז האָט זיך געוואונען גרויס סימ־פּאַטיע באַם פאָלק דורך זיין ענערגישן אויפטריט קעגן אומריינע וואַלן אין די פּראָווינצן. זיין אויסערן פּאָליטיק איז אויך געווען אַ גינסטיקע פאַרן לאַנד און דורך דעם האָט ער געוואונען די סימפּאַטיע פון אויס־לאַנד און באַזונדערס אין די פאַרייניקטע שטאַטן. דער מיניסטאָרן־קאַ־בינעט פון דר. אָרטיז איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאָלגענדע פּער־זאָנען: אינערן, דר. מיגעל קולאַטשיאַטי; אויסערן, דר. לואיס קאַנטילאָ; פינאַנצן, דר. פּעדעריקאָ פּינעדאָ; יוסטיץ און בילדונג, גיזשערמאָ ראָטהע; קריג, גענעראַל כואַן נ. טאָנאַטשי; פלאָט, קאָנטראַדמיראַל מאַריאָ פינ־קאַטו; אַגריקולטור, דר. דאַניעל אַמאַדעאָ אי ווידעלאַ; און בוי, דר. סאַ־וואַדאָר אָריאַ. ס׳זיינען מיט דער צייט געמאַכט געוואָרן ענדערונגען און עס האָבן פאַרנומען דעם אַמט פון אויסערן דר. כוליאָ א. ראָקאַ און צו־לעצט ענריקע רואיז גיניאַסו, און פון פינאַנצן דר. קאַרלאָס א. אַסעוועדאָ. גענעראַל־דירעקטאָר פון פּאָסט און טעלעגראַף איז געווען דר. האָראַסיאָ ק. ריוואַראָלאָ.

דער פּרעזידענט אָרטיז האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן אַרויסטריט קעגן די שווינדלערישע וואַלן אין די פּראָווינצן באַם דורכ־פירן גובערנאַטאָר וואַלן, און האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיין אַק־טואַציע פאַרן אויפהאַלטן די קאָנטינענטאַלע סאָלידאַריטעט.

אין דער צייט פון דער רעגירונג פון דר. אָרטיז איז פאַרענדיקט גע־וואָרן דעפיניטיוו דער טשאַקאָ קאָנפליקט צווישן פּאַראַגוויי און באָלי־וויע, און ס׳איז דעם 9טן יולי 1938 אין בוענאָס איירעס אונטערצייכנט געוואָרן דעם שלום־אָפּמאַך, און דער פּרעזידענט אָרטיז האָט געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „היינט איז אַ יום־טוב און יובל־טאָג פאַר אַמעריקע. דער שלום צווישן באָליוויע און פּאַראַגוויי איז אַ

היסטאָרישׂ געשעעניש פון וועלט באַדייט. אין דעם מאָמענט ווען די פּי־לאָזאָפן פון גוואַלד און די טרוימער פון אימפּעריאַליזם ווילן נישט אנער־קענען די גילטיקייט פון די יורידישע אידייען און באַצייכענען אַלס או־טאָפּיעס די העכסטע קאָנצעפּטן פון מענטשן־רעכט, פאַרצייכנט אַמע־ריקע דעמדאָזיקן דענקווירדיקן טאָג אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַצי־אונגען.״

אָרטיז איז געהאַלטן געוואָרן אַלס עכטער דעמאָקראַט און אַלס עכ־טער פריינט פון אַמעריקאַנער סאָלידאַריטעט. ס׳זיינען געקומען אַהער צו באַזוך אין יענער צייט דער דערוויילטער פּרעזידענט פון פּאַראַגוויי גע נעראַל כאָסע פעליקס עסטיגאַריביאַ (יוני 1939) און דער פּרעזידענט פון אורוגוויי, גענעראַל אַלפרעדאָ באַלדאָמיר (אויגוסט), און בּאַ ביידע גע־



אַ ביוסט פון פּרעזידענט אָרטיז. נעבן ביוסט דער נאָרד־אַמעריקאַנער סקולפּטאָר דאַווידסאָן.

לעגנהייטן האָט אָרטיז געהאַלטן רעדעס אין וועלכע ער האָט באַטאָנט אַז יעדעס פאָלק פון אַמעריקע דאַרף אַרבעטן און קעמפן נישט בלויז פאַרן אייגענעם וואוילזיין נאָר אויך פאַר די אַנדערע פעלקער פונעם קאָנטינענט.

ס'זיינען געלייגט געוואָרן גרויסע האָפנונגען אַף דר. אָרטיז, אָבער זיין רעגירונגס-פעריאָד איז פּלוציים אונטערבראָכן געוואָרן. דורך אַ שווערער דיאַבעטיס קראַנקייט האָט דער פּרעזידענט אָרטיז געמוזט פאַרלאָזן

## דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז

(1886 — 1942)



Dr. Roberto M. de Ortiz

דר'. אָרטיז איז געבוירן אין 1886 אין בוענאָס איירעס, האָט אין 1909 געענדיקט דעם פאַקולטעט פון יוריספּרודענץ און סאָציאַלע וויסנשאַפט, האָט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע פון 4טן פעברואַר 1905, איז שפּעטער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, און 1920 אַלס נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט אין קאָנגרעס. אין דער רעגירונג פון אַלוועאַר האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון מיניסטער פאַר בוי אַרבעט זייט פעברואַר 1925 און ער האָט אַריינגעשיקט אַ גאַנצע רייע געזעץ־פּראָיעקטן אין קאָנגרעס וועגן שאַסייען און פּאָרט בוי אין פאַרשידענע ערטער פון דער רעפּובליק. ס'איז דעמאָלט פאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פון דער צענטראַל פּאָסט געביידע און די דאַמבעס סאַן קאַרלאָס און פּאָרטערא לאָס פונעס, ווי אויך די דאַמבע פון נעוקען. ס'זיינען אויסגעבויט געוואָרן 67 בריקן און 562 וועגן, ווי אויך די באַן־ליניעס פון מעטאַן קיין באַראַנקעראַס, פון פאָרמאָסאַ קיין עמבאַרקאַסיאָן, פון קאָרדאָבאַ קיין לאַ פּועורטאַ, און פון סאַן כואַן קיין כאַטשאַל. ווען אַלוועאַר האָט אין אָקטאָבער 1928 געענדיקט דעם רעגירונגס פּעריאָד האָט דר'. אָרטיז זיך צוריקגעצויגן פון פּאָליטישן לעבן, און ערשט אין דעצעמבער 1935 אָנגענומען דעם אָנבאָט פון גענעראַל כוסטאָ צו באַטייליקן זיך אין דער רעגירונג אַלס פינאַנץ מיניסטער. באַ די וואַלן פון 1937 איז אָרטיז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט, נאָך גאָר אין גיכן איז ער קראַנק געוואָרן. אין 1940 איז געשטאָרבן זיין פרוי דאָניאַ מאַריאַ לואיסאַ איריבאַרנע, און דעם 15טן יולי 1942 איז געשטאָרבן דר. אָרטיז, נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט.

די רעגירונגס-מאַכט. קודם איז עס געווען דורך אורלויב, אָבער שפּעטער ווען די קראַנקייט האָט זיך פאַרערגערט האָט ער דעם 27טן יוני 1942 אינ־גאַנצן דימיטירט און די פּרעזידענץ איז געבליבן אינגאַנצן און דעפיני־טיוו אין דער האַנט פונעם וויצע-פּרעזידענט דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ, אַ באַקאַנטער קאָנסערוואַטאָר. יעדער האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז די רע־גירונגס-פּאָליטיק וועט איצט אָננעמען אַ נייעם קורס.

## דר. קאַסטיזשאָ פּרעזידענט

באַלד נאָכן איבערנעמען דעפיניטיוו די רעגירונגס-מאַכט האָט דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ רעאָרגאַניזירט דעם מיניסטאָרן-קאַבינעט אַרומ־רינגלענדיק זיך פולשטענדיק מיט קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן. מיט זיין

### דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ
(1873 — 1944)

דר. ראַמאָן ס' קאַסטיזשאָ איז געבוירן אין קאַטאַמאַרקאַ דעם 20טן נאָוועמבער 1837. ער האָט אין עלטער פון 23 יאָר געענדיקט דעם פאַקולטעט פון רעכט־וויסנשאַפט, איז געוואָרן ריכטער אין לאַ פּלאַטאַ, און האָט שפּעטער פאַרנומען אַ קאַטעדרע אינעם פאַקולטעט פון יוריס־פּרודענץ. אין דער צייט פון אוריבורוס רעגירונג איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס אינטערווענטאָר אין פּראָווינץ טוקומאַן און פון 1932 ביז 1935 איז ער געווען נאַציאָנאַלער אינטערווענטאָר פון פּראָ־ווינץ קאַטאַמאַרקאַ. אין 1936 איז ער געווען אין דער רעגירונג פון גענעראַל כוסטאָ יוסטיץ און בילדונגס מיניסטער און זייט אויגוסט פון זעלבן יאָר האָט ער אין דערזעלבער רעגירונג פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אינערן מיניסטער. אונ־טער דער פּרעזידענץ פון דר. אָרטיז האָט ער פאַרנומען דעם פּאָסטן פון וויצע פּרע־זידענט זייט דעם 20טן פעברואַר 1938.

נאָך דער דימיסיע פון אָרטיז האָט ער פאַרנומען דעם פּרעזידענץ אַמט און די רעוואָלוציע פון 4טן יוני 1943 האָט באַ־זייטיקט קאַסטיזשאָ פון דער מאַכט. גע־שטאָרבן איז דר. קאַסטיזשאָ דעם 12טן אָקטאָבער 1944.



Dr. Ramón S. Castillo

רעגירונגס־פּאָליטיק איז מען געווען אומצופרידן נישט בלויז אין לאַנד נאָר אויך אין אויסלאַנד. די נייע וועלט־מלחמה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אייראָפּע און אַזיע דורך דייטשלאַנד און יאַפּאַן, האָט אויך אַריינגעצויגן דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט און ס'איז אין דער צייט פון 20טן ביז 28טן יאַנואַר 1943 פאָרגעקומען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ אַ פּאַנאַמעריקאַנער צוזאַמענפאָר פון אויסערן מיניסטאָרן, צו באַהאַנדלען די שטעלונג פון די אַמעריקאַנער לענדער צום געמאַכטן איבערפאַל פון יאַפּאַן אָף נאָרדאַמעריקאַנער טעריטאָריע, און בכלל צו דער שטעלונג צו די אַנגרייפערישע אַקס־מלוכות, און ס'איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן אַ רעקאָמענדאַציע אַז אַלע אַמעריקאַנער לענדער זאָלן זיך סאָלידאַריזירן מיט די פאַראייניקטע שטאַטן און איבעררייסן די באַציאונגען מיט דער „אַקס".
אַלע אַמעריקאַנער לענדער האָבן אויסגעפאָלגט די רעקאָמענדאַציע נאָר אַרגענטינע און טשילע נישט. צולעצט האָט אויך טשילע איבערגעריסן מיט די אַקס־מלוכות און אַרגענטינע איז געבליבן אַליין, און דאָס האָט געבראַכט אַן אומצופרידנקייט אין די אַמעריקאַנער לענדער קעגן קאַסטיזשאָס רעגירונג.

דער קריגס־מיניסטער, גענעראַל פּעדראָ פּאַבלאָ ראַמירעז האָט אין דער שטיל צוגעגרייט אַ פאַרשווערונג, און דעם 4טן יוני 1943 האָט גענעראַל ראַמירעז, מיט דער הילף פון דער אַרמיי, אָנגעפירט פון גענעראַל אַרטוראָ ראַווסאַן, דורכגעפירט אַ שטאַטס־קלאַפּ. דער מלוכה־פּרעזידענט קאַסטיזשאָ מיט זיינע מיניסטאָרן האָבן געפּרואווט אַנטלויפן מיט אַ קריגסשיף אָבער זיי האָבן זיך דערנאָך אומגעקערט און דר. קאַסטיזשאָ האָט דימיטירט.

## דורכגעפירט אַ שטאַטס־קלאַפּ

די רעוואָלוציע פון די גענעראַלן ראַמירעז און ראַווסאַן דעם 4טן יוני 1943 האָט באַזייטיקט קאַסטיזשאָן פון דער מאַכט. ס'איז אָפן ערשטן מאָמענט פּראָקלאַמירט געוואָרן (דעם 4טן יוני) דער גענעראַל ראַווסאָן אַלס פּרעזידענט, אָבער דער רעוואָלוציאָנערער מיליטערישער רעגירונגס־ראַט האָט באַלד געענדערט דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג און דעם 6טן יוני איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער גענעראַל פּעדראָ פּאַבלאָ ראַמירעז אַלס פּרעזידענט און אַדמיראַל סאַבאַ ה. סועירראָ אַלס וויצע.

דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונגס־ראַט האָט אויפגעלייזט דעם פּאַרלאַמענט, די פּאָליטישע פּאַרטייען און אינטערווענירט די פּראָווינצן, ווי עס ווערט געוויינלעך פּראַקטיצירט נאָך יעדן שטאַטס־קלאַפּ. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געשטאָרבן דער וויצע־פּרעזידענט, און ס'איז באַ־

שטימט געוואָרן אַלס נייער וויצע-פּרעזידענט גענעראַל עדעלמיראָ כ. פאַררעל. די רעגירונג האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג לייכטער צו מאַכן דעם יקרות און דעקרעטירט די פאַרביליקונג פון דירה-געלט אַנ-הויבנדיק פונעם 2טן יולי 1943.

דעם 15טן יאַנואַר 1944 איז דאָס לאַנד אויפגעציטערט געוואָרן דורך אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע אין איינער פון די פּראָווינצן. אין אָוונט פון 15טן יאַנואַר האָט אַן ערדציטער חרוב געמאַכט די הויפּטשטאָט פון פּראָווינץ סאַן כואַן און אויך אַנדערע ערטער אין דער זעלביקער פּראָ-ווינץ. חוץ די מאַטעריעלע שאָדנס זיינען אויך אומגעקומען הונדערטער פּערזאָנען. אין גאַנצן לאַנד זיינען דורכגעפירט געוואָרן טרויער-אַקטן און צו גלייכער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע זאַמל-אַקציע, אָנגעפירט אונטערן קאָנטראָל פון קאָראָנעל פּעראָן, סעקרעטאַר פונעם ביוראָ פון אַרבעט און סאָציאַלע פאַרזאָרגונג. די אַקציע האָט אַרומגעכאַפּט אַלע קרייזן און ס'איז געזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון איבער פערציק מיליאָן פּעזאָס פאַר די געליטענע פונעם ערדציטער. עס האָבן זיך אויך וואָרעם אָפּגערופן מיט הילף די שכנישע לענדער. די געזאַמלטע געלטער זיינען באַשטימט געוואָרן אַלס פאָנד פאַרן צוריק אויפבוי פון די חרוב געוואָרענע ערטער און העלפן דער באַפעלקערונג זיך איינאָרדנען.

אַ קורצע צייט שפּעטער, אין אַפּריל, האָט אַ פאַרפלייצונג פאַרור-זאַכט גרויסע חורבנות און אויך מענטשלעכע קרבנות אין פּראָווינץ בוע-נאָס איירעס אין געגנט פון באַהיאַ בלאַנקאַ און מען איז אונטערגעקומען מיט הילף אויך פאַר יענע געליטענע.

## גענעראַל אַרטוראָ ראַווסאָן

איז געבוירן אין סאַנטיאַגאָ דעל עס-טעראָ דעם 4טן יוני 1885, אַלס זון פון פראַנקלין ראַווסאָן און כואַנאַ קאַרוואַ-לאָן. ער האָט דורכגעמאַכט אין די יאָרן 1902 - 1905 די מיליטער שול און 1918 - 1920 די העכערע קריגסשול, און איז מיט דער צייט געשטיגן פון שטופע צו שטופע. אין 1942 און 1943 איז ער געווען קאָמאַנדאַנט פון דער קאַ-וואַלעריע אַרמיי. אַלס שעף פון דער רע-וואָלוציע פון 4טן יוני איז ער געוואָרן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, נאָר באַלד זיך צוריקגעצויגן, לאָזנדיק דעם פּלאַץ פריי פאַר גענעראַל ראַמירעז. ער איז דערנאָך באַשטימט געוואָרן אַלס אַרגענ-טינער אַמבאַסאַדאָר אין בראַזיל, נאָר אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט ער פאַרלאָזט יענעם נייעם פּאָסטן און זיך אומגעקערט קיין בוענאָס איירעס.



General Arturo Rawson

אַפֿן אָרט פֿון געוועזענעם אַרבעטס-דעפּאַרטאַמענט איז געשאַפֿן געוואָרן אַ סעקרעטאַריאַט פֿון אַרבעט און סאָציאַלע פֿאַרזיכערונג מיט קאָראָנעל כּהן ד. פּעראָן אַלס שעף (סעקרעטאַר), און דער סעקרעטאַריאַט האָט איבערגענומען די פֿונקציע פֿון לייזן אַרבעטס-קאָנפֿליקטן און אויך אונטערקומען מיט הילף אין פֿאַרשידענע פֿאָלקס-נויטן.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער אויסערן-פּאָליטיק האָט די רעגירונג אין יאַנואַר 1944 איבערגעריסן די באַציאונגען מיט די אַקס-לענדער און דורך דעם אַרויסגעוויזן אין אַ געוויסער מאָס די גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט די אַמעריקאַנער פֿעלקער.

ס׳זיינען אין לויף פֿון דער צייט געמאַכט געוואָרן פֿאַרשידענע ענדערונגען אין רעגירונגס-קאַבינעט און צולעצט האָט גענעראַל ראַמירעז, דעם 25טן פֿעברואַר 1944, זיך צוריקגעצויגן, איבערגעבנדיק די פּרעזי-

## גענעראַל פּעדראָ פּ. ראַמירעז

פּעדראָ פּאַבלאָ ראַמירעז איז געבוירן אין לאַ פּאַז, פּראָווינץ ענטרע ריאָס, דעם 12טן יאַנואַר 1884, האָט דורכגעמאַכט די מיליטער שול פֿון 1901 ביז 1904, דערנאָך די העכערע קריגסשול. ער איז געשטיגן אינעם מיליטערישן ראַנג פֿון אַלפֿאַרעז 1904, אַף לייטנאַנט 1907, ערשטער לייטנאַנט, קאַפּיטאַן (1913), מאַיאָר (1921), לייטנאַנט קאָראָנעל (1925), קאָראָנעל (1932), און בריגאַדע גענעראַל (1938). ער איז געווען שעף פֿון דער מאָביליזאַציע און אָרגאַניזאַציע אָפּטיילונג באַם הויפּט שטאַב פֿון דער אַרמיי, שעף פֿונעם 9טן קאַוואַלעריע רעגימענט, שעף פֿון דער אָפּטיילונג אינפֿאָרמאַציע באַם הויפּטשטאַב, מיליטערישער און אַוויאַציע אַטאַשע אין רוים (1931 - 1932) אין דער צייט פֿון אוריבורוס רעגירונג, דערנאָך קאָמאַנדאַנט איבער פֿאַרשידענע אַרמיי טיילן, דערנאָך דירעקטאָר פֿון דער העכערער קריגס שול אין 1939 און צולעצט קריגס-מיניסטער אין דער רעגירונג פֿון קאַסטיזשאָ. אין די יונגע יאָרן איז ער אויך געווען (פֿון 1911 ביז 1913) אינעם 5טן הוזאַרן רעגימענט אין דייטשלאַנד. גענעראַל ראַמירעז איז נאָך דער רעוואָלו-



General Pedro P. Ramírez

ציע פֿון 4טן יוני 1943 געווען פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק און אין מערץ 1944 דימיטירט.

דעניץ דעם וויצע־פּרעזידענט גענעראַל פאַררעל, און דעם 9טן מערץ אינ־גאַנצן דימיטירט.

## די רעגירונג פון גענעראַל פאַררעל און קאָראָנעל פּעראָן

דורך דער דימיסיע פון גענעראַל ראַמירעז איז געבליבן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק דער וויצע־פּרעזידענט גענעראַל עדעלמיראָ כ. פאַררעל.

דער נייער פּרעזידענט, גענעראַל פאַררעל האָט אין אַפּריל 1944 גע־מאַכט אַ טור איבער די אַנדן־פּראָווינצן און באַזוכט מענדאָזאַ, קאַטאַ־מאַרקאַ, סאַן כואַן און ריאָכאַ. ער האָט זיך פּערזענלעך באַקאַנט מיט דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע און בכלל מיט דער נויט וואָס הערשט אין געוויסע ערטער און ער האָט דורך ראַדיאָ־רעדעס געמאַכט אַ רוף צום פאָלק אונטערצוקומען מיט הילף, און זיין רוף האָט געהאַט דעם געהע־ריקן אָפּקלאַנג. דער פּרעזידענט האָט אָנגעוויזן אַז נישט בלויז פון הונ־גער ליידט די באַפעלקערונג אין אייניקע ערטער נאָר אויך פּשוט אין טרינקוואַסער. פון אַלע זייטן האָט זיך באַלד געטראָגן הילף, געבנדיק



פּרעזידענט פאַררעל האַלט אַ רעדע דורך ראַדיאָ.

יעדער לויט מעגלעכקייט א געהעריקע ביישטייערונג אין מזומן, קליידער און אנדערע זאכן, נאכקומענדיק דעם רוף פונעם פרעזידענט.

דאס ארגענטינער פאלק האט זיך בכלל ארויסגעוויזן הילפס בארייט צו די געליטענע אין אינערן. פאר די געליטענע פונעם ערדציטער אין סאן כואן איז געזאמלט געווארן איבער פערציק מיליאן פעזעס און פאר די אין די נערדלעכע פראווינצן איבער פינף מיליאן.

אין דער רעגירונג פון גענעראל פאררעל איז אריין אלס קריגס-מיניסטער דער קאראנעל כואן ד. פעראן, וועלכער האט פריער שוין געהאט זיך אויסגעצייכנט אלס שעף פונעם ארבעטס-סעקרעטאריאט. אונטער דער אנפירונג פון קאראנעל פעראן האט דער סעקרעטאריאט אנגעפירט די אקציע פאר סאן כואן און אויך אונטערגענומען דעם בוי פון ארבעטער הייזער. דעם 8טן יוני 1944 איז דורך קאראנעל פעראן מיט א פייערלעכער צערעמאניע געלייגט געווארן אין סאן מארטין דער גרונטשטיין פאר דער ערשטער גרופע ארבעטער-הייזער, וועלכע וועלן מיט זיך פארשטעלן א גאנצן קווארטאל און האבן דעם נאמען „ווישא קאנסעפסיאן — סאן מארטין".

## גענעראל עדעלמירא כ. פאררעל



General Edelmiro J. Farrel

דער גענעראל עדעלמירא כ. פאררעל איז געבוירן אין אוועזשאנעדא דעם 12טן אויגוסט 1887 אלס זון פון כואן פאררעל און קאטאלינא פלאול. אין די יארן 1905 - 1908 האט ער דורכגעמאכט די מיליטער שול און דערנאך די העכערע קריגסשול. מיט דער צייט איז גענעראל פאררעל געשטיגן אין גראד, ביז ער האט דערגרייכט די שטופע פון דירעקטאר פון אינסטרוקציע-צענטער פון בארג קלעטערער און ארמיי אינספעקטאר (1939 - 1941), דערנאך קאמאנדאנט פון דער ערשטער ארמיי דיוויזיע אין 1943. נאך דער רעוואלוציע פון 4טן יוני האט גענעראל פאררעל פארנומען דעם פאסטן פון קריגס מיניסטער און שפעטער געווארן וויצע פרעזידענט און צולעצט פרעזידענט פון דער רעפובליק. ער האט אויסצייכנונגען אלס אפיציר פון דער איטאליענישער קרוין און אלס אפיציר פון דער רעפובליק טשילע.

אין לויף פון דער צייט האט די רעגירונג זיך אפגעגעבן מיט זיכערן דאס לאנד און בעסערן דעם עקאנאמישן צושטאנד פון די ארעמערע פראווינצן. אין מאי 1944 האט דער פרעזידענט פארדעל זיך באטייליקט בא דער צערעמאניע פון לייגן דעם פונדאמענט פארן בוי פון נייע צען שיפן. דער פרעזידענט האט באריזט די פראווינצן ענטרע ריאס און קאדאבא אין דער צווייטער העלפט פון יוני, און מיסיאנעס און קאריענטעס אין אקטאבער (1944) בכדי צו באקענען זיך מיטן לעבן פונעם פאלק אין אינערן און זיך אינטערעסירט פאר געוויסע אויסבעסערונגען. דער וויצע-פרעזידענט ווידער, קאראנעל פעראן, האט אנגעפירט אלס שעף פון ארבעטס-סעקרעטאריאט א גרויסע טעטיקייט פאר דער אויסבעסערונג פון דער לאגע פון די ארבעטער און אנגעשטעלטע דורך לוין-העכערונגען, בעסערע ארבעטס-באדינגונגען און דורך דער פארזיכערונג מיט פענסיע אף דער עלטער.

אין א גרויסער מאס איז די רעגירונג פון גענעראל פארדעל אנגעגאנגען אויך מיט פארשידענע בוי-ארבעטן אין לאנד. אנגעפירט פונעם בוי-מיניסטעריום אונטער דער ליטונג פונעם בוי-מיניסטער גענעראל כואן פיסטאריני, איז פארטון געווארן ריזיקע סומעס פאר באזארגן מיט גוט טרינקוואסער א גאנצע רייע שטעט און שטעטלעך אין מערערע פראווינצן, און ס'זיינען אויסגעבעסערט געווארן פארשידענע אינסטאלאציעס פאר דער באוואסערונג פון די פעלדער. דעם 10טן יוני 1944 איז באנייט געווארן א באן-אפצווייג צווישן פעדרא ווארגאס און מאלארגע, פראווינץ מענדאזא. עס האנדלט זיך אין א באן-ליניע פון 181 קילאמעטער, וואס ציט זיך דורך א בארגיקן געגנט און האט א טונעל פון 166 מעטער. די ליניע הויבט זיך אן אין פעדרא ווארגאס, גייט איבער טיעררא בלאנקא ביז קארטאדערא, דערנאך איבער מעדאנא, סעררא לאס פאסיטאס ביז 10 קילאמעטער פאר סאנעאדא, דערנאך איבער קאיהועקא ביז מאלארגע. פון דארט איז די ליניע פארבונדן מיט די ליניעס פון גאנצן לאנד. דעם 13טן יאנואר 1945 איז באנייט געווארן א קליין שטיקל באן-ליניע, וואס פארבינדט די מיליטערישע זאנע פון קאמפא מאזשא מיט דער סטאציע דאן טארקואטא, אין אומגעגנט פון הויפטשטאט. בא דער דאזיקער באן-ליניע געפינט זיך די סטאציע 4 דע כוניא, אין אנדענק פון דער דורכגעפירטער רעוואלוציע.

ס'זיינען אויסגעבויט געווארן אין לויף פונעם יאר 1944 א גאנצע רייע מלוכה-געביידעס, שולן און פאליציי-קאמיסאריאטן אין פארשידענע ערטער פון דער רעפובליק. דעם 20טן אויגוסט איז באנייט געווארן די נארמאל שול „ראפאעל אבליגאדא" אין דער שטאט סאן ניקאלאס, מיט פלאץ פאר 800 שילער. אין באליוואר איז פארענדיקט געווארן דער בוי

פון דער אַגראַר און פּיצוכט שול „מ. אונזוע"; אין לאַ פּלאַטאַ די שול „כאָאַ-קין וו. גאָנסאַלעז"; אין מאַר דעל פּלאַטאַ די נאַציאָנאַל שול, און אַזוי ווייטער. ס'איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע רייע וויכטיקע פּאַרט-אַרבעטן.

בכדי אָנצוהאַלטן ווי געהעריק די סאָלידאַריטעט מיט די אַמעריקאַנער לענדער אין קאַמף קעגן די אַקס-מלוכות, האָט די רעגירונג דורך אַ דעקרעט דעם 17טן אָקטאָבער אָפּגעשטעלט די „דויטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" און די איטאַליענישע פּאַשיסטישע צייטונג „איל מאַטטינאָ ד'איטאַליאַ" ווייל זיי האָבן אָנגעפירט אַ נאַציש-פּאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע, פּאַרטיידיקנדיק די טאָטאַליטאַרע רעזשימען. אָבער נישט געקוקט דאַרויף האָבן מערערע אַמעריקאַנער לענדער זיך געהאַלטן רעזערווירט, אין באַצוג דעם אָנהאַלטן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט אַרגענטינע, און עס האָבן זיך געשאַפן פּאַרן לאַנד שוועריקייטן.

די אַרגענטינער רעגירונג האָט געפאָדערט באַם פּאַנאַמעריקאַנער פאַרבאַנד (27טן אָקטאָבער 1944) אין וואַשינגטאָן צו פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון אַמעריקאַנער אויסערן מיניסטאָרן צו באַהאַנדלען די באַציאונגען פון די אַמעריקאַנער מלוכות צו אַרגענטינע. באַ דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד דעם 1טן נאָוועמבער איז באַשטימט געוואָרן נאָכצוקומען די פאָדערונג פון אַרגענטינע, און דער פאַרבאַנד האָט צעשיקט אַ צירקולאַר צו אַלע אַמעריקאַנער מלוכות, מעלדנדיק די פאָדערונג פון דער אַרגענטינער רעגירונג. ס'זיינען אָבער פאַרגאַנגען וואָכן ביז די רעגירונגען פון די פאַרשידענע לענדער האָבן געענטפערט. צולעצט האָט דער פאַרבאַנד, געשטיצט אַף די באַקומענע ענטפערס, באַשלאָסן, אַז די פראַגע פון אַרגענטינע זאָל איבערגעלאָזט ווערן אַף שפּעטער. אַלס ענטפער דאַרויף האָט די רעגירונג פון גענעראַל פאַררעל דעם 10טן יאַנואַר 1945 באַשלאָסן, נישט צו באַטייליקן זיך אין די ווייטערדיקע זיצונגען פונעם פּאַנאַמעריקאַנער פאַרבאַנד.

אין לויף פון דער צייט זיינען פאָרגעקומען מערערע מאָל ענדערונגען אין מיניסטאָרן-קאַבינעט, און עס האָט אויך, ווי געזאָגט דימיטירט דער פּרעזידענט ראַמירעז. מיניסטאָרן אַמטן האָבן אין לויף פון דער צייט פאַרנומען פאָלגענדע פּערזאָנען: **אויסערן** — גענעראַל דאָמינגאָ מאַרטינעז (4טן און 5טן יוני); וויצע אַדמיראַל סעגונדאָ ר. סטאָרני; גענעראַל אַלבערטאָ כילבערט (צייטווייליק); גענעראַל אָרלאַנדאָ פּעלופּאָ (פונעם 2טן מאַי 1944 ביזן 15טן יאַנואַר 1945. **אינערן** — גענעראַל אַלבערטאָ כילבערט (פון 6טן יוני ביזן 21טן אָקטאָבער 1943); גענעראַל לואיס ק. פּערלינגער (פון 21טן אָקטאָבער 1943 ביזן 3טן יולי 1944). **קריג** — גענעראַל עדעלמיראָ כ. פאַררעל (פון 6טן יוני 1943 ביז 27טן פעברואַר 1944

# קאָראָנעל כואַן ד. פּעראָן

דער קאָראָנעל פּעראָן איז געבוירן אין שטעטל לאָבאָס אין 1895 און זיך גראַדואירט אַלס סוב טעניענטע פון אינפאַנטעריע אין דעצעמבער 1913. מיט צוויי יאָר שפּעטער (31טן דעצעמבער 1915) האָט ער באַקומען דעם ערשטן העכערן גראַד. ער האָט דערנאָך דורכגעמאַכט אַ ווייטערדיקע מיליטערישע בילדונג, ביז ער האָט באַקומען דעם דיפּלאָם פון אָפיציר פון הויפּטשטאַב.

ווען ס'האָט אין 1930 אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, אָנגעפירט פון גענעראַל אוריבורו איז פּעראָן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער סעקרעטאַריע פונעם קריגס דעפּאַרטאַמענט און אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון מיליטערישער געשיכטע אין דער העכערער קריגס שול. ער איז דערנאָך געווען פעלד אַדיוטאַנט פון געוועזענעם קריגס מיניסטער גענעראַל מאַנועל א. ראָדריגעז.

אין 1936 האָט די רעגירונג אים באַשטימט אַלס מיליטערישער אַטאַשע אין דער אַרגענטינער געזאַנדשאַפט אין טשילע. דערנאָך איז ער אויך געווען אַוויאַציע אַטאַשע, ביז 1938, ווען ער איז אַריין אינעם הויפּטשטאַב פון דער אַרמיי.

שפּעטער האָט קאָראָנעל פּעראָן פאַרנומען מערערע אָפיציעלע מיסיעס אין אויסלאַנד, צווישן זיי אין איטאַליע. דערנאָך האָט ער אָנגעפירט צייטווייליק דעם צענטער פון באַרג אינסטרוקציע.

אָנהויב 1943 איז קאָראָנעל פּעראָן געווען שעף פון אַן אָפּטיילונג באַרג סאָלדאַטן אין מענדאָזאַ. דעם 18טן מערץ האָט ער איבערגענומען די אינספּעקציע איבערן באַרג־מיליטער אַלס אָפיציר פונעם הויפּטשטאַב און דעמאָלט איז ער דערהויבן געוואָרן צום גראַד פון קאָראָנעל. דעם 29טן נאָוועמבער פון זעלבן יאָר האָט די רעגירונג אים באַשטימט אַלס פּרעזידענט פון נאַציאָנאַלן אַרבעטס



Coronel Juan D. Perón

דעפּאַרטאַמענט און די דאָזיקע אינסטיטוציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אונטער זיין לייטונג אין דער היינטיקער סעקרעטאַריע פון אַרבעט און סאָציאַלע פאַרזיכערונג. דעם 8טן יוני 1943, באַלד נאָך דער פאָרגעקומענער רעוואָלוציע איז אויך געגעבן געוואָרן דעם קאָראָנעל פּעראָן די סעקרעטאַריע פון קריגס־מיניסטעריום און דעם 27טן פעברואַר 1944, ווען ס'איז פריי געוואָרן דער אמט פון קריגס מיניסטער, וועלכן ס'האָט פריער געהאַט גענעראַל פאַררעל, איז קאָראָנעל פּעראָן באַשטימט געוואָרן אַלס צייטווייליקער און שפּעטער מיט אַ שטיק צייט אַלס דעפיניטיווער קריגס מיניסטער. אָנהויב יוני 1944 איז קאָראָנעל פּעראָן באַשטימט געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענט און ער האָט דעם 8טן פון זעלבן חודש באַ אַ פייערלעכער צערעמאָניע אָפּגעגעבן די שבועה, און איבערגענומען דעם פּאָסטן פון וויצע־פּרעזידענט, בלייבנדיק אויך ווייטער אינעם אַמט אַלס קריגס מיניסטער און שעף פונעם אַרבעטס סעקרעטאַריאַט.

ווען ער איז געוואָרן פּרעזידענט); קאָראָנעל כואַן ד. פּעראָן (קודם צייטווייליק און פון 2טן מאַי 1944 דעפיניטיוו). פלאָט — קאָנטראַדמיראַל בעניטאָ סועריאָ (פון 4טן יוני ביז זיין דימיסיע אין 1943); גענעראַל כואַן פּיסטאַריני (צייטווייליק). פינאַנצן — דר. כאָסע מאַריאַ ראָסאָ (4טן און 5טן יוני 1943); כאָרכע סאַנטאַמאַרינאַ און זייט דעם 15טן אָקטאָבער 1943 דר. סעזאַר אַמעגהינאָ. יוסטיץ און בילדונג — דר. האָראַסיאָ קאַלדעראָן (4טן און 5טן יוני 1943); גענעראַל העלוויאָ אנאַזשא (פון 6טן יוני); דר. גוסטאַוואָ מאַרטינעז סואַוויריאַ (פון 15טן אָקטאָבער 1943); דר. כ. האָנאָריאָ סעלגעיראַ (פון 16טן פעברואַר 1944); דר. אַלבערטאָ באַלדריטש (פון 2טן מאַי 1944). אַגריקולטור — גענעראַל דיעגאָ י. מאַסאָן (ביזן 26טן אָקטאָבער 1944) אין דערנאָך צייטווייליק גענעראַל לואיס פּיסטאַריני. בוי — וויצע אַדמיראַל איסמאַעל גאַלינדעז (פון 6טן יוני 1943); קאַפּיטאַן ריקאַרדאָ א. וואַגאָ (פון 15טן אָקטאָבער 1943).

טראָץ אַלערליי שוועריקייטן באַם האַנדל מיט אויסלאַנד איבער דער מלחמה און דורכן מאַנגל אין שיפן, האָט דער האַנדלס-טויש פון אַרגענטינע אין 1944 גענרייכט צו 3.360.035.000 פּעזעס, וואָס מיינט מיט 225.723.000 פּעזעס מער ווי אין 1943, און 296.715.000 פּעזעס מער ווי אין 1942. דער אימפּאָרט האָט אין 1944 גענרייכט צו 1.007.154.000 פּעזעס, קעגן 942.048.000 אין 1943 און קעגן 1.274.362.000 אין 1942. דאָס הייסט אַז דער אימפּאָרט אין דעם יאָר 1944 איז געווען מיט 65.105.000 מער ווי אין 1943 און 267.208.000 ווייניקער ווי אין 1942. דער עקספּאָרט ווידער האָט אין 1944 גענרייכט צו 2.352.881.000 פּעזעס, קעגן 2.192.264.000 אין 1943, וואָס מיינט אַ העכערונג פון 1.60.617.000 פּעזעס (אָדער 7,3 פּראָצענט). אין 1942 האָט דער עקספּאָרט אויסגעמאַכט אַ באַטרעף פון 1.788.958.000 פּעזעס, דאָס הייסט 563.923.000 ווייניקער (31,5 פּראָצענט) ווי אין 1944. עס קומט אויס אַז אין דעם לעצטדערמאָנטן יאָר איז געבליבן אַ עודף פון 1.345.727.000 פּעזעס צו גונסטן אונזער לאַנד. אימפּאָרטירט געוואָרן איז אין 1944 אַ טאָטאַל פון 3.957.000 טאָנען פאַרשידענע סחורות, קעגן 3.699.000 אין 1943. הויפּטאָפּנעמער פון אַרגענטינער פּראָדוקטן זיינען געווען: בראַזיל (34,2 פּראָצענט פונעם טאָטאַל); פאַרייניקטע שטאַטן פון נאָרד-אַמעריקע (15,1 פּראָצענט); ענגלאַנד און אירלאַנד (7,3 פּראָצענט), און נאָך זיי קומען שוועדן, אינדיע, טשילע, שווייץ, שפּאַניע, זיד אַפריקע, קאַנאַדע, פּערו, פּאַראַגוויי, עקוואַדאָר און אַנדערע.

דורך אַ דעקרעט פון דער רעגירונג דעם 31טן יאַנואַר 1945 איז אָנגענומען געוואָרן אַ פינף יאָר פּלאַן פון בוי אַרבעט, פאָרגעשלאָגן פונעם וויצע-פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, קאָראָנעל כואַן ד. פּעראָן, לויט וועל-

כן ס'ווערט באשטימט (דעקרעט נומער 23.847-44) א סומע פון 1.250 מיליאן פעזעס אף פארשידענע בוי־ארבעטן אין גאנצן לאנד. די דאזיקע סומע זאל פארטון ווערן אף וואסער־לייטונג, קאנאלן, הייזער־בוי פאר ארבעטער און אנגעשטעלטע, איריגאציע, הידרא־עלעקטריק, אוילרערן, באן־ליניעס, שאסייען, ווי אויך אלערליי פארטיידיקונגס־ווערק מצד דער ארמיי, פלאט און אוויאציע.

אין אלגעמיין, קען מען זאגן, האט די רעגירונג פון גענעראל פארעל און קאראנעל פעראן זיך אפגעגעבן כמעט אויסשליסלעך דער אינערן פאליטיק. דער וויצע־פרעזידענט און קריגס־מיניסטער קאראנעל פעראן, אלס שעף פונעם ארבעטער־סעקרעטאריאט האט פערזענלעך אנגעפירט אן אויפקלערונגס אקציע צווישן די ארבעטער אין פארשידענע שטעט און אויך דורכגעזעצט אין דער רעגירונג דורך א געוויסער רייע דעקרעט־געזעצן לוין־העכערונגען און בעסערע ארבעטס־באדינגונגען פאר די ארבעטער און אנגעשטעלטע אין כמעט אלע בראנזשן און צווייגן. דעם 4טן דעצעמבער 1944 איז פראקלאמירט געווארן דער געזעץ פון פענסיע פאר אנגעשטעלטע אין אלע אונטערנעמונגען און געשעפט־הייזער. ס'זיינען געשאפן געווארן אזוי גערופענע סטאטוטן (לוין־געזעצן) פאר ציטונגס־לייט, באנק־אנגעשטעלטע, פעלד־ארבעטער און אנדערע, אין וועלכע ס'איז געזארגט געווארן פאר דער ארבעטער־פרוי אין פאל פון מוטערשאפט.

צום ערשטן אניווערסאר פון דער יוני רעוואלוציע איז דערעפנט געווארן דורך דער רעגירונג אן אויסשטעלונג פון דער נאציאנאלער אינדוסטריע, דערנאך איז געקומען אן אויסשטעלונג פון פלאט און נאוועגאציע, און אין דעצעמבער 1944 אן אויסשטעלונג פון מינען.

דעם 23טן יאנואר 1945 האט די רעגירונג דעקרעטירט אבליגאטארישע באצאלטע וואקאציעס פאר יעדן ארבעטער און אנגעשטעלטן אין יעדער אונטערנעמונג אין גאנצן לאנד.

אף נאכצוקומען דעם וואונטש פונעם פאלק צוריק צו נארמאליזירן דאס אינסטיטוציאנאלע לעבן האט די רעגירונג אין נאוועמבער 1944 באשטימט א ספעציעלע קאמיסיע אף אויסצוארבעטן א סטאטוט פאר דער טעטיקייט פון די פאליטישע פארטייען, אלס צוגרייטונג צו דער דורכפירונג פון וואלן.

דער איצטיקער רעגירונג־קאבינעט באשטייט (אין פעברואר 1945) פון פאלגענדע מיטגלידער: פרעזידענט — גענעראל עדעלמירא כ. פארעל; וויצע־פרעזידענט און קריגס־מיניסטער — קאראנעל כואן ד. פעראן; אינערן מיניסטער (ציוויליק) און פלאט מיניסטער — אדמיראל אלבערטא טעיסאירע; אויסערן מיניסטער (ציוויליק) און פינאנץ מיניסטער — דר. סעסאר אמעגהינא; יוסטיץ און בילדונג — דר. ראמולא

עטשעווערי באַנעאַ; בוי מיניסטער — גענעראַל כואַן פיסטאַריני; אַגרי־קולטור — קאָראַנעל אַמאַראַ אַוואַלאָס; סעקרעטאַר פון אַוויאַציע — באַרטאָלאָמע דע לאַ קאַלינאַ. מוניציפּאַלער אינטענדענט פון הויפּט־שטאָט — טעניענטע קאָראַנעל סעסאַר ר. קאַטשיאַ.

---

אַרגענטינע איז אַ גרויס לאַנד. איר שטח איז פון 2.797.113 קוואַד־ראַט קילאָמעטער. אונדזער רעפּובליק איז רייך אין ברויט און פלייש, און אויך אין מינען און אינדוסטריען. די באַפעלקערונג גרייכט איצט צו אַרום פופצן מיליאָן, אָבער ס'איז פאַראַנען פּלאַץ פאַר הונדערט מיליאָן, ווי דאָס האָט פאָרויסגעזען און געוואונטשן דער גרויסער שטאַטסמאַן סאַרמיענטאָ. דאָס לאַנד לעבט אין שלום מיט דער וועלט, און געפינט זיך אין עקאָנאָ־מישן וואוילשטאַנד.

דורך דעם וואָס דאָס לאַנד איז געבליבן אויסער דער מלחמה, און דורך די שוועריקייטן פונעם אימפּאָרט פון פאַרשידענע אַרטיקלען, האָט זיך אין לויף פון די לעצטע יאָרן שטאַרק צעבליט אַן אייגענע אינדוס־טריע. ס'זיינען אויסגעוואַקסן מעכטיקע וועבערייען, גלאָז־פאַבריקן, אַ גרויסע פּאַפּיר־אינדוסטריע און אַנדערע. מען קאָן דאַריבער זאָגן מיט דער פולסטער זיכערקייט, אַז דאָס אַרגענטינער פאָלק האָט פאַר זיך אין אויסזיכט אַ גלענצענדע צוקונפט.

# די וויכטיקסטע דאַטן אין דער אַרגענטינער געשיכטע

## (אַלגעמיינער כראָנאָלאָגישער איבערבליק)

1516 — די עקספּעדיציע פון כואַן דיאַז דע סאָליס צו ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

1519 — מאַגאַזשאַנעס פאָרט אַרויס מיט אַן עקספּעדיציע פון סאַנלוקאַר.

1520 — דעם 21טן אָקטאָבער אַנטדעקט דעם מאַגאַזשאַנעס דורכגוס.

1526 — אין יאַנואַר פאָרט אַרויס די עקספּעדיציע פון דיעגאָ גאַרסיאַ פון שפּאַניע צו די לאַ פּלאַטאַ וואַסערן.

— דעם 3טן אַפּריל פאָרט אַרויס פון שפּאַניע די עקספּעדיציע פון סעבאַסטיאַן גאַבאָטאָ (אָדער קאַבאָט) צום לאַ פּלאַטאַ געביט.

1535 — דעם 24טן אויגוסט פאָרט אַרויס פון סאַנלוקאַר דע באַראַמעדאַ (שפּאַניע) די עקספּעדיציע פון פּעדראָ דע מענדאָסאַ.

1536 — דעם 22טן פעברואַר גרינדעט מענדאָסאַ די שטאָט בוענאָס איירעס.

1537 — צעשטערט בוענאָס איירעס.

— פּעדראָ מענדאָסאַ שטאַרבט.

1553 — געגרינדעט (דעצעמבער) דורך פראַנציסקאָ דע אַגיררע די שטאָט סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ.

1561 — געגרינדעט דורך פּעדראָ דע קאַסטיזשאָ די שטאָט מענדאָסאַ.

1562 — כואַן יאָפרעי גרינדעט די שטאָט סאַן כואַן.

1565 — דיעגאָ דע וויזשאַראָעל גרינדעט דעם 29טן סעפּטעמבער די שטאָט סאַן מיגעל דע טוקומאַן.

1569 — טוקומאַן ווערט דערקלערט אַלס באַזונדערע פּראָווינץ אומאָפּהענגיק פון דער טשילענער אַדמיניסטראַציע.

1573 — דעם 6טן יולי ווערט געגרינדעט די שטאָט קאָרדאָבאַ לאַ זשאַנאַ דורך כעראָנימאָ לואיס דע קאַברערא.

— אָרטיז דע סאַראַטע קומט (נאָוועמבער) צו ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, אַלס נייער גובערנאַטאָר פון אַסונסיאָן.

15טן נאָוועמבער גרינדעט גאַראַי די שטאָט סאַנטאַ פע.

1578 — כואַן דע גאַראַי ווערט גובערנאַטאָר אין אַסונסיאָן.

1580 — 11טן יוני גרינדעט גאַראַי די שטאָט בוענאָס איירעס.

— געבילדעט דעם ערשטן קאַבילדאָ אין בוענאָס איירעס.

1583 — כואַן דע גאַראַי אומגעקומען.
— הערנאַנדאָ דע לערמאַ גרינדעט די שטאָט סאַלטאַ.
1591 — כואַן ראַמירעז דע וועלאַסקאָ גרינדעט די שטאָט לאַ ריאָכאַ.
1593 — די שטאָט כוכוי געגרינדעט דורך וועלאַסקאָ.
1596 — מאַרטין גאַרסיאַ דע לאָזשאָלאַ גרינדעט די שטאָט סאַן לואיס.
1613 — הערנאַנדאָ דע טרעכאָ אי סאַנאַבריאַ גרינדעט אין קאָרדאָבאַ די סאַן פראַנסיסקאָ כאַוויער שול.
1684 — געגרינדעט דעם 13טן פעברואַר די שטאָט קאַטאַמאַרקאַ, דורך פער־נאַנדאָ מענדאָסאַ מאַטע דע לונאַ.
1695 — דער גלח איגנאַסיאָ דואַרטע גרינדעט אין קאָרדאָבאַ די הויכשול נועסטראַ סעניאָראַ דע מאָנסעראַט.
1717 — געקומען קיין בוענאָס איירעס ברונאָ מאַוריסיאָ דע סאַוואַלאַ איבער־צונעמען דעם אַמט פון גובערנאַטאָר.
1723 — געגרינדעט דורך סאַוואַלאַ די שטאָט מאָנטעווידעאָ.
1764 — פראַנצויזישער נאַוועגאַנט בוגאַינוויל לאַנדעט אויף די מאַלווינען אינ־דזלען.
1766 — אַרויסגעשטויסן די יעזואיטן פון די אַמעריקאַנער פּראָווינצן.
— ענגלישער קאַפּיטאַן באַראָן גרינדעט דעם פּאָרט עגמאָנט בא די מאַלווינען.
1767 — 8טן אויגוסט ווערט דערקלערט דאָס לאַ פּלאַטאַ לאַנד אַלס וויצע־קע־ניגטום, און פּעדראָ דע סעוואַזשאָס ווערט באַשטימט אַלס וויצע־קעניג.
1777 — דער פּאָרט פון בוענאָס איירעס ווערט געעפנט פאַר אַלע שיפן און לאַ־דונגען וואָס קומען פון שפּאַניע.
1778 — 12טן יוני נעמט איבער דעם אַמט פון וויצע־קעניג כואַן כאָסע ווער־טיז, אַלס נאָכפאָלגער פון סעוואַזשאָס.
1780 — אויפשטאַנד פון טופּאַק אַמאַרו.
1782 — דורך אַ קעניגלעכער אָרדענאַנץ ווערט דעם 28טן יאַנואַר צעטיילט די טעריטאָריע פונעם וויצע־קעניגטום פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אין אַכט אינ־טענדענסיאַס (מלוכה־באַצירקן).
1784 — נייער וויצע־קעניג ניקאָלאַס פראַנסיסקאָ קריסטאָבאַל דעל קאַמפּאָ, מאַרקיז דע לאָרעטאַ, געקומען קיין בוענאָס איירעס.
1789 — ניקאָלאַס דע אַררעדאָנדאָ ווערט וויצע־קעניג.
1794 — איינגעאָרדנט (2טן יוני) אין בוענאָס איירעס דעם טריבונאַל פון קאָנ־סולאַט פאַר האַנדלס־פראַגן.
1795 — דעם 27טן יאַנואַר געגרינדעט דורכן גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ קאָר־דאָבאַ (און שפּעטערדיקן וויצע־קעניג מאַרטין סאָברעמאָנטע) די שטאָט ראָזאַריאָ.
1799 — גאַבריעל אַווילעס ווערט וויצע־קעניג.
1801 — דעם 20טן מאַי נעמט איבער דעם אַמט פון וויצע־קעניג כאָאַקין דעל פּינאָ אי ראָסאַס.
1804 — די ענגלענדער פאַרכאַפּן (25טן אָקטאָבער) פיר שפּאַנישע שיפן באַם קאַפּ סאַנטאַ מאַריאַ.
1806 — ענגלישע אינוואַזיע זיך אָנגעהויבן (25טן יוני אין קילמעס) און נאָך אַ לאַנגן קאַמף ווערט די אינוואַזיע־מאַכט (דעם 6טן סעפּטעמבער) געבראָכן.
1807 — דעם 10טן פעברואַר דעקרעטירט דער קאַבילדאָ פון בוענאָס איירעס די באַזייטיקונג און אַרעסט פונעם וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע.
— דעם 28טן יוני הויבט זיך אָן די צווייטע ענגלישע אינוואַזיע נעבן קילמעס

און דעם 6טן יולי ווערן די ענגלענדער צעקלאַפּט און פולשטענדיק באַזיגט אין בוענאָס איירעס.

1809 — 25טן מאַי אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין טשוקיסאַקאַ. — אויפשטאַנד אין לאַ פּאַז. — אָנגעהויבן דערשיינען די צייטונג „קאָררעאָ דע קאָמערסיאָ".

— באַלטאַסאַר הידאַלגאָ דע סיסנעראָס ווערט נייער וויצע־קעניג. — מאָרענאָ רעדאַקטירט די „רעפּרעזענטאַסיאָן דע לאָס האַסענדאַדאָס". — דערלויבט אַ פרייעם האַנדל מיט ענגלאַנד.

1810 — 20טן מאַי ווערט געפאָדערט באַם וויצע־קעניג סיסנעראָס צו פאַררופן אַ קאַבילדאָ אַביערטאָ.

— 25טן מאַי דורכגעפירט די רעוואָלוציע און געבילדעט דעם ערשטן רעגירונגס־ראַט.

— דערשאָסן (יוני) ליניערס, קאָנטשאַ און אַנדערע קאָנטרעוואָלוציאָנערע לידערס פון קאָרדאָבאַ.

— דערשינען דעם 7טן יוני דער ערשטער נומער פון „לאַ גאַסעטאַ דע בוענאָס איירעס" אונטער דער לייטונג פון מאַריאַנאָ מאָרענאָ.

— 29טן אויגוסט געבוירן אין טוקומאַן כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי.

— 16טן נאָוועמבער גרינדעט בעלגראַנאָ די שטאָט קורוזו קואַטיאַ.

— 18טן דעצעמבער, מאָרענאָ פאַרלאָזט די רעגירונג.

1811 — 22טן יאַנואַר פאַרלאָזט מאַריאַנאָ מאָרענאָ בוענאָס איירעס, לאָזנדיק זיך מיטן אַן אָפיציעלער מיסיע קיין ענגלאַנד.

— 15טן פעברואַר ווערט געבוירן אין סאַן כואַן דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ.

— 3טן מערץ שטאַרבט מאַריאַנאָ מאָרענאָ אַף דער שיף, אַפן וועג צו ענגלאַנד.

— 5טן אַפּריל, סאַאַוועדריסטישע רעוואָלוציע.

— 23טן סעפּטעמבער געבילדעט ערשטן רעגירונגס־טריאומוויראַט, אין וועלכן עס גייען אַריין סאַראַטעאַ, טשיקלאַנאַ און פּאַסאָ.

— 29טן נאָוועמבער באַקומט דער ענגלענדער ראָבערטאָ בילינגהורסט די ערשטע נאַטוראַליזירונגס־פּאַפּירן אַלס אַרגענטינער בירגער.

1812 — בעלגראַנאָ לאָזט צום ערשטן מאָל (27טן פעברואַר) אין ראָזאַריאָ באַנוצן די בלוי־ווייסע פאָן אַלס נאַציאָנאַלן פלאַג פאַר זיין אַרמיי.

— 9טן מערץ קומען פון שפּאַניע סאַן מאַרטין און קאַרלאָס אַלוועאַר.

— 16טן מערץ דערעפנט די פאָלקס־ביבליאָטעק פון בוענאָס איירעס.

— 24טן סעפּטעמבער די שלאַכט אין טוקומאַן, באַ וועלכער בעלגראַנאָ האַלט אָפּ אַ זיג.

— 8טן אָקטאָבער געבילדעט דעם צווייטן טריאומוויראַט פון פּאַסאָ, ראָדריגעז פּעניאַ און אַלוואַרעז כאָנטע.

1813 — 31טן יאַנואַר דערעפנט די זיצונגען פון דער ערשטער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אָדער קאָנסטיטואַנטע.

— 3טן פעברואַר זיג פון סאַן מאַרטין איבער די שפּאַניער באַ סאַן לאָרענסאָ.

— 11טן דערקלערט די קאָנסטיטואַנטע דעם נייעם הימן וואָס ווִיסענטע לאָפּעז האָט געשאַפן, מיט דער מוזיק פון בלאַס פּאַררעראַ, אַלס נאַציאָנאַלן הימן.

1814 — 24טן יאַנואַר געשאַפן דורכן קאָנגרעס דעם אַמט פון העכסטן דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

— 17טן מערץ נעמט אַדמיראַל בראָוון אין באַזיץ דעם אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ.

1815 — 28טן נאָוועמבער די שלאַכט פון סיפּע־סיפּע.

1816 — 24טן מערץ זיך צוזאמענגעקומען אין טוקומאן דער צווייטער נאציא־נאלער קאָנגרעס.
— 3טן מאי באשטימט דער קאָנגרעס אלס העכסטן דירעקטאָר מארטין דע פועיררעדאָן.
— 9טן יולי ווערט פראָקלאמירט און אונטערצייכנט די אומאָפּהענגיקייט פון די פאריייניקטע פראָווינצן פון זיד־אמעריקע.
— 25טן יולי באשטימט די נאציאָנאלע פארבן פאר דער פאָן פונעם לאנד, וואָס בעלגראנאָ האָט געשאפן.
1817 — 1טן יאנואר גייט אריבער דער קאָנגרעס פון טוקומאן קיין בוענאָס איירעס.
— 17טן יאנואר נעמט אונטער סאן מארטין דעם מארש איבער די אנדן.
— 5טן אפּריל די שלאכט אין מאיפו.
1819 — 25טן מאי געשוואוירן די קאָנסטיטוציע פון בוענאָס איירעס.
1820 — 23טן פעברואר אונטערצייכנט אין פּילאר דעם אָפּמאך פון סארראַ־טעאַ מיט די קאודיזשאָס לאָפּעז און ראמירעז.
— 20טן יוני געשטאָרבן גענעראל בעלגראנאָ. — פולשטענדיקע אנארכיע אין בוענאָס איירעס.
— קאמף פון ראמירעז קעגן ארטיגאס.
— 20טן אויגוסט פארשיפט זיך סאן מארטינס ארמיי אין וואלפאראיסאָ אפן וועג צו פּערו.
— 8טן סעפּטעמבער לאנדעט די באפרייונגס־ארמיי פון סאן מארטין אין דער בוכטע פאראקאס, פּערו.
1821 — 19טן יאנואר אויסגעבראָכן א מיליטערישע פארשווערונג אין לימא.
— 26טן מאי געבוירן אין בוענאָס איירעס בארטאָלאָמע מיטרע.
— 10טן יולי פארלאָזן די שפּאניער לימא.
— ראמירעז ווערט צעקלאפּט און דערהרגעט.
— 18טן יולי באשטימט דער קאָנגרעס פון מאָנטעווידעאָ די אָנשליסונג פון באַנ־דאַ אָריענטאל צו בראזיל.
— 21טן יולי סאן מארטין אריין קיין לימא.
— 28טן יולי פראָקלאמירט די אומאָפּהענגיקייט פון פּערו.
— 4טן סעפּטעמבער דער טשילענער קאודיזשאָ כאָסע מיגעל קאררערא פאר־משפּט געוואָרן אין מענדאָסא צום טויט און דערשאָסן געוואָרן.
— געגרינדעט דעם בית עולם פון ריקאָלעטא.
1822 — 26טן יולי האָט סאן מארטין א קאָנפערענץ מיט באָליוואר אין גוואַ־יאקיל.
— בראזיל דערקלערט זיך אומאָפּהענגיק פון פּארטוגאל.
— 20טר סעפּטעמבער פארלאָזט סאן מארטין פּערו, זיך אומקערנדיק קיין טשילע און פון דאָרט קיין מענדאָסא, פונוואַנען ער פאָרט צולעצט אָפּ קיין פראנקרייך.
— 12טן אָקטאָבער פראָקלאמירט פּעדראָ 1טן אלס אימפּעראטאָר פון בראזיל.
1824 — 16טן דעצעמבער זיך צוזאמענגעקומען דער (דריטער) נאציאָנאלער קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס, אויסצוארבעטן א קאָנסטיטוציע פארן לאנד.
1825 — 23טן יאנואר האָט דער נאציאָנאלער קאָנגרעס אָנגענומען די קאָנסטי־טוציע (לעי פונדאמענטאל).
— 18טן אפּריל אָפּגעפאָרן פון בוענאָס איירעס די 33 אָריענטאלן אונטער דער

אַנפירונג פון גענעראַל כואַן אַנטאָניאָ לאַוואַזשעכאַ אַנצופירן די באַפרייאונג פון אורוגוויי.

— 25טן אויגוסט פּראָקלאַמירט אין לאַ פלאָרידאַ דער קאָנגרעס פון אָריענטאַל די אומאָפּהענגיקייט פון דער פּראָווינץ אָריענטאַל.

— 10טן דעצעמבער דערקלערט פּעדראָ 1טער פון בראַזיל קריג צו אַרגענטינע.

— 13טן נאָוועמבער געמאַכט די ערשטע רייזע מיט אַ דאַמפּפער פון בוענאָס איירעס קיין סאַן איסידראָ.

1826 — 6טן פעברואַר דערוויילט דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן.

— 11טן יוני האַלט אָפּ אַדמיראַל בראַון אַ זיג איבערן בראַזיליאַנער פלאָט אין געגנט פון לאָס פּאָסאָס.

1827 — 20טן פעברואַר די שלאַכט באַ איטוסאַינגאָ.

— 3טן יולי דימיסיע פון ריוואַדאַוויאַ.

1828 — 27טן אויגוסט געשלאָסן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ פּרעלימינאַרן שלום־אָפּמאַך.

— 1טן דעצעמבער רעוואָלוציע פון גענעראַל לאַוואַזשע אין בוענאָס איירעס.

— 13טן דעצעמבער דערשאָסן אין נאַוואַראָ דעם גענעראַל דאָררעגאָ.

— גענעראַל פּאַז נעמט אונטער אַ קאַמפּיין אין אינערן.

1829 — 29טן מערץ געשטאָרבן קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ.

— 24טן יוני שליסט לאַוואַזשע אין קאַניועלאַס אַ פרידנס־אָפּמאַך מיט ראָסאַס.

— 8טן דעצעמבער נעמט איבער גענעראַל כואַן מאַנועל ראָסאַס צום ערשטן מאָל די רעגירונג פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס, מיטן טיטל פון גובערנאַטאָר און גענעראַל קאַפּיטאַן.

1830 — 25טן יאַנואַר גיט די לעגיסלאַטור פון בוענאָס איירעס ראָסאַסן דעם טיטל פון „רעסטאַוראַדאָר" פון די געזעצן.

1831 — 4טן יאַנואַר שליסן די גובערנאַטאָרס פון די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע, ענטרע ריאָס און קאָרריענטעס אַן אַליאַנץ.

— 18טן מאַי ווערט גענעראַל פּאַז געפאַנגען דורך אַ מחנה סאַנטאַ פּעער קעמפּער.

1833 — זיך געבילדעט די מאַסאָרקאַ אין בוענאָס איירעס.

1834 — 18טן נאָוועמבער טיילט זיך אָפּ כוכוי פון סאַלטאַ און ווערט אַ זעלבסטשטענדיקע פּראָווינץ.

1835 — 16טן פעברואַר ווערט דערמאָרדעט אין באַראַנקאַ יאַגאַ, פּראָווינץ קאָרדאָבאַ, דער קאַודיזשאָ פאַקונדאָ קיראָגאַ, באַקאַנט אַלס דער „טיגער פון פלאַכלאַנד".

— 7טן מערץ ווערט ראָסאַס ווידעראַמאָל אויסגעקליבן אַלס גובערנאַטאָר פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס.

— 13טן אַפּריל נעמט איבער ראָסאַס די מאַכט און עס הויבט זיך אָן דער פּעריאָד פון דיקטאַטור און טיראַניי.

1837 — (מאַי) ראָסאַס דערקלערט קריג צו באָליוויע.

1838 — איבערגעריסן די באַציאונגען מיט פראַנקרייך. — פראַנצויזישער פלאָט בלאָקירט (מערץ) אַרגענטינער פּאָרטן.

— 15טן יוני געשטאָרבן דער גובערנאַטאָר פון סאַנטאַ פע עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז.

1839 — בלוטיקער שחיטה־קאַמפּיין קעגן די אוניטאַריער.

1840 — 4טן אָקטאָבער שליסט ראָסאַס שלום מיט פראַנקרייך.

1841 — 9טן אָקטאָבער דערהרגעט געוואָרן גענעראַל לאַוואַזשע.
1843 — ראָסאַס רייסט איבער (פעברואַר) מיט פראַנקרייך און ענגלאַנד.
1845 — גענעראַל אורקיסאַ נעמט אונטער (אין מערץ) אַ קאַמפּיין אין אָריענ־טאַל אין דינסט פון ראָסאַס.
— 2טן סעפּטעמבער געשטאָרבן אין קאַדיז, שפּאַניע, בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ.
— ענגלישע און פראַנצויזישע דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער געקומען צו פאַרהאַנד־לען מיט ראָסאַס.
1848 — 20טן מערץ ווערט אין מאָנטעווידעאָ דערמאָרדעט דער אַרגענטינער פּאַטריאָט, שריפטשטעלער און דיכטער פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ.
1849 — 4טן נאָוועמבער שליסט ראָסאַס שלום מיט דער ענגלישער רעגירונג.
1850 — 17טן אויגוסט געשטאָרבן סאַן מאַרטין אין בולאָנע סור מער, פראַנקרייך.
— 31טן אויגוסט שליסט ראָסאַס שלום מיט דער פּאַריזער רעגירונג.
1851 — 21טן נאָוועמבער געשלאָסן אין מאָנטעווידעאָ אַ בראַזיליעניש־אָריענ־טאַלער אַליאַנץ מיט די פּראָווינצן ענטרע ריאָס און קאָריענטעס צום קאַמף קעגן ראָסאַס.
1852 — 3טן פעברואַר די באַפרייאונגס אַרמיי, אָנגעפירט פון גענעראַל אור־קיסאַ באַזיגט ראָסאַסן אין אַ שלאַכט נעבן קאַסעראָס. — אין זעלבן טאָג באַנאַכט אַנטלויפן ראָסאַס און זיין טאָכטער מאַנועליטאַ, מיט אַן ענגלי־שער שיף קיין ענגלאַנד.
— 6טן אַפּריל אָפּמאַך אין סאַן ניקאָלאַס צו פאַררופן אַ נאַציאָנאַלן קאָנגרעס.
— 11טן סעפּטעמבער אויסגעבראָכן אין בוענאָס איירעס אַן אַנטי־אורקיסטישע רעוואָלוציע.
— 20טן נאָוועמבער געעפנט געוואָרן דער קאָנסטיטואַנטע קאָנגרעס אין סאַנ־טאַ פע.
1853 — 1טן מאַי אָנגענומען דורכן קאָנגרעס אין סאַנטאַ פע די קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד, איינשטעלנדיק אַ פעדעראַלן רעזשים.
— 9טן יולי געשוואוירן די קאָנסטיטוציע.
1854 — 11טן יולי נעמט אָן פּראָווינץ בוענאָס איירעס אַן אייגענע קאָנסטיטו־ציע און די פּראָווינץ זונדערט זיך אָפּ פונעם רעשט לאַנד.
— 20טן דעצעמבער פּראָוויזאָרישער אָפּמאַך פאַר אויפהאַלטן פרידן צווישן פּראָווינץ בוענאָס איירעס און דער קאָנפעדעראַציע מיטן זיץ אין פּאַראַנאַ.
1859 — מלחמה צווישן דער קאָנפעדעראַציע מיט בוענאָס איירעס. — נידער־לאַגע פון דער בוענאָס איירעסער אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מיטרע (23טן אָקטאָבער) באַ אַ שלאַכט אין סעפּעדאַ.
1860 — 5טן יאַנואַר זיך צוזאַמענגעקומען אַ נייע קאָנסטיטואַנטע צו רעפאָר־מירן אייניקע פונקטן פון דער קאָנסטיטוציע.
1861 — נייע מלחמה פון פּראָווינץ בוענאָס איירעס מיט דער קאָנפעדעראַציע. זיג פון דער בוענאָס איירעסער אַרמיי אָנגעפירט פון מיטרע אין אַ שלאַכט באַ פּאַוואָן דעם 17טן סעפּטעמבער.
1862 — 5טן אָקטאָבער ווערט גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע אויסגעקליבן אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.
1865 — פּאַראַגוויי טרעט אַרויס (אין אַפּריל) אין מלחמה קעגן אַרגענטינע.
— 1טן מאַי געשלאָסן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ אַ דריי־בונד צווישן בראַזיל, אור־רוגוויי און אַרגענטינע קעגן פּאַראַגוויי.
1868 — 12טן אָקטאָבער נעמט איבער די פּרעזידענץ דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַר־מיענטאָ מיט אַדאָלפאָ אַלסינאַ אַלס וויצע.

1869 — 5טן סעפּטעמבער דורכגעפירט ערשטן נאַציאָנאַלן צענז.
1870 — אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אין ענטרע ריאָס (אַפּריל) אָנגעפירט פון לאָפּעז כאָרדאַן.
— 11טן אַפּריל דערמאָרדעט געוואָרן גענעראַל אורקיסאַ אין זיין רעזידענץ פון סאַן כאָסע, פּראָווינץ ענטרע ריאָס.
1871 — 27טן יאַנואַר אויסגעבראָכן אין בוענאָס איירעס עפּידעמיע פון געלן פיבער.
1873 — 23טן אויגוסט דורכגעפירט אַטענטאַט אין בוענאָס איירעס קעגן סאַר־מיענטאָ.
1877 — 14טן מערץ געשטאָרבן אין סוטהאַמפּטאָן, ענגלאַנד, כואַן מאַנועל ראָסאַס.
1880 — 20טן סעפּטעמבער סאַנקציאָנירט דער קאָנגרעס דעם געזעץ אַז בוע־נאָס איירעס בלייבט די פעדעראַלע הויפּטשטאָט פונעם לאַנד.
1881 — 23טן יולי געשלאָסן גרעניץ־אָפּמאַך מיט טשילע.
1882 — 19טן נאָוועמבער ווערט געגרינדעט די שטאָט לאַ פּלאַטאַ, דורכן גו־בערנאַטאָר דארדאָ ראָטשאַ, אַלס הויפּטשטאָט פון פּראָווינץ ב. איירעס.
1884 — 18טן יוני געשטאָרבן אין פּאַריז דער אַרגענטינער דענקער כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי.
1888 — 11טן סעפּטעמבער געשטאָרבן אין אַסונסיאָן, פּאַראַגוויי, דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ.
1889 — 1טן סעפּטעמבער אָרגאַניזירט זיך אין בוענאָס איירעס די אוניאָן סי־וויקאַ פּאַרטיי.
1890 — 26טן יולי רעוואָלוציע פון דער אוניאָן סיוויקאַ, אָנגעפירט פון לעאַנ־דראָ אַלעם קעגן דער רעגירונג פון כואַרעז סעלמאַן.
1892 — 12טן אָקטאָבער נעמט איבער די פּרעזידענץ דר. לואיס סאַענז פּעניאַ.
1896 — 1טן יולי באַגייט זעלבסטמאָרד לעאַנדראָ אַלעם.
1906 — 19טן יאַנואַר געשטאָרבן באַרטאָלאָמע מיטרע.
1910 — 12טן אָקטאָבער נעמט איבער די פּרעזידענץ דר. ראָקע סאַענז פּעניאַ.
1916 — נעמט איבער די פּרעזידענץ היפּאָליטאָ איריגאָזשען.
1922 — דר. מאַרסעלאָ ט. דע אַלוועאַר ווערט פּרעזידענט.
1928 — היפּאָליטאָ איריגאָזשען צום צווייטן מאָל פּרעזידענט.
1930 — 6טן סעפּטעמבער ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע אָנגעפירט פון גענעראַל כאָסע פ. אוריבורו, באַזייטיקנדיק איריגאָזשענען פון דער מאַכט.
1932 — 20טן פעברואַר נעמט איבער די רעגירונגס־מאַכט דער דערוויילטער פּרעזידענט, גענעראַל אַגוסטין פּ. כוסטאָ, מיט דר. כוליאָ אַ. ראָקאַ אַלס וויצע.
1936 — 1טן דעצעמבער דערעפנט אין בוענאָס איירעס די קאָנטינענטאַלע פרידנס־קאָנפערענץ באַם אנטייל פון פּרעזידענט רוזוועלט.
1938 — 20טן פעברואַר נעמט איבער די מלוכה דער דערוויילטער פּרעזידענט דר. ראָבערטאָ מ. אָרטיז, מיט דר. ראַמאָן ס. קאַסטיזשאָ אַלס וויצע.
1942 — 27טן יוני דימיטירט דר. אָרטיז דורך אַ שווערער קראַנקייט און עס בלייבט דר. קאַסטיזשאָ באַ דער מלוכה־מאַכט.
1943 — 4טן יוני ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע קעגן קאַסטיזשאָ, אָנגעפירט פונעם קריגס־מיניסטער פּעדראָ פּאַבלאָ ראַמירעז.

— 6טן יוני גיט אָפּ ראַמירעז די שבועה אַלס פּרעזידענט, מיט אַדמיראַל סאַבאַ ה. סועיראַ אַלס וויצע.

1944 — 15טן יאַנואַר ווערט דורך אַן ערדציטער שטאַרק צעשטערט די שטאָט סאַן כואַן און אַנדערע ערטער פון יענער פּראָווינץ.

— 22טן יאַנואַר איבערגעריסן די באַציאונגען פון אַרגענטינע מיט די אַקס־לענדער.

— 9טן מערץ דימיטירט דער פּרעזידענט ראַמירעז און עס נעמט איבער די פּרעזידענץ גענעראַל עדעלמיראָ כ. פאַררעל.

— 17טן אָקטאָבער אָפּגעשטעלט דאָס דערשיינען פון „דויטשע לאַ פּלאַטאַ צייטונג" און „איל מאַטינאָ ד'איטאַליאַ".

— 14טן נאָוועמבער באַשטימט צו בילדן אַ קאָמיסיע וואָס זאָל אויסאַרבעטן אַ סטאַטוט פאַר פּאָליטישע פּאַרטייען און די צוגרייטונג פאַר נייע וואַלן.

---

# אינהאַלט פון צווייטן באַנד

## אוניטאַרע און פעדעראַלע רעזשימען

## די דיקטאַטור און טיראַניי פון ראָסאַס



## קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים

# אינהאַלט פון די בילדער און צייכנונגען

## ערשטער באַנד

### פּערזאָנען



### מאַפּעס

## פּ אַ ר ש י ד ע נ ע ס

## צווייטער באַנד

## פּערזאָנען

## מאַפּעס



## פּאָרשידענע

# פרעסע-שטימען וועגן דער געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש

## אַ ווערק וואָס האָט געפעלט אין אידיש

ווען ס'איז דערשינען אין דער אידישער פרעסע דער ערשטער נאָטיץ וועגן דעם, אַז עס ווערט צוגעגרייט צום דרוק די געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש, האָט דער היגער באַקאַנטער זשורנאַליסט ש מ ו א ל ר אָ ז ש אַ נ ס ק י געשריבן אין „די אידישע צייטונג" דעם 11טן יוני 1944 פאָלגענדעס אונטערן קעפּל „אַ ווערק וואָס פעלט אין אידיש":

„נתן פּרוכטער, אַן אַרבעזטאַמער זשורנאַליסט האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ בוך „די געשיכטע פון אַרגענטינע" — די ערשטע אַלאומפאַסנדיקע געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש.

„אַזאַ בוך פעלט באַ אונדז עד היום. עס פעלט פאַר אַרגענטינער אידן און עס איז אַ שאָד, וואָס עס פעלט פאַר אידיש לייענער און אידן בכלל די געשיכטע פון אַרגענטינע, וואָס זאָל זיין געשריבן אין אידיש.

„עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז ווי עס זאָל אין אידיש קאָמפּילירט ווערן די געשיכטע פון אַרגענטינע, צוזאַמענגעשטעלט לויט פאַראַנענע באַאַרבעטע מאַטע־ריאַלן וועט אַזאַ ווערק, געשריבן פון אידן, בפרט נאָך אין אידיש, אומבאַדינגט זיין אַנדערש פון יעדן אַנדערן געשיכטע בוך פון אַרגענטינע, געשריבן אַף דער לאַנד־שפּראַך. דער אידישער מענטש אינטערעסירט זיך מיט ספּעציפישע מאָ־מענטן פון דער געשיכטע באַ יעדן פאָלק און אין יעדן לאַנד. דער אידישער מענטש, ווי טריי ער זאָל זיין צו באַלייכטן יענעמס לעבן, ווי עס האָט זיך באַ יענעם אַנטוויקלט, מוז נאַטירלעכערווייז אַרויסברענגען פאַסירונגען און דער־שיינונגען פון דער אַרגענטינער געשיכטע אַף אַן אייגענעם אופן. און אָט אָ דער אייגענער אופן איז פון גרויס וויכטיקייט. קיין שום שפּאַניש בוך פון דער גע־שיכטע פון אַרגענטינע איבערגעזעצט אין אידיש, קען על פי שכל נישט זיין אַזוי נאָענט צו דער מענטאַליטעט פון דעם אידן, וועלכער וויל קענען די געשיכטע פון דעם פאָלק און פון דעם לאַנד. אויב אַזאַ בוך — אַן עלעמענטאַרע באַדערפעניש אין דער ליטעראַטור אַף אידיש — פעלט ביז היינט צו טאָג, איז דאָס אַ באַווייז פון אונדזער אָרעמקייט. און ס'איז גוט, וואָס דער דאָזיקער בלויז וועט איצט אויסגעפילט ווערן. און לאָמיר האָפן, אַז נתן פּרוכטערס „געשיכטע פון אַרגענ־טינע" וועט ווירקלעך פאַרדינען דעם נאָמען מיט דעם פאַרנעם, ווי עס זאָגן אָן די ראשי־פּרקים פון דעם ווערק, פון דער אַרגענטינער פאָרגעשיכטע ביז דער לעצטער צייט.

„עס דארף דאָך זיין אונדזער אַלעמענס אינטערעס, אַז מען זאָל קענען באַ אונדז גופא און אין דער ברייטער וועלט, דאָס פאָלק און דאָס לאַנד, מיט וועלכן מיר האָבן זיך פאַרבונדן. און די עלטערן, וואָס לייענען אידיש בעסער ווי אַ וועלכן ס'איז אַנדער לשון, דאַרפן נישט וואַרטן, אַז די קינדער זאָלן זיי לערנען די געשיכטע פון לאַנד, אַזוי ווי די קינדער האָבן זי געלערנט און זיך אָנגעהערט".

## „די פרעסע" וועגן ערשטן באַנד פונעם בוך

נאָך דעם ווי ס'איז דערשינען דער ערשטער באַנד פון דער געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש, האָט דר. ל. זשיטניצקי געשריבן אין „די פרעסע" פון 20טן יאַנואַר 1945 פאָלגענדעס:

„נתן פרוכטער האָט ווירקלעך אָפּגעטאָן סיי אַ ריזיקע, סיי אַ ניצלעכע אַרבעט: ער איז דער איינציקער און דער ערשטער, וואָס האָט פירגענומען די גרויסע און וויכטיקע אַרבעט צו שרייבן די געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש. ס'האָט געפעלט אַזאַ ווערק אין אידיש, טאַקע אַז יעדער איד וואָס באַוואוינט דעם אַרגענטינער באָדן, זאָל האָבן די מעגלעכקייט אין דער אייגענער און אין אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך צו באַקענען זיך מיט דער געשיכטע פון אַרגענטינע, קענען דאָס לאַנד, וואו ער האָט געפונען אַ זיכערן און רואיקן דאַך איבערן קאָפּ, און טאַקע דערפאַר קומט פרוכטערן אַ גרויסער יישר כוח, ווייל מיט זיין אַרבעט די געשיכטע פון אַרגענטינע אין אידיש דערגרייכט ער אַ טאָפּלטן צוועק: ערשטנס איז עס אַ וויכטיקער בייטראָג פאַר דער אידישער קולטור־אַרבעט אין אַרגענטינע און צווייטנס וואַרפט עס אַ דערנענטערונג־בריק צווישן דער אידישער קאָלעקטיוויטעט און דעם אַרגענטינער פאָלק.

„דער אויטאָר האָט אויסגערעכנט זיין געשיכטע פון אַרגענטינע אַף צוויי בענדער. פאַרלויפיק איז דערשינען דער ערשטער באַנד און שוין פון דעם באַנד קען מען אורטיילן, וואָס פרוכטער איז אויסן געוועזן מיט זיין אַרבעט. ער האָט געטריי געפאָרשט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וואָס איז פאַראַן וועגן דער געשיכטע פון אַרגענטינע, האָט מיט אַ קלאָרן בליק שטודירט אַלעס, וואָס די שעפער פון דער אַרגענטינער געשיכטע און נאַציאָנאַליטעט האָבן געשריבן וועגן דעם לאַנד וויאַזוי ס'האָט זיך פאָרמירט די מלוכהשקייט און רעפּובליק, די אַלע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביז דאָס לאַנד איז געקומען צו איר זעלבסשטענדיקייט און אויסגעקריסטאַליזירטער און דעפינירטער מלוכהשקייט און דאָס אַלץ איבערגעגעבן אין אַ קלאָרער אידישער שפּראַך. פרוכטער האָט געשריבן זיין „געשיכטע פון אַרגענטינע" נישט מיט „סיסרא־תורה", נאָר מיט אַ שפּראַך אַז ס'זאָל קענען זיין אַ לייען־בוך פאַר יעדן איינעם, — פאַרן אינטעליגענט, פאַרן מיטעלן און אויך פאַרן פשוטן מענטש און דאָס איז די גרויסע מעלה פון זיין אַרבעט. ער גיט איבערהויפּט איבער געטריי וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַפן אַרגענטינער באָדן זינט די וועלט האָט דערפאַרן אַז עס עקזיסטירט אַזאַ וועלט־טייל, באַמיענדיק זיך אָנצואווענדן אויסשליסלעך די דערציילערישע פאָרם און דעריבער טאַקע לייענט זיך דער ערשטער באַנד פון זיין געשיכטע מיט גרויס אינטערעס און ממש מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן אָטעם, ווי עס לייענט זיך אַ שפּאַנינדיקע דערציילונג.

„דערצו באַמיט זיך דער אויטאָר צו געבן אויסשעפּנדיק די געשיכטע פון אַרגענטינע אין אַלע אַספּעקטן פון איר אַנשטייאונג און דעריבער הויבט ער אָן טאַקע מיט דער עפּאָכע פון אַנטדעקונג־רייזעס. אין דעם טייל געפינט דער לייע־

נער די געשיכטע פונעם בארימטן רייזנדן מארקאָ פּאָלאָ און די געשיכטע פון קאָלומבוסן און גייט אריבער אזוי ארום צו דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, וואו דער לייענער באַקענט זיך מיט די היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן פון די רייזנדע מאגאזשאנעס, גאבאָטאָ און מיט די פּאַקטישע אַנדעקער פונעם לאַנד, ווי פּעדראָ מענדאָסאַ, גאבאָטאָ און אַנדערע. אינעם זעלבן טייל באַקענט מען זיך אויך מיט דער געשיכטע און לעבן פון די אינדיאַנער און וויאַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס לאַנד מיט איר קולטור אין די אומשטענדן פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. נתן פּרוכטער באַנוגנט זיך נישט מיט איבערגעבן בלויז דעם געשיכטלעכן מאַטעריאַל, נאָר אויך פאַרשידענע עפּיזאָדן און געשעענישן, וואָס מאַכן דער־ציילעריש־באַלעבט דאָס געשילדערטע אין די היסטאָרישע ראַמען.

„אויסער די דערמאָנטע צוויי קאַפּיטלען גייען אריין אינעם ערשטן באַנד אויך קאַפּיטלען „די רעוואָלוציע און דער קאַמף קעגן איר" און „נאַציאָנאַלע אייניקייט" און אין די צוויי קאַפּיטלען באַקענט זיך שוין דער אידישער לייענער מיט די אָנהויבן פון דער אַרגענטינער מלוכיש־רעפּובליקאַנער זעלבסטשטענדי־קייט און אָרגאַניזאַציע פון דער אַרגענטינער נאַציע און פאַר די צוויי קאַפּיטלען פאַרדינט פּרוכטער אַ באַזונדערן שוואַד: זיי זיינען געשריבן מיט פיל פאַר־שטענדעניש און אימפּעט, ווי ער אַליין זאָל זיין טיף דורכגעדרונגען מיט דעם גאַנצן קאַמף, וואָס דאָס אַרגענטינער פאָלק האָט דורכגעמאַכט אַף זיין וועג צו ווערן זעלבסטשטענדיק און אַ מלוכיש־נאַציאָנאַלע איינהייט.

„אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט האָט נ. פּרוכטער אָפּגעטאָן מיט זיין „גע־שיכטע פון אַרגענטינע" אין אידיש און נאָך מער איז זיין טאַט אַנערקענונגס־ווערט מיט דעם וואָס ער האָט זיין אַרבעט געטאָן שטיל און באַשיידן, אָן דער פּאָמפּיעזקייט פון „מעצענאַטן" און „מנדבים", — אַלץ האָט ער געמאַכט מיט אייגענער אָנשטרענגונג, אַפילו אַף אייגענער מאַטעריעלער אחריות, וואָס איז פאַר אים נישט בלויז אָנשטרענגונג, נאָר אויך אַ גרויסער קרבן און איצט בלייבט בלויז צו זען, וויאַזוי ס'וועט אַף דעם רעאַגירן די אידישע קאָלעקטיוויטעט און מיט וואָס ס'וועט ענטפערן די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס פּרעטענדירט אויך צו פאַרנעמען זיך מיט קולטור־אַרבעט."

*HISTORIA DE LA ARGENTINA (en idisch) de N. FRUCHTER, se terminó de imprimir el día 25 de Marzo de 1945, en los Talleres Gráficos de Julio Kaufman, calle Junín 344, Bs. Aires, R. Argentina.*

OBRAS CONSULTADAS:


*RICARDO LEVENE — Historia de la Nación Argentina.*

*BARTOLOME MITRE — Historia de Belgrano y de la Independencia Argentina.*

*BARTOLOME MITRE — Historia de San Martín y de la Emancipación Sudamericana.*

*JOAQUIN DE VEDIA — República Argentina (Edición "La Nación").*

*JACINTO R. YABAN — Biografías Argentinas y Sudamericanas.*

*ISMAEL BUCICH ESCOBAR — Historia de los Presidentes Argentinos.*

*MANUEL MORENO — Vida y Memorias del Doctor Mariano Moreno.*

*CARLOS IBARGUREN — Juan Manuel de Rosas.*

*Boletín del Centro de Investigaciones Históricas, Guayaquil.*


---


*Parte de los grabados utilizados para ilustrar esta edición, gentileza del diario israelita DI PRESSE.*

partidos políticos, la dictadura de Rosas, la Organización Nacional y los últimos tiempos. Relato la actuación de los próceres, la creación del Himno Nacional y de la Bandera. Transcribo asimismo trozos de la Constitución. Además figuran en el libro biografías y características de las personalidades nacionales más descollantes: Moreno, Belgrano, Sarmiento, San Martín, Urquiza y de todos los presidentes de la República.

Vaya el presente trabajo, que considero útil e importante, como expresión de agradecimiento hacia el país que mantenía abiertas sus puertas cuando pisé sus playas, treinta años a esta parte, y me ofreció la posibilidad de arraigarme aquí.

Abrigo la esperanza de que a través del presente libro, el lector tendrá la oportunidad de conocer, sin mayores esfuerzos, la historia y las personalidades preclaras de este país, que es nuestro nuevo hogar y la patria de nuestros hijos.

N. FRUCHTER

Buenos Aires, Mayo de 1944.

## PROLOGO

La historia es el memorial de un pueblo. Ella refleja el nacimiento y desarrollo del mismo.

La historia de la Argentina, de igual manera como la de todos los pueblos cultos, está llena de sucesos interesantes que datan desde la época del descubrimiento del país por los navegantes, hasta su formación como nación independiente. No menos interesantes e importantes son los hechos históricos acontecidos desde la Revolución de Mayo hasta la fecha presente. Las etapas pasadas, las pugnas y los logros, están presentadas cronológicamente. El lector tendrá la posibilidad de conocer los acontecimientos, como asimismo las condiciones y personas que contribuyeron a la formación de la República y a la creación del gran pueblo argentino.

Me he esforzado en presentar todos los hechos históricos, sirviéndome para ello de las obras de Bartolomé Mitre, Vicente Fidel López, Joaquín de Vedia, Jacinto R. Yaban, Ismael Bucich Escobar y de la *Historia de la Nación Argentina,* publicada por la Academia Nacional de la Historia, como también de la biografía de Mariano Moreno, escrita por su hermano Manuel. Faltan apreciaciones e interpretaciones de las condiciones sociales y económicas que originaron tales o cuales movimientos. Fueron consignados particularmente los sucesos *políticos.* Pero, no obstante ello, se tiene ante sí un cuadro bastante nítido del país en diferentes épocas.

Presento los acontecimientos, comenzando desde la época de los primeros viajes al continente, y pasando a su colonización, los movimientos libertadores, la Revolución, la declaración de la Independencia, las luchas civiles, la creación de los

